מ. סמבטיון

# א זעקסטער וועלט־טייל

ראמאן

פאריז
1952

M. SAMBATYON: A ZEKSTER WELT-TEYL-ROMAN

UN SIXIÈME CONTINENT - A SIXTH CONTINENT

AVEC LE PORTRAIT DE L'AUTEUR

VII

*



*

הילע און שער־בלאַט געצייכנט פון אַ. קאַלניק

*

50 עקזעמפּלאַרן זענען געװאָרן געדרוקט
אויף פּאַפּיר HÉLIO געבונדן אין לײװנט
און געחתמעט פונעם מחבר

---

PRINTED IN FRANCE

IMPRIMERIE ABÉCÉ, 11, RUE LOUIS-BLANC, PARIS-X·

דור דור ודורשיו, דור דור ופרנסיו!

אונדזער גרויסער עבר לערנט אונדז:

דער דור איז נישט אַלע מאָל ראוי למנהיגו, דער מנהיג אָבער מוז שטענדיק זיין ראוי לדורו, ווייל ער מוז זיין דער עמוד־האש להאיר להם ולהנחותם הדרך.

אין היינטיקן דור, וואָס האָט נישט צו זיך קיין גלייכן מימות עזרא ונחמיה, אינעם דור ווען שיבת־ציון איז פון אַ פאַרחלומטער תפילה געוואָרן אַ רעאַלער פאַקט, איז דער כלל וועגן די גדולי־הדור באַזונדערס באַרעכטיקט, ווייל נאָר מענטשן מיט אַן אַבסאָלוטער התפשטות־העצמיות, מיט אַ שכחה־גמורה צו פערזענלעכע אינטערעסן, האָבן געקענט אויפשטעלן אַזאַ דור און דרייסט באַזייטיקן די אבני־נגף פון זיין וועג.

און מער ווי פיל אַנדערע קברניטי־הדור, האָט אָט דעם בלי־הרפדיקן מסירת־נפש זיך פאַראייגנט ד״ר יוסף שוואַרץ. ווי אַ געהאָרכזאַמער זעלנער וואַרפט ער זיך אונטער די באַפעלן פונעם יידישן פאָלק, און ווו דאָס פאָלק שטעלט אים אַוועק, — צי דאָס

איז ביים רודער פונעם דזשוינט, צי ביי דער אָנפירונג פונעם יוניימעד דזשואיש אַפּיל, — אומעטום, ביי אַלע אומשטענדן, גיט ער אָפּ זיין גאַנץ לעבן לטובת האומה.

דאָס פאָלק ליבט און שעצט זיין הויכגעשטעלטן פּרנס און אויך איך, לפי כוחותי הדלים, וויל אויסדריקן מיין אָנערקענונג זיין גרויסער פּערזענלעכקייט.

איז אים, דעם אוהב־נאמן פונעם יידישן ספר, מיין בעסטן פריינד,

ד״ר יוסף שוואַרץ

בין איך מקדיש דעם זיבעטן באַנד פון מיין צענבענדיקן ראָמאַן.

מ. אַסטאָן

# קאפיטל ו

טיפער הארבסט...

ניִשט קיין פרייִלעכע תקופה — הארבסט. אַלץ דערמאָנט אין דער אכזריותדיקער עלטער, אין אַ לאַנגזאַמער גסיסה. דאָס וועטער איז וואַקלענדיק, פאַררעטעריש, ווי די כוחות ביי אַ טיפן זקן.

דאָס בילד, וואָס די גאַס טראָגט אונטער דעם דורכגייער אין יענע טעג, הרגעט אין אים אוועק דעם גאַנצן חשק צו עפּעס זיך צו נעמען און עפּעס אויפצוטון. די גאַנצע נאַטור זיצט „שבעה", דער חלל־העולם איז איינגעהילט אין אַ טיפער אבלות, אפילו די זון, דער מאור־הגדול „שהשמחה במעונו", ווען זי שיינט שוין יאָ, האָט זי שוין אויך ניִשט דעם אמתן זיו און דעם אמתן חן... אין שלטון ביום המות! די געצערטלטע בלעטער, וואָס דער ערשטער ווינט האָט אַראָפּגעטראָגן פון די ביימער און מיט זיי אויסגעצירט די טראָטוארן, האָבן בין לילה פאַרלוירן זייער „מענטשלעכן" אויסזען. באַלד נאָך דער ירידה האָבן זיי אויסגעזען לעבעדיק, צאַפּלענדיק, ווי נאָר וואָס אָנגעפּליקטע פעדערן. זיי האָבן פאַרכאַפּט דאָס אויג פון די עוברים ושבים מיט זייער צניעותדיק־פאַרדעקטער פאַרשיידנפאַרביקייט, מיט זייער קאָקעטיש פאַרהאַלטן זיך אין דער לופטן אויף אַ ווײַלעטשקע, ווי זיי וואָלטן געהאַט אַ ישוב־הדעת: זיך טאַקע אַראָפּלאָזן עד הדיוטא התחתונה, צי אפשר זיך אומקערן אויף צוריק? באותה־שעה האָט די גאַנצע שטאָט אויסגעזען ווי אַ ריזיק מקום־קדוש אום ערב יום־כפור פאַר נאַכט, וווּ די פּאָדלאָגע איז אויסגעשפּרייט מיט גרינעם, כדי דעם עולם אין די שקאַרפּעטקעס זאָל זיין ווייך צו טרעטן... דאָס איז אָבער נאָר געווען בשעת ביאה ראשונה, איצט ליגן זיי, די בלעטער, צונויפגעשאַרט אין פלאַכע קופּקעלעך ביי די ברעגן פון די טראָטוארן: צעטראָטענע, פאַרקויטיקטע, און באַהאַלטן זייערע פנימער פון די דורכגייער פאַר צער און בושה. די געכאָליעטע דעמבענע קאַשטאַנעס מיט די ווייסע בעקעלעך, וואָס האָבן מלוה געווען די בלעטער אין זייער לעצטן וועג אַריין בתופים ובמחולות, פּלאָנטערן זיך איצט אונטער די פיס צעקוועטשטע, צעריבענע, אַז ס'איז גאָטס אַ רחמנות צו קוקן אויף זיי.

אָט אַזוי איז דער שטייגער פון הארבסט, די תקופת־הזקנה פונעם יאָר, ביז מען ציט אַרויף אויף דעם שלאַבעריקן אַלטיטשקן די שניי־תכריכים און אַלץ פאַרשווינדט שפּורלאָז, והיה כלא היה.

קיעוו האָט זיך פיבערדיק געגרייט צום ווינטער. די זשילקאָפּן האָבן אימפּעטפול אַריינגעפירט די לעצטע טראַנספּאָרטן הייצונג אין די הייפן. דעם יאָר 1933 איז נאָך אין גאַנצן געבליבן צו דערציען קאַרגע צוויי חדשים און — אויף אָפּרו! ביי קיין שום טייל פון דער באַפעלקערונג האָט דאָס דאָזיקע יאָר ניִשט איבערגעלאָזט קיין גוטן רושם. ס'איז זעלטן געווען צו טרעפן אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן פאַר דעם יאָר ניִשט פאַרלוירן קיין נאָענטע נפשות אָדער אינעם מוראדיקן הונגער, אָדער אַ דאַנק דעם „מילדן" געזעץ פונעם 7טן אויגוסט 1932. אַזוי, אַז יעדן באַזונדער

האָט נאָך הנאה געטון, וואָס אָט דאָס שרעקלעכע יאָר, — וועלכעס האָט מיט זיין פאַרשיידנאַרטיקער מגפה דערמאָנט, די שווידערלעכע יאָרן פונעם מיליטערישן קאָמוניזם: 1917־1918, — שמעקט שוין מיט המצא־מנוחה און בעט זיך שוין אויס אַ געלעגער אין אַרכיוו. דאָס פאָלק האָט ווי אַלע מאָל ביים אָנקומען פון אַ ניי יאָר געהאָפט אויף נייע ווינטן, אויף מילדע ווינטן.

די איינוווינער פון קיעוו האָבן זיך שוין ביסלעכווייז צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז ס'איז ווינטער, אָבער דער ווינטער מיט זיינע חיילות האָט זיך עפּעס נישט זייער געאיילט צו קומען, פּונקט ווי אַ זיגערישע אַרמיי, וואָס איז שוין ביים שונא אין לאַנד אַוועק ווייט פאָרויס און איילט זיך כלל נישט אריינצושיקן אירן אַ גאַרניזאָן אין אַ שטאָט, וואָס געפינט זיך שוין לאַנג ביי איר אין טיל.* ס'איז שוין בפירוש איין מאָל יאָ גע־ווען עפּעס אַ ספק־שנייעלע, אָבער איידער מען האָט באַוויזן זיך אומ־צוקוקן, איז שוין פון דעם קיין זכר נישט געבליבן, און ס'האָבן זיך שוין אפילו געפונען אפּיקורסים, וואָס האָבן גאָר אין גאַנצן געלייקנט אין דער געשעעניש: לא דובים ולא יער! ווער שניי? ווען שניי? עורבא פרח!

עס איז געווען די צווישנצייט אין יאָר, ווען דער זומער איז שוין שפּורלאָז אַוועק און דער ווינטער איז נאָך נישט געקומען. אין יענע טעג האָבן מענטשן אַ מנהג, זיך צו פאַרווייל̈ן מיט וואָס נאָר מעגלעך, אבי דעם אומעט פון דעם בין־הזמנים צו פאַרטרייבן: יידן פּראַווען חתונות; קרע־מערס צעטיילן זיך און מאַכן צוריק שותפות; מוזיקער מאַכן פעסטיוואַלן; שרייבער — פאַרלעזונגען; שאַכשפּילערס — טורנירן; מאָלערס אָרדענען דאַמאָלסט איין זייערע אויסשטעלונגען; סאָלידע באַאַמטע פאָרן ערשט דאַמאָלסט צום „דרומדיקן ברעג" אָפּהוליען זייער אורלויב. די מעלה פון אַזאַ שפּעטער נסיעה איז, דאָס אומקערן זיך אויף אוקראַינע גלייך צום „שליטוועגס", נישט דאַרפן ביי זיין דאָס מאַטערנדיקע „קונה־שביתה" זיין פונעם ווינטער, די איינגעגעסענע חבלי־חורף. ביים שול־עולם איז שוין לאַנג אויסגעוועפּט געוואָרן די אימה פון די ימים־נוראים, שוין לאַנג פאַרגעסן געוואָרן דער טומל פון די ימים־טובים. די הערצער און די מור־חות זענען שוין געווען באַדעקט מיט אַ היפּשן שטויב פון די וואָכעדיקע ענינים: דאגות הפרנסה; זאָרג פאַר קינדער; פאַר קראַנקע קרובים, אָדער פאַר פאַרשיקטע.

*

אין איינעם אַזאַ טאָג, אַ זייגער עלף פאַר מיטאָג, האָט זיך שלמה פּיאַטיגאָרסקי געטראָפן מיט משה פרידמאַן אויף קרעשטשאַטיק. זיי האָבן זיך שטאַרק דערפרייט איינער מיטן אַנדערן. אַ קלייניקייט, פון שמחת־תורה אָן האָבן זיי זיך נישט געזען. פּונקט האָבן זיי ביידע געהאַט געגוג פרייע צייט און האָבן גענומען לאַנגזאַם זיך דורכגיין איבערן שטאָט־צענטער

* הינטערלאַנד.

עס איז געווען אין גאַנצן אַ פּאָר טעג צו די אָקטאָבער־יומטובים. נישט קוקנדיק אויף די טאָג־טעגלעכע שלעכטע וועטערס האָט קיעוו גע־קאָכט מיט די הכנות צום זעכצנטן יובילײ פון דער אָקטאָבער־רעוואָלו־ציע. דער געשפּענסט פונעם פּאַראַיאָריקן הונגער, איז שוין לאַנג פאַר־שוואונדן. אייניקע פלעגן שוין אפילו ברוגז ווערן ווען עמעצער פלעגט זיי דערמאָנען, ווי אַזוי „בימים ההם” פלעגן זיי זיך טרייסלען איבער אַ פּאַרדאַרט סוכערל, פּונקט ווי אַ געזונט־געוואָרענער טשאַכאָטניק, איז אַ שונא יענעם וואָס דערמאָנט אים, ווי אַזוי ער האָט אַ מאָל געשפּיגן מיט בלוט... דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען געגליכן צו אַ חולה, וועלכן מען האָט נאָר וואָס אַרויסגעלאָזט פונעם שפּיטאָל... ער לויפט, ער שפּרינגט, ער וואַרפט זיך אויף אַלע זייטן, ער וויל על רגל אחת אויסמאָנען ביי דער וועלט אַלע פאַרגעניגנס, וועלכע ער האָט אָנגעוווירן, זייענדיק צו־געבונדן צום בעט. די שטאָט האָט שעמערירט מיט אירע יום־טובדיקע תכשיטים, מיט איר אָקטאָבער־צירונג. ס'איז נישט געווען דער גאַניק, אויף וועלכן עס זאָלן נישט האָבן געהאַנגען קיין רויטע פענער, לאָזונ־גען און בילדער פון מלוכה־מיטגלידער. אַלע הייזער האָבן געמוזט זיין צוגעפּוצט. אַלע ביימער, אַלע פּלויטן, אַלץ האָט געאָטעמט מיט באַניי־אונג, מיט פרישקייט. נאָר דער רעכטער האַרמידער איז געווען אויף קרעש־טשאַטיק. אויף יעדן הויז איז געווען אויסגעטיילט אַ באַזונדער קאָמיסיע, וועלכע האָט געהאַט צו זיך אַלס „פּראָפעסאָר”, ביי וועמען מען זאָל קע־נען שואל־עצה זיין, אַ ספּעציאַליסט, אַ דעקאָראַטאָר. ריזיקע בילדער, די שענסטע פון די בילדער־גאַלערייעס און פון די מוזייען, האָבן באַצירט די גאַסן. די מיטגלידער פון דער פּאָליט־ביוראָ, געמאָלט אין דער נאַטיר־לעכער גרייס, האָבן אייפערדיק אַראָפּגעקוקט פון די פּאָרטרעטן, אַכטונג געגעבן, אַז עס זאָל אַלץ זיין ווי עס דאַרף צו זיין. הונדערטער לאַסט־מאַשינעס האָבן אין אַלע עקן שטאָט צעפירט בלומען אויף יום־טוב און באַזונדערס: אין די מאַגאַזינען, אין די אינסטיטוטן און אויף די צענ־טראַלע גאַסן, אויף צו באַצירן אַלע גאַנקעס. אין די מלבושים און אין די שיך־מאַגאַזינען איז געווען אַזאַ געדראַנג, אַז מען איז שיר נישט דער־שטיקט געוואָרן. אין די שפּייז־מאַגאַזינען האָבן מענטשן איינגעקויפט פולע זעק מיט אַלערליי פּראָדוקטן. די פּאָליציעס האָבן זיך געבראָכן אונ־טער דער לאַסט פון די פאַרשידנסטע שפּייזן און נאַשערייען. אַלץ איז געווען בשפע. עס האָט זיך שוין גאָרנישט געגלוסט צו עסן, דאָס אויג איז געווען זאַט בלויז פון זען. די שטימונג אין גאַס איז געווען זייער אַ גע־הויבענע. די שטאָט האָט זיך געקליבן צו יומטובן דריי טעג נאָך אַנאַנד: דעם זעקסטן, דעם זיבעטן און דעם אַכטן, און אַ טייל מענטשן האָבן זיך נאָך אָפּגעזאָגט פון דעם קומענדיקן אָפּרו־טאָג, אַבי צו האָבן דעם ניינטן אויך אַ פרייען, אסרו־חג דאסרו־חג... אַלע פּנימער האָבן געלויכטן מיט פרייד און מיט גליק: די רעוואָלוציע פּראַוועט די זעכצנטע אימע־נינעס; פיר טעג וועט מען נישט דאַרפן אָנקוקן, נישט דעם סטאַנאָק, נישט

דעם קאָנטאָר; עסן האָט מען אויך איינגעקויפט; אָנגעטון איז מען אויך מער־ווייניקער צו דערליידן; און אין טאַש איז נאָך אויך געבליבן אַ צוואַנציק רובל־שטיק אויף נאַשערייען — נו, קען מען דאָך שוין טאַקע לכל הדעות גיין אַ טאַנץ...

קומט דער אַכטער נאָוועמבער אויף דער נאַכט, פּראַוועט טאַקע קיעוו אַ קאַרנאַוואַל אויף דער צענטראַלער מאַגיסטראַל פון שטאָט. אין דער עלעקטראָ־סטאַנציע איז דער סעקטאָר „קרעשטשאַטיק" אויסגעשלאָסן. געווײנלעכע באַלויכטונג איז אין אַזאַ אויסערגעוויינלעכן אָוונט, טריף ווי חזיר. די פינצטערניש — כאָטש שנייד זי מיט אַ מעסער, גערדיכט און קלעפּיק. צענדליקער פּראָזשעקטאָרס וואַרפן סנאָפּעס ליכט אין שוואַרצן חלל אַריין. עס זאַמלען זיך צונויף הונדערטער־טויזנטער מענטשן. צענדליקער אָרקעסטערס שפּילן פון די גאַנקעס אַראָפּ, און דער עולם טאַנצט...

עס טאַנצן אויך די וואָס זענען איינגעשטעלט מיטן קאָפּ, וואָס זייער לעבן הענגט אויף אַ חוט־השערה, און מען קען אַ ליאַדע מינוט קומען נאָך זיי, איינזעצן אויף שיינע עטלעכע חדשים, און דערנאָך זיי פאַרשיקן אויף היפּשע עטלעכע יאָר. עס טאַנצן אפילו אַזוינע, וואָס שמאַכטן אַלע זייערע יאָרן פון הונגער, לעבן נאָר פון די געציילטע עטלעכע רובל, וואָס מען גיט זיי געהאַלט. נאָר אַזוינע זענען אָבער דאָ זייער ווייניק, טאַקע ממש יחידים. דאָס רוב מענטשן ווילן נישט הונגערן און מען גנבעט. דער דאָזיקער מין גנבה איז נישט פון דעם סאָרט גנבות, אויף וועלכע מען האָט אָנגעזאָגט אין דער תורה: „לא תגנוב", אָדער פאַר וועלכע מען לינטשט אין אַנדערע לענדער. ניין! דאָס איז אַ מין זעלבסטפאַרשטענדלעכע, זייטיקע הכנסה, וועגן וועלכער עס ווייסן די באַלעבאַטים, וועגן וועלכער עס ווייסט די גרויסע נאַטשאַלסטווע, וועגן וועלכער עס ווייסן די „פאָטערס פונעם פאָלק", נישט מער, ס'איז אַ מין הסכמיות דערביי: שמור לי ואשמור לך. והעיקר: דער ענין איז אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך און נאַטירלעך, אַז מ'רעדט אפילו דערפון נישט! קומט אָן אַ מענטש, וואָס האָט נאָך אַ פאַמיליע, אויף אַ פּאָסטן פון 150 רובל געהאַלט, פאַרשטייען אַלע, פון גרויס ביז קליין, אַז ער מיינט נישט די אָפיציעלע 150 רובל, נאָר די אומאָפיציעלע טויזנט פינף הונדערט רובל. אַלע ווייסן דאָס, אַלע פאַרשטייען, אַז אַנדערש קען דאָס נישט זיין, אַז גאָט אַליין האָט אַזוי געהייסן, אָבער — מען מאַכט מיט אַ שוויַיג, ש־שאַ! כאַטאַ פּאָקרישקאַ! „הכל יודעים, למה כלה נכנסת לחופה אלא כל המנבל פיו"... און אַז עס קומט צו דער „אויסצאָלונג", מאַכט יעדער אָן אָנשטעל, אַז דאָס נעמט ער אָפּ די איינציקע גראָשנס פון וועלכע ער עקזיסטירט. יעדער ביי זיך רעדט זיך איין, אַז ער האָט אָפּגענאַרט דעם צווייטן און מען גנבעט ווייטער צו ביסלעך. עס פאַרשטייט זיך, אַז מען קען אַריינפאַלן, אָבער דערפון טאָר מען נישט קלערן, דיה לצרה בשעתה. אויב מען זאָל וועלן נעמען אויפן קאָפּ, וואָס עס קען געשען, אויב מען וועט זיך פּאַקן, דאַן איז — שבקת חיי לכל בריה! דאַרף מען נישט חתונה האָבן; טאָר מען נישט ברענגען קיין קינ־

דער אויף דער וועלט; דארף מען זיך דאָס לעבן נעמען און אַן עק! אלא וואָס דען? מען טאָר נישט טראַכטן — Живи, пока живется!* און אַז דו וועסט זיך פּאַקן, וועט אַ צווייטער קומען אויף דיין אָרט און דו וועסט גיין שלאָפן.

פון די שטאָטגערטנער שפּריצן אין הימל אריין גאַנצע פאָנטאַנען מיט קאָלירטע שטערן. די בענגאַלישע פייערן שאַפן עטוואָס ענלעכס אויף אַ לעגענדאַרן פּאַראַשוט, הייבן אָן צו פאַלן, לעשן זיך אויס, און דער עולם אויף קרעשטשאַטיק לאַכט מיט פאַרגעניגן, לאָזט זיך וויל־גיין און טאַנצט...

עס טאַנצט דער פאַרקויפער פון געוועלב, וועלכער האָט ערשט היינט נישט געגעבן דעם קונה די ריכטיקע וואָג און האָט ריזיקירט צו באַקומען פינף יאָר טורמע. אָבער ער האָט איבערגעפּאַקט? מען האָט אים לעת־עתה נישט איינגעזעצט? איצט הערט ער זיי כיום אתמול כי יעבור,** איצט איז שבת וינפש, איצט טאַנצט ער...

עס טאַנצט די פאַרקויפערין, וואָס האָט ערשט היינט באַרעכנט דעם קונה, וואָס ער האָט זיך נאָר געלאָזט, מיט 50 קאָפּיקעס מער ווי עס קומט, און דערפאַר טאַקע האָט זי איצט עטלעכע רובל אין טאַש. אַ דאַנק אָט די „שניידערשע חשבונות" וועט זי זיך קענען פאַרגינען אָפּהוליען דעם יומטוב מיט לייטן צוגלייך. נעכטן האָט זי גענאָסן וואַסער אין טאָמאַט אריין. אייערנעכטן האָט זי גענאָסן וואַסער אין דער פּאָווידלע און אינעם עסיק. פאַר אייערנעכטן האָט זי געמישט די סאָרטן עפּל פון וועלוועלער אויף טייערער און אונטערגעמישט זאַלץ אין זאַמד־צוקער אריין. ווען נישט אָט דאָס „גיסעניש" מיט דעם „מישעניש", וואָלט זי געדאַרפט אויסגיין פון הונגער מיט אירע עלטערן און מיט אירע קינדער צוזאַמען. און אויב עס איז איר יאָ געלונגען, און זי איז נישט אריינגעפאַלן, פאַר וואָס זאָל זי נישט טאַנצן? זי וועט דאָך מאָרגן אויך דאָס זעלבע טון, און אין אַ יאָר אַרום אויך דאָס זעלבע, טאָמער כאַפּט מען זי דאַמאָלסט, וויל זי כאָטש היינט אָפּטאַנצן...

דער שלאָסער, דער טאָקער, דער פרעזעראָוושטשיק, דער גיסער, דער שמעלצער, אָט די גאַנצע קאַפּעלע מעטאַלורגן פעלן אויך נישט אויס אויף דעם טאַנצפּלאַץ, יעדער איינער פון זיי האָט ערשט היינטיקן פאַר יומטוב אַרויסגעטראָגן אַ שטיק מעש, צינק, אָדער בליי פונעם צעך. והמלאכה היתה רים... ס'איז גאָר נישט קיין קלייניקייט דאָס קלייבן אַ גראָשן צו אַ גראָשן מיום ליום ומחודש לחודש אחד־עשר, הוא חודש נאָוועמבער — אַלץ לכבוד יום־טוב! ותכבד העבודה על האנשים... דערפאַר אָבער, אַז עס קומט דער געבענטשטער זיבעטער נאָוועמבער ענדיקט זיך אָט דאָס משוגע־מאַכנדיקע קלייבעניש, — וישבתו העם ביום השביעי! עס איז אַדורך בשלום? קיין עין־הרע האָט חלילה נישט שולט געווען? טאַנצט מען...

---

* לעב, אַזוי לאַנג ווי עס לעבט זיך.

** ווי דעם נעכטיקן טאָג.

דער נאַטשאַלניק פון דער באַן־קאָנטאָר האָט היינטיקן ערב יומטוב אַריינגעלייגט אין טאַש אַריין 1000 רובל פאַר געבן אַן אָרגאַניזאַציע דריי לייִדיקע וואַגאָנען אויף אָפּצושיקן זייער פּראָדוקציע, כאָטש אין פּלאַן זענען זיי אויף היינטיקן קוואַרטאַל נישט אַריינגעטראָגן געוואָרן. איצט טאַנצט ער. ער איז אויפגעלייגט. די וואַגאָנען זענען אַוועק בשלום? קיין קאָנטראָל איז פּונקט נישט אָנגעקומען? איצט הערט ער זיי ווי המן דעם גראַגער, איצט איז שבת שבתון, איצט מעג ער טאַנצן...

אין שכנות מיט אים טאַנצט אַן אַרבעטער פון לעדער־זאַוואָד. גראָד ער, האָט היינט בפירוש אַ געמיינעם יום־טוב. דעם שטיק בלאַנק, * וואָס ער האָט אייערנעכטן אָנגעגרייט אין קלאָזעט הינטער דער טיר, האָט זיך אים נישט איינגעגעבן מיטצונעמען. מען האָט זיך אַלץ געדרייט אַהין און אַהער. ער האָט נאָר צוגעשלעפּט אַ פּאָר קעפּלעך ** צו שטיוול און איין פּאָר גומענע זוילן. נאָר גוט איז דאָס, אָן דעם איז נאָך ערגער. און ער טאַנצט...

דער בעדער האָט היינטיקן ערב יום־טוב קוים מיט צרות אָפּגעשלעפּט דריי קילאָ זייף מיט צוויי ליילעכער. בפירוש נישט גאָר קיין גוטע, שטאַרק גענוצטע, נאָר וואָס קען מען העלפן, אַז עפּעס בעסערס איז פאָרט נישט געווען. און ווידער, וואָס איז ביי אים פאַר אַ יחוס: ערב יום־טוב, צי מוצאי יום־טוב. זיינע גראָשנדיקע „אָפּשלעפּענישן” וועט ביי אים קיינער קיין מאָל נישט קענען צונעמען. *** Ты мене з' Ивана не скинеш ! טראַכט ער זיך, און אַזוי ווי היינט איז דאָך עפּעס פאָרט דער זעכצנטער „אָקטאָבער” איז — זאָל לעבן סטאַלין! זאָל לעבן די פּראָלעטאַרישע דיק־טאַטור! און ער טאַנצט אויף וואָס די וועלט שטייט...

דער דירעקטאָר פון דעם געהילץ־זאַוואָד האָט אַנומלט אויף זיין איי־נענער אחריות אויסגעשריבן פיר קוביק־מעטער ווערשקאָווע ברעטער פאַר דער בעטן־פאַבריק, ווייל מיט איין האַלבער שעה פאַר דעם אָנקומען פון יענעם אַגענט האָט אים זיין ליובאַ אָנגעקלונגען:

— גרישינקאַ, איך האָב פאַר דיר אַזאַ סיורפּריז, אַזאַ סיורפּריז!... שטעל דיר פאָר: פריער אַ ביסל עפנט זיך די טיר, עס קומט אַריין עפּעס אַ יונגערמאַן מיט אַ פּאָרטפעל, גריסט זיך זייער עלעגאַנט און ווינקט פון די טרעפּ אַראָפּ, אַז מען קען אַרויפטראָגן. עס קומען אַריין צוויי טרעגערס און טראָגן אַריין אַ ניקעלן בעט. אָבער וואָס זאָל איך דיר זאָגן, גרישאַ? האָסט נאָך אַזוינס נישט געזען! דער ניקעל — זילבער! דער מאַטראַץ — אַ לוקסוס! אַ ברייטער, פאַר אונדז אין צווייען. די טרעגערס צעפּאַקן עס, שטעלן עס צונויף, איך ווייז זיי אָן דאָס אָרט וווּהין עס אַוועקצושטעלן, די איבערגעזשאַווערטע „כאַלאַבודע” אונדזערע, ווערט אַרויסגעוואָרפן אין דער האָלצקאַמער „אויף דריי שפּענדלעך” און פאַר־

* אַזאַ סאָרט פּאָדעשווע־לעדער.
** די פאָדערשטע טייל פון די שטיוול.
*** דו וועסט מיך פון „איוואַנען” נישט אַראָפּוואַרפן! (געמיינט: פון מיין שפּלן מצב, מיך מאַכן פאַר אויס „איוואַן”.) אַן אוקראַאיניש פאָלקס־ווערטל.

טיק! כאָטש לייג זיך שוין שלאָפן. איך פרעג ביי דעם מיטן פּאָרטפעל: — „דאָס האָט מיין מאַן געקויפט?" — ענטפערט ער: — „אַזאַ אָנגע־זעענע פּערזאָן ווי אייער מאַן האָט נישט נייטיק דווקא צו קויפן"... — „פאַר וואָס זשע דען גיט איר אונדז אָט דעם טייערן געשאַנק?" — „פאַר גאָר־נישט... פאַר אייערע שיינע אויגן... — דאָס זענען בוכשטעבלעך זיינע ווערטער... וואָס דען, מיינסטו, אַזוי ווי דו? — און ער גיט צו מיט אַ באַטעמטע שמייכעלע: „דאָס איז פאַר אייך אַ מתנה פון אונדזער אינסטי־טוציע בלויז אויס אַנערקענונג און רעספּעקט, נאָר ווען איר זאָלט נאָך וועלן דערפון אַ ידיעה געבן אייער מאַן דורכן טעלעפאָן, וואָלט איך אייך געווען זייער דאַנקבאַר"... —

און ער זאָגט אַ „גוטן טאָג" און גייט אַוועק. גרישאַ, זאָלסט זען אַ בעט!... כאָטש לייג זיך אין דער ברייט... פּרוזשינעס — קוועקזילבער! דער טיק — וווּנדערבאַר! טאָמער קומט צו דיר אָט יענער יונגערמאַן, זיי צו אים גוט. ער איז אַזאַ ווױלער, אַזאַ סימפּאַטישער, אַז איך האָב זיך אין אים שיר נישט פאַרליבט —

און גרישאַ איז אויך אַ ווױלער, אויך אַ סימפּאַטישער, און דער עיקר: ער פאָלגט דאָס ווייב, און האָט טאַקע אויסגעטיילט פיר קוביק־מעטער פון די טייערסטע ברעטער. דאָס בעט האָט ער פאַרנוצט געזונטער־הייט, עס איז באמת זייער אַ באַקוועמס, זייער אַ שיינס און אַ ברייטס, אַקוראַט ווי ער דאַרף. און איצט איז וישבות ביום השביעי, איצט טאַנצט ער...

דער דירעקטאָר פון דער בעטן־פאַבריק האָט פון אָט דער כשרער מציאה געלאָזט מאַכן עטלעכע מאות ערשטקלאַסיקע הילצערנע בעטן און האָט זיי אין ערב יומטובדיקן חודש „פאַרצוקערט"* דורך אַ „לינקן" מאַגאַזין. מיט איין וואָרט: ער האָט אָפּגעלעקט גאָר־גאָר אַ פעט ביינדל.

דער פאַרוואַלטער פון דעם בעטן־מאַגאַזין האָט אויך עפּעס טועם געווען מסעודתו של לויתן. אמת, נישט אַזוי גראָב ווי זיין דירעקטאָר — יענער האָט אַ הערצל, מעג זיך עס אָפּשטעלן לעולם ועד, — נאָר גוט איז פון אַ חזיר אַ האָר. איצט טאַנצן זיי אַלע מיט זייערע ווייבער ביים ליכט פון די פּראָזשעקטאָרן און דער מח דרייט זיך שוין פון נייע קאָמבינאַציעס.

דער יונגער דאָקטער מיט זיין פרוי טאַנצן לאַנגזאַם, באַישובט און גאָר נישט אַזוי אויפגערוימט. ער איז נאָך קיין גאַנצע דרייסיק יאָר נישט אַלט, טראָגט פענסנע, פאַרמאָגט נאָך אַלע אייגענע ציין, אַ געדיכט היטל קאַפּאָפּליע־האָר און דער עיקר: געזונטע פאַרב אין די באַקן. זיין באַשער־טע דאָקען, האָט שוין נישט קיין איינע פון די אויסגערעכנטע מעלות. זי זעט אויס היפּשלעך צוגעוועלקט און קען פריי אָנגיין פאַר זיינער אַ מוטער. גענומען האָט ער זי, ווייל פון אירע בידנע גראָשנס האָט זי גע־שפּאַרט און אים געהאָלפן ענדיקן דעם אינסטיטוט. ווען ער האָלט איצט פאַר דעם לערנען, וואָלט ער איר מוחל געווען די טובה, האָלט ער שוין

* געמיינט: אויספאַרקויפט.

אָבער נאָך דעם לערנען און ס'איז פאַרפאַלן, צוריק קריכט נאָר אַ ראָפ. ער אַרבעט אַלס דאָקטער אין אַ שפּיטאַל, זי — אין דעם זעלבן שפּיטאַל אַלס פעלדשער־געהילף. דער עיקר פּרנסה באַשטייט אין דעם, וואָס מען „מאַכט", און מאַכן מאַכט זיך איצט זייער שוואַך. פאַר אַרויסגעבן אַ ביולעטין אַ כלומרשטן חולה פלעגט מען פריער נעמען דרייסיק רובל, אָבער היינט, אַז עס זענען דאָ דאָקטוירים מער פון חולאים, וו'הין מען גיט אַ וואָרף מיט אַ שטעקן, טרעפט מען אויף אַ דאָקטער, נעמט מען שוין נאָר צען רובל. ס'איז שוין אַוועק אַ גאַנג: אַ טשערוואָניעץ אַ „בלעטל", אַזוי ווי אַמאָליקע יאָרן: ח"י גראָשן אַ לוח. דער פּרויס „מאַ־כעניש" באַשטייט אין אַרויסטראָגן בגנבה אַ בינט, אַ ביסעלע ספּירט, וואָס מען גיסט אָפּ אומבאַמערקט; אַ מאָל אַ שערעלע, וואָס מען נוצט דאָס זעלטן וכדומה; אָבער דער עיקר איז טאַקע בינטן. פאַר אַ ברייטן בינט קערט אום דער אַפּטייקער גאַנצע צוויי רובל. איז אָבער לעצטנס אָנגע־קומען אַ פאַראָרדענונג, אַז יעדער חולה מוז מיט זיך ברענגען זיין אייגע־נעם בינט. פון דאַמאָלסט אָן איז טאַקע ביטער, קלעקט נישט אויף דעם, קלעקט נישט אויף יענעם, אָבער איינס האָט נישט צום צווייטן, יום־טוב איז יום־טוב! אפשר וועט דאָס קומענדיקע יאָר זיין אַ בעסערס, אפשר וועלן זיין מער בעלנים אויף צו מאַכן „געזעצלעכע" פּראָגולן; אפשר וועט מען דריי פערטל פון קיעווער דאָקטוירים ערגעץ פאַרשיקן; אפשר וועט מען ווידער אָנהייבן אַרויסגעבן בינטן פאַר די פּאַציענטן. בקיצור: דער־וויייל טאַנצט מען אויף קרעדיט, אָבער מען טאַנצט...

דער הויפּט־אינזשיניער פונעם צוקער־זאַוואָד אויפן נאָמען פון פּאַס־טישעוו פירט זייער מילד זיין יונג ווייבעלע. ווען עמעצער זאָל אים וואָגן זאָגן, אַז ער איז אַ זינדיקער, וואָלט ער יענעם אויסגעלאַכט. ער — אַ זינדיקער? וואָס מיינט איר דערמיט צו זאָגן? אָך, איר האָט בדעה די טויזנט רובל, וואָס מען האָט אים אַריינגערוקט אין טאַש אַריין פאַרן אויס־פירן די באַשטעלונג 39/52 אין דער ערשטער ריי? אָט דאָס אין גאַנצן? דערפאַר הייסט ער שוין ביי אייך אַ זינדיקער? נו, נו, נאַ־דיר גאָר אַזאַ איינפאַל! ערשטנס, האָט ער דאָך נישט געבעטן מען זאָל אים געבן. מען האָט אַליין אים אַריינגעלייגט אין טאַש. זאָל ער וואָס טון מיט זיי? זיי אַרויסוואַרפן אויף דער גאַס? און צווייטנס, איז דאָך דער באַשטעלער: קיעווטאָרג. אויך אַ סאָוויעטישע אָרגאַניזאַציע, צי ניין? דריטנס, ווו די'ען וואָלט ער גענומען אויף לאַקירקעס פאַר זיין פוסין? הלמאי ווען ער כאַפּט נישט פריער מיט עטלעכע חדשים ביי דער באַשטעלונג נומער 81/13 קיין 2500 רובל, וואָלט ער טאַקע נישט געהאַט, נישט זיין גאָלדענעם „דאָקס",* נישט דעם קאַראַקולענעם קאָלנער. בקיצור, זייט נישט קיין שוטה, דאָס הייסט נישט געזינדיקט. אָן דעם איז בכלל אוממעגלעך...

— צי למשל, איר וועט שוין באַלד זאָגן, אַז דער דירעקטאָר פון

* אַ באַרימטע שווייצאַרישע פירמע פון זייגערס.

דעם צענטראַלן שפּיטאָל, נעמענדיק אַ טויזנטער פאַר געבן דעם בעסטן כירורג אויף אַ געפערלעכער אָפּעראַציע, האָט אויך געטון אַן עוולה?

— נו, פאַרקערט, איר וועט שוין באַלד זאָגן, אַז דער פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג אין הייזער־קאָמיטעט, נעמענדיק פינף טויזנט רובל פאַר אויסטוישן אַ נאַסע, אַ פינצטערע וווינונג אויף אַ ליכטיקער, אַ שיינער, אַ גרוימער, אַ טרוקענער, איז אויך באַגאַנגען אַ זינד? האַ?

— צי איר וועט אפשר זאָגן, אַז דאָס, וואָס דער ציין־מעכאַניק קויפט „ניקאָלאַיעווסקע" גאָלדענע „צענערלעך", גיסט זיי איבער אויף ציין און נעמט פאַר זיי אַ משוגענעם פּרייז, איז אויך נישט על־פּי דין, צי על־פּי יושר, האַ?

— וועט איר שוין אודאי זאָגן, אַז דאָס וואָס די קאַסירערין פונעם טעאַטער גיט אָפּ נאָך ביי זיך אין דער היים, אין דער צווייטער האַנט אַריין העכער האַלב בילעטן פון די בעסטע ערטער, וועלכע קאָסטן נאָך דעם דריי, פיר מאָל מערער פון דעם נאָרמאַלן פּרייז, איז אויך נישט ליי־טיש פון איר זייט?

— צי אַ שטייגער דאָס, וואָס דער קאָרעספּאָנדענט פון „פּראָלעטאַרס־קאַיאַ פּראַוודאַ" האָט באַקומען אַ „פּוטיאָווקע" קיין סאָטשי נישט פון דער רעדאַקציע, נאָר פון דער דירעקציע פון דער טריקאָטאַזש־פאַבריק, דערפאַר וואָס ער האָט אָנגעשריבן וועגן זייער אַרבעט מיט גרויס פּאָמפּע, וועט איר אפשר זאָגן, אַז דאָס איז אויך נישט כשר, האַ?

— צי אַ שטייגער דאָס, וואָס די מוטער פון אָט יענער מאָגערער סטודענטקע מיט די חלבנע אויגן האָט שכל געהאַט פאַר די עקזאַמענס זיך אויסטרעטן אַ וועג צום דעקאַן אין שטוב אַריין און בגוואַלד אַריינ־רוקן אין שופלאָד פון דער דעקאַנשעם קאָמאָד אַ קופּאָן אויף אַ באַל־קאָסטיום, איינרוימענדיק איר בשעת־מעשה, אַז איר בעסטער ווונטש אין לעבן איז, אַז איר סאָפּאָטשקאַ זאָל אין דיפּלאָם קיין איין „דריי" חלילה נישט האָבן, דאַקעגן „פינפס" — וואָס מער... פון „פינפס" האַלט זי אַ וועלט... איז וואָס? ווען טוט עס ווי דער קאָפּ, אויב איר טעכטערל האָט טאַקע „געענדיקט" אויף בלויז פינפן? ווער עס פאַרגינט איר נישט, איז — זאָלן אים אין די אויגן און שטיינער אין הארצן... זאָל יענער נישט זיין קיין יאָלד... היינטיקע יאָרן דאַרף מען געדענקען, אַז אומזיסט האָט מען נאָר אַ פייג... ווילסטו פאָרן, מוזסטו פריער גוט באַשמירן די רעדער... און בכלל, וואָס איז דער רעש? וואָס איז זי דען אויסן מיט דעם „געשמירטן" דיפּלאָם? אַריינרוקן איר טאָכטער אויף אַ פּאָסטן, וואָס זי קען אים נישט פאַרטרעטן? גאָט באַהיט! איר מיידעלע וועט מיט גאָטס הילף נישט אַר־בעטן. טראַקטאָרס זאָלן אַרבעטן, טראַקטאָרס און קאָלכאָזניקעס. אַרבעטן איז נישט פאַר סאָפּאָטשקעס כוחות. זי האָט ביים לערנען אויך געשאַ־נעוועט די כוחות. נישט מער, אַזוי ווי זי שטייט אין שידוכים און די היינטיקע קאַוואַליערן האָבן ליב, כלומרשט אומגערן, כאַפּן אַ קוק אין דיפּלאָם אַריין, איז מהאי טעמא... ווען ברענגט עס שאַדן? גלאַט אַבי

יענעם קאליע מאכן דעם יום־טוב? דעם גרויסן, דעם באליבטן אקטאבער־יומטוב ?...

— צי א שטייגער, איר ווילט מסתמא זאגן, אז דאס, וואס די הויפּט־אנפירונג פון די אפּטייקן האלט, אז שארף־דעפּיציטנע מעדיקאמענטן, איז זיכערער צו האלטן אין פּריוואטע הענט, נישט אין יעדן פּארשיווע אפּ־טייקל, איז אויך א פארברעכן?

— צי א שטייגער אזא פאל: אז דער זאוומאג * אויף דומסקי־פּלאץ האט דערזען די ערב־יומטובדיקע בהלה, וואס טוט זיך אין דער שיך־אפּטיילונג, האט ער א ווונק געטון צו די משרתים, מען האט אויף גיך צעפּאקט עטלעכע קאסטנס שיך דריטער סארט, ארויפגעווארפן די קראם אויפן טיש און „בשעת־חדוה" האט מען זי זייער שיין „אראפּגעשווענקט" פארן ערשטן סארט. נישקשה, מענטשן זענען נישט קיין חזירים — מען עסט אויף! דארף אבער דער רוח אנטראגן דעם אינספּעקטאר פונעם מלו־כה־קאנטראל, ער נעמט איבער ביי דער טיר עטלעכע קונים, קאנטרא־לירט דעם סארטאזש מיט דעם פּרייז און... ס'האט געזאלט זיך צעפלאַ־קערן גאר א גרויס פייער, איין גליק איז געווען, וואס דער אינספּעקטאר איז געווען א געריבענער בחור, נאך מער מזיק פונעם פּארוואלטער. מען האט זיך אוועקגעזעצט אין עקסטן צימערל, די פּארקויפערס האט מען גע־הייסן אלע אכט קאסטנס דריטער סארט שיך, „דורכלאזן" אלס ערשטער סארט און אליין האט מען צונויפגעשטעלט אן אקט, אז דער טראנספּארט שיך דריטער סארט, האט זיך ארויסגעוויזן נישט קיין דריטער סארט, נאר הונדערטפּראצענטיקער בראק און אויף דעם אנטשפּרעכנדיקן פּרייז האט מען די שיך פארקויפט... פון דעם שטילינקן געשעפטעלע האבן אלע דריי: דער מאגאזין פּארוואלטער, דער אינספּעקטאר און דער בוכהאלטער, געהאט אויף יומטוב־הוצאות די והותר און איצט שרייען זיי „הורא" אויף יעדן פּאטריאטישן אויסרוף, אז מען קען טויב ווערן. וועט איר אפשר אויך זאגן, אז זיי זענען נישט אין ארדענונג? אז זייערע מטבעות זענען מיט סירכות? אויב איר זאגט אזוי, זענט איר אליין מחילה דער רעכטער שונא פונעם פאלק! איר קענט נישט לײדן, הלמאי מענטשן קענען בא־ווסטזיניק, מיט אלע חושים זיך איבערגעבן דער פרייד פונעם אומפאר־גלייכלעכן אקטאבער־יומטוב!...

— צי א שטייגער, אויב דער פּארוואלטער פון דער באזע פּארקוקט זיך בשעת מען ווארפט „בטעות" ארויף אויפן אויטא, אן איבעריק פּעסל הערינג מיט אן איבעריקן קאסטן פּאפּיראסן, וועט איר דאס אויך פאר־רעכענען פאר אן עוולה?

— צי אז דער מיליציאנער פונעם פּאסטן באקומט גראד שלשול אום האלבער נאכט, כדי עס זאלן קענען דורכפארן עטלעכע פורלעך מיט ליג־קער קראם, וועט איר אפשר אויך זאגן, אז ס'איז א ביסל נישט גלייך

* מאגאזין־פּארוואלטער.

פון זיין זייט, האָ? זייט זשע נישט קיין בטלן, ווייל מען וועט לאַכן פון אייך. קיינער איז דאָ נישט קיין קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, אַלע אויסגערעכנטע זענען פאַרברענטע באָלשעוויקעס, נישט מער, א דאַנק אָט די קלייניקע שטיפעררייען מוז מען זיך נישט ציילן דעם ביסן אין מויל אריין און די קינדערלעך האָבן גאַנצע שיך אויף די פיסלעך. איז וואָס זשע וואָלט איר געוואָלט? אַז סאָוויעטישע בירגער זאָלן נישט אָפּעסן צו דער זעט און, אַז סאָוויעטישע קינדערלעך זאָלן גיין מיט אָפענע שיכעלעך? און זיך צוקילן די לונגעלעך? און אָנהייבן הוסטן מיט... נישט פאַר קיין שום מענטשן געדאַכט? אויב אַזוי, זענט איר טאַקע דער אמתער אויסבאַהאַלטענער וויים־גוואַרדייער, דער פאַרמאַסקירטער אַגענט פונעם אַלוועלטלעכן אימפּעריאַליזם און קאַפּיטאַליזם! ס'איז קיין ספק נישט, אַז איר זענט דאָס, ווען נישט, וואָלט איר אַזוי נישט גערעדט...

— און דאָס וואָס ביי דער מיליץ אַרבעט די הינטערטיר ברייטער פון דער פעדערשטער איז אויך אַ חסרון?

— און דאָס וואָס אַזאַ אַדוואָקאַט, וואָס איז נישט צונויפגעלייגט מיטן ריכטער, וויל קיינער נישט נעמען, געפעלט אייך אויך נישט?

— און דאָס וואָס ביים טאָרגסין איז אַ גאַנצע בירזשע פון גאָלד מיט דאָלאַרן, כאָטש מאַך אַ בריק פון קיעוו ביז וואַשינגטאָן, געפעלט אייך אויך נישט? און דאָס וואָס ס'איז דאָרט אַ גערעטעניש אויף מעל און אויף שניטקראָם, אויף לעדערוואַרג און אויף פוטערוואַרג, איז אויך, האַלט איר, אַן עבירה?

— גייט שוין, גייט, פּעטאַך איינער, האַקט נישט קיין טשייניק!... איר ווילט פשוט צוגייען דער ראַטנמאַכט אַ „דיעלע" מיט שם"ה לאַווין? אָט דאָס אַליין ווערט ערשט דאַמאָלסט אַן עבירה, ווען מען פאַלט שוין אַריין. אָבער אײדער מען פאַלט אַריין? טוען דאָס אַלע! אָט די קליינע עבירהלעך שטעלן מיט זיך פאָר דעם גרונטשטיין פון דעם עקאָנאָמישן לעבן פון דעם סאָוויעטישן בירגער פון אַלע שיכטן. זייט זשע מוחל, ר' פחדן פחדנאָוויטש, און שרעקט אונדז נישט מיט אייער אַכצנטער קאַמער, צי מיט דעם פערצנטן קאָרידאָר, אָדער גאָר מיט דעם געזעץ פונעם זיבעטן אויגוסט. רעדט נישט קיין שטותים, עס פּאַסט גאָרנישט פאַר אייך. גלייבט מיר, דער הימל איז נאָך נישט ביי דער ערד. שלעכט איז נאָר דעם, וואָס מען כאַפּט אים, אָבער אַזוי? לעבט מען און מען זינגט, און מען טאַנצט...

— הוליע, קבצן! לעב אַזוי לאַנג, ווי עס לאָזט זיך! באַוואָרן נישט קיין וועלט! שוטה דו, היום כאן ומחר בקבר, וואָס האָסטו שוין אָנצוווערן אויף אָט דעם דאָזיקן עולם־התוהו? ווי זאָגט די וועלט אַ ווערטל:

Пей умреш, не пей умреш, лучше пить... *

האָב שכל, פרעג נישט קיין קשיות, מאַך צו די אויגן און הייב די פיס גלייך מיט אַלע. מאָרגן קענסטו געשוואָלן ווערן פון הונגער, ווי אַ באַרג; מאָרגן

* טרינק יאָ וועסטו שטאַרבן, טרינק נישט, וועסטו שטאַרבן, איז טאַקע גלייכער יאָ טרינקען...

קען מען דיך נעמען אין „חדר" אריין אויף „חיים ארוכים", אויב נישט — עד שיבוא אליהו; אָבער וואָס מיר מאָרגן, ווער מיר מאָרגן? דער־ווייל ביסטו נישט הונגעריק? דערווייל גייסטו נאָך ארום אָן א שומר? טאָ זיי זשע נישט קיין כפוי־טובה און טאַנץ, אז די פּארע זאָל פון דיר ארויס! היינטיקן אָוונט טאָר מען נישט זיין מקטני־אמנה, היינט דאַרפסטו שרייען אויף קולי־קולות: זכרנו את הדגה, כאָטש מאָרגן קען דיר אויסקומען צו שרייען: זכרנו את הדאגה... דו האָסט אין שטוב מזון סעודה אחת? איז גוט! האָסטו מזון שתי סעודות? איז אודאי גוט! שוטה, וואָס דו ביסט! אל תדאג דאגת־מחר, ווייל... ווייל דו ביסט נאָך מיט היינט אויך נישט פּאַרטיק... און אפשר וואַרט שוין גאָר אויף דיר אין דער היים די „חברא־קדישא" מיט די רויט־בלאָע נושאי־המטה? ביי גאָט און ביי דער ראַטנמאַכט איז דאָך אַלץ מעגלעך... טאָ חקרן זיך ווייניקער און באַוואָרן ווייניקער און וויל נישט זיין קלוגער פון דער גאַנצער וועלט! די וועלט טאַנצט? אמת, עס שניידט טאַקע אינעווייניק, אָבער מען הייבט פים? מען העפּעט? טו אויך אזוי! אל תפרוש מן הצבור, אלא נישט קענסטו זיך נאָך אָנפרעגן א מפטיר... ווער ווייסט, ווער עס שטייט הינטער דיר, און ווער פאַר דיר, און ווער פון די זייטן, און וועמען וואָס עס קען איינפאַלן וועגן דיר צו טראַכטן? ווער ווייסט? ווער ווייסט? טאָ פראַווע זשע נישט קיין פוילע שטיק, ביסט נישט ביי זיך אין דער היים, וואָס די ברירה איז ביי דיר, טאַנץ, א רוח אין דיין אימפּעריאַליסטיש־קאַפּיטאַליסטיש־טראָצקיסטישן טאַטנס טאַטן אריין, דו פאַרביסענער קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, טאַנץ! טאַנץ! ! טאַנץ! ! !

די פראָזשעקטאָרן רעגולירן דאָס ליכט און די טאַנצנדיקע פּאָרלעך זשמורען מיט די אויגן. די אָרקעסטערס גיסן פון די העכערע שטאָקן בשפע רב קוואַלן מיט זיסער מוזיק; עס ווייברירן אין דער לופט צוויבערנדיקע אַקאָרדן און ראָמאַנטישע וואַלצן...

הימל און ערד שרייען בפה אחד:

— לכבוד יום־טוב היתה אורה ושמחה וששון ויקר...

— לכבוד יום־טוב היתה גילה רינה, דיצה וחדוה, אהבה ואחוה, ושלום וריעות...

# קאפיטל II

שלמה מיט משהן שפּאַצירן לאַנגזאַם איבער דעם ערב־יומטובדיקן קיעווער שטאָטצענטער. אַלץ אַרום זיי איילט זיך, לויפֿט, פֿליט, נאָר זיי ביידע האָבן געווען גענוג צייט. מען וועט פֿאַר זיי אַלץ אָפּטון, זיי וועלן שוין קומען צום גרייטן. פֿוסטריט הייבן זיי זיך אויף אויף די טרעפּ, וואָס פֿירן צום פּראָלעטאַרישן גאָרטן. אין די בייטאָגיקע שעהן איז ער פּוסט און הפקר. נישט קיין וועכטער, נישט קיין שפּאַצירנדיקע — קיינער נישט. די „עסטראַדע־בינע" שטייט פֿאַריתומט, פֿאַרזייט מיט שאָלעכץ פֿון מאַנדאַ־רינקעס און מיט פּאַפּירענע שיסעלעך פֿון אייזקרעם. זיי מיידן אויס דעם צענטראַלן טייל פֿון גאָרטן און גייען אַריין אין אַ זייטיקער אַלייע, וואָס ענגט שיף איבערן דניעפּר. דער דניעפּר־שפּיגל איז איצט לידיק און קאַלעמוטנע. ער שמייכלט נעבעכדיק קעגן דער פֿאַרשפּעטיקטער זון און קוקט אָן ווי משוגעים די עטלעכע פּאַסטעכער, וואָס באָדן זיך אויפֿן צווייטן ברעג. דאָס שטענדיק־ווייסע זאַמד אויף די ברעגן איז איצט קויטיק און אומהיימלעך. אַ פּנים, אַז אין דער דאָזיקער אַלייע גייט מען ווייניק און מען רוימט אויף זעלטן. דער גאַנצער אַרומיקער שטח איז אויסגעבעט מיט געלע, רויטע און האַלב־גרינע בלעטער. די פֿיס זינקען אין זיי ווי אין אַן איבערבעט. איבער דער אַלייע שוועבט אַ ציכטיק־ווייס וואָלקנדל, אָבער איבער דעם דניעפּר זעט מען די זון.

פֿרידמאַן זוכט אויס אַ באַקוועמע באַנק און זעצט זיך צו אַ ביסל אָפּרוען. שלמה הייבט אויף פֿון דער ערד אַ לאַנג, דין צווייגעלע און זעצט זיך אויך אַוועק לעבן אים. אַ שטיק צייט זיצן זיי שטיל. פֿרידמאַן באַטראַכט אויפֿמערקזאַם דעם דניעפּר, און שלמה צעשאַרט מיטן צווייגל אַ קופּע בלעטער, לויט די קאָלירן. גרינבלעכע — אין דער רעכטער האַנט, רויטע — אין דער לינקער, און געלע — ווייטער אַ ביסעלע. ער טוט די אַרבעט מתוך כובד־ראש. ס'איז אים גראָד אינטערעסאַנט געוואָרן, וועלכער קאָליר בלעטער איז מערסטן טייל פֿאַראַן אין אָט דעם דאָזיקן מישמאַש.

פֿרידמאַן גיט אים אַ טאָרקע מיטן עלנבויגן:

— דערצייל עפּעס, שלמה. וואָס זיצסטו ווי אַ גולם?

— וואָס זאָל איך דערציילן? נישטאָ ביי מיר קיין נייעס.

— נישטאָ קיין נייעס, דערצייל אַלטס.

— נישטאָ ביי מיר אויך קיין אַלטס.

— אַזוי גאָר? אי דאָס נישטאָ, אי יענץ נישטאָ, וואָס דען איז יאָ דאָ?

— וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר, וואָלט איך געוואָלט וויסן? האָסט עפּעס צו דערציילן? — דערצייל, וועל איך הערן. ניין? — טאָ זיץ און שווייג אַזוי ווי איך.

— הייסט עס, ישב בדד וידום כי נטל עליו...

— איך ווייס נישט ווי אזוי עס הייסט. דארפסט עפּעס דערציילן? דערצייל אָן הקדמות...

— ניין, דערצייל דו מאַקע, ווי האַלט עס ביי דיר? ווען האָסטו שוין חתונה?

— כ'האָב מורא, אז אין אלף השביעי...

— פאַר וואָס ענטפערסטו נישט ערנסט, אויף וואָס מען פרעגט דיך? וואָס איז מיט דיר היינט?

— משה, וואָס ווילסטו זאָל איך דיר ענטפערן? מיר דאַכט זיך, אז קיין מאָל נישט, איצט האָסטו שוין פאַרשטאַנען?

פרידמאַן ווערט מיט אַ מאָל טרויעריק, ער פאַרזינקט אין מחשבות. שלמה שטערט אים נישט. ער ליינט אויס מיטן צווייגל פון רויטע בלע־טער דאָס ערשט דערמאָנטע וואָרט: „חתונה". פרידמאַן קוקט צו פאַר־טראַכט, ווי דאָס וואָרט פאַרמירט זיך, ווי די אותיות פילן זיך אָן, און ווען אַלץ ווערט פאַרטיק, שטאַמלט ער אַרויס, אַז עס איז קוים מעגלעך צו דערהערן:

— צעדרייטער, דו ווייסט אַליין נישט, וואָס דו טוסט. דיין רויטע חתונה, וואָס דו האָסט דאָ ערשט אָנגעמאָלט, דערמאָנט מיר אין אויף אָן אמת אַ בלוטיקער חתונה, וואָס איז ערשט נישט לאַנג פאַרגעקומען. אין רייזלס חתונה —

שלמהן גייט דורך אַ ציטער איבערן גאַנצן לייב. ער כאַפּט אָן פריד־מאַנען ביים אַקסל און דריקט אים צו ביז ווייטיק:

— משה, וואָס איז דען געשען? ווען האָט זי חתונה געהאַט?

פרידמאַן נעמט בייז אַראָפּ זיין האַנט פון דעם אַקסל. ער שוויגט פאַרביסן. שלמה נעמט פון אים קיין אויג נישט אַראָפּ, פאָרשט דעם אויס־דרוק פון זיין פנים, ווייל עפּעס געוואויר ווערן, נאָר יענעמס פנים איז פאַר־שלאָסן, סגור ומסוגר. ער איז איצט אין גאַנצן שקוע אין זיך אַליין און גיט מיט גאָרנישט נישט אויס זיינע געפילן און זיינע געדאַנקען. ענדלעך דערוואַרט זיך שלמה אויף אַ פראַגע:

— זאָג דעם אמת, שלמה, צי האָב איך שוין ווען עס איז געפּרוווט רעדן מיט דיר וועגן דיינע פּריוואַטע ענינים?

— ניין, קיין מאָל נישט.

— איך האָב היינט אויך נישט געהאַט בדעה דיר צו זאָגן אפילו איין וואָרט מכח דעם. נאָר... נאָר איך ווייס אַליין אויך נישט וואָס... עפּעס אַ כח, וואָס איז שטאַרקער פון מיר, צווינגט מיך, דיר איבערגעבן אַ ווייטן גרוס. דעם אמת גערעדט, ווען איך וואָלט געוועזן אַ לייטישער מענטש, אָן ערלעכער ייד כדבעי למהוי, וואָלט איך דאָס נישט געדאַרפט טון. עס איז גאָרנישט אַזוי שיין פון מיין זייט איבערצוגעבן אַזעלכע גרוסן. נאָר איך זע, אַז עס וועט מיר שוין גאָרנישט העלפן. אַז מען זאָגט „אלף", דאַרף מען אויך זאָגן „בית". לכן הער אויס און שלאָג מיר נישט איבער...

פרידמאַן סאַפּעט אָפּ, גראָבט אויס מיטן אָפּצאָס אַ קיילעכדיק גריבל

אין דער אָנגעשטויסענער ערד, דאַן הייבט ער לאַנגזאַם אויף זיינע טיפֿע, בלויע אויגן אויף שלמהן:

— קיינער אויף דער גאָרער וועלט האָט נישט געוווּסט און ווייסט נישט, וואָס ביי רייזלען אין האַרצן טוט זיך, אַ חוץ מיר. הלוואי וואָלט איך אויך נישט געוווּסט... נאָר מיר האָט זי אַלץ פֿאַרטרויט. עדי בשחק, אַז איך האָב דאָס ביי איר נישט געבעטן, אַז איך האָב זי אויף קיין אָפּנ־האַרציקייט נישט אַרויסגערופֿן, נאָר במילא האָט זיך דאָס אַזוי באַקומען. דו ווייסט נישט און קענסט זיך גאָרנישט פֿאָרשטעלן, ווי ליב דאָס מיידל האָט דיך געהאַט... דו געדענקסט? נאָך אין „פֿאַנטאָפֿל" האָבן מיר אַ מאָל גערעדט וועגן איר, האָב איך דיר דאַמאָלסט געזאָגט, אַז אַזאַ אויסערגע־וויינלעך מיידל ווי רייזל ליבערמאַן וועט אפֿילו נישט וועלן קוקן אויף אַזאַ יינגל ווי דו. וויסנדיק דאַמאָלסט וועלכע יינגלעך זי האָט געטריבן פֿון זיך, וועלכע זי האָט פֿאַר די אויגן נישט געלאָזט, איז ביי מיר אויס־געקומען, בין איך געוווען זיכער, אַז אַזוי איז דאָס... נאָר ווי עס ווייזט אויס, בין איך אַ גרויסער עם־הארץ אין הלכות מיידלעך... לאָגיק איז טאַקע לאָגיק, אָבער געפֿילן זענען גאָר־גאָר עפּעס אַנדערש... פֿונעם ערשטן מאָל, וואָס זי האָט דיך דערזען שבת ביי די פֿייגנבוימס אין שטוב, איז דאָס מיידל ווי אָפּגעקאָכט געוואָרן. זי האָט זיך דאַמאָלסט קיין אָרט נישט געקענט געפֿינען. זי האָט געוויינט פֿאַר בזיון, פֿאַר עגמת־נפֿש, זי איז גע־ווען להרוג ולאבד אויף זיך אַליין דערפֿאַר, וואָס מיט איר האָט אַזעל־כעס געקענט טרעפֿן. דאָס דערציייל איך דיר נישט קיין בויך־סברות, דאָס זענען אַלץ אירע רייד. זי האָט פֿאַר מיר געעפֿנט אירע ווונדן ווי זי וואָלט עס געטון פֿאַר איר אייגענער מוטער, ווען זי וואָלט געלעבט. דערנאָך, נאָך ל"ג־בעומר אין פּוּשטשע־וואָדיצע, איך ווייס נישט וואָס צווישן אייך איז דאָרטן פֿאָרגעקומען, נאָר דאָס מיידל איז גרייט געוווען לייגן אויף זיך די האַנט, אויב זי דערגרייכט דיך נישט. עפּעס אַ משוגעת, רחמנא ליצלן, אַן אָנשיקעניש פֿון זיין ליבן נאָמען... נאָך דעם האָט איר זיך באַגעגנט ביי דער טעלעפֿאָן־סטאַנציע און זי האָט דיר כמעט אָפֿן געזאָגט, אַז דו געפֿעלסט איר. דו האָסט זיך געחידושט, ביסט געוווען איבערראַשט, נאָר ענטפֿערן צו דער זאַך, האָסטו נישט געענטפֿערט. דאַן האָט זי זיך באַשלאָסן צו וואַרפֿן אין דניעפּער אַריין. אַזאַ משוגענע! איך וואָלט מיך דאָס אויף איר קיין מאָל נישט גערעכנט. אַזאַ קלוגע, אַזאַ אויסגערעכנטע, אַזאַ שטאָלצע, און אַזוי... איבער די אויערן... נאָר וואָס קען מען העלפֿן? ביסט אַ כשוף־מאַכער! דאָס קען מען ביי דיר נישט צונעמען.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זי מיט די ברידער געצאַמט איר מו־טער, און דאַן, מורא האָבנדיק פֿאַר זיך אַליין, האָט זי ביי איר מוטערס קבר געגעבן אַ שבועה, אַז זי וועט אויף זיך קיין האַנט נישט אויפֿהייבן. זי מוז לעבן צוליב איר אַלטן פֿאָטער. זי האָט די ערד נאָך געמאַכט, בעטנ־דיק ביי איר מוטער איר צו העלפֿן אויסקערעווען דיין האַרץ צו איר. די ברידער האָבן זי אין חלשות אויפֿגעהויבן פֿון דער פֿרישער צאַם, אָבער

די עטלעכע מנינים יידן, וואָס זענען געווען דערביי, האָבן דאָס געפונען פאַר גאַנץ נאַטירלעך... אַ מיידל צו לייטן, געבליבן מיט אַן אַלטן טאַטן, אַ קייט אויפֿן האַלדז...

שלמהס פנים רונצלט זיך פון טרערן. אים איז הייס אין אַלע אברים, נאָר ער פילט דאָס אַלץ נישט. זיינע אויגן הענגען אויף פרידמאַנס ליפּן און פרידמאַן לאָזט זיך נישט בעטן, ער רעדט ווייטער:

— זי האָט געחלשט און דיר איז דער קאָפּ געלעגן דער רוח ווייסט ווו. אַ פאַרצווייפלטע פון דער „אָנפאַלעניש" האָט זי גערופן צו הילף אַלע אירע כוחות גשמיים ורוחניים אַרויסצורייסן דיך פון איר האַרצן און איז מיט אַ בלוטנדיק האַרץ אַוועקגעפאָרן פון קיעוו, האָט דער רוח דיך אָנגעטראָגן אין וואַגאָן אַריין. זי האָט מיר דערציילט פון יענער נאַכט אייערער מיט אַלע פרטים. אפילו דאָס, ווי אַזוי זי, זי — רייזל ליבער־מאַן, האָט געקניט פאַר דיר און געקושט דעם שטויב פון דיינע שיך, נאָר דיין האַרץ איז געווען פאַרשלאָסן. איך זאָג דיר נישט קיין מוסר. איך וואַרף דיר נישט פאָר! דיר איז אויך מסתמא נישט גרינג געווען. איך האָב גאָרנישט אַזאַ שונא, איך זאָל אים ווינטשן צו זיין אין דיין דאַ־מאָלסטדיקער לאַגע. און ווידער, אין זיווג מן השמים גלייבן מיר דאָך עפּעס אויך... נאָר איין זאַך זאָג איך דיר: בשעת זי האָט מיר דאָס דער־ציילט, איז בלוט גערונען פון אירע אויגן. נישט קיין טרערן, נאָר ממש בלוט! דו האָסט אַ פּנים קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט און ביסט אַנט־לאָפן. נישט קוקנדיק אויף דער שבועה, וואָס זי האָט אָפּגעגעבן ביי איר מוטערס קבר, האָט זי באַשלאָסן, אַז פאַר איר איז שוין אויף דער וועלט מער קיין פּלאַץ נישטאָ. זי האָט נאָר נאָך געוואָלט זיך געזעגענען מיט איר אַלטן פאָטער. נאָר קומענדיק אין שטוב אַריין און דערזעענדיק די וויסטעניש, דאָס פוסטקייט, וואָס הערשט דאָרטן ווען זי איז נישטאָ, דער־זעענדיק דעם פאָטערס טרערן פון פרייד, וואָס זיין איין און איינציק טעכ־טערל האָט זיך שוין אומגעקערט אַהיים, האָט זי געפילט, אַז זי וועט נישט בכח האָבן אים צו דערהרגענען. און אַזאַ שריט פון איר זייט וואָלט אים אומבאַדינגט פאַרטריבן אין גרוב אַריין. דאָס האַרץ האָט אָבער אין איר נעפוילט. צו אַ גרויסער וואָרעם האָט דאָרטן געגריזשעט און זי איז אַנידערגעפאַלן...

קיינער האָט זיך שוין אויף איר לעבן נישט געריכט. זי האָט גע־ברענט ווי אַ כפול־שמונהדיקע הבדלה; ווי אַ שטרויענער דאַך אין אַ תמוז־נאַכט. זי איז געווען לאַחר יאוש. דער אַלטער, קראַנקער פאָטער איז געלעגן ביי איר האַלב־טויטן קערפּער טאָג און נאַכט. ער האָט זי קיי־נעם נישט פאַרטרויט. ער האָט מורא געהאַט, אַז טאָמער טרעט ער אָפּ פון איר אויף אַ רגע, אַזוי פאַרשפּעטיקט ער זי. שפּעטער, ווען זי פלעגט מעת־לעתגווייז ליגן אָן באַוווסטזיין, פלעגט ער ווי אַ מטורף אַרומלויפן איבער די הייזער, איבער די גאַסן, און וויינען פאַר יעדן באַזונדער:

— אוי, ווינטשט איר אַ רפואה... אוי, ווינטשט איר אַ רפואה...

מען האָט אַלע אירע קליידער צעטיילט פאַר יתומות, מען האָט קברים געמאָסטן, דעם ארון־קודש געשטורעמט, אַ נאָמען צוגעגעבן, אַ מנין יידן האָבן נישט אויפגעהערט צו זאָגן תהילים — און דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן. דאָס מיידל האָט געצאַנקט וואָס אַ שעה מערער, וואָס אַ שעה מערער. דער מלאך־המות האָט שוין געהאַלטן זיין קרבן פעסט אין די הענט, נאָר אָט איז געקומען איר ברודער פון קיעוו מיט דער רפואה. זי האָט לאַנגזאַם, זייער לאַנגזאַם אָנגעהויבן קומען צו זיך. צו איר געפערלעכער האַרצקרענק איז נאָך צוגעפאַלן אַ לונגען־אָנצינדונג, נאָר געלט האָט איר ברודער אויך געבראַכט. מען האָט אין איר געגאָסן אייער מיט פּוטער, וויפל עס איז נאָר אין איר אַריין, און מען האָט זי אויסגעריסן ביים טויט. פּאַמעלעך, פּאַמעלעך האָט זי אָנגעהויבן קומען צו זיך, צוריק באַקומען איר פריערדיקן אויסזען. וויפל זי האָט זיך נישט דערפרעגט ביים ברודער: פון וואַנען האָט זיך צו זיי גענומען די נייטיקע מעדיצין, וואָס איז אַזאַ יקר־המציאות? פון וואַנען איז דאָס געלט? ווער זענען אָט די וויינען? די שאָקאָלאַדן? — איין מאָל ניין! אַזוי ווי די וואַנט ענטפערט, אַזוי האָט ער געענטפערט. דאַן האָט זי בסוד אָנגעשריבן צו איר מאָסקווער שוועגערין, זי זאָל איר אָפּשיקן אַלע בריוו, וואָס זיי האָבן באַקומען פון פּאָלטאַווע, פאַר דער גאַנצער צייט פון איר קרענק, און אַזוי אַרומער איז זי געוויר געוואָרן אַלץ. דער עלטערער ברודער האָט פאַרן קלענערן קיין סודות נישט געהאַט. דאָס פרישע אַרויפשווימען פון דיין נאָמען האָט אויף דאָס ניי געעפנט איר וווּנד. דאַן איז איר פּאָטער קראַנק געוואָרן, זיין טאָכטערס קרענק האָט אים אומגעוואָרפן. דער פּאָטער, די ברידער, גוטע פריינד האָבן אָנגעהויבן צושטיין צו איר: פאַר וואָס זאָל זי האָט זיך געווערט מיט אַלע כוחות... דעם אמת גערעדט, האָט נאָך אין לעבן זען זיין איינאונאיינציקן איידעם? ווי רעדט זיך דאָס איין אַ מיידל, אַז ס'איז גאָר איר גלייכן נישטאָ? אָבער זי האָט אפילו נישט געוואָלט הערן, זי האָט זיך געווערט מיט אַלע כוחות... דעם אמת גערעדט, האָט נאָך אין איר האַרצן געטליעט אַ האָפענונג, אַז צווישן דיר מיט פּאָלין וועט גאָרנישט ווערן. דער איינדרוק, וואָס פּאָלי האָט אויף איר געמאַכט אין פּושטשע־וואָדיצע, האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז עס איז כדאי צו וואַרטן, אַז זי וועט זיך סוף־כל־סוף אויף אירן דערוואַרטן. דערווייל איז אונטערגעקומען דיין אַרעסט. דאָס מיידל האָט זיך דאָס לעבן גענומען. ווען קיינער האָט נישט געזען, פלעגט זי אויף זיך רייסן די האָר, זיך בייסן די פינגער ביז בלוט, מען זאָל איר געשריי נישט הערן. זי האָט זיך בסוד־סודות איינגעשאַפן אַן אייגענע אַגענטור, וואָס פלעגט איר שוין איבערגעבן יעדעס פּיצעלע נייעס וועגן דיר. די ברידער האָבן נישט אויפגעהערט אונטערצושיקן חתנים און זי האָט זיי אַלע געטריבן פון זיך מיט שטעקנס. צווישן זיי איז געווען איינער שאַיע גורעוויטש, גאָר אַ געהויבענער בחור, אַ יידישער יונגערמאַן, אַ געקאָוועטער ייד אין אַ ספק־ספקא דרבנן. געאַרבעט האָט ער אַלס אינזשעניער אין טאַגאַנראָגער קאָקס־קאָמ־

בינאַט. שבת בייט ער זיך מיט דער וואכטע. פון זהיר זיין אין תפילין, כשרות — איז דאָך אָפּגערעדט! אַז מען שמועסט אַ כשרע נשמה, איז דאָך נישט שייך. זייער אַ וואַזשנער יונגערמאַן, אי צו גאָט, אי צו לייט. נאָר זי האָט אַלץ נישט געוואָלט הערן. האָט זיך אָבער מיט אים געטראָפן דאָס זעלבע אָנפּאַלעניש וואָס ביי דיר. זי איז אים אַריין „מיט בײדע פיס אין האַרצן". איך דאַרף דיר דערציילן? דו ווייסט אַליין, אַז רייזל קען געפעלן ווערן! פרעגט ער ביי איר: זאָגט מיר, מיט וואָס געפעל איך אייך נישט? ענטפערט זי: איך האָב צו אייך גאָרנישט, איר זענט אַ גאַנץ פיי־נער יונגערמאַן, נאָר איך בין אַ פאַרנומענע. האָבן אים אָבער אירע קרו־בים געזאָגט, אַז עס איז נאָר אַן אויסרייד, און דער בחור איז געקומען נאָך אַ מאָל. אוועקגעפאָרן און נאָך אַ מאָל געקומען. און כאָטש דער מנהג העולם איז: כיון שהגיד, שוב אינו חוזר ומגיד, דאָך האָט אָט דער שאַיע נישט אויפגעהערט עולה־רגל צו זיין קיין פּאָלטאַווע. ער האָט זי אַ פּנים נישט געקענט פאַרגעסן. דערווייל האָט מען דיך באַפרייט. זי איז געוואָויר געוואָרן, אַז דו פירסט זיך ווידער אַרום מיט פּאָלין און צווישן אייך איז גאָר אַזאַ גוט לעבן, אַז עס טרעפט נישט בעסער. גורעוויטש איז געקומען צום פינפטן מאָל, דער פאָטער איז צוגעפאַלן מיט אַ געוויין, מען איז אויף איר אָנגעפאַלן פון אַלע זייטן, עס האָבן איר שוין נישט געהאָלפן קיין שום פאַלשע תירוצים, און זי האָט זיך אונטערגעגעבן.

איך בין אויף איר קנס־מאָל נישט געווען, נאָר איר פּאָלטאַווער ברו־דער האָט מיר געשריבן, אַז ווען דער חתן האָט איר דערלאַנגט די פּאַ־טשיילע צו קבלת־קנין, איז איר אַזוי שלעכט געוואָרן, אַז מען האָט זי קוים דערמונטערט. באַלד נאָכן קנס־מאָל האָט מען גלייך אָנגעהויבן צו רעדן פון מאַכן די חתונה: שאַיע איז אַ פאַרנומענער מענטש; דער מאָס־קווער ברודער האָט פּונקט געהאַט אורלויב; דער פאָטער האָט זיך איינ־געעקשנט און מען האָט אָפּגעשטעלט די חתונה אויף שבת־נחמו. אַלע איריקע האָבן חשק געהאַט אַרויספירן די חתונה קיין קיעוו. אין זייער שטעטל פּאַסט נישט מאַכן קיין רבנישע חתונה. און גלאַט, וועמען האָבן זיי דאָרט? און אין קיעוו זענען פאַרט דאָ אַן אַ שיעור פריינד. האָט זי זיך אָבער איינגעשפּאַרט: קיעוו — נישט! וויפל מען האָט נישט געפּרוווט זי איבעררעדן — אַרויסגעוואָרפן! זי האָט אַזש געצאַפּלט פאַר שרעק ביים נאָמען „קיעוו". דער געדאַנק פון אַ מעגלעכער באַגעגעניש מיט דיר האָט זי דערפירט ביז משוגעת. און זי האָט אירס אויסגעפירט. אין כאַרקאָוו איז געווען די חתונה. מיטוואָך ביי נאַכט — אויב דו געדענקסט — האָסטו ביי מיר געגעכטיקט, און דאָנערשטיק ביי נאַכט — בין איך מיט געניען אַרויסגעפאָרן קיין כאַרקאָוו. קיין פיל מחותנים זענען נישט געווען. וואָ־רעם וואָס איז כאַרקאָוו? — אַ פרעמדע שטאָט כאַרקאָוו. עס זענען גע־ווען די ברידער אירע, דעם חתנס אַ פעטער פון קורסק איז געווען, איך מיט יוסף גאָרדאָן... ווער נאָך איז געווען? טאַקע מער קיינער נישט. אַ שטילע חופה געווען. פיל טרערן זענען פאַרגאָסן געוואָרן. זי אַליין האָט

פארשטערט איר חתונה. קיין פרייע מינע נישט געוויזן. כ׳האָב נאָך אזא בלאַסקייט פון אַ מענטשן נישט געזען. ווען מען זאָל זי חלילה פירן צו דער שחיטה, דאַרף מען שוין אויך ערגער נישט אויסזען. אויפן חתן איז געווען אַ רחמנות אַ קוק צו טון. ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. ער האָט זיך געפילט שולדיק אין אַלעמען: אין דעם וואָס די חתונה איז אַזאַ טרויעריקע, אין דעם וואָס די כלה איז אַזאַ בלאַסע. עס האָט געריסן דאָס האַרץ אויף אים אַ קוק צו טון.

עטלעכע שעה פאַר דער חופה האָט רייזל געהייסן מיך אַריינשיקן צו איר. זי האָט פאַרשלאָסן די טיר און האָט פאַר מיר אויסגעגאָסן איר ביטער האַרץ. זי האָט אַזוי געוויינט! אַזוי געוויינט!... עד היום, אַז איך דערמאָן זיך... לבי חלל בקרבי... איי, בעסער נישט דערמאָנען... אין אַ ווינקל האָב איך באַמערקט אַ זאַק מיט אַן ערדן שיסעלע. ווען איך האָב ביי איר געפרעגט: וואָס איז דאָס? האָט זי מיר געענטפערט, אַז פון אין דער פרי אָן ביז אַצינד האָט זי נישט אויסגעטון פון זיך דעם זאַק, און נישט אַראָפּגענומען דאָס אַש פונעם קאָפּ. אין דעם טאָג וואָס זי פאַר־לירט דיך שוין אויף אייביק, האָט זי געקלאָגט ווי אויף חורבן ירושלים. שפּעטער האָט זי מיר מגלה געווען דעם אמתן אמת, פאַר וואָס איר האָט זיך פאַרגלוסט פאַרברענגען דעם לעצטן טאָג וואָס זי איז נאָך אין איר רשות, בשק ואפר. עפּעס האָסטו איר אַ מאָל דערציילט, אַז קינדווייז, ווען די עלטערן פלעגן אַוועקגיין צו סליחות פלעגסטו אַזוי טון. און אַזוי ווי זי האָט יענעם טאָג זיך געוואָלט געפינען אין „דיין מסיבה" האָט זי דיר נאָכגעטון. אָך, ווי זי האָט זיך דערהרגעט נאָך דיר! ווי זי האָט עס אויסגעשפּיגן די נשמה רעדנדיק! נפשי יצאה בדברה... און ווען? עטלעכע שעה פאַר דער חופה... אַזאַ ערלעך מיידל ווי זי... אַזאַ כשרע נשמה, און רעדן פון אַ פרעמדן בחור. נאָר מען האָט אויף איר אפילו קיין פאַר־איבל נישט געקענט האָבן. די פאַרלאָגגע אונטער אירע פיס איז געווען אויסגעוויייקט פון טרערן. דאָס האַרץ האָט אין איר געפלאַטערט, געטראָגן אין דער לופטן. וואָס קען מען העלפן? דאָס דאָזיקע געפיל איז געווען שטאַרקער פון אירע כוחות...

זונטיק, ביי געזעגענען זיך, האָט זי ביי מיר גענומען דאָס וואָרט, דיר ביי אַ געלעגנהייט איבערצוגעבן אַ גרוס פון איר און אַ וואָרענונג פון אַ געטרייער שוועסטער: זאָלסט הונדערט מאָל איבערוואָגן און זיך איבער־קלערן, איידער דו בינדסט צונויף דיין גורל מיט פאָלים, איר האַרץ איז אומרואיק פאַר דיין עתיד... ווייטער האָט זי דיר געוווּנטשן גליק, מוחל געווען אַלע אירע גרימענישן...

# קאפיטל III

די זון האָט זיך שטייף פאַרשלייערט מיט ליים־קאָלירענע וואָלקנס, נאָר דער דניעפּר איז נאָך געווען גאַנץ רואיק, משמעות, אַז עס האָט אויף קיין רעגן נישט געוויזן. שלמה איז געזעסן אַ דערדריקטער. ער האָט אַליין נישט געפילט ווי זיינע ליפּן שעפּטשען:

— אוי, רייזל!... אוי, רייזל!... אַזאַ רייזל! ווי איך בין עס זינדיק קעגן איר!

ביידע זענען זיי געזעסן אַ היפּשע ווײַלע שווייגנדיק. יעדער פון זיי איז געווען פאַרזונקען אין זיינע אייגענע מחשבות. קיינער האָט זיך נישט גע־איילט צו פאַרטרייבן רייזלס געשטאַלט, וואָס איז דאָ געשטאַנען פאַר זיי. שלמה האָט מיט ברענענדיקע, טרוקענע אויגן באַטראַכט די „חתונה״ פון די רויטע בלעטער. יעדעס בלעטל באַזונדער האָט צו אים געוווּנקען:

— יאָ, יאָ! דאָס איז רייזלס חתונה געווען אַזאַ בלוטיקע, אַזאַ טרױ־עריקע, אַזאַ אומגליקלעכע. וואָס ווייסטו, וואָס ווייסטו, וואָס דו האָסט אין איר פאַרלוירן... קיינער וועט דיך שוין נישט ליב האָבן, אַזוי ווי זי, קיי—נער נישט!

פרידמאַן האָט זיך אָנגערופן:

— שלמה, איך זאָג עפּעס, דו הערסט מיך?

— איך הער... וואָס זאָגסטו דען?

— איך זאָג, מילא רייזל איז שוין אַ פאַרפאַלענע זאַך. זאָל זיי גאָט העלפן, זיי זאָלן זיך לעבן גליקלעך. זי איז אוועקגעפאָרן מיט אים קיין טאַגאַנראָג. ער האָט דאָרט אַ וווינונג, האָט ער. און אַ געהאַלט אַ שיי־נעם. ער איז נישט אָפיציעל דער הויפּט־אינזשיניער אויפן זאַוואָד. מען ווייסט פון אים אפילו אין נאַרקאָמאַט. זייער אַ וווילער יונגערמאַן. ער האָט זי די ווערט! ביידע זענען זיי טייערע קינדער. דעם אמת גערעדט, האָב איך אפילו נישט געקלערט דאָס מאָל צו האַלטן וואָרט. ווער גייט עס אָפּגעבן אַזעלכע גרוסן? פון אַן אשת־איש צו אַ בחור? נאָר דערזע־ענדיק דיך היינט, דו האָסט עפּעס באותה שעה געהאַט אַזאַ נעבעכדיקן, אויסגעמוטשעטן פנים, אַז איך האָב גלייך אַ טראַכט געטון: זה היום!... היינט דאַרף מען דיר דערציילן פון רייזלען. דו האָסט דאָך בכלל אפילו נישט געוווּסט, אַז זי האָט חתונה געהאַט, איאַ, ניין?

— ניין, איך האָב וועגן גאָרנישט נישט געהערט און קיינער איז מיר נישט געקומען דערציילן.

— זאָג איך דאָך, אַז דו האָסט נישט געהערט. נאָר אַן עק, זאָל שוין זיין גענוג וועגן דער בת־מלכה, לאָמיר ענדלעך איבערגיין צום בן־מלך. וואָס איז דאָרט ביי דיר? וואָס קומט דאָרט אָן אַזוי שווער?

ביי שלמהן אין די אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן פון רחמנות אויף זיך אַליין. אַ צעטראָגענער האָט ער באַטראַכט די שוואַרצע וואָלקנס, וואָס

באַדן זיך אין דניעפּר. ער האָט אַ לייכטן ציטער געטון און איבערגע־פרעגט:

— האָסט עפּעס געזאָגט, משה? איך האָב זיך נישט צוגעהערט.

— איך זאָג, ביז וואַנען איז דער שיעור? וואָס מוטשעט זי דיך, וואָס?

— איך ווייס אויך נישט, משה. גלייב מיר, איך ווייס נישט.

— איך פאַרשטיי נישט, ווער דען ווייסט? איך?

— איך ווייס גלייך מיט דיר, פשוטו כמשמעו...

— מיין קאָפּ באַנעמט עס נישט. וואָס קומט דאָ פאָר ביי אייך? עס איז דאָך ממה־נפשך: געפעלסטו איר נישט? וואָס זשע שלעפּט זי זיך דיר נאָך אויף אַלע שמחות? ווי אַזוי וואַגט זי דיך צו קושן פאַר פרעמ־דע מענטשן אין די אויגן? אלא וואָס דען, דו געפעלסט איר יאָ, אין וואָס זשע איז די מניעה? הערסטו, צייטנווייז איז מיר אַזאַ חידוש אויף דיר... אַ חידוש ביז גאָר! אי אַ חידוש, אי אַ רחמנות. נישט נאָר דווקא ביי מיר, ביי אַלעמען רופסטו אַרויס אַ רחמנות־געפיל. און די קשיא איז דאָך טאַקע: וואָס? אין וואָס באַשטייט דיין טראַגעדיע? אַ בחור: אַ הויכער, אַ געזונטער, אַ שיינער. אַ רייכער, צי נישט קיין רייכער, איך בין ביי דיר אין קעשענע נישט געווען — נאָר חלילה נישט קיין גרויסער אָרעמאַן, דאָס זיכער. און קיין עין־הרע אַזאַ בריה, אַזאַ מוצלח! אַ בעל־משפחה, אַ מיוחס, אַ לערנער, אַ שרייבער, אַ זינגער, אַ שפּילער, אַ טענצער. אַ... אַ איך ווייס וואָס נאָך? באמת, איך פרעג ערנסט: וואָס איז די טראַגע־דיע? וואָס איז אויף דיר אַזוי געפאַלן די וועלט? איך דערמאָן מיך, בעת דו ביסט אָנגעקומען אין „פאַנטאַפל" אַריין, — כאָטש דו האָסט זיך איך שוין דאַמאָלסט אויך נאָכגעשלעפּט ווי אַ סרח העודף — אָבער דאָך, וואָס פאַר אַ פריילעך יינגל דו ביסט נאָך דאַמאָלסט געווען. דיינע וויצן, דיין אויסזינגען פאַר אַ טאָג! ממש עס פלעגט זיך נישט גלוסטן אַוועק־צוגיין פון דער אַרבעט. דאָס מעסער שאַרפט זיך שלעכט — און דו זינגסט... די פאָדעשוועס שניידט זיך קרום — און דו זינגסט... די נייַ־מאַשינען טאַנצן צום טאַקט און דו פאַרהערסט זיך מיט זיי: ווער שטאַר־קער? דו געדענקסט, אַז אויף דער איניציאַטיוו פון די צוויקאָוושטשי־קעס מיט די שוסטערס האָט די פאַרוואַלטונג בדעה געהאַט אַריבערצו־פירן די צושניידערס אין שוסטערצעך אַריין, כדי מען זאָל נישט דאַרפן שיקן נאָך יעדער פּאָר פאָדעשוועס באַזונדער? דו מיינסט, אַז דאָס האָבן זיי באמת געמיינט די פאָדעשוועס? עס הייבט זיך גאָרנישט אָן! דאָס האָבן זיי געוואָלט דיך, דעם שפּיל־פויגל אַריינבאַקומען צו זיך אין צעך אַריין. און פון זינט דו האָסט אָנגעהויבן אויף אָן ערנסט אַריינגיין צו די טולטשינסקעס, איז אויף דיר אָנגעפאַלן אַ וויסטע מרה־שחורה. עפּעס אַ פינצטערער וואָלקן האָט דיך איינגעהילט און איינגעשלונגען, גלייך ווי דער גאַנצער ענין „יינגל — מיידל" איז נישט קיין ענין פון פרייד, פון גליק, נאָר פאַרקערט — עפּעס אַן אומגליק, אַ שלאָק פון זיין ליבן נאָ־

מען. ווער שמועסט פון זינט דו ביסט געקומען פון דער טורמע, ביסטו זייער שטארק נשתנה געוואָרן. די חז"ל זאָגן: לב אדם משנה פניו,* זאָלסטו טאַקע וויסן, אַז פון דאַמאָלסט ביז היינט, איז דיך זייער שווער צו דערקענען. דאַמאָלסט האָסטו געהאַט גאָר אַן אַנדער קלסתר פנים. דו האָסט געשיינט, דער חותמו של הקב"ה איז ביי דיר געלעגן אויסגעצויגן אויפן פנים, און איצט... נאָר צו וואָס טויגן די איבעריקע רייד? לאָמיר בעסער רעדן צו דער זאַך: פאַרקערט, איך זאָג דיר דווקא אויף פּאָלין גאָרנישט. און למאי זאָל איך דאָס טון? זי זאָל שוין אפילו גאָר קיין אַנדערע מעלות נישט האָבן, בלויז דאָס וואָס דו האָסט זי ליב, איז דאָס שוין גענוג פאַר אונדז, זייטיקע מענטשן, אַז מיר זאָלן האָבן אָפּשיי פאַר איר. און וואָס וויסן מיר טאַקע וועגן איר? אַז זי איז אויסערגעוויינלעך שיין, דאָס זעט דאָך די גאַנצע וועלט, און דאָס איבעריקע פאַרלאָזט מען זיך שוין אויף דיר. אַז דו ביסט אַזוי כרוך נאָך איר, מן הסתם ווייסטו וואָס דו ווילסט. איי, טאָמער האַנדלט זי אַ ביסל נישט יושרדיק קעגן דיר — כ'בעט דיך זייער, ווו שטייט עס, אַז זי איז מחויב צו זיין יושרדיקער צו דיר, ווי דו אַליין ביסט צו זיך? בקיצור, אַזוי, צי אַזוי, אָבער אַן עק דאַרף דאָך דאָס אַ מאָל נעמען! אפשר געפעלט איר נישט אין דיר דיין צוריקגעהאַלטנקייט, דיין שעמעוודיקייט, דיין ערלעכקייט. דאָס קען אַ מאָל זיין. ביי אַן אַנדערן אויף דיין אָרט, ביי אַ „פּריוען" מענטשן, פאַרשטייט זיך, וואָלט זי אים שוין נאָכגעלאָפן, מען זאָל וואָס גיכער שטעלן אַ חופּה. ביי וועמען טרעפן היינט נישט אַזעלכע זאַכן? און דאָ האָט איר גאָר גאָט צוגעשיקט אַ כשר לעמעלע, אַ צניעותדיק יינגעלע... אפשר דערפאַר איז זי אַזוי גלייכגילטיק צו דיר?

שלמה זיצט פאַרביסן די ליפּ. פרידמאַנס רייד האָבן אין אים דערוועקט זכרונות פון מאָסקווער „בלילה ההוא". עס ווילט זיך אים בפירוש ענטפערן, אַז ער, משה, איז נישט זייער ווייט פונעם אמת, נאָר ער איז זיך גובר און ענטפערט גאָרנישט. פרידמאַן רעדט ווייטער:

— אין מיטל־אַזיע ביסטו דאָך געווען, האַ?

— יאָ, כ'בין געווען. קענן וואָס פרעגסטו עס?

— פערסיקעס האָסטו דאָרט מן הסתם געגעסן, האַ?

— ווי דען? אודאי האָב איך געגעסן.

— אויב דו געדענקסט, האָבן אויף זיך אָט די פערסיקעס אַ ביטערע, ביטערע שאָלעכץ. דאָס פליש פון דער פרי איז ווייניק־זיס, און די הויט איז ביטער ווי גאָל. פון דעסט וועגן, אַנו זאָל עמעצער פּרווון אַרומשיילן אַ קוישל פערסיקעס און זיי וועלן פאַרקויפן אַזוי נאַקעטערהייט, צי וועט עמעצער זיי וועלן ביי אים קויפן? לאָ מיט אַן אַלף! יעדער איינער ווייסט, אַז די שאָלעכץ איז פריקרע ביטער און וויל פון דעסט וועגן אַליין זי אָפּשיילן, מיט די אייגענע פינגער. אַ פנים, אַז עס איז געשמאַקער אַזוי.

---

* „דאָס האַרץ פון אַ מענטשן, ענדערט אויך זיין אויסזען".

און וואָס וויל זי? פּאָלי? זי איז אומצופרידן, פּאַר וואָס דו ביסט אָנגע־קומען צו איר אין דער שאָלעכץ? וואָס דען וואָלט זי געוואָלט? אַן אָרומ־געשיילטער חתן איז בעסער? אַזעלכן וואָס לערנט זיך פריער גוט אויס די מלאכה מיט פרעמדע פרויען, איז שוין געשמאַקער צו נעמען? אויב זי האָלט אַזוי, פאַרלירט זי דערמיט אַליין די רעכט אויף דיר...

פרידמאַן ווערט אַנטשוויגן. שלמה שווייגט אויך. וואָס זאָל ער אים ענטפערן? משה איז דען נישט גערעכט ווי משיח? פרידמאַנס אָפּצאַס פאַרטיפערט נאָך אַ ביסל דאָס גריבל און הייבט אָן צו דרעליעווען אַ נייס. משה כאַפּט בגנבה אַ קוק אויף זיין חבר: זיינע רייד האָבן, דאַכט זיך, עפּעס פועל געווען. דאָס גיט אים צו קוראַזש און ער רעדט ווייטער:

— איי, ברודערקע, ווערט מען אַ מאָל באַגראָבן, אַז דער שלימזל כאַפּט זיך אַריין. מען דאַרף גאָרנישט קיין שענערן שפּיגל ווי איך אַליין. אַ שטייגער, ווען מען האָט מען מיר דען נישט גערעדט? כ'ווייס? — עידית שבעידית!* דאַרף דער רוח אָנטראָגן געניעס אַ פעטער, און ער פאַרבעט מיך צו זיך אויף אַ וויזיט. איך האָב אפילו נישט חושד געווען, אַז ער האָט עפּעס אַ זייטיקע כוונה דערביי. צום סוף איז זיין פּלימעניצע פונקט געווען אין אורלויב ביי אים. און... איך ווייס וואָס מיט מיר איז דאַ־מאָלסט געשען? זי איז מיר געפעלן געוואָרן און שוין... אויף צו מאָרגנס האָב איך מיטגענומען מיט זיך זעליק פייגנבוים מיט טאַניען. זיי האָבן מיר בפירוש געזאָגט, אַז זי איז נישט פאַר מיר. זי ווייזט זיי אויס צו זיין שוין צופיל אַ סאָוויעטישע, אָבער איך האָב געלאַכט פון זיי. כ'האָב אַרויסגערופן מיין שוועסטער פון לעבעדין, און זי, זעענדיק, אַז מיר גע־פעלט זי, האָט זי זיך געהיט מיט אַן איבעריק וואָרט. איך האָב נאָך ביי עטלעכע גוטע־ברידער געפרעגט. דער אמת איז אָבער, אַז איך האָב ביי קיינעם נישט געפרעגט. דער עיקר איז זי מיר אַליין געפעלן געוואָרן און איך האָב זי גענומען. איך דערמאָן זיך ערשט אַצינד: מיין טאַטע האָט פונעם ערשטן קוק תופס געווען, וואָס פאַר אַן אַנטיק איך האָב מיר איינ־געהאַנדלט, נאָר ער האָט זיך געהיט מיך מצער צו זיין מיט אַ וואָרט. און אַט אַזוי בין איך, נישט פאַר דיר גערעדט, איינגעזונקען געוואָרן. איצט, טייערער מיינער, ליג איך ניין איילן אין דער ערד. און ווי שלעכט עס איז מיר, מוז איך נאָך פאַר דער וועלט פאַרגלעטן און פאַרפּוצן, ווייס איך: קוצעניו־מוצעניו, נפש אחת! וואָס דען זאָל איך טון? מען לעבט דאָך עפּעס אויף אַן עולם־השקר, דער כלל „משום מראית עין" איז דאָך שקול כנגד הכל. איך וועל דאָך נישט גיין יעדן איינציקן דערציילן אויף איר, דאָס וואָס דיר, כנודע איז: מוציא שם רע בעשרים ושלשה מפני שיש בו דיני־נפשות... און סתם, אַן אַלעמען: אויף ווען גיי איך דאָ אָנרעדן? ס'איז דאָך מיין קלימעק און מיין חרפה. ווי זאָגט מען עס: „שנייצן די נאָז און זיך שמירן דאָס פנים"? עס איז מיר אַ גרויסער ווייַ־

---

* דאָס בעסטע פונעם בעסטן.

טיק צו שווייגן, און נאָך אַ גרעסערער צו רעדן, נאָר פאַר וועמען דען, אויב נישט פאַר דיר, מעג איך שוין יאָ זאָגן דאָס וואָס עס איז? בנאמ־נות, ווען איך זאָל נישט מורא האָבן פאַרן חילול השם, פאַר לייטיש גע־לעכטער, וואָלט איך געדאַרפט זיך גטן מיט איר. יאָ, יאָ, קוק נישט אַזוי אויף מיר. אַ גט וואָלט געווען דער בעסטער שלום פאַר אונדזביידן. אַז גאָרנישט פאַראייניקט אונדז נישט, נישט גייסטיק, נישט פיזיש. נישט זי ווייסט עפּעס פון יידישקייט, נישט זי וויל וויסן. ס'איז שוין באַלד אַ יאָר נאָך אונדזער חתונה און איך האָב נאָך נישט געהאַט קיין פאַרגעניגן ווי ביי אַ יונג פּאָרפאָלק פירט זיך, אפילו אויף אָט אַזוי־פיל־אָ! אויב איך וויל עסן אַ געקאָכטן אָנבייסן, מוז איך אַליין מחילה, פאַרקאַטשען די אַרבל און זיך אָפּקאָכן. איר קען מען נישט פאַרטרויען קיין כשרות. נו, פרעג איך דיך, איז עס יאָ אַ מאַנסבילשע אַרבעט? עס איך טאַקע דאָס רוב טרוקנס. מיר זעצן זיך דווקא צוזאַמען צום טיש. קומט עמעצער אַריין, מיינט ער, אַז די שכינה רוט ביי אונדז, כ'ווייס? ווי די טייבעלעך, ווי די קעצעלעך, אָבער אין דער אמתן? עסט זי טאַקע אַ יויך מיט מאַנדלען, און איך — אַ הערינג. און מיינסט אפשר, אַז עס אַרט זי? אַזוי ווי דער פאַראיאָריקער שניי: — „דו ווילסט נישט עסן — זאָל מיר זיין צו גע־זונט, אַ דאגה מיר אַ גרויסע"! נאָר וואָס עפּעס האָב איך פּונקט אָנגע־כאַפּט עסן? צו עסן טרוקנס בין איך שוין געוווינט פון פיל יאָרן. עס זענען פאַראַן ערגערע צרות, צו וועלכע מען קען זיך גאָר נישט צוגע־וווינען. איין מאָל: ניין, זי וויל נישט גיין אַהין, וווהין אַ יידישע טאָכ־טער דאַרף גיין. בעט איך מיר אוים אויף דער סאָפע. פון אָנהויב אָן אַזוי. טאָמער פיל איך, אַז עס איז מיר שווער, בעט איך מיר אין קאָרי־דאָר אויף בענקלעך. גייען דורך שכנים — מיר וווינען נישט אַליין — שמייכלט מען. מען מאַכט אַ פנים, ווי מען זאָל נישט באַמערקן, נאָר מען ווינקט זיך איבער און מען כיכיקעט אין נאָז־טיכעלע אַריין.

— אוי ווײ, האָסט דאָך טאַקע אויסצושטיין געברענטע ליידן... עס דערמאָנט זיך מיר דעם הייליקן ריזשינערס וואָרט: „ואמונתך בלילות — אמונתך, לפי טהרת הלילות"...

— זאָלסטו טאַקע וויסן זיין שלמה, אַז דאָס איז דער סאַמע גרעס־טער פּרוביר־שטיין... מקדמת־דנא זענען אין סדר „נשים" די שווערסטע סוגיות... איך האָב שוין געקלערט ערגעץ אַוועקצופאָרן, נו, הייסט דאָך דאָס שוין אַן אָפענער סקאַנדאַל. און ווידער? די צרה איז, וואָס פיינט האָב איך זי נאָך היינט אויך נישט. אַן אָנשיקעניש אויף מיינע יונגע יאָרן און שוין! דו מיינסט, איך פאַרשטיי נישט, אַז די גלייכסטע זאַך וואָלט געווען אַ גט? איך פאַרשטיי עס גוט. נאָר... איך ווייס אַליין נישט, וואָס נאָר... אַזוי שלעפּט זיך דאָס... אויב עמעצער וועט דיך אַ מאָל פרעגן: וואָס מיינט מען „קשה לשמוע וקשה לאבד", הווי אומר: זו כתובה! ווער שמועסט, פון זינט זי אַרבעט שוין, זענען מיר שוין גאָר ווי פרעמדע שכ־נים... מיט קיינעם פון אונדזערע חברים וויל זי אפילו אַ וואָרט נישט

אויסרעדן, זי האָלט זיי פאַר שונאים. איך ווייס? אפשר איז דאָס טאַקע אַזוי. נאָר פון דיר איינעם האָלט זי אַן עולם ומלואו. דו, — זאָגט זי — ביסט גאָרנישט דאָס וואָס די איבעריקע, דו ווייסט ווו איין און ווו אויס, און ביסט נישט קיין פאַנאַטיקער. נו, גיי רעד מיט איר. זי איז דער מבין, ווער עס איז יאָ אַ פאַנאַטיקער און ווער — נישט. אַט אַזוי איז דאָס, ברודערקע, אַז מען איז אין באָד — שוויצט מען... דיר אויסמאָלן דעם עגמת־נפש פונעם טאַטן זאָל לעבן, פון די שוועסטער, איז גאָר נישט שייך, פון זיך, רעד איך שוין נישט... בזו השעה אַרט מיך שוין נישט אַזוי פאַר זיך, ווי פאַר דיר. טאַמער שניידט זיך ביי דיר דאָס זעלבע ציינדל ווי ביי מיר. אוי, פאַרשאַפט עס יסורים, שלמה. אוי, לייַדט מען דערפון... און ווייסט ווען אַט דער חשש האָט זיך אין מיר דערוועקט? דייקא און דווקא דאַמאָלסט אויף סאָלאָמינקע פאַר ליכטבענטשן, ביום נשק!* אַזאַ אפיקורס בין איך געוואָרן, בנוגע אַט די נשים יפות וסרות טעם...

שלמה, מיט אַ ביטערן שמייכל:

— יאָ, יאָ, איך בין דיר שטאַרק מקנא אויף דיין קרעמל, וואָס דו האָסט זיך איינגעהאַנדלט... אַ שיין קרעמל, מען קען נישט זאָגן...

— אַזוי איז דאָס... איך בין פון אַלע יאָרן געווען אַ דאָץ אַ סוחר, נאָר דאָ האָב איך זיך אַליין איבערגעשטיגן... אָבער דו ווייסט, ברודערקע, מען קען קיין חכם נישט זיין... לכתחילה איז מען זיך אַליין משעבד ברצון הטוב, בלב ונפש, בכח האהבה, און דערנאָך, אַז דער טשאַד הייבט אָן ביסלעכווייז אויסוועפן פונעם קאָפּ, און מען הייבט אָן צו דערפילן דעם קושי־השעבוד, האָט מען שוין נישט די ברירה, דו ליגסט ככפות לפני הארי און קענסט נישט רירן מיט קיין אבר...

— אַט ווי... מילא, השרוי בלא אשה, שרוי בלא טובה... איז עס אַ דבר ידוע... אָבער דאָ... מים אין בו אבל נחשים ועקרבים יש בו...

— זאָלסטו טאַקע וויסן, אַז בפירוש נחשים און בפירוש עקרבים... ס׳איז אַ יורה של פורעניות אויפן גאַנצן לעבן... אויף מיר איז געזאָגט געוואָרן דער מאמר החכם: צלל במים אדירים והעלה חרס ביד...

— דער צווייטער מאמר החכם זאָגט דווקא: כשהרים החרס נמצאה המרגלית —

— ביי מיר איז אָבער אַ חרס הנשבר, נישט קיין מרגלית... אַז ס׳איז נישטאָ קיין מזל ברודער, איז טוב לו שלא נברא... און איינע פון די גרעס־טע ענויים פאַר מיר איז דאָס, וואָס פאַר לייטן מוז מען נאָך מאַכן אַ פנים־שוחקות, די וועלט זאָל מיינען, אַז „ישמח משה במתנת חלקו״...

— ס׳איז אַן אומזיסטע טרחה. מען לייענט איבער אויף דיין פנים, אַז עס האַלט נישט ביי „אז ישיר משה״ —

* אין דעם טאָג פונעם קושן זיך. אַ ווערטערשפּיל. די ריכטיקע טייַטש פונעם פסוק אין תהילים: אין טאָג פון געווער, פון מלחמה.

— דאָס ווייס איך, אַז מיין פּנים איז אַ מסור...

אַ היפּשע ווײַלע הערשט צווישן זיי אַ בלייענע שטילקייט. דאַן שעפּ־טשעט משה אַרויס מיט טרערן אין קול:

— ...שבועות־צייט איז דער טאַטע געווען ביי מיר... עס הייסט, איינ־געשטאַנען איז ער נישט ביי מיר... נישט געקענט פאַרליידן מיין צער... אלהי! עלי נפשי תשתוחח, ווען איך דערמאַן זיך ווי ער איז געשטאַנען כעני בפתח ביי מיר אין שטוב... האָט נישט געוואָלט אויסטון דעם פּאַלטאָ... ביים געזעגענען זיך זאָגט ער מיר כהאי לישנא: „משהלע, מיין קינד, חביבין עליך יסורין"? —

פרידמאַנס קול האָט זיך מאָדנע פאַרשפּיצט און האָט זיך איבערגע־ריסן מיט אַ פאַרדעכטיקן שמאָרע. נאָך אַ לאַנגן הפסק פרעגט שלמה:

— וואָס זשע האָסטו אים געענטפערט?

— וואָס האָב איך אים געקענט ענטפערן? איך האָב אים געזאָגט ווי יענער ייד, וואָס איז נעבעך געווען אַ מדוכא ביסורין: „רבש"ע, דו האָסט אָנגעזאָגט: הרואה שיסורין באין עליו, יפשפש במעשיו. ביסטו דאָך, הייסט עס, נאָר אויסן מיר מרמז זיין מיט דיין אָנשיקעניש, אַז איך זאָל אַ נישטער טון אין מיין בידנע קלימעקל. בין איך דיר מוסר מודעה בפני עם ועדה, אַז איך ווייס שוין וואָס דו מיינסט, און דו קענסט שוין אָפּרופן דיינע ליבהאַרציקע רמזימלעך... אָט דאָס האָב איך אים געענט־פערט. וואָס דען האָב איך אים געהאַט צו ענטפערן? בקיצור, וואָס זאָגסטו מיר וועגן זיך? עס נעמט אַן עק, צי נאָך נישט?

— משה, צו וואָס זענען אָט די אַלע טענות מיט די אַלע הסברות? דערווייל, כיום הזה, קען איך נישט אַנדערש. אפשר ברבות השנים —

— ברבות השנים וועט זיין נאָך ערגער! דער מלך זקן וכסיל* איז גאָרנישט אַזאַ זקן און גאָרנישט אַזאַ כסיל... ער מאַכט נאָר זיינע מקור־בים פאַר אַזעלכע, און אַבי מען פאָלגט אים איין מאָל, איז מען שוין ביי אים כמונח בקופסא... וואָס קוקסטו אויף מיר? איך טראַג הײַנט די זעלבע נאָז וואָס שטענדיק... קוקט... וואָס דען האָסטו געמיינט? אַז דער יצר־הרע ווערט אַ מאָל מיד? שוטה, וואָס דו ביסט! דער כח־הדמיון און דער כח־התאווה וואַקסט מיט די יאָרן, נאָר דער כח־הפועל ווערט שוואַ־כער... דער „אותו האיש" האָט שוין נישט קיין כח צו פאָלגן די עצות־טובות פון זיין אומדערמידלעכן בעל־יועץ. אָבער דער כח־המושך, דער כח־היצר ווערט ברבות־השנים אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער...

— וואָס רעדסטו מיר אַזוי איין? האָסט מורא, אַז מיר אַליין איז שטאַרק גוט? איך בלאָנקע אַרום צווישן אייגענע אַ פרעמדער, אַן אומ־פאַרשטענדלעכער כאגרת־החתומה, קיינער איז נישט מיינער און איך בין נישט קיינעמס... גלמוד ונעזב, ואהיה כצפור בודד על גג...

* געמיינט: דער שטן, דער מסית ומדיח.

דראָבנע טראָפּנדלעך האָבן בחפזונדיק אָנגעהויבן שנאָלן די בלעטער, ארויסקלאַפּן פון זיי פּיצינקע שטויב־זײַלעכלעך. אין דער אַלייע איז געוואָרן דושנע. דער דניעפּר איז געוועזן שוואַרץ און צערייצט. ווייט פון הינטערן האָריזאָנט, האָט זיך געכאָרכלט אַ דונער. ביידע האָבן זיך אויפגעהויבן פון די ערטער. אויף אַ ווײַלע האָט אַ בליץ ווי אַ קינזשאַל אַ שניט געטון די לופט און מיט אַ מאָל איז פינצטער געוואָרן. אַנטלויפנדיק פונעם האָגל, וואָס האָט געפּויקט אין קאָפּ אַרײַן מיט טויזנטער העמערלעך, זענען זיי אַרויף אויפן פּרעכטיק געמאָלטן האַלב־קײַלעך פון דער עסטראַדע, און זענען אַרײַן וואָס טיפער אין אָט דער גיגאַנטישער געביידע.

פרידמאַן האָט געענדיקט זיין געדאַנק:

— דו פאַרשטייסט, שלמה? מיר זענען דאָך גוטע פריינד, איך זאָג דיר גאָרנישט קיין שלעכטס אויף פאָלין. איך בין דווקא זיכער, אַז סוף כל סוף וועט איר חתונה האָבן. זי האָט דיך אויך שטאַרק ליב. מען זעט דאָס. אַ געניט אויג קען דאָס גרינג באַמערקן. ס'איז איר נאָר שרעקלעך צו מאַכן דעם ערשטן שריט, אָנקומען אין אַ נייער וועלט. איך זאָג דיר נישט, אַז זי איז מחויב צו האָבן אַזאַ נאַטור ווי מיין געניע, חס־ושלום!... דו ביסט אַ גרעסערער בר־מזל פון מיר. אַלע מאָל געווען און איצט אויך מסתמא. דו וועסט נישט לאָזן מאַכן פון זיך דאָס, וואָס זי האָט געמאַכט פון מיר. נאָר איין זאַך: אָן עק מוז דאָס נעמען!... לאָז דאָס נישט אַרײַן אין דער לאַנגער באַנק!... אַ לאַנגע קרענק, זאָגט די וועלט, איז אַ זיכערער טויט. דער נביא זאָגט, אַז עס איז לייכטער געווען צו זיין צווישן די חללי חרב איידער צווישן די חללי רעב, בלויז דערפאַר, ווייל דאָס ערשטע האָט ווייניקער געדויערט. אַזוי ווי די גדולי החסידים פלעגן נישט פאַרפעלן קיין איין טאָג, אַז זיי זאָלן נישט גיין קיין טבילה, אַזוי לאָזסטו נישט דורך קיין איין טאָג, וואָס דו זאָלסט נישט לויפן זיך בוקן צו אָט דער עגלה יפהפיה... די תורה האָט געמאַכט אַ מאַסע מיט גדרים וסיגים, אַלץ: כדי שלא יהיו הגברים מצוים אצל נשותיהם כתרנגולים. און דאָס איז ערשט „באשתו אמרו"! היינט, על אחת כמה וכמה ביי אַזעלכער, וואָס געהער דיר נאָך דערווייל אָן נישט מער ווי אַ „קנעפּל צו די פלידערן"; ביי אַזעלכער, וואָס איז נאָך ווייט פון דיר כרחוק מזרח ממערב... פאַר וואָס מיינסטו רעד איך מיט אַזוי פיל האַרץ? וואָס קריך איך בעובי הקורה? דו קענסט מיך, דאַכט זיך, נישט חושד זיין אין קיין שום פניה. נישט איך רעד דיך אָפּ פון פאָלין, נישט איך ווייז דיר אָן אויף אַ צווייטער, חס ושלום! עס קומט ביי מיר נאָר אויס, טאָמער הייס איך אַ שטיקל „מי שיש בידו למחות ואינו מוחה"... טאָמער בין איך מחויב דיר אָנווייזן אויף זיך און זאָגן: „אני הגבר ראה עני"... פאַרשטייסט דאָך, אַז עס וועט מיר שטאַרק וויי טון אויב דו וועסט זיך אויך אויסגליטשן אויף אַזאַ גליטשלקע ווי איך. געדענק גוט, וואָס די חז"ל וואָרענען אונדז:

„אל תבשל בקדרה שבשל בה חברך".* און אפשר דאכט זיך אונדז נאָר, אַז ס'איז אַ גליטש, אפשר איז דאָס גאָר אַ „באר מים חיים", אָבער אַלץ איינס מוזסטו מאַכן אַ סוף. חוץ דעם, וואָס דיין התנהגות גיט די לצני־הדור אַ פתחון־פה אָפּצושפּעטן פון אַלע יידישע יונגעלייט, מאַכן זיי אַן־מעטום ללעג ולקלס, ס'איז דאָך אַן אַלטער כלל, אַז „אין האילן נעקר אלא בבן מינו** — און דאָס, גוטער ברודער, גרענעצט שוין שיר נישט מיט חילול־השם ברבים, און פון אונדז אַלע ביסט דו דער איינציקער נותן יד לפושעים — איז חוץ דעם איז דאָך דאָס סתם אַ הלכתא למשיחא, פון טאָג צו טאָג גייט אַלץ ערגער: אתמול מלאך והיום שוטה; אתמול אפרוח והיום ביצה; אתמול יצא ופניו מכרכמים*** והיום יצא ואזניו מקוט־פות...**** וואָס זשע איז דער תכלית? מען שטעלט איר די פראַגע על הודה, ווי אַזוי זאָגט ער דאָרטן: נעץ חרב —

— ביי שטעלן אַזוי די פראַגע קען אַ מאָל זיין יצא שכרו בהפסדו... ס'איז זייער אַ שווערע הלכה: שבור את החבית ושמור את יינה —

— שוטה וואָס דו ביסט, ווער זאָגט דיר שמור? — שפוך את יינה און זאָג: „המבדיל"!...

— ס'איז ביטער זיך מייאש צו זיין —

— מען פאַרשטייט די מעשה... ביסט דאָ גאַרנישט מחדש, יצר־הרע תחלתו מתוק וסופו מר...

— איך ווייס נישט, צי ס'איז געווען פונעם יצר־הרע, צי פונעם יצר־טוב, נאָר מאַכן אַ סוף איז ביטער ווי דער טויט...

— קיינער איז דאָ נישט אויסן מטיל־איבה זיין צווישן אייך, קיינער וויל זי דיר נישט פאַרמיאוסן —

— און ס'איז נישט מעגלעך אויך —

— און ווי זאָגסט דו, ס'איז נישט מעגלעך אויך... יעדער איינער פון די חברים איז דיר מכיר־טובה פאַר אַלץ, פאַר אָנפירן מיט דער ישיבה מיום הוסדה ועד הנה און בכלל... גלייב מיר, ס'איז נישטאָ צווישן אונדז קיין איין כפוי־טובה, אָבער העיני האנשים תנקר? אַז מיר זעען פאַרט אין דעם שידוך „שני הפכים בנושא אחד"... ווען מיר זעען דיך זיך אַרומ־שלעפּן מיט איר, טראַכטן מיר: זה האיש טוען צלובו בכתפו... און עס פרעגט זיך: על מה ולמה? דו האָסט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין אַן אהבה אפלטונית***** און זי? — זי וואַרפט גאָר אַן אַן אימה אויף דיר, אימת יתוש על הפיל, אוי לה לאותה בושה! און עס לערנט דיך נישט אַן און דו טאַפּסט ווייטער אַ וואַנט כסומא בארובה...

---

* „זאָלסט בעסער נישט נעמען עמעצנס געוועזענע פרוי". דאָ געמיינט: זאָלסט זיך נישט אָפּבריען ביי דעם פייער, וואָס דיין חבר האָט זיך שוין אָפּגעבריט.

** „די האַק קען נישט אומברענגען דעם בוים, נישט האָבנדיק צו הילף אַ היל־צערן הענטל". אַ מאמר החכם.

*** דאָס פּנים רויט פאַר בושה.

**** מיט אָנגעדרייטע אויערן. געמיינט: אַ פאַרשעמטער.

***** פּלאַטאָנישע ליבע.

— אייך איז גרינג צו רעדן: סומא... בושה...

— וואָס זשע ביסטו עפּעס אַזוי מבטל דעם „אייך"? קבל את האמת ממי שאמרו! און ליג עס נישט אָפּ לאורך ימים, נאָר מאַך עס וואָס גיכער, אַזוי לאַנג ווי עודך בידך... איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, ווערליק ס'איז איבער דער טבע קומען צו יענעם מיט עצות־טובות און מיט מוסר־רייד ווען מען פרעגט ביי אים נישט, וואָלט קיינער פון אונדז דיר קיין וואָרט נישט געזאָגט, אָבער ווען זשע? ווען מיר זעען, אַז דו אַליין ביסט שוין אַ מבין אויף דיין מעמד, אַז דו אַליין זעסט שוין, וואָס פאַר אַ פּנים דו האָסט ביי דער וועלט, אָבער מען זעט דאָך אין דיר נישט קיין מינדסטע סימני־חרטה, קיין שום התעוררות צו באַפרייען זיך פון אָט דעם עמק־הבכא, פון אָט דעם... „קאָשמאַר אין אַ קליידל" —

— עס האַלט שוין יאָ דערביי... דער קץ איז נאָענט... דאָס איז נישט בלויז אַ תירוץ —

— נישט בלויז... נישט בלויז... צום וויפלטן מאָל זאָגסטו שוין אַזוי... איי, שלמה, שלמה, עס גייט דאָך נישט אין דעם, צי דו וועסט מיך דוחה זיין מיט אַ גוטן תירוץ, צי מיט נישט אַזאַ גוטן, עס גייט אין דעם, צי דו געדענקסט דעם צענטן „אני מאמין",* וואָס איז אין זיך כולל די גאַנצע תורה... מיר מוזסטו נישט ענטפערן, און אים פאַרשפּאָרסטו צו ענטפערן, ער ווייסט אַליין אַלץ...

פרידמאַן כאַפּט איבער דעם אָטעם און נישט לאָזנדיק שלמהן קומען צום וואָרט, רעדט ער ווייטער:

— יאָ, על דעת המקום ועל דעת הקהל ביסטו שוין מחויב — דו הערסט? ממש מחויב! — צו מאַכן אַן עק צו אָט דער תוחלת־ממושכה. יאָ, יאָ, ידיד נפש מיינער, מהר אהוב, כי בא מועד! ווייל דאָס וואָסער גייט שוין איבערן מויל. שוייג, שלאָג מיר נישט איבער. דו ווילסט מיר אודאי נאָך אַ מאָל זאָגן, אַז ס'איז שווער צו מאַכן דעם לעצטן רים? קען איך דיר פאַרשפּאָרן אַ גאַנג. קיינער גייט דיר נישט זאָגן, אַז ס'איז גרינג, אָבער סוף־כל־סוף ביסטו שוין מחויב דאָס צו טון! דו ווייסט די טייטש פונעם וואָרט „מחויב"? דאָס דאָזיקע וואָרט באַנוצן די חז"ל נאָר ביי אַזוינע זאַכן, וואָס ס'איז זיי שווער מקיים צו זיין, אָדער אפילו — אומ־מעגלעך! מיר דערמאָנען זיך: „חייב אדם לברך על הרעה, כשם שמברך על הטובה".** פאַר וואָס עפּעס חייב? — ווייל דאָס איז כמעט נישט בגדר האנושי, ווייל דאָס איז קעגן דעם מענטשנס טבע. צי למשל: „חייב אדם לבסומי בפוריא".*** פאַר וואָס האָבן די חז"ל צו אַזאַ זאַך זיך באַנוצט

* אין אים רעדט זיך, אַז דער מענטש גלייבט, אַז גאָט ווייסט אַלץ וואָס דער מענטש טוט און אפילו, וואָס ער טראַכט.

** אַ מענטש איז מחויב צו דאַנקען גאָט פאַר דעם שלעכטן, פּונקט אַזוי ווי פאַר דעם גוטן.

*** יעדער ייד איז מחויב צו טרינקען אום פורים ביז שכרות.

מיט דעם לשון „חייב"? — ווייל אַ ייד איז פון דער טבע נישט קיין שכור, דעריבער האָט מען אים געמוזט צווינגען דערצו. אָדער למשל: „חייב אדם בכבוד חמיו". * פאַר וואָס איז עפּעס פּלוצעם חייב? ווייל בדרך־הטבע האָט מען אַ שווער נישט ליב, אויב נישט נאָך ערגער... געדענקסט דעם וויץ פון ר' יהונתן אייבעשיץ זצ"ל? ווען ער האָט ביי זיבן יאָר דערקענט זיין שפּעטערדיקן שווער צווישן אַן עדה מיט יידן, האָט מען זיך שטאַרק גע־חידושט. ווען מען האָט אים געפרעגט ווי אַזוי דאָס האָט געטראָפן, האָט ער געענטפערט: „עוד לא ארעהו וכבר אשנאהו"... ** איז טאַקע מהאי טעמא האָבן די חכמים דאָס געמוזט אָנזאָגן בלשון חיוב. אויך דו ביסט שוין אליבא דכולא עלמא מחויב זיך דערשלאָגן צו אַ ברעג, ווייל... ווייל עס קענען נאָך אַנדערע אויך געשטרויכלט ווערן דורך דיר... נישט ווילנ־דיק ביסטו פאַר דער חברה אַ שטיקל אבן־נגף, אַ שטיקל חוטא ומחטיא את הרבים... איך וועל דיר זאָגן דעם אמת... ביז היינט איז לבא לפומא לא גליא...*** איך מאַך דיך, פאַרשטייט זיך, נישט שולדיק... אין שליח לדבר עבירה... אָבער ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ חלק דיין ארומפירעניש האָט אין מיין אומגליק... גלייב מיר, אַז אַ סך, אַ סך אַ גרעסערן, ווי דו שטעלסט זיך פאָר... עס קען זיין, אָדער ס'איז דאכט זיך, זיכער אַזוי, אַז ווען איך זאָל דיך נישט געוועז זען יאָרנלאַנג זיך ארומשלעפּן מיט אָט דעם שעטנז, וואָלט מיר אפשר גאָר געווען אַ פּחד אפילו אַ טראַכט צו טון פון אַזאַ... פון אַזאַ בת־נח, ווי מיינע איז...

און נאָך אַ לאַנגער פּויזע, מיט אַ כריפּלע קוויטשיקל:

— פאַרשטייסט אַ מעשה? איידער מען קוקט זיך אום איז שוין פּאַוואָ־ליִנקע באַלד אַ יאָר, אַז דו ביסט באַפרייט געוואָרן. האָסט אין דעם יאָר שטאַרק מצליח געווען אין אַלע הינזיכטן, נאָר קיין גליקלעכן שמייכל אויף דיין פּנים האָט נאָך פאַר דער גאַנצער צייט קיינער נישט געזען. אַלע אונדזערע חברים האָבן דיך ליב און שעצן דיך, דו ווייסט דאָס גוט. נאָר טאַקע מהאי טעמא קענען זיי נישט איבערטראָגן דעם טרויער, וואָס הענגט איבער דיין פּנים. ביי זיי הייסטו אַ מאבד את עצמו לדעת, און ס'איז טאַקע אַזוי —

* יעדער ייד איז מחויב אָפּגעבן כבוד זיין שווער.

** איך קען אים נאָך אפילו נישט, און האָב אים שוין פיינט.

*** געמיינט: „איך האָב זיך אַליין דעם סוד נישט פאַרטרויט".

# קאפיטל IV

אזוי פּלוצלינג, ווי דאָס געוויטער האָט אויסגעבראָכן, אזוי פּלוצלינג האָט דאָס אויך אויפגעהערט. יאָגנדיק זיך איינע איבער דער אַנדערער, זענען די כמאַרעס זיך צעלאָפן, אויפגעדעקט אַ בלויען הימל מיט אַ רויטער שקיעה. שלמה האָט פרידמאַנען באַגלייט ביזן טראַמוויי וואָס פירט אויף פּאָדאָל, און משה איז אַוועקגעפאָרן אין שול אַריין צו מנחה. אַליין איז שלמה אַוועק מיט דער גאַס „דריי הייליקע" באַרג־אַרויף צו דעם טראַמוויי נומער 8. ווי אַ כשוף־בעזים וואָלט אָפּגעקערט דעם הימל, אזוי ריין און דורכזיכטיק־בלאָ איז ער איצט געווען. אויף יענער זייט דניעפּר, אין די זאַמדן, האָט די זון געשעפּקעט דער ערד די לעצטע בליקן. אויף די גאַסן האָבן זיך געצונדן לאָמפּן. די בלויקייט איז געדיכטער געוואָרן, און דער ערב־יומטובדיקער תחילת־נאַכטיקער כרך: קיעוו, האָט אָנגעהויבן דרייען זיין פילפאַרביקן קאַרוסעל. אַ קיל, ליבלעך ווינטעלע האָט זיך דערליקאָט געשפּילט מיט די רויטע פענער, וואָס זענען פייערלעך אַראָפּגעהאַנגען פון די גאַנקעס. אויטאָמאָבילן, פול געפּאַקטע מיט פריילעכער יוגנט, האָבן זיך געיאָגט איבער אַלע גאַסן, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אין דער לופט אָפּגעריסענע קלאַנגען פון פריילעכע לידער, אַ געפיל פון קינדערישער אַנטציקונג און אַ שטימונג פון אַ פריילעכן יום־טוב. אויף אַלע אָנגעזעענע ערטער האָט מיט פילפאַרביק ליכט געשניטן די אויגן די ציפער XVII פון דעם ים פלאַקאַטן און טראַנספּאַראַנטן איז אַזש געווען רויט אין די אויגן.

אַקעגן שלמהן האָבן זיך געאיילט צענדליקער פּאָרלעך. אַלע האָבן זיך ערגעץ שרעקלעך געיאָגט. יעדער איינער האָט געזשאַלעוועט צו פאַרלירן אומזיסט אַ שעה, אַ מינוט פון זיין יונגן לעבן. נאָר איין שלמה האָט געהאַט צייט אריבער און אריבער. צווישן אָט דעם קאָכנדיקן געטומל איז ער איינער געגאַנגען אַ רואיקער, אַ קאַלטער, מיט געמאָסטענע טריט. אויף אַ רגע האָט ער זיך פאַרגעסן און געוואָלט פאַרקערעווען צו די טולטשינסקיס, נאָר גלייך האָט ער זיך דערמאָנט, אַז פּאָלי איז שוין דעם דריטן טאָג נישטאָ אין דער היים. די ערב־יומטובדיקע הכנות האָבן זי אין גאַנצן איינגעשלונגען. אפילו די לעקציעס האָט זי נישט ווען צוצוגרייטן. זי האָט אויפגאָבן פון דעקאַנאַט, אויפגאָבן פון פּראָפּקאָם,* אויפגאָבן פון דער קאָמסאָמאָלישער אָרגאַניזאַציע. דערווייל אָט דעם חודש, וואָס מען לערנט שוין, איז זי אויפן צווייטן קורס די בעסטע שילערין. דערפון ווייסט מען אין דער דירעקציע פונעם אינסטיטוט און מען שיקט זי אַרום אַלס מוסטער אויף ערב־יומטובדיקע מיטינגען אין אַנדערע אינסטיטוטן. פּאָלין אימפּאָנירט דאָס זייער און זי איז שוין כמעט אויסגעהיילט פון איר שלי־

* פּראָפעסיאָנעלער קאָמיטעט.

מזלדיקער איינרעדעניש וועגן דעם דריטן קורס. שלמה דערמאָנט זיך, אַז עס איז שוין דער דריטער אויפדערנאַכט, אַז ער טרעפט זי נישט, און לאָזט זיך ווייטער גיין צום טראַמוויי. בדיעבד, איז ער גאָר צופרידן, וואָס ער קען איצט פאַלין נישט זען. צו פריש און צו שמערצלעך איז נאָך דער איינדרוק פון זיין היינטיקן שמועס מיט פרידמאַנען...

ביי דער טראַמוויי־סטאַנציע טרעפט ער קיינעם נישט וואַרטן אויפן טראַמוויי. מען גיט אים אָפּ אַ גרוס, אַז די אַכטע ליניע האָט נישט קיין שטראָם. דאַן לאָזט ער זיך גיין אָט די ווייטע שטרעקע צו פוס. עס באַגלייטן אים בילדער פון די היינט געהערטע נייעס. זיי דריקן אים צונויף פון אַלע זייטן און שטויסן אים פאָרויס.

אין דער זעלבער נאַכט האָט ער זיך געזען מיט רייזלען. עס האָט זיך אים געחלומט:

עס איז נאָך האַלב טונקל. עס ברעכט אויף טאָג. אין וואַלד איז שטיל און הייליק ווי אין אַ שול יום־כפור פאַרן דאַווענען. ער אַליין הענגט אויף אַ גראָבער צווייג פון אַ שרעקלעך גראָבן דעמב מיט אַ שוואַרצן לאָך. ער קען זיך בשום־אופן נישט דערמאָנען, ווער און ווען האָט עס אים צוגעבונדן מיט זיין טאַטנס גאַרטל צו דער דאָזיקער צווייג. ער פילט, אַז די פאַכוועס, אונטער וועלכע ער איז צוגעבונדן, שמאַרצן אים געפערלעך, נאָר באַפרייען זיך קען ער נישט. די פינגער ווילן נישט פאָלגן, אַזוי ווי שטיינערנע. ער כאַפּט אַ קוק אַראָפּ: אַ־האַ! אַ באַקאַנט ערטל. די קוואַדראַטנע בעריאָזעווע אַלייע אין פושטשע־וואָדיצע, זייער ל״ג־בעומרדיקע רעזידענץ. אויף אַן איבערגעקערט שיפל זיצט געניע שוסטערמאַן בלויז אין טריקאָ און עסט מיט אַ גרויסער קאָכליע יויך מיט מאַנדלען פון אַ פעסל. שלמה באַטראַכט פאַרווונדערט אירע ציין. נישט קיין ציין האָט זי, נאָר אַזעלכע צווענגלעך. אַקוראַט ווי יענץ צווענגל, מיט וועלכן קאָזאַקאָוו האָט אים אַרויסגעריסן אַ נאָגל. וואָס איז דאָס פאַר אַ מעשה? ווי אַזוי האָט ער דאָס פריער נישט באַמערקט? שוין זשע איז זי אַ מעכאַניזם, נישט קיין מענטש? מיט אַ מאָל באַמערקט ער נאָך עמעצן אַריינקומען אין דער אַלייע. דאָס איז אַ פנים אַ פויערטע. פון איר קאָפּ הענגען אַראָפּ לאַנגע, צעשויבערטע האָר. זי גייט באָרוועס, טראָגט אַ וויים חופה־קלייד מיט פיל שפּיצן און אויף די פּלייצעס טראָגט זי אַ גרויסן, גרויסן זאַק. שלמהן וווּנדערט, וואָס אַזאַ שוואַכע גויקע קען דערטראָגן אַזאַ אומגעלומפּערטן זאַק. ער כאַפּט נייגעריק אַ קוק, וואָס טראָגט זי אַזוינס אין זאַק און זעט: רויטע, טרוקענע בלעטער. עס כאַפּט אים מיט אַ מאָל אָן אַן אומבאַגרייפלעכע שרעק. ער הייבט זיך אָן טיפער איינצוקוקן אין דער באָרוועסער פרוי, וואָס אין ווייסן, און דאָס בלוט הייבט אים אָן צו קילן אין די אָדערן: גרויסער גאָט, עס איז דאָך רייזל! רייזל ליבערמאַן... ער פּרוווט זיך אָפּרייסן פון דער צווייג, נאָר דעם טאַטנס גאַרטל איז אַ נייער, ער לאָזט נישט נאָך. ער וויל שרייען, נאָר די צונג איז ביי אים

צונעקלעפּט צום גומען. דערווייל זעט ער, ווי רייזל גייט צו צו גענינען, שטרעקט אויס אַן אויסגעמאָגערטע האַנט און בעט מיט אַ וויינענדיק קול:

— שענקט עפּעס, יונגע פרוי, האָט רחמנות, די פּיס האַקן זיך מיר ממש אונטער, און אין האַלדז איז מיר אַזוי טרוקן, אַז איך ווער שיר נישט דערשטיקט. שענקט עפּעס, זייט אַ ליטיש קינד. איר זעט דעם זאַק? דאָס איז מיין חתונה! מיין אייגענע חתונה טראָג איך דאָס. שענקט, קראַ־סאַוויצע, שענקט אַ מאַנדל, אַ זופּ יויך, וואָס עס איז —

געניע שפּרינגט אויף אַ צערייצטע און פאַלט אָן אויף איר ווי אַ בייזער הונט:

— פאַרנעם זיך פון דאַנען, דו שלעפּערקע. מאַנדלען האָט זיך דיר פאַרגלוסט? אַ פייג קען איך דיר געבן, נישט קיין מאַנדלען! מיין משהן קען איך דיר אָפּגעבן, אויב דו ווילסט, דאָס יאָ...

און תוך כדי דיבור לויפט זי צו צו אַ געלעגער פון בענקלעך, וועלכן שלמה האָט גאַרנישט באַמערקט ביז אַהער, זי שלעפּט אַרויס דאָס קישן פון צוקאָפּנס, זי שלעפּט אַרויס דעם מאַטראַץ, צעוואַרפט די בענקלעך, טרייסלט אויס אַלע קאָלדרעס, ביז עס פאַלט אַרויס אויפן גראָז אַ שוואַרץ, דאַר נפלע. אין דעם קרומען נעזל מיט די גוטע אויגן דערקענט שלמה, אַז דאָס דאַרף זיין פרידמאַן, זיין משה פרידמאַן. ער שיסט אויס מיט אַ געוויין:

— גוואַלד, רייזל, קוק, וואָס פון אונדזער משהן איז געוואָרן!

רייזל וואַרפט אַ קוק אַרויף צו אים אויף דער צווייג. דער קוק איז פול מיט פאַראַכטונג און זי זייעט סאַרקאַסטיש אַרויס דורך די ציין:

— שאַ, שטילער אַ ביסל! זע נאָר, ווי ער ליגט עס אין די וועלט. וואָס האָסטו דאָ נישט געזען? האָב נישט קיין יסורים, מען וועט פון דיר מאַכן דאָס נעמלעכע, אפשר נאָך אַ ביסל שענער...

— רייזל, פאַר וואָס ליגסטו מיר אַזוי אויס? בייס זיך אָפּ אַ האַל־בע צונג!...

— אפילו קיין ברעקל אויך נישט. וועסט אַ סימן האָבן, וואַרט צו!...

זי האַלט אָפּן דעם זאַק, די רויטע בלעטער שטעקן אַרויס די קעפּע־לעך, באַטראַכטן דעם גאַסט, וואָס קומט אָן צו זיי. געניע גיט פרידמאַנען האַסטיק אַ וואָרף, ווי דאָס וואָלט געווען אַן אומריינער שרץ, און ער פאַרשווינדט אין דעם זאַק בלעטער.

פלוצלינג פליט אָן פאַלי אין איר גראַנאַטענעם קלייד פון דעם מאָס־קווער שניט „אינדיגאָ" און שרייט צו רייזלען:

— וואַרט אויס, וואַרט אויס פאַרשלומפּערטע רביצין, וואַרט אויס פאַרבינד נישט, אָט וואַרף איך דיר אַריין מיין שלמהן אויך... אין צווייען וועט זיי זיין היימלעכער...

זי לויפט צו צום בוים, שפּאַרט זיך אָן מיט אַ קני אין דער טרעפּ פונעם שוואַרצן לאַך און נעמט שלעפּן שלמהן פאַר די פּיס. ער בריקעט געפערלעך און ווערט זיך מיט אַלע כוחות. פאַלי ווישט דעם שווייס און

קען זיך מיט אים קיין עצה נישט געבן. מיט א מאָל הייבט זי אָן רופן צו הילף:

— וואָלאָדיאַ! מאַרוסיאַ! העלפט מיר בייקומען אָט דעם שור־הבר!

שלמה קוקט פאַרלוירן אויף די לויפנדיקע. ביי וואָלאָדיען אין דער האַנט זעט ער אַ מעסער. שוין זשע וויל ער אים טאַקע קוילען, צי ער מיינט נאָר איבערשניידן דעם גאַרטל? ער וויל שרייען, דאָס געשריי רייסט זיך ביי אים פון האַלדז, אָבער ווייטער קומט עס נישט. ער וואַרפט זיך אויף אַלע זייטן כאילו כופאו שד, אָבער קיין ישועה זעט מען נישט. מיט אַ מאָל באַמערקט ער אויף דעם דניעפּער־פּלאַך אַ שיפל. אין שיפל געפינען זיך מאַרינקע מיט קלאַווען. מיט פרומע פּנימער עסן זיי האַרטע אייער מיט טרוקענע באַרן, און דאָס שיפל גליטשט זיך שלעפעריק איבערן פרי־מאָרגנדיקן שפּיגל פונעם טייך. שלמה זעט, אַז אָט־אָט קומען שוין צו פאַלים מיטהעלפער און דאַן איז ער אַ פאַרפאַלענער. ער פּרוווט נאָך אַ מאָל צו שרייען, כאָטש צעריים זיך, איין מאָל ניין! דאַן רייסט ער אַראָפּ עטלעכע שישקעס פון אַ שכנהשער סאָסנע, און הייבט אָן צו באַוואַרפן דאָס שיפל: איינע מאַרינקען אינעם פּוס, די צווייטע קלאַווען איגעם אַקסל. זיי זוכן אַרום זיך מיט די אויגן, ווער עס אַטאַקירט זיי. אָ! געלויבט איז השם־יתברך! געלויבט איז השם־יתברך! — זיי האָבן אים באַמערקט. ער רופט זיי צו זיך מיט די הענט, ווייזט זיי אָן אויף זיין האַלדז, אַז מען קוילעט אים, הייסט עס. זיי קלערן נישט קיין איין מינוט, שפּרינגען אַרויס פון דעם שיפל און לאָזן זיך שווימען צום ברעג מיט די רודערס אין די הענט. אָט לויפן זיי שוין פונעם ברעג צו דער אַלייע. שלמה איז גליק־לעך. ער וויינט אַזש פאַר פרייד. ער קוקט צו, ווי די צוויי פאַרלעך האָבן זיך באַגעגנט סאַמע ביים דעמב. פונעם ערשטן פּאַטש, וואָס קלאַווע טוט מיטן רודער, שפּרינגט אָפּ פון וואָלאָדיעס פּנים דער לאַנגער פּלאַסטער מיט אַ שטיק נאָז. זי פאַרמעסט זיך נאָך אַ מאָל, נאָר ווען צו דער־לאַנגען איז שוין נישטאָ. פאַלי מיט גניען שטעלן פיס אין איין זייט, וואָלאָדיאַ מיט מאַרוסיען אין דער צווייטער. קלאַוואַ מיט מאַרינקען לאָזן זיך נאָכיאָגן די אַנטלאָפענע.

די אַלייע ווערט ליידיק, עס בלייבן נאָר איבער שלמה מיט רייזלען. זי בייגט זיך אָן, הייבט אויף דאָס מעסער, וואָס וואָלאָדיאַ האָט אין אימ־פּעט אַראָפּגעלאָזט, דערלאַנגט עס שלמהן. ער שניידט איבער דעם גאַרטל און קריכט אַראָפּ פונעם בוים. צוזאַמען זוכן זיי אויף פרידמאַנען אין די בלעטער. יענער — אַ געלער, אַ מאָגערער, פרעגט ביי זיי מיט דערשראָ־קענע אויגן:

— ווער האָט עס דאָ אַזוי געשריגן? עס האָבן נישט געהאָלפן די בלעטער, איך בין שיר נישט טויב געוואָרן. מען מעג שוין אַרויסגיין? זיי זענען שוין אַוועק? אַך, געלויבט דער אייבערשטער! וויפל קען טאַקע אַ מענטש לעבן אין רויטן שטויב? אַך, ס'איז אַ מחיה, גוט איז אַ חיי־שעה!

ער קריכט אַרויס, טרייסלט זיך אַרום, און הייבט אָן רייניקן די שטרוי־

עלעך, וואָס זענען פאַרקראָכן אין זיין בערדל. די זון באַווייזט זיך אַ פּרעכ־טיקע, אַ שיינענדיקע. אין וואַלד דערהערן זיך טויזנטער קולות, וואָס באַ־זינגען דעם קומענדיקן פרימאָרגן. רייזל קוקט אָן טרויעריק משהן מיט שלמהן, רעדט צו זיי אָן גאַל, נאָר מיט שטילן פאַרדראָס:

— נו, איך פרעג אייך נישט מער: ס'איז כדאי געווען, האַ? זיך שיין אויסגעהאַנדלט? צו דעם מיט אַ מעסער, דעם אין שטויב דערשטיקן... אַלץ כדאי, נאָר אַבי קאָמסאָמאָלקעס נעמען! נו, איך גיי... ביז טאַגאַנראָג, אַ־אָ, ווי ווייט עס איז נאָך!...

שלמה וויל כאַפּן רייזלס האַנט, נאָר ער כאַפּט אָן דעם שלייף פון איר חופּה־קלייד, און ציט שטאַרק־שטאַרק, ביז ער דערפילט, אַז ער האָט עפּעס אָפּגעריסן און האַלט דאָס אין דער האַנט.

ער עפנט אויף די אויגן: פאַרקוועטשט אין פויסט האַלט ער דאָס ציצענע פאָרהענגל, וואָס איז געהאַנגען אויף זיין פענצטער. אויף די צווע־קעס זענען פאַרבליבן שטיקלעך שנור, אויף וועלכן דאָס פאָרהענגל איז געהאַנגען. דורך דעם פענצטער קוקט אַריין אַ פאַרטאָגיקע חשכות. אין צימער וואַלגערן זיך נאָך אַרום שערבלעך פון דעם ערשט צעבראָכענעם חלום. שלמהס אויגן געוווינען זיך ביסלעכווייז צו צו דער פינצטערניש. גלייך אין פענצטער אַריין קוקט אַריין דער צייטונג־קיאָסק מיט דער ברייי־טער טרעפּ פון פאָרנט. שלמה דערמאָנט זיך דעם ראש־השנהדיקן אויפ־דערנאַכט מיט אַלע פּרטים און עס ווערט אים שטאַרק אומהיימלעך אויף דער נשמה. דער נאָענטער עבר קריכט אַרויס פון זיין פרישן קבר, וואַרפט זיך אויף אים אַרויף מיט זיין גאַנצער משא און שטיקט אים. דאַן וואַשט ער זיך נעגלוואַסער, טוט זיך אָן דעם כאַלאַט, נעמט דעם תהילים און פּרוווט אין דעם זיסן, וויינענדיקן תהילים־ניגון צו דערטרינקען זיין טיפן טרויער און זיין פאַרבאָרגענעם ווייטיק.

# קאַפּיטל V

אויפֿן זיבעטן, לכּבֿוד דעם פּאַראַד, וואָס דאַרף זיין אויף קרעשטשאַטיק, זענען אָנגעקומען געסט פֿון אַלפֿאַרבאַנדישן צ. ק. גרויסע בעלנים צו זען די אָנפֿירער פֿונעם פֿאָלק, זענען די נאַכט אויפֿגעווען און עטלעכע שעה פֿאַר טאָג האָבן זיי פֿאַרנומען באַקוועמע פּאָזיציעס, כּדי מען זאָל קענען זען אַלץ, וואָס עס קומט פֿאָר אויף דער טריבונע און ווער עס מאַרשירט פֿאַרביי איר. די געוועזענע פּאַנטאָפֿלצעס זענען אויך געווען בעלנים בייצוזיין ביי דער דעמאָנסטראַציע, אָבער נישט צו לויפֿן אַהין „גאַנץ פֿרי מיט דער „ראָשטשינע". פֿריער דאַרף אַ ייִד אָפּדאַווענען און אָפּעסן און ערשט דאַן קען מען גיין כאַפּן אַ בליק אויף די היי־יאָריקע יומטובֿניקעס. פֿון סאָלאָמינקע אויפֿן פּאַראַד זענען זיי אַרויסגעגאַנגען זאַלבעצווייט: שלמה און מנשה. אַראָפּלאָזנדיק זיך אויפֿן קרעשטשאַטיק, האָבן זיי באַגעגנט פֿרידמאַנען מיט סעגאַלן, נאָך שפּעטער, זעליק פֿייגנבוים מיט שמעון קלאַדניצקין, זענען זיי שוין די גאַנצע צייט פֿון דער דעמאָנסטראַציע געגאַנגען זאַלבעזעקסט. נישט קוקנדיק אויף זייער שפּעט אָנקומען, איז זיי געלונגען זיך צו דערשלאָגן צו דער סאַמע טריבונע, אַלץ צו הערן און אַלץ צו זען. דער הימל איז געווען ווינטערדיק לויטער, די זון — אַ קאַלטע, אָבער דאָך אַ יומטובֿדיקע. יונגוואַרג זענען געגאַנגען אָן אייבערשטע בגדים: ווער מיר האַרבסט, וואָס מיר האַרבסט, ס'איז אָקטאָבער אויף דער וועלט! אין אַזאַ טאָג, ווערט דאָס וועטער נישט וואַגן קאַליע צו ווערן. נאָך דעם באַוואָפֿנטן מיליטער האָבן מאַרשירט פֿאַרביי דער טריבונע מיליטערישע שולן. דערנאָך האָבן דעמאָנסטרירט די אַקאַדעמיקער, די העכסטע סאָוויעטישע און פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס, די וויכטיקסטע זאַוואָדן, פֿאַבריקן. דערנאָך לערנאַנשטאַלטן. צוערשט די מעדיצינישע אינסטיטוטן, נאָך דעם דער מאַשינבוי־אינסטיטוט און דאַן אויך דער אינדוסטריעלער אינסטיטוט. פֿאָלי מיט וואָלאָדיען האָבן מונטער און שטאָלץ געטראָגן די פֿאָנען. שלמה האָט עס געפֿונען פֿאַר גאַנץ נאַטירלעך: מילא, אויפֿן דריטן קורס זענען זיי נישט אַריבערגעגאַנגען, אָבער אויפֿן צווייטן מוזן זיי טאַקע זיין די סאַמע פֿאָרגעשריטנסטע, נאָך דאָס אויך נישט? ווען אַלע סטודענטן האָבן זיך געפּליוסקעט אין דניעפּר, זיך געפּרעגלט קעגן דער זון אויף דער פּליאַזשע, אַרומגעפֿאָרן איבערן לאַנד אויסקוקן אַלע שיינע ערטעלעך, האָט טאַקע דאָס דאָזיקע פּאָרל נישט געוווסט פֿון קיין גוטן טאָג. פֿון אינדערפֿרי ביז ביינאַכט האָבן זיי געזונקען אין די ביכער און אין די העפֿטן. קומט זיי דאָך טאַקע צו טראָגן די פֿאָנען. עס איז נאָך גאָר אַ קליינער לוין פֿאַר אַ האַלב יאָר זיין איזאָלירט פֿון דער ווייסער וועלט. פֿאָלי טראָגט דאָס זעלבע קלייד, וואָס זי האָט זיך אויפֿגענייט פֿאַרן פֿאָרן קיין מאָסקווע. אויף דער לינקער ברוסט — אַ קאָמסאָמאָלישער צייכן. די האָר פֿאַרפֿלאָכטן אין אַ קוילעטש אַרום קאָפּ. דער טריט — אַ ריטמישער, דער קאָפּ —

גדלותדיק פאַרוואָרפן אַרונטער, די פיגור — אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע. מען זעט, אַז זי איז גליקלעך. שלמה קען פון איר קיין אויג נישט אַפּרייסן. ער פרעגט זיך אין האַרצן, צי גלייבט ער אַליין, אַז אָט די איבערגליקלעכע קאָמסאָמאָלקע זאָל נאָך ווען עס איז גיין מיט אים צו דער חופּה? ער גע־דענקט נאָך גוט מיט אַלע פּרטים דעם חלום; די סצענע אין דער בעריאָ־זעווע אַלייע; ווי פאַלי האָט אים געוואָלט אַריינוואַרפן אין זאַק אַריין; ער זעט נאָך פאַר זיך וואָלאָדיעס חיהשן געזיכט, ווי ער לויפט צו אים מיט אַ מעסער; רייזלס פאַראַכטנדיקן בליק און איר סאַרקאַסטישע פראַגע:

— „נו, איך פרעג אייך ביידע, משה און שלמה: איז דאָס כדאי גע־ווען, האַ? נייטיק ווי אין לעבן האָט איר געדאַרפט זיך פאַרפירן מיט אָט די... מיט אָט די פרעמדע... מיט אָט די לחלוטין פרעמדע און פיינטלעכע נפשות?"...

שלמה כאַפּט אַ קוק אויף פרידמאַנען — ניין, יענער ווייסט פון גאָר־נישט. זייער גלייך, וואָס ער ווייסט נישט. ער האָט דעם דאָזיקן חלום אַלע טאָג בהקיץ.

פאַלים קאָלאָנע דערנעענטערט זיך צו דער טריבונע. אָט גייט זי פּונקט פאַר איר. עמעצער פון די „גרויסע" שרייט אויס:

— זאָל לעבן אונדזער געזונטע, שיינע יוגנט, הוראַ!

אַ טויזנט־פאַכיקער „הוראַ" צעטראָגט זיך פון אַלע קאָלאָנעס און אויף פאַלים פּנים קען מען איבערלייענען, אַז זי ווייסט גאַנץ גוט, וועמען מען מיינט עס מיט אָט דעם אויסרוף. פון דער טריבונע פליט צו איר אַ בוקעט פון לילאַווע בלומען. זי כאַפּט אים אויף אין דער לופט, נישט בייטנ־דיק דעם שפּאַן, וואַרפט אַ דאַנקבאַרן קוק אַרויף צו די אָנפירערס און טראָגט אים טריאומפירנדיק צוזאַמען מיטן דרענגל פון דער פאָן.

פרידמאַן בייגט זיך אָן צו שלמהס אויער און רוימט אים איין:

— אָט דעם בחור האָב איך שוין ערגעץ געזען מיט איר, איך גע־דענק נאָר נישט ווו...

— מאַלע וואָס עס טרעפט זיך —

— ניין, איך מוז מיך דערמאָנען, ווו האָב איך אים געקענט זען. אַ־האַ! יאָ, יאָ, דאָס איז ער! איך האָב זי געזען גיין מיט אים אין קינאָ. איצט האָב איך זיך שוין דערמאָנט אויף אַקוראַט.

— אַליין? נאָר אין צווייען?

— מיט נאָך חברטעס.

— מהמ...

— וואָס זשע מהמקעסטו?

— וואָס זשע ווילסטו זאָל איך טון? זיך דאָס לעבן נעמען? האַלט איך נאָך עפּעס נישט דערביי! זי איז געגאַנגען? זאָל איר זיין צו געזונט. אַז זי האָט פאַרגעניגן, טוט מיר אויך הנאה.

פרידמאַן האָט אַ קוק געטון אויף שלמהן, מיט זיין שאַרפן בליק

אים דורכגענומען אויף דורך און דורך, און זיך אויסגעדריט צו די איי־בעריקע חברים.

נאָכן פּאַראַד האָט שלמה געוווּסט, ווּעט ער פּאַלין אין דער היים נישט טרעפן. אויף דער נאַכט איז ביי זיי אין אינסטיטוט אַ באַל, און פּאַלי איז דאָרט אַ גאַנצע מחותנתטע, זי וועט זיכער אפילו נישט קומען אַהיים נעכטיקן. דעם מאָרגנדיקן טאָג איז ווידער נישט שייך. יום־טוב שני של גליות — אַ קלייניקייט! וווּהין מען גייט זיך אַ קער, איז הימל עפּן־זיך. פון גיין ערגעץ דאַרף מען פאַרגעסן, אומעטום זענען די בילעטן אויסגעקויפט נאָך פון פריער מיט אַ וואָך. אויף דער נאַכט ווידער, אויפן קאַרנאַוואַל, איז ער אודאי פּאַר איר נישט קיין פּאַסיקער באַגלייטער. און באמת טאַקע, וואָס? ער וועט גיין טאַנצן מיט איר אויף קרעשטשאַטיק? דערויף זענען שוין דאָ סטודענטן, וואָס וועלן אים די אַרבעט פאַרשפּאָרן. קיין וואַניעס מיט וואַלאָדיעס, סיאָמקעס מיט גרישקעס פעלן ברוך־השם נישט אויס. מיטן אייבערשטנס הילף, עס וועט איר חלילה נישט זיין לאַנגווייליק אָן אים אויך, צו גאָט אַ האָפענונג. ניין, ניין, נאָוועמבער איז נישט זיין חודש. זיין יאָר באַשטייט נאָר פון צען חדשים. מאַי און נאָוועמבער זענען אויסגעשלאָסן. ער דערמאָנט זיך ווי פאַראַיאָרן אין דער צייט איז ביי אים געווען דער סאַמע ברען פון דער אויספּאַרשונג, בלוט האָט געשפּריצט אין אַלע זייטן, און עס פאַרדריסט אים אויף זיך אַליין פאַר זיינע נארישע יסורים, וואָס ער נעמט אַליין אויף זיך. עס ווערט אים מיט אַ מאָל נמאס צו קוקן אויף דעם צעפּורימטן עולם, ער גיט אַ שפּיי אויף אַלץ מיט אַן אַנדער און גייט איינער אַליין האַסטיק אַוועק אַהיים.

אחרי ככלות הכל, גייענדיק צוריק פונעם פּאַראַד מיט מידע טריט, פרעגט פרידמאַן ביי מנשהן:

— איר האָט געזען פּאַלי טולטשינסקי מיט דער פאָן?

— אַ גדולה האָט מיך געטראָפן...

— ווער רעדט פון אַ גדולה? איך זאָג עס קעגן דעם, וואָס אייער שלמה איז נאָך אַלץ כרוך נאָך איר —

— אַזוי איז ביי דעם, וואָס לאָזט זיך אַריין אין דער סיטרא־אחרא, רחמנא ליצלן. עס הייבט זיך כלומרשט אָן מיט אַ קאַטאָוועסל און דערנאָך... שבשתא כיון דעל על...*

— דאַכט זיך, במילי דעלמא איז ער אַזאַ שאַרפער יונגערמאַן, כ'ווייס? פלפלא חריפתא!

— זאָלט איר טאַקע וויסן זיין, מיין פריינד, אַז אַזוי איז דאָס שטענדיק: לפום חורפא שבשתא...**

— אָבער די חקירה איז דאָך גאָר פאַרקערט. מען דאַרף דאָך זיין

* איינעם און דעם זעלבן פעלער, אַז מען באַגייט עטלעכע מאָל, בלייבט ער שוין אויף שטענדיק.

** וואָס שאַרפער דער מענטש איז, אַלץ גיכער איז ער עלול צו מאַכן אַ פעלער.

א שוטה גמור, א קטוע־צואר,* אז מען זאל אזא לאנגע צייט לעבן אין אזא ביטערן טעות —

— איר האט דא אויך גארנישט מחדש געווען... ליכא מידי דלא רמיזי באוריתא: אין אדם עובר עבירה אלא אם כן נכנסה בו רוח שטות...

— ער איז דאך אבער נישט קיין שוטה! ער איז דאך פארקערט אזא קלוגער —

— קיינער ווענדט אייך נישט אפ. קיינער זאגט אייך נישט, אז ניין, אבער דאס מין חכמה איז פאראן צווייערליי. איר ווייסט דאך, אז אלץ וואס קודשא בריך־הוא האט באשאפן אויף דער וועלט, כדי לזכות את העולם, האט די סטרא־אחרא באשאפן א דוגמא צו דעם, א מין אחיזת־עינים, כדי להתעות בם בני־אדם. זה לעומת זה. און ס׳איז גארנישט אזוי לייכט בעיני בשר פון אנדער צו שיידן צווישן דער חכמה אלקית און דער חכמה פונעם שטן. טאקע דעריבער בעטן מיר ערב ובוקר וצהרים: וחננו מאתך חכמה בינה ודעת... דיינע, נישט קיין געפעלשטע... אז מיר זאלן נישט זיין קיין חכמים להרע...

— איז האלט איר, הייסט עס, אז שלמהס חכמה איז, רחמנא ליצלן, א חכמה שמאלית?

— חס ושלום! איך זאג נישט, אז שמאלית. אבער אפילו חכמה אמתית, אז מען איז זי משעבד צו דער סטרא־דנוקבא, פארלירט זי די בחינה פון א גברת און ווערט נהפך אין א שפחה־נחרפת... פונעם אמת קען מען נישט אוועקגיין...

— איך האב אנומלטן געהאט מיט אים א ברייטערן שמועס מנידון דידן... מילא, וואס איך האב אין אים אריינגעלייגט דיבורים — פרעגט נישט! ממש בהגיגי תבער אש און... ווי אן ארבעס אין דער וואנט. נאר בדרך אגב האב איך אים נאכגעזאגט דאס ווארט פונעם רב הקדוש: יפה שעה אחת — עס איז בעסער איין קער אויף צוריק, פונעם לשון „ולא שעה אל מנחתו", בעולם הזה — אזוי לאנג ווי מען איז נאך דא, מכל חיי העולם הבא — פון דעם גאנצן חיים שאין להם סוף, וואס מען האט דארטן... איך האב אלץ געמיינט —

— וויים איך, דבר אל העצים ואל האבנים... איך האב אים היינ־טיקן זומער געעצהט זי א ביסל מנסה זיין מיט אייפערזוכט... לפנים ארומגיין מיט נאך איינער... כ׳וויים? קנאת אשה בחברתה, טאמער וועט די קויל זי נעמען. און וואס שטעלט ער דא איין? ס׳איז כאדם המדליק נר מנר, הנר דולק וחבירו אינו חסר** —

— וואס זשע האט ער געענטפערט?

— אז ער האט מורא איינצושטעלן... ער וויל נישט ריזיקירן, פון א

---

* געמיינט: אן אידיאט, אן א טראפן שכל.

** ס׳איז געגליכן דערצו, ווי א מענטש צינדט אן איין ליכט פונעם צווייטן. דאס פרישע ליכט ברענט אויך און דעם פריערדיקן האט גארנישט געשאדט.

שפּאָס זאָל נישט נולד ווערן קיין אמתער פּירוד... ביי אונדז אויף סאָ־לאָמינקע האָט יענעם ווינטער זיך געטראָפן אַן ענלעכע געשיכטע, איז ראה מעשה ונזכר הלכה... ציטערט ער —

פרידמאַן גיט זיך אַ רייב דעם שטערן און זיפצט אַרויס:

— חבל על דאבדין —

— אַלץ הייסט חבל! אשר טפחתי ורביתי... מען דאַרף שרייען גוואַלד אין אַלע גאַסן...

*

עס זענען פאַריבער די יום־טובדיקע טעג. ווידער האָבן אַ כליופּע געטון גרויע, מאָנאָטאָנע, קאָלירלאָזע טעג, וואָכן און חדשים. עולם כמנ־הגו נוהג. ווער עס האָט פריער געהאַנדלט, האָט אויך ווייטער געהאַנדלט, ווער עס האָט געאַרבעט, האָט אויך ווייטער געטון דאָס זייניקע. אין די אינסטיטוטן האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דאָס רעגולערע לערנען. מיט אַ באַזונדערן באַפעל פון סאָוונאַרקאָם פון אוקראַינע איז געווען פאַראָרדנט, אַז נישט קוקנדיק דערויף, וואָס די למודים האָבן זיך הײַ־יאָר אָנגעהויבן מיט פינף און צוואַנציק טעג שפּעטער ווי געוויינלעך, וועלן פון דעסט וועגן די ווינטערדיקע קאַניקולן פאָרקומען ווי אַלע מאָל, פון דעם ערשטן ביזן דרייצנטן יאַנואַר.

פאָלי האָט זיך געגרייט צו די יאַנואַר־עקזאַמענס מיט דעם זעלבן טעמפּאָ און מיט דעם זעלבן פלאַם, ווי זומער צו די סעפּטעמבערדיקע. נאָר פון גיין מיט שלמהן פלעגט זי זיך נישט אָפּזאָגן: זיי האָבן נישט דורכגעלאָזט קיין איין טעאַטער־שטיק, געזען אַלע נייע פילמען. קיין שמועס וועגן תכלית פלעגט קיינער פון זיי נישט אויפהייבן. מען האָט מורא גע־האַט זיך אַרויסכאַפּן מיט דעם וואָרט „חתונה“, אַזוי ווי דערמאָנען אַ נאָענטן געשטאָרבענעם. אויב יאַני האָט יאָ געוואָלט אַ מאָל פאָר־פירן עפּעס אַ שמועס וועגן זייער צוקונפט, פלעגט שלמה אויף אים אַזאַ שרעקלעכן קוק טון, אַז ער האָט באַלד פאַרלוירן דאָס לשון. צווישן זיך פלעגט ער רעדן מיט אסתרן, אַז עס קען זיין, אַז שלמה איז גאָר דער גאַנצער שול־דיקער אין אָט די אָפּגלייגעענישן פון זייער קינדס תכלית. ווער קען דורכ־קריכן דורך היינטיקע יונגע לייט? אפשר וויל גאָר שלמה, אַז פאָלי, אַזוי ווי קיין נדן האָט זי נישט, זאָל זי צו אים אָנקומען אַ געענדיקטע. קען דאָך גאָר זיין, אַז אומזיסט טראָגן זיי אַ האַס אויף פאָלין פאַר אָט די אייביקע „מאָרגנס“. זי מוז נעבעך פאָלגן, וואָס שלמה הייסט איר.

דאָס איז ביי זיי קיין ספק נישט געווען, אַז עס איז ביי די קינדער אַן אָפּגערעדטע זאַך. אַלא נישט — פאַר וואָס דען לאָזט שלמה נישט אויפהייבן קיין שמועס וועגן דעם? שלמה האָט דאָס אַלץ גוט פאַרשטאַ־נען און זיך נישט געאײַלט זיי אָנווייזן אויף זייער טעות. וואָס וועט עס געבן? עס וועט דאָך במילא גאָרנישט העלפן.

פאָלין איז דערווייל געלונגען פון אַלע זייטן. אי לערנען לערנט זי;

אי זי וועט יאַנואַר איבערגיין אויפֿן דריטן קורס, און פֿרילינג אויפֿן פֿערטן; אי שלמה גייט צו איר; אי אין שטוב זאָגט מען איר גאָרנישט. דער פֿאָטער האָט אָנגענומען אַ מויל מיט וואַסער און טשעפּעט זי נישט מיט קיין וואָרט. און ווען ער פּרוווט איר אפילו עפּעס זאָגן, איז ביי איר צוגעגרייט אַ פּאַרטיקער ענטפער:

— וואָס רעדסטו עפּעס צו מיר? רעד צו שלמהן.

און שלמה, ווייסט זי גוט, וועט זי נישט פֿאַרראַטן. ער וועט נישט גיין עפֿענען דעם פֿאָטער די אויגן, ווער עס איז דער אמתער שולדיקער אין די אומענדלעכע וואַרטענישן. נישקשה, זיין ליבע צו איר וועט נאָך סטייען אויף לאַנג־לאַנג. שלמה איז אַ בריה און אַן איבערגעגעבענער, ער וועט עס נאָך מאַכן אַזוי, אַז זי זאָל אפילו צו דעם פּאַרטיידיקן די דיסערטאַציע אויך זיין פֿריי. „קיין האַלבע אַרבעט האָב איך נישט ליב אָפּצוטון" — האָט ער איר אַ מאָל געזאָגט — זי איז אין אים גאַנץ זיכער. ער איז אַ מאַלאַדיעץ און געטריי ביז גאָר. היינט, איז ער דאָך עפּעס פֿאַרבונדן מיט אַ שבועה. פֿאַלי דערמאָנט זיך אין סוויאַטאָשינער דעמב. אין זייער באַל אויף סאַלאָמינקע. אָך, ווי ווייט דאָס סאַלאָמינקע איז ערגעץ, און שלמה פֿאָרט אַהין יעדן טאָג. קיינער פֿון זייעריקע קומט שוין פֿון גאַנץ לאַנג נישט אין יענעם ווינקל. אפילו איר פֿאָטער פֿאָרט קיין מאָל נישט צו אַהין. אפילו סאָנקע צו רבקהן — אויך זייער זעלטן.

אין אַ מינוט פֿון אַ געפֿילן־צופֿלוס פֿלעגט זי זיך צודריקן צו שלמהן, אַוועקלייגן זיין האַנט אויף איר האַרץ און אויפֿגערעגט זאָגן:

— שלמהלע, חיות מיינס, נשמה מיינע, דו מיינסט, אַז איך בין קיין מבין נישט אויף דעם אַלעמען, וואָס דו טוסט צוליב מיר? האָסט מיין טאַטן געצווימט, ער זאָל אויף מיר נישט אָנפֿאַלן; נעמסט אויף זיך די גאַנצע לאַסט פֿוןביידע הייזער. איך ווייס, וואָס דאָס הייסט. היינט, דיר אַליין — ווי שווער עס קער זיין. דו דרייסט זיך אַרום כמעט אַן עלנטער. צווישן אייגענע — אַן עלנטער. איך ווייס דאָס אַלץ און פֿיל דאָס אַלץ. נאָר וויפֿל, טייערער מיינער, איז אונדז נאָך געבליבן צו וואַרטן? וואָכן, טעג... פּורים וועלן מיר מיט דיר זיין אויף דריי סעודות. פֿריער — ביי אונדז; אַ ווייב איז דאָך בילכער! נאָך דעם וועלן אַלע אונדזעריקע מיט אונדז מיטפֿאָרן אויף סאַלאָמינקע; און אָפּפּראַוועגדיק ביי אייך — ערשט דאַמאָלסט מיטן גאַנצן גאַרניזאָן — צום זיידן שלום. דיין זיידע איז דאַכט זיך, אַ ביסל פֿאַרליבט אין מיר, איאָ, שלמה? צי עס ווייזט זיך מיר נאָר אויס?

זי ווערט אַנטשוויגן. זי וואַרט אויף זיין ענטפֿער. נאָר פּלוצלינג צעשיט זיך איר גלעקעלע אין אַ פֿריילעכן געלעכטער:

— אוי, האָב איך אייערנעכטן געלאַכט... איך געדענק שוין נישט, ווען איך זאָל האָבן אַזוי געשמאַק געלאַכט. דו מעגסט הערן. עס זענען געקומען צו אונדז צו גאַסט די „קאָנטינענטאַלצעס": די טולטשינסקעס, דער גאַספּאָדין רעדאַקטאָר אַליין, און מאַרוסיאַ מיטן מאַנדעלע. אַ משוגענע,

אַט די מאַרוסיאַ. אויף מיין וואָרט — אַ משוגענע! נאָך ביז היינט טראָגט זי אויף דיר אַ געפערלעכע שנאה. זי ווערט אַלערליי קאָלירן ווען זי דער־הערט, אַז עמעצער דערמאָנט דעם נאָמען „שלמה". און וועמען גלוסט זיך מיט איר אָנהייבן? רעדט מען נישט פון דיר, בשעת זי איז דאָ אין שטוב. יאָ, וואָס זשע האָב איך דיר געוואָלט דערציילן? אַ־האַ! זיצן מיר אַזוי און רעדן פון וואָס עס מאַכט זיך, ערשט זי גיט מיך אַ פרעג:

— נו, און אַט דער שלמה גייט נאָך אַלץ צו דיר?

— דאַרפסט דאָס נייטיק וויסן?

— אַז איך פרעג, מן־הסתם האָב איך אַן אינטערעס דערביי.

— יאָ, ער גייט. אַ מאָל — ער צו מיר, אַ מאָל — איך צו אים...

דאַן גיט זי אַ פינקל מיט אירע שעדישע אייגעלעך:

— און דו ביסט אודאי זיכער, אַז דו ביסט ביי אים אַן איין און איינציקע, נישט אמת?

איך ווייס איר נישט וואָס צו ענטפערן און שמייכל מיר. און זי, מיט גיפט:

— יאָ, יאָ, קענסט דיר שמייכלען. צו זיין גאַנצער גערעכטנקייט שמעקט ער שוין אויך אַהין, וווּהין מען דאַרף נישט. די דאָזיקע תורה לערנט מען זיך אויס אויף גיך. קוק נישט אויף מיר אַזוי. איך זאָג נישט דאָס, וואָס איך האָב נישט געזען מיט מיינע אייגענע אויגן.

איך פאַרשטיי ווייטער נישט קיין איין וואָרט און פרעג זי:

— וואָס זשע האָסטו אַזוינס געזען אויף אים?

— דאָס וואָס עס איז גלייכער, אַז קיינער זעט נישט. ער וווינט דאָך דאָ אין קיעוו, אויף סאָלאָמינקע, דאַכט זיך, נישט אַזוי?

— יאָ, ער וווינט מיט זיינע עלטערן אויף סאָלאָמינקע, נאָר וואָס עס איז דערפון געדרונגען, פאַרשטיי איך נאָך אַלץ נישט.

— דערפון איז געדרונגען, אַז ווען מען האָט אַ היים, האָט מען זיך נישט וואָס אַרומצושלעפן אין די האַלבע נעכט איבער די האָטעלן. און איך האָב אים ערשט נישט לאַנג אַליין געזען אַרום האַלבער נאַכט אַריינ־גיין אין אַ נומער אין „קאָנטינענטאַל". דאָס איז פון די גוטע סימנים...

מאַמע מיינע, האָב איך דאַמאָלסט געלאַכט! וואָס זאָל איך דיר זאָגן, שלמה, איך האָב אַזש געוויינט לאַכנדיק. דאָס מיינט זי דאָך יענעם שבת צו נאַכטס ביי די פייגנבוימס, ווען דו ביסט אַנטלאָפן פאַר מיר מיט דינהן. נו, נו, אַ מאַרוסיאַ! אויף קיין גוט אָרט זאָל זי נישט טרעטן. אַ שלאַנג נישט קיין מיידל. וואָס זאָגסטו צו דעם איינפאַל, אַז דו וועסט גאָר גיין זיך באַקענען מיט יענע איינוווינערינס. מען דאַרף דאָך פריער פון זינען אַראָפּ, איידער מען גייט אויסקלערן אויף דיר אַזוינס, וואָס, נישט אַזוי? פאַר וואָס שווייגסטו עפּעס היינט אַ גאַנצן אויפדערנאַכט, שלמה? איך רעד די גאַנצע צייט און דו — אַ וואָרט נישט, גלייך ווי דו וואָלסט געווען נישט אויף דעם עולם... זאָג עפּעס!

אָבער שלמה שווייגט ווייטער. ער האָט איר נישט וואָס צו זאָגן. וואָס

זאָל ער איר זאָגן? ער האָט איר שוין אויף זיין לעבן אַזוי פיל געזאָגט, אַז ער האָט מער גאָרנישט וואָס צוצוגעבן. עס איז גענוג פאַר אים, אַז ער האָט בכּח אויסצוהערן, וואָס זי רעדט. די צוגעזאָגטע פּורים־סעודות פּריי־ען אים דווקא זייער שטאַרק. און וואָס פאַלי האָט אויסגעלאַכט מאַרוסיען, איז אים בפירוש אויך זייער אָנגענעם, נאָר דאָס אַלץ מאַכט אים נאָך נישט פריילעך. כאָטש צעריים זיך, עס פרייט נישט — און שוין! אפשר איז דערין שולדיק דאָס שלעכטע וועטער...

און דאָס וועטער איז באמת געווען זייער שלעכט. דער ווינטער האָט אכזריותדיק גענומען די לייצעס אין די הענט. דער הימל איז וואָכנווייז ווי מיט אַש פאַרשאָטן. קיינער געדענקט שוין נישט, ווי עס זעט אויס אַ בלויער הימל מיט שטערנדלעך. עס איז נישט אַזוי קאַלט ווי נאַס, נישט אַזוי נאַס ווי ווינטיק. עסעריקע ווינטן מיט שפּיציקע שנייעלעך דערקלייבן זיך ביזן מאַרך פון די ביינער, קילן דאָס בלוט אין די אָדערן. די פעלדער שטייען נאַקעטע, פאַרפרוירענע, באַדעקט מיט אַ גראָבן גלאָז. אַלע בעטן גאָט, אַז עס זאָל זיך שוין אָוועקלייגן אַ שניי. דאָס האַרץ לעכצט נאָך דעם ווינטערדיקן תענוג: זיך אַריינזעצן אין אַ שליטעלע וואָס איז איינגע־שפּאַנט מיט צוויי ריר־עוודיקע פערדלעך, זיך אַרומדעקן די פיס מיט אַ האַריקן פעלץ, און — וויאָ־פּאַשאָל!...

דער גלימש אויף די גאַסן איז אַזוי געפערלעך, אַז די דוואָרניקעס האַלטן אין איין באַשיטן די טראָטואַרן מיט אַש, מיט ליים, מיט זאַמד. ווילדפרעמדע דורכגייער נעמען זיך אָן איינער אינעם אַנדערן מיט די אײ־בערגעקליאַקנעטע פינגער, האַלטן זיך צו, כאַפּן זיך אונטער, ביז זיי שאַק־לען זיך דורך דאָס שטיקל וועג. די גאַסן זענען היפּשלעך ליידיק. ווער עס קען נאָר אויספירן נישט אַרויסגיין אויף דער גאַס, דער גייט נישט.

די געזונטע לאָסטפּערד, וואָס אין אַ שיינעם וועטער שלעפּן זיי גרינג דריי טאָן, פאַלן איצט אויף דער גאַס ווי די פליגן, עס העלפן נישט קיין פּאַדקאָוועס. אויפן וואָגן ליגן קוים פינף הונדערט קילאָגראַם און דאָס פערד פאַלט ווי אַ שכור, ציט זיך אויס אין דער ברייט פון דער גאַס אויף די טראַמוויי־רעלסן. קומט אָן אַ טראַמוויי, קלינגט ער מיט סכנות־נפשות, ביז די פאַרשוינען דערפילן פון דעם משוגענעם קלינגעניש, אַז עס וועט זיי דאָ גאָרנישט העלפן, מען מוז אַראָפּגיין און צוזאַמען מיטן פורמאַן אויפשטעלן דאָס פערד, אַז נישט, איז אַבי געזונט, קען מען דאָ אָוועק־שטיין ביז נאַכט. דאָס רוב פאַרשוינען אין מיטן טאָג, זענען אָנגעשטעל־טע, אָדער סטודענטן. קיין גרויסן חשק צו דעם „אויפשטעלעניש”, האָט דווקא קיינער נישט, אָבער גיין צו פוס פון איין עק שטאָט ביזן צווייטן איז נאָך ערגער. מען נעמט די פאָרטפעלן צווישן די קניען און מיט די איידעלע הענטעלעך נעמט מען זיך אויפשטעלן אָט דעם שור־הבר. מען הייבט דאָס פערד און מען פאַלט אליין. מען וואַרעמט זיך דערוויל די דער־פרוירענע פינגער אין דעם פערדס בויך, און מען מאַכט אָן אָנשטעל, ווי מען וואָלט געהאָרעוועט איבער די כוחות. דער בעל־עגלה שמייסט פאַר־

ביטערט זיין פרנסה־געבער איבערן קאָפּ, איבער די אויערן, איבער דער מאָרדע, וווהין ער טרעפט נאָר. די טראַמוויי־פּאַסאַזשירן שפּאַנען אויס דאָס פערד אומגעפרעגט ביים באַלעבאָס, פירן אָפּ דעם וואָגן אין אַ זייט און נעמען זיך ערנסט פאַרן פערד. דאָס אומגליקלעכע באַשעפעניש וואָלט שוין אַליין גערן געוואָלט זיך אויפהייבן און פּטור ווערן פון אָט די שווי־צערס, וואָס האָבן אים באַלייגט ווי די מוראַשקעס: דער קלאַפּט אים, דער טאָרקעט אים און אַ דריטער האָט זיך איצט דערמאָנט אַ פּרווו צו טון, צי אַ פערד האָט נישט מורא פאַר קיין קיצלען. על־פּי שכל דאַרף זיך עס צעלאַכן און זיך אַליין אויפהייבן... וועט מען פאַרשפּאָרן האָרעווען דער־ביי...

מיט אַלע כוחות פּרווט זיך דאָס פערד אויפשטעלן, האַקט אויס פונקען מיט די קאָפּיטעס און פאַלט אום צוריק אויף דעם זעלבן אָרט. די אויגן ביי דעם אָרעמען בעל־חי זענען אָנגעגאָסן מיט בלוט, די נאָזלעכער אָרבעטן ווי אַ בלאָזזאַק, דער בויך, דער האַלדז זענען ווי איינגעטונקען אין זייף־בלאָזן. פון איין קני רינט ביי אים בלוט. עס זעען זיך אַרויס די גרינע אָדערן. ביים אויפשטעלן זיך האָט עס זיך צעקאַליעטשעט אין אַ שטיין, אָדער אין אייז. נאָך אַ מאָל נעמען זיך אַלע מיט אַ ברען צו באַ־פרייען די ליניע, עס ווערן אָנגענומען אַלע מיטלען מיט אַ מאָל: דער שמייסט, דער נאָקעט, דער שרייט סתם אין דער וועלט אַריין, אָבער אַלץ איז אומזיסט, דאָס פערד נעבעך, איז אַזוי ווי צוגעוואַקסן געוואָרן צו דעם אָרט, וווּ ער איז געפאַלן. דער פורמאַן ווישט בגנבה אָפּ אַ טרער מיט דער פאַרשמאַלצעוועטער הענטשקע און שטייט אַ פאַרלוירענער מיט אַ שולדיק פּנים. דאָס פערד קוקט אויף אים מיט געבעט, מיט אַ פּראָטעסט פון אַ שטומער צונג:

— איך פרעג דיך נישט מער, וואָס האָבן זיי זיך אָנגעזעצט אויף מיר ווי די בינען, אָט די געצאַצקעטע איידל־לייט? איך וויל דען דאָ ליגן? איך מוז דאָך! פאַר וואָס לאָזן זיי מיך נישט אָט דאָ רואיק פאַרפרוירן ווערן?

די פאַרשוינען פאַרלירן דעם געדולד, צעקריכן זיך ביסלעכווייז אויף אַלע זייטן און דער מיליציאָנער פון דעם פּאָסטן קלינגט אָן אין טראַמ־וויי־פּאַרק אַריין, מען זאָל צושיקן כוחות אויף צו באַפרייען די ליניע. הינטער דעם ערשטן וואַגאָן, שטייט שוין אַ גאַנצע שערענגע מיט טראַמ־וויי־וואַגאָנען. אין יעדן וואַגאָן זיצן צו עטלעכע פּאַסאַזשירן. יענע — אָדער זיי פוילן זיך צו גיין אין אַזאַ גליטש, אָדער עס איז זיי אַ שאָד דער בי־לעט, וואָס זיי האָבן שוין גענומען, אָדער מען כאַפּט פּשוט אַ דרימל... דער פורמאַן גייט ערגעץ אַריין זיך אָנוואַרעמען און דאָס פערד, אין דער ברייט פון דער גאַנצער גאַס, מאַכט צו די אויגן און כאַפּט אַן אומרואיקן, פערדישן דרימל.

# קאפיטל VI

דאָס איז געווען דעם זעכצנטן דעצעמבער.

עס איז געשטאַנען איינער פון די פאַרשפּעטיקטע ימות־הגשמים, פון יענע איינגעגעסענע אוקראַינער טעג, ווען עס ציבערט אומאויפהערלעך, ווען אויף דער נשמה איז אויך טריב און מוטנע, און עס ווילט זיך נתמזמז * ווערן אין אין־סוף...

יום סגריר ואפל —

פון באַגינען אָן האָט געגאָסן אַ רעגן געמישט מיט אַ שניי. אַ געטרייווינטעלע האָט אָט די אַסיענדיקע מתנה פּליסיק צעטראָגן אומעטום, עס זאָל חלילה נישט איבערבלייבן אין ערגעץ קיין פּיצל טרוקענע ערד. פון אינדערפרי אָן האָט זיך געדאַכט, אַז עס איז שוין באַלד נאַכט. ווויהין מען האָט נישט אַ וואָרף געטון מיט אַן אויג, — דער זעלבער אָנגעפּעלצטער הימל, דאָס זעלבע פאַרגליווערטע וואַסערל, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ פון דאָרטן ערגעץ מיט אַן אַלכסון, ווי אַ נישט־דערפאַרענער פּאַראַשוטיסט, און דערגרייכנדיק די ערד זעט עס אויס ווי גוט־פאַרקילטער כאַלאָדיעץ.** דער הללו של עולם איז געשטאַנען אונטער אַ שוואַרצער חופּה און האָט ווי אַ פרומער חתן ביום חופּתו — אומאויפהערלעך געגאָסן מיט טרערן. לענג־אויס דער טראַמוויי־ליניע האָבן געברענט די עלעקטרישע לאָמפּן, אויטאָס זענען אַרומגעפאָרן מיט אָנגעצונדענע פאַרעס, כדי מען זאָל אין דעם חש־כות נישט איבערפאָרן קיין דורכגייער. אין אַזוינע טעג בענקען די גרויס־שטעטישע איינוווינער צוריק אין קליינעם שטעטעלע אַריין, ווו עס איז אָנגענומען דער מנהג, אַז מען וואַרפט זיך אַריין אין די פּוכאָווע „פּערי־נעס” און מען שלאָפט איבער אָט דאָס בייזע אומקומעניש.

דער טאָג האָט זיך ביי שלמהן צעקראָכן אומבאַמערקט. ווען די קינ־דער, דורכגעווייקטע און איבערגעפרוירענע, זענען שפּעט נאָך מיטאָג אַריינ־געלאָפן פון דער שול, האָט זיך אים גאָר געדאַכט, אַז דער טאָג האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. מען האָט אויפגעמאַכט די עלעקטרי און אין שטוב האָט זיך אָנגעהויבן דער געוויינלעכער טאַראַראַם: יצחק מיט יונהן זענען אַוועק אין קינאָ, דינה האָט זיך געמאַכט אַ מאָדע: גלייך פונעם אינסטי־טוט גייט זי אַוועק אין דער צענטראַלער ביבליאָטעק. דאָרטן האָט זי צו דער האַנט אַלע נייטיקע מאַטעריאַלן און דאָרטן הערשט אַלע מאָל אַן אי־דעאַלע שטילקייט און רואיקייט... נעמט זי טאַקע מיט עפּעס אַפּצועסן און קומט אַהיים ערשט אַרום האַלבער נאַכט. די מוטער, רבקה און שיינדעלע קלייבן זיך ערגעץ גיין אויף אימעצינעם און מען דינגט זיך, ווער פון די קינדער עס זאָל בלייבן היטן די שטוב. די מוטער הייסט רבקהן בלייבן,

* זיך אויסמישן, בטל ווערן.

** פאַרקילטע יויך פון פיש אָדער פון רינדערנע פיס.

און אז דער פֿאָטער וועט קומען פֿון מעריב, וועט זי דאַמאָלסט צופֿאָרן. און רבקה שמיצט זיך: זי איז עלטער, איז זי בילכער. זאָל שיינדל בלייבן. אויף שלמהן וואגט קיינער נישט אַנצווייזן. שלמה איז פּריווילעגירט. ווען ער וויל גייט ער, און וווהין ער וויל גייט ער. קיינער וועט זיך נישט איינ־שטעלן אים זאָגן אַ דעה. בכלל עקזיסטירן פֿאַר אים נישט קיין שום סיגים וגדרים, ער איז אַ מסכת בפני עצמה...

שלמה נעמט אויף זיך דעם פּאַלטאָ און גייט אַרויס אויפֿן גאַניק. דאָס וועטער איז שלעכט ביז גאָר. נאָך דעם ווי עס האָט אַ גאַנצן טאָג גע־רעגנט, נעמט איצט אַ פֿראָסט. גאַנץ קיעוו וועט ווערן ווי איין גליטשלקע, ווי אויסגעפּלאַסטערט מיט גלאָז. וווהין וועט ער זיך איצט שלעפּן? שוין דעם דריטן אויפֿדערנאַכט, אַז ער האָט פֿאַלין נישט געזען פֿאַר די אויגן. פֿון וואַנען זשע איז געדרונגען, אַז גראָד היינטיקער אָוונט וועט זיין מזל־דיקער פֿון די פֿריערדיקע? אײַערנעכטן אויף דער נאַכט האָט ער געטראָפֿן אַ צעטעלע פֿון פֿאַלין, אַז אויף זייער פֿאַקולטעט קומט היינט פֿאָר נאָך די לימודים אַ חברישער גערעכט, און ערשט נאָך אים — אַ פֿאַרמאַכטע קאָמ־סאָמאָלישע פֿאַרזאַמלונג, וועט זי זיכער קומען זייער שפּעט, לכן, זאָל ער קיין פֿאַראיבל נישט האָבן. ער האָט איבערגעלייענט דאָס צעטעלע און האָט אָנגעשריבן אויף דער לינקער זייט, אַז ער איז גאַנץ ווייט פֿון האָבן פֿאַר־איבל, און איז אַוועקגעגאַנגען. נעכטן, גייענדיק צו זיי, האָט ער פֿון דער ווייטנס באַמערקט מאַרוסיען מיט נאָך אַ פֿרוי. זי אים האָט נישט באַ־מערקט. דאַן איז ער אַריינגעגאַנגען אין אַ פּאַראַדנע טיר, זען וווהין זי גייט. און, אַזוי ווי דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, זי מיט איר באַגלייטערין האָבן זיך אָראָפּגעלאָזט צו יאַנין אין פּאָדוואַל אַריין. אים האָט זיך נישט געוואָלט זיך מיט איר באַגעגענען. ס'איז שוין קיילעכדיקע פֿיר יאָר, אַז זי זעט אים אַזוי אַריינגיין צו יאַנין אין שטוב אַריין און זיינע שאַנסן האָבן זיך נאָך אַלץ נישט קיין רוק געטון אויף קיין טריט. ער איז נאָך עד־היום דער זעלבער פּראָווינציאַל, וואָס שלעפּט זיך נאָך פֿאַלים קליידל ווי אַמאָל, און דאָס רופֿט אַרויס ביי דער מכשפה אַזאַ טריאומפֿירנדיק־מעפֿיסטאָפֿ־ליש שמייכעלע, אַז שלמהן פֿאַרגייט אַזש אין דער נאָז ווי חלשות־טראָפּן.

דאָס געלעכטערל אירס דאַרף הייסן אַזוי גוט ווי:

— דו לויפֿסט נאָך די גאַנצע צייט ווי אַ הינטל, און קיין ביינדל וואַרפֿט מען דיר אַלץ נישט צו, האַ? אַיאַ, ס'איז שוין פֿיר יאָר, אַז דו דולסט זיך אַ קאָפּ? וועסט זיך נאָך צוועלף יאָר אָפּנאַרן און מיינען, אַז פֿאַלי וועט זיין דיינע, און עס וועט אַלץ דערפֿון גאָרנישט ווערן. זי וועט שוין האָבן קינדער צו לייטן און דו וועסט נאָך אַלץ דיזשורען ביי איר שוועל מיט אַן אַרויסגעשטעקטער צונג. שאַ, דו האָסט זי דאָך שוין געהאַט אין דיינע לאַפּעס אַ וואָך צייט און האָסט זי אַלץ נישט געקענט איינבייסן, ווילסטו זי אין קיעוו נעמען, ווו איך בין דאָ, ווו די טולטשינסקעס זענען דאָ, ווו זי האָט אַ אינסטיטוט מיט אַ קאָמסאָמאָל... עך, דו, שלימזלניק איי־נער! פֿאַרלאָז זיך אויף מיר, זי וועט שוין ניאַנטשען אייניקלעך, און דו

וועסט זיך נאָך אַלץ וואַלגערן הינטער איר טיר. איך זע אויף דיין קליינ־שטעטלדיקער נאָז, אַז אַזוי וועט דאָס זיין...

שלמה לייגט בפירוש נישט קיין אַכט אויף איר בילן און אויף איר בייז אויג, נאָר זיך צו באַגעגענען מיט איר מיידט ער פון דעסט וועגן אויס. און אַזוי האָט ער אויך דאָס מאָל געטון. ער האָט זיך אויסגעדרייט „בוואי־בשלום" און איז אַוועק אַהיים. און איצט גלוסט זיך אים גלאַט אַהין צו נישט גיין... ערשטנס, טאָמער טרעפט ער גאָר פאַלין נישט. און אויב שוין יאָ, וווהין וועלן זיי זיך שלעפּן אין אַזאַ אומקומעניש? קיין נייע פילמען ווייזט מען נישט אין שטאָט. כדי צו גיין אין טעאַטער, מוז מען באַצייטנס צוגרייטן בילעטן. און ווידער, עס איז אים שוין אַלץ נמאס ומאוס. עס קריכט שוין צוריק.

ער קערט זיך אום אין שטוב אַריין און זאָגט דער מוטער:

— מאַמע, איר קענט גיין אַלע צוזאַמען, איך גיי היינט נישט אין ערגעץ.

— וואָס איז די מעשה?

— פּשוט אַזוי. קודם, גלוסט זיך עפּעס נישט גיין אין דעם וועטער, און אַ ביסל דערפאַר, וואָס דער קאָפּ טוט מיר עפּעס וויי, נאָר דער רעכ־טער אמת איז, אַז איך האָב געקראָגן זייער אַ אינטערעסאַנטן בוך און איך וויל אַ ביסל לייענען.

— הערסט, שווייגט ער! אפשר האָסטו חלילה אַ געהעכערטע טעמפּע־ראַטור, אַ פּרווו טון?

— עס הייבט זיך שוין אָן מיט דיר! גאָרנישט האָב איך נישט. גייט אייך געזונטערהייט, פאַרברענגט פריילעך און שטערט מיר נישט צום ליי־ענען.

אין פינף מינוט אַרום בלייבט שלמה איינער אַליין אין אָט דער גרוי־סער שטוב. אַ פאַרבאָרגענע האַנט מאַלט אויף די שויבן געקינצלטע בלר־מען. אין שטוב איז נישט וואַרעם, נישט קאַלט, און זייער, זייער סומנע. שלמה גייט זיך דורך אין שטוב אַהין און צוריק, שטעלט זיך אָפּ פאַרן סקווירער רבינס פּאָרטרעט, קוקט זיך איין אין די חנעוודיק־אַראָפּגעלאָזטע ברעמען, אין די הייליק צוגעמאַכטע אויגן, אין דעם שטרענג פאַרשלאָסע־נעם מויל, באַטראַכט זיינע מילדע געזיכטס־שטריכן און שעפּטשעט שטיל:

— הייליקער סקווירער רבי! פּתח פיך ויאירו דבריך: עס וועט נאָך אַ מאָל זיין פון מיר אַ תכלית, צי שוין קיין מאָל נישט?

דער סקווירער רבי האָט, דאַכט זיך, פאַרחידושט אַ הייב געטון די ברעמען:

— קאַ סלקאַ אדעתך, אַז ניין? אַ־אַ! נאָך אַ מין תכלית! וואָס דען מיינסטו דו, אַז אָט דאָס איז דאָס שוין?

שלמה פאַרשטייט, אַז ער האַלוציאַנירט, און שפּאַנט מעכאַניש ווידער איבער דער שטוב אַהין און צוריק. אַ מאָדנע שטוב ביי זיי: ווען זי איז פול מיט מענטשן, ווייזט זי יעדן אויס זייער שיין, אַלץ איז באַקוועם און

גוט, און איצט, אז זי איז פוסט, דאכט זיך אים, אז זי איז עפּעס אַן געשמאַק באַשטעלט, און דערצו אומגעלומפּערט גרויס, פּונקט ווי זייער איינפּאַר אין כמעלניק. ער ווייסט אַליין נישט פאַר וואָס, נאָר מיט אַ מאָל קומט אים אויפן רעיון נאָך אַ מאָמענט, ווען אים איז אויסגעקומען צו בלייבן איינער אַליין אין אַ פּוסטער שטוב. דאָס איז געווען דאַמאָלסט, ווען ר׳ אבא־חלקיה מיט מרימען זענען אַוועק צו חזקיהן אים אָנזאָגן די בשורה־טובה, אַז זבולון איז מיאוס אַריינגעפאַלן. אַ! אַ סך וואָסער איז אָפּגעלאָפן זינט דאַמאָלסט, ביי זיי דאָרטן און ביי אים דאָ. אַ שטייגער, ווען עמעצער פרעגט אים: ווען איז אים געווען בעסער, דאַמאָלסט, צי איצט? וואָס וואָלט ער געענטפערט? — שווער צו ענטפערן אויף אַזאַ פראַגע! עס איז אים דאַמאָלסט געווען נישט בעסער ווי איצט, און איצט נישט בעסער ווי דאַמאָלסט. אָט באַלד, ווייסט ער, וועט דער טאַטע קומען פון מעריב, וועט זיך אָנהייבן אַ מיטפילנדיקער שמועס:

— פאַר וואָס עפּעס ביסטו היינט אין דער היים? אָה, זי איז היינט פאַרנומען? פאַר וואָס זשע, אַז דו האָסט יאָ אַ מאָל אַ פרייען אויפדערנאַכט, זאָלסטו נישט צוגיין צו די פייגנבוימס, צי גאָר צום זיידן? גלייב מיר, עס וואָלט ביי אים געווען זייער אָנגעלייגט. אַן אַנדער אייניקל אויף דיין אָרט וואָלט אַ ביסל אָפטער באַזוכט דעם זיידן: קודם, אַן עלטערער מענטש, והדרת פני זקן! והשנית: דו ביסט דאָך ביי אים פאַרט דאָס עלטסטע אייניקל. נו, וואָס? ווילסט נישט? נעם זשע דעם חומש מיטן „אור החיים״, היינט איז שוין מיטוואָך, און מיר האָבן נאָך אפילו קיין איין פּסוק נישט אָפּגעלערנט. וואָס? האָסט צו דעם אויך קיין חשק נישט? נו, נעם שוין, נעם דעם דאַמינאָ, אַן אַנדער ברירה האָב איך מיט דיר?

שלמה ווייסט שוין אויפן אויסנווייניק דעם גאַנצן השתלשלות פון אַזעלכע שמועסן, אַלע פראַגעס מיט אַלע ענטפערס און האָט זיי פיינט כחתיכא דאיסורא. ער קען נישט איבערטראָגן, אַז מען האָט אויף אים רחמנות. ער גייט אַוועק אין זיין צימער, בעט זיך אויס אויף גיך, טוט זיך אויס, נעמט אַ ביכל, און — אַרונטער אונטער דער קאָלדרע. ער באַוויזט נאָך נישט אויפצומישן אין ביכל, ווו ער האַלט, ווי עס דערהערן זיך טריט אויף די טרעפּ. אויף גיך באַהאַלט ער דאָס ביכל אונטערן צוקאָפּנס, ציט אַריבער די קאָלדרע איבערן קאָפּ און מאַכט זיך שלאָפנדיק. ער הערט, עס קומען אַריין דער פאָטער מיטן זיידן. אַ ווײַלע שטייען זיי שטיל ביי דער טיר, הערן זיך איין, דאַן הייבט אָן דער פאָטער רופן איבער דער גאַנצער שטוב:

— ווער איז דאָ אין שטוב? עס איז דאָ עמעצער אין שטוב?

שלמה שווייגט, ענטפערט נישט. זיין פאָטער קאָכט זיך:

— נו, ווי געפעלט דיר עפּעס? פאַר גרויס התפעלות איבערגעלאָזט די שטוב אַליין, די לאָמפּן אומעטום אָנגעצונדן ווי אויף אַ חתונה. וואָס זאָגסטו נאָר דערויף? הפקר פּעטרעשקע! ווייסט נישט וואָס?

זיי כאַפּן אַ קוק אין אַלע צימערן, לעשן אויס די עלעקטרי. געקומען צו שלמהס צימער, כאַפּט דער זיידע אָן דעם פֿאָטער ביי דער האַנט:

— ש־ש־שאַ! זעסט דאָך, אַז עמעצער שלאָפֿט... ווער איז דאָס?

דער פֿאָטער מאַכט פֿאַרזיכטיק אַ טריט נענטער, פֿאַרקוקט אונטער דער קאָלדרע און קערט זיך אום אויף די שפּיץ פֿינגער:

— שלמה שלאָפֿט עס. שאַ, לאָמיר אים נישט וועקן. קום אין עס־צימער.

זייערע שטילע טריט דערוווייטערן זיך. שלמה דעקט אָפּ דעם קאָפּ און הערט יעדעס וואָרט וואָס ווערט דאָרט גערעדט וועגן אים.

דער זיידע פֿרעגט:

— אפֿרים־אהרון, פֿאַר וואָס עפּעס שלאָפֿט ער אַזוי פֿרי?

— איך ווייס פֿאַר וואָס? מן־הסתם האָט ער נישט קיין בילכערס וואָס צו טון.

— אפֿשר איז ער גאָר נישט געזונט?

— פֿאַר וואָס עפּעס נישט געזונט? ערשט פֿאַר נאַכט האָט ער מיט אונדז צוזאַמען געגעסן מיטאָג. פּשוט, ער איז אַ בעל־יסורים — שלאָפֿט ער. מה שאירע ליעקב, אירע ליוסף. ביי מיר איז אויך אַזאַ רגילות, טאַ־מער עפּעס־וואָס נישט ווי עס דאַרף צו זיין — אַזוי שלעפֿערט מיך גע־פֿערלעך.

— וואָס זשע איז שוין ווידער פֿאַר אַ נייעס?

— אוי, טאַטע, פֿרעג מיך בעסער נישט. איך האָב שוין פֿאַרלוירן דעם חשבון, וועלכעס עס איז נייעס און וועלכעס עס איז אַלטס.

דער זיידע, הערט שלמה, גיט אַ טיפֿן קרעכץ און נאָך אַ קורצער פּויזע זאָגט ער מיט אַ מלא־דאגהדיקער שטימע:

— איך האָב מורא, אַז עס איז שלעכט מיט אים. ער צאַנקט נעבעך פֿון טאָג צו טאָג...

— איך פֿאַרשפּאָר ערשט מורא צו האָבן, איך זע באַשיינפּערלעך, אַז מיין קינד ברענט ווי אַ סקירדע שטרוי, און איך קען אים מיט גאָרנישט העלפֿן. עס האָט געמעגט דער רוח קענען אָט די ממזרת, איידער שלמה האָט נאָך דערקענט איר פֿאַרוואָשן פּנים. איך זאָל מיר בעסער געווען ביי־דע פּיס אויסברעכן, איידער איך האָב אַרויסגענומען מיין פֿאַמיליע פֿון זוועניגאָראָדקע קיין כמעלניק, ווו אָט די פּאַסקודניצע האָט אים אַזוי אָפּ־געקאָכט. אַז נישט, קומט דען אַ שלאָף אויף מיינע אויגן? איך ציטער נאָר פֿאַר זיין לעבן. הלואי ער זאָל גוט ענדיקן. טייל מאָל ווען ער שטייט צו לאַנג אויפֿן גאַניק און קוקט אויף די לויפֿנדיקע באַנען, דאַכט זיך מיר נאָר אויס, אַז דאָס פּלאַנירט ער, ווי אַזוי זיך צו וואַרפֿן אונטער אַ צוג. אַזאַ משוגענער געדאַנק האָט זיך אין מיר אָנגעטשעפּעט. ווען עס זאָל זיין אין מיין רשות, צו הייסן אויפֿהענגען אָט די מכשפֿה, אַז ער זאָל אויך זען איר טויטן קערפּער און אַרויסוואַרפֿן זי פֿון קאָפּ אויף אייביק, וואָלט איך דאָס געטון אָן אַ מינדסטן ישוב־הדעת. גוואַלד, גוואַלד! אַזאַ

גערָאטן קינד, אזא אבן־טוב, וואָס דאכט זיך, גאָט און לייט זענען מיר אויף אים מקנא, און אזוי איינגעזונקען ווערן מיט אים. זען ווי אַ קינד חלשט פאר מיינע אויגן, און אים נישט קענען מיט גאָרנישט העלפן.

— שוטה דו, מען דאַרף נישט אזוי רעדן... אל תפתח פה לשטן, נאַ דיר גאָר איינגעזונקען... אודאי איז דאָס אומגליק גרויס, אָבער דעם אייבערשטנס רחמנות איז אויך גרויס. אפשר וועט ער פאָרט ווייזן אַ דרך, ווי אזוי שלמהן אָפּצורעדן פון איר. עס איז דאָך אַ קליפה, קליפת־נוגה, רחמנא ליצלן!

— דו זאָגסט גאָר אָפּרעדן... איך ציטער אפילו אַ פּיפּס טון! איך קען מיך צו זיין ווונד נישט צורירן. אים טוט ווי נישט נאָר יעדעס אומ־פאָרזיכטיק וואָרט, נאָר אפילו אַ באַדויערנדיקער קוק באַליידיקט אים. ער זעט אויס צעבראָכן ווי דער ים, שטענדיק איז ער נידערגעשלאָגן... איך וועל דיר דערציילן אַ שענערס — ער איז גאָר אַלט געוואָרן, קפצה עליו זקנה...

— דאָס זענען שטותים. די חז"ל זאָגן: חולה העומד מחליו, חוזר לימי עלומיו.* אַז ער וועט זיך בשעה טובה ומוצלחת אויסקורירן פון אָט דעם אַנשיקעניש, וועט ער צוריק ווערן פריש און געזונט.

— ניין, ניין, הלוואי איך זאָל ליגן זאָגן: אָט די פּאָלי וועט מיר אי־בערלאָזן אַ בכיה לדורות, אל אפתח פה לשטן... אנומלטן האָב איך אָט די פאַרשייטע מויד דערזען אין גאַס... וואָס זאָל איך דיר זאָגן? אזוי ווי אַ שפּין!... אזוי ווי אַ סקאָרפּיאָן!... איך האָב דערפילט, אַז חם לבי בקרבי, עס האָט זיך מיר געוואָלט זי קורע כדג זיין און וואַרפן איר פלייש פאַר די הינט... פאַר מיין קינדס בלוט... פאַר דעם צאַפּן פון אים דאָס חיות טראָפּנווייז... און גלייב מיר, עס טוט מיר באמת באנג, וואָס איך האָב אזוי נישט געטון... און וואָס מיינסטו? טאַמער, באַהיט גאָט, טרעפט זי זיך מיר ווידער פאַר די אויגן —

— אַז מען איז אַ שטיקל ירא־שמים, איז מען זיך גובר... האַלט מען זיך איין...

— נישט שטענדיק איז מן המובחר זיך איינצוהאַלטן. ביי המן הרשע ימח שמו, שטייט: ויתאפק המן; און פאַרקערט ביי יוסף הצדיק שטייט: ולא יכול יוסף להתאפק. ס'איז געוועגדט: ווו און קעגן וועמען. לגבי דער דאָזיקער חצופה איז אַ מצוה, זאָג איך דיר, און מצוה הבאה לידך אל תחמיצנה... ס'איז אַ מצוה לעשות נקמה בגוים... ס'איז אַ מצוה להציל עשוק מידי עושקו...

— הער שוין אויף צו רעדן שטותים... אַ נייע מצוה אויסגעזוכט...

— ס'איז נישט קיין שטותים... שטותים גאָר...

אַ ווײַלע הערשט אין זאַל אַ טויטע שטילקייט.

— און דו מיינסט, טאַטע, אַז אָט דאָס צרעת רירט אָן נאָר שלמהן?

* ווען אַ חולה ווערט געזונט, ווערט ער אויך צוריק יונג.

עס הייבט זיך גאָר נישט אָן. אָט דאָס צרעת איז אַ צרעת ממארת, זי שטעקט מיר אָן אַלע קינדער. ווי שטייט דאָרט: הלך החבל אחר הדלי...* אַנומלטן האָב איך געפּרוווט אַ שמועס טון מיט מיין דינהן. מען האָט מיר פון קורסק אַנגעשריבן. אַ בחור פון לייטישע עלטערן, דווקא אַ סטו־דענט, נאָר אַ יידישער יונגערמאַן, בכלל אַ מושלם, אַ צאַצקע... וועה, וואָס, זי האָט פאַרוואָרפן מיט די הענט און מיט די פיס... — „וואָס איז, — זאָגט זי — איך בין ביי דיר די עלטסטע? פון שלמהן האָסטו זיך שוין מיאש געווען?" וואָס קען איך איר ענטפערן אויף אַזוינע רייד? איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און בין אַוועקגעגאַנגען.

אַ היפּשע ווײַלע ליגט שלמה מיט אָפענע מויל און אויערן, אָבער אין זאַל איז שטיל. יעדער איז אַ פנים פאַרזונקען אין זיינע געדאַנקען. מיט אַ מאָל גיט זיך דער פאָטער אַ כאַפּ אויף ווי פון אַ שווערן שלאָף:

— טאַטע, דו געדענקסט כאָטש טאַטע, ווען שלמה איז געקומען פון דער טורמע, ווי יאַני האָט דאָס פאַראיבל גענומען, ער האָט גאָר אַנדערש נישט געקלערט — האָט ער געטענהט — נאָר אַז שלמה וועט גלייך פון דער קאַמער פאַרפאָרן צו אים. דערהערנדיק אַזעלכע דיבורים, האָב איך גערעכנט, אַז נאָך פאַר פסח אָדער חול־המועד וועלן זיין תנאים, און ל"ג־בעומר אָדער אַמשפּעטסטנס שבת נאָך שבועות וועט מען שטעלן אַ חופּה. צי זי האָט אים די ווערט צי ניין, דערפון איז אָפּגערעדט. דאָ ליגט אַ גרוי־סער ווייטיק, נאָר וואָס קען מען העלפן? קוים איז עס שלמהס רצון, הייסט דאָך מסתמא די השגחה אַזוי. איז שוין דאַכט זיך גענוג? — ניין, בריקעט זי נאָך: איז טאַקע נאָך שבועות נישט, שבת נחמו — נישט, גאַנץ אלול — נישט, שבת בראשית — נישט, אַ גאַנצן ווינטער — ווידער נישט. איצט האָב איך שוין גאָר פאַרלוירן דעם חשבון. איך ווייס שוין גאָר — נישט, איך ווייס נאָר, אַז איך טרינק זיך... עס איז מיר אַזוי שלעכט, טאַטע, אַזוי שלעכט...

ביי שלמהן פרירט דער מאַרך אין די ביינער, ער מעג שווערן, אַז דער פאָטער וויינט. דער זיידע, הערט ער, פרעגט ווייטער:

— און אפשר גאָר איז אָט דאָס ליגעניש אין מיטן תחילת־נאַכט, און אָט דאָס נישט גיין „אהין", שוין אָן אתחלתא דגאולה? וואָס קענען מיר, בלינדע מענטשן, וויסן? פאָלג מיך רגלים לדבר ** —

— וועה גאולה? וואָס גאולה? עס האַלט אפילו נישט דערביי... ער איז אַ גברא קטילא,*** די מרשעת, ימח שמה וזכרה, האָט אים מקבר געווען לעבעדיקערהייט...

— וואָס וויינסטו, שוטה וואָס דו ביסט! וואָס איז ער עפּעס, לאחר

---

* דער שטריך איז נאָכגעגאַנגען דעם עמער.

** געמיינט: עס איז לאָגיש, די סברא איז אויך אַזוי.

*** „אַ געהרגעטער מענטש". געמיינט: אַ פאַרפאַלענער, לאחר יאוש.

יאוש ? אפשר וועט אים השם־יתברך בקרוב פאָרט אומקערן די דעה־צלולה...

דער פאָטער, דורך טרערן :

— וויים איך וואָס, איך גלייב שוין גאָרנישט אין אזא נס... כבר יצאה בת־קול : שובו בנים שובבים, חוץ מאחר —

— וואָס אחרסטו, וואָס ? גאָט באוואָר ! וואָס פאַר א משל איז אהער „אחר״ ? און אז אונדזער מנשה, נישט פאַר אים געדאַכט, האָט זיין גאַנצע וועלט פאַרשפּילט צוליב א מיידל, נו, ובכן, הייסט ער דערמיט חלילה א יוצא לתרבות־רעה ?* מען האָט שוין געזען אזוינע פאַלן... הלואי עס זאָל זיך אזוי נישט טרעפן, ווי עס טרעפט זיך יאָ... אודאי איז דאָס א גרויסער שאָדן, אודאי און אודאי איז דאָס א שטילע שׂרפה, אָבער מען דאַרף נישט מגזם זיין... נו, נו, נאַ־דיר גאָר — אחר... אזא משל, טאָמער ווייסטו וואָס ? יענער איז לאַ־עלינו געווען א מקצץ בנטיעות,** אויף יענעם שטייט, נישט מיט מיין מויל גערעדט: הפך הקערה על פיה,*** און דאָ זעט מען דאָך באשיינפּערלעך, אז ס'איז א גזירה מן השמים ! אז יענער האָט פאַרלוירן די בחירה מיט דער הרגשה מיט דער ראיה מיט דער שמיעה מיט דעם כח־גברא מיט זיין לייב און לעבן, אפילו די פּראָסט־פּשוטע אמביציע, וואָס יעדער בן־אדם האָט אין זיך, האָט ער אויך, נישט פאַר קיין שום יידן געדאַכט, אָנגעווווירן... איז אַנשטאָט רחמנות צו האָבן אויף אים ווי אויף א שה נדח, ביסט דו נאָך א בא בטענה, שניידסטו נאָך פון אים שטיקער לעבעדיקערהייט...

אין זאַל ווערט שטיל. עס הערט זיך דעם פאָטערס איינגעהאַלטענער געוויין. מיט א מאָל דערהערט זיך ווידער דעם זיידנס קול, א דורכגע־דרונגענס מיט טיפער התבוננות :

— און ווידער צוריק, מי בא בסוד אלוה ? אפשר איז זי פאָרט זיין זיווג און דאָס זענען אַלץ חבלי־לידה...

— אזא מאָדנע חבלי־לידה ? ס'איז שוין ערגעץ יאָ אזוינס געהערט געוואָרן ? דאַכט זיך, אז דער סדר „נשים״ ווערט נישט אָנגערופן צווישן די זאַכן, וואָס ווערן „נקנה על ידי יסורין״ ?

— לפרקים, זון מיינער, טרעפט, אז מען פאַרבייט דאָרטן די יוצרות. אזוי ווי תורה, וואָס איז יאָ פון די דאָזיקע זאַכן, איז אים אָנגעקומען נישט אזוי שווער, האָט מען אים דעם „נשאר חייב״ צוגעריעכנט צום שידוך... און סתם, אָן אַלעמען, איז דען נישט „קשה זיווגו של אדם כקריעת ים־סוף״ ?

שלמה הערט אזש אין אַלקער אריין זיין פאָטערס ביטערן געוויין. עס נעמט אים אָן ביים האַרצן א רחמנות־געפיל צו זיינע עלטערן, וואָס האָבן

---

* געמיינט : אַן אפּיקורס.

** געמיינט : אַ כופר בעיקר.

*** אויך געמיינט : כפירה.

זיך אַזוי מוסר־נפש געווען פֿאַר אים אין אַלע צייטן און באַזונדערס אין דער צייט פֿון זיין אַרעסט. און נאָך מער איז אים אַ רחמנות אויף זיך אַליין. אין אים דערוואַכט אַ ביטער געפֿיל. עס דערוועקט זיך אין אים זיין איינגעשלאָפֿענע אייגנליבע, זיין אַמאָליקע העלדישקייט. עס גיט אַ בליץ אויף אין זכרון די סצענע מיטן לעמפּעלע, מיטן קעמל, מיטן וואַר־פֿעניש. אַלץ, אַלץ האָט ער אויסגעהאַלטן. אפֿילו זשוראַוולױאָוו, אַ זייע־ריקער, האָט אויך מודה געווען, אַז ער איז אַ העלד, און דאָ, — ווער? אַ מיידל? און אויב אַ שיין מיידל איז וואָס? שיינע מיידלעך זענען דאָ אַ סך אויף דער וועלט און אַזוינע העלדישע בחורים ווי ער — פֿיל וויי־ניקער. דער טאַטע איז גערעכט, ער שטייט פֿיל העכער פֿון איר, און זי וואַרפֿט זיך נאָך... אַן עק מוז נעמען, און דווקא היינט אויף דער נאַכט!... טייערער פֿאָטער מיינער, יפה דברת ובזמנו דברת, די שעה האָט גע־שלאָגן! נאָך אַזוי פֿיל יאָרן מוז קומען אַ קריזיס און איצט איז ער גע־קומען!...

נאָך אַליין נישט ווייסנדיק, וואָס ער גייט טון, האָט ער בחפֿזונדיק גענומען אַרויפֿציען אויף זיך די מלבושים. פֿאַר אַלעמען האָט ער שטיל צוגעמאַכט דאָס טירל פֿון זיין צימער, מען זאָל אין עסצימער נישט הערן, אַז ער שטייט אויף. ער האָט אַרויסגענומען פֿון דער שאַפֿע זיין בעסטן אַנצוג, אָנגעטון אַ ניי אויבערהעמדל, אויסגעזוכט ערגעץ אין אַ שופֿלאַד אַ פֿלאַקאָן אימפּאָרטנע פּאַרפֿום, וואָס זיין דינה פֿלעגט באַהאַלטן פֿאַר די קלענערע קינדער. אַן אויסגעפּוצטער, אַ שמעקנדיקער, איז ער דורכגע־גאַנגען דורך דעם עסצימער, געזאָגט דעם פֿאַרוווּנדערטן זיידן מיטן פֿאָ־טער אַ „גוטן אָוונט" און אַ „גוטע נאַכט" און איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס.

זעצנדיק זיך אויפֿן טראַמוויי האָט ער נאָך נישט געהאַט קיין מינדסטן פּלאַן, וואָס ער דאַרף טון, ער האָט נאָר געפֿילט, אַז ער גייט איצט מאַכן אַן אַנטשיידענעם שריט, וועלכער וועט זיכער ווערן אַ פּרשת־דרכים אין זיין פּערזענלעכן לעבן, וועלכער וועט זיכער ענדערן זיין שטייגער לעבן מיט אַ שינוי גמור...

אַראָפּלאָזנדיק זיך אין פּאַדוואַל אַריין צו יאַנין, האָט ער נאָך נישט אָנגעהויבן צו וויסן, אין וואָס פֿאַר אַ פֿאָרם עס וועט זיך אויסדריקן זיין טעטיקייט, פֿון וואָס ער דאַרף אָנהייבן און מיט וואָס ענדיקן, און בכלל וואָס ער האָט צו טון, נאָר ער איז געווען ווי אין די אַלטע צייטן פֿול מיט האָפֿענונג און מונטערקייט. אין דער פֿינצטער, פֿאַר דעם נעמען די קליאַמקע אין דער האַנט, האָט ער אַ גלאַנץ געטון מיט די אויגן אַרויף און האָט שטיל אַרויסגעפּליסטערט:

— פֿאָטער אין הימל! זיי מצליח מיין וועג, און גיב מיר חן...

ער האָט אַ רייב געטון דעם שטערן אַהין און צוריק, נאָך אַ מאָל מיט אַ פֿאַרשטאָרבן האַרץ אַ בעט געטון ביי גאָט, ער זאָל אים נישט פֿאַרלאָזן, און האָט געעפֿנט די טיר.

# קאפיטל VII

ביי די טולטשינסקים זענען גראַד אַלע בני־בית געווען אין שטוב. אויף דער פּליטע האָט זיך רוישיק געקאָכט וועטשערע. יאַני איז געזעסן ביים טיש, די באָרוועסע פיס אַריינגעשטעקט אין אויסגעטאָפּטשעטע פּאַנ־טעפעלעך און האָט אַריינגעקוקט אין אַן „עין־יעקב" מיט טײַטש. אסתּר האָט זיך געפּאָרעט ביי דער קיך און געהאַלטן אין מיטן פּאַרריכטן וואַ־לענע שקאַרפּעטקעס פאַר אַווראַמען. פּאַלי האָט אַפּאַטיש געמישט אַ זשור־נאַל אהין און צוריק. אַווראַם האָט געגרייט די לימודים און גיומאַ מיט סאַנקען האָבן געשפּילט אין שאַך. אין שטוב איז געווען אָנגענעם ליכטיק און וואַרעם. ווען שלמה האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל, האָט זיך ביי אַלעמען אַרויסגעריסן אַ פריידיק געשריי:

— אוי, שלמה!...

שלמה איז געשטאַנען ביי דער טיר פאַרדרויטלט פונעם פראָסט און פון דעם פאַרגעפּיל, אַז אים שטייט פאַר אַן ערנסטע און גורלדיקע שלאַכט. זיינע אויגן האָבן געלויכטן מיט הארציקייט און מיט אומבאַגרענעצטער ליבע, אָבער פון זיין פּנים האָט אויך געוויייעט מיט עקשנות און פעסטער אַנטשלאָסנקייט. ווען ער האָט צעשפּיליעט דעם פּאַלטאָ, האָט זיך אין שטוב צעטראָגן אַ ריח ווי פון פרישן בעז, בעת ער באַהאַלט זיך נאָך שעמעוודיק צווישן די בלעטער און וואַרט אויף אַ צאַרטער מיידלשער האַנט, זי זאָל אים אויפזוכן. אַלע האָבן פאַר גרויס פרייד אַוועקגעוואָרפן זייער אַרבעט און אַרומגערינגלט דעם גאַסט. פּאַלי האָט מיט גליק אין די אויגן אים הינטנאַרומער אַרומגענומען, צוגעפירט צום שפּיגל און אים אָנ־געוויזן:

— נאַ, קוק!...

— וואָס ווייזסטו מיר?

— קוק, ווי שיין דו ביסט איצט! נאָר צו פאַרקוקן זיך אויף דיר! שלמה, מיט אַ שמייכל:

— וואָס קומט מיר אַרויס דערפון, וואָס איך בין שיין, אַז איך בין נישט מזלדיק...

— דו ביסט נישט מזלדיק? מיט וואָס?

— מיט וואָס בין איך יאָ מזלדיק?

— איך פאַרשטיי נישט... בכלל דער טאָן איז עפּעס אַ מאָדנע: אַ באַקלאָגנדיקער...

— גיי שוין, גיי! איך מאַך מיר אַ שפּאַס, און דו מיינסט אין אַן ערנסט.

פּאַלי בלאָזט קאָקעטיש אָן אירע צוויבערנדיקע ליפּעלעך:

— אַנדערע אויף דיין אָרט, האָבנדיק אַזאַ כּלה ווי דו האָסט, וואָלטן זיך שוין, דאַכט זיך, אויף זייער מזל קיין מאָל נישט באַקלאָגט.

— אזוי? זעסטו, אויף דעם שכל וואָלט איך גאָר קיין מאָל נישט געפאַלן.

ביידע קוקן זיך גלייך אין די אויגן און צעלאַכן זיך. שלמה נעמט אָן פּאַלין ביי דער האַנט און זעצט זי אַוועק לעבן זיך ביים טיש. אַלע פאַר־נעמען זייערע פריערדיקע ערטער. יאַני וויל נאָר, אַז שלמה זאָל זיך זעצן לעבן אים, שלמה וויל אָבער נישט, ער וויל זיצן לעבן פּאַלין, ביים צווייטן עק טיש. יאַני מוז איינגיין דערויף, רצונו של אדם זהו כבודו, פאַרפאַלן! אסתר דערלאַנגט עסן און פאַר שלמהן טיי מיט פאַרבייסן. יאַני קען זיך גאָר נישט אָנקוויקן דערמיט, וואָס שלמה איז געקומען. ער פרעגט ביי שלמהן די טייטש פון עפּעס אַ האַרב וואָרט אין „עין־יעקב", שלמה זאָגט אים דעם פירוש און פאַר איין וועגס די מסכתא מיטן דף, וווּ דאָס דאָזיקע וואָרט געפינט זיך. יאַני שפּרינגט אַזש אונטער פאַר התפעלות. פּאַלי איז אויך אַנטציקט:

— טאַטע, לאָמיר אים אומיסטן פאַרהערן, אַנו, פרעג אים נאָך ערגעץ!...

יאַני מישט איבער אַ הונדערט זייטלעך און לייענט איבער אַ שורה. שלמה פאַרמאַכט די אויגן, גיט אַ קנייטש דעם שטערן און זאָגט:

— דאָס איז אין תענית י"א עמוד ב'. דער זעלבער מאמר איז דאָ נאָך אין דריי ערטער, צוויי מאָל אין סדר „מועד" און איין מאָל אין „קדשים".

פּאַלי איז אומגעדולדיק, זי שטייט שוין הינטער דעם פאָטערס פּליי־צעס און טאָרקעט אים:

— נו, ער האָט געטראָפן? עס איז אמת, ווי ער זאָגט?

— וואָס פרעגסטו ביי מיר? נאַ, קוק אַליין. „תענית", אָט דאָ פון אויבן קוק, וווהין קוקסטו? אָט דאָ! „תענית", דף י"א, עמוד ב'. שלמה דאַרף טרעפן? ער ווייסט אויף זיכער, נישט ער טרעפט.

— אַנו, פרעג אים נאָך עפּעס. עס איז דאָך אומגלויבלעך, ער זאָל טאַקע אַלץ וויסן אויף אויסנווייניק. אַזוינע געדיכט־באַשריבענע ביכער, מאַמעניו! איך וואָלט, דאַכט זיך, פונעם זינען אַראָפּ...

יאַני גיט אַ היפּשן מיש אויף צוריק, כאַפּט אַן אייפערדיקן קוק אויף שלמהס שמייכלענדיק פּנים, זעט, ווי נישט פאַרגינענדיק פּאַלי באַטראַכט אים, מישט איבער נאָך אַ הויפן בלעטער און זאָגט געציילטע פיר ווער־טער. שלמה מעסט פון דער ווייטנס מיט די אויגן די גרעב פון די איבער־געבליבענע בלעטער אויף דער רעכטער זייט, קלערט אַ ווײַלע און זאָגט:

— אָט די פיר ווערטער, אין דעם זעלבן סדר, ווי איר האָט זיי גע־לייענט, זענען דאָ עטלעכע מאָל אין ש"ס. לכן, זאָגט שוין נאָך צוויי ווער־טער. טאַקע נישט מער, ווי צוויי.

יאַני באַווייזט נישט אַרויסצוברענגען פונעם מויל די צוויי ווערטער, ווי שלמה שלאָגט אים איבער:

— איר האָלט אין עירובין ל״ז, דעם עמוד געדענק איך נישט, נאָר עס איז באַלד ביים אָנהייב פונעם פּרק.

פּאָלי קוקט אין „עין־יעקב״ ווי אַ האָן אין „בני אדם״ און ווינקט צום פֿאָטער:

— נו, אַזוי איז דאָס?

יאַני איז אַזש בלייך פֿאַר איבערראַשונג, ער קרימט זיך איר איבער:

— אַזוי איז דאָס? אַזוי איז דאָס? נאַ, קוק! האָסט קיין אויגן נישט? עירובין דף ל״ז! און אָט איז דער אָנהייב פונעם פּרק אויף דער זייט. צי אַזוי איז דאָס, פֿרעגט זי ערשט, מעגסט אים וואַשן די פֿיס און טרינקען דאָס וואַסער. ווען ער לאָזט מיך, וואָלט איך דאָס געטון... צי אַזוי איז דאָס, פֿרעגט זי גאָר —

פּאָלי בלייבט שטיין פֿאַרשעמט. שלמה שפּרינגט אויף פֿון זיין אָרט, נעמט זי אַרום און דריקט זי שטאַרק צו צו זיין ברוסט. גלעטנדיק זי איבער די סאַמעטענע בעקלעך, דראָט ער שמייכלענדיק יאַנין מיט אַ פֿינגער ביי דער נאָז:

— איך וועל אייך ווייזן, וואָס עס הייסט אַזוי רעדן צו מיין פּאָלין. אַזאַ קראַסאַוויצע ווי זי קען באַשטיין מען זאָל איר וואַשן די פֿיס, נישט זי יענעם. איאָ אַזוי, פּאָלי?

פּאָלי שענקט אים פֿאַר זיינע קלוגע רייד אַ קלינגענדיקן קוש גלייך אין די ליפּן און זאָגט:

— וואָס טויג מיר דאָס פֿיס־וואַשעניש? היינטיקע יאָרן וואַשט קיינער קיינעם נישט קיין פֿיס. נאָר ווי זאָגט מען דאָס: זינגט דער חתן ווייגענדיקס און ער האָט זיך אין זינען זיינס. איך טראַכט בעסער: ווו נעמט מען אַזאַ תפיסה מיט אַזאַ זכרון ווי דו? מיט אַזאַ קאָפּ ווי דו האָסט, וואָלט איך אַריבער נישט נאָר אויפֿן דריטן קורס, נאָר דאַכט זיך אויפֿן זיבן און זיבעציקסטן...

שלמה לאַכט פֿון איר גוזמא און אַלע זעצן זיך צוריק צום טיש.

אין מיטן עסן פֿרעגט יאַני ביי שלמהן:

— דו ביסט שוין ביי אונדז פּשוט אַ גאַסט. דאַכט זיך, אַ גאַנצע וואָך ביסטו נישט געווען, האַ?

— דריי טעג אין גאַנצן —

— אין גאַנצן... דריי טעג און נאָך אין גאַנצן... אַ שיינער חתן... אַז איך בין, נישט היינט געדאַכט, געווען אַ חתן פֿאַר מיין אסתרן, פֿלעג איך זיין ביי איר דריי מאָל אין איין טאָג, נישט איין מאָל אין דריי טעג.

— האָבן דאַך אייך נישט איבערגעשלאָגן קיין מאַרוסיעס! אָבער איך, זייענדיק נעכטן שוין לעבן אייער שטוב, ווען איך האָב באַמערקט, אַז מאַרוסיאַ גייט אויך אַהער, האָב איך זיך אומגעקערט.

אַלע בלייבן ווי געפּלעפּט פֿון דעם נייעס און פֿון שלמהס רואיקן טאָן. פּאָלי זיצט בלאַס. איר געניט אויג הייבט ביסלעכווייז אָן צו דעמאָס־

קירן שלמהס רואיקייט. יאַני איז אַזש בלוי פאַר אויפרעגונג, נאָר ער מאַכט אַ פרידלעך פּנים און חידושט זיך שמייכלענדיק:

— נאָך וואָס זשע האָסטו זיך געדאַרפט אומקערן? האָסט מורא פאַר אָט דער געפגרטער נבלה?

— מורא גאָר? איך האָב פאַר לעבעדיקע שיקסעס אויך נישט קיין מורא, בפרט נאָך פאַר נבלות!

— נאָר וואָס דען?

— נאָר וואָס דען, פרעגט איר? איך וויים, אַז מיין כלה האָט גרויס עגמת־נפש, ווען איר חתן זעט, ווי זי רעדט מיט אַ מענטשן, וועלכן ס'איז אים אומדערטרעגלעך אָנצוקוקן, ערגער ווי אַ שונא, האָב איך איר אָט די יסורים געוואָלט פאַרשפּאָרן...

פּאָלי פאַרבייסט אַ ליפּ און הייבט נישט אויף די אויגן פון דעם טע־לער. זי פילט, אַז הינטער שלמהס ליבלעכקייט באַהאַלט זיך אַ שטורעם. אַז דער גאַנצער שטורעם וועט זיך אויסלאָזן צו איר קאָפּ, דאָס איז ביי איר אפילו קיין ספק נישט, זי קען נאָר נישט טרעפן, ווו וועט ער אויס־ברעכן און ווען. יאַני דערוויל היצט זיך:

— איז איבער אָט דער פּאַסקודסטווע זאָלסטו דאַרפן וויכן מיין שטוב... פאַר וואָס עפּעס מיין שטוב? — דיין שטוב!... זי איז דיינע גלייך ווי מיינע. פּאָלי! מאָרגן זאָלסטו איר אָנקלינגען אין האָטעל אריין, אַז איך געביין זאָל דאָ מער נישט זיין. זאָל זי זיך מהיום והלאה נאָר פּרוּוון באַווייזן אויף מיין שוועל, האַלדז און נאַקן וועט זי ביי מיר ברעכן! נאַ דיר גאָר אַ מאַרוסיאַ אויף מיין קאָפּ, טאָמער האָב איך קאַרג מיינע אייגענע צרות!...

פּאָלי פילט, אַז שלמה קוקט די גאַנצע צייט אויף איר, און הייבט אויף אים קיין אויג נישט אויף.

יאַני דערפרעגט זיך ווייטער:

— נו, און ווי גייען דאָס דיינע געשעפטן?

— הם... אַזוי זיך...

— וואָס זשע? עפּעס נישט אַזוי פייגלדיק?

— פאַר וואָס? בפירוש גאַנץ נישקשה, נאָר איך האָב אַצינד אונ־טערגענומען גאָר אַ גרויס געשעפט, אַז עס וועט געראָטן, וועט זיין גוט.

— וואָס פאַר אַ געשעפט?

— אַ געשעפט... אַ קאָלאָסאַלע אונטערנעמונג.

— איז דאָס, הייסט עס, אַ סוד? פאַר מיר אַ סוד?

— פאַר דער גאַנצער וועלט אַ סוד! איר קענט דאָך שוין מיך מיט מיינע סודות... דערפאַר אָבער, אַז דער ענין וועט זיך אויספּיקן, וועט איר דער ערשטער פון אים געוווּיר ווערן. עס הייסט די ערשטע, ווי אַלע מאָל, וועט פון אים געוווּיר ווערן מיין פּריוואַט־סעקרעטאַר, פּאָלינאַ יאַ־קאָוונאַ טולטשינסקי, און דער צווייטער — שוין איר.

פּאָלי דאַנקט אָפּ שלמהן מיט אַ שטומען בליק, פון וועלכן עס ווערט אים היים אין אַלע אבֿרים.

נאָכן עסן נעמט זי זיך צוקעמען די האָר פאַרן שפּיגל און פרעגט דערווייל ביי שלמהן:

— וואוהין גייען מיר איצט?

— וואוהין אַ שטייגער וואָלסטו געוואָלט זאָלן מיר גיין?

— וואוהין דו ווילסט.

— דו פאַרלאָזסט זיך אויף מיין געשמאַק?

— מיט פאַרמאַכטע אויגן.

— מיר ווילט זיך איצט אין ערגעץ נישט גיין. אויב דיר שטערט עס נישט, וועלן מיר היינט אַ ביסל פאַרברענגען ביי אייך אין שטוב.

אויף אַלע שטובמענטשן איז אַ נייע הויט אַרויפגעצויגן געוואָרן. פּאָלי נעמט אים אָן פאַר ביידע הענט:

— אַך, דו, אויסכאַפּער!... האָסט ביי מיר אויסגעכאַפּט די ווערטער פונעם מויל! איך האָב אַזוי חשק געהאַט צו בלייבן איצט אין שטוב, נאָר איך האָב מורא געהאַט צו זאָגן, טאָמער לאַנגווײלט דיך ביי אונדז...

— נו־נו, נאַ־דיר אַזאַ בלבול —

— וואַרט! און וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ שפּראַך, „אויב עס שטערט דיר נישט"? וואָס קען נאָך זיין בעסער, ווי זיצן ביי אַ גלעזל טיי מיט אַלע טייערע און ליבע...

— בין איך, הייסט עס, אויך דאָ אין צעטל?

פּאָלי דערלאַנגט אים אַ פּעטשל איבערן מויל און באַהאַלט דעם קאָפּ אויף זיין ברוסט. אַז שלמה גיט איר שוין אומבאַמערקט אַ קוש אין ראָזע לעפּל פון איר אויערל, הייבט זי אויף דאָס פּנים איבערגליקלעך און הייבט אָן צו ברענגען אין אָרדענונג זיין טואַלעט. זי נעמט ביי אים אַראָפּ דעם פּידזשאַק, לאָזט נאָך דעם שניפּס און אָטעמט גיריק איין אין זיך מיט איר צעבלאָזן נעזל דעם דינעם בלומען־געדוך, וואָס טראָגט זיך פון זיינע מלבושים. זי שפּיגלט זיך אין דעם דרייסטן אויסדרוק פון זיין פּנים, אין זיין צאַרטן בליק, אין זיין שטאַלטנער פיגור.

— וואָס זשע טוען מיר אַצינד, שלמה?

— וואָס דיין האַרץ גלוסט, דאָס וועלן מיר טון.

— איך ווייס נישט וואָס אַזוינס צוטראַכטן, קלער דו עפּעס צו.

— אַרויפקלעטערן אויף דער שאַפע אָן אַ בענקל; אַרויסנעמען דאָס פענצטער און עס צוריק אַריינשטעלן; אַרויפזעצן דיך מיט אוואַמען אויף ביידע אַקסלען און אַראָפּטראָגן אויף קרעשטשאַטיק אַהין און צוריק; אַלץ נישט גוט? איי, דו לאַכסט גאָר? וועל איך שוין מער נישט צוקלערן.

— גיי, וואָס מאַכסטו זיך משוגע? שאַ, ווייסט וואָס? זינג עפּעס.

— עס איז מיר נישט אַזוי שטאַרק פריילעך אויפן האַרצן, איך זאָל זיך אוועקשטעלן זינגען אין מיטן דערינען.

— פון וואָס זשע איז דיר עפּעס נישט פריילעך?

— פון וואָס, טייערע, איז מיר יאָ פריילעך?

פּאָלי שלינגט אַראָפּ די ביטערע פּיל און מאַכט זיך נישט הערנדיק. כּדי נישט לאָזן נאָך זיין אומבאַקוועמער פראַגע קיין צו לאַנגע פּויזע, גיט זי גלייך צו:

— איך וואָלט דיך געבעטן עפּעס שפּילן און עס וואָלט דיר שוין דווקא נישט געהאָלפן, יאָ פריילעך, צי נישט פריילעך — נאָר אויף דיין גליק איז ביי אונדז אין שטוב קיין אינסטרומענט נישטאָ. מען דאַרף טאַקע אין זינען האָבן קויפן. ניין, אפשר?

— אַז דו ווילסט, איז עפּעס שייך ניין?

— נאָר ביז מיר וועלן נאָך אַ מאָל קויפן אַן אינסטרומענט, ווייסטו וואָס מיר וועלן טון? דו וועסט עפּעס דערציילן גוטס און מיר אַלע וועלן הערן.

— און ווי איז דער דין, אויב איך האָב נישט קיין גוטס?

— האָסט נישט קיין גוטס? דערצייל שלעכטס! דערצייל, וואָס דו ווילסט, אַבי דערצייל.

אסתר בייזערט זיך אויף פּאָלין:

— האָסט אַ מויל און רעדסט. יענער חכמהט זיך פון איין זייט, אַז ער האָט נישט קיין גוטס; און זי, די חכמה מיינע, ענטפערט: דערצייל שלעכטס; צו וואָס טויגן אַזעלכע נאַרישע דיבורים? אַנדערש קען מען טאַקע נישט?

שלמה נעמט זיך אָן פּאָלים קריוודע. ער שטילט איין די מוטער:

— שאַט, אסתר, בייזערט זיך נישט אויף אייער טאָכטער. איך וועל מאַכן אַ פשרה. איך וועל אייך דערציילן זייער אַ אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, וואָס האָט אין זיך די זעלבע אייגנשאַפט, וואָס דער מן אין דער מדבר: ווילט איר, קענט איר אין אים פילן אַ זיסן טעם, ווילט איר אַ ביטערן, איז אַ ביטערן... עס איז אין אייך אַליין געוועגדט. די דאָזיקע מעשה פאַרמאָגט אין זיך אַלע טעמים.

אַלע דערפרייען זיך. שלמה איז באַקאַנט פאַר אַ גוטן דערציילער. פּאָלי וויל זיצן לעבן אים, נאָר ער זאָגט, אַז אַלע צוהערערס דאַרפן זיך געפינען פאַר זיינע אויגן, דאַן איז ער זיכער, אַז די אודיטאָריע הערט אים מיט ביידע אויערן. ווען אַלע זעצן זיך אויס אויף די בעטן, נעמט זיך שלמה אַ בענקל, שטעלט עס אַוועק מיט דער פּלייצע צום טיש און זעצט זיך. אויף אַ קורצער ווייַלע פאַרשווינדט זיין טיפער שטערן אין די דלאָניעס. ווען ער הייבט אויף דעם קאָפּ, טרעפט ער אויף זיין פּנים זעקס פּאָר אויגן, אַלע וואַרטן ער זאָל אָנהייבן. מיט אַ ווינקל אויג באַמערקט ער, אַז עס איז האַלב צען. נאָך אַ מאָל באַקוקט ער אַלעמען און הייבט אָן:

# קאפיטל VIII

— מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק, ערגעץ אין א קליין שטעטעלע, ווייט־ווייט אָפּגערוקט פון אַן אייזנבאַן־ליניע, פאַרבאָרגן און פאַרשטעלט צווישן ליימיקע בערג, לאַנג־וויאַרסטנדיקע וועלדער און גרויסע טייכן, איז ביי א יידן א שניטקרעמער, א חסידישן יידן, א לומדישן יידן, געבוירן געוואָרן א ייִנגעלע. דאָס איז געווען אקוראט שבת־נחמו, צוויי טעג נאָך תשעה־באב. כעת חיה, אין א יאָר ארום, שוין נישט שפּעטער מיט צוויי טעג, נאָר פּונקט תשעה־באב, אין א צווייט שטעטעלע, גאַנץ ווייט פון יענעם ערשטן, איז ביי א יידן א מילנער און א תבואה־הענדלער, געבוירן געוואָרן א מיידעלע.

ביי די ווערטער: „פּונקט תשעה־באב", „א ייד א מילנער", האָבן זיך די בני־בית פאַרחידושטע איבערגעקוקט צווישן זיך און אַלע צוזאַמען זיך אומגעקוקט אויף פאַלין. פאַלי איז קענטיק געווען פאַראינטריגירט ביז גאָר, נאָר זי האָט גוטמוטיק געשמייכלט, פאַרשטייענדיק, אַז שלמה גייט דאָ עמעצן אָפּטון א שפּיצל. שלמה האָט ווי אַן אַנגעדונגענער געקוקט אויף די פּיסלעך פונעם שטאָלענעם בעטל און, ווי חוזק־מאַכנדיק פון זיך אַליין, שמייכלענדיק ווייטער גערעדט:

— אָקאָרשט, איידער איר האָט זיך אומגעקוקט, האָט איר שוין פאַרטיק אי דעם בן־מלך, אי די בת־מלכה און מיר קענען זיך — ווי די בעל־דאַרשערס זאָגן — נעמען פאַרן רעכטן ספור המעשה. ווען די וועלט זאָל זיך געווען פירן אויף איר אַלטן שטייגער, ווען עס זאָלן געווען זיין שנים כתיקונם, וואָלטן סיי דאָס ייִנגעלע, סיי דאָס מיידעלע, געקענט געווען אויסלעבן זייערע הונדערט און צוואַנציק יאָר, און איינס דאָס אַנדערע זאָל קיין מאָל אפילו פאַר די אויגן נישט זען. דאָ האָט זיך אָבער אריינגעמישט די גרויסע וועלט־מלחמה, זי האָט כידוע מיט א גרויסער קאָכליע אויסגעמישט אַלע אוקראַינער יידן, אָט אַזוי ארום איז געשען דער ווילן פון דער השגחה אלהית, און דאָס דאָזיקע ייִנגעלע האָט דערזען דאָס דאָזיקע מיידעלע, ווען ער איז נאָך קיין גאַנצע עלף יאָר נישט אַלט געווען. און דאָ, מוז מען מודה זיין, רבותי, איז געשען א טרויעריקער צופאַל, מיין טאַטע וואָלט דאָ צוגעגעבן: זייער א טרויעריקער. וואָס האָט געטראָפן? — פון דעם ערשטן, אומשולדיקן קוק וואָס דאָס ייִנגעלע האָט געוואָרפן אין איר ווינקל אריין, איז זיין הערצעלע פאַרוווּנדעט געוואָרן.

מען דאַרף צוגעבן, אַז צו יענער צייט איז שוין אָט דאָס ייִנגעלע געווען אַזוי צו זאָגן: א קליין גאַונדל. ביז ניין יאָר, — איידער די אומרוען האָבן אים נאָך אָפּגעריסן פונעם לערנען, איידער די בלוטיקע געשעענישן האָבן אים שיר נישט געקאָסט זיין רעכט פּיסעלע — האָט אָט דאָס פּיצעלע ייִנגעלע שוין באַוויזן אָפּצולערנען תורה מיט נביאים, ראשונים ואחרונים, אויסצוחזרן גאַנץ תהילים אויף אויסנווייניק, אָבער נישט גלאַט

נערעדט: אויף אויסנווייניק, נאָר פשוטו כמשמעו: פונעם ערשטן פסוק ביזן לעצטן איז אים אָט דער גרויסער תהילים געשטאַנען פאַר די אויגן. ווו און ווען מען האָט אים נאָר אַ כאַפּ געטון, האָט ער נישט פאַרטראַכטנ־דיק זיך, אויסגעשטערקט דאָס הענטעלע און גלייך אָנגעוויזן ווו עס שטייט און וואָס די מפרשים זאָגן דערויף. וויפל מענטשן עס האָבן זיך נישט באַ־מיט אָט דאָס „פאַרשווינדל" צו פאַרפלאָנטערן, „אַראָפּשלאָגן פונעם וועג", אָבער ס'האָט זיי גאָרנישט געהאָלפן. מען האָט נאָר געדאַרפט אים זאָגן דריי ווערטער, האָט ער שוין געזאָגט „ווי אַ וואַסער" דריי קאַפּיטלעך. מענטשן האָבן אויף ציקאַוועסט געפּרווט אויפוועקן דאָס ווונדערקינד פון שלאָף, און עס פרעגן:

— שלמהלע, ווו געפינט זיך דאָס וואָרט „שרעפי"?

— אין קאַפּיטל צ"ד.

און רייסנדיק די קאָלדרע ביי יענע פריקרע יידן פון די הענט, פלעגט ער זיך קלאָגן פאַר דער מוטער:

— מאַ—מע, כ'וויל שלאָפן... ווער טשעפּעט זיי? פאַר וואָס קנייפּן זיי זיך?

פון די יידן איז אָבער גאָרנישט אַזוי לייכט געווען פטור צו ווערן. זיי זענען נישט אָפּגעטראָטן:

— נו, און דאָס וואָרט „וכנה"?

— אין פּ'.

— און „וירגנו"?

— אין ק"ו... טשעפּעט זיך שוין אָפּ פון מיר...

— נאָך צוויי פראַגן. ווו שטייט „שפוך חמתך"? אין דער הגדה?

— אין ע"ט.

— און „הרף מאף"?

— אין ל"ז.

— וידא?

— י"ח.

— אקוט?

— צ"ה.

— שית?

— ע"ג.

— נו, און שתו?

— אויך אין ע"ג.

— נו, און שתי?

— אויך אין ע"ג. עס איז נאָך פינצטער אין פענצטער, לאָזט מיך שלאָפן!...

— איי, ביסטו אַ ממזר... נאָך געציילטע צוויי פראַגן און אַן עק. נו, און „יתעשת"?

— דאָס איז שוין אין יונה: שמא יתעשת האלהים...

— נו, און „חמק״?

— דאָס איז גאָר אין שיר־השירים, קאַפּיטל ה׳: ודודי חמק עבר...

— נו, און „תעיק״?

— ווהין זענט איר פאַרקראָכן? דאָס איז שוין אין ישעיה: כאשר תעיק העגלה המלאה לה עמיר —

— נו און דאָס וואָרט „של״?

— גיי, זיי אַ נביא וועלכן „של״ איר האָט בדעה. פאַראַן אַ „של״ אין „שמות״: של נעליך מעל רגליך, דאָרט איז די טייטש: של — וואַרף אַראָפּ. פאַראַן ווידער אין „שמואל״: ויכהו שם האלהים על השל, דאָרט איז די טייטש: על השל — איבער דעם. פאַראַן ווידער אין „דברי־הימים״: עתה אל תשלו, דאָרט איז די טייטש: אל תשלו — איר זאָלט נישט ווערן פויל, נאַכלעסיק, שלאַבעריק. פאַראַן ווידער אין „שמואל״: לדבר אתו בשלי, דאָרט איז די טייטש: בשלי — שטיל, רואיק. איך וויים נישט, ווי אַזוי איך, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז אָט די „פּועלים״ וואָס האָבן אין זייער שורש די צוויי אותיות: „שין״ און „למד״, שטאַמען פון איין מקור און האָבן צווישן זיך עפּעס אַ מין „קרבת־משפחה״. ווייל אין יענע יאָרן און אין יענע מקומות, אַז מען איז אַריינגעקומען אין אַ געצעלט, איז געווען דאָס ערשטע — אַראָפּוואַרפן די שיך און אָפּוואַשן די פּיס פונעם שטויב. במילא, אָן די שיך איז מען שוין געגאַנגען שטיל און רואיק. במילא, אַז מען זיצט שוין אין אַ געצעלט אַ באָרוועסער, און מען טרעט שוין שטיל און רואיק, העלפט שוין נישט גאָרנישט, ווערט מען פויל און צעקראָכן. אַזוי אַז הא בהא תליא והיינו הך... און אפשר איז דאָס נישט אַזוי? כ׳וויים? לאָזט מיך שוין שלאָפן! כ׳האָב שוין אַזוי אויך געערעדט דברי־תורה פאַר נעגלוואַסער.

— עס מאַכט נישט אויס, שלמהלע, אויף אונדז די עבירה. נאָך צוויי פראַגן...

נאָר פון די צוויי פלעגט ווערן צוועלף און צוויי און צוואַנציק. די פאַרהערערס איז געווען אוממעגלעך אָפּצורייסן פון אָט דעם קליינעם ייִנגעלע און גרויסן עלוי. זיי פלעגן אים אָנשיטן אַ פול בעט מיט ניס און מיט קאָנפעקטן, אים אויסקושן אַלע אברימלעך. די עלטערן, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס „גאָט און לייט״ זענען זיי מקנא אויף זייער קינד, וואָס זיי שעפּן נחת מיט פולע זשמעניעס, האָבן אַזעלכע מבינים אויף אַ „קעפּל״ געטריבן פון דער שטוב. „אַ קינד — פלעגן זיי טענהן צו די בעלי־בתים — טאָר מען נישט באַלעווען, מען טאָר אים נישט ווייזן, אַז ער איז אַ „יש״. אַ קינד, כל זמן ער לערנט ביי אַ רבין, דאַרף ווימן איין כלל, אַז וויפל ער קען, איז ווייניק, אַז ער איז אייביק אַ בעל־חוב״...

טאַמער האָט דאָס שלמהלע, צוריקקערנדיק זיך פון חדר, זיך גראָד באַוויזן צווישן די קלייטן, אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אַ רייסעניש צווישן די קרעמערס מיט סכנת־נפשות, יעדער באַזונדער האָט אים געשלעפּט צו זיך אין קלייט אַריין. עס פלעגט שיר נישט קומען צו קיין געשלעגן, איידער

מען איז צווישן זיך דורכגעקומען, ווו דאָס „קינד" זאָל היינט זאָגן תורה. דאַן האָט מען דאָס ייִנגעלע אָוועקגעשטעלט אויף אַן איבערגעקערט פעסל פון הערינג אין מיטן דער קלייט, אַלע קרעמערס האָבן אים אַרומגעשטעלט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פאַרהערעניש. אויף דער גאַס איז מען תיכף ומיד געוווּיר געוואָרן, אַז „מען האָט אים געפּאַקט", און עס איז געוואָרן אַן אַנלויף ווי אויף אַ שׂרפה. פאַר יעדן קאַפּיטל תהילים אויף אויסנווייניק האָט ער באַקומען אַ שקאַרמוצל נאַשערייען. נאָך תהילים איז נעגאַנגען ישעיה, ירמיה, יחזקאל. מען האָט געבעטן יונה, האָט ער געזאָגט יונה; מען האָט געבעטן קהלת, איז קהלת; מען האָט געוואָלט שיר־השירים, איז געווען שיר־השירים; אַנדערע האָבן גאָר געפּרוווט רות — האָט ער געזאָגט רות. עפּעס אַ „משוגענעם קאָפּ" האָט זיך פאַרגלוסט „איוב" — האָט זיך געשאָטן איוב, און אַז נישט, איז: תרגום־שני... ביי זיינע קליינע פיסעלעך זענען געוואַקסן די פּעקעלעך נאַשערייען, די „ווייסע" פּערציקערס, קנאַקנדיקע רובלען, און אייניקע אפילו — פאַר זאָגן אַ בלאַט גמרא מיט מפרשים אויף אויסנווייניק — האָבן נישט געזשאַלעוועט קיין גאַנץ דרייערל. דאָס ייִנגעלע האָט שוין צו יענער צייט געהאַט אָפּגעלערנט „ברכות" און „פּסחים", און האַלב פון „ברכות" געקענט אויף אויסנווייניק. די עלטערן האָבן שוין געוווּסט דעם כּלל: טאָמער זאַמט זיך דאָס קינד איבעריקס, האָבן אים שוין מסתמא די קרעמערס „באַפאַלן". דער פאָטער פלעגט אויפן מאַרקפּלאַץ אויפזוכן די „פאַרזאַמלונג", צוכאַפּן דאָס קינד פונעם טיש און זיך מיט דעם לאָזן אַהיים. נאָר דער קלייניקער פלעגט זיך אָנהייבן בריקעווען:

— מיינע שקאַרמוצלעך... דאָס געלט... ס'איז מיינס... כ'האָב עס פאַרדינט!...

דער פאָטער פלעגט נעמען פּאַטשן דאָס קינד:

— כ'וועל דיר געבן נעמען מתנות!... עס פעלט דיר עפּעס אין דער היים?

נאָר עס האָבן נישט געהאָלפן קיינע טענות. איינער פון די קרעמערס האָט שטענדיק געמוזט נאָכטראָגן דעם קאַפּריזנעם גאונדל די מתנות אַהיים. די נאַשערייען פלעגט ער באַלד צעטיילן צווישן די חברים. דאָס געלט — אַרומטראָגן אין אַ בייטעלע אויפן הערצעלע, ביז דער ערשטער באַגעגעניש מיט אַן אָרעמאַן. דאַן פלעגט ער אים אָפּגעבן דעם גאַנצן אוצר אומגעציילט.

די כוואַליע פון דעם באַנדיטיזם וואָס האָט דאַמאָלסט פאַרשוועכט גאַנץ אוקראַינע און באַזונדערס יענע קאַנטן, ווו דאָס ייִנגעלע האָט געוווינט, האָט אכזריותדיק צעבראָכן דאָס גאָלדענע וועלטעלע, ווו עס האָט זיך געהאַלטן אין צעבליען אַזאַ צויבערנדיקע בלום, וועלכע האָט נאָך אין קנאָספּ, נישט זעענדיק די זון, שוין פאַרשמעקט די גאַנצע געגנט. שפּליטערס פון אַ באַמבע האָבן ביי דעם ייִנגעלע אַרויסגעריסן אַ מיטלסדיקן שטיק פלייש פון זיין פיסל און צוזאַמען מיט זיינע עלטערן ווערט ער פאַר־

טריבן פון זיין היים. אייניקע דאָקטוירים האָבן אויסגעפונען, אַז מען דאַרף אים דעם פאַרוואונדעטן פוס אין גאַנצן אָפּשניידן, אַנדערע —ביידע פיס. עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט דאָס און נישט יענץ: דאָס קינד וועט במילא נישט בלייבן לעבן. פון אויבן האָט מען אָבער אַנדערש באַשלאָסן און דאָס קינד איז דווקא פאַרבליבן מיט ביידע פיס. אַ קאַרג יאָר האָט זיך דאָס יינגעלע ארומגע־וואַלגערט איבער די שפּיטאָלן, און ווען ער איז אין גאַנצן געזונט געוואָרן און האָט זיך אויף דאָס ניי גענומען צום לערנען, איז ער שוין געווען אַן אַלטער בחור: פון קאַרגע עלף יאָר. פיל זאַכן, וועלכע ער האָט שוין גע־האַט געקענט, זענען פאַר די שווערע צוויי יאָר אויסגערונען פון זיין אָפּ־געשוואַכטן מוח׳ל, און דאָס קינד האָט געמוזט זיך פיל אָנשטרענגען, כדי זיך זיי צו דערמאָנען. און דאָ, מיינע פריינד, האָט מיט דעם יינגעלע גע־טראָפן יענער אומגעריכטער שרעקלעכער צופאַל, וועגן וועלכן איך האָב אייך פריער דערמאָנט. די פרישע „באָמבע" וואָס האָט אים געטראָפן, איז געקומען אין דער געשטאַלט פון אַ לעגענדאַר שיין קינד, מיט אַ פּנימל, וואָס שיינט ווי די זון, מיט אייגעלעך, וואָס לייכטן ווי די שטערנדלעך אין זומערדיקן פאַרטאָגיקן הימל, און קוים האָט זי געעפנט איר מיילעכל, האָט זיך געדאַכט: דאָס זינגען מלאכים זייער קדושה. אַלנפאַלס, אַזוי האָט זיך געדאַכט דעם אומגליקלעכן יינגעלע. און אַ נאָמען האָט זי אויך גע־טראָגן, ווי אויף צו להכעיס אַזאַ צאַרטן, אַזאַ גלעטנדיקן: פאַ — לי. און קיין שענערע מוזיק איז גאָרנישט געווען פאַר דעם יינגעלעס אויער, ווי אַז זיין דינה האָט זיך געווענדעט צו איר חברטע:

— פאַלי, ווייז נאָר דיין העפט...

אָדער:

— פאַלי, איאַ מיין ליאַלקע איז שענער מלובש ווי דיינע, קוק אור־מיסטן אַליין.

און אַזוי ביי יעדער געלעגנהייט, דערהערט ער איר נאָמען, הייבט עפּעס אָן צו זינגען אין אים, קומט אים צו אַ שטיק חיות...

זיצט דאָס יינגעלע איבער אַ גרויסער גמרא און אָנשטאָט צו טרעפן, וואָס „תוספות" מיינט און וואָס דעם מהרש"א קוועטשט, חזרט ער שטיל מיטן ניגון פון דער גמרא:

— פאַלי, איז פאַלי, דאָס איז אַ הלכה־פּסוקה ולית מאַן דפליג... איי, איז דאָך די קשיא איפכא מסתברא, טאָמער נאָר: לי—פאַ? קען מען אָבער זאָגן, אַז איין מוקדם ומאוחר: פאַ—לי אָדער לי—פאַ, היינו־הך... להלכתא איז דאָס קיין שום נפקא־מינה נישט, ווייל חד גברא הוא. דער נאָמען געהער צו איין און איינציקן מיידעלע, וואָס איר גלייכן איז אויף דער וועלט נישטאָ, סיידן אפשר שולמית פון שיר השירים, אָדער אפשר אביגיל, דודס ווייב... כאָטש ניין, עס קען נישט זיין, אַז אַ פּראָסטע אביגיל דאַרטן, זאָל זיין אַזוי שיין ווי אָט די... דער נאָמען אַליין איז שוין נישט דאָס, פאַ—לי קלינגט גאָר־גאָר אַנדערש...

דאָס ייִנגעלע ווערט דערשראָקן פאַר זיין שרעקלעכער עבירה. האַלטן אָפּן אַ הייליקע גמרא און בשעת־מעשה גאָר טראַכטן פון... רחמנא ליצ־לן... מיט טרערן פון חרטה קושט ער די פאַרשעמטע גמרא, בעט ביי איר מחילה, זאָגט איר צו מער אַזוי נישט צו טון, און צוזאָגנדיק טראַכט ער תוך כדי דיבור שוין ווידער אַ מאָל וועגן דעם געטלעכן פּנימל פון זיין דינהס חברטע...

טעג זענען געלאָפן... קינדערשע טעג האָבן בכלל אַ טבע זייער גיך צו לויפן. וואָכן האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין חדשים, חדשים האָבן צו־נויפגעשטעלט יאָרן... איין יאָר... נאָך אַ יאָר... דער זומער האָט ווי דער מנהג איז מקדמונים אָפּגעטראָטן זיין פּלאַץ דעם ווינטער און נאָך דעם — פאַרקערט. דאָס ייִנגעלע האָט אין זוועניגאָראָדקע אויך פאַרנומען זיין געהעריק אָרט. די שטאָט האָט געקלונגען מיט אים. די רבנים פּלעגן זיך באַרימען פאַר אורחים פון דער פרעמד מיט דעם אוצר, וואָס געפינט זיך ביי זיי אין שטאָט. דאָס קליינע שלמהלע האָט נעבעך געהאָרעוועט זעכצן שעה אין מעת־לעת. פון צוויי שעה פאַר טאָג ביז אין דער זינקענדיקער נאַכט. צו יענער צייט האָט זיך שוין נישט געהאַנדלט וועגן אָפּזאָגן אַ בלעטל גמרא אויף אויסנווייניק, דאָ איז שוין אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ סדר אויף אָפּצולערנען טויזנט בלאַט גמרא ביז דער בר־מצוה און טאַקע קענען דריי הונדערט בלאַט גמרא מיט אַלע זיבעצן מפרשים אויף אויסנ־ווייניק. דאָס שאַרפע מוח'ל פון דעם קינדערישן קעפּעלע איז געוואָרן אי־בערגעלאָדן ביז גאָר, אָבער צו זיין פּילנדיק הערצעלע האָט דאָס נישט גע־האַט, דאָרטן האָט געקיניגט יענץ מיידעלע מיט די בלויע אייגעלעך, מיט די גאָלדענע צעפּעלעך, וואָס אַז זי עפנט איר מיילעכל, הייבן אָן צו זינגען אַלע זיינע אברים און כל עצמותיו תאמרנה: „שהחיינו וקימנו"...

גאַנצע חדשים פּלעגן פאַריבערגיין און ער פּלעגט זי נישט זען. און אויב ער איז שוין פּונקט יאָ געווען אין שטוב, ווען דינה האָט זי מיטגע־בראַכט, האָט ער דען געקוקט אויף איר? סטייטש: אסור להסתכל... צי גאָר חלילה אויסגערעדט צו איר אַ וואָרט? סטייטש: אל תרבה... גאָט באַהיט! און חוץ אַלעמען איז דען מעגלעך פון דער העלער הויט פּלוצלינג אָנהייבן צו רעדן צו אַזאַ מלאכל? און בכלל: וועגן וואָס קען ער מיט איר רעדן? וועגן דער סוגיא פון „העור והרוטב"? וועגן „האשה ניקנת"? צי וועגן „עני מבחוץ ובעל הבית מבפנים"? וואָס פאַר אַ געמיינזאַמס האָט ער מיט איר, ער זאָל גאָר טראַכטן פון אויסרעדן צו איר אַ וואָרט? זי ווידער, פון זינט ער געדענקט זי, האָט נאָך קיין איינציקן קוק נישט געשענקט אין יענעם ווינקל פונעם ישיבהניק. און דעם אמת גערעדט: וואָס האָט זי געהאַט מיט אים אַזוינס צו רעדן? ער קען איר אפשר זאָגן, אין וועלכער וועלט־טייל עס געפינט זיך מאַדאַגאַסקאַר? צי ער ווייסט אפשר, וועלכע טעזיסן לענין האָט אַרויסגערוקט, געפינענדיק זיך אין פינלאַנד אין קאָנס־פּיראַציע? צי ער ווייסט אפילו, ווי אַזוי אויסצומעסטן דעם שטח פון אַ קרייז? דעם דיאַמעטער פונעם ערדקיילעך? צי למשל, די לענג פונעם

עקוואַטאָר? אין אַט די אַלע עיקרדיקע זאַכן ווייסט ער נישט מער פון אַ טויטן, וואָס דען, נאָך אַ מאָל: תנו־רבנן, און ווידער אַ מאָל: תנו־רבנן, און נאָך מיט אַזאַ וויינענדיקן ניגון, אַז עס צופּט אַזש ביי דער נשמה. און גלאַט, ווי נעמט מען דאָס רעדן מיט אַ יינגעלע, וואָס זיצט שמועדיק איי־בער אַזאַ גרויס בוך, וועלכעס זי וואָלט גאָר מסתמא נישט געקענט אויפ־הייבן. זי וואָלט, דאַכט זיך, געשטאָרבן פאַר פחד, ווען אַט דעם חסידל פאַלט איין צו ווענדן זיך צו איר מיט אַ פראַגע... נאָר זי האָט פאַרשפאָרט צו שטאַרבן, שלמה האָט אפילו נישט אָנגעהויבן קלערן זיך גאָר צו ווענדן צו איר. אַט אַזוי האָבן זיך געפעלט חדשים מיט יאָרן. די קינדער זענען געוואַקסן אין פאַרשידענע סביבות און זייערע זעגלען זענען געווען גע־ווענדעט אין פאַרשידענע ריכטונגען. דער גרעסטער חכם וואָלט זיך דאַ־מאָלסט נישט איינגעשטעלט פאָרויסצוזאָגן, אַז ביי אַט־די־אָ פאַרשידנ־אַרטיקע מענטשן קען אַ מאָל קומען צו וויכטיקע שמועסן.

און פּלוצלינג האָט שלמה זיך אַליין איבערגעשלאָגן:

— זאָגט דעם אמת, חברים, אייך לאַנגווײַלט נישט אַט די גאַנצע „טי־ראַדע"? שעמט זיך נישט, כ'מיין ערנסט...

פאַלי האָט איבערגעריסן דעם פאַרגליווערטן שמייכל און האָט גע־וואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר יאַני האָט ביי איר אויסגעכאַפּט:

— וואָס רעדסטו, מענטש איינער? מיר דאַכט זיך די גאַנצע צייט, אַז איך זע אַ פילם... און ס'איז טאַקע כדאי צו וויסן אויך... דאָ ווערט דאָך עפּעס דערציילט פון היימישע מענטשן... דערצייל, דערצייל, וואָס קוקסטו אויף פאַלין? זי אַליין וויל זיך אויך דערמאָנען, איאָ אַזוי, פאַלי?

פאַלי האָט שמייכלענדיק צוגעשאָקלט מיט קאָפּ אויף יאָ. שלמה האָט מונטערער אַ טרייסל געטון מיט דער שעוועליורע:

— אויב אַזוי איז גוט... דערצייל איך ווייטער...

# קאפיטל IX

צו יענער צייט, מיינע פריינד, האָט דער באַשעפער אריינגעשיקט אין אָט דעם שלמהלעס הערצעלע נאָך איין כוסף־נפש.* דער נייער נאָמען איז אויך געווען זייער אַ קורצער און זייער אַ מעלאָדישער: ציון...

דאָס איז שוין נישט געווען קיין אינדיווידועלע סימפּאַטיע. דאָס איז געווען אַן אור־אלט געפיל, וואָס נעמט זיין אָנהייב ביי אברהם אבינו. דאָס דאָזיקע געפיל טראָגט זיך דורך צוזאמען מיט דעם פאָלק אין דער מדבר און ברענגט זיי צום צוגעזאָגטן הייליקן ווינקעלע, וועלכעס איז נאָך פאַר־שפּראָכן געוואָרן זייער עלטער־עלטער זיידן. דאָס וואָרט ציון איז אָנגע־גליט געוואָרן ביז גאָר פון דוד המלך און יהודה המכבי, פון יהודיתן און שמעון בר־כוכבא, פון ר׳ עקיבא בן יוסף און ר׳ יהודה הלוי. דאָס דאָזי־קע געפיל האָט באַהערשט דאָס פּאָעטישע הערצעלע פון אונדזער קליי־נינקן העלד און עס ווערט שיר נישט פאַרברענט פון דער הייליקער גלוס־טעניש צו זען מיט די אייגענע אויגן דעם זונען־אויפגאַנג אויף די בערג פון שומרון, די בלוטיקע שקיעה אין עמק יזרעאל, די כשופדיקע לבנה־נעכט אין שדמות בית־לחם. בגנבה באַקומט ער ערגעץ „כל שירי ביא־ליק", מאַפּוס ראָמאַנען, „זכרונות לבית דוד" און דאָס שטילע פייערל צע־פלאַקערט זיך אין אַ שרעקלעכן פלאַם. אין די טיפסטע פאַרבאָרגענישן פון זיין הערצעלע שטייט אַן ארון־קודש, אין דעם ארון־קודש שטייען צוויי געטלעכע לוחות. אויף איינעם איז מיט פייער אָנגעשריבן „ציון", אויף דעם צווייטן איז מיט גינגאָלד אויסגעמאָלט אַ מלאכל, דאָס איז פּאָלים פּנימל. ער טראָגט איר געשטאַלט אין הארצן, עס באַגלייט אים איר געשטאַלט וווהין ער גייט, עס טרעט נישט אָפּ פון זיינע אויגן נישט בהק־קיץ, נישט בחלום און... ממש ער פאַרגעטערט זי. די צוויי ווערטער פּאָלי און ציון גיסן זיך ביי אים צונויף אין אַ פאַנטאַסטישער סימפּאָניע. פּאָלי האָט פאַר אים נישט קיין זינען אָן ציון, און ציון אָן פּאָלין זעט אויך אויס ביי אים זייער בלאַס. און כאָטש ער פאַרשטייט גאַנץ גוט דאָס „נישט געשטויגנקייט" פון זיינע נאַאיווע האָפענונגען, דאָך איז ער נישט בכח זיך אָפּצוזאָגן פון דעם פאַרגעניגן צו בויען לופטשלעסער און פאַנ־טאַזיעס, ווי אַזוי ער מיט פּאָלין פאָרן צוזאמען קיין ארץ־ישראל. די רעאַ־לע פּאָלי עקזיסטירט פאַר אים לחלוטין נישט. ער איז גאָר בכלל מסופק אין איר מציאות, אין איר ממשותדיקייט. לויט זיין השגה גייט אַרום אויף גאָטס וועלטל אַ מיידל מיט אַזאַ נאָמען בלויז צוליב דעם, כדי ער זאָל קענען פון צייט צו צייט קאָנטראָלירן און פאַרגלייכן צווישן זיין ריכטי־קער פּאָלין און אָט דער פּרעמדער — מיט דעם פּרעכטיקן סטודענטישן מאַנטעלע, מיטן געלן פּאָרטפעלטשיקל, מיטן גאָוהדיקן גענגעלע — כלו־

---

* אַ שטאַרקע גלוסטעניש.

מרשט ווירקלעכער פֿאַלין. אָבער כּדי צו פֿאַרגלייכן, מוז מען דאָך זען דעם אָריגינאַל... אוי ווי, אַט דאַ פֿלעגט זיך אַרויסרייסן אַ טיפֿער זיפֿץ פֿון זיין פֿאַרוואונדעטע הערצעלע...

צו זען פֿאַלין איז פֿאַר אים געווען גאַרנישט אַזוי לייכט. ווען זי קומט צו זיין דינהן, איז ער אין חדר. שבת, ווען ער איז דער היים, גייט דינה נישט אין שול און ברענגט מיט זיך נישט קיין חברטעס. און זען זי — מוז ער... ער פֿילט אָפּט, אַז דאָס לערנען איז קיין לערנען נישט, דאָס לעבן קיין לעבן נישט, אויב ער וועט זי נישט זען... כאָטש אויף איין סעקונדע. דאַן פֿלעגט דאָס ייִנגעלע פֿאַלן אויף פֿאַרשידענע המצאות. למשל, ער פֿלעגט זיך אַרויסכאַפּן פֿון חדר, אום ווינטער אַוועקלויפֿן אין איין פֿידזשאַקל צו זייער שול, און פֿון הינטער אַ פּלויט צוקוקן ווי זי גייט אַהיים. כאָטש זען, איז אים דאָס רוב אויסגעקומען נאָר איר פּלייצע מיט אירע שיך און זאָקן, דאָך איז ער יענעם טאָג געווען איבערגליקלעך.

איין מאָל, נאָך אַ גאַנצער וואָך נישט זען זי, האָט ער שוין נישט געקענט מער אויסהאַלטן. דאָס איז געווען אין אַ ווינטערדיקער האַלבער נאַכט. ער איז אויף משקולת אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן פֿענצטער פֿון די טולטשינסקעס וווינונג, כּדי אַ קוק צו טון אויף פֿאַלין, אויף דער קעניגין פֿון זיין נשמה. פֿאַרפֿרוירן, פֿאַרהילצערט איז ער געווען, האָט ער מיט אַן אומפֿאַרזיכטיקער באַוועגונג אויסגעזעצט אַ שויב און זיך צעבלוטיקט אַ פּוס. מיט דעם לעצטן אָטעם איז ער אַריינגעקראָכן אין אַ שכנהשן הויף, כּדי מען זאָל אים כאָטש נישט כאַפּן ביי אַזאַ מיאוס שטיקל אַרבעט. אפֿשר געדענקט איר יאַני, ווי איר האָט זיך דאַמאָלסט געריסן פֿון אסתּרס הענט, ווייל זי האָט אייך נישט געלאָזט גיין זוכן דעם גנבֿ אין די שכנהשע הויפֿן? איך האָב דאַמאָלסט אין האַרצן אָנגעוווּנטשן אסתּרן דאָס אייביקע לעבן פֿאַר איר נישט לאָזן אייך לויפֿן זוכן, ווייל ביי מיר האָט געיורשעט דאָס בלוט פֿון דעם פּוס, אַנטלויפֿן האָב איך אין ערגעץ נישט געקענט, און איר וואָלט באַלד געווען געכאַפּט דעם אמתן גנבֿ.

יאַני איז ממש דערשיטערט פֿון דער אַנטדעקונג, ער קען זיך מער נישט איינהאַלטן און שלאָגט אים איבער:

— שלמה, וואָס זשע פֿאַר אַ טשעמאָדאַן האָסטו דאַמאָלסט מיט זיך געטראָגן?

שלמהס פּנים מינעט זיך. ער ענטפֿערט פֿאַרשעמט:

— וואָס פֿאַר אַ טשעמאָדאַנעס חלומען זיך אייך? דאָס איז געווען די הייליקע גמרא! בבא־בתרא איז דאָס געווען... נאַ דיר גאָר אַ טשעמאָדאַן...

אַלע זיצן פֿאַרגאַפֿט. קיינער רעדט נישט אויס קיין וואָרט. זעקס פֿאָר אויגן זענען צוגעקאָוועט צו שלמהס ליפּן. טשאַטעווען אייפֿערדיק יעדעס וואָרט, וואָס ער רעדט אַרויס. ער לאָזט זיך נישט לאַנג בעטן און דערציילט ווייטער:

— אָט אַזוי־אָ איז געלאָפֿן די צייט. דאָס קליינע ייִנגעלע האָט למזל

אַנגעהויבן לייגן תפילין. בימים ההם איז ער שוין טאַקע אויף אַן אמת געוואָרן אַ גרויסער למדן און אַ גרויסער משכיל. דאָס קליינע מיידעלע איז פאַוואָלינקע געוואָרן אַ באַרישניע צו לייטן, אַ פּאַרטרעט־שיין פּנימל מיט לאַנגע, גאָלדענע צוויי צעפּ, טראָגט אין דער וואָכן אַ שיין, ברוין באַרכעטן קלייד, אַ גאָלדן קייטעלע מיט אַ „הערצל" אויפן האַלדז, און אַ פולן פּאָרטפּעל מיט ביכער און העפטן. אי זי, אי דינה זענען שוין צו יענער צייט געווען סטודענטקעס פון פינפטן קלאַס. דער אָפּגרונט צווישן אָט דעם היפּכדיקן פּאָרפּאָלק האָט זיך געהאַלטן אין איין צעברייטערן. זי — האָט נישט געוווסט קיין צורה פון קיין אלף, ער — האָט נישט דער־קענט צווישן איין רוסישן בוכשטאַב און דעם צווייטן. זי — האָט אים אָנגעהויבן באַטראַכטן ווי אַ פּאָלנע אידיאָט, ער זי — ווי אַ פּאָלנע שיק־סע. וואָס ווייטער אַלץ מערער האָט דאָס קינדערשע הערצעלע אָנגעהויבן פילן, אַז אָט די גשמיותדיקע פּאָלי איז לחלוטין נישט פאַר אים. אפילו בלויז דער געדאַנק וועגן איר דאַרף פאַר אים זיין מוקצה, ווייל זי איז אַ גויה גמורה. אָבער צו זיין רוחניותדיקער פּאָלין, וועלכע ער האָט זיך באַשאַפן אין הארצן; מיט וועלכער ער שמועסט אויפשטייענדיק און לייר־גנדיק זיך; צוזאַמען מיט וועלכער ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין ארץ ישראל אפילו דורך בערג און דורך טאָלן, דורך ימים און מדבריות; צו דער דאָזיקער הייליקער פּאָלין האָט יענע סטודענטקע קיין מינדסטע שלי־טה נישט געהאַט...

און דאָס בחורל איז נאָך מער אָפּגעשווומען פון דער רעאַלער וועלט אין די פאַנטאַסטישע אומבאַגרענעצטע רחבותן. קיין שום ילוד־אשה האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, מיט וואָס פאַר אַ מזון־רוחני עס דערנערט זיך אָט דאָס נפשל. און ווי אַזוי האָט מען יאָ געקענט וויסן, אַז... לבא לפומא לא גלי... בסוד סודות פאַר דער גאַנצער וועלט האָט ער זיך גע־בויט זיין לופטיק, גליקלעך וועלטעלע, געהיט עס פון אַן עין־הרע, פון בייזע צינגער, פון גאָט און פון לייט...

אין אָנהייב פון יאָר 1924 האָט פּאָלי, — דאָס הייסט דער מאָדעל, פון וועלכן ער האָט זיך באַשאַפן זיין הימלישע שולמית — צוזאַמען מיט אירע עלטערן פאַרלאָזן זוועניגאָראָדקע. מיטנעמענדיק מיט זיך שלמהס אַ האַלבע נשמה, איז זי אַוועקגעפאָרן ווינען קיין כמעלניק. אין דעם זעלבן שטעטעלע, וווּ עס האָבן געוווינט שלמהס זיידע־באָבע. אַ טיפער טרויער האָט זיך פון יענעם טאָג אָן באַזעצט אין דעם יינגעלעס הערצעלע. פון גרויס פאַרצווייפלונג האָט ער זיך נאָך מער אונטערגעטונקען אין ים־התלמוד. דאָס קינד איז געוואַקסן ממש אויף די שעהן. ער האָט געפונען צייט אומעטום מעיין צו זיין, ער האָט באַוויזן אַלצדינג דורכקוקן און פאַר־קריצן אין זכרון. ער האָט געלערנט „יורה דעה" מיט „פרי מגדים" אויף אויסנווייניק. רמב"ם, „חובות הלבבות", האָט ער געלערנט מיטן דאָר־טיקן דיין, אַ מלא וגדוש בש"ס ופוסקים, אַן אויסערגעווייינלעכער בקי אין ספרי, ספרא ותוספתא. אין „כוזרי", „עקדה", „מורה נבוכים" און אין „עק־

ריים", האָט ער אַריינגעקוקט ביחידות. און ביי אָט דעם קינד, מוזט איר וויסן — איז אַריינקוקן, האָט געהייסן פּאַטאָגראַפירן אין מח אַלץ, וואָס ער זעט. בסוף, אויפן בית־מדרש בוידעם, פלעגט ער ווייקן אין השכלה. קיין שום פּראָגראַם אין לייענען האָט ער נישט געהאַט. וואָס עס האָט זיך אים געטראָפן צו דער האַנט, דאָס האָט ער אָראָפּגעשלונגען. עס האָט זיך געקענט טרעפן, אַז ער זאָל לייענען גיינערס כתבים גלייכצייטיק מיט „מס־ תרי פּאַריז"; לילענבלומס אַרטיקלען און אַנדערסענס מעשהלעך, אחד־ העמען און קופּערינס ראָמאַנען, שלום־עליכמען און האַמסונען. דאָס איז געווען אַזאַ משוגענער מישמאַש, אַז משונהדיקער קאַנגלאָמעראַט, אַז קיין שום פּעדאַגאָג וואָלט זיך אין אים נישט געקענט פונאַנדערקלייבן. דאָס קינד האָט זיך מיט גאָרנישט געוואָרפן. אין זיין רייכן טשעמאָדאַן האָבן זיך בשלום צונויפגעלייגט אי: „כה אמר זרטוסטרא" פון פרידריך ניטשע, אי די משיחישע מעשות פון יוסף דילא־ריינניש, אלדד הדני, ראובני; ד"ר הערצלס „מדינת היהודים" מיט ראָמאַנען פון אַלפאָנס דאָדע; דער „קהל חסידים החדש" מיט סמאָלענסקים „קבורת־חמור"; דער „בית־ רבי" מיט „שירי יל"ג"; דרייזער מיט טאָלסטאָיען, דידראָ מיט דאָסטאָ־ יעווסקען. אין זיין יונג מוחל האָט זיך אָט דער גאַנצער קאַפּיטאַל סאָר־ טירט, קריסטאַליזירט, און אויף אַזאַ אופן האָט זיך פאָרמירט דאָס דאָ־ זיקע נייע מענטשעלע. ביים גרויסן טיש אין בית־המדרש, האָט מען זיך אַליין דאָס נישט באַמערקנדיק, אָנגעהויבן שטאַרק צוצוהערן צו זיינער אַ סברא, צו זיינער אַ מימרא. אין שטאָט און אין די אַרומיקע שטעטלעך האָט מען אָנגעהויבן זיך אַרומצוטראָגן מיט זיינע בריוועלעך, שטעכן מיט זיי יונגעלייט די אויגן. עלטערע יידן האָבן אָן חניפה מגלה־סוד געווען דעם פאָטער זיינעם, אַז אַזאַ קעפּל ווי ביי זיין שלמהלען איז געווען אַ זעלטנהייט אפילו אין זייערע צייטן, אפילו אין דער מיר און אין וואָלאָזשין. די על־ טערן זעלבסטפאַרשטענדלעך, האָבן זיך געשמאָלצן פאַר נחת הערנדיק אויף זייער קינד אַזוינע שבחים, אָבער דער מדובר אַליין האָט געהאַט יגון ואנחה נישט קיין נחת —

האדם יראה לעינים... די גאַנצע וועלט האָט מער נישט געזען ווי דעם גלוידיקן שלמהן, ס'איז אָבער אויך געווען אַ במסתרימדיקער. אין זיין טיף פאַרבאָרגן וועלטעלע האָט ער געצאַנקט פאַר בענקשאַפט נאָך דעם וווּנדערלעכן מלאכל מיטן נאָמען פאָלי. עס פלעגט אים פאַרשאַפן אַ פאַר־ געניגן דאָס פרעגן צום הונדערטסטן מאָל ביי די קליינע קינדער:

— חברה, נאָר איינס און צוויי: ווער פון אייך געדענקט די יאַרי־ דים אויף אויסנווייניק?

— איך! איך! איך!...

— זאָגט זשע מיר, ווהין פאָרט דער טאַטע זונטיק?

— קיין בוקי... קיין בוקי... איך האָב געזאָגט דער ערשטער...

— אָבער מאָנטיק?

— קיין ווענעראַד! שלמה, זאָג אים עפּעס, פּאַר וואָס שרייט ער העכער פון אַלע?
— און דינסטיק?
— קיין ליסינקע!
— און מיטוואָך?
— קיין בערענקע! וואָס איז, דו גערענקסט אַליין נישט? קוקט אים נאָך אָן, אַזאַ גרויסער און געדענקט נישט פון דאַנען אַהין. עס איז דען אַזוי שווער צו געדענקען? ביי מיר גייט עס ווי אַ מזמור: בוקי, ווענעראַד, ליסינקע, בערענקע! פּאַר איין סעקונדע רעכן איך אויס אַלע יאַרידים.
— וואַרט, דאָס זענען נאָך נישט אַלע! און דאַנערשטיק וואָהין?
— כאַ! דאָנערשטיק ווייסט ער נישט... דאָנערשטיק איז דאָך יאַריד אין כמעלניק! אין אונדזער כמעלניק, וווּ עס וווינט דער זיידע שלום און די באָבע זעלדע און מיכאל און יחיאל און מנשה דער רב און די מומע זלאַטע און גאָלדע דער מומע זלאַטעס און דינה דער מומע זלאַטעס און די מומע ברכה און ווער נישט? נו־נו, אַ גויאישע קאָפּ... כמעלניק געדענקט ער נישט...

אָט דאָס האָט שלמה געדאַרפט! דאָס וואָרט כמעלניק אַזוי גוט ווי דאָס וואָרט ירושלים, איז געווען אַ באַלזאַם צו זיינע גרויסע צרות, צו זיין בלוטנדיקן הערצעלע. דער נאָמען כמעלניק, אַ גויאישקער, אַ שכורער * און לכאורה אַ גאַרנישט באַדייטנדיקער האָט אָבער פּאַר אים געשמעקט מיט פּאַלי טולטשינסקי, האָט אים בהסח־הדעת אָפּגעגעבן אַ גרוס פון איר. עפּעס אַ קליינינקייט אויסצורעדן: אוירא דכמעלניק! טאָמער פּלעגט זיין פּאָטער אָנקומען פון כמעלניקער יאַריד ווען ער איז גראָד געווען אין דער היים, און דער וואָגן מיט דער סחורה האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער שטוב, דאַן פּלעגט דאָס יינגעלע אַרויסגיין צו דער פור, גלעטן די פערד־לעך איבער די גריוועס, איבער די רוקנס. ער פּלעגט פּאַר זיך אַליין שעפּ־טשען ווי עפּעס אַ תפילה:

— גאָט מיין גאָט! אָט די פערדלעך זענען דאָך אַזעלכע גליקלעכע! ערשט היינט זענען זיי געווען דאָרט, ווו מיין פּאַלי געפינט זיך... מעגלעך אפילו, אַז זי איז פּונקט פאַרביי־געגאַנגען און האָט אַ קוק געטון אויף זיי... אָך, רבש״ע! וואָס פּאַר אַ גליקלעכע באַשעפענישן עס זענען דאָ אויף דער וועלט... און זיי? גאַרנישט! אַ פערדישער קאָפּ בלייבט אַ פערדישער קאָפּ... אַנו, זיי זאָלן עס מיט וואָס עס איז נישט איז אַרויסווייזן זייער צופרידנקייט... וויי, וויי, זוכה זיין צו זען אַזאַ ליכטיקע בת־מלכה און נאָך דעם שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און דרימלען... נישט אומ־זיסט זאָגט די וועלט: אַ פערד פאַרט פּאַרט אויס די גאַנצע וועלט און בלייבט אַ פערד... אַ פּנים, אַזוי איז דאָס טאַקע...

איין מאָל האָט דער פאָטער מיטגענומען זיין דינהן צו גאַסט צו זיי־

---

* כמעל, איז אין רוסיש: שכרות.

דע־באָבע. שלמה איז אודאי עלטער, אָבער אים איז דאָך נישט שייך מבטל צו זיין פונעם לערנען, האָט ער מיטגענומען זיין עלטסטע טאָכטער. ווען יענע האָט זיך אומגעקערט אהיים, האָט שלמה זיך ביי איר אויסגעפרעגט אויף אַלע דאָרטיקע:

— וואָס טוען עפּעס דער זיידע מיט דער באָבען? מיכאל און יחיאל? און מנשה מיט זיין משפחה? און נפתלי דער שוחט וואָס טוט? און שמעון דער שוחט? נו, און דער ליטוואַק? ער געדענקט נאָך דעם „זמן", וואָס איך האָב געלערנט ביי אים? נו, און ווער איז דאָרט נאָך דאָ פון די, וואָס איך קען זיי? דערמאָן דו מיר... ניין, טאָקע מער קיינער נישט... האַ, איאָ ניין?

אזוי האָט ער טאָקע קיין מוט נישט געהאַט אָנצורופן פּאַלים נאָמען, נישט אירן, נישט איר פאָטערס... ער האָט איבערדיק געהיט זיין הייליקן סוד. מורא געהאַט אַרויסרופן אַ חשד אויף זיך. ער האָט דערשטיקט זיין נייגער מיט אַ טיפן קרעכץ, און האָט בינו לבין עצמו אויסגעגאָסן זיין גאַנץ ביטער האַרץ אין טרויעריקן גמרא־ניגון.

# קאפיטל X

דאָס בחורל האָט ערשט אָנגעהויבן צו גיין אויף דעם פופצנטן יאָר, ווען דער עלטסטער רב פון זוועניגאָראָדקע האָט זיך געווענדעט צו זיין פאָטער:

— איר הערט, ר׳ אפרים־אהרון, אַ קינד קומט דאָך אָן שווער, את עמלנו — אלו הבנים, דעריבער האַלט איך פאַר מיין חוב אייך צו זאָגן דאָס, וואָס איך גיי אייך זאָגן. איך האָב די טעג אַ פּאָר שעה געשמועסט מיט אייער שלמהן זאָל לעבן אין דברי תורה און איך בין זיך מודה ומתודה — איך בין נשתומם געוואָרן. ער קען פאַרשטעקן אַ פּאָר צענדליק רבנימלעך אין גאַרטל. ער איז בקי אין ערשטן חלק יורה־דעה בעל־פה. ער ווייזט אָן אין ש״ס מיטן פינגער זייער טרעפלעך. כ׳מוז אייך זאָגן דעם אמת, איך בין בטול געוואָרן! ממש בטול געוואָרן, בטול ומבוטל... טאָמער ווילט איר, אַז איך זאָל אים געבן היתר־הוראה, נעם איך אים צו זיך אין שטוב אַריין אויף איין האַלב יאָר, ער זאָל זיך אַ ביסל באַקענען מיט „שאלות ותשו־בות״, מיט „חושן משפט״, און דאַן איז ער אַ פּראַקטיקער רב. נאָר מיין מיינונג איז פון דעסט וועגן, אַז עס איז נאָך צו פרי. אַ קינד אָן אַ חתימת־זקן, מען קען נאָך אַ מאָל קאַליע מאַכן אַ קינד מיט אַזאַ אומפאָרזיכטיקן שריט. אָן עבירה פאַר גאָט אַזאַ גאָלדענע כלי. גלייבט מיר, ער וועט דאָס קיין מאָל נישט אָנווערן. זאָל ער זיך נאָך לעת־עתה אָנזעטיקן מיט ש״ס ופוסקים. לחמנו הם, דאָס וועט אים בכל אופן צו נוץ קומען.

— וואָס רעדט איר, ר׳ מרדכי? ווער קלערט דען עפּעס פון מאַכן דאָס קינד פאַר אַ רב? מיר האָבן געהאַט ווייניק רבנים אין אונדזער משפּחה? זיין זיידע אליין, דער וואָס ער הייסט נאָך אים, איז געווען אַ שטיק גאון און אַ גרויסער יחסן. אַז ער פלעגט קומען קיין סקווירע, פלעגט ר׳ איציקל סקווירער זצ״ל, אים אַנטקעגנגיין —

— מילא, יאָ אַ רב, נישט קיין רב, דאָס קען נאָך קיינער נישט וויסן. ווי שטייט דאָרטן: ד׳ יודע מחשבות אדם כי המה הבל... ס׳איז גלייבט מיר, גאָר אַ קליינע נפקא־מינה, צי איר קלערט יאָ, צי איר קלערט נישט, מד׳ מצעדי גבר כוננו! היינט איז מען נישט, וואָס מען וויל, און מען וויל נישט, וואָס מען איז... אַזוי איז דאָס. יאָ, איך האָב אין זינען גע־האַט אייך פרעגן, ווי קומט צו אים אַזאַ בקיאות אין ספרים־חיצונים? כ׳האָב מיך פאַרטשעפּעט מיט אַ וואָרט, האָט ער מיך פאַרשאָטן... ממש אַ מעין דלא פסק... איר ווייסט, אַז מיט די זאַכן דאַרף מען זיין פאָר־זיכטיק? די חז״ל שרייען גוואַלד: מנעו בניכם מן ההגיון...

— איך וויים... וואָס דען, איך וויים נישט? אָבער וואָס קומט אַרויס פון מיין וויסן, אַז דער אייבערשטער האָט מיך געשטראָפט מיט אַזאַ פּר־נסה פון אַרומפאָרן. אָדער איך קום יאָ אויף שבת אַהיים, אָדער איך ווער פאַרזונקען שונאי־ציון, אין דעם וויסטן כמעלניק אויף שבת אויך. אַז נישט, זעט ער מיך אפילו פאַר די אויגן? וואָס דאַרפט איר מער? ס׳איז שוין אַ יאָר, אַז ער לערנט זיך שפּילן פידל ביי אַ שכן אַ פּאַליאַק. יענער

איז עפּעס אַן אַרטיסט, צי אַ דיריזשאָר, דער רוח ווייסט אים, וואָס ער איז דאָרטן, האָט זיך שלמה ביי אים איינגעקויפט פריער מסתמא פאַר געלט, שפּעטער שוין אַזוי... און ער שפּילט שוין גאָר, גאָר... ער פּראָוועט שוין „יעלות" ווי אַן אמתער... אַזוי איז דאָס, אַז מען וואַקסט אָן דער השגחה פון אַ פאָטער. מיינע האָט עס פון מיר אויסבאַהאַלטן, זי האָט גוט געוווּסט, אַז איך וועל אים קאַטעווען פאַר אַזעלכע שטיק. און ווי דער אמת איז: וואָס פאַר אַ מחותן איז „פּרי מגדים" מיט פידל?

— זעט איר, ר' אפרים־אהרון, דאָס איז אַ פּיל קלענערער אומגליק פון איין שלעכט ביכל... אָט דאָס וואָס ער איז אַזוי בקי אין שפּינאָזעס תורות, איז געפערלעכער פון זיבעצן יאָר שפּילן אויף פידל —

— אי דאָס אי יענץ טויג אויף כפרות. עס הייבט זיך אָן פון פידל, דערווייל שפּילן חברה ביי דעם פּאַליאַק אין שאַך, שפּילט ער שוין אין שאַך אויך... און רעדט מיט אים, זאָגט ער גאָר, אַז שאַך גרייט צו דעם מח פאַר אַ שטיקל מהר"ם־שיף. פידל? פידל, זאָגט ער, איז גאָר אַ דרך לעבודת־הבורא: „והיה כנגן המנגן, ותהי עליו רוח ד'..." אַ קליינינקייט כנור דוד? כנרת, למה נקרא שמה כנרת? — „על שמימיה מתוקים כקול הכנור". אַ פידל איז אַ יידישער אינסטרומענט, יעדער ייד — זאָגט ער — וואָלט געדאַרפט קענען פידל שפּילן. נו, וואָס זאָגט איר עפּעס צו אים? אַ שיינער מורה־הוראה, האַ?

— נישקשה, צו זיינע נאַרישקייטן דאַרף מען זיך אויך צוהערן... איר קענט זיך אויף אייער זון נישט קלאָגן. ער איז קיין עין־הרע אַ מושלם בכל המעלות, הלואי זאָל דער אייבערשטער צו אונדז נישט האָבן קיין גרעסערע טענות, ווי די, וואָס איר קענט האָבן צו אים.

— איך זינדיק נישט חלילה. און בדיעבד, אַז ער שפּילט טאַקע עפּעס מוצאי־שבת אויפן פידל, צעגייט זיך עס בפירוש אין אַלע אברים. איך האָב פונקט ליב פידל שפּילן נאָך פון קינדוויז אָן, שטענדיק געהאַט אַ יצר־הרע דערצו, נישט מער עס איז מיר אַן עבירה די שעה, וואָס ער פּטרט דערויף. נאָר וואָס ווילט איר? אַז אַ קינד וואַקסט אָן אַ פאָטער... אוי, אָט די וויסטע פּרנסה!

— וואָס זשע, ר' אפרים־אהרון, מען לייזט קיין געלט נישט, וואָס איר קלאָגט זיך אַזוי? עס לעבן דאָך מענטשן פון שניטקרעמעריי גאַנץ נישקשה...

— עס גייט נישט אין לייזן געלט. אַ מאָל לייזט מען יאָ, אַ מאָל נישט אַזוי, דאָס איז אַ סעזאָן־זאַך, מען איז שוין געוווינט צו דער מחלה. נישט דאָס איז דער אומגליק. נאָר איר פאַרשטייט אַליין נישט, אַז אַ קלייט איז אַ זאַך, וואָס מען דאַרף זי איינפירן? היינט אַז איך וווין דאָ, און די קלייט איז אין כמעלניק... אפילו אויף די יאַרידים פאָרט מען דאָך אויך נאָר פון דאָרטן, במילא מוז איך שוין זיין אַ שותף צו מיינע על־טערן. און מיט עלטערן ווייסט איר דאָך, אַז באַלד עפּעס, איז מען דאָך עובר אויפן „כבד"... נו, גלוסט זיך עפּעס ריזיקירן מיט אַן איסור מדאור־

ריתא? במילא, באנוג איך מיך מיט א דריטל רווח. וואס איז? מחמת זיי הייסן די תושבים, און איך — דער גר. נו, און א דריטל איז מיר וויניק אויף דער הוצאה. זייער, זייער בדוחק. גלייבט מיר, יותר ממה שהעגל רוצה לינוק, הפרה רוצה להניק. נישט מחמת איך בין א קארגער טאטע, צי א שלעכטער מאן, הלואי פארמאג איך אזוי פיל, וויפל איך וואלט געוואלט אין זיי אריינגיסן, ממש: הרחב פיך ואמלאהו, אבער וואס טוט מען — בדליכא? די עסקים זענען שוואך, דאס לעבן ווערט אלץ טייע־רער און טייערער, און איך האב קיין עין־הרע א פאמיליע פון אכט פאר־שוין. א קאמאנדע פיקערס זאלן געזונט זיין, כדבעי למהוי... אז מען לייגט אוועק א לחם אויפן טיש, איז... עולה כליל... יונגע ציינדעלעך, דער טאג איז גרויס, די לופט איז גוט, א ביסל איבער דעם, א ביסל אי־בער יענעם, קיין בייז אויג זאל זיי נישט שאטן...

— מילא, ר' אפרים־אהרון, מן הסתם וועט אייך דער וואס איבער אונדז נישט פארלאזן. און וואס הערט זיך מיט אייער פארן קיין ארץ־ישראל?

— טאקע נאר אט דאס איינע האלט מיך אויף אין זוועניגאראדקע. איך דערוואַרט פון טאג צו טאג אן אנטשיידענעם ענטפער פון מיין קור־זינע. האט זי פאר מיר מיט מיין משפחה ארויסגעשיקט פאדערונגען — איז מה טוב! אלא נישט, קען איך זיך שוין מער נישט מוטשען דארט אליין. עס איז נישט קיין לעבן, נישט פאר מיר דארטן, נישט פאר זיי דא. אן מיר וועט נאך ווערן פון מיינע קינדער קלעזמער מיט פורים־שפילער. מער קען דאס אזוי נישט בלייבן.

מען זאגט א ווערטל, אז גאט מיט איין האנט שטראפט ער, מיט דער צווייטער היילט ער. אזוי איז דאס געווען אויך מיט דעם שלמהן. אלס סם־מרפא צו דער קרענקונג, וואס ער האט געהאט פון זיין שולמית, האט ער געהאט זיין גן־עדן, זיין גליק. דעם פאטער זיינעם האט אפגעגליקט, ער האט אפגעזוכט א קוזינע אין ארץ־ישראל, און עס זענען געפלויגן בריוו אהין און צוריק. יענע האט צום הונדערטסטן מאל געפרעגט, צי וויל ער טאקע אויף אן אמת קומען און זיך אריינלייגן פאר א ציגל אין בנין פון לאנד? דערויף האט איר דער פאטער, אויך צום הונדערטסטן מאל געענטפערט, אז ער וויל מיט אלע כוחות; ער האט זיך קיין מאל נישט אונטערגענומען צו מאכן פון זיינע קינדער קיין רבנים אדער דאק־טוירים, ער באשטייט שוין, זיי זאלן זיין פראסטע ערד־ארבעטער, נאר אבי על אדמת־הקודש. ווען שלמה האט איבערגעלייענט זיין פאטערס ענט־פער, איז ער אים מיט טרערן שיר נישט ארויפגעפאלן אויפן האלדז. פון דעסט וועגן האט ער אליין אויך אנגעשריבן א בריוו, וואס איז געווען דורכגעווייקט אויף דורך און דורך מיט כלות־הנפש. דערויף האט זי גע־ענטפערט, אז זי קען זיך נישט באשליסן צו ברענגען אהין מענטשן, וואס לעבן אין רוסלאנד אין אלעם גוטן. זיי זענען צו ראמאנטיש געשטימט. אזא פארליבטקייט וואלט געפאסט פאר א יונג מיידעלע, נישט פאר דער־

וואקסענע מענטשן, על כן זאָלן זיי זיך אַ ביסל אָפּקילן די מוחות און ענטפערן ניכטער: צי ווילן זיי טאַקע אַ פאָדערונג אויף אַן אמת. שלמה האָט ביטער געוויינט, באַקומענדיק אָט דעם „קלוגן" בריוו. דער פאָטער האָט אויך אָנגעהויבן פאַרלירן דעם געדולד. ער האָט ווידער אַ מאָל אָנגעשריבן און זי האָט אים ווידער אַ מאָל געענטפערט, און נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע, און ווידער אַ מאָל דאָס זעלבע, ביז דער פאָטער האָט איר שוין אָנגעשריבן גאָר ברוגזלעך, אַז זי זאָל אים ענטפערן קאָנקרעט: זי וויל אים שיקן אַ פאָדערונג, צי ניין? קיינער בעט זי נישט, אים זיין געטרייער, ווי ער איז זיך אַליין. ער איז פעסט אין זיין באַשלוס צו פאָרן, עס מעג דאָרטן זיין כ'וויים ווי שווער. די קוזינע האָט געשפעטיקט מיטן ענטפער. דאָס יינגעלע איז געהאַנגען צווישן הימל און ערד. דער געדאַנק וועגן דער מעגלעכקייט פון קומען קיין ציון האָט אים פאַר גליק געוואָרפן אין היץ און קעלט, נאָר אָט האָט אים זיין זכרון אונטערגעטראָגן פאַליס בילד און זיין שמחה איז מאָמענטאַל פאַרשטערט געוואָרן. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז קוים פאָרן זיי אוועק פון דאַנען, דאַן פאַרלירט ער פאַ־לין אויף אייביק, און אָט דאָס געפיל האָט אים שטאַרק פאַרביטערט זיין לעבן, געטריפט גיפט אין זיין גליק־בעכער. דאָס האָט געדויערט דעם גאַנצן זומער פון יאָר 1924. סליחות־צייט איז ענדלעך אָנגעקומען דער לאַנג־דערוואַרטער בריוו פון דער קוזינע, אַז שיקן פאָדערונגען איז אומ־מעגלעך און שוין. אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוועןָ.

מיט ביטערע טרערן האָט שלמה באַגראָבן טיף אין האַרצן די האָפע־נונג נאָך קומען אַ מאָל קיין ציון, ער האָט זיך אָבער געטרייסט דערמיט, וואָס על־כל־פנים איז ער פאַרבליבן נאָענט לעבן זיין געליבטער פאַלין. דאָס וואָס ער האָט נאָך קיין מאָל מיט דעם מיידל קיין איין וואָרט נישט אויסגערעדט, דאָס וואָס זיי וואַקסן אויף פאַרשידענע פעלדער, דאָס אַלץ האָט דאָס קינד נישט בכח געהאַט צו געדענקען. ער מאָנט דאָך ביי איר גאָרנישט. ער דאַרף נאָר פון צייט צו צייט זי זען, תופס זיין די ענדערונ־גען, וואָס קומען פאָר אין איר חנעוודיקן געשטאַלט. ווער שמועסט, אויב עס זאָל נאָך מעגלעך זיין, אַ מאָל אין אַ יובל, אויך הערן איר כשופדיק קולעכל — דאַן וואָלט ער שוין געווען דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט...

און גאַנץ אומגעריכט איז דערפילט געוואָרן זיין ווונטש, נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, ווי ער אַליין האָט געהאָפט.

נאָך ימים־טובים האָט אפרים־אהרון באַשלאָסן, אַז ער נעמט זיין משפחה אַרויס קיין כמעלניק, און טיילט אָפּ זיין קרעמל פון זיינע על־טערנס. פיל מער ווי עמעצער אַנדערש האָט שלמה פאַרשטאַנען, אַז אָט דאָס אַריבערפאָרן און זיך איינשאַפן אַ זעלבסטשטענדיקן מסחר, באַ־טייט שוין דאָס ענדגילטיקע אָפּזאָגן זיך פון דער נסיעה קיין ארץ ישראל, און דאָך האָט ער נישט געקענט אויסלעשן די פרייד אין זיין האַרצן, וואָס עד פאָרט אין זיין פאַלים שטאָט...

# קאפיטל XI

נאך אנדערטהאלבן יאר נישט זען פאלין, איז שלמה נבהל ונשתומם געווארן, ווען ער האט זי צום ערשטן מאל דערזען. עס האט זיך א מאל איינער אויסגעדריקט, אז מיידלעך האבן אפטלעך א טבע צו וואקסן ווי אויף הייוון. אזוי איז געווען מיט פאלין. כאטש זי איז נאך נישט אלט געווען קיין גאנצע פערצן יאר, דאך האט זי אויסגעזען ווי א פאלנע כלה־מיידל: א הויכע, א ברייט־פלייציקע, מיט לאנגע, שיינע צוויי גאלדענע צעפ פארווארפן אויף פארנט. דאס פנים אירס האט געלויכטן ווי די זון אום תמוז. די אויגן... אממיינסטנס האט שלמה געליטן פון אירע אויגן. זיי האבן אים געשטאכן ביז אין דער זיבעטער ריפ, געלערנט מיט אים א פרק אין „הלכות דרך־ארץ", ברמיזא אים געגעבן אנצוהערן, וואס עס איז דער אונטערשיד צווישן ווירדע און נישטיקייט. אירע געשניצטע הענטעלעך האבן אויסגעזען פוכקער, איר קול איז געווארן ווייכער, ברוסטיקער. די ריינע לופט, דער משוגענער ווילטאג, און דער עיקר: די אידיאלע מנוחה פונעם שטעטלדיקן לעבן, האבן אפגעטון זייער שטיקל ארבעט באמונה. זי איז כמעט אין גאנצן פארענדערט געווארן. זי איז איצט געווען א דערוואקסענע פרוי, אן אמתע פרוי! שלמה האט זיך דערפילט ווי א שנעק קעגן אט דער נישט צוטריטלעכער פרינצעסין. עס איז געווען א מאמענט, ווען ער האט א קלער געטון, אז אפשר האט ער גאר קיין רעכט נישט צו קוקן אויף איר, ביז ער האט מיט זיך אליין קוים איינגעטענהט, אז סוף כל סוף איז זי דאך פארט נישט מער ווי א בשר ודם, און ווען עס איז, וועט זי דאך מן־הסתם זיך נעמען א מאן. אמת, זי וועט שוין נישט נעמען אזא יאלד ווי ער איז, זי וועט שוין נעמען א... מיט איין ווארט, אזוינס און אזעלכעס. אבער פון דעסט וועגן וועט דאך יענעם גליקלעכן נישט בלייבן ווייניקער דערפון, וואס ער, שלמה, וועט זיך אויך דערקוויקן מיט א קוק אויף אט דער שיינער בלום, וואס גאט ברוך־הוא האט ברחמיו העצומים געלאזט וואקסן אויף דער זינדיקער ערד.

און צום סוף האט זיך אלץ איינגעארדנט פיל גרינגער און פיל באקוועמער, ווי ער האט זיך דאס פארגעשטעלט.

אין דעם איז שוין שולדיק געווען איר דערפינדערישער פאטער...

דער פרסום וועגן שלמהס אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן און אומגלויבלעכע לומדות, האט געקלונגען איבער גאנץ כמעלניק ווי אויך איבער אלע ארומיקע שטעטלעך און האט שטארק פארטשעפעט יאנים אויערן. דער דאזיקער יאני איז געווען זייער א קלוגער מענטש, און א פראקטישער סוחר. במילי דעלמא האט אים די וועלט געהאלטן פאר א גאנצן דיפלאמאט, און דערצו איז ער געווען א גרויסער אנהענגער פון בילדונג. ער האט גוט פארשטאנען, אז דאס, וואס שלמה קען לעת־עתה נאר יידיש, און רוסיש פיל ווייניקער ווי זיין קעפל קען פארנעמען, דארף אבער אויף

קיינעם נישט עושה־רושם זיין. מיט זיינע פעאיקייטן קען ער און וועט נאָך זיכער אַלע דערגרייכן. ער האָט אויך געוווסט, אַז זיין טאַטע האָט זייער באַגרענעצטע השגות אין בילדונג. אי השגות, אי יכולת. דאָס קען אַ מאָל קאַליע מאַכן דעם גאַנצן מסחר, נאָר דאָ האָט ער שוין געהאַפּט אויף דער שטיצע פון איר גערעטן פּנימל, ער האָט געוווסט פונעם סוד, אַז: לא נבראתה אשה אלא לנוי... יאַני מיט אפרים־אהרונען זענען געווען שטאַרקע גוטע־ברידער, און יאַני האָט דער ערשטער אין שטעטל געוווסט פון אפרים־אהרונס פּלענער וועגן אַריבערנעמען די משפּחה קיין כמעלניק. ביי דעם ווייט־זעענדיקן, צאַרטן פאָטער האָט זיך אין געהיים אָנגעהויבן וועבן אַ גאָלדענער חלום: „אַן ערלעך קינד, אַ גוט קעפּעלע, אַ שיינע משפּחה, אַ גרויסער יחסן... פאַר וואָס זאָל ער נישט פאַרוואַרפן קיין ווענט־קע״? ביי יעדער מינדסטער געלעגנהייט, און אפילו אָן קיינע געלעגנ־הייטן, האָט דער פאָטער ביי זיך אין שטוב געלויבט אפרים־אהרונס יינגל, געהויבן אים ביז צו די וואָלקנס, געשטעלט אים אַלס מוסטער פאַר זיינע קינדער, מאַנענדיק ביי זיי כאָטש אַ צענטל, כאָטש אַ הונדערטסטל חשק צום לערנען. אַליין נישט וויסנדיק, אַז ער נוצט מיט דעם שלמהן, האָט מנשה דער רב, זייענדיק ביי יאַנין אין שטוב, זיך קיין מאָל נישט געקענט געננוג אָפּלויבן פון זיין זעלטן קרובֿל. דער זיידע שלום, ווען ס׳איז נאָר געקומען צו רייד פון זיין גערעטן אייניקל, האָט אויך נישט געזשאַלעוועט קיין שבחים. דעריבער, ווען שלמה איז נאָר געקומען קיין כמעלניק, איז שוין פאַר אים געווען פריי געמאַכט דער וועג צו יאַנין אין שטוב אַריין. זיין אויטאָריטעט איז דאָרט געשטאַנען שטאַרק הויך.

ווען יאַני האָט דאָס ערשטע מאָל איינגעלאַדן שלמהן אַריינצוקומען אויף דער נאַכט זיצן אַ ביסל, איז ביי אונדזער „יונגן העלד״ שיר די נשמה נישט אַרויסגעשפּרונגען פאַר פרייד. ער האָט זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן און איז געקומען מיט אַ שעה פריער, ווי מען האָט געדאַרפט. דער וויזיט איז געווען כמעט אַן אָפיציעלער. עס זענען אפילו געווען אפ־רים־אהרון מיטן אַלטן שלומען אויך. אויך מנשה מיט די שוועסטערלעך, מיכאל און יחיאל, דער אַלטער שאַיע מיט דער שאַיעכע, מיט נאָך עטלעכע שכנטעס. נאָר איינס האָט נישט געהאַט צום צווייטן. יאַני, דער דיפּלאָמאַט יאַני, האָט דעם גאַנצן עולם פון אָנהייב אָן געגעבן אָנצוהערן, אַז אָט די גאַנצע גדולה איז צוליב שלמהן, אַזוי אַז במילא איז די גאַנצע אויפמערק־זאַמקייט געווען געווענדעט נאָר אויף אים.

איידער די געסט זענען זיך צונויפגעקומען — און אין שטוב איז חוץ יאַנים קינדער קיינער נישט געווען — האָט פאַלי, די שיינע, בליענ־דיקע פאַלי, אין איר גלאַט־גראַנאַטענעם קלייד, מיטן רויטן סעקעלע אויף די אַקסלען, אויפגעהויבן אירע גרויסע הימל־אויגן אויף אים, און אים גענוי באַטראַכט, ווי זי זאָל אים איצט זען צום ערשטן מאָל אין איר לעבן. שלמה איז געשטאַנען קעגן איר מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, ווי פאַר אַ ריכטער. ער האָט די הענט אַרויסגענומען פון די קעשענעס, זיי צוריק

אריינגעלייגט און ווידער אַרויסגענומען. ער האָט זיך גאָר קיין עצה נישט געקענט געבן, ווי אַזוי עס וועט זיין בעסער.

אונטער פיר אויגן איז צווישן זיי פאָרגעקומען אַזאַ שמועס:

— אייך רופט מען שלמה, איאָ?

— יאָ, מיך רופט מען שלמה.

— מיך געדענקט איר נאָך פון זווניגאָראָדקע?

— איך געדענק אייך זייער גוט...

— נאָך זייער גוט? פון ווען איז? איר האָט דען אַ מאָל גערעדט מיט מיר?

— כדי צו געדענקען אַ מענטשן, מוז מען נישט דווקא רעדן מיט אים.

— אָבער איך בין דאָך נאָר געציילטע עטלעכע מאָל געווען ביי אייך אין שטוב, אי דאָס נישט אַלע מאָל ווען איך בין געווען, זענט איר געווען אין דער היים.

שלמה גיט אַ ביטערע שמייכל:

— פלעגט איר, הייסט עס, דווקא יאָ באַמערקן, ווען איך בין יאָ דאָ, און ווען — נישט?

פאָלי ווערט רויט ביז איבער די אויערן:

— איך בין דאָך אַ מענטש, און אַ מענטש האָט אויגן —

אַ לאַנגע ווייַלע שווייגן זיי ביידע, נישט וויסנדיק פון וואָס צו רעדן. ענדלעך קומט פאָלי צו זיך און אינטערעסירט זיך ווייטער:

— שלמה, אייך וועט נישט פאַרדריסן, אויב איך וועל ביי אייך עפּעס פרעגן?

שלמה, אַנשטאָט אַן ענטפער, הייבט אויף אויף איר זיינע ברענענ־דיקע ציגיינער־אויגן, און זי לאָזט די מינוט אַראָפּ די אויגן. דער ענטפער איז אַ דייטלעכער...

— זאָגט מיר כ׳בעט אייך, עס איז אמת, וואָס אַלע דערציילן וועגן אייך?

— אַז איך האָב ליב נאַשעריייען? יאָ, צום באַדויערן איז דאָס אמת.

פאָלי שיסט אויס מיט אַ געלעכטער:

— איר זענט אַזאַ קאָמישער! ווער וואָלט געוווסט, אַז איר זענט אַ נאַשער, ווען איר אַליין דערציילט נישט. נישט דאָס האָב איך געמיינט, איך רעד וועגן אייער לערנען.

שלמה מאַכט אַ תמעוואַטע פנים:

— אַך, וועגן לערנען גאָר? פון וואַנען זאָל איך וויסן, וואָס מען דערציילט וועגן מיר?

— נו, איר ווייסט נישט וואָס? אַז איר זענט... אַז אַלץ אויף דער וועלט האָט איר שוין אויסגעלערנט...

— זאָגט אָט דעם, וואָס דערציילט אייך אַזוינע פזמונות, אַז ער איז אַ גרויסער ליגנער.

— נו, עס הערט זיך גאר אזוי — אלץ... אבער דאס איז דאך אמת, אז איר האט פיל, פיל געלערנט?...

— דאס יא. איך בין לייריק נישט געזעסן.

— און די גאנצע צייט בלויז יידיש?

— יא, בלויז יידיש.

— ווילט איר הייסט עס, ווערן א רב, צי א רבי?

— א רבי ווערט מען נישט, אויב מען איז דאס נישט פון געבוירן. און א רב? וואס עפעס פאלט אייך איין, אז איך מוז ווערן דווקא א רב? פאר וואס נישט לאמיר זאגן א... א שטריקלדרייער?

פאלי צעלאכט זיך:

— א שטריקלדרייער גאר? אפשר גאר א קוימענקערער?

— און איר מיינט, אז א קוימענקערער איז קיין מענטש נישט?

— פאר וואס איז ער קיין מענטש נישט? אבער אויב אזוי, צו וואס זשע דארפט איר זיין אזא געלערנטער?

— כא! יעדער מענטש מוז דאך עפעס וואס־ס'איז נישט־איז זיין. נישט יעדער קען דאך זיין שיין —

ביי פאלין גיט דאס גאנצע בלוט א שלאג אין פנים אריין. א ווײלע שווייגט זי פארלוירן, דערנאך פרעגט זי שטיל:

— און קאמפלימענטן זאגן לערנט אויך די גמרא?

ביי דעם יינגעלע גיבן א פינקל די אייגעלעך:

— ווער הייסט אייך דען נעמען די ווערטער אויפן אייגענעם חשבון און רויט ווערן?

פאלי טרעט איבער פון איין פוס אויפן צווייטן און וויל פארהייבן דעם שמועס. זי פרעגט פלוצלינג:

— און רוסיש האט איר גארנישט געלייענט?

— ניין. דערוויל נישט.

— הייסט עס, קיין שום ליטעראטור נישט?

— פאלי, אנטשולדיקט מיר, נאר איר מישט אויס צוויי גאנץ באזונדערע זאכן. אויף רוסיש האב איך טאקע נישט געלייענט, אבער בכלל ליטעראטור — זייער פיל.

— וואס זשע פאר א ליטעראטור קען דאס זיין, אויב נישט אין רוסיש?

שלמה שענקט איר א בליק פול מיט ביטול און פאלי פארשטייט דעם אומזין פון איר פראגע. זי וויל זיך פארריכטן:

— אנטשולדיקט, איך האב מיך נישט ריכטיק אויסגעדריקט. איך מיין בעלעטריסטיק האט איר אודאי גארנישט געלייענט...

— זעלבסטפארשטענדלעך נישט אזוי פיל ווי איר, נאר אויך זייער פיל.

— און אלץ אויף לשון קודש?

— אויף לשון קודש און אויף יידיש.

— וואָס זשע פאַרא ביכער זענען דאָ אויף די שפּראַכן?

— פאַרשידענע. פון בעלעטריסטיק למשל האָב איך געלייענט: רו־סישע קלאַסיקער, פראַנצויזישע, דייטשע, ענגלישע, נאָרוועגישע און אפילו יאַפּאַנישע און כינעזישע. איך בין זיכער, אַז פיל פון זיי האָט איר אין אייער רוסיש אויך נישט געלייענט.

— מעגלעך טאַקע, אַז ניין... פּרוּווט אָנרופן איניקע פון די אויס־לענדישע —

— פּאָול הייזע, אַלפאָנס דאָדע, פלאָבער, וואָלטער, דרייזער, שילער, היינע, עפּטאָן סינקלער, האַמסון, האַלאַן, בערנאַרד שאָו, וואָלטער סקאָט, סטעפאַן צווייג, סינקעוויטש, וויקטאָר הוגאָ, עמיל זאָלאַ, מאָפּאַסאַן, דיומאַ, האַמסון, אַנאַטאָל פראַנס, און איניקע ווערק פון באַלזאַקן...

פאָלי, שטאַרק איבערראַשט:

— איר האָט רעכט... איניקע פון זיי האָב איך געלייענט און איי־ניקע טאַקע נישט. און איר האָט זיי אַלע געלייענט?

— עס פאַרשטייט זיך נישט אַלע זייערס, נאָר איניקע זאַכן פון יעדן איינציקן, האָב איך אודאי געלייענט. און וואָס עפּעס נאָר דאָס? היינט, פילאָזאָפישע ליטעראַטור איז גאָרנישט?

פאָלי, דערשראָקן:

— פילאָזאָפישע? מאַמע מיינע! דאָס איז דאָך שרעקלעך לאַנג־ווייליק!

שלמה צעלאַכט זיך אויפן קול:

— לאַנגווייליק גאָר? קומט אויס, לויט אייער מיינונג, אַז קאַנט, שאָפּענהאַוער, שפּינאָזאַ, דאַרווין, רוסאָ, ניטשע, דידראָ, לאַסאַל און מאַרקס זענען אַלע נודניקעס געווען?

— גאָט מיינער! און זיי אַלע האָט איר געלייענט?

— נישט קיין סך פון יעדן איינציקן האָב איך געלייענט, ווי דען?

— און שאַך אַ חוץ?

— וואָס פאַר אַ מחותן איז דאָס מיט שאַך?

— און פידל־שפּילן איז אויך נישט קיין מחותן?

— פידל, דאָס איז אַ גאַנץ באַזונדערע זאַך...

פאָלי, אויפגערעגט און פאַררויטלט:

— זענט איר דאָך טאַקע אַ... וואָס מען זאָגט אויף אייך...

— אַ וואָס זשע בין איך? מילא, לאָמיך שוין וויסן.

— זענט איר דאָך טאַקע אַ... אַ נאַשער...

ביידע לאַכן פון איר חכמה.

זיי קוקן זיך שוין גלייך אין די אויגן און אַן אומגעזעענע בריק ווערט אַריבערגעוואָרפן צווישן אָט די צוויי פאַרשידענע נשמות.

שלמה ווערט מיט אַ מאָל ערנסט:

— פון דעסטוועגן איז אַ גרויסער שאָד, וואָס איך איז פרעמד די העברעאישע ליטעראַטור. אין איר זענען פאַראַן אַזוינע הימענטן —

— רופט אָן למשל איינס אזא בוך, נאָר נישט קיין פילאָזאָפיש.

— נישט קיין פילאָזאָפיע... ווער רעדט פון פילאָזאָפיע? פאַראַן א ראָמאַן פון איינעם, אברהם מאפו: אהבת ציון, הייסט ער, וואָלט איר אים געדאַרפט לייענען.

— וואָס עפּעס דווקא איך?

— נישט דווקא איר. אַלע מעגן אים לייענען. נאָר איר באַזונדערס וואָלט זיך געדאַרפט מיט אים באַקענען.

— פאַר וואָס זשע עפּעס איך באַזונדערס?

— ווייל איר זענט זייער, זייער ענלעך אויף תמרן, דער העלדין פון יענעם ראָמאַן.

— ווי אַזוי זאָגט איר? תמר? כ'האָב נישט געהערט קיין מאָל אַזא נאָמען. מיט וואָס זשע בין איך ענלעך צו איר?

— מיט אַ סך זאַכן.

— מיט וועלכע?

— דאָס איז נישט אויף איבערצוגעבן. אַז איר וועט אים אַ מאָל לייענען, וועט איר זיך אַליין איבערצייגן, אַז אַזוי איז דאָס. איר וועט זיך זען, ווי אין אַ שפּיגל...

— וואָס ווייסט איר דען וועגן מיר?

— ס'איז גענוג דאָס, וואָס איך ווייס.

— איר וואָלט מיר געקענט דערציילן דעם אינהאַלט פונעם ראָמאַן?

— אַ פראַגע! אודאי וואָלט איך געקענט, נאָר וואָס וועט די וועלט זאָגן?

פאָלי, העכסט דערשטוינט:

— וועלכע וועלט?

— די וועלט... דער גאַנצער עולם... אַלע באַקאַנטע... ס'וועט זיין, מקשין העולם: אָט דאָס איז ער געקומען צו פאָרן אהער, כדי צו דער־ציילן מיידלעך ראָמאַנען?

פאָלי, מיט אַ מלא־כשופדיקן שמייכל:

— ערשטנס, נישט מיידלעך, נאָר איין מיידל. און נישט ראָמאַנען, נאָר דערווייל ערשט איין ראָמאַן.

שלמה ענטפערט טרויעריק:

— נו, נו, מיט דער צייט וועלן מיר זען... מ'קען נישט אַלץ מיט אַ מאָל... בהדרגהדיק איז גלייכער...

— שלמה, איז וואָס זשע וואָלט איר פון דעסט וועגן געוואָלט זיין, אויב נישט קיין רב?

— כ'ווייס וואָס? איך האָב נאָך דערפון נישט געטראַכט. און איר ווייסט שוין דען, וואָס איר וואָלט געוואָלט זיין?

— אודאי ווייס איך! אַ דאָקטערשע! איך וויל זיין אַ דאָקטערשע, ברענגען נוצן דער מענטשהייט, היילן אָרעמע אומזיסט, אפשר וועט איר זאָגן, אַז אָט די מלאכה איז נישט אינטערעסאַנט?

שלמה פאַרדרייט מיט דער נאָז:

— בלוט... איך קען נישט פאַרליידן קיין בלוט...

— וואָס דען געפעלט אייך?

דעם ייִנגעלעס אויגן פאַרציען זיך מיט אַ דין רויכל. זיין דמיונות־פולער בליק איז אָנגעצילט גלייך אין אירע אויגן:

— מיין גרעסטע האָפענונג איז צו ווערן אַ מאָל אַ שרייבער —

— אַ שרייבער גאָר? אַ־אַ, נישקשהדיק! נישט קיין קליינע השגה... וועגן וואָס זשע וועט איר שרייבן?

ער לאָזט אַראָפּ די אויגן:

— קאַרג שיינע זאַכן זענען דאָ אויף דער וועלט, וועגן וועלכע עס איז כדאי צו שרייבן? אָט האָט דאָך מאַפּו געפונען וועגן וואָס צו שרייבן —

פּאָלי פאַרשטייט, וואָס ער מיינט און שטעלט זיך נישט איין אויף אים אַ קוק צו טון. אינסטינקטיוו פילט זי, אַז אָט דאָס ייִנגעלע וועט זיך זיכער דערשלאָגן צו דעם וואָס ער באַגערט און אַ ווייט פאַרגעפיל באַוועגט אומרואיק איר יונגע ברוסט.

יאַני, פון דער קיך, האָט שוין לאַנג שטילערהייט צוגעקוקט צו די קינדערס שטייען איינס קעגן אַנדערן און צו זייער געשפּרעך. זיין פּאַטער־האַרץ שווימט אין ליכטיקע ווייטן. ער האָט זיך אַליין נישט געריכט, אַז פון דער ערשטער באַגעגעניש זאָלן די קינדער גלייך באַקומען אַ בשות־פותדיקע שפּראַך...

היינט, וואָס וועט שוין זיין, אויב זיי וועלן זיך אָפּט זען?...

שלמה כאַפּט בגניבה אַ קוק אויף פּאָלין: זי איז אין כמעלניק! גע־לויבט השי״ת! זי הערט גוט, זי לעבט איבער זיין דערציילונג. לעת־עתה פאַרלאַנגט ער נישט מער... מיט וואָס ער דאַרף ענדיקן דעם ספּור־המעשה ווייסט ער נאָך אַליין נישט אויף אַקוראַט, כאָטש די קאָנטורן פונעם „סיום" שוועבן פאַר זיינע אויגן פון זינט ער האָט זיך היינט אויף דער נאַכט אויפגעהויבן פונעם בעט. אליעזר עבד אברהם, ווי ער איז נאָר געקומען צום „עין המים", האָט ער שוין געוואָלט וויסן: „ההצליח ד' דרכו אם לא". ער, שלמה, איז נישט אַזוי אומגעדולדיק... תפח רוחם של מחשבי קיצין!...*

אומאָפּהענגיק דערפון, צי ער וועט גלייך אויפן אָרט מצליח זיין, צי ערשט לאחר איזה זמן, פילט ער זיך גוט... ער מוז מנצח זיין! דברים היוצאים מן הלב, נכנסים אל הלב. די השגחה וועט זיך אריינמישן, זיינע הייליקע זיידעס וועלן מרעיש־עולם זיין, ער פילט, אַז ער גייט אויף אַן אייזערנעם בריק. ער טובלט נאָך אַ מאָל זיין בליק אין פּאָלים פאַרנעפּלטע אויגן און נישט מאַכנדיק קיין שהיות דערציילט ער ווייטער:

---

* „זאָל די נשמה אַרויס פון די יעניקע, וואָס האַלטן אין איין אויסרעכענען, ווען דער קץ וועט שוין זיין". פון דער גמרא.

# קאפיטל XII

נאך דעם דאָזיקן אויפדערנאַכט זענען געגאַנגען נאָך פיל אויפדער־נאַכטן. יאַני האָט זיך געוואָרפן אויף אַלערליי המצאות, אַבי מאַכן שלמהן פאַר אַ היימישן מענטשן ביי זיך אין שטוב. שלמה שפּילט שאַך? — ביטע זייער! אַט שפּילט דאָך אַוודאי אויך. פאַר וואָס זשע זאָל ער זיך נישט אַריינכאַפּן מאַכן אַ פּאַרטיע? שלמה שפּילט פידל? — מיטן גרעסטן כבוד, ער האָט שוין געקריגן אַ פידל אויך. דאָס זונדל פון זיין עלטסטן מאַשיניסט דרימבלט אויפן פידל, האָט אים יאַני ביי אים געבאָרגט. אויב עס וועט שלמהן נאָר געפעלן ווערן דער אינסטרומענט, קען ער אים ביי אים קויפן אויך... אַז נישט קען מען פון אומאַן אויסשרייבן אַ נייעם פידל, נישקשה: הזהב קונה את הכל... און שלמה איז דאָך נעבעך זייער נישט גערן אַט די אַלע הזמנות, נאָר ער קען שוין פּשוט נישט אָפּזאָגן. אַז אַ מענטש זשאַלעוועט נישט אַזוי פיל טרחה, דאַרף מען דאָך האָבן יושר... און ער נעמט מיט זיך מיט זיין דינהן פאַר אַ תירוץ, כדי עס זאָל ביי דער וועלט נישט הייסן, אַז ער קריכט אין אַ שטוב אַריין ווו עס איז דאָ אַ שיין מיידל. און ער נעמט דאָס פידעלע און ער גיט אַ פיר מיטן סמיטשיק און עס ווערט אַן אַנלויף פון דער גאַנצער שולגאַס אויף דערהרגעט צו ווערן. ווער עס פּילט זיך היימישער, גייט אַריין אין שטוב אַריין, ווער נישט, שטייט הינטערן פענצטער. שלמהס פינגער אַרבעטן, מיטן אויג נישט צו כאַפּן. און עס נעמט ביים האַרצן, און עס וועקט עפּעס, און עס רופט ערגעץ, און עס טראָגט אַוועק ווי אויף פליגלען. און די אויגן דער־ווייל טוען זייערס: זיי טריפן. אַ טרער פאַר דער קינדהייט; אַ טרער פאַר די כלה־יאָרן; אַ טרער פאַר דער ווייסטער עלטער...

הינטערן פענצטער שושקעט מען זיך:

— ווער שפּילט דאָס?

— שלמה אפרים־זאהרונס.

— ווער? ווער?

— נו, וואָס ווייסטו דאָרט נישט? שלום דודס אייניקל, וועלכער איז ערשט נישט לאַנג געקומען פון זוועניגאָראָדקע.

— אַ־האַ, איך ווייס שוין. אָבער פאַר וואָס עפּעס גאָר ביי יאַנין?

— איך ווייס פאַר וואָס? מן־הסתם האָט מען אים אָהער פאַרבעטן.

— עפּעס פריקרע אויף דער צונג... אַזאַ שנעקל פאַרבעט מען שוין אויף וויזיטן?

— וואָס פרעגסטו מיך? כ'זאָל אַזוי וויסן פון אַ בייזער וועטשערע —

— ניין, ניין, דאָ איז עפּעס נישט פּשוט. אין מיטן מיטוואָך אַ באַל מיט פידלען... קינדער, איך גיב מיין קאָפּ אויף אָפּשניידן אויב דאָ שטעקט נישט עפּעס...

— אַן עק, זאָל שוין זיין שטיל! לאָמיר בעסער הערן!...

פון דער אייבערשטער גאס הייבט מען זיך אויך אן ארויפלאזן צו יאנים פענצטער. א הארבסטיק רעגנדל באזאלצט דעם עולם, אהער א זשמע־ניע, אהין א זשמעניע, ווי א פרומע יידענע זאלצט פליש, נאר זיי קלערן אפילו נישט פון זיך צו צעגיין. שלמה הערט גארנישט און ווייסט פון גאר־נישט. ער זעט פאר זיך נאר, צוגעקאוועטע צו זיין פנים, צוויי פאר לויכ־טנדיקע אויגן: איין פאר געהער צו דינה כאדראוו און די צווייטע — צו פאלין. די ערשטע, כאטש זי איז שוין א דערוואקסענע, א מיידל צו לייטן, איז זי דאך אנטציקט פון דעם קליינעם שלמהס שפילן ביז גאר, מען זעט עס גלייך, זי באהאלט עס נישט. די צווייטע, איז שוין דווקא יינגער פון אים, זי איז אויך אנטציקט, נאר אירע אויגן פארבארגן די גע־פילן. זי האלט זיך פון זיין ברענענדיקן קוק אויף א געוויסער דיסטאנץ. וואס ווייטער, איז קילער. און וואס קילער, איז זיכערער, איז שטילער, איז רואיקער.

נאך דעם, ווי שלמה האט שוין עטלעכע מאל געשפילט, איז מען ביי יאנין אין שטוב געוווינט געווארן, אז שלמה איז א זעלטענער לייענער, און מען בעט אים ער זאל זיי מיט עפעס מכבד זיין. פאלי אליין, מיט איר אייגן מויל בעט אים, ער זאל זיי עפעס לייענען. אין אויסוואל פארלאזט זי זיך אין גאנצן אויף זיין געשמאק, זי זאגט אים דערין נישט קיין דעה. נו, מען דארף דאך זיין פון שטאל און פון אייזן, אז מען זאל אפזאגן אזא מלאך, אז ער בעט. און פאר וואס עפעס זאל ער גאר אפזאגן? ער אליין האט דען ווייניקער חשק צו לייענען, ווי זיי — צו הערן?... ער קלייבט אויס „יאסעלע סאלאוויי", און אין צוויי אוונטן שפילט ער עס ממש אויס... נישט ער לייענט, נאר ער שפילט עס ווי אן ערשט־קלאסיקער ארטיסט. ער זאגט אסתר, און מיינט פאלי. ער זאגט יאסעלע, און מיינט שלמהלע... זיין לייענען פארכשופט אלע בני־בית און אלע איבעריקע געסט. קיינער פון זיי וואלט גאר נישט געגלייבט, אז א ביכל קען האבן אזא נשמה.

ביים געזעגענען זיך וויל פאלי אים דריקן די האנט, ער לאזט אבער אראפ די אויגן פארשעמט: קיין מיידל גיט ער קיין האנט נישט. זי פאר־גלעט גרויסמוטיק זיין פארלוירנקייט און זאגט ווארעם:

— וואס פאר א נפקא מינה, מיט א האנט, צי אן א האנט. א גרויסן, גרויסן דאנק אייך, שלמה, פאר די צוויי אוונטן. מיר האבן אלע געהאט א גרויסן פארגעניגן. יא, זאגט מיר, ווי רופט מען עס יענעם העברעאישן ראמאן, ווו די העלדין איז טאמארא?

— הא, איר מיינט „אהבת ציון"? ביי אייך באקומט זיך אלע אויף גויאיש. תמר איז טאמארא.

— נו, וואס קען איך העלפן? ס'איז נישט מיין שולד. מען האט מיך אזוי געלערנט. ווען מען זאל מיך געוואן לערנען יידיש, וואלט איך געקענט יידיש.

— קענן וואָס זשע האָט איר זיך איצט גראָד דערמאָנט אין „אהבת ציון” ?

— אַ־האַ ! יאָ... איר האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַן אינטערעסאַנטער ראָמאַן, אמת ?

— זייער, זייער אַן אינטערעסאַנטער.

— אַזוי אינטערעסאַנט ווי „יאָסעלע סאָלאָוויי” ?

— ווי אַזוי זאָל איך אייך זאָגן ? צווישן די תקופות, וואָס אָט די צוויי ראָמאַנען נעמען אַרום ליגט אַן אָפּגרונט פון צוויי טויזנט פינף הונדערט יאָר. יענץ קומט פאָר אין די בעסטע יאָרן פון אונדזער גליקלעכער תקופה, און דאָס ביכל וואָס איך האָב אייך היינט געלייענט, איז אַ שווידערלעך בילד פון אונדזער גלות־שטייגער : די פּראַצענטניקעס און די שדכנים, די יאַבעדנע קרעמערלעך און די אָרעמע חזנים. ס'איז שווער צו מאַכן צווישן זיי אַ פּאַראַלעל...

— אָבער דאָך... איך וויל נאָר וויסן אייער פּערזענלעכע מיינונג.

— מיין פּערזענלעכע מיינונג איז, אַז „אהבת ציון” שטייט מיט הונדערט שטאַפּלען העכער. עס איז גאָר קיין פאַרגלייך נישט.

— נאָך העכער ? מאַמע, דו הערסט ? עס איז נאָך דאָ אַ סך אַ שענער בוך, נאָר אויף לשון קודש. הכלל שלמה, איר בלייבט מיר שולדיק אַ חוב.

— אָבער איר וועט מיטן אויסמאָנען אייער חוב נישט זיין געראָטן אין „אַלטער פּעסים” ? *

— ניין איך וועל זיין לייטישער פון אים. אָבער געדענקט, לחלוטין שענקען וועל איך אייך אויך נישט.

— איך בעט ביי אייך נישט קיין מתנות.

יאַני, כלומרשט קוקנדיק אין די חשבונות פון דער מיל, האָט זיך צוגעהערט צו אָט דעם, אין פּלוג אומשולדיקן געשפּרעך, און האָט געטראַכט ביי זיך :

— אַז דער אייבערשטער זאָל האַלטן זיין רעכטע האַנט איבער מיין שטוב, קען אַלץ מעגלעך זיין... מיין בחורטע פאַרליבט, דאַכט זיך, איר גלייכגילטיקייט אין זיין קעגנוואַרט, און ביי דעם קליינעם בעל־דבר גלאַנצן אויך עפּעס די אייגעלעך גאָר פאַרדעכטיק. פאַר זיין געראָטן קעפּל, קען זי קאָמפּענסירן מיט איר פּנימל, און מיר זענען מיט אפּו־ים־אהרונגען קווית ! נישקשה, מען האָט שוין געזען אַזעלכע זאַכן, אַז אַ מאַנספּאַרשוין איז אַלץ מקריב פאַר אַ צורהלע, וואָס איז ליב.

אויף צוריקוועגס פון יאַנין האָט שלמה מיט זיין שוועסטער נישט אויסגערעדט קיין איין און איינציק וואָרט. אין זיין האַרצן האָבן געזונגען מויזנטער סאָלאָווייען. פּאָלים דאַנק האָט אים צערטלעך געגלעט די נשמה.

---

* אַ נאָמען פון אַ העסלעכן פּראַצענטניק אין שלום־עליכמס בוך: „יאָסעלע סאָלאָוויי”. אַ מין גאָבסעק ביי באַלזאַקן.

זי האָט אים געוואָלט אַ קוועטש טון די האַנט... זי — אים... ווײ, ווײ, וואָס וואָלט געווען, ווען ער זאָל זי געווען לאָזן נעמען זײַן האַנט אין אירער? עס וועט דאָך דאָס סוף כל סוף אַ מאָל טון עמעצער. נאָר וואָס רעדט ער? ווי אַזוי וואָלט ער נאָך דעם אויפגעהויבן די אויגן אַ קוק צו טון אויפן טאַטן? אויפן זיידן? צי אויף מנשהן? יאָ, עס האָט אַ שיין פּנים, אַ ייִנגל פון „חובות הלבבות”, אַ ייִנגל וואָס האַלט אין ענדיקן תּלמוד־ירושלמי, כמעט אַ ראוי להוראה, און כאַפּט זיך גאָר אַרום מיט מיידלעך... ער האָט אַזוי אויך פאַרלייקנט פאַרן טאַטן, ווו ער איז נעכטן געווען, און ווער קען וויסן, צי דער ליגן וועט נאָך היינט אויך אַנגיין פאַר גוט געלט?

און זײַן האַרץ האָט אים נישט אָפּגענאַרט...

אין דער היים, הינטער דער טיר, האָבן זיי לאַנג געקלאַפּט. געעפנט האָט זיי דער פאָטער אַליין, אַ בייזער, אַ פאַרוואָלקנטער. אַרײַנגעלאָזט די קינדער, האָט ער אַליין גענומען זוכן די שוועבעלעך. זײַן האַלב־נאַכטיקע געטריישאַפט און דאָס שלייכן מיט די באָרוועסע פיס איבערן פּאָל האָבן עפּעס אָנגעזאָגט נישט קיין גוטס. ביי שלמהן האָט זיך פון אָט דעם שוויי־גנדיקן, נאָר דראָענדיקן „זוכעניש”, אָפּגעריסן אינעווייניק. ער האָט דער־פילט אַ שטורעם, אַזוי ווי די קעמלען אין דער סאַכאַראַ דערשמעקן שוין אַ סאַמום פאַר אַ סך מײַלן. דער פאָטער האָט ענדלעך אָנגעצונדן דעם לאָמפּ, אַרויפגעצויגן אויף זיך די הויזן, און קוקנדיק שלמהן גלייך אין די אויגן אַרײַן האָט ער געפרעגט:

— פון וואַנען קומסטו עס איצט אָן בשעת טובה ומוצלחת, תּכשיט מײַנער?

שלמה האָט דערפילט, אַז דער פאָטער ווייסט אַלץ, און האָט שווער געשוויגן.

— וואָס שטומסטו, וואָס? ביסט מיך מכבד מיט אַ פאַרציע שווייגע־ניש, ביסטו מיך? איך וועל נאָך לאַנג וואַרטן אויף אַן ענטפער?

שלמה האָט גוט געפילט, אַז ער טאָר מער נישט שווייגן ווייל די לאַנגע ווערט געפערלעך, אָבער וואָס האָט ער געקענט ענטפערן?

אַ פלאַמענדיקער פּליאַסק איבערן גאַנצן פּנים, האָט אָנגעצונדן די גאַנצע שטוב. סנאָפּעס פונקען האָבן זיך אַ שאָט געטון פון שלמהס אויגן אויף רעכטס און אויף לינקס. אַ ווײַלע האָט ער אפילו נישט געוווּסט, ווו ער געפינט זיך, נאָר זײַן פאָטערס דונערנדיקע שטימע האָט אים אומגע־קערט צו זיך:

— אָט דאָס קריך איך פון דער הויט דיך אויסצוהאָלטן אויף אַלעם גרייטן, כדי דו זאָלסט קענען גיין צו יאַנים מויד און איר לייענען תּחינות?

— פאַר וואָס עפּעס איר? עס זענען געווען אין שטוב מער ווי צען מענטשן —

— אַ־האַ, תּירוצימלעך! מען קען זיי, מען קען זיי... אם ראית גנב

— ותרץ עמו... * מיך וועסטו אפנארן? דו האסט דאך דינהן אויך מיטגענומען פאר א היתרל, ס'זאל הייסן, אז כלומהשט גייט זי גאר צו פאלין און דו — צו אווראמען. צי דו מיינסט אפשר, אז איך בין גאר קיין מבין נישט אויף דיינע המצאות? איך בין א גוטער מבין אויף א טשאד און אויף דיינע פלאכע שמד־שטיק — אודאי און אודאי! ער האט זיך אפגעזוכט א קאמפאניאן, האט ער זיך אפגעזוכט... אווראמען, א יינגל, וואס קען קיין עברי נישט... זיך שיין אויסגעהאנדלט!...

— אז מען שפילט מיט אים אין שאך, הייסט ער שוין א קאמפאניאן?

— שוויג, דו עזותניק! דו וועסט זיך נאך מיט מיר מפלפל זיין? ער קען זיך נאך די נאז נישט אפווישן, ווי עס דארף צו זיין, און ער וועט שוין ביי מיר גיין מאכן לאכנדיק מיידן! נו־נו, טאמער האב איך וויניק אנשיקעניש אויף מיין קאפ, האט מיר גאט באשערט א יאני מיט א מודה־אני... הער, וואס איך זאג דיר אן: דיין פוס זאל מער נישט אריבערטרעטן איבער יאנים שוועל, סיידן איך וועל דיך צו אים שיקן. ברוך־השם, דיין שטיקל ברויט פארדינען, שיק איך דיך נאך דערווייל נישט? זאלסטו מיר זיצן און לערנען פון אין דער פרי ביז נאכט. דו מיינסט, אז ס'איז דיר אין זוועניגאראדקע מיט די טריף־פסולען, מיט די פאליאקן, מיט די שאכן, מיט די פידלען מיט נאך כ'ווייס וועלכע דער רוח ווייסט וואס? לא מיט אן אלף! דא בין איך דא! דו וועסט ערשט געוווירווערן, וואס ס'הייסט א טאטע אויף זיך. כ'האב צוליב דעם אויך ארויסגענומען קיין כמעלניק, כדי דו זאלסט נישט וואקסן אין סטויבער אריין. אויס! אויס ליובקעס, אויס ביכלעך־שמיכלעך! אדער זיי א מענטש, אדער פאשאל וואן פון דער שטוב! גענוג זיך געניאנטשעט מיט דיר! געלייענט זאל ווערן „קריאת שמע” און אין בעט אריין — מארש!

ווען דער פאטער איז שוין איינגעשלאפן, איז דינה אראפ א בארוועסע, אין דער פינצטער אנגעטאפט שלמהס באנקבעטל און אים שעפטשענדיק געזאגט:

— נו, שלמה, האב איך דיר אפשר נישט געזאגט דאס אייגענע? איך האב דיר נאך נעכטן געזאגט: שלמה, מען דארף נישט! הער אויף צו גיין אהין, קיין וועלט נארט מען נישט אפ. אלע שכנטעס וועלן איצט רעדן דערפון, אז גאנצע נעכט זיצסטו איבער ביי יאנים מיידל. איך האב דיך געווארנט, צי ניין? האסטו מיך נישט געוואלט הערן, איז אט האסטו דיר! און מיינסט אפשר, אז דער טאטע איז נישט גערעכט? נאך ווי אזוי גערעכט? וואס דען, אין דיינע יארן לויפט מען זיך שוין נאך מיידלעך?

יענע נאכט האט שלמה מיט קיין אויג נישט צוגעטון. אים האט נאך ווי געטון דאס גאנצע האלבע פנים, אבער נישט דאס איז געווען די סיבה

---

* פון תהילים. בדרך הלצה געמיינט: וו דו טרעפסט אַ גנב, האט ער דיר עפּעס אַ תירוץ.

פון זיין נישט קענען אנטשלאָפן ווערן. אים האָט ווי געטון, וואָס די טויערן פון זיין גן־עדן האָבן זיך פאַרמאַכט אַזוי גיך און אַזוי אומברחמנותדיק. ער האָט איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן. פאַר זיינע אויגן איז אַרויסגעשוווּמען פאַלים צויבערנדיק קעפּל, אירע שטראַלנדיקע אויגן, און ער האָט געפילט, אַז עס איז אים זייער שלעכט. ער וועט זיך אייביק נישט קענען באַפרייען פון די גאָלדענע קייטן, וואָס אָט דאָס מיידל טוט אָן אויף אים.

י א היפּשע ווײַלע געוועלטיקט אין צימער אַ טיפע שטילקייט. די ליימענע־שיין פון דעם איינגעדרימלטן לעמפּעלע גיסט אָן יעדן חפץ מיט אַזאַ מין שווערער מאַסע; דער עלעקטרישער זייגער זינגט זיין ניגון אונטער דער נאָז, כאָרכלענדיק און שנאָרכנדיק ווי פונעם שלאָף; די וואַסער אין קראַן זשומעט אין דער שטיל, ווי אַ סאַמאָוואַר בעת דער גסיסה; די ראַדיאָ איז אויסגעשלאָסן; די פענצטער — זאָרגעוודיק פאַרקלעפּט, פאַרשאָטן מיט זאַמד און באַשטעקט מיט הילצערנע קוילן; קיין מינדסטער שאָרך שטערט נישט די מנוחה פון דעם ענגן פאַמיליע־קרייז, וואָס האָבן מיט זייערע בענקלעך — אַליין דאָס נישט באַמערקנדיק — אַרומגערינגלט דאָס בענקל פונעם גאַסט, און — אַליין דאָס נישט פילנדיק — זיך דורשטיק איינגעזויגן אין זיין בלייכן געזיכט. שלמה זיצט איינגעהויקערט אונטער דער משא פון די זכרונות ימי־קדומים. ווען ער הייבט אויף די אויגן און באַגעגנט זיך מיט יאַנים גלעטנדיקן בליק, פרעגט ער מיט אַ שעמעוודיקן שמייכל:

— פאַר וואָס טרייבט איר מיך נאָך נישט אַרויס? אייך שלעפערט נאָך נישט? ס'איז דאָך שוין שפּעט... ווען וועט איר זיך שוין לייגן שלאָפן און ווען קענט איר שוין אויפשטיין?

יאַני גיט אים אַ גלעט איבער דער קני:

— דו רעדסט שטותים... שלאָפן גאָר... ווער וויל עס שלאָפן? דו וועסט מיר גלייבן שלמה? און פאַר וואָס זאָלסטו מיר נישט גלייבן, איך גיי דאָך דיר נישט מאַכן קיין קאָמפּלימענטן... יאָ, וואָס זשע האָב איך געוואָלט זאָגן?... איך זאָג: וויפל איז דען ערשט דאָ, זינט דו דערציילסט, און מיר דאַכט זיך, אַז איך שוועב צוריק אַרום אין יענע ליבהאַרציקע מקומות, פון וואַנען מיר זענען, בעוונותינו הרבים, פאַרטריבן געוואָרן; אַז איך אָטעם ווידער מיט יענער געבענטשטער לופט פון די אבות־אבותינו, מיט דער הייליקער לופט פון יענע יידן, וואָס די וויסטע קאָלכאָזן און די צוקער־זיסע בירא־בידזשאַנעס, האָבן זיי פאַר דער צייט פאַרטריבן אין קבר אַריין... דו דערציילסט, און עס זעט עפּעס אויס, ווי מען פאַרט לאַנגזאַם אַרויס פון אַ שטעטל, דאָס פורל שלעפּט זיך פּוסטרים פאַר יעדעס געסל, פאַרביי יעדעס הייזל... נאָר אָט, אויפהייבנדיק זיך אויפן באַרג, וואָס מחוץ לעיר, דערזעסטו מיט אַ מאָל דאָס גאַנצע שטעטל פאַר זיך ווי אויף דער דלאָניע. די געסלעך האָבן זיך צונויפגעדריקט, די הייזער אַרויפגעפאָרן איינס אויפן אַנדערן, דער גאַנצער ישוב זעט אויס

אזוי קליין, אזוי איינגעשרומפּן, אז עס כאַפּט אַזש אָן אַ געוויין, עס נעמט אָן ביים האַרצן: גוואַלד, פאַר וואָס איז ער בשעתו געווען אַזוי נעבעכדיק, אַזוי שפּלדיק ביי זיך... עס גלייבט זיך דיר קוים, אַז ערשט נישט לאַנג האָסטו זיך דאָרטן אויך געפּונען, אַז ערשט נישט לאַנג האָסטו זיך דאָרטן געשלעפּט ווי אַ טשערעפּאַכע... דערציייל, דערציייל, מאַך זיך נישט נאַריש, שלאָפן איז אים איינגעפאַלן... אויך אַן עסק... דערציייל זשע, דערזעענדיק זיך אַליין אין קינדערשפּיגל, דערפילט מען זיך עפּעס ווי אָפּגעפרישט... ווי שטייט דאָרטן: המראה מביא לידי זכרון...

שלמה נאָכדענקענדיק אַ ביסל, און נישט קוקנדיק אויף קיינעם:

— און מיר, מיינט איר, ווילט זיך דען נישט זיך אומקוקן הינטער זיך? איך האָב דען נישט דעם זעלבן חשק וואָס איר, נאָך אַ מאָל צו זען פאַר זיך די שטיבלעך און די געסלעך, ווו איך האָב אַזוי אומבאַטעמט מקבר געווען די קינדעריאָרן? און בכלל, איידער מען גייט זאָגן: „מחל לנו, כפר לנו", איז תמיד בעסער פריער אָפּצוזאָגן דעם גאַנצן „על חטא"... פון אייביק אָן איז מען זיך אַזוי נוהג, איידער מען גייט זאָגן: „לכו נא ונוכחה", זאָגט מען פריער אָפּ: „אתה זוכר", „אתה נגלית", און „מפני חטאינו"... ווער שמועסט נאָך, אויב אייך איז דאָס ליב, איז מיר אודאי און אודאי ניחא... וועל איך שוין מער נישט פרעגן... דע־צייל איך הייסט עס...

# קאפיטל XIII

...דער הארבסט האָט זיך אָפּגעטראָגן. עס האָט זיך אוועקגעלייגט א שניי. אויף די יארידים פלעגט מען שוין פאָרן נאָר מיט שליטנס. שלמה איז גאַנצע טעג איבערגעזעסן ביי מנשהן אין שטוב איינגעבויגן איבערן ספר. דער וועג צו יאַנים שטוב איז פאַר אים פאַרוואַקסן געוואָרן. מיט יאַנין פלעגט ער זיך אָפּט באַגעגענען אין שול, אָבער יענער האָט אים שוין מער נישט איינגעלאַדן צו זיך מיט קיין וויזיטן. עס ווייזט אויס, אז אפ־רים־אהרון האָט אים אויך אָפּגעגעבן א פסק. שלמהס פאָטער איז שוין לאַנג געווען אָפּגעטיילט פון זיינע עלטערן, באַזונדער געפירט ביי זיך אין שטוב א קלייט, באַזונדער אויף די יארידים געפאָרן און זיך דאָרטן גע־מוזט באַגיין מיט צוגעדונגענע מיטהעלפערס. די וואָך, וואָס פאַר חנוכה האָט אפרים־אהרון מיטגענומען שלמהן קיין ליסינקע אויפן יאריד. דאָס איז חלילה נישט געטון געוואָרן מיט קיין ווייטגייענדיקער כוונה. — וואָס? ער מיינט דאָ זיך איינשפּאָרן די בידנע עטלעכע רובל, וואָס דאָס געדונ־גענע יינגעלע נעמט פאַרן טאָג העלפן? חס ושלום! א שיין פּנים האָט עס... גלאַט, קיין שטאַרקער פראָסט איז נישט, און א פּעלצל מיט פוישטן האָט ער גוטע... היינט, פאַר וואָס נישט? א קינד זיצט גאַנצע טעג פאַר־שפּאַרט ביים ספר, זאָל ער זיך א מאָל דורכפאָרן אויף דער פרייער לופט. ביי א יינגל איז דאָס א גאַנצער קרן. און שלמה איז געפאָרן...

דער אָנהייב איז געווען אין א גוטער שעה.

שלמה איז געפאָרן איין מאָל אויף „פרייער לופט" און נאָך איין מאָל אויף פרייער לופט, און שוין פיל מאָל אָן דעם אויסרייד פון פרייער לופט און ס'איז אוועק א סדרה: ויסעו ויחנו, ויסעו ויחנו... דער פאָטער האָט גאָר אַנטדעקט אין אים א גאַנצן טאַלאַנט צו קרעמעריי. עס איז גאָר קיין דמיון נישט צום געדונגענעם יינגעלע. מיט פרעמדע הענט איז נאָר גוט פייער שאַרן. און שלמה איז געפאָרן ווינטער, און שלמה איז געפאָרן זומער. און שלמה איז געוואָרן א פאָלנער יארידניק מיט אַלע ת"גן, נאָר מיט דעם אונטערשיד, אז ווען זיינע נייע קאָלעגן פלעגן זייערע פרייע שעהן, אין שטעטל אָדער, אויף דער פור פאַרנדיק, פטרן אויף פוסטע שמוּ־עסן, פלעגט דאַמאָלסט שלמה נישט אַרויסנעמען די אויגן פונעם ביכל. ביכער זענען אים געווען נייטיקער פון לופט. אין דעם טאָג, וואָס עס איז אים אויסגעגאַנגען ביכער צום לייענען, איז ער ממש קראַנק געוואָרן. נישט האָבנדיק געהנוג קיין יידישע, האָט ער באַאין־ברירה אָנגעהויבן לייענען רו־סישע ביכער און האָט ביסלעכווייז באַהערשט די שפּראַך אַזוי גוט ווי יידיש און העברעאיש. דאָס לערנען האָט ער שוין אין גאַנצן פאַרוואָרפן, ווייל פון נאָך הבדלה ביז ליכט־צינדן איז ער געווען „איינגעשפּאַנט אין אקער". פּאַוואָלינקע, פּאַוואָלינקע האָט ער ביי זיין פאָטער איבערגענומען די הויפּט־ראָל אין מסחר און עס האָט שוין געקענט הייסן, אז דער פאָ־טער העלפט אים, נישט ער דעם פאָטער.

די קינדערלעך זענען אונטערגעוואַקסן. די הוצאה איז געוואָרן גרע־

סער, דאָס לעבן שווערער. די שטענדיקע נויט, דאָס אייביקע דחקות, דער שטייגער פון אַרויסקריכן פון איין פּראָצענטניק, נאָר דורך אַריינקריכן צו אַ צווייטן, דאָס אַלץ האָט אים פאַרשלונגען פון קאָפּ ביז פיס. אָבער דאָס אַלטע ארון־קודשל אין זיין האַרצן איז געווען גאַנץ און אָפּגעהיט. אמת, ארץ־ישראל איז געווען ווייט און נישט צו דערגרייכן, במילא איז דאָס בענקען אויך געוואָרן שוואַכער. פאַלי אָבער האָט געוווינט פינף מינוט גאַנג פון זייער שטוב. פונעם בית־המדרש האָט מען אַרויסגעזען די פענצטער פון זייער זאַל. אָפט מאָל פלעגט ער זי בשעת דעם דאַווענען זען פאַרבייגיין: אַ שיינע, אַ פּרעכטיקע, נאָר אַ ווייטע. אירע צעשאָטענע האָר איבער די אַקסלען האָבן ווי מיט ריטער געקאַטעוועט זיין לייב: זי פאַרפלעכט זיי שוין נישט אין צעפּעלעך מיט רויטע סטענגעלעך — שוין אַ גרויסע! קיינער פלעגט אין דער וואָכן נישט אַרויסגיין אַזוי רייך געקליידעט ווי זי; קיינער האָט אַזוי שטאָלץ נישט געטראָגן דעם קאָפּ ווי זי; אגב, קיינער אין שטעטל איז אויך נישט געווען אַזוי אַנטציקט פון איר שיינקייט ווי זי אַליין... שלמה האָט דאָס אַלץ געפילט. ער פלעגט חלשן נאָך אירן אַ בליק, נאָך איר קול. נאָר צווישן זיי איז אויסגעוואַקסן אַ וואַנט. שלמה האָט גוט געוווסט, אַז דערמיט, וואָס ער איז אַצינד אַ גאַנצער פרנסה־געבער, איז זיין טאַטנס מאַכט איבער אים אַ ביסל אָפּגעשוואַכט געוואָרן. און בכלל, צו אַ שניטקרעמער קען מען זיך שוין נישט באַציען אַזוי שטרענג ווי צו אַן עלוי. ער מעג שוין איצט טון פיל זאַכן, וואָס פאַר זיין „ערשטן גלגול" האָט אפשר נישט געפּאַסט. שלמה ווייסט גאַנץ גוט, אַז... כ'וויים? ווען ער זאָל שוין איצט אפילו אַוועקגיין אין אַ וואַלד שפּאַצירן ביחידות מיט אַ מיידל, אַבי אַן אָנשטענדיק קינד, וועט ער שוין פון זיין טאַטן קיין פּאַטש נישט כאַפּן. עס זענען שוין פאַריבער יענע צייטן פון פּעטש. הייַנט, ווען ער זאָל חלילה ברוגז ווערן און נישט וועלן פאָרן אויף קיין יאַריד אָדער קיין זווענינאָראָדקע נאָך סחורה, שטעלט זיך אָפּ זייער גאַנצע פרנסה, איז אויף מאָרגן נישטאָ אין מאַרק אַריין. דער טאַטע קען אַ מאָל אָפּזידלען, ברוגז ווערן, אפילו אויפהערן צו רעדן מיט אים, אָבער מיט די הענט — פּאַוואָליע!...

נאָר כאָטש ער ווייסט דאָס אַלץ זייער גוט, פון דעסט וועגן גייט ער צו יאַנין אין שטוב אַריין סיי ווי סיי נישט. צווישן אים מיט פאָלין ליגט אַצינד אַ מרחק רב, אַן עקאָנאָמישער אָפּגרונט. יאַני איז אַ ייד מיט צוויי מילן, דער גרעסטער נגיד אין שטעטל, בעלי־בתים שושקען זיך: דער יונגערמאַן באָדט זיך אין גאָלד און ווייסט גאָר דערמיט נישט וואָס צו טון. זי, איז דאָס געפּעסטעטע טעכטערל. אסתר בלאָזט איר ממש אָפּ די טריט, לאָזט אויף איר קיין שטויבעלע נישט פאַלן, קיין איבעריק מאָל זיך נישט אָנבויגן, און זי, פאַלי, ווייסט, אַז עס קומט איר דאָס אַלץ. צו איר פּנים, צו אירע אויגן, צו אירע האָר — פּאַסט נישט אַנדערש. זי איז אָנגעטון אין עסיג און אין האָניק. פונעם אויפשטיין ביזן לייגן זיך גייט זי אַרום ווי אַ פּאַווע, ווי אַ בת־מלכה פון די פאָלקס־מעשהלעך. די בעסטע לערערס

פונעם שטעטל גייען דווקא אַריין צו זיי אין שטוב, נאָר זי איז אַ ביסל ראָפּוילבלעך צום לערנען. לערנען זיך איז אַ ביסל לאַנגווייליק. לייענען ראָמאַנען איז פיל פרייִלעכער, אינטערעסאַנטער. און ביכער ברענגט מען איר ספּעציעל פון זווניגאָראָדקע. טרעפט זיך אַ געלעגנהייט פון אומאַן, איז פון אומאַן. פון קיעוו, איז פון קיעוו. אַנומלט איז דער אַפּטייקער געפאָרן קיין מאָסקווע זיך זען מיט אַ ברודער, איז יאַני ספּעציעל אַוועקגעגאַנגען צו אים, איבערגעגעבן אַ צעטל פון ביכער און זשורנאַלן. און יענער האָט טאַקע געבראַכט. יאַנין אָפּזאָגן, איז דען מעגלעך? אַזאַ לייטישער מענטש, און אַזאַ עושר! און פּאָלי — נאָכן אָפּעסן צוויי געבראָטענע טייבעלעך און נאָכן פאַרבייסן מיט דעם שמעקנדיקן קאָמפּאָט — שפּאַרט זיך נעבעך צו אויף דער ווייכער סאָפע, לייגט זיך אונטער אַ זיידן קישעלע אונטער דער זייט און שלינגט איין ראָמאַן נאָכן צווייטן. קומט דער לערער פון מאַטעמאַטיק, וואַרט ער אויס ביז די פּריצטע ענדיקט דאָס קאַפּיטל און ערשט דערנאָך שמועסט מען אַ ביסל גלאַט אין דער וועלט אַריין און מען שפּילט אַ דאָמינאָ. קומט דער לערער פון שפּראַך און ליטעראַטור, זעצט זי אים אַוועק מיט אַוראַמען שפּילן אַ דאַמקע און אַליין טוט זי אירס. אַ קאַלענדער האָט זי אויך אַ גאַנץ באַזונדערן: די צייט רעכנט זיך ביי איר לויט די ביכער, וואָס זי האָט איבערגעלייענט. יענץ קלייד האָט מען אַוועקגעגעבן נייען אין דער וואָך, וואָס זי האָט געלייענט טורגעניעוון; פון דעם פעטער שמואליקן איז געווען אַ בריוו, פּונקט ווען זי האָט געענדיקט „מאָנט אָריאָל" פון מאָפּאַסאַן; די טשערקאַסער טרופּע האָט גאַסטראָלירט פּונקט ווען זי האָט אָנגעהויבן גאָרקיס „מוטער".

שלמה דאַקעגן איז געווען אַן אָרעמער האָראָפּאַשניק. פאַרוויסט און פאַרוואָגלט אַ גאַנצע וואָך. אַ גאַנץ יאָר! דער אַנצוג — פון דעם סאַמע פּראָסטן מאַטעריאַל. שטענדיק דורכגעזאַפּט מיט שטויב פון די וועגן און מיט סמאָלע פון די רעדער. ווי אַזוי גייט מען דאָס אַריין מיט אַזאַ הולך אין יענעם סאַלאָן מיט די פּליושענע טישטעכער אין דער וואָכן, מיט די ניקלנע בעטן און שפּיגלדיקע שאַפעס? וואָס דען, אפשר זיך נעמען איבערטון אין מיטן דערינען? וועט דאָך גאַנץ כמעלניק גלייך באַמערקן, אַז ער גייט „ערגעץ". יאַני אַליין וועט אים דאָך אָנקוקן ווי אַ משוגענעם, ווען ער זאָל זיך פאַרפּוצן אין מיטן מיטוואָך אינעם שבתדיקן אַנצוג. אלא וואָס דען, שבת? איז שבת — זאָגט דער טאַטע — דאַרף מען נעמען אַ יידיש וואָרט אין מויל, אויב מען האָט אַזוי פאַרזינדיקט און מען איז אַ גאַנצע וואָך משועבד צו דעם פאַרוויסטן שטיקל לחם־עוני. די ראשי־תיבות פון שבת — זאָגט דער טאַטע זיין אייגענעם איינפאַל — איז נישט: „שנה בשבת תענוג", שלאָפן הייסט עס, נאָר „שינון", לערנען. זעלבסטפאַרשטענדלעך, דער וואָס לערנט אַ גאַנצע וואָך, קען זיך שבת פאַרגינען אַ ביסל בטלענען, אַ ביסל שפּאַצירן, דרימלען וכדומה, אדרבה, ער טאָר נאָר אום שבת נישט לערנען מיט אַזאַ התמדה ווי אין דער וואָכן, אלא נישט, הייסט עס, כעין עובדא דחול, אָבער דער וואָס האָט פאַרזינדיקט

און מוז אַ גאַנצע וואָך עוסק זיין בפּרקמטיא, דער מוז שבת סילוקן זיין חוב כלפּי בוראו, דער מוז דעם גאַנצן שבתדיקן מעת-לעת זיין אַ אינו זז מד׳ אמות של הלכה. אָט אַזעלכע ראיות און נאָך ענלעכע סברות ברענגט דער פּאָטער שלמהן, ווי אַזוי מען מוז שאַנעווען דעם געשענקטן שבת-קודש. און שלמה, וואָס זאָל ער נעבעך טון? גיין קעגן פּאָטער אויף אַן אָפּענער מלחמה? בקיצור, גייט ער טאַקע „אַהין" שבת אויך נישט.

האַלב צייט פון זיין לעבן, סיי זומער, סיי ווינטער, פאַרברענגט שלמה אונטערן הימל. אויפן יאַריד פאָרנדיק; פונעם יאַריד פאָרנדיק; היינט אַ גאַנצן טאָג ביי דער שטעל, און דערצו נאָך קומט אויס גאָר-גאָר אָפט אונטערצונעכטיקן אין אַ דערפל, צווישן ווענעראָד און ליסינקע, אָדער צווישן בערענקע און כמעלניק.

אַלע פאַרשוינען שלאָפן געשמאַק, זומער אין דרויסן אויפן שמעקנדיקן היי, ווינטער אין שטוב אויף דעם שטרוי ביים אָנגעהייצטן אויוון. איין שלמהן נעמט קיין שלאָף נישט. אויף די שפּיץ-פינגער גנבעט ער זיך ארויס פון צווישן די שלאָפנדיקע און גייט אַרויס פונעם הויף. די דאָרפישע הינט האַווקען שלעפעריק אויף דער לבנה. זעלטן ווען הערט זיך אַ תאוהדיקער הירזשע פון אַ פערד, אָדער אַ פאַרבענקטער מע-ע-ע... שלמה גייט אַרויס פונעם דערפל, די נאַכט איז אַ ליכטיקע ווי ביי טאָג, און ס׳איז היילּיק-שטיל — לו דומיה תהלה... דער מילכוועג צערוקט די ווענטלעך און לאָזט אַראָפּפאַלן אַ שטערן — אין זה כי אם בית-אלהים וזה שער השמים... די גאַנצע בריאה האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם, הערט זיך אין עפּעס איין, קוקט זיך אין עפּעס איין, רואים את הנשמע, שומעים את הנראה, און דאָס אַלץ מיט אַ שרעקלעכער שטילקייט — אין אומר ואין דברים, בלי נשמע קולם... אין געהיימניספולן אין-סוף טראָגט זיך אַרום אַ סוד, דער סוד-היצירה. אין די שטומע ביינאַכטיקע שעהן שאַפט זיך די וועלט איבער — המחדש בכל יום תמיד מעשה-בראשית... און אַלע גאַנצפרי טרעפט דער קרוץ-מחומר פאַר זיך אַ נייע וועלט — חדשים לבקרים... און אַז אויף דער הימל-יריעה טראָגט זיך פלוצלינג פאַרביי אַ וואָלקנדל, איז דאָס אויך גאַנץ פאַרשטענדלעך — אל מסתתר בשפריר חביון... אין התפעלות פאַר דער נאַקעטער געטלעכקייט לאָזט זיך שלמה אַראָפּ אויף דער ערד, גראָבט איין זיין ברענענדיק פנים אין דעם פייכטן גראָז און אין הארצן וויינט עפּעס... בת קול מנהמת כיונה... עס ציטערט אַ דינינקע סטרונע. קיינעמס אויער קען נישט אויפכאַפּן אָט די אומגעהערטע יבבות, נאָר — גאָטס. דאָס זענען קולות נישט פאַר קיין מענטשלעכן אויער. זיי וויינען, זיי קלאָגן יאָמערלעך:

— רבונו של עולם, דו האָסט דיר אויפגעשטעלט אַזאַ גרויסע וועלט מיט אַלערליי מינים מענטשן; דו האָסט להתפאר בה באַשאַפן אַזאַ זעלטן שיינע געשטאַלט ווי די דאָזיקע פאַלי; האָסט איר געגעבן אַלע פאַרגעניגנס פון דער וועלט. אויף צו ווייזן, וואָס עס הייסט: זה לעומת זה, האָסטו אין צווייטן עק פונעם שטעטל באַשאַפן אַ פּראָסט אָרעם בחורל, וואָס

מוז אויף זיך שלעפּן דעם עול פון פּרנסה דריי הונדערט פינף און זעכציק טעג אין יאָר, און ערשט דערנאָך לעבט מען אין שטוב אַ גאַנצע וואָך מיט אַ טעלער קרופּניק. וואָלט איך שוין אויף דיין אָרט געמאַכט אַזוי, אַז אָט דאָס יינגל זאָל אפילו נישט קענען אָט דאָס מיידל, צי וואָס? אָדער אויב ער מוז זי שוין יאָ קענען, זאָל ער האָבן אויגן און נישט זען, אויערן און נישט הערן, אַ האַרץ און נישט פילן. ניין, דאַרפסטו מאַכן אַזוי, אַז דער סאַמע אָרעמסטער, דער סאַמע דערשלאָגנסטער פון דיינע קנעכט, זאָל האָבן אַזאַ פילנדיק האַרץ, אַז עס זאָלן אים אַזוי שמערצלעך וויי טון אָט די „שתי הקצוות". סטייטש! דו ביסט דאָך עפּעס אַ מרחם על הבריות, ווו איז דיין רחמנות אויף מיר? מיט וואָס האָב איך פאַרזינדיקט מערער פון אַלע אַנדערע מענטשן אויף דער וועלט? און טאָמער אפילו יאָ — ווו איז פּשוטער צער בעלי־חיים? דערפון ביסטו דאָך שוין זיכער נישט פּטור! אם כבנים, אם כעבדים, דו ביסט דאָך עפּעס אַ פאָטער, פאַר וואָס אַרט דיך נישט, וואָס דאָס האַרץ פוילט אין מיר פאַר האָפענונגסלאָזער ליבע צו איר? הבאישו נמקו חבורותי... איך קען דאָך זיך אַליין נישט אָפּנאַרן און טראַכטן, אַז איך מעג יאָ האָבן עפּעס אַ שטיקל האָפענונג אויף דעם שידוך... וואָס בין איך קעגן איר? וואָס באַטייט איך און וואָס פאַרמאָג איך? צו וואָס דאַרף זי מיינע פינף הונדערט בלאַט גמרא, וואָס איך קען אויסנווייניק? צו וואָס נוצט היינט דאָס, וואָס דאָס גראָבע תנ"ך ליגט מיר אויף דער צונג ווי אַ מזמור? צו וואָס דאַרף מען היינט דאָס אַלץ? וואָס דען וועסטו זאָגן, די עטלעכע טויזנט מעשות, וואָס איך האָב איבערגעלייענט? וואָס באַטייט דאָס אַלץ קעגן איר? אָנגעלייענט איז זי אויך און דערצו איז זי נאָך אַזוי שיין, אַזוי שיין! מענטשן שטעלן זיך דאָך אָפּ קוקן אויף איר, עס ווערט ממש ליכטיק אין גאַס, ווען זי גייט דורך, אַזאַ עלעגאַנטע, אַזאַ צויבערנדיקע. פאַר וואָס פיל איך דאָס אַלץ אַזוי דייטלעך? פאַר וואָס פייניקט מיך דאָס אַזוי שטאַרק? פאַר וואָס עקט זיך מיר אַזוי דאָס חיות, ווען איך דערהער אָט דעם נאָענט־ווייטן נאָמען, אָט דאָס שרעקלעך־זיסע וואָרט — פאָלי?...

דאָס שאַריען אויף טאָג פאַרטרייבט אים צוריק אויפן קהלישן „גע־לעגער" און אין דער פרי פאָרט ער ווייטער, דעם קאָפּ אין ביכל און די געדאַנקען ביים אַלטן שאַיען אין שטוב.

איין מאָל, אין אַן אָקטאָבער־יומטוב, האָט דאָס גאַנצע שטעטל אויס־געשאָטן אין דער קניאַגיניס גאָרטן, ווו עס איז פאָרגעקומען דער פּאַ־ראַד. דאָס וועטער איז געווען זעלטן שיין, מען איז געגאַנגען לייכט אָנ־געטון, און דער עולם האָט זיך געזעגנט אויף אַ גאַנצן ווינטער מיטן גאָרטן, מיטן פעלד. שלמה האָט באַמערקט, אַז פאָלי איז געשטאַנען נישט ווייט, איינע אַליין, און האָט געהערט דעם אָראַטאָר. הינטער זיינע פּליי־צעס, הערט ער, ווי עס פירט זיך אַ געשפּרעך וועגן איר, און ער קוקט זיך אום צו זען, ווער רעדט דאָס. דאָרט איז געשטאַנען זיינער אַ ווייטער קרוב, אַ בוכהאַלטער פון שטאָט־קאָאָפּעראַטיוו, און דער צווייטער — אַ פרעמ־

דער, א פּנים געקומען צו עמעצן צו גאַסט. ער הערט ווי דער פרעמדער פרעגט ביים בוכהאַלטער:

— ווער איז יענע דאַמע, וואָס שטייט דאָרטן ביים בוים?

— דאָס מיידל איז אַ היגע. דעם מילנערס טאָכטער. אַ שיין שטיקל סחורה, האַ?

— איי, אַ פעט שטיקל סחורה! איי, אַ פּישעלע, אַ פּישעלע!...

— עס איז אָבער אַ פּישעלע מיט וועלכן דער פּישער וועט זיך היפּש־לעך לאַנגווייליקן, ווייל וועגן וועלטזאַכן איז מיט דעם נישטאָ וואָס צו רעדן. דאָס איז אַ שטיקל אַרבעט, נאָר פאַר דער וויטרינע...

— ווער דאַרף זי האָבן צו וועלטזאַכן? אָבער מיט אַזאַ פייגעלע בלייבן אויג אויף אויג — מאַמע מיינע!...

שלמהן האָט שטאַרק פאַרקלעמט ביים האַרצן, דערהערנדיק ווי מען־טשן פאַרשוועכן זיין הייליקטום מיט זייערע אומריינע צינגער, און ער האָט ווייענדיק אין זיך מיט ביטערע טרערן, זיך אומגעקערט אין שטאָט אַריין.

שלמה זעט, כאָטש ער קוקט נישט, אַז פאַלי איז ווייס ווי קרייד; אַז די בני־בית מיידן אויס זיך צו באַגעגענען מיט די אויגן איינער מיטן צווייטן, אָבער ער וויל איצט גאָרנישט באַמערקן, פאַר זיינע אויגן שטייט זיין בליפּענדיקער פאָטער און ער יאָגט זיך צום ברעג נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף די שוימיקע כוואַליעס, וואָס שטויסן זיין שיפל פון רעכטס און פון לינקס. ער דערציילט ווייטער:

די צייט איז דערווייל געלאָפן איר וועג...

איין מאָל, אין אַ שפּעט־האַרבסטיקן אויפדערנאַכט איז דאָס גע־ווען, האָבן שלמה מיט מיכאלן אָראָפּגעטראָגן יאַנין אין מיל אַריין אַ גמי־לת־חסד. אין מיל איז פּונקט געווען ליידיק, דאָס האָט מען אַ פּנים נישט געמאָלן קיין פּריוואַטע תבואה, נאָר מלוכהשע, אַ טראַנספּאָרט „מירטשוק"* פון יאַנים מיל גופא, אָדער פון די געגנט־מילן, וואָס האָבן נישט קיין „דיזעל"־מאָטאָר און קענען נישט אַראָפּכאַפּן קיין „געבייטלטע מעל". בשעת אַזאַ „פּראָמאָל" זעט מען נישט קיין פאַרמעליקטע פּויערן מיט איבערגעשראָקענע אויגן: ס'זאָל דאָרט, ביים קויש, קיינער נישט אונ־טעררוקן אַ האַלב זעקל און אָפּשלעפּן אַ פּולן; מען זעט נישט די פאַר־סאָפּעטע און פאַרשטויבטע „טיטקעס",** וואָס וואַרפן אין אַלע זייטן מיט אומבאַהאָלפענע בליקן: מען זאָל חלילה, ערגעץ פון אויבן נישט אַראָפּכאַפּן די „פיר נולן"*** און זיי איבערלאָזן ביי דער קלייענדיקער

* אַ מעסטל תבואה, וואָס פלעגט אַראָפּגענומען ווערן פון יעדן זאַק מאָלעכץ, חוץ דעם געלט פאַר דעם מאָלן. אָט די „נאַלאָגאָווע מעסטלעך פלעגן דורך די מילנערס צונויפגעפירט ווערן אין די ריזיקע רעזערוואַרן פון „זאַגאָט זערנאָ".

** מומעס.

*** אַזוי האָט מען אין יענע מקומות גערופן די סאַמע ווייסע מעל.

„ראזאווקע".* פאר די „טשאסנע" מאלערס און מאלערינס, איז די מיל — א מדבר נורא מיט פארשידענע חיות־רעות. אויף דער פור מוז מען אכטונג געבן אויף די זעקלעך, ווייל עס טרעפט, אז א באנדע געפערלעכע זשוליקעס, אפעריסטן, פארשטעלט זיך פאר מיל־טרעגערס — די זעלבע לייונטענע אנצוגער, די זעלבע פארשטויבטע טשופרינעס — געבן א כאפ די זעקלעך פונעם וואגן, טראגן זיי כלומרשט אויף דער וואג און איידער מען קוקט זיך אום — ווער, וואס, נישטא קיין טרעגערס, נישטא קיין תבואה, נישטא גארנישט, עורבא פרח... אז מען דערלעבט שוין צו זען די זעקלעך מיט דער תבואה אויף דער וואג, מוז מען ערשט האבן הונדערט פאר אויגן, אז דער „וויעסאוושטשיק",** וואס נעמט קודם־כל אראפ זיין מעסטל מעשר פון יעדן זאק באזונדער, זאל נישט נעמען קיין צוויי מעסטלעך פון איין זאק, ער זאל נישט נעמען זיין רח"ש מיט האבער פאר פראסע, מיט גערשטן פאר האבער, מיט קארן פאר גערשטן, מיט ווייץ פאר קארן, אדער וואס אלץ טרעפט זיך ביי די רויבערס — ער זאל נישט אראפנעמען דעם „מירטשוק", נישט פון די קערנער — ווי די פאראדענונג זאגט בפירוש — נאר פון דער פארטיקער מעל... די מיל ווימלט פאר די ארעמע פויערן מיט כלערליי סכנות און דעריבער איז דארט כסדר אן אומרואיקער גערודער, א רעש, א געפילדער, א שטענדיקע מהומה פון הירזשענדיקע פערד און קוויטשענדיקע, מעוברתע גויעס; פון אין זעק פארבונדענע קליינע חזירימלעך און פארטאראראמטע גויים מיט די דאשעקעס אויף דער זייט. גאנץ אנדערש זעט עס אויס, ווען דער מילנער אליין מאלט פאר דער מלוכה אירע תרומות ומעשרות. דאמאלסט איז נישט שייך קיין „כאפ־לאפ". אין די אומאנס און אין די בעלא־צערקוועס, וווהין עס ווערן צונויפגעפירט אט די „מירטשוטשנע" עשאלאנען מעל, ליגן פאר דער נאטשאלסטווע שטרענגע צירקולארן. פון יעדן מין תבואה מוז ארויסקומען: כך וכך אזא מעל און כך וכך אנדער מעל, און טאמער וויל עמעצער קומען מיט טענות ומענות קען ער רעדן נאר צום לאמפ: א צירקולאר איז א צירקולאר — פאר אלעמען גלייך. דעריבער איז טאקע ביי אזא „פראמאל", שא־שטיל, שלום ושלוה. צוויי מענטשן אויף דער גאנצער מיל באפארען זיך און האבן נאך צייט צו פארדרייען א ציגאיער מאכארקע.

דאס מאל, ווען שלמה מיט מיכאלן זענען אריינגעקומען אין מיל אריין, איז גראד געווען אזא מנוחה־נאכט, יאני — פריי. די רעדער האבן זיך געדרייט אין א טייוולאנישן טאנץ, די פאסן האבן זיך געפליעסקעט איינע אין דער אנדערער, די פארמעליקטע לעמפעלעך האבן שוואך באלויכטן אט דעם גאנצן הארמידער. אנשפארנדיק זיך אין די נאךווארעמע זעקלעך מעל, האבן זיי געפירט אן אפגהארציקן שמועס מיטן באלעבאס.

מיכאל אינטערעסירט זיך:

— יאני, צי מעג מען ביי אייך פרעגן: וואס א שטייגער גיט אייער מיל פרנסה, אז זי ארבעט א קיילעכדיקן מעת־לעת?

* אזוי האט מען גערופן די נידעריק־קלאסיקע מעל.

** דער, וואס ארבעט ביי דער וואג.

— פאַר וואָס טאָר מען נישט פרעגן? איך האָב עפּעס מורא פאַר דיר? זי גיט נישקשהדיק. איר מעגט עס פאַרדינען אין גוטע צוויי וואָכן, וואָס זי גיט אין איין טאָג. נאָר נישט קוקנדיק אויף אַלע גליקן בין איך נישט צופרידן.

— נו, דאָס איז דאָך אַן אַלטע מעשה, ווער עס האָט אַ הונדערטער — וויל צוויי.

— עס הייבט זיך גאָרנישט אָן! געלט פעלט מיר עפּעס? שוטה דו! הלואי דאָס גאַנצע לעבן אַזוי.

— וואָס דען פעלט אייך?

— די גרויסע שטאָט פעלט מיר... מען עסט מיך דאָ אויף מיט די אויגן. קיין ליידיקגייערס פעלן נישט. מען שאַצט מיך, מען וועגט מיך, מען ציילט מיר דאָ איבער די ביינדעלעך. אָט דאָס איז די קללה פון דעם קליי־נעם שטעטל. גלייבט מיר, אין די גרויסע שטעט ווי אומאַן אָדער קיעוו, זענען דאָ מענטשן, וואָס מאַכן פרנסה ממש הונדערט מאָל מערער פון מיר און קיינער רעדט פון זיי גאָר נישט...

— וואָס עפּעס אומאַן, קיעוו, נעמט אפילו זוועניגאָראָדקע —

— ניין, איך וויל נישט נעמען זוועניגאָראָדקע. זוועניגאָראָדקע איז אויך אַ פּראָווינץ. גרעסער מיט אַ ווערשאָק, אָבער דאָך אַ מייזלאָך. איך קלער שטאַרק וועגן אַרויספאָרן פון דאַנען און שרייב זיך שוין אפילו דורך וועגן דעם, נאָר בלי־נדר ומסקנא, אויב שוין יאָ — איז ווייט־ווייט פון דאַנען. ערגעץ אין דער גרויסער וועלט אַריין, נישט קיין זוועניגאָראָדקע.

שלמה, מיט אַ פאַרשטאָרבן הארץ, נאָר מיט אַ כלומרשט גלייכגיל־טיקן טאָן:

—און גלאַט, קינדער וואַקסן אונטער... מען דאַרף למשל אַ אינסטי־טוט, דאַרף מען אַ קינד אַליין אַוועקשיקן אין דער פרעמד... און בכלל —

— הלמאי זאָל איך זאָגן, דווקא נישט מהאי טעמא. פאַר אַוראַמען קען נאָך סטייען תורה אין כמעלניק אויך. און פאַלי וועט ביי מיר מיט גאָטס הילף נישט ווערן קיין אינסטיטוטקע. נאָך אַ יאָר, נאָך אַ יאָר, זי וועט ביי מיר חתונה האָבן. איך האַלט נישט פון אייגזאַלצן קינדער. איר מאַמע האָט יונג חתונה געהאַט און זי וועט ביי מיר אויך אַזוי טון.

גייענדיק אַהיים, האָט שלמה מיט אַ שטילן ווייטיק געטראַכט:

— איצט, ווען יאַני זאָגט: חתונה מאַכן, מיינט ער שוין געוויס נישט פאַר מיר. משוגע וואָלט ער געדאַרפט זיין צו נעמען אַ קליינשטעטל־דיקן, אַ קבצעניוק. אין דער גרויסער שטאָט וועט ער מיט אַזאַ אויסגע־צייכנט קינד ווי פאַלי, אויף זיכער דערגרייכן דעם סאַמע געהויבנסטן שידוך. און כ'בעט דיך, וואָס איז דאָ די רבותא, אַז אַ ייד גיט אַריין אין נדן: אי אַ אשה נאה, אי אַ דירה נאה, אי כלים נאים...

...יאָ, אומזיסט זאָגן מענטשן: אַלץ אין איינעם — איז נישטאָ ביי קיינעם... אַז מען איז נאָר זוכה ביי גאָט, איז ביי אים גאָר נישטאָ צו פיל... ז'ער עיקר איז: ווי אַזוי קויפט מען זיך ביי אים איין יחוס?

# קאפיטל XIV

חדשים זענען געלאָפן סטאַדעסווייז. ווינטער — זומער, זומער — ווינטער, כמוץ אשר תדפנו רוח...

שלמה איז שוין למזל געוואָרן אויס מאַנופאַקטוריסט און אויס יאַרידניק. דעם נעפּ האָט מען שוין לאַנג אָפּגעשיקט אויפן עולם־האמת, אָבער אַריינגיין אַ מאָל צו יאַנין אין שטוב אַריין, האָט ער זיך נאָך אַלץ נישט באַשלאָסן. און קיין טעמים האָבן נישט געפעלט. פּאָלים שוועסטערל סאָנקע פלעגט זיין צוואַנציק מאָל אין טאָג ביי זיין שוועסטערל רבקה, און אויף זיכער דערציילט זי ביי זיך אין דער היים, ווי אַזוי שלמה נעמט מיט די הוילע הענט אומריינע שמאַטעס און שטינקענדיקע, ריגענדיקע ביינער. עס איז ביי אים גאָר קיין ספק נישט געווען, אַז ווען ער גייט אַריין צו זיי אין שטוב, וואָלט זיך פּאָלי פאַרשטעקט די נאָז. אָ! היינט וואָלט זי אים שוין נישט געוואָלט דריקן די האַנט... ניין, ניין! פון אַזאַ אומריינער אַר־בעט קען ער צו זיי נישט קומען.

עס איז פאַריבער נאָך אַ האַלב יאָר.

שלמה איז שוין געוואָרן אַ וועבער. ער איז שוין דווקא געגאַנגען זויבער געקליידט. די דאָזיקע אַרבעט איז שוין געווען אַ ריינע, אַ מענטשלעכע, נאָר דאָ ערשט איז שלמה געוווּיר געוואָרן, אַז צו יאַנין אין שטוב אַריין טאָר ער שוין אַלץ איינס נישט גיין. ער האָט פאַרשפּעטיקט. ער איז שוין איצט נישט מער קיין קינד, וואָס אַלץ קען ביי דעם אָנגיין פאַר אַ תירוץ: מאַכן אַ פאַרטיע אין שאָך; אַ ביכל איבערלייענען; אַ תקופה, ווען אַלץ קען נתקבל ווערן פאַר אַן אמת. ער איז איצט שוין אַלט אַכצן יאָר. זיין אַריינגיין אין אַ שטוב, וווּ עס איז דאָ אַ דערוואַקסן מיידל, וועט ביי דער וועלט באַלד אויסגעטייטשט ווערן גאַנץ פשוט: ער שדכנט זיך צו יאַנין אין שטוב אַריין. און די קליינשטעטלדיקע לידיקגייערס, וואָס די אויגן קריכן זיי נעבעך אַרויס, איידער מען דערלעבט צו פּאַקן עפּעס אַ רעכט לשון־הרעלע צי דאָרט אַ רכילותל, וועלן זיך אַרויפוואַרפן אויף דעם „נייעסל" ווי די רויבפייגל אויף די חללים, זיי וועלן אָנהייבן דעם ענין צעקייען און איבערקייען און צעלייגן אים אויף טעלערלעך און אויף טעצעלעך... יאָ, ערשט איצט פילט ער מיט אַלע חושים, אַז ער האָט שטאַרק פאַרשפּעטיקט... זיך צו לאַנג געקליבן... ער האָט געמיינט, אַז מען וועט אויסוואַרטן אויף אים, ביז אים וועט ווערן באַקוועם. ניין, גוטער ברודער! די שטוב ברענט און דער זייגער גייט... ער גייט, ער וואַרט נישט, ביז מען וועט אָפּלעשן... דאָס לעבן איז ווי אַ צוג. ווער עס פאַרשפּעטיקט אפילו אויף איין אויגנבליק — בלייבט איבער... יאָ, ער האָט זיך שפּעט דערמאָנט אין פּאָלין... דאָס אַנצוגל, וואָס האָט אים אַזוי שטאַרק געפּאַסט ערשט צוריק מיט עטלעכע יאָר, איז שוין איצט צו קורץ געוואָרן. אַזוי, אַזוי, די יאָרן — הייסט עס — האָבן אַריבערגעיאָגט די געפילן...

פון שטענדיק אָן איז אזוי: פתחתי אני לדודי — ודודי חמק עבר... איצט גיי זוך דעם נעכטיקן טאָג, ניין, עס איז פאַר—פאַלן! את הנעשה אין להשיב! און ס'איז דען נאָר דערפאַר, ווייל ס'איז פאַרפאַלן? ס'איז דען נאָר דערפאַר שפּעט, ווייל עס פּאַסט נישט גיין אַהין? היינט, אָן אַלעמען, וואָס פאַר א פּנים האָט דאָס פאַר דער וועלט? ער, א בן־תורה, זאָל גאָר טראַכטן פון א מיידל, וואָס קען נישט קיין אלף? וואָס ווייסט נישט פון יידישקייט קיין וואָרט צו זאָגן? ס'איז דאָך א חילול ד' ברבים!

דערווייל איז אונטערגעקומען די „ראַסקולאַטשעוואַניע". יאַני האָט געמאַכט די פּליטה, און באַלד נאָך אים איז זיין פאַמיליע אויך אַרויסגע־פאָרן פון כמעלניק. שלמה איז דאַמאָלסט געזעסן אויפן סטאַנאָק, ווען זיין רבקה איז אַריינגעקומען מיט דער גוטער בשורה, אַז סאַנקע יאַנים מיט אַלע איריקע פאָרן איצט אַוועק און זייער פּור שטייט שוין לעבן ברוך דעם בעל־עגלהס שטוב. פּייל אויסן בויגן איז ער אַרויף אויפן בוידעם און האָט מיט בלוטיקע טרערן באַגלייט דאָס אין האַרצן איינגעבאַקענע פּנימל. ער האָט געפילט, אַז דאָס מאָל צעשיידט ער זיך שוין מיט איר אויף אייביק. שפּעטער האָט מען אים א פאַרחלשטן אַראָפּגענומען פונעם בוידעם. דאָס זעלבע געפיל האָט ער געהאַט אויך נאָכדעם, אין עטלעכע חדשים אַרום, ווען ער האָט שוין איינגעקויפט ספרים פאַר דעם „גאָס־טאָרג", און איז מיט א געפערלעך האַרצקלאַפּעניש געקומען מיט א באַזוך צו זיי אין שטוב אַריין. עס האָט שוין פון זיין קראַסאַוויצע אויף אים געווייעט מיט א סיבירער קעלט, זי האָט שוין אפילו ביי זיך אין שטוב גערעדט בלויז אויף רוסיש און האָט זיך מיט אים כמעט נישט געגריסט. פאַרנדיק אויף זיין וועגעלע ספרים שטעטל־איין שטעטל־אויס, האָט שלמה פון דעסט וועגן נישט אויפגעהערט צו פאַנטאַזירן וועגן זיין בת־מלכה, אָבער ער האָט דאָס געטון נישט מחמת ער האָט נאָך געהאַט וועלכע עס איז האָפענונגען אויף איר — חס ושלום! ער האָט שוין צו יענער צייט גוט־גוט פאַרשטאַנען, אַז ער פאַרנעמט נישט אין איר וועלטל קיין מינדסט אָרט. ער האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן מיט איר הן בהקיץ, הן בחלום, נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט געפילט, אַז טאָמער איז ער זיך מודר הנאה פון די דאָזיקע גע דאַנקען, טאָמער פאַרטיליקט ער איר ליכטיקע צורה פון זיין זכרון, איז זיין גאַנצער יש חרוב ונחרב, האָט ער נישט צוליב וואָס צו לעבן אויף דער וועלט. אין די שטעטלעך, וו ער פלעגט איינקויפן די ספרים, האָט מען אים ממש נישט געלאָזט די גאַס דורכגיין, נאָר ער זאָל א חתן ווערן. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער האָט נאָך צו יענער צייט אפילו קיין חתימת־זקן נישט געהאַט, דאָך האָט מען אים איינגעלאַדן אויף וויזיטן, אפילו מיט פאַרשידענע אויסרעדן אונטערגעשיקט די מייד־לעך צו אים אַהיים. און עס זענען בפירוש געווען אויך גאַנץ פיינע מייד־לעך, עס זענען אפילו געווען צווישן זיי אמתע אַנטיקלעך. און דערצו האָט מען אים צוגעזאָגט גבעות־עולם: אַמעריקאַנער ירושות; א פּאָר שוועסטערלעך אין שטוב אַריין אויף צוצוהעלפן דער יונגער בעל־הבית־

טע אין דער באַלעבאַטישקייט; אַרויספירן אויף אַ לייטישן דרך אין דער פרנסה און נאָך פאַרשידענע אוצרות און נדנים, נאָר שלמה האָט צו יענער צייט קיינעם נישט באַמערקט. זיין נשמה איז געווען ביי „יענער"... בנוהג שבעולם, ווען אַ מענטש הייבט אָן צו קלערן מכח אַ שידוך, איז החלום בא ברוב ענין, דאָס איז אָבער שכיח נאָר ביי געוויינלעכע, נאָרמאַלע מענטשן, שלמה איז געווען טויב און בלינד צו אַלע שמות פונעם ווייבערשן סידור. אָט די אַלע גערעדטע און אונטערגעשיקטע האָבן ביי אים אויסגעזען כקאַקי־חוורי* לגבי הנשר הגדול; כדגי־הרקק** אין פאַרגלייך מיטן לויתן. פאַר זיינע אויגן האָט שטענדיק געשוועבט איין און איינציק פנימל, וואָס האָט פאַרטונקלט די זון אין הימל — דאָס איז געווען פּאָלים פנימל. און שטעלט אייך פאָר, אַז דאַמאָלסט, אין איין שיינעם פאַרנאַכט, ריכטיקער געזאָגט, אין אַ ווייסטן, פינצטערן פאַרנאַכט, פאַרנדיק פון זוועניגאָראָדקע צום וואָקזאַל, איז ער פון זיין פאָטער געוווּיר געוואָרן, אַז פּאָלי פאָרט אַוועק קיין אַמעריקע. וויי, וויי, ווי דאָס בחורל האָט זיך פון דער בשורה־טובה דאָס לעבן גענומען! דאָס האַרץ האָט זיך אין אים שיר נישט צעריסן אויף שטיקער. ער האָט באַוויינט זיין אומגליקלעכע ליבע, ערגער ווי מען באַוויינט אַ טויטן.

עס זענען אַוועקגעגאַנגען היפּשע עטלעכע חדשים, אין פאַרלויף פון וועלכע ער האָט געגלייבט, אַז זיין געליבטע איז שוין לאַנג אַן אַמעריקאַנערין. און פּלוצלינג איז ער געוווּיר געוואָרן, אַז אַנשטאָט צו זיין אין אַמעריקע געפינט זי זיך גאָר אין קיעוו, אָן אָרעמע, אָן עלנטע. צו יענער צייט האָט ער געוווינט אין אַנאַניעוו, צווישן פיל קרובים, וועלכע האָבן אים זייער ליב געהאַט, ביי זיין איבערגעגעבענער משפחה האָט אים קיין זאַך נישט געפעלט. די געשעפטן זענען דאַמאָלסט ביי אים אויך געגאַנגען נישט שלעכט. נאָר ער האָט מיט פאַראַכטונג אויף אַלץ אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און איז געקומען צו לויפן אַהין, וווּ פּאָלי האָט זיך געפונען. דאָס מאָל האָט זי אים שוין אַ ביסל פריינדלעכער אויפגענומען און זיי האָבן אָנגעהויבן — נישט מאַכנדיק דערפון מער קיין סוד — „זיך צו באַגעגענען". אין אַ קורצער צייט אַרום איז איר פאָטער געקומען פון וויטן מזרח, און צעקושנדיק זיך מיט אים האָט שלמה, צום ערשטן מאָל אין לעבן דערהערט די אַזוי געגאַרטע ווערטער: קינד מיינס! און דערצו נאָך אין פּאָלים קעגנוואַרט... פון יענעם אויפדערנאַכט אָן האָט ביי שלמהן אין האַרצן פריש אויפגעבליט זיין אַלטע, טיף באַגראָבענע האָפענונג און זיין גלויבן, אַז פּאָלי וועט נאָך אפשר טאַקע זיין זיינע... גאָר אין אַ קורץ שטיקל צייט האָט זיך יאַני איינגעאָרדנט אין אַ דירה און אויף אַ שטעלע. צו שלמהן זענען אַריבערגעפאָרן זיינע עלטערן. שלמהס אַריינגיין אַלע טאָג צו די טולטשינסקעס האָט אויפגעהערט צו זיין אַ מהיכי־תיתי זאַך,

* ווייסע גענדזלעך.

** געמיינט: קאַליוזשע־פישלעך.

נאָר עס האָט שוין אָנגענומען אַן אָפּיציעלן כאַראַקטער. כאָטש צווישן די יונגעלייט אַליין איז אויף דעם געביט כמעט קיין מאָל נישט גערעדט געוואָרן, אָבער פון דעסט וועגן האָט פּאַלי גוט פאַרשטאַנען, וואָס שלמה מיינט מיט זיין אַריינגיין צו זיי, און ער האָט געוווסט, אַז זי פאַרשטייט דאָס. פיל אַנגסטן און גרימענישן איז שלמהן אויסגעקומען איבערצוטראָגן פאַר דעם דערמאָנטן שטיקל צייט, מחמת זיין ליבע צו פּאַלין. אַלע זיינע חברים — צווישן וועלכע פּאַלי האָט קיין מאָל נישט געפונען קיין אינטערעס צו קומען — זענען אים דערגאַנגען די יאָרן. זיי האָבן אים נישט געקענט מוחל זיין דאָס, וואָס עס איז ביי אים כדאי איבערצורייסן מיט זיין גאַנצער סביבה צוליב אַ מיידל, און... מעיקרא פירכא: נאָך וואָס ער טראַכט נאָר פון אַ פרייער, פון אַ סאָוויעטישער כלה. מנשה האָט אויך נישט געקאַרגט קיין גיפט. פונעם טאַטן איז אָפּגערעדט. אויך מנשה דעם רבס שוועסטערלעך האָבן זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט אויף צו צעשטערן דעם שידוך... צוליב אַנדערע טעמים... נאָר דער זיידע שלום האָט זיך געהיט מיט אַ שלעכט וואָרט, ווייל ער איז טאַקע באמת זייער אַ קלוגער: ערשטנס, האָט ער געזען, אַז עס וועט שוין גאָרנישט העלפן. צווייטנס, האָט ער אַליין טאַקע אויך געוואָלט, אַז זיין אייניקל זאָל נעמען אַ קראַסאַוויצע. דריטנס, ער האָט געהאַלטן זיין וואָרט אויף אַן אַנטשיידנדיקן מאָמענט, ווען עס וועט זיך פאָדערן אַ גרויס וואָרט, אַ דבור מפוצץ. בכלל, פלעגט ער זאָגן:

— שלמה, דו ווילסט פּאַלין? זייער שיין, פאַר וואָס נישט? נאָר לאָז זיך נישט מוטשען! אהער, אהין און — אַ תנאים.

שלמהן האָבן נישט געפעלט קיין צרות אויך פון דער צווייטער זייט. ביי יאַנין האָט זיך אָפּגעזוכט אַ שוועסטערקינד, אַ רעדאַקטאָר, וואָס באַוווינט עטלעכע צימערן אין „קאָנטינענטאַל". שלמה פלעגט זיך פון אַלץ פילן שטאַרק באַליידיקט: פון איר גיין יומם ולילה אין דעם פיינטלעכן „קאָנטינענטאַל"; פון איר טרינקען שאַמפּאַניער דאָרט בחברותא מיט די אויסגעסווישטשעטע זשורנאַליסטלעך; פון איר גיין נעמען וואַנעס דאָרטן; פון איר חברן זיך מיט דער שונא־ישראלטע, מיט מאַרוסיען. עס קען זייער גוט זיין, אַז אויך דעם פאָטער אירן איז אַזאַ התנהגות פון זיין טאָכטער געוועזן על אפו ועל חמתו, אָבער וואָס פאַר אַ ממשלה האָט שוין אַ טאַטע איבער אַ סטודענטקע, צי אפילו איבער די קלענערע קינדער? קאָמסאָמאָלצעס, פּיאָנערן, גלייכע דעה־זאָגערס, ווייס איך, כגנה כן הגנן...* עס זענען געווען נאָך פאַרשידענע איבערלעבענישן... ס'איז געווען למשל, אַ בלוטיקער פאַל מיט פּאָלטאַווע... בקיצור: עס איז געווען גענוג... און די באַציאונגען צווישן דעם פּאָרפּאָלק זענען נאָך אַלץ נישט קלאָר געוואָרן. דאָס אַנטשיידנדיקע וואָרט איז נאָך אַ פּנים אַלץ נישט רייף געווען. אין איינעם אַ זומער־אָוונט איז פּאַלי גאַנץ צופעליק געווען

* ווי דער גאָרטן, אַזוי דער גערטנער.

דערביי, ווי שלמה האָט אין דער אַנוועזנהייט פון זיינע עלטערן און פון זיינע חברים דערציילט וועגן זיין באַשלוס אָפּצופאָרן קיין מיטל־אַזיע. דעם מיידל איז מיט אַ מאָל אַ שאָד געוואָרן צו פאַרלירן אים אויף אייביק. זי איז פּלוצלינג ביי זיך אַליין געוואויר געוואָרן אַ סוד, אַז שלמה איז איר שוין לאַנג־לאַנג נישט קיין פרעמדער. פאַרגלייכנדיק אים מיט אַלע אירע קיע־ווער פריש־באַקאַנטע, האָט זי גאַנץ אומגעריכט אויסגעפונען, אַז שלמה איז דער איינציקער, וואָס קוקט אויף איר נישט מיט די אויגן פון יענעם גרויסשטאָטישן „סווישטש", דעם כמעלניקער בוכהאַלטערס חבר. אַז ער האָט ליב די נשמה אירע. אַז ער האָט זי ליב אַזוי ווי זי איז, מיט אַלע מעלות און מיט אַלע חסרונות. דאָס ניי־אַנטדעקטע געפיל איז געווען אַזוי מעכטיק, אַז זי האָט גרויסמוטיק באַשלאָסן צו פאַרלאָזן אַלץ און אַלעמען און אַוועקפאָרן מיט אים קיין מאָסקווע.

פונקט צו די אַכט טעג, האָט זי שלמה באַגלייט צום וואָקזאַל און האָט זי אַריינגעזעצט אין קיעווער צוג... דער עקספּערימענט, הייסט עס האָט זיך נישט איינגעגעבן... וואָס ער האָט איבערגעלעבט פאַר יענער אומפאַרגעסלעכער וואָך, איז אוממעגלעך צו באַשרייבן. נאָך איצט אפילו, אַז איך דערמאָן זיך אין יענע פיינלעכע טעג, ווערט מיר דאָס האַרץ פאַר־זאָטן מיט בלוט. אונדזער גליק האָט מאַריך ימים געווען גאַנצע צוויי מעת־לעת, און דערנאָך האָט אין דעם נייעם מלבוש אָנגעהויבן פּלאַצן איין נאָט נאָך דער צווייטער... ווײ־ווײ, ווי אויף מיר איז דאַמאָלסט געווען אַ רחמנות! ווי איך בין עס דאַמאָלסט געווען עלנט... פון דער היים פאַר־טריבן! פון פאָלין פאַרפרעמדט! — וואָס זאָג איך פאַרפרעמדט? גע־האַסט! יאָ, עס איז בלתי ספק, זי איז מיר דאַמאָלסט געווען אַ שונא, כאָטש איך האָב זיך קעגן איר באמת מיט גאָרנישט פאַרזינדיקט...

פאָלים געזיכט איז ווייס ווי קאַלך. די ליפּן אָן איין טראָפּן בלוט. אין די אויגן — אַ נישט געזונטער פיבער. די פינגער ציטערן נערוועז. כדי דאָס אויסצובאַהאַלטן פון פרעמדע אויגן, הערט זי נישט אויף צו קנייטשן דאָס טיכעלע, אָבער דאָס גיט זי נאָך מער אויס. שלמה אַליין איז שווין אויך נישט ביי זיך אין די הענט. נישט ער רעדט, נאָר ער קלאַפּט מיט אַ האַמער אויף אַ פאַרעקשנטן שטיק אייזן. זיין קול איז שוין נישט אַזוי בנעימותדיק ווי פריער, נאָר האַרט און אומברחמנותדיק:

...איך האָב דאָרטן געגנוג געהאַט אויסצושטיין אויך אָן איר. איר מעגט מיר מקנא זיין. מיין בוך, וועלכן איך האָב יאָרן לאַנג געשריבן, איז דאָרט פאַרניכטעט געוואָרן. קיין בעסער בוך פון מיינעם זע איך נישט אין דער גאַנצער נייער סאָוויעטישער ליטעראַטור. פאָלי ווייסט וואָס פאַר אַן אוצר דאָס איז געווען, כ'האָב איר אים געלייענט. און דאָרט האָב איך אים מיט מיינע אייגענע הענט אָנגעצונדן און פאַרברענט. דער שרייבער, ביי וועמען אין שטוב דאָס איז פאָרגעקומען, האָט זיך ביים קאָפּ געכאַפּט. דאַכט זיך, די ווענט, די סטעליע האָבן מיטגעוויינט אויף מיין אומגליק. זיין מיידל, אַ ווילד־פרעמדע, האָט מיט טרערן און מיט קושן מיר גע־

וואָלט פאַרלייכטערן דעם ווייטיק. נאָר איין פּאָלי איז צו מיין שרעקלעכן אומגליק געבליבן קאַלט און גלייכגילטיק ווי אַ סטאַטוע. זי האָט שוין דאַמאָלסט געהאַלטן קאַפּ, זי זאָל מיר חלילה נישט אַרויסווייזן קיין צו גרויסע דאָזע מיטגעפיל, כדי איך זאָל זי דערנאָך נישט האַלטן ביים וואָרט. וואָס אמת איז אמת, זי האָט געהאַנדלט פּאָרזיכטיק, ווי אַן עכטער קאָ־מערסאַנט, אָבער כלל וכלל נישט ווי אַ כלה, אָדער כאָטש ווי אַ חבר. קו־מענדיק דאַמאָלסט אהיים און זעענדיק, אַז איך בין אַזוי פאַרביטערט — כ׳וויים? ווי אַזוי זאָל איך דאָס אייך איבערגעבן? כ׳האָב בשעת־מעשה געמיינט, אַז קץ כל בשר באַ... אַז די גאַנצע וועלט גייט אונטער צוזאַמען מיט מיין בוך... מען האָט געדאַרפט האָבן אַן איבערמענטשלעכע גבורה, אויף זיך גובר צו זיין, און צוריק זיך אומקערן צום טאָג־טעגלעכן לעבן, צו עניני־חול און דברי־חול. אַ צווייטער אויף מיין אָרט וואָלט זיך זיכער גענומען דאָס לעבן! — וואָס זשע מיינט איר, האָט זי בשעת־מעשה געטון? גאָר — נישט! זי האָט זיך פאַרשלאָסן אין איר צימער, און מיר נישט געשענקט קיין איין טרייסטוואָרט, קיין איין גוטן קוק נישט געגעבן... ווייס איך, וואָס איז דאָ צו רעדן? יענע מאַסקוועער וואָך איז אין מיין לעבן פאַרבליבן אַ בלוטיקע עפּאָפּייע, וואָס נאָר דערמאָנענדיק זיך אין איר, כאַפּט מיך אָן אַ גרויל. בקיצור: זי האָט זיך אומגעקערט! ס׳איז געווען אַ פּאָלי און איז אויסגערונען! גאָט איז גערעכט, און זיין משפט איז גע־רעכט. איך האָב מיך אויף דער „השגחה" חלילה נישט געקלאָגט. אין אַ חודש אַרום בין איך געקומען פון מיטל־אַזיע. איך האָב נישט געפרעגט אויף איר, און קיינער האָט מיר גאָרנישט דערציילט. אַלע האָבן פאַר־שטאַנען, אַז דאָ בלוטיקט אַ ווונד, און אַלע, ווי צונויפגערעדט זיך, האָבן דעליקאַט אויסגעמיטן אַ שמועס וועגן דעם. איר, יאַני, זענט אפילו יאָ געקומען צו גיין, געוואָלט זיך זען מיט מיר, נאָר ביי מיר איז קיין ספק נישט געווען, אַז דאָס זענט איר געקומען אָן פּאָלים ווייסן. ווען זי ווייסט, וואָלט זי אייך זיכער נישט געווען געלאָזט גיין צו מיר, און טאַקע דערפאַר האָב איך מנשהן נישט געהייסן אייך ברענגען צו מיר.

בקיצור: איך בין אַריינגעפאַלן און מען האָט מיך פאַרנומען אין תפיסה אַריין...

# קאפיטל XV

מען האָט מיך אַרעסטירט און... און מיין בלוט איז גערונען אין די פּעטשערסקער אונטערערדישע קאַזעמאַטן ריטשקעסווייז. די אינקוויזיציע בימים ההם, איז קיין מאָל אויף אַזעלכע המצאות נישט געפאַלן, ווי בזמן הזה — די געפּעאו. דערצו האָבן זיי נאָך געהאַט אויף מיר אַ ביטער האַרץ, ווייל איך האָב זיך זיי נישט געגעבן אין די הענט אַריין. זיי האָבן אַרום מיר געטאַנצט ווי אַ מחנה שדים, געטון מיר וואָס נעענטער צום טויט, און קיין מינדסטן מאַטעריאַל אויף מיר דאָך נישט באַקומען. ביז איינער, דווקא אַ יידישער רוצח, האָט מיך אָפּגעגעבן צו אמתע באַנדיטן אין די הענט אַריין, אַז מען זאָל מיט מיין קערפּער שפּילן אין וואָליי־באָל. פון אָט דער לוסטרייזע איבער דער קאַמער, בין איך אָפּגעלעגן אַוועלכע צוואַנציק מעת־לעת אָן באַוווסטזיין. קיינער פון דעם טורמעדיקן מעד־פּערסאָנאַל האָט שוין נישט געגלייבט, אַז איך וועל נאָך לעבן. און אָט דאַמאָלסט, אין יענעם גיהנום, האָב איך באַקומען אַ ליבע־בריוול פון פּאָ־לין, אַז זי האָט מיך ליב מער פון איר לעבן, און אַז איר גאַנצע האָפענונג איז איצט נאָר, מיר צו פאַרגיטיקן פאַר די ליידן, וואָס זי האָט מיר אין איר לעבן פאַרשאַפט. זיי ליגן ביי מיר די בריוועלעך, אַלע ביז איינעם! עס איז געווען אַ סכנה זיי האַלטן ביי זיך אין טורמע, אָבער איך האָב ריזיקירט, זיך מיט זיי נישט געקענט שיידן. דאַן האָב איך איר געענט־פערט:

„פּאָלי, באַרעכן זיך גוט, צו וועמען דו שרייבסט און וואָס דו שרייבסט. מה־דאָך, ווען איך בין נאָך געווען פריי און געזונט און רייך, האָסטו זיך צו מיר נישט געקענט צוגעווינען, היינט איצט, אַז איך בין ממש צעשרויפט אויף אברים און ווער ווייסט נאָך, אויף וויפל יאָר אָפּגע־שניטן פון דער ליכטיקער וועלט, קומסטו צו גיין און דערקלערסט זיך מיר אין ליבע? אָט דאָס איז דיין יושר? אין מיין איצטיקן צושטאַנד, אָן אָפּגענאַרטע האָפענונג, איז דאָך עלול מיך אומברענגען צום איבעריקן. האָב אויף מיר רחמנות און פיר מיט מיר ניט אַזאַ געפערלעכע שפּיל. דיין ערשט בריוועלע קען נישט גערעכנט ווערן. הער אויף צו שרייבן און אָן עק!"

נאָר זי האָט נישט אויפגעהערט. עד־היום ווייס איך נישט, וואָס אַזעלכעס האָט איר דערמאָנט אין מיר, וואָס זי האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן צו פאָרן צו אונדז אויף סאָלאָמינקע. אין אירע בריוו האָט זי זיך מיר גע־שווירן אין אייביקער ליבע, עס מעג מיט מיר טרעפן אפילו דאָס סאַמע ערגסטע... נו, מיינע פריינד, איר פאַרשטייט אַליין, אַז איך האָב זיך גע־לאָזט איינרעדן. אַז מען ליגט לעבעדיק באַגראָבן און פּלוצלינג דערלאַנגט מען דיר אַ ליכטיקע האָפענונג, ווער וועט זיך אין איר נישט אָנכאַפּן?

ווען מען האָט מיך איבערגעפירט אין טורמע, און אַלע פאַרבינדונגען מיט דער פרייהייט זענען לחלוטין איבערגעריסן געוואָרן, האָב איך גע־

טראַכט: פֿאַלים בייזער חלום האָט זיך מן־הסתם שוין געענדיקט, און זי האָט ווידער אין מיר פֿאַרגעסן. נאָר אַז איר, יאַני, זענט געקומען זיך זען מיט מיר אין דעם טאָג פֿון מיין באַפֿרייאונג, האָט איר גערעדט גאָר אַנ־דערע דיבורים. אַמווייניקסטן פֿאַר מיר — גאַנץ נייע. איר האָט פֿאַר אַלע־מען אין די אויגן מיר פֿאַרגעוואָרפֿן, פֿאַר וואָס איך בין גאָר נישט פֿאַר־פֿאָרן גלייך צו אייך. איר מיט אסתרן קערן מיר אָן פּונקט אַזעלכע עלטערן, ווי מיינע טאַטע־מאַמע. אייער שטוב דאַרף ביי מיר זיין גלייך מיט אונד־זער שטוב. נאָך אין דעם זעלבן אויפֿדערנאַכט, זעענדיק זיך מיט פֿאַלין, האָב איך פֿון איר אַזאַ נוסח נישט געהערט... ערשט שפּעטער, ווען איר קלאַסנע קאָלעגע איז אַוועקגעגאַנגען, האָט זי מיר שוין אויך געזאָגט דאָס זעלבע וואָס איר, און איך בין געווען כמעט גליקלעך. עס פֿאַרשטייט זיך, עס זענען נאָך געווען פֿיל דערנער אויף מיין וועג, פֿיל פֿלעקן אויף מיין זון: איר אַריינטרעטן דאָ אין קאָמסאָמאָל; איר געפֿינען זיך גאַנצע טעג אין דער געזעלשאַפֿט פֿון אָט דעם „באַפֿלאַסטערטן” בחור. דאָס וואָס זי איז נאָך עד היום באַפֿריינדעט מיט די „קאָנטינענטאַלצעס”. נאָך פֿיל פֿריקרע זאַכן האָבן מיר קאַליע געמאַכט דאָס בלוט. מיין דינה, מנשה און אַנדערע זענען בנוגע דער פֿראַגע פֿון מיין שידוך נאָך אַלץ געווען שאַרפֿע אָפּאָזיציאָנערן. אמת, בפרהסיה האָט קיינער פֿון זיי נישט פּוצה פּה ומצפּצף געווען. בקול רם? חס ושלום! קיינער האָט נישט געוואָגט אַרויס־צוּווייזן קיין אומצופֿרידענע מינע. דערינען איז שוין אַ ביסל שולדיק גע־ווען מיין אויטאָריטעט, נאָר בין אדם לחבירו, בלייבנדיק אויג אויף אויג, האָבן זיי אַלע מיך באַדויערט ווי אַ מענטשן, וואָס גייט אויף אַ זיכערן טויט. אָבער איך בין דאַמאָלסט צו גליקלעך געווען, אַז איך זאָל גאָר לייגן אַכט אויף עמעצנס נבֿואות. פֿאַלי איז געווען מיין טרייסט, מיין אויג אין קאָפּ, מיין שכר פֿאַר אַלע טורמעדיקע לײַדן, מיין גאַנץ לעבן.

גאָט האָט געהאָלפֿן, זי האָט בשעה טובה ומוצלחת דורכגעמאַכט די עקזאַמענס, און איך האָב געמיינט, אַז איך דאַרף שוין אין זינען האָבן אַ קידושין־רינגל. דאָ אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פֿאַלי וויל מאַכן אין אינסטיטוט אַ שפּרונג אויף אַ יאָר, און די חתונה מוז אָפּגעלייגט ווערן ביז נאָך די קומענדיקע עקזאַמענס. וואָס האָב איך דערויף געקענט ענט־פֿערן? איך האָב איר נישט צוגעזאָגט צו וואַרטן, נאָר איך האָב געוואַרט. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס פֿון אייניקע פֿאַלן האָט מיך ממש געעקלט, עס האָט מיך צו מאָל געטריבן פֿון אייער שטוב מיט קאַנטשיקעס...

פֿאַלים פּנים, זעט שלמה, איז פֿינצטער ווי געלאָשענער קאַלך, אָבער ער רעאַגירט איצט אויף גאָרנישט, ער רעדט איצט כאילו כופאו שד:

— ...איך גיי נישט אויפֿמישן יענע „תזריע־מצורעס”... דאָס איז נבול־פּה... איך האָב נאָר אָן איבעריק מאָל זיך איבערצייגט, מה גדולים דברי חכמים שאמרו: הזבוב מניח מקום בריא ושורה על הנגע...* אָבער

---

* אַ פֿליג זעצט זיך אַממיינסטן אויף דעם אָרט, וו עס טוט ווײ. פֿון מדרש.

דאָך האָב איך געדולדיק געוואַרט אויפֿן ערשטן סעפּטעמבער. כל גל וגל שבא עלי, נענתי לו ראש, און האָב ווייטער געוואַרט. עס איז אַפֿילו ווייניק צו זאָגן, אַז איך האָב געוואַרט. איך האָב נאָך געשעפּן פֿאַר איר אַזאַ אַטמאָספֿערע אין שטוב, אַז אירע עלטערן האָבן גאָר געמיינט, אַז דאָס בין איך עס דער איניציאַטאָר פֿון אָט די אַלע אָפּליגעניש. איר מיינט, אַז איך ווייס דאָס נישט? איך ווייס דאָס גוט, נאָר דאָ האָב איך געמוזט אונטערשטעלן אַן אַקסל. איך האָב נישט געקענט דערלאָזן, אַז מיין פֿאָלי, פֿאַר וועלכער מיר וואָלט באמת אפֿילו נישט שווער געווען זיך ממש מקריב צו זיין, זאָל האָבן גרייזאַטעס ביי זיך אין שטוב, דערפֿאַר האָב איך אַלץ גענומען אויף זיך. איך, האָט דאָס געהייסן, האָב ברייטע פּלייצעס; צו מיר וועט מען אַזוי שטאַרק נישט צושטיין ווי צו איר.

גאָט האָט געהאָלפֿן, זי האָט אָפּגעגעבן דעם צווייטן עקזאַמען אויך, און... האָט נישט אויסגעהאַלטן. אַן עק — האָב איך מיר געטראַכט — מילא, יאָ אויסגעהאַלטן, נישט אויסגעהאַלטן, — אוים! ענדלעך האָבן מיר חתונה. נאָר פֿאָלי האָט מיר תיכף ומיד געמאָלדן, אַז זי איז כלל נישט אַזוי נאָכגיביק, אַז זי לייגט נאָך נישט אַוועק דאָס געווער. זי האָפֿט נאָך בשעת די ווינטערדיקע קאַניקולן אַריבער אויפֿן דריטן קורס, און פֿרילינג, צו דער ענדע פֿונעם לערן־יאָר — אויפֿן פֿערטן! מער האָט זי לעת־עתה נישט געזאָגט, אָבער עס איז נישט שווער צו פֿאַרשטיין, אַז נאָכן פֿערטן גייט נאָך אַ פֿינפֿטער, און נאָך דעם פֿינפֿטן — פּראַקטיק. און נאָך דעם, און נאָך דעם, און נאָך דעם... לערנען זיך, זאָגט מען, האָט קיין שיעור נישט. אייביק לעב און אייביק לערן זיך... דאָס אַלץ איז גערעדט געוואָרן, אויב זי זאָל שוין זומער אַריבער אויפֿן פֿערטן. איך בין אָבער נאָך נישט אויף פֿעסט זיכער, אַז זי וועט אַריבער אַפֿילו אויפֿן דריטן... די אונטערשטע שורה איז, אַז דאָס וואַרטן איז אָן אַ שיעור און אָן אַן ערך. מים שאין להם סוף...

אַ פּאָר טעג פֿאַר היינטיקע אָקטאָבער־יומטובים האָט מיך געטראָפֿן אין גאַס מיינער אַ חבר, פֿאָלי קען אים אויך, זי איז מיט מיר אַ מאָל געווען ביי אים אויף פֿאָדאָל. בקיצור: אַ וואָרט פֿון דעם, אַ גרוס פֿון יענעם, ער האָט מיך פֿאַרשלעפּט אין פּראָלעטאַרישן גאָרטן, און מיר זענען דאָרט אַוועקגעזעסן אַ האַלבן טאָג. כאָטש איך בין, גאָט צו דאַנקען, די לעצטע צייט נישט זשעדנע קיין אַנטי־פֿאָלידיקע לעקציעס, נאָר גראָד פֿון זיינער בין איך אַוועקגעגאַנגען אַ צעשרויפֿטער... אפשר טאַקע דערפֿאַר, וואָס זיין לעקציע איז נישט געווען געווענדעט דווקא קעגן פֿאָלין. ער האָט נאָר געפֿרעגט: קוים האָט זי דיך אויך ליב, ווי אַזוי קען זי צוקוקן דיינעליידן? דו ביסט דאָך שוין אויסגעטרוקנט געוואָרן פֿון די אייביקע „מאָרגנס". אלא וואָס דען, עס אַרט זי נישט? איז דאָך דאָס אַליין אַ באַווייז, אַז דיינע יסורים גייען זי כלל נישט אָן. און אם כן, מה לכהן בבית־הקברות? דער חבר מיינער האָט מיר אויפֿגעדעקט אַ ביסל פֿון זיין פּערזענלעכער פֿאַמיליע־טראַגעדיע; ער האָט מיר אָפּגעגעבן אַ ווייטן גרוס פֿון פֿאָלטאַווער

צרות... מיט איין וואָרט, איך בין אוועקגעגאַנגען פון אים שטאַרק צע־קאָכט. און דאָך האָט אָט די באַגעגעניש מיך נאָך נישט ארויסגערופן אויף קיין באַשלאָסענעם שריט. און גראָד היינט אויף דער נאַכט, האָט דער לאַנג־יעריקער בלאָטער יאָ געפּלאַצט! איך האָב איצט פעסט באַשלאָסן צו נעמען די לייצעס פון מיין אייגענעם וואָגן צו זיך אין די הענט אריין. ווילט איר אפשר וויסן, וואָס עפּעס גראָד היינט? — ביטע זייער:

דאָס איז געשען היינט אויף דער נאַכט. תחילת־נאַכט האָב איך ביי זיך אין צימער זיך אויסגעטון און זיך געלייגט שלאָפן. דאָס הייסט, שלאָפן, האָב איך דווקא געוואָלט וועט זיך מיר נישט איינגעבן, אָבער גיין ערגעץ האָט זיך מיר עפּעס נישט געגלוסט. ס'איז שוין דער דריטער אויפדער־נאַכט, אַז איך טרעף נישט פאַלין אין שטוב, וואָס זשע איז דאָס גייעניש? בקיצור, איך בין איינער אַליין געבליבן אין שטוב. מיט אַ מאָל האָב איך דערהערט, אַז דער זיידע מיטן טאַטן זענען אריינגעקומען פון מעריב. איך האָב נישט געוואָלט, אַז עס זאָלן זיך אָנהייבן שאלות: פאַר וואָס גייסטו נישט אין ערגעץ? און פאַר וואָס עפּעס ביסטו אריינגעקראָכן אַזוי פרי אין בעט אריין? מיט איין וואָרט: איך האָב זיך בעסער געמאַכט שלאָפנדיק און פּטור אַן עסק! איז דאַכט זיך גוט, האַ? אָבער דאָס, וואָס עס איז מיר אויסגעקומען צו הערן ווען זיי האָבן מיך גערעכנט פאַר אַ שלאָפנ־דיקן, האָט מיך אויפגעטרייסלט ביזן גרונט פון מיין נשמה, עד דכדוכה של נפש! איך וועל דאָס ביזן גרוב נישט פאַרגעסן... דער זיידע האָט געפרעגט ביים טאַטן, וואָס איז די מעשה, וואָס איך האָב זיך אַזוי פרי געלייגט שלאָפן, און דער טאַטע האָט אים אָנגעהויבן צו ענטפערן... אָבער ווי אַזוי מיינט איר ענטפערן? — זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט חושד געווען, אַז איך הער אַלץ, און מיין טאַטע... מיין טייערער טאַטע, האָט פאַר זיין פאָטער אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ. ער האָט געוויינט ווי אַ קליין קינד. ער האָט זיך גאָר נישט געקענט באַרואיקן. ער האָט מיך באַקלאָגט ווי מען באַקלאָגט אַ טויטן: ער זעט — האָט ער געכליפּעט — ווי זיין קינד ברענט, און קען אים מיט גאָר נישט העלפן... בעסער וואָלט ער געווען — איך וויל גאָר אויף דער צונג נישט ברענגען זיינע רייד — איידער ער איז אָנגעקומען וווינען אין דער שטאָט, ווו זיין קינד האָט צום ערשטן מאָל דערזען זיין שיינעם מלאך־המות... אוי, האָט ער ביטער געוויינט!... איך האָב געמיינט, אַז איך וועל נישט אויסהאַלטן... כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת: איך, כשאני לעצמי, בין שוין בנידון דידן ווי אַטראָפירט, איך פיל שוין כמעט גאָרנישט וואָס פאַלי מאַכט פון מיר. נאָר לויט זיין באַקלאָגן מיך, פאַרשטיי איך ערשט, אַז פון דער זייט קוקנדיק, מוז זיין אויף מיר אַ גרויס, גרויס רחמנות... און איך האָב מיך באַשלאָסן! עס מוז נעמען אַן עק! אַז זי זאָל אויך אויף ווייטער זיין אַ פוסחת על שתי הסעיפים, דאָס קען נישט געמאָלט זיין. לד' או לבעל, נאָר עס מוז קומען די רעאַקציע.

שלמהס טאָן פאַרלירט מיט אַ מאָל זיין ווייכקייט. זיינע אויגן זענען אָנגעצילט אויף פאַלין ווי צוויי שאַרפע פיילן. ער באַמיט זיך דווקא ארויפ־

צוציען עפּעס אַ מין שמייכעלע אויף די ליפּן, אָבער דאָס גיט זיך אים נישט איין, זיין בלאַס געזיכט בלייבט זויערלעך, כמעט שטרענג:

— ביז היינט, פאַלי, האָסטו געהאַט אַלע רעכט זיך צו באַרימען פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז שלמה פּיאַטיגאָרסקי איז שוין צוועלף יאָר אַ נכנע פאַר דיר ווי אַן אמתער עבד־כנעני, אַז ער האָט זיך אַליין פאַרוואַנדלט פאַר אַ מדרס אונטער דיינע פיס, אַז ער געהערט צו דיר מיט לייב און לעבן, ווי אַ שיף אָן רודערס געהערט צו די בייזע כוואַליעס. איצט אָבער, מיין טייערע, מוז איך דיר אָנזאָגן אַ ביטערע בשורה, אַז נאָך אַזאַ לאַנגן זמן, ממש נאָך יאוש־בעלים, האָבן זיך אָפּגעזוכט די רודערס, האָבן זיך אָנגעצויגן די זעגלען, און די שיף איז גרייט זיך לאָזן אין ווייטן וועג אַריין. דיר בלייבט נאָר איבער זיך צו באַשליסן: מיטפאָרן מיט דער שיף ווי אַ גלייכער באַלעבאָס, אָדער זי פאַרלאָזן אויף שטענדיק. אהער אָדער אהין! און דער ישוב־הדעת קען אויך נישט דויערן צו לאַנג —

ער דרייט זיך ראש אוים צו די בני־בית און ציילט ווערטער, ווי אַ פרומער ייד אין קריאת־שמע:

— איצט, מיינע פריינד, איז איינס אַ זייגער, דעם זעכצנטן דעצעמ־בער. ביז איינס אַ זייגער דעם זעכצנטן יאַנואַר, דאָס הייסט אַ קיילעכדיקן חודש, האָט פאַלי צייט מיר צוצושיקן איר הסכמה אויף גלייך אָנהייבן צו רעדן פון אַ חתונה. איך זאָג „צושיקן", ווייל אין משך פון דעם דאָזיקן חודש וועל איך, בלי נדר, אהער נישט גיין. איך וויל נישט, מיט דער אָנ־וועזנהייט פון מיין פּערזאָן, אויף וויפל עס איז, שטערן פאַלים גלייכגע־וויכט, בשעת איר אָננעמען אַזאַ גורלדיקן באַשלוס. איך וויל נישט, אַז פאַלי זאָל זיין אפילו אין דער מינדסטער מאָס באַאיינפלוסט פון וועמען עס איז, בשעת זי גייט מאַכן אַזאַ וויכטיקן שריט. איך נעם אויף זיך אַליין דעם עונש פון נישט זען זי אַזאַ גרויסן זמן, כדי זי זאָל קיין מאָל נישט האָבן קיין פּתחון־פּה צו זאָגן: „שלמה האָט מיך אין יענע טעג אַזוי גע־צערטלט, אַזוי מקרב געווען, אַז בלויז דאָס האָט מכריע געווען די וואָג־שאָל לטובתו". ניין, זי וועט דאָס נישט קענען זאָגן! איך באַצאָל דערפאַר אַ גוטן פּרייז. אייך חדושט מן הסתם: „שוטה, וואָס אַרט דיך, וואָס זי וועט שפּעטער זאָגן? ווער הערט זיך שוין צו צו יענע זאָגעכישן לאחר המעשה?" איאָ איך האָב געטראָפן? אָבער גלייבט מיר, מיינע פריינד, ווען נישט דאָס, וואָס איך וויל נעמען פאַלין לחלוטין אַ ניכטערע, אַ באַ־וווסטזיניקע, אַ באַוואָפנטע מיט איר גאַנצער בחירה, האָב איך שוין עט־לעכע מאָל געהאַט די מעגלעכקייט גיין מיט איר צו דער חופה. ערשט נישט לאַנג, היינטיקן זומער, ווען איך בין געקומען מיט שמואליקן פון סלאַוווטע, האָט זי מיר געזאָגט: „קום שטעלן אַ חופה היינט אויף דער נאַכט!" זי איז אָבער דאַמאָלסט געווען פאַרשכורט, שכור פון פרייד, דער־פאַר בין איך נישט איינגעגאַנגען אויף איר פאָרשלאָג. איך האָב געוואָלט, אַז נישט אין עקסטאַז פון דאַנקבאַרקייט זאָל זי מיר דערלאַנגען איר האַנט, נאָר אַזוי ווי איך גיב איר אָפּ מיינס: מיט קאַלטע געבליטן, זייענדיק ביים

קלאָרן געדאַנק. און נאָך איבער איין זאַך האָב איך דאַמאָלסט נישט אָנגע־נומען איר פאָרשלאָג. עס זענען דאָן, אין יענעם טאָג, געהאַט געבליבן אין גאַנצן עטלעכע וואָכן ביז אירע עקזאַמענס. אמת, דאָס גאַנצע לערנען אירס האָט ביי מיר נישט פאַרנומען קיין גרויס אָרט, איך האָב דערויף אַלע מאָל געקוקט ווי אויף אַ קאַפּריז, נאָר איר שטערן אין דעם האָב איך אויך נישט געוואָלט. אפילו איר קאַפּריז איז ביי מיר אויך געווען טייער, נאָר דערפאַר ווייל ער איז אירער! און אייך, יאַני און אסתר, בעט איך אויך ווי אמתע גוטע פריינד, אַז אין משך פון אָט דעם חודש, זאָלט איר נישט פּרווון ווירקן אויף איר אינעם ענין פונעם שידוך מיט גאָרנישט. חס וחלילה! זי איז שוין דאַנקען גאָט אַ זעלבסטשטענדיקע פרוי און זאָל זי זיך זעלבסטשטענדיק אויסקלייבן איר גליק, איר עתיד...

עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דאָס אַלץ איר געקענט זאָגן אונטער פיר אויגן. דערצו נאָך האָב איך באַזונדערס זייער נישט ליב צו פירן קיין אינטימע שמועסן פאַר עדות. אָבער גראָד אין דעם פאַל, האָב איך יאָ געפונען פאַר נייטיק דאָס צו טון. מכמה טעמים. קודם: זי קען נאָך שפּע־טער זיך אַליין וועלן איינרעדן, אַז שלמה האָט גערעדט מיט אַ האַלב מויל. „ווען ער זאָל געווען זאָגן — וועט זי טענהן — אַז ער מיינט דאָס טאַקע גאַנץ ערנסט, וואָלט איך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, זיך אויך ערנסטער געווען אריינגעקלערט"... דעריבער האָב איך באַשלאָסן דאָס מאָל זיך נישט צו רעכענען מיט מיין טיפער אַנטיפּאַטיע צו אַזאַ אופן פון רעגולירן פּריוואַטע חשבונות, און דעם שמועס פירן דווקא אָן אָפענעם. קיין פרעמדע מענטשן זענען דאָ נישטאָ, בלויז אירע פריינד. קיין נעענטערס פון אייך האָט זי דאָך אין ערגעץ נישט. וואָס נאָך האָט מיר, אַזוי צו זאָגן, מתיר געווען צו פאַרענדיקן מיינע חשבונות מיט פאָלין בקול רם, פאַר אירע על־טערן, ברידער און שוועסטער? איך האָב דאָס געטון דערפאַר, ווייל אין תוך גענומען האָט דאָך שוין דאָ קיינער פאַר קיינעם קיין סודות נישט: פאָלי וויל דעם שידוך נישט ווייניקער פון אַלע בני־בית, און די בני־בית — נישט שוואַכער פון פאָלין אַליין. נישט מער וואָס פאָלין דאַכט זיך, אַז דאָ איז דאָס פּלאַץ פון דורכפירן אין לעבן שלמה המלכס טעאָריע: אחוז בזה וגם מזה אל תנח את ידך. איר ווילט זיך: אי שלמהן נישט פאַרלירן, אי מיט אַ דיפּלאָם זיך באַוואָרענען. און שלמה האָט זי דאָך שטאַרק ליב... און נעמענדיק אַזאַ קראַסאַוויצע, כאַפּט ער דאָך אויס דאָס גרויסע גע־ווינס... לכן איז: כאן מצא בעל־חוב לגבות את חובו, מעג ער כאָטש צו־וואַרטן אַ ביסל... אַזוי לערנט זי דעם פּשט. זאָג איך דיר פאָלי בפומבי: דו מאַכסט אַ טעות! ווי דערציילט מען אַן אנעקדאָט: אַ ייד האָט געהאַט אַ ווייב. לא עלינו, זייער נישט קיין בריה. דערלאַנגט זי אים איין מאָל אַ מילכיקן באָרשטש, איז ער פול מיט פליגן. רופט ער זיך אָן צו איר: דוואָ־סיע־קרוין, וויפל מאָל האָב איך דיך געבעטן, קאָך מיר באָרשטש באַזונדער און פליגן באַזונדער. ווער בעט דיך אויסמישן בשר בחלב? דעסט גלייכן זאָג איך דיר: מיין טייערס, דיין עקספּערימענט האָט היינט אויף דער

נאכט געליטן א קראך. מען קען בשום אופן נישט צונויפשפאנען די אמ־ביציע פון ענדיקן א הויכשול מיט אזא לעבנספראגע ווי חתונה האבן. דאס איז כלאים! דאס איז שעטנז! על כל פנים — איך בין כופר אין את דער מעגלעכקייט. אייגנטלעך בין איך כופר דערינען שוין פון גאנץ לאנג, אבער היינטיקן אוונט בין איך געווארן אן אפיקורוס גמור. אמת, איך וויל דערמיט נישט זאגן, אז חתונה־האבן שליסט אויס די מעגלעכקייט צו דער־שלאגן זיך ביז הויכער בילדונג, קיינער ווייסט נישט אזוי גוט ווי דו, פאלי, אז איך האלט גראד פארקערט, אבער איצט שטייסטו על פרשת־דרכים און דו מוזסט באשליסן, וועלכן וועג דו ווילסט פריער דורכמאכן. און פון את דעם באשלוס איז אפהענגיק, צי איך זאל אויך האבן עפעס א שטיקל שייכות צו דיין צוקונפטיקן דאקטאראט, צי לחלוטין נישט. איז אזוי ווי דא באהאנדלט זיך נישט דער שידוך גופא, נאר — אן אזוי גערופענע — „קאמוניקאציע־פראגע", וועלכן צוג דורכלאזן פריער, און וועלכן אפלייגן אויף שפעטער, און די פראגע איז אזא לעבנס־וויכטיקע, ס'איז ביי דיר ממש: היום הרת עולם, דעריבער האב איך געפונען פאר מעגלעך, און אפשר גאר פאר נייטיק, אז דיינע סאמע נאענטסטע זאלן זיין דערביי... זאלן זיי אויך הערן... אפשר וועט דיר דאס עפעס נוצן ברענגען. איז את האט איר שטרענג און דייטלעך מיין באדינג: אויב דעם זעכצנטן יאנואר 1934, ביז איינס נאך האלבער נאכט, באקום איך פון פאלין א בריוועלע: „שלמה, איך בין דיינע, און בין גרייט אפילו שוין גיין צו דער חופה", — איז שלמה דער זעלבער שלמה, וואס ביז איצט, און איז גרייט צו גיין פאר פאלין אין פייער און אין וואסער. אויב אבער דער ווייזער רוקט זיך ארי־בער פינף מינוט אויף דער צווייטער שעה נאך האלבער נאכט, איז אלץ וואס צווישן אונדז איז פארגעקומען, נישט מער ווי א חלום. איך האב אויף מיין לעבן נישט געקענט קיין פאלין און זי קיין שלמה. מיר האבן קיין מאל אין קיין כמעלניק נישט געוווינט, קיין מאל קיין מאסקווע נישט געפארן. עס איז אלץ אויסגעטראכט... אמת, איצט איז ביי נאכט, איך בין דן דיני־נפשות, און על־פי דין איז: אין דנין דיני־נפשות בלילה, אבער פקוח־נפש שאני, און ביי מיר... ביי מיינע עלטערן... שמעקט שוין די דאזיקע פראגע מיט אמתן פקוח־נפש...

וואס נאך? איר זאלט נישט מיינען, אז אזוי לייכט איז מיר אנגע־קומען זיך צוגעוווינען צום געדאנק, אז איך געב איר א טערמין פון א גאנצן חודש. עס איז גארנישט אזוי לייכט דרייסיק מעת־לעת צו הענגען צווישן הימל און ערד. נאר איך האב ביי זיך געמאכט אזא חשבון: אויב איך וועל איר געבן זמן: איין וואך, וועט זי שפעטער זאגן: „איך האב זיך דען געהאט ווען צו באטראכטן? די עטלעכע טעג זענען איבערגע־פלויגן איידער איך האב זיך נאך אפילו אומגעקוקט". געבן איר צוויי וואכן? געפאלן דאמאלסט פונקט אויס אירע נייע עקזאמענס. אין מערבין שמחה בשמחה... געבן דריי? וועט זי א מאל זאגן: „איר פארשטייט א מעשה? עס איז מיר נאך נישט ארויס דער טשאד פון די עקזאמענס

פונעם קאָפּ איז שוין אונטערגעלאָפן זיין טערמין"... דעריבער האָב איך באַשלאָסן, זיך צו מאַטערן אַ גאַנצן חודש, — מן הסתם בין איך שול־דיק דעם הימל נישט איין אשם־תלוי — צו זיין, ווי זאָגט מען עס: תלוי בין השמים ובין הארץ, אבי זי זאָל האָבן געגוג צייט מכל הצדדים צו באַקלערן איר לעבנספּראַגע און זיך באַשליסן אַהער אָדער אַהין...

איצט, צו דער ענדע פון מיין לאַנגן מאָנאָלאָג, וואָס קען איך נאָך צוגעבן? איך לייג דאָ פּאָר פּאָלין, צו פאַרגלייבן מיר איר צוקונפט, וואָס קען איך איר צוזאָגן? איר צוזאָגן עשרות? איז דאָס אַ נאַרישקייט! אַ מענטש ווערט נישט געבוירן מיט קיין געלט און שטאַרבנדיק נעמט ער עס נישט מיט. אודאי איז גוט, אַז מען האָט דאָס יאָ, אָבער הצלחה איז אַ גאָט־זאַך. דאַכט זיך, אַז גאָר קיין גרויסער בטלן בין איך נישט, און קיין שלימזל אודאי נישט. וואָס דען קען איך איר צוזאָגן? אַ קעסטל צי־רונג, איינס אויף דער מדינה? אַ דירה פון אַכט צימערן? מעבל פון פּימצנהאָלץ? אַ פּיאַנינע? פּליושענע טעפּיכער? אַלע יאָר אַ נסיעה קיין סאָטשי? אַ שפּאַציר איבער גאַנץ דרום־רוסלאַנד? ניין, דאָס זענען אַלץ נאַרישקייטן! אַז גאָט וויל, האָט מען זיי. טאָמער הייסט גאָט נישט, העלפט נישט קיין צוזאָגן. אין חכמה ואין עצה ואין גבורה: מען בלייבט במילא אַ ליגנער. וואָס דען קען איך איר יאָ צוזאָגן? דאָס איז נאָר געטריישאַפט עד בלי ירח,* איבערגעגעבנקייט און אייביקע צוגעבונדנקייט. דאָס איז אַלץ, פאַר וואָס איך קען גאַראַנטירן. פּאָלין ווידער וויל איך זאָגן ווי אַ פּראַק־טישער מענטש און אירער אַן אַלטער גוטער פריינד, אַז עס איז שטענדיק אַ חקירה בעסער צו נעמען דעם, וואָס ער האָט דיך שטאַרק ליב, כאָטש ער איז אפשר נישט אַזאַ גרויסער אַנטיק, איידער צו נעמען דעם גאָר גרויסן אַנטיק, נאָר וואָס צום שידוך גופא איז ער אַ ביסל קאַלטבלוטיק. די וועלט זאָגט אַ ווערטל: דאָס וואָס עס קומט אָן שווער, איז מער באַ־ליבט. אַ מענטש, וואָס האָט דיך לאַנגע יאָרן ליב געהאַט, וועט קיין מאָל נישט באַנקראָטירן. וואָס עס זאָל זיך שוין נישט טרעפן, וועט אַזאַ מענטש נישט שפּייען זיך אַליין אין פּנים אריין, און עס וועלן קיין מאָל נישט אָפּ־געקילט ווערן זיינע געפילן צו דיר. למשל — איך! ס'איז שוין אַזוי פיל יאָרן, אַז איך קען דיך, שטיי אוים פון דיר געברענטע ליידן און קען מיך נישט אָפּזאָגן פון דיר. באַזונדערס דו, פּאָלי, מיט דיינע קאַפּריזן, מיט דיין צייטנווייז ווילדער עקשנות, דו דאַרפסט נעמען נאָר אַזאַ מענטשן, וואָס ער קען דיך שוין גוט, און דאָך איז ער צוגעבונדן צו דיר. גאָר אַנ־דערש וועט אויסזען דיין לעבן, אויב דו וועסט נעמען אַ מענטשן נאָך אַ קורצער באַקאַנטשאַפט. עס וועלן איבערגיין די ערשטע פלאַמען און ער וועט ווערן אומגעדולדיק צו יעדן תנועהלע דיינס, וואָס וועט זיין, נישט ווי אים געפעלט.

* ביז עס וועט שוין קיין לבנה נישט זיין. געמיינט: אויף אייביק.

שלמה פאַרטראַכט זיך אויף אַ ווײַלע, דאַן ווענדעט ער זיך דירעקט צו פֿאָלין:

— פֿאָלי, די גמרא זאָגט אין אַן אָרט: חן מקום על יושביו. דאָס הייסט מער ווייניקער אַזוי: יעדעס שטעטל אָדער דערפֿל פֿאַרמאָגט אין זיך אַזאַ געהיימען צויבער, וועלכן ס׳קענען דערפֿילן אָך ורק די דאָרטיקע אײַנגעזעסענע אײַנוווינער, די תושבים. דאַקעגן צופֿעליקע דורכפֿאָרער, Проходимцы*, די דאָזיקע זענען נישט גענוג פֿילבאַר, זיי זענען נישט מסוגל סופֿג צו זײַן אין זיך אָט דאָס דאָזיקע שיר נישט הייליקע געפֿיל. דו, פֿאָלי, פֿאַרגעדענק גוט־גוט אָט דעם מאמר החכם. גלייב מיר, ער איז שייך צו דיר אַ סך מער ווי צו עמעצן אַנדערש. דו זאָלסט נישט גרינגשעצן דאָס, וואָס אין מיר לעבט שוין די... די... דאָס שטאַרקע געפֿיל צו דיר, שיר נישט קיין אַנדערטהאַלבן צענדליק יאָר. פֿיל וואָכעדיקער וועט אויסזען אָט די גאַנצע צערעמאָניע מיט אַזעלכן, וואָס וועט דיך קענען נאָר אַנדערטהאַלבן צענדליק טעג... וואַרט, אויב דײַן ענטפֿער וועט חלילה וחס זײַן אַ נעגאַטיווער, וועסטו ערשט געוווירווערן דעם חילוק פֿון נעמען אַ מאַן מיט אַן אַזוי גערופֿענעם „ספֿר היוחסין”, ביז נעמען אַ באַקאַנטן פֿון אַ צופֿעליקער באַגעגעניש. וואָרעם, ערנסט גערעדט, וואָס איז דען אין גאַנצן דער זין פֿון אַ שידוך, אויב נישט דאָס ביסעלע געטרײַשאַפֿט, דאָס ביסעלע גרייטקייט צו פֿאַרבייגן דעם אייגענעם רצון צוליב דעם רצון פֿון דעם, וואָס איז דיר טייער... מענטשן האָבן אויסגעטראַכט אַ באַגריף: „ליבע”, און האָבן אים באַהאַנגען מיט שרעקלעכע גוזמאות: ליבע זשאַווערט נישט; ליבע געוועלטיקט ביזן גרוב; ליבע איז שטאַרק ווי דער טויט... אין דער אמתן אָבער, איז רייד — בלײַבן בלויז רייד, להג הרבה והבלים אין קץ... ווײַל פּאַקטיש: ווי פֿלאַמענדיק דאָס געפֿיל זאָל נישט פֿלאַקערן; ווי גרויס די ליבע זאָל נישט זײַן; ווי שטאַרק עס זאָל נישט זײַן די צוגעבונדנקייט; ווי אַזוי די נשמות זאָלן נישט זײַן באַהעפֿט — קען מען פֿאָרט נישט מאַכן פֿון צוויי מענטשן קיין איין מענטש. מיט דעם זאָג פֿונעם באַשעפֿער: „והיו לבשר אחד”, איז געמיינט געוואָרן: דער קומענדיקער דור; זייערע בשותפֿותדיקע פּירות, אָבער נישט זיי אַליין! זיי אַליין, דאָס פֿאַרפֿאָלק, אפֿילו דאָס סאַמע זיך ליבענדיקע פֿאַרפֿאָלק, וואָס מען קען זיך נאָר פֿאָרשטעלן — בלײַבן פֿאָרט שני עולמות, צוויי אָפּגעזונדערטע וועלטן, מיט באַזונדערע כלי־זין, און צו מאָל אפֿילו מיט באַזונדערע שלאַכטפֿעלדער. אַזוי איז געוועזן דער רצון העליון, אַז ביי דעם בחיר־היצורים, זאָל נאָר זײַן כמו ווי אַ הרכבה, אָבער נישט קיין הרכבה אמתית. מענטשן זענען גענאַרט, דער נאָמען: „פּלג־גוף” איז נישט גאָר קיין געלונגענער אויסדרוק, דאָס איז נאָר אַ דוגמא, אַ משל, כדי לשבר את האזן. אין דער אמת אָבער, מוזן זיי, די יונגע מענטשן, נישט ווילנדיק מוזן זיי בלײַבן באַזונדערע מענטשן, באַזונדער קוקן אויף

* כאַרבײַיגייער, אַזעלכע וואָס קלערן נישט זיך באַזעצן אויף דעם אָרט.

גאָטס וועלט; באַזונדער אין זיך איינאָטעמען די לופט און וואָס ס׳איז אמערגסטן — באַזונדער טראַכטן און פילן... דעריבער מוזן די נפשות העושות, די פאַראינטערעסירטע צדדים, הייסט עס, זאָרגעוודיק איבער־וועגן: וויפל איז שוין ביי דעם צד שכנגד אַלט דאָס דאָזיקע געפיל? אין וואָס פאַר אַ מין האַרץ האַלט זיך עס אויף? מיט וועמען וווינט אָט דאָס האַרץ אין שכנות... אָט די אַלע קלייניקייטן — וואָס ווען מען קוקט אויף זיי אויבערפלעכלעך, זעען זיי אויס אַזוי נישט וויכטיק, אין פלוג — שטו־תים שבשטותים, — זענען, גלייב מיר, גאָרנישט אַזוינע נישטיקע... דו וועסט אַ קלער טון, וועסטו מיר אַרויסגעבן דעם גערעכט. און צוליב וואָס, מיינסטו, האָב איך היינט אויף דער נאַכט אויפגעמישט און איבערגע־בלעטערט מיין גאַנצן „ויהי בימי" פון „בראשית" אָן? אך ורק צוליב דעם, אַז מאַכנדיק דיין באַלאַנס זאָלסטו האָבן פאַר זיך אַלע ציפערן, אַלע חשבונות־ישנים און... און נישט מאַכן קיין טעות אין דער אונטערשטער שורה.

נו, זאָל זיין געגוג גערדרשנט! אַלזאָ: דעם זעכצנטן יאַנואַר, אָדער קיין מאָל נישט. פאַלי, דו פאַרשטייסט מסתמא אַליין אויך גאַנץ גוט, אַז וואָס פריער דו וועסט זיך אָפּרופן, וואָס ווייניקער דו וועסט וואַרטן אויף דעם לעצטן טערמין, אַלץ אַ בעסערער איינדרוק בלייבט איבער אויף דעם גאַנצן לעבן. נאָר דאָס איז שוין אַ פראַגע פון יושר, דאָס איז אַ געשמאַק־זאַך... איצט, מיינע טייערע, אַזוי ווי איך האָב שוין ברוך־השם געענדיקט, מוז איך אייך זאָגן, אַז קיין מינדסטע קאָמענטאַרן, קיין איין וואָרט וועגן דעם אַלעמען, וואָס איך האָב דאָ גערעדט, דערלויב איך איצט קיינעם נישט צו זאָגן. מיר קענען איצט רעדן, פון וואָס אייער האַרץ גלוסט, נאָר נישט אויף דער דאָזיקער טעמע.

און אַראָפּרוימענדיק די ערנסטע מינע פונעם געזיכט, האָט ער פּלוצ־לינג מיט אַ לוסטיקן טאָן אַ פרעג געטון:

— יאַני, איר האָט היינט געזען אַ „פּראַוודאַ"? ווי געפעלט אייך מיכאַאיל קאָלצאָווס פעליעטאָן, האַ? איי, איז ער אַ מזיק! וואָס, ניין אפשר?

# קאפיטל XVI

שלמה גיט איבער דעם פעליעטאָן, אָבער אַזוי קאַמיש, אַז נישט קוקנ־דיק אויף דעם שווערן איינדרוק, וואָס זיין דערציילונג האָט געמאַכט, לאַכן אַלע. שלמה געדענקט נאָך פעליעטאָנען, און נאָוועלן, און עסקיזן... מיס־טעריש פירט ער אַרויס דעם עולם פון דעם הינער־פּלעט, וואָס איז אויף זיי אָנגעפאַלן פאַר דער צייט פון זיין דערציילונג. באַזונדערס לייגט ער אַכט דערויף, אַז אויך פאַלי זאָל נישט בלייבן שטעקן אין דער אָנגעלאָ־פּענער מעלאַנכאָליע. אַלע ווײַלע ווענדעט ער זיך דירעקט צו איר, ציט זי אַריין אין אַלגעמיינעם שמועס, צינדט אָן אירע אויגן, צווינגט זי צו אָנ־טייל נעמען אין דעם לייכטן ליטעראַרישן שמועס, וואָס פלעכט זיך ביים טיש. אין מיטן דערינען דערמאָנט זיך שלמה אַ בייסיקן אַנעקדאָט אויפן אַדרעס פון דער קיעווער ניי־פאַבריק און נאָך איינעם וועגן קיעווער טראַמ־וויי־טרעסט און) נאָך צוויי, און נאָך פיר. קיינער געדענקט שוין נישט, מיט וואָס פאַר אַ פאַרצווייפלונג ער האָט מיט אַ שעה צוריק גערעדט. אַלע לאַכן, אַלע זענען אַנטציקט פון שלמהס מימיק, פון זיינע גרימאַסן בעת דעם דערציילן די אָדער יענע געשיכטע. ביי שלמהן אַליין לייכטן די אויגן מיט אַ באַזונדערן גלאַנץ. עס פילט זיך, אַז ער איז גליקלעך דערמיט, וואָס ער האָט סוף כל סוף אַראָפּגערעדט אַלץ פון דער נשמה.

ער פרעגט פאַלין :

— דו קענסט שוין יענץ לידעלע פון דעם נייעם פילם ?

— ניין... בכלל ווייסטו דאָך, אַז איך בין אַ קנאַפּע זינגערין.

— נו און דו, סאָנקע ?

— דאַכט זיך, אַז יאָ. און איר אַליין, שלמה, קענט עס שוין ?

— מיר דאַכט זיך אויך, אַז יאָ. באַלד וועלן מיר זען וועמענס „דאַכט זיך" איז ריכטיקער. אַנו, סאָנקע, אויף דער מיט צימער, מיטן רעכטן פוס !

סאָנקע האָט אָנגעהויבן זינגען און איז אַנטלאָפן אין מיטן. שלמה האָט געזונגען מיט האַרץ, מיט געפיל. אַלע האָבן פאַר אַנטציקונג גע־פּאַטשט „בראַוואָ". יאַני האָט אים געבעטן זינגען זיין טאַטנס „וואָלעכל", מיט וועלכן ער זינגט „דרור יקרא". שלמה האָט אים צו ליב געטון, גע־זונגען דאָס „וואָלעכל" און נאָך עטלעכע „וואָלעכלעך". אַלע זענען ממש געווען פאַרשכורט פון מתיקות. אין צימער האָבן געשוועבט מלאכים. שלמהס זיסער טענאָר איז געהאַנגען אויף די ווענט, אויפן זייגער, געקלונ־גען פון די פענצטער, געשמייכלט פונעם שפּיגל. געענדיקט איין ניגון, האָט ער, נישט וואַרטנדיק אויף קיין איינלאַדונג, אָנגעהויבן אַ צווייטן. ער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין בופעט מיט אַ זייט, די אויגן פאַר־צויגן מיט אַ דין רויכל, די פינגער ענג צוזאַמענגעפלאָכטן און פון זיין האַלדז האָבן זיך געגאָסן קוואַלן מיט דופטיקן וויין... ער האָט אויסגעזען ווי אַ מענטש, וואָס האָט אַ גאַנצע אייביקייט געבלאָנקעט מיט אַ צע־

בראָכן שיפּל איבערן אומענדלעכן אָקעאַן, און ענדלעך האָט זיך אויפן האָריזאָנט אויסגעשיילט עפּעס ענלעכס אויף יבשה. דאָס פּינטעלע איז נאָך לעת־עתה אַזוי קליין, ממש מיטן אויג נישט צו כאַפּן, עס טוקט זיך, עס טרינקט זיך. דער פאַרלוירענער אין די מים שאין להם סוף זעט אָבער מיט זיין אָדלערישן בליק, אַז דאָס איז ערד, דאָס איז אַ ברעג, דאָס איז רעטונג. דער אומגליקלעכער זינגט אָן דין וחשבון. די ישועה איז נאָך פּאַר צענדליקער מייל, ביזן ברעג קענען נאָך געשען אָן אַ שיעור אומ־גליקן, נאָר ער וויל איצט דערפון נישט טראַכטן. אין אָנבליק פון דעם לעגענדאַרן פּאַסיקל ערד, קען ער שוין פון דער געפאַר נישט געדענקען. ער זינגט, ווייל ער איז שוין גליקלעך דערמיט, וואָס אויף דער וועלט איז בכלל דאָ אַ ברעג...

פּאָלי זאַפּט איין אין זיך די בענקענדיקע טענער. מיט די אויגן עסט זי זיך איין אין שלמהס פּנים און שלינגט זיי דורשטיק. אַ פאַרבאָרגן מלאכל מיט זילבערנע פליגעלעך און מיט שיינענדיקע אייגעלעך שעפּ־טשעט איר אויפן אויער:

— וואָס שטייסטו ווי אַ גיפּסענע סטאַטוע? זעסט דאָך, ווי יענער גיסט אויס זיין נשמה פאַר דיר. גיי צו צו אים, דריק צו זיין שיינעם קאָפּ צו דיין הייסער ברוסט. אַלץ איינס קענסטו דאָך אָן שלמהן נישט לעבן. דו ווייסט נאָך דערווייל אַליין נישט ווי שטערבלעך ליב דו האָסט אים. דאָס וועסטו ערשט דערפילן אין משך פון דעם חודש, וואָס ער וועט צו דיר נישט קומען. היינט, צו וואָס זשע דאַרפסטו דאָס קלערן? איז דען נישט גלייכער וואָס פריער? איז דען נישט בעסער איצט? שוין? פּאָלג מיך, מאַך אים גליקלעך! ער וועט דיר אין דיין לעבן אָפּדינען טאָפּלט. יעדער טאָג פון דיין ישובן זיך, וועט בלייבן ווי אַ פלעק אויף דיין גע־ווויסן, און אויף אייער ליבע... פאָלג מיך, גיי צו, קלער נישט אַזוי פיל אַריין, זיי נישט פון שטיין!

פּאָלי איז געשטאַנען, קאָנצענטרירט געקוקט אין איין פּונקט, זיך איינגעהערט אין דעם אינערלעכן קול, און... נישט גערירט זיך פון אָרט. אירע פיס זענען געווען ווי צוגעשמידט צו דער פּאָדלאָגע, נישט געוואָלט פאָלגן דאָס גוטע מלאכל. דערווייל האָט שלמה געענדיקט דאָס זינגען, און האָט באַמערקט אויף דער עטאַזשערקע דאָס שאַכברעטל, אויף וועלכן עס זענען נאָך געשטאַנען אויסגעשטעלט די פיגורן. שלמה האָט לעבעדיק אַ געשריי געטון:

— ניומאַ, סאָנקע, ביי וועמען פון אייך גייען בעסער די געשעפטן אין דער פּאַרטיע?

— ביי קיינעם נישט.

— ווי אַזוי קען זיין, ביי קיינעם נישט? איינער מוז דאָך זיין שטאַר־קער...

ניומאַ, אַ פאַרשעמטער:

— איך ווייס אויך נישט. מיר זענען דאָ פאַרקראָכן אין אַ טופּיק,

און האָבן אַזוי פאַרשפּאַרט און פאַרקאָרקעוועט איינער דעם צווייטן, אַז אפילו דער אַרכאַנגעל גבריאל וועט אונדז שוין, דאַכט זיך, נישט צע־פּלאָנטערן.

— ווייזט נאָר אַהער דאָס ברעטל, נאָר פאַוואָליע, צעשיט נישט.

אויפן טיש ווערט דערלאַנגט דער שאָך. אַלע זעצן זיך צו, שטודירן די פּאָזיציעס. עטלעכע מינוט קוקט שלמה שטאַר פאַר זיך, דאַן פאַר־מאַכט ער אויף אַ מינוט די אויגן, כאַפּט נאָך אַ מאָל אַ קוק אויף די פי־גורן און רייבט פריילעך אַ האַנט אין אַ האַנט:

— הייסט עס, דו, סאָנקע, שפּילסט מיט די ווייסע?

סאָנקע, אַ דערשטוינטע:

— פון וואַנען ווייסט איר?

— זעסט דאָך, אַז איך ווייס... צי אפשר האָב איך נישט געטראָפן?

— איר האָט דווקא יאָ געטראָפן, אָבער ווי אַזוי? זאָגט, שלמה, ווי אַזוי האָט איר געטראָפן?

— די ווייסע קעניגין איז עטוואָס איינגעשמירט אין געלן, זעסט? און דיינע שיינע פינגערלעך זענען מחילה אויך איינגעריכט אין געלבלעכל פון איי... יאָ, יאָ! עס וועט דיר נישט העלפן דאָס באַהאַלטן זיך... ניין, ניין, נישט די האַנט, יענע ווייז, די רעכטע! ביסט אַזאַ רירעוודיק מיי־דעלע, אַז דו האָסט זיך אפילו געפוילט אויפצוהייבן נעמען אַ לעפעלע און האָסט געטונקען דאָס ברויט מיט די פינגער. צי ס'איז אפשר נישט אַזוי?

סאָנקע שטייט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און שווייגט פאַרשעמט. שלמה דערלאַנגט איר אַ שנאָל אין דער נאָז:

— נו, מילאַ, נעם זיך נישט צום האַרצן. אַזעלכע זאַכן טרעפן זיך אָפּט מאָל אויך מיט דערוואַקסענע. מען קען זיך אַ מאָל באַקוועמער מאַכן דאָס לעבן מיט איין ריר, נאָר מען איז נאַכלעסיק דעם דאָזיקן ריר זיך צו טון.

פּאָלי דערפילט דעם שטאָך. עס נעמט זי דורך אַ שוידער. פאַר דעם דאָזיקן מענטשן איז גאָר קיין באַהעלטעניש נישטאָ. ער זעט זי אויף דורך און דורך. אפילו אירע געדאַנקען בשעת דעם זינגען, זענען אים אויך באַוווסט. עס ווערט איר מיט אַ מאָל שרעקלעך. זי פילט, אַז פאַר דעם מענטשן עקזיסטירן נישט קיינע סודות. ער קוקט פריי אַריין אין איר קאָפּ, אין איר האַרצן. אַ כשוף־מאַכער און שוין. עס דערמאָנט זיך איר די מעשה מיטן בוך ביי געניע שוסטערמאַן...

שלמה, דערווייל, זעצט פאָר זיין דערקלערונג:

— איז, דעם קונץ, ווי אַזוי איך האָב געטראָפן, ווער מיט ווע‌לכע עס שפּילט, ווייסטו שוין? איאָ ס'איז גאָר קיין קונץ נישט? איצט קען איך דיר נאָך זאָגן ווער פון אייך עס דאַרף איצטער גיין, און דאָס וועט אויך קיין קונץ נישט זיין...

אלע, מיט פארכאפטע אָטעמס, שטעלן אָן די אויגן אויף שלמהן. זיי ריכטן זיך צו זען א נומער פון א פּאָקוסניק. שלמה צעלאַכט זיך:

— וואָס האָט איר אַזוי אָנגעצילט אויף מיר אייערע אויגן, אַז עס איז מיר אַזש היים געוואָרן? קיין שום ווונדער איז דאָ נישטאָ. אָט וועל איך אייך אויסזאָגן, וועט איר אַליין אויך לאַכן. אַלזאָ, איך נעם די נשמה אין דער זשמעניע און כ'טרעף: איצט דארף סאָנקע גיין, ניומא איז גע־גאַנגען דער לעצטער.

סאָנקע פליט שיר נישט ארויף אויף שלמהן, אַזאַ שפּרונג גיט זי. די אייגעלעך ברענען און איר גאַנץ פּנימל פלאַמט פון נייגער:

— איר האָט געטראָפן, ניומא איז געגאַנגען דער לעצטער...

— אפשר נאָך מיטן פערד?

— יאָ, מיטן שווארצן פערד. גאָט מיינער, ווער זשע האָט אייך דאָס אַלץ דערציילט? עס איז דאָך שרעקלעך אינטערעסאַנט...

— ווער האָט מיר געקענט דערציילן? דאָס ברעטל אויפן טיש דער־ציילט מיר. הער זיך אומיסטן אַליין צו, שוין זשע הערסטו נישט?

— איי, מאַכט נישט קיין חוזק פון מיר, גאָרנישט דערציילט דאָס נישט...

— נאָך א מין דערציילן... אָט קוק זיך צו: די שפּילערס, וואָס האָבן געשפּילט די פּארטיע פאר מיין קומען, זעען מיר, זענען זייער אַקוראַטנע קינדערלעך. ווי עס פּאַסט טאַקע פאר אַזעלכע מוסטערדיקע שילער ווי איר. יעדע פון די צוויי און דרייסיק פיגורן — דאַכט זיך אַלע זענען נאָך גאַנץ?

— יאָ, מיר האָבן זיך נאָך מיט גאָרנישט אויסגעביטן.

— איז אַלע פיגורן זעען מיר, שטייען ריכטיק, יעדע אין צענטער פון איר קעסטעלע, חוץ דעם פערד פון דער שווארצער ארמיי. איצט, אַז מיר ווייסן שוין, אַז מיט די ווייסע שפּילסט דו, איז גרינג צו פאַרשטיין, אַז דעם לעצטן גאַנג מיטן פערד האָט ניומא געמאַכט, און מחמת איך בין דאַמאָלסט אריינגעקומען, האָט ער שוין נישט אַכטונג געגעבן אוועק־צושטעלן די פיגור ווי עס דארף צו זיין. איצט זאָג אַליין, וואָס קען נאָך זיין פּשוטער? עס איז דאָך אַ פּראָסטע אַריפמעטיק...

ווי אַ ווילד קעצל האָט די פּופּצן־יעריקע סאָנקע אַ שפּרונג געטון און האָט שלמהן אַ קלינגענדיקן קוש געטון אין דעם לינקן אויג:

— דאָס האָט איר אייך מיין חלק פאר אייער פּראָסטער אַריפמעטיק.

פאַלי האָט פאַרדראָסיק געקוקט אויף איר שיין שוועסטערל. אַ פאַר־ביטערטע, האָט זי זיך אין הארצן געפרעגט:

— פאַר וואָס האָב איך דאָס נישט געטון? מיט וועלכע רעכט קריכט אָט דאָס ציגל אים קושן? ווער דערלויבט איר אַזעלכע זאַכן? פאַר מיר איז דאָך מער אָנגעמאָסטן אים אויסצוקושן זיינע שיינע אויגן, פאַר זיין פּראָסטער אַריפמעטיק.

שלמה האָט שמייכלענדיק געדראָט סאָנקען מיטן פינגער:

— אזא פיצל און קריכט זיך שוין קושן. וואָס וועט שוין זיין אין דריי, פיר יאָר אַרום? יאַני, זי טאָרט איר אודאי נישט איינזאַלצן.

יאַני האָט עפּעס געוואָלט ענטפערן, נאָר שלמה האָט אים איבער־געשלאָגן, ווענדנדיק זיך צו ניומען:

— ווער זשע פון דעסט וועגן, רעכנסטו, שטייט פעסטער אויפן פּלאַץ, דו צי סאָנקע?

— מיר דאַכט, אַז איך.

— און דו וואָס זאָגסט, סאָנקע?

— איך זאָג אויך דאָס זעלבע. ער קען זיך כאָטש רירן, און איך — דאָס אויך נישט.

שלמה רופט צונויף מיטן ווונק יאַנין, אַווראַמען און פּאָלין:

— געערטע חברים, באַטראַכט גענויביידע פּאָזיציעס און זאָגט: אין וויפל גענג גיט דאָ סאָנקע אַ מאַט איר קעגנער?

— פּאַרקערט גאָר? סאָנקע — ניומען?

— וואָס ביי זיי הייסט פּאַרקערט, רוף איך עס אָן גלייך. אַלזאָ, קוקט זיך גוט צו, און רעכנט אויס.

אַלע קוקן, קוועטשן מיט די אַקסלען, ווייסן נישט ווי אַזוי אַריינצו־קריכן אין אָט דער פּאַרפּלאָנטערטער סיטואַציע. אַווראַם קוקט זיך אום אויפן פּאָטער און אויף פּאָלין און רופט זיך אָן פּאַרדראָסיק:

— ווייסט אים דער גוטער יאָר! אַלע פיגורן זענען נאָך אויפן ברעטל, און ער רעדט שוין פון אַ מאַט.

שלמה, מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל:

— נו, און דו, פּאָלי? דיין וואָרט?...

— איך הייב נישט אָן צו פאַרשטיין, ווי אַזוי רעדט מען דאָ פון אַ מאַט, ביי אַזאַ גערדיכטן עולם פיגורן. מיר שווינדלט אַזש אין די אויגן.

שלמה, אומגעדולדיק:

— אָבער דאָך, אין וויפל גענג? אין צוואַנציק? אין פערציק? אין פינף און זיבעציק?

— שטראָף מיך גאָט, אויב איך ווייס, וואָס דיר צו ענטפערן. בכלל ווייסטו דאָך, אַז איך בין אין שאך אַ קנאַפּע שפּילערין...

שלמה בייגט זיך צו צו איר אויער:

— אַלצדינג איז ביי דיר קנאַפּ. אַ קנאַפּע זינגערין, אַ קנאַפּע שפּי־לערין, אַ קנאַפּע ליבהאָבערין —

פּאָלי רויטלט זיך, ענטפערט שטיל:

— וואָס קען איך העלפן? אַזעלכע האָט מיך גאָט באַשאַפן.

שלמה לייגט צאַרט אַרויף זיין האַנט אויף איר אַקסל:

— איך האָב געשפּאַסט און דו מיינסט אין אַן ערנסט. וואָס וואָס — נאָר אין שאך ביסטו אַ העלדין. דו געדענקסט אין זוועניגאָראָדקע, נאָך איידער דו ביסט געפאָרן „קיין אַמעריקע", ווי דו האָסט מיר געגעבן פיר מאַטן איינעם נאָכן אַנדערן?

אווראם קערט זיך אָפּ, באַהאַלטנדיק אַ שמייכעלע, און פּאָלי זאָגט מיט טרערן אין קול:

— היינט אויף דער נאַכט, ווייזט אויס, האָסטו זיך אונטערגענומען מיך מכבד זיין נאָר מיט שפּילקעס און מיט שטעכווערטלעך.

שלמה גיט איר אַ לייכטן גלעט איבערן בעקל:

— אַנטשולדיק מיר. גלייב מיר, אַז איך האָב נישט געוואָלט. ווען איך זאָל געווען וויסן, אַז דו לעבסט איבער אַזוי קרענקלעך דיין נישט פאָרן קיין אַמעריקע —

פּאָלי שטייט פאַרלוירן. זי קען זיך נישט כאַפּן, צי רעדט ער איצט ערנסט, צי איראָניזירט ער.

יאַני, וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען איבערגעבויגן איבער דעם שאַכברעטל, האָט זיך ראַש אויפגעהויבן:

— הערסטו שלמה, איך קען זיך וועטן מיט דיר אויף וויפל דו ווילסט, אַז נישט ווייניקער ווי אין פּערציק גענג אַרום קען ערשט בכלל געמאָלט זיין אַ מאַט, און דערצו קען מען נאָך נישט פאָרויסזאָגן, ווער וועמען עס וועט געבן.

— און איך ווייז אייך באַלד, אַז די ווייסע, סאָנקע הייסט עס, גיט ניומען אַ מאַט נישט ווייניקער ווי אין צען גענג און נישט מער ווי אין דרייצן. גייט אַלע אַריבער אויף יענער זייט. אפילו דו, סאָנקע, מעגסט אויך גיין צו מיינע קעגנער. איך וועל זיך שוין ווי עס איז אַליין אַן עצה געבן.

אַלע האָבן אַרויסגעקוקט, אַז שלמה זאָל פאַרשפּילן. יעדער האָט דער־רויף געהאַט זיין טעם כמוס: פּאָלי האָט אין אים געוואָלט זען אַ נקמה פאַר זיין וויצלען זיך אויף איר חשבון; אווראם האָט געהאָפּט דאָס מאָל אָנצולערנען שלמהן, אַז ער זאָל נישט זיין אַזוי זיכער אין זיך; יאַנין איז גלאַט נישט אַנגעשטאַנען די מעשה: וואָס זענען דאָס פאַר אַ דיבורים? ער זאָגט פערציק, זאָגט יענער גאָר דרייצן... דאָס איז דאָך ממש אַן עזות... דאָס איז דאָך נישט קיין עין־יעקב, וואָס ער קען זיך מיט אים נישט פאַר־מעסטן. אָט וועט ער אים באַלד ווייזן, אַז פערציק איז טאַקע פערציק, נישט קיין דרייצן. ניומאַ האָט גענומען אַ בליישטיפט און איז גרייט גע־ווען אָנהייבן צו פאַרשרייבן די גענג. אסתרן — וועלכע האָט זיך צוגעזעצט אויף פּאָלים בעט און ביז זיי וועלן דאָרט אָפּשפּילן, געוואָלט אַריינכאַפּן מאַכן אַ פּאָר מערעזשקעס אויף די קינדערס שקאַרפּעטן — איז אין תוך גענומען געווען אַלץ איינס, ווער ביי וועמען עס וועט געווינען. וואָרעם ווער איז איר שלמה און ווער איז איר אווראם? אַלע זענען גלייכע קינ־דער... אַלאַ וואָס שלמה האָט זיך היינט נאַריש געמאַכט, גערעדט אַזעלכע רייד, וואָס פּאַסטן פאַר אַ ווילד־פרעמדן, נאָך מער — פאַר אַ שונא, מילא! וועט פּאָלי מוזן זיין קלוגער פון אים און שוין אויף מאָרגן אים צו ליב טון... אַז יענער לייגט אַזוי איין די וועלט נאָך איר... אירע אויגן ביים אָפּבייסן אַ קנופּ פון אַ פאָדעם פאַרבלאָנדזען צום טיש, זי זעט די אָנגעבויגענע

קעפ איבערן שאכברעטל, דאָס ערנסטקייט וואָס ליגט ביי אַלעמען אויף די פנימער און טראַכט, אַז פון דעסט וועגן איז דאַכט זיך נישט קיין יושר, אַז איין שלמה זאָל גובר זיין אַלע בני־בית... ער איז ביי זיך אַזוי אויך געגוג גדולדיק... זי זעט, אַז יאַני מיט אַלע קינדער, חוץ סאַנקען, שטייען קעגן שלמהן און טראַכטן עפּעס, דאַן גיט זי, מיטן שפּיץ פאָדעם אין מויל אַ גלאַנץ מיט די אויגן: „גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב, פאַרשעם זיי דאָרט נישט... וואָס איז דער יחוס אין דעם שלמהן? טאַקע דעם גאַנצן קעז אין איין קרעפּל" ? נאָר איין סאַנקע האָט באמת אַרויסגעקוקט אויף שלמהס נצחון. זי איז נישט אָפּגעטראָטן פון אים, אים אַלע ווײַלע פאַרקוקט אין די אויגן, ווי אַ יונג לאָשיקל וואָס לויפט נאָך דעם וואָגן, פאַרקוקט דער מוטער זײַנער אין די אויגן, ווען עס העצ־קעט זיך אַ ביסל אַוועק אויף צו פריער. זי האָט אים געהאָלפן טראַכטן, און געפּרוווט צו טרעפן, מיט וואָס ער וועט איצט גיין.

שלמה האָט העפלעך גענומען רשות ביי סאַנקען צו ענדיקן איר פאַרטיע, דאַן האָט ער זיך באַקוועם אַנידערגעזעצט און די שלאַכט האָט זיך אָנגעהויבן.

אסתר האָט סוף־כל־סוף נישט געקענט פאַרטראָגן די מאָדנע שטיל־קייט אין שטוב. זי האָט אַ שמיץ געטון דאָס קניילעכל פאָדעם מיטן פינ־גערהוט אונטער צוקאָפּנס קישן און האָט זיך אויף די שפּיץ־פינגער דער־נעענטערט צום טיש. זי איז געשטאַנען הינטער שלמהס פּלייצעס און האָט געהאַלטן אין איין ווינקען צו סאַנקען, אַז זי זאָל זיך גוט צוקוקן, ווי אַזוי שלמה שפּילט. זעענדיק, אַז סאַנקע וויל אפילו נישט קוקן אין איר זייט, האָט זי זיך צוגעבויגן צו איר אויער און אַריינגעשעפּטשעט:

— סאַנקעלע קרוין, גיב אַכטונג, ווי אַזוי שלמה שפּילט. דער עיקר איז נאָר כאַפּן דעם שניט, דערנאָך גייט עס שוין אַליין...

סאַנקע האָט זיך אַ צערייצטע אַ קער געטון:

— גייט עס שוין... גייט עס שוין... דו מיינסט, אַז ס'איז דיר טײַנ־לעך מיט פאַסאָליעס... לאָז מיך צו רו, כ'בעט דיך...

אסתר האָט אָפּגעווישט די ליפּן און גאָר נישט געענטפערט אויף איר מיזינקעלעס „אָפּבאָדן" זי. נאָך אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך אומגע־קערט צו פאַלים בעט און האָט גענומען אויפזוכן די געניי־מכשירים. סאַנ־קע האָט זיך אומגעקוקט אויף דער מוטער, דערזען, ווי זי זיצט אַ דער־שלאָגענע איבער עמעצנס אַ זאָק און עס האָט זי שטאַרק פאַרקלעמט ביים האַרצן. זי איז צוגעלאָפן צו איר און מיט טרערן אין די אויגן געפאַלן איר אויפן האַלדז:

— מאַמוליאַ, דו האָסט זיך אויף מיר באַליידיקט? זאָג, יאָ?

אסתר האָט מיט יאַנים אַ געלעכערטער שקאַרפּעטקע אומבאַמערקט אַוועקגעמאַכט אַ טרער און אויף איר מיזינקעלע אויסגעבטלט חלומות:

— וואָס נאָך וועסטו אויף מיר אויסקלערן? גיי, גיי צום טיש.

— קום זשע אויך מיט מיר. די אַרבעט, וועסטו קיין מאָל נישט אָנ־ווערן. כ׳בין דיר מבטיח: קיינער וועט זי ביי דיר נישט אויסכאַפּן.

שלמה האָט קאַלטבלוטיק און, לויט דעם אויסזען, שלעפּעריקלעך איבערגערוקט אַ פיגור. אין צווייטן לאַגער דאַקעגן, האָט געדונערט און געבליצט. באַלד נאָכן צווייטן גאַנג, האָט יאַני קאַטעגאָריש געמאָלדן פּאַ־לין, אַז טאָמער פאַרשפּילן זיי, איז דאָס נאָר איבער איר אַריינמישן זיך. אוורהם האָט געזאָגט דעם פּאָטער, אַז ער היצט זיך צו שטאַרק. דאָס האַרץ איז אים עפּעס שוואַך פון שלמהס שלעפעריקייט. פּאָלי האָט גע־וואָלט מאַכן אַ גאַנג אויף איר אייגענער אחריות, נאָר ביידע מאַנסבלין האָבן זי אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט:

— גזלנטע, קוק וווהין דו גייסט, אפילו סאָנקע שמייכלט.

— סאָנקע שמייכלט, ווייל שלמה האָט איר מסתמא געזאָגט זיין פּלאַן. איר איז גרינג צו שמייכלען הינטער שלמהס פּלייצעס.

— אַז דו ווייסט יאָ, אַז דאָרט איז גרינג צו שמייכלען, ווער זשע לאָזט דיך נישט? —

פּאָלי האָט אוורהמען דערלאַנגט אַ פּעטשל איבער דער האַנט פּאַר זיין פּסוק מוסר, וואָס ער האָט איר דערוויל אַריינגעהאַקט. ביים שאַכ־ברעטל האָט זיך געטון „אויף טיש און אויף בענק". אוורהם האָט זעלבסט־שטענדיק געוואָלט מאַכן אַ גאַנג, האָט דער פּאָטער געהייסן ניומען זיין גאַנג נישט פאַרשרייבן. ער אָנערקענט אים נישט. אסתר האָט פון דער ווייטנס געקוקט אויף איר מאַן, ווי ער איז אויסער זיך פון שלמהס רואי־קייט. אַלע מאָל כאַפּט ער אַ קוק אויף אים, ווי איינער רעדט:

— יונגערמאַן, אָבער דאָ האָב איך דיך געפּאַקט? מאַעסטראָ, איר דאַרפט נאָך נישט קיין וואַלעריאַנאַווע טראָפּנס?

אויפן פינפטן גאַנג האָט שלמה נישט פּאַרזיכטיק אוועקגעשטעלט זיין אָפיצער אויף דער ווערטיקאַלער ליניע פון דער שוואַרצער קעניגין. אַלע האָבן דערשטוינטע אָנגעהויבן פינטלען מיט די אויגן. דריי פּאָר הענט האָבן טריאומפירנדיק אַ כאַפּ געטון דעם פאַרבלאָנדזשעטן קרבן און אים אַ ריס געטון פון דעם ברעטל. אין דעם זעלבן מאָמענט האָט פּאָלי מיט איר געניט אויג באַמערקט אַ רמז אויף אַ שמייכעלע אין שלמהס ליפּן־ווינקלען און האָט זיך אַן אומרואיקע אומגעקוקט אויפן פּאָטער מיטן ברודער. שלמה האָט „אומגערן" געמאַכט נאָך איין שלימזלדיקן גאַנג און פאַרלוירן אַ צענטראַלן זעלנער. אויפן זיבעטן גאַנג האָט ער קאַלט־בלוטיק מיטן פערד געפּרעגט גלייכצייטיק אי קעניג אי קעניגין. אַ געשריי ווי פון אַ פאַרוווּנדעטער חיה האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַלעמענס העלד־זער. אַ צערייצטער האָט יאַני באַטראַכט שלמהס תמעוואַטע פּנים, ווי ער בלעטערט גאָר פּאַלים זשורנאַל. נעמענדיק די קעניגין, האָט שלמה ווידער אַטאַקירט דעם קעניג מיטן לינקן טורעם. דאַן מיט אַ פּשוטן זעלנער, און ווידער מיט דעם פערד, אַט אַזוי האָט ער אים שוין נישט אָפּגעלאָזט ביז אויפן עלפטן גאַנג האָט ער געזאָגט שאַך און מאַט!

אַלע זענען געבליבן זיצן אויף די ערטער ווי געפּלעפּט.

שלמה האָט זיך פויל אויפגעהויבן פון זיין בענקל:

— נו, עס איז שוין פּאַוואָלינקע נאָך פיר. שוין צייט אַהיים צו גיין.

ער האָט פאַרצויגן דעם שניפּס, זיך פאַרשפּיליעט דעם פּידזשאַק ביז איין קנעפּל און האָט אַראָפּגענומען דעם פּאַלטאָ פונעם הענגער. פּאָלי מיט אוורהמען האָבן אויך אַראָפּגענומען זייערע פּאַלטעס, זיך גרייטנדיק צו גיין אים אַ ביסל באַגלייטן, נאָר שלמה האָט העפלעך צוגענומען דעם פּאַלטאָ ביי פּאָלין פון די הענט און אים צוריק אויפגעהאַנגען אויפן הענגער. אויף איר פרעגנדיקן קוק האָט ער ווייך, נאָר ערנסט געענטפערט:

— אַוורהם יאָ, אָבער דו נישט. מיט דיין נישט געבן באַלד אויפן אָרט קיין פּאָזיטיוון ענטפער אויף מיין היינטיקן פאָרשלאָג האָסטו דערמיט אַליין אונטערגעשטראָכן, אַז דו מוזסט נאָך נאָכדענקען; אַז דו ווייסט נאָך אַליין נישט קלאָר, אויף וואָס זיך אָפּצושטעלן. אויב אַזוי, דאַרפסטו זיך נישט געפינען אין מיין געזעלשאַפט. מיר האָבן שוין דערפון גע־שמועסט —

און נישט קוקנדיק מער אין איר זייט האָט ער אויסגעשטרעקט יאַ־נין די האַנט:

— נו, יאַני, זייט מיר געזונט. האָט נישט קיין פּאַראיבל, וואָס איך האָב אייך היינט געמאַטערעט...

יאַני, נישט אַרויסלאָזנדיק שלמהס האַנט פון זיינער, קוקט אויף אים מיט פּאַטערלעכער וואַרעמקייט און וווּנדערט זיך:

— וואָס זשע עפּעס אַזוי פייערלעך? מיט דער האַנט גאָר?

שלמה שטאַמלט אַרויס נישט דייטלעך:

— כ׳ווייס? ווי אַ זאַך מאַכט זיך —

יאַני ווערט מיט אַ מאָל בלייך ווי די וואַנט און פאַרלירט שלמהס האַנט. אין שטוב גיט פּלוצלינג אַ ווייע מיט אַ קעלט. יאַני טרעפט נישט מיט אַ צאָן אויף אַ צאָן. שלמה דריקט אַסתרן די האַנט, באַטראַכטנדיק זי בשעת־מעשה מיט אַ ליבלעכן שמייכל. אַוורהם שטייט ביי דער טיר אַן אָנגעטונענער און וואַרט. שלמה דערלאַנגט ניומען די האַנט, דערנאָך סאָנקען. יענע וויל זיך וועגן עפּעס אַ ווייצל טון, נאָר באַמערקנדיק שלמהס ערנסטקייט, פאַרלירט זי דאָס לשון. שלמה גייט צו צו פּאָלין, נעמט איר האַנט אין זיינע ביידע, קוקט איר גלייך אין די אויגן אַריין, זעט די טרוי־עריקע שאָטנס, וואָס שוועבן דאָרט, און זאָגט איר באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט:

— נו, פּאָלינאַ יאַקאָוונאַ, נשמה פון מיין נשמה, בלייב געזונט! וואָס וואָס — נאָר אַ גוטער פריינד בין איך דיר שטענדיק געווען און איצט אויך. איך ווינטש דיר פון טיפן הארצן, זיך ריכטיק צו אָריענטירן אין דיין איצטיקער לאַגע, מאַכן ביי זיך אַליין אַ חשבון־צדק, און דער עיקר: קיין טעות נישט האָבן אין זיך אַליין. גדענק, טייערע פּאָליאַ, נאָר זיך אַליין נישט אָפּ. דו האָסט אַ מאָל אַ טבע צו מאַכן דעם דאָזיקן פעלער,

אָבער אין דעם דאָזיקן פאַל איז אַזאַ טעות געפּערלעך. פאַר אַ יאָרן אין דער צייט האָב איך שוין, דאַכט זיך, באַלד אָנגעהויבן צו באַקומען דיינע בריוועלעך דורך קלאַוען. אין זיי איז דער טאָן געווען אַ קלאָרער, אַ רייפער. פאָרן זומער אָבער האָסטו דיינע דאָמאָלסטדיקע הבטחות פאַר־וואַנדלט אין קינדערישע פּלוידערייען, איצט, לעבן מיינס, האָט זיך די קינדערשפּיל ביי מיר מיט דיר געענדיקט. איצט שטייט די פראַגע: אויף רעכטס, אָדער אויף לינקס. אָדער אונדזערע וועגן זאָלן זיך צונויפגיין אויף אייביק, אָדער זיך צעגיין אויף אייביק.

און איבערן סאַמע אויער גיט ער צו שטיל:

— מיר זענען דאָך ביידע מחויב צו היטן אונדזער ליבע... אַ שבועה מוז מען היטן...

שלמה, אַליין אַ בלייכער ווי די וואַנט, וואַרפט אַ גליטשנדיקן קוק אויפן גאַנצן צימער, זאָגט נאָך אַ מאָל אַן אַלגעמיינע „גוטע נאַכט" און גייט אַרויס.

אויפהייבנדיק זיך אויף די טרעפּ מיט אווראַמען, שטעלט ער זיך אָפּ, דרייט זיך אויס און ביים שוואַכן שיין פון דעם קאָרידאָר־לעמפּעלע, קוקט ער לאַנג אויף דער טיר פון זייער צימער.

— קום שלמה, וואָס זעסטו דאָרט?

— וואָס איך זע דאָרט, פרעגסטו? איך זע דאָרט אויף אייער שוועל דעם אָפּשיין פון מיין נאַריש פאַרלוירענער יוגנט. איך קוק און טראַכט: ווער ווייסט, צי זע איך איצט נישט, אָט די ביז גאָר באַקאַנטע טיר, צום לעצטן מאָל אין מיין לעבן?

אווראַם נעמט שלמהס האַנט און טרייסלט זי מיט אַלע כוחות, ווי ער זאָל אים וועלן אויפוועקן פון אַ בייזן חלום:

— שלמה, גאָט איז מיט דיר, וואָס פאַר אַ שטותים רעדסטו? שוין זשע געפינסטו דאָס פאַר מעגלעך? דו באַנעמסט יאָ, וואָס דו האָסט ערשט געזאָגט?

— ביי אַזאַ מענטשן ווי דיין שוועסטער איז, ביי אַזאַ שטיינערן האַרץ איז אַלץ מעגלעך. לאָמיר בעסער דערפון נישט רעדן —

אין אַ רגע אַרום האָט שלמה אַליין פאַרגעסן זיין פאָרשלאַג. ער האָט צוגעצויגן אווראַמען צו זיך און היים געפּליסטערט:

— אווראַם! ליבער, געטרייער ברודער אווראַם! דו האָסט מיך גע־פרעגט: „וואָס זעסטו אויף אָט דער דעמבענער טיר?" דו שטעלסט זיך גאָר נישט פאָר, וויפל גוטע און שלעכטע זכרונות עס דערוועקט אין מיר אָט די פּשוטע טיר. עס פאַרשטייט זיך, מער שלעכטע ווי גוטע. און דערפאַר, ווען איך קוק אויף דער דאָזיקער טיר... אויף די טרעפּ... איי, קום! גאָט ווייסט אַלץ. איך פאַרלאָז מיך אין גאַנצן אויף אים.

וויניקער ווי אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט זיך אווראַם אומגע־קערט אין שטוב אַריין און געטראָפן אַלע בני־בית אין דער זעלבער פּאָזע,

ווי ער האָט זיי איבערגעלאָזט. יאַני, אַ בלאַסער, האָט אים מיט אַ פּאָר־דומפּן קול געפרעגט:

— פאַר וואָס עפּעס אַזוי גיך?

— איך האָב אים צוגעפירט נאָר ביז דער אָפּערע. ווייטער האָט ער נישט געלאָזט.

אַ שווערע פויזע האָט געעקבערט די אויערן.

אסתר פרעגט אים:

— וועגן וואָס האָט איר עס גערעדט אויפן קאָרידאָר?

— ווער זאָגט דיר דען, אַז מיר האָבן גערעדט?

— איך בין געגאַנגען עפּעס אַרויסשטעלן אין קעמערל און האָב געהערט אייך רעדן. וועגן וואָס, האָב איך נישט איינגעהערט, איך האָב נאָר געהערט, ווי שלמה האָט עפּעס געזאָגט.

— ער האָט באַטראַכט די טיר, די טרעפּ, און האָט געזאָגט: „ווער ווייסט, אפשר זעט ער דאָס אַלץ צום לעצטן מאָל אין זיין לעבן".

פון אַווראַמס עטלעכע ווערטער איז געבליבן הענגען אַ שווערע כמאַרע אינעם חלל פונעם צימער. עס האָט מיט אַ מאָל פון ערגעץ־ווו אַ טראָג געטון מיט טשאַד. מיט פּעטן, שטיקנדיקן טשאַד, ווי מען וואָלט דאָ נאָר־וואָס פאַרלאָשן אָן אַ שיעור חלבנע ליכט. יאַני צילט אָן אַ פינצ־טערן בליק אויף פאַלים פנים. פאַלי פילט גוט דעם שטעכיקן בליק און נעמט נישט אַרויס די אויגן פונעם זשורנאַל. יאַני קען אָבער זיין שטאַרן קוק נישט אָפּרייסן פון איר. ביי פאַלין הייבט אָן אונטערטאַנצן די רעכ־טע ברעם. אַ נערוועז שמייכעלע פאַלדעוועט אירע ליפּן. ענדלעך האַלט זי נישט אוים אָט דאָס שטומע קוקעניש און שיסט אוים מיט אַ צעיושעטן געלעכטער:

— כאַ־כאַ־כאַ! ער האָט געפונען מיט וועמען צו שפּילן זיך אין סאַלדאַטיקעס! אַן אולטימאַטום שטעלט ער מיר! מיט אַ טאָג, מיט אַ שעה, מיט אַ מינוט! ווי אַזוי האָט ער געזאָגט? פינף מינוט נאָך איינס איז פאַרפאַלן די קו מיטן שטריק. כאַ־כאַ־כאַ! אַ טשודאַק, אויף מיין וואָרט! נישטאָ ווער עס זאָל לאַכן.

און דאָ גראָד איז זי בפירוש געוועזן גערעכט. קיינער האָט נישט מיטגעלאַכט. איר צעיווירענער געלעכטער האָט אָפּגעקלונגען אין צימער ווי אין אַ ווּיסטע: הייזעריק, אומהיימלעך און איז מאָמענטאַל פאַרגליווערט געוואָרן אויף אירע בלאַס געוואָרענע ליפּן. דערפילנדיק, אַז איר לייכטער טאָן האָט קיינעם פון די בני־בית נישט געוווּנען אויף איר צד, האָט זי עקשנותדיק אַ פינקל געטון מיט די אויגן:

— שלמה געפעלט מיר און ער איז מיינער! נאָר אַזוי נידעריק בין איך נאָך דערווייל נישט געפאַלן, אַז איך זאָל דערלויבן זיך גאָר שטעלן אולטימאַטומס. ער וועט נישט גיין אַ חודש? דאַרף מען נישט! אפילו דריי. אפילו דרייצן. אָבער זייט זיכער, ווען איך וועל אים נאָר אַ ווונק טון, וועט ער קומען צו לויפן און מיר קושן די שפּיץ פינגער —

קיינער אין שטוב האָט זיך נישט אָפּגערופן מיט קיין וואָרט. דאָס אכזריותדיקע שווייגן האָט זי אַרויסגעפירט פון געדולד און זי האָט זיך צעוויינט:

— איך ווייס, אַז שלמה איז ביי אייך טייערער פון מיר, איר מיינט, איך ווייס נישט?

זי האָט אַ שמיץ געטון די טופּל אונטערן טיש און נישט אויס־טוענדיק זיך, איז זי אַרונטער אונטער דער קאָלדרע און האָט איינגע־גראָבן דעם קאָפּ אין קישן...

הינטערן פענצטער האָט נודנע געוואָיעט די סירענע פון זאַוואָד „לע־נינס קוזניע”. ס'איז ריכטיק פינף אַ זייגער. די נאַכט־וואַכטע בייט זיך.

# קאפיטל XVII

...און עס האָבן זיך אין טיפע שנייען פון דאָס ניי אוועקגעקויקלט געוויינלעכע, ווינטערדיקע טעג. דאָס יאָר 1933 איז שוין געשטאַנען מיט איין פוס אויף יענער זייט שוועל. די גאַנצע שטאָט האָט זיך נאָר געוויגט מיט „יאָלקעס" אויף ניי־יאָר. אומעטום האָט זיך געפילט דער פיבער פון צוגרייטן וואָס א שענערן קבלת־פּנים דעם קומענדיקן יאָר. צו אַלע־מענס פאַרוווּנדערונג איז שלמה געוואָרן א שטוב־בחור. ער פלעגט זיצן מיט מנשהן און לערנען. ער האָט גענומען לערנען שיינדעלען מיט יונה־לען העברעאיש. ער פלעגט נישט צולאָזן קיינעם צעהאַקן קיין שטיקל האָלץ, אריינגעמען קיין עמער וואסער, אַלץ נאָר אַליין. ער האָט אָנגע־הויבן גיין אין סאַלאַמינקער מנין אין דער פרי און אויף דער נאכט, צו־העלפן דעם פאָטער אין די מסחרים, אויך אַליין האָט ער דורכגעפירט אין טאָרגסין א געלונגענע אָפּעראַציע און פאַרדינט א גראָבע מטבע. אַלע ארו־מיקע האָבן נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס איז מיט אים געשען? וואָס עפּעס פּלוצלינג אזא שנוי? קוים ווערט נאכט, — פונקט די צייט ווען ער פלעגט שטענדיק מאכן די פליטה אין דעם באַקאַנטן מקום — איז אָדער ער בלייבט זיצן ביים שיעור גמרא אין מנין, אָדער ער פאָרט אוועק צו די פייגנבוימס, מיט וועלכע ער האָט די לעצטע צייט צוריק געשלאָסן אַן ענגן קאָנטאַקט. אַז נישט, ווערט ער גאָר פאַרפאַלן ביי הרב ביאַליק אָדער ביי משה פרידמאַן אויף גאַנצע אויפדערנאַכטן. פון סאָנקען האָט רבקה געוווּסט, און פון איר שוין די גאַנצע שטוב, אַז שלמה איז אויף אוריצקע־גאַס שוין לאַנג נישט געווען, נאָר קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען די רעכ־טע סיבה דערפון. אָבער נאָך מער פון אַלץ האָט די ארומיקע געוווּנדערט, די קענטיקע ענדערונג אין זיינע באַציאונגען צו אַלעמען. דער עולם האָט זיך שוין ביי אים לאַנג אָפּגעוווינט פון אזא וואָרעמער באַנעמונג. ער איז בבשנים קדמוניות געווען הארציק און אויפמערקזאַם, אַז בעסער קען גאָר נישט זיין.

לחלוטין א זייטיקער צופאַל האָט אים שיר נישט קאַליע געמאַכט די גוטע שטימונג.

עס האָט זיך אזוי געמאכט, אַז איין מאָל, פאַר נאכט צו, האָט שלמה גראָד עפּעס געדאַרפט האָבן אין דער געגנט פון דער אַרטילערישער שול. די טראַמווייען זענען געגאַנגען אָנגעפּאַקטע מיט פּאַסאַזשירן סיי אהין סיי צוריק, און שלמה, נישט וועלנדיק פטרן קיין צייט אויף וואַרטעניש, איז אוועק צו פוס. עס איז געפאַלן א פעדערדיק שנייעלע. פון הינטער א שי־טער פאָרהענגל האָבן זיך געשפּאַרט אַראָפּצודערלאַנגען שטראַלן פון אַן ערגעצדיקער זון. די טראָטוואַרן זענען געווען שוואַרץ פון דורכגייער. קיי־נער האָט נישט געהאַט קיין געדולד וואַרטן אויף א פרייען וואַגאָן. יונג־וואַרג איז געפלויגן מיט די שליטעלעך באַרג־אַראָפּ אויף צעשיט צו ווערן.

שלמה האָט געהאַט גענוג פרייע צייט — אוריצקע־גאַס איז דאָך צייטווייִ־ליק אָפּגעפאַלן — און ער האָט לאַנגזאַם געשפּאַנט באַרג־אַרויף. פון אַ ווייט, שמאָל געסעלע האָט זיך אַ מאַטראָס שטאַרק געיאָגט צום טראַמ־וויי. דאָס קלינגען פון דעם קומענדיקן וואַגאָן האָט זיך אַלץ דערנעענ־טערט. לויט די קאָלירטע בענדלעך אויף דעם רונדן, שווארצן היטעלע און אויף די מאַנזשעטן פונעם שווארצן מונדיר, האָט שלמה געזען, אַז דאָס איז אַן אָפּטיילונג־קאָמאַנדיר פון דער דניעפּראָווסקער פלאָטיליע. זיין יאָגן זיך צום טראַמוויי איז אים אויך געווען גאַנץ פאַרשטענדלעך: זיכער ענדיקן זיך ביי אים די אורלויב־שעהן. ווען דער מאַטראָס האָט אָנגעיאָגט דעם וואַגאָן, האָט ער שוין גערירט און אָנגעהויבן פאַרשנעלערן זיין גאַנג. אויף איין אויגנבליק באַוויזט שלמה צו באַמערקן אַ שיין, פולבלוּ־טיק פּנים מיט גרויסע, בלויע, אומשולדיקע אויגן. אין אַ מינוט אַרום דערטראָגט זיך צו שלמהס אויערן דאָס שניידנדיקע פייפן פונעם דיזשורנע מיליציאָנערס פייפעלע. דער וואַגאָן האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער מיליציאָ־נער הייסט דעם מאַטראָס אַראָפּגיין פון וואַגאָן, וואָס איז? ער האָט זיך געזעצט פון דער פעדערשטער פלאַטשאַדקע און האָט דערויף נישט קיין רעכט.

דער מאַטראָס איז אויסער זיך:

— וואָס האָט איר זיך צוגעטשעפּעט צו מיר, חבר מיליציאָנער?

— גייט אַראָפּ, זאָגט מען אייך, זייט דיסציפּלינירט.

— איך האָב שוין אַזוי אויך פאַרשפּעטיקט —

— דאָס האָט צו מיר קיין שייכות נישט.

— וועל איך זיך צוריק זעצן דורך דער הינטערשטער פלאַטשאַדקע, וועט שוין זיין גוט?

— ניין, איך מוז צונויפשטעלן אַ פּראָטאָקאָל און איר מוזט אים חתמענען.

— שיקט אָפּ דעם וואַגאָן, אַלץ איינס וועל איך נישט אַראָפּגיין.

— ניין, איר וועט דווקא יאָ אַראָפּגיין. טוט, וואָס מען הייסט אייך.

— ברודערקע, זיי נישט איינגעשפּאַרט. אויב איך וועל נישט אָפּ־פאָרן מיט דעם דאָזיקן וואַגאָן, וועל איך באַקומען דריי מעת־לעת גאַ־אופּטוואַכטע. *

— גייט שוין אַראָפּ, זאָגט מען אייך.

— אויב איר רעדט צו מיר מיט אַזאַ טאָן, גיי איך ערשט נישט אַראָפּ. איר קענט אפילו האַלטן דעם וואַגאָן ביז מאָרגן.

— גייט איר נישט אַראָפּ, הייסט עס, מיט גוטן? ווייזט אַהער אייער דאָקומענט!

דער מאַטראָס מאַכט אַן אומגליקלעכע גרימאַסע, ער שפּרינגט ריי־

* אַ צייטווייליקע טורמע ביי מיליטער.

רעוודיק אַראָפּ פון די טרעפּלעך, און נישט שענקענדיק דעם מיליציאָנער קיין איין בליק, לאָזט ער זיך גיין באַרג־אַראָפּ.

אויף דאָס ניי דאָס עקבערנדיקע קול פון דעם שטעכיקן פּיפּעלע:

— חבר פלאָטסמאַן, איך באַפעל אייך זיך אָפּצושטעלן.

דער מאַטראָס האָט נאָך געשטעלט ברייטערע שפּאַן.

— חבר פלאָטסמאַן, איר וואַרפט זיך נישט אונטער די געזעצן פון דער איינגעשטעלטער אָרדענונג?

דער מאַטראָס האָט אַנטשלאָסן געשטעלט ריזיקע טריט און האָט זיך אפילו קיין איין מאָל נישט אומגעקוקט.

— חבר פלאָטסמאַן, איך וואָרן אייך צום לעצטן מאָל, אויב איר קערט זיך נישט אום —

גלייכצייטיק מיט דער וואָרענונג האָט אַ קנאַל געטון אַ שאָס. אַ פּייערדיקער פינגער האָט צעטריבן די פיגורנע שנייעלעך און איז נעלם געוואָרן אין דעם דרייסטן מאַטראָס.

צו יענער מינוט האָט זיך שלמה געפונען אין גאַנצן עטלעכע טריט פון דעם דערשאָסענעם. ער האָט גוט געזען ווי דער מאַטראָס האָט זיך געכאַפּט פאַרן הארצן, אויסגעקערעוועט צום מיליציאָנער זיין קינדעריש פּנים, וואָס איז שוין געווען פאַרענדערט פון שמערצן, און מיט אַ קאַפּ־ריזנע, שפּאָטיש געלעכטערל, האָט ער אים דייטלעך פאַרגעוואָרפן:

Дурак! в кого ты стреляешь ?*

אָפּגעזאָגט, איז ער באַלד אומגעפאַלן אַ צונויפגעדרייטער ווי אַ בייגל. אַ קאָנוווּלסיע האָט געוואָרפן זיין יונגן קערפּער, ער האָט געהאַלטן אין איין אויסציען די הענט און צוריק געכאַפּט זיך פאַרן הארצן. זיין פּריש געזיכט איז מאָמענטאַל געוואָרן שוואַרץ ווי די ערד. דער שניי אַרום אים איז גליך ראָזע געוואָרן. ווען דער אויטאָ פון גיבער־הילף איז אָנגעקומען, איז שוין דער מאַטראָס געלעגן רואיק מיטן פּנים איינגעגראָבן אין שניי. דעם מיליציאָנער האָט מען אָפּגעפירט אין ראַיאָן־מיליץ, אָבער נאָך אַ געניויעם גביית־עדות ביי די פּאַסאַזשירן פון דעם טראַמוויי האָט מען אויסגעפונען, אַז געפינענדיק זיך אויף זיין פּאָסטן, האָט ער ריכטיק געהאַנדלט. מען האָט אים באַפרייט און נאָר איבערגעפירט אין אַ צווייטער מיליץ־אָפּטיילונג.

שלמה האָט זיך בשום אופן נישט געקענט באַפרייען פון דעם דערדריקנדיקן איינדרוק פון דעם געזעענעם בילד. דאָס אומשולדיקע, חנעוודיקע פּנים פונעם געהרגעטן מאַטראָס האָט אים נאָכגעפאָלגט און אין די אויערן האָבן אים נישט אויפגעהערט צו קלינגען די לעצטע דערשיטערנדיקע ווערטער פונעם אומגעקומענעם:

Дурак! в кого ты стреляешь ?*

זעענדיק פון טאָג צו טאָג, אַז פּאָלי קומט נישט, אַז זי נעמט נישט ערנסט זיין לעצטן פּרווו, פלעגט אין אים דאָס הארץ פאַרקלעמט ווערן

* שוטה, אין וועמען שיסטו?

פאַר ווייטיק און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער הערט, ווי אַ גרויסער עמעצער שרייט צו איר און וואָרנט זי:

Дура, одумайся! в кого ты стреляешь?*

אָבער שלמהס גוטע שטימונג האָט פאַרט גובר געווען. דער „מאַט־ראָס" איז סוף כל סוף אַנטשוויגן געוואָרן און דער געהיימניספולער „מוכיח" — אויך. שלמה איז געווען באַהערשט פון אַ גוטן פאָרגעפיל. ער איז געווען גליקלעך שוין פון דעם איינפאַל: עפּענען די קאָרטן! איצט — קיינע צווייַ־דייטיקע ענטפערס! רויט אָדער טויט! אָבער דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז עס וועט מיט גאָטס הילף זיין רויט, נישט טויט. פאַלי האָט דאָך אים אויך ליב! דאָס איז זיכער אַזוי. זי וועט נישט ריזיקירן צו פאַרלירן אים אויף אייביק. ס'איז ביי אים אפילו קיין ספק נישט, אַז אַ ליאַדע מינוט קען ער באַקומען פון איר די געגאַרטע ידיעה, און דאַן... ער האָט מורא פאַר זיך אַליין אונטערצוהייבן דעם פאַר־האַנג און צו פאַרקוקן אין דער צוקונפט צוזאַמען מיט זיין פאַלין. ער האָט מורא זיך אַליין אַן עין־הרע צו געבן און שעפּטשעט פאַר זיך: אנא מזרעא דיוסף קאתינא, דלא שלטה ביה עינא בישא.** ווי די זאַך איז, אָבער דערווייל איז ביי אים די שטימונג אַ געהויבענע ביז גאָר. בלי נדר ומסקנא: דעם זעכצנטן דעצעמבער וועט ער פאַר זיינע מקורבים שטעג־דיק פראַווען אַ סעודה־הודאה און זאָגן: „על גאולתנו ועל פדות נפשינו".

*

יאַניס שטוב האָט זיך אומבאַמערקט פאַרוואַנדלט אין אַ שפּיטאָל. ווען פאַלי איז געווען אין שטוב, האָט קיינער הויך נישט גערעדט. פון אַ לאַך טון, צי אַ זינג טון איז שוין אָפּגערעדט. עס האָט אויסגעזען ווי אַ קראַנקער וואָלט דאָ ערגעץ געלעגן. מיט פאַלין האָט מען נאָר גערעדט דאָס סאַמע נייטיקסטע: „יאָ"? „ניין"? און ווידער אַ שטיל־שווייגעניש. יאַני פלעגט בכלל אויסמיידן צו זיין מיט איר צוזאַמען אין שטוב, ווער שמועסט צו זיצן ביי איין טיש, אודאי און אודאי. אָפט מאָל, קומענדיק אהיים, פלעגט זי קיינעם נישט טרעפן, נאָר דעם שליסל אויפן אָפּגע־שמועסטן אָרט. עפּעס איין טאָג האָט זי אויפגעשלאָסן די טיר און האָט דערזען אויפן טיש סאַנקעס „עטלעכע ווערטער":

„דער טאַטע מיט דער מאַמען זענען ערגעץ אַוועקגעגאַנגען. איך מיט ניומען גייען אַוועק אויף אַ קאָנצערט. אויף דער פּליטע שטייט פאַר דיר עסן. אויב עס איז שוין קאַלט, מאַך זיי מוחל, דעם פּרימוס און דער־וואָרעם עס דיר. טאָמער גייסטו ערגעץ אַוועק, פאַרגעס נישט איבערצולאָזן דעם שליסל. עפּעס אַ שיקסל האָט דאָ געזוכט וואָלאָדיען. זי האָט געבעטן אים איבערגעבן, אַז: „אוליאַנאַ איז שוין צוריק אויפן פריערדיקן אָרט".

---

* שטיא, באַדענק זיך! אין וועמען שיסטו?

** איך שטאַם פון יוסף הצדיקס קינדער, אין וועלכע ס'איז נישט שולט קיין עין־הרע.

אווראַם האָט אָנגעזאָגט, אַז דו זאָלסט אויף אים נישט וואַרטן. ווייל ער וועט היינט קומען זייער שפּעט. אָט דאָס איז אַלץ״.

פּאָלי דערפילט ווי עמעצער וואָלט איר אַרויפגעלייגט אַ וואַרעמען קאָמפּרעס אויף די אויגן. „אָט דאָס איז אַלץ״... ס׳איז שוין נישט דער ער־שטער טאָג, אַז דאָס איז אַלץ... שלמה האָט מיט איין פּאָר איבערגעהאַקט אַלע פּאָדעס, וואָס האָבן זי פאַרבונדן מיט דער שטוב. ווי שוואַך אַ פּנים די פּאָדעס זענען געווען... זי שטעקט אַריין די ציין אין דער אונטערשטער ליפּ ביז בלוט. מיטן פּאָרטפעל אין דער האַנט שטייט זי ביים טיש און באַטראַכט דאָס פּוסט־געוואָרענע צימער. פון אַלע ווינקעלעך קוקט אַרויס דער וויסטער אומעט. עס דאַכט זיך איר, אַז די פיר ווענט קוקן אויף איר מיט תרעומות: — „וואָס האָסטו געהאַט צו אונדז? וואָס האָסטו צע־טריבן די גאַנצע שטוב און אונדז איבערגעלאָזט ווי מצבות? חרוב מאַכן איז קיין קונץ נישט, פּרווו אויפבויען!״ מיט אַ שטאָק העכער זעגעט מען האָלץ אין שטוב. אויפן הויף ביי די קאַמערס קריגן זיך שכנטעס אויף קולי־קולות. ערגעץ נישט ווייט וואָיעט האַרצרייסנדיק אַ סירענע. מן הסתם לויפן ערגעץ פייערלעשער, אָדער עס איילט זיך דער אויטאָ פון „שנעלער הילף״. אונטער דער פּאָדלאָגע גראַבלט זיך שטיל אַ מייזל. די עלעקטרי איז היינט עפּעס אַזוי „פּריטשמעליעט״, אַז עס ווערט אַזש געל אין די אויגן. זי באַמערקט זיך אין שפּיגל: אַ! ווי אָפּגעבליאַקט זי איז געוואָרן פאַר די לעצטע עטלעכע טעג! דאָס פּנים זעט עפּעס אויס פאַררוּיכערט, גרוי — נישט איר פּנים! זי פּרוּווט אַ שמייכל טון, נאָר עס באַקומט זיך אַ גרימאַסע, ווי אַ צאָן וואָלט איר וויי געטון. זי זאָגט צו זיך אַליין אויף אַ קול:

— אַלע זענען זיך צעלאָפן פון דער שטוב, ווי פון דער טשומאַ. מען מיידט מיך אויס, ווי איך וואָלט געווען אַ פאַרשאָלטענע. אפילו די מאַמע אויך. אפילו אווראַם —

זי דערפילט, ווי אַ קנויל הייבט זיך אויף אין איר גאָרגל. — גוואַלד! פאַר וואָס? פאַר וואָס איז זי אַזוי עלנט? צווישן אייגענע — און אַזוי עלנט! וואָס פאַר אַ קללה האָט זיך דאָס אָנגעהאַנגען אויף איר? און ווען זי וויל גאָר אין גאַנצן נישט חתונה האָבן? עס זענען דאָך פאַראַן אַזוינע מיידלעך, וואָס באַגייען זיך אָן אָט דעם שריט, פאַר וואָס זשע איז איר דאָס פאַרבאָטן? פאַר וואָס טעראָריזירן זי אַלע? כאָטש אייגנטלעך, אַז מען וויל צוריק, וואָס טוט מען איר דען? מען טוט איר דען עפּעס? אדרבה, אָט דאָס נישט טון איז ערגער פון יאָ טון. בעסער וואָלט דער טאַטע אויף איר געשריגן, געריסן זי ביי די צעפּ, געטרעטן זי מיט די פיס, וואָלט איר פיל ניחא׳ר געווען, פון אָט דעם פאַרשלאָסנקייט, פון אָט דעם באַהאַלטן זיך. דאַכט זיך, וואָס איז דאָ דאָ אַזעלכעס:

„דער טאַטע מיט דער מאַמען זענען ערגעץ אַוועקגעגאַנגען״.

וואָס איז? זיי זענען עפּעס פאַרשקלאָפּטע? זיי טאָרן אין ערגעץ נישט גיין? נאָר ביז „יענעם אויפדערנאַכט״ געדענקט זי עפּעס נישט, אַז

זיי זאָלן ווען עס איז ערגעץ גיין. וווהין האָבן זיי עס צו גיין? טעאַטער, קינאָ — פעלט זיי נישט. צו געסט גיין זענען זיי עפּעס אויך נישט קיין גרויסע בעלנים — וווהין דען?

און איר שטעלט זיך פאָר, ווי אירע עלטערן קערן אַצינד זיצן ביי אַ פלעשל לימאָנאַד ערגעץ אין אַ קאַפע, און אַרומרעדן דעם גרויסן אומ־גליק, וואָס רוקט זיך אָן אויף זיי. אָבער אין דער אמתן וועט דאָך צו קיין אומגליק נישט קומען! זי וועט דען זיין אַזוי נאַריש און עמעצן צולאָזן איר שלמהן? עס איז ערשט אַ צענדליק טעג, אַז זי האָט אים נישט געזען, און עס עקט זיך איר שוין ממש דאָס חיות אים צו זען, אים צו הערן. זי בענקט אַזוי נאָך זיין צאַרטן גלעט אין באַק, ווי ער האָט אַ מאָל אַ טבע צו טון... נאָך זיין האַרציק זינגען... נאָך זיין „פּראָסטער אַריפמעטיק"... אַך, ווען זי האָט אים דאָ איצט אין דער דאָזיקער מינוט! זי וואָלט גע־פאַלן פאַר אים אויף די קני, ווי פאַר גאָט אַליין. זי וואָלט דאַכט זיך, מיט דער צונג אַרומגעלעקט דעם שטויב פון זיינע פיס. זי וואָלט איצט צוליב אים אפילו אָנגעצינדן אַלע ביכער מיט אַלע העפטן, אפילו מיטן סטודענטישן בילעט פאַר אַ צוגאָב... אפילו אויך מיטן אינסטיטוט... אפי־לו אויך מיטן קאָמסאָמאָל... און וואָס? עס איז דען אַזאַ שווערע זאַך צו־קומען צו אים? אָט שטייט זי נאָך פונקט אָנגעטון און אין שאַפע איז זיכער דאָ געלט, זי קען באַצאָלן פאַר אַן אויטאָ, וויפל דער שאָפער וועט נאָר וועלן, אפילו הונדערט רובל, און אין אַכט אָדער צען מינוט אַרום זיין ביי זיי אין שטוב, אים אָפּרופן פונעם טיש און אָן הקדמות אים גלייך מודיע זיין:

— איך האָב דיר צוגעשיקט מיין הסכמה מיט פאָלי טולטשינסקי.

אַך, ווי אַלע וואָלט זיך מיט אַ מאָל געענדערט! גאַנץ קיעוו וואָלט באַלד געקלינגען מיט דעם נייעס: שלמה אפרים־אהרונס האָט נאָך שבת חתונה! שלמה מיט איר צוזאַמען מיטביידע מאַמעס, וואָלטן באַלד אַוועק אין טאָרגסין און איסאַק אַבראַמאָוויטש וואָלט אָנגעקלינגען אין קלייט אַריין, אַז מען זאָל זיי וויזן דאָס שענסטע און דאָס בעסטע. דער פאָטער וואָלט זי געקושט און געווײנט פאַר שמחה. מנשה דער רב וואָלט געמוזט ווערן אַ גוטער ברודער. משה פרידמאַן וואָלט זיך געמוזט רעכענען מיטן געשעענעם פאַקט... יאָ, פרידמאַן!... וואָס האָט ער אַזעלכעס געקענט דער־ציילן שלמהן וועגן רייזלען?... שלמה האָט דאַמאָלסט נישט דערערדט. מען וועט אומבאַדינגט דאַרפן פרעגן ביי אים ביי אַ געלעגנהייט. הם! אוי, אַ קאָפּ ביי איר! זי רעדט! ביי וועלכער געלעגנהייט? ווער ווייסט, צי עס וועט נאָך אַ מאָל זיין אַ געלעגנהייט? ניין, עס זאָל אפילו זיין וואָס עס וויל זיך, זי קען נישט און וועט נישט אָננעמען זיין אולטימאַטום. דאָס וואָלט זי אַוועקגעשטעלט אויפן גאַנצן לעבן אין אַ צווייט־ראַנגיקער מדרגה. ער וועט איר שטענדיק קענען אויסוואַרפן:

— אָבער דו האָסט קאַפּיטולירט אין דער שעה, וואָס איך האָב דיר געהייסן...

ניין, עס איז אָפּגערעדט! אין טערמין זיך אונטערגעבן — בשום אופן נישט!... אויף צו מאָרגנס — יאָ! זיין זמן איז דער זעכצנטער יאַנואַר? דעם זיבעצנטן שיקט זי צו סאַנקען מיט אַ קליין צעטעלע:

„שלמהלע, ליבינקער! נשמה פון מיין נשמה" —

אַ שטייגער, אַז ער וועט פון איר דערהערן זיין אייגענעם אויסדרוק... דאַן ווייסט זי אויף געוויס, וועט ער קומען צו לויפן אַ באָרוועסער אום ווינטער. אָך, ווי ליב ער האָט זי פון תמיד אָן געהאַט! זי האָט ביז „יענעם אויפדערנאַכט" זיך גאָר אַזוי פיל נישט פאַרגעשטעלט... יאָ, וועט זי אים אָנשרייבן הייסט עס, אַזוי:

„נשמה פון מיין נשמה!... דיין קליין מיידעלע, וואָס האָט אַ שרעקלעך זיסן נאָמען אין גאַנצן פון צוויי קלאַנגען: „פּאָ" און „לי", איז אַ ביסעלע געווען בייז אויף דיר, נאָר אַצינד איז שוין די געפאַר פאַריבער. דו מעגסט שוין קומען, אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג. מיינע בעקעלעך זענען שוין אַזש פאַרוועלקט געוואָרן, אַזוי לאַנג האָסטו זיי שוין נישט קיין גלעט געטון. איך גיי נישט אין ערגעץ. גאָרנישט גלוסט זיך מיר נישט, ביז איך וועל נישט האָבן לעבן זיך מיין מאָנאַרך, מיט זיין „פּראָסטער אריפמעטיק"...

נו, איז נאָך אַ קלער, צי שלמה וועט קומען צו לויפן נאָך אַזאַ בריוועלע? אויב ער איז געקומען צו איר עטלעכע שעה נאָך דער באַפרייאונג, וועט ער נישט קומען דעם זיבעצנטן יאַנואַר? און ווידער, טאָמער וועט ער נישט קומען, וועט זי צו אים קומען. אַ! דאַן וועט ער געוויס גערירט זיין פון איר נאָכגיביקייט און זי אַ קוש טון פאַר אַלעמען אין די אויגן. ביז היינט האָט ער דאָס נאָך נישט געטון, אָבער דאַמאָלסט — יאָ! אַז אַ כלה קומט אָפּשטעלן אַ חופה, איז עפּעס אַנדערש. יאָ, אַזוי וועט דאָס מוזן זיין! אָבער דערווייל —

נאָך אַ מאָל קוקט זי זיך אום אויפן פאַריתומטן צימער. ערשט איצט באַמערקט זי, אַז זי האַלט נאָך דעם פּאָרטפעל אין דער האַנט. מעכאַניש שליסט זי אים אויף, באַקומט אַרויס פון אַ פאַרבאָרגן ערטעלע שלמהס פאָטאָגראַפיע, קוקט אויף איר לאַנג, גיט זי צערטלעך אַ קוש, און איר גערדאַנקען־פאָדעם וועבט זיך ווייטער:

— דער טאַטע איז אויף מיר ברוגז, נישט פאַר מיין קווענקלען זיך: „יאָ שלמה, צי נישט שלמה". ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך האָב אים ליב לכל הפחות נישט ווייניקער ווי ער. איך וועל גיכער זיך אַליין דעם טויט מאַכן, איידער אים צו פאַרלירן. נאָר אים אַרט, פאַר וואָס איך האָב שלמהן באַלד אויפן אָרט נישט געענטפערט: „האָסט שוין געפּועלט, שלמה, איך בין אין דיין רשות"! אַזוי פאַרשטייט ער, האָב איך געדאַרפט טון. אַ גרויסער חכם! ער פאַרשטייט פּאָליטיק, פאַרשטייט ער. קעגן דעם שלמהן דאַרף מען דאָ האַנדלען דיפּלאָמאַטיש. אים נישט אָפּלאָזן, נאָר אויך נישט ווייזן, אַז ער איז דיקטאַטאָר, און איך אַ שוואַכינקע שעפעלע. צי אפשר אויף אָן אמת איז דער טאַטע גערעכט, און ביי שלמהס גאָלדענעם

כאראקטער, ביי זיין ליבנדיק הארץ קען מען זיך באגיין אָן קיינע קאָנטער־מיטלען, אָן קיינע דיפּלאָמאטיעס... עפּעס זאָגט דאָך די וועלט, אז א פרוי איז קיין מאָל נישט אזוי שטארק, ווי בשעת זי איז שוואך... אפשר איז דאָס טאקע די בעסטע דיפּלאָמאטיע? צו זיין א שוואכינקע ביי א געזונטן אויף די הענט דארף זיין אייגנארטיק זיס. וואָס איז דען אזוי שלעכט מודה צו זיין שלמהן, אַז מיינס אייגנס האָב איך שוין גאָרנישט? אַז זיין ווילן איז אויך מיינער, אַז זיין פארשטאַנד איז אויך מיין פארשטאַנד... נישקשה, אין זיין אייזערנעם קאָפּ קען קלעקן שכל אויף עטלעכע הונדערט אזעלכע פאָלים... אפשר אויף אָן אמת דארף מען זיך צוהערן, וואָס על־טערן זאָגן?...

*

סאַמע הינטער דער טיר דערהערט זיך א קלאַפּן פון פיס. עטלעכע מענטשן קלאַפּן דאָרט אָפּ דעם שניי. פּאָלי באַווייזט קוים צו באַהאַלטן די פאָטאָגראַפיע, ווי עס דערהערט זיך דער מוטערס פארוווּנדערט קול:

— זע נאָר, די טיר איז גאָר אָפן! אה, ס'איז דו ביזט אין שטוב?... פאַר וואָס זשע שטייסטו עפּעס אין פּאַלטאָ?

פּאָלי ענטפערט, נישט טוענדיק קיין פינטל מיט קיין אויג:

— איך קום ערשט נאָר וואָס אריין...

— פאַר וואָס אזוי שפּעט?

— עס איז געווען אָן אָפענע פארטייאישע פארזאַמלונג פאַר ניי־יאָר.

— אָט וועל איך אָנוואַרעמען דיין מיטאָג. ער קער שוין זיין קאַלט ווי אייז.

— כ'וויל נישט עסן.

— פון וואָס ביסטו זאַט?

— איך האָב אָפּגעגעסן אין דער אינסטיטוטסקער סטאָלאָווע. גע־מיינט, אז כ'וועל קומען נאָך שפּעטער.

פּאָלי ווייסט אַליין נישט, נאָך וואָס טויג איר דער ליגן, נאָר זי פילט, אַז זי וועט זיך דערוואַרגן מיטן ביסן, טאָמער זעצט זי זיך עסן קעגן איר שווייגנדיקן טאַטן. נישט עפּענענדיק דאָס מויל, נעמט זיך יאַני אויסטון. זיך דערמאָנט אין קריאת־שמע לייענען, וואַשט ער זיך די הענט פון א גלאָז, און אזוי זיצנדיק מיט איין אָנגעטוענעם שוך און מיט איין באָר־וועסן פוס, הייבט ער אָן שטיל עפּעס צו שעפּטשען. אסתר גייט צו נאָ־ענט־נאָענט צו פּאָלין און אויף אזוי פיל שטיל, אַז דער פאָטער זאָל נישט דערהערן, זאָגט זי איר:

— איך האָב שוין דאָ געהאַט א פארנאַכט, מעגסטו מיר מקנא זיין. עס איז נאָך א נס, וואָס דו ביסט נישט געווען אין שטוב. „ער" וואָלט פון דיר געוועזן געמאַכט א וויניקן עפּל. פרעג שוין גאָרנישט —

— וואָס האָט דען געטראָפן?

זעענדיק, אַז יאַני הערט זיך צו צו יעדן וואָרט, האַקט אסתר אָפּ דעם

שמועס, דרייט זיך אַרום דער פּליטע, זוכט כלומרשט עפּעס, נעמט דאָס באַנקעלע פונעם קעראָסין, און אַ ווונק טוענדיק פּאָלין גייט זי אַרויס אין קעמערל.

אין אַ מינוט אַרום נעמט פּאָלי דעם פּאַלטאָ אויפן אַקסל און נישט אומקוקנדיק זיך אויפן פֿאָטער, גייט זי אַרויס צו דער מוטער.

— נו, זאָג שוין, וואָס איז געשען?

— הערסטו, טאָכטער מיינע, מען דאַרף טאַקע זיין פון אייזן, מען זאָל קענען איבערטראָגן פון אָט די אַלע אָנשיקעניש. „ער" זאָל שוין זיין אַ מלאך, קען מען אויך ווערן אַ גלח... שאַ! דאַכט זיך, אַז ער הערט זיך דאָרט צו. קום שוין בעסער אַרויס אויף די טרעפּ, וואָרום ער קען מיר נאָך אָפּשפּילן אַזוינס... פון פאַר נאַכט אָן האָב איך ממש מורא פאַר אים. אַזאַ צערייצטקייט האָב איך נאָך פון אים נישט געזען, פון זינט איך קען אים...

פּאָלי גייט איר נאָך אַ ציטערנדיקע אויף די טרעפּ אַרויף. די פינצ־טערניש באַהאַלט אויס געטריי איר בלאַסקייט. אויף די טרעפּ בלייבט זי שטיין אַ וואַרטנדיקע. די מוטער הייבט גלייך אָן פאַרדראָסיק:

— דו פאַרשטייסט דאָך... ער איז אַזוי אויך צעקאָכט, אַז ער ווייסט נישט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער גייט אַרום. פון יענעם אויפדערנאַכט אָן אַזוי. מען זעט נישט אויף אים קיין פרייע מינע. ער שלאָפט נישט דורך די נעכט. וואָס מער מיט אַ טאָג עס גייט אַוועק פון די „דרייסיק", ווערט ער עלטער מיט אַ יאָר. ער איז פאַר די צען טעג אַזוי פאַרענדערט געוואָרן, אַז עס איז אַ פּחד אויף אים אַ קוק צו טון. איך ווייס, אַז דו נעמסט זיך דערפון נישט שטאַרק צום האַרצן, דו באַמערקסט עס אפילו נישט; און באמת טאַקע, וואָס גייט עס דיך אָן? נאָר איין גאָט זאָל אויף אים רחמ־נות האָבן. ער איז אַ טאַטע פון קליינע קינדער —

אסתרס קול רייסט זיך איבער אויף דער דינסטער אָקטאַווע. פּאָלי פילט, אַז די פיס האַקן זיך איר אונטער. זי שווייגט אַ ווײַלע און פרעגט שטיל:

— וואָס זשע האָט אַזוינס געטראָפן היינט פאַר נאַכט, לאָמיך שוין הערן...

— מיר זיצן און עסן מיטאָג. סאָנקע מיט ניומען זענען אויך געווען. דער טאַטע זיצט אַ צעטראָגענער. ער האָט היינט אין באַנק פאַרלוירן אַ פּעקל פון 800 רובל, און פאַר—פּאָלן! איך זאָג דאָך דיר, אַז די לעצטע טעג ווייסט ער נישט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער גייט אַרום. צו די גרויסע פּרנסות אומשטיינס געזאָגט, פעלן נאָך שאָדנס. יאָ, דו ווילסט דאָך וויסן, וואָס ס'איז געווען: זיצן מיר אַזוי אין געהאַקטע ווונדן, מיינע שונאים, פּלוצעם עפנט זיך אויף די טיר, עס קומט אַריין עפּעס אַ שיקסל אין אַ שוואַרץ, וואָלן שאַלעכל, און פרעגט:

— וואָס איז? וואָלאָדקע איז נאָך נישטאָ?

פרעג איך זי:

— וואָס האָט ער עפּעס דאָ צו זיין?

ענטפערט זי:

— ער האָט מיר אַ מאָל געזאָגט, אַז דאָ קען איך אים שטענדיק טרעפן.

דער טאַטע, זע איך — ווי מען זאָל אים דערלאַנגען מיט אַ דרוק איבערן קאָפּ. נאָר פון דעסט וועגן מאַכט ער זיך האַרץ און פרעגט זי:

— וואָס קערט איר אים דען אָן?

יענע גיט אַ גלאַנץ מיט די אייגעלעך, ווי אַן עכטע גאַסן־שיקסע:

— איך גיי אַרום מיט אים שוין לאַנג, נאָך איידער ער האָט אָנגעהויבן אַריינגיין צו אייער... סטודענטקע... נאָר דערנאָך בין איך אַריבערגעגאַנגען דינען אויף אַ צווייט אָרט. דאָרט פלעגט מען אים נישט אַריינלאָזן צו מיר. איצט וועט איר זיין אַזוי פיל גוט און אים איבערגעבן, אַז אוליאַנאַ איז שוין צוריק אויפן פריערדיקן אָרט... זאָל ער קומען... זאָל ער נאָך היינט קומען. זאָגט אים, אַז איך וועל אויף אים וואַרטן, אובאַדינגט...

זי האָט נאָך נישט באַוויזן צו ענדיקן, ווי עס האָט איר געטראָפן אַ גאָפּל גלייך אין פּנים אַריין. נאָך אַ נס, וואָס נישט אין אויג אַריין... דער טאַטע האָט זיך אַ ריס געטון פונעם טיש, — ווען נישט מיר אַלע האַלטן אים צו, וואָלט ער זי מסתמא דערהרגעט. די שיקסע האָט נאָר געוואָלט מאַכן אַ סקאַנדאַל, געשריגן: „דוואָרניק"! „מיליציאָנער"! נאָר מיר האָבן זי שוין אַרויסגעוואָרפן, און פאַרשלאָסן די טיר. אפשר אַ האַלבע שעה נאָך אַנאַנד האָבן מיר דעם טאַטן געלייגט קאַלטע טיכער צום האַרצן. אַזוי ווי אַ בלאָז־זאַק ביי אַ שמיד, אַזוי האָט זיך עס געוואָרפן אין דער לופטן. ער האָט דווקא גאַרנישט גערעדט, זיך אויף גאַרנישט געקלאָגט, נאָר... הלואי איך זאָל ליגן זאָגן, אָט דאָס אוממענטשלעכע שווייגן וועט אים חלילה אין גרוב פאַרטרייבן. וואָלט ער זיך כאָטש אויסגעשריגן, וואָלט אים אפשר לייכטער געוואָרן. אַז די קינדער זענען זיך צעגאַנגען, האָב איך מורא געהאַט צו בלייבן מיט אים אַליין אין שטוב, אַזוי שרעקלעך האָט ער אויסגעזען. ממש מיט גוואַלד האָב איך אים אָנגעטון דעם פּאַלטאָ און אַרויסגעפירט אַ ביסל אויף דער גאַס. אויפן שניי האָבן זיך אים אַ ביסל אָפּגעקילט די געבליטן. אַ ביסל רואיקער געוואָרן. דו פרעגסט, וואָס איך שטיי אויס?

מיט אַ פאַרדומפּן קול ווי פון אַ קעלער אַרויס האָט פאַלי געפרעגט:

— מאַמע, מיט וואָס זשע בין איך דאָ שולדיק?

— חס־ושלום! וואָס ביסטו דען שולדיק? איך בין שולדיק! איך, דער טאַטע... אוי, ווי איז צו מיינע יאָרן, וואָס איך לעב נאָר אויף דער וועלט.

אַריינקומענדיק אין צימער, האָט פאַלי בגנבה געוואָרפן אַן אומרויִקן קוק אין איר פאָטערס ווינקל און אַנגעטראָפן גלייך אויף זיינע פיבערדיקע, ברענענדיקע אויגן. ווי אַ שלאַנג וואָלט זי אַ ביס געטון, אַזאַ ציטער האָט זי דורכגענומען. אויף גיך האָט זי אַראָפּגעוואָרפן דאָס אָנ־

טון, און — אריין אין בעט אריין. דערפילנדיק די שטענדיק־אָנגענעמע קילקייט פון דעם ליילעך, האָט א ספּאַזמע צונויפגעדריקט איר האלדז, דאָס הארץ האָט זיך שטורמיש אָנגעהויבן ווארפן אין איר, געוואָלט ארויסשפּרינגען פון דער ברוסט:

— גוואלד, וואָס טוט מען?

א שרעקלעכער, הארצרייסנדיקער געשריי האָט זיך מיט אלע כוחות געריסן פון איר האלדז, געטרייסלט איר קערפּער ווי א שטורעמווינט טרייסלט און ווארפט מיט א יונגער ווערבע:

— גוואלד, וואָס טוט מען?

זי האָט מיטן קולאַק זיך פארשטופּט דאָס מויל און איז אזוי, א צו־נויפגעדרייטע, א צונויפגעקנוילטע, ערשט פארטאָג־צו אין אנגסטן אנט־שלאָפן געוואָרן.

# קאפיטל XVIII

דעם 30טן דעצעמבער האָט מען צעלאָזט דעם סטודענטישן עולם אויף ווינטערדיקע קאניקולן. דעם 31טן האָט זיך פאַרזאמלט די פּראָפּעסורע פון דעם אינדוסטריעלן אינסטיטוט, כדי צו עקזאַמינירן די פינף סטודענטן, וואָס פּרעטענדירן איבערצוגיין אויף אַ העכערן קורס.

פּאָלי איז מיאוס דורכגעפאַלן. קיין „אָטמעטקע": „אויסגעצייכנט" און „גוט" האָט זי אין גאַנצן נישט באַקומען, נאָר עטלעכע „מיטלמעסיק" און עטלעכע „שלעכט".

וואָלאָדיאַ איז אויך אַרויס פונעם פאַרהער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער נאָז...

אין דער היים האָט מען פּאָלין נאָר באַדויערנדיק באַטראַכט, אָבער גאָרנישט געזאָגט.

אַרויסגייענדיק פונעם עקזאַמען, האָט איר וואָלאָדיאַ מיט אַ פאַלשער האָפערדיקייט אַ קלאַפּ געגעבן אין פּלייצע:

— עס פּירט אונדז נישט, פּאָלקאַ, האַ? מילאַ, כאַפּט עס דער רוח דעם גאַנצן אינסטיטוט מיטן דריטן קורס צוזאַמען. קום אַריין צו אייך, וועלן מיר מאַכן אַ „לחיים" אונדזערע פּראָפעסאָרן אויף צעפּיקעניש.

פּאָלי איז געוואָרן ווייס ווי דער שניי אויף די קאַרניזן פון די פענצטער. אַלץ אין איר האָט פּראָטעסטירט קעגן דער פרעכהייט פון איר באַגלייטער, נאָר זי האָט אים געלאָסן און רואיק געמאָלדן:

— וואָלאָדיאַ, ערשטנס וויל איך דיך בעטן, אַז בעת דו רעדסט, זאָלסטו האַלטן די הענט ביי זיך. נישט קלאַפּן יענעם אין פּלייצע. איך בין דיר נישט אוליאַנאַ —

— וואָס טוט זיך דאָס מיט דיר, פּאָלקאַ? וואָס ווייטער ווערסטו אַלץ ערגער, עפּעס אַן אָנשיקעניש אויף דיר...

— ...און צווייטנס, וואָלאָדיאַ, קען מען צו אונדז בכלל מער נישט קומען —

— וואַ — אַ — אַ — אָס?

וואָלאָדיאַ שטעלט זיך אָפּ, באַטראַכט מיט זיינע געלע, אַרויסשטאַרטשנדיקע אויגן פּאָלים נעבעכדיק פּנים און דערפרעגט זיך:

— שוין פון היינט אָן?

— פון איצט אָן!

— דאָס האָט „ער" דיר געהייסן מיך דורכטרייבן?

פּאָלי פרעגט מיד:

— ווער איז דאָס: „ער"?

— נו „ער", ער מיט די ציגיינערשע אויגן און מיט די ווייכע רייד־דעלעך. אָט האָסטו מיין קאָמסאָמאָליש ערנוואָרט, אַז איך מוז אים נאָך —

— וואָלאָדקאַ, ביסט אַ משוגענער. ער ווייסט אפילו דערפון נישט. ער גייט שוין גאָר צו אונדז נישט...

— פאַר וואָס דען טאָר איך נישט קומען?
— אַלץ מוז איך דיר דערציילן? דו טאָרסט נישט — און שוין!
— יאָ, יאָ... וועסט מיר איינרעדן... איך פאַרשטיי אַלץ...

נישט אומקוקנדיק זיך מער אויף זיין קאָמפּאַניאָנקע, איז וואַלאַדיאַ אַרויפגעשפּרונגען אויף אַ פאַרבייפאָרנדיקן טראַמוויי און פאָלי איז גע־בליבן אַליין אין פאַרשנייטן דרויסן. אין איר לײַדיקן מח האָט זיך גע־גריבלט אַ געדאַנק:

— וואָס „פאַרשטייט ער אַלץ", אָט דער אידיאָט? וואָס פאַרשטייט ער, אָט דער בולדאָג?

*

דעם זעלבן פאַרנאַכט האָט מאַרוסיאַ געבראַכט צו די טולטשינסקעס אויף אוריצקע־גאַס, צוויי בילעטן אין „קאָנטינענטאַל" אַריין, אויף צו באַגעגענען דאָס ניי־יאָר. איין בילעט פאַר פאָלין, דעם צווייטן פאַר אוור־ראַמען. ווי נאָר עס האָט אויפגעהערט דאָס סקריפּען פון מאַרוסיעס באָ־טיקעס אויף די טרעפּ, האָט זיך אווראַם קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט פון דער איינלאַדונג. פאָלי האָט אים פאַרביטערט געפרעגט:

— דאָס ווילסטו נישט גיין איבער מיר? זאָג, שעם זיך נישט...

— איבער דיר, צי נישט איבער דיר, נאָר אין „קאָנטינענטאַל" צווישן די ניי־מאָדנע בורזשויעס און די הויכע טשינאָווניקעס האָב איך נישט וואָס צו טון...

פאָלי האָט אים אָפּגערופן אין אַ ווינקל און מיט געבעט און אונ־טערטעניקייט געזאָגט:

— אווראַמטשיק, טו דאָס מאָל פון מיינעט וועגן און קום יאָ. אויב נישט אַהין צו, האָב איך אין ערגעץ נישט וווהין צו גיין. גיי איך היינט אפילו נישט אַרויס פון דער שטוב. ס'איז דאָך אָבער פאָרט ניי־יאָר... כ'בין דאָך נאָך נישט אַזאַ אַלטע... עס ווילט זיך כאָטש זיין צווישן פריילעכע מענטשן, אויב מיר אַליין איז נישט פריילעך... אווראַם, האָב גאָט אין האַרצן —

אווראַם, שוין געלאַסענער אַ ביסל:

— אָבער דו קענסט דאָך גיין אָן מיר. דו ווייסט, דאַכט זיך, דעם וועג אַהין נישט פון נעכטן?

— וואָס אַ מאָל איז געווען, ווייס איך נישט, נאָר היינט וויל איך אַליין נישט גיין. קום, איך בעט דיך... ביסט דאָך אַלע מאָל אַ גוטער...

אווראַמען פאַרקלעמט ביים האַרצן, קוקנדיק אויף זיין שוועסטער. זי שטייט פאַר אים אַזוי געפאַלן ביי זיך. אַן עלנטע, אַן אָפּגעשטויסענע. ער קען נישט פאַרליידן דעם רחמנות און וויליגט איין צו באַגלייטן זי.

דער גרויסער סאַלאָן פון דעם קיעווער גראַנד־האָטעל „קאָנטינענ־טאַל", האָט זיך געבאָדן אין כוואַליעס ליכט. די אָנגעפילטע קרישטאָלענע גלעזער האָבן געשאָסן מיט פיל־פאַרביקע פונקען. די שפּיגלען האָבן פון

זייערע געשניצטע, שמאָל־קאַנטיקע פּאָלדן, באַשאָטן דעם ריזיקן זאַל מיט רעגנבויגנדיקע שטראַלן. ביי די רייך־סערווירטע טישלעך זענען דאָס רוב געזעסן פּאַרלעך און זעלטן — אויך גאַנצע משפחות. די אָפּיציאַנטן אין שטעקשיך פון רויטן באַרכעט, מיט ברייטע, שוואַרצע שניפּסן אויף די ווייסע העמדער, האָבן אויף די שפּיץ פינגער זיך אַרומגעטראָגן ווי די שדים פון איין טיש צום אַנדערן. דער סימפּאָנישער אָרקעסטער האָט געשפּילט אַן „אל מלא רחמים" דעם שטאַרבנדיקן יאָר און דער בלאָז־אָרקעסטער האָט צוגעגרייט די אינסטרומענטן, כדי רוישיק צו באַגעגענען דאָס ניי־געבוירענע יאָר. ענדלעך האָט זיך אַ לעש אויס געטון דאָס ליכט. אַ גאַנצע מינוט זענען אַלע געזעסן אין דער פינצטער. מיט אַ מאָל האָט אַ פּראָזשעקטאָר אויפגעעפנט זיין ריזיק אויג גלייך אויפן גרויסן שאָפּעי־זייגער און דער גאַנצער עולם האָט דערזען, אַז דער לאַנגער ווייזער האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון דעם קורצן, וואָס איז געשטאַנען אויף דער 12, — אויף אַ גאַנצער מינוט. אַלע האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון די ערטער, גע־נומען די כוסות אין די הענט, און דער דירעקטאָר פון „קאָנטינענטאַל", אַ פּרוי, וועלכערס טיש האָט אין זאַל פאַרנומען דעם גלאַוונעם אויבנאָן, — האָט אויסגערופן:

— חברים, איך באַגריס אייך מיטן ניי־געבוירענעם, טויזנט ניין הונדערט פיר און דרייסיקסטן יאָר. זאָל לעבן דאָס זיבעצנטע יאָר פון דער גרויסער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, הורראַ!

— הור — רא — אַ — אַ!

עס האָט געציטערט דאָס גאַנצע גלאָזוואַרג אויף די טישלעך פון דעם מעכטיקן אויסגעשריי. מען האָט געזאָגט טאָסטן פאַר דער קאָמפּאַרטיי, פאַר סטאַלינען, פאַר דעם ליופנדיקן „פּינפּיאָר". די מוזיק האָט נאָך יעדן טאָסט געשפּילט אַ „טוש". * דער פּראָזשעקטאָר איז שוין געבליבן ברענען אויף אַ גאַנצער נאַכט און האָט מיט זיין זוניקן שפּיגל פּאַראייניקט אַלע גרויסאַרטיקע קאַנדעלאַבערס אין איין ים פון פאַרשידנפאַרביקן, בלענדנ־דיקן ליכט. אויף די טישלעך האָט מען אָנגעהויבן צו דערלאַנגען גע־בראָטנס, פאַרשידענע געטראַנקען. אין דעם צווייטן האַלבן זאַל, וועלכער איז געווען פריי פון טישלעך, האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן טאַנצנ־דיקע פּאַרלעך... נאָכן ערשטן געריכט האָט דער רעדאַקטאָר איינגעלאַדן פּאָלין אויף אַ טאַנץ. פּאָלי האָט זיך מיט אים שלעפעריק דורכגעדרייט איין טור. צופירנדיק זי צוריק צום טיש, זאָגט ער איר:

— פּאָלינאַ יאַקאָוונאַ, ס'איז אייך נישט צו דערקענען. איר זענט עפּעס אויסגעוועפּט געוואָרן. נישטאָ אין אייך דאָס פייער וואָס אַ מאָל.

פּאָלי האָט שולדיק אַ שמייכל געטון:

— אַ מענטש ווערט דאָך עלטער, נישט ייִנגער...

זיין פרוי גיט אַ פּליעסק מיט די הענט:

---

* אַ קורצער מאַרש, וואָס ווערט אויפגעשפּילט לכבוד דעם רעדנער.

— איר רעדט שוין וועגן עלטער און יינגער? ווי שעמט איר זיך נישט? ווי לאַנג איז דען, אַז מען האָט אייך באַפרייט פון די וויקעלעך?

— עס רעדט זיך נאָר אַזוי, וויקעלעך־פּיקעלעך. אָט ווערט מיר שוין היי־יאָר דריי און צוואַנציק יאָר. שוין אַ פּרוי אין די יאָרן —

— אוי, הערט אויף צו רעדן אַזוי. אַז איר רעכנט זיך שוין פאַר אַ באַיאָרטער, היינט, וואָס זאָלן מיר שוין זאָגן? טרינקט בעסער אוים אייער ווייַן. איר פלעגט דאָך אַ מאָל ליב האָבן אָט דעם אַליוואָקאָווע ליקער.

די רעדאַקטאָרשע בייגט זיך אָן צו אַוראַמען און פרעגט אים אויפן אויער:

— פאַר וואָס איז זי ביי אייך אַזוי אַראָפּ פונעם פּנים פאַר די לעצטע וואָכן? זי איז דאָך שרעקלעך אַ תל! זי איז עפּעס קראַנק?

— גאָט באַהיט!... עס איז פּשוט פון דעם לערנען.

— לערנט דאָך אַ גאַנצע וועלט...

— טאָ ווייס איך טאַקע נישט. עי, שטותים. עס וועט איבערגיין.

ווען דער גאַנצער עולם הייבט זיך אויף צו גיין אַ וואַלס־באָסטאָן, ביי דער זיסער מוזיק פון די צוויי אָרדנטרעגערישע אָרקעסטטערס, רופט אַוראַם אַוועק פאַלין אין אַ דערבייאיק צימערל. דאָס איז עפּעס אַ מין פאָיע, וואָס איז איצט פּוסט, ווייל אַלע זענען אין זאַל.

— פאַלי, דיך ציט אַצינד שטאַרק צו טאַנצן אַ וואַלס?

— אפילו קיין ביסל אויך נישט. בכלל וועלן מיר שוין באַלד גיין אַהיים.

— איך זע, אַז דו ביסט אויך וויניק וואָס אַנטציקט פון היינטיקער פייערונג.

— ווייסט עס אַ רוח! אַ מאָל פלעגט זיך מיר דאַכטן, אַז דאָס געפינען זיך צווישן די דאָזיקע פיר ווענט איז שוין אַ גליק. אָבער היינט ווייס איך שוין, אַז נישט אין לוקסוס שטעקט דאָס גאַנצע גליק...

— אין וואָס דען?

— האָסט דאָך מיך צוליב עפּעס אַוועקגערופן, טאָ רעד וועגן דיינעם. מיר איז איצט שווער צו רעדן.

און גלייך פאַרגעסנדיק וואָס זי האָט ערשט געזאָגט, האָט זי צוגעגעבן מיט אַ טרויעריקן שמייכל:

— וויי־וויי, ווען עס זאָל מיר עמעצער געווען אַ מאָל זאָגן, אַז איך וועל זיצן אין „קאָנטינענטאַל" און בענקען אויף סאַלאָמינקע... ווער וואָלט דאָס געוועזן געגלייבט? אין לעבן נישט!...

— נאָך וואָס זשע דאַרפסטו גאָר בענקען? שוטה דו! בענקען טוט ווי. דאָ פאַר דער פאַראַדנע שטייען גענוג אויטאָמאָבילן. קום לאָמיר בעסער ביידע צופאָרן אַהין. זיי זיכער, מען וועט אונדז אַריינלאָזן, כאָטש מען שלאָפט שוין. אָט וועסטו אומיסטן זען, וואָס פאַר אַן עפעקט דאָס וועט האָבן.

פאַלי האָט מיט אַ פאַרשטיקט קול אַרויסגעשעפּטשעט:

— דאָס נישט!...

— וואָס דען? אפשר ווילסטו, אַז איך זאָל אַליין פאָרן, אָפּפירן דיינס אַ צעטעלע און אים ברענגען אַהער?

— גאָרנישט וויל איך נישט.

— וואָס דען קלערסטו פאָרט צו טון מכח שלמהן?

— זאָל ער איצט קלערן, נישט איך. איך האָב אים קיין אולטימאַטום נישט געשטעלט.

— איך פאַרשטיי נאָך אַלץ נישט. וואָס הייסט, ער זאָל קלערן?

— אָט דאָס הייסט... אַז ער וועט קומען בעטן אַנטשולדיקונג, דאַן וועלן מיר זען.

אווראַם גיט אַזש אַ שפּרונג אונטער:

— אָך, דו אומפאַרשעמטע! יענער שפּייט פון דיר מיט בלוט שוין העכער צען יאָר, וואַגסטו נאָך צו רעדן פון אַנטשולדיקונג? איין זאַך קען איך דיר נאָר זאָגן —

אווראַמס קול גיט פאַרדעכטיק אַ ציטער. אַ ווײַלע האַלט ער די אויגן אַראָפּגעלאָזט אויף דער פּאָדלאָגע און שווײַגט. דאַן הייבט ער שווער אויף דעם קאָפּ, שניידט זיך איין מיט זיין בליק אין איר פאַרזאָרגט פּנים און זייעט שיטער אַרויס דורך די ציין:

— איין זאַך קען איך דיר נאָר זאָגן... אפשר ביסטו בלינד אָדער אפשר ווילסטו נישט זען? דער טאַטע אונדזערער צאַנקט. ער זאָגט גאָר־נישט, ער מאָנט גאָרנישט, נאָר ער צאַנקט פון טאָג צו טאָג. געדענק, דו ריזיקירסט מיט זיין לעבן! טאָמער פאַרשפּילסטו שלמהן — וואָס דו אַליין ווייסט גאַנץ גוט, אַז דו האָסט נישט די ווערט זיך צו געפינען אין זיינע ד׳ אמות — דאַן מעגסטו זיך אַליין אויך באַגראָבן. דו שפּילסט אַ קאָן אויף לעבן אָדער אויף טויט. האַלט קאָפּ, פאַרשלאָף נישט דיין סטאַנ־ציע, ווייל דו קענסט נאָך פאַרפאָרן צו אַל די רוחות... נו, גענוג! דו גייסט נאָך טאַנצן? איך גיי פון דאַנען גלייך אַהיים. גייען זיי צום טיוואָל מיט זייערע וואַלסן צוזאַמען...

— ניין, וואַרט אויס, איך גיי אויך. איך וועל זיי נאָר דאָרט אַ זאָג טון, אַז מיר גייען שוין. אַנדערש וועלן זיי דאָך נישט וויסן, וווהין מיר זענען אַהינגעקומען.

— אַנטשולדיק מיך דאָרט פאַר זיי. זאָג זיי, אַז עס איז מיר עפּעס מיט אַ מאָל שלעכט געוואָרן. דאָס וועט גראָד נישט זיין קיין גרויסער ליגן אויך.

*

עס האָבן אָנגעהויבן אָפּפאַלן בלעטלעך פונעם נייעם קאַלענדאַר. אַלץ איז געגאַנגען אויפן אויסגעריבענעם שליאַך. פאַלי האָט, ווי פריער, גע־וווסט איינעם און דעם זעלבן מאַרשרוט: אין דער פרי אין אינסטיטוט אַריין און פאַר נאַכט — אַהיים. כאָטש ביי דער וועלט זענען געווען קאָ־

ניקולן, אָבער זי האָט זיי נישט אויסגענוצט איבער צוויי זאַכן: ערשטנס זענען איר טיף אַריינגעדרונגען אין דער נשמה שלמהס רייד, אַז ער איז נישט זיכער אין דעם, צי זי וועט אפילו אין ענדע לערן־יאָר אַריבער אויפן דריטן קורס. ווער שמועסט, פון נאָך איר דורכפאַל אויף די „ספעציעלע עקזאַמענס" האָבן זי זיינע ווערטער פאַרפאָלגט ווי אַ בייזע נבואה און זי האָט געזשאַלעוועט אומזיסט צו פאַרלירן די צען, פופצן טעג פון די קאַניקולן. פון אין דער פרי ביז נאַכט פלעגט זי אַוועקזיצן אין דער אינסטיטוט־ביבליאָטעק, זיך הויקערן איבער די ביכער און איבער די העפטן. אָבער די ריכטיקערע סיבה פון איר „מחלל יום־טוב זיין" איז געווען, וואָס אין דער היים זיך צו געפונען, איז פאַר איר געווען אומדערטרעגלעך. זי איז גערן געווען אַוועקצוגיין פון דער שטוב, זי האָט נישט געקענט פאַרטראָגן די בני־בית, זייערע פאָרשנדיקע בליקן און דעם עקשנותדיק־שווייגנדיקן טאַטן. וויסנדיק, אַז זי איז איצט פריי פון די לימודים, האָט מען פון „קאָנטינענטאַל" אַ פאָר מאָל געשיקט נאָך איר. דאָס איז אין אָפערע אַריין; דאָס איז אויף אַ פאָרשטעלונג פון אַ פרעמדער טרופע, וואָס גאַסטראָלירט אין קיעוו; אַז נישט איז זיך דורכפאָרן אויף שליטעלעך; אָדער זיך לערנען פאָרן אויף ליזשעס,* נאָר זי האָט קיין איין מאָל נישט געוואָלט גיין אַהין. זי האָט אויסגעקלערט פאַרשידענע תירוצים און איז טאַקע נישט געגאַנגען.

שלמה האָט אין דערוואַרטעניש געפירט זיין געמיטלעכן, באַלעבאַטישן שטייגער לעבן; אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס פאַר יעדער קלייניקייט; זיך אָפגעגעבן מיט יעדן באַזונדער. די בני־בית אין שטוב, די חברים ביי די פייגנבוימס האָבן גאָרנישט געקענט זיך אָנקוויקן מיט אים. ענדלעך איז ער געוואָרן אַ מענטש מיט מענטשן גלייך. אַן עק, מען זעט אים כאָטש, מען קען מיט אים אויסרעדן אַ וואָרט. אָבער שלמה כשהוא לעצמו, ווען ער פלעגט בלייבן אַליין מיט זיך, אָן עדות, פלעגט ער אָנשפאַרן דעם קאָפ אויפן קולאַק און זיך שווער פאַרטראַכטן. ס'איז שוין פאַוואָלינקע באַלד דריי וואָכן פון „יענעם אויפדערנאַכט", און — שאַ! מען הערט נישט קיין וואָרט. שוין זשע איז אָט דאָס דער עפילאָג פון זיין בלוטיקער ליבע? שוין זשע וועט טאַקע פאָלי דאָס מאָל אונטערשרייבן אַ טויט־אורטייל זייערע באַציאונגען ביז אַהער? ער טראַכט און זיינע איבערגעטראָגענע צרות פון איר — אויפגערודערטע דורך אים אַליין אין „יענעם אויפדערנאַכט" — זידן אין אים אויף מיט אַ צענפאַכיקער מרירות; עס ברויזן אין אים אויף אַלע פאַרשטיקטע ווייטיקן; עס שווימען אַרויף אַלע פאַלן, ווען ער איז דורך איר געוואָרן צו שאַנד און צו שפאָט. און אַ יושרדיקער, קלאָרער געדאַנק זאָגט אים אונטער:

— פאָלג מיך, שלמה, פאַרלאָז זיך אויף דעם וואָס איבער אונדז, ער וועט שוין אַלץ מאַכן ווי עס דאַרף צו זיין. אודאי דאַרפן מיר בעטן גאָט,

* סקי, שניישיך, הילצערנע גליטשערס.

אַז זי זאָל זיך באַדענקען און זיך אומקערן צו דיר. אַז דו האָסט זי אַזוי ליב, איז דאָך נישט שייך. נאָר טאָמער צעגייט טאַקע נישט דאָס אייז פון איר נשמה; טאָמער בלייבט טאַקע איר האַרץ פון גראַניט — טאָ זאָל זיך טאַקע אַ צווייטער משמח זיין מיט אָט דעם אוצר און דיר וועט גאָט צושיקן אַ בעסערס. אויף דער וועלט זענען דאָ נאָך אַזעלכע אַנטיקן. מאַ־לאָדיעץ! דו האָסט ריכטיק געשטעלט דעם דיאַגנאָז. דער דאָזיקער פאַל וועט זיין פאַר איר דער פּרווו־שטיין: צי האָט זי דיך טאַקע באמת ליב, אָדער די גאַנצע מעשה איז ביי איר געווען בלויז אַן איינרעדעניש, אַן אומגליקלעך נפלע פון איר קראַנקן כח־הדמיון. דעסט גלייכן פאַר דיר, וועט אויך אָט דער לעצטער נסיון זיין דער ריכטיקסטער אבן־בוחן: צי זי טויג פאַר דיר, צי עס איז זייער גליך, וואָס דו פאַרלירסט זי...

# קאפיטל XIX

דעם אכטן יאנואר, האָט די מוטער איבערגעגעבן שלמהן, אַז עס האָט אים דאָ געזוכט לייב טולטשינסקי, יאַניס פּלימעניק. ער האָט אָנגע־זאָגט, אַז ער וועט נאָך אַ מאָל צוקומען אויף דער נאַכט, און האָט אים זייער געבעטן נישט אַוועקגיין פון דער שטוב.

שלמה האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט:

— קיין שענערן שליח האָט זי שוין נישט געקענט אויסזוכן, ווי איר שוועסטער־קינד לייבן? און ווי קומט ער גאָר קיין קיעוו? צי אפשר האָבן זיי אים ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט אַהער פאַר אַ פּאַרלאַמענטער צו מיר?

לייב טולטשינסקי איז געווען דער עלטסטער זון פון יאַניס יונג־גע־שטאָרבענעם עלטסטן ברודער, אברהם. אַן אַלטער בחור, אַ הויכער, אַ שיינער, אַ ברייט־פּלייציקער — יאַני מיט די ביינער! אַלע זיינע יינגערע ברידער און שוועסטער האָבן נאָך מיט פיל יאָרן צוריק חתונה געהאַט, קינדער געהאַט, נאָר ער איינער האָט נאָך אַלץ געפירט זיין פריי, בחוריש לעבן. שלעכטע צינגער האָבן אויף אים גערעדט אַלדאָס בייז: אַז זיינע אָפטע נסיעות קיין מאָסקווע און לענינגראַד זענען נישט בלויז צוליב גע־שעפטן... אַז ער איז דאָרט נישט קיין עלנטער... אַנדערע האָבן נאָך דער־ציילט, אַז זיי האָבן אים אַליין געזען אָפּנעמען בריוו „צום פּאָדערן", אין ראָזע קאָנווערטן... מיט איין וואָרט: נתן כסליו לנשים... נאָר נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעמען, האָט לייב אָדער ליאָווע — ווי מען האָט אים ביי זיך אין שטוב גערופן — געהאַט אין זווענינאָראָדקע, וווּ ער איז געבוירן געוואָרן און האָט געוווינט ביזן יאָר 1928, זייער אַ גוטע רעפּו־טאַציע. אַלע האָבן אים געשעצט פאַר זיין טיפן פאַרשטאַנד און פאַר זיין שטענדיקער אויפגעלייגטקייט. אין גוטסקייט איז ער געווען אַ ריכטיקע קאָפּיע פון יאַנין. ער האָט נישט געקענט איבערטראָגן, ווען ער האָט געזען אַ פאַרקרימט פּנים. אמת, ער איז נישט אַרומגעגאַנגען זוכן קיין מצוות, נאָר קוים האָט זיך שוין עמעצער געווענדעט צו אים נאָך הילף, איז ער גרייט געווען יענעם אָפּצוגעבן די נשמה. האָט ער זיך שוין נישט באַרו־איקט, ביז יענער איז נישט געהאָלפן געוואָרן. קיין צביעות און קיין חניפה האָט ער נישט געקענט פאַרטראָגן און אַליין איז ער אויך געווען תוכו כברו. טאָמער האָט לייב עפּעס געזאָגט, האָט די וועלט געוווּסט, אַז: שבלבו בפיו...

ווען שלמה איז נאָך געווען אַ חדר־ייִנגל ביים רבין ר' שמעיה פּאָקוטי־לאָווער, איז שוין לייב דאַמאָלסט געווען אַ גבירישער יונגערמאַן און אַ גאַנצער שטאָט־באַלעבאָס. טאַקע נאָר פון דאַמאָלסט געדענקט ער אים, שלמה. לייב האָט געוווינט מיט זיין אַלטן זיידן, מאַניש קאָמבינאַטאָר, ביי זיינער אַ יינגערער שוועסטער און צוזאַמען מיט איר מאַן געהאַלטן

די גרעסטע פינפשטאָקיקע מיל אין זווניגאָראָדקע. חוץ דעם האָט ער גע־האַנדלט מיט אַלערליי תבואות, טראַנספּאָרטירט וואַגאָנען אין דער וויי־טער וועלט אַריין אין גאָר אַ ברייטן פאַרנעם. מענטשן האָבן אים געשאַצט אין די שווערע טויזנטער. מערקווירדיק איז אָבער, וואָס מען האָט אים פאַרגינען. דאָס איז געווען דערפאַר ווייל אַלע האָבן געוווּסט, אַז לייב לעבט נישט נאָר פאַר זיך אַליין. ער פּילט מיט דעם אָרעמאַן, כאָטש אַליין איר ער אַ גביר בן גביר, און ס׳איז אַ כלל גדול, אַז דער זאַטער גלייבט נישט דעם הונגעריקן. איין מאָל האָט זיך געטראָפן, אַז לייב האָט גע־בראַכט פון מאָסקווע אַ גרויסע קראָם מאַנופאַקטור. אפרים־אהרון האָט דאַמאָלסט אויך געקויפט אַ טייל סחורה און שלמה מיט דינהן פלעגן בים־לעכווייז ברענגען אַהיים די סחורה מיטן שליטעלע. פון דאַמאָלסט אָן איז שלמה קיין מאָל מער נישט געקומען מיט אים אין באַרירונג. און פּלוצלינג — נאַ דיר גאָר אַזאַ גאַסט! „געבעטן נישט אַוועקגיין". וואָס קען דאָ שטעקן פאַר אַ סוד? לטובה או לרעה?

אַ זייגער צען אויף דער נאַכט איז לייב געקומען צו פאָרן מיט סאַנ־קען. שלמה האָט אים אויפגענומען פריינדלעך, אָבער מיט אַ געוויסער צור־ריקגעהאַלטנקייט. לייב אָבער האָט אויסגעשריגן אויפן גאַנצן צימער:

— אָט דאָס איז שלמה? גאָט מיינער! ווי דאָס לעבן לויפט...

— איר זענט דאָס ערשט געוואָרן געוואָרן?

— ניין, אָבער גיב נאָר אַ קוק... מאַמע מיינע!... אַ מענטש! אַ דער־וואַקסענער מענטש... ביסט דאָך ערשט נישט לאַנג געווען אַזאַ פּיצעלע...

לייב בייגט זיך אָן און ווייזט מיט דער האַנט, ווי קליין שלמה איז געווען. שלמה שמייכלט:

— פון יענעם „ערשט" זענען שוין פאַריבער צען יאָר.

— צען? וואָס עפּעס צען? — יאָ, גערעכט, טאַקע צען. וואַרט! פאַר וואָס עפּעס צען? פאַר וואָס נישט עלף? טאַקע נישט קיין עלף, נאָר גאַנצע צוועלף! באַלד ווי איר זענט געקומען קיין זווניגאָראָדקע, האָב איך גע־זוכט פאַר אייך אַ דירה, געדענקסט? אָט פון דאַמאָלסט אָן געדענק איך דיך. דו ביסט דאַמאָלסט געווען אַזוי גרויס, אָט ווי יענץ מיידעלע מיטן פאַרריסענעם נעזעלע. דאָס איז דיין שוועסטערל מיט אַזאַ קאַרפּאַטע „פּאַ־סאָלקעלע"?

— מיין יינגסט שוועסטערל.

לייב מעסט אים אָפּ מיט אַ לאַנגן קוק פון קאָפּ ביז די פיס:

— ניין, דיך איז טאַקע נישט מעגלעך צו דערקענען. אָט איז דאָך אַוראָם אויך אונטערגעוואַקסן, נאָר עס איז פאָרט נישט דאָס! דו ביסט עפּעס געוואָרן מענעריש, ערנסט און שיין. ווען איך באַגעגן דיך אין גאַס, אַסור אויב איך וואָלט דיך דערקענט. ניין, זיכער נישט! אויף וואָס קוקנדיק?

— און איך אייך וואָלט אפילו אין דער פינצטער דערקענט. איר

האָט זיך גאָרנישט געביטן. זיצט און דערציילט: וואָס זשע מאכט איר עפּעס? ווו וווינט איר היינט?

— אונטערן הוילן הימל ווווין איך היינט. אָט וועגן דעם טאָקע בין איך צו דיר געקומען. גאָר אויף דיר איז מיין האָפענונג.

— אויף מיר גאָר?

— יאָ, אויף דיר. אויף דיר שטייט אַצינד די גאַנצע וועלט. שלמה, צי איז נישט מעגלעך, אַז מיר זאָלן אַריינגיין ערגעץ אין אַ באַזונדער צימער?

— פאַר וואָס נישט? מיר קענען אַריינגיין אין מיין קאַבינעטל. און דו, סאָנקע, וועסט דאָ דערווייל איבערקערן די שטוב ווי דו קענסט...

שלמה דרייט זי אָן פאַרן אויער. זי קוויטשעט מיט קולי־קולות, רייסט אָפּ זיינע פינגער, דערלאַנגט אים אַ קלאַפּ איבער דער האַנט און אַנטלויפט אין קיך אַריין צו רבקהן. שלמה מיטן גאַסט פאַרשליסן זיך אין צימער. ער מאַכט אויף די עלעקטרי, רוקט אַרויס שטולן און וואַרט אומגעדולדיק, ביז לייב וועט זאָגן, נאָך וואָס ער איז געקומען. לייב, ווי אַ פּראַקטישער מענטש, איז אָן הקדמות צוגעטראָטן גלייך צום עצם־הענין:

— מן הסתם האָסטו געהערט, אַז ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די „ראַסקולאַטשעוואַניע", איז די צווייטע וואָך נאָך דעם ווי יאַני איז אַוועק קיין וולאַדיוואָסטאָק, בין איך אַנטלאָפן קיין אירקוטסק. נאָך אַריינשטעקן עטלעכע רובל די „אדונים" אין דער יד אַריין, איז מיר געלונגען אָנצוקומען אַרבעטן אין אַ שפּיטאָל אַלס אַ שוואַרץ־אַרבעטער. עס פאַרשטייט זיך, אונטער אַ פרעמדן נאָמען. פאַר די פיר, פינף יאָר וואָס איך האָב דאָרט פאַרבראַכט, האָב איך זיך ביסלעכווייז, ביסלעכווייז זייער שיין אַרויפגעאַרבעט. לעצטנס בין איך שוין געוואָרן, טאָקע דאָרט אין שפּיטאָל, פאַרוואַלטער פון דער באַזע. דו פאַרשטייסט? דאָס אָרט איז אַ רייך אָרט, זאָט אין אַלעם גוטן, מען דאַרף נאָר האָבן אַ קלעפּקע אין מח, וויסן ווו איין און ווו אויס. פאַר מיר איז אויף דעם פּאָסטן געווען אַ שייגעץ אין פּאָסטעלעס.* נו, פאַרשטייסט דאָך אַליין, וואָס ווייסט אַ גוי אין סנדקאות? כאָטש זעץ אים אויס די ציין, האָט ער נישט געקענט דער קאַץ דעם עק צובינדן... שפּעטער, אַז דער רוח האָט אים אַוועקגעטראָגן אויף „סלוזשבע", און איך האָב געירשנט זיין ערטעלע... כ׳וויים? איך דאַרף דיר דערציילן? דאָרט ווו נאַש־בראַט גיט זיך אַ דריי אין איין „אמן, יהא שמה רבא", דאַרפן זיך אַ פּאָר טוץ ערלים טאָפּטשען אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך...

— הייסט עס, אַז אחינו בני־ישראל זענען דאָרט אַ סחורה מתבקשת, האַ?

— דו זאָגסט גאָר — מתבקשת... מען פאַרצוקערט זיי און מען

---

* אַ ביליקער מין שטעקשיך. דער דאָזיקער אויסדרוק ווערט אין יענע קאַנטן באַנוצט, ווען מען וויל אָנווייזן אויף דער נישטיקייט פון דעם אָדער יענעם.

לעקט פון זיי די פינגער און מען בייגט זיך פאר זיי אין דרייען... וואס דארפסטו מער, נעם מיין פאסטן... כפתור ופרח, זאג איך דיר...

— איך פארשטיי שוין, אז ס'איז געווען א „המוציא מיט האניק".
דער האניק איז אויסגערונען, און „המוציא" האט מען מקיים געווען...

ליב האט נישט צעקייעט דעם יאדער פון שלמהס לעצטע ווערטער און האט א ביסל פארשעמט צוגעגעבן:

— מילא, וואס האסטו צו קלערן, ס'איז געווען א שטעלעכל, ווי אזוי שטייט דארטן? דאכט זיך, ארץ זבת חלב ודבש, הא? בקיצור: עס האט מיר ברוך־השם גארנישט געפעלט. איך האב געלעבט ווי א פרינץ... כ'האב געהאט אי פרנסה, אי כבוד, און בין אפילו געווארן א קאנדידאט אין דער פארטיי אריין. זיי האבן מיך נאך געבעטן, מיר דערגאנגען די יארן:

— ליעוו אפאנאסיעוויטש! ווען גיט איר שוין אן אויף אריינגענו־מען צו ווערן אין דער פארטיי אריין?

דו פארשטייסט דאך, דער פארטיי־בילעט פארנעמט ביי מיר א שיין ארט. ער פילט מיר אויס, ווי קאפּוויטיק. נאר ביי דער חברה קען מען נישט אנדערש. קוים ווילסטו שטייגן העכער, מוזסטו קריכן אין דער פארטיי אריין. און אויב דו האסט נאך שכל אין א פאר פאלן צו ווייזן, אז דו ביסט א געטרייער קאמוניסט און אן ערלעכער פארטיי־מאן, וועט מען פאר דיר ציטערן אימת־מות. אפבלאזן דיר דאס ארט. בקיצור, איך האב געלעבט ווי גאט אין אדעס. איך האב שוין אפילו געקלערט וועגן חתונה האבן —

— אזוי פרי חתונה האבן? וואס איז דאס איילעניש?

— לאך, לאך, דיר איז גרינג צו לאכן. דו מיינסט, אז יעדן איינעם טרעפן זיך אזעלכע ערלעכע קינדער ווי פאלי?

— אין וואס פאר א קליט מען זוכט, אזא סחורה געפינט מען. נו, נו, דערציילט שוין, ווער זשע האט אייך דעמאסקירט?

— ווער האט דיר דען דערציילט? —

— קיינער האט מיר נישט דערציילט, נאר איך פארשטיי אליין, אז אזוי האבן זיך געקערט ענדיקן אייערע גוטע זיבן יאר...

— פון וואס זשע פארשטייסטו אזוי, וואלט איך געוואלט וויסן?

— וועלכער פארוואלטער פון א באזע פארט עס אוועק פאר ניי־יאר, בשעת עס דארף זיין א יאר־איבעררעכענונג און א באלאנס? קיינער פארט דאמאלסט נישט אוועק, סיידן אויב ער מוז שוין אנטלויפן.

— או—ווא! איך האב דיך גארנישט געקענט. ביסט א מזיק א יאט. נישט קיין שלעכטער אפעטיט ביי אונדזער פאלין, מען קען נישט זאגן. בקיצור: מעשה שהיה, כך היה! אזוי ווי דו ביסט געווען דערביי. מען האט מיך דערקענט און עס איז געווען ווי א האר פון דער מילך ארויסצונעמען, אז איך זאל שוין פון דארט נישט ארויס קיין לעבעדיקער. עס דארף זיך פארלויפן אזא מעשה: אונדזערע א קראנקן־שוועסטער, א „סיביריאטשקע", בפירוש א גאנץ פיין שיקסל, האט דערזען אין א צייי־

טונג א פּאָרטרעט פון א רויטארמייער, וועלכער דינט אין דער גרענעץ־וואך אויף דער מאנדזשוריער ליניע. און ער איז איר געפעלן געוואָרן. מיט איין וואָרט, ער איז איר געפעלן געוואָרן און זי האָט אים אָנגעשריבן. ער האָט איר געענטפערט. א בריוו פאר א בריוו, א פאָטאָגראפיע פאר א פאָטאָגראפיע, וואס טויג דיר לאנג? זיי האָבן זיך אזוי, נישט קענענדיק איינער דעם צווייטן פערזענלעך, משדך געווען. דעם 20טן דעצעמבער איז ער געקומען קיין אירקוטסק חתונה האָבן און צונעמען זי אהין צו צו זיך. אויפן צווייטן טאָג נאָך זיין קומען איז ער צוגעגאנגען מיט איר אין שפּי־טאָל אריין. איך שטיי מיר אזוי מיט דעם הויפּט־בוכהאלטער. א שאָפער מיט צוויי ארבעטער וואַרטן אויף מיר אונטן. כ׳האָב גראָד דאמאָלסט גע־דארפט פאָרן נאָך פּראָדוקטן. איך זע, דאָס יונגע פּאָרפאָלק גייט ארום זיך געזעגענען מיט אלעמען פאָרן אָפּפאָרן. ווי נאָר איך האָב דערזען דאָס פּנים אונטערן רויט־בלויען היטעלע, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן: א זוועניגאָראָדקער שגצל. ער האָט געוווינט אויף די „בערעזקעס״, טאַקע נישט ווייט פון אייך. ער האָט עטלעכע יאָר געארבעט ביי מיר אין מיל אין דער מאשין־אָפּטיילונג אלס א לערן־יינגל. איך בין געבליבן שטיין ווי פון פאראליטש געטראָפן. מען רעדט צו מיר — איך הער נישט, ס׳איז פּרחה נשמתי געוואָרן, און שוין... דערווייל גייען זיי אונטער צו אונדז. זי שטרעקט מיר אוים איר האנט:

— זייט מיר געזונט, חבר זאסלאווסקי!

דער בחור קוקט אויף מיר, איך — אויף אים, און פּלוצלינג רוקט ער אָפּ די כלה אין א זייט, גיט א גיי־צו צו מיר און כאפּט מיך אָן פאר דער לאַץ:

— לאַז! וואס פאר א זאסלאווסקי? טולטשינסקי, וואס טוסטו דאָ?

אלע קוקן אונדז אָן און פארשטייען נישט, וואס קומט דאָ פאָר. איך האָב דערפילט, אז טאָמער זאם איך זיך נאָך איין מינוט, בין איך א פאר־פאלענער אויף אייביק. א קולאַק וואס האָט זיך אריינגעשמוגלט אין די רייען פון דער פּארטיי, איז אחת דתו... וואס זאָל איך דיר מאריך זיין? איך האָב אין הארצן אָפּגעזאָגט „שמע ישראל״ און אזוי ווי מיר זענען געשטאנען ביי די טרעפּ, און איך — א ריס זיך פון זיינע הענט, און א טאַנץ פון איין שטאָק און פונעם צווייטן... הינטער זיך הער איך איין שאָס, א צווייטן, נאָר איך בין שוין אריבער דעם פּלויט און פּלי אין א זיגזאג, ווי א זאך מאכט זיך, טאָמער א נארישע קויל... איך בין אריין אין א באָד, ארויס דורך א פענצטער, דורכגעלאָפן א וועלדעלע און אריין אין א פארטרונקענעם קוילן־גראָבן. דאָרט, אין א פארגאסענעם גרוב בין איך געלעגן ביז נאָך האלבער נאכט. ווען עס האָבן זיך מיר געדאכט טריט דערנעבן, האָב איך זיך אונטערגעטונקען אין דעם אשיקן געמויזעכטס און בין אזוי געלעגן, ביז איך האָב געקענט אויסהאלטן, נישט צו אָטע־מען. מען האָט מיך ארומגעזוכט מיט אויסשפּיר־הינט, מיט גרויסע באַ־טארייע־לאָמפּן, בקיצור — מען האָט מיך נישט געפונען! אין א נאָענט

דערפֿל האָט געוווינט מיינער אַ גוטער ברודער, אַ לאַטיש. אַן עלטערער גוי, זייער אַ ליטישער מענטש. איך האָב אים דערציילט אַלץ, וואָס מיט מיר איז געשען. ער האָט געוווסט, אַז ער שטעלט איין דעם קאָפּ, אויס־באַהאַלטנדיק אַ קולאַק און דאָך האָט ער מיר שוין געשאַפֿן אַן אַלט פּעלצל, — איך בין דאָך באותה־שעה געשטאַנען אויף די שטאָקן אין איין סוויטער און אָט אַזוי בין איך אוועק, — אָבער קיין שום דאָקומענט האָט ער מיר נישט געקענט איינשאַפֿן. סיביר איז נישט אַזאַ אָרט. דאָרטן ווייסט מען גאָרנישט, וואָס הייסט מאַכן עפּעס פֿאַר געלט. בקיצור, איך האָב געבאָרגט ביי אים טויזנט רובל. ער האָט זיך צונויפֿגערעדט מיט אַ פּאָר קאָנדוקטאָרן פֿון אַ צוג, וואָס גייט קיין מאָסקווע — איך האָב באַ־צאָלט פֿאַר דעם קונץ זעקס הונדערט רובל — און איך בין איבערגעלעגן צווישן ליידיקע פֿלעשער פֿון לימאָנאַד אַזאַ היפּשע שטרעקע פֿון איר־קוטסק ביז מאָסקווע. עסן האָבן זיי מיר אַריינגעגעבן — אַזאַ יאָר אויף אונזער מלוכה! נאָר ווער רעדט דען פֿון עסן? איך האָב געפּלאָטערט מיט דער נשמה. אַלע מאָל, ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט זיך אין מיר דאָס האַרץ אָפּגעשטעלט. פֿון מאָסקווע האָב איך ווידער מורא געהאַט צו פֿאָרן אָן קיין שום דאָקומענט. טאָמער פּונקט ניט מען אַ פֿרעג: „מאין יהודי בא״? קען איך דאָך נאָר פֿינטלען מיט די אויגן. וואָס קען איך ענטפֿערן? ווער בין איך? פֿון וואַנען בין איך? מיט איין וואָרט, איך האָב נאָך אַ מאָל באַצאָלט אַ קאָנדוקטאָר צוויי הונדערט רובל פֿאַר צושטעלן מיך קיין קיעוו. דאָס מאָל בין איך שוין געלעגן אויף אַ בוידעמל צווישן מאַטראַצן. דאָרט האָב איך מיך שוין אויסגעשלאָפֿן אויף אַלע זייטן. שוין! אָט דאָס איז עס. ווי זאָגט ער דאָרט ביי שלום־עליכמן: הא גברא והא טראַסקאַ...

אין צימער איז געהאַנגען אַן עקשנותדיק שווייגן.

— איז אָט בין איך, נאָך פֿינף יאָר האָרעוואַניע, קוים אַרויס אין איין העמד. דאָרט האָב איך איבערגעלאָזט פֿאַרגראָבן אַן עשרות. געלט פֿון אַמאָל, געלט פֿון דאָרטן טאַקע, פֿאַרשידענע וואַלוטע, נאָר כאַפּט עס דער רוח!...

— אָט אַזוי! איר טאָרט נישט זינדיקן. איר דאַרפֿט זאָגן: הפח נשבר ואנחנו נמלטנו, יהי שם ד׳ מבורך!

— זאָג איך דאָך: ד׳ נתן וד׳ לקח. געלט איז קיילעכדיק. איך האָב אין זוועניגאָראָדקע אַ ביסל מערער פֿאַרלוירן און נאָך דעם זיידן פֿאַר אַ צוגאָב און בין דאָך לעבן געבליבן. דער עיקר איז מיר איצט שלעכט, וואָס איך קען נישט אַרויסגיין אויף דער גאַס. אַז איך בין אדם־נאַקעט, אָן וועלכן עס איז דאָקומענט. אָט האָב איך איצט מיטגענומען סאַנקען, מיינ־סטו צוליב וואָס? איך וואָלט נישט געפֿינען, ווו דאָס סאָלאָמינקע שטעקט? ניין! נישט צוליב דעם. נאָר טאָמער חלילה פֿאַרהאַלט מען מיך, זאָל מען כאָטש וויסן, ווו מיך צו זוכן. טאָמער טרעפֿט מיך אַן אומגליק גראָד דאָ־

מאָלסט, ווען איך גיי ערגעץ אַליין, וועט מען דאָך אַפּילו נישט וויסן, ווו מיין געביין איז אַהינגעקומען.

— אַזוי, אַזוי, מי שנשכו נחש, ירא מפני החבל...*

— וואָס דען מיינסטו? אָבער ווייסט נישט, פּחד, אַז ער וואָרצלט זיך איין אין הארצן, איז אים שווערער אַרויסצונעמען ווי אַ פעטן פלעק פון אַ מלבוש. איך פאַרשטיי דווקא אַליין אויך גאַנץ גוט, אַז פון איר־קוטסק זוכט מען מיך נישט אין קיעוו. דאָס זענען צוויי עקן וועלט. און ווידער, וואָס וועט זיי עפּעס פּלוצלינג איינפאַלן — קיעוו? פאַר וואָס נישט באַטום? קאַזאַן? אָבער וואָס עס זאָל נישט טרעפן: אַ געשלעג ביי אַ טראַמוויי אָדער אַ מיליציאָנער רופט צו אַלס אַן עדות, וואָס עס זאָל נישט טרעפן, איז דאָך דאָס ערשטע וואָרט: „באַוויז דיין דאָקו־מענט" ! — וואָס זשע טוט מען? זאָגט מיר שמואליק, אַז נאָר דו איינער קענסט מיר העלפן, אַז איך זאָל קריגן עפּעס אַ שטיקל דאָקומענט, כאָטש וועלכן עס איז. אַבי איך זאָל נאָר קענען וויזן, ווער איך בין. זאָל כאָטש זיין אַ מינדסט ספּראַווקעלע פון אַן אַרטעל, אַז איך אַרבעט דאָרט. דער־מיט וועל איך פּרוון אפשר וועט מען מיך איינמעלדן אין אַ וווינונג, כאָטש ס'איז אַ ספק־ספקא... איך וועל גיין אויף שוואַרצער אַרבעט, ביז גאָט וועט מיר העלפן, איך וועל מיך דערשלאָגן צו אַ שטיקל פּאַספּאָרט און קענען אָנהייבן אַ לעבן פון דאָס ניי...

און מיט אַ נעבעכדיקן שמייכל:

— עך, ברודערקע, נישט גוט ביי מיינע יאָרן ערשט אָנצוהייבן אַלץ פון „בראשית"...

אין לייבס נאָזלעכער האָט עפּעס מאָדנע אַ פייף געטון. שלמה האָט זיך אויפגעהויבן, איז צוגעגאַנגען און פריינדלעך אים אַרומגענומען פאַר די אַקסלען:

— איי, לייב, ווי שעמט איר אייך נישט? אַזאַ דערוואַקסענער מענטש ווי איר, וואָס איז שוין דורכגעגאַנגען אַלע שבעה מדורי גיהנום, זאָל זיך גאָר פּלוצלינג אַזוי פאַרלירן?

— ס'איז נישט פּלוצלינג —

לייב האָט שטאַרק געכליפּעט אין פויסט אַריין. שלמה האָט אים מיט זיין טיכעלע צערטלעך אויסגעווישט די אויגן און שפּאַסנדיק געזאָגט:

— און איך וועל אייך יאָ זאָגן, פאַר וואָס עס איז אויף אייך געקו־מען דער לעצטער שלאָק —

לייב האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און קוקנדיק אויף שלמהן מיט די פאַרוויינטע אויגן געפרעגט:

— פאַר וואָס?

---

* דער וואָס איז געביסן געוואָרן פון אַ שלאַנג, האָט שוין מורא פאַר אַ שטריק. (ווייל ער איז ענלעך אויף אַ שלאַנג). פון מדרש.

— ווייל איר האָט געזאָלט חתונה האָבן אין אירקוטסק, אין דער צייט, וואָס אייער אמתער זיווג געפינט זיך גאָר אין קיעוו.

ליב האָט דורך טרערן אַ שמייכל געטון:

— מיר ליגט דער חלף אויפן האַלדז, און דו וויצלסט זיך. ווען איך דערלעב שוין זען עפּעס אַ „פּאַפּירל" מיט אַ שטאַמפּ און מיט אַ זיגל, אויף וועלכן עס זאָל שטיין אויפגעשריבן טולטשינסקי ל. אַ., וואָלט איך, דאַכט זיך, געקושט די שטיינער פון קיעוו.

— אויף קושן די שטיינער זענען דאָ אַ ביסל בילכערע ערטער, יידישע מקומות־קדושים, נישט דאָרט ווו די כמעלניצקעס מיט די שעווטשענקעס, ימח שמם וזכרם, פאַרנעמען די שענסטע מזרח־שטעט...

— אפשר ביסט דו גערעכט... זיכער אַזוי... אָבער איך וואָלט דאַמאָלסט נעגאַנגען זיך נאָכפרעגן, אפשר דאַרף מען אַ וועכטער אויפן בית־הקברות? אפשר אַ טרעגער אין מאַרג פון אַלעקסאַנדראָווסקע שפּיטאָל? איך רעכן דיר אַלץ אויס אַזעלכע מינים אַרבעטן, אויף וועלכע קיין אדם מן השוק, בכלל דער וואָס האָט אַ ברירה גייט נישט, אַבי טאָמער וועט מען דאָרט נישט שטאַרק מדקדק זיין אין הלכות דאָקומענטן און מיך צונעמען מיט אַ וועלכעס עס איז „אשר יצרל". ווי פלעגט דער טאַטע עליו־השלום זאָגן: שור או כשב או עז — אַבי — כי יולד... וואָס זשע זאָגסטו? דו האָסט יאָ עפּעס אַ שטיקל האָפענונג מיר אַזעלכעס צו קריגן?

— וואָס קען איך אייך שוין אַצינד ענטפערן? מיר ווען לעבן, וועלן מיר זען. אַרטעלן מיט קיילעכדיקע שטעמפּלען זענען דאָ אַ סך אין קיעוו. מן הסתם וועט אייך דער אייבערשטער נישט פאַרלאָזן.

— איך וויל דאָס נישט אומזיסט. היינטיקע יאָרן טוט מען נישט סתם קיין טובות. איך וועל גוט באַצאָלן. געלט וועל איך מיר שוין שאַפן. ביי יאַנין איז גראָד איצט שטאַרק פלאַטשיק די לאַגע. מן הסתם ווייסטו דאָס בעסער פון מיר. נאָר אַ ביסל די ווייסבלאַטס, אַ ביסל שמואליק. ער האָט זיך קיין עין־הרע גוט אַרויפגעאַרבעט, שמואליק. ער ווינטשט דיר אָן דאָס אייביקע לעבן אויפשטייענדיק און לייגנדיק זיך. הכלל, אַ ביסעלע דער, אַ ביסעלע יענער. אויב עס וועט זיין נייטיק, וועל איך בעטן אַ גמילת־חסד ביי דעם קרוב, וואָס יאַני האָט דאָ אָפּגעזוכט, כ'מיין דעם רעדאַקטאָר. אפילו דו, ווייל איך אויך נישט, אַז דו זאָלסט זיך מטריח זיין אומזיסט... וואָס דיר קומט, דאַרפסטו פאַרדינען... אומבאַדינגט!

— איר זאָלט מאריך ימים ונשים זיין, וואָס איר האָט מיך אין זינען מיט פרנסה.

— ניין, איך זאָג דאָס גאַנץ ערנסט...

שלמה, אויך גאַנץ ערנסט:

— איז וויפל זשע וועט מיר קומען לויט אייער חשבון?

ליב, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן:

— וויפל דו וועסט שוין אַליין פאַרשטיין. איך זאָג דיר נישט קיין דעות. מן הסתם וועסטו מיך נישט באַרייסן...

— נו, נו, איך וועל מיר שוין אויפנייען א ביטל. האָט איר, הייסט עס, באַשלאָסן אַריבערצוגיין אויף אייער אייגענעם נאָמען?

— יאָ, נאָר אויף דעם אייגענעם! סיי אַזוי, סיי אַזוי, דאַרף גאָט היטן. אויף אַ פרעמדן נאָמען איז נאָך ערגער. און ווי אַזוי איז דיין מיינונג?

— איך מיין אויך, אַז אויף דעם אייגענעם איז גלייכער.

— אַ! זעסטו? האַלט אַ קלוגער מענטש אויך מיט מיר...

— לייב, וואָס מאַכט איר חוזק פון מיר? קלוגער מענטש, קלוגער מענטש...

— יאָ, שיינע יאָרן, אויב איך האָב שוין וואָס חוזק צו מאַכן פון דיר... געדענק זשע, שלמה, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס איך האָב דאָ אַ פעטער מיט קוזינען, איז פון דעסט וועגן מיין גאַנצע האָפענונג נאָר אויף דיר. פריער גאָט און דערנאָך דו —

שלמה שלאָגט אים איבער די רייד מיט אַ שפּאָטיש געלעכטערל:

— איר האָט מיר דערמאָנט אייער קוזינטשיק, דעם רעדאַקטאָר, ביי וועמען איר מיינט צו באַקומען אַ גמילות־חסד. ווען ס'איז געווען דער אומגליק ביי שמואליקן, איז יאַני צום אַלעם ערשטן אַוועקגעלאָפן צו זיין קרוב־למלכות: „יעווּאָ פּראָוואָסכאָדיטעלסטוואָ", דעם רעדאַקטאָר, האָט ער אים געזאָגט בזה הלשון: „מיר קעמפן איצט קעגן אַזעלכע שעדיקער מיט פייער און שווערד". ווי מיינט איר, קעגן אייך, לייב, קען זיך אים נישט פאַרגלוסטן אַ קעמף צו טון מיט פייער און שווערד?

— איי, שלמה, וואָס רעדסטו? אמת, ער איז טאַקע אַ זייעריקער, אָבער אַזוי ווייט איז דאָס נאָך נישט געקומען... טע־טע־טע, מיינסט אַן אמת, אַז ער איז זיי אַזוי איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן?... און ווידער, ווי קלערסטו, אויב ער וועט דער מלוכה אויסגעבן אַ טולטשינסקי, אַ קור־לאַס, וועט מען אים אַליין דערנאָך איבערלאָזן אויף זיין געלעגער, האַ?

— כאַ, כאַ, כאַ... דער שטעקן, הייסט עס, האָט צוויי עקן, און קען אַ מאָל דערלאַנגען מיטן עק אַ שענערן טראַך ווי מיטן קאָפּ, האַ?

— וואָס דען מיינסטו?

— ...הייסט עס אַ מין „שמור לי ואשמור לך", האַ? כל ישראל, הייסט עס, ערבין זה בזה, האַ? כאַ, כאַ, כאַ...

לייב, עפּעס ווי אומצופרידן:

— פון וואָס דו לאַכסט דאָ אַזוי געשמאַק, פאַרשטיי איך נישט... ס'איז דאַכט זיך דאָ גאָר נישטאָ אַזוינס —

— ווער לאַכט? עס געפעלט מיר פשוט די מעשה, וואָס אפילו ביי דער ראַסנמאַכט איז אויך גילטיק דער כלל: חברים כל ישראל... איך לאַך, ווייל איר האָט מיך דערמאָנט אין אַן אַמעריקאַנער אַנעקדאָט —

— אַזש אין אַן אַמעריקאַנער? נו־נו, לאָמיך הערן. שוין טאַקע לאַנג נישט געהערט קיין לאַכנדיקס.

— ...א ייד פון אונדזערע מקומות, אָבער נישט קיין פאַרשלאָפענער יאַנקל, איז אַוועק קיין אַמעריקע זיך מאַכן א לעבן און קיין לעבן האָט זיך, ווי אויף צו להכעיס, נישט געמאַכט, איז ער זיך מיישב און ווערט א... כהן. א נפקא־מינה וואָס? אַבי עס גיט פּרנסה! עס האָט לאַנג נישט געדויערט, האָט ער צו זיך פון רוסלאַנד אַראָפּגעבראַכט זיין זון. אויף צו מאָרגנס פון זיין אָנקומען, זעט דער זון, ווי עס קומט אַריין צו זיין פּאָטער אַן אַמעריקאַנער ייד, און באַשטעלט אים, אַז ער זאָל קומען צו אים אויף א פּדיון־הבן. ווען דער יאַנקי איז אַוועקגעגאַנגען, פרעגט דער זון דעם פּאָטער:

— טאַטע, היתכן, דו ביסט דען א כהן?

ענטפערט אים דער פּאָטער מיט אַן אַמעריקאַנער שמייכעלע:

— שוטה דו, און ביי אים איז עס דען אַן אמתער בכור?

ביידע צעלאַכן זיך אויפן קול. שלמה, נאָך אַלץ לאַכנדיק:

— וועט ער שוויגן, זאָגט איר, דער כלבניאַק, האַ? ער וועט צי־טערן פאַרן אייגענעם פעלעכל?

— נאָך א מין שוויגן! ווי די הינט פון מצרים...

לייב ווערט גליך צוריק ערנסט און באַטריבט:

— פאַרגעס זשע נישט שלמה, דער חלף ליגט מיר אויפן האַלדז... איך בין דאָ אין קיעוו ווי אויפן וואַסער, דו איינער קענסט מיך ראַטעווען. גלייב מיר, קיין גרעסערע מצוה קען גאָר נישט זיין. איך האָב אפילו גע־וואָלט, אַז יאַני זאָל מיט מיר צופאָרן צו דיר. וואָרעם, דעם אמת גע־רעדט, פון ווען געדענקסטו מיך דען אַזוי? זאָגט מיר יאַני: צו שלמהן דאַרפסטו נישט קיין רעקאָמענדאַציעס. ער איז אַן אייגענער און א געטרייער מענטש. וואָס ער וועט נאָר קענען, וועט ער במילא טון. בעט איך דיך נאָך א מאָל, טאַקע ווי אַן אייגענעם —

— איר דאַרפט מיך נישט אַזוי בעטן, לייב. עס איז א חוב אויף יעדן יידן צו העלפן דעם חבר. ווער שמועסט, אַז דאָ שמעקט מיט פּדיון שבויים.

— ווען זשע זאָל איך קומען געוווירע ווערן? ביי מיר איז דאָך יעדער טאָג א יאָר...

— איר דאַרפט נישט קומען געוווירע ווערן. ווען איך וועל נאָר האָבן עפּעס גוטס, וועל איך אייך אַליין קומען זאָגן. זאָגט מיר נאָר, וווהין?

— וואָס הייסט וווהין? צו יאַנין.

— רופט בעסער אָן א צווייטן אַדרעס —

— א צווייטן? זאָל זיין צו סאָניען. צו סאָניע ווייסבלאַט. אויף אינסטיטוטסקע 16 וווינונג 9. טאַקע דאָרט נעכטיק איך.

— גוט, און דערווייל זייט נישט אַזוי געפאַלן ביי זיך, דער הימל איז נישט ביי דער ערד, גאָט איז א פּאָטער.

אַרויסגייענדיק אין זאַל אַריין, האָט זי סאָנקע באַגעגנט מיט א „ברוך הבא“:

— איר האָט זיך פון דעסט וועגן יאָ דערמאָנט ארויסגיין? און איך האָב געמיינט, אַז איר שלאָפט דאָרט...

שלמה מאַכט אַ טריט צו איר:

— טאָמער רעדסטו לאַנג, גייט באַלד דער צווייטער אויער...

— און איר וועט כאַפּן איבער דער צווייטער האַנט...

— הערט איר, לייב, וואַקסט דאָס אַ פּייער! איך ווייס גאָרנישט, אין וועמען זי איז געראָטן...

— זי איז געראָטן אין איר צוקונפטיקן שוואָגער... נישקשה, זאָל זי הוליען... וואָס לאה האָט געמאַכט וויינענדיק, האָט רחל געמאַכט טאַנצנדיק —

פונעם באַרג דערטראָגט זיך אַ צעשאָטענער קלונג, און זיי לאָזן זיך לויפן כאַפּן דעם טראַמוויי.

# קאפיטל XX

דעם עלפטן יאנואר האט דער פראסט אין קיעוו דערגרייכט 32 גראד. א גאנצן טאג האט, ווי אן אנגעדונגענע געשיינט די זון און צו נאכט צו האט ערשט גענומען דער אמתער פראסט. די זון האט זיך געזעצט אין א ים בלוט, און אויך נאך דער שקיעה האט דער מערב לאנג געפלאמט — דאס האט פאראויסגעזאגט אויף מארגן נאך א שטארקערן פראסט. דורך דעם ראדיא האט מען אנגעזאגט די עלטערן, אז קיין קינדער ביז צוועלף יאר זאל מען צו מארגנס נישט לאזן גיין אין די שולן; די איינוווינער זאלן שטענדיק האבן אין רעזערוו וואסער אויף א טאג צייט און באזונ־דערס שטארק געווארנט מען זאל נישט פארשווענדן קיין איבעריקס די עלעקטרא־ענערגיע.

שלמה האט אפגעדאוונט מנחה־מעריב אין סאלאמינקער מנין און נישט דערוואַרטנדיק זיך אפילו ביז מען וועט ענדיקן דעם „שיעור", איז ער גלייך פון דארטן אראפגעפארן אין שטאט אריין. ער האט געהאט בדעה וואס גיכער פארטיק צו ווערן מיט איבערגעבן דעם גרוס, וואס ער האט פאר לייבן און זיך גלייך אומקערן אהיים. צוקומענדיק צו דער פא־ראדנע טיר פון די ווייסבלאטס איז פונקט א פרעמדער שכן ארויסגעגאנ־גען פונעם קארידאר און שלמה איז אריינגעגאנגען אין זייער וווינונג אן א קלונג.

אריבערטרעטנדיק די שוועל פון זייער זאל, איז שלמה אזש שטיין געבליבן פאר איבערראשונג. דער שטענדיק שטילער און שלאפנדיקער זאל איז איצט געווען געפאקט מיט מענטשן. וולאדימיר ווייסבלאט מיט זיין פרוי האבן אונטערטראגנדיק אלע מאל פרישע פארבייסעכצן, אומ־אויפהערלעך ארומגעטאנצט צווישן די געסט. זייערע פנימער האבן גע־לויכטן מיט גליק פון עלטערן, וואס האבן געראטענע קינדער. אויף צוויי שיינע דעמבענע שטולעכלעך זענען אויבנאן געזעסן זיינע קינדערלעך: א נייניעריק יינגעלע מיט א שיין קעפעלע שווארצע, געקרייזלטע האר, און א מלא־חנעוודיק צווייעריק מיידעלע. לעבן זיי זענען פון איין זייט גע־זעסן יאני, אסתר מיט אלע קינדער, און פון דער צווייטער זייט — לייב טולטשינסקי און אומבאקאנטע צוויי פארפאלקן. באזונדערס איז שלמה נבהל ונשתומם געווארן באמערקנדיק צווישן די געסט: מנשה כאדראוו, זיין פעטער מיכאל און משה פרידמאן. די וווינונג פון די ווייסבלאטס איז געווען איינע פון די בעסטע, וואס מען האט נאר געקענט געפינען אין קיעוו: א גרויסער זאל מיט א פינקלענדיקער פארקעטנע פאדלאגע; א הויכער סופיט, מיטן אויג נישט צו דערגרייכן. די ווענט פון אויבן ביז אראפ איינגעטונקען אין טראפישע וועלדער מיט בילדער פון געיעג, זייער קינסטלעריש געמאלן מיט אוילפארב. אין צענטער פונעם צימער, אויף א מאסיווער אפגעזילבערטער קייט, הענגט א פראכטפולער, קרישטאלענער

קאַנדעלאַבער. אַלע לאָמפּן וואָס אויף אים ברענען. יעדעס פּיצעלע, וואָס אויף אים, פאַרפּלייצט דעם זאַל מיט שפּיציקע, בליאַסקנדיקע נאָדלען. די פאַרב אויף די ווענט גלאַנצט, לעבט און טראָגט אַוועק דעם גאַסט פון קיעווער פּראָסטיקן דרויסן אין יענע לעגענדאַרע, פאַרצווייגטע וואַלד־מאַסיוון ביים סאַמע עקוואַטאָר. אַקוראַט אונטער דעם קאַנדעלאַבער שטייט אַ גרויסער, קיילעכדיקער טיש. דער טיש מיט די היפּשע טעלעכע צענדליק פּיס, זעט אויס ווי אַ ריזיקע, פאַר־מבולדיקע באַשעפעניש, וואָס פּויזעט אַרום אומגעשטערט איבער דער שטוב. די געדיכטע מחנה פאַ־לירטע פּיס זענען אַלע אויף מעשענע רעדלעך. דער טיש איז באַדעקט מיט אַ רויטן פּליושענעם טישטעך, וועלכער קוויקט דאָס אויג מיט די רייצנדיק־שיינע קרענצלעך געשטיקטע, גרינע זאַנגען אויף די ברעגן. אין צענטער פונעם טיש, אין דער סאַמע מיט פון טישטעך, איז ווידער אויס־געשטיקט אַ געל קווישל מיט פאַרשידן־קאָלירטע ווייַנטרויבן. פון דער ווייטנס איז שווער צו גלייבן, אַז אָט די ממש נאָך צאַפּלענדיקע ווייַנטרויבן זענען גאָר פּליושענע, נישט קיין אמתע. אויפן טיש איז אָנגעשטעלט פון כל טוב, אַלץ וואָס דאָס מויל קען נאָר אַרויסרעדן. אין עטלעכע ערטער אויף די ווענט, הענגען פּערסישע טעפּיכער ביז אַ מאַן די הייך, און פרעכ־טיקע אַנטיטשנע נאַטור־בילדער. אונטער דעם וואַנטשפּיגל שטייט אַ גע־שניצטע עטאַזשערקע מיט ביכער. רעכטס — אַ סאָפע געדעקט מיט געלן שאַוורע. נאָך ווייטער אַ ביסל — אַ פּרעכטיקע פּיאַנינע מיט אָפּגעגילדע־טע צוויי לייכטער. דער שוואַרצער פּאַליטור פון אָט דעם ערשט נישט לאַנג אָפּגעלאַקירטן אינסטרומענט און דער קרישטאָל פון דעם פריש־אויסגע־פּוצטן קאַנדילאַבער רייצן זיך איינס מיטן אַנדערן, קרימען זיך און פּעכ־טעווען איבערן גאַנצן צימער מיט זייערע ליכטשווערדן. נאָך אַ ביסל ווײַ־טער — אַ טיר אין שלאָפצימער אַריין. צווישן דער פּיאַנינע און דער טיר — אַ הענג־שאַפע פאַרהאַנגען מיט אַ באַבלימלטן, גרינעם פאַרהאַנג.

ווי נאָר שלמה האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל, זענען אַלע מיט אַ מאָל אַנטשוויגן געוואָרן. שלמה האָט גלייך באַמערקט ווי פּאָלי, דער־זעענדיק ווער עס איז אַריינגעקומען, איז אין איין אויגנבליק שרעקלעך בלאַס געוואָרן. איר דערשראָקענער בליק פרעגט ביי אים: וואָס באַטייט עס, וואָס ער האָט זי אַזש דאָ אויפגעזוכט? שלמה אַליין איז אויך, קענ־טיק, שטאַרק צערודערט פון אָט דער פּלוצלעכער באַגעגעניש. אַ ווײַלע שטייט ער ביי דער טיר ווי צעמישט און גלייכצייטיק פאַרדריסט אים אויף זיך אַליין פאַר זיין שוואַכקייט.

ממעמקי־הלב שרייט עמעצער צו אים:

— שלמה, וואָס טוט זיך עס מיט דיר? ביסט געקומען צו אַ יידן מיט אַ בשורה־טובה, וואָס שמעקט ממש מיט פּקוח־נפש, מיט פּדיון־שבויים און האָסט זיך דערשראָקן פאַר אַ מיידל, וואָס דאַרף זיך גיכער דערשרעקן פאַר דיר... ס'איז דאָך ממה־נפשך — שוטה, וואָס דו ביסט — איז זי דיין באַשערטע, וואָס זשע איז דאָס שרעקן זיך? אלא וואָס דען,

עס איז נאָר געווען אַ טרויעריקע איינרעדעניש און אין הימל איז מען נישט מסכים אויפן שידוך, איז דאָך אודאי און אודאי נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן פאַר איר... „כי אשר ראיתם את מצרים, לא תוסיפו לראותם עוד עד עולם"... ניין, ניין, אַז מען זאָל דיר, שלמה, קענען פאַרוואַרפן: ותגיע עדיך ותבהל,* דערויף האָב איך זיך נישט געריכט... בעבור זה לא אמרתי!...

ווי צערודערט שלמה איז נישט געוואָרן, דערזעענדיק אין וואָס פאַר אַ מסבה ער איז דאָ אַריינגעפאַלן, ווי איבערראַשט ער איז נישט געווען פון אָט דער אומגעריכטער באַגעגעניש מיט דער, וועלכע ער האָט נישט געוואָלט זען „אָן לשון", דאָך האָט אין זיינע מסתרים אויף איין אויגנ־בליק דורכגעבליצט אַ געדאַנק:

— גיי, זיי אַ מבין אויף דעם איבערשטנס דרכים! אין דעם זעלבן זאַל האָב איך מיט פיר יאָר צוריק, אַנקומענדיק קיין קיעוו, צום ערשטן מאָל דערזען פּאַלין, און ווי עס ווייזט אויס דער חשבון, איז מיר באַ־שערט זי דאָ צו באַגעגענען אויך צום לעצטן מאָל אין מיין לעבן... הדא הוא דכתיב: ממזרח שמש — עד מבואו...**

קעגנאיבער אים געפינט זיך דער וואַנטשפּיגל. שלמה זעט אין אים פּאַלין, ער זעט אין אים דעם גאַנצן, אַזוי טיף אין האַרצן איינגעקריצטן זאַל, און טראַכט אומעטיק:

— יאָ, דור הולך ודור בא, והארץ לעולם עומדת... איז דאָס נאָר אַ בלינדער צופאַל, צי אַ השגחה פּרטית?

שלמה האָט אַליין אויך פאַרשטאַנען, ווי נאַריש ס'איז זיין פּלוצלעכע פאַרלוירנקייט, אָבער די אברים האָבן גאָר נישט געוואָלט פאַרשטיין, זיי זענען געווען ווי געליימט. ענדלעך נעמט ער זיך אָן מיט מוט און דער־נעענטערט זיך מיט געמאָסטענע טריט צום טיש. ווייסבלאַט, לייב און יאַני גיבן זיך אַ וואָרף אים אַקעגן, און דריקן אים די הענט. מנשה, פרידמאַן און מיכאל גייען אויך צו. פאַרוואונדערטע קוקן זיי איינס אויפן צווייטן.

שלמה: וועלכער „נאָרד־אָסט" האָט אייך אהער פאַרטראָגן?

פרידמאַן: מנשהס אַ באַקאַנטער פון פּעטשערסק איז היינט, לא עלינו, געוואָרן אַן אבל, האָט ער מיך מיט מיכאַלן פאַרשלעפּט פון דער שול צו אים אהיים דאַווענען מעריב.

— גוט, אָבער אהער אין שטוב ווי קומט איר?

מנשה: איך האָב נאָך נישט געזען לייבן, פון זינט ער איז געקומען. זענען זיי שוין אַריינגעגאַנגען צוליב מיר... און דו ביסט אהער איינ־געלאַדן?

— איך האָב זיך אַליין איינגעלאַדן. איך דאַרף אויך האָבן צו לייבן.

וולאַדימיר: אַ שיין פּנים וואָלט עס געהאַט, ווען שלמה וואַרט גאָר

---

* ווען דו ביסט געשטעלט געוואָרן פאַר אַ נסיון, האָסטו זיך דערשראָקן.

** פון דעם זונען־אויפגאַנג ביזן פאַרגיין.

אויף איינלאַדונגען. שלמה, וואָס שטייט איר ווי אַ נעבעכטיקער? טוט זיך אויס, סאָניטשקע, נעם ביי אים צו דעם פּאַלטאָ.

שלמה: ניין, איך וועל זיך נישט אויסטון. איך בין נאָר צוגעפאָרן אויף אַהין און צוריק.

סאָניאַ: למשל... דאָס וועלן מיר נאָך זען... דאָס וואָלט געהייסן אַ פּאַטש אין פּנים פאַר דער וועלט אין די אויגן. נאָר דערווייל זייט באַקענט מיט די פּנים־חדשות... וולאַדימיר, שטעל זיי אים פאָר —

וולאַדימיר פירט צו שלמהן צום טיש, און ארויפלייגנדיק אים אַ האַנט אויפן אַקסל, שטעלט ער אים פריינטלעך פאָר פאַר די געסט:

— באַקענט זיך, חברים. דאָס איז דער באַוווסטער און באַליבטער שלמה פּיאַטיגאָרסקי.

שלמה גיט אויף אים שפּאַטיש אַ קוק:

— מער האָט איר שוין גאָרנישט געקענט צוטראַכטן?

— עס מאַכט נישט אויס, איך ווייס וואָס איך רעד.

פונעם טיש הייבט זיך אויף אַ ריזן־פּאַרשוין מיט בלאָנדע האָר, בלויע אויגן, שטיקלעך וואָנסן אונטער אַ היפּשער, פלײשיקער נאָז און מיט ברייטע, ווייסע, ווייכע הענט.

— זייער אָנגענעם. טולטשינסקי דאַוויד סאַלאָמאָנאָוויטש.

— רעדאַקטאָר פון דער געוועזענער: „סאָוויעטסקאַיאַ אוקראַינאַ" און היינטיקער: „אוקראַינסקאַיאַ פּראַוודאַ"?

— דער זעלבער.

עטלעכע סעקונדן זענען זייערע אויגן צוגעשמידט איינע צו די אַנדערע. ענדלעך גיט שלמה אַ חנעוודיקן שמייכל:

— זייער אָנגענעם צו מאַכן אַזאַ באַקאַנטשאַפט. אַ מענטשן, וואָס דערציילט דער וועלט דעם אמת, איז היינט טאַקע זעלטן צו באַגעגענען. הינטער די אויגן קען איך אייך שוין פון גאַנץ לאַנג...

אין איין אויגנבליק האָט שלמה באַוויזן צו באַמערקן ביים רעדאַקטאָר אויף דער ברוסט, חוץ אַן אָרדען פון „רויטן שטערן", אויך מעדאַלן פון: וואָראָשילאָוו־שיסער, אַן ערשטקלאַסיקער שווימער און אַ ספּאָרטסמען. און בכלל דער געשטעל פון דעם דאָזיקן נפש — אַן אמתער הימלקראַצער...

וולאַדימיר: און דאָס איז זיין פרוי, בעלאַ אַראָנאָוונאַ.

שלמה דריקט איר העפלעך די האַנט.

די רעדאַקטאָרשע איז אַ פרוי פון אַ יאָר פערציק. זייער אַ סימפּאַטישע, מיט קאַרע, גוטע אויגן, און מיט אַן אָנגענעמען שמייכל אויף די ליפּן.

וולאַדימיר: און דאָס איז דער וועלט־באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר, וועלכן קיעוו האָט טבע ארומצוטראָגן אויף די הענט, פּראָפעסאָר ביעלסקי סאַמואיל לאַזאַראָוויטש.

שלמה איז אָנגענעם איבערראַשט פון דעם דאָזיקן נאָמען. ער פאַר־

נייגט זיך נידעריק, האַלטנדיק די רעכטע האַנט אויף דער לינקער ברוסט, אויפן מזרחדיקן שטייגער און דריקט מיט דרך־ארץ די אויסגעשטרעקטע האַנט. ער קוקט מיט אַפּשיי אויף דעם מאַן פון מיטעלן וווקס, און פון מיטעלער פולבלעבקייט. זיין בנעימותדיקע, ברוסטיקע שטימע, זיין הויכער, אויף די ברעגן געקנייטשטער שטערן, זיינע טיפע, וואַרעמע אויגן דערציילן שלמהן פון זייער אַ געבילדעטן און זייער קולטורעלן מענטשן, פון אַ יושרדיקן כאַראַקטער און פון אַ מוזיקאַלישער נשמה. זייער באַטראַכטן זיך איינער דעם צווייטן דויערט אין גאַנצן אַ רגע כמימרא, נאָר שלמה פילט, אַז פון דער איצטיקער מינוט אָן האָט ער אין אים אַ פריינט. אָן אַ פאַרוואָס, אָן אַ פאַרווען, אַזוי פילט ער און שוין...

וולאַדימיר: און צו לעצט, דעם קאָמפּאָזיטאָרס פרוי צו וועלכער האַלב קיעוו איז נישט גלייכגילטיק, סעסיל פּעטראָוונאַ.

שלמה טרעפט אויף זיך אַ גליענדיקן בליק פון אַ פּאָר ברייט־צעעפנטע קאַרשן־אויגן. ער באַמערקט: ווייס־ראָזע באַקן, וועלכע במעלניקער ווייבער האָבן געהאַט אַ טבע אָנצורופן: „בלוט און מילך", אַ שיינער ווינקלדיקער שטערן, וועלכער האָט זיך חנעוודיק אריינגעשניטן אין אַ וואַלד זיידענע, שמעקנדיקע האָר, שמאָלע, דראָענדיקע ברעמען, אַ קינדעריש געטאָקט מיילעכל, אַ הויכער אַלבאַסטער־ווייסער האַלדז, וועלכער פאַרשווינדט אין אַ כמעט נישט דעקאָלטירטן גלאַט־פּליושענעם קלייד. דאָס עלעגאַנט אויפגענייטע קלייד איז אַ טונקל ברוינס, שמאָל אין דער טאַליע און ביז אַראָפּ אין ברייט־פאַלעדיקע כוואַליעס. די קאָמפּאָזיטאָרשע דאַרף זיין אַ פרוי אין די דרייסיקער, אָבער אין איר זאָרגעוודיק־צוגעקליבענעם טואַלעט קען מען זי אָננעמען פאַר אַ צוואַנציק־יעריקער סטודענטקע. ס'איז נישט מעגלעך נישט צו באַמערקן דעם צויבער פון איר שמייכל, די גראַציע, מיט וועלכער זי רעדט אַרויס יעדעס וואָרט. און וואָס עס פאַרכאַפּט דאָס אויג מער פון אַלץ — איז איר זייער שיינע, שלאַנקע פיגור.

שלמה גיט לייכט אַ שאָקל איר געכאַליעטע הענטל און זאָגט טרוקן:

— זייער אָנגענעם צו זיין באַקאַנט.

אין האַרצן טראַכט ער וועגן איר נאָר פאָלגנדיקס:

— אַזאַ זעלטענע שיינהייט און איז אודאי יינגער פון איר מאַן אויף אַ יאָר צען־פופצן... גרויסע טאַלאַנטן דערלויבן זיך שטענדיק אָט דעם לוקסוס.

סאָניאַ: נו, אויף וואָס נאָך וואַרט איר? די איבעריקע זענען דאָך אַלע היימישע מענטשן. אָן עק, טוט זיך שוין אויס.

שלמה דערלאַנגט שוויַגנדיק די האַנט אַלע איבעריקע געסט. און מיט אַ מאָל דערמאָנט ער זיך אין עפּעס און גיט זיך אַ כאַפּ:

— יאָ, איך האָב שיִר נישט פאַרגעסן, נאָך וואָס איך בין געקומען.

וולאַדימיר: איר פאַרענטפערט זיך דאַכט זיך? ווי שעמט איר זיך נישט?

שלמה הערט נישט איין וולאדימירס פארווורף און ווענדעט זיך צו ליבן:

— איר קענט מיט מיר ארייגגיין אין א צווייטן צימער אריין?

וולאדימיר: איר קענט דא רעדן פריי און אפן. דא זיצן בלויז פריינד.

יאני: יא, יא, שלמה, דו דארפסט גארנישט איבערקלערן. יעדער איינער פון די אנוועזנדיקע איז באגלייבט פונקט ווי איך אליין. און חוץ דעם האבן מיר דא פריער א ביסל גערעדט וועגן זיינע גליקן און אלע מסובים זענען в курсе его дела.*

שלמה גיט גלייכגילטיק א קוועטש מיט די אקסלען:

— מילא, אז אייך איז ליב, איז מיר ניחא.

און ווענדנדיק זיך צו לייבן מיט א פריינדלעך שמייכעלע:

— איז אט וואס, מיסטער, קיין „פאפירל" פון אן ארטעל האב איך נאך פאר אייך לעת־עתה נישט געקריגן —

לייבס פנים ווערט פינצטער ווי די נאכט. די אויגן לעשן זיך מאמענטאל אויס. אין צימער איז שטיקנדיק שטיל. שלמה זעצט פאר לאנגזאם:

— ...איז קיין „פאפירל", ווי איך האב אייך שוין געזאגט, האט זיך מיר נישט איינגעגעבן פאר אייך צו קריגן, נאר איר דארפט עס אויף זיבן און זיבעציק כפרות. עס וועט אם ירצה השם אזוי אויך זיין גוט.

לייב, מיט ביטערן יאוש אין קול:

— מען נעמט אבער נישט. איך האב שוין געפרווט אומעטום, ווו ערגעץ א מייזנלאך —

— הערט בעסער אויס ביזן סוף, דאן וועט איר פארשפארן צו קריכן אהין, ווו מען דארף נישט. מארגן, פינקטלעך האלב עלף אין דער פרי, — ווייל ביז דאמאלסט דויערן די ראפארטן — דארפט איר זיין אין דער אנפירונג פון דער שטאט־מיליץ. דארט דארפט איר אויפזוכן די פינפטע פאראדנע, צווייטער שטאק, זיבעטער קאבינעט, און איר גייט אריין צום נאטשאלניק פון דער שטאט־מיליץ: פאלקאווניק לעוויטין סעמיאן ניקאלאיעוויטש. איר לייגט אוועק פאר אים אייערע צוויי פאטאגראפיעס, וועלכע איר מוזט אייך שאפן ביז האלב עלף, און איר זאגט אים שטיל: „סאלאמינקע, דעם זעכצנטן יאנואר". מער גארנישט. ער וועט שוין מיט אייך ארייננגיין אין דער פאספארט־אפטיילונג און מען וועט אייך אויפן ארט אויסשרייבן א פאספארט אויף פינף יאר. אט דאס איז אלץ.

א דויערנדיקע פויזע. עס איז נאך אלץ שטיל. אין צימער קלינגט נאך דער עכא פון שלמהס מאנאטאנע רייד. די ערשטע קומט צו זיך אסתר. זי גיט פריילעך א געשריי:

— ליאווא, א גרוס דיר פון אונדזער שמואליקן! כ'זאל אזוי האבן אל דאס גוטס, ס'איז אן ענלעך שטיקל ארבעט...

* באקאנט מיטן גאנג פון זיין עניין.

לייב לויפט צו, כאַפּט אָן שלמהן ביי ביידע הענט:

— שלמה, אַ פּאַספּאָרט אויף פינף יאָר? דו לאַכסט נישט?

— אַלע זעען דאַכט זיך, אַז איך לאַך נישט.

לייב קאָכט זיך וואָס ווייטער אַלץ מערער:

— ווער איך מיט אַ מאָל אַ גלייכבארעכטיקטער „סיעוויליאַנין״? ווי קען דאָס זיין? דאָס איז דאָך נישט מעגלעך אין דער וועלט!...

— אפשר אין דער וועלט איז דאָס נישט מעגלעך. פאַר מיר אָבער, ווי איר זעט, איז דאָס יאָ מעגלעך...

— גאָט מיינער! דאָס וואָלט דאָך געווען אַזאַ גליק, אַזאַ גליק... יאָ, נאָר אַליין האָב איך מורא צו גיין! אַ פּאָלקאָווניק, ווער ווייסט אים? אפשר גיט ער מיך מיט אַ מאָל אַ כאַפּ אונטער: און פון וואַנען קומסטו עס אָן, יונגערמאַן? ווו האָסטו געאַרבעט די לעצטע צייט? ניין, ניין, אַליין גיי איך נישט. עס זאָלן אפילו קומען כל מלכי מזרח ומערב, בשום אופן ואופן נישט! ער וועט גאָר פאַרשפּאַרן צו פרעגן, ער וועט אויף מיין פּנים אַלץ איבערלייענען.

שלמה וואַרט רואיק. ער שטייט מיט אַ קאַלטן שמייכל אויף די ליפּן, שלאָגט אים נישט איבער. ווען יענער ענדיקט, ענטפערט ער אים העפלעך, נאָר מיט געציילטע ווערטער:

— איר וועט יאָ גיין אַליין. קיין גבאים דאַרפט איר נישט, קיין שמשים אויך נישט, און קיין מורא דאַרפט איר אויך נישט האָבן. איך וואָלט אייך נישט געשיקט „לפנים מן הקלעים״,* ווען איך זאָל נישט זיין זיכער, אַז אַלץ איז אָפּגעבעט על צד היותר טוב. ווי אַזוי זאָגט מען? זכה, מלאכתו נעשית על ידי אחרים. איר קענט זיין זיכער, אַז לעוויטין וועט אייך קיין זאַך נישט פרעגן, ווייל אַלץ, וואָס ער דאַרף וויסן, האָב איך אים שוין אַליין דערציילט. גלייבט מיר, איר דאַרפט נישט קיין אונ־טערפירערס, איר נעמט בעסער אַ בליישטיפט און פאַרשרייבט ביי זיך ווי אַזוי צו טרעפן אַהין.

לייב נעמט געהאָרכזאַם ביי וואָלאָדימירן אַ נאָטיצביכל מיט אַ בליי־שטיפט און הייבט אָן שרייבן, איבערחזרנדיק אויפן קול:

— צווייטע פּאַראַדנע, פינפטער שטאָק —

— פּונקט קאַפּויער! פינפטע פּאַראַדנע, צווייטער שטאָק. און דאָרט שוין זיבעטער קאַבינעט. פאַרגעסט נישט מיטנעמען צוויי פאָטאָגראַפיעס, אַזעלכע ווי מען מאַכט צו דאָקומענטן: דאָס לינקע ווינקל ווייס. נו, און דעם פּאַראָל געדענקט איר?

— דאַכט זיך: „סאָלאָמינקע, דעם זעכצנטן יאַנואַר״. נישט אַזוי?

— יאָ אַזוי. דאָס האָט איר גראָד ריכטיק פאַרגעדענקט.

— עפּעס אַ מאָדנער פּאַראָל! סאָלאָמינקע גאָר, און וואָס עפּעס

---

* דאָ געמיינט: „אין די הויכע פענצטער״.

דווקא דעם זעכצנטן יאנואר? דו שיקסט מיך דאָך צו אים דעם צוועלפטן יאנואר...

— כ׳וויים? א קשיא אויף א מעשה! יעדע זאַך מוז דען זיין מיט אַן איבערקעפּל? מאָלע וואָס ביי א מענטשן כאַפּט זיך א מאָל ארויס א וואָרט. איך האָב פּונקט דאַמאָלסט, ביי אים אין קאַבינעט, געטראַכט פון סאָלאָמינקע, און פון דעם זעכצנטן יאנואר, האָב איך אים די ווערטער אָנגערופן.

מיט א מאָל פארשווינדט דאָס גליק פון לייבס געזיכט. פון די אויגן רוקט זיך אָן אויף דעם א פינצטערניש ווי א מאַסקע, און הילט איין דאָס גאַנצע פנים. ער לאָזט נידעריק אראָפּ די אויגן און ברעכט זיך שטיל די פינגער. שלמה באַמערקט גלייך די פּלוצלעכע ענדערונג און פרעגט פאַר־וווּנדערט:

— נו, לייב, וואָס איז שוין ווידער? עפּעס א נייעס?

לייב הייבט אויף די אויגן. דאָס פנים איז ביי אים ווי מיט אש אָנ־געפּודערט. ער זעט איצט אוים אזא נעבעכדיקער, אז עס איז אוממעגלעך אין אים צו דערקענען דעם פריערדיקן לייב. א שולדיקער גיט ער א נויט־שמייכעלע און זאָגט אזוי שטיל, אז קוים וואָס מען כאַפּט אויף זיינע רייד:

— איך האָב מיך פאַר איבעררראַשונג אין גאַנצן פארגעסן, זיך א ביסל צו פרי געפרייט. וויפל זשע דאַרף איך צוגרייטן, שלמה? כאָטש אייגנטלעך, וואָס האָב איך נאָך צו פרעגן? ווי פלעגט מיין טאַטע עליו־השלום זאָגן: „אפילו אם אהיה הלילה לאיש"... און ווען איך זאָל זיך אפילו פארקויפן, פאַר אַן עבד־כנעני אויף אָט די אַלע פינף יאָר, וועט מיר דען קלעקן צו באַצאָלן פאַר אָט דעם שטיקל ארבעט? נו, מילא זאָג שוין, זאָג, וויפל ממתקים דאַרף איך מיט זיך מיטנעמען?

— אויף טראַמוויי אהין און צוריק. מער גאָרנישט.

— עס הייבט זיך אָן מיט דיר, שטענדיק איז ביי דיר גלייך. איך פרעג ערנסט און דו —

— און איך ענטפער ערנסט.

— וואָס זשע הייסט „גאָרנישט"? איך פארשטיי נישט...

— ווער הייסט אייך דען פארשטיין? גאָרנישט הייסט גאָרנישט. אַלץ איז שוין מסולק למפרע. ווען איך זאָל גאָר שטאַרק געוועז וועלן, וואָלט איך געוועזן געקענט אייך ברענגען דעם פּאַספּאָרט אהיים א פארטיקן, נאָר ערשטנס איז גלייכער, אז דער אייגנטימער אַליין זאָל זיך אונטערשרייבן אויפן פּאַספּאָרט און אין קאָנטראָלנעם בוך. אז מען קען אָפּטון א זאַך זי זאָל זיין גלאַט־כשר, פאַר וואָס זאָל מען זי באַוווסטזיניק מאַכן מיט א סירכא? ס׳איז דאָך עפּעס א בנין אויף ימים ושנים. און צווייטנס וויל דער אדון־הגדול פון דעסט וועגן אַליין זען, צי איז טאַקע דער מענטש ענלעך צו זיין פאָטאָגראַפיע, ווייל ביי פּאַספּאָרטן בנודע, פאַלן מענטשן אויף פארשידענע אויפטוען. ווען נישט אָט די צוויי מניעות, וואָלט איר אים שוין איצט געהאַלטן אין די הענט.

ליב, א בלייבער ווי די וואַנט, גיט זיך א ריס פונעם אָרט:

— ניין, דאָס נישט! בשום אופן נישט! אזא שטיקל ארבעט מוז קאָסטן מי יודע וויפל... זאָל גאָר איין מענטש נעמען אויף זיך די גאַנצע לאַסט... ניין, פאַר קיין פאַל נישט...

— ליב! איך פרעג ביי אייך דערויף נישט קיין דעות. אז איר פלעגט א מאָל פאַר עמעצן עפּעס טון, האָט איר אויך ביי קיינעם נישט גענומען קיין צושטייער... און מער, בעט איך אייך, זאָל איך קיין איין וואָרט נישט הערן וועגן דעם...

ביי ליבן פונעם האַלדז רייסט זיך ארויס א כליפּע מיט א קוויטשיקל און ער אַנטלויפט צום פענצטער.

# קאפיטל XXI

אלע אַנוועזנדיקע זענען גערירט פון דער סצענע, וואָס האָט זיך דאָ ערשט אָפּגעשפּילט פאַר זייערע אויגן. אייניקע פון זיי האַלטן די אויגן אונטערן טיש. אַנדערע קוקן אויף שלמהן מיט פאַרגעטערנדיקע בליקן. לייב שטייט נאָך אַלץ ביים פענצטער, דעם הייסן שטערן אָנגעשפּאַרט אין דער קאַלטער שויב, און עס הערט זיך אין זאַל זיין פאַרשטיקטער געוויין. שלמה גייט צו צו אים, לייגט אַרויף די הענט אויף זיינע אַקסלען און זאָגט אים מיט אַ חוזקדיק געלעכטערל:

— נו, לייב, איך פרעג אייך נישט מער: איר זענט אַ דערוואַקסע־נער מענטש און אַ קלוגער, דאַכט זיך. די וועלט האַלט אייך פאַר אַן אַנט־וויקלטן יונגנמאַן און פאַר אַ קאָמערסאַנט... און ערשט פון אַלע מעשות האָט איר זיך צעלאָזט ווי אַ יידענע צו „לעורך דין". אַן עק זאָל נעמען, הערט שוין אויף. עס איז דאָך חוץ אַלעמען גאָר אַ בזיון פאַר פרעמדע מענטשן. מילא, מיר זענען היימישע, וועלן מיר כאָטש קיינעם נישט דער־ציילן, אָבער די ביעלסקים, פרידמאַן... אַן עק זאָל נעמען! דער עיקר, פאַרשטייט איך, האָט איר דאָך מורא, טאָמער טו איך אייך אַ טובה? איאָ אַזוי? טאָ זייט וויסן, אַז איך האָב אויך דערפון אַ שטיקל טובת־הנאה. אַזוי איז שוין גוט?

שלמה פירט אים צו צום טיש, זעצט אים מיט גוואַלד אַנידער, און אַליין בלייבט ער שטיין לעבן אים.

לייב, דורך טרערן:

— דו — אַ טובת־הנאה? וואָס קענסט דו האָבן דערפון, חוץ אַ גרויסע מצוה און... משלם זיין אַ היפּשן „בעבור שנדר"?

— אַזוי ווייסט איר? וועל איך אייך באַלד ווייזן, אַז איר ווייסט נישט מער פון אַ טויטן. עס איז אַ סברא, אַז איך האָב מיט דעם שטיקל אַרבעט אַ טובה געטון נאָך איין גוטן ברודער. נעכטן האָב איך מיך גראָד באַגעגנט אין גאַס מיט מיינעם אַן אַלטן ידיד. ער איז היינט: דירעקטאָר פון דעם צווייטן ברויטזאַוואָד. צערעדן מיר זיך וועגן דעם, וועגן יענעם, אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, הכלל: „ער דאַרף פּונקט האָבן אַ פאַרוואַלטער פון דער גאַנצער ווירטשאַפט פונעם זאַוואָד. דער וואָס וועט אָנקומען אויף דער דאָזיקער אַרבעט, וועט אים זיין גוט ווי דער וועלט. הכנסה וועט זיין פון אַלע זייטן. אין געלט וועט ער זיך באָדן, נאָר דער מענטש דאַרף זיין אַ פּעאיקער, אַ בעל־נאמנות און אַ גרויסער בעל־סוד". מיט איין וואָרט, ווי אָנגעמאָסטן פאַר אייך! ווי איך האָב אויסגערעדט, אַז אין עטלעכע טעג אַרום גיב איך אים אַ מענטשן, פאַר וועלכן איך בין אים ערוב אויף אַלע הונדערט פּראָצענט, האָט ער מיט מיר ממש נישט גע־ווּסט וואָס צו טון פאַר פרייד. עיקר הדבר: מאָרגן, דריי אַ זייגער נאָך מיטאָג, וואַרט איך אויף אייך אין סקווער, וואָס ביים צווייטן ברויט־זאַוואָד, אויף שעווטשענקאָ־גאַס 46. דאָרט וועל איך אייך באַקענען מיט אייער נייעם שעף. ער וועט פאַר אונדז אין די אויגן אָנשרייבן אַ באַפעל

אין דער „קאדרען־אפטיילונג" וועגן פארטיק מאכן אלע פארמאליטעטן, כדי אז איר זאלט נאך קענען דעם פופצנטן ארויסגיין צו דער ארבעט. איצט זעט איר שוין? אט האב איך מיט אייער פאספארט באווארנט נאך א גוטן־ברודער מיט אן אויסגעצייכנטן ווירטשאפטלער.

לייב שפרינגט אויף פון זיין בענקל:

— גאט מיינער, וואס איז דאס פאר א מענטש, אט דער שלמה? האב איך שוין, הייסט עס, א פאסטן אויך?

שלמה פארריכט אים:

— נישט סתם א פאסטן, נאר א שמאלצגרוב! א געשעפט, וואס אין פאל פון אן אומגעריכטער רעוויזיע קען מען ארויפווארפן די שולד אויף מייז, אויף טריקעניש און אויף פוילעניש... איך האף, אז קיין גרויסע לעקציע אויף דעם געביט דארף איך אייך נישט געבן. צי אפשר זענט איר נאך מיד? זאגט דעם אמת, שעמט זיך נישט, אפשר ווילט איר זיך נאך א ביסל אויסרוען? אויב יא, קען איך ביי אים פועלן, אז ער זאל אויפהאלטן דעם פאסטן פאר אייערט וועגן נאך א צוויי וואכן. פאר מיר וועט ער אלץ טון.

לייב שמייכלט שוין מיטן גאנצן פנים:

— אודאי בין איך מיד, דו פרעגסט נאך?

— צי אפשר האט איר פעסט באשלאסן צו גיין ארבעטן נאר פאר א קברות־ייד, אדער פאר א טרעגער אין „אנאטאמקע", דאן וועט אייך קיינער חלילה נישט צווינגען —

לייב קען מער נישט אויסהאלטן פון זיינע תמעוואטע פראגן, ער גיט זיך א ווארף צו שלמהן און באשיט זיין פנים מיט קלינגענדיקע קושן. דאן טרעט ער אפ אויף א שפאן און באטראכט אים מיט פארליבטע אויגן. ס'איז קענטיק, אז ער וויל עפעס זאגן, נאר ער קען בשום אופן נישט גע־פינען דאס פאסיקע ווארט. נאכדענקענדיק א ביסל זאגט ער מיט א פילא־זאפישן אויסדרוק אויפן פנים:

— איך קוק אויף דיר, שלמה, און שטוין: שוין זשע ביסטו — דו? ווי לאנג ערשט ביסטו געווען א קליין, שיין יינגעלע מיט א שטענדיק גרייט, שעמעוודיק שמייכעלע אויף די ליפן, און איצט —

סעסיל פעטראוונא הייבט אונטער אירע שארפע ברעמען און אירע אויגן געבן פארוואונדערט א פינקל:

— וואס „און איצט"? דאמאלסט א קליין — און איצט — א גרויס שיין יינגל, נישט שעמעוודיק און נישט קיין שמייכל —

צום צווייטן מאל פאר היינטיקן אוונט באגעגנט זיך שלמה מיט אירע אויגן, און אויף איין אויגנבליק קוקן זיי אריין איינער דעם צווייטן אין די נשמות. איר בליק איז א פייערדיקער, ער דועלירט אויף לעבן אדער אויף טויט. שלמה באוואונדערט פון דאס ניי דעם אויסערגעוויינלעכן פראכט פון אט דער יונגער פרוי. ער פילט מיט זיין גאנצן וועזן, אז ער געפעלט איר, און לייקנט כלל נישט פאר זיך, אז זי קען אויך נישט נישט

געפעלן ווערן. ער פילט, אז דעם גאנצן אויפדערנאכט לאזט פאלי פון אים קיין אויג נישט אראפ, ער אבער האט נאך אויף איר קיין איין קוק נישט געטון. ער זעט גוט, ווי עס קרענקט דעם פאטער אירן זיין נישט באמערקן זי; ווי זיינע דריי חברים קוקן זיך פארוווּנדערטע איבער, נישט פארשטייענדיק, וואס עס באטייט אזא קאלטע באציאונג צווישן שלמהן און פאלין. ער אבער טוט ווייטער דאס זייניקע. וואס קען ער העלפן? ווען זי וואלט נאך צוגעגאנגען און אים געזאגט א יישר־כוח פאר זיין העלפן איר קוזין, אדער גאר, אז זי האט זיך ענדלעך באשלאסן. א! דאן איז עפעס אנדערש. דאן בייט זיך אלץ. אבער אזוי, וואס האט ער אויף איר צו קוקן? איי, וואס זי קוקט? זאל זי קוקן געזונטערהייט!

די ווייסבלאטס גייען ביידע צו צו שלמהן, שטייען־צו צו אים, קליאנ־טשען ממש, אז ער זאל זיך אויסטון און זיצן א ביסל. אלע געסט האלטן זיי אונטער, נאר שלמה, אן אנטשלאסענער, פארשפיליעט זיך אויף אלע קנעפ און הייבט זיך אן געזעגענען.

סאניא: סאלאמאן אראנאוויטש, מאכט זיך נישט נאריש און שפארט זיך נישט איין. פאלגט מיך, טוט זיך אויס און ווערט א היימישער. טא־מער גייט איר אצינד אוועק, גיב איך אייך מיין הייליק ווארט, אז מער רעד איך מיט אייך קיין מאל נישט. אט הערט אייער מנשה און מיכאל. פארגעדענקט מיינע רייד, חברים, איר זענט עדות —

שלמה: סאפיא גריגאריעווגא, פאר וואס קענט איר נישט פארשטיין, אז גראד אצינד בין איך עפעס נישט געשטימט צו בלייבן פארברענגען אין א געזעלשאפט. ווען איך פאלג אייך און בלייב איבער, וואלט איך אייך, גלייבט מיר, נאר קאליע געמאכט אייער שמחה. נו, צו וואס נוצט דאס אייך? זאגט אליין —

וולאדימיר, א דערפרייטער:

— גוט, גוט, מאכט אונדז קאליע, נאר אבי בלייבט איבער.

שלמה, א נידערגעשלאגענער, גיט אפ זיין פאלטא סאניען, זעצט זיך צו אויף א בענקל ביים עק טיש און באגראבט די אויגן אין א פריי־שער אוונט־צייטונג. מנשה, פרידמאן און מיכאל באטראכטן אים מיט מיטפילנדיקע בליקן, עפעס טוט זיי ווי דאס הארץ אויף אים, כאטש זיי וויסן נישט, מיט וואס איז אים היינט ערגער ווי אלע מאל.

יאני: שלמה, ס׳איז עפעס היינט דא אין צייטונג וויכטיקע נייעס?

— הא, וואס? נייעס? נ־נ־ניין! קיינע נייעס —

— נו, און אויף סאלאמינקע וואס הערט זיך עפעס? כ׳בין שוין דארט לאנג נישט געוועז.

— אויף סאלאמינקע? א פראסט ווי אין דער גאנצער שטאט, מער גארנישט.

— פון זוועניגאראדקע, פון כמעלניק באקומט איר נאך א מאל בריוו?

— פרעגט מיך גרינגערס... אונטערהאלטן די פארבינדונגען מיט דער פראווינץ, דאס איז פונעם אנהויב אן דעם טאטנס חזקה, איך טשע־פע זי ביי אים נישט.

— די פֿרוי פֿייגנבוים איז שוין געזונט?

שלמה, נישט אויפֿהייבנדיק דעם קאָפּ פֿון דער צייטונג:

— ניין, דערווײַל איז גאָרנישט נישט בעסער.

יאַני, פֿילנדיק, אַז אָט־אָט רייסט זיך דאָס שוואַכע פֿעדעמל איבער, קלאַמערט זיך אינעם שמועס ווי אַ טרינקענדיקער:

— זי גייט נאָך אַלץ נישט אַראָפּ?

— ניין, זי גייט נישט אַראָפּ.

— איז וואָס וועט טאַקע זיין דער תכלית?

— התחת אלקים אנכי?

— נו, און דער אַלטער אַליין פֿילט זיך נישקשה?

— נישקשה.

יאַני איז ממש געקראָכן פֿון דער הויט. ער האָט וויפֿל מאָל געפּרוווט צו צעטרייבן דעם פּלוצלעכן אומעט ביים טיש און זיך יעדעס מאָל דער־וואָרגן אין מיטן דעם וואָרט. שלמה האָט ווי אַן אָנגעדונגענער אַלץ גע־קוקט אין דער צייטונג. ביים טיש איז געוועזן צו באַמערקן אַן אַלגעמיין לאַנג־דויערנדיק איבערקוקן זיך.

מיכאל זיצט צווישן אוראַמען מיט מנשהן. די פּלוצלעכע שטילקייט, וואָס איז באַפֿאַלן די געסט נאָך שלמהס איבערבלייבן וואַרגט אים ממש. מיט אַ פֿאַרשטיקט קול רופֿט ער זיך אָן צו זיינע שכנים:

— לויט ווי איך זע, קלייבט זיך טאַקע שלמה צו האַלטן וואָרט — מנשה: וואָס פֿאַר אַ וואָרט?

— נו, כ'מיין מכח קאַליע מאַכן...

— מהם... נו, מסתמא קען ער אַנדערש נישט... ער ווערט נעבעך פֿאַרשוואַרצט אין עושר און אין כבוד. דו מיינסט, אַז פֿון תענוגים איז ער אַזוי? גיב אַ קוק אויף אים — חשך משחור תארו...

פֿרידמאַן, וואָס זיצט פֿון מנשהס צווייטער זייט, פֿרעגט אַ ביסעלע צו הויך:

— מנשה, וואָס טוט זיך עס מיטן חתן־דנן? פניו אינם כתמול שלשום...

מנשה בייגט זיך אָן צו פֿרידמאַנען און רוימט אים איין אויפֿן סאַ־מע אויער:

— משה, טאָמער וועט איר מיר עפּעס וועלן זאָגן „אַזוינס", איז נאָר ברמיזה דקה מן הדקה, ווייל די היגע „ערלים" כביכול, זענען מבין כל דיבור.

— גוט, גוט. די לחכימא ברמיזא, הייסט עס... נו, נו... אָבער וואָס קען טאַקע זיין, וואָס ער זיצט כאבל בין חתנים? און פֿאָלי דעסט גלייכן...

— איך ווייס גלייך מיט אייך... אַקוראַט...

— און זיי קוקן נישט איינס אויפֿן אַנדערן...

— וואָס זשע ווילט איר, זאָל איך זיך דאָס לעבן נעמען? זיי קוקן נישט, דאַרף מען נישט!

מיט א מאָל האָט שלמה עטלעכע מאָל א רייב געטון דעם שטערן אהין און צוריק, ווי איינער ווישט אָפּ א פאַרנעפּלטע שויב. דאָס וואָרט „נעבעך", וואָס זיין אויער האָט אויפגעכאַפּט, האָט אים א שניט געטון דאָס האַרץ ווי מיט א טעמפּן מעסער. אין האַרצן גיט אים א ברי א פונק פון האָפענונג:

— וואָס האָב איך אַראָפּגעלאָזט די נאָז? פאַלי איז דאָך אויך דאָ פאַראַן. מד' מצעדי גבר כוננו... פון וואַנען ווייס איך, ווו דאָס אייז פון מיין באַשערטערס האַרץ דאַרף צעגיין? אפשר איז מיר גאָר אָנגעצייכנט געוואָרן, אַז דווקא צווישן די דאָזיקע פיר ווענט דאַרף נעמען אַן עק צו מיינע לײדן? היד ד' תקצר?

ער ווערט מיט א מאָל פאַרענדערט, נישט צו דערקענען. פון זיין גע־זיכט פאַרשווינדט אפילו א מינדסטער שפּור פון אומעט און מעלאַנכאָליע, און מיט א פרייליך שמייכעלע פרעגט ער ביי דער בעל־הביתטע:

— סאָניאַ, לאָמיך כאָטש וויסן, פסח זה שאנו אוכלים, על שום מה? לכבוד וואָס איז ביי אייך היינט אָט דער דאָזיקער אימפּאָזאַנטער צו־זאַמענפאָר?

— זדראַוווסטוווויטיע פּאַזשאַלויסטאַ! ער האָט זיך קוים אַ מאָל דער־מאָנט צו פרעגן... עס איז דאָך היינט מיין פאַניטשקעס אימענינעס! צוויי יאָר ווערט זי, ביז הונדערט און צוואַנציק —

— אַך, אַזוי גאָר? מזל־טוב אייך! איר מיט וולאַדימירן זאָלט האָבן אין איר פיל נחת. יאָ, אָבער איך האָב נאָך אַלץ נישט צעקייעט דעם ענין ווי עס דאַרף צו זיין. גלייך ווי מען צינדט אָן לאָמפּן פראַוועט מען אימענינעס?

— ווען דען וואָלט איר געוואָלט? נאָך חצות?

— אויב נישט „נאָך", איז כאָטש פאַר חצות.

— א שיינעם דאַנק דער באָבען אייערער. די קליינע מוז דאָך אויך זיצן ביים טיש גלייך מיט יעדן, צי ניין? זי איז דאָך די גלאַוונע מחותנת־טע. און זי ליגט זיך ביי מיר שלאָפן גלייך מיט די הינער —

— גוט, אָבער ווי אַזוי באַפרייען זיך דאָס מענטשן פון דער אַרבעט „אין מיטן העלן טאָג"?

— איך האָב זיי ווענגן דעם שוין פאַרזשוזשעט די אויערן נאָך מיט א חודש פריער, האָבן זיי זיך שוין געמוזט צופּאַסן.

— מילא בקיצור, זאָל זי אייך וואַקסן אָן יסורים...

— א דאַנק, א דאַנק. איך בין אַזוי גליקלעך, וואָס איר זענט אויך דאָ, אַז איך קען אייך גאָרנישט אויסמאָלן... וולאַדימיר האָט געוואָלט צופאָרן אייך רופן. האָט אים יאַני דערפון אָפּגערעדט. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס רוב טרעפט מען אייך נישט אין דער היים, און אויב יאָ, זענט איר מן הסתם פאַרנומען. עס איז דאָך אָבער פּאָרט באַשערט געווען, אַז מיר זאָלן האָבן אַזא גאַסט, זענט איר אַליין געקומען.

— א גדולה אויף אייער באָבען!

— אודאי א גדולה... אן עק! רוקט זיך שוין צו צום טיש. וואָס זיצט איר עפּעס ווי אַ נעכטיקער? פאַרזוכט אָט די מאַרינירטע קאַרפּן, דאָס איז היימישע ארבעט, אַליין געמאַכט. און אָט דער שטרודל, אויך אַליין געבאַקן. נעמט, פאַרזוכט פון אַלץ וואָס אויפן טיש, לאָזט זיך נישט בעטן.

לייב: יאָ, יאָ, שלמה, מעגסט עסן. זי איז אַליין דער שר־האופים און אַליין דער שר־המשקים. איך בין אַן עדות. דו מוזסט נאָך געדענקען פון אַמאָל, אַז איך בין נישט קיין עד־שקר.

שלמה: סאָניא, עס איז ביי מיר אודאי שטאַרק אָנגעלייגט, וואָס אַלץ איז ביי אייך אַליין געמאַכט... עס זעט טאַקע אויס זייער שיין און עס שמעקט גוט, אָבער עסן — ווייסט איר דאָך מסתמא — אַז איך עס נישט אין ערגעץ...

סאָניא גיט פאַרצווייפלט אַ פּאַטש מיט די הענט:

— וואָס, איר אויך נישט? עס איז דאָך אַלץ כשר. ריין, שיין, פיין.

— עס איז ביי מיר אפילו קיין ספק נישט, אַז אַלץ וואָס שטייט דאָ אויפן טיש, איז בריהש צוגעגרייט און איז בלתי־ספק זייער געשמאַק אויפן טעם, אָבער איר ווייסט דאָך שוין מיין קרענק נישט פון היינט. עס איז זיכער אַ נאַרישקייט פון מיר, נאָר וואָס קען איך העלפן? שוין אַזוי פיל יאָרן אָפּגעלעבט אַ נאַר, זאָל שוין זיין אַזוי ביז אַראָפּ... און חוץ אַלעמען בין איך כלל נישט הונגעריק!

מנשה: מילא, זיי שוין טועם וואָס עס איז, רווחא לבסומי שכיחא...*

סעסיל פּעטראָוונאַ, פאַרחידושט ביז גאָר:

— וואָס, איר זענט באמת פון די פרומאַקעס?

שלמה, תמימותדיק ביז גאָר:

— באמת פון די פרומאַקעס.

— מיט אַלע פּישטשעווקעס?

— מיט אַלע פּישטשעווקעס.

— אַ קאַפּאָטע, הושענות, המן־טאַשן, אַ פּאַריק, כפּרות, מיט די אַלע שאר ירקות? הבדלה, תשליך, אַ פּורים־קוילעטש מיט דעם גאַנצן קלאַפּערגעצייג?

— אָ! איך זע, אַז איר זענט, גאָט צו דאַנקען אַ גאַנצע למדנית... קיין בייז אויג זאָל אייך נישט שאַטן... דאָס איז פאַר מיר שיר נישט אַ סענסאַציע. יאָ, חברטע ביעלסקאַיאַ, מיט דעם אַלעמען, וואָס איר האָט דאָ ערשט אויסגערעכנט. וואָס זשע וווּנדערט איר אייך אַזוי?

— מיין קאָפּ קען דאָס נישט באַנעמען. און אַזוי אויך אייערע ברידער?

— און אַזוי אויך מיינע ברידער!

— און אַזוי אויך די שוועסטער?

— זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַזוי אויך די שוועסטער.

---

* פאַר אַ גוטן ביסן זוכט זיך אָפּ אַן אָרט. אַ גמרא־ווערטל.

— און עס זענען נאָך דאָ אין קיעוו פיל אַזעלכע יונגעלייט?
— כן ירבו! עס זענען דאָ אין קיעוו פיל אַזעלכע יונגעלייט.

סעסיל פּעטראָווונא גיט אַ פּליעסק מיט אירע געטאַקטע, שניי־ווייסע הענט:

— גאָט מיינער! ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַז היינטיקע יאָרן זענען נאָך צווישן יידן דאָ... אמתדיקע יידן?

שלמה צעלאַכט זיך אויפן קול:

— חברטע ביעלסקי, איר זאָגט דאָך שוין באַלד אַזוי ווי יענער דיענשטשיק, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון פּאַריז מיט זיין גענעראַל: „— אַך, וואָס פאַר אַ קולטורעל פאָלק אָט די פראַנצויזן זענען! אפילו אַ קוימענקערער רעדט דאָרט אויך נאָר אויף פראַנצויזיש”...

אין זאַל ברעכט אויס אַ געלעכטער. שלמה רעדט ווייטער צו סעסיל פּעטראָוונען:

— פּונקט אַזאַ פּנים האָט ביי מיר אייער חידושן זיך, וואָס ביי יידן זענען נאָך דאָ יידן. און ווידער, פאַר וואָס עפּעס האָט איר זיך אָנגע־הויבן חידושן גראָד פון מיר? אָט זיצן דאָך מיט אונדז ביים טיש נאָך דריי פּונקט אַזעלכע יונגעלייט.

— אָט דאָס איז דאָך אין גאַנצן די זאַך, וואָס דאַכט זיך אַזעלכע, און פאַרט נישט אַזעלכע.

— מיט וואָס זשע זענען זיי אַנדערש ווי איך?

— איך ווייס מיט וואָס? אַנדערש און שוין... אַ ייִנגל וואָס פאַר־מאָגט אַזעלכע אויגן ווי איר, האָב איך גערעכנט, אַז ער איז שוין אַ ביסל מאָדערנער, און צום סוף... גיי ריכט זיך —

— כאַ־כאַ־כאַ! וואָס זשע האָט איר אַזעלכעס דערזען אין מיינע אויגן, סעסיל פּעטראָוונא?

— אַן עק! איך האָב שוין גאָרנישט דערזען. מילא, עס טרעפט, אַז מען האָט אַ טעות...

מנשה בייגט זיך אָן צו פרידמאַנען:

— אָט די תנאית האַלט אַ פּנים, אַז: כלה שעיניה יפות, אין גופה צריך בדיקה, הא?

— מהם... ס׳איז ביי מיר נאָר אַ קלער, צי זי איז שטאַרק צופרידן מיטן צווייטן האַלבן מאמר...

— הא! דאָס איז עפּעס אַנדערש...

ביעלסקי: סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, איר זאָלט נאָר נישט מיינען, אַז חוץ אייך, זיצן שוין דאָ בלויז גויים, אפילו איך אַליין האָב נאָך אויך געלערנט חומש...

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: און איך, מיינט איר? איך האָב קינד־ווייז גאָר גוט געלערנט. איך האָב געקענט אויף אויסנווייניק כמעט דאָס גאַנצע דאַווענען... שאַט, כ׳געדענק נאָך אפילו איצט אויך עפּעס. באַלד, באַלד... נישט געכאַפּט... שוין אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך, אַז כ׳האָב קיין סידור

פאַר די אויגן נישט געזען... יאָ, דאַכט זיך, אַז אַזוי איז דאָס... נאָך אַ שטיקל פּאָעזיע * דאָרטן, באַלד ביים אָנהייב סידור, גייט אַ קליין קאַפּי־טעלע פּראָזע מיט אַזוינע ווערטער: „כהנים בעבודתם, לויים בדוכנם וישראל במעמדם״... דאַכט זיך, אַזוי שטייט דאָרטן, האַ?

שלמה: ריכטיק. אַזוי שטייט דאָרטן. ע, גוטער ברידער, איך זע, אַז איך האָב דאָ אָנגעטראָפן אויף אַ מסבה פון בלויז איידעלע יידן...

— זעט איר שוין? איצט זאָגט מיר אַזאַ זאַך: עס זענען נאָך ביי יידן היינט אויך דאָ כהנים?

— אָ־אָ! אריבער און אריבער!

— וואָס רעדט איר? פאַר אַזוי פיל טויזנטער יאָרן האָט זיך די גזע פון אהרונען נישט איבערגעריסן? ווי אַזוי זשע האָט זיך דאָס געטראָפן?

— דאָס האָט געטראָפן איבער אַ „מעשה נורא״. די ערשטע כהנים, בימים ההם, האָבן זיך געמאַכט אַזאַ מנהג: טאָמער האָט זיך ביי זייערם אַ בחורל אָנגעהויבן צו שיטן וואָנסעלעך, אָדער זייערם אַ מיידעלע האָט זיך שוין אויפגעהערט צו פאַרפלעכטן די צעפּעלעך, אַזוי פלעגן זיי כאַפּן פיר שטאַנגען און זיי חתונה מאַכן. פאַרצייטישע מנהגים! און אָט אַזוי זייערע קינדער און אָט אַזוי זייערע קינדסקינדער, און אָט אַזוי דור איין, דור אויס. עס איז אפילו אַ סברא, אַז עד־היום עקזיסטירט נאָך ביי זיי אָט די אַלטמאָדישע טראַדיציע... און טאַקע דערינען שטעקט דער סוד, וואָס עס זענען נאָך דאָ אויף דער וועלט כהנים עד היום הזה...

אין זאַל ברעכט אויס אַ געלעכטער, נאָר איין שלמה בלייבט זיצן ערנסט. דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, אָנגעלאַכט זיך צו דער זעט גלייך מיט אַלע, פרעגט ווייטער:

— נו, און לויים טרעפן זיך נאָך אויך ערגעץ?

— אָן עין־הרע, פול און פול! אויך טאַקע די זעלבע מעשה מיטן פאַרלען זיך —

— נו, און ישראלים?

— ישראלים? פּראָסט־פּשוטע יידן? דאָס זענען מיר דאָך אַלע. איך און איר און סאַמואיל לאַזאַראָוויטש און אפילו די קליינינקע אימעניניצע, וואָס שלאָפט שוין. ווי זינגט מען עס:

„וואָס מיר זענען, זענען מיר,
אָבער יידן זענען מיר״...

— וועגן דער אימעניניצע וועל איך זיך מיט אייך נישט שפּאַרן, אָבער איך? וואָס בין איך שוין במחילה פאַר אַ ייד?

— אַ ייד! אַ ייד! אַ הונדערט פּראָצענטיקער ייד! אַז גאָט שיקט אָן אַ פּאָגראָמטשיקל, אַזוי יידישט מען גלייך אַלע פריידענקער און אַלע אַסימילירטע. ווער שמועסט מכח דער גיפטיקער שנאה און פאַרבאָרגענעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס ברויזן ביי יעדן גוי אין האַרצן — אָ! די דאָזיקע

---

* געמיינט: „אנא בכח״, וואָס ווערט אָממערסטן געדרוקט אין פערזן.

געפּילן זענען צו אייך, הויכע טשינאָווניקעס, נאָך פיל שטאַרקער ווי צו אונדז, פּראָסטע מענטשעלעך. אַזוי לאַנג ווי איר וועט נישט קענען אַראָפּ־וואַרפן פון אייער קערפּער דעם שטעמפּל, וואָס מען האָט אייך אַרויפגע־לייגט צו די אַכט טעג, איז פאַר—פאַלן! זענט איר אַ ייִד גלייך מיט אַלע ייִדן. איר מעגט זיך איבערפאַרבן אפילו הונדערט מאָל, איר מעגט זיך שמדן און גיין אין קלויסטער אַריין אין דער פרי און אויף דער נאַכט, איז אַרויסגעוואָרפן אייער טרחה! עס וועט אייך העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס, איר זענט אַ ייִדיש קינד!

— יאָ, צום באַדויערן זענט איר גערעכט... אַזוי איז דאָס. זענען שוין דאָ ביי אונדז, הייסט עס, אי כהנים, אי לויים, אי ישׂראלים... נו, און מלכים? מלכים זענען נאָך אויך פאַראַן?

— עס וואָלטן, פאַרשטייט זיך, געקענט זיין אויך מלכים, וואַרטן מיר אָבער, אַז אַזעלכע פאַרבלאָנדזעטע קינדער ווי איר און אייערס גלייכן זאָלט זיך אויסקערעווען מיטן פּנים צו אייער פאָלק, זיך צוריק איינגלידערן אין אים, זיך דערמאָנען אין אונדזער אוראַלטן היימלאַנד, דאַן וועט אויך קענען מעגלעך זיין די דערשיינונג פון מלכות בית־דוד אין ארץ־ישׂראל.

— כ'האָב מורא, אויב מען זאָל דערויף וואַרטן, וועט נאָך לאַנג־לאַנג דויערן ביז —

— דאָס איז אין אונדז אַליין געווענדט. אונדזער גורל ליגט אין אונדזערע אייגענע הענט.

— מילא, בקיצור, הערן מיר שוין אַ גרוס ווי עס האַלט מיט אייערע מלכים, נו, און נביאים? נביאים זענען נאָך ערגעץ פאַראַן היינטיקע יאָרן?

— הם... נביאים? יאָ, נביאים זענען דאָ אויך היינט.

— טאַקע? ווי אַזוי זשע? מען קען זיי זען?

שלמה, נאָכקלערנדיק אַ ווײַלע, ענטפערט מיט אַן איינגעהאַלטענעם געלעכטער:

— מ־מ־יאָ... פאַר וואָס זאָל מען זיי נישט קענען זען? אפילו איך אַליין קען אייך אויך ענטפערן פאַר זיי.

מנשה: אָט האָסטו דיר! אני הגבר און רוף מיך קנאַקניסל...

ביים טיש, אַן אומרואיקע באַוועגונג. דאַוויד סאַלאָמאָנאָוויטש, העכסט דערשטוינט:

— איר? איר אַליין? אינטערעסאַנט... למשל, זאָגט עפּעס.

— למשל, פרעגט עפּעס. פרעגט, פרעגט... וואָס אייך ווילט זיך וויסן, פרעגט!

— אַ שטייגער למשל, זאָגט אונדז... הם... ווו בין איך נעכטן געווען?

שלמה, מיט אַ שעמעוודיק שמייכעלע:

— אויב איר ווילט שטאַרק, קען איך אייך אפילו אויסרעכענען אייער גאַנצן נעכטיקן סדר היום...

— אָך, ס'איז אַזוי שווער צו גלייבן, אַזוי שווער... נו, נו, אדרבה, אפשר אויף אַן אמת, לאָמיר הערן —

# קאפיטל XXII

שלמה גליכט זיך אוים די ביינער, ער שפּאַרט זיך אָן אין דעם אָנלען פון זיין שטול, מאַכט צו די אויגן און אויף אַ קורצער ווײַלע בלײַבט ער אַזוי זיצן אומבאַוועגלעך. דאַן עפנט ער אויף אַ פּאָר שמייכלענדיקע אויגן, צום ערשטן מאָל פאַר דעם גאַנצן אויפדערנאַכט גיט ער אַ קוק אויף פּאָלין און פרעגט זיך אַליין:

— ווער פון אָט די צוויי איז שענער: פּאָלי, צי די דאַזיקע סעסיל? זיכער פּאָלי! נאָר אויף דעם אָרט, וווּ ביי פּאָלין איז אויסגעפּלאַסטערט מיט צעמענט, פּולסירט שטאַרק ביי יענער פרוי אַ צערטלעך, מיטפילנדיק פרויענהאַרץ. און אויגן, דאַכט זיך, האָט אויך דעם קאָמפּאָזיטאָרס פרוי אַ טיפערע, אַ נעענטערע... אָבער פאַר וואָס עפּעס קלערט ער גאָר וועגן איר? יענע איז אַ ווילד־פרעמדע און דערצו נאָך אַן „אשת־איש", און פּאָלי דאַרף נישט שפּעטער ווי אין פינף טעג אַרום געהערן צו אים אויף אייביק...

ער וואַרפט ווידער אַ גליענדיקן בליק אין איר ווינקל. פּאָלים פּנים צינדט זיך אָן ביז איבער די אויערן און זי בייגט זיך געשווינד אַראָפּ אונטערן טיש, כלומרשט כדי צו פאַרריכטן דאָס זאָקנבענדל. שלמה קוקט זיך צופעליק אום, און זעט ווי אַלע געסט קוקן אים אין פּנים אַריין, ווי זיי זאָלן עפּעס דערוואַרטן פון אים. ער ווענדעט זיך צו דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטשן:

— אַנטשולדיקט, איר האָט עפּעס געוואָלט זאָגן?

— ניין, איר האָט דאָך עפּעס געוואָלט זאָגן!

— איך האָב געוואָלט? איר שפּאַסט נישט?

— מיר וואַרטן נאָך אַלץ אויף אייער נביאות און אויף מיין סדר־היום.

— האַ! איך האָב שוין גאָר פאַרגעסן... איר האָט נאָך נישט קיין חרטה אויף מיין פאָרשלאָג?

— פאַר וואָס עפּעס זאָלן מיר חרטה האָבן? איר זעט דאָך, אַז מיר וואַרטן אַלע מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס. מיר זענען זייער נייגעריק צו הערן, צי קענט איר טאַקע אויף אַן אמת נביאות זאָגן, צי דאָס איז סתם אַ באַרימערייַ.

— מיר זענען געווינט צו פאַרשטיין אונטער דעם וואָרט: נביאות — עתידות...

— דאָס וועלן מיר אָבער נישט קענען אויפן אָרט קאָנטראָלירן, דעריבער וועלן מיר זיך שוין מוזן באַנוגענען מיט ידיעות וועגן דער פאַרגאַנגענהייט...

שלמה, אַן ערנסטער, מיט אויפגעהויבענע הענט צום הימל:

— העלף מיר, גאָטעניו... דו הערסט דאָך, אַז איך קען זיך שוין נישט אַרויסדרייען. קדש את שמך על מקדישי שמך —

און דערנאָך מיט אַ שמייכל צו דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטשן:
— אַלזאָ היינ איך אָן! אין יאָר 1934, דעם 10טן יאַנואַר, האָבן מיר זיך דערלויבט נאָכצושפּירן אונדזער הויכגעשעצטן רעדאַקטאָר פון דער „אוקראַינסקאַיאַ פּראַוודאַ". ווענן דעם, וואָס ביי אים אין דער היים איז פאָרגעקומען פאַר דעם גיין אויף דער אַרבעט, האָט דער „נבואה"־אַפּאַראַט פאַרשוויגן. עס איז מעגלעך, אַז דאָס פאַרפאַלק האָט זיך אַ ביסעלע געבלאָזן איינס אויפן אַנדערן, עס איז אויך מעגלעך, אַז ניין. ווי געזאָגט, מאַכט דאָ דער „נביא" מיט אַ שוויג. נאָר מיין פּערזענלעכע מיינונג איז, אַז גיכער האָבן זיי זיך געזעגנט ווי די טייבעלעך. אורטיילנדיק לויט בעלאַ אַראָנאָוונעס פיזיאָנאָמיע, דאַכט זיך מיר אויס, אַז מען קען מיט איר לעבן גאַנץ פרידלעך.

בעלאַ אַראָנאָוונאַ, מיט אַ שלעכט־מאַסקירטן נייגער:
— און אויף מיין דאַווידס פיזיאָנאָמיע, וואָס זעט איר?
— הלמאי זאָל איך זאָגן, אויף זיין פיזיאָנאָמיע ליגט שוין נישט אויסנעגאָסן אַזאַ גוטסקייט, ווי ביי זיין פרוי, נאָר אַלץ איינס האָט איר חלילה נישט געמאַכט קיין שלעכטן שידוך. אייער דאַוויד זאָל לעבן און געזונט זיין, איז דאָך קודם־כּל, עפּעס איינער פון די הויפּט־זיילן פון דער קיעווער מאַכט. ווען חלילה נישט ער, איין גאָט ווייסט ווו מיר וואָלטן שוין אָנגעשפּאַרט מיט אונדזער טונקעלער, נישט־אַנטוויקלטער מאַסע. דאָס איז איינס! והשנית, מוז ער אויף זיכער האָבן אין הימלשן „נאַרקאָמסנאַב"* יענעם „בלאַט". אַ סימן האָט איר, אַז מען האָט אים מיטגעגעבן צידה־לדרך קיין עין־הרע אַזאַ „פּאַיאָק", וואָס וואָלט געקענט קלעקן פאַר נאָך דריי רעדאַקטאָרן...

אין זאַל ווערט אַ געלעכטער. שלמה הייבט אויף די האַנט:
— חברים, ערנוואָרט, איר באַגייט אַן עוולה קעגן מיר. אַז איך האָב שוין יאָ אַראָפּגענאַרט מיין מוזע פון איר געלעגער, טאָ שטערט זשע מיר נישט צו „אַרבעטן". אַלזאָ, קער איך מיך אום צו מיין „נבואה" —
דאָס שטיפערישע שמייכעלע פאַרשווינדט פּלוצלינג פון שלמהס געזיכט. פון הינטער די שלייפן קריכן אַרויס דינע קנייטשעלעך, זיי דערקריכן איינציקווייז ביזן שטערן, גיבן זיך דאָרט די „הענט" און טאַנצן אין אַ קאַראַהאָד. שלמהס פּנים איז אַזוי קאָנצענטרירט אין זיך, אַז עס זעט אַזש אויס פאַרצאָרנט, בייז. די אויגן זיינע האָט ער אויפגעהאַנגען אויף די שפּיצנזשער פון די שיך, און רעדן, רעדט ער מיט אַ ברוסטיקער שטימע, עטוואָס פאַרדומפּן, ווי צו זיך אַליין:
— נעכטן, פּונקט צען אַ זייגער אין דער פרי, איז דער רעדאַקטאָר טולטשינסקי אַריינגעקומען צו זיך אין קאַבינעט. ער האָט נאָך נישט באַוויזן אויפצורייסן די טעלעגראַמעס, ווי דער פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע האָט אים דערלאַנגט אַ פאַרחתמעטן פּאַקעט פון דעם

* פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר ליפערונגען, פאַר פאַרזאָרגונג.

„אָבקאָמפּאַרטיע. * דער רעדאַקטאָר האָט מיט אַ גרינגען געמיט אָװעקגע־שאַרט דעם הױפן טעלעגראַמעס אין אַ זײַט, און האָט גלײַך געעפנט דעם פּאַקעט. װאָס מער אָבער ער איז אַרײַנגעקראָכן אין תוכן פונעם „אָבקאָ־מאָװסקע משלוח־מנות", אַלץ מער איז זײַן פּנים געװאָרן ברױן און בלאָ. די גאַנצע צײַט פונעם לײענען האָט ער זיך געהאַלטן אין אײן װישן דעם שװײס און רײַניקן די נאָז.

אין פּאַקעט איז געשטאַנען פאָלגנדיקס :

„...װי עס װײַזט אױס, האָט אײַך דאָס הױכע שטולעכל און דער פּאָרטפעל פון אַ רעדאַקטאָר אַזױ פאַרדרײט דעם קאָפּ, אַז איר פאַרגעסט אין אײַערע עלעמענטאַרע פליכטן אַלס פּרעסע־אַרבעטער און פּאַרטײער. אַזאַ װיכטיקע מיטטײלונג װי די, אַז דער אוקראַיִנער „בוריאַק־סאָיוז" ** האָט אין פאַרגאַנגענעם יאָר אױסגעפילט דעם פּלאַן אױף 129 פּראָצענט — אײנשפּאָרנדיק דערבײַ פון די מלוכה־סובסידיעס 18 פּראָצענט קעגן דעם יאָר 1932 — האָט איר זיך קױם פאַרגינען אַרײַנצורוקן אױף דער דריטער זײַט צװישן האַלב־אידיאָטישע לידלעך און פאַרשידענע ליטעראַרישע פּאַטשקערײַען. אָט אַזױ זענט איר עס נוהג־כבוד מיט דער צוקער־פּראָדוקציע, װעלכע פאַרנעמט װײַט נישט דאָס לעצטע אָרט אין אונדזער עקספּאָרט. איר פאַרשטײט שױן מן הסתם אַלײן גאַנץ גוט, אַז װען נישט דאָס, װאָס איר זענט אַן אױסגעפּרוּװטער פּאַרטײ־מיטגליד פון די ערשטע יאָרן, װאָלטן מיר אַזאַ שעדלעך קורצזיכטיקײט אַן אַנדער נאָמען געגעבן, און איר װאָלט זיך שױן געדאַרפט רעהאַביליטירן פאַר אַנדערע, מער שטרענגע מלוכה־אָרגאַנען. אַזאַ שריט פון אונדזער „רעװקאָם", *** װאָלט געװען אַ פּראָלעטאַריש אױסגעהאַלטענער און זײער אַן אױפריכטיקער. נאָר אַזױ װי מיר קענען אײַך פאַר אַ גוטן חבר, זאָלט איר פאַרריכטן אײַער פעלער און װאָס פריער איז אַלץ גלײַכער...

מיט אַ װוּנטש, קײן מאָל מער אַזעלכע פעלערן נישט מאַכן :

צװײטער סעקרעטאַר פון קיעװער אָבקאָמפּאַרטיע — אילאַין".

דער רעדאַקטאָר האָט זיך עטלעכע מאָל דורכשפּאַצירט איבערן קאַבי־נעט אַהין און צוריק, איז נאָך אַ מאָל אױף גיך איבערגעלאָפן מיט די אױגן אילאַינס ליבע־בריװעל, דאַן האָט ער, נישט האָבנדיק קײן געדולד זײ אפילו צו עפענען, אַרײַנגעשאַרט אין שופלאָד אַרײַן אַלע טעלעגראַמעס, און מיט אַ פאַרביטערט האַרץ זיך גענומען שרײַבן דאָס מאָרגנדיקע לײט־אַרטיקל אונטערן נאָמען : „די צוקער־פּראָמישלענאָסט **** — אַ װיכטיקער פאַק־טאָר אין דער אינדוסטריע פונעם לאַנד".

אַרום צװעלף אַ זײגער איז מיט אַ מאָל אַרײַנגעקומען טאַקאַריעװ,

---

* געגנט־קאָמיטעט פון דער פּאַרטײ.

** „בוריאַק־סאָיוז" — אַ מלוכה־אינסטיטוציע װאָס פאַרנעמט זיך ספּעציעל מיט צושטעלן בוריקעס דער מלוכה.

*** רעװיזיאָנע קאָמיסיע.

**** די פאַבריקאַציע און דער האַנדל.

דער פאַרטרעטער פון רעדאַקטאָר. טולטשינסקי האָט אים באַגעגנט מיט אַן אומצופרידן בורטשען:

— אבי איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט שוין גאָר בכלל נישט קומען... עס איז פינף טעג, אַז אַ מענטש ווערט פאַרפאַלן! מען קען דאָך משוגע ווערן איינער אַליין אין אָט דעם האַרמידער. דו האָסט פאַרגעסן, ווו דיין היים איז, צי וואָס?

יענער האָט אַ פאַרוווּנדערטער באַטראַכט דאָס פאַרפלאָמטע פּנים פון זיין שעף און האָט קאַלטבלוטיק געענטפערט:

— וואָס איז מיט דיר, דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש? וואָס פאַר אַ בין האָט דיך היינט אַ בים געטון? כלומרשט ווייסטו גאָרנישט, אַז איך האָב געדאַרפט באַזוכן כמעט האַלב פון אונדזערע מערב־ראַיאָנען: בעלאָצער־קווער, קאָרסונער, אומאַנער, זוועניגאָראָדקער, טאַלנער, שפּאָלער... היינט קאַלכאָזן, סאָווכאָזן, קאָמונעס... פליען, בין איך נישט געפלויגן, ווייל קיין עראָפּלאַן האָסטו מיר דאָך נישט מיטגעגעבן... כ׳ווייס נישט, וואָס דו ווילסט האָבן פון מיר —

— גאָרנישט ווייל איך נישט האָבן! נאַ, קוק וואָס מען שרייבט מיר פון אָבקאָם. זיך דערדינט אויף דער עלטער, האַ? וואָס זאָגסטו עפּעס?

טאָקאַריעוו האָט בסקירה אחת דורכגעקוקט דעם דערלאַנגטן בריוו און האָט האַלב באַדויערנדיק, האַלב חוזקדיק אַ סמאָצקע געטון מיט די ליפּן:

— מ־יאָ!... גאַנץ נישקשהדיק! אילאַין, אַז ער קען עמעצן אַראָפּלאָזן די הייזעלעך און אָפּשמייסן, דאַן איז ביי אים אַ יום־טוב. אַ הונט, אַ גו־טער! „מער שטרענגע אָרגאַנען”... מערזאַוויעץ!

— טאָקאַריעוו! נעם קוק איבער די טעלעגראַמעס, זיי ליגן אין ביוראָ, און דערשרייב פאַר מיר דאָס לייט־אַרטיקל. איך האָב איינס אַ זייגער אַ זיצונג אין דער אָפּטיילונג פאַר דער פּרעסע ביים סאָוונאַרקאָם פון אוק־ראַינע. נאָר איך בעט דיך, זיי שוין פאָרזיכטיק מיט די ציפערן. דו זעסט דאָך שוין, אַז מען טשעפּעט זיך...

זייגער פיר האָט דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש אָנגעקלונגען אַהיים, אַז בע־לאַ אַראָנאָוונאַ זאָל אויף אים נישט וואַרטן מיטן מיטאָג: ער גייט עסן מיטאָג מיט די פאָרשטייער פון די אוקראַינער קאָלכאָזנע צייטונגען, מיט וועלכע ער האָט נאָך וואָס געהאַט אַ זיצונג, און ער וועט קומען שפּעט. דעריבער זאָל זי אויף אים נישט וואַרטן און זיך ליגן שלאָפן אָדער אַריינ־גיין מיט מאַרוסיען אין אַ קינאָ. פינף אַ זייגער איז ער געווען צוריק אין רעדאַקציע. ער האָט איבערגעקוקט דעם מאַטעריאַל פאַר דער מאָרגנדיקער צייטונג, אַרויסגעוואָרפן אַ האַלבן פּעליעטאָן, אָנגעשריבן אַ נייטיק אַרטיקל, וועגן אַרויסרוקן יונגנט אויף פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס און האָט איבער־געגעבן אין דרוקעריי אַריין די לעצטע קאָרעקטורן פון דער צייטונג. דאַן האָט מען פּלוצלינג אָנגעקלונגען פון דער מעבל־פאַבריק אויפן נאָמען פון באָזשענקאָ:

— דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש! איר מוזט גלייך אָפּדרוקן אונדזערע אַ

טעלעפאָנאָגראַמע, אַז דער חודש־פּלאַן פאַר יאַנואַר איז ביי אונדז אויס־
געפּילט געוואָרן פאַר איין דעקאַדע. דאָס וועט זיין אַ סענסאַציע, איאָ אַזוי?

— גוט, אַ סענסאַציע, אָבער די מאָרגנדיקע צייטונג ליגט שוין אַ
פּאַרטיקע אין די מאַטריצן.

— עס איז קיין תירוץ נישט!

— אָבער מה רעש, אויב דאָס נייעס וועט דערשיינען איבער מאָרגן?
די אַזוי־גערופענע „סענסאַציע" וועט דאָך פאַר איין טאָג נישט אַלטגע־
באַקן ווערן.

— ניין, נאָר מאָרגן! עס גייט אונדז אין דער „איבערגייענדיקער רויטער פאָן". דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, איר ווייסט דאָך, אַז ביי אונדז גייען אַזוינע טובות נישט פאַרפאַלן —

דער רעדאַקטאָר גיט איבער עפּעס אַ דרינגענדיקע פאַראָרדענונג אין דרוקעריי און קוים וואָס ער באַווייזט שוין אויף אַכט אַ זייגער אין דער אוקראַינישער דראַמע אויפן נאָמען פון פראַנקאָ.

עלף אַ זייגער, נאָך דער ענדע, פאָרן אָפּ אַלע „שטאָט־באַלעבאַטים" צוזאַמען מיט די אַרטיסטן אין באַרימטן האָטעל „פּאַלאַס", ווו אין גרויסן סאַלאָן וואַרטן שוין אויף זיי רייך־סערווירטע טישן מיט פינקלענדיקע פלע־שער. וווּיט נאָך האַלבער נאַכט איז דער רעדאַקטאָר געקומען אַהיים. היינט — פרי אויפגעשטאַנען. אָט דאָס איז אַלץ. חזק, חזק!... מיינע חשובע הערן און דאַמען! די „זעאונג" איז געענדיקט און דער „גרויסער גייסט" טראָגט זיך אָפּ אין זיין רו אַריין...

*

אַלע אין זאַל זענען געזעסן מיט גרויסע, פאַרחידושטע אויגן און מיט אָפענע מיילער. שלמה איז שוין לאַנג אַנטשוויגן געוואָרן, און זיי האָבן זיך נאָך אַלץ נישט דערמאָנט זיי צו פאַרמאַכן. דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, אין זיין גאַנצער ריזיקער לענג, איז פונעם סאַמע אָנהייב אָן געשטאַנען הינטער שלמהס בענקל. אויף זיין פּנים האָבן זיך געביטן די פאַרבן. איצט האָט ער אַ פאַרלוירענער געשטאַמלט:

— וואָס זשע זענט איר, אַ כשוף־מאַכער? אַ מאַגיק?

— פאַר וואָס זשע זענט איר מיט מיר משנה? מיר האָבן דאָך אָפּגע־
שמועסט, אַז אַ נביא, פאַר וואָס זשע איז פּלוצלינג גאָר אַ כשוף־מאַכער?

— סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש! איר האָט אַלץ געטראָפן מיט אַזוינע דע־טאַלן, אַז איך גיי שיר פונעם זינען נישט אַראָפּ. איך שטיי איצט פאַר אַ גרויסער רעטעניש און האָב צו איר נישט קיין שליסל. איך וואָלט אייך גע־בעטן, שטאַרק געבעטן, כדי איך זאָל נישט מיינען, אַז איר האָט נעכטן פונעם אויפשטיין ביזן לייגן זיך שפּיאָנירט נאָך מיר, טאָ אַנטפּלעקט אונדז שוין אויך דעם באַשייד צו דער געהיימניס: פון וואַנען איר ווייסט אָט די אַלע זאַכן, אָט די אַלע איינצלהייטן. איך בעט אייך, איך ווער פאַרברענט פון נייגעריקייט...

שלמה צעלאַכט זיך אויפן קול:

— וואָס פּאַלט אייך איין? נאַ־דיר גאָר דערציילן... איך האָב גע־טראָפן? באַסטאַ! אַראָפּ פונעם מאַרק. ניין, ווילט איר נאָך גאָר אַ דין וחשבון פון מיין געדאַנקענגאַנג אויף זיבעצן קילאָמעטער די לענג, אַז אונד־זערע אַזוי אויך פאַרנודעטע געסט זאָלן טאַקע אין גאַנצן אַנטשלאָפן ווערן...

סעסיל פּעטראָווואַ: שלמה, וואָס רעדט איר גאָר פון שלאָפן? איך בין אַזוי פאַראינטריגירט מיט אייער אַזוי גערופענער „נבואה", אַז איך גיי נישט אַוועק פון דאַנען, ביז איר דערציילט אונדז נישט ווי אַזוי עס האָט זיך אייך איינגעגעבן נאָכצושפּירן דעם חבר טולטשינסקי פונעם אויפ־שטיין ביזן לייגן זיך. דאָס איז דאָך עפּעס אויסטערליש!

ביעלסקי: יאָ, יאָ, שלמה, דערציילט! עס איז זייער אינטערעסאַנט. אַז נישט, הייסט עס דאָך, אַז איר לאָזט אונדז איבער אין אַ מיט־מעשה —

שלמה: און אַז אין אַ מיט מעשה, וואָס איז דער אומגליק? ס'איז דאָך נישט „בין גאולה לתפילה", וואָס מען טאָר נישט מפסיק זיין...

אסתר: שלמה, זיי נישט אַזאַ האַרטע נוס! זע נאָר, ווי מען חלשט נאָך אַ וואָרט און ער קוועלט...

בעלאַ אַראָנאָוונאַ: נו, שלמה, דערבאַרעמט זיך... איר לאָזט דאָך אונדז ווי אויפן וואַסער. איך קען דאָך דערנאָך קלערן וועגן אייך מי־יודע וואָס...

פּאָלי: נו, דערצייל שוין, שלמה. גיב נאָר אַ קוק, אַז אַלע בעטן דיך אַזוי, טו זיי שוין צו ליב. אַז נישט קען מען נאָך באמת מיינען, אַז דו האָסט בפירוש נישט געטראָפן, נאָר דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש טוט דיר סתם צו ליב.

פרידמאַן: אַן עק, שלמה, גענוג זיך צו עקשענען! סוף־כל־סוף איז דאָס אַ קליינע אפּיקורסות, אויב מען וויל קאָנטראָלירן, צי דיין מעשהלע, איז טאַקע אַ מעשהלע, צי גלאַט курам на смех...*

מנשה: אודאי אַזוי! אברהם־אבינו האָט אויך געפרעגט: „במה אדע", און דער „כביכול" האָט זיך דערפון גאָרנישט געפונען באַליידיקט. אַן עק, זיי אונדז שוין פותר דיין חלום. דו ווייסט דאָך: „חלמא דלא מפשר, כאגרתא דלא מקריא"...**

שלמה: וואָס זאָל איך איצט טון מיט אייך? איך בין אַליין שולדיק. אַז מען זאָגט נישט פריער קיין „אלף", פאַרשפּאָרט מען נאָך דעם צו זאָגן אַ „בית". בקיצור, מילא הערט שוין —

ווידער ווערן זיינע אויגן צוגעשמידט צו די שפּיציקע שיכנזוער, גלייך ווי דאָרט וואָלט געווען אויפגעשריבן דאָס אַלץ, וואָס ער גייט זיי דאָ דערציילן. פרידמאַן גיט מנשהן אַ טאָרקע מיטן פוס אונטערן טיש און אַ ווינק אויף שלמהן:

— הם? דולה מים מבורות עמוקים...

* „אַז היינער זאָלן האָבן פון וואָס צו לאַכן". אַ רוסיש פאָלקסווערטל.

** „אַ חלום וואָס מען האָט אים נישט פותר געווען, איז געגליכן צו אַ בריוו, וועלכן מען האָט נישט איבערגעלייענט. אַ גמרא־ווערטל.

— ווי דען, מים עמוקים ידלם איש תבונה.
— אָבער מן הסתם וועט ער דאָ אויפשטעלן אַ מגדל הפורח באויר...
— גמל הפורח באויר...
— אגדתות דרבה בר בר חנא...
— להבדיל בין הקודש ובין החול...
— שאַ, לאָמיר שווייגן.
— שאַ, זאָל זיין שטיל, אונדזער סודען זיך איז אים מבלבל.

אַ היפּשע ווײַלע איז אין זאָל טויט־שטיל, דאַן הייבט שלמה אָן זיין „פּתרון", צײַלנדיק יעדעס וואָרט, ווי אַ קינד וואָס לערנט זיך ערשט גיין און האָט מורא אַרויסצולאָזן פונעם הענטעלע דער מוטערס פינגער.

— ...אַז אַ רעדאַקטאָר קומט ערשט צען אַ זייגער אויף דער אַרבעט, דאָס פאַרשטייט יעדער איינציקער פון אונדז אָן פּירושים. אַלע „פּאַטערס פון פאָלק" קומען נישט פריער...

ווייטער: אַז אין אַ געגנט־צייטונג קלייבט זיך אַלע אין דער פרי צונויף אַ היפּש ביסל טעלעגראַמעס, איז אויך גאַנץ פאַרשטענדלעך, דאָס איז דאָך דער וויכטיקסטער אָדערן־קנופּ, וווּ עס פּולסירט דאָס בלוט אויף און אָפּ.

פון וואַנען האָב איך גענומען, אַז ער האָט באַקומען אַזאַ פּאַקעט פון „אָבקאָם"? — אויך גאַנץ פּשוט! דעם 10טן האָב איך אין זייער צייטונג, אין אַ פּאַררוקט ווינקעלע, געלייענט אַ קורץ ידיעהלע וועגן די סך־הכלען פונעם אוקראַיִנישן „בוריאַק־סאָיוז", און דעם 11טן — היינט, הייסט עס — אַ גאַנץ ברייט לייט־אַרטיקל, אַלץ וועגן דעם זעלבן ענין. איז דאָך דאָס אַ סימן־מובהק, אַז מען האָט במחילה אַ דרוק געטון פון די הויכע פענצטער. ביי דעם דאָזיקן עולם איז דאָך: סימנא מילתא הוא...

ווייטער: פאַר וואָס עפּעס דווקא אילאַין? ווייל פּרעסע־פראַגן און בכלל אַלערליי ענינים, וואָס זענען שייך צו פּראָפּאַגאַנדע גייען אריין אין זיינע פונקציעס.

היינט האָב איך געלייענט טאַקע אין דער „אוקראַיִנסקאַיאַ פּראַוו־דאַ", אַז נעכטן איינס ביי טאָג איז פאָרגעקומען יענע זיצונג פון די קאָל־כאָזנע ליטעראַטן, וועלכע איך האָב דערמאָנט. צווישן די אָנגעזעענע געסט, וואָס האָבן באַערט די זיצונג, איז אָנגערופן געוואָרן אויך טולטשינסקי. פון דאַנען האָב איך געמאַכט אַן אויספיר, אַז ער האָט גענומען שרייבן דאָס לייט־אַרטיקל גלייך ווי ער איז אַריינגעקומען אין רעדאַקציע. ווייל אַזוינע זאַכן — און נאָך אין זיין דאַמאָלסטדיקער שטימונג — שרייבן זיך נישט אויף גיך.

ווייטער: אַז טאַקאַריעוו איז זיין פּאַרטרעטער, דאָס ווייסט יעדער קיעווער איינוווינער, וואָס נעמט אַ מאָל אַ צייטונג אין דער האַנט.

נאָך יענע וואָך האָב איך געלייענט אין דער „וויסטי",* אַז אין די מערבדיקע ראַיאָנען פון קיעווער געגנט איז אַרויסגעפאָרן אַן אינסטרוק־

---

* „וויסטי" אויף אוקראַיִניש און „איזוויעסטיאַ" אויף רוסיש באַטייט: „ידיעות".

טאָרן־קאָמיסיע אויפֿן געביט פֿון: קאָלכאָזנע צייטונגען, וואַנט־צייטונגען און בכלל קולט־מאַסאָווע אַרבעט. אין דער דאָזיקער קאָמיסיע, האָב איך דאָן באַמערקט, איז אַריינגעגאַנגען אויך טאַקאַריעוו.

אַז טאַקאַריעוו האָט געענדיקט שרייבן דאָס לייט־אַרטיקל, דאָס האָב איך באַלד דערקענט לויטן סטיל. כ'וואָלט, דאַכט זיך, שיר נישט געקענט אָנווייזן די שורה, ווו דער ערשטער האָט איבערגעריסן און דער צווייטער האָט אָנגעהויבן. דאָס איז שוין שייך צו אַ חוש־הריח פֿון אַ ליטעראַט. דאָס קען מען נישט געבן צו פֿאַרשטיין מיט קיין ווערטער. ווער עס פֿילט, פֿילט עס אַליין, און ווער נישט — איז אומזיסט די טרחה אים אויפֿצו־קלערן.

פּאַר וואָס ווידער האָב איך געזאָגט, אַז ער איז אַריינגעגאַנגען אין קאַבינעט אַריין אַרום צוועלף? ווייל איך האָב זיך משער געווען, אַז דער טייל אַרטיקל, וואָס טולטשינסקי האָט נאָך באַוויזן אָנצושרייבן, האָט ביי אים צוגענומען העכער אַ שעה צייט. היינט מאַכט אַ חשבון: אויב צען אַ זייגער איז ער ערשט געקומען אין רעדאַקציע, ביז ער האָט נאָך אַ פּאָר מאָל איבערגעלייענט דעם שלח־מנות פֿון אילאַינען, דערנאָך העכער אַ שעה געשריבן. נאָך דעם דער שמועס מיט טאַקאַריעוון, און דאָך האָט ער נאָך באַוויזן אויף איינס אַזייגער צו דער זיצונג מאַכט עס טאַקע אויס, אַז יענער איז אָנגעקומען אַרום צוועלף, נישט שפּעטער. און נאָך איין מאָטיוו: דער לעצטער פֿון די אינדערפֿריענדיקע צוגן פֿון פּאַסטאָ־ווער ריכטונג קומט אָן קיין קיעוו 11.40, און אַ געטרייער אַרבעטער, ווען ער קערט זיך אום פֿון אַ „קאָמאַנדיראָווקע" אין משך פֿון די אַרבעטס־שעהן, פֿאָרט ער נישט אהיים, נאָר גלייך אין רעדאַקציע אַריין. דערפֿאַר האָב איך זיך משער געווען, אַז דאָס האָט געמוזט זיין אַרום צוועלף, נישט פֿריער, נישט שפּעטער.

ווייטער: פֿון וואַנען האָב איך עס אַרויסגעדרונגען, אַז דאַוויד סאָ־לאָמאָנאָוויטש האָט געהייסן דער פֿרוי זיינער אָפּעסן מיטאָג אָן אים? ווייל דאָס איז אַ כלל: אַז עס טרעפֿט זיך אַ שטיקל קאָנפֿערענץ פֿון צו־נויפֿגעפֿאָרענע געסט, מאַכט מען שוין אומבאַדינגט אַ פֿייערלעכן מיטאָג, און עס מעג זיין אַפֿילו דער נאַרקאָם אַליין, פּאַסט נישט צו זאָגן, אַז מען האָט שוין נאָכן עסן, אָדער אַז מען וועט עסן אין דער היים. מען טאָר נישט אָפּשטיין פֿונעם עולם, אַז נישט וועט עס דאָך הייסן ביוראָ־קראַטיע נישט קיין דעמאָקראַטיע, מען וועט זאָגן: די פֿריש־געבאַקענע „פּאַנעס" שטייט נישט אָן צו עסן מיט די דאָרפֿישע „מוזשיקעס"...

ווייטער: ווי איך האָב נאָר גענומען היינטיקע צייטונג אין דער האַנט, האָב איך באַלד דערזען, אַז מען האָט נעבעך צעקאָליעטשעט אויף טויט טאַרנאָפּאָלסקיס פֿעליעטאָן. איך קען גוט זיין סטיל, ער שרייבט געשמאַק, פֿעפֿערדיק, אַז ס'איז אַ מחיה צו לייענען. און איר, חבר רעדאַקטאָר, האָט אים היינט צעקאַרדאַשעט זיין פֿעליעטאָן, אַז ער האָט שוין נישט געהאַט נישט קיין טעם נישט קיין ריח. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז אין דעם אַלעמען

איז שולדיק אילאין, ימח שמו... דערנאָך האָט איר טאַלאַנטפול אָנגע־
שריבן אייער גרויסן, באמת אינטערעסאַנטן אַרטיקל וועגן דעם דראַנג צו
בילדונג ביי דער גרויסשטעטישער יוגנט, און וועגן אַרויסרוקן זי אין
אַוואַנגאַרד אויף אַלע געביטן. וועט איר דאָך פרעגן, פון וואַנען ווייס
איך, אַז איר האָט אים אָנגעשריבן ערשט נעכטן? אפשר ליגט ער גאָר
ביי אייך אַ פאַרטיקער פון אייער־נעכטן? נאָר ניין! איך בין זיכער, אַז
עס איז אַזוי ווי איך זאָג, ווייל אין אייער אַרטיקל בליצן דורך געדאַנקען
און אויסדרוקן, וועלכע איר האָט צום ערשטן מאָל געקענט באַגעגענען אין
דער נעכטיקער „איזוויעסטיע", ווו עס איז געווען אָפּגעדרוקט די רעדע
פון דעם אַקאַדעמיקער קאָמאַראָוו. איך זע אין אייערע אויגן, אַז איך
האָב קיין טעות נישט געהאַט...

ווייטער גייט באַזשענקעס מעבל־פאַבריק. ענדע אָקטאָבער איז מיר
גראַד אויסגעקומען צו זיין דאָרטן. פאַרקוקנדיק אין די צעכן, דערזע איך,
אַז מען מאַכט, קענטיק אויף אַ באַזונדער באַשטעלונג: אַנטימישנע סאָ־
פעס, בענקלעך און טישן. פרעג איך דעם הויפּט־בוכהאַלטער: וויפל וועט
קאָסטן אין מאַגאַזין אַזאַ גאַרניטור מעבל? ענטפערט ער מיר: „אָט דאָס
מעבל, וואָס מיר פאַרטיקן אַצינד אַרויס, איז נישט צום פאַרקויפן, דאָס
איז אַ ספּעציעלע באַשטעלונג פון דער רעדאַקציע „אוקראַינסקאַיאַ פּראַוו־
דאַ". פרעג איך אים ווידער: עס איז דאָך אָבער אַרויסגעגעבן געוואָרן
אַ באַפעל פון די „הויכע פענצטער", אַז פון אַ חודש פאַר די אָקטאָבער־
יומטובים טאָר קיין שום אָרגאַניזאַציע נישט אַרבעטן אויף קיינעמס באַ־
שטעלונגען, נאָר אויסשליסלעך פאַר דעם פרייען רענאָק? ענטפערט ער
מיר: „פאַר דער „אוקראַינסקאַיאַ פּראַוודאַ" מאַכן מיר אַן אויסנאַם. מיר
זענען מיט זיי גרויסע פריינד." הייסט, אַז כ'האָב דערזען אויף דער פער־
טער זייט, צווישן די רעקלאַמעס מיט די אַנאָנסן, אָנשטאָט דעם רעפּער־
טואַר פון דער מוזיקאַלישער קאָמעדיע, אַ ידיעה וועגן דער אויספילונג
פון דעם פּלאַן אין דער פאַבריק אויפן נאָמען פון באַזשענקאָ, האָב איך
זיך גלייך אָנגעשטויסן, אַז זיי האָבן געמוזט צושיקן זייער טעלעפאָנאָ־
גראַמע, נאָך דעם ווי די מאַטריצן פון דער צייטונג זענען שוין געווען
פאַרטיק. דעריבער האָט טולטשינסקי אַרויסגעוואָרפן די מוזקאָמעדיע —
וואָס שפּילט שוין צוויי חדשים איין זאַך, אַז עס עקלט שוין ממש — און
האָט אַריינגעשטעלט די פּריווילעגירטע „באַזשענקאָווצעס". אַגב, ביי גוטע
באַציאונגען איז דאָס גאַנץ נאָרמאַל. דאָס איז אָפּגעצאָלט ברויט, ווי עס
פירט זיך היינט אומעטום: שמור לי ואשמור לך; איך — דיר, און דו
— מיר.

ווייטער: וועגן דעם, אַז דעם צענטן יאַנואַר קומט פאַר אַ קאָנטראָל־
דורכקוק אין דער אוקראַינישער דראַמע פון מיקיטינקעס * נייעם ווערק

* אין די יאָרן 1925—1935, אַ באַרימטער אוקראַינישער ראָמאַניסט און דראַמאַ־
טורג. נאָך די גרויסע, פּאָליטישע פּראָצעסן, איז ער אַריינגעפאַלן אין אומחן און איז
שפּורלאָז פאַרשוווּנדן געוואָרן.

„ראַנאָק", * הענגט שוין אַן אַנאָנס זייט פינף טעג. עס ווערן פאַרבעטן, שרייבט זיך דאָרטן, בלויז אַרבעטער פון דער פרעסע, אַרטיסטן, מוזיקער, מיטגלידער פונעם שטאָטראַט, פון דער קאָנטראָל־קאָמיסיע, פון דער אַקאַדעמיע פאַר וויסנשאַפטן אאז"וו. נו, דאַרף מען דאָך האָבן אַ גויאישע קאָפּ נישט צו פאַרשטיין, אַז דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש קען נישט נישט זיין אויף אַזאַ וויכטיקן דורכקוק. דערויף מוז מען דאָך שוין זיין אַ שוטה גמור...

ווייטער וויסן מיר אַלע, און ווער עס האָט צופעליק נישט געוווּסט, וועט פון איצט אָן וויסן, אַז די אוקראַיִנישע דראַמע האָלט די „שעפּסט־וואַ" איבער דעם האָטעל „פּאַלאַס". זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז נאָך אַזאַ טריאומף, ווי דאָס אַריינשטעלן אַ פרישע פּיעסע אין רעפּערטואַר, האָט דער רעסטאָראַן פונעם האָטעל צוגעגרייט פאַר זיינע שעפן אַ גרויסאַרטיקע אויפנאַמע. און ווו איז נאָך טאַקע אַזוי באַקוועם אַרומצורעדן אַלע דעטאַלן פון דער ניי־געבוירענער „זאַך", ווי אין דעם גראַנדיעזן זאַל פון דעם האָטעל „פּאַלאַס", וואָס שמט מיט דעם מעבל פון נוסנהאָלץ פון וועלכן אַ טייל איז באַצויגן מיט סאַמעט, אַ טייל מיט פּליוש און אַ טייל מיט דעם בעסטן שאַוורע... דערפון איז געדרונגען, אַז שלאָפן האָט זיך אונדזער חשובער רעדאַקטאָר געלייגט זייער שפּעט.

און אַז ער איז היינט פרי אויפגעשטאַנען, און איבער דעם איז ער אַצינד שלעפעריק — איז געדרונגען אָט פון וואָס: ווען איך בין נאָר צוגעגאַנגען צום טיש, האָב איך גלייך באַמערקט, אַז אויף דער צייטונג, וואָס איז געלעגן פאַר בעלאַ אַראָנאָוונען, איז אָנגעשריבן: „בעלאָטשקאַ! ניין אַ זייגער — אַהיים"! דאָס איז דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש שלעפעריק, און בעט זיך באַיו־באַיו... אַז דאָס איז אָנגעשריבן געוואָרן דווקא היינט און נישט דורך קיין אַנדערן, נאָר דורך דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטשן, האָב איך דערויף עטלעכע באַווייזן: ערשטנס, די צייטונג איז פון היינט אויף דער נאַכט; צווייטנס, אויף איר געפינען זיך עטלעכע טראָפּנס פון דעם מאַראַנצן־סאָק, וואָס שטייט אין שעלעכל אַקעגן זיי... די דאָזיקע פאַקטן זאָגן עדות, אַז אָנגעשריבן געוואָרן איז דאָס היינט אויף דער נאַכט, און טאַקע דאָ אויף דעם טיש, און דערצו נאָך מיט דעם רויטן בליישטיפט, וואָס שטעקט ביי דעם חבר טולטשינסקי אין דער אייבערשטער קעשענע. אמת, צי ניין? תן תודה! נאָך מער: שרייבן איז אים אויסגעקומען מיט דער לינקער האַנט, און פון נישט געוווינטקייט האָט ער צעבראָכן דעם שפּיץ. אָט זעט איר אַלע, אַז זיין רעדאַקטאָרסקע בליישטיפט איז אָן אַ שפּיץ, און אין זיין שורהלע קען מען באַמערקן שפּורן פון פּיצעלעך רויטע זאַמדעלעך, דאָס האָט זיך דאָרט דער גריפעל צעקרישלט...

נו, דאַכט זיך, גענוג! אַלץ פאַרטייטשט. איצט, ווי איר ווילט אייך, אָדער רופט דאָס אַן נביאות, אָדער טפשות —

** פּרימאָרגן. אַ ראָמאַן איבערגעאַרבעט אין אַ דראַמע.

# קאפיטל XXIII

סעסיל פּעטראָוונאַ, און נאָך איר אַלע געסט, האָבן זיך אַ לאָז געטון צו שלמהן אים דריקן די הענט. לייב טולטשינסקי און ביעלסקי זענען געווען אַזוי אַנטציקט, אַז זיי האָבן שלמהן נאָר געוואָלט אונטערוואַרפן אין דער הויך, ווי מען האָט דאָס תחילת-נאַכט געטון דער אימעניניצע, נאָר שלמה האָט זיי דעליקאַט אָפּגערוקט פון זיך. דאַן האָט ער גענומען ביעלסקין אונטער דעם אָרעם, צוגעפירט אים צו זיין פרוי און לאַכנדיק געזאָגט:

— סעסיל פּעטראָוונאַ, גיט אייער מאַן עפּעס אַן אַרבעט. פון נישט קענען זיצן ליידיק, האָט ער ערשט געוואָלט מאַכן פון מיר אַ וויניקן עפּל. ער האָט געמיינט, אַז ס'איז אים אַ קאָמפּאָזיציע, וואָס ווי אַזוי ער וויל, אַזוי מאַכט ער זי.

אַן אַלגעמיינער געלעכטער. דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש נעמט אַריין שלמהן אין זיינע הערקולעס-אָרעמס און דריקט אים פריינדלעך צו צו זיך:

— סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, איך גיב זיך אונטער! איר זענט באמת אַ נביא. אַן ערשט-קלאַסיקער נביא, זאָג איך אייך. מיר דאַרפן שטיין מיט אָפּשיי פאַר אייך, ווייל איר איינער קענט אונדז אַלע פאַרשטעקן אין גאַרטל. איר האָט אַן אויג פון אַן אָדלער און אַ נאָז פון אַ פוקס. נאָר מילא, וואָס איז דאָ לאַנג צו רעדן, אַז מען שמועסט אַ נביא, איז דאָך נישט שייך...

מנשה: חבר טולטשינסקי, איר מיינט דאָך געוויס, אַז מיטן נאָמען נביא טוט איר אָן שלמהן כ'וויים וואָס פאַר אַ כבוד, צום סוף איז גאָר פונקט פאַרקערט. שלמה איז נישט קיין נביא, נאָר אַ חכם, און די גמרא זאָגט: חכם עדיף מנביא. אַז אַ חכם, הייסט עס, שטייט נאָך העכער פון אַ נביא.

שלמה: אַן עק, לצים וואָס איר זענט! וואָס קענט איר זיך דאָ נישט איינטיילן מיט דער ירושה: חכם — נביא, נביא — חכם, אַ מעשה אָן אַן עק. אגב, הערט בעסער, דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, אַזאַ זאַך. קוים האָבן מיר זיך שוין באַגעגנט, ווי זאָגט מען דאָס, ביי דעם קיילעכדיקן טיש, במילא דאַרפן מיר זיך שוין איינער דעם אַנדערן זיין גוטע פריינד, צי נישט אַזוי?

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: שלמה, וואָס פרעגט איר? איך בין אייך דער בעסטער גוטער פריינד. איר שטעלט זיך גאָר נישט פאָר —

— איר דאַרפט מיר דאָס נישט דערציילן, איך פיל דאָס אין זיך. לכן, זאָגט זשע מיר אַזאַ זאַך: אויף וויפל איך פאַרשטיי, איז ביי אייך אין רעדאַקציע זיכער דאָ אַ פאַרטקאָנטראָל * —

* אַ ספּעציעלער אַנגעשטעלטער, וועלכער איז פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר, אַז אַלץ, וואָס ווערט אָפּגעדרוקט, איז שטרענג אויסגעהאַלטן לויט דער גענעראַלער ליניע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

— ווי דען אַנדערש?

— און ווי איך שטעל זיך פאָר, איז די הויפּט־פּליכט פון אַט דעם אָנגעשטעלטן דורכצוזוכן דעם גאַנצן מאַטעריאַל, איידער ער ווערט איבערגעגעבן צום זעצער?

— פּונקט ריכטיק. נישט די הויפּט־פּליכט, נאָר דאָס איז זיין איינציקע פונקציע.

— מהם... נו, אהיים צו אייך, וואָלט איך זיכער נישט געגאַנגען אייך וואָרענען, אָבער כיון דאתינא להכא,* איז מיין עצה, אַז איר זאָלט איבערבייטן אייער פּאַרטקאָנטראָל, און וואָס גיכער איר וועט עס מאַכן, וועט זיין פאַר אייך געזונטער...

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, העכסט דערשטוינט:

— פאַר וואָס? איר קענט אים דען?

— צו וואָס דאַרף איך אים קענען? און וואָס איר פרעגט: „פאַר וואָס?" ווייל ער וועט אייך דערפירן ביז סאַכאַלין, און אפשר נאָך ווייטער —

— וואָס זשע פאַרט? איר שרעקט מיך, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש.

— אין אייער היינטיקן אַרטיקל האָט זיך ביי אייך אַריינגעכאַפּט אַן אַנטי־סטאַליניסטישע פראַזע...

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, אויסער זיך:

— ווי קען דאָס זיין?

— באַלד וועלן מיר זען, ווי דאָס קען זיין... וולאַדימיר! ביי אייך אויף דער עטאַזשערקע האָב איך, דאַכט זיך, געזען „פראַגן פון לעניניזם"?

וולאַדימיר: יאָ, אַ פרעמיע.

שלמה: אַוראַם, דערלאַנג מיר, זיי מוחל, דאָס פינפטע טאָמיקל.** אַצינד, ווער האָט אַ היינטיקע „אוקראַינסקאַיאַ פּראַוודאַ"? שאַט, דאַכט זיך, איך אַליין האָב זי. סאָנקע, נעם דאָרט אַרויס ביי מיר אין פּאַלטאָ.

אַוראַם דערלאַנגט שלמהן דאָס אָנגערופענע בוך און סאָנקע דערלאַנגט אַ פּעקל פאָטאָגראַפיעס:

— נישטאָ דאָרטן קיינע צייטונגען. אָט דאָס האָב איך געפונען, נאַט אייך!

— נישט אין בוזעם־קעשענע! אַך, איז דאָס אַן אָנשיקעניש! אין די פאָדערשטע קעשענעס גיב אַ זוך. אָט אַזוי. אַזאַ שיין מיידעלע זאָל אַליין נישט פאַרשטיין, וווּ וואָס עס געהער צו ליגן...

ער באַהאַלט דאָס פּעקל פאָטאָגראַפיעס ביי זיך אין בוזעם־קעשענע, נעמט דאָס בוך, גיט עטלעכע מיש, און ווייזט אָן דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטשן מיט איין פינגער אין „פראַגן פון לעניניזם", און מיטן צווייטן — אין זיין אַרטיקל.

---

* ווייל איך בין שוין געקומען אַהער.
** טאָם — אַ באַנד.

דאוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, שטאַרק אַ צערודערטער, בייגט זיך אָן אי־בערן טיש, ווישט זיך אָפּ דעם שווייס און טראָגט אונטער דאָס בוך נעענטער צו די אויגן. עס נעמט אַ קורצע ווײַלע און ער ווערט בלאַס ווי די וואַנט.

שלמה: ערגערט זיך נישט, מיין פריינד. ס'איז שוין אַ פאַרפאַלענע זאַך. איך זע אין אייך, אַז איר קלערט די זאַך פאַרריכטן. גאָט באַהיט! איר זאָלט דאָס נישט טון! אונדזער מלוכה האָט פיינט מוחל צו זיין אַזעלכע טעותים. מען דאַרף זיך מאַכן נישט ווויסנדיק און נאָר האָפן דער־רויף, אַז מאָסקווע וועט זיך אויף דעם נישט כאַפּן. צו גאָט אַ האָפענונג, אַז דעם אַלפאַרבאַנדישן פאַרטקאָנטראָל ליגט אויך דער קאָפּ ביי, דער רוח ווייסט וואָס... אויף יעדן פאַל, זאָגט אָפּ אַ ספר תהילים וועט איר זיכער געהאָלפן ווערן!... דאָס איז בדוק ומנוסה —

— טייערער סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, אויף מיין וואָרט, איר זענט מער רעדאַקטאָר פון מיר, איר קענט די צייטונג אויף אויסנווייניק...

— אייער צייטונג לייען איך כמעט קיין מאָל נישט, נאָר די מאָסק־ווער.

— ווי זשע קומט איר עפּעס פונקט היינט זי יאָ לייענען?

— איך האָב זי טאַקע כמעט נישט געלייענט, נאָר אַזוי אַ קוק געטון.

— אָט דאָס הייסט ביי אייך נאָר אַ קוק געטון?

— בלויז אַ קוק.

— אפשר וואָלט איר געגאַנגען אַרבעטן צו מיר, שלמה?

— איר מיט אייער רעדאַקציע פאַרמאָגט איר נישט מיך צו באַצאָלן.

— אַזאַ גביר זענט איר?

שלמה, מיט אַ כיטרע שמייכעלע:

— אפשר אַ גביר אויך אַ שטיקל, נאָר נישט דערפאַר. איך האָב בטבע פיינט צו זיין אָפּהענגיק. איך קען שוין גיכער פאַרליידן, אַז עמע־צער איז אָפּהענגיק פון מיר —

— אַ שטומער וואָלט עס אין קיין יאָר נישט אויסגערעדט... זאָגט מיר נאָר שלמה, זענט איר בקי אין אַלע טאָמען „פראַגן פון לעניניזם"?

— בקי גאָר? איך האָב אַ מאָל געקוקט אין זיי —

— אַזוי געקוקט, ווי אין דער היינטיקער צייטונג?

שלמה, מיט אַ שמייכל:

— נאָך ערגער...

— נו, און אין „קאַפּיטאַל" האָט איר אויך אַ ידיעה?

— כ'האָב אים אַ מאָל געהאַלטן אין די הענט...

בעלאַ אַראָנאָוונאַ שטייט מן הצד אַ פאַרצאָרנטע און ווי נאָר זי כאַפּט איבער איר מאַנס בליק, דראָט זי אים מיטן פינגער ביי דער נאָז. דער רע־דאַקטאָר, אַ פאַרחידושטער ביז גאָר, גייט צו צו איר און פרעגט זי שטיל:

— וואָס איז שוין פאַר אַ נייעס?

— דו האָסט אפילו נישט געפונען פאַר נייטיק מיר צו דערציילן פון דיין נעבעכדיקן אינצידענט מיטן פּאַרטקאָם, הא? שעם זיך —

— בעלקאַ, ווען האָב איך שוין געהאַט צייט צו דערציילן?

— אויף שפּיגלען זיך אַ האַלבע שעה כּסדר פאַרן גיין אַהער, האָסטו דווקא געפונען צייט —

— בעלאָק, פּוסיק, צו וואָס אַזוי פיל גאַל? גלייב מיר, ווען איך זאָל דיר וועלן אין דער היים איבערדערציילן אַלע סכסוכים מיט אַלע אויפרעגונגען, וואָס עס קומט אויס פאַר דעם טאָג איבערצולעבן, וואָלטן די נעבעך געווען צו קליין... טראַכט איך מיר: ברענט עס אויפן פייער —

— הייסט עס, מיך פרעגן איז נישטאָ וואָס, מיין מיינונג איז אַ נול, דער עיקר — וואָס דו טראַכסט...

— ווער זאָגט? נישט דער עיקר —

— און וואָס פאַר אַ מעשה מיט אָט דער פאַרשאָלטענער „פּראַזע"?

— עס טרעפט זיך, בעלאַ אַראָנאָוונאַ, וואָס קען מען העלפן? ביים רב וועלן זיך אַזוינע טעותים נישט טרעפן... האָסטו אָבער לײדער גענומען נישט קיין רב...

בעלאַ אַראָנאָוונאַ, מיט טרערן אין קול:

— וויפל מאָל האָב איך דיך געבעטן: דימאַ, האָב רחמנות אויף אונדז און זיי פאָרזיכטיק מיט אַ וואָרט... אין דיין גראַד, איין שלעכט פאַרשטאַנען וואָרט, איז אַ שפּיל מיט פייער... קען מען דערפאַר באַצאָלן מיט יאָרן „זיצעניש"...

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, אַ צערייצטער:

— ווער זשע קען זיך היינט איינהיטן? און ווידער, זיצן וועל איך דאָך —

— און איך וועל זיך וואַלגערן ביי די טורמעס מיט „פּערעדאַטשעס"...

— אַן עק! קום צום טיש, מיר וועלן שוין אויף ווייטער זיין מער געהיט.

— געדענק זשע —

— גוט, גוט, כ'וועל געדענקען...

און צוגייענדיק צום טיש נעמט ער שלמהן אונטערן אָרעם:

— שלמה, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, איר זאָגט, אַז איר האָט דעם „קאַפּיטאַל" אַ מאָל געהאַלטן אין די הענט. איך רעכן, אַז —

לייב: אַן עק זאָל נעמען! וואָס האָט איר דאָ אויפגעעפנט אַ רע־דאַקציע, צי אַ רויט־ווינקל? איך האָב שוין אויך אַ דעה! שוין עטלעכע שעה אַ קיעווליאַנין. דאָ איז היינט אימענינעס, נישט קיין דיסקוסיע. איר וואָלט געוואָלט, אַז מען זאָל אייערע אַ שמחה פאַרוואַנדלען אין אַ וויסנ־שאַפטלעכער לעקציע? נעמט בעסער פאַרבייסט. צוליב וואָס דען האָט מען אָנגעשטעלט אויפן טיש בערג מיט פאַרבייסעכצן... מען וואָלט גראָד געדאַרפט עפּעס זינגען... אויב געהוליעט, זאָל זיין געהוליעט! חברים,

זייט זיך מודה, ווער פון אייך יכולט? נו, וואָס שווייגט איר? מסרט זיך איינס דאָס אנדערע...

וולאַדימיר רוימט איין ליבן אויפן אויער, ווינקענדיק אויף שלמהן:

— אָט אין דער קרעטשמע קלאַפּ אָן! דאָ טרעפסטו פון אַל דאָס גוטס. ער זינגט, עקט זיך די וועלט.

ליב גייט צו צו שלמהן און לייגט אים ארויף א האַנט אויפן אקסל:

— איר זענט ארעסטירט, בירגער פּיאַטיגאָרסקי. מיר האָבן וועגן אייך דערהאַלטן ידיעות פון אַן איש נאמן, אַז איר מאַכט זיך נאָר תמע־וואַטע... ניין, שלמה, איך מיין עס אַן געלעכטער, זינג עפּעס. מען דער־ציילט, אַז דו זינגסט פון אַלע אַנטיקן...

שלמה: דער וואָס האָט אייך אַזוינס דערציילט, איז מסתמא געווען נישט אויסגעשלאָפן.

ביעלסקי: יאָ, יאָ, שלמה, זינגט עפּעס. א נביא האָט איר שוין פאַרביטן, אַצינד פאַרבייט נאָך א לוי...

שלמה: פאַרבייט איר נאָר נישט די יוצרות... איך האָב באַוויזן מיינע פעאיקייטן אַלס אויסשפּירער, אַצינד זייט איר אונדז מכבד מיט אייער נגינה. די וועלט זאָגט דאָך עפּעס, אַז מועמיה חיים זכו —

מנשה: געדעכט! אליבא דכולא עלמא, גערעכט. איש על מחנהו ואיש על דגלו. פאַר וואָס עפּעס אַלץ ער? זינגען, זינגט איר.

ביעלסקי: איך? איר מאַכט חוזק פון מיר? אויף פאַפיר באַקומט זיך נאָך א מאָל ביי מיר עפּעס, אָבער מיטן האַלדז, פּאַוואָלינקע —

שלמה: און ביי מיר, נישט מיט דעם און נישט מיט יענעם.

סאָניאַ: ע, שלמה, א ליגן מעג מען דען זאָגן? ווען מיר זענען ביי אייך היינטיקן זומער געווען אויפן באַל, האָבן מיר דאָך געהערט, ווי אַזוי איר קענט נעבעך נישט.

שלמה: אַך, סאָפיאַ גריגאָריעווגאַ, גאָט איז מיט אייך, וואָס גלייבט איר? דאָרט זענען דאָך נישט געווען קיין וועלט־באַרימטע קאָמפּאָזי־טאָרס —

ביעלסקי, רויט ווערנדיק:

— איר האָט שוין א פּנים נישט פון וועמען חוזק צו מאַכן?

אסתר: שלמה, דו ווייסט וואָס? זינג יענץ וואָלעכל, וואָס דו האָסט געזונגען דאַמאָלסט ביי נאַכט... אַך, דער דאָזיקער וואָלעך איז דאָך אַזא זיסער —

שלמה: א ניגון באַקומט זיך זיס נאָר דאַמאָלסט, ווען דעם זינגער איז זיס אין מויל, און מיר איז איצט אין מויל גראָד אַזוי זויער, איך מיין ביטער —

וולאַדימיר: טראַכט אויס, טראַכט אויס: זויער, ביטער... אָט דאָס הייסט א גוטער ברודער, וואָס וויל משמח זיין די עלטערן אויף זייער קינדס אימענינעס.

סעסיל פּעטראָוונאַ: גאָט מיינער! וואָס פאַר א מין ענאָיסט דער

דאָזיקער מענטש איז! סאַמואיל, באַרעכן נאָר, ווי אַלע בעטן זיך ביי אים... איאַ, ווען דו קענסט זינגען, וואָלסטו זיך שוין נישט געלאָזט אַזוי לאַנג בעטן, אמת, אַז ניין? און ס'איז דאָך נאָך דערוויילֹ אַ ספק, צי עס לוינט טאַקע אַזוי צו קליאַנטשען פאַר אים... פּאַרלויפיק איז דאָך דאָס נאָר ליאָוועס אַ ווערסיע, צי סאַפּיעס דאָרטן... זאָגט מיר, שלמה, שוין זשע האָבן מיר אַלע צוזאַמען ביי אייך נישט די ווערט, אַז איר זאָלט אונדז אַ ביסל פריילעכער מאַכן די שטימונג? אַ גאַנצן אויפדערנאַכט נאָר: צייטונגען און ביכער, ביכער און צייטונגען —

שלמה, מיט אַ צווויידייטיק שמייכעלע:

— געשעצטע סעסיל פּעטראָוונאַ, היינטיקע יאָרן באַצאָלט מען דען עמעצן לויט דער ווערט?

און נישט טוענדיק מער קיין קוק אין איר ווינקל, צו זען צי האָט זי צעקייעט זיין מיין, צי נישט, צעקלאַפּט ער עטלעכע ניסלעך, עסט די יאָדערן און פאַרטרינקט מיט זיסן ליקער. אוווראַם גייט אומבאַמערקט אַרויס פון זאַל אין שלאָפצימער, און מיט אַ ווונק רופט ער צו זיך אַריין וולאַדימירן.

— וואָלאָדיאַ, אין אייער הויז געפינט זיך ביי עמעצן אַ פידל?

— אויף וואָס דאַרפסטו אַ פידל? אין דער דריטער טיר פון מיר אויף דעם זעלבן קאָרידאָר וווינט גראָד אַ פידלער פון דעם עסטראַדע־טעאַטער.

— אָבער, צי איז ער איצט אין דער היים?

— גראָד איצט יאָ. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט ער זיך אויסגע־לינקט אַ פוס און גייט נישט צו דער אַרבעט.

— גיט זשע אַ בעט ביי אים דעם פידל, מיר וועלן אפשר פועלן ביי שלמהן —

— אַ־האַ! באַרעכן נאָר, עס איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן... ווו איז געווען מיין קאָפּ?

אוווראַם, שמייכלענדיק:

— די מוזיקער, דאָס איז אַזאַ עולם, וואָס אַז מען דערלאַנגט זיי דעם געליבטן אינסטרומענט, איז פּונקט ווי מען זאָל אַן עכטן שכור ווייזן אַ פלעשל. עס וועט אים זיין שווער זיך אָפּצוזאָגן, אָט וועט איר אַר־מיסטן זען...

באַנוצנדיק זיך דערמיט, וואָס דער עולם ביים טיש פירט אַ וואַרעמען שמועס, גייט וולאַדימיר אומבאַמערקט אַרויס אויפן קאָרידאָר. עס דויערט נישט אפילו קיין צען מינוט, ווי ער קומט אַריין צוריק, פאָרזיכטיק טראָגנ־דיק פאַר זיך, אַ שוואַרצן, געשניצטן פוטליאַר. ער נעמט אין אַ ווינקל אַ פוסבענקעלע און שטעלט עס אַוועק לעבן שלמהן, אַוועקלייגנדיק דערויף דעם פידל. שלמה איז אַזוי פאַרטיפט אין אַ שמועס מיט ביעלסקין, אַז ער באַמערקט גאָרנישט וואָס לעבן אים טוט זיך, נאָר סאָנקע קען זיך שוין נישט איינהאַלטן און גיט אים אַ שלעפּ פאַרן אַרבל:

— גיט נאָר אַ קוק אַהער...

שלמה קוקט זיך אום פאַרוווּנדערט, באַמערקט דעם פידל און צע־לאַכט זיך:

— כאַ־כאַ־כאַ! געפונען אַ צייט... אַוראַם, מאַך זיך נישט געפגרט. מיך וועסטו דאָך נישט אָפּנאַרן, דאָס איז דיין שטיקל אַרבעט. וואַרט אויס, איך וועל דיר אָפּדינען...

און צו די געסט:

— ניין, מיינע פריינד, שפּילן וועל איך נישט.

לייב: טאָ זינג עפּעס.

— זינגען אויך נישט.

— טאָ שפּיל עפּעס.

— פּאַניע קיעווליאַנין, איך האָב שוין געזאָגט, אַז ניין.

— טאָ זינג עפּעס.

אַלע צעלאַכן זיך.

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: טאָ דערציילט עפּעס.

שלמה: דאָ זענען אימעניגעס נישט קיין לעקציעס.

ביעלסקי: גוואַלד, ווו נעמט מען אַזעלכן, וואָס זאָל אים קענען באַ־פעלן עפּעס צו זינגען אָדער שפּילן?

לייב: שאַ, עס איז דאָך דאָ עפּעס פאַראַן זיין —

ער האָט שיר נישט אויסגערעדט דאָס וואָרט: „כלה", נאָר אינסטינק־טיוו האָט ער זיך אומגעקוקט אויף פּאַלין. זי האָט ערשט איצט דערפילט, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן און איז מאָמענטאַל בלייך געוואָרן. לייב האָט זיך גלייך געכאַפּט, אַז מען דאַרף פאַרענדיקן מיט עפּעס אַנדערש:

— שאַט, פאַר וואָס לאָזט איר מיך נישט ענדיקן? דאָ איז דאָך עפּעס פאַראַן אַ פעטער זיינער. מיכאַל, פאַר וואָס שווייגסטו? הייס אים עפּעס זינגען!

אַלע קוקן זיך אום אויף מיכאַלן, דערזען ווי ער איז רויט געוואָרן פונעם וואָרט „פעטער", און שיסן אויס מיט אַ געלעכטער.

סעסיל פּעטראָוונאַ: ליאָווא, איר שפּאַסט נישט? אָט דער יונגער־מאַן איז שלמהס אַ פעטער? ערנוואָרט, מען קען מיינען — אַ ברודער...

יאַני: וואָס חידושט איר זיך אַזוי שטאַרק? איר האָט נאָך נישט געזען, אַז אַ שוויגער זאָל ליגן אין קינפּעט גלייכצייטיק מיט דער שנור? אַ־אַ! אַזוי פיל גוטע יאָרן אויף מיר וויפל מאָל איך האָב געזען אַזעלכע פאַלן. און טאַמער — ווי עס טרעפט זיך אָפט אין די קליינע שטעטלעך — ווינט מען נאָך צוזאַמען, איז טאַקע במחילה — אין איין בעט. די שנור הייבט זיך אויף פונעם קינפּעט און די שוויגער לייגט זיך אַוועק. שאַט, וואָס דאַרפט איר מער? מיין אייגענע שוויגער, עליה השלום, האָט זיך אויך היפּשע עטלעכע יאָרן פאַרמאָסטן מיט אירע טעכטער און שנורן, ווער עס וועט פריער פראַוען שמחות אין שטעטל...

אסתר צינדט זיך אָן ווי אַ העליש פייער:

— שוויינ, דו חכם פון דער „מה־נשתנה". אַ גאַנצן אָוונט האָסטו אָנגענומען אַ מויל מיט וואַסער און געשוויגן. און איצט, אַז דו האָסט זיך שוין דערמאָנט עפּעס זאָגן, האָסטו שוין קיין אַנדער זאַך נישט געקענט צוטראַכטן, ווי נאָר דערציילן ניסים ונפלאות פון דער שוויגער.

ביים טיש האָט זיך געשאַפן אַן אָנגעצויגענע שטילקייט. יאַני, וועמענס אויגן האָבן בשעת דעם רעדן צוריק באַקומען זייער לעבעדיקן גלאַנץ, האָט פון זיין פּרוים בייזער זיך ווידער אויסגעלאָשן. ער האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט, אונטערגעשפּאַרט מיט ביידע הענט די באַקן און איז געבליבן זיצן ווי אַ סטאַטיק.

סעסיל פּעטראָוונאַ, וועלנדיק צעטרייבן די אָנגעלאָדענע אַטמאָספערע, ווענדעט זיך צו מיכאלן מיט פּאַרדראָס:

— נו, פּעטער מיכאַאיל, פאַר וואָס זשע הייסט איר נישט אייער פּלימעניק, אַז ער זאָל זיך אויפהערן צו עקשענען?

מיכאל: גענוג וואָס פון אַלע מאכלים, וואָס שטייען אויפן טיש, נעמט ער בלויז ניס, לאָזט איר אים דאָס אויך נישט אָפּעסן צו דער זעט.

שלמה, האָבנדיק אַ פול מויל מיט יאָדערן, דאַנקט מיכאלן מיטן ווונק פאַר זיין קלוגן ענטפער. ער ווייזט וולאַדימירן מיט די פינגער, אַז אייגנס איז גאָר עפּעס אַנדערש. אָפּגעגעסן, האָט ער פּאַרטרונקען מיט משקה, און גענומען קוקן אין דער אויפדערנאַכטיקער צייטונג.

סעסיל פּעטראָוונאַ: איך פרעג אייך נאָך דאָס איינציקע מאָל: האָט איר, הייסט עס, טאַקע פעסט באַשלאָסן, נישט צו זינגען און נישט צו שפּילן?

שלמה: גלייבט מיר, איך קען איצט נישט.

— זאָגט כאָטש, אַז איר ווילט נישט.

— זאָל זיין אַזוי. איך וויל אייך נישט איבערשפּאַרן.

— וואַרט אויס, פון מיר וועט איר נאָך אַזוי גיך נישט פּטור. פאַר וואָס זשע ווילט איר נישט?

— עס טוט מיר וויי אַ צאָן.

סעסיל פּעטראָוונאַ, לאַכנדיק:

— בשעת איר האָט געקנאַקט די ניס, איז אַזעלכעס עפּעס שווער געווען צו באַמערקן... וועלכער צאָן טוט אייך וויי?

— אַ צענטראַלער, פּונקט אונטערן אויג.

— מיר טוט אויך וויי אַ צאָן.

— טאָ זינגט טאַקע אויך נישט, ווער הייסט אייך?

אין זאַל פּלאַצט אַרויס אַ געלעכטער. נאָר איין סעסיל פּעטראָוונאַ לאַכט נישט. זי דראָט שלמהן מיטן פינגער:

— וואַרט אויס, סאָלאָמינקער נביא, מיר וועלן זיך נאָך אַ מאָל אָפּרעכענען מיט אייך פאַר אייערע חכמהלעך —

— אויב נאָר מיר וועלן זיך נאָך ווען עס איז באַגעגענען, קען אודאי זיין...

— אינטערעסאַנט, פאַר וואָס עפּעס ווילט איר, אַז אונדזער קענט־שאַפט זאָל נישט דויערן?

— גאָט באַהיט! סעסיל פּעטראָווונאַ, ווי פאַלט אייך גאָר איין אויף מיר אַזאַ געפערלעכער חשד? נישט איך וויל דאָס, איך געפין דאָס נאָר פאַר זייער מעגלעך —

— פאַר וואָס זשע?

— נו, וואָס פאַרשטייט איר דאָ אַליין נישט? די שטאָט איז אַזוי אומגעהייער גרויס, די אינטערעסן, וואָס קענען אונדז פאַראייניקן, זענען אַזוי אומגעהייער קליין... מיר לעבן אין גאַנץ פאַרשידענע ספערעס. מיר האָבן פאַר זיך פאַרשידענע צילן, לעבן זיך אוים אין פאַרשידענע געזעל־שאַפטן. איר זענט דאָך עפּעס אַ קלוגע, אדרבה, זאָגט איר, וואָס קען דיי־נען אַלס אַ בריק צווישן די פּיאַטיגאָרסקים און די ביעלסקים?...

סעסיל פּעטראָווונאַ, מיט אַ צוגעשלאָגענער שטימע:

— סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, האָט גאָט אין האַרצן! איר שטעלט אונדז פאַר אַזאַ טרויעריק בילד, אַז עס גייט אַזש דורך אַ שוידער איבערן לייב...

— ...ביי אייך זינגט זיך שטענדיק... פאַרקאָנטראַקטירט אַ גאַנצע אָפּערע... אַן אייגענע חתונה מיט אייגענע קלעזמער. און ביי אונדז וויינט מען...

— מען וויינט? פאַר וואָס וויינט מען?

— וואָס דען מיינט איר? נאָך ווי אַזוי וויינט מען! קומט ראש־השנה און יום־כפור וויינט מען מחמת מורא פאַר אַ שלעכט קוויטל, קומט תשעה־באב וויינט מען מחמת גרוים ווייטיק, וואָס אונדזער פאָלק האָט פאַרלוירן זיין זעלבסטשטענדיקייט... מען קלאָגט אויף חורבן בית־המקדש...

— אַך, אָט דאָס גאָר מיינט איר? נו, מיין יונגער פריינד, רעדט זיך נישט איין, אַז ביי זינגערס זינגט זיך שטענדיק און ביי שפּילערס שפּילט זיך שטענדיק... איר נאַרט זיך שטאַרק אָפּ, אויב איר מיינט אַזוי, סאָלאָ־מאָן אַראָנאָוויטש... גלייבט מיר, עס טרעפן פיל טעג אין יאָר, אַ סך, אַ סך מער פון אייערע תעניתים, ווען איך וויין און וויין און קען גאָר נישט אויפהערן צו וויינען... איך זע, אַז איר גלייבט מיר נישט —

— איך בין זיך מודה ומתודה, אַז ס'איז טאַקע שווער צו גלייבן, אַז איר מיינט עס ערנסט, ווייל... אַזאַ ווי איר און — וויינען? ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז אַזאַ גליקלעכע פרוי ווי איר קענט האָבן סיבות צו זיין אומצופרידן מיט אייער גורל און וויינען...

סעסיל פּעטראָווונאַ גיט אַ טיפן קרעכץ:

— יאָ... כ'ווייס... אַזוי מיינט מען מן הצד... ניין, ניין, ליבער חבר פּיאַטיגאָרסקי, איר זענט נאָך צו אַ יונגער מענטש אויף צו פאַרשטיין און קענען אַלע געסעלעך און הינטער־געסעלעך פון אונדזער טרויעריק לעבן... און אפשר נאָך ווערט איר זיין אַזאַ בר־מזל, וואָס איר ווערט אויסלעבן אייערע יאָרן און זיך מיט זיי נישט באַקענען...

און קענטיק, וועלנדיק פאַרטרייבן מיט כח די טריבע געדאַנקען, וואָס האָבן אויף איר אַ פּלייץ געטון פון די פאַרבאַרגענע זכרון־קעמער־לעך, האָט זי, שוין נישט אַזוי האָפערדיק ווי פריער, זיך אָנגערופן:

— ווייסט איר וואָס, לאָמיר רעדן פון פרייליכערע זאַכן. שלמה, פאָלגט מיך, זינגט עפּעס. זייט אַ ווילער. זאָגט נאָר, אָבער דעם ריינעם אמת, איר זענט מיר אַ פריינד?

שלמה, מיט אַן ערנסטער פאַרוווּנדערטקייט אין קול:

— ווי איז דען מעגלעך אַנדערש?

סעסיל פּעטראָוונאַ, מיט נישט באַהאַלטענעם פאַרגעניגן, צעציט יע־דעם וואָרט:

— פאַר וואָס איז גאָר נישט מעגלעך אַנדערש?

— אונדזער גרעסטער תנא, ר׳ עקיבא, האָט געזאָגט: „חביב אדם שנברא בצלם". דאָס הייסט: דער מענטש פאַרדינט מען זאָל אים ליב האָבן בלויז דערפאַר, ווייל ער איז באַשאַפן אין דער געטלעכער פאָרם. אויך אין הייליקסטן מאָמענט פון דעם מענטשנס לעבן, אונטער דער חופה, — געבנדיק דערמיט די יונגעלייט אָנצוהערן, ווי אַזוי מען דאַרף נוהג כבוד זיין איינער מיט דעם צווייטן — חזרט מען זיי איבער פאַר עדות מיט אַ פייערלעכן טאָן: „אשר יצר את האדם בצלמו, בצלם דמות תבניתו"... אַלץ וועגן דער גרויסער חשיבות פון דעם „בחיר־היצורים"! על אחת כמה וכמה, אַז איך זע דאָ פאַר זיך אַ מוסטערדיקן עקזעמפּלאַר, וואָס גאָט האָט זיך מיט אים אַזוי געטריי אָפּגעגעבן און געוואָלט מאַכן פון אים אַ שעדעווער... הייַנט, ווי קען איך גאָר וואַגן צו זיין נישט פריינד־לעך צו אים?

ביי סעסיל פּעטראָוונען צינדן זיך אָן די אויגן מיט אַן אומבאַקאַנט פייערל. איבערבייגנדיק זיך איבערן טיש, פרעגט זי אים מיט אַ ברוס־טיקער שטימע:

— נו, און עס האָט זיך אים איינגעגעבן, דעם גאָט?

— מיר האָבן דאָך ערשט גערעדט, אַז איך בין אייך אַ פריינד. הייַנט, אויב איך וועל אייך אַלץ דערציילן און איר וועט פרי גרוי ווערן, וואָס זשע פאַר אַ פריינדשאַפט וועט דאָס זיין?

— דאָך, ווי אַזוי רעכנט איר?

— איך האָב דאָך אייך שוין געענטפערט. און אפילו ווען איך זאָל אייך שוין יאָ וועלן אויסזאָגן, בין איך, דאַכט זיך, נישט קיין גרויסער פאַכמאַן אין די דאָזיקע פראַגן. נאָר בכלל, אין אַלגעמיין גענומען, קען מען רעכענען, אַז דער אייבערשטער ווען ער וויל שטאַרק אַ זאַך, קען ער זי תמיד דערגרייכן...

בעלאַ אַראַנאָוונאַ שעפּטשעט אַריין פאַלין אין אויער אַריין:

— На ловца и зверь бежит, правда? *

---

* — „ביי אַ גוטן יעגער לויפט דער פאַנג אַ קעגן", אמת? (אַ רוסיש פאָלקס ווערטל).

פּאָלי, מיט א האַלב פאַרוואונדערט, האַלב פאַראכטנדיק שמייכעלע:
— Пусть бежит... мне-то ка кое дело?
— Что, этот флирт тебя совсем не трогает? странно...
— Меня? ни капельки!.. подумаешь, цаца большая...*
פרידמאַן גיט מנשהן א שטורכע מיטן עלנבויגן:
— אָט די פאַרשווינעכע וויל, דאכט זיך, געווינען אונדזער שלמהן פאר א ידיד־בית —
— און איך האָב געמיינט, אז איר וועט זאָגן: פאר א ידיד־נפש —
— ס'איז הא בהא תליא...
— אף אני סובר כן.
— ...און לערנט מיט אים בין השיטים די סוגיא פון: אשת חבר כחבר —
— א פנים אזוי...
— ...לכל דבר —
— אפשר לכל דבר... איר זאָגט, אז זי איז כחבר? און מיר דאכט זיך גאָר פאַרקערט, אז פי שנים ברוחה —
— מהם... הוא טפל לה... און אריינקומענדיק האָט זי מיר אויס־געזען צו זיין אזא גאיונית, אז זי קוקט גאָרנישט אויף קיין מענטשן —
— אף אני בחלומי... זעען מיר דאָך, אז ס'איז נישט אזוי. משמעות, אז נישט אַלע יוונים האָבן איין פנים...
— הייסט עס, די דאָזיקע בחורטע איז ביי נאכט אויך מכרת בין תכלת ללבן?
— א פנים אזוי...
— אבי די וועלט זאָגט: ביי נאכט זענען אַלע קעץ גרוי —
— דאָס איז, ברודערקע, גערעדט געוואָרן לגבי דעם חוש־הראיה, אָט די פאַרשווינעכע אָבער איז זיך משתמש מיט איר חוש־השמיעה, מיטן חוש־הריח, און דער דאָזיקער חוש איז מרגיש ביי נאכט נאָך בעסער ווי ביי טאָג, כדומה למשל — א פלעדערמויז...
— איין זאַך איז מיר קשהדיק: מילא „נשים דברניות הן", אָבער שלמה וואָס האָט זיך צעלאָזט?
— שוטה, שלמה האַפּט אויף „נשים קנאניות הן"...
— איך האָב אויך אזוי געטראכט...
און א ווונק טוענדיק אויף פּאָלין:
— סובר אני שמעי פלונית מתחתכים —
— אמן וכן יהי רצון... שוין לאַנג צייט...

* — זאָל ער לויפן... וואָס איז מיין עסק?
— וואָס זשע, אָט דער פלירט אַרט דיך גאָרנישט? מאָדנע...
— מיך? אפילו קיין טראָפּן אויך נישט!... מען קען אויף אַן אמת מיינען, אַ גרויסער אַנטיק...

סעסיל פּעטראָוונאַ, אַ שיינענדיקע און אַ באַרוישטע פון שלמהס עפּנטלעכן קאָמפּלימענט גיט אַ טאָרקע איר מאַן מיטן עלנבויגן:

— דו הערסט כאָטש דיבורים, סאַמואיל? לערן זיך... מענטשן פאַר איין שעה באַמערקן דאָס, וואָס דו האָסט נאָך פאַר זיבן יאָר נישט באַמערקט...

שלמה, קוקנדיק בשעת־מעשה מיט אַ פריינדלעך שמייכעלע אויף ביעלסקין:

— סעסיל פּעטראָוונאַ, הלואי איך זאָל ליגן זאָגן, נאָר אויב סאַמואיל לאַזאַראָוויטש האָט שוין עפּעס נישט באַמערקט ביז היינט, וועט ער עס שוין מסתמא אויך ווייטער נישט באַמערקן...

ביעלסקי: נו, שלמה, אפשר וועט זיין גענוג חכמות? הערט זיך שוין אויף אין אונדז נוקם זיין און זינגט שוין עפּעס. דאַכט זיך, „לעמעשעוו" * אַליין וואָלט זיך שוין אויך געלאָזט איינרעדן.

די גאַנצע צייט פון סעסיל פּעטראָוונעס שמועס מיט שלמהן זיצט אסתר ווי אויף הייסע קוילן. אָט דער לייכטער פלירט, וואָס רופט אַרויס ביי יעדן פון די געסט נאָר אַ גוטמוטיק שמייכעלע, בראָט זי און ברענט זי און הייבט זי פונעם בענקל. ענדלעך האַלט זי טאָקע נישט אויס. זי גיט אונטערן טיש אַ טאָרקע פאָלין אין דער קני און שיפּעט אַרויס מיט אַ פליסטער, וואָס בריט ווי פּריסעק:

— זע נאָר, ווי יענע אשה־צנועה עסט אים אויף מיט די אויגן... זינגט איך לעב! און דו וואָס זיצסט ווי אַ גיפּסענע קוקלע? רוף זיך שוין אויך אָן מיט אַ וואָרט, מען זאָל נישט מיינען אַז דו ביסט אַ שטומע. אַ גאַנצן אויפדערנאַכט נאָר זי שווייגט ווי אַ דאָמאָוויק... **

פּאָלי גיט אַ שאָס אין דער מוטער מיט אַזאַ פייערדיקן בליק, אַז יענע גיסט זיך מאָמענטאַל אָן אַ פולע גלאָז לימאָנאַד און קערט זי איבער אין האַלדז אַריין מיט אַזאַ האַסט, ווי דער בעדער „וואַרפט אַריין" אַ שעפּעלע וואַסער אין אויוון אַריין אויף די אָנגעגליטע שטיינער. פּאָלי, „אָפּגעצוואָגן" די מוטער ווי זי האָט פאַרדינט פאַר אַזעלכע רייד, גיט אָבער תוך כדי דיבור אַ טראַכט, אַז די מוטער איז, דאַכט זיך, דאָס מאָל נישט אין גאַנצן אומגערעכט. יאָ, אַזוי איז דאָס, איר שווייגן מסרט זי פיל ערגער פון איר רעדן. זי ציט אַרויף אויפן מיילעכל אַ צוקערדיק שמייכעלע און זאָגט שלמהן מיט אַ כלומרשטן פאַרוווּרף:

— נו, אַן עק, טו זיי שוין צו ליב! זיך לאָזן בעטן האָט דאָך אויך אַ שיעור, צי ניין? דו האָסט אַ האַרץ פון אַ טאָטער, צי וואָס?

שלמה, מיט אַ שמייכל:

— אַ טאָטער איז נאָך גאָלד קעגן מיר...

---

* אין יענע יאָרן, אַ באַרימטער זינגער אין רוסלאַנד.

** אין דער רוסישער פאָלקלאָר: אַ נאָמען פון אַ שד. ביי דעם פאָלק איז איבער עפּעס איינגערעדט, אַז דער דאָזיקער שד איז בטבע אַ שווייגנדיקער.

# קאפיטל XXIV

לאנגזאם און ווי נאך אלץ נאכדענקענדיק, האט זיך שלמה אויפגע־הויבן, מיט דעם פוס אפגערוקט דאס בענקעלע מיטן פידל, און האט אפ־געוואָרפן דאס פאלירטע דעקל פון דער רייזיקער פיאנינע מיט די צוויי אלטמאָדישע גאלדענע מנורות. שטייענדיק האט ער א פרווו געטון א פאר טענער, א קיצל געטון די ביינדלעך דא און דאָרטן און ערשט ווען ער האט זיך איבערצייגט, אז די כלי איז געזונט אויף אלע אברים, האט ער זיך אוועקגעזעצט אויף דעם קיילעכדיקן שטולעכל מיט דעם זיידענעם קישעלע, וואס שטייט נישט אויף פיסלעך, נאר אויף ניקעלנע זיילעכלעך. דאס דאָ־זיקע שטולעכל שטייט ספּעציעל פאר דעם פיאניסט. דער שרויף האט זיך פלינק א דריי געטון און ער איז ווידער געזעסן מיטן פנים צו די געסט.

מיט א מאָל ווענדעט זיך שלמה צו סאָניען מיט א פארזאָרגטער מינע:

— נו און פאר די שכנים מאכט נישט אויס? מענטשן קומען פון דער ארבעט מיד, צעבראָכן...

די באלעבאטים צעלאכן זיך אויפן קול. וולאדימיר גיט שלמהן א קלאפּ אין פלייצע:

— ווו געפינסטו זיך, אין א כמעלניקער כאטקע, צי אין א סאלאַ־מינקער כאלאבודע? דא קענסטו אפילו אויסשיסן פון א האַרמאַט, וועט דיך אויך קיינער נישט הערן. אזעלכע ווענט זענען דא און אזעלכע טירן. און חוץ דעם, אפילו ווען די שכנים הערן יאָ — אין וואס איך בין שטאַרק מסופק — וואָלטן זיי אויך קיין איין וואָרט נישט געזאָגט. מיר פארהאלטן זיך מיט זיי אזוי גוט, אז זיי וואָלטן פאר אונדז קיין זאך באַרשטש נישט גענומען. און חוץ דעם ווייסן זיי גוט, אז מיר פראַווען היינט א קערמעשל לכבוד אונדזער טעכטערל. האב נישט קיין שמערצן, פיל זיך פונקט ווי ביי זיך אין דער היים און הייב אָן.

שלמה: מיינע הערן און דאַמען! סאָוויעטישע לידלעך הערט איר דורך דעם ראַדיאָ פון אין דער פרי ביז נאכט, אז די אויערן טוען צומאָל וויי, דעריבער וועל איך אייך דא זינגען א פאר זאכן גאר פון אן אנדער וועלט...

בעלאַ אַראָנאָוונאַ: זינגט, וואס איר פארשטייט אליין. מיר זאָגן אייך קיין דעה נישט.

— איך האב געוווּסט, אז איר וועט זיך גיכער פון עמעצן אנדערש פארלאָזן אויף מיין געשמאַק...

— פאר וואס זענט איר עפּעס געווען אזוי זיכער?

— ווייל אזוי ווי אונדזערע פאטערס הייסןביידע מיט איין נאָמען, במילא —

ביים טיש ברעכט אויס א לוסטיקער געלעכטער. איייניקע פון די געסט, באַנוצנדיק זיך מיט דער שקלאָ וטריאַ אַרום דעם רעפּערטואַר, גע־ניסן פון די געשמאַקע צובייסנס בפה מלא.

אסתר: שלמה, זינג יענעם וואַלעך, פאַלג מיך —

פרידמאַן: שפּיל יענע „זאַך", וואָס דו האָסט געשפּילט פאַר אַ יאָרן ל"ג־בעומר אין וואַלד. זי ליגט מיר נאָך אין טעם עד־היום...

מנשה: פאָלגט מיך, ווען איר לאָזט אים שפּילן, וואָס ער אַליין וויל, וואָלט זיך עס בעסער באַקומען.

ביעלסקי: דער חבר כאַדראָוו איז גערעכט. זאָל ער אַליין אויס־קלייבן.

שלמה: נאָך אויף איין קאַפּריז מוזט איר איינגיין. איך פאַרלייד נישט, אַז די אוידיטאָריע איז מיר הינטער דער פּלייצע. מיינע מבינים מוזן זיך געפינען פאַר מיינע אויגן, פנים אל פנים. מען דאַרף דעם טיש אַזוי אַוועקשטעלן, אַז ווען איך וועל וועלן זאָל איך אייך אַלע קענען זען.

ביעלסקי: Губа не дура!* , ער ווייסט, וואָס ער וויל...

און צו זיינע שכנים זאָגט ער שטילערהייט:

— חברים, געדענקט, וואָס איך זאָג אייך, עס געפעלן מיר זיינע הכנות. איך האָב אַ גוטן פאָרגעפיל. מיך, אַז עס הייבן אָן ביים די פינ־גער, איז אַ סימן... שווייגט, מיר וועלן שוין זען צום גרייטן.

פאַרזיכטיק, אַז דאָס גלאָזוואַרג זאָל זיך נישט צעבוצקען און די משקאות נישט פאַרגיסן אויפן טישטעך, האָבן לייב מיט וולאַדימירן צו־געפירט דעם פּילפּיסיקן טיש און אים אַוועקגעשטעלט פּונקט אַקעגן דער פּיאַנינע. יעדער איינער האָט זיך צוגעטראָגן זיין בענקל, און דאָס צימער איז באַהערשט געוואָרן פון אַן אַבסאָלוטער שטילקייט. שלמה, — ווי ער זאָל זיך וועלן אויסלאָדן פון אַן אינערלעכער משא, ווי ער זאָל האָבן אַ באַדערפעניש זיך אויסשרייען סתם אין דער וועלט אַריין, כדי צו באַ־פרייען דעם וועג פאַר איידעלע, צערטלענדיקע קלאַנגען — האָט זיך אָנגע־שפּאַרט מיטביידע הענט אין דער ברייט אויף אַלע קלאַווישן, און דאָס גאַנצע צימער האָט זיך שטאַרק אַ טרייסל געטון. שלמהס פינגער גיבן אַ פאָר מאָל אַ פּלי פון דער העכסטער אָקטאַווע ביזן נידעריקסטן באַס, אַהין און צוריק, ישר והפוך. אַ קורצע פּויזע. שלמהס לינקע האַנט שוועבט אויך אַרויף אויף די ביינדלעך, ער גיט איייניקע פאַרשכורנדיקע אַקאָרדן, און אין צימער צעפליען זיך פייגעלעך, אָן אַ שיעור שוועלבעלעך און קאַ־נאַרייקעס. זיי פילן אָן דעם גרויסן חלל פון זאַל; זינגען אַראָפּ פון דער סטעליע; שטייען ביי יעדן אויפן אַקסל; זינגען יעדן באַזונדער אָן אַנ־דער זאַך אין אויער אַריין. אין צימער איז מיט אַ מאָל אויסגעוואַקסן אַ וואַלד. די פייגעלעך זענען זומער־פייגעלעך, די טענער, זענען פרילינגס־

---

* „די ליפּ איז נישט קיין נאַרישע". אַ רוסיש ווערטל. געמיינט: דער מענטש האָט אַ געשמאַק.

טענער. ערגעץ אין די פארבאָרגענע פאַלדן פון דעם כדור־הארץ, ווו עס קושט זיך דער הימל מיט דער ערד, ווו עס ווערט באריכותדיק אָרומגע־שמועסט דער סדר פון דער מאָרגנדיקער וועלט, האָט שאַריעט אויף טאָג. אָט טראָגט זיך דורך אַ מילד ווינטעלע, דאָס איז אַ פאָך פון מלאכים־פליגל פאַר דעם זון־אויפגאַנג. אָט צעגיסט זיך דעם סאָלאָוויים קולעכל אי־בערן גאַנצן וואַלד. אַלערליי מינים אַנדערע פייגל העלפן מיט. די זילבערנע טרעלן פאַרקלינגען דעם גאַנצן אַרום. די ביימער שאָקלען זיך פרום, די חיות ברומען, זיי זענען אומצופרידן דערמיט, וואָס זייער ממשלה ענ־דיקט זיך. די ערד קאָרטשעט זיך אַזש פון פאַרגעניגן. אין די הימלען רעשט זיך: עס דאַרף געבוירן ווערן אַ פרישער טאָג! פּלוצלינג שניידן זיך אַריין אין אָט דעם גאַנצן טומל די אומעטיקע יבבות פון אַן אָטשע־רעטן פייפעלע, וואָס געהערט צו אַ יונג פּאַסטעכל. דאָס פייפעלע פאַרגייט זיך, אַז עס צופּט אַזש ביי דער נשמה. די שעפּעלעך באַגריסן זיך מיטן העלבלויען הימל אויף זייער שטייגער: מע־ע־ע... מע־ע־ע... אָט דער־טראָגט זיך אַ מהוקען פון קי, אַ הירזשען פון פערד, אַ העפּען פון קעלב־לעך און אַ קוויטשיק אויסגענעצן זיך פון לאָשיקלעך. מיט אַ מאָל דער־הערט מען דייטלעך אַ רעווע פון אַ לאָקאָמאָטיוו, און אַ ריטמיש קלאַפּן פון רעדער: טשיק־טשיק־טשאַק, טשיק־טשיק־טשאַק... דער צוג האָט זיך דורכגעטראָגן ווי אַ וויכער, און ווידער דערהערט זיך דאָס איבערגעריסענע פייפן פון פּאַסטעכל. עס דערטראָגט זיך פון ערגעץ גאָר נאָענט אַ קאַטשען זיך פון סקריפּענדיקע רעדער, דאָס עקשנותדיקע נאָכהאַווקען פון אַ הונט, אַ צעצוויגענער „וויאָ־צאַבע" פון אַ ווייטן שליאַך. די טענער ווערן וואָס ווייטער אַלץ גרעבער, אַלץ וואָכעדיקער — דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן...

אַלע האָבן גוט געזען, ווי שלמה האָט צוגענומען די הענט פון די קלאַווישן און האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין זיין שטול־פּלייצע, נאָר קיינער האָט נישט איינגעהערט, אַז אין זאַל איז שוין שטיל געוואָרן. ביעלסקי האָט דער ערשטער אָנגעהויבן אַפּלאָדירן. אַלע איבעריקע האָבן זיך מיט אַ מאָל אויפגעכאַפּט פון די ערטער און געשמאַק געקלאַפּט אין די דלאָ־ניעס. ווען דאָס קלאַפּעריי האָט ענדלעך אויפגעהערט, האָט שלמה אַרויס־גענומען דעם פידל, אויסגעפּרוווט יעדע סטרונע, אַ פיר געטון מיטן סמיטשיק אַרויף און אַראָפּ און זיך געווענדעט צום עולם:

— איצט מיינע פריינט, וועלן מיר צו ליב טון אסתרן. פאַר אַ מאַמע פון דערוואַקסענע קינדער מוז מען האָבן דרך־ארץ, און דערצו איז זי דאָך עפּעס מיינע אַ „זיעמליאַטשקע"...* וואָס זשע אַזוינס שטעקט אין יענעם לידעלע, וואָס זי האָט מיך עטלעכע מאָל געבעטן זינגען?

...ביים סאַמע דניעסטער, דאָרט ווו עס גרענעצט זיך אונדזער מאָל־דאַוויע מיט דעם רומענישן בעסאַראַביע, און מיט אַ היפּשן פלאָקן אַרויף־

---

* פון איין שטעטל.

געשאַסן העט אַרויף צו פּוילן, צו גאַליציען און צו די ווייטלעכע לענ־
דער: עסטרייך און אונגאַרן, ליגט אַ גרויסער ראַיאָן מיטן נאָמען וואָלע־
כאַי. דער דאָזיקער ראַיאָן צייכנט זיך אויסערלעך נישט אויס מיט גאָר־
נישט באַזונדערס. די זעלבע שטילע טייכן, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש
פאַר יענער געגנט, די זעלבע פלאַכע בערג, זאַמדיקע פעלדער, אָפּטע ווייג־
גערטנער און איזומרודנע הימלען. יענער שבט, וואָס באַוווינט אים, איז
זייער אַן אָרעמער און זייער אַן אָפּגעשטאַנענער. כמעט יעדער צווייטער
פון זיי פאַרנעמט זיך דאָרט מיט פּיצוכט. דער מאַן פּאַשעט די שאָף, די
פרוי מיט די קינדער מאַכן פון דער מילך דעם וואָלכישן קעז, וואָס איז
שטאַרק באַוווסט און באַליבט אין יענע מקומות, און מען פאַרקויפט אים
אין שטאָט אַריין. אַליין באַנוגנט מען זיך מיט דער זויערמילך און מען
קוויקט זיך מיט די באַוווסטע וואָלכישע באָרשטשעס. פון דעסט וועגן
איז אָט דער דאָזיקער אָרעמער שבט גאָרנישט אַזוי אומגליקלעך. על כל
פנים, זיי אַליין, די וואָלעכן, קלאָגן זיך קיין מאָל נישט אויף זייער גורל. ווי
באַוווסט, איז נישט אין רייכקייט שטעקט דאָס גליק, פונקט ווי גליק, מוז
נישט דווקא אָנקומען צו קיין רייכקייט. אָפּט מאָל טרעפט זיך, — ניין, טאַ־
קע גאָר אָפּט — אַז אָט די צוויי מתנות פון זיין ליבן נאָמען זענען גאָר צע־
קריגט צווישן זיך מיט סכנות־נפשות, ממש: תרתי דסתרי אהדדי! * איינס
פאַרליידט נישט דאָס צווייטע, און ווערט גאָר אַממערסטן אַרויסגעשטויסן
דורך דעם אַנדערן.

יאַני: הם! דו מאַכסט עפּעס אַזוי אַוועק אָט די „צוויי מתנות פון זיין ליבן נאָמען", אַז עס כאַפּט אַזש אָן אַ געלעכטער... הלמאי זאָל איך זאָגן, איך האַלט, אַז אושר ועושר, דאָס זענען „שתי מתנות שהן ארבע" —

פרידמאַן: איר מעגט זאָגן „שהן הרבה" —

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: חברים, קאָמענטאַרן אויף שפּעטער... דער־ווייל שטערט נישט!

שלמה: ...איז אפשר טאַקע דערפאַר, ווייל די וואָלעכן זענען אַזוי אָרעם, דעריבער קענען זיי אַזוי גליקלעך זיין. אונדז, יידן, האָט מען שוין לאַנג געזאָגט: יאה עניותא לישראל... אין וואָס זשע מיינט איר, באַשטייט זייער גליק? וואָס אַזוינס פאַרבייט זיי דעם משוגענעם לוקסוס אין וועלכן עס באָדן זיך זייערע ברידער אין בוקאַרעשט און אין קעשעניעוו, אין יאַס און אין קאָנסטאַנצע, אין גאַלאַץ און אין טשערנאָוויץ? שטעלט זיך פאָר, אַז אַלץ אין דער וועלט פאַרבייט זיי — זייער מוזיק. יאָ, יאָ! שמייכלט נישט. די וואָלעכן שפּייזן זיך מיט מוזיק. אָפּגעגעסן די פּאָפּשויענע מאַמע־ליגע מיט באָרשטש, פאַרטרונקען מיט סאָראָוועטקע, צי מיט מאַסלינקע פון זייער קעז און פּוטער, נעמט דער וואָלעך אַרויס פון טאַש זיין אָטשערעטן פייפעלע, און אָנשטאָט דעסערט, איז ער מכבד די שטובמענטשן, די געסט, מיט אַ פּאָרציע „מלאכים־שפּראַך". און איך מוז אייך זאָגן, מיינע פריינט,



* צוויי זאַכן, וואָס איינס שליסט אויס דאָס צווייטע.

אַז אָט דער נאָמען: „מלאכים־שפּראַך“, איז כלל נישט קיין איראָניע. דעם וואָלעכס זינגען, דעם וואָלעכס שפּילן, דעם וואָלעכס פּייפן, איז שווער אָפּצושאַצן מיט געוויינלעכע ווערטער. סיי אין זיין טיפקייט, סיי אין זיין האַרציקייט, צי אין זיין זיסער פאַרביטערטקייט, צי אין זיין כלות־הנפשדיקער פאַרבענקטקייט — פאַרמאָגט ער נישט צו זיך קיין גלייכן אין אייראָפּע. אין קיין שום ציגיינערשער קאַפּעלע, אין קיין שום אונגאַרישן קאַפּע־שאַנטאַן, אין קיין שום פאַריזער אָפּערע, קענט איר נישט ווערן אַזוי באַצויבערט, אַזוי באַרויבט פון אייער בחירה, ווי הערנדיק דעם וואָלעך אויספּייפן זיין נאַטירלעכע סערענאַדע.

די ברייטע און שמאָלע שליאַכן פון רומעניע און אירע פאַרוואָרפענע געגנטן, ווערן גאַנץ אָפּט געשטערט אין זייער שלאָף דורך פאַרשיידענע עוברי־דרכים. אַ מאָל זענען דאָס געלט־גייציקע וויינזאַוואָדטשיקעס, וואָס די איבערגעפולטע קעלערס מיט וויין לאָזן זיי נישט איינרוען אפילו דורך די נעכט; צי למשל, גרויסע אָקסנהענדלער, וואָס האָבן זיך מתחייב געווען, מדי חודש בחדשו צוצושטעלן דעם חייל, אָדער אַריבערשטעלן דעם גרענעץ טראַנספּאָרטן פון כמה וכמה טויזנטער „קעפּ“, און אָט די „קייט אויפן האַלדז“ טרייבט זיי אַרום איבער דער מדינה יומם ולילה; און ס'רוב זענען דאָס גאָר געוויינלעכע סוחרים פון שאָף און רינדער, וואָס די דאגת־הפרנסה רויבט צו זייער רו און זיי טראָגן זיך אַרום איבער די שלווהדיקע סטעפּעס, ווי די בייזע נאַכטגייסטער. אַז נישט זענען דאָס סתם וואַנדערער, וואָס זייערע אומרואיקע געמיטער קענען זיך נישט צופּאַסן צו קיין שום אָרט אין דער וועלט; אַז נישט זענען דאָס ציגיינער־משפחות, וואָס טאַפּן אויס אַ „פעט“ ערטל, ווו צו פאַרפלעקלען זייערע לייוונטענע געצעלטן, עס זאָל חלילה נישט זיין „אומזיסט“ די טרחה... אַן אַנדערש מאָל: אָרעמעלייט, שלעפּערס, קונצנמאַכערס, בלינדע באַנדוריסטן, אָדער סתם דורכפאָרער, וואָס דער צופאַל האָט זיי פאַרוואָרפן אין די נאַכטיקע, וואָלעכישע סטעפּעס.

עס טרעפט, אַז איינע אַזאַ שיירא פאָרט דורך נישט ווייט פון אַ פאַרגעסענער לאָנקע, וואָס האָט זיך אַריינגעקוועטשט מיט אַ זייטל צווישן אַן אומענדלעך פּאָפּשוי־פעלד פון איין זייט, און אַ נידעריק געוואַקסענעם, מידן וויינגאָרטן פון דער צווייטער זייט. דער קלעפּיקער דרימל, וואָס האָט גלייך פון תחילת־נאַכט באַפאַלן די פאַרשוינען אויף די שכורע, וואָלכישע פעלדער, ווערט דורך אומגעזעענע פינגער אַרונטערגעריסן און אַוועקגעשליידערט העט ווייט אין פינצטערן אָפּגרונט פון דער נאַכט. פון ערגעץ גאָר נאָענט דערטראָגט זיך צו די אויערן פון די רייזנדיקע דאָס יאָמערלעכע וויינען פון אַ פּייפעלע. אַ פאַרבענקטער פּאַסטעך גיסט דאָס אַזוי אויס זיין האַרץ קעגן דער לבנה. די פור שטעלט זיך אָפּ. אַלע פאַרשוינען ווערן ממש פאַרשטאָרבן פון מתיקות. עס גייט אַזוי פאַריבער אַ שעה, און אַ מאָל אויך צוויי, און נישט זייער זעלטן טוט זיך נישט אָפּ דער דאַזיקער כשוף ביזן ווייסן טאָג אַריין. דער פּאַסטעך הערט נישט אויף אָנ־

צופילן די שטילקייט פון דעם טיפן נאַכטיקן חלל מיט טרויעריקע, האַרצ־קלעמענדיקע קלאַנגען. די פאַרשווינען אויף דער פור זיצן אומבאַוועגלעך ווי זיי וואָלטן געווען צוגעקאָוועט מיט שטאָלענע רייפן. אַלץ איז פאַרכ־שופט. די פערד, וואָס זענען ערשט נישט לאַנג אַזוי שמיידיק געלאָפן אי־בער דעם אויסגעפאָרענעם וועג, שטייען איצט אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און אָנגעשפּיצט די אויערן. די שאָף ליגן אַרום פּאַסטעך און זוכן מיט זייערע תמעוואַטע, שאָפענע אויגן, וווהין עס קומען אַהין די וווּנדערלעכע קולות, וועלכע פליען פון דעם פּראָסטן שטיקל אָטשערעט, וואָס שטעקט ביי אים אין מויל.

איינס אַזאַ געראָטן וואָלעכל, האָבן חסידים צוגעפּאַסט צו אַ שטיקל „זמירות", וואָס מען זינגט ביי שלש־סעודות, מיטן נאָמען „דרור־יקרא". דאָס האַרץ־נאָגעניש און דער נשמה־געוויין ביי יידן שבת פאַר נאַכט איז זייער גרויס, דעריבער פּאַסט אַזוי אָט דאָס אומעטיקע, פאַרבענקטע ני־גונדל צו דער שלש־סעודותדיקער שטימונג. הערט זיך גוט איין, וועט איר אויך מסכים זיין מיט מיר.

אויף אַ קלייניגקער ווײַלע איז נאָך שלמה געבליבן זיצן אויף זיין אָרט ווי פאַרשטאַרט. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן, דער פידל האָט זיך ווייך אַרונטערגעלייגט אונטער דער לינקער באַק, זיינע קויל־שוואַרצע אויגן האָט עמעצער ווי איבערגעצויגן מיט אַ דין, פאַרחלומט רויכל. אַלע אָנוועזנדיקע האָבן שוין געוואַרט מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס. נאָך אַ מינוט, נאָך אַ סעקונדע — און אין צימער דאַרף זיך צעטראָגן עפּעס אַן אומ־באַקאַנטער כח, אַ טיף סודותדיקער און גלייכצייטיק אַ טיף מעלאַדישער, נאָך וועלכן עס וועט אוממעגלעך זיין איינצושלאָפן... נאָר גאַנץ אומגע־ריכט האָט שלמה אַראָפּגעלאָזט דעם פידל צו די פיס. אַלע האָבן אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט. ער האָט שטיל, ווי ער וואָלט מורא געהאַט זיך אַליין אויפצוּוועקן, געזאָגט דעם באַלעבאָס פון דער דירה:

— וולאַדימיר, איך האָב ערשט צונויפגערעכנט, אַז אייער קאַנדי־לאַבער גיסט אויס אין צימער אַריין ביי זעקס הונדערט ליכט. ס'איז שוין באַלד אַזוי גוט ווי אונטער אַ יולי־זון. דאָס איז אַ ביסל צו פיל. אָט די טאָגשיין רויבט ביי אונדז אַוועק דאָס שענסטע און אינטערעסאַנטסטע פון אונדזער קאָנצערט — די פאַנטאַזיע. און פאַר אָט דער גזילה בין איך דן אייער קאַנדילאַבער בחניקה. מיר קענען זיך באַגיין אָן אים. מיר האָבן גענוג אַ לעמפּעלע פון פופצן ליכט. איך מיין טאַקע אָט יענץ, וואָס אויפן שפּיגל מיט דעם ראָזע אַבאַזשורטשיקל. סאַמואיל לאַזאַראָוויטש, איר זענט דאָך אַ פאַכמאַן, וואָס זאָגט איר, שטאַרקע ליכט מאַכט וואָכעדיק דעם איינדרוק פון מוזיק, צי דאָס איז בלויז מיינע אַן איינבילדונג? אַ קאַפּריז פון אַ סאַמאָראָדנע בעל־מנגן?

— סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, אייערע אַ מיינונג האָט אַ גאַנץ בכבודיקן טאַטן, און איר מוזט זי נישט אָטעסטירן ביי קיינעם. מען קען זיך פאַר־לאָזן אויף אייער אויטאָריטעט אַליין.

— אויב מיין שטימונג וועט אין דער מיט נישט קאַליע ווערן, האָב איך בדעה אייך צו זינגען און צו שפּילן גאַנצע דריי זאַכן פון דעם זעלבן זשאַנר. וולאַדימיר, זייט זשע טאַקע אַזוי פיל גוט און לעשט אוים אייער «Большая медведица».* . אָנשטאָט איר צינדט אָן אָט יענץ ראָזע שטערנדל. אָט אַזוי! אַך, ס'איז אַ מחיה! איך ווייס נישט ווי אַזוי איר, נאָר איך זע יעדן איינציקן פון אייך נאָך פיל בעסער ווי ביי יענער זונשיין. על־כן —

אין דעם שוואַך באַלויכטענעם צימער, פון דער פּיאַנינע־טאַליע, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אויער פון אַן ענק מבני הנפילים, האָט זיך אומ־גערינכט דערטראָגן כמעט אַ קינדערשער אַלט, אַ זיסער און אַ שטאַרקער. דאָס פידעלע האָט פאַרשטיקט אַ כליפּע געטון און אין דעם גרויסן זאַל האָבן זיך מיט אַ מאָל אַריינגעריסן: וואָלכישע סטעפּעס, אַ געדיכטע נאַכט, אַ ווייטע פאַרנעפּלטע לבנה, און עס האָט זיך דערהערט אַ טיפער קרעכץ פון אַ בלוטנדיק האַרץ פון אַ ליבנדיקן. צו דעם אומגליקלעך־פאַר־ליבטנס יאָמערלעכן געוויין האָבן צוגעהאָלפן: די סמאָלע־שוואַרצע נאַכט, דער פייכטער סטעפּ, דאָס קילע ווינטעלע, דאָס שעפּטשענדיקע גראָז, און די ווייך־האַרציקע שטערנדלעך... דער אויער האָט זיך נאָך נישט אָנגעזע־טיקט מיט די דאָזיקע הימלשע קולות, ווי דער פּייזאַזש הייבט זיך אָן צו בייטן. ביסלעכווייז פאַרשווינדט די פריערדיקע דעקאָראַציע: אוים פעלד, אוים לבנה, אוים פאַסטעך, אוים פייפעלע... פון דער בין־השמשות־דיקער טונקלקייט, וואָס הילט איין דעם גרויסן זאַל, שיילט זיך אוים גאָר אַן אַנדער בילד: אַ קליין שטעטל. אַן אַלטער בית־מדרש מיט אויס־געקרומטע, צעהוידעטע ווענט. אין דרויסן שיט מיט גאַנצע הויפנס שניי, און אַ בייזער צפון־ווינט זאָגט אָן די בשורה־טובה, אַז אין דער פרי וועט זיין אַ גאַנץ נישקשהדיקער פראָסט. אין דרויסן צאַנקט נאָך דער „רעוא דרעוא",** עס גוססט נאָך דער ליבער שבת־קודש, אָבער צווישן די פיר פאַררויכערטע ווענט איז שוין שטאָק־נאַכט. ביי אַ טיש, לענג־אוים דער דרום־וואַנט זיצן ביים שלש־סעודות איינגעבויגענע רוקנס. אין אַן אָפּגע־קאַלופּעטן בלעכענעם טעלער ליגט נאָך אַ פאַריתומט ווייִדעלע פון אַ פלאָטעטשקעלע.*** דער ווינט אַמפּערט זיך מיט דער רינווע, ער וויל זי גאָר מיטנעמען מיט זיך הינטער די הרי־חושך. דורך די פענצטער בלאָזט אריין מיט סכנת־נפשות. יעדער איינער פון די מסובים וויקלט זיך שטייף־פער איין אין זיינע שמאַטעס, און איינער אַ „בעל מנגן" מיט אַ קול פון שוין לאַנג נישט אויסגעשמירטע רעדער פון אַ וואָגן, כריפּעט אַ זמרל, אַז עס ציט אַזש ביי דער נשמה:

* „גרויסע בערעכע". אַ נאָמען פון זייער אַ ליכטיקן שטערן.

** „די שעה פונעם בעסטן ווילן". אַזוי ווערט אָנגערופן אין חסידות די שבת־פאַרנאַכטיקע שעה. געמיינט: ווען מען קען אַמבעסטן פועלן ביים אייבערשטן דעם מבוקש.

*** פלאָטעצעס — סאָמע דראָבנע פישעלעך.

— דרוש גוי... איי־איי־איי, אוי־אוי־אוי, ואולמי...*

יעדן איינעם דערמאָנט זיך, אַז ערגעץ האָט ער אַ „גוי" מיט אַן „אולמי". און דאָרט געפינט זיך ירושלים. דאָרט געפינט זיך צפת און חברון. דאָרט שיינט איצט די זון. עס בליִען דאָרט מאַנדל־ביימער. און דאָ איז אַזאַ חשכות, אַזאַ שווידערלעכע קעלט. אין שטוב איז נישטאָ קיין שייטל האָלץ. קיין איין שטרויעלע. מאָרגן דאַרף מען זיך צוזאַמען מיטן קינד שלעפּן אין דאָרף אַריין, אפשר וועט השם־יתברך עפּעס מזמין זיין. און בסך־הכל הוסט נאָר דאָס קינד געפערלעך, און ער אַליין הוסט אויך אונטער... די שטיוול רינען ביי זיי ביידע. גוואַלד, און מיט וואָס לאָזט מען איבער אויף דער גאַנצער וואָך דאָס ווייב און קינדער? נעבעך טייערע קינדערלעך... שטילע ווי די שעפּעלעך... דער פאָטער האָט נאָך נישט געהערט, אַז אַ קינד זאָל אַ מאָל זאָגן: „טאַטע, איך וויל עפּעס"... „טאַטע, הלמאי האָט יענץ קינד"... דער צעבראָכענער פאָטער ווישט אָפּ מיט אַ שפּיץ פונעם טישטעך אַ געזאַלצענע טרער און נאָך אַ טרער, זיין צעקנייטשט פּנים קאָרטשעט זיך פון געוויין און ער העלפט צו מיט די לעצטע כוחות דעם הייזעריקן מנגן:

— הדוך קמי, איי־איי־איי, אוי־אוי־אוי! אל קנא...**

אַלע איינגעהויקערטע רוקנס קרעכצן מיט. די ווענט, דער אָרון־קודש, דער באַלעמער, דער טיש, אַלץ־אַלץ איז פאַרוואַנדלט אין איין צעיושעטער מאַסע. אין אַ סטאַדע פאַרשטויסענע שאָף, וואָס וועלף האָבן זיי אַרומגערינגלט. זיי שטופּן זיך איינע אויף דער אַנדערער, פּלאָנטערן זיך אין דער וואָל, צעדראַפּן זיך איינער דעם צווייטן דאָס פּנים, אָבער די געפערלעכע לאַגע ווערט דערפון נישט לייכטער. און פון אַלעמענס צעבראָכענע הערצער רייסט זיך אַרויס אַ האַרצרייסנדיקער אויסגעשריי:

— שעה שועת בני עמי...

אַ פאָכע מיטן כשוף־שטעקעלע, ווידער אַ כוואַליע פאַרשכורנדיקע מוזיק, ווידער אַ זיפצן פון אַ פאַרליבטער נשמה, און עס שווימט צוריק אַרויס דער היים־געליבטער פאַסטעך, ווידער דאָס וווּנדערלעכע פּייפעלע, ווידער די באַגראָזטע, וואָלכישע ווייטן... עס לעשן זיך שטערן... עס ציען זיך צוריק אָן די הימלען... די ערד וואַשט זיך נעגלוואַסער און זאָגט: „על נטילת ידים"...

עס איז בראָך־טאָג —

---

* „קוק זיך שוין אום אויף מיין וווינונג און אויף מיין פּאַלאַץ" (געמיינט: בית־המקדש).

** „שטויס אָפּ מיינע שונאים, צאָרנדיקער גאָט".

# קאפיטל XXV

ווען שלמה האָט געענדיקט שפּילן, און אוועקגעלייגט דעם פידל אויף דער פּיאַנינע האָט אים קיינער נישט אַפּלאָדירט, קיינער האָט אים די הענט נישט געדריקט, קיינער האָט זיך אפילו פון אָרט נישט גערירט. דאָס גאַנצע מציאות פונעם שפּילער איז גאָר געווען אַ דבר המוטל בספק. אין זאַל איז געווען כמעט פינצטער. דער פּיאַנינע־ווינקל וווהין ער האָט זיך פּאַררוקט האָט אויסגעזען ווי אַן אומגעלומפּערט־גרויסער פראַגע־צייכן, און זיין אַנוועזנהייט אין אים האָט אויך אויסגעזען צו זיין אונטער אַ פראַגע. אויף די ווענט האָבן נאָך געהאַנגען רעשטלעך פון די ערשט־גע־זעענע בילדער. די לופט איז נאָך געווען אָנגעזאַפּט מיט האַרציקע קלאַנ־גען. שלמה האָט פון זיין ערטל דייטלעך באַמערקט אויף סעסיל פּעט־ראָוונעס וויעס צוויי בריליאַנטענע טרערן. אַ פּנים, אַז זי האָט זיי נישט געפילט און דעריבער געלאָזט הענגען. פּאָלי איז געזעסן ווי נישט קיין היגע. איר שיינער קאָפּ איז געווען אָנגעשפּאַרט אויף דער לינקער האַנט. די רעכטע האַנט אירע איז עפּעס ווי אומגערן געהאַנגען אויף אַ קנעפּל פונעם קאָפּטל נידעריקער פון דער ברוסט. אירע אויגן, ברענענדיקע ווי צוויי פאַקעלן, זענען געווען צוגעשמידט צו שלמהס פּנים. ביעלסקי איז געזעסן מיט אַ פאַרגליווערט שמייכעלע אויפן פּנים און זיינע פינגער האָבן לייכט געטאַנצט איבערן טיש ווי איבער קלאַווישן. יאַני האָט נאָך פאַר דעם שפּילן אַזוי לאַנג געדרייט זיין שטול אויף אַלע זייטן, ביז דער אַנלען איז ביי אים אויסגעקומען פון פאָרנט ווי אַ שטענדער. ער האָט איצט געהאַלטן מיט ביידע הענט אַרומגענומען די פּלייצע פון זיין שטול ווי עפּעס אַן אַלטן גוטן פריינד, און אָט אַזוי, אַן איבערגעבויגענער, איז ער געזעסן און האָט נאָך אַלץ אין זיך איינגעזאַפּט די זיסע קולות, וואָס זיין שלמה האָט אַזוי בריה'ש אַרויסגעבראַכט פונעם פידל.

נישט אַרויסברענגענדיק קיין איין וואָרט, האָט שלמה, קענטיק אַ פאַרטיפטער אין רעיונות, לאַנגזאַם צוריק גענומען אין דער האַנט אַריין דעם פידל. שטיל און היימיש האָט ער זיך געווענדעט צום עולם:

— איצט, מיינע טייערע, וועל איך זינגען אַן ארץ־ישראלדיק לידעלע. דער נאָמען פון דעם לידעלע איז: „בסבכי הסוף על יד הירדן".* אַזוי ווי די ווערטער זענען אויף עברית, איר וועט זיי דאָך במילא נישט פאַר־שטיין, וועל איך אייך זינגען בלויז דעם מאָטיוו. אין דעם דאָזיקן לידעלע זינגט אַ יידישע זעלנערקע אַ וויגליד איר אייניעריק ייִנגעלע. זי שטייט מיט אַ ביקס אויפן פּאָסטן ביים ירדן און איר קליין זונעלע ליגט אין אַ קוישל פון צווייגן צווישן די קוסטעס. דאָס האָט זי בגנבה פאַרן „מפקד" און פאַר די איבעריקע „חיילים" געבראַכט מיט זיך אַהער איר ייִנגעלע.

* „אין געפּלאָנטער פון אָטשערעט ביים ירדן".

אהער גיין מיט קינדער, און דערצו נאָך ביי נאַכט, איז שטרענג פאַר־ווערט. זי ווייסט, אַז זי טוט אַ גרויסע עוולה דערמיט, וואָס זי נאַרט אָפּ אירע חברים און וואַרפט זיך נישט אונטער דער דיסציפּלין, אָבער זי האָט אַנדערש נישט געקענט טון. ס'איז איר ממש אומדערטרעגלעך צו בלייבן אַליין אין די מקומות, ווו איר אבנר איז געפאַלן פונעם שונאס האַנט. מיט דעם יינגעלע אויף די הענט איז זי פיל מוטיקער. אין זכות פונעם אומשולדיקן קינד, פילט זי, וועט דער הימל זי מוזן באַשיצן פון יעדער געפאַר. זי זינגט אים שטילערהייט וועגן דעם, ווי אַזוי ערשט פאַר אַ יאָרן איז זי געווען גליקלעך מיט איר אבנרן, זיין פאָטער; ווי ליב ער האָט זי געהאַט; ווי זי פלעגט קומען צו אים אהער אויפן פּאָסטן, און ער, נאָך זיין וואַכטע פלעגט זי אויף די הענט אָפּטראָגן אין זייער „מור־שבה" אריין; ווי רייך זייערע פאַנטאַזיעס זענען געווען, ווען ער, איר פּיצעלע יוספל האָט וועגן זיך אָנגעהויבן געבן אָנצוהערן. יאָ, דאָס אַלץ איז ווירקלעך אַ מאָל געווען. אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון? זייערע האַניק־חדשים האָבן געדויערט זייער נישט לאַנג. אין האַרבסט, ביים אַראָפּנעמען די גערעטעניש, האָט זי, די ערשטע, אים געפונען אַ געקוי־לעטן ביים ברעג פונעם ירדן... פון דאַמאָלסט אָן פאַרנעמט זי זיין פּאָסטן, און ער, יוספל, דאַרף וואָס גיכער אונטערוואַקסן, נעמען די ביקס אין דער האַנט און זיך אָפּרעכענען מיט די אכזריותדיקע אַראַבער פאַר זיין פאָטערס בלוט. נאָר דערווייל, ביז עפּעס, מוז ער שווייגן שטיל. עפּעס דאַכט זיך איר, אַז אַ שיפל האָט זיך אָפּגעטיילט פון יענעם ברעג, פונעם פיינטלעכן ברעג. אפשר וועט זיך נאָך איר אַליין איינגעבן אַ ביסל צו לעשן איר נקמה־דורשט פאַר אבנרס בלוט... ש—שאַ!... די רוצחים דערנעענטערן זיך שנעל, און זי מוז נאָך אָנזאָגן איר „קדישל" עטלעכע ווערטער: וועט זי מנצח זיין איז דאָך גוט, אָבער טאָמער איז אויך איר באַשערט צו פאַלן פון אַ פיינטלעכער קויל, זאָל ער, יוספל, געדענקען, אַז ער מוז שוין פאַר איין פאַר וועגס באַצאָלן אויך פאַר איר בלוט. זי פאַרלאָזט זיך אין גאַנצן אויף אים... ש — שאַ! זונדעלע, זיי געזונט... דאָס שיפל איז שוין נאָענט... מען דאַרף זיך בעסער באַהאַלטן —

א ווײַלע איז שטיל אין זאַל. עס הערט זיך דייטלעך דאָס רעגלמע־סיקע אָטעמען פון ווייסבלאַטס קינדער אין שלאָפצימער. נאָך אַ ווײַלע, און די ערשט דערציילטע טראַגעדיע הייבט אָן געבוירן ווערן דורך קלאַנ־גען. אַלע פילן דורך די סטרונעס: דעם טונקל בלויען ירדן; דעם טיפן, אויסגעשטערנטן הימל; די בילד־שיינע יידישע טאָכטער, די שטאָלצע חשמונאית, מיט דער ביקס אין דער האַנט. איר פּנים איז מאַט־ברוין, פון געפינען זיך לאַנגע שעהן אונטער דער סמאַליענדיקער זון. זי טראָגט אַ שוואַרץ קלייד, אירע טרויעריקע הימל־אויגן שפּיגלען זיך חנעוודיק אָפּ אויף איר קלאָרן פּנים, אויפן שניי־ווייסן האַלדז, און וואַרפן אַ געהיימ־ניספולן אָפּגלאַנץ אויפן שוואַרצן קלייד... דאָס יינגעלע דאַקעגן האָט שוואַרצע אייגעלעך, אַ מיילעכל פון אַ פייגעלע און אַ קולכל פון אַ יונג

הענדעלע. פלוצלינג דערטראָגט זיך פון ערגעץ נישט ווייט א פיינטלעכער, פארכליגעמער געמורמל: כליופ, כליופ... פאר יעדן איז קלאָר: דאָס דערנעענטערט זיך א פאררעטעריש שיפל מיט באנדיטישע אראבער. אלע אין זאל דערהערן א לײדנשאפטלעכן טשמאָקע און פארשטייען וואָס עס באטייט: דאָס האָט די צארטע מוטער געגעבן איר קלײנינקן זון דעם לעצטן קוש... עס דערהערט זיך א פליוסק פון א שלעפעריקער כוואליע און א מעטאלענער בריאזג פון אָפגעוואָרפענע רודערס. צווישן די סטרונעס טראָגט זיך דורך א לייכטער געלויף פון פלינקע פרויען־טריט. דאָס האָט זיך די יידישע העלדין באהאלטן. נאָך איין אויגנבליק און עס וועט זיך באשליסן איר גורל: הרגענען דעם שונא אָדער אליין פאלן פון זיין האנט —

און פונקט ווען דער גאנצער עולם איז עלעקטריזירט, אָטעמט שווער און שלינגט דאָס פידעלע מיט די אויגן, ווערט אנטשוויגן שלמה, ווערט פארשטומט דער פידל, און די כמעט טונקעלע שטילקייט לעכערט ממש די אויערן מיט איר עד לב־השמימדיקן געשריי. דער אויפגערייצטער דמיון מאָנט ביים פידל דעם נישט גלייכן געראנגל, די אומדערוואַרטע הילף, דעם נצחון פון די העלדן, אָבער ער שווייגט, ער וועט שוין ווייטער נישט דער־ציילן...

סעסיל פעטראָווּנא שפרינגט אויף:

— שלמה... ע... איר אנטשולדיקט מיר, פאר וואָס איך רוף אייך אָן אזוי פאמיליארנע, נאָר איר פארשטייט מסתמא... מיין שטימונג... איך בין אזוי... אָנגעצויגן... זאָגט, שלמה, וואָס איז געוואָרן דער סוף פון יענער אומגליקלעכער? פון איר עלנט קינד? צי דאָס איז נאָר אן אויס־געטראכטע מעשה? א שמיר פון א מאָלעריש פענזל און מער גאָרנישט?

— געערטע סעסיל פעטראָווּנא, אז אזעלכע עפּיזאָדן זענען גענומען געוואָרן פון דער ווירקלעכקייט — דאָס איז זיכער! נאָר וואָס עס איז געווען דער סוף? ווענן דעם דארפט איר זיך מטריח זיין אהינצו און פרעגן ביי דעם שטאָק־אלטן ירדן. נאָר ער ווייסט פון חשבון, וויפל יונגע, צאפלדיקע לעבנס מען האָט אריינגעקוילעט אין זיינע דורכזיכטיקע וואַ־סערן. ווען איר וועט א מאָל קומען אין יענעם לאנד, וועט איר פיל זאכן געוויר ווערן ווענן וועלכע איר האָט אצינד אפילו קיין פארשטעלונג נישט. איז דאן וועט איר שוין פאר איין וועגס אויך געוויר ווערן דעם סוף פון אָט דער געשיכטע...

— איך — אין יענעם לאנד? איר איזדיקעוועט זיך איבער מיר?

— מאדאם ביעלסקי, וואָס חידושט איר זיך אזוי? ערנוואָרט, אייך גייט אזוי צום פנים ארץ־ישראל... איך גלייב באמת, אז ווען עס איז וועט איר נאָך אָנטון אויך דאָס קלייד... דאָס הארץ זאָגט מיר אזוי, און צו א הארץ דארף מען זיך צוהערן...

שלמה מאכט אויף דעם פוטליאר און לייגט אריין דעם פידל. פייל אויסן בווינן לויפט צו לייב טולטשינסקי און כאפט אים אָן ביי דער האנט:

— ע, שלמה, וואָס איז דאָס? דו האָסט דאָך צוגעזאָגט דריי זאכן —

— איך רעכן, אז עס וועט שוין זיין גענוג. ס'איז שוין אזוי אויך גענוג שפּעט.

— מזל־טוב דער באָבע דיינער! וועסט זיין אַ שלעפּער אין אַ גרעסערער שטאָט. דאָ אַז מען האָט אָפּגעשמועסט דריי, וועסטו גאָרנישט אַראָפּשלעפּן. עפּן צוריק אויף, זיי מוחל...

אַלע רינגלען שלמהן אַרום, אַטאַקירן זיין ווינקל, פּראָטעסטירן. שלמה איז גערירט פון זייער נישט געפעלשטן פּאַרדראָס און זאָגט מיט אַ שמייכל:

— אין אמת גערעדט, האָב איך אַפילו נישט געטראַכט משנה צו זיין מיט אייך. געזאָגט דריי זאַכן — פּאַרפּאַלן!... איך האָב נאָר געוואָלט זען, צי אַרט דאָס אייך... איצט, אַז איך האָב געזען פון אייער זייט אַזאַ שטורמישן רצון, וועל איך אייך אַלס פּרעמיע, נאָך דער צוגעזאָגטער זאַך, שפּילן נאָך אַ שיין שטיקעלע. סאַמואיל לאַזאַראָוויטש וועט מיר אַקאָמפּאַנירן אויף דער פּיאַנינע, און איר אַלע וועט דאָס מוזן אויסהערן. יענע זאַך, אַז מען זינגט מיט אַ קאַפּעלע, איז דאָס אַן אויסנאַם. בקיצור, איך וועט זיך שוין אַליין איבערצייגן. און איצט גיי איך אייך באַצאָלן מיין חוב.

אַווראָם בייגט זיך אָן צו וולאַדימירס אויער:

— נו, וואָס האָב איך אייך געזאָגט? אַ קאַוואַליעריסט, אַז ער דערזעט נאָר שפּאָרן, הייבט ער זיך שוין אָן צו העצקען... בין איך געווען גערעכט, צי ניין?

שלמהס שאַרפער אויער האָט אויפגעכאַפּט דאָס וואָרט „שפּאָרן", און שלמה האָט זיך אָנגעשטויסן ווענן וואָס זיי סודען זיך. ער האָט אַווראַמען פון ווייטנס געוויזן אַ קולאַק און זיך ווידער געווענדעט צום עולם:

— די דריטע זאַך, וואָס איך גיי אייך דאָ שפּילן, איז אייגנטלעך, אַזוי צו זאָגן, אַ קאַפּיטל פון מיין אייגענעם לעבן. איך וואָלט אייך, פאַרשטייט זיך, געקענט זינגען אָט דאָס „שטיקל" אָן קיינע הקדמות, נאָר כדי, אַז איר זאָלט דערפילן אין דעם כאָטש אַ „משהו" פון יענעם טעם, וואָס איך האָב געפילט, ווען איך האָב דאָס דערהערט צום ערשטן מאָל, וועל איך אייך אין עטלעכע ווערטער דערציילן, ביי וואָס פאַר אַן אומשטענדן עס איז מיר אויסגעקומען צו הערן אָט די האַרציקע מעלאָדיע. די זאַך איז אַזוי געווען: אין יאָר 1928 — כ'בין נאָך דאַן געווען גאָר אַ יונג בחורל — האָט מיך מיין טאַטע געבראַכט קיין קיעוו צו אַ דאָקטער. צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן איז מיר דאַמאָלסט אויסגעקומען צו געפינען זיך אין אַזאַ קאָכנדיקן קעסל ווי דאָס דאָזיקע קיעוו. אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך מיין פאָטער אומגעקערט אַהיים און מיך האָט ער איבערגעלאָזט אויף עטלעכע וואָכן אַליין אין אָט דער פרעמדער שטאָט. מיר זענען דאַמאָלסט געווען אָרעם אויף אַ רובל און מיין פאָטער האָט מיך איבערגעלאָזט מיט געציילטע גראָשנס. איינגעשטאַנען בין איך אויף סאָלאָמינקע ביי דעם טאַטנס אַ ידיד: ר' אברהם שאַרפשטיין. מיין בעל־אכסניא איז געווען זייער אַ לייטישער מענטש און אַ גרויסער מכניס־אורח.

בפועל ממש, פון זיין שטוב איז קיינער נישט ארויסגעגאנגען הונגעריק. איך, אָבער, האָב זייער נישט ליב צו זיין עמעצנס אורח... גאַנצע טעג פלעג איך זיך פּוסט און פּאַס ארומשלייען איבער די גאַסן, נישט קומען אויף דער אכסניא, כדי איך זאָל נישט דאַרפן עסן ביי אַ פרעמדן טיש... שבת אָבער, האָב איך געוווסט, וועט מיר שוין גאָרנישט העלפן. דאָ וועל איך שוין מוזן מיטעסן. איך האָב דאָך אָבער פאַרט נישט געוואָלט נהנה זיין פון קיין נהמא־דכסופא. בין איך אוועקגעגאַנגען דאַווענען אין קופּע־טשעסקע שול. שריי היינט, שריי מאָרגן — והילד איננו! מען וועט דאָך נישט גיין וואַרטן אויף מיר מיט קידוש, מי יודע וויפל... דעם אמת דאַרף מען זאָגן, אַז ביי נאַכט, פאַר אַ קליינשטעטלדיק יינגעלע, זיך אליין צוריק־קערן אַזאַ מהלך רב איז געווען גאָרנישט פון די לייכטע זאַכן. שטעלט אייך פאָר, אַז אַפּטלעך האָט אין דרויסן געקענט גיסן אַ שלאַקסרעגן, אין די שיכלעך האָט גלייך אריינגערונען... איך האָב אָבער אַלץ אָנגע־נומען פאַר ליב. אַבי פאַרשפּאָרן צו זיין ביי יענעמס טיש, איז אַלץ כדאי געווען. די אייבערשטע שול קענט איר נאָך זען עד־היום. דאָס איז אַ לענג־לעכער זאָל פאַר אַוועלכע צוויי טויזנט פּערזאָן. עס מאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק: דאָס שטרענגע זויבערקייט, די העלע באַלויכטונג, דאָס פייער־לעכע האַלטן זיך פון די מתפללים. געדאַוונט האָט גראָד דער חזן קראַמסקי. ער דאַוונט דאָרט נאָך היינט אויך. צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך דאַן געהערט אַ כאָר. געזען האָט מען אים נישט. ער האָט זיך געפונען ערגעץ אויף דער אייבערשטער גאַלעריע, און איז געווען פאַרהאַנגען. אַט דאַמאָלסט, געדענק איך, האָט אַ זיסער אַלט אָנגעהויבן זיין סאָלאָ מיט די הייליקע ווערטער פונעם שטיקל זוהר:

— רזא דשבת, איהי שבת, דאתאחדת ברזא דאחד, למשרי עלה, רזא דאחד...

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן, מיינע פריינט? אין דעם קינדערשן הערצל האָט פון אַט די זיידענע טענער אויפגעשטורעמט אַזאַ האַרצקלע־מעניש, אַזאַ מוראדיק בענקעניש... עס האָט זיך געבענקט נאָך דער טי־פער הייליקייט פון דעם שבתדיקן טאָג, נאָך דעם יום שכולו שבת, נאָך דעם יום שכולו טוב, נאָך דעם יום שכולו ארוך, נאָך דעם יום אשר הוא לא יום ולא לילה... עס האָט זיך שרעקלעך געבענקט נאָך דעם וויטן ארץ־ישראלדיקן שבת; נאָך די ארץ־ישראלדיקע הימלען, וואָס לייכטן אין דעם טאָג באור שבעת ימי־בראשית; נאָך דער דאָרטיקער גלוי־שכינה, וואָס איז באותו יום מצוי לכל, בחינת: הנה אלהינו זה... ווען אין שול פלעגט אויף אַ ווייַלע שטיל ווערן, פלעגט זיך דורך דער אָפענער טיר דערהערן ווי אויף דער גאַס ציבערט דער רעגן... פון דעם נאָגנדיקן „רזא דשבת" מבפּ־נים און פון דעם „אומקומעניש", וואָס וואַרט אויף אים מבחוץ, פלעגט דאָס קינדערשע הערצעלע פאַרקלעמען אַזאַ בענקשאַפט אהיים אין דעם בלאָטיקן, נאָר געליבטן כמעלניק, אַ שרעק! דער דמיון פלעגט אים אויס־מאָלן ווי אַזוי דאָרטן זיצן איצט אַלע קינדער ביים טאַטנס טיש. עס ברע־

נען די גרויסע שבת־ליכט. מען זינגט די געוויינלעכע און דאָך אויסערגע־וויינלעכע זמירות. נאָכן עסן וואָלט ער זיך געקענט דורכגיין צו מנשה דער מומע זלאַטעס — אָט דער זעלבער פאַרשוין, וואָס זיצט דאָ אַקעגן און פינטלט מיט די אויגן — און ערשט דאָ האָט זיך דאָס יינגעלע דערפילט אַזוי עלנט, סאַלאַמינקע אַזוי ווייט, אין מאָגן — אַזאַ איבערקערעניש, און דאָס יינגעלע הינטערן פאָרהאַנג דאָרט רייסט אויס שטיקער האַרץ און וואַרפט זיי אויפן מזבח פון כלות־הנפש, פון דבקות אין השם יתברך...

ווען דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן צעגיין פון דער שול, האָט נאָך דער רעגן יעדן איינעם שמיידיק באַגליַיט אהיים. דאָס פּראָווינציעלע יינגע־לע האָט זיך משער געווען, אַז ביי שאַרפשטיינען קער מען נאָך זיצן ביים טיש, און ער האָט ערשט אָנגעהויבן אַרומשפּאַצירן אונטערן גאַס־רעגן איבער די ליידיקגעוואָרענע גאַסן און איינחזרן מיט זיך דעם „רזא דשבת", פילנדיק אין אים וואָס וויַיטער אַלץ אַ בעסערן טעם. פון צווישן די אותיות שווימט ווידער אַרויס דער כמעלניקער געבענטשטער מעלי־שמשא דמעלי־שבתא * מיט זיין זיבעטן חן, אָבער דאָס יינגעלע פאַרשרייט אָט די קלע־מענדיקע זכרונות מיט די זיסע תנועות פון דעם נייעם זמרל. ווען ער האָט זיך פאַר האַלבער נאַכט ענדלעך אומגעקערט אויף דער אכסניא, פרעגט אים די בעל־הביתטע:

— ווו ביסטו עס פאַרפאַלן געוואָרן? דיין עסן איז שוין קאַלט ווי אייז...

— וואָס פאַר אַן עסן? איך האָב געגעסן ביי איינעם אַ זוועניגאָ־ראָדקער.

— פאַר וואָס זשע עפּעס ביי אים — יאָ, און ביי אונדז — נישט?

— פאַרשטייט איר מיך, מיר האָט זיך היינט פאַרגלוסט הערן דעם חזן. ווען איך בין נאָר אַריינגעקומען אין דער אייבערשטער שול האָט ער מיך באַגעגנט און איז צו מיר אַזוי צוגעשטאַנען, אַז איך האָב זיך בשום אופן נישט געקענט אָפּטשעפּען פון אים...

אויסגעטון זיך, ליגט ער מיט אָפענע אויגן און וואַרט ביז די באַ־לעבאָסטע וועט אַנטשלאָפן ווערן. ווען ער איז שוין ביי זיך זיכער, אַז זי וועט שוין גאָרנישט דערהערן, טוט ער זיך ערשט צוריק אָן, און וואַשט זיך אין דער פינצטער. דאַן נעמט ער שטיל אַרויס עטלעכע סוכאַרעס פון זיין טאָרבעלע, און וואַרגנדיק זיך מיט טרערן פון עלנט און בענקעניש, מאַכט ער שעפּטשענדיק קידוש. נאָכן סוכאַר בענטשט ער אָפּ, לייענט מיט כוונה קריאת־שמע, זינגט איבער אין געדאַנק נאָך אַ מאָל דעם צויבערנדיקן „רזא דשבת", און שלאָפט איין מיט אַ שווערן שלאָף.

און געזונגען, ברידערלעך, האָט דער אַלט אַזוי:

לחלוטין אומגעריכט האָט אָט דער עטלעכע און צוואַנציק יעריקער שלמה נאָכגעמאַכט אַ יינגעלע פון ניין, צען יאָר. דאָס דינע העלדזעלע האָט

* ערב־שבתדיקער זונענפאַרגאַנג.

מיט זיסע, סודותפולע קלאנגען דערציילט דעם עולם וועגן דער געטלעכקייט פון דעם זיבעטן טאג; וועגן דעם אומשאצבארקייט פון דעם שענסטן דימענט אין דעם באשעפערס קרוין — דעם שבת. דאס פידעלע שפילט אוים דעם תנאם ווערטער: „מרגלית טובה יש לו להקדוש ברוך־הוא בבית גנזיו, ושבת שמה. נטלה ונתנה במתנה לישראל". און דערפאר איז: „עכום ששבת חייב מיתה", כלומר: אז עמעצער רירט זיך צו מיט אומריינע הענט צו דעם דאזיקן צירונג — דארף ער באצאלן מיט זיין קאפ! דאס יינגעלע האט מיט זיין קולכל פון א סאלאווי דערציילט, וויפל ימים מיט בלוט האט שוין דאס יידישע פאלק פארגאסן פאר אט דעם קורצינקן ווארט „שבת"... אין זילבערנע טענער געפלאכטענע מיט זיידענע פאדעם האט דאס יונגע סאליסטל דערציילט דער וועלט, ווי אזוי דער שבת איז ביים יידן פון שטענדיק אן געווען דאס טייערסטע אין לעבן. צוליב אים זשאלעוועט ער גארנישט. עס איז ביי אים רעכט א גאנצע וואך צו הונגערן, אבי אויף שבת זאל זיין אלץ בשפע: פיש און פלייש און צימעס לרוב, און א שיינער אנצוג און א שיינע פאר שיך, מיט איין ווארט: ווי אין זמרל זינגט זיך:

שבת אויף דער נאכט
איז דאך יעדער ייד א מלך;
אין יעדן ווינקעלע לייכט
און אויפן הארצן איז לעבעדיק און פרייליך...

די מיסטישע קלאנגען פון די הייליקע ווערטער טראגן אריבער דעם מענטשן אין א בעסערער וועלט, אין א וועלט וואס איז אויסגעטון פון קערפערלעכע באדערפענישן. אין א וועלט ווו עס הערשט דער שלום באמת לאמתו. אין א וועלט פון „אצילות"... דאס שמאלע העלדזעלע, בשותפות מיט דער דינסטער סטרונע דערלאנגען דעם „קץ" פון דער העכסטער אקטאווע:

ר — ז — א דא — א — א — ח — ד...

# קאפיטל XXVI

א ווײַלע בלײַבן אַלע ווי פאַרגליווערט, שלמה מיטן פידל אין דער האַנט, און די אוידיטאָריע אויף זייערע בענקלעך. נאָר אַט קלעפּט זיך אָפּ די באַק פונעם פידל, און דער זאַל ווערט אויפגעטרייסלט פון אַן אויפרייס פון אַפּלאָדיסמענטן.

ביעלסקי נעמט אַרום שלמהן און פאַר התפעלות פאַרגעסט ער גאָר, אַז ער איז באַקאַנט מיט אים בסך־הכל עטלעכע שעה און גיט אים אַ קוש:

— סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, איך גיב אײַך מײַן וואָרט, אַז איר וועט ווײַט פאַרגיין מיט אײַער מוזיקאַלישקייט!

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: סאַמואיל לאַזאַראָוויטש, מיר געפעלט ווי איר האָט אַזוי לײַכט אָנגעצייכנט שלמהס קאַריערע — מוזיקאַלישקייט! און מיר דאַכט זיך נאָך אַלץ, אַז אַלס אויספאָרשער וואָלט ער גאָר־גאָר אויף אַן אַנדער אופן איבערראַשט די גאַנצע וועלט. איר דערמאָנט זיך נאָר, ווי אַזוי דער דאָזיקער מענטש האָט פון אַ געוויינלעכער צײַטונג אַרויסגעלייענט אַלץ, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט אין משך פון אַ טאָג... און האָט נישט חלילה געשטודירט די פראַגע, אויסגעפאָרשט פּרט נאָך פּרט, נאָר אַלץ תופס געווען מיט אַ צופעליקן איבערקוק... דאָס איז דאָך, כ'וויים? ממש דער זעניט פון פאַרשטאַנד!...

— מען ווייסט, מען ווייסט! וואָס טוט איר דאָ אויף? אָבער איר האָט זיך דען אײַנגעהערט אין דעם איבערגעבן דאָס וואָלעכל? אין דעם עלאַסטישן איבערגאַנג פון איין „טעמאַ" אויף דער צווייטער? הײַנט דאָס וויגליד פון דער וועכטערין? מײַן סעסיל האָט אַזש אַ טרער פאַרלוירן... זי מיינט, אַז איך האָב נישט געזען.

סעסיל פּעטראָוונאַ: דו האָסט עפּעס אַנדערש נישט וואָס צו טון, נאָר מיר רויט מאַכן דאָס בלוט? ווער הייסט דיר קוקן אויף מיר, קוק אויף זיך... שלמה, מיר האָבן דאָך נאָך בײַ אײַך אַ כאָראַליש שטיקל. וואָס מאַכט איר זיך נישט ווײַסנדיק?

שלמה: איר האָט שטאַרק חשק דערצו?

סעסיל פּעטראָוונאַ, מיט אַ גליענדיקן קוק:

— ז־ז־זייער שטאַרק, שטאַרקער קען גאָרנישט זײַן...

שלמה, צום גאַנצן עולם:

— נו, און איר האַלט מיך אויך בײַם וואָרט, צי איר האָט שוין גאָר פאַרגעסן?

קולות פון אַלע זײַטן:

— אודאי! אודאי! וואָס פאַר אַ פראַגע? סאַמואיל לאַזאַראָוויטש, גייט צו צו דער פּיאַנינע!

שלמה, צו וולאַדימירן:

— גיט מיר א ווייסן בויגן פּאַפּיר, און אויב איר האָט — א ווירעלע.
— וואָס פאַר א פראַגע, צי איך האָב? מיין זון איז דאָך עפּעס א שילער...

פרידמאַן צעשפּיליעט זיך דעם קאָלנער און רופט זיך שטיל אָן צו יאַנין:

— כ'האָב מורא, אז מיר מיט אייך האָבן דאָ געטראָפן גלייך אויף דער „אייבערשטער באַנק".

— וואָס מיינט איר דערמיט?

— איך זאָג עס קעגן דעם, וואָס שלמה, זע איך, פאַרקאַטשעט זיך ערשט גאָר, גאָר אויף אַן אַנדער אופן... עס האָט זיך ביי אים געעפנט א מעין־הנובע. אים איז נאָר שווער צו צעוויגן, אָבער אַבי ער איז אריין אין זיין ראָלע, איז: האַלט זיך!

— נו, איז וואָס זשע איז? וועלן מיר זיך האַלטן! איר האָט דען נישט קיין הנאה פון זיינע פּסוקי־דזמרה?

— ווער? איך? איך פּיל אין זיי ממש טעם גן־עדן. איך בין שוין גרייט צו זיצן זיבן טעג און זיבן נעכט, אַבי ער זאָל שפּילן —

— און איך וואָלט דאָס גאַנצע לעבן אָפּגעגעבן... זיין שפּילן דער־וועקט אין מיר — ווי אַזוי זאָל איך אייך זאָגן? — עפּעס דערהויבנס... עפּעס אַזוינס, וואָס... — איר קענט אייך לאַכן פון מיר וויפל איר ווילט — וואָס האָט א גרויסן שייכות צו קדושה... צו תשובה בלב שלם...

— לאַכן זאָגט איר? און איך אַליין פּיל דען נישט דאָס זעלבע?

שלמה האָט דערווייל אויפגעמאַכט די עלעקטריע, אָפּגערוימט דעם כיבוד פון א האַלבן טיש, צעווירעט דעם בויגן פּאַפּיר און פאַרשריבן אין נאָטן דעם מאָטיוו פון דעם קומענדיקן שטיקל. ער האָט דערלאַנגט דעם באַשריבענעם בויגן סאַמואיל לאַזאַראָוויטשן צו דער פּיאַנינע און האָט א פּאַך געטון מיטן סמיטשיק. אַלץ איז מאָמענטאַל ווי אויסגעשטאָרבן. סאָניאַ ווייסבלאַט האָט זיך ביי צייטנס געכאַפּט אויסשליסן די גרויסע שיין. שלמה האָט איר מיט א מילד שמייכעלע באַדאַנקט און האָט זיך געווענ־דעט צום עולם:

— אויב דאָס לעצטע חזנישע שטיקל, וואָס מיר האָבן דאָ געזונגען, איז באַשטאַנען פון עלף ווערטער, האָט אין זיך דער קומענדיקער קופּלעט נאָר אַכט. אין אים הערן מיר, ווי דאָס יידישע פאָלק בעט זיך ביי גאָט, ער זאָל וואָס גיכער צונויפקלייבן די יידן, וואָס זענען צעזייט און צע־שפּרייט אויף אַלע שבעה ימים. ער זאָל ענדלעך צונויפברענגען אָט די פאַרלוירענע און פאַרשטויסענע פון אַלע עקן וועלט אין זייער אייגן ווינ־קעלע, קיין ציון. אָט דאָס איז אַלץ! צום אַלעם ערשטן וועל איך דאָס עטלעכע מאָל איבערשפּילן מיט אונדזער באַרימטן מייסטער סאַמואיל לאַ־זאַראָוויטש. איך וועל דאָס „שטיקל" זינגען אויף טענאָר, דער פּידל וועט געבן כמו א סאָפּראַנאָ און אונדזער פּיאַניסט א נידעריקן באַס. דערנאָך, ווען איר אַלע וועט שוין מער־ווייניקער כאַפּן דעם שניט פון אָט דעם חסי־

דישן ניגונדל, וועל איך אויספּרוּוון יעדן איינעמס קול־נגינה, אויסזעצן דעם עולם יעדן באַזונדער לויט זיין שטימע און אָט וועט איר אומיסטן זען, ווי גוט עס וועט זיך באַקומען. סאַמואיל לאַזאַראָוויטש, אויב איר זענט פּאַרטיק, הייבן מיר אָן —

אין דעם זאַל מיט די אומגעלומפּערט־לאַנגע שאָטנס האָט זיך פּלוצ־לינג דערהערט אַזאַ רירנדיק געבעט פון אַ פּאַריתומט קינד, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן פון דעם פאָטערס היים, פון דער מוטערס שויס. דאָס געבעט גייט איבער אין אַ יללה. עס בעט שוין נישט קיין יחיד, נאָר אַ רבים. עס עקבערט אין מח אַ האַרצרייסנדיקער ווײ־געשריי, אַ יאָמער פון אַ צעשפּליטערט פאָלק. עס הייבן זיך אויף פון די אָפּגרונטן פון דער גאָ־רער וועלט אַ מחנה קרבנות, אַן אומגעהייער גרויסע מאַסע קרבנות, אַ שרעקלעך גרויסער המון פון יידישע קרבנות: קרבנות פון חורבן, קרבנות פון די מסעי־הצלב, פון דער אינקוויזיציע, פון עלילת־דם, פון כמעלניצקין, פון פּעטליורען... פאַרשידענע מינים, טויזנטערליי מינים הרוגים: גע־ברענטע, געבראָטענע, געשחטענע, צעריסענע, דערוואָרגענע, פאַרפּייניקטע, לעבעדיק־באַגראָבענע... אַלע שטרעקן זיי אויס זייערע סקעלעטישע הענט צום הימל, און פאַרגלאָנצן זייערע מאַווימדיקע אויגן מיט אַ געבעט פאַר זייערע אייניקלעך:

— ונפוצותינו כנס —

ביעלסקי גייט אַלץ מער אריין אין קוראַזש. די פּיאַנינע ציטערט מיט אַלע אברים. דער באַס קלאָגט שווער, באַטאָנט, טיף און וואָגיק. די סאָפּ־ראַנאָ שווימט אויף דעם גאַנצן רעש, ווי אַ זילבערן וואָלקנדל איבער דעם פּרימאָרגנדיקן רויטלעכן הימל. דאָס געזאַנג וואַקסט אָן. דאָס התלהבות צעפלאַקערט זיך. אומבאַמערקט פון זיך אַליין, העלפט דער עולם מיט. אמת, זיי טוען דאָס נאָך שטיל, אונטער דער נאָז, נאָר אָט דער אומקלאָ־רער געברום גיט צו דער השתפכות־הנפשדיקער מעלאָדיע אַן אויסערגע־וויינלעכע מתיקות, צינדט אָן אין אַלע אברים אַ הייליקן פלאַם; אַן איר־נערלעכן שווידער...

מנשה גיט אַ טאָרקע פרידמאַנען:

— נו, משה, מיר מעגן שוין, דאַכט זיך, נעמען דעם וועג פון דאַ־נען... עס האַלט שוין ביי „קול באשה".

פרידמאַן, נישט אויפהייבנדיק די אויגן:

— אין דער היים שליסט איר אויך אויס דעם ראַדיאָ, ווען —

— וואָס פאַר אַ משל איז אַהערצו דער ראַדיאָ? אינו דומה שמיעה לראיה...

— אודאי אינו דומה! ווער זאָגט דען, אַז יאָ דומה?

— איז וואָס, גייען מיר?

— מיר'ן גיין, וואָס דען, מיר'ן נישט גיין? אייביק וועלן מיר דאָ נישט זיצן...

— איז ווען זשע? איר הערט דאָך, ווי אַזוי זיי צעלאָזן זיך ערשט —

— נו, נו, וואָס ברענט? איך קוק גאָרנישט אין זייער ווינקל. פאָלגט מיך, טוט אויך אַזוי, וועט אייך ווייניקער אַרן, וואָס זיי צעלאָזן זיך... שאַט, שלמה זאָגט, דאכט זיך, עפּעס. אפשר האָבן מיר שוין גאָר איבערגע־פּאַקט, וועלן מיר פאַרשפּאָרן צו אַנטלויפן הענדום־פּענדום...

שלמה שטעלט מיט אַ מאָל אָפּ די גאַנצע קאַפּעליע און רופט אויס:

— לייב, זאָגט מיר נאָך: דאָ, רע, מי, פאַ, סאָ, לאַ, סי, דאָ!... איצט, איר, סאָפיאַ גריגאָריעוונאַ. אַ־אַ! איר האָט שוין באַלד אַ בחור צו לייטן, און אַזאַ שוואַכן אַלט, ווי ביי אַ קליין קינד. איצט, איר, דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש. מאָלאָדיעץ! איך האָב טאַקע געקלערט, אַז ביי אַזאַ קאַר־ליקל נעבעך ווי איר, מוז זיין אַ באַריטאָן. איצט, איר, פּאָלינאַ יאַסאָוונאַ. נו, וואָס קווינקלט איר זיך אַזוי לאַנג? שעמט זיך נישט! עס גייט אייך גאָר נישט צום פּנים, זיך שעמען... העכער אַ ביסעלע, נאָך אַ קאַפּעטש־קעלע העכער, אָט אַזוי! זעצט זיך אַוועק לעבן מיכאַלן.

מנשה גיט שטילערהייט ווידער אַ טאָרקע פרידמאַנען:

— זאָגט מיר, משה, איר פילט גאָרנישט קיין ריח־ניחוח? די גאַנצע צייט קיצלט מיר אין דער נאָז אַזאַ מחיהדיקער ריח, פּונקט ווי מיר וואָלטן דאָ געזעסן נישט אין קיין קאָמעניצע, נאָר בנאות־דשא, אויף אַ לאָנקע וווּ עס ליגט נאָך דאָס אָפּגעשניטענע היי...

— איך פיל אויך, פאַר וואָס פיל איך נישט? דאָס ציט אַזוי טאַקע פון יענער אשת־לפידות, פון וועלכער מיר האָבן פריער גערעדט... פון דער אשת־חבר...

— אַזוי די מעשה? איז דאָס איר שטיקל אַרבעט?

— וואָס זאָגט איר בכלל אויף אָט דער אילת־אהבים? ווי געפעלט אייך איר קולכל? איר געלעכטערל? כקול העוגב... אַן אמתער קול באשה —

מנשה צעלאַכט זיך שטיל:

— בלתי ספק, בלתי ספק... נו, דאָס גייט שוין אַזוי, זה בתר זה...

פרידמאַן קוקט אים אָן אַ דערשטוינטער:

— איך פאַרשטיי נישט, מה ענין שמיטה —

— מפני שהקול יפה לבשמים...

— ווּ־ווּ־וואָס? איר זענט אַ טשודאַק, אויף מיין וואָרט!

— גם אתם, דערלעבט איבער אַ יאָר! איך מאַך מיר אַ שפּאַס, און איר —

— וואָס דען, שהקול יפה לבשמים? מען דאַרף אויף אייך מאַכן אַ ברכה: הממליץ מליצות ולו המליצה...

— הערסט! אַז מען איז ראוי לברכה, איז דאָך ווידער גוט.

— וואָס זשע איז דאָ דאָס גוטסקייט?

— און וואָס איז דאָ דאָס שלעכטקייט?

— אויף אַ דונער מאַכט מען אויך אַ ברכה...

— אַ דאַנק פאַר דער בשורה־טובה.

— ווייסט איר גאָר וואָס? לאָמיר שוין שווייגן.

— איר האָט ביי מיר אויסגעכאַפּט פונעם מויל: לאָמיר שוין שווייגן.

שלמה, דערווייל, האָט געהאַלטן אין איין קאָמאַנדעווען:

— בעלאַ אַראָנאָוונאַ, אייער שטימע פאַר וועמען גיט איר אָפּ? גלייך מיט מיר פאַר דער גענעראַלער ליניע פון דער קאָמפּאַרטיי, אונטער דער אומבאַזיגבאַרער פאָן פון: מאַרקס — ענגלס — לענין — סטאַלין? מאָ־לאָדיעץ! אָבער מיט אַ ביסעלע מער קוראַזש. זעצט זיך, זייט מוחל, לעבן אסתרן. יאַני! אייער אָרט איז לעבן מנשהן. אַווראַם, אַנו וויז נאָר אַהער דיין גערגעלע! איר הערט, ביעלסקי? ער וועט האָבן אַ גאַנץ אָנגענעמען טענאָר. זעץ זיך אַוועק דאָרטן ווו לייב זיצט. סעסיל פּעטראָוונאַ, ווייזט שוין, ווייזט וואָס איר קענט, נאָר זעט, פאַרשעמט נישט אייער מאַן. נו: דאָ, רע, מי... אַ־האָ! גענוג. איר, זיצט דערווייל באַזונדער. צו אייך קיין גלייכן האָבן מיר נאָך נישט. ניומאַ! לעבעדיקער... גענוג! לעבן וולאַדי־מירן זעץ זיך! סאָניטשקאַ! עפן שוין דיין פּיסקעלע, נאָר קוויטשע נישט איבער דער גאַנצער שטוב, ווי דו האָסט אַ טבע, קענסט נאָך איבערשרעקן די קינדער... איי, מאָלאָדיעץ! פאַרנעם פּלאַץ לעבן דער מאַדאַם ביעלסקי, נאָר פאַר שושקען זיך בשעת דעם קאָנצערט, וועסטו כאַפּן מיטן סמיטשיק איבער די פינגערלעך. נו, חברים, זיך אויסגעזעצט? הוסט זיך אויס ביי צייטנס, נישט ווען מען וועט שוין אָנהייבן. פרידמאַן־סערדצע, די נעגל וועט איר באַטראַכטן שבת צו נאַכטס צו הבדלה... פאַרטיק? נאָך איין מאָל וועלן מיר איבערשפּילן די „זאַך" אָן אייך, און דאַן הייבט איר אַלע אָן אונטער מיין קאָמאַנדע. נו, סאַמואיל לאַזאַראָוויטש, אין אייך איז נישט קיין מניעה? הייבט זשע אָן אין אַ גוטער און אין אַ מזלדיקער שעה, מיטן רעכטן פוס: אוי, וקרב פזורנו —

קיינער האָט זיך דערנאָך נישט געקענט גלייבן, אַז דריי פערטל שעה בלי הפסק, האָבן אַלע געזונגען אָט די איינע „זאַך". דאָס התלהבות פון די „משוררים" איז געווען אַזוי פייערדיק און אַזוי אָנשטעקנדיק, די שטי־מונג אַזאַ הייליקע און אַזאַ דערהויבענע, אַז אפילו ווען שלמה האָט שוין געהאַט באַהאַלטן דעם פידל און סאַמואיל לאַזאַראָוויטש אַראָפּגעלאָזט דאָס דעקל פון דער פּיאַנינע, האָבן זיי נאָך קיינער בשום אופן נישט געוואָלט אַרויסלאָזן דאָס לידל פונעם מויל...

שלמה האָט נאָך נישט באַוויזן צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ ביים טיש, ווי לייב האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג:

— שלמה, דער גאַסט אין קיעוו בין איך דאָך, און דער געהאַלפּענער — אויך איך, און דער עלטסטער קוזין פון דער אימעניניצע — אויך איך. טו מיר צו ליב, און זינג נאָך עפּעס אַליין, אָן קיינעמס הילף. נאָך איין זאַך, און אַן עק! זיי אַ גוטער! ביי מיר איז דאָך אָט דאָס אַלץ אַזוי ניי... שוין אַ שאָק מיט יאָרן... טאַקע פון זינט איך בין פאַרטריבן געוואָרן פון דער היים —

אַלע אָנוועזנדיקע האָבן אים אונטערגעהאַלטן, האָבן אויך אָנגעהויבן

צו בעטן. שלמה איז געבליבן שטיין אין פארלעגנהייט. דאָס אָפּזאָגן זיך, האָט ער געזען, קען דויערן פיל לענגער פון דעם זינגען. ער האָט זיך אָן טענות אומגעקערט אין זיין פיאנינע־טאַליע און האָט ארויסגענומען דעם פידל. דאָס אפּלאָדירן זיך אליין פאַר דעם אָפּגעהאַלטענעם „נצחון" האָט גאָרנישט געוואָלט אויפהערן...

שלמה האָט זיך ארומגעווישט דאָס פּנים פונעם לייכטן שוויים און אָנגעהויבן איבערקלייבן אין געדאַנק, וואָס אזעלכעס צו זינגען. באַמערקנ־דיק, ווי פאָלי האָט נאָר־וואָס איבערגעפירט איר בליק פון אים אויפן פידל, האָט ער מיט א מאָל באַשלאָסן, וואָס צו זינגען. ער האָט אויפגעהויבן א פינגער און ליבלעך געזאָגט:

— אויב איר זאָגט מיר צו, אַז איר וועט שווייגן אזוי ווי איך האָב ליב, וועל איך אייך זינגען א לידעלע פון א יינגל, וואָס האָט געהאַט דעם גרויסן אומגליק זיך משוגענערווייז צו פאַרליבן אין א מיידל. נו, מילא, אזעלכע זאַכן טרעפן זיך. הלואי עס זאָל אזוי נישט טרעפן, ווי עס טרעפט יאָ... דער אויטאָר פון דעם לידל דערציילט אונדז נישט פון דעם מיידלס מעלות גאָרנישט, נאָר אויב דאָס יינגל איז אין איר געווען אזוי פאַרקאָכט, איז דער שכל מחייב, אַז זי האָט געקערט זיין א שיינע. זי אָבער, די יפה־פיה, ווען זי דערזעט, אַז דאָס בחורל איז אריינגעקראָכן אין דעם „עסק" ביז איבער די אויערן, נו, ווי באַלד אזוי, האָט דאָך גאָט אליין געהייסן אים פירן פאַר דער נאָז. האָט זי אים טאַקע געפירט... און דאָס שוטהלע האָט בתמימות געגלייבט, אַז אַנדערש איז מען נישט יוצא מצוות־ליבע, ביז מען שפּייט נישט פריער מיט קיין בלוט. דעם יינגלס פאָטער, וואָס איז געווען א ביסל עלטער און פּראַקטישער פון זיין תכשיט, האָט אים בשכבו ובקומו געהאַלטן אין איין וואָרענען: „זיי פאָרזיכטיק, מיין קינד, דאָ איז א גרוב"... אָבער ער וועט עפּעס זיין אזוי נאַריש און זיך גאָר צוהערן צו אַן אַלטמאָדישן טאַטן? שיין וואָלט שוין אויסגעזען זיין ראָמאַן, ווען אין אים מישן זיך גאָר אריין טאַטעס... ניין, אין קיין שום שלחן־ערוך איז נישטאָ אזא דין, מען זאָל פאָלגן א טאַטן ביי לשון: אהבתי... בקיצור, ער הערט זיין אָפּגעשטאַנענעם טאַטן ווי דעם פאַראַיאָריקן שניי און טראָגט זיך נעבעך אַרום מיט זיין ליבע, ווי מיט א לונג־און־לעבער אויף דער נאָז. זי, דער לונג־פויל זיינער, באָדט זיך דערווייל אין נחת: אַך, ווי מען לויפט עס איר נאָך! ווי מען שטאַרבט עס נאָך אירע טריט! זיין נאָכ־לויפעניש און איר שמעלצן זיך פון פאַרגעניגן ציט זיך אזוי לאַנג, אזוי ברייט, ביז ער, דער קרבן אירער, זעט נישט קיין אַנדער אויסוועג, ווי נאָר גיין זיך טרינקען אין מים שאין להם סוף, און מאַכן זיין געליבטע פאַר א „שטרויענער עגונה". אָט דאָס איז דער גאַנצער תוכן פון דעם לי־דעלע. ווי איר זעט, איז דאָס אָן אָן אָנהייב און אָן א סוף. ווילט איר עס הערן? צי אפשר דאַרף מען נישט? צו וואָס נוצן אונדז נאָך פרעמדע צרות? קיינער פון אונדז איז, ברוך השם, נישט זשעדנע קיין אייגענע...

לייב, אומגעדולדיק:

— זינג, שלמה, זינג! צי נישט די נשמה, ער זוכט נאָר אַן אופן ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען...

בייטנדיק זיך אין פּנים האָט פּאָלי עפּעס געבויט פון נוס־שאָלעכץ. פרידמאַן האָט פאַרשטאַרט געקוקט אויף איר. ער איז געווען אַזוי פאַר־טיפט אין זיין מחשבה, אַז ער האָט גאָר פאַרגעסן צוצונעמען די אויגן פון איר פּנים. ביי פּאָלין האָט שוין פון זיין ווילד קוקעניש געפלאַמט אַ באַק. זי האָט זיך גאָר קיין עצה נישט געקענט געבן, וווהין זי זאָל זיך אַהינטון, נאָר אָט האָט זיך שלמה אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע אין דעם ווענטל פון דער פּיאַנינע, ער האָט פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס און דער סמיטשיק האָט אים געשטעלט אַ טאָן. אַ ווייך, פאַרדומפּן קול האָט זיך צעטראָגן אין זאַל, געדערט גלייך צו דער נשמה, זיך פאַר עמעצן געקלאָגט, זיך ביי עמעצן געבעטן:

ס׳אַרא כּשוף האָסטו מיר אָפּגעטון, טייער לעבן מיינס —
וואָס מיין האַרץ ציט אַזוי צו דיר?
כ׳האָב דאָך קיין זאַך נישט געמאָנט, טייער לעבן מיינס —
איך האָב זיך נאָר שטאַרק איינגעליבט אין דיר...
און אַז איך פאָר אַוועק פון דיר, טייער לעבן מיינס —
קיין איין מינוט קען איך נישט זיין אָן דיר...
און אַז איך פאָר אַווע — עק, אוי־אוי, פון די — יר,
אוי... בענקען וועל איך, האַרצעניו, נאָך דיר...

*

מיין טאַטע טוט מיר שטענדיק זאָגן,
מיין טאַטע טוט מיר שטענדיק זאָגן —
לאָז זיך אין דעם מיידל נישט אַריין...
כ׳האָב מיין טאַטן נישט געפאָלגט,
כ׳האָב מיין טאַטן נישט געוואָלט פאָלגן —
און איצט... כאָטש פון בריק אין טייך אַריין...
און אַז איך פאָר אַוועק פון דיר, טייער לעבן מיינס,
קיין איין מינוט קען איך נישט זיין אָן דיר —
און אַז איך פאָר אַווע — עק, אוי־אוי פון די — יר,
אוי... בענקען וועל איך, האַרצעניו, נאָך דיר...

דער גאַנצער חלל פון דעם גרויסן זאַל — וואָס איז געווען איינגעהילט אין אַ ראָזע נעפּל און האָט אויסגעזען ווי דער אָפּגלאַנץ פון אַ זונאויפגאַנג דורך אַ שיטערן זומער־וואָלקן — איז געווען דורכגעווייקט מיט מיטגעפיל צו דעם אַזוי אומגליקלעך־פאַרליבטן. אַלע האָבן דייטלעך געזען פאַר זיך זיין פאַרצווייפלט פּנים און עס האָט זיי געקלעמט דאָס האַרץ פון זיין דער־שלאָגן געמיט.

מנשה און פרידמאַן באַגעגענען זיך מיט די אויגן און וואַרפן זיך

איבער מיט אַ פּאָר ווערטער בקול דממה דקה, אַז קוים וואָס זיי אַליין דערהערן. פרידמאַן, אַ צערודערטער ביז גאָר:
— וואָס זאָגט איר דערויף, מטיח ראשו לכותל...*
— אַלץ הייסט מטיח... נהר די נור...
— מעי המו לו...
— עס רירט מיר אויף מיינע אַלטע וויטיקן... אזא מבול של אש —
— לא באש ד׳! גנאי הוא לארי שיבכה לפני שועל —
— תעלא בעדניה סגוד ליה...
— אוי לה לאותה בושה... מי מרפס אותו ולפני מי הוא מתרפס...**
— נאים דברים כשהם יוצאים מפי עושיהם.
— מאי קא משמע לן?
— מהכא משמע, אז מום שבך אל תאמר לחברך...
— מנשה, איר האָט מיר אָט די ווערטער נישט געדאַרפט זאָגן... איר זענט אַ לועג לרש...
— נעַנתי לך, מחול לי.
— נו, נו, די ברירה איז ביי מיר...
אין זאַל איז נאָך אַלץ געווען שטיל, גלייך ווי דאָס לידל זינגט זיך ווייטער אויף שטום־לשון. קיינער האָט נישט געוואָגט מיט וועלכער עס איז באַוועגונג צו צעשטערן דעם טיפן איינדרוק. שלמה, זעענדיק, אַז קיינער איז „נישטאָ אין דער היים”, האָט זיך, מיטן פידל אין דער האַנט, געלאָזט גיין לענג־אויס דעם גאַנצן זאַל, אויפמאַכן די עלעקטריע. סעסיל פּעטראָוונאַ האָט אינערלעך אַ ציטער געטון. עס האָט זי אָנגעכאַפּט אַן אומקלאָרער פחד פאַר דער גרויסער ליכט, וואָס אָט דער קאַלטבלוטיקער שלמה גייט אויפמאַכן. ער, אָט דער אכזריותדיקער בחור, וועט מיט איין דריי־אויף אומברחמנותדיק אָפּווישן אַלע פאַנטאַסטישע בילדער, וואָס זי האָט זיך פאַר היינטיקן אָוונט אָנגעזאַמלט. וואָס איז אים נוגע, אָט דעם סאָלאָמינקער בעל־גאוה, וואָס איר פּריוואַט לעבן איז אַזוי טרוקן און אומבאַטעמט? וואָס פאַר אַ דאגה איז אים, אויב אָנצינדנדיק אָט דעם קאָלכאַוויון, וואָס הענגט איבער איר קאָפּ, מאַכט ער דערמיט חרוב איר טייער וועלטעלע, וועלכעס זי האָט זיך קוים־קוים דעראָבערט? עס כאַפּט זי אַרום אַ פאַנאַטישע שרעק. איין אויגנבליק האָט זי זיך אומבאַהאָלפן אַרומגעקוקט, דאַן האָט זי זיך אַ ריס געטון פון איר אָרט ווי אַ טיגערין, אים איבערגעיאָגט, מיט דער דלאָניע פאַרשטעלט די עלעקטרישע קנאָפּקע ביי דער טיר פונעם שלאָפצימער און האָט מיט אַ פאַרשכורטן פליסטער היים אַרויסגעשעפּטשעט:
— שלמה... נאָך איין זאַך... איצט שוין צוליב מיר... איר זענט דאָך אַזאַ גוטער, אַזאַ גוטער...

---

* ער קלאַפּט זיך קאָפּ אין וואַנט.

** ווער טרעט אים מיט די פיס, און צו וועמען איז ער אונטערטעניק.

שלמה האָט געמאַכט אַ ברוגז פּנים:

— איך וואָלט גאָרנישט געגלייבט אויף אייך, אַז איר זענט אַזאַ עקספּלאָטאַטאָרשע, סעסיל פּעטראַוונאַ! מען דאַרף דאָך, סוף כּל סוף, האָבן יושר... לאָזט אויפמאַכן!

ער האָט געוואָלט אַוועקנעמען איר האַנט פון דער קנאָפּקע, נאָר זי האָט מיט אירע בריענדיקע פינגער צוגעקוועטשט זיינע ביז ווייטיק; אירע אויגן, שטאָק־טונקעלע און פאַרשכורנדיקע האָבן געפינקלט ווי שוואַרצער ביר; פון איר גאַנצער פיגור האָט אויף אים געטראָגן מיט אַ שטורעמווינט, וואָס איז אָנגעגליט ווי פּריסעק. שלמה האָט האַסטיק צוגעכאַפּט זיין האַנט, ווי פון אַ ברענענדיקער האַלאָוועשקע. דאָס גאַנצע בלוט האָט אים אַ שלאָג געטון אין פּנים אַריין, און ער איז אַ פאַרלוירענער אָפּגעטראָטן אויף אַ שפּאַן צוריק.

— סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, נאָך איין און איינציק לידעלע. איך גיב אייך מיין ערנוואָרט, אַז מער וועל איך ביי אייך נישט בעטן.

לאַנגזאַם האָט זיך שלמה מיטן פידל אין דער האַנט אומגעקערט אויף זיין אָרט. גייענדיק האָט ער געטראַכט, אַז סעסיל פּעטראָוונאַ, נישט קוקנדיק אויף איר געפּערלעך־ליידנשאַפטלעכער נאַטור, איז זי דאָך זייער אַ פאַרזיכטיקע און אַ קלוגע. אמת, פונעם טיש האָט מען נישט געקענט באַמערקן זייער מינוטלעכן געראַנגל, די קנאָפּקע האָט זיך געפונען אין אַ ווייטן ווינקל, און כמעט אין אַ טונקעלן, אָבער אָט די קורצע ווײַלע, וואָס צווישן זיי האָט געהערשט אַ שטילע צעמישונג, האָט עמעצן ביים טיש געקענט נישט געפעלן ווערן, דערויף האָט זי זיך געכאַפּט מיט דער פלינקייט פון אַ פאַריאָגטן הירש, זי האָט גלייך געענדערט דעם טאָן און האָט זיך געווענדעט צו אים פרעמד און געמאָסטן: „סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש!“

נאָך איר בריענדיקן אָטעם און גליענדיקע פינגער, האָבן אירע לעצטע פּאָר ווערטער אויף אים געווירקט, ווי אַ דערפרישנדיק רעגנדל נאָך אַ הייסן, צעפּאַרעטן זומערטאָג...

# קאפיטל XXVII

שלמה האָט פון דאָס ניי פאַרנומען זיין „עסטראַדע־ווינקל”. ער האָט געטון אַ מיש איבער אין קאָפּ באַקאַנטע לידעלעך, און נישט וויסנדיק אויף וועלכן זיך אָפּצושטעלן, האָט ער געוואָרפן אַ בליק אויף זיין גדול־דיק „פּובליקום”. דאָס ערשטע, וואָס האָט זיך אים געוואָרפן אין די אויגן איז געווען, פּאַלים בלייכלעך געזיכט און סאָנקעס פאַרגעטערנדיקער בליק. סעסיל פּעטראָוונאַ איז געזעסן אויסגעלאָשן, אומעטיק. ביי שלמהן אין האַרצן האָט אומגעריכט דערוואַכט אַ מיטלייד־געפיל צו דער דאָזיקער פרוי. ער האָט איר געשענקט אַ וואַרעמען בליק; מבשר בשורה געווען מנשהן מיט לייבן, אַז באַלד וועט מען שוין קענען רעדן גאַנץ אָפן, נישט אויפן אויער; געוויזן ניומען אַ קולאַק פאַר זיין וואַרפן מיכאַלן שאַלעכץ אין קאָלנער אַריין. נאָך דעם „אינספּעקטירן” זיין „אַרמיי” און געפינען, אַז מען קען אָנהייבן דעם פּאַראַד, אַלע זענען גרייט בתכלית הגרייטקייט, האָט ער נאָך אַ מאָל אַ רייב געטון דעם שטערן אַהין און צוריק און האָט מיטן סמיטשיק געווענדעט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע געסט:

— גאָטס ווילן איז אַזוי, און סעסיל פּעטראָוונעס אויך, אַז איך זאָל היינט „אַרבעטן” אַריבער דער נאָרמע. מילא, וואָס קען מען העלפן? קעגן דער השגחה קען מען נישט גיין, לכן וועל איך אייך זינגען נאָך אַ לידעלע. יענץ מאָל, פון סאַמע אָנהייב, אויב איר געדענקט נאָך, האָב איך צו ליב געטון אסתרן, דאָס מאָל, שוין צום סוף, וועל איך צו ליב טון משה פריד־מאַן. ער האָט עס מיך געבעטן אייך זינגען אָט דאָס לידעלע. וועגן וואָס זשע זינגט זיך אין דעם דאָזיקן לידעלע? פון דעם דאָזיקן לידעלע ווערן מיר גראָד געוואויר פּונקט אַ פאַרקערטע מעשה, ווי פון דעם לידל, וואָס איך האָב ערשט נאָר־וואָס געענדיקט. ממש: אַ היפך גמור, מן הקצה אל הקצה. פון יענעם האָבן מיר געהערט וועגן אַ פאַרצווייפלטן מאַנספּאַרשוין, פון דעם איצטיקן הערן מיר וועגן אַ פאַרצווייפלטער פרוי. דער חילוק איז נאָר, וואָס איר ווייגעשריי איז אַ פּיל, פּיל שטאַרקערער פון יענעם יינגלס... יענער האָט נאָך זיין געליבטע נישט געהאַט אין זיין רשות. זי אָבער, האָט שוין איר געליבטן יאָ געהאַט אין איר רשות און למזל... פאַרלוירן. און דאָ שטעלן מיר זיך פאָר: אַ יונגע, אַ שיינע פּאָר; ביידע געראָטענע, ביי־דע אַנטוויקלטע, ביידע געבילדעטע, ביידע מיט הייסע געפילן איינער צום צווייטן, אַלץ גוט, שיין, פיין, און דער עיקר: ביידע גלייכע, איך מיין: וואָס זיי האָבן די ווערט איינער דעם צווייטן, וואָס קיינער פון זיי נאַרט זיך נישט אָפּ מיטן שידוך. וואָלט דאָך, דאַכט זיך, אַלץ געווען גוט, האַ? האָט אָבער די געטרייע מוטער אירע — פאַקנדיק איר טעכטערל אויף אַזאַ לאַנגער נסיעה, ווי אויף דער ליכטיקער וועלט — פאַר גרויס בהלה און געשריי, אַריינגעפּאַקט אין איר „כאַראַקטערל” אַ ביסעלע צופיל ביטער־זאַלץ, אַ היפּש ביסל געמלאכהטע קאַלטקייט, און צו דעם אַלעמען, אַלס אַ צוגאָב, אַ גאַנץ פיינע דאָזע שלאַנגענגיפט. כ׳ווייס? ווי אַ זאַך מאַכט זיך, טאָמער אונטערוועגנס קומט אַ מאָל צו נוץ?

ווען דאָס קינד איז אונטערגעוואַקסן און די דאָזיקע מיטגעגעבענע מתנות־טובות האָבן אין איר געלאָזט טיפע וואָרצלען, זיך גוט־גוט איינגע־קאָכט אין איר בלוט, האָט זיך דאָרט באַקומען פונקט דאָס, וואָס אויף אונדזער קליינשטעטלדיקער שפראַך רופט מען עס פראָסט־פשוט: אַ שלאַק־פורעניות. נאָר אַזוי ווי מיט קיין באַרלעך אין מאַרק איז דאָס מיידל נישט געשטאַנען, און קיין „סיעמעטשקעס" * אויפן גלעזל האָט זי אויך נישט פאַרקויפט, און קיין עפלקוואַס אויך נישט, און נישט קיין קיסלעצעס, און אויך קיין פעדערן האָט זי נישט געפליקט, נאָר אוודאי געלערנט ערגעץ אין אַ גימנאַזיע, אָדער זיך געוואַלגערט טאָג און נאַכט אין בעט מיט די העכסט־אינטערעסאַנטע פראַנצויזישע ראָמאַנען, איז דעם „שלאַק" אין איר, נישט אַזוי לייכט געווען צו באַמערקן. פאַרקערט, פאַר דער וועלט האָט זי געהייסן זייער אַ קולטורעלע און אַן אַנטוויקלטע מאַדמואַזעל, ווייט נישט קיין נאַרישע און מיט אַ צינגעלע אויף שרייפעלעך...

ווען גאָט ברוך־הוא האָט איר צוגעשיקט איר באַשערטן, האָט זי, פאַרשטייט זיך, ווי אַ געוויינלעכער בשר־ודם, גלייך דערפילט, אַז אויף איר האַרץ איז דאָ אַ באַלעבאָס. אָבער — האָט זי גלייך געפסקנט — דאָס מוז פאַר אים בלייבן אַ סוד! אים דאָס גאָר אַרויסווייזן? גאָט באַהיט! צו וואָס זאָל זי טון אַזאַ נאַרישקייט? ער קען נאָך ווערן ביי זיך גדולדיק, און מען דאַרף ער זאָל אַרומגיין אַ פריטשמעליעטער, מיט אַ געלעכערט האַרץ און מיט אַ פאַרשמאַכטער נשמה, אַז די גאַנצע וועלט זאָל זען, וואָס עס הייסט ליב געהאַט. און זי האָט איר פאָליטיק געפירט עכט דיפלאָמאַ־טיש. זי האָט אים חלילה נישט אָפגעשטויסן פון זיך — חס ושלום! ער קען דאָך טאַקע אויף אַן אמת אַוועקגיין. וואָס זשע האָט זי דאָ אויפגע־טון? ניין, זי האָט אים נישט אָפגעשטויסן. פונקט פאַרקערט, זי פלעגט פון צייט צו צייט זיין צו אים זייער מילד און זייער צאַרט. אָבער דאָס, ווי געזאָגט, איז געווען, נאָר פון צייט צו צייט. זי פלעגט זיך דערנעענטערן צו אים פונקט אויף אַזוי פיל, אַז דאָס האַרץ זאָל אים נישט איבערחלשן, און די איבעריקע צייט האָט זי אים געהאַלטן אויף אַ געוויסער דיסטאַנץ ווייט פון זיך... נישקשה, ער מעג דרך־ארץ האָבן.

דערווייל לויפן יאָרן, דאָס פאַרפאַלק וואַקסט אונטער. ער טריקנט פון ליבע צו איר, און זי זאָרגט פאַר זיין קאָמפאָרט: עס זאָל אים זיין באַקוועם צו טריקענען. גיט זיך אויס אַ גוטער טאָג, עס גיט אויף איר אַ פלייץ אַ כוואַליע מיט חרטה־געפילן, מיט אמתער צאַרטקייט פון אַ פרוי, וואָס ליבט און איז געליבט, דאַן הענגט זי זיך פשוט אויף אויף אים, ממש זי קושט אים די פיס, צומאָל קלאַפט זי זיך קאָפ אין וואַנט און טענהט מיט טרערן, אַז זי איז שטאַרק שולדיק קעגן אים, אַז גאַנץ אומ־זיסט פאַרביטערט זי אים זיינע יונגע יאָרן, אַז זי פאַרסמט אים דעם פריי־לינג פון זיין לעבן... איז דאַכט זיך גוט און וויל, איאָ? אויף מאָרגן

---

* יאַדערן פון זונבלומען.

אָבער, פֿאַלט אויף איר ווידער אָן די כאַנדראַ * און עס איז זי אוממעגלעך צו דערקענען: צעלאָזט די פֿעדערן, אָנגעבלאָזן ווי אַן אינדיק, קיין לשון איז נישטאָ, און גיי זוך דעם נעכטיקן טאָג...

עס פֿלעגט טרעפֿן: ער נעמט זיך אָן מיט מוט און פֿרעגט זי מיט בלוטיקע טרערן: גוואַלד, גזלן, פֿאַר וואָס ביסטו זיך נוקם אין מיר? איך וואָלט נאָר אַ בעלן געווען וויסן: פֿאַר וועמענס זינד קום איך אָפּ? זאָג, איך געפֿעל דיר נישט? אַן עק! וועל איך וויסן, אַז איך האָב צו דיר מער נישט וואָס צו קומען. דאַכט זיך, קלאָרע דיבורים, האַ? נאָר ווער? וואָס? עורבא פרח! ** זי הייבט אים דאַן אָן צו שווערן, אַז נאָר אין אים איינעם הענגט איר גאַנץ לעבן, אַז אָן אים איז איר נמאס די גאַנצע וועלט, איז איר פֿינצטער די זון, מיט איין וואָרט: אָן אים איז אַלץ, וואָס רינגלט זי אַרום וויסט און פּוסט ווי אַ מדבר, נאָר בנוגע צו זייער פֿאַראייניקן זיך אויף תמיד און שטענדיק דאַרף נאָך דויערן אַ ביסעלע. נו, טאָקע נאָר אַ קאַפּעטשקעלע...

און ווידער לויפֿן חדשים מיט יאָרן. זייער ליבע איז דווקא אַ מעכ־טיקע ליבע, ער גייט איר נאָך ווי אַ שאָטן, נאָר „זי" דאַרף נאָך אַלץ אַ קאַפּעטשקעלע צייט. אַזאַ שלעכטער איז ער דען, ער וועט נישט אויס־וואַרטן נאָך אַ ביסל און נאָך אַ ביסל? און ער וואַרט... אַמאָל, אַמאָל פֿלעגט ער איר דערמאָנען, אַז זיין געדולד האָט אויך אַ גרענעץ, ער דער־מאָנט איר שוין היינט אפֿילו נישט; אויב אים איז אין איר עפּעס נישט געפֿעלן געוואָרן פֿלעגט ער איר אַ מאָל וועגן דעם פֿירהאַלטן, אויך דאָס טוט ער שוין היינט נישט. ער זעט דאָך, אַז עס איז במילא אומזיסט... אָט אַזוי האָט זיך דאָס געשלעפּט אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז... נו, וואָס קוקט איר אויף מיר? וואָס פֿאַרשטייט איר דאָ אַליין נישט? ער האָט דען געהאַט צוויי וועגן? ביז ער האָט אַ שפּיי געטון!... ער האָט אויס־געריסן פֿונעם האַרצן איר נאָמען צוזאַמען מיטן שורש און האָט, ווי זאָגט מען עס: פֿאַרגעסן איר אַדרעס.

און זי? ווי נאָר זי האָט דערפֿילט, אַז דאָס מאָל איז ער טאַקע אויף אַן אמת פֿאַרשוווּנדן געוואָרן, אַזוי האָט זיך איר אָפּגעריסן אינעווייניק. ווי זאָגט ער דאָרט ביי משה ויהושע: לא זרחה שמשו של זה, עד ששקעה שמשו של זה. ווי נאָר ער האָט זיך אויסגעניכטערט, אַזוי איז זי פֿאַר־שכורט געוואָרן, שכורה ולא מיין... זי האָט מיט אַ מאָל דערפֿילט, ווי טייער ער איז ביי איר, ווי איינגעבאַקן ער איז ביי איר אין האַרצן. ווי אין אַ בילדער־גאַלעריע שוועבן דורך פֿאַר אירע אויגן באַקאַנטע ביל־דער: וויפֿל צרות ער איז אויסגעשטאַנען צוליב איר; ווי סבלנותדיק ער פֿלעגט שטענדיק אַריבערטראָגן אירע משוגענע קאַפּריזן. ווי טייער ס'איז ביי אים געווען יעדע זאַך, וואָס האָט געהאַט אַ מינדסטע שייכות צו איר פּערזאָן... און איצט איז ער נישטאָ... און מאָרגן וועט ער נישט זיין...

---

* אַ משוגענער קאַפּריז, אַ מעלאַנכאָליע.

** „אַ קראָ איז דורכגעפֿלויגן". געמיינט: נישט געשטויגן, נישט געפֿלויגן.

און איבער אַ יאָר וועט ער אויך נישט זיין, און בכלל וועט ער שוין מער קיין מאָל ביי איר נישט זיין. און עס רייסט זיך אַרויס פון איר האַלדז אַ ווילדער אויסגעשריי ווי פון אַ פאַרווונדעטער לייביכע: קער זיך אום...

פון דעם דאָזיקן מאָמענט טאַקע הייבט זיך אָן אָט דאָס לידל: „קער זיך אום" —

זי רופט אים אויף צוריק מיט אַלע כוחות פון איר צעבראָכענער נשמה. זי דערמאָנט אים מאָמענטן, ווען זייער ליבע האָט דערגרייכט דעם זיבעטן הימל. זי רופט צו זיינע געפילן, ווי אָניעגין אַריינפאַלנדיק צו טאַטיאַנען * אין אירע אַפּאַרטאַמענטן. זי דראָט אים, אַז זיין פּאָרטל,** וואָס ער טוט איר איצט אָפּ, קען אים קאָסטן איר לעבן, ווייל אָן אים האָט עס במילא קיין שום טעם נישט. זי שרייט, זי רופט, און עס ענט־פערט איר נאָר דער עכאָ פון איר אייגן קול. דעם אמת גערעדט, ביי זיך, טיף אין הארצן, פאַרשטייט זי שוין גאַנץ גוט, אַז עס איז אומזיסט איר שרייען. זי ווייסט, אַז זי האָט אים יאָרנלאַנג אַזוי אָנגעזאָלצן אויף דער נשמה, אַז ער וועט זיך שוין מער צו איר נישט אומקערן... זי ווייסט טאַקע, נאָר זי שרייט, זי שווערט זיך אים אין אייביקער ליבע, זי פאַר־שעלט אים... זי גיט זיך שוין נישט אָפּ קיין חשבון, וואָס זי טוט, זי איז שוין אינעם מצב פון אַ חולה. זי שרייט שוין איצט אַזוי ווי אַ חולה שרייט. אַזוי ווי ער שרייט, כאָטש ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז פון דעם גע־שריי וועט אים גרינגער נישט ווערן, אַזוי שרייט זי, כאָטש אין הארצן נאָגט דער יאוש. כאָטש זי פילט מיט אַלע אברים, אַז איר כשוף האָט זיך פון אים אָפּגעטון, אַז ער איז פאַר איר געשטאָרבן...

אָט דאָס איז אַלץ, מיינע פריינד. זיכער פאַרשטייט איר שוין איצט אַליין, אַז איך מיין דאָ דאָס באַוווסטע רוסישע לידעלע: «Вернись» וועלכעס אַלע האָבן זיכער געהערט און אַלע קענען דאָס. איז אפשר, ווי באַלד, אַז יעדן איז דאָס באַקאַנט, דאַרף מען דאָס אין גאַנצן נישט זינגען, האַ?

דאָס צימער האָט געשוויגן. דאָס איז געווען דייטלעכער פון אַן ענט־פער. מען איז געזעסן און מען האָט געוואַרט מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס. שלמה האָט טיף אין הארצן געהאַפט, אַז אָט דאָ וועט אים פאַלי אַ ווונק טון: „שלמה, מען דאַרף דאָס נישט זינגען. איך וועל דיך נישט דאַרפן צוריקרופן, ווייל איך וועל דיך גאָר נישט לאָזן אַוועקגיין. פאַר אַזאַ נאַר האַלטסטו מיך?" אין צימער איז אָבער געווען שטיל. פאַלי איז געזעסן פאַנורע, אירע פינגער האָבן נערוועז געפליקט פון דער צייטונג פיצינקע שטיקעלעך, זי האָט זיי געוואָרפן אין אַ ליידיקן טעלער און האָט אכזריות־דיק געשוויגן. שלמהן האָט פאַרקלעמט ביים הארצן פאַר רחמנות אויף זיך אַליין, זיינע אויגן האָבן מיט אַ מאָל פאַרביטערט אַ בלישטש געטון,

---

* די נעמען פון די הויפּט־העלדן אין פּושקינס אומשטערבלעכער דראַמע: „יעוו־געני אָניעגין".

** שפּיצל, אַ צו־להכעיס עובדהלע.

ווי מיט אַ ריזיקן חלף האָט ער אַ פּאַכע געטון מיטן סמיטשיק אין דער לופטן און אַ דונערנדיקע שטימע האָט אומברחמנותדיק צעשניטן די לופט:

Вернись, я все прощу,
Упреки, подозрения,
Ноющую боль,
Невыплаканных слез —
Укорь очей твоих,
Безумные рыдания
О, милый, дорогой
Светлый ангел мой.

Я упрекать тебя не стану и не смею
Но если б вы, мечты мои сбылись...
Ведь я люблю тебя и я была твоею —
Вернись... О, дай мне снова жизнь
В — е — р -- ни — сь...

Эх, сколько, сколько раз,
Вечернею порою,
В запущенном саду,
На каменной плите,
Рыдала я, забытая тобою *

---

* קער זיך אום, איך וועל אַלץ מוחל זיין —
די פאָרוואורפן, די חשדים,
דעם שמערצלעכן ווייטיק,
די נישט אויסגעוויינטע טרערן...
דעם צאָרנדיקן בליאַסק פון דיינע אויגן,
די אומזיניקע כליפּערייען —
אָ! ליבער, טייערער,
ליכטיקער מלאך מיינער!

פירהאַלטן דיר וועל איך נישט, און איך וואַג נישט,
נאָר ווען איר, מיינע טרוימען, ווערט מקוים...
איך האָב דאָך דיך ליב, און איך בין געווען דיינע —
קער זיך אום... אָ, גיב מיר פון דאָס ניי אַ לעבן,
קער זיך או — ום!...

עך וויפל, וויפל מאָל,
אין טיפן בין־השמשות,
אין פאַרוויסטן גאָרטן,
אויף דער שטיינערנער גלעבע ** —
האָב איך געיאָמערט, אַ פאַרגעסענע פון דיר,
** אַ פאָרמלאָזער שטיק.

О, милый, дорогой
Раз'едена тоской.

Я счастье прежнее благословляю,
Ведь так недавно мы нелепо разошлись —
Ведь я люблю тебя,
Люблю и проклинаю —
Вернись... О, дай мне снова жизнь —
В — е — р — ни — сь... *

דער פידל, אַ מידער, מיט די לעצטע זילבן אויף די ליפּן, איז נאָך געווען אָנגעשפּאַרט אין דעם אַקסל, ערגעץ אונטער דער סטעליע האָבן נאָך שוואַך וויברירט די לעצטע טרעלן, ווען אַלע אָנוועזנדיקע האָבן זיך אַ וואָרף געטון צו שלמהן, אים דריקן די הענט. אַלע האָבן אים אַרומגערינגלט, ווער עס האָט אים אַרומגענומען, ווער געקלאַפּט אין פּלייצע, קיינער האָט זיך גאָר נישט געקענט צו דער זעט אָפּלויבן פון זיין מייםטערשאַפּט. ביים טיש, אויף זייערע ערטער, זענען געבליבן זיצן בלויז: יאַני, פּאָלי און משום לאַ־פּלוג ** — אויך מנשה. אויף פּאָלין איז מיט אַ מאָל אָנגעפאַלן אַ וואָלפישער אַפּעטיט. זי האָט געענדיקט טרינקען אַן אויםגעקילטע גלאָז טיי, און זיך אָנגענאָסן אַ צווייטע, אויפגעגעסן אַ היפּשן שטיק לעקעך, פאַרזוכט פון אַלע וואַרעניעס. זי האָט געקייעט אויףביידע באַקן און אַלץ געקוקט לצדדין: וואָס האָט זי נאָך נישט מתקן געווען? זי איז געווען אַזוי פאַרטון אינעם עסן, אַז זי האָט פשוט נישט געהאַט ווען צו באַמערקן, וואָס ביי דער פּיאַנינע טוט זיך. שלמה האָט גוט באַמערקט, וואָס פאַר אַ משונהדיקער פרעס עס איז אויף פּאָלין אָנגעפאַלן, און ער האָט געטראַכט מיט אַ פאַרשטאָרבן האַרץ: עפּעס קאָכט זיך דאָרט... עפּעס זידט דאָרט... אָבער וואָס ווערט דאָס זיין פאַרטיקערהייט, אַ מאכל־מלכים, צי אַ מאכל פון בן דרוסאי? *** מנשה מיט יאַנין האָבן זיך

* אָ! ליבער, טייערער,
אַ צעפּרעסענע פון אַנגסטן...

דאָס גליק דאָס פריערדיקע, בענטש איך —
עס איז דאָך ערשט נישט לאַנג,
ווי מיר זענען זיך אַזוי נאַריש צעגאַנגען...
איך האָב דאָך דיך ליב,
איך ליב דיך, און איך פאַרשעלט דיך —
קער זיך אום... אָ! גיב מיר פון דאָס ניי אַ לעבן,
קער זיך או — ום!...

** אַ גמרא־כלל. געמיינט: כדי מען זאָל נישט באַמערקן דעם אונטערשיד.

*** אַ נאָמען פון אַ פאַרצייטישן גזלן, וואָס פלעגט עסן פלייש, ווען עס איז נאָך געווען העכער האַלב רוי. פון דער גמרא.

גאָר אין מיטן דערינען צעשמועסט וועגן דעם, ווי אַזוי אין זוועניגאָראָדקע פּלעגט אָנקומען שווער אַריינבאַקומען אין קאַמער אַריין דאָס הייצונג. און דאָ, אַבי דו האָסט נאָר אַן אָרדער, שטעלט מען עס דיר צו מיט דער מאַשין גלייך אין הויף אַריין.

נאָך איין מענטש, חוץ די אָנגערופענע דריי, איז געבליבן זיצן אויף זיין אָרט. ווי מאָדנע דאָס האָט נישט אויסגעזען, נאָר דאָס איז געווען די גאַנצע שולדיקע אין שלמהס לעצטן טריאומף — סעסיל פּעטראָוונאַ. זי האָט זיך אפילו נישט אויפגעהויבן פונעם טיש. זי האָט נאָר אָנגעשפּאַרט איר שיינעם קאָפּ אויף די הענט און האָט זיך מיט די אויגן איינגעגעסן אין שלמהס אויסגעבלייכטן געזיכט. אירע פייערדיקע בליקן האָבן ליידנשאַפטלעך איבערגעטאַפּט יעדן מינדסטן אויסדרוק פון זיין פּנים: דעם פאַרבן־טאָן פון זיינע גלעטנדיקע, עטוואָס מידע אויגן; דעם שפּילעוודיקן שאָטן פון זיינע געדיכטע ברעמען; דאָס געהיימניספולע שמייכעלע אין די חנעוודיקע ליפּן־ווינקלען. אָט אַזוינעם, אַזוי ווי ער שטייט און גייט, האָט זי אים איינגעזויגן אין זיך, ווי אַ שוואָם זויגט אין זיך איין וואַסער. ענדלעך האָט זי זיך געכאַפּט דערויף, אַז שלמה מעג אפילו זיין דער גרעסטער ווירטואָז, פון דעסט וועגן האָט זי זיך שוין אויף צו לאַנג פאַרקוקט אויף אים. עס קען זיך וואַרפן אין די אויגן. אָט די קליינשטעטלדיקע לייב־גוואַרדיע זיינע, קען נאָך מאַכן דערפון אַ גאַנצע „דיעלע". ניין, אַזוי טויג נישט. מען דאַרף זיך היטן פאַר מראית־עין. קיין בייזע צינגער פעלן אין ערגעץ נישט.

ווי אַ זעכצניעריק מיידעלע איז זי אויפגעשפּרונגען פון איר אָרט און איז אַוועק אָפּגעבן שלמהן איר יישר־כח פאַר דעם אויסערגעוויינלעכן פאַרגעניגן, וואָס זיין ליד האָט איר פאַרשאַפט. אָנגעקוועטשט שלמהן די האַנט, וויפל זי האָט נאָר אַליין געוואָלט, האָט זי זיך פלוצלינג קלינגענדיק צעלאַכט:

— אַנו זאָל עמעצער פּרווון זאָגן, אַז די זאַך, וואָס איז געזונגען געוואָרן, נאָר ווייל איך האָב ביי אים געפּועלט, איז נישט די בעסטע פון אַלע פריערדיקע נומערן?

מיט אַ מאָל האָט זי זיך אין עפּעס דערמאָנט. אויף איר געזיכט שוועבט דורך אַ פאַרדראָסיק וואָלקנדל. זי האָט פאַרביסן אַ ליפּ, אָבער נישט פיל געטראַכט האָט זי אַ שפּאַן געטון צום שלאָפצימער, און האָט אַ דריק געטון די עלעקטרישע קנאָפּקע. אַ פרעמדע, לאַנג־פאַרגעסענע שיין האָט אַ פלייץ געטון אין זאַל אַריין, אים פאַרגאָסן איבער אַלע ברעגן, אָנגעצונדן די טראָפּישע וועלדער, זיך לייכט אַ שפּיל געטון מיט די געשליפענע ווינקלען פונעם שפּיגל און האָט זיך ערנסט גענומען אַמפּערן מיט דעם זיך רייצנדיקן שוואַרצן לאַק וואָס אויף דער פּיאַנינע. אַלע האָבן פאַרנומען זייערע פּלעצער. די ווייסבלאַטס האָבן צוגערוימט פונעם טיש די גלעזער מיט נישט דערטרונקענער טיי און האָבן אָנשטאָט איר דערלאַנגט זודיקע טיי מיט מאַרינירטע פלוימען, און אויף זילבערנע טעצ־

לעך, ווארעניע פון פיסטאשקעס מיט וויינטרויבן. אלע האבן שטארק גע־לויבט סאָניעס קונסט אין באַקן און אין פּרעגלען. דער זיסלעכער ריח פון וואניל און די איינשלעפערנדיקע ריחות פון שאמפּאניער און טאָקאַיער ווייַנען האבן לייכט געדרייט דעם קאָפּ און נישט געלאָזט זיך אויפהייבן פונעם בענקל.

פרידמאַן, זעצנדיק זיך אויף זיין אָרט, האט לייכט אָנגערירט מנשהס אַקסל און אַ גלאָז טוענדיק מיט די אויגן אין פאַלים זייט, האט ער פיינט־לעך ארויסגעזייעט דורך די ציין גלייך איבער זיין אויער:

— און איר מיינט, אַז צו איר וועט עפּעס דערגיין? ווייס איך וואָס! דבר אל העצים ואל האבנים...

מנשה האָט אויך געענטפערט מיט אַ שטילן פליסטער:

— נישקשה, אם לא תכנס המלה כולה, תכנס חציה... פּטור בלאַ־כלום אי אפשר...

— אָט דאָס הייסט אויסגעציילט די פּירערס, הא?... אחת ואחת... אַן אמתע פּרשה „שקלים"...

— און מיר דאַכט, אַז פּרשה „זכור"...

— וואָס קומט ארויס פון די פּרשות שקלים וזכור, אַז נאָך זיי גייט פּרשה פּרה —

— ...און די פּרה, נישט גענוג וואָס זי איז אַ פּרה, איז זי נאָך אַ פּרה סוררה... עגל לא למד...

סעסיל פּעטראָוונאַ: נו, שלמה, אפשר וועט איר זאָגן, אַז איך בין נישט קיין ווארטסמאַן? כ'האָב אייך צוגעזאָגט, אַז נאָך דער זאַך — שאַבאַש! * און האָב אַליין אויפגעמאַכט דאָס ליכט. וואָס זשע שווייגט איר? איז ביי מיר אַ וואָרט, אַ וואָרט, צי ניין?

— איר זאָלט טאַקע מאריך ימים זיין פאַר דער בערישער טובה, וואָס איר האָט מיר געטון מיט אייער האַלטן וואָרט. עס זאָל אייך דערפאַר קיין מאָל קיין נויט נישט זיין... נישט אייך, נישט אייערע קינדער און קינדס־קינדער —

ביים טיש ווערט אַ געלעכטער. סעסיל פּעטראָוונאַ בלאָזט זיך אָן:

— גייט אייך, איר זענט אַ גראָביאַן —

— אַ דאַנק פאַר אַ קאָמפּלימענט. איך האָב מיך גערעכנט אויף ערגערס...

סעסיל פּעטראָוונאַ פאַרבייסט אַזש די ליפּן פון פאַרדראָס אויף זיך אַליין. מיט אַן אומדערוואַרטער אונטערטעניקייט שטאַמלט זי ארויס:

— גלייבט מיר, עס האָט זיך ביי מיר נישט־ווילנדיק ארויסגעכאַפּט. איר האָט זיך אויף מיר באַליידיקט?

— וואָס פאַלט אייך איין? נישט יעדער איז דאָך פאַר דעם אמת ברוגז...

---

* סטאָפּ, באַסטאַ, אויפהערן!

— ניין, איך זע, אַז איר האָט זיך אויף מיר טאַקע יאָ באַליידיקט. אַנטשולדיקט מיר, ס'איז דאָך אומגערן, איך האָב כּלל נישט געוואָלט —

— הערט שוין אויף! ברוגז... ברוגז... באָלשעוויקעס האַלטן נישט פון אַט דער פאַרשימלטער צערעמאָניע.

— זענט איר דען אַ באָלשעוויק?

— וואָס דען בין איך, אַ מענשעוויק? איר האָט דאָך דאָ געהערט, ווי אַזוי איך האָב ציטירט „פראַגן פון לעניניזם".

— איך האָב אָבער אויך געהערט, ווי אַזוי איר רעדט פון ציון —

— וואָס זשע איז דאָ דער משל?

— דער משל איז, וואָס אַ ציוניסט, ווי באַוווּסט, איז אַ פאַרביסענער אַנטי־קאָמוניסט...

— דאָס איז נישט מער ווי אַ קרענקלעכע איינרעדעניש פון דער ראַטנמאַכט. דאָס האָט זי אַליין זיי פּאַטענטירט אַלס שונאים. אָבער אין אמתן אמת זענען זיי גאָר —

לייב: וואָס פאַר אַן אָנשיקעניש היינט אויף דער נאַכט אויף אונדזערע קעפּ! פריער האָט גאָט געהאָלפן ליטעראַטור, איצט טאָמער דאַרפסטו, נאָ דיר פּאָליטיק! נו, נו, אַן אמתע משלחת... פאַרבייסט בעסער, און עסט זיך נישט אָפּ די הערצער מיט קאָמוניזם און ציוניזם... לאָזט איבער די פּאָלעמיק אויף אַן אַנדערש מאָל.

ביעלסקי: סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, איך וויל נישט נאָכגעבן מיין ווייבל, אַז דווקא «Вернись!» איז די בעסטע זאַך פון די אַלע נומערן, וואָס איר האָט אונדז היינט באַערט אויסצופירן, בכלל האַלט איך אַלע מינים פאַרגלייכונגען פאַר ריזיקאַליש, נאָר איין זאַך יאָ: איך מוז אייך זאָגן, אַז איר האָט די לעצטע ליד אויסגעפירט מיט אַזוי פיל האַרץ, מיט אַזאַ פלאַמענדיקן טעמפּעראַמענט... ממש טאַקע, מען האָט געקענט מיינען, אַז איר אַליין האָט אַ מאָל איבערגעלעבט אַזאַ מין פאַרצווייפלונג...

שלמה: גאָט איז מיט אייך, סאַמואיל לאַזאַראָוויטש! וואָס האָט איר ערשט געזאָגט? דאָס איז דען שכיח? עס איז דען אָנגעמאָסטן פאַר אַ מאַנסביל אַזוי איינצולייגן די וועלט?

— עס טרעפט דען נישט, מיינט איר?

שלמה ענטפערט גאָרנישט. ער לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און אויף אַ ווײַלע זינקט ער איין אין אומעטיקע זכרונות. אין זיין מח בליצט דורך עפּעס אַ משונה־מאָדנע איינפאַל, אָבער ער פאַריאָגט אים פון זיך, גלייכט זיך אויס און ענטפערט נאָכדענקענדיק:

— עס טרעפט אַ מאָל, פאַרשטייט זיך, אַזעלכעס אויך, אָבער מערסטן טייל, אויב דער געטראָפענער איז אַן אמתער מאַנספּאַרשוין, נעמט ער זיך אין „די הענט" אַריין, אפילו ווען ער געפינט זיך שוין ביים ראַנד פון גרוב.

נישט ווילנדיק ווערט ער ווידער באַהערשט פון זיינע שטורמישע געדאַנקען. אַ קול פון זיינע „מסתרים" רעדט צו אים און טענהט איבער אים:

— שלמהלע, הער אויס, וואָס איך רעד צו דיר... ווער קען דען משיג זיין דעם אייבערשטנס דרכים? מי בא בסוד אלוה? אפשר האָט דער מסבב הסיבות אָנגעשיקט יענעם שגץ אויף לייבס קאָפּ אך ורק צוליב דעם, כדי דו זאָלסט האָבן נאָך איין געלעגנהייט זיך צו זען מיט דיין פּאַ־לין פאַר דעם „יום־הכסה"...* זאָג מיט שמשונס נוסח: רבש"ע, זכרני נא וחזקני נא אך הפעם הזה, און טו דאָס, וואָס דיין משקל־ראשון האָט דיר אונטערגעזאָגט... זיי נישט גענאַרט, שלמה, אויב די השגחה־פּרטית וועט חלילה נישט האַלטן איר רעכטע האַנט אויף דיר, ווערסטו שוין פּאָלין מער קיין מאָל פאַר די אויגן נישט זען. דו טאָרסט נישט מאַבד זיין בידים דאָס, וואָס דער „רצון־העליון" האָט פאַר דיר אויפגעבויט. כאַפּ אַ קוק אויף איר פנים ווערסטו זען, אַז זי לעבט אין דער היים איבער גרויסע שמערצן, אַז זי האָט דאַרט אויסצושטיין קאַלטס און וואַרעמס. טאָ דער־וואַרעם דו אַ ביסל איר נשמה. ימינך מקרב חיקך כלה! ** קלער נישט אַזוי לאַנג און שטרעק איר אויס אַ האַנט, זי זאָל האָבן אין וואָס זיך אָנ־צוכאַפּן. אפשר קוקט זי גאָר נאָך אַרויס דערויף... שווייג זשע נישט און טו וואָס איך עצה דיר... אודאי איז אַצינד איר ריי זיך אָנצורופן, דו האָסט געמאַכט די „עקירה" און זי דאַרף מאַכן די „הנחה", אָבער וואָס זאָל מען טון אויב יענע האָט נישט אין זיך די דרייסטקייט? ושאינו יודע לשאול, את פתח לו —

און פּלוצלינג, באַגייסטערט פון אַ אינערלעכן שטראָם, צינדן זיך אים אָן די אויגן, עס גיבן ביי אים אַ טאַנץ די בלויע אָדערלעך אויף די שלייפן און ער פרעגט ביי אַלע אָנווועזנדיקע:

— איר האָט מיך פריער געבעטן, איך זאָל אייך עפּעס דערציילן, איר האָט נאָך נישט קיין חרטה?

אַלע שפּרינגען אַזש אויף פון די ערטער פאַר אַנטציקונג. עס צע־שיט זיך אַ האָגל פון אַפּלאָדיסמענטן. שלמה שטילט זיי איין מיט אַ גע־לעכטער:

— וואָס האָט איר זיך צעפּאַטשט, וואָס? אפשר וועלן נאָך קומען די פּעטש אין אַ צווייטן אָרט אַריין?

אַלע לאַכן...

יאַני, קוקנדיק אויף שלמהן מיט פאַרליבטע אויגן, זאָגט שמייכ־לענדיק:

— ווער וועט זיך עס איינשטעלן צו געבן מלקות אַזאַ בר־אורין ווי דו? אפילו ווען עס זאָל דיר שוין גאָר יאָ קומען, וועט זיך אויך נישט אָפּזוכן אַזעלכער, וואָס ער זאָל דיר זיי געבן.

— וואָס הייסט, עס וועט זיך נישט אָפּזוכן? אויף וואָס דען האָט

* דער טאָג וואָס איז אָנגעמערקט אויף אַ וויכטיקער עובדה.

** נעם אַרויס דיין רעכטע האַנט פונעם בוזעם. געמיינט: זייַ נישט מיט צונויפ־געלייגטע הענט. פון תהילים.

אייך דאָ דער אייבערשטער מזמין געווען מײַנעם אַ פעטער? אויב עס וועט נאָר קומען, קען מען בעטן די פרויען זיך פאַרקוקן אין דער זייט, אוועקלייגן אויפן טיש און מקיים־פסק זײַן...

שלמה גייט אוועק אין עק צימער, שליסט צוריק איין דאָס ראָזע לעמפּעלע און לעשט אויס דעם קאַנדעלאַבער. פון דער ערשטער מינוט ווערט אין צימער שטאָק־פינצטער, נאָר אַ לעצטער, בלייכער אָפּשיין, ווי פון זונען־פאַרגאַנג גוססט נאָך איבערן פאַרלאָשענעם שפּיגל. ער קערט זיך אום צום טיש, שטייענדיקערהייט טרינקט ער גיריק אויס אַ האַלבן קעליר־שאָק פון זײַן ווײַן, זײַן בענקל שטעלט ער אוועק אין אַ זייט, און אַליין מאָסטעט ער זיך איין אין דער קיילעכדיקער שטול מיט דעם שרויף, וועל־כע שטייט פאַר דער פּיאַנינע. דאַן גיט ער נאָך אַ פאַרנעפּלטן קוק אויף אַלע צוהערער און רופט זיך אָן:

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן, חברים, וואָס איך וועל אייך דער־ציילן, נישט מיט דעם נוסח וואָס מען איז זיך געוויינלעך נוהג צו דער־ציילן אין אַ מסיבה, נאָר ווי שרייבערס, כביכול, זענען זיך נוהג צו דער־ציילן דעם „פּאַפּיר”, דאָס הייסט: בכל פּרטיה ודקדוקיה ודקדוקי־דקדוקיה... איר ווייסט דאָך, פאַר וואָס ביי שרייבערס באַקומט זיך אַ מאָל „אגיל ואשמחדיק”, ווײַל פאַר דעם פּאַפּיר קען מען אַלץ מגלה זײַן. דאָס פּאַפּיר האָט די מעלה, וואָס עס ווערט פון קיין שום זאַך נישט איבערראַשט און עס רויטלט זיך נישט פאַר בושה...

סעסיל פּעטראָוונאַ, מיט אַ שלעכט־געמלאכהטער שטרענגקייט אין קול:

— איי, סאָלאָמאָן, סאָלאָמאָן... נישט איר דאַרפט פאַר דעם בעטן אַנטשולדיקונג, נאָר איר טאָרט גאָר אַנדערש נישט דערציילן!... אין אַן אַנדער פאָרם וועט אייער דערציילונג, ווי אינטערעסאַנט זי זאָל נישט זײַן, קלינגען פאַלש, נישט פּאַ־פּיאַטיגאָרסקאָמו... דאָס איז אייער דירעקטער חוב קעגן אונדז, זאָגט איר גאָר מיר זאָלן אייך אַנטשולדיקן...

שלמה, זעט מען, איז אַנטציקט און גלייכצייטיק אַ ביסל פאַרלוירן פון אָט דער טעמפּעראַמענטנער קראַסאַוויצע, וואָס שפּירט נאָך יעדן וואָרט זײַנעם און הערט אים נישט אויף צו עקבערן מיט אירע גליענדיקע בליקן. וואָס ווײַל אָט די קאָמפּאָזיטאָרשע פון אים האָבן? וואָס האָט זי זיך אָנגעזעצט אויף זײַן נשמה פון זינט ער איז אַהער אַרײַנגעקומען? צי באַמערקן דאָס אויך אַנדערע? צי אַרט דאָס נישט פאַלין? אויב יאָ, פאַר וואָס שווײַגט זי? ער לייגט אָפּ אָט די האַרבע קשיות אויף אַן אַנדער מאָל און ענטפערט נישט ווענדנדיק זיך צו קיינעם:

— אויב אַזוי, איז רעכט. הייב איך אָן:

# קאַפּיטל XXVIII

דער מחבר פון אַט דעם גרויסן ראָמאַן איז אַ ייִד, אַ רוסישער יונגער־מאַן, און נישט נאָר אַ רוסישער, נאָר אפילו אַ סאָוויעטישער בירגער. ס'איז גאָר נישט לאַנג, אַז עס האָט זיך אים איינגעגעבן אַוועקצופאָרן קיין ארץ־ישראל. ווי אַזוי עס האָט געקענט טרעפן אַזאַ חוץ מדרך־הטבעדיקער נס, ווייס איך נישט און קען אפילו אַזוי קלוג נישט זיין צו פאַלן אויף אַזאַ שכל, כאָטש — ווי אייך איז שוין פון לאַנג באַוווּסט — אין מיר שטעקט אַ שטיק „נביא"... בקיצור: ער איז מגולגל געוואָרן קיין ארץ־ישראל און דאָרט טאַקע האָט ער אָנגעשריבן דאָס בוך. ערשט נישט לאַנג איז דאָ געווען אַ טוריסט פון אַמעריקע, טאַקע אין „קאָנטינענטאַל" איז ער געשטאַנען, און האָט דאָס דאָזיקע בוך איבערגעלאָזט מיינעם אַ באַקאַנטן. יענער האָט געוואָלט הערן מיין מבינות אויף אים, און האָט אים מיר געבראַכט צו טראָגן. דאָס ווערק איז זייער אַן אינטערעסאַנטס, און איך גיי דאָס אייך איבערדערציילן נאָך קעגן דעם, וואָס מיר האָבן דאָ ערשט געשמועסט מיט סאַמואיל לאַזאַראָוויטש. דער נאָמען פונעם אויטאָר איז „בן צפור". צי דער דאָזיקער פאַרשוין שטאַמט טאַקע פון די באַפליגלטע משוררים, צי ער האָט זיין פסעוודאָנים פשוט אַרויסגענומען פונעם חומש ווי: „אחד העם", „בוקי בן יגלי", דאָס ווייס איך נישט און ס'איז אויך, מיין איך, נישט זייער וויכטיק, אל תסתכל בקנקן... דער נאָמען פון זיין ווערק איז: „דער פרייז פון אַ קאַפּריז". די געשיכטע קומט פאָר אין ווייס־רוסלאַנד און הייבט זיך אָן אַ יאָר פינף נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

צווישן אייביקע זומפּן און אומדורכגאַנגבאַרע וועלדער, ווייט־ווייט אָפּגערוקט פון די גרויסע טראַקטן, ליגט אַ שטעטעלע מיטן נאָמען מיכאַי־לאָווסק. אין דעם דאָזיקן שטעטל, פון יענער זייט בריק, האָט געוווינט אַ גאַנצע משפחה פון לעדער־הענדלער. די משפחה איז געווען פון די מיוחסות שבישראל, שמן זית זך. זיידעס, עלטער־זיידעס, לויטער רבנים, רביים און סתם יקירי־קרתא, אנשי־השם. און נישט קוקנדיק אויף אַזאַ „זיידע־נעם" אָפּשטאַם איז זייער משא ומתן געווען לעדער. אַזוי דער אַלטער שמשון מיט זיינע דריי יינגלעך, אַזוי אויך דער עלטסטער זון זיינער, ר' אברהם. אין דער גאַנצער געגנט אַרום מיכאַילאָווסק און אויך אין די מרחקים האָט מען געוווּסט, אַז די מיכאַילאָווסקער פייערבערגס זענען לע־דערניקעס מקדמונים, מששת ימי בראשית... קינדער האָט אַט דער ר' אברהם געהאַט פיר. דאָס עלטסטע יינגל שמואל, וועלכן אַלע האָבן גערופן מאָניאַ; נאָך אים איז געגאַנגען אַ מיידל, דבורה; דאַן נאָך אַ בחורל, יעקב; און נאָך איין מיידל, ראָזע. דאָס מיזינקעלע. אין דער שכנותדיקער גאַס פון דעם בית־פייערבערג האָט געוווינט ר' אברהמס אַ קוזין, נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, אַן אַלמן, וועלכער איז געווען דער איינציקער שוחט אין מיכאַילאָווסק. גערופן האָט מען אים מענדל פּערלאָוו. געווען איז ער

בפירוש א גאַנץ געהויבענער יונגערמאַן, אָבער נעבעך א ביטערער קבצן. ביי אים מיט מאַניען איז כמעט אין אַלע ענינים הן במילי דעלמא, הן במילי דשמיא, געווען איינער און דער זעלבער געדאַנק און איינער און דער זעלבער רצון. מענדל איז געווען א ישיבה־בחור פונעם אַלטן טיפּ, געהאַט א מאָל א שמעק געטון די השכלה, פאַרמאָגט — לויט דער מבינות פון די מיכאַילאָווסקער בעלי־בתים — א טיפן „שטאָך" אין פּאָליטיק. דער עיקר, וואָס מאַניען האָט צוגעצויגן צו אָט דעם מענדלען איז געווען: זיין שכל־הישר, זיין איבערגעגעבנקייט צו א חבר מיט לייב און לעבן, ולכל לראש — זיין באַציען זיך צו יעדן באַזונדער ערלעך און אויפריכטיק. מאַניא אַליין האָט שוין אין קיין ישיבה נישט געלערנט, אָבער ער האָט נאָך באַוויזן אין דער היים אַזוי טיף אריינלערנען אין ש"ס ופוסקים, אַז אין למודי־קודש איז שווער געווען אונטערשיידן צווישן אים און א יונגנ־מאַן, וואָס האָט געקוועטשט די בענק פון די ישיבות פון קליינווייז אָן.ביידע זענען געווען מיט גוואַלד אַוועקגעריסן פון דער ספרים־וועלט און באַונס צוגעבונדן צום פאַרוויסטן שטיקל ברויט. מענדל איז ווי אַן עבד כנעני, א גאַנצן טאָג געווען פאַרקויפט צו דער בית־השחיטה, און דעסט גלייכן מאַניא — צו די פעלן לעדער. בדברים הנוגעים אל הנפש זענען זיי ביידע געווען שטאַרק עלנט און פאַריתומט אין דער סביבה פון מענטשן, וואָס זענען שקוע יומם ולילה אין דעם טרוקענעם עולם־המעשה, נישט פילנדיק אפילו קיין באַדערפעניש אין עפּעס א רמז אויף רוחניות, אויף עפּעס דערהויבנס. און חוץ דעם האָבן זיי זיך געפילט מאָראַליש דערשלאָגן פון דער וויסטעניש, וואָס הערשט אין אָט דעם פאַרוואָרפענעם מיכאַילאָווסק און וואָס לאָזט זיך פילן מיום ליום אַלץ מער און מער. די דאָזיקע יונגעלייט זענען געווען אחים לצרה: דער האָט נישט געהאַט קיין חברים, יענער האָט אויך נישט געהאַט קיין חברים, און טאַקע דערפאַר זענען זיך זייערע פאַרוואָגלטע נשמות אַזוי שטאַרק צונויפגעוואַקסן. יעדער איינער פון זיי האָט געקענט כאָטש אויף וויפל עס איז פאַרטרייבן דעם אומדערטרעגלעכן קליינשטעטלדיקן אומעט; א ביסל קאָלירטער מאַכן דאָס גרויע טאָג־טעגלעכע לעבן, נאָר אין דער געזעלשאַפט פונעם צווייטן, און אַזוי אַרום זענען זיי געוואָרן ווי ברידער, ממש נפש אחת. דעריבער איז יעדער איינער פון אָט די רעים־אהובים גרייט געווען פאַרן צווייטן דעם קאָפּ אָפּצוגעבן.

אין דעם צווייטן עק פון דעם זעלבן שטעטל לעבן סאַמע מאַרק, האָט געוווינט נאָך א ייד, ר' יוסף פיינשטיין. דער דאָזיקער פיינשטיין איז אויך געווען א רעליגיעזער יונגערמאַן, נאָר שוין א מאָדערנער, פון דער היינ־טיקער וועלט. ער האָט געהאַט דריי קינדער: דאָס עלטסטע, א מיידל, טאַ־מאַראַ; דאָס צווייטע, א יינגל, אהרל; און נאָך א מיידעלע, זשעניטשקאַ. געווען איז דער ר' יוסף דער סאַמע פאַרמעגלעכער ייד אין שטעטל. אין מיכאַילאָווסק גופא האָט ער געהאַט אַן אייגענעם בוימל־זאַוואָד און אויפן דאָרף, צוזאַמען מיט א שוואָגער, א גרויסן ציגל־זאַוואָד. פון אַלע אַרו־

מיקע שטעטלעך און דערפֿלעך פּלעגט מען צו אים קומען סיי קויפֿן ציגל, סיי קוועטשן בוימל. די שפּע איז ביי אים גערונען, ווי זאָגט מען עס, אי־בערן מויל. מיט איין וואָרט: ער איז געווען גאָר אַ גרויסער עושר, אַן אדיר! און אָט האָט זיך אַזוי געטראָפֿן, אַז אָט דאָס אָרעמע יינגעלע מאַ־ניאַ האָט געהאַט דאָס מזל — אָדער אפשר דעם שלימזל — זיך צו פֿאַר־ליבן אין אָט דעם וווּנדערשיינעם, און שטאָלצן נגידישן טעכטערל, אין טאַמאַרען. אָט־אַזוי־אָ טרעפֿט מן הסתם, אַז אַ שוועלבעלע פֿאַרקוקט זיך אויף אַן אָדלער, און טרוימט אים אַ מאָל אַרונטערצונעמען אונטער זיינע שוואַכינקע פֿליגעלעך. אָן חשבונות, אָן אַ געדאַנק וועגן תכלית איז מאַ־ניעס קליין, פּאָעטיש הערצעלע געפֿערלעך פֿאַרוווּנדעט געוואָרן פֿון די שטראַלן, וועלכע עס האָט אַרום זיך געשפּרייט די שיינע טאַמאַראַ.

און דאָ האָט שלמה מיט זיין גאַנצער קונסט, מיט זיין גאַנצן כח־הדבור צעוויקלט פֿאַרן עולם די פֿאַרשידנפֿאַרביקע געשיכטע פֿון זייער לעבן. זייער קינדהייט, דער גרויסער קאָנטראַסט אין זייער דערציאונג, ווי אַזוי עס האָט זיך אויסגעווירקט אויף די יונגע קינדער די שטעטלדיקע סביבה, אויף אים דאָס אייביקע עניות און דחקות, אויף איר דער אייביקער וווּל־טאָג און לוקסוס, וואָס פֿאַר אַ שיטה אין לעבן אַריין ער, שלמה, האָט מיט זיך אַוועקגעטראָגן פֿון דער האַרטער בית־מדרש באַנק, און וואָס פֿאַר אַ שיטה זי, פּאָלי, האָט אַרויסגעטראָגן פֿון די פּוכאָווע פּערענעס און פֿון די זיידענע קאָלדרעס, דאָס אַלץ האָט ווי אין אַ קינאָ־פֿילם דורכגעשוועבט אין דעם שוואַך־באַלויכטענעם זאַל. שלמה האָט מיט אַזעלכע רייצנדיקע פֿאַרבן געמאָלט זיין לייוונט, אַזוי מייסטערדיק געפֿלאָכטן די געשעענישן איינע אין דער אַנדערער, אַז וואָס ווייטער איז די געשפּאַנטקייט אין זאַל אַלץ מער געוואַקסן. אַלץ נעענטער האָבן די צוהערער גענומען צום הארצן דעם גורל פֿון זיינע העלדן.

...אין יאָר 1927 האָט ר׳ יוסף פֿיינשטיין דערפֿילט אין דער לופֿט, אַז פֿאַר מענטשן מיט אַזאַ געשטעל ווי ביי אים הייבט אָן צו שמעקן אין לאַנד מיט פּולווער. ער האָט נאָך ביי צייטנס באַוויזן צו ליקווידירן זיינע געשעפֿטן און מאַכן די פּליטה קיין מינסק. דערנאָך האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז ער איז טאַקע געווען פֿון די איינציקע, וואָס אַ דאַנק זייער שאַרפֿן חוש־הריח האָבן זיי העט שפּעטער אויסגעמיטן די גרוילנדיקע ראַסקו־לאַטשעוואַניע. דערווייל האָט געפּלאַצט דער „נעפּ", און די יונגע פֿייער־בערגס מיטן זיידן, מיט מענדל דעם שוחט, מיט דער גאַנצער משפּחה, אַלע ביז איינעם זענען אויך אַריבערגעפֿאָרן קיין מינסק. אויך דאָ האָט זיך גלייך געלאָזט דערקענען דער אונטערשיד צווישן דעם קבצן און דעם נגיד. די פֿיינשטיינס, וואָס זענען טאַקע געקומען אין דער גרויסער וועלט אַריין מיט די גראָבע קלינגערס, האָבן געקריגן אַ דירה אין צענטער שטאָט אויף קיראָוואַ־גאַס, און די פֿייערבערגס האָבן זיך געמוזט באַזעצן אין אַ פֿאַרשטאָט מיטן נאָמען „פּאָלאָווניק".

די צייט איז דערווייל געגאַנגען. די גרויסע שטאָט, די נייע אופֿנים

פון לעבן, האָבן געליגט זייער שטעמפּל אויך אויף די באַציאונגען צווישן די געוועזענע מיכאַילאָווסקער באַלעבאַטים. דער נגיד האָט שוין נישט אַזוי געבליאַסקעט מיט זיין נגידעשאַפט, דער אָרעמאַן האָט ווי עס איז פאַרלאָ־טעט און פאַרשמירט דעם קבצן. דער עולם אין שול און אין גאַס האָט נישט אין גאַנצן געשטעלט דעם טראָפּ אויף דער גרעב פונעם בייטל; די פּראָפעסאָרן, ביי די עקזאַמענס, האָבן זיך אויך נישט אינטערעסירט מיט דעם, וועמענס קינדער די דאָזיקע סטודענטן זענען, זיי האָבן זייער וואָכע־דיק און צו מאָל אומברחמנותדיק איינגעטיילט די „צווייערלעך" מיט די „פינפערס". די גבירישע „פּאַניטשעס" זענען מיט אַ מאָל געוואָרן דעם טייטש פון: הזהרו בבני עניים, שמהם תצא תורה... אָט די אַלע „קליניקייטן" און „שטותים", האָבן ביסלעכוויין אָפּגעווישט די גרענעצן צווישן די נייע איינוווינער פון פּאָלאָווניק און קיראָוואָ. ר' יוסף בכבודו ובעצמו איז געוואָרן אַ פּשוטער אָנגעשטעלטער אין אַ זאַוואָד. גנבענען ביי דער מלוכה, ווי אַלע טוען, האָט ער מורא געהאַט, ווייל טאָמער פאַלט ער חלילה אריין, זאָל מען אים נישט אויפמישן קיין חטאות־נעורים, חטאות־מיכאַילאָווסק, דאַמאָלסט איז — המצא מנוחה נכונה... דאָס געהאַלט אַליין האָט קוים געקלעקט אויף איין וואָך אין חודש, און די הוצאה, פאַרקערט, וואַקסט אָן הייוון: די קינדער זענען ביסלעכוויין אונטערגעוואַקסן, מען דאַרף פאַר יעדן פון זיי אַ שיין קלייד, אַ מאָדערנעם פּאַלטאָ און דערצו נאָך אַ מזומנעם רובל אין קעשענע... דעם טיש איז מען אויך געוווינט געווען צו גרייטן פון דער ברייטער האַנט, עס האָט געדאַרפט דערלאַנגט ווערן פונעם שענסטן און פונעם בעסטן. און מיט אַ מאָל זענען די פיינ־שטיינס געוואָרן פון אַ שרעקלעכן סוד, אַז דאָס מיכאַילאָווסקער עשרות איז שוין פון לאַנג ערגעץ אַוועקגעפלויגן און מען דאַרף אָנהייבן „שטרעקן נאָך די עקן". פון דער גאַנצער פאַמיליע האָט ר' יוסף געאַרבעט איינער אַליין, די איבעריקע זענען געווען „אוכלים ואינם עושים". ער וועט דאָך נישט מאַכן די „עקרת־הבית" פאַר אוים באַלעבאָסטע, צי חלילה אַוועקנעמען די קינדער פונעם לערנען, האָט ער איינער געשלעפּט דעם עול. וויפל ער האָט בכח געהאַט, האָט ער אויסגעאַרבעט, והמותר האָט מען געמוזט דערשטיקעווען פון דעם מיכאַילאָווסקער „קניפּל". אַזוי ווי אָבער אַ ברונעם שעפּט זיך אויך אויס, איז טאַקע דאָס „קניפּל" געוואָרן מאָגערער פון טאָג צו טאָג. די עלטערן פלעגן מיט פאַרשטאַרבענע הערצער צוקוקן ווי אין זייער אַמאָליקן אוצר טאָגט און עס וועט שוין באַלד נישט זיין מיט וואָס צו דערשטיקעווען די הוצאה. אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק פלעגן זיי איבערציילן די שיריים און שטום זיך אָנקוקן איינס דאָס אַנדערע ווי די קרובים ביים בעט פון אַ גוסס. טאַמאַרא, אהרל, פלעגן דערשטווינט ווערן דערהערנדיק אַלץ אָפטער אַזעלכע מאָדנע ענטפערס ווי: „אויף דעם איז נישטאָ", „מיט דעם דאַרף מען נאָך צווואַרטן", „פון דעם מוז מען זיך פאַרלויפיק אָפּזאָגן". יעדער נייער „אָטקאַז" האָט אויף די קינדער פון דאָס ניי עושה־רושם געווען. כאָטש פונעם קליינעם שטעטל איז מען שוין

דאָן געווען עטלעכע יאָר, אָבער פון דעם טעם פון גענדזענע גריוון, פון שאַקאַלאַד מיט פּוטער און פון זיידן אונטערוועש איז אַ פּנים געווען שווערלעך זיך אָפּצוגעוווינען...

ביי די פייערבערגס דאַקעגן האָט זיך אַוועקגעשטעלט דער מצב־הפּרנסה פּונקט דער היפך ווי ביי די פיינשטיינס. ר' אברהם און זיין מאַניאַ, געניטע סוחרים, „אויסגערויכערטע ליולקעס", מענטשן, וואָס ביי זיי האָרעוואַניע איז שוין גאָר געוואָרן אַ רגילות, האָבן זיי טאַקע באַלד איינגעפירט אַ ברייטן מסחר מיט די עוברים ושבים פון דער פּראָווינץ. גאַנץ אומגעריכט האָט זיך אין דעם פאַרחלומטן מאַניען אַנטפּלעקט אַ טיכטיקער געשעפטס־מאַן. גאָר אין אַ קורץ שטיקל צייט האָט ער זיך אין מינסק דערשלאָגן צו אַזאַ גוטן נאָמען, אַז מען האָט אים געבאָרגט די גרעסטע סומעס געלט אָן קיין שום ישוב־הדעת. ביים איינקויפן סחורה אָדער ביים פאַרקויפן, האָט מען שוין געוווּסט, אַז האַנטגעלט איז לחלוטין איבעריק, עס איז גאַנץ גענוג זיינס אַ וואָרט. צווישן די „יושבי־קרנות" * האָט מען אָנגעהויבן אונטערמורמלען, אַז אָט דער מאַניאַ האָט אַזוי־אַ, כלומרשט אויף קאַטאָוועס, אַריינגעבראַכט צום פאָטער אין שטוב אַריין אָן עשרות.

דערווייל האָבן זיך געהאַלטן אין איין בייטן די זומערס אויף ווינטערס און די ווינטערס אויף זומערס. פון קינדער זענען געוואָרן דערוואַקסענע מענטשן. מאַניאַ מיט טאַמאַרען פלעגן זיך אַלע טאָג באַגעגענען, זענען אומעטום געגאַנגען צוזאַמען, געשמועסט פון דעם, גערעדט פון יענעם, אָבער צו קיין תכלית איז ביי זיי אַלץ נישט געקומען. טאַמאַרעס פאָטער איז פון שטענדיק אָן געווען איינגעליבט אין מאַניען, אפילו דאַמאָלסט, ווען יענער איז נאָך אַרומגעגאַנגען מיט אויסגעריבענע אַרבל. ווער שמועסט, אַז דער גלגל האָט זיך גאָר אויסגעדרייט, אַז מאַניאַ איז היינט גאָר, גאָר „אין די פעדערן" און ביי אים פייפט שוין אַריין דער דלות... און בכלל, מען זעט דען אין מינסק אַזוינע יונגעלייט ווי מאַניאַ? און ווו איז דען יאָ בנמצא אַזאַ תכשיט?... אַזוי האָט אַלץ געטראַכט דער פאָטער, אָבער צו דער טאָכטער האָט עס קיין שום שייכות נישט געהאַט, זי האָט געהאַט צייט און צייט... ווער שמועסט מיט אַזאַ פּנימל ווי זי פאַרמאָגט, איז דאָך אודאי נישטאָ זיך וואָס צו איילן... און טאַמאַראַ האָט ווירקלעך געשמט אין מינסק מיט איר שיינקייט. מענטשן, באַגעגענענדיק זי אויף דער גאַס, פלעגן זיך פאַרגאַפטע אָפּשטעלן, מיט אַ געפיל, וואָס איז מיט עפּעס ענלעך אויף בושה, זיך בגנבה איינקוקן אין איר שיינענדיק פּנימל און זי ווייט באַגלייטן מיט קנאה־פולע בליקן. אין אוניווערסיטעט ווו זי האָט געלערנט, איז נישט געווען צו איר קיין גלייכן, נישט אין שיינקייט, נישט אין גראַציע. מאַניען איז אויך נישט געווען צו דערקענען. ווי דורך אַ כשוף האָט זיך פון אים מיט אַ מאָל אָפּגעשיילט

---

* ליידיקגייערס, באַרעדערס.

דאָס פּראָווינציעלע הייטל. די זעלבע אומגעוויינלעכע פעאיקייטן, וועלכע ער האָט פריער ארויסגעוויזן אין יידישע לימודים, האָט מען ביי אים איצט געקענט באמערקן אין די רוסישע. חוץ דעם האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט אזוינע מעלות, וואָס קיינער פון זיין קרייז באַקענטע און חברים האָבן זיי נישט פאַרמאָגט. למשל: עס האָט קיינער נישט געקענט אזוי בילדעריש און אינטערעסאַנט אָנשרייבן אַ דערציילונג, צי אפילו אַ ליד, ווי ער; עס האָט קיינער נישט געקענט אזוי באַטעמט איבערלייענען פאַר אַ מסיבה אַ ביכל, ווי ער; דעסט גלייכן אין זינגען און אין שפּילן איז אויך שווער געווען צו געפינען זיין גלייכן. זיינע חברים און פריינט האָבן הויך געשעצט זיינע אויסגעצייכנטע כשרונות צו אָט די „פּרפּראות״* און אים דערפאַר שטאַרק ליב געהאַט. נאָר איין טאַמאַרען האָט זייער התפעלות נישט אָנגע־שטעקט. אמת, זי האָט גוט געפילט, ווי שטאַרק ליב ער האָט זי; זי אים, האָט אויך ווייט נישט פיינט געהאַט, נאָר כדי צו נעמען אים פאַר אַ מאַן, האָט איר נאָך אַלץ עפּעס געשטערט. זי פלעגט צוקלערן פאַרשידענע תירו־צים: אַזאַ תירוץ, אַן אַנדער תירוץ. און אַז נישט פלעגט זי זיך אין גאַנצן באַגיין אָן אַ תירוץ. קורץ דערפון: עס האָט איר געפעלט דער אמתער שטויס דערצו.

עס איז געווען אַזאַ צופאַל: אַרום פּורים אין יאָר 1930 איז אין אַ באַקאַנט הויז, ווו מאַניאַ איז געווען גאָר אַ היימישער מענטש און אַן אָפטער אַריינגייער, געקומען צו גאַסט דעם טולער רבס אַ מיידל, רחל עטינבערג. דאָס דאָזיקע מיידל איז געווען עפּעס אַ מין מופת־הדור. זי האָט אין זיך כולל געווען אַלע מעלות: אַ שלאַנקע, אַ שיינע, אַ הויך געביל־דעטע, סיי אין יידיש, סיי אין אַלגעמיינע לימודים. דעם פאָטער אירן, ר׳ יחיאל עטינבערג, האָט די וועלט גערעכנט פאַר איינעם פון די שענסטע רבנים אין רוסלאַנד. קודם־כל — פלעגט מען אָנהייבן ציילן זיינע שבחים — איז ער דאָך אַ גוואַלדיקער מיוחס, שטאַמט פון סאַמע גאונים, חוץ דעם איז ער אַליין אויך אַ למדן עצום און בכלל, מכל הצדדים, זייער אַ וויכטיקע פערזענלעכקייט. וויפל חתנים מען האָט נישט געפּרוווט פאַר־שלאָגן דער דאָזיקער שטאָלצער רחלען — ווייל געווען איז זי אַ געצערטלט בת־יחידהקעלע — איז איר אַלץ קיינער נישט געווען צום הארצן. אויב דער אַלטער פאָטער פלעגט שוין ביי איר, מיט געבעט און מיט געוויין, יאָ פועלן, זי זאָל באַוויליקן צו לאָזן אויף די אויגן עמעצן פון די חתנים, האָט די זעאונג געדויערט אַ פּאָר מינוט. זי פלעגט זיך אויפהייבן און אוועקגיין. דער תירוץ איז אַלע מאָל געווען איינער און דער זעלבער: נישט נושא־חן געווען — און שוין! און דאָ ווען זי האָט דערזען מאַניען, ווען ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אויף איין האַלבער שעה אין יענער שטוב ווו זי האָט געהאַט איר אכסניא, איז זי ממש אָפּגעקאַכט געוואָרן. זי האָט דערפילט, אַז איר גאַנץ לעבן איז אָפּהענגיק נאָר דערפון, צי אָט

---

* געמיינט: מהיכי־תיתי מעלות.

דער מאַניאַ פייערבערג וועט איר ענטפערן אויף אירע הייסע געפילן צו אים, צי ניין. דערויף איז איצט געשטאַנען איר גאַנצע וועלט.

אין יענעם הויז, ווו רחל עטינבערג איז איינגעשטאַנען, איז נישט נאָר איין מאַניאַ געווען אַ יוצא ובא, נאָר אַלע מינסקער יידישע יונגעלייט האָבן דאָרט געהאַט אַ דריסת־הרגל. די נאַכט פון פורים האָט דאָרטן די גאַנצע חבריא פאַרבראַכט צוזאַמען ביז טאָג. מאַניאַ איז גראָד געווען זייער אויפגעלייגט. ער האָט דאָס מאָל מער ווי געוויינלעך משמח געווען דעם עולם, געזונגען, געשפּילט, איבערראַשט אַלע פאַרזאַמלטע מיט זיין שאַרפער לומדות און בקיאות. דאַקעגן רחל איז געווען אויסער זיך. איר פּנים איז ממש געווען „איבערמישט מיט דער ערד". פאַר דעם גאַנצן אָוונט האָט זי נישט באַמערקט, אַז מאַניאַ זאָל כאָטש מיט איין קוק זיך אויסגעבן, אַז אויך ער איז צו איר נישט גלייכגילטיק.

דאָס מיידל האָט געפלאַקערט ווי אַ הבדלה, וואָס זשע קומט אַרויס, אַז קעגן איר — האָט זי געזען — שטייט אַן אייזבאַרג, אַ ספינקס.

אין דער אמתן אָבער איז רחל מאַניען אויך שטאַרק געווען געפעלן. אַזאַ מיידל ווי זי, האָט בכלל נישט געקענט נישט געפעלן ווערן, אָבער טאַמאַראַ איז אים פאָרט טיפער געזעסן אין דער נשמה.

אין איינעם פון די נאָך־פורימדיקע טעג, ביי אַ צופעליקער באַגעגעניש, האָט רחל גלייך אָן הקדמות אויסגעזאָגט מאַניען איר אָפּגעציטערטן סוד, אַז ער געפעלט איר, אַז זי קען אָן אים נישט לעבן, געוויינט פאַר אים, אַז ער זאָל רחמנות האָבן אויף איר און זי נישט אָפּשטויסן, און נאָך ענלעכע רייד, וואָס מען רעדט אין אַזוינע פאַלן, ווען מען איז „רעכט אין דער אַרבעט". מאַניאַ איז בעת־מעשה אויסגעשטאַנען אַ שווערן נסיון. האָבנדיק אַ פאַרוווּנדעט האַרץ, איז פאַר אים געווען פיינלעך צוצוקוקן, ווי נאָך אַ חבר ליידט פון דער זעלבער קרענק. דערצו נאָך, דער געדאַנק, אַז מיט איין גוט וואָרט קען ער יענערס ווונד אויסהיילן און ער נעמט זיך אָן מיט אכזריות און זאָגט דאָס וואָרט נישט, דאָס האָט אים פאַרשאַפט זייער גרויסע שמערצן. אָבער ער האָט זיך נישט פאַרלוירן. ער האָט איר גאַנץ אויפריכטיק גענעבן צו פאַרשטיין, אַז ער האָט שוין פון לאַנגע יאָרן ליב אַ צווייטע און אַ האַרץ קען מען נישט בייטן. נאָך אַ לאַנגן, בלוטיקן שמועס, זענען זיי זיך צעגאַנגען. זי צו אירע ליידן, און ער צו זיינע.

און ווידער זענען אַוועק מאָנאָטאָנע טעג און וואָכן. מענטשן פלעגן אָפּט מאָל אָפּשטעלן מאַניען אין גאַס און אים פרעגן, פאַר וואָס ער איז אַזוי אַראָפּ פון פּנים, וואָס האָט ער זיי געהאַט צו ענטפערן? ער פלעגט טרוקענען פון ליבע צו טאַמאַרען און איר איז עפּעס אַלץ מאָדנע געווען: ווי גייט מען עס פלוצלינג חתונה האָבן? עס זענען אים נישט איינגעגאַנגען זיינע גרויסע פאַרדינסטן, זיינע צונויפגעקלאַפּטע קאַפּיטאַלן. ער איז ממש געווען אַטראָפירט. ווען עמעצער פלעגט זיך צו אים ווענדן מכח וועלכן ס'איז ענין, פלעגט ער גלייך איינזען, אַז דער דאָזיקער מענטש

גייט אַרום ווי אין אַ לעטאַרגישן שלאָף. זיין שוועסטער דבורה האָט אים בפירוש נישט איין מאָל געפּרוווט עפענען די אויגן אויף זיין נאַרישן בלאָנדזען; זיין חבר מענדל דער שוחט האָט אים געהאַלטן אין איין מוסרן, פאַר וואָס ער טראַכט גאָר בכלל פון אַ חפשית לגמרי; זיינער אַ חבר, שמאי, דעם גאָמעליער רבס זון, האָט אין אים איין מאָל אַריינגעלייגט אַזאַ פּאָרציע דיבורים, וואָס וואָלט דאַכט זיך, געקענט אפילו אַ טויטן דערמינטערן; אָבער קיין זאַך האָט אים נישט געגומען. ער האָט געהערט, אַז רחל עטינבערג שטייט אין שידוכים און עס האָט אים אפילו נישט אָנגעהויבן צו אַרן. צו אַלעמען און צו אַלץ איז ער געווען לחלוטין גלייכגילטיק.

איין און איינציקער מענטש האָט געהערשט איבער אַלע זיינע חושים, איז געשטאַנען ווי אַן אייזערנע וואַנט צווישן אים און דער ליכטיקער וועלט, דאָס איז געווען — טאַמאַראַ פיינשטיין.

# קאַפּיטל XXIX

איין מאָל האָט שוין מאַניאַ דווקא יאָ געהאַט ווי אויפגעוואַכט. דאָס איז געשען ענדע מאַי פון יאָר 1930. די שיינע שטאָט מינסק האָט זיך צעבליט און זיך געבאָדן אין פרילינגס־גליק. דאָס וועטער איז געווען נישט הייס, אָנגענעם. אין איינעם אַ פאַרנאַכט האָט מאַניאַ געבראַכט בילעטן פאַר זיך מיט טאַמאַרען אין דעם רוסישן דראַמאַטישן טעאַטער אויפן נאָמען פון יאַנקאַ קאַפּאַלאַ.* טאַמאַראַ האָט זיך געקניטשט, אונטערגע־וואָרטשעט: עס דאַרפן צו איר קומען חברטעס פון אוניווערסיטעט; זי האָט איצט נישט קיין שטימונג צו גיין אין טעאַטער; זי האָט זיך אָבער באַגעגנט מיט איר פאָטערס שטרענגן בליק, באַמערקט מאַניעס עגמת־נפש און זיי זענען ענדלעך יאָ אַוועקגעגאַנגען. אין טעאַטער אַריין איז געווען נישט זייער ווייט און זיי זענען זיך דורכגעגאַנגען צו פוס. די זון האָט זיך נאָך אַ פּנים ערגעץ געפונען אויף דער ערד, די פרישע קרוינען אויף די ביימער, די הויכע, ברייטע אַקאַציע־צווייגן, וואָס זענען געווען באַזעצט מיט נעסטן ווי אַ פּנים מיט זומער־שפּרענקעלעך, און באַזונדערס די לאַנגע העלדזער פון די זאַוואָדן און פאַבריקן, וואָס האָבן פון אַלע זייטן געטייטלט אין הימל אַריין ווי אַן אצבע־אלהים, אַלץ איז נאָך געווען איינגעטונקען אין דעם גינגאָלד פון די געזעגענונגס־שטראַלן. אָבער אויף אַלע גאַסן, אין די פּאַרקן און אין די וויטרינעס האָבן שוין געפינקלט לעמפּעלעך.

די מידע זון האָט זיך ביי זיי געבעטן:

— וואָס שפּרינגט איר אין פּנים אַריין, שקצים, ווייסע־חברהניקעס? ס'איז אייך קאַרג די נאַכט? האָט דרך־ארץ פאַר אַן עלטערן פון זיך, שאַנטראַפּאַ! **

די לעמפּעלעך מיט די שטיפערישע אייגעלעך האָבן זיך אַזש פאַר־בלינעט מיט זייער חוצפּהדיקן געלעכטער:

— וואָס האַלטסטו אונדז דרשות, דו אַלטע יאַכנע? מען האָט דיר געזאָגט: גיי, טאָ פאַרנעם זיך פון דאַנען וואָס גיכער! דעם מוסר דייַ־נעם האַלט פאַר זיך —

די זון האָט נאָך דווקא געוואָלט עפּעס ענטפערן אָט די בין־לילהדיקע אַרחי־פּרחי, נאָר דער האָריזאָנט איז פּלוצלינג אָפּגעטראָטן ווי צו „עושה שלום במרומיו”, דער הימל האָט משום יראת־הרוממות אַ טרייסל געטון מיט זיין מאַנטיליע און די זון איז באַפּיסות־הכוחות אַריינגעפאַלן אין איינעם פון אירע פאַלדן...

פאַלנדיק האָט זי פאַרלוירן אירע טענות. זי האָט אויף זיך מצדיק געווען את הדין...

די קעפּלעך פון די ביימער זענען מיט אַ מאָל גרין געוואָרן, די שויבן פון די העכסטע עטאַזשן — מיט אַש באַשאָטן, און פון ערגעץ ווו האָט

---

* אַ ווייסרוסישער פאָלקסדיכטער פאַר די סאָוויעטן.

** כמו: פּוסטאַונפּאַסניקעס, הינטשלעגערס.

א בלויליכער נעפּל אָנגעהויבן צו פאַלן אויף דער שטאָט. די לעמפּעלעך האָבן זיך מיט אַפּשיי צערוקט, מאַכנדיק א וועג פאַרן בכבודיקן בין־השמשות. די קאָנטורן פון די הויכע מויערן האָבן אָנגעהויבן צעשוווימען צו ווערן, זייערע מגושמדיקע גופים — צו פאַרלירן זייער רעליעפן געשטאַלט. אויפן טונקל־געוואָרענעם הימלפּלאַך, פון הינטער פאַרוואָרלאָזטע רעשטאָוואַניעס האָט מיט א מאָל זיך בולט באַוויזן א קיילעכדיקע לבנה. זי איז געווען געל ווי א צייטיקע דיניע און איינגעפּאַסט אין א רויטלעך רעמל, ווי זי וואָלט געווען אַרומגעשאָטן מיט „מומעניו" פון ציגל. די נאַכט איז צונעפאַלן. אויפן טעאַטער־פּלאַץ האָבן זיך פון אַלע זייטן געצויגן פּאָרלעך צום אַריינגאַנג. מאַניאַ האָט מיט קנאה צוגעקוקט, ווי גליקלעך אַנדערע יונגעלייט זענען, ווען זיי גייען צוזאַמען. אָט גייט ער דאָך אויך מיט טאַמאַרען, ער פירט זי אונטערן אָרעם, אָט פרעגט זי אים אפילו, וועער עס שפּילט אין דער היינטיקער פּרעמיערע די הויפּט־ראָלן. אין פלוג, דאַכט זיך, אַלץ ווי ביי לייטן, האַ? וואָס זשע קומט אַרויס, אַז קיין גליק איז צווישן זיי נישטאָ. זי איז אים לחלוטין א פרעמדע, א שטיף־כלה. אַזאַ אוצר מיט פלאַמענדיקע ליבע־געפילן ווי ביי אים, אַזאַ זאַפטיקן וויינגאָרטן לאָזט זי איבער גאַנץ, פאַרקוקט אפילו נישט אַהין... כרמי שלי לא נטרתי...* פון אומעט און בענקעניש ווערן די בלומען פאַרוועלקט, נאָך איידער זיי האָבן זיך צעעפנט; די שפּילפייגעלעך צעפליען זיך, נאָך איידער זיי האָבן געעפנט די מיילעכלעך; די ביימער לאָזן אַבלדיק אַראָפּ די קעפּ און דער יפה־נוף ווערט פאַרוואַנדלט אין א בית־הקברות... אין אַן עמק־הבכא...

ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין פאָיע, האָט זיך מאַניען געדאַכט, אַז זיין זייגער שטייט א ביסל אָפּ. ער ווענדעט זיך צו א דערביישטייענדיקן רויטאַרמייער:

— חבר רויטאַרמייער, זאָגט מיר ביטע, וויפל האַלט אייער זייגער?

אויף טאַמאַרעס געזיכט באַוויזט זיך א זויערע מינע. מיט א שפּאָטיש שמייכעלע האָט זי כלומרשט צו זיך אַליין גאַליק א בורטשע געטון:

— גאָט מיינער! ביי וועמען פרעגט ער?

מאַניאַ האָט גוט געפילט, מיט וואָס פאַר א קאַלטער פאַראַכטונג די ווערטער זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן. עס פאַרקלעמט אים ביי דער נשמה איר רעדן צו אים אין דער „דריטער פּערזאָן", נאָר ער מאַכט דערפון קיין פירוש נישט און זיי גייען אַוועק אויף זייערע ערטער.

בשעת דעם אַנטראַקט זאָגט איר מאַניאַ:

— טאַמאַראַ, איך וויל ביי דיר עפּעס פרעגן —

— איז וואָס זשע פרעגסטו ביי מיר, א דערלויבעניש? מעגסט פרעגן, עמעצער לאָזט דיך נישט?

מאַניאַ האָט זיך דערפילט פון איר העפלעכקייט, ווי מען וואָלט אים

---

* מיין אייגענעם וויינגאָרטן האָב איך נישט אָפּגעהיט. פון שיר־השירים.

אָפּגעגאָסן מיט אַ קאַלטן עמער וואַסער. ער האָט שוין בפירוש פאַרלוירן דעם חשק צו פרעגן, נאָר טאַמאַראַ וואַרט דאָך. זי פילט דאָך נישט, ווי ער פילט זיך אָפּגעשמיסן פון איר צאַרטן ענטפער... קען מען דאָך אַזוי גראָב נישט זיין... יאָ, ער מוז שוין איצט פרעגן, דאָס וואָס ער האָט געוואָלט פרעגן. ער באַפעלט זיינע געפילן דאָס מאָל נישט צו פילן און פרעגט ווייטער:

— זאָג מיר נאָר, טאַמאַראַ, אין אינסטינקט, אין האַרץ־זאָגעניש גלייבסטו, צי ניין?

— נאָך דעם ווי עס געשעעט די זאַך — יאָ.

— אַ ביסל צו אַ פּראָזאַישער ענטפער פאַר אַ צוואַנציקיעריקער באַרישניע —

— נישט יעדן קען דאָך געפעלן זיין אַ פּאָעט —

— זאָג שוין בעסער: נישט יעדן איז באַשערט... נאָר מילא, לאָמיר זיך נישט קריגן. איך וויל דיך פרעגן: וואָס זאָגט דיר פון דעסט וועגן אונטער דיין אינסטינקט, כאָטש דו האָסט צו אים נישט קיין צוטרוי, וואָס האָסטו פאַר אַ פאַרגעפיל: צווישן אונדז... צווישן מיר און דיר... דאָס וואָס מען רופט אָן: תכלית... איך מיין, דו וועסט אַ מאָל ווערן מיינע, צי ניין?

— אויב דו וועסט קענען נעמען —

דער פאַרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן. מאָניאַ האָט זיך גלייך מיט יעדן אָפּגעוואָרפן אויף דעם קישעלע פון זיין שטול, נאָר וואָס עס קומט פאָר אויף דער סצענע, האָט ער נישט געזען. זיינע אויגן האָבן דאָס מאָל געקוקט נישט פאַר זיך, נאָר אין זיך. ביי אים אין האַרצן איז איצט פאַרגעקומען אַן איבערקערעניש, דער מח האָט האַסטיק געאַרבעט, ער האָט זיך באַמיט אַריינצודרינגען אין מהות פון אירע רייד. ער מוז גוט צעקייען: וואָס האָט זי דאָ געזאָגט? וועד האָט עס דאָ געדעדט וועגן „נעמען״? און צו וועמען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? צו אים? צו אים, מאָניען? אים, וואָס האָט זי ליב מער פון זיין לעבן שוין צען יאָר? אים, וואָס טאָג־טעגלעך שטייט ער אויס צוליב איר ענויים קשים, און זי ווייסט דאָס? אים האָט זי דאָס רעקאָמענדירט „זי נעמען״? און בכלל, וואָס הייסט דען אַזוינס: „נעמען״? פון ביכער ווייסט ער, אַז נעמען נעמט מען אַ גאַסנפרוי... אויף אַ שעה, אויף אַ נאַכט... אָבער ער... מיט זיין גרייט־קייט זיך מקריב זיין פאַר איר... מיט זיין פאַרגעטערן זי... קען דען דאָס אמת זיין, אַז זיין אַזוי געליבטע טאַמאַראַ זאָל האָבן געזאָגט אַזאַ העסלעך וואָרט? וועט דען אַ מלאך שענדן זיינע ליפּן? קען דען פונעם הימל פאַלן שמוץ? דער קאָפּ האָט אים שרעקלעך געשמערצט. אַ מעכטיקער כח האָט אים שטורמיש געהויבן פונעם אָרט, געטריבן פון איר:

— אַנטלויף, דו אומגליקלעכער, וואָס האָסטו נאָך דאָ צו טון לעבן אָט דער פרעמדער פרוי? זי קוקט אַרויס אויף אַ „נעמער״, און דו טויגסט זיך נישט אויס צו דער מלאכה... צו די קונצן ביסטו אַן עם־האָרץ דאָר־

ריתא... זי דאַרף אויף כפּרות דיין הימלשע ליבע, זי דאַרף אַ האַנט! אַ מאַנסבילשע האַנט, נישט אַזאַ שלעפעריקן מלאך ווי דו... דו ווילסט זי נעמען „בקדושה ובטהרה בשירה ובזמרה", אַזאַ נעמעניש איז נישט לויט איר געשמאַק... זי האָט דאָך דיר דאָס ערשט גאַנץ דייטלעך אַליין געזאָגט, אויף וואָס זשע וואַרטסטו נאָך? און אויב דו ווילסט דווקא נאָר זי, טאָ גיי זיך פריער דורך איבער דעם ביינאַכטיקן מינסק, ערגעץ זענען מן הסתם פאַראַן אַזעלכע קורסן, קוק זיך צו ווי אַזוי ביי לייטן איז מען זיך נוהג, לערן זיך, ערשט אַז דו וועסט זיך גוט איינשטודירן, דאַן אפשר האָסטו נאָך וואָס צו קומען צו איר...

טאַמאַראַ, כאָטש זי האָט יעדן פאַרזיכערט, אַז זי גלייבט נישט אין אינסטינקט, האָט דאָך מיט איר גאַנצן וועזן דערפילט, אַז מיט מאָניען איז דאָ ערשט עפּעס געשען. זינט דער פאַרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן הערט מען נישט פון אים קיין אָטעם. שוין זשע האָט ער זיך אויף איר פאַר עפּעס באַליידיקט? זי וואַרפט איבער אין געדאַנק: וואָס האָט זי דען אַזעלכעס געזאָגט? ניין, מיט גאָרנישט האָט זי אים נישט באַליידיקט, ס'איז אויף אים סתם אָנגעקומען די כאַנדראַ, אַזוי ווי מיט איר אַליין טרעפט גאַנץ אָפט. זי וואַרפט מן הצד אַ קוק אויף אים: זיין פּנים איז דווקא רואיק־רואיק, נאָר געל ווי וואַקס. זינט זי לעבט האָט זי נאָך נישט געזען אַ מענטשן, וואָס זיין פּנים זאָל האָבן אַזאַ קאָליר. איר פאַרווילט זיך אים אַ ביסל צו צעוויגן, נאָר זיין רואיקייט איז עפּעס אַן אָפּשרעקנ־דיקע, זי האָט נישט אין זיך קיין מוט זי צו צעשטערן.

די פאָרשטעלונג האָט זיך געענדיקט נאָך איינס אַ זייגער. דאָס פּוב־ליקום האָט אַרויסגעשאָטן אויפן פּלאַץ און האָט אָנגעהויבן צערינען צו ווערן אין פאַרשידענע ריכטונגען. אַלע צושויער זענען נאָך געווען אונ־טער דעם איינדרוק פון דער פאָרשטעלונג, דערצו האָט אין דרויסן אויף זיי געוואַרט אַ יום־טובדיקע לבנה מיט אַ זילבערן פּנימל און הינטער איר אַ העל־בלויער טעפּיך און אויף אים אַ תהום מיט פענצטערלעך פון וואַנען עס קוקן אַרויס שטיפערישע, פינקלענדיקע אייגעלעך. פון דעם נאָענטן סקווער האָט זיך דערטראָגן דאָס געפישטשעריי פון פייגעלעך, דאָס האָבן זיי אַ פּנים גערעדט פונעם שלאָף. קיינער פונעם עולם האָט נישט גערעדט אויפן קול. יעדן איינציקן האָט דורכגענומען אַ הייליקער שוידער קוקנדיק אויף דעם באַשעפערס סצענע, אויף זיין אור־אַלטער און דאָך אייביק נייער פאָרשטעלונג. מאָניאַ מיט טאַמאַרען זענען לאַנגזאַם געגאַנגען ביי ביידע זייטן טראָטואַר. פון יענעם שמועס אָן איז נאָך צווישן זיי נישט אויסגע־רעדט געוואָרן קיין איין און איינציק וואָרט. פאַר דער אָפּנאַרערישער לבנה־שיין האָט מאָניעס פּנים אויסגעזען ווי אַרומגעקלעפּט מיט לימענע־שאָ־לעכץ. טאַמאַרען איז מיט אַ מאָל געוואָרן אומהיימלעך אויף דער נשמה. זי האָט דערפילט, אַז מיט איר מאָניען קומט עפּעס פאָר היינט אויף דער באַכט, זי האָט נאָר נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס אַזעלכעס?

נישט ווייט פון דער שטוב פרעגט זי ביי אים:

— וואָס שווייגסטו א גאַנצן אויפדערנאַכט, מאַניא?
— וואָס זשע, שטענדיק דאַרף מען רעדן?
— דו האָסט דאָך, דאַכט זיך, ווען עפּעס געשמועסט אין טעאַטער?
— איך געדענק שוין נישט.
— די היינטיקע פּיעסע איז דיר געפעלן?
— מהם... זייער.
— דו האָסט דאָך, דאַכט זיך, אין די לעצטע אַקטן אפילו נישט גע־קוקט אויף דער סצענע?
— וואָס איך האָב געדאַרפט, האָב איך געזען און געהערט, האָב קיין יסורים נישט.

ביים גאַניק האָט איר מאַניא אפילו די האַנט נישט דערלאַנגט, נאָר זיך קוים־קוים א נויג געטון:
— א גוטע נאַכט, זיי געזונט.

און א גלייכער ווי א סטרונע, איז ער מיט אַנטשלאָסענע טריט אַראָפּ־געגאַנגען פון זייער גאַס און האָט זיך פאַרנומען אויף לינקס. ס'איז ביי אים בשעת־מעשה אפילו קיין ספק נישט געווען, אז מער וועט ער שוין די פיינשטיינס קיין מאָל פאַר די אויגן נישט זען.

מיט א פאַרקלעמט האַרץ פון מאַניעס קאַלטן געזעגענען זיך; מיט א געפיל פון אַזעלכער, וואָס מען האָט ערשט אומזיסט און אומנישט באַ־ליידיקט, האָט זיך טאַמאַרא פאַרשלעפּט אין שטוב אַריין. מיט פאַרדראָס און פאַרביטערונג האָט זי געקלערט וועגן איר געליבטן: אפילו נישט פּרעגן, ווען מען טרעפט זיך ווידער א מאָל... נישט דאַנקען פאַר דער קאָמפּאַניע... אַזעלכעס האָט נאָך מיט אים קיין מאָל נישט געטראָפן... וואָס זאָל דאָס באַדייטן? אַלע בני־בית זענען געשלאָפן. אויפן טיש איז פאַר איר געשטאַנען איינגעדעקט א הייסע וועטשערע, דער געשמאַקער ריח האָט געקיצלט אין דער נאָז, זי האָט אָבער ערגעץ אויפן וועג פאַרלוירן דעם אַפּעטיט און זי האָט זיך אָנגעהויבן אויסטון. זי איז געזעסן א באַטריבטע אויפן ראַנד פונעם בעט און האָט מיט שלאַבעריקע פינגער צעשנורעוועט די טופליעס, ווען מאַניעס געדאַנק ביים צעשיידן זיך, איז ווי מיט אַן עלעקטרישן שטראָם דערגאַנגען צו איר מח. ווי א דונער האָט איר א שלאָג געטון דער געדאַנק אין קאָפּ אַריין, אז זי האָט היינט אויף דער נאַכט, טאַקע נאָר וואָס, פאַרלוירן איר מאַניען אויף אייביק. יאָ, ער האָט איר געזאָגט: „זיי געזונט", נישט „צום ווידערזען". ווי אַן אָנגעבייסענע פון א שלאַנג גיט זי א שפּרונג־אויף פונעם בעט, א שטעק־אָן די טופליעס אויף די באָרוועסע פיס, א כאַפּ דאָס סעקעלע אויף די אַקסלען, און — זי איז שוין פון יענער זייט טיר! איר מוטער — וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דעם זעץ מיט דער טיר — רופט זי, שרייט עפּעס, נאָר זי לויפט אויף די טרעפּ ווי א צעמישטע, נאָך צען, נאָך פינף, און אָט איז זי שוין אויף דער גאַס!

דאָרט, אויף דער גאַס, זעט זי, הענגט די זעלבע לבנה וואָס פריער.

מען זעט נישט אין ערגעץ קיין לעבעדיק באַשעפעניש, נאָר ערגעץ ווייט־ווייט צו פּאַלאַווניק צו, רייסט זיך אַ לאָקאָמאָטיוו אויף קולי־קולות, עקבערט די נאַכטיקע שטילקייט מיט זיין גרילצנדיקן רעווען און ווערט פאַרכלינעט אין אַ הייזעריקן כאַרכל. ערגעץ פון אַ באַלקאָן מיאַוקעט ווייַנענדיק אַ קאַץ, בעט זיך אין שטוב אריין. איין אויגנבליק קוקט זיך טאַמאַרא ארום, ווי זי זאָל עפּעס זוכן, און לאָזט זיך מיט אַלע כוחות לויפן אַראָפּ, אויף דער צענטראַלער גאַס. אַ פאַרפלאָמטע, אַ סאָפּענדיקע טראָגט זי זיך מיט אַן אימפּעט איבער דער אויסגעשטאַרבענער גאַס. זי זעט אויס ווי אַ דמיונותדיק נאַכט־זעעניש פון די אַראַבישע מעשהלעך: די האָר זענען ביי איר צעשאָטן, ווייל די שפּילקעס אירע האָט זי איבערגעלאָזט אויף דעם טואַלעט־טישל; דאָס קאָפּטל צעבראַסטעט; די שנירלעך פון די טופליעס באַמבלען זיך איר נאָך, קלינגען מיט די בלעכלעך אויפן שטיין צום טאַקט פון איר געלויף; נאָר זי באַמערקט דאָס אַלץ נישט. דאָס אַלץ גייט זי איצט כלל נישט אָן. זי לעבט איצט נאָר מיט איין געדאַנק: דעריאָגן מאַניען! דעריאָגן און אומקערן!... צווינגען אים ער זאָל צונעמען צוריק זיין „זיי געזונט״... אָט איז זי שוין אויף דער ברייטער גאַס... דאָ איז אויך שרעקלעך פּוסט. זי איז דאָ דאָס ערשטע מאָל אין אַזאַ שפּעטער שעה. די גרויסע גאַסן־לאָמפּן, וואָס הענגען אויף די סלופּעס ברענען מיד, שלעפעריק. די קלענערע לעמפּעלעך, וואָס הענגען ביי יעדן הויף, אַנטשולדיקן זיך פאַר דער לבנה, זענען זיך מודה פאַר די שטערן:

— מיר לייקענען נישט, מיר זענען זיך מודה: תחילת־נאַכט האָבן מיר חוזק געמאַכט פון אייך צוזאַמען מיט אייער קעניגין, אָנגערופן זי „די בלייכע פּרימאַדאָנע״, און אייך — „אירע קאָמיקער״, אָבער איצט שלאָגן מיר זיך „על־חטא״, מיר זענען שוין נישט בכח זיך צו אַמפּערן מיט אייך. איר קענט טון וואָס איר ווילט, איר קענט פאַרקוקן, וווהין איר ווילט...

טאַמאַרא האַקט איבער די גאַס אין דער ברייט און לאָזט זיך לויפן באַרג־אַרויף. יאָ, דאָ אַרומער גייט שטענדיק מאַניאַ אויף פּאַלאַווניק. אָט דאַכט זיך איר, זעט זי אין מילכיקן נעפּל, אַז עמעצער שטייט ביי אַ בוים. דייטלעך קען מען נישט זען, נאָר די פיגור איז איר ביז גאָר אַ קענטלעכע. יאָ, זי קען שווערן, אַז דאָס איז מאַניאַ! זי דערקענט אים אין זיין אונטערגעהויבענעם אַקסל, אין זיין האַלטן פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס. יאָ, ס׳איז בלתי־ספק ער. זי לייגט צונויף די דלאָניעס אין אַ רופאָר און אין דער נאַכטיקער שטילשווייגעניש רייסט זיך אַריין אַ ברוסטיקע פרויען־שטימע:

— מאַניאַ! מאַניאַ! וואַרט אויס!...

זי לויפט ווייטער... זי סאָפּעט שוין ווי אַ גאַנדז... זי לעבערט מיט די אויגן די אומענדלעכע בלוילעכע ווייטקייט. אָט דאַכט זיך איר, אַז די פיגור האָט זיך אויסגעקערעוועט אין איר זייט, ווען זי האָט אַ געשריי געטון. יאָ, ס׳איז אָן שום ספק מאַניאַ... אַ! זי כאַפּט שוין קוים דעם

אָטעם... אַזוי לויפן איז נישט פאַר אירע כוחות... דער סילועט, זעט זי, האָט זיך אָפּגעטיילט פונעם בוים, געמאַכט אַ פּאָר אומאַנטשלאָסענע שפּאַן, ווי ער זאָל זיך אין עפּעס קווענקלען און גלייך זיך גענומען דער־ווייטערן מיט פלינקע שריט. זי פילט, ווי עס באַשלאָגט זי אַ קאַלטער שווייס: ער גייט גיך, זי וועט אים נישט דעריאָגן... מיט די לעצטע כוחות גיט זי נאָך אַ מאָל אַ געשריי: מאָניאַ!... נאָר דער סילועט איז שוין פאַרשוווּנדן. פאַר אירע אויגן שפּרייט זיך אַ טיפער הימל באַזעצט מיט דימענטן. די פיל־שטאָקיקע מויערן מיט די אויסגעשטאָכענע אויגן קוקן אויף איר כמורנע. זי איז איינע אַליין אויף דער גרויסער גאַס, אינעם שלאָפנדיקן מינסק. אַן אַרויסגעשלאָגענע פון די כוחות שפּאַרט זי זיך אָן אין אַ קאַרניז פון אַ פענצטער, מאַכט צו די אויגן, און טראַכט פאַר־צווייפלט:

— דאָס איז געווען „ער"... ער איז אַוועק... איצט איז אויס מאָניאַ...

אַ מיליציאָנער, וועלכער האָט געשפּירט נאָך איר די גאַנצע צייט פון נאָך איר געשריי, גנבעט זיך צו איר אונטער שטילערהייט און כאַפּט זי אָן העכער דעם עלנבויגן:

— ווייז דיין דאָקומענט, דו אויסגעלאַסענע!...

אַ קורצע ווײַלע קוקט זי אויף אים ווי צעמישט. זי קען נישט פאַר־שטיין, וואָס וויל ער פון איר. מיט אַ מאָל לאָזט זי אַרויס אַ ווילדן קוויטש. מיט אַן איבערמענטשלעכער קראַפט רייסט זי זיך אויס פון זיינע אייזער־נע קלאַמערס און לאָזט זיך אין אַ ווילדן גאַלאָפּ באַרג־אַראָפּ. דער מי־ליציאָנער לויפט איר נאָך און שיפּעט אויף איר מיט אַ פאַרדומפּן קול:

— וואָס אַנטלויפסטו, דו משוגענע? וואָס האָסטו מורא? איך בין דאָך אויך נישט מער ווי אַ מאַנסביל... כ'וועל דיך דאָך נישט אויפ־עסן... שטיי!

זי לויפט אויף צעשיט צו ווערן. הינטער איר דערהערט זיך אַ שניידנ־דיקער פייף פון אַ מיליצייאיש פייפעלע. ווי אַן עכאָ רופן זיך אָפּ אַנדערע פייפעלעך פון פאַרשידענע ווינקלען. פון דערשרעק פאַרלירט זי אַ טופל. זי וואַרפט פלינק אַראָפּ אויך דעם צווייטן, כאַפּט זיי ביידע אין די הענט און לויפט אַ באָרוועסע פייל אויסן בויגן. פון ביידע זייטן גאַס דרעליעווען שוין די לופט אפשר אַ צענדליק פייפעלעך...

זי געדענקט אַליין נישט ווי אַזוי זי איז אַריינגעפאַלן אין קאָרידאָר אַריין און האָט פאַרקלאַפּט די טיר הינטער זיך. אַ היפּשע ווײַלע איז זי אין אַ לייכטן חלשות געלעגן אויף די טרעפּ. דערנאָך איז זי ביסלעכווייז געקומען צו זיך. זי האָט צונויפגענומען דאָס לעצטע ביסל כוחות און איז אויף די שפּיץ פינגער אַריינגעגאַנגען אין צימער. די טיר איז געשטאַנען אָפן, אַזוי ווי זי האָט זי איבערגעלאָזט. אַלע בני־בית זענען רואיק גע־שלאָפן. שטיקנדיק זיך מיט טרערן האָט זי פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דאָס אָנטון, מיט אַ ווייטיק זיך דערמאָנט, אַז פון היינט אָן איז אויס מאָניאַ,

אַז עס איז געווען ווי אַ האָר פון דער מילך, אַז זי זאָל שוין איצט זיצן אין ראַיאָן־מיליץ, צוזאַמען מיט אַלע גאַסנפּרויען...

דער שלאָף איז צו איר ערשט געקומען, ווען אין אַלע עקן שטאָט האָבן שוין געוואָיעט סירענעס, מען האָט גערופן דעם עולם צו דער ער־שטער וואַכטע...

און עס האָבן זיך ביי טאַמאַרען אָנגעהויבן טעג אָן מאַניען. אין שטוב האָט מען זי אָנגעהויבן צו פרעגן: וואָס איז די מעשה, וואָס מען זעט אים עפּעס נישט? די אויפדערנאַכטן זענען מיט אַ מאָל געוואָרן לאַנג ווי דער יידישער גלות, און דאָס גאַנצע לעבן האָט אָנגעוווירן דעם אַמאָ־ליקן גלאַנץ. אויך מאַניען איז נישט לייכט געווען. דער פאַרדראָס איז אים אַ ביסל אָפּגעגאַנגען. דער שאַרפער רושם פון יענע עטלעכע ווערטער איז אַ ביסל טעמפּער געוואָרן. דאָס האַרץ האָט ווידער אומדערטרעגלעך אָנגעהויבן ציען צו טאַמאַרען, צו זיין געליבטער... ער האָט זיך אין ער־גען קיין אָרט נישט געקענט געפינען, וואָס ער האָט נישט גענומען טון, איז אים אַלץ געפאַלן פון די הענט.

איין מאָל, פאַר נאַכט צו, האָבן די יונגע פייערבערגס זיך צופעליק געטראָפן מיט די פיינשטיינס אין גרויסן סטאַדיאָן. טאַמאַרא איז געווען מיט איר אהרלען און מאַניא מיט זיין דבורהן. פון דער ערשטער מינוט, אַז מאַניא און טאַמאַרא האָבן זיך דערזען, האָבן זיי ביידע פאַרדרייט די קעפּ. די הערצער זענען נאָך געווען פאַרקאָכט, מען האָט זיך נישט געקענט קוקן גלייך אין די אויגן. דבורה מיט אהרלען האָבן אָבער געלערנט אין איין אינסטיטוט און האָבן געפונען בלויז זיי אינטערעסירנדיקע ענינים וועגן וואָס צו רעדן. נישט ווילנדיק זענען מאַניא מיט טאַמאַרען איבער־געבליבן אויג אויף אויג. אַ היפּשע ווײַלע האָבן זיי געהאַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד. ענדלעך האָט טאַמאַרא נישט אויסגעהאַלטן, זי האָט אים אָנגענומען פאַר דער האַנט און מיט אַ ציטערל אים פאַרקוקט אין די אויגן:

— דו ביסט נאָך שטאַרק ברוגז אויף מיר?

רויט ווערנדיק, האָט מאַניא פאַרשעמט געענטפערט:

— דאַכט זיך, אַז שוין נישט אַזוי שטאַרק —

— קום אַ ביסל אין דער אַלייע, צי דיך אינטערעסירט שטאַרק דער מעטש?

— קום! דו ווייסט דאָך שוין פון לאַנג, אַז איך בין נישט קיין גרויסער ליבהאָבער פון פוטבאָל.

— אויב אַזוי, צו וואָס זשע ביסטו געקומען אַהער?

— אַבי אין דער היים נישט בלייבן...

— איך אויך דאָס זעלבע... אַבי אין דער היים נישט בלייבן...

זיי האָבן זיך גענומען פאַר די הענט און אוועקגעשפּאַצירט אין אַ ווייטער אַלייע. דער געפּילדער מיט דעם הו־האַ פונעם פיל טויזנט קעפּיקן פובליקום האָט זיך אהין דערטראָגן פאַרדומפּט און אומקלאָר, ווי אַ זשו־מען פון בינען אין אַ פאַרמאַכטן בינשטאָק.

טאַמאַראַ האָט אַרויפגעלייגט אירע געבאַליעטע הענטלעך אויף זיינע באַקן און האָט דערנענטערט זיין פּנים צו אירן:

— מאַניאַ! זאָג אָפנהאַרציק, פון וואָס האָסטו זיך באַליידיקט אין יענעם אויפדערנאַכט?

— טאַמאַראַ, דאָס אויסטענהן זיך פון דאָס ניי פירט נישט צו קיין שלום —

— אָבער איך קען דאָס אַזוי נישט לאָזן! איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט קלערן וועגן מיר כ׳וויים וואָס... דו מיינסט, אַז איך ווייס נישט, וואָס דיך האָט דאַמאָלסט אויפגעקאָכט?

— נו, אויב דו ווייסט, איז דאָך אודאי גוט...

— אָבער דו דאַרפסט נישט מיינען, אַז איך האָב עפּעס געמיינט דערמיט... עס האָט זיך ביי מיר פּשוט אַרויסגעכאַפּט אַזאַ פּאַסקודנע וואָרט. איך בין דאָך נישט דו. גוט איז דיר, אַז דו פאַרמאָגסט אַ געשליפענע שפּראַך, און ביי מיר... זעסט דאָך... אָבער זאָג דעם אמת: איאָ, דו ביסט נאָך אַ ביסל ברוגז... איך קען דיך דאָך גוט. מיך וועסטו נישט אָפּנאַרן...

— נו, אַ מענטש איז דאָך נישט קיין פלאַש, וואָס ווי מען גיט זי נאָר אַ שווענק אויס, אַזוי ווערט זי שוין ריין. עס בלייבט, פאַרשטייט זיך, עפּעס אויפן דנאָ... פון הייוון מוז איבערבלייבן אַ שפּור —

— איך וויל אָבער נישט, אַז עס זאָל בלייבן! איך וויל דיך האָבן אַ געטרייען, אַ מונטערן, אַזוי ווי ביז יענעם אויפדערנאַכט. אַנטשולדיק מיך פאַר מיין אומפאַרזיכטיק וואָרט —

מאַניאַ האָט זי אָנגעטאָן אַן ענטפער צוגעדריקט צו זיין האַרצן, זיי האָבן זיך פאַר דער גאַנצער צייט פונעם רוגז׳ אָנגעקושט, אָנגעליובעט, און דער שלום איז צוריק געווען געשלאָסן. טאַמאַראַ האָט אים מיט טרערן אין די אויגן דערציילט פון אירע שרעקלעכע איבערלעבענישן אין יענעם פאַרשאָלטענעם אויפדערנאַכט, נאָך זיין אַוועקגיין. מאַניאַ האָט מיט זיינע ליפּן אויסגעטריקנט אירע פּערלדיקע טרערן און טאַמאַראַ איז ווידער געווען איבערגליקלעך. וועגן זייער חתונה, האָט אים טאַמאַראַ פאַרזיכערט, אַז אין משך פון היינטיקע קאַניקולן מוז זי פאַרקומען. עס מעג אפילו טרעפן וואָס עס וויל זיך, אָבער היינטיקן זומער מוזן זיי חתונה האָבן! זי אַליין — ער מעג איר הייליק גלייבן — וואָלט שוין אויך גערן איבערטאַנצן אָט דעם אומפאַרמיידלעכן שריט...

אָבער דאָס מאָל איז געווען ווי אַלע מאָל: נשיאים ורוח וגשם אין...* מינסק האָט זיך אויסגעטון פון איר גרינעם לבוש, זיך אויסגעטון פון געלן, זיך אָנגעטון אין ווייסן, און קיין חתונה ביי דעם דאָזיקן פאַרפאָלק איז נאָך אַלץ נישט געווען...

דער ענדגילטיקער סוף פון דער דראַמע איז ערשט געקומען אין יאָר 1930, אין אָנהייב ווינטער.

* אי כמאַרעס, אי ווינטן, אָבער קיין רעגן — נישט.

# קאפיטל XXX

דאָס איז געווען דעם צוועלפטן נאָוועמבער.

מאָניא האָט זיך געפונען אין זיין צימער, ער איז געלעגן אין בעט און האָט געלייענט א בוך. מיט א מאָל הערט ער, ווי זיין פאָטער מיטן זיידן קומען אריין אין שכנותדיקן צימער, וואָס איז אָפּגעטיילט פון זיינעם בלויז מיט א דיקטן ווענטל און צווישן זיי קומט פאָר א געהיימער שמועס.

דער זיידע שמשון פרעגט:

— אברהם, דו האָסט גערעדט מיט מאָניען, וועגן דעם, וואָס איך האָב דיר געזאָגט?

— ניין, כ'האָב נישט גערעדט...

— פאַר וואָס־זשע האָסטו נישט גערעדט? כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, אז דאָס איז אזא גרויסן מיידל, וואָס ווערט אפילו אים אויך מוזן נעפעלן ווערן.

— איי, טאַטע, פאַר וואָס זאָלצסטו מיר נאָך אויף די ווונדן? ער לאָזט דען צו זיך רעדן? גאָט האָט אים דאָך געהאָלפן א טאַמאַרעו, לויפט ער איר נאָך ווי א בעטלער, ווי א הינטל...

— וואָס זשע איז דאָס טאַקע פאַר א מין אָנשיקעניש? מען ווערט זיך א מאָל דערוויסן ביי איר דעם יאָ, אָדער דעם ניין, צי קיין מאָל נישט?

— איי, טאַטע, צערייץ נישט קיין איבעריקס מיין ווונד, זי איז אזוי אויך א צעראַצטע. דאָס האַרץ פאַרלויפט מיר מיט בלוט, צוקוקנדיק ווי מיין קינד צאַנקט פון טאָג צו טאָג און איך קען אים מיט קיין זאַך נישט העלפן. בעסער וואָלט זיך מינסק, אָן יידישן שאָדן, געווען אָנגעצינדן פון אלע פיר זייטן, איידער איך בין געקומען אהער מיט מיין פאַמיליע, אז ער זאָל זיך ווידער קענען טרעפן מיט זיין מלאך המות —

און מאָניא האָט דייטלעך דערהערט זיין פאָטערס געוויין. עס האָט אים פאַרקלעמט ביי דער נשמה. עס האָט אים שטאַרק געצויגן דאָס האַרץ אומצוּוואַרפן דאָס נאַרישע ווענטל און זיך וואַרפן דעם פאָטער אויפן האַלדז. דער זיידע האָט זיך דערוויל באַמיט איינצושטילן דעם זון זיינעם. מיט א פאַרדעכטיקן ציטער אין קול האָט ער אים געטרייסט:

— וואָס איז פאַר א וויינען גאָר אין מיטן דערינען? מען טאָר דאָך אזוי נישט! דו געדענקסט, וואָס די חז"ל זאָגן אויפן פסוק: „ויבכו העם בלילה ההוא"? דער אייבערשטער האָט געזאָגט צו די יידן: „אז איר וויינט שוין במילא, וועל איך שוין מאַכן אזוי, אז דאָס וויינען זאָל נישט זיין אומזיסט... עס זאָל שוין פאַרבלייבן א בכיה לדורות"... מיט אזעלכע אומזיסטיקע טרערן דערצערנט מען נאָר דעם אייבערשטן —

— אומזיסטיקע, זאָגסטו? דיר איז גרינג צו רעדן... נאַ־דיר גאָר אומזיסטיקע... ביי נאַכט גיי איך א מאָל אומיסטן אַראָפּ א קוק טון צו

מאַניען, ווי אַזוי שלאָפט ער? טרעף איך אים כמעט שטענדיק ליגן מיט אָפענע אויגן. עס נעמט אים נישט קיין שלאָף. דער מענטש עסט נישט. איך געדענק שוין נישט, ווען איך זאָל האָבן געזען אַ שמייכל אויף זיינע ליפּן...

— מיר, זאָגסטו, איז גרינג צו רעדן? וואָס זשע, דיין שמואל איז נישט מיין קינד פּונקט אַזוי ווי דיינס? בני־בנים, איז נישט כבנים? מען טאָר אָבער נישט פאַרלירן די האָפענונג, אַז דער וואָס איבער אונדז וועט אויף אונדז פאָרט רחמנות האָבן און אָדער אים עפענען די אויגן, אָדער איר שענקען אַ ווייכער האַרץ. גאָטס חסדים לאָזן זיך נישט אויס... עס מוז דאָך פאָרט אַ מאָל קומען צו אַ ברעג...

— עס איז שוין געקומען, מיינע טייערע עלטערן — האָט מאַניא אין האַרצן זיי געענטפערט, וואַרגנדיק זיך מיט טרערן — עס איז שוין געקומען, עס איז שוין געקומען... ער האָט זיך אויף גיך אָנגעטון. אין זיין האַרצן האָט געזאָטן דער כעס אויף זיך אַליין און די בושה פון ברענגען אַ טאַטן צו טרערן; די חרפה פאַר זיין אַראָפּלאָזן זיך אַזוי נידעריק, אַז מען זאָל אויף אים זאָגן, אַז ער לויפט איר נאָך אַזוי ווי אַ בעטלער, ווי אַ הינטל. ווי דורך אַ כשוף האָבן זיך מיט אַ מאָל צונויפגעטראָגן אַלע רייד, וואָס עמעצער האָט אים ווען עס איז געזאָגט וועגן איר, אָדער בכלל וועגן זייער שידוך. און אָט די אַלע רייד, און דעם פאָטערס טרערן, און די איבערגעטראָגענע בזיונות און אַנגסטן, אַלע אין איין כאַר האָבן אים באַפוילן תיכף ומיד גיין צו איר און מאַכן אַן עק צו דעם אַלעמען...

פול מיט ערנסט, פול מיט מוט און גלויבן אין ענדגילטיקן יושר, אין השגחה פּרטית, אין גאָטס הילף, איז ער אַוועקגעפאָרן צו די פיינשטיינס. אַלע זענען פּונקט געווען אין דער היים. אי די עלטערן, אי די קינדער. מאַניא איז געוואָרן וואַרעם אויפגענומען. מען האָט געטרונקען טיי, צו־געביסן און בכלל געמיטלעך פאַרבראַכט. דערנאָך האָט מאַניא גענומען דאָס וואָרט. אין אַלגעמיינע שטריכן האָט ער זיי איבערגעחזרט אַלע עטאַפּן, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, פון זינט ער האָט זיך באַגעגנט מיט טאַ־מאַרען. ער האָט „אויף איין פוס" איבערגעבלעטערט דעם גראָבן ספר־הזכרונות, וואָס זייער קענטשאַפט האָט שוין באַוויזן צונויפצושטעלן. פאַר אַלע בני־בית אין די אויגן האָט ער זי צום הונדערטסטן מאָל פאַרזיכערט, אַז קיינער אין דער וועלט וועט זי נישט אַזוי ליב האָבן ווי ער, מאַניא, נאָר ווייטער קען דאָס שוין מער אַזוי נישט גיין. די שעה האָט געשלאָגן, עס מוז נעמען אַן עק! ער וועט נאָך וואַרטן צוויי וואָכן, ביזן זיבן און צוואַנציקסטן נאָוועמבער. און אויב ביז דאַמאָלסט שיקט זי אים נישט צו איר הסכמה אויף באַלד אָנהייבן צו רעדן פון שטעלן אַ חופּה, איז אַן עק צו זייער באַקאַנטשאַפט, וויל ער מער אפילו איר נאָמען נישט הערן! און כדי זי זאָל קענען רואיק, און גאַנץ זעלבסטשטענדיק זיך אַריינקלערן אין דער דאָזיקער פראַגע, האָט ער איר צוגעזאָגט, אין משך פון די צוויי וואָכן צייט, נישט צו קומען צו זיי אין שטוב אַריין, אפילו זיך נישט ווייזן פאַר

די אויגן. ער האָט טאַמאַרען צען מאָל איבערגעבעטן פאַר זיין דרינגענדיקן טאָן, נאָר ער מוז איצט די זאַך צופירן צו אַ ברעג, ער מוז ענדלעך גע־וווּיר ווערן, צי איז ער מילכיק, צי איז ער פליישיק, און דעריבער זעט ער נישט קיין אַנדער אויסוועג.

אַלע אירע בני־בית — און מער פון אַלע: איר פאָטער — האָבן געהאָפט, אַז זי וועט מאַניען אויף דער שטעל ענטפערן: הנני, כ׳בין אָנ־געברייט! נאָר דאָס איז נישט געשען. ווען מאַניאַ איז פאַר טאָג אַוועק־געגאַנגען אַהיים און אַלע האָבן אויף איר געקוקט מיט שטומע טענות, האָט טאַמאַראַ זיי ערשט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זיי זענען גאָר קיין מבינים נישט אויף אַ דיפּלאָמאַטישער שפּיל: ווען זי וויליגט חלילה גלייך איין אויף מאַניעס פאָרשלאַג, קען ער איר דערנאָך אַלע יאָרן אויסוואַרפן, אַז זי האָט זיך דערשראָקן טאָמער פאַרלירט זי אים טאַקע, און האָט זיך באַלד אונטערגעגעבן. און זי וואָלט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַזעלכע פאָר־וווּרפן נישט אַריבערגעטראָגן... וואָס הייסט? משוגע וועט זי זיין, אָננע־מען זיין אולטימאַטום? זיי האָבן שוין אַ מאָל יאָ געהערט: אַ חתן מיט אולטימאַטומס?... האָט צייט! עס וועלן פאַריבער די צוויי וואָכן, די כאַנ־דראַ, וואָס איז אים היינטיקע נאַכט באַפאַלן, וועט זיך ביי אים פעלן, דאָס איינרעדעניש, וועט ווערן אויס איינרעדעניש, דאַן, זייט זיכער, וועט ער ווידער קומען און וועט זיך אַנטשולדיקן פאַר זיינע נאַרישע רייד. און דווקא אין דער קעגנוואַרט פון אַלע בני־בית וועט ער זיך מוזן אַנטשול־דיקן! אַנדערש איז זי נישט מסכים. און דאַן וועט מען, פאַרשטייט זיך, רעדן פון אַ חתונה! מחמת וואָס? מחמת וואָס ליגן זיי אַזוי איין די וועלט? וואָס איז, זי האָט אים דען נישט אַזוי ליב ווי ער זי? אויב זיי, די בני־בית, טראַכטן אַזוי, איז דאָס בלויז דערפאַר, ווייל זיי קענען זי אַ פּנים נאָר אויבערפלעכלעך. מאַניאַ איז איר טייער ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג; אָן מאַניען דאַרף זי דאָס גאַנצע לעבן אויף כפרות, נאָר זיך לאָזן טרעטן אויפן קאָפּ, שוין פונעם ערשטן אָרויספאָר — דאָס נישט!...

בקיצור: זיי קענען זיך אויף איר פאַרלאָזן; זי ווייסט שוין גוט ווו איין און ווו אויס; זי וועט שוין די שפּיל אויספירן ווי עס דאַרף צו זיין; דער עיקר: מען זאָל איר נאָר נישט וואָגן צו שטערן. עס איז אירער אַ פּריוואַ־טער ענין, און זי וועט אים שוין ברענגען לידי־גמר.

און זי האָט דאָס מאָל געפּועלט. מען האָט איר לחלוטין נישט גע־שטערט. וועד שמועסט, אַז געזעגענענדיק זיך מיט די עלטערן, האָט מאַניאַ זיי אויך אָנגעבעטן, מען זאָל איר נישט שטערן. דעם פאָטער און אַהרלען האָט שטאַרק געקרענקט איר געפערלעכע פּאָליטיק. ביידע האָבן זיי גוט געוווּסט, אַז מאַניאַ איז אַ וואָרטסמאַן. ער, ווען ער חכמעט זיך — זעט מען עס גלייך אויף זיין פּנים. דאָס מאָל אָבער האָט ער בלתי־ספק גערעדט מיט דער גאַנצער נשמה, ס׳איז געווען: כל עצמותיו תאמרנה. און דאָס הארץ האָט זיי געזאָגט, אַז די קלוגיטשקע טאַמאַראַ מיט אַלע אירע חכמות וועט מיט איר עקשנות דורכפאַלן. איר מוטער, דאָס שוועסטערל, אַלע

האָבן דאָס זעלבע פֿאַרשטאַנען. אָבער טאַמאַרען קיין דעות זאָגט מען נישט, זי איז שוין אַ דערוואַקסענע, שוין אַפֿילו אַ ביסעלע צו אַ דערוואַקסענע...

דערווייל האָט זיך פֿון די „געשענקטע” צוויי וואָכן געפֿעלט אַ טאָג נאָך אַ טאָג. אַלץ איז געגאַנגען אויפֿן אַלטן שטייגער. וועגן דעם, אַז טאַמאַראַ פֿײַנשטיין גייט מיט די אייגענע הענט איבערפֿירן איר גליק, האָט מען אין די צײַטונגען נישט געשריבן, אויף די בולוואַרן נישט געשמועסט. און ווייניקער פֿון אַלע, האָט זיך געדאַכט, קלערט טאַמאַראַ אַליין דערפֿון. אָבער פֿון יענעם אָוונט אָן איז ביי די פֿײַנשטיינס אין שטוב עפּעס געבליבן הענגען אין דער לופֿט אַ פֿײַנטלעכע מאַסע. די שטימונג איז געווען אָן אָנגעצווינגענע; דער פֿאָטער איז אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער; דער ברודער — אָנגעבלאָזן; טאַמאַראַ האָט מיט אַ מאָל פֿאַרלוירן אַלע אירע פֿרײַנד ביי זיך אין שטוב. נאָר דאָס האָט גאָרנישט געהאָלפֿן, אדרבה, דאָס איז נאָך געווען ווי בוימל אויפֿן פֿײַער:

— אַ־האַ! — האָט זי זיך געטראַכט — זיי ווילן פֿון מיר פּטור ווערן? כ'בין זיי שווער אויפֿן קאָפּ? איך זאָל זיך וואַרפֿן מאַניען אויפֿן האַלדז, ווייל ער האָט אַזוי געהייסן? אַ פֿייג! אַ מיליאָן פֿייגן! אַ טריליאָן! ביי מיר האָט נאָך עד־היום קיינער גאָר נישט אויסגעפֿירט, וועט נאָר איצט אויספֿירן אָט דאָס מיכאַילאָווסקער חסידל? פּאַוואָליע, נישט געכאַפּט, דערווייל האַלט עס נאָך נישט דערביי. זיי בלאָזן זיך? געזונטערהייט! זאָל זיי ווויל באַקומען! כ'קען זיי צו ליב טון און גאַנצן אַריבערגיין וווינען אין אַ אינטערנאַט. אַלצדינג יאָ, אָבער דיקטירן מיר — דאָס וועל איך נישט דערלויבן קיינעם! ניין און ניין און ניין!...

די השגחה האָט אַזוי געוואָלט, און דעם צוואַנציקסטן נאָוועמבער, אַקוראַט אויף האַלב וועג פֿונעם געגעבענעם טערמין, האָבן זיך מאַניאַ מיט טאַמאַרען אומגעריכט באַגעגנט. ומעשה שהיה, כך היה:

אין מינסק האָט שוין פֿון לאַנגע יאָרן געלעבט יוסף פֿײַנשטיינס אַ קוזין מיט ווייב און קינדער און מיט שווער און שוויגער, מיט איין וואָרט: אַ גאַנצער בעל־משפּחה. אַלע צוזאַמען האָבן זיי געוווינט אין „אוניווערסיטעטסקע גאָראָדאָק”. דאָס איז געווען אַ גאַנץ באַזונדער שטעטל — און טאַקע גאָר אַ היפּש שטעטל — וואָס האָט זיך געפֿונען אָן ערך פֿון אַ פֿיר, פֿינף קילאָמעטער פֿון דער שטאָט. האָט זיך גראָד אַזוי געמאַכט, אַז דעם דאָזיקן קוזינס שווער האָט עפּעס געקויפֿט ביי מאַניען, און געלט, איז געווען אָפּגערעדט, וועט ער אים געבן אין דעם זעלבן אויפֿדערנאַכט, ביי זיך אין דער היים. די דאָזיקע משפּחה האָט דאָרט געוווינט אַזש אין 26טן קאָרפּוס, צימער 16. מאַניאַ האָט זיך מיט שוועריקייטן דערפֿרעגט ווו דאָס געפֿינט זיך ערגעץ. אַרײַנקומענדיק אַהין, האָט ער געטראָפֿן אַ פֿולע שטוב מיט געסט: אַלע פֿײַנשטיינס פֿון קיראָווא־גאַס; יוספֿס אַ וויטן פּלימעניק; אַ אינזשיניער מיט זײַן פֿרוי, אויך פֿײַנשטיין לויטן נאָמען; נאָך איינעם אַ באַוווסטן אַרכיטעקטאָר מיט זײַן פֿרוי; מענדל פּערלאָוו, דער מיכאַילאָווסקער שוחט; זײַן חבר שמאי, דעם גאָמעליער רבס זון און

נאָך אייניקע געסט. דערזעענדיק טאַמאַרען מיט איר סוויטע, האָט זיך מאַניאַ גלייך געוואָלט אויסדרייען „בואי בשלום". ער איז אַזוי אויך גע־נוג געווען אויסגעבראַכט פון די כוחות פון דעם וואַרטן די אַכט טעג און האָט זיך מיט איר נישט געוואָלט באַגעגענען פנים אל פנים, ביז ער וועט פון איר נישט באַקומען דאָס אויסגעבענקטע צעטעלע: „מאַניטשקאַ, איך האָב מיך באַשלאָסן, קום צו גיין!" און אַז ער וועט אַזאַ צעטעלע סוף כל סוף באַקומען — דאָס איז ביי אים געווען בלתי שום ספק. ער האָט גאָר נישט צוגעלאָזט דעם געדאַנק, אַז טאַמאַראַ קען זיין אויף אַזוי פיל קורצזיכטיק, און אַז ביים מכריע זיין צווישן דעם „יאָ" און דעם „ניין", זאָל זי נישט אַרויפוואַרפן אויף דער וואָגשאָל דאָס, וואָס ער האָט זי שוין אַזוי פיל יאָרן ליב, וואָס זיין בלינדע געטריישאַפט צו איר איז שוין אַזוי פיל מאָל אויסגעפּרוּווט געוואָרן און האָט שטענדיק אויסגעהאַלטן אַלע נסיונות, און אַז איצט, איבער אַ נאַרישער פאַנטאַזיע, וועט זי זיך אָפּזאָגן פון אַזאַ איבערגעגעבענעם מענטשן, פון אַזאַ אומפאַרגלייכלעכן גוטן פריינד, ווי ער איז איר. דאָס נישט איילן זיך מיטן ענטפער — האָט ער אויסגעטייטשט — איז כדי, אַז עס זאָל ביי אים נישט הייסן, אַז זי האָט אויף זיין קאַטעגאָרישן פאָרשלאָג אפילו נישט געהאַט וואָס אַ קלער צו טון. ווייס איך: מיידלשער פרעסטיזש... ווייבערשע פקחות... בקיצור: זי וועט זיכער נאָכגעבן, אָבער ביז עפּעס וואָס איז פאַר אים ממש געווען אומ־דערטרעגלעך זיך צו געפינען אין איר געזעלשאַפט. אים איז נישט אָנגע־שטאַנען די מעשה, טאָמער לייענט זי איבער אין זיינע אויגן, ווי שרעק־לעך ער בענקט נאָך איר; ווי דורשטיק ער איז נאָך אירן אַ וואָרט; ווי פּיינלעך עס איז אים דאָס וואַרטעניש אויף דעם „גוטן קוויטל", וואָס זי דאַרף אים צושיקן.

מאַניאַ האָט באַקומען זיין געלט און האָט שוין געוואָלט זאָגן „אַ גוטע נאַכט", נאָר דאָ האָבן זיך אַריינגעמישט די בעלי־בתים פון דער וווינונג:

— זיי וועלן נישט דערלאָזן, אַז ער זאָל אַוועקגיין, איידער ער איז נאָך געקומען... ס'איז ביי זיי היינט אַ חנוכת־הבית. ס'איז ערשט דער דריטער טאָג, אַז זיי וווינען אין דער דאָזיקער וווינונג. פריער האָבן זיי געוווינט אין אַן ערגערן קאָרפּוס... סיידן ער וויל זיי באַליידיקן... סיידן ער וויל זיי פאַרשוואַרצן דאָס פנים... אויב אַזוי קען ער זיך גיין פראַנק און פריי...

עס האָבן נישט געהאָלפן קיינע תירוצים. מען האָט פון אים בגוואַלד אַראָפּגענומען דעם פּאַלטאָ, און ער איז איבערגעבליבן.

# קאפיטל XXXI

פון אָנהייב אָן איז שטאַרק געווען קענטיק, אַז מאָניאַ איז דאָ ביים טיש אַ געצווונגענער גאַסט. ער איז געזעסן ווי אַ גיפּסענער. ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. דער עולם איז אָבער געווען זייער אַ וואַרעמער, אַ צוגעקליבענער, און זיין אָנגעצווינגנקייט האָט ביסלעכווייז נאָכגעלאָזט. דער אינזשיניער האָט יעדן איינציקן זייער קאָמיש נאָכגעמאַכט זיין קול; ער האָט דערציילט נייע אַנעקדאָטן, אַז דער עולם האָט געלאַכט ביז צו טרערן; דערנאָך האָט די בעל־הביתטע, יוספס קוזינע, נישקשהדיק געשפּילט אויף אַ מאַנדאָלינע; אירע קינדער האָבן געטאַנצט; אין שטוב איז געווען ששון ושמחה. דער אַרכיטעקטאָר האָט זיך שטאַרק געשפּאַרט מיט מענדל דעם שוחט. מענדל האָט געוואָלט האָבן, אַז אַרכיטעקטור און סקולפּטור זענען בימי־החורבן געווען לכל־הפּחות נישט ווייניקער אַנטוויקלט, ווי היינט צו טאָג. והראיה: אנטיוכה של יוון, קסריה של אדום, און וווּ איז: רוים? יענער אָבער האָט געטענהט, אַז עס איז אַ ווילדקייט אַזוי צו טראַכטן, ווייל בנוגע קולטור און טעכניק איז אפילו איין טאָג צום צווייטן נישט גלייך.

— דאַמאָלסט, אין יענע באַרבאַרישע צייטן, איז נאָך אַלץ געווען פאַרשלאָסן, אומבאַוווּסט. דאַקעגן היינט, פאַר אונדז, איז אַלץ אָפן! אויס, נישטאָ קיין סודות אין דער וויסנשאַפט, היינט איז אַלץ אין אונדזערע הענט...

— היינט, זאָגט איר, איז נישטאָ מער קיין סודות? דער מענטש אַליין איז עד־היום דער גרעסטער סוד פון דער בריאה! עס עקזיסטירן נאָך הונדערטער, צי אפשר טויזנטער מחלות, וואָס פרעסן אונדז אויף לעבעדיקערהייט, וואָס זענען אונטער דעם מענטשנס לעבן בדמי ימיו,* און די וויסנשאַפט קען נאָר גלאָצן מיט די אויגן און מער גאָרנישט.

אומגערן און עפּעס אַזוי, כּלאחר־יד, האָט אויך מאָניאַ אַ פּאָר מאָל אַריינגעשטעלט אַ וואָרט, אָדער אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג. דער אינזשיניער האָט אויך געהאַלטן מיט אים. די דיסקוסיע האָט שוין אַרומגעכאַפּט אַלע אָנווענזנדיקע. מאָניאַ האָט זיך ביסלעכווייז צעוואַרעמט, ער איז, אַזוי צו זאָגן: „אַריין אין זיין ראַמע". די דיסקוטאַנטן זענען תוך כדי דבור אַריבערגעשפּרונגען פון איין ענין אויפן צווייטן. פון סקולפּטור איז מען אַריבער אויף מאָלעריי, פון מאָלעריי אויף מוזיק, פון מוזיק אויף די פאַרשידענע פאָרמען פון ליטעראַטור: אויף זשורנאַליסטיק, אויף פּאָעזיע, אויף ראָמאַנטיק... אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, עס איז גראָד געקומען צו רייד, און מאָניאַ האָט אונטער אויסגעטראַכטע נעמען, מיט נאָך נייטיקע ענדערונגען, דערציילט וועגן זיין אייגענעם ראָמאַן, וועגן זיינע איבערלעבענישן,

* אין די בעסטע יאָרן.

וועגן זיינע גרימענישן. ער האָט גוט געפילט, אַז ער גייט אויף אַ פּאַפּי־רענעם בריק. אַ מינדסטער אומפאָרזיכטיקער קער, גיט אים גלייך אוים און וואַרפט אום די שירמע, * הינטער וועלכער ער באַהאַלט זיך. נאָר אויב די שירמע איז געוועזן דין ווי שפּינוועבס, דערפאַר אָבער איז דער עולם ביים טיש געוועזן ווייט פון אַ מינדסטן חשד. קיינעם איז אפילו נישט איינגעפאַלן צו פאַרקוקן הינטער די קוליסן. מאַניאַ האָט דאָס דייטלעך גע־לייענט אויף זייערע אומשולדיקע פּנימער, און דאָס האָט אים צוגעגעבן מוט ווייטער צו שפּאַנען אויף אָט דעם געפערלעכן וועג. בלויז די פיינשטיינס, מענדל פּערלאָוו און זיין גאָמעליער חבר זענען געוועזן מבינים אויף דעם אונטערשלאָק פון דעם ספור־המעשה, וואָס ווערט דאָ דערציילט.

די גאַנצע צייט פון זיין דערציילן האָט מאַניאַ קיין אויג נישט אויפ־געהויבן אויף טאַמאַרען, פּונקט ווי זי זאָל זיך אין צימער נישט געפינען, זי אויף אים — אויך נישט, נאָר געפילט האָט זי, אַז דאָ שפּילט זיך איצט אָפּ דער לעצטער אַקט פון זייער לאַנגיעריקער, בלוטיקער טראַגעדיע. מאַ־ניאַ, פילט זי, זאָגט דאָ אָפּ דעם לעצטן ודוי. אָט דאָ ביים טיש, זעט זי, איז ער מקריב דאָס לעצטע שטיקל הארץ זיינס. אַ מעכטיקער, פאַרבאָר־גענער כח האָט זי געשטויסן צו אים, געהייסן זיך וואַרפן אין זיינע אָרעמס, מאַכן אַן עק צו זייערע ביידנס ליידן. נאָר מאַניאַ האָט דערווייל ווייטער דערציילט, זי האָט דערווייל ווייטער געהערט און מער איז דערווייל גאָרנישט געשען. ווען מאַניאַ האָט געענדיקט זיין דערציילונג, האָבן אים אַלע לאַנג אַפּלאָדירט. עס האָבן זיך פון אַלע זייטן אַ שאָט געטון פראַגן און מיינונ־גען. עס האָבן זיך צעפלאַקערט הייסע דעבאַטן אַרום זיין דערציילונג. איי־נער פון די פאַרזאַמלטע האָט זיך אפילו אינטערעסירט, צי דאָס איז אַלץ געבוירן געוואָרן אין זיין אייגענער פאַנטאַזיע, צי ער האָט עס טאַקע ערגעץ געלייענט. מאַניאַ האָט העפלעך געענטפערט, אַז זעלבסטפאַרשטענד־לעך, ער האָט עס געלייענט. ווען ער האָלט שוין ביי צוטראַכטן, וואָלט ער שוין צוגעטראַכט עפּעס שענערס —

דער עולם האָט ווייטער פאַרבראַכט. ס'איז שוין געוועזן ווייט נאָך האַל־בער נאַכט —

מנשה איז די גאַנצע צייט פון שלמהס דערציילונג, געזעסן שטאַרק אומ־רואיק און קאָנצענטרירט אין זיך. זינט דער „מאַניאַ" איז נאָך פאַרקראָכן אין דעם אַזוי־גערופענעם „אוניווערסיטעטסקי גאַראַדאָק", זענען זיינע נערוון געוואָרן אָנגעצויגן ביז גאָר. איצט, אַז שלמה האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט, האָט ער אַ בלייכער איינגערוימט פרידמאַנען אויפן אויער:

— שלעכט ברודערקע! דאַכט זיך, אַז פּיו לבדו...**

און מנשהס חשש איז געוועזן קרוב אל האמת...

---

* אַ שפּאַניער־ווענטל. אַ דין ווענטל פון הילצערנע רעמלעך וואָס לייגן זיך צונויף, וואָס זענען באַצויגן מיט קאָלירטן צייג.

** געמיינט: ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין זיינע אייגענע רייד.

שלמהן האָט מיט אַ מאָל אויסגעפּעלט אָטעם. זיינע נאָזלעפּלעך האָבן ליכט אָנגעהויבן צו ציטערן, ווי ביי אַ פיש וועלכער האָט זיך אומפּאָר־זיכטיק אַרויסגעוואָרפן אויפן אייז. זינט זיין אימפּראָוויזירטער ספּור־המע־שה האָט אים אַריינגעפירט אין דעם „גרויסן אָוונט", האָט ער געהאַט דאָס געפיל, ווי ער זאָל מיט סכנת־נפשות שפּרינגען פון איין סטויפּ אויפן צווייטן פון אַ טראָטואַר, וואָס האָט זיך ערשט צעריסן אונטער זיינע פיס. דאָס געהילץ צעקריכט זיך איבערן טייך, ווי ריזיקע פינגער פון אַ מורא־דיקער, אונטערוואַסערדיקער חיה; צווישן אָט די פינגער מיט די בראָ־דאַווקעס, ווערן די ריטשקעס אַלץ ברייטער, אַלץ שוימיקער. נאָך איין שפּרונג, נאָך איין טאַנץ, אָבער אחת דתו — ער מוז אַריינפאַלן. ער גע־הערט שוין צום אָפּגרונט, ווי אַ הילצערנע, ברענענדיקע שטוב געהערט צום פייער. אויף אייניקע פּנימער באַמערקט ער שוין סימנים פון אומ־געדולד געמישט מיט שטוינונג. ער דערמאָנט זיך, אַז קיין צו גרויסע פּויזע טאָר ער נישט מאַכן, ער דערציילט דאָך עמעצנס אַ פּאַרטיקע זאַך. גיין, ער מוז זיך טאַקע באַהערשן, אויב ער וויל נישט זיך אַראָפּגליטשן „פונעם סטויפּ" אין טיפן אָפּגרונט אַריין. אַ ווײַלע זיצט ער נאָך מיט פאַרמאַכטע אויגן און הייבט אָן ווײַטער צו דערציילן:

— ...דער עולם האָט ווייטער פאַרבראַכט. ס'איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט. מיט אַ מאָל איז מאָניען געוואָרן עקלדיק די גאַנצע סצענע מיט זיין „אָפּנהאַרציקייט". צו וואָס האָט דאָס אים געטויגט? ווער גייט דאָס עפענען אַ וווּנד פאַר ווילד פרעמדע מענטשן? וואָס קען יענער דער־פילן פון טרוקענע דיבורים? און אויב ער קען יאָ דערפילן, צו וואָס נוצט דאָס אים? און זיין נאָר וואָס דערציילטע לעבנס־געשיכטע האָט אים איצט אויסגעזען צו זיין איבערגעגעבן אַזוי האַרצרייסנדיק, אַזוי הימל־שרייענ־דיק, אַז ער האָט זיך געשעמט אויפצוהייבן די אויגן אויף זיינע שכנים: טאָמער האָט עמעצער צעקייעט דעם יאָדער? ער איז מיט אַ מאָל זיך אַליין געוואָרן נמאס ומאוס ביז גאָר. אַן אַנטשלאָסענער האָט ער זיך אויפגע־הויבן פון זיין שטול, אַראָפּגענומען פונעם הענגער זיין פּאַלטאָ און זיך גענומען אָנטון. דער באַלעבאָס איז צוגעשפּרונגען צו אים:

— מאָניאַ, וווהין איז דאָס גיין אַצינד? עס איז צען מינוט נאָך איינס —

— איך האָב פאַרגעסן צו באַזאָרגן אַ נייטיקן ענין און דאַרף גלייך האָבן אין שטאָט אַריין.

— דו ווייסט יאָ, וואָס דו רעדסט? אַזוי שפּעט, און אין אַזאַ אומ־קומעניש, גייט מען אַליין אין שטאָט אַריין?

— דער רוח וועט מיך נישט נעמען. אַן אומקומעניש... מען קען אויף אַן אמת מיינען... און ווידער, איך רעכן נאָך טרעפן דעם לעצטן טראַמוויי.

— פאָלג מיך מאָניאַ, און בלייב דאָ נעכטיקן גלייך ווי אַלע. פינף אַזייגער פאַר טאָג האָסטו דיר דעם ערשטן טראַמוויי. וויפל איז דען נאָך

געבליבן? פון איינס ביז פינף איז אין גאנצן פיר שעה. גליב מיר, דו וועסט גאָרנישט אָנווערן, דער טייך ברענט נישט —

מענדל האָט אויך צוגעהאָלפן:

— וואָס איז דיר פּלוצלינג אָנגעקומען דאָס לויפעניש אין שטאָט אריין? גאָט האָט דיר געהאָלפן מסחרים, האָסטו שוין אין גאנצן פאַר־לוירן דעם קאָפּ. האָב קיין מורא נישט, דיינס וועט פון דיר אין ערגעץ נישט אַוועקקומען. זעץ זיך אַוועק צוריק און וויל נישט איבערלויפן די לבנה...

נאָר עס האָבן נישט געהאָלפן קיין רייד. מאַניא האָט זיך איינגע־עקשנט איין מאָל איבער אַלע מאָל: ער דאַרף נייטיק אין שטאָט אריין — און שוין!

טאַמאַראַ איז געזעסן אַ בלייכע ווי די וואַנט. זי האָט גוט געפילט, וואָס ביי מאַניען אין הארצן קומט איצט פאָר. זי האָט נישט פון ערשט געקענט די איידלקייט פון זיין נאַטור און האָט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ רעאַקציע עס איז ערשט פאָרגעקומען אין אים נאָך זיין כלומרשטער דער־ציילונג. זי האָט אויך געפילט, אַז עס וואָלט געגוג געווען איין וואָרט אירס, איין ליבלעכער ווונק, אַז מאַניא זאָל אַצינד אין דער זאַווערוכע נישט גיין צו פוס אין שטאָט אריין. עס האָט זיך איר אַזוי שטאַרק געגלוסט אַלץ צו פאַרריכטן, נאָר איר אומבויגעוודיקער שטאָלץ האָט איר געגעבן אָנצו־הערן, אַז יעדע מינדסטע תנועה פון איר זייט, וועט ביי יעדן אָנגענומען ווערן ווי אַן אָנהייב פון איר נאָכגעבן, פון אָננעמען דעם אולטימאַטום. זי האָט זיך געמינעט אויפן פנים, פון בלייך איז זי בלאַס געוואָרן, נאָר זי האָט גאָרנישט געזאָגט.

מאַניא, אַ קאַלטער ווי אייז, האָט זיך מיט איין נויג געזעגנט מיט אַלעמען און איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער „גאַס".

דער ווינט האָט אים אונטערגעכאַפּט, די זאַווערוכע האָט אים כהרף־עין אַריינגענומען אין קאָן אריין, געדרייט, אומגעוואָרפן און שיר נישט פאַרשאָטן. אין דעם גאנצן אַרום איז נישט געווען צו זען קיין איין לעבע־דיק באַשעפעניש, קיין סימן פון קיין ישוב. נאָר ערגעץ אויפן פאַרשנייטן האָריזאָנט האָט מינסק געפּענדלט מיט עטלעכע אַרומגעפּרווירענע לעמפּע־לעך. די שטאָט האָט זיך פאַרטייעט ווי אַ בער אין זיין בערלאָגע, געוואָלט איבערשלאָפן די ווויסטע זאַווערוכע. מאַניא האָט מיט פאַרמאַכטע אויגן געטאַפּט דעם וועג. אין זיין הארצן האָט געקאָכט אַ כעס אויף זיך אַליין:

— פאַר וואָס האָט ער זיך געלאָזט איינרעדן און איז איבערגעבליבן אויף זייער שמחה? און אויב ער איז שוין אַפילו יאָ געבליבן, איז וועלכער שד האָט אים געשלעפּט ביי דער צונג, ער זאָל דאָס צווייטע מאָל פאַר דער לעצטער וואָך, זיך אויסציען טאַמאַרען פאַר די פיס? פאַר וואָס? פאַר ווען? און נאָך פאַר מענדלען אין די אויגן? און נאָך פאַר שמאי גאָ־מעליער?

ער איז אין דער דאָזיקער מינוט געווען אַ שונא זיך אַליין, טאַמאַרען,

מינסק, אַלץ אויף דער וועלט איז אים געווען פריקרע און איבלדיק. העַ־כער דריי שעה האָט ער זיך געאַמפּערט מיטן ווינט און מיטן שטעכיקן שניי, ביז ער האָט זיך מיט די לעצטע כוחות פאַרשלעפּט אַהיים. ווען ער איז פאַר טאָג צו אַריינגעפאַלן אין שטוב אַריין, האָבן זיך אַלע בני־בית פאַר אים שרעקלעך דערשראָקן, ער איז געווען ווי אין גלאָז אַנגעטון און איבערגעפרוירן ביזן מאַרך פון די ביינער. ביז טאָג האָט מען אים געוואַ־רעמט די פיס מיט פלעשער הייס וואַסער, ביז ער איז ענדלעך אַנטשלאָפן געוואָרן. וויפל מען האָט ביי אים דערנאָך נישט געפרעגט, פון וואַנען ער איז דאָס ביי נאַכט אָנגעקומען — האָט ער זיך אַלץ אַרויסגעדרייט און גאָרנישט געענטפערט. און וואָס האָט ער געהאַט צו ענטפערן? דעם אמת האָט ער נישט געוואָלט זאָגן און אַ ליגן צוטראַכטן, איז אים עפּעס געווען איבער דער טבע. האָט ער שוין בעסער אין גאַנצן געשוויגן, שטעלנ־דיק דערמיט זיינע עלטערן פאַר אַ פיינלעכער רעטעניש.

ווען מאַניאַ איז אַוועקגעגאַנגען פון דעם פריילעכן חנוכת־הבית, האָט ער, אַליין דאָס נישט ווייסנדיק, מיט זיך מיטגענומען אין דער זאַווערוכע אַריין די גאַנצע שטימונג.ביים טיש איז מיט אַ מאָל געוואָרן פּוסט און אומעטיק, גלייך ווי עפענענדיק די טיר אין דרויסן אַרויס, זאָל ער האָבן אַריינגעלאָזט אין זאַל אַריין עפּעס אַ פינצטערע מרה־שחורה. וויפל דער עולם האָט זיך נישט באַמיט אומצוקערן די פריערדיקע פריילעכקייט, ממשיך זיין די פריערדיקע שמועסן — איין מאָל ניין! אַ וואָרט צו אַ וואָרט האָט זיך נישט געקלעפּט. די באַלעבאָסטע האָט געמינטערט דעם עולם מיט איר מאַנדאָלינע; דער אינזשיניער פיינשטיין — מיט פּעפערדיקע אַנעקדאָטן; מען האָט געלאָזט שפּילן דעם פּאַטעפאָן; עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. מיט מאַניעס אַוועקגיין האָט זיך ווי אָפּגעטון דער רוח־הקודש פון דעם זאַל. עס האָט מיט אַ מאָל אָנגעהויבן יעדן צו שלעפערן, און דער עולם האָט אויסגעפונען, אַז מען דאַרף אָנהייבן מאַכן נאַכט.

יוספס קוזין האָט געוווינט אין פיר היפּשע צימערן. עס זענען אַריינ־געטראָגן געוואָרן עטלעכע שפּאַניער־ווענטלעך און מען האָט אָנגעהויבן אויסצובעטן געלעגערס. אין זאַל, אויף די פּליושענע דיוואַנעס, האָט מען אויסגעבעטן די יונגע פּאָרפאָלקן, פּאָרט אינזשיניערן און אַרכיטעקטאָרן... אין צווייטן צימער, צווישן דעם פענצטער און דעם קליידערשראַנק, איז צעשטעלט געוואָרן אַ צונויפגעלייגט ברעזענטן בעטל פאַר מענדלען מיטן גאַמעליער רבם זון. פון דער צווייטער זייט שפּאַניער־ווענטל, אויף אַ סאָפע וואָס האָט שוין „געזען אַ וועלט", האָט מען באַשטאַטן טאַמאַרען מיט זשעניען. די עלטערע קינדער, וואָס פלעגן שלאָפן אין גרויסן זאַל און אין דעם קליינעם זאַלעכל, האָט מען שוין „אַריינגעפּאַקט" אין קינ־דערצימער צו צוויי אויף אַ בעטל. שווער און שוויגער, ביי לית־ברירה, האָט מען אויף דעם גוטן, קליינשטעטלדיקן אופן אויסגעבעט אין קיך, אויפן טאַפּטשאַן און אויף דעם האַלב־צעפּאָרענעם באַנקבעטל. און יוסף

מיט זיין פרוי האָבן שוין געמוזט שלאָפן מיט די יונגע באַלעבאַטים אין שלאָפצימער, אַ בעט קעגן אַ בעט מיט די קוזינעס.

מען האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט. די פינצטערניש האָט זיך במלאָ־קומתה אַרויפגעוואָרפן אויף דעם גאַצן חלל און האָט אָפּגעווישט אַלע שפּורן פון דער ערשט נישט לאַנג פאַרגעקומענער „פּורים־סעודה". דער צעווילדעוועטער ווינט הינטערן פענצטער, האָט זיך חוצפּהדיק אויסגע־לאַכט פון אַלץ און פון אַלעמען: פון פיינשטיינס אַנעקדאָטן; פון מאָ־ניעס בלוטנדיקער ווונד; פון טאַמאַרעס שטיינערנעם הארצן; פון דעם צימבלען אויף דער מאַנדאָלינע און פון די כלומרשטע דערגרייכונגען אין דער אַרכיטעקטור. די פינצטערניש האָט הינטערן פענצטער באריכות אַרומ־גערעדט דעם ענין פון די פאַרנאַרישטע מענטשן מיט דער וועלפישער זאַ־ווערוכע, און פון זייער שושקעריי איז אוממעגלעך געווען איינצושלאָפן, עס האָט זיך געדאַכט: עמעצער שעפּטשעט דיר אויפן אויער —

# קאפיטל XXXII

יוסף פיינשטיין איז געלעגן ביי דעם ראַנד פונעם בעט. מיט דער היי־סער האַנט האָט ער געגלעט דעם קאַלטן ניקעל, און אַ שטורמיש ריטש־קעלע געדאַנקען האָט געברויזט אין זיין אויסגעמוטשעטן מח:

— רבונו של עולם! און וואָס ווייטער? און ווייטער וואָס? היינט איז שוין דער 20טער. דעם 27טן איז אונדזער יום־הדין. מאַניאַ איז אַנט־שלאָפן און איך פיל, אַז דאָס מאָל — נישט אויף קאַטאַוועס. ער האָט זיך סוף כל סוף גענומען אין די הענט אריין, און אויב זי וועט אים דאָס מאָל נישט נאָכגעבן, איז אַ קראַך פון אַלע מיינע זיסע חלומות, איז „ברוך דיין אמת". גוואַלד, גוואַלד, גוואַלד, וואָס ליג איך? ווי מעג איך גאָר ליגן? פאַר וואָס זאָל איך נישט אויפשטיין און אויפהייבן די גאַנצע שטוב מיט מענטשן אויף די פיס? פאַר וואָס זאָל איך נישט רייסן אויף זיך די האָר? פאַר וואָס נישט אויסקנייפּן זיך דאָס גאַנצע לייב, אַז פון די סיניאַ־קעס זאָל רינען בלוט, פאַר וואָס? וועלכער ייד שלאָפט עס, בעת עס ברענט זיין מאַיאַנטיק? ביי מיר ברענט דאָך איצט דאָס טייערסטע, וואָס איז מיר פאַרבליבן אין מיין לעבן. אַזאַ מאַניאַ, אַזאַ מאַניאַ... אַזאַ ויידן קינד, און אַזוי ליב האָבן, ווי ער האָט זי ליב... גוואַלד געשריגן, זי קען דאָך ביי אים זיין אַזוי גליקלעך, אַזוי גליקלעך, אַ פּרינצעסין! אַן אימפּעראַ־טאָרשע! ביי מיר, ביז זי דערלעבט זען אַ קליידל, אָדער אַ נייע פּאָר טופ־ליעס, קריכן איר אַרויס די אויגן פונעם קאָפּ, און ער וואָלט זי דאָך מיט גאָלד באַהאַנגען פונעם קאָפּ ביז די פיס. מאַניאַ, רעדט די וועלט, איז היינט גאָר שטאַרק „אין די פעדערן". איך מיט מיין פאַמיליע פאַרלעבן, דאַכט זיך, נישט אין אַ חודש, וואָס ער צעטיילט צדקה אין אַ וואָך. אַז ווו מען דאַרף נאָר און ווער עס מאַכט נאָר פאַר אים אַ קרומע מינע. נאָר וואָס עפּעס דווקא געלט? נו און זיין לערנען? נו און זיין ערלעכקייט? זיין חן וואָס ער האָט ביי מענטשן... אָט איז ער היינט אויף דער נאַכט אריינ־געקומען אין אַ ווילד פרעמדער סביבה, און דווקא צווישן סאָוויעטישע אינטעליגענטן, נו, האָט עפּעס לאַנג געדויערט ביז ער איז אַריין אין „זיין טעלער" און האָט אַרויסגערופן צו זיך אויפמערקזאַמקייט ביי דעם גאַנצן עולם? און ווי נאָר ער איז אַוועקגעגאַנגען איז פּוסט געוואָרן אין שטוב... אַ גענעלשאַפט פון העכער צוואַנציק פּערזאָן, און — פּוסט! די ווענט פון דעם זאָל האָבן, דאַכט זיך, געוויינט פאַר בענקעניש נאָך זיין קול... גוואַלד, פאַר וואָס קומט מיר אַזאַ שטיינערנע טאָכטער? מיט וואָס האָב איך אַזוי פאַרזינדיקט? און דער עיקר, וואָס טראַכט זי זיך? צי אפשר טראַכט זי גאָרנישט? מיר לאָזן זי צו רו, און מער דאַרף זי נישט, עבדא בהפקרא ניחא ליה... און וואָס איז דאָ פאַראַן וואָס צו קלערן אַזוי לאַנג? טאָמער, עס זאָל גאָר די שעה נישט זיין, פּלאַצט דער שידוך מיט מאַניען, וועמען זשע דען וועט זי דאַמאָלסט נעמען? עפּעס אַ נאַקעט

סטודענטיקל, וואָס וועט ערשט אין פיל יאָרן אַרום זוכה זיין אָנהייבן צו פאַרדינען פיר הונדערט רובל אַ חודש? וואָס וועט נישט פאַרשטיין און נישט וועלן פאַרשטיין, וואָס עס הייסט גאָר בלייבן אַ ווייב געטריי און ערלעך? געוואַלד, אויף וועמען גייט זי איבערבייטן אַזאַ גליק, אַזאַ אומ־גלויבלעך גליק?

פון זיין ברוסט רייסט זיך אַרויס אַ טיפער קרעכץ. זיין פרוי גיט אים זאָרגעוודיק אַ טאַפּ דעם שטערן:

— פאַר וואָס שלאָפסטו נישט, יוסף?

— און דו פאַר וואָס שלאָפסט נישט?

— איך שלאָף טאַקע יאָ. ס'איז איבער דיר קען איך נישט —

— איך שלאָף אויך, נאָר דו וועקסט מיך אויף —

דאָס פאַרפאַלק דרייט זיך אויס פנים צו פנים און לעכערט לאַנג די סמאָלע־שוואַרצע פינצטערניש מיט די אויגן.

זי שעפּטשעט שטיל:

— יוסף, דו ברענגסט זיך אַרויס פון די כוחות, מען טאָר נישט אַזוי. דו האָסט נאָך קינדער. יעדער זיפץ, וואָס דו טוסט, יעדער קרעכץ, רייסט מיר אויס אַ שטיק האַרץ. און וואָס העלפסטו דען מיט דעם? דו זעסט דאָך, אַז מיט ביידע לעפל גיט מען נישט. טאָמער איז זי שיין, איז זי אַ פנים נישט מזלדיק... און ווידער, עס איז דאָך נאָך דאָ אַ וואָך, אפשר ביז דאַמאָלסט... ביי גאָט איז אַלץ מעגלעך...

— און דו קלערסט, אַז עס האָט דעם זיבעטן חן, קומען צו דער לעצטער מינוט? ווו קומט דאָס פאַר לאָמיך הערן, אין קינאָ, צי אין טע־אַטער? האַ?

— זעסט דאָך אָבער, אַז ער איז נאָך איצט אויך פאַרקאָכט אין איר פונקט אַזוי ווי פריער. האָסט געהערט רייד היינט אויף דער נאַכט?

— אַ לשון אַ ביסל: פאַרקאָכט... ווי פריער... טאַמאַרעם דיבורימ־לעך... כאמה כבתה, דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פונעם ביימעלע...

— וואָס ווילסטו פון מיר האָבן? איך אַליין, ווייסטו דאַכט זיך גוט, האָב מיט דיר נישט געפּראַוועט אַזעלכע קונצן ווי זי מיט אים, צי אפשר זאָג איך אַ ליגן? נישט איך דאַרף אים דאָך נעמען, זי דאַרף אים דאָך נעמען, וואָס זשע זאָל איך טון, אויב זי וויל נישט?

— וואָס זאָל זי טון? איך זאָל איר זאָגן, וואָס זי האָט צו טון? אַן אַנדער מוטער אויף דיין אָרט, ווען זי זעט ווי דאָס קינד נעמט אַ טעמפּן חלף און שניידט זיך אַליין איבער דעם האַלדז, וואָלט זי, כ'וויים?...

— וואָס וואָלט זי? וואָס כ'וויים? אויף מיין האַלדז און נאַקן ביסטו אַ גאַנצער קנאַקער און אַליין ציטערסטו פאַר איר אויסצורעדן אַ וואָרט...

יוסף גיט פון זיך אַ ריס די קאָלדרע:

— ווער? איך ציטער? איך? איך האָב מורא פאַר איר? פאַר אָט דער —

— יוסף, גאָט איז מיט דיר! ווילסט אויפוועקן די באַלעבאַטים? ש־ש־שאַ...

— לאָז מיך! דו זאָגסט דאָך, אַז איך ציטער פאַר איר... לאָז, וועל איך דיר ווייזן, ווי אַזוי איך ציטער פאַר איר... איך וועל באַלד אויפוועקן דעם גאַנצן „אוניווערסיטעטסקע גאַראַדאָק", אַזוי וועל איך שרייען גוואַלד —

— שאַ, האָב רחמנות, עס שלאָפן דאָך מענטשן —

— טאָ זאָלן זיי טאַקע נישט שלאָפן! איך קען מער נישט שווייגן! דאָס וואָסער גייט מיר שוין איבערן מויל, עס ברענט אין מיר אַ העליש פייער... איך מוז מיט עפּעס זיך קילן דאָס האַרץ, אַז נישט וועט עס פּלאַצן צו אַל די רוחות...

אינעם שכנותדיקן בעט האָט דער מאַן געהאַלטן די האַנט אויפן ווייבס מויל, און דאָס ווייב האָט צוגעהאַלטן זיין מויל. ביידע האָבן מורא געהאַט מיט אַ מינדסטן שאָרך זיך אויסגעבן, אַז נישט ווילנדיק האָבן זיי געמוזט אויסהערן דעם דאָזיקן אָנגעווייטיקטן שמועס.

יוסף איז געלעגן אַ צעדעקטער און האָט געטאַפּט דעם חושך מיט גליענדיקע אויגן. זיין פרוי האָט מיט די פינגער געווישט דעם קאַלטן שווייס פון זיין שטערן און האָט זיך באַמיט אים צו באַרואיקן:

— נו, שאַ. זאָל שוין זיין געגנוג. פון דעסט וועגן איז נאָך נישט אַלץ פאַרלוירן. זיבן טעג איז נאָך אַ געגנוג גרויסער זמן. נו שאַ, אַן עק! שלאָף בעסער איין —

— איך וועל שוין, דאַכט זיך, אין גיכן אין גאַנצן איינשלאָפן... איך וועל אייך שוין לאַנג נישט שטערן... דאַן וועט איר שוין אויפגעבונדן ווערן...

— גוואַלד, וואָס ווילסטו האָבן פון מיינע יונגע יאָרן?

אין צימער האָט זיך דערהערט אַ פאַרשטיקטער געוויין.

דאָס וואָסער האָט זיך אומאויפהערלעך געבולבעט אין די פאַר־מויערטע וואַנט־רערן. דער שטשאָטשיק * האָט מאָנאָטאָן געסקריפּעט זיין גודנע ניגונדל.

דער פאַרטאָגיקער דרימל האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל.

*

פיל רואיקער און געלאַסענער איז דורכגעגאַנגען דאָס איבעריקע שטיקל נאַכט אין דעם צווייטן צימער.

אויף דער ירושה־סאָפע האָט זשעניאַ זיס און רעגלמעסיק געשנאָרכט מיטן נעזל, און פון דער צווייטער זייט ווענטל האָט זיך דערטראָגן אַן אָפּט, אָפּגעהאַקט כראָפּען מיט אַ סווישטש. נאָך אַ מאָל ציט די פאַר־

* דער מעכאַניזם, וואָס ווייזט אָן וויפל עלעקטראָ־ענערגיע עס איז אויסגענוצט געוואָרן.

ליגטע נאָז אַ שווערע משא באַרג־אַרויף, ציט, ציט, און מיט אַ מאָל — כלאָפּ, געפּאַקט אַ פּליג! די נאָז סווישטשעט זיך אויס, און ווידער ציט זי שוין אַ שווערע משא באַרג־אַרויף, העכער, נאָך העכער, און פּלוצלינג — כלאָפּ, נאָך אַ פּליג געפּאַקט!

און ווידער אַ פּייפן מיט אַ שלעפּן מיט אַ סאָפּען... אַ מעשה אָן אָן עק...

מענדל דער שוחט ליגט מיט אָפענע אויגן און הערט זיך צו צום ניגון פון דעם גאָמעליער בן־הרב. פּע, אַ פּאַסקודנער ניגון! ער גיט זיך אַ דריי איבער אויף דער צווייטער זייט און אַזוי ווי ביי קידוש־לבנה: „שלום עליכם, עליכם שלום", אַזוי ענטפערט אים דאָס בעטל גלייך: ריפּ, ריפּ, סקריפּ... מענדל שטעקט אַריין אַלע ציין אין די ליפּן: כאָטש נישט אויפוועקן יוספס קינדער, וואָס שלאָפן הינטער דער מחיצה. נאָר ווי ער טראַכט אַזוי, דערטראָגט זיך צו אים פון יענער זייט ווענטל: דזין, דזין, דזין, דזשוין...

— „זי" שלאָפט אויך נישט — טראַכט מענדל מיט אַ באַהאַלטענער הנאה — אַ מצוה אויף איר! אַ פּנים דער געוויסנס־ביסן לאָזט זי נישט איינשלאָפן. אַ גאַנצע נאַכט נאָר זי דרייט זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער. דזין אַהער, דזין אַהין, אַלע מינוט אַ פרישער דזין. גוואַלד, ווו איז געוועזן מיין קאָפּ, בעת מאַניאַ האָט זיך אָנגעטון? וואָס הייסט, איך האָב אים גאָר געלאָזט גיין אַזאַ ווייטע שטרעקע איינער אַליין און דערצו אין אַזאַ שפּעטער שעה, און נאָך אין אַזאַ שטורמישן וועטער? איך בין דאָך פאַר אַזאַ שטיקל אַרבעט אסור לרחם... אין דעם אַנטקעגנאיבערדיקן קאָרפּוס האָט דער ווינט אַ פּנים אָפּגעריסן אַ הענגענדיק גאַניקל. עס האָט פריער אַזאַ קנאַל געטון ווי פון אַ האַרמאַט. אַך! ווי דערלעבט מען שוין טאָג, איך זאָל שוין הערן, אַז מאַניאַ שלאָפט ביי זיך אין בעט... נו, נו, אָן איינגעשפּאַרטער... עס האָט אים אַ טראַג געטון אַוועקצוגיין. שוין נישט געקענט אויסוואַרטן די פּאָר שעה ביז עס וועט אָנהייבן גיין דער טראַמוויי. נאַ דיר גאָר אַ חנוכת־הבית אין מיטן מיטוואָך שבת צו נאַכטס... איי, איז ער אַ משוגענער, אָט דער מאַניאַ... איי, איז ער אַ משוגענער! ביידע זאַכן: אי אַ טייערער, אי אַ משוגענער. ווייִ, ווייִ, וויפל ער האָט דאָס היינט אויף דער נאַכט אין איר אַריינגעלייגט דבורים... דאַכט זיך, אין גראַניט, ווען מען זאָל אַזוי שיסן, וואָלט ער שוין אויך נישט אויס־געהאַלטן. דזין, דזין, דזשוין... ס'קאַצל קומט, ברוך־הבא! שוין לאַנג שטיל געוועזן. די פּרוזשינעס דאָרטן זענען פון אייזן, אַז זיי האַלטן היינ־טיקע נאַכט אויס פון איר...

ער גיט צו זיך אַליין אַ שמייכל אין דער פינצטער:

— פון וואָס דען זענען זיי? אודאי פון אייזן! אָבער וואָס וועט טאַקע זיין איבעראַכטאָג אין דער צייט? זי וועט זיך כאַפּן ביי צייטנס, אַז זי פאַרלירט אַ בריליאַנט, וואָס זיין גלייכן וועט זי שוין נאָר קענען זען אין חלום? זי וועט מבטל זיין אָמז דעם ראשית־מדון, צי ער וועט זיך ביי

דער געלעגנהייט אַרויסראַטעווען פון זיין אומגליק? ווער ווייסט, אפשר וועט זיך ביי אים אָפּזוכן עפּעס אַ זכות? אפשר זכות־אבות? הלמאי ס'איז מיר אַ פּלא גדול, פאַר וואָס מאַניאַ האָט מיר גאָרנישט דערציילט. איך בין דאָך ערשט דאָ געוווּיר געוואָרן פון דער גאַנצער מעשה מיטן אול־טימאַטום... מילא, אַז מאַניאַ איז אַ משוגענער, דאָס ווייסט מען דאָך, נאָר ער איז אָבער אויך אַ מאַלאָדיעץ. אַ העלד! געגעבן זיך אַליין אַ זמן, און — אָט דאָס איז דאָס. אהער, אָדער אהין... און ער וועט דאָס מאָל האַלטן וואָרט! יאָ, ער וועט איצט האַלטן וואָרט. איך קען אים גוט... איך דערקען שוין ווען זיין וואָרט האָט די ווערט אַ ציבעלע, און ווען ס'איז שטאָל און אייזן. אוי, ס'איז מיר שלעכט, מיין שכניעץ ציט שוין ווידער די קו אויפן דאַך... גאָט מיינער, אַזאַ סאָרט כראָפּען איז דאָך פּשוט אַ חולאת. עלעהיי אַ חולה־נופל. איך וועל, דאַכט זיך, באַלד ברעכן מיט דער גרינער גאַל. ווי, ווי, וויפל איז דער שיעור צו ציען? כלאָפּ! מזל טוב, געכאַפּט אַ פליג! וואָס, ער גייט שוין מיט אַ נייער הקפה? ניין, ניין, כ'וועל עס טאַקע נישט איבערטראָגן. ווי אַזוי וועט זיך אַ ווייב האַלטן מיט אַזאַ מענטשן? מען קען דאָך משוגע ווערן פון אַזאַ אָפּערע. באַרעכן נאָר, ער ציט דאָך שוין ווידער אַ מאָל אַ קאַראַוואַן מיט בולבעס...

מענדל גיט זיך ראַש אַ דריי אויף דער צווייטער זייט און עס דער־הערט זיך אַ בייזער „ריפּ, ריפּ, סקריפּ". ווי איינער רעדט: כ'האָב דיך דאָך געבעטן, אַז זאָלסט מיך נישט טשעפּען... איך בין אויך אַ גוט קינד, איך וועל דיר נישט אָפּשווייגן...

טאַמאַראַ קערעווועט זיך פון דער רעכטער זייט אויף דער לינקער און פון דער לינקער אויף דער רעכטער און קיין שלאָף קומט נישט אויף אירע אויגן. אפשר צום הונדערטסטן מאָל דרייט זי זיך אויס אויף דער אַנ־דערער זייט און טראַכט ביי זיך: אָט דער מענדל שלאָפט נישט די גאַנצע צייט. ער טראַכט געוויס וועגן מיר, וועגן אונדז. אַ שטיינער, וואָס טראַכט ער דאָרט? ס'איז ביי מיר בלתי־ספק, אַז ווען ער קען, וואָלט ער מיך זיכער אָפּגעמעקט פון דער ווייסער וועלט. ביי אים איז דאָך מאַניאַ טייער ווי דאָס גאַנצע לעבן, ער גליבט אין אים ווי אין אורים־ותומים... אָך, מאַ־ניאַ... גאָט מיינער, ווי ליב איך האָב אים! ווי צויבערנדיק ער איז געווען היינט אויף דער נאַכט! ווי קינסטלעריש ער האָט געמאָלט אונדזער קינד־הייט! אוי, מאַמע, ווי מיר האָט זיך געגלוסט צוגיין צו אים, אַרויפלייגן אים אַ האַנט אויפן אַקסל, און אים אַ פרעג טון מיט יענעם שמייכעלע, וואָס איך ווייס, אַז ער האָט דאָס ליב: „מאַניוסינקאַ! נו, און אַ פינגערל האָסטו שוין צוגעגרייט?" אַך, ווי ער וואָלט אַ טאַנץ געטון! ווי ער וואָלט עס מיך אַ כאַפּ געטון אויף די הענט! היינט, דער טאַטע... פאַר פרייד וואָלט ער זיכער געוויינט ווי אַ קליין קינד. און אהרל... און די מאַמע... זי, נעבעך, מיין טייער מאַמעלע, נעמט איבער אויף אירע אויסגעמוטשעטע פּלייצעס אַלע שלעק, וואָס ווערן אויף מיר אָנגעשיקט. זי מיינט, אַז איך פאַרשטיי דאָס נישט. היינט, היינט, וואָס וואָלט שוין געזאָגט אָט דער

מענדל? ער וואָלט זיך שוין דאַמאָלסט נישט געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער, ווי אַ העכט ביי אַ יונגיטשקער באַלעבאָסטינקע. און אָט דער גאָמעליער חבר זיינער... גאָט מיינער! וואָס פאַר אַ מוראדיק כראָ־פען... ניין, ניין, איך בין זיין צוקינפּטיקער באַשערטער נישט מקנא. טאָ־מער כראָפּעט מאַניא אויך אַזוי, אַנטלויף איך פון אים די ערשטע נאַכט!

...ריפּ, ריפּ, סקריפּ...

— וואָס ער קען ער דאָרט נישט איינליגן, דער שוחטוניו? אַ גאַנצע נאַכט, נאָר ער ריפּעט און ער סקריפּעט. עס איז אַ נס, וואָס זשענקע כאַפּט זיך נישט אויף. באַרעכן נאָר, ווי זי האָט זיך עס צעלייגט אַ ביסל... אַקוראַט ווי ביים טאַטן אין ווייניגאָרטן. איך קען מיך שוין גאָר אין גאַנצן נישט רירן. מען דאַרף פּרווון זי אַ ביסל אָפּרוקן. אוי, שווערלעך... אַ קליי־נע, אַ קליינע, און אונטערהייבן זי איז אוממעגלעך...

...דזין, דזין, דזין דזשוין... דזין, דזין, דזין, דזשוין...

דאָס גאַנצע צימער וויגט זיך ממש פון די פּרוזשינע־אַקאָרדן. דאָס ברעזשענטענע בעטל פון יענער זייט ווענטל איז זיך קענטיק אַזש מחיה. עס ענטפערט מיט אַ יום־טובדיקער האָפערדיקייט:

...ריפּ, ריפּ, סקריפּ... ריפּ, ריפּ, סקריפּ...

ווי איינער רעדט:

— זינג, זינג, און איך וועל דיך אונטערהאַלטן... דו קענסט זיך אויף מיר פאַרלאָזן...

ווען זשעניאַ איז שוין ווי עס איז אָפּגערוקט, און מענדל איז שוין כמעט אויסגעדרייט אויף דער צווייטער זייט, פאַרציט ערשט דער גאָ־מעליער בן־הרב אַ פרישע קו אויפן דאַך, און טאַמאַראַ, אונטער דעם גע־כאָרכל פון זיינע אומדערמידלעכע בלאָזזעק, טראַכט ווייטער:

— און ווי איז, אויב מאַניאַ איז שוין נישט דער זעלבער מאַניאַ, וואָס איז געווען? און ווי איז, אויב עמעצער האָט מיר אים אונטערגע־ביטן? און ווי איז אויב דעם 27טן אום האַלבער נאַכט שטרייכט ער ביי זיך טאַקע אויף אַן אמת אויס מיין נאָמען און שטעלט אויף דעם אָרט אַוועק, אַ גרויסן, שוואַרצן צלם? אפשר איז טאַקע דער טאַטע גערעכט, אַז דאָס מאָל איז מאַניעס באַשלוס פון שטאָל און אייזן? און באמת, נאָך קאַרג האָט ער זיך איבער מיר אָנגעליטן? נאָך קאַרג האָב איך זיך אין אים נוקם געווען? דאַכט זיך נעכליודאָוו * אַליין איז דאָס נישט אויסגעשטאַ־נען, וואָס מאַניאַ איז אויסגעשטאַנען צוליב מיר. ניין, ניין, וואָס איז דאָ דאָ לאַנג צו קלערן, איך האָב נישט געטאָרט דערלאָזן, אַז ער זאָל אין אַזאַ אומקומעניש אַוועקגיין אין שטאָט אריין. אַ טאָטערין בין איך, נישט קיין ווייב! אָט אַזוי טוט אַ פרוי מיט אַ האַרץ, אַ וואָך פאַר דער חתונה? איך בין אַ מערזאַווקע, אַ פּאַראַזיטקע, אַ... איך ווייס אַליין נישט וואָס... איך האָב גאָר פאַר זיך קיין פּאַסיקן נאָמען נישט... איינשטעלן דעם גע־

* דער העלד פון ל. טאָלסטאָיס ראָמאַן: „תחית־המתים".

ליבטנס לעבן איבער... איבער וואָס? אוי, ווי דערלעבט מען, עס זאָל שוין טאָג ווערן...

ווי אַן ענטפער אויף אירע געדאַנקען, האָט זי דערהערט פון הינטערן ווענטל אַ לויפעניש פון באָרוועסע פיס אויפן פאָל און אַ שליאַנדרען פון שיך מיט פּאָדקאָוועס. דאָס שרעקלעכע כראָפּעניש הערט אַלץ נישט אויף. איז הייסט עס, אַ פּנים מענדל אויפגעשטאַנען. פאָרזיכטיק, אַז זי זאָל נישט אויפוועקן זשענקען, גליטשעט זי זיך אראָפּ פון דער איינגעגעסענער סאָפע, אויף די שפּיץ פינגער שלייכט זי זיך צו האַרט צום ווענטל און שעפּטשעט, אַז עס איז זי קוים מעגלעך צו דערהערן:

— מענדל, ר' מענדל, איר שטייט שוין אויף?

דאָרט ווערט מיט אַ מאָל שטיל. מענדל פאַרכאַפּט דעם אָטעם. ער גלייבט נאָך נישט זיינע אויערן, אפשר דאַכט זיך אים נאָר אויס?

— מענדל! האַ, ר' מענדל... וויפל איז דער זייגער?

מענדל ווישט זיך אָפּ דעם שטערן. ער גיט אויף שנעל אַ טראַכט, אַז עס איז פאַר אים אפילו נישט אַזוי שטאַרק אָנגעמאָסטן זיך צו שושקען מיט טאַמאַרען אין דער פינצטער, נאָר פון דעסט וועגן ענטפערט ער. נישט מער, וואָס זיין קול איז אַ ביסל פאַרדומפּן, אָדער הייזעריקלעך:

— ס'איז צען מינוט פאַר האַלב פינף.

— איר גייט שוין פאָרן?

— איך רעכן, אַז באַלד איז שוין מחויב צו זיין אַ טראַמוויי...

— אויב אַזוי וואַרט זשע אויס, זייט מוחל, אויף מיר. איך טו זיך נאָר אָן און גיי אויך מיט אייך. מענדל, זייט אַ ביסל שטילער דאָרט מיט אייערע סאַלדאַטסקע שיך, וועקט נישט אויף די גאַנצע שטוב, נישט יעדן טראָגט עס דאָך פונעם געלעגער ווי מיך מיט אייך...

# קאפיטל XXXIII

אויף דער גאַס האָבן אומגעזעענע „דוואָרניקעס" געהאַלטן אין איין צונויפקערן און צוריק צעקערן דעם אָנגעטראָגענעם שניי. וווהין מען האָט נאָר אַ וואָרף געטון מיט אַן אויג האָבן זיך געבערגלט היפשע קופּעס שניי, קלענערע קופּקעלעך און צווישן זיי פאַרפרוירענער שטיין באַדעקט מיט גלאָז. דער גאַנצער שטח, ביז דאָס אויג האָט נאָר געקענט פאַרכאַפּן, האָט דערמאָנט אין אַ ריזיק תבואה־פעלד נאָכן שניט, אויף וועלכן עס זענען אין אומאָרדענונג צעוואָרפן איינציקע סנאָפּעס און אויף האַלב צענעמענע סקירדעס. די אָנגעפּעלצטע ערד, האָט פון זיך אַלע ווײַלע אַרויסגעגעבן הכנעהדיקע קרעכצן, שטילע יבבות, דורכגעזאַפּטע מיט יגון־עולמים, מיט צדוק־הדין מתוך יאוש גמור... די געהיימע אַנחות האָבן געמאַכט גלייבן, אַז ערגעץ אין אַ מערה, וואָס איז סתום וגנוז פון אַ מענטשלעך אויג, ליגט אַ פאַרמשפּטער למאסר־עולם, ער וויל באַטש אויסשרייען זײַן ווײַטיק פאַר דער וועלט, זאָל כאָטש די וועלט וויסן און דערציילן לעם נולד, וואָס מיט אים איז געוואָרן דער סוף, נאָר דער שטרענגער ריכטער האָט אים פאַרשטאָפּט דאָס מויל און האָט נישט דערלאָזט, אַז זײַן צוואה זאָל דערגיין ליושבי־תבל ושוכני־ארץ. די אַלייע, וואָס פירט פונעם אוניווערסי־טעטסקע־גאָראָדאָק אין שטאָט אַרײַן, איז געשטאַנען אין דער פינצטער אַ כמורנע, אַ שטרענגע, אַן אײַנגעהילטע אין מדת־הדין. די ביימער, אימהדיק אויסגעצויגענע, האָבן מיט דאַרע, אויסגעשפּיצטע פינגער סודות־פול געטייטלט אין הימל אַרײַן. דעם הימל אַליין איז אין גאַנצן נישט געווען צו זען, די שיין פון די בידנע לעמפּעלעך האָט באַלויכטן בלויז אַ געדיכטן, אַ פינצטערן וואָלקן רויך. ער איז געהאַנגען ווי אַ שווערע משא איבערן קאָפּ, געדריקט, געשטיקט, געוואָרגן את נשמת כל חי...

ביי דער טראַמוויי־סטאַנציע איז נאָך קיינער נישט געווען. אין דעם גאַנצן אַרום האָט מען געקענט הערן בלויז איין קלאַנג: דעם קלאַנג פון דעם בייזן, צערייצטן ווינט; אין דעם גאַנצן אַרום האָט מען געקענט זען בלויז איין זכר פון דער לעבעדיקער וועלט: דאָס זענען געווען די שפּרינ־גענדיקע שאָטנס פון די זיך־הוידענדיקע לעמפּעלעך, והמותר איז געווען מלא־סוד. מענדל האָט פאַרשטעקט די הענט אין די אַרבל און האָט עפּעס אין דער שטיל געפליסטערט. די קעלט האָט טאַמאַרען דורכגענומען אויף דורך און דורך. מיט קנאה און פאַרדראָס אויף זיך אַליין האָט זי זיך דער־מאָנט אין דער ווייכער סאָפע, ווו זשעניאַ שלאָפט איצט אַ צעדעקטע מיט צעוואָרפענע הענט און פיס. אַ ווײַלע האָט זי זיך אײַנגעהערט אין מענדלס משונהדיק דאַווענען. עפּעס קייעט ער די ווערטער און נאָגט זיי אויס, ווי מען זויגט אויס אַ מאַרכביין. אודאי, אודאי, האָבנדיק מאָניען ביי דער זײַט וואָלט איר פיל היימלעכער געווען דאָ צו שטיין. נו, ווער איז איר דען שולדיק? ס'איז געווען געווענדט אין איר אַליין. און פאַר וואָס עפּעס גאָר

— געוועז? נו און איצט? ס'איז נאָך איצט אויך געוואָנדט אין איר. אַט קען זי למשל, אפילו תיכף ומיד אַ שלעפּ טון מענדלען פאַרן אָרבל און אים זאָגן קורץ און שאַרף:

— מענדל — צי ר' מענדל — איך וויל אייך בעטן, איר זאָלט אַזוי גוט זיין איבערצוגעבן מאָניען, אַז איך האָב אים זייער געבעטן ער זאָל צוקומען היינט דריי אַ זייגער בייטאָג צום אוניווערסיטעט. איר קענט אים פאַר איין וועגס מבשר בשורה זיין, אַז דער קראַנקער, וואָס זיין אָפּעראַציע איז געווען דעם 12טן, איז געזונט געוואָרן מיט אַ וואָך פריער, ווי דער פּראָפעסאָר האָט גערעכנט —

די נשמה גיט אין איר אַזש אַ צאַפּל פאַר פרייד:

— יאָ, אַזוי וועט זי טון. ענדלעך וועט ווערן יום־טוב אויף זייער גאַס, און איר מאָניאַ, איר ליבער, איר טייערער, איר זון, איר גליק, וועט זיך שוין נישט קענען מער קלאָגן אויף איר. יאָ, זי מאַכט אַן עק! גענוג געליטן...

זי האָט מורא צו האַלטן ביי זיך אַזאַ טייערן באַשלוס אָן עדות און גיט האַסטיק אַ שלעפּ מענדלען פאַר דער פּאַטקע. איין קנאָפּ שפּרינגט אָפּ און ווערט נעלם אין דעם חשכות. מענדל גיט זיך אַזש אַ וואָרף פאַר אומ־געריכטקייט. ער הערט אויף צו שעפּטשען און קוקט זי אָן פאַרוואונדערט:

— איר האָט מיר עפּעס געוואָלט זאָגן?

טאַמאַראַ האָט זיך אַליין אויך דערשראָקן פאַר איר דרייסטקייט. די צוגעגרייטע ווערטער פליען אַוועק מיטן ווינט און זי הייבט אָן שטאַמלען:

— יאָ... ס'פאַרשטייט זיך... אַנטשולדיקט... איך זאָג, אַז אייער זייגער האָט אונדז געמוזט אָפּנאַרן... קיין טראַמוויי הערט מען נאָך נישט און מען זעט נישט און קיין בעלנים צו פאָרן זענען נאָך עפּעס אויך נישטאָ...

— איך ווייס? אפשר זענט איר גערעכט... ערשט נעכטן אויף דער נאַכט האָב איך אים אָנגעשטעלט לויט דעם ראַדיאָ. ניין, איך גלייב, אַז ס'איז באַלד מחויב אָנצוקומען אַ וואַגאָן. אין צענטער שטאָט הייבט ערשט אָן דער טראַמוויי נאָרמאַל צו קורסירן אַרום האַלב זיבן — זיבן, אָבער פון די פאָרשטעט קען מען אַ מאָל פאַקן אַ וואַגאָן אפילו פאַר פינף אַ זיי־גער אויך... צו מאָל גייען זיי גאָר נישט אין פּאַרק אַריין, נאָר זיי נעכטיקן־אונטער אויף דער לעצטער סטאַנציע. נישקשה, עס מאַכט נישט אויס, קוים זענען מיר שוין דאָ, וועלן מיר שוין צווואַרטן. און ווידער, אַן אַנדער ברירה האָבן מיר? מיר וועלן דאָך נישט גיין וועקן, אַז מען זאָל אונדז צוריק אַריינלאָזן...

מענדל גייט זיך דורך לענג־אויס דער ליניע, טופּעט מיט די פיס אין די אַרומגעפרוירענע שטיינער, צערייבט זיך די הענט מיט שניי און שעפּ־טשעט ווייטער. טאַמאַראַן צופּט אַזש ביי דער נשמה זיין מעלה־גרהן דאָס „דאַווענען פון פאַרנט" און דאָס אויסקוועטשן דעם דם־התמצית פון

די אומשולדיקע ווערטער. זי איז אויף זיך אליין להרוג ולאבד. אין גע־דאנק זידלט זי זיך:

— נו, פאר וואס האסטו אים נישט געזאגט וואס מיר האבן אפגע־רעדט? האסט זיך דערשראקן? ביסט א פיצל קינד, צי וואס? דארפסט האבן קלעזמער צו אט דער „פייערלעכער צערעמאניע"? אפשר דיר ברענ־גען אהערצו די מאנדאלינא? זאג, שעם זיך נישט, די שטוב איז אט דא נישט ווייט —

זי האט זיך ווידער אומגעקוקט אויף מענדלען. יענער איז געשטאנען אפגערוקט פון איר אויף עטלעכע טריט, ער האט דורכדרינגענדיק געקוקט אויף איר, און וועגן עפעס שווער געטראכט. זי האט מיט א מאל דער־פילט, אז מיט „אים" וועט זי שוין צו מאניען גארנישט איבערגעבן. אויב זי וועט זיך שוין יא באשליסן אים אנצושרייבן א בריוול, קען זי דאס צושיקן מיט אהרלען, מיט זשעניען, צי אפילו מיטן פאטער. אדער — שא! אפשר גאר מיט דער פאסט? אר־וואו, זי האט גאר פארגעסן! דער בעסטער אופן איז דאך מיט דער פאסט!

פונעם גדעריכטן, בלייענעם וואלקן, האבן ערגעץ אין דער ווייט א פינקל געטון צוויי מאט־גרינע אויגן. אין א ווײַלע ארום האבן זיך די גרינע אויגן אנגעהויבן אויפצושטעלן, העכער, נאך העכער, ביז אונטער זיי האט זיך אנטפלעקט א גיגאנטיש געלבלעך אויג. די דריי־אויגיקע חיה האט זיך אלץ מער דערנעענטערט צו דער סטאנציע און האט זיך מיט א געפרוי־רענעם גרילץ אפגעשטעלט פאר מענדלען מיט טאמארען.

זיי האבן נאר באוויזן זיך אנצוכאפן אין די פארענטשעס, ווי דער וואגאן, נישט געבנדיק אפילו קיין סיגנאל, האט מיט א טרוקענעם קלונג זיך גערירט פונעם ארט. אינווייניק אין וואגאן איז אויך געווען פוסט און אומהיימלעך. די קאנדוקטארשע איז געשטאנען לעבן וואגאן־פירער אויפן גאניקל, און איז אפילו נאך קיין בילעטן נישט צוגעגאנגען. אין א ווינקל האט גערדימלט עפעס א טשינאווניק פון אן אייזנבאן־אנשטאלט, מיט א ווייס שטערנדל אין דער פעטליצע. די שויבן זענען געווען גראב ארומגע־וואקסן מיט אייז און וואונדערבאר באקווייטלט. די שארפע ליכט, וואס האט ווייטיקלעך געשניטן די אויגן, האט ווי אויף זיך נוקם צו זיין, זיך געשפיגלט אין יעדן פראסט־בלימעלע, זיך גערייצט מיט יעדן שניי־צוויי־געלע, און אזוי ארום אומברחמנותדיק געשטאכן די פאסאזשירן אין די אויגן. מענדל האט זיך אוועקגעזעצט ביי א פענצטער און טאמארא אקעגן אים. אין דער ליכטיק האבן זיי זיך נייגעריק באטראכט איינס דאס אנ־דערע, און אין הארצן געטראכט יעדער וועגן זיינעם.

— א מאדנע כשוף פארמאגט איר פנימל — האט מענדל מיט פאר־דראס געטראכט — גארנישט משיג צו זיין מיטן שכל. נישט אומזיסט איז מאניא אזוי פארקאכט אין איר. דאכט זיך, אין פלוג וואלט איך דאך גע־דארפט אפילו תעניתים פאסטן, אז דער שידוך זאל צעשטערט ווערן. ערשטנס וואלט טאקע מאניא ניצול געווארן פון א מיידל, וואס האט אין

זיך נישט אפילו קיין איין פּונק ייִדישקייט, דאָס איז דער עיקר העיקרים. צווייטנס, וואָלט ער פּטור געוואָרן פון אַזעלכער, וואָס איז אים אַזוי שטאַרק אומגעטריי, וואָס עס ליגט גאָרנישט אין איר כאַראַקטער צו זיין געטריי... דריטנס, אפשר וועט פּאָרט דער אייבערשטער רחמנות האָבן — היד ד׳ תקצר? — און ער וועט קליגער ווערן און אָנהייבן באַמערקן מיין דאָבען... זי האָט דאָך אין אמתן אמת די ווערט אַזאַ אויסערגעוויינלעך ייִנגל, ווי ער איז... בקיצור, מכמה וכמה טעמים דאַרף מען מעורר רחמים זיין, אַז ער זאָל פון איר לויז ווערן, איז דאָך דאַכט זיך גוט, הא? האָט זי אָבער, אָט די טאַמאַראַ, אַזאַ טייוולאָנישן כח אין זיך, אַז איך וואָלט שוין מוחל געווען אָט די אַלע טובות, אַבי דער שידוך זאָל דווקא יאָ ווערן... אָט אַזאַ איבערגעקערטע וועלט איז היינט...

טאַמאַראַ, באַמערקט ער ערשט איצט, נעמט פון אים די גאַנצע צייט די אויגן נישט אראָפּ. דערזעען, אַז ער קוקט אויף איר, איז זי אים מכבד מיט אַ שטעכיקן בליק גלייך אין די אויגן אריין און זייעט שיטער אַרום דורך די ציין:

— מענדל, וואָס שווייגט איר די גאַנצע צייט? דערציילט עפּעס.

— וואָס זאָל איך דערציילן?

— וואָס ס׳איז נישט איז, אַבי דעם וועג צו פאַרקירצן...

— איך בין נישט קיין מייסטער אויף צו דערציילן וואָס ס׳איז נישט איז... איר מיינט, אַז יעדער איינער קען אָט די מלאכה?

טאַמאַראַ פאַרשטייט, וווהין אָט דאָס „שפּילקעלע״ געהער, און מאַכט זיך נישט ווויסנדיק:

— אָבער דאָך... קאַרג נייעס זענען דאָ אויף דער וועלט?

מענדל גיט אַ קוועטש מיט די פּלייצעס:

— ווי געפעלט אייך טשעמבערלענס רעדע? איר האָט געלייענט נעכטיקע צייטונג?

— ניין, נישט געלייענט... כ׳האָב בפירוש געזוכט אַ מאָסקווער צייטונג, נאָר כ׳האָב גראָד נישט געקענט געפינען —

זי רעדט און אין הארצן פרעגט זי זיך אַליין:

— צו וואָס ליג איך אַזוי אומפאַרשעמט? איך האָב דאָך שוין אודאי אַ קיילעכדיק יאָר קיין צייטונג אין מיינע הענט נישט געהאַלטן...

מענדל גיט זיך אַ כאַפּ פאַר דעם בוזעמטאַש:

— איר האָט אַ פּנים אַ זכות, אויף אייער מזל האָב איך גראָד די נעכטיקע „איזוויעסטיע״ ביי זיך...

נאָר טאַמאַראַ פאַרוואַרפט מיט הענט און מיט פיס:

— ניין, ניין, ר׳ מענדל, איך האָב איצט נישט קיין געדולד צו לייענען —

— וועט איר אין דער היים לייענען. איר קענט זי איבערלאָזן ביי זיך, איך האָב זי שוין —

— ניין, איך וועל אין דער היים אויך נישט האָבן קיין געדולד...

בכלל, די לעצטע צייט... פֿאָלגט מיך, דערציילט איר בעסער, לאָזט זיך נישט אַזוי שטאַרק בעטן.

מענדל הייבט אָן געגוי איבערצוגעבן, וואָס עס איז געשמועסט געוואָרן אין דער פּעלקער־ליגע אויף דער לעצטער זיצונג. טאַמאַראַ שפּאַרט זיך אונטער דעם קאָפּ מיט אַ האַנט און די געדאַנקען טראָגן זי אַריבער אין איר אייגן וועלטל:

— וואָס דולט ער מיר דעם קאָפּ מיט אָט דעם טשעמבערלען און דאַלאַדיע? שוין זשע גלייבט ער טאַקע אויף אַן אמת, אַז אָט די פּוסטע מעשׂות קריכן מיר איצט אין קאָפּ אַריין? פֿאַר וואָס דערציילט ער מיר בעסער נישט עפּעס פֿון מאָניען? אַך, ווי איך בענק איצט נאָך אים! צו וועלכע רוחות האָט אים געטויגט דער אויפּטו מיט אָט דעם פֿאַרשאָלטענעם אולטימאַטום? ער האָט דען נישט געקענט מיר אַליין זאָגן אונטער פֿיר אויגן: טאַמאַראַ, גענוג געשפּילט זיך, מיר דאַרפֿן חתונה האָבן! באָטש אַז מען וויל ווידער צוריק: איין מאָל דען האָט ער מיר אַזוי געזאָגט? צענדליקער מאָל, און עס האָבן זיך אַלץ אָפּגעזוכט פֿאַרשידענע מניעות, טאָ אַזאַ מניעה, טאָ אַן אַנדערע. ניין, ניין, איך בין נישט גערעכט קעגן אים! אָבער אַלץ איינס, יאָ גערעכט, צי נישט גערעכט — איך וועל ביי אים אויפֿן שטריקל נישט גיין! צום טערמין וועל איך אים גאָרנישט ענטפֿערן. דערפֿאַר אָבער נאָכן 27טן — מיט אָפֿענע אָרעמס! און ער וועט קומען! אוי, וועט ער קומען, ער וועט מוזן קומען! — פֿאַר וואָס ער וועט מוזן? ווייל אַזוי וויל איך! יאָ, איך! טאַמאַראַ פֿיינשטיין! און אַלץ אויף דער וועלט וועל איך ביי אים אויספֿירן. אַזוי לאַנג ווי מיין האַלדז איז קלאָרער פֿון אָט דעם שניי, וואָס פֿאַלט איצט אין דרויסן; מיינע ליפּן רויטער פֿון די רויטסטע וויינפּערלעך; מיינע באַקן פֿרישער און בליענדיקער פֿון די שענסטע רויזן; מיינע האָר שמעקנדיקער פֿון זשאַסמין און רייצנדיקער פֿון דער גאָלדנסטער ווייץ; היינט דאָס מלא־טעמדיקע חן־גריבעלע, היינט דאָס שוואַרצע חן־פּינטעלע אויפֿן לינקן בעקל, היינט די אויגן, היינט, מיינע פֿינגערלעך, — עך, טאַטע — שוטה! מאַמע — שוטה! אהרל — שוטה! ס'איז אַ וועלט מיט שוטים און אָן אַן עק! מען האָט זיך דערשראָקן פֿאַר עטלעכע ווערטער... ווערטער זענען לופֿט, פּי־פּו־פּאַ — אַוועקגעפֿלויגן... איין הערעלע פֿון מיין ברעם איז שטאַרקער פֿון אַ מיליאַרד אולטימאַטומס... דאָס איז אַ געווער פֿון אַן אַנדער קאַליבער און פֿון גאָר אַ באַזונדער מין מאַרקע... שטותים! מאָניאַ אברהם דעם לעדער־הענדלערס פֿון מיכאַילאָווסק וועט קיין מאָל קיין מוט נישט האָבן עובר צו זיין אויף טאַמאַראַ פֿיינשטיינס רצון... דאָס איז אַן אַקסיאָמע! דאָס איז אַ געטלעך געזעץ!

אירע אויגן שטעלן זיך אָפּ מיט אַ שטאַרן בליק אויף מענדל פּערלאָוו. מיט אַ מאָל דערמאָנט זי זיך, אַז ער דערציילט עפּעס און זאָגט אים:

— אַנטשולדיקט מיר, איך האָב ערשט דורכגעלאָזט אַ וואָרט. וואָס האָט איר נאָר וואָס געזאָגט?

— ניין, אנטשולדיקט איר מיר... איך שוויג שוין, פון זינט איר האָט זיך פאַרטראַכט —

זייערע בליקן באַגעגנען זיך. דאָס פּאַרפּאַלק באַטראַכט זיך איינס דאָס אַנדערע ביז ווייטיק. ערשט איצט דערפילט זי מיט איר גאַנצער מציאות, ווי טיף אָט דער אַקעגנזיצנדיקער מענטש איז זי ביי זיך אין האַרצן מבזה; זי דערפילט, אַז זי איז אים נמאס ווי אַ שפּין... ווי אַ שפּין, וואָס האָט פאַר זיינע אויגן געפּאַקט אַ פליג און נאָגט זי. אַן אויסגעלאָשענע לאָזט זי אַראָפּ די אויגן. איר גרויסער גלויבן אין זיך און אין איר אומבאַזיגטקייט, וואָס זי האָט נאָר וואָס אין זיך געפילט, גיט זיך אַ וואַקל. זי האָט שוין עפּעס מורא זיך נאָך אַ מאָל צו באַגעגנען מיט מענדלס אויגן. מאָניעס בילד, וואָס איז ביי איר אַזוי איינגעבאַקן אין האַרצן, רוקט זיך אָפּ פון אירע אויגן אַלץ ווייטער און ווייטער, ווערט אַלץ פרעמדער און פרעמדער...

שווייגנדיקע דערפאָרן זיי ביזן צענטער שטאָט. אויף דער גאַס איז נאָך שטאָק־פינצטער. דאָרטן ביים קוזין — גיט טאַמאַראַ אַ טראַכט — קערן נאָך אַלע שלאָפן. זי זאָגט מענדלען אַ טרוקענעם „גוטן טאָג" און באַקומט „סדאַטשע" אַ קאַלטן „גוט־יאָר". זי ווייסט אַליין נישט פאַר וואָס, נאָר זי פילט זיך שטאַרק דערשלאָגן. זי ווייסט נישט די סיבה דערפון, נאָר אַלע אברים טוען איר שרעקלעך וויי. זי גייט אַרויס פונעם טראַמוויי, און מענדל פאָרט אַוועק ווייטער, אַהין, אַהין אויף פּאַלאַווניק, וווּ עס שלאָפט איצט מאָניאַ, איר מאָניאַ, איר האַרץ, איר טרייסט, דער איינציקער מענטש אויף דער וועלט, וואָס האָט זי באמת ליב מיטן גאַנצן ברען פון זיין נשמה... און אפשר שלאָפט ער גאָרנישט, נאָר ער ליגט מיט אָפענע אויגן און זעט פאַר זיך אירס, טאַמאַרעס, אַ צעטעלע מיט געציילטע עטלעכע ווערטער: „קום צו גיין, מיין ליבער, איך וואַרט אויף דיר און קען זיך נישט דערוואַרטן". פאַר וואָס האָט זי טאַקע מיט מענדלען נישט איבערגעגעבן דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט איבערגעבן? פאַר וואָס? צי אפשר גאָר איז דאָס גלייכסטע, זי זאָל איצט אַהין אַליין צופאָרן?...

זי קומט צו צו זייער שטוב אויף קיראָווע־גאַס, נעמט זיך פאַר דער קליאַמקע און דערמאָנט זיך, אַז דעם שליסל פון דער וווינונג האָט זי ביי זיך נישט. די מאַמע אירע איז אַרויסגעגאַנגען די לעצטע, האָט זי פאַרשלאָסן די טיר און דעם שליסל איבערגעלאָזט ביי זיך. איר האַלדז ווערט אַרומגעכאַפּט פון אַ קראַמף, דאָס האַרץ ווערט פאַרקלעמט ווי מיט אַן אייזערנער צוואַנג, אין דער ברוסט ווערט איר ענג, עס סטייעט נישט אין די לונגען קיין אָטעם. זי פאַלט אום אויף די טרעפּ, באַהאַלט דעם קאָפּ אין די הענט, און אַ יאָמערלעכער געוויין טרייסלט אויף איר קערפּער. זי גיט זיך אַליין נישט אָפּ קיין חשבון: וואָס איז דאָס וויינען? אַלץ אין איר וויינט און קלאָגט. עס איז איר ווייטיקלעך דערפון, וואָס מאָניאַ קומט נישט מער; וואָס ער וועט נישט זיין ביי איר, נישט היינט אויף דער נאַכט, נישט מאָרגן, נישט איבערמאָרגן; עס איז איר אויך ווייטיקלעך דערפון,

וואָס אַלע אירע בני־בית זענען איר נישט געטרייער ווי מענדל. אַלע זענען זיי פיינטלעך צו איר פאַר דעם עקשנות לגבי מאַניען. עס זעט אויס, גלייך ווי ער, מאַניאַ, זאָל זיין דער זון, און זי — די פרעמדע. און נאָך וואָס, פרעגט זיך, איז זי היינט נאָכגעלאָפן מענדלען אום האַלבער נאַכט, ווי אַ משוגענע? זיי אַלע דאַרטן שלאָפן נאָך אודאי, און זי איינע אַליין, דאַרף דאָ פרירן אין דרויסן נאָך אַ שעה צוויי, און אפשר גאָר דריי? גוואַלד, וואָס טוט מען דאָ? כאַטש נעם און פאָר צוריק צו זיי.

מיט אַ פאַרחלשט האַרץ און אַ גרייטע זיך אַליין צו צערייסן אויף שטיקער פאַר אומבאַהאָלפנקייט, האָט זי אויסגעמאָסטן אַלע ארומיקע טראָטואַרן, ביז עס האָבן זיך ענדלעך באוויזן די „געסט"...

און ווידער האָט ביי די פיינשטיינס אַ פלייץ געטון מיט וואָכעדיקע ענינים, ווידער האָט טאַמאַרען איינגעשלונגען דער טאָג־טעגלעכער קאַרו־סעל: אוניווערסיטעט, סעמינאַרן, לעקציעס, קאָנספעקטן, קאָנסולטאַציעס. דער ווינטער האָט זיך אכזריותדיק נוקם געווען אין דער וועלט פאַר זייערע דאַטשעס, פאַר די קורערטער. דער קאַלענדאַר איז פון טאָג צו טאָג אַלץ מאָגערער און מאָגערער געוואָרן. דער חודש נאָוועמבער שמעקט תמיד פאַר קאַלענדאַרן מיט מעבר־יבוק, מיט צדוק־הדין. קיין שום רפואה איז פאַר אים שוין נישט געווען, ער האָט געקרענקט אויף טשאַכאָטקע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ ווייַלע איז אין צימער געווען שטיל. דאַן האָט שלמה אויסגעלאָזט מיט אַ שמייכל:

— יאָ, קענן וואָס זשע איז דאָס אַלץ געקומען צו רייד? אַ־האַ! קענן דעם, וואָס סאַמואיל לאַזאַראָוויטש זאָגט, אַז אַ מאַנסביל קען אויך אַ מאָל פאַרלירן דעם קאָפּ. וואָס קען, דאַכט זיך, נאָך זיין שטאַרקער פון אָט דעם מאַניעס פאַרצווייפלונג? און דאָך זעען מיר, אַז אים איז געראָטן ביי צייטנס זיך צו באַקעמפן, זיך פולשטענדיק צו באַהערשן און שטעלן אַן אַנטשלאָסענעם ווידערשטאַנד זיין אַמאָליקער פאַנגערין. אפשר נישט אמת?

# קאפיטל XXXIV

אין זאַל איז געווען שטיל, געמיטלעך און היימלעך־טונקל. דער קאַנ־דעלאַבער — וואָס האָט זיך אין דעם „שפּעטן בין־השמשות" צעוואַקסן אין אַ שלאָפנדיקן שנייבאַרג, אין אַ משונהדיקן קופּאָל פון אַ ביזאַנטישן טורעם — איז ווי אַ פאַרגליווערטע מאַסע געהאַנגען אין מיטן דער שטוב, צעשמעלצנדיק דורך זיינע קרישטאָלענע פינגער דאָס ביסעלע שיין, וואָס דער שפּיגל האָט געשיקט צום טיש. די אומגעלומפּערט־גרויסע פּיאַנינע איז אין גאַנצן צערינען געוואָרן אין איר שאָטנדיק ווינקל און דעריבער האָט זיך געדאַכט, אַז שלמה זיצט ערגעץ אויף אַ פינצטער אינדזל, אָדער אויפן מויל פון אַ שוואַרצער הייל. די בעלי־בתים און זייערע געסט זענען איינגעהויקערטע טיף געזעסן אין זייערע ווייכע שטולן, און עס האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז זיי זענען צוגעוואַקסן געוואָרן צו זייערע ערטער. ביי זיי פון די אויגן האָט מען געקענט איבערלייענען, אַז זיי זענען גרייט צו זיצן און הערן נאָך און נאָך און נאָך; עס האָט פון זיי אַרויסגעקוקט אַ ווונטש, אַז די דערציילונג זאָל זיך גאָר קיין מאָל נישט ענדיקן. קיינעם האָט זיך עפּעס נישט געגלייבט, אַז דאָס זעט ער בהקיץ, ווי שלמה האָט זיך אויפגעהויבן און גייט צום שלאָפצימער. לאַנגזאַם און ווי שוועבנדיק באַוועגט ער זיך איבערן לאַנגן צימער און אַלע מיינען, אַז דאָס איז נאָך אַ המשך פון דער דערציילונג. נאָר אָט ציט ער אויס די האַנט, עס דער־הערט זיך אַ מעטאַלענער שנאָל און דער גרויסער זאַל ווערט פאַרפּלייצט מיט ליכט פון ברעג צו ברעג. און טאָמער איז דאָס קאַרג, גייט ער נאָך צו צום שפּיגל, און לעשט אויס יענץ ליבינקע לעמפּעלע, וואָס האָט דעם גאַנצן אָוונט אַזוי זיס געזונגען און אַזוי געשמאַק דערציילט. ביי יעדן איינעם הענגט אַ פאַרהאַנג פון פינף פינגער איבער דעם פּנים. דאָס משו־גענע ליכט שניידט די אויגן ווי מיט מעסערס. דער קאַנדעלאַבער ברענט ווי אַ דאַמענע־איוון,* ער בלענדעט די אויגן, ער שמעלצט די מוחות. די פּיאַנינע האָט זיך צעפינקלט ווי אַן ערשט אָפּגעלאַקירטע. דער גע־יעג וואָס קומט פאַר אויף די ווענט, ווערט איצט אָנגעפירט מיט אָפּגעפרישטע כוחות.

פרידמאַן, עטוואָס אָנלענענדיק זיך אין מנשהס אָרעם שעפּטשעט אַרויס:

— אַזוי, אַזוי... הייסט עס, גבה טורא ביניהם —

— ברצות ד' דרכי איש והיו הרכסים למישור...

— ס'איז אויך איר איצט נישטאָ וואָס מקנא צו זיין... ירט הדרך לנגדה...**

— אנא לא חילק ידענא ולא בילק ידענא, אבי ברוך־השם קפצה לו הדרך... ***

---

* אַן אויוון ווו מען שמעלצט מעטאַלן.

** געמיינט: זי קויקלט זיך באַרג־אַראָפּ.

*** ער האָט זיך איינגעברענגט אַ שטיק וועג.

— הפעם מאמרו של שלמה הוא מעשה —
— הן הכי נמי... זה דבר הלמד מענינו...
דער עולם איז ביסלעכווייז צוגעווינט געוואָרן צום ליכט און האָט זיך אָנגעהויבן ארומקוקן. די ערשטע קומט צום וואָרט סעסיל פעטראָוונא. זעענדיק, אַז שלמה גייט פאַרנעמען זיין פּלאַץ ביים טיש, רוקט זי צו זיין בענקל נאָענט צו אירן, פאַרלייגט איר שניייווייסע, געטאָקטע האַנט אויפן אָנלען און פאַרקוקט אים גלייך אין די אויגן:
— יאָ, שלמה, אָבער וואָס איז געוואָרן דער סוף מיט דעם פּאָרל?
— דער סוף? אַ־אַ! דאָס בוך האָט נאָך אָן אַ שיעור קאַפּיטלען, נאָר זיי האָבן שוין נישט קיין שייכות צו אונדזער ענין —
— איז וואָס, אַז אָן אַ שיעור? איז וואָס, אַז זיי האָבן נישט קיין שייכות? אָבער איר האָט דאָך אַלץ איבערגעלייענט, טאָ זייט נישט קיין שלעכטער און דערציילט... רוט זיך אַביסל אָפּ און ענדיקט, צו וואָס זאָלט איר אונדז אומזיסט מאַטערן?
שלמה, לאַכנדיק:
— וואָס זשע וועט זיין דער אויפטו, אַז איך וועל אייך דערציילן דעם סוף? די אימעניניעס וועלן פאַריבער, מיר אַלע וועלן זיך צעגיין יע־דער אין זיין ווינקל אַריין, יעדער וועט זיך נעמען צו זיינע וואָכעדיקע עסקים, און איר וועט זייער גיך און זייער לייכט פאַרגעסן אַזאַ אייגעם, וואָס מען רופט אים: שלמה פּיאַטיגאָרסקי. גלייך ווי אַזעלכער עקזיסטירט גאָרנישט. מיר אָבער ווילט זיך, אַז איר אַלע זאָלט מיך לענגער אַ ביסל געדענקען, על־כל־פנים כאָטש נישט גלייך אויף מאָרגן מיך פאַרגעסן, און די בעסטע סגולה דערצו איז, מיין איך, ווען מיר וועלן בלייבן שטיין אָט דאָ אין מיטן דער דערציילונג. דאָס גיט מיר די זיכערקייט, אַז ווען עס וועט זיך עמעצן פון אייך נאָר פאַרגלוסטן צו וויסן דעם סוף מיטן מינס־קער פאָרפאָלק, וועט ער מוזן, ווילנדיק, צי נישט ווילנדיק זיך דערמאָנען אין מיר. וואָס, אפשר אַ שלעכטע עצה, סעסיל פּעטראָוונא?
בעלאַ אַראָנאָוונאַ: פון דעסט וועגן, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, איז דאָס נישט לייטיש פון אייער זייט, מוז איך אייך זאָגן. סיי ווי סיי וואָלטן מיר אייך געדענקט. איר דאַרפט נישט קאָקעטירן. אייך, מיט אייער גע־בענטשטן האַלדז, מיט אייערע וווּנדערבאַרע פינגערלעך, מיט אייער קינסט־לערישן פּענזל, מיט אייער געשליפן צינגל, איז זייער שווער צו פאַרגעסן. דאָס וועט אייך יעדער זאָגן. און איבערלאָזן מענטשן, ווי זאָגט מען עס, ווי אויפן וואַסער, איז בפירוש נישט קיין דרך־ארץ... אויף מיין וואָרט, פון אַזאַ מענטשן ווי איר, איז דאָס העכסט נישט איידל. ווען מען וואָלט מיר דאָס דערציילט, וואָלט איך בשום אופן נישט געגלייבט.
— מאַדאַם טולטשינסקאַיאַ, וואָס מאַכט איר דערפון אַזאַ טראַגע־דיע? אויך אַ געשעפט: אַזאַ סוף, צי אַזאַ סוף. שאַט! ווייסט איר גאָר וואָס? טראַכט אייך אַליין צו אַ סוף —
— אַליין צוטראַכטן? אַ סוף אַליין צוטראַכטן? אַך, מיין טייערער...

איר וואָלט געקענט זיין פּרעזידענט אין כעלם מיט אייערע עצות־טובות... נאַ דיר גאָר אַליין... וואָס הייסט: אַליין?

— איר פאַרשטייט נישט קיין יידיש? אַליין, הייסט אַליין... אַ גאַנצער קונץ צוטראַכטן אַ סוף? ווען איך דאַרף וואָלט איך, דאַכט זיך, געקענט צוקלערן פינף און צוואַנציק וואַריאַנטן, נישט איינעם. דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, איר זענט דאָך עפּעס אַ שטיקל ליטעראַט ביי גאָט, פּאַסט איר צו אַ סוף צו אָט דער דראַמע און ווי האָט געענטפערט יענץ רבילע דער אומגליקלעכער מוטער... אַ יידענע איז אַ מאָל געקומען צו לויפן צו אַ רבין מיט איין גוואַלד: איר איינציק קינד איז ביי אַלע לעצט... האָט איר דער כּלומרשטער רבי געהייסן אויפזידן אַ גרויסן טאָפּ וואַסער און דאַן וועט מען שוין זען. — „וואָס זשע וועט מען זען, רבי, אַז ס'איז כּלו כּל הקיצין"... — „אָט אַ מאָדנע יידענע... זאָג איך דאָך, אַז מען וועט זען דאָס גרייטע. ממה נפשך: וועט דאָס קינד געזונט ווערן, וועט די הייסע וואַסער נוצן אויף אַ באָד, און טאָמער חלילה נישט — וועט איר האָבן גרייט טהרה־וואַסער"...

אין זאַל ברעכט אויס אַ געלעכטער, נאָר איין מנשה איז אומצופרידן מיט שלמהס וויץ. קודם: קען נאַכט רעדט מען נישט פון קיין מתים, והשנית: ער האָט נישט ליב, אַז מען מאַכט חוזק פון רבים, אפילו פון כּלומרשטע. שלמה טאָרקעט דעם רעדאַקטאָר:

— נו, דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, דאָס געשעפט איז געמאַכט? וואָס שטעלט איר דאָ איין? ממה־נפשך: וועט אייך שפּילן דאָס מזל און איר וועט צוקלערן עפּעס רעכטס, איז דאָך גוט! אלא נישט, וועט אייך אויך קיינער פון דער אַרבעט נישט אַראָפּנעמען, און קיין ידידות־בריוול ווי איליִנס, אויך נישט צושיקן... נו, שוין? צוגעקלערט?

דער רעדאַקטאָר קוקט אויף שלמהן מיט גרויסע אויגן:

— איר זענט, צי איר מאַכט זיך? וואָס רעדט איר מיר איין? איך בין דאָך נישט קיין יידענע... אַ סוף זאָל איך אים צוקלערן, אפילו קיין איין וואָרט קען איך אויך נישט צוקלערן.

סעסיל פּעטראָוונאַ: אַך, שלמה, זענט איר אַ שלעכטער מענטש! אַזאַ קולטורעלער און אַזאַ שלעכטער...

שלמה, איבערקרימענדיק זיך:

— איי־איי־איי... אַזאַ קולטורעלער און אַזאַ שלעכטער... אין וואָס זשע באַשטייט מיין שלעכטיקייט?

— איר דאַרפט זיך נישט אַזוי נאָכקרימען, פרעגט ביי ווען איר ווילט וועט מען אייך זאָגן דאָס זעלבע.

— ביי וועמען זשע זאָל איך פרעגן?

מיט אַ צו ערנסטער מינע, פירט ער לאַנגזאַם אַרום זיין בליק איבער די פּנימער פון די געסט. פאַלים פּנים, כאָטש זי קוקט גאָר אין דער זייט, רויטלט זיך שטאַרק. שלמה קלערט נישט מער:

— נו, מילא, לאָמיר שוין פרעגן ביי פאַלינאַ יאַקאָוונען.

פּאָלי צינדט זיך אָן ווי אַ העליש פייער, נאָר זי לאַכט.

סעסיל פּעטראָווּנאַ : יאָ, יאָ, איר קענט אייך מאַכן אַ שפּאַס, אָבער איך האַלט מיך ביי מיינעם : ווען איר זאָלט זיין אַ ביסל לייטישער, וואָלט איר נישט איבערגעלאָזט קיין מענטשן הענגען אין מיטן אַ מעשה.

און מיט אַ צוויבערנדיק שמייכעלע גיט זי צו :

— באמת, זאָג איך אייך, ווי אַזוי מען קען זיין אַזאַ באַגאַבטער, אַזאַ קולטורעלער ווי איר, אַזאַ אַנטוויקלטער און גלייכצייטיק אַזאַ עקשן־משומד — איז ממש נישט צו פאַרשטיין...

מנשה רוימט איין פרידמאַנען :

— הדבורה הזו דבשה לבעלה ועוקצה לאחרים...

— אויב איר זענט זיכער, אַז ס'איז דווקא אַזוי, האָט איר מיך אַרויס־געפירט פון אַ טעות —

— משה, אייער ענטפער שמעקט דאַכט זיך אונטער מיט נבול־פּה —

— איז דאָס אויך נישט מיין שולד. יבוא בעל החבית —

מנשה וויל עפּעס זאָגן, נאָר פרידמאַן שלאָגט אים איבער :

— איר האָט פריער געזאָגט : „דבשה לבעלה". איך האָב אַ שטאַרקן חשד, אַז איר „בעלי היקר" האָט ביי איר אויך נאָר אַ קורטוב של דבש, ווייל מען זעט גליך, ווער עס גייט ביי זיי אין די מכנסים און ווער אין קיכפאַרטעך...

— וואָס זשע ווילט איר ? איך זאָל זיך דאָס לעבן נעמען ?

און שוין וועלנדיק פאַררייבן אָט דעם אומאָנגענעמען שמועס :

— איך האָב נאָר געמיינט צו זאָגן, ווי שטעכיק אָט די בעל־דברטע איז... מלא־חן און שפּיציק ווי אַ ריבאייזן.

— די חז"ל רופן עס אָן : חד וחלק, חלק כצפורן ונאה כמרגלית...

— ש־ש־ש... לאָמיר שווייגן...

— שאַ !

ווי נאָר דאָס וואָרט „משומד" גליטשט זיך אַראָפּ פון סעסיל פּעט־ראָוונעס רייצנדיקע ליפּעלעך, גלייך באַווייזט זיך אין שלמהס אויגן נישט קיין גוטער גלאַנץ. עס גיט אין זיי אַ פינקל אַ פאַרשייט נקמה־פייערל און ער רופט זיך אָן צו איר מיט אַ זיס־זויער שמייכעלע :

— און ביי אייך אַליין, חברטע ביעלסקי, איז אַלץ, אַלץ פאַר־שטענדלעך ?

דער קאָמפּאָזיטאָרשעס ברענענדיקע קוילעכלעך צעפלאַקערן זיך אין ליכטיקע פאַקעלן. דאָס האַלב־פאַרחידושטע, האַלב אויסלאַכנדיקע שמייכעלע, וואָס שוועבט כסדר אויף איר מלא־חנעוודיק פּנים, פון די אויגן צום מיילעכל און פונעם מיילעכל צו די אויגן, גיט שטיפעריש אַ טאַנץ אונטער און באַהאַלט זיך הינטער אירע ראָזע אויערלעך, אין געדיכטן וואַלד דופטיקע האָר. זי שעפּטשעט איבער פאַר זיך שלמהס לעצטע ווער־טער און פרעגט מיט אַן אומרואיק פייערל אין די פאַרפירערישע אויגן :

— ביי מיר ? אין מיר אַליין ? וואָס איז אין מיר אומפאַרשטענדלעך ?

וואָס איז, איר ווייסט עפּעס וועגן מיר? איך האָף, אַז איר קענט נישט אַנווייזן אויף גאָרנישט אַזוינס... איך בין זייער אַן אָפּנהאַרציקע און ווער עס קען נאָר לייענען האַרצשפּראַך — און איך גלייב, אַז אויף דעם געביט זענט איר מן הסתם אויך נישט קיין מלופּם־קינד — קען אין מיינע אויגן אַלץ אַרויסלייענען ווי פון אַ בוך. וואָס זשע נאָך וואָלט איר געוואָלט?

— טע־טע־טע, איר זענט ווייט אַוועק, מאַדאַם ביעלסקי... „וואָס זשע נאָך וואָלט איר געוואָלט"... וואָס פאַר אַ רעכט האָב איך פון אייך עפּעס צו וועלן? איך האָב כלל נישט געהאַט בדעה אייער האַרץ. סוף־כל־סוף איז גאָר אַ קליינער חטא, אויב אַ פרויענהאַרץ בלייבט אַ ביסל אומפאַרשטענד־לעך. אדרבה, לויט מיין מיינונג, גיט דאָס איר צו אַ געוויסן רייץ, אַזוי צו זאָגן: אַ געהיימע מאַכט, וועלכע שטייגט זייער אָפט אַריבער די „לע־גאַלע" מאַכט אירע... אָבער, ווי איך האָב אייך פריער געזאָגט, דאָס זענען צו ווייטע דרכים פאַר מיר... אין אַזאַ גערדיכטן וואַלד קען איך נאָך פאַר־בלאָנדזען... איך האָב דאָ געמיינט, אייגנטלעך, אַ נאָרישקייט... אייער נאָמען —

— מיין נאָמען גאָר? ביעלסקי?

— ניין, סעסיל...

— וואָס זשע, סעסיל?

— גאָרנישט... סעסיל, איז סעסיל. אָבער וואָס באַטייט אָט דאָס וואָרט? אמת, נישט איר האָט עס אויסגעקליבן, מען האָט אייך אַזוי אַ נאָמען געגעבן, אָבער דאַך מוז עפּעס האָבן אַ זינען דאָס וואָרט, וואָס מענטשן חזרן עס אייך אַזוי פיל מאָל איבער...

ביי סעסיל פּעטראָוונען בייטן זיך אַלע פאַרבן אין פּנים:

— אַנטשולדיקט, איך פאַרשטייט נישט קיין איין וואָרט פון אייער פראַגע.

שלמה, מיט אַ לייכטער איראָניע:

— איך זאָג, ווי פאַרגינט זיך דאָס אַזאַ סימפּאַטישע פרוי ווי איר, און נאָך אַ באַוווסטן קאָמפּאָזיטאָרס אַ ווייב, זיך צו רופן מיט אַזאַ משונה־מאָדנעם נאָמען ווי סעסיל? וואָס הייסט אַזוינס, סעסיל? וואָס באַטייט סעסיל, הא?

סעסיל פּעטראָוונאַ, אין פאַרלעגנהייט:

— איך ווייס נישט —

— איך ווייס אויך נישט. און קיינער ווייסט מן הסתם נישט... נאַ־דיר גאָר סעסיל... אָט נעמט למשל, וולאַדימיר, באַטייט אַ וועלט־הערשער; לייב — דער קעניג פון די וועלדער; פּאַליאַ, פּערל, הייסט עס — דאָס שענסטע פון אַלע צירונגען; מנשה — אַ היסטאָרישער נאָמען, אַ קעניגלעכער; ניומאַ איז דאָס זעלבע וואָס נחום — אַ געטרייסטער. אַ שיי־נער נאָמען, אַ נביאישער; סאָניאַ איז דאָס זעלבע, וואָס שרה. די ערשטע יידישע פרוי אויף דער וועלט; מיכאל, דער נאָמען פון אַ גאַנץ בכבודיקן מלאך — דער יידישער מליץ־יושר פאַרן בית־דין של מעלה. און אַזוי וויי־

טער און ווייטער: יאַני, אסתר, אווראַם, משה, דאוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, סאַמואיל לאַזאַראָוויטש, אַלץ היסטאָרישע, תנ"כישע נעמען. עס איז ממש אַ מחיה צו נעמען אויף דער צונג. אָבער סעסיל? וואָס איז דאָס פאַר אַ וואָרט? עפּעס אַ גליטשיקס, אַ שיטערס, און פאַרענדיקט זיך מיט אַ קוויטש: סע—סיל... פיו—איט... מיטן אויג נישט צו כאַפּן...

סעסיל פּעטראָוונאַ, אַ פאַרשעמטע, פרעגט שטיל:

— פון דעסט וועגן, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, קלערט גוט נאָך. שוין זשע האָט נישט אָט דאָס דאָזיקע וואָרט קיין שום באַדייטונג?

— פאַר וואָס עפּעס האָט עס נישט קיין שום באַדייטונג? ווען מען זאָל אָט דאָס וואָרט צעגלידערן לויט אַלע כללים פון דער פילאָלאָגישער אַנאַטאָמיע, קען מען נאָך אפשר יאָ אויסקראַצן עפּעס אַ שטיקל כוונה...

— טאַקע ממש אויסקראַצן?

— טאַקע ממש — משומד?

— אַ — האַ?

— אַ — האַ!

— מהם?

— מהם!

סעסיל פּעטראָוונאַ, אַ צעפּלאָמטע, און קענטיק מלא־חימה אויף זיך אַליין פאַר דעם אומגעריכטן אינצידענט:

— וועלכע זשע כוונה, קען מען דאָך יאָ אויסקראַצן? איך בין זייער נייגעריק צו וויסן.

— איך בין אָבער איצט נישט זייער געניגט צו אַזאַ מין עבודה.

— איך בעט אייך...

— שטאַרק?

— זייער שטאַרק.

— עס גייט אייך ווי אין לעבן?

— נאָך מער ווי אין לעבן...

— אָבער איר וועט נישט זיין ברוגז?

— גאָט באַהיט, ברוגז גאָר? זאָגט, זאָגט, ס'איז זייער אינטערע־סאַנט —

— גערענקט זשע אונדזער אָפּמאַך: אָן פאַראיבל! איך נעם אַלע געסט פאַר עדות.

— רעדט נישט קיין נאַרישקייטן, שלמה, עס גייט אייך נישט צום פּנים. אָן עק! ציט נישט די עצמות —

— מילא, אַז אייך איז ליב, איז מיר ניחא. „סע" — אויף טאַדזשי־קיש, באַטייט: דריי. „סיל", ווידער, אויף אוקראַיניש, ווייסט איר אַלע גאַנץ גוט, אַז עס באַטייט פּשוט — זאַלץ. צוזאַמען מאַכט עס אויס אַזוי גוט ווי: אַ „דרייגאָרנדיק געזאַלצענע"... נו, וואָס פאַרשטייט איר דאָ נישט? אַקוראַט ווי עס טרעפט אַ מאָל ווען אַ באַלעבאָסטע גרייט צו אַ באַליבטן מאכל, און פאַר גרויס גדולה באַזאַלצט זי אים עטלעכע מאָל — אין זאָל ברעכט אויס אַ געלעכטער. סעסיל פּעטראָוונאַ זיצט באַ־

לייִדיקט. פרידמאַן וויל נישט דורכלאָזן אומזיסט די קורצע הפסקה און רוימט איין מנשהן אויפן אויער:

— הערט נאָר, איר זענט כאָטש אַ מבין אויף דעם „וחמתה בערה בה״?

— משה, וויפל מאָל האָב איך אייך געבעטן, אַז דאָ ביים טיש זאָלט איר דברן אויף אַזאַ לשון, שאין הנמצאים בכאן נזקקים לו...

פרידמאַן, נאָך שטילער:

— איך זאָג: גיט אומיסטן אַ קוק, ווי זי איז אַזש בלייך פאַר כעס... ממש, חמר חוורין עתיק...

— און מיר זעט זי אויס ענלעכער אויף מלח סדומית —

— און איר מיינט, אַז שלמה באַמערקט דאָס נישט?

— פאַר וואָס עפּעס זאָל ער גאָר נישט באַמערקן? ער, וואָס עפעפיו יבחנו בני־אדם... שאַ, ער זאָגט איר עפּעס... לאָמיר הערן...

שלמה: איר זעט כאָטש, ווי איר האָט מיך אונטערגעפירט, האַ, סע־סיל פּעטראָוונאַ? איר האָט מיר פאַר עדות צוגעזאָגט, אַז איר וועט זיך נישט באַליידיקן, אָבער אין אמת גערעדט?

סעסיל פּעטראָוונאַ, רויט ווערנדיק:

— וואָס נאָך וועט איר אויסטראַכטן?

— ווער טראַכט אויס? וואָס איז, מען זעט דען נישט?

— וואָס זעט איר? גאָרנישט זעט איר נישט...

— וואָס הייסט, וואָס איך זע? איך זע דאָס, וואָס אַלע ביים טיש זעען: די אויגן — טונקעלער ווי דער קאַספּישער ים, ווען ער הייבט זיך אָן צו בייזערן; די ברעמען — אָנגעצויגן ווי פייל און בויגן, גרייט אויס־צושיסן; די ליפּן עטוואָס בלאַלעך און פאַרביסן ווי ביי אַ קליין מיידעלע, ווען זי ברוגזט זיך אָן... אַ שטורעם! וואָס איז דאָ צו קלערן? אַ פאַל־נע שטורעם!

— איר האָט מיר שוין באַלד איינגערעדט, אַז איך דאַרף זיין ברוגז... ווייסט איר גאָר וואָס? איר ווילט באמת שוואכער מאַכן אייער פאַרציע זאַלצוואַסער? זינגט עפּעס, און איך גיב אייך פאַר אַלעמען אין די אויגן מיין האַנט, אַז צווישן אונדז איז שלום ושלוה ווי צווישן אמתע ערלעכע יידן אום ערב יום־כפור.

מנשה צו פרידמאַנען בלחש:

— מעשי ידיו טובעים בים והם אומרים: שירה...

— איך האָב מורא, אַז דאָס מאָל איז טאַקע טבעה ספינתו בים.

— יאָ, לפי דבריו איז טבעה... ירדה במצולות כמו אבן...

שלמה קווינקלט זיך אַ ווײַלע און רופט זיך אָן:

— גוט, ס'איז געמאַכט! אויף דעם באַדינג גיי איך איין.

און ווענדנדיק זיך צו מנשהן גיט ער אַ שמוצער מיט די ליפּן:

— יהודי־בלאַ! איר זענט גאָר קיין מבין נישט אויף דעם מקח וממכר. ס'איז, זאָג איך אייך, אַ מציאה פאַר אַ גנב.

# קאפיטל XXXV

דאָס ליכט אויסלעשן האָט שלמה דאָס מאָל נישט געלאָזט. ער האָט געזונגען עטלעכע פאָלקסלידלעך אין יידיש. דאָס פובליקום איז ווי פריער געווען אנטציקט און האָט היים אפלאָדירט.

לייב: שלמה, איך קוק אויף דיר ווי דו שטייסט אין דיין ווייסן העמדל און טראַכט: ווען דו וואָרפסט נאָך אַראָפּ דאָס פּידזשאַקל מיטן היטל, ביסטו, אויף מיין וואָרט, אַ פאָלנע ציגיינער, נו, איך זאָג דיר — ווי אויסגעגאָסן...

— קעגן וואָס זשע איז דאָס געקומען צו רייד?

— קעגן דעם, אַז דו וואָלסט אונדז געדאַרפט זינגען עפּעס אַ ציגיי־נעריש לידעלע. חברים, איך שווער אייך ביי מיין יידישקייט, און ביי מיין פינפיאַריקן פּאַספּאָרט, אַז עס וואָלט זיך באַקומען, זייער און זייער נאָ־טירלעך.

אַלע האָבן אים אונטערגעהאַלטן.

שלמה האָט אָבער אפילו נישט געוואָלט הערן. ער האָט אַרויפגע־צויגן אַ פאַרדראָסיקע מינע:

— וואָס בין איך עפּעס אַן אָנגעדונגענער? צי אַ בן־יחיד ביי אייך? אָט זיצט מיט אונדז אַזאַ באַרימהייט ווי דער חבר ביעלסקי. איך מיין באמת, פאַר אַזאַ אייזערנעם אָוונט, אָנו ער זאָל אונדז מכבד זיין כאָטש מיט וואָס ס'איז נישט איז מזמרת־הארץ...

שלמהס ערנסטער טאָן האָט געווירקט. ווי אַן עכאָ אויף זיינע רייד האָט זיך דורכגעטראָגן ביים טיש אַ לייכטער געמורמל:

— באמת טאַקע, פאַר וואָס זאָל אונדז דער קאָמפּאָזיטאָר אַליין אויך עפּעס נישט אויפשפּילן? פאַר וואָס זאָלן מיר עקספּלאָאַטירן נאָר שלמהן? סעסיל פּעטראָוונאַ! מען דאַרף דאָך האָבן יושר... גיט אַ בעט אייער מאַן —

סעסיל פּעטראָוונאַ: סאַמואיל, טו זיי שוין דאָס מאָל צו ליב און שפּיל עפּעס.

און קוקנדיק אויף שלמהן:

— דו זעסט דאָך שוין, אַז אַנדערש וועלן מיר יענעם עקשן־משומד נישט איינבייסן...

סאַמואיל לאַזאַראָוויטש: וואָס זאָל איך שפּילן? איך ווייס נישט וואָס צו שפּילן.

שלמה: שפּילט אַ פראַגמענט פון אייער אַזוי באַזונגענער סימפאָניע.

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: זאָגט פון וועלכער, ווייל אַלע סימפאָניעס, וואָס שטאַמען פון ביעלסקין זענען זייער באַזונגען.

שלמה: דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, זאָרגט זיך נישט פאַר דעם פּראָ־פעסאָר. ער ווייסט שוין וועלכע איך מיין. די לעצטע, סאַמואיל לאַזאַראָ־

וויטש, די לעצטע. יענע, וועלכע מען האָט צום ערשטן מאָל געשפּילט אין אָפּערע אין די אָקטאָבער־יומטובים...

ווען סאַמואיל לאַזאַראָוויטש האָט געענדיקט שפּילן, האָבן אַלע געסט מיט יראת־הכבוד געשוויגן. מען האָט מורא געהאַט מיט ביליקע לויב־געזאַנגען צו פאַרשוועכן די גרויסקייט פון דער ערשט אויסגעפירטער זאַך. נאָר איין סעסיל פּעטראָוונאַ איז צו אים צוגעגאַנגען, אים אַ גלעט געטון איבערן האַלדז:

— אויסגעצייכנט, סאַמואיל, וווּנדערבאַר! דו האָסט נאָך, דאַכט זיך, קיין מאָל אַזוי גוט נישט געשפּילט, ווי איצט.

פּאָלי, וועמענס שפּירעוודיקייט איז געווען איינגעשלעפערט פון דער מוזיק, האָט גאָר פאַרגעסן אין דעם אָפּגרונט, וואָס טיילט זי איצט אָפּ פון איר שלמהן, און זי האָט געענטפערט דער קאָמפּאָזיטאָרשע אין טאָן:

— שלמה האָט נאָך אויך קיין מאָל אַזוי אויסערגעוויינלעך נישט גע־זונגען ווי היינט —

אָפּגעזאָגט איז זי פּלוצלינג בלאַס געוואָרן, ווי מען וואָלט זי געפּאַקט מיט אַ גנבה, און האָט זיך אָפּגעהאַקט. מנשה האָט געוואָלט פאַרשטעלן פון די געסט פּאָליס פאַרלוירנקייט און האָט זיך מיט אַ שמייכעלע גע־ווענדעט צו איר און צו סעסיל פּעטראָוונען:

— ס'איז גאָר קיין רבותא נישט, וואָס זייער שירה וזמרה איז היינט לעילא ולעילא. ביי אונדז איז דאָ אַ כלל: אין סכין מתחדדת, אלא בירך של חברתה. * יאַני, רוקט זיך צו אַ ביסל, און פאַרטייטשט זיי דעם פּירוש־המלות.

— דאַכט זיך, אַז מצוה בו יותר מבשליחו...

מנשה, אין פאַרלעגנהייט:

— יאָ, אָבער אל תרבה שיחה —

— און אויף מיר איז די גזירה נישט חל?

— איינע פון זיי איז דאָך אייערע אַ טאָכטער... און ווידער, שווייגט אויך, וועט איר יוצא זיין לכל הדעות..

בעלאַ אַראָנאָוונאַ און סאָפיאַ גריגאָריעוונאַ רופן זיך אָן גלייכ־צייטיק:

— אָן עק, לאָזט שוין אָפּ אייער דיסקוסיע. נו, סאָלאָמאָן, איצט האָט איר דאָך שוין קיין תירוץ נישט, איר האָט געוואָלט, אַז נאָך עמעצער זאָל זינגען און האָט אויסגעפירט, וואָס נאָך?

שלמה: ווען סאַמואיל לאַזאַראָוויטש וועט שוין האָבן אַזוי פיל גע־שפּילט, וויפל איך האָב געזונגען, דאַן וועל איך ממשיך זיין...

פרידמאַן: שלמה, רעד נישט קיין שטותים. וואָס איז דיר, סאַמו־איל לאַזאַראָוויטש, עפּעס אַ יינגעלע?

— נו, און איך בין אַ יינגעלע?

---

* אַמבעסטן שאַרפט זיך אַ מעסער אינעם רוקן פון אַ צווייטן מעסער.

— וואָס דען ביסטו, אַ מיידעלע? און ווידער דו ווייסט נישט: וואָס דער מייסטער איז גרעסער, אַלץ שווערער איז אים עפּעס אויסצופירן נישט האָבנדיק זיך פריער צוגעגרייט. כדומה ווי ביי אַ מיניסטער קריכן אַרויס, שונאי־ציון, די אויגן, ביז מען דערהערט פון אים אַ וואָרט...

שלמה קוקט זיך שמייכלענדיק אום אויף מנשהן.

מנשה: וואָס קוקסטו, וואָס? משה שפיר קאמר. אודאי איז ער גערעכט.

— הייסט עס, בגדול החל ובקטון כלה —

מנשה, לאַכנדיק:

— ווי דען אַנדערש?

שלמה האָט זיך דאָס מאָל נישט געלאָזט לאַנג בעטן, ער האָט אַראָפּ־גענומען דעם פידל פון דער פּיאַנינע, אַ ווײַלע אַ טראַכט געטון, און מיט אַ מאָל האָט זיך אין צימער דערהערט אַ ווילד, מעכטיק ציגײַנער־ליד. עס האָט אָן אָטעם געטון אויף די צוהערער מיטן גאַנצן צויבער פון די לבנה־נעכט אין די סטעפּעס. צו ערשט האָט ער געזונגען * «Бродяга» דאַן האָט ער געזונגען ** «Мой костер» צו לעצט האָט ער געזונגען *** «Дружба» דער זאָל האָט זיך געווויגט פון דעם פּליעסקעריי, ווי אַ פאַראַנקערטע שיף אויף שטורמישע כוואַליעס. שלמה האָט אַרײַנגעלייגט אין זײַן נגינה אַזוי פיל נשמה, אַזוי פיל האַרציקע געפילן, אַז מען האָט אים ממש צוגעהאַלטן ביי די הענט, ער זאָל דעם פידל נישט אוועקלייגן. אַלע האָבן אומאויפהערלעך געבעטן און געקליאַנטשעט פאַר אים, אַז ער זאָל נאָך עפּעס זינגען, נאָך עפּעס און נאָך עפּעס און נאָך עפּעס.

שלמה האָט אויפגעהויבן די האַנט:

— ווייסט איר וואָס? שרייט כאָטש אָרגאַניזירט. וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַרטיזאַנשטשינע? דער שרייט: אַ יידיש, דער — אַ רוסיש, דער — אַ ציגײַנערש, דער — אַ טאַטעריש. אַזוי טויג נישט. און צווייטנס, אַז יעדער איינער וועט אַלע מאָל מחדש זײַן אַ נײַס, קען דאָך אַזוי זײַן אַ מעשה ביז טאָג. וואָס אַרט אייך? דער פידל וועט אויסהאַלטן. ניין, האָט צייט! לאָמיר זיך פריער אויסדינגען, וויפל זאַכן איך דאַרף אייך נאָך זינגען, נאָר דאָס זאָל שוין זײַן אַ געזעץ: נישט מער און נישט ווייניקער! גע־דענקט זשע, נאָך דעם זאָלן שוין נישט זײַן קיינע געשרייען: „נאָך“. שטילער, חברים! איך וועל אייך נאָך זינגען צוויי לידלעך, בין איך יוצא, צי ניין?

קולות:

— ...דריי...

— ...פינף...

---

* אַזעלכער וואָס שלעפּט זיך אַרום איבער דער מדינה אָן אַ ציל.

** „מײַן שייטער“.

*** „פרײַנדשאַפט“.

— ...גוט, זאָל זיין צוויי...
— ...ניין, דריי...
— ...זאָל ער זינגען צו פינף אויף יעדער שפּראַך באַזונדער...
— ...איר וועט קאַליע מאַכן דעם גאַנצן עסק...
— ...שלמה, זינג ביז אינדערפרי און פּטור...
— ...ציט נישט איבער די סטרונע...
— ...טאָ זאָל ער זינגען זיבן...
— ...איי, פאָלגט מיך, זאָל זיין דריי...
— ...ניין, נאָר פיר...
לייבס קול שטייגט אַריבער אַלע קולות:
— און איך זאָג דיר, שלמה, אַז דו זאָלסט נאָך זינגען צען שטיקלעך און אַראָפּ פונעם מאַרק. בין איך גערעכט, רבותי, צי ניין?
מיכאל: ער וועט דייקא און דווקא זינגען בלויז צוויי שטיקלעך און עס וועט אם ירצה השם אויך זיין „אַראָפּ פונעם מאַרק".
לייב: וואָס אַרט דיך, אַז צען?
— למאי וואָס אַרט אייך, אַז צוויי?
— איך וויל צען, ווייל צען איז מערער פון צוויי.
— און איך וויל צוויי, ווייל צוויי איז ווייניקער פון צען.
לייב באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז די פיס מיט אַ פאַרחידושטן בליק:
— איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסן, וואָס דינגסט דו זיך מיט מיר?
— פאַר וואָס נישט?
— פאַר וואָס יאָ?
— איך ווייס נישט פאַר וואָס נישט... און בכלל דינגען זיך איז אַ יידישע טבע.
— זאָג כאָטש אַ כמעלניקער —
— ניין, איך זאָג דווקא אַ יידישע, נישט קיין כמעלניקער.
— פון ווען אָן?
— פון אברהם־אבינו אָן —
— ?
— נו, וואָס קוקט איר מיך אָן ווי אַ בייזוואונדער? ווייניק האָט זיך אברהם־אבינו געדונגען מיטן אייבערשטן? אַ שטיקל אַרבעט, וואָס האָט די וועלט געהאַט פופציק צדיקים, האָט ער זייער שיין „אַראָפּגעקוועטשט" דעם פּרייז אויף צען...
לייב גיט אומגעדולדיק אַ מאַך מיט דער האַנט אין דער לופטן:
— שאַט, שאַט! חברים, ווייסט איר וואָס? שלמה וויל זינגען צוויי? זאָל ער דערווייל זינגען צוויי. און דערנאָך איז ווידער גאָט אַ פאָטער. וואָס זאָגט איר?
שלמה: צו וואָס טויג אייך, וואָס זיי זאָגן? אָמער זאָג איך אייך, אַז אויף אַזאַ תנאי בין איך נישט מסכים...
מיכאל: ניין, ניין, שלמה, סתם אין דער וועלט אַריין זאָלסטו נישט

זינגען... דערנאָך וועט זיך ווידער אָנהייבן אַ סדרה: זינג נאָך, זינג נאָך... ס'איז אַן אַלטע חקירה: דער אַפּעטיט קומט בשעת דעם עסן.

ליִב, אַ צעקאָכטער פון מיכאַלס רייד:

— פון וואַנען איז געדרונגען?

— וואָס — פון וואַנען?

— אַז דער אַפּעטיט קומט —

— אויך פון אַברהמען...

ליִב מעסט אים אָפּ נאָך אַ מאָל פונעם קאָפּ ביז די פיס מיט אַ פינצטערן בליק, נאָר ער האַלט זיך איין און שווייגט.

מיכאַל: יאָ, אַז דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן איז אויך געדרונגען פון אַברהם־אָבינו. קודם האָט ער מער נישט געוואָגט אָפּצודינגען ביים אייבערשטן ווי פינף צדיקים, דאַן נאָך אַ מאָל פינף, ערשט ווען ער האָט אַ קוק געטון, אַז כביכול „לאָזט זיך", האָט ער אָנגעהויבן „אָראָפּצו־קוועטשן" גאַנצע צענדליקער...

דער עולם, וועלכער האָט נישט אין גאַנצן פאַרשטאַנען די ראיות מיט די משלים, האָט פון דאָס ניי אָנגעהויבן ליאַרמען:

— ...אויב אַזוי טאָ זאָל ער טאַקע זינגען זיבן לידער...

— ...ניין, זאָל זיין גענוג פיר...

— ...און פאַר וואָס טאַקע נישט צען? צען איז אַ קיילעכדיקע ציפער...

— ...ניין, זאָל זיין זעקס, ציט נישט איבער...

שלמה: גענוג, גענוג שרייען. די אָפּשטימונג איז געענדיקט. איך וועל מאַכן אַ פשרה און אייך זינגען נישט קיין צוויי און נישט קיין פיר, נאָר... וויפל, זאָגסט דו, סאָנקע?

— דריי!

— מאַלאַדטשינאַ! * זאָלסט אַזוי טרעפן מיט אַ חתן, ווי דו האָסט איצט געטראָפן. דריי זאַכן וועל איך אייך נאָך זינגען, נאָר נאָך דעם — ני בע, ני מע! קיינע עקסצעסן זאָלן מער נישט פאַרקומען. איצט זאָגט מיר, איר וועט אַליין אויסקלייבן דעם רעפּערטואַר, צי איר פאַרלאָזט זיך אויף מיר?

קולות: אויף דיין געשמאַק! אויף דיין געשמאַק! דו אַליין וועסט בעסער אויסקלייבן...

— איך וועל אייך זינגען איין לידעלע אַ יידישס, מסכים?

— מסכים, מסכים!

— איינס אַ ציגיינערש —

— הוראַ!

— און איינס אַ ניי מיליטעריש לידעלע. שאַט, שאַט... מען האָט שוין געהערט. די אויערן טוען שוין וויי. דאָס יידישע רופט מען: „דאָס חדר" — געמיינט דערמיט: ארץ־ישראל. דאָס ציגיינערשע ליד רופט מען:

---

* דאָס זעלבע וואָס: מאָלאַדיעץ, אַ בראַווער יונג.

«Прощай мой табор» א רירנדיק געזעגענונגס־ליד. דאָס דריטע און דאָס לעצטע, הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: «Если на фронте». אַט דאָס איז דאָס. ווער עס האָט עפּעס קעגן דעם „אַסאָרטימענט", דער זאָל אויפהייבן א האַנט!

*

אַלע האָבן לאַכנדיק אויפגעהויבן די הענט מיט די דלאָניעס אַראָפּ. שלמה האָט שטייענדיק א זופּ געטון פון זיין אויסגעקילטער גלאָז טיי. דער פידל האָט זיך עלאַסטיש אַרונטערגעלייגט אונטער דער באַק, און אין צימער האָט זיך צעטראָגן א בענקענדיק קינדעריש קול:

אַלס קינד בין איך, אין חדר אַריין,
דער רבי מיט מיר, האָט געלערנט גאַנץ פיין.
הער צו, ישראל, וואָס איך לערן מיט דיר,
תורה, מיין תלמיד, וואָס דו ירשנסט ביי מיר...
אַז דו וועסט א מאָל, פאַרבלאָנדזען פון דער היים,
זאָלסטו זיך, ישראל, דערמאָנען אין דעם,
אַז דיין רבינס אַלטע תורה —
דאָס איז פאַר דיר דיין בעסטע סחורה...
אוי... דאָס חדר, אוי, וועל איך געדענקען,
איך ליב אים פון געבוירן אָן —
און אַז איך דערמאָן זיך, הייב איך אָן צו בענקען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון סודותפולע מרחקים רייסט זיך אַריין אין צימער א ציטערדיקע שטילקייט, קיינער וואָגט נישט צו קוקן אויף שלמהן, ווי אין זיין ווינקל וואָלט איצט פאָרגעקומען עפּעס א געהיימע הזדווגות...* פּאָלי באַמערקט ווי סעסיל פּעטראָוונאַ פאַרלירט אַ טרער, און כאַפּט דערשראָקן צו די אויגן פון איר פנים, ווי זי וואָלט מיט א באָרוועסער פוס אַרויפגעטראָטן אויף א ברענענדיקער קויל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס חדר איז ביי מיר מיין גלויבנס־פאָן...
היינט, אַז איך קום אַריין, אין א חדר א נייעם,
אין דעם רבין דערקען איך, אַז דאָס איז נישט מיין.
ער לערנט מיט מיר בלק, די סדרה אָפּט מאָל,
און דאָס אַלץ נאָר דערפאַר, ווייל מיין נאָמען איז ישראל...
אין חדר בין איך, א פרעמדער, א גר,
מען טרייבט מיך, מען יאָגט מיך, אהין און אהער,
און איך וויין און קלאָג כסדר —
ווי קומט מען צוריק, אין דעם אַמאָליקן חדר...

* פאַראייניקונג, באַהעפטן זיך.

אוי... דאָס חדר, אוי, וועל איך גערענקען,
איך ליב אים פון געבוירן אָן —
און אז איך דערמאָן זיך, הייב איך אָן צו בענקען...
דאָס חדר איז ביי מיר מיין גלויבנס־פאָן...

שלמה זינגט שוין לאַנג נישט, דאָס פידעלע וויינט שוין נישט מער, אָבער די פייערלעכע שטילקייט איז נאָך פול און אָנגעלאָדן מיט מוזיקאַלישן פיבער. סעסיל פּעטראָוונאַ — פון דער טבע זייער אַ שפּירעוודיקע צו מענטשלעכע ליידן, און בפרט ווען די דאָזיקע ליידן זענען אַרויסגערופן דורך דערהויבענע געפילן, דורך מסירת־נפשדיקן שטרעבן צו הייליקע צילן — האָט אַ פּנים פאַרגעסן, אַז זי געפינט זיך אין אַ סביבה פון פרעמדע מענטשן. אַ צעשרויפטע פון די נייע הויכקייטן און אָפּגרונטן, וואָס האָבן זיך פאַר איר אַנטפּלעקט אין אָט דעם קורצן ליד, איז זי ווי אַן אונטערגעשניטענע צוגעפאַלן צו איר מאַן, און מיט אַ פאַרשטיקטער כליפּעריי, זיך צוגעפּרעסט צו זיין אַקסל. סאַמואיל לאַזאַראָוויטש קען דעם טעמפּעראַמענט פון זיין יונגער פרוי, אַלע זיינע גלידער פיבערן אַזש פון איר תּסיסה פּנימית,* און ער פילט זייער גוט, וואָס אין איר קומט איצט פאָר. ער גיט איר אַ צערטלעכן קוש אין די אויגן, און ווישט אָפּ מיט זיין טיכעלע די טרערן פון אירע באַקן. קיינער פון די אָנוועזנדיקע וווּנדערט זיך אפילו נישט אויף אָט דער שטומער סצענע. יעדן באַזונדער האָט דער־לאַנגט טיף אין האַרצן אַריין דאָס געוויין פון דער „כנסת ישראל”. יעדן איינציקן ציט עפּעס אַהין, אין „אַלטן חדר” אַריין, צו די וויסטעס פון דעם יידישן קינדער־וויגעלע.

שלמה פרעגט שטיל, ווי ער וואָלט מורא געהאַט עמעצן אויפצוּוועקן:

— אפשר לייגן מיר אָפּ די איבעריקע צוויי לידער אויף אַ צווייטן מאָל?

יאַני: אָט האָסטו דיר! אַלע מאָל ווערט ביי אים נולד עפּעס אַ נייעס. וואָס איז די מעשה, וואָס דו ווילסט שוין אָפּלייגן?

— איך זע דאָ ביים טיש אויף איניקע פּנימער אַזוי פיל יידישע און, איך וואָלט אפילו געזאָגט... הייליקע געפילן, וואָס זענען אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם יידישן ליד, אַז עס איז מיר באמת אַ שאָד זיי צו פאַרטרייבן פון אונדזער מחיצה צוליב אַן אויסגעדראָשענעם ציגיינערשן ראָמאַנס, וואָס האָט אין זיך נישט קיין שמץ־קדושה... הא, וואָס זאָגט איר?

פּאָלי: שלמה, זינג, זינג דאָס צווייטע. אפשר וועט זיין דאָס צווייטע ליד נאָך טיפער פונעם ערשטן. ביי דיר איז דאָך אַלץ מעגלעך.

— פּאָליטשקאַ, איך בין דאָ אַ קליינער מחותּן. די ווערטער זענען עמעצנס. מילא, מיר וועלן שוין זען דאָס גרייטע... זעלבסטפאַרשטענדלעך, יעדער איינער דערפילט גיכער דאָס, וואָס איז אים מער נוגע...

פּאָלי איז פון שלמהס ענטפער שטאַרק בלייך געוואָרן. אויף איר

* אינערלעכע אויפזידונג.

פנים האָט זי תיכף דערפילט מנשהס בליק. אוראַם האָט אויך געכאַפּט א קוק אויף איר. פרידמאַן האָט אויך באַמערקט, ווהין עס זענען געווענ־דעט זייערע בליקן, און יאַני — פרידמאַנס אויפמערקזאַמקייט. פּאָלים פנים איז געוואָרן ברוין און בלאָ, זי האָט זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. אַלע ביים טיש האָבן נישט ווילנדיק געווענדעט זייערע בליקן אויף איר. זי האָט זיך געקערעוועט אויף אַלע זייטן און ענדלעך אָן אומ־באַהאָלפענע, געוואָרפן אַ הכנעהדיקן בליק אויף שלמהן. דער בליק האָט דייטלעך באַטייט:

— גוואַלד, ראַטעווע מיך...

טאַקע אין דער זעלבער רגע האָט דער סמיטשיק געגעבן אַ פּלי אַרויף, ווי אַ שוועלבעלע דערזעענדיק פון דער ווייטנס זיין בת־זוג, און אַ זיסע, קרעפטיקע מענער־שטימע האָט צעשפּאָלטן די לופט:

Цыганский быт, и нравы стары,
Всю жизнь как свистуны поют,
Что в новой жизни, я еще не знаю —
Но все же, не о чем тужить...

Прощаюсь ныньче с вами я, Цыгане,
А завтра нет меня, совсем уйду от вас,
Не вспоминайте, меня, цыгане —
Прощай, мой табор, пою последний раз,
Не вспоминайте, меня Цыга—а—ане —
Прощай мой табор, пою последний раз!

Цыганский табор, я покидаю,
Довольно мне в розгулье жить, *

---

* ציגיינערשער שטייגער, און אַלטע מידות,
דאָס גאַנצע לעבן ווי די פייגל, נאָר מען זינגט,
וואָס אין נייעם לעבן ס'שטעקט, ווייס איך נאָך נישט —
נאָר דאָך איז נישטאָ וועגן וואָס צו זאָרגן...

היינט געזעגן איך זיך מיט אייך, ציגיינער,
און מאָרגן בין איך נישטאָ, איך גיי אויף שטענדיק אַוועק פון אייך,
דערמאָנט זיך נישט, אין מיר, ציגיינער —
זיי געזונט, מיין מחנה, איך זינג צום לעצטן מאָל,
דערמאָנט זיך נישט, אין מיר, ציגאַי־אַי־אַינער —
זיי געזונט, מיין מחנה, איך זינג צום לעצטן מאָל!

די ציגיינערשע מחנה, וואַרף איך אַוועק,
גענוג פאַר מיר, צו לעבן ווילד, אָן אַ תכלית,

יאנין איז דאָס ליד נישט באַקענט, און ער לעבערט שלמהן מיט די אויגן:

— מיט זיינע אייגענע ווערטער זינגט ער עס, צי דאָס ליד איז טאַקע אַזוי?

Что в новой жизни, я еще не знаю
Но все же не о чем тужить.
Последний вечер с вами я, Цыгане,
А завтра нет меня, совсем уйду от вас,
Не вспоминайте меня, цыгане —
Прощай, мой табор, пою последний раз,
Не вспоминайте меня Цыга—а—ане —
Прощай, мой табор, пою последн—н—ний раз—а—аз... *

דאָס גאַנצע מעבל, אַלע חפצים וואָס האָבן זיך געפונען אין צימער, אַפילו די קרישטאָלענע ליכטלעך אויפן קאַנדעלאַבער האָבן אויך מיטגעהאָלפן אויסצוציען ...ра—а—а—аз . אַלע האָבן שלמהן שטאַרק געדריקט די הענט פאַר דאַנקבאַרקייט. זיי האָבן גאָרנישט געוואָלט אָפּטרעטן פון אים. דעם אמת מוז מען מודה זיין: ס'איז אַפילו געווען אַ ביסל סומנע אויף די הערצער פון דער סענטימענטאַלער צעשיידונג, אָבער עס איז דאָך פאָרט נישט מער ווי אַ ליד. דער עיקר איז דען די מעשה? דער עיקר איז דאָך, ווי אַזוי שלמה דערציילט אָט די מעשה. איין פאָלי האָט נישט געוואָלט פאַרשטיין, אַז דאָס אַלץ איז נישט מער ווי אַ ליד. זי איז עפּעס געזעסן פאַרטשאַדעט, ווי אויף אַ פרעמדן יאַריד. זי האָט אויסגעזען צו זיין שטאַרק מיד און האָט מיט פאַרלאָשענע אויגן שטאַר געקוקט פאַר זיך. אין איר מח האָט געגריזשעט אַן איינגעגעסן ווערעמל:

— פאַר וואָס עפּעס האָט ער גראָד אויסגעקליבן אַזאַ טרויעריק צעשיידונגס־ליד ווי: «Прощай мой табор»?** שוין זשע האָט ער טאַקע אַזאַ פאַרגעפיל?

* וואָס אין נייעם לעבן דערוואַרט מיך, ווייס איך נאָך נישט —
נאָר פון דעסט וועגן איז נישט כדאי צו זאָרגן.
דעם לעצטן אָוונט, בין איך מיט אייך, ציגיינער,
און מאָרגן בין איך נישטאָ, איך גיי אויף שטענדיק אַוועק פון אייך,
דערמאָנט זיך נישט, אין מיר, ציגיינער —
זייט געזונט, מיין מחנה, איך זינג צום לעצטן מאָל,
דערמאָנט זיך נישט, אין מיר, ציגאַי־אַי־אַינער —
זייט געזונט, מיין מחנה, איך זינג צום לעצ — טן מאָ — אָ — אָ — אָל...

** „זייט געזונט מיין מחנה“.

אין די אויערן האָבן איר געקלונגען זיינע אכזריותדיקע ווערטער ווי א שטרענגער אורטייל:

«Довольно мне в разгулье жить»...
«Последний вечер с вами я, цыгане»...
«Не вспоминайте меня»...
«Прощай, пою последний раз»... *

ווען נישט דאָס, וואָס זי האָט שוין פיל מאָל געהערט אָט דאָס לידל פון דער גראַמאָפאָן־פּליטע, וואָלט ביי איר אפילו קיין ספק נישט געווען, אז דאָס האָט שלמה אליין צוגעטראַכט די דאָזיקע ווערטער.

שלמה, דערווייל, האָט שוין אריינגעלייגט דעם פידל אין פוטליאַר אריין און האָט געעפנט די פּיאַנינע. אַלע האָבן ביסלעכווייז צוריק פאַר־נומען זייערע פּלעצער. שלמהס פינגער האָבן פלינק און מייסטערדיק א טאַנץ געטון איבער די קלאַווישן, אויפגעוועקט די בילדער אויף די ווענט, די גיפּסענע פיגורן אויף דער סטעליע. און מיט א מאָל איז צוריק שטיל געוואָרן. דער שרויף האָט שלמהן אויסגעדרייט מיטן פּנים צו די געסט:

— איר זענט גרייט צו הערן?

— וואָס פאַר א פראַגע? מיר וואַרטן דאָך!

זיינע אויגן האָבן זיך צופעליק באַגעגנט מיט פאַלים און עס האָט אין איר הארצן אריינגעשטראָמט אזא הייסע כוואַליע, זיין גליענדיקער קוק האָט אזא צערטלעכן גלעט געטון איר פּנים, אז זי איז שיר נישט אויפגע־שפּרונגען פאַר אומדערוואַרטקייט, פאַר גליק. די „באַגעגעניש" האָט זי־כער מער נישט געדויערט, ווי א הונדערט־חלק פון א סעקונדע, קיינער האָט אפילו גאָרנישט באַמערקט, אָבער אין פאַלין האָט זי אריינגעבלאָזן א נייע נשמה. אויף איין אויגנבליק האָט זי ווידער דערזען דעם אמאָליקן שלמהן; דעם שלמהן פון די אומענדלעכע נאַכט־שפּאַצירן; דעם שלמהן פון יענעם סוויאַטאָשינער נאָכמיטאָג; דעם שלמהן פון סאָלאָמינקער באַל; מיט איין וואָרט: איר שלמהן! איר שלמהן פון יענער צייט, איידער ער האָט נאָך אָנגעהויבן געבן אולטימאַטומס. און כאָטש אָט דער „גרוס" האָט בסך־הכּל געדויערט א רגע כּמימרא, דאָך האָט זי זיך דערפילט אָפּ־געפרישט און דערמינטערט. שלמה, א צופרידענער פון דער פרייער מינע, וואָס האָט א שוועב געטון אויף פאַלים געזיכט, האָט זיך ראַש אויסגע־דרייט צום אינסטרומענט און האָט א פאַרטרוימטער אָנגעהויבן:

---

* „געענוג פאַר מיר, צו לעבן ווילד, אָן אַ תכלית"...
„דעם לעצטן אָוונט, בין איך מיט אייך, ציגיינער"...
„דערמאָנט זיך נישט אין מיר"...
„זיי געזונט... איך זינג צום לעצטן מאָל"...

## קאפיטל XXXVI

Если на фронте, с вами встречаются,
Несколько старых друзей,
Все что вам дорого, припоминается —
И песня звучит веселей.
Все что вам дорого припоминаеатся
И песня звучит веселей.

Встанем, товарищи, выпьем за гвардию,
Равных ей в мужестве нет,
Тост наш за Ленина, тост наш за партию,
Тост наш за знамя побед.
Тост наш за Ленина, тост шѣн за партию,
Тост наш за знамя побед.

Выпьем за русскую, удаль кипучую,
За богатырский народ,
Выпьем за армию, нашу могучую,
Выпьем за доблестный флот. *

---

* אויב אויפן פראָנט, טרעפן זיך מיט אייך,
עטלעכע אַלטע חברים און פריינד,
אַלץ וואָס איז אייך טייער, דערמאָנט זיך —
און דאָס ליד קלינגט גאָר פריילעכער.
אַלץ וואָס איז אייך טייער, דערמאָנט זיך —
און דאָס ליד קלינגט גאָר פריילעכער.

לאָמיר אויפשטיין, חברים, לאָמיר אויסטרינקען פאַר דער גוואַרדיע,
וואָס איר גלייכן אין דרייסטקייט איז נישטאָ,
אונדזער טאָסט פאַר לענינען, אונדזער טאָסט פאַר דער פאַרטיי,
אונדזער טאָסט פאַר דער פאָן פון נצחון.
אונדזער טאָסט פאַר לענינען, אונדזער טאָסט פאַר דער פאַרטיי,
אונדזער טאָסט פאַר דער פאָן פון נצחון.

לאָמיר אויסטרינקען פאַר דער רוסישער העלדישקייט און גערעכטיקייט,
פאַר דער זעלטענער גבורה פונעם פאָלק,
לאָמיר אויסטרינקען פאַר דער אַרמיי, אונדזער מעכטיקער,
לאָמיר אויסטרינקען פאַר אונדזער מוטיקן פלאָט.

Выпьем за армию, нашу могучую,
Выпьем за доблестный флот.

Пусть с пожеланием тост наш кончается,
Покончить с врагом поскорей,
Пой друг, и пей до дна, лучше сражается, —
Тот кто поет веселей.
Пой друг, и пей до дна, лучше сражается —
Тот кто поет веселей. *

דאָס לידל איז שוין געענדיקט, אָבער שלמהס פינגער הערן נישט אויף לייכט צו הוידען צוויי עקסטע קלאַווישן. אין צימער וויגן זיך צוויי דינינקע סטרונעס: פּים־פּאָם, פּים־פּאָם... דאָס האַלט דעם עולם אויפן ציימל, די צוגעגרייטע הענט צום פּאַטשן „בראַוואָ", לאָזן זיך אָנמעכטיק אַראָפּ אויף די קני און מאַכן דערווייל מיט אַ שווייג. שלמהן ווילט זיך דאָס מאָל זיי אונטערטראָגן עפּעס „אַזעלכעס", אַז זיי זאָלן מיט איין מאָל פאַרלירן דעם אַפּעטיט צו זיין זינגען און שפּילן. יאָ, ער וועט זיי באַלד אָפּטון אַזוי ווי מען איז זיך נוהג מיט אַ זויג־קינד, וואָס כדי צו אַנטווינען עס פון דער ברוסט, שמירט מען זי גערדיכט אָן מיט אַש אָדער מיט סאַזשע... ער וועט זיי באַלד מכבד זיין מיט אַ טאַנדעטנע ביסל „פּאָעזיע", וועט זיי שוין, דאַכט זיך, אויף אייביק אָפּנעמען דער חשק צו זיין, אַזוי גערופענער, מוזיקאַלישקייט... אַליין קוים איינהאַלטנדיק אין זיך דעם געלעכטער פון דער „באָמבע", וואָס ער האָט פאַר זיי צוגעטראַכט, כאַפּט ער בגנבה הינטן אַרומער אַ קוק אויף זיינע סבלנותדיק־וואַרטנדיקע צוהערער און דערלאַנגט ראַש איבער די קלאַווישן:

Выпьем за Институтскую, квартиру шестую,
Дом шестнадцать, корпус один, **

---

* לאָמיר אויסטרינקען פאַר דער אַרמיי, אונדזער מעכטיקער,
לאָמיר אויסטרינקען פאַר אונדזער מוטיקן פלאָט.

זאָל זיך מיט אַ ווונטש, אונדזער טאָסט פאַרענדיקן,
צו פאַרענדיקן מיטן שונא וואָס גיכער,
זינג, פריינד, און טרינק אויס ביזן דנאָ, עס קעמפט בעסער —
דער דאָזיקער, ווער עס זינגט פריילעכער.
זינג, פריינד, און טרינק אויס ביזן דנאָ, עס קעמפט בעסער —
דער דאָזיקער, ווער עס זינגט פריילעכער.

** לאָמיר אויסטרינקען פאַר אינסטיטוטסקע־גאַס, וווינונג די זעקסטע,
הויז נומער זעכצן, קאָרפּוס דער ערשטער,

Выпьем за ноченьку, проведенную за столиком,
Выпьем за Менаше рабин.
Выпьем за ноченьку, проведенную за столиком,
Выпьем за Менаше рабин.

Выпьем за публику, его собутыльников,
Выпьем за теплый прием —
Выпьем за пересоленных,
Выпьем за недосоленных,
Выпьем в общий об'ем...
Выпьем за пересоленных,
Выпьем за недосоленных,
Выпьем в общий об'ем...

Выпьем за вспоминания, золотой юности,
За наших прекрасных дочерей —
Выпьем за местеченьки, милые создания,
За любимых, цветущих полей.
Выпьем за местеченьки, милые создания,
За любимых, цветущих полей. *

---

* לאָמיר אויסטרינקען פאַר דעם נאַכטעלע, פאַרבראַכט ביי דעם טישעלע,
לאָמיר אויסטרינקען פאַר מנשה דעם רב.
לאָמיר אויסטרינקען פאַר דעם נאַכטעלע, פאַרבראַכט ביי דעם טישעלע,
לאָמיר אויסטרינקען פאַר מנשה דעם רב.

לאָמיר אויסטרינקען פאַר דעם פובליקום, זיינע מיטטרינקער,
לאָמיר אויסטרינקען פאַר דער וואַרעמער אויפנאַמע —
לאָמיר אויסטרינקען פאַר די איבערגעזאַלצענע,
לאָמיר אויסטרינקען פאַר די נישט־דערזאַלצענע,
לאָמיר אויסטרינקען אין אַלגעמיינעם פאַרנעם...
לאָמיר אויסטרינקען פאַר די איבערגעזאַלצענע,
לאָמיר אויסטרינקען פאַר די נישט־דערזאַלצענע,
לאָמיר אויסטרינקען אין אַלגעמיינעם פאַרנעם...

לאָמיר אויסטרינקען פאַר די זכרונות, פון דער גאָלדענער יוגנט,
פאַר אונדזערע בילדשיינע טעכטער —
לאָמיר אויסטרינקען פאַר די שטעטעלעך, די ליבע און די טייערע,
פאַר די געליבטע, בליענדיקע פעלדער.
לאָמיר אויסטרינקען פאַר די שטעטעלעך, די ליבע און די טייערע,
פאַר די געליבטע בליענדיקע פעלדער,

Выпьем за родину, выпьем за могучую,
Выпьем за рабочий клас,
Выпьем за авторов сладкой музыки,
און פון יעדן לידל פון גאַס...
Выпьем за создателей замечательной музыки, *
און פון יעדן לידל פון גאַס...

דער זאָל ציטערט פון אַפּלאָדיסמענטן. אַפילו מנשה, וואָס איז דעם גאַנצן אָוונט געזעסן אַן אָנגעכמורעטער, קלאַפּט אויך שלמהן אין פּלייצע:

— מאָלאָדיעץ, שלמה, אומר ועושה! אַר־וואַ, אַ בריה, אַ מזיק פון מזיקים־לאַנד...

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש האָט אים אַריינגעכאַפּט אין זיינע בערישע אָרעמס און דריקט אים צו צום האַרצן אַזוי פעסט, אַז ער צעקוועטשט אים שיר נישט. שלמה קאַטשעט זיך פון געלעכטער פון זייער ווילדער התפּעלות און פון זיינע בטלנישע „אַריינזאָגעכצן". נאָר איין סעסיל פּעטראָוונאַ זיצט אָנגעבלאָזן ווי אַן אינדיטשקע און רירט זיך נישט פונעם אָרט. שלמה פאַרשטייט עפּעס נישט: וואָס איז שוין ווידער פאַר אַ נייעס? דאַכט זיך אַלע חובות געסילוקט על צד היותר טוב, וואָס נאָך וויל זי פון אים? ער דערפרעגט זיך ביי אַלע געסט: וואָס איז דאָ געשען? וואָס איז דאָ גע־שען? ביז בעלאַ אַראָנאָוונאַ איז אים מגלה דעם סוד:

— זי האָט זיך באַליידיקט, ווייל איר האָט זי אין אייער חברישן שאַרזש, פאַרפעלט מיט אַ „הקפה"...

שלמה ווערט כלומרשט אויסער זיך:

— סעסיל פּעטראָוונאַ, גאָט איז מיט אייך, איר זענט נאָך אַלץ נישט צופרידן?

— מיט וואָס זאָל איך דאָס זיין צופרידן? מיט דער ליבהאַרציקער Соленная кислота ** וואָס איר האָט מיר איינגעגעבן?

— איי, ווי איז אייך גאָר קיין בזיון נישט פאַר פרעמדע מענטשן, סעסיל פּעטראָוונאַ? איך האָב כמעט אַ גאַנצן קופּלעט געווידמעט אייך פערזענלעך, און עס איז נאָך אַלץ נישט גוט.

— איר מאַכט פון מיר חוזק, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש?

— חוזק גאָר? אַ שיינער חוזק... ס'איז מיר שוין איבערגעטרוקנט אין האַלדז פון דער תשובה, וואָס איר האָט מיר אַרויסגעגעבן, און איר זאָגט גאָר — חוזק! היינט קוקט אָן דעם חילוק פון אַ גרויסשטעטישער

* לאָמיר אויסטרינקען פאַר דעם פאָטערלאַנד, לאָמיר אויסטרינקען פאַר דעם מעכטיקן,
לאָמיר אויסטרינקען פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס,
לאָמיר אויסטרינקען פאַר די באַשעפער, פון זיסער מוזיק,
לאָמיר אויסטרינקען פאַר די אויטאָרן, פון אויסגעצייכנטער מוזיק,

** זויערזאַלץ.

גראַנד־דאַמע און אַ פרוי, וואָס שטאַמט פון דער געבענטשטער פּראָווינץ. אָט נעמט אַ בײַשפּיל, לאָמיר זאָגן פון... פון פּאָלי טולטשינסקי. זי איז מײַנע אַ חברטע פון דער קינדהייט, איך האָב זי אין מײַן שלימזלדיקער אימפּראָוויזאַציע אפילו נישט דערמאָנט מיט קיין רמז דרמיזא, און פון דעסט וועגן, אַנו פרעגט זי אומיסטן, צי איז זי אויף מיר כאָטש אַ קאַפּעטשקעלע ברוגז... פּאָלי, זאָג דעם אמת, דיך אַרט שטאַרק, וואָס איך האָב דיך נישט אַרײַנגעשטעלט אין מײַנע „יעלות”? זאָג, שעם זיך נישט.

פּאָלי לאַכט און שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— אָט! איר זעט, סעסיל פּעטראָוונאַ, וואָס פאַר אַן עניוות... דאָס איז אַ דאַנק דער לופט, וואָס זי האָט זיך קינדווײַז אָנגעשעפּט אין די «Местеченьки, милые создания». * דאָס איז אַזאַ סאָרט משקה, וואָס ווערט קיין מאָל נישט אויסגעוועפּט.

סעסיל פּעטראָוונאַ: חבר פּיאַטיגאָרסקי, וועמען ווילט איר עס דאָ אײַנרעדן, אַז צוקער איז ביטער? פּאָלין, זאָגט איר, האָט איר נישט דערמאָנט? איר לאַכט פון אונדז, צו וואָס? נו און מיט:
«Наших прекрасных дочерей» **
וועמען האָט איר געמיינט? נו און מיט:
«Любимых цветущих полей» ***
וועמען האָט איר געמיינט?

— וואָ־אָ־אָ־אָס? כאַ־כאַ־כאַ...

— וואָס לאַכט איר?

— כאָ־כאָ־כאָ...

— לאָמיך שוין הערן, פון וואָס לאַכט איר עס אַזוי געשמאַק?

— איך לאַך... איך לאַך דערפון, וואָס איר האָט גאָר אַזוי מאָדנע אויסגעטײַטשט מײַנע ווערטער... כאַ־כאַ־כאַ... מיר איז בפירוש אפילו נישט אײַנגעפאַלן אַזאַ כוונה. נאָר וואָס איז דאָ פאַראַן זיך לאַנג צו חקרענען? עס טוט זיך מיר גאָרנישט אַזוי נייטיק זיך מיט אײַך צו שפּאַרן וועגן דעם. פּאָלי, זײַט זיכער, קען גאַנץ בשלום אָנגיין אָלס זייער אַ «Прекрасная дочь» **** און וועט אַ מאָל בלתי־ספק זײַן עמעצנס «Любимое, цветущее поле» ***** דאָס איז בײַ מיר אפילו נישט בגדר הספק...

סעסיל פּעטראָוונאַ, נאָך אַלץ אָנגעכמורעט:

— בקיצור, צו וואָס טויג אײַך דאָס אומזיסטיקע פאַרענטפערן זיך?

---

* „שטעטעלעך, די ליבע און די טײַערע”.

** „אונדזערע בילדשיינע טעכטער”.

*** „געליבטע, בליענדיקע פעלדער”. דאָ איז אַ ווערטערשפּיל. «поле» הייסט אַ פעלד. «Поля» איז אַ נאָמען. אַזוי אַז די דאָזיקע פּאָר ווערטער קען מען צווייַדייטיק אויסטײַטשן.

**** „בילדשיינע טאָכטער”.

***** „געליבט, בליענדיק פעלד”.

אַלץ איינס האַלטן אַלע מיט מיר, אַז איר האָט היינט אין אייערע אויף שנעל געבאַקענע גראַמען עטלעכע דאַמען פאַרטיילט. אָן אמתער קאַוואַליער טוט נישט אַזוי. און נאָך אַזאַ דזשענטלמען ווי איר. אַזוי איז דאָס, מאַעסטראָ, מאַכן אַ פעלער איז זייער לייכט, אָבער אים פאַררעכטן — דאָס קומט אָן שווערלעך, שווערלעך... און דאָך טאָרט איר נישט אַריינפאַלן אין קיין יאוש. איין אויסוועג איז אייך נאָך יאָ איבערגעבליבן, אויף יוצא צו זיין פאַר אונדז אַלעמען.

שלמה צו די געסט, מיט אַ שמייכל:

— ס'איז מיר גאָר קיין מאָל נישט איינגעפאַלן, אַז פאַר איין נאַכט קען מען זיך אַזוי שטאַרק פאַרזינדיקן. פריער איז געגאַנגען אַ סדרה פון זאַלץ, איצט פון גראַמען, נו־נו, האָב איך זיך היינט אָנגעפּרעגט אַ מפטיר... אַז איך וועל אַרויס בשלום פון מיינע בעלי־חובטעס, וועל איך שוין, דאַכט זיך אַליין אויך זיין: ממולח טהור קודש...

און צו דער קאָמפּאָזיטאָרשע, מיט אַ כלומרשטן פאַרדראָס:

— וואָס זשע פאַר אַן אויסוועג איז נאָך פון דעסט וועגן יאָ געבליבן? אפשר איבערזינגען נאָך אַ מאָל?

— קאַפּט נישט די פיש פאַר דער נעץ. אויב איר ווילט זיך באמת קוויטירן מיט אַלע פאַרגעסענע און באַליידיקטע —

— זאָגט שוין בעסער, ווי אין „פּסוק” שטייט: מיט אַלע:

«Униженные и оскорбленные» — *

— שלאָגט נישט איבער ווען אַ מענטש רעדט! איז אויב איר ווילט זיך באמת רייַנוואַשן, דאַרפט איר... וואַרט אויס אַ ווײַלעטשקע, באַלד וועל איך אייך זאָגן אונדזער אורטייל. נישקשה, איר מעגט אַ ביסל צו־וואַרטן, מיר האָבן אויף אייך מער געוואַרט —

זי בייגט זיך אַריבער צו בעלאַ אַראָנאָוונען, רופט צו סאָפיאַ גריגאָריעוונען, אסתרן און פאָלין, און ביי דער כנופיה ווייבער הייבט זיך אָן אַ שושקעריי מיט אַ שעפּטשעריי. סעסיל פּעטראָוונאַ זאָגט זיי עפּעס. ביי זיי אַלע צינדן זיך אָן די אויגן מיט אַ פאַרשווערעריש פייערל. פאַר פרייד הייבן זיי אָן צו פּליעסקען אין די דלאָניעס. סעסיל פּעטראָוונאַ, אַלס קאָמאַנדיר, שטילט זיי איין. שלמה קען נישט פאַרשטיין דאָס פאַרדעכטיקע פייערל אין פאַלים אויגן. ער וואָלט שוין גערן געוועזן צו וויסן, וואָס ווילן זיי פון אים, אָט די ליידיקגייערינס?

סעסיל פּעטראָוונאַ שטעלט זיך אויף, גיט אַ רייצנדיקן פינקל מיט איר טיפע, פאַרשכורנדיקע אויגן, הוסט אָפּ צוליב חשיבות און רעדט פייערלעך ווי אַ ריכטער:

— אָנגעקלאָגטער בירגער פּיאַטיגאָרסקי! דער פרויען־ראַט האָט באַשלאָסן: אויב איר ווילט באמת ווידער שלום ווערן מיט אונדז אַלע, דאַרפט איר אונדז דערציילן דעם סוף פון דעם פאַלעסטינער ביכל. נאָר...

* „די דערנידעריקטע און די באַליידיקטע”. אַזוי הייסט אַ באַקאַנטער ראָמאַן פון דעם רוסישן קלאַסיקער דאָסטאָיעווסקי.

— איר הערט? עס איז דאָ אַ „נאָר". — נאָר טאָמער ווילט איר פּאָרט נישט דערציילן דעם סוף וואָס אין ביכל, דאַן קענט איר אונדז דערציילן איינעם פון יענע פינף און צוואַנציק וואַריאַנטן, וואָס איר האָט זיך פאַר אונדז באַרימט, אַז איר קענט צוקלערן. און דאַן — ווידער חבר. דער אורטייל פון דעם פּרוויען־טריבונאַל איז אַן ענדגילטיקער און קיינע קאַ־סאַציעס —

שלמה שיסט אוים מיט אַ געלעכטער. ער ווייזט זיי דעם זייגער, נאָר אַלע געסט שרייען אים איבער:

— דערצייל, דערצייל, נישט אַלע אויפדערנאַכט נעמט מען זיך צו־נויף, און דערצו איז דאָך מאָרגן אַן אַלגעמיינער אָפּרו־טאָג, מען קען זיך וואַלגערן אין די בעטן ביז אַכצן אַ זייגער. זיי נישט קיין עקשן און דער־צייל, צי נישט אַרוים ביי יענעם דעם דם־התמצית...

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש ברעכט זיך אויף עפּעס דעם מח, קראַצט זיך אַזש אין דער געגאָלטער באָרד און נאָך אַלעמען מוז ער טאַקע פּאָרט פרעגן ביי יאַנין:

— יאַני, דערמאָן מיר, ווי אַזוי רופט מען די פּסח־נאַכט? עס ליגט מיר ממש אויף דער צונג, און אויסרעדן דאָס וואָרט — איין מאָל ניין!

— כ'פאַרשטיי נישט, וואָס דו מיינסט... פּסח־נאַכט, סדר נאַכט... אָט אַזוי רופט מען זי...

— ניין, אויף לשון־קודש! אין חומש, דאַכט זיך, איז דאָ דער דאָזיקער אויסדרוק...

— אַ־האַ, אויף לשון־קודש? אָט אַזוי זשע רעד... חג־הפּסח, חג־המצות, זמן־חרותנו... אָט האָסטו דיר דריי נעמען, נישט איינעם.

— איי, נישט אָט די נעמען מיין איך! פונעם חומש... נאָר אויף ביי נאַכט... דאָס וואָרט ליגט מיר שוין אויף די ליפּן, נישט מער וואָס —

מנשה: אפשר מיינט איר: ליל־שמורים?

— אָ! אַ רב, איז פּאָרט אַ רב... אַז זיי קען מען זיך טאַקע נישט רירן פון דאַנען אַהין. איך זאָג: שלמה! וואָס דינגט איר זיך מיט אונדז, און מאַכט אונדז הייזעריק? איך שפּאַס נישט, אַז איך האָב שוין באַלד מאַנדלען אין האַלדז. איר אַליין זאָגט דאָך, אַז ס'איז שוין זייער שפּעט. אין דרויסן קער זיין יענער פראָסט, מען האָט געזען אין דער שקיעה... ווער וועט שוין איצט גיין, און וווהין וועט מען גיין? קיין משוגענעם הונט טרעפט איר אַצינד נישט אויף דער גאַס. און ווען די ווייסבלאַטס ווילן אונדז אפילו אַרויסטרייבן, וועלן מיר זיי דען הערן? מיר וואָלטן זיי ראַסקולאַטשעוועט איינס און צוויי, אָט די טאַרגסינאָווסקע בורזשויעס... טאָ דערציילט זשע טאַקע, וואָס אונדזערע דאַמעס בעטן אייך, און זאָל היינטיקע נאַכט, די נאַכט קעגן דעם צוועלפטן יאַנואַר, יאָר 1934, בלייבן ביי אונדז אין זכרון ווי אַ ליל־שמורים, ווי אַן אָנדענק פון אונדזער אומ־געריכטער באַגעגעניש מיט אַזאַ אויסערגעוויינלעכן —

שלמה: דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, אייער געלונגענער „ספּיטש" וואָלט

בשעת־הדחק געקענט אָנגיין פאַר אַ לייט־אַרטיקל... מיר האָבן דאָך היינט אויף דער נאַכט אָפּגערעדט, אַז: עולם — גולם. גיב זיי שטרוי און גיב זיי יויך מיט מאַנדלען, אַלץ איין ברכה־אחרונה...

אַלע לאַכן, און מער פון יעדן דער רעדאַקטאָר אַליין. עס האָבן נישט געהאָלפן קיינע טענות ומענות, שלמה האָט זיך געמוזט אוועקזעצן און „געבן אַ סוף".

פרידמאַן בייגט זיך אָן צו מנשהן מיט מיכאלן און זאָגט שעפּטשענדיק:

— נו, חברים, אפשר וואָלטן מיר געגאַנגען? זיי, אין דער היים, וועלן דאָך אַראָפּ פונעם זינען... און דאָ, זעט איר דאָך, זעצט מען זיך ערשט פּראַווען דעם צווייטן האַלבן סדר... און דערצו, אַז שלמה וועט זיך צוכאַפּן צום „חד־גדיא",* קען טאָג ווערן און נאָך אַ מאָל נאַכט ווערן און קיינער זאָל אפילו נישט אָנהייבן צו באַמערקן... הם? וואָס זאָגט איר?

מיכאל שניידט אָפּ אויף קורץ:

— איר קענט גיין, אויב איר ווילט, קיינער האַלט אייך נישט צו. איך בלייב דאָ!

מנשה גיט זיך פויל אַ קראַץ הינטער דער לינקער פאה:

— ווען האָב איך אייך נאָך געזאָגט, אַז מיר זאָלן אָנהייבן טראַכטן פון גיין — אָ־אָ!

פרידמאַן, מיט אָפענעם פאַרדראָס:

— איז אין מיר אפשר געווען די מניעה?

— וואָס דען אין מיר?

— ניין, אין מיר! איאָ?

— איך מיין אַזוי...

— נו, גוט, זאָל שוין זיין אין מיר. אָבער איצט ווילט איר גיין, צי איר ווילט דאָ בלייבן ביז נאָך די לעצטע „סליחות"?

מנשה, פאַרזשמורענדיק איין אייגל, פרעגט צעקראָכן:

— נו, און איר אַליין, משה, ווילט שטאַרק גיין?

פרידמאַן פינטלט מיט די אויגן און קוקט נישט גלייך אויף אים:

— שייך צו זאָגן: איך וויל... פאַרקערט, איך האָב געמיינט, אַז איר ווילט... מצדי קען דאָס דויערן און דויערן... וואָס איך קען שוין דאָרט אָנווערן...

מנשה ענדערט מיט אַ מאָל דעם טאָן און רופט זיך אָן אויך מיט אַ שעפּטשע, אָבער ערנסט און באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט:

— ניין, משה, מיר טאָרן איצט קיינער נישט אוועקגיין פון דאַנען. איר זעט דאָך, אַז דער חתן־דנן איז שוין דערגאַנגען עד משבר...** אַ ליאַדע מינוט קען דאָ אַרויס לאוויר־העולם אַ זרע של קימא, אָדער... אָדער מיר

* דאָ געמיינט: צו רעדן וועגן זיין איינציקער, וועגן זיין געליבטער.

** בראָך־שטול. געמיינט דעם טיש, אויף וועלכן די פרויען געבוירן די קינדער. פון ישעיה.

קענען דערזען פאר זיך אן „עבד משוחרר״... דאן איז והיה ככל האדם... אזוי, צי אזוי, איז גלייכער, אז ער זאל דא האבן עמעצן מאנשי־שלומו. און טאמער טאקע ווערט גארנישט פון אלע זיינע אויפטועז, איז דאך: אין אדם מעיז פנים בפני בעל חובו, גלייב איך, אז ווען מיר וועלן זיין עדי ראיה ועדי שמיעה, ווי אזוי ער איז זיך ממש משתטח פאר אט דער בעלת־אוב, וועט ער דערנאך נישט וואגן צו זיין א שב על קיאו... איך וויים? אזוי שיינט מיר צו זיין גלייך. מיר קענען דאך אלע גוט אונדזער בעל־דבר מיט זיין נארישער סבלנות, מיט זיין טפשותדיקער סלחנות. גלייבט מיר, צו זיין גרויסן צעטל מיט תרעומות וועט צוקומען נאך איין סעיף און ווי שטענדיק — על כל פשעים תכסה אהבה.. וחוזר חלילה... אבער אז מיר אין דרייען הערן אלע תנאים און דערנאך ערשט לא יעלה ולא יצמח, גלייב איך, אז ער וועט שוין מוזן גערענקען, אז... אז אין מפטירין אחר הפסח... ס'איז דאך עפעס פארט א כלל גדול באוריתא: אין החי מכחיש את החי, צי ניין? הא? וואס זאגט איר? איר זעט דאך, אז אלץ איז שוין מוכן ומזומן... הנה האש והעצים, ס'איז שוין נאר געווענדט אין א הנה־קל... איצט זיך אויפהייבן און אוועקגיין, למה הדבר דומה? צו א זולל וסובא, וואס קען שוין נישט אויסהאלטן די לעצטע פאר מינוט און עסט אבר מן החי... כ'וויים? אזוי האלט איך! און איר האלט אנדערש?

— ווי אזוי קען איך דען האלטן אנדערש? און בכלל דארף מען דאך זיין פריש און געזונט און משוגע אזוי שפעט צו פוס אוועקגיין אויף פאדאל —

אין זאל האט שוין געהערשט שלום ושלוה. האבנדיק אויסגעקעמפט ביים „סאלאמינקער עקשן״, אז ער זאל פאר זיי אין די אויגן מחבר זיין א „סוף״ צו דעם ארץ־ישראלדיקן ראמאן, האבן אלע געסט בנחת ובטוב־לב פארביסן כדבעי, און פארטרינקען כדבעי, און אויסגערויכערט צו פאפי־ראסלעך. פון די בעסטע „אימפארטנע״ פאפיראסן זענען געשטאנען אויפן טיש עטלעכע שאכטלען. שלמה איז געזעסן אין צווייטן עק פונעם טיש, און דאך האט ער ארפגעלייענט פון זייערע ליפן אלץ, וואס צווישן זיינע חברים איז וועגן אים גערעדט געווארן. ווען ער האט מיט א מאל דערפילט אין דער אבסאלוטער שטילקייט, אז מען ווארט שוין נאר אויף אים, האט ער ארומקוקנדיק זיך אויף אלע זייטן, מיט א צעפעסטעט קול געפרעגט:

— איז וואס זשע ווילט איר, זאל האבן געטראפן אין מינסק דארטן? די לעצטע וואך פון דעם אנגערופענעם טערמין איז איבערגעפלויגן, טא־מארא מיט מאניען האבן זיך מער נישט באגעגנט, און אט אזוי האט דאס מזל זיי געפירט, ווי עס צעגייען זיך צוויי שיפן אויפן ים... מיט דער צייט האט זי גענומען אן אנדערן און אין אים פארגעסן, ער — אן אנדערע און אין איר פארגעסן. און קוים קען מען פארגעסן, איז דאס א סימן, אז עס טוט שוין מער נישט וויי... פארטיק, אט דאס איז עס...

פון אלע זייטן האבן זיך דערטראגן קולות:

— ניין! ניין! קיין טאַנדעט גייט ביי אונדז נישט אָן. מיר זענען נישט קיין קינדערלעך. קוים ווילט איר אונדז געבן אַ פּולבלוטיק בילד פונעם לעבן, טאָ טוט זשע דאָס, ווי עס דאַרף צו זיין...

שלמה זעט, אַז ער וועט זיך שוין דאָס מאָל נישט אַרויסדרייען. ער זעצט זיך איבער אויף דער שטול מיטן שרויף, לייגט אַריין דעם קאָפּ אין די הענט אַריין און פּאַרטראַכט זיך. דער שרויף דרייט אים לאַנגזאַם, און זיינע רעיונות טראָגן אים אָפּ אין דער אומענדלעכקייט. דער זעלבער מליץ־יושר, וועלכער האָט אים נאָך תחילת־נאַכט, אַריינקומענדיק אַהער, בגוואַלד „אַוועקגעזעצט" און שפּעטער מעורר געווען אָנצוהייבן אָט דאָס דערציילעניש, האָט אים אויך איצט נישט געלאָזט צו רו:

— שלמה, הער מיך אויס ווי אַ זייטיקער מענטש, עלעהיי דו ביסט נישט דו, און ענטפער מיר ווי אַ משיח לפּי תומו: דו זעסט דאַכט זיך גוט, אַז דיינע שאַנסן ביי פּאָלין אויף אַ גינסטיקן ענטפער זענען שוואַכע, צי ניין? וואָס דאַרף מען נאָך אַ בעסערע ראיה ווי איר שווייגן עד היום, האַ? איצט ענטפער מיר — נאָר ווי זאָגט מען עס: אַוועקלייגנדיק די האַנט אויפן האַרצן — ווי האַלטסטו, ווען דער טערמין, וואָס דו האָסט איר געגעבן אויף צוצושיקן אַן ענטפער וועט איבערלויפן און דו וועסט פון איר קיין הסכמה נישט באַקומען — און איך האָף, אַז דאָס מאָל וועסטו שוין נישט משנה זיין בדיבורך, צי ניין? — וועט פּאָלי מיט איר איינ־עקשענען זיך, אויסשפּילן די פּאַרטי קעגן דיר, צי פאַרשפּילן? זי וועט, קלערסטו, נעמען אַ פיינערן בחור פון דיר? ניין? דאָס געוויס נישט? אויב אַזוי, זאָג זשע מיר, פּאַר וואָס, אַז די השגחה האָט דיך אויף אַזאַ אומגעריכטן אופן צונויפגעפירט מיט דיין געגאַרטער, זאָלסטו איר טאַקע — ברמיזה, פאַרשטייט זיך — נישט אויסלייגן די קאָרטן, ווי אַזוי עס קען ביי איר אויסזען גלייך אויף צו מאָרגנס נאָכן יום־המועד?

דו געדענקסט דען נישט, ווי איר פלעגט אויסזינגען אין די פּאַר־שנייטע טבת־נעכט, אין דעם מלמדס שטאַרק־אָנגעהייצטן כאַטקעלע:

„...האספו — נעמט זיך צונויף, ואגידה — און איך וועל זאָגן, לכם — צו אייך, את — ען, אשר — וואָס, יקרא — עס וועט טרעפן, באחרית — צום סוף, הימים — פון די טעג"...

צי דו געדענקסט דען נישט די שטראָפרייד פון די פּאַר ראש־השנה־דיקע סדרות:

„...ראה — זע, נתתי — איך האָב געגעבן, לפניך — פאַר דיר, היום — היינט, את — ען, החיים — דאָס לעבן, ואת — ען, הטוב — דאָס גוטס; — את — ען, המות — דעם טויט, ואת — ען, הרע — דאָס שלעכטע... ובחרת — און דו זאָלסט אויסקלייבן, בחיים — אין דעם לעבן... והיה — און עס וועט זיין, אם — אויב, לא — נישט, תשמע — דו וועסט צוהערן... — ובאו — און עס וועלן קומען, עליך — אויף דיר, כל — אַלע, הקללות — די קללות, האלה — די דאָזיקע, ורדפוך — און זיי וועלן דיר נאָכיאָגן, והשיגוך — און זיי וועלן דיך דערגרייכן, עד —

ביז, השמדך — דו וועסט פארטיליקט ווערן... ושמרתם — און איר זאָלט אָפּהיטן, את — ען, דברי — די רייד, הברית — דעם ברית... למען — פון וועגן, תשכילו — איר זאָלט שכל האָבן, את — ען, כל — אַלץ, אשר — וואָס, תעשון — איר וועט טון״...

פאָלג מיך, שלמה, אזא אופן פון מתרה זיין איז נישט קיין נייעס... כבר היה לעולמים... יש להם על מה שיסמוכו... אפשר וועט גראָד אָט דער לעצטער כדור טרעפן אין ציל? אפשר וועט גראָד אָט דער לעצטער טראָפּן מהפך זיין דיין כוס־היגון אין א כוס־תנחומין? אלא נישט, צו וואָס דען האָט דיך דער „מכין מצעדי גבר״ נאָך אַלע „היומס״ אויף דאָס ניי צונויפגעפירט מיט פאָלין? גלייב מיר, ס׳איז נישט אַנדערש, נאָר עס דאַרף ביי דיר איצט מקוים ווערן: „לעת ערב יהיה אור״... שרעק זיך נישט פאַר דעם בנין, וואָס דו דאַרפסט דאָ באַלד אויסבויען, די זעלבע „מלאכי־רחמים ממעונתו״, וואָס האָבן צוגעהאָלפן אליהו־הנביאן בויען די „טרק־לין ופלטרין״ פאַר יענעם „איש חסיד״, וועלן אויך דיר העלפן אויפ־שטעלן דיין בנין עדי־עד, רק חזק ואמץ! נאָר זיך נישט מתיאש זיין מן הרחמים... די חז״ל זאָגן: אין אדם יודע במה משתכר, דו קענסט גאָר־נישט וויסן דעם כביכולס כוונות... מען האָט שוין געזען פאַלן ווען „אדם קונה עולמו בשעה אחת״...

שלמה הייבט אויף דעם קאָפּ און קוקט זיך נאָך א מאָל ארום ווי א בא מן הדרך. דער עולם, זעט ער, כאַפּט שטילערהייט איבער דעם הונגער און וואַרט געדולדיק, ביז ער, שלמה, וועט כאַפּן דעם „רוח ממרום״ און זיי דערלאַנגען א סוף פון „אהבת מאַניא וטאַמאַרא״ נישט „אויפגע־קלאַפּט אויף טאַנדעט״, נאָר — ווי סעסיל פּעטראָוונא האָט זיך אויסגע־דריקט — „פאָ־פיאַטיגאָרסקאָמו״. ער שפּאַרט זיך אָן אינעם דעקל פון דער פיאַנינע און באַטראַכט מתוך כובד־ראש דעם זאַל, די געסט. די אויגן קוקן, אָבער ס׳איז קענטיק, אַז במחשבה שוועבט איצט שלמה ווייט פון דאַנען, זייער ווייט... אין עטלעכע מינוט ארום גיט ער אויף זיין שטייגער א רייב דעם שטערן אהין און צוריק, גיט א וווּנק ניומען, ער זאָל אויפ־מאַכן דאָס רויטע לעמפּעלע און דעם קאַנדילאַבער אויסלעשן. דער זאַל גיט זיך מיט א מאָל א טונק איין אין א ראָזע טונקלקייט. דער שרויף גיט זיך נאָך עטלעכע מאָל א דריי, שלמה באַקוקט מיט א דורכדרינגענדיקן בליק יעדן באַזונדער, און בלייבנדיק שטיין אויף מנשהס פּנים מיט א מינע, ווי ער וואָלט אים איצט ממנה געווען פאַר א דיין אויף דעם „מגדל הפורח באויר״, וואָס ער גייט איצט אויפשטעלן, הייבט ער אָן מיט א פאַרדומפּן קול צו דערציילן זיין פאַנטאַסטישן פינאַל פון דער מינסקער דראַמע:

ע נ ד ע פ ו ן ע ר ש ט ן ט י י ל

# קאפיטל XXXVII

— לאנגזאם און פיינלעך האָבן זיך געצויגן די טעג פון דעם 20טן נאָוועמבער אָן. קיראָוואַ און פּאָלאָווניק — צוויי באַזונדערע וועלטן. צוויי פיינטלעכע קאָמעטן, וואָס טאָרן זיך נישט באַגעגענען. יעדע פון זיי גייט זיך איר וועג. יעדע משפחה פילט באַזונדער, יעדע ליידט אין דער שטיל, אויסבאַהאַלטנדיק זיך איינע פאַר דער אַנדערער. יענע נאַכט אין „אוני־ווערסיטעטסקי גאָראָדאָק" האָט נאָך צום איבעריקן צעברייטערט דעם אָפּ־גרונט צווישן מאָניען און טאַמאַרען. מאָניאַ האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון, ווו ער האַלט אין דער וועלט. ער האָט גוט געפילט, אַז מיט יעדער שעה שטאַרבט אָפּ אַן אבר פון זיין האָפענונג. ווען טאַמאַראַ זאָל האָבן בדעה איינצוווויליקן אויף זיין באַדינג, וואָלט זי זיכער אַזוי נישט געשפּעטיקט. זי וואָלט זיך צוגעאײַלט מיט דער בשורה־טובה, ווייל זי פאַרשטייט גאַנץ גוט, אַז כאָטש זי האָט צייט ביזן 27טן, אָבער וואָס פאַר אַ טעם קען שוין האָבן זייער בשותפותדיק גליק אויב זי וועט ספּעקולירן מיט איר הסכמה ביז דער לעצטער מינוט?

און ווירקלעך, טאַמאַראַ האָט דאָס זעלבע טיף־טיף געפילט. אַלע טאָג, פאַרנדיק פונעם אוניווערסיטעט, פלעגט זי טרויעריק זאָגן צו זיך אַליין:

— און אָט אַזוי איז שוין נאָך אַ טאָג אָפּגעשטאָרבן. נאָך אַ וואַנט אויסגעוואַקסן צווישן מיר מיט מיין טייערן, מיין ליבן. גאָט, מיין גאָט! פאַר וואָס האָסטו אים אַרויפגעפירט אויף אַזאַ נידעריקער פּאָסטעמקע,* ווי אָט דער אולטימאַטום? און פאַר וואָס האָסטו מיר געגעבן אַזאַ שטיי־נערן האַרץ? וואָס וואָלט דען שלעכט געווען, ווען איך וויליק איין אין ערשטן מאָמענט אויף זיין פאָרשלאַג און מיר האָבן באַלד חתונה? אַלאַ וואָס דען, ער וועט מיר דערנאָך קענען אויסוואַרפן מיין נאָכגיביקייט? — נו, איז וואָס? זאָל ער מיר אויסוואַרפן געזונטערהייט! דערפאַר אָבער וועל איך וויסן, אַז ער איז מיינער אויף אייביק! ער וועט מיר דערנאָך פאַרשאַפן יסורים? זאָל ער! דאָס ליידן פון אַ געליבטן מענטשן האָט אויך אין זיך אַן אייגנאַרטיקע זיסקייט! און ווידער, געשיקט זיך, אַז מאָניאַ וועט מיר אַ מאָל עפּעס אויסוואַרפן? וויפל ער האָט עס אַרויסגעוויזן גע־טריישאַפט צו מיין פעטער שליאַמקען בעת זיין קרענק, נאָר דערפאַר, ווייל ער איז מיין פעטער... ווי ער האָט זיך עס מפקיר געווען פאַר דעם טולער רבס מיידל, וועלכע ער האָט בלתי־ספק נישט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט ווי מיך... ער פאַרגעטערט מיך דאָך! ער זעט דען אין מיר, נאָר אַ שיינע פרוי? ער זעט דאָך אין מיר אַ מלאך פון הימל! ער זאָגט דאָך דאָס אָפן פאַר יעדן. און איך וויל זיך באַוואָרענען פאַר אַזאַ מענטשן, אַז ער זאָל מיר אַ מאָל נישט פוגע־בכבוד זיין. ניין, ניין! מען דאַרף זיך

---

* נישט קיין שיין עובדהלע.

אונטערגעבן און אַן עק זאָל דאָס נעמען! מאַניאַ האָט דאָס ביי מיר כשר פאַרדינט... און ווידער, אפשר איז טאַקע פּאַרט געזעכט דאָס פּאָלקס־ווערטל: אַ פרוי איז קיין מאָל נישט אַזוי שטאַרק, ווי בעת זי איז שוואַך... אפשר זאָל איך זיך באַנוגענען קעגן אים בלויז מיט אָט דעם דאָזיקן „קאַלטן געווער״?

וואָלט כאָטש עמעצער אין דער היים געווען אויף איר צד, אַז מען דאַרף זיך האַלטן שטאָל און אייזן און טאַקע נישט אָננעמען דעם אולטי־מאַטום, וואָלט זי שוין לאַנג געטון דעם היפך און נאָכגעגעבן. נאָר טרעפנ־דיק אין דער היים אַ פּאַראייניקטן פראָנט קעגן זיך, אַ פיינטלעכן לאַגער צווישן די סאַמע נאָענטסטע מענטשן, אָט דאָס האָט אַרויסגערופן אַ ווי־דערשטאַנד, אָט דאָס האָט פאַרביטערט איר נשמה, איר נמאס געמאַכט דאָס לעבן, דעם גאַנצן שידוך, אַלץ מיט אַן אַנדער, וואָס ס׳איז נאָר דאָ אויף דער וועלט.

דערווייל איז אונטערגעלאָפן דער 25טער, דער 26טער, און... דער 27טער... טאַמאַראַ האָט צו מאַניען טאַקע גאָרנישט איבערגעגעבן און דאָס האָט ענדגילטיק באַשטימט איר ווייטערדיקן גורל.

די ערשטע פּאָר וואָכן נאָכן „קריזיס״ האָט זיך איר געדאַכט, אַז עס קען גאָרנישט זיין, אַז מאַניאַ זאָל זיך צו איר נישט אומקערן. ער מוז זיך אומקערן! ער וועט זיין האַרץ נישט אויסרייסן און דאָס האַרץ געהער אין גאַנצן צו איר. עס איז אָבער פאַריבער אַ קיילעכדיקער חודש, פון מאַ־ניען הערט מען נישט און מען זעט נישט, דאַן האָט זי זיך אַ ביסל פאַר־קלערט און איז געקומען צום אויספיר, אַז מאַניאַ איז טאַקע געזעכט. נאָך אַזאַ ערנסטן אינצידענט ווי צווישן זיי איז פאָרגעקומען, דאַרף זי די ער־שטע קומען צו אים. און מה־דעש? וואָס פאַר אַ ווערט האָט דען ביי איר קומען צו מאַניען און אים זאָגן:

— מאַניעטשקאַ, זאָל שוין זיין געגוג זיך געבאַלעוועט. אַן עק! גיב אַ האַנט און קום צו דער חופה —

אַלע טאָג האָט זי פעסט באַשלאָסן מאָרגן דאָס צו טון. נאָר די מאָרגנס זענען עפּעס געפלויגן משוגענערווייז, איידער מען האָט זיך אומ־געקוקט זענען איבערגעפלויגן וואָכן, חדשים. מינסק האָט זיך געקאָרטשעט פון די אכזריותדיקע פרעסט, ווי אַ שטרויענער דאַך, וואָס איז אַרומגע־כאַפּט פונעם פלאַם. דערנאָך זענען געקומען צו פליען די איינגעגעסענע מערצווינטן. דערנאָך האָט מיט אַ מאָל אַן אָטעם געטון מיט דערפרישונג. עטלעכע וועסנעדיקע שלאַקסרעגנס האָבן מיט גרויס אימפּעט אַראָפּגע־שווענקט דעם גאַנצן ווינטערדיקן שמוץ און עס האָט אַ שמייכל געטון די אויסגעבענקטע פרילינגסזון. נאָך שפּעטער, ווי דער מנהג העולם איז, האָבן זיך באַוויזן בלומען, פרוכטן און שאַר־ירקות. טאַמאַראַ האָט זיך שוין איצט נישט אָפּגענאַרט. זי האָט שוין איצט גוט פאַרשטאַנען, אַז אַלץ איז פאַרלוירן: שוין צו לאַנג אָטעמט מאַניאַ מיט פרעמדער לופט, שוין צו לאַנג האָט זי זיין קול נישט געהערט, און ער אירס. עס זענען אונטערגע־

לאָפּן קאָניקולן. זי איז גאַנצע טעג אַרומגעגאַנגען מיט אירע סטודענטקעס אין שטאָט, אין די פּאַרקן און האָט אפילו איין מאָל מאָניען נישט באַגעגנט. אפשר וווינען שוין גאָר די פייערבערגס נישט אין מינסק? אפשר האָט ער אַליין פאַרלאָזט די שטאָט? אָדער אפשר דערקענט זי אים גאָר שוין נישט?

עפּעס איין מאָל האָט זי פון דער ווייטנס באַמערקט מענדל פערלאָוו, ער זי, האָט אויך באַמערקט, נאָר זיי האָבן זיך אפילו נישט אָפּגעשטעלט. און באמת טאַקע: וואָס האָט זי אַזוינס מיט אים צו רעדן? יענער איז איר געווען אַ שונא אפילו אין די גוטע יאָרן, ווען מאָניאַ איז נאָך געשטאַנען פאַר איר ווי אַ באַרג, האָט ער אַלע מאָל גאָט געבעטן, אַז די באַציאונגען צווישן איר מיט מאָניען זאָלן קאַליע ווערן, ווער שמועסט איצט, אַז זיין גאָט האָט ביי איר אויסגעריסן מאָניען ווי מען רייסט אויס אַ באַקצאָן... ניין, זי טאָר זיך אפילו נישט דערנעענטערן צו אָט דעם שוחטוניו...

ס'איז פאַריבער דער זומער. ס'איז פאַריבער אַ יאָר און צוויי און דריי. טאַמאַראַ איז שוין געווען אויפן לעצטן קורס אין אוניווערסיטעט. פון אַלע אַרבעטן האָט זי נאָך יעדן טאָג געמוזט אָפּשפּאָרן צוויי שעה און לערנען מיט צוויי יינגערע שילערס. אַ מיידל אין אירע יאָרן און אין איר שטאַנד מוז האָבן, אויב נישט קיין נייע מלבושים, איז כאָטש אַ שיינע קאָשנע, אַ מאָדנע טעשעלע, זאָקן לויטן קאָליר פון דעם פּאַלטאָ, גוטן אָ־דע־קאָלאָן, און חוץ אַלעמען — נאָך אַ מזומנעם רובל אין קעשענע... די געשעפטן ביי איר פאָטער זענען געגאַנגען נישט אַזוי פויגלדיק. אפילו די מוטער האָט אויך געמוזט צואַרבעטן. אַנדערש האָט נישט געקלעקט אויף דער הוצאה. ביי זיי אין „זשילקאָפּ" איז געווען אַ סטאָלאָווע, האָט זי דאָרט געאַרבעט אין קיך. געהייסן האָט עס, אַז זי גיט נאָר אַכטונג, אַז זי לערנט די יינגערע; אָבער אין דער אמתן האָט זי גלייך מיט אַלע גוט געהאָרעוועט גאַנצע זעקס שעה אין טאָג. אהרל האָט ביי נאַכט געלערנט און ביי טאָג געאַרבעט אַלס פּלאַנאָוויק. מיט דער סטיפּענדיע אַליין קען מען נישט אויסקומען. זשעניטשקאַ האָט געענדיקט צען קלאַסן, באַקומען אַן אָטעסטאַט אויף מיטעלער בילדונג און איז אַוועקגעגאַנגען אויף לינגוויסטישע קורסן. דאָס שמעקט גיכער מיט אַ גוטער שטעלע. דערווייל, ביז עס וועט עפּעס גולד ווערן פון אירע „שפּראַכן", האָט זי געאַרבעט אַלס סטענאָגראַפיסטקע אין דער אַקאַדעמיע פאַר דאָרפיש־ווירטשאַפטלעכע וויסנשאַפטן.

מאָניאַ האָט שוין לאַנג אַוועקגעוואָרפן זיינע לינקע מסחרים. מיט זיי האָט זיך נאָך ביסלעכווייז פאַרנומען ר' אברהם אַליין, און מאָניאַ איז אָנגעקומען אַרבעטן אַלס רעפערענט אין אַ גרויסער קליידערפאַבריק. וואָס אמת איז, פון דער דאָזיקער אַרבעט קלייבן קיין קאַפּיטאַלן האָט ער שוין נישט געקענט: ערשטנס האָט ער זיך טאַקע געהיט פון ריזיקאַלישע געשעפטן; צווייטנס, ווייל דאָס לעבן איז געוואָרן זייער טייער; דריטנס, האָבן זיין טאַטנס פאַרדינסטן געקלעקט נאָר שבת אויף אַ צימעס און די

גאַנצע לאַסט פון דער שטוב־הוצאה איז געפאַלן נאָר אויף אים. די ייִנגערע קינדער זענען אונטערגעוואַקסן, די צרכי יום־יום האָבן זיך פאַרטאָפּלט. מאַניאַ האָט אַרויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן אויף דעם הויכן פּאָסטן אין דער פאַבריק, ער האָט געפירט די שטוב־הוצאה פון דער ברייטער האַנט און זיינע אָפּגעשפּאָרטע עטלעכע רובל פון די פריערדיקע מסחרים זענען געבליבן גאַנץ. ער האָט אויך אַכטונג געגעבן, אַז די אַרבעט זאָל אים נישט פאַרשלינגען אין גאַנצן. ער האָט נאָך געגוג צייט געהאַט אָפּצו זיך צו באַגעגענען מיט חברים, אַנטייל צו נעמען אין דעם ייִדיש־געזעלשאַפט־לעכן לעבן פון מינסק. ער האָט נאָך גענוג צייט געהאַט אויף צו לייענען כמעט אַלץ, וואָס איז דערשינען נייעס פון שיינער ליטעראַטור, און אַליין אויך אַ סך שרייבן. עס האָט אים געקלעקט צייט אויך אויף צו שפּאַצירן לאַנגע שעהן צוזאַמען מיט מענדל פערלאָוו, דערמאָנען זייער קינדהייט אין מיכאַילאָווסק. טאָמער האָט מענדל אַ מאָל געוואָלט אויפמישן אַ שמועס וועגן די פיינשטיינס, אַזוי פלעגט אים מאַניאַ איבעררהאַקן אין מיטן די רייד... ער האָט מער נישט געוואָלט אפילו הערן זייער נאָמען. דאַן פלעגט מענדל נעמען רעדן פון זיין ייִנגערער שוועסטער דאָבע: ווי גוט עס וואָלט פאַר מאַניען געווען, פאַר איר חתונה צו האָבן. דאָס איז דאָך אַ בלום, אַ זוניקע רויז. היינט איר גוטסקייט, איר ערלעכקייט, איר חן ביי לייטן. מאַניאַ פלעגט אים קיין מאָל נישט איבערשלאָגן אין מיטן די רייד, אים לאָזן אַראָפּרעדן אַלץ פונעם האַרצן, און ווען יענער האָט געענדיקט, אים זאָגן:

— איר זענט אודאי גערעכט, מענדל. אייערע ראיות וואָס איר ברענגט, אַז דאָבע איז אַ געראָטן קינד, קען קיינער נישט אָפּוועגדן, אָבער נעמען זי בלויז על פי שכל איז נישט קיין פעולה און נישט קיין יושר. אַ שידוך דאַרף מען טון מיטן האַרצן, און דאָס האַרץ שווייגט! איך זע זי, אייער דאָבען, כמעט אַלע טאָג, איך רעד מיט איר, מען גייט אַ מאָל צוזאַמען, און דאָס האַרץ איז שטום ווי די נאַכט, כאלם לא יפתח פיו, מען הערט נישט פון דעם קיין פּיפּס, וואָס זשע קען איך דערצו העלפן? מען דאַרף גלייבן אין דער השגחה, אַז מסתמא איז זי נישט מיין זיווג. אַז זי וועט זיך, אם ירצה השם, באַגעגענען מיט איר באַשערטן, וועט ער, זייט זיכער, רעדן גאָר אַנדערע דיבורים.

— צו וואָס טויגן מיר דיינע ווינטשעוואַניעס? ס'איז כמים הפנים אל הפנים... דיין האַרץ שווייגט, ווייל איר האַרץ שווייגט. און איר האַרץ שווייגט, ווייל דו מאַכסט עס נישט רעדעוודיק. דאָס איז אַ הלכה־פּסוקה: כשם שאני רוקד כנגדך, אַזוי טאַנצט זי קעגן דיר. דו רעדסט צו איר מן השפה ולחוץ, דערפאַר איז דאָס אַזוי. דו געדענקסט די אזהרה: שמא יקדמנה אחר ברחמים? דו ביסט דאָך עפּעס אַ גאַנצער תלמיד־חכם אין הלכות בחור ובתולה, רעד צו איר אַנדערש, בשפה ברורה ובנעימה, וועס־טו זי אַליין אויך דערזען מיט אַנדערע אויגן. דאָס איז ביי מיר ברור כשמש, ווייל לגבי איר איז דיין טאַמאַרא — טמא־רע... זאָגן להבדיל איז

גאָר ווייניק... פּאָלג מיך, פּרווו... און כ׳בעט דיך, וואָס שטעלסטו דאָ איין? ממה־נפשך, טאָמער איז פּאָרט טאָמאַרא דיין אמתער זיווג, וועט דיר מיין דאָבע במילא נישט קענען קאַליע מאַכן, אי חזיא לך, לא אזלא מינך * —

— מענדל, איך האָב אייך שוין הונדערט מאָל אָנגעזאָגט מיטן הארבן וואָרט, אַז איר זאָלט מיר דעם נאָמען פון די פיינשטיינס נישט דערמאָנען, והיו כלא היו...

— יאָ, יאָ, רעד מיר איין... והיו כלא היו... מיך ווילסטו אָפּנאַרן? מיך? געדענק מיינע רייד מאָניא, תיסרך רעתך! דער זעלבער עגל הזהב, וואָס דו דינסט צו אים מיט אַזא טריפהנער התלהבות, וועט דיר אַ מאָל אַזא דריגע טון מיט דער פוס־נאָגאַ, זי וועט דיר אַ מאָל אַזוי אַריינפּיצקען, טאַקע נאָר ווי אַן עגל מרבק ** קען אַריינפּיצקען...

— רעדן צו אייך און צו דער וואַנט איז אַלץ איינס —

— צו וואָס טויג מיר דיין רעדן, וואָס איז, איך זע אַליין נישט? איך זע, איך זע אַלץ... איך זע, אַז דו האָסט אָנגעווווירן דאָס יידישע האַרץ... דאָס זע איך גוט... דו קוקסט נישט ווי אַ ייד דאַרף קוקן...

מאָניא, מיט אַ גויט־שמייכעלע:

— האָב איך אייך דאָך שוין איין מאָל געענטפערט, אַז ביי חטאים עוונות ופשעים, שטייט: לא יכולתי לראות... לבי עזבני...

— צוליב וואָס זשע שטייט עס? אַז מען זאָל זיך היטן דערפון! אַן אמתער ייד דאַרף משעבד זיין דאָס האַרץ מיט די אויגן לעבודת־הבורא...

— און דאָס איבעריקע ביסל מכשירים איז בלאָטע? זאָגט שוין ווייטער: מיט די הענט, מיט די פיס, מיט די אויערן —

— אודאי! אודאי! נאָר איך האָב אָנגערופן בלויז די געפּערלעכסטע צוויי סרסורי־עבירה, ווי די תורה הקדושה זאָגט אָן: ולא תתורו אחרי לבבכם ואחרי עיניכם...

— זאָג איך אייך בהן שלי — געננוג, צי נאָך נישט? — אַז פון יענער מחלה בין איך שוין ברוך־השם לחלוטין אויסגעהיילט.

— וויים איך וואָס, לא היה ולא נברא! די חז״ל לערנען אונדז, אַז נאָר הבלא מפיק הבלא.*** און אַזוי לאַנג ווי עס קומט נישט קיין אסתר אויף ושתים אָרט, קען מען אויף ושתין נישט זאָגן: לא־היה... דאָס איז נאָר געזאָגט אויף להונות את עצמו, אָדער להונות את הבריות —

---

* אויב די זאַך איז דיר באַשערט, וועט זי פון דיר נישט אַוועקגיין. פון דער גמרא.

** אַ געשטאָפּטער קאַלב. פון נביאים.

*** איין סאָרט היץ, מאַכט אויסוועפּן דעם צווייטן סאָרט היץ. פון דער גמרא. דאָ געמיינט: אַ פרוי קען נאָר דאַן ענדגילטיק פאַרגעסן ווערן, ווען אַ צווייטע פרוי פאַרנעמט איר פּלאַץ.

— מילא, איר ווילט נישט, זאָגט נישט! אָבער דרשנט מיר ווייניקער פון טאַמאַרען און פון דאָבען... דאָס זענען דרשות של דופי...

— הערסטו, מאַניא, וואָס איך וועל דיר זאָגן, עס האָט אַ מאָל איי־נער געפרעגט: פאַר וואָס, אַז גאָט האָט געדאַרפט ביי אדמן אַרויסנעמען די ריפּ און באַשאַפן פון איר חוהן, שטייט דאָרטן: ויפּל עליו תרדמה. ווער האָט אים נישט געלאָזט מאַכן אדמן אַט די אָפּעראַציע בעת ער איז געווען וואַכנדיק? נישט אַז די „ברתיה דקיסר" זאָל שפּעטער קענען פאַר־וואַרפן ר' יהושע בן חנניא: אלהיכם גנב הוא... נאָר דער תירוץ איז אַזוי: אַזוי ווי די תורה איז אַ ניצחית, איז דאָ געגעבן געוואָרן אַ רמז לדור־דורות, אַז ביי אַ שידוך מוז דער פאַרשטאַנד אַ ביסעלע אונטערדרימלען. אויב אַלע חושים וועלן זיין וואַכנדיק, וועט דער מענטש קיין מאָל דעם דאָזיקן שריט נישט מאַכן. דאָס איז נישט קיין גלייכווערטל, דאָס איז אַ טיפער רעיון. פאָלג מיך, קלער ווייניקער אַריין וועט זיין געזונטער פאַר דיר. נעמענדיק מיין דאָבען, מאַכסטו אַ שידוך אָן בויך־שניידעניש, אָן שפיכת־דמים, און מיט אַ גאַראַנטיע, אַז עס וועט ביי דיר שטענדיק זיין „שהשמחה במעונו" —

— מענדל, מיר האָבן שוין, דאַכט זיך, אָפּגערעדט איין מאָל פאַר אַלע מאָל, הײנט צו וואָס זענען אַט די אַלע פּשטלעך מיט אַט די אַלע גאַראַנטיעס?

— נו, מילא, וואָס קען איך העלפן? ניין, איז ניין. איך וואָלט אודאי געוואָלט... אָבער בכלל, חוץ דאָבען, לאָזסטו דאָך אויך נישט צוגיין נאָענט צו זיך...

— איי, וואָס זאָל איך אייך זאָגן? דער טאַטע האָט מיט זיין וועלן מיך פאַרקנסן, שוין באַלד מעוברת געמאַכט די גאַנצע וועלט. ווי ער דער־הערט נאָר, אַז עס איז ערגעץ דאָ אַ מיידל, אַזוי ברייננגט ער זי מיר צו פירן. איך קען שוין ממש נישט פאַרליידן דאָס רחמנות פון אַט די אומשול־דיקע קינדער נעבעך, וואָס זייערע עלטערן דערנידעריקן זיי פאַר אַזאַ קשה־לב ווי איך. און פרעג זיי: וואָס? וואָס האָבן זיי אַזעלכעם געפונען אין מיר? אַ משוגעת! משוגעים און גאָר! אַזוי ווי איך דערצייל אייך: עס איז נישטאָ די וואָך, אַז דער טאַטע זאָל מיר נישט אָנקלינגען אויף דער אַרבעט: מאַניא קום היינט פריער אהיים, האָסט היינט אַן אָנקוקע־ניש. איך האָב זיך שוין אַזוי צוגעוווינט צו די אָנקוקענישן, ווי אַן אַקור־שאָרקע אין אַ גרויסער שטאָט צו די קימפּעטאָרינס. איך קום צו גיין צו איר אָדער מען באַגעגנט זיך ערגעץ, מען רעדט אַ ביסל פון דעם, אַ ביסל פון יענעם. מען לאַנגווײלט זיך אַ ביסל און מען געזעגנט זיך. איך, ווי געוויינלעך, זאָג צו אַריינצוקומען צו איר און בלייב אַלע מאָל אַ ליגנער. וואָס זאָל איך טון, אַז עס ציט מיך נישט. עס נעמט מיך פאַרט נישט. עס דאַרף אַ ברי פון און עס וויל נישט בריען. חתונה האָבן בלויז דערפאַר, ווייל די עלטערן ווילן דאָס אָדער ווייל אַ ייד מוז דאָך אַ מאָל חתונה האָבן, דערביי האַלט איך נישט. אפשר זענט איר גערעכט, אַז די ביכער

האָבן מיר פיל פאַרשאַדט, אָבער אַ פאַקט איז דאָס, אַז מיין האַרץ איז פאַרשטיינערט. קיין איין און איינציקער פונק פייער טליעט דאָרט נישט. און מיט אַ פאַרלאָשן האַרץ זאָגן: „הרי את" — בין איך נישט פעאיק. דאָס איז אַ פאַרפאַלענע זאַך... אַזוי איז דאָס, מיין טייערער מענדל...

*

איין מאָל, אין חודש יוני איז דאָס געווען, איז מאָניען געלונגען אויס־צופועלן אין מאָסקווע, אין נאַרקאָמסנאַב, * ביי צוועלף טויזנט מעטער מאַנופאַקטור פאַר זיין פאַבריק, העכער פון דער צוגעטיילטער נאָרמע, און אַ העכערע סטאַביליזאַציע פון פּלאַן אויפן קומענדיקן קוואַרטאַל. אַז אין מיטן יאָר זאָל אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פאַרגרעסערן די אָנגעמערקטע נאָרמע פון פאַרזאָרגונג מיט מאַטעריאַלן, און נאָך אַ סאַמע געוויינלעכער פאַבריק — דאָס איז אַ דבר היוצא מן הכלל. די דאָזיקע דערגרייכונג איז פאַר מאָניען געווען אַן אומדערהערטער דערפּאָלג. אויף אַ ספּעציעלער זיצונג פון ביעל־רוס־שוויי־פּראָם־סאָיוז ** האָט מען מאָניען פּרעמירט מיט אַ טאָפּל־טער פּוטיאָווקע אויף צוויי חדשים קיין גאַגרע — דאָס איז אַ קוראָרט אויף קאַווקאַז ביים ברעג פון שוואַרצן ים — און אַ חוץ דעם, אויף אויסגאַבן, פופצן טויזנט רובל מזומן געלט.

מאָניאַ האָט מיט פאַרגעניגן איבערגעגעבן אַלע זיינע ענינים אַ צווייטן אָנגעשטעלטן, ער האָט זיך געזעגנט מיט אַלע אייגענע און היימישע, און איז אָפּגעפאָרן אין יענעם אומפאַרגלייכלעכן גן־עדן התחתון.

---

* פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר ליווערונגען.

** וויים־רוסישער ניי־ און האַנדל־פאַרבאַנד.

# קאפיטל XXXVIII

אויב אין רוסלאנד איז שטארק בארימט דער קוראָרט קיסלאָוואָדסק, זעט מען זיך דאָרט אָבער אָן מיט פארשידענע חולים, מיט אויסגעדברטע לונגען־קראַנקע און הארצקראַנקע, אַזוי אַז דאָס סמט אַ היפּש ביסל אָפּ די שטימונג פון דעם זיך אָפּרוענדיקן. אָדער מיר ווילן נעמען צום ביישפּיל — סאָטשי! מי לנו גדול? וואָס קען שוין, דאַכט זיך, זיין נאָך בארימטער? איז דאָרט שוין אָבער צו רעשדיק. ווערליק פאַר אַ קוראָרט — שוין צו אַ גרויסער הו־האַ, צו גרויסשטאָטיש. אָדער למשל — צכאַל־טובע. אמת, דאָרטן שאַפן זיך ממש וווּנדער, דאָרטיקע זומפּן און די קוואַלן — דערציילן זיך איבער חולים, איש מפּי איש — זענען שיר־שיר נישט מחיה־מתים, אָבער פאַר אַ געזונטן קוראָרטניק איז דאָרט אור־מעטיק. נישט באקוועם. נישטאָ נאָך דאָרטן דאָס אייראָפּייאישע פּובלי־קום, נישטאָ נאָך דאָרטן דער קאָמפאָרט, די באקוועמלעכקייטן, וואָס למשל אין קרים אָדער וואָס אין עסענטוקי. יעדער קוראָרט האָט זיך זיינע מעלות און זיינע חסרונות. חוץ — גאַגרע. יענץ ווינקעלע איז געקומען אויף דעם עולם מיט בלויז מעלות. ווי שטרענג מען זאָל נישט ווילן מדקדק זיין אין הלכות איינריכטונגען, אפילו כמלא נימא, קען מען זיך דאָרט פון דעסט וועגן צו קיין זאַך נישט טשעפּען.

ווען מען פאָרט פארביי מיט דער שיף, ווייזט זיך אויס, אַז אָט דאָס גאַנצע גאַגרע איז נישט מער די גריים ווי דער פּאַרק פאַר קולטור און אָפּרו אויפן נאָמען פון מ. גאָרקי אין מאָסקווע. דער רייזנדער זעט פון דער וויטנס נאָר אַ האַרביקע קייט פון נאַקעטע סקאַלעס, אַ הייפל פּאַל־מען, וואָס זעען אויס ווי אַן אָאַזיס אין דער מדבר און עטלעכע שפּי־ציקע מינאַרעטן, וואָס טייטלען אין הימל אַריין מיטן מינדסטן פינגערל. קיין האַפן פאַרמאָגט נאָך גאַגרע נישט, און אויב אַ שיף שטעלט זיך דאָרט יאָ אַ מאָל אָפּ, אַראָפּלאָזן קוראָרטניקעס אָדער צונעמען זיי פון דאָרט — שטעלט זי זיך אָפּ אויפן רעיד* און אַ קאַטער קורסירט פון דער שיף צום ברעג און צוריק. ווי נאָר דער קוראָרטניק פּלאָנטערט זיך אַרויס פון די פּאָרט־געביידעס און קומט אַריין אין שטאָט אַריין, ווערט ער ממש פאַרבלענדעט פון דער ווייסקייט פון די פּרעכטיקע סאַנאַטאָריעס; ער ווערט אַנטציקט פון דעם שיינקייט פון די טראָטואַרן, וואָס זענען אויס־געפּלאַסטערט מיט פּאָלירטע, רויטע שטיינדעלעך; פון די צויבערנדיקע פאָנטאַנען; פון די הענגענדיקע גאַניקלעך, וואָס זעען אויס פון דער וויטנס ווי ווונדערבאַרע וואַזאָנעס פון לעבעדיקע רויזן; פון די אומ־ענדלעכע אַלייען פון פּאַלמעס און קיפּאַריסן, ליליען און פיקוסן; עס פרייען דאָס אויג די פּאַרקן מיט די זאַמדיקע וועגן; די נאַטירלעכע טייכ־

---

* אַ געוויסע דיסטאַנץ פון ברעג.

לעך און די אָנגעגאָסענע באַסיינען; די הייל־בעדער; די פאַנטאַסטיש־געבויטע טעאַטערס און די אָפענע עסטראַדע־זאַלן מיט די ווייך־געבעטע שטולן...

מיט איין וואָרט: אַז גאַגרע איז דאָס שענסטע ווינקעלע אין דרום־רוסלאַנד — דאָס ווייסן נאָך נישט פיל פון דער סאָוויעטישער באַפעל־קערונג, אָבער די דאָזיקע, וואָס ווייסן דאָס שוין יאָ, ווייסן דאָס שוין אויף געוויס!

מאָניאַ האָט אַריינגעלייגט אין טאַש אַריין דעם שליסל פון זיין חנעוודיק צימערל, וואָס האָט אַרויסגעקוקט מיט אַ גאַניקל אויפן ים אַרויס, און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום פּאַרוואַלטער פון דער קיך. נאָך דעם ווי ער האָט זיך מיט אים צונויפגערעדט וועגן זיין מעניו, אַז דאָס גאַנצע פליישוואַרג וואָס דאַרף אים צוגעטיילט ווערן לויט דער פּוטיאָווקע, מוז אים פאַרביטן ווערן אויף פּוטער, קעז, סמעטענע, גרינוואַרג, פּרוכטן, אָדער אייער, געזאַלצנס, געטראַנקען און נאַשערייען — ווי עס פירט זיך ביי וועגעטעריאַנער — איז מאָניאַ אַרויסגעגאַנגען אין גאַס אַריין אַ ביסל באַקוקן דאָס גאָלדענע אינדזל, וואָס רופט זיך אין דער פּוטיאָווקע אַזוי פּשוט און אַזוי צויבערפול ווי: „גאַגרע". דער טאָג האָט געגוססט. פונעם האָריזאָנט האָבן זיך געטראָגן צו דער יבשה צו פינצטערע בייזיקע כמאַ־רעס. דער ים האָט ווי אַ מחנה לייבן געברומט אין די ברעגן. פון אומ־באַוווסטע ווייטן האָבן כוואַליעס מיט ווייסע צעשויבערטע טשופּרינעס, ווי גוט־אויסגעמושטרירטע חיילות מיט פלאַטערנדיקע פאָנען, זיך געיאָגט אויף גאַגרע, געוואָלט עס איינשלינגען. מאָניאַ האָט זיך אומגעקערט אין זיין סאַנאַטאָריע, גענומען אין שווייצאַרסקע * זיין גומענעם מאַנטל און האָט אוועקגעשפּאַנט אַקעגן דעם שטורעם, צום ברעג.

דער ברעג איז איצט געווען אומהיימלעך און כמעט פּוסט. דאָס רוב קוראָרטניקעס האָבן נאָר ליב אַרויסצוגיין פון די סאַנאַטאָריעס אין זו־ניקע טעג. און בעת עס רעגנט, איז אָדער מען וואַלגערט זיך אין די בעטן, אָדער מען זעצט זיך צו צום גרינעם טישל. מאָניע, מיט אַ לאַנגער, דינער צווייג אין דער האַנט, האָט איינזאַם אַרומגעשפּאַצירט איבערן אַספאַלט לענג־אויס דעם פלאַכן ברעג. די רייטנדיקע כוואַליעס האָבן פּאָרזיכטיק אַ לעק געטון זיינע שיך און זענען בבהלה צוריק אָפּגעשפּרונגען, נאָך אַ לעק — און ווידער צוריק אָפּגעשפּרונגען. נאַשערס אַזעלכע — טראַכט מאָניאַ — דער ים איז זיי ווייניק... נישט ווייט פונעם ברעג, באַמערקט ער די סאַנאַטאָריע פון דעם „נאַרקאָמפּראָס", ** אויף וועלכער עס האָט אים ביי טאָג אָנגעוויזן דער שאָפער, וואָס האָט אים געבראַכט דעם באַגאַזש פונעם פּאָרט. די דאָזיקע סאַנאַטאָריע איז דער גרעסטער פּאַלאַץ, וואָס גאַגרע פאַרמאָגט. מאָניאַ באַטראַכט אויפמערקזאַם די גראַנדיעזע זיילן

---

* דער וועסטיביול, וו עס געפינט זיך שטענדיק דער שווייצער.

** פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר בילדונג.

פון בלענדנדיקן מאַרמאַרשטיין; די געשניצטע, בלויע קאַרניזן, וואָס זעען אויס ווי קונציק־אַרויפגעלייגטע שלייפלעך אויף די אונטערשטע פאַלדן פון דער הימל מאַנטיליע; די געלע, צעלולאָידענע דאַשקעס איבער די גאַנקעס. אַ בלענדנדיקער בליץ גיט אויף שנעל אַ צייל איבער די דאַשקעס, טוט זיך אַ שפּיגל אין די גרויסע פענצטער און פאַרשווינדט מיט אַ ווער־טיקאַלן זיגזאַג אין די ווייטע במורע סקאַלעס. גלייך נאָכן בליץ הייבט זיך אָן אַ שרעקלעכע קאַנאָנאַדע פונעם ים. עס ציטערט די ערד, עס וואַרפן זיך די ביימער, גלייך ווי עמעצער וואָלט זיי געביסן אין די פיאַטעס.

מאַניאַ באַטראַכט דעם ים כשהוא זועף און גיט שמייכלענדיק אַ טראַכט:

— אָט דער שטאָלצער „נאַרקאָמפּראָס" קען זיך אַ מאָל נישט אָוועק־לאָזן שווימען אין דעם דאָזיקן, אַלץ פאַרשלינגענדיקן, זודיקן קעסל?

ער פאַררייסט דעם קאָפּ אויף די פינף עטאַזשן. ניין, דאַכט זיך, אַז דאָס מויערל שטייט פעסט, און זיינע איינוווינער האָבן זיך נישט פון וואָס נעמען צום האַרצן אפילו אין אַזאַ געוויטער. אויפן העכסטן גאַניקל, סאַמע אונטערן קאַרניז — זעט ער — שטייען צוויי מענטשן. דאַכט זיך — פרויען. זיי הענגען זיך אַריבער ביז האַלב איבער דער פאַרענטשע פונעם גאַניקל און פאָכען מיט אַ מאַנטל, וועלכן זיי האַלטן, אַ פּנים, פאַר דעם הענגער. מאַניאַ גיט צו זיך אַליין אַ שמייכל:

— נו, ווי געפעלט דיר? אַ נייע דערפינדונג פון דער מעטעאָראָ־לאָגיע, מיט אַ מאַנטל גאָר...

דער ים דערוויייל איז שוין ברוגז גאָרנישט אויף קאַטאָוועס. גאַנצע סטאַדעס שלענג מיט ווייסע וואָנסן לויפן אָן צום ברעג, באַשפּריצן אים אויף אַ פיר, פינף מעטער, און צוריק צו זיך אַהיים! נאָך די שלענג יאָגן זיך ווייסע בערן, רייטנדיק אויף שוואַרצע וועלף. דאָס בושעווען פון די צערייצטע כוואַליעס פאַרטויבט ממש די אויערן. קיין הימל זעט מען שוין פון לאַנג נישט אַרויס. מאַניאַ, — אויס מורא, אַז דער שטורעמווינט קען אים נאָך אַריינשליידערן אין אָט דעם כּף־הקלע — האַלט אַרומגענומען אַ יונגע סאָסנע, וואָס האָט מן הסתם על־פּי טעות פאַרבלאָנדזעט אין די היגע קאַנטן פון די וויסרוסישע דאַטשעס, און קען זיך גאָר צו דער זעט נישט אָנקוקן אויף דעם אכזריות פונעם ווינט און אויף דעם געוואַגט־קייט פון דעם ים. מאַניען דערמאָנט זיך דער פּסוק פון „ברכי־נפשי": „גבול שמת בל יעבורון, בל ישובון לכסות הארץ". יאָ, גערעכט. אַצינד זעט ער דאָס באַשיינפּערלעך, אַצינד פילט ער דעם באַדייט פונעם פּסוק. ווען נישט דעם באַשעפערס באַפעל, וואָלט דער ים מיט איין שלונג אַן עק געמאַכט פון גאַנגרע, און פון אירע מויערלעך צוזאַמען מיט די קור־אָרטניקעס.

פּלוצלינג דערטראָגט זיך פון ערגעץ צו זיינע אויערן אַ האַרצרייסנ־דיקער קוויטש. ער קוקט זיך אום אויפן ים: דאַכט זיך, אַז קיין מענטשן זעט מען נישט. דאַן קוקט ער זיך אום אויף דער ריזיקער סאַנאַטאָריע.

די פּרוּיען, וואָס שטייען סאַמע אונטערן דאַך, זעט ער, שרייען עפּעס, באַפּן מיט די הענט די לופט. ער פּאַררייסט דעם קאָפּ צום הימל און גלייך ווערט אים אַלץ קלאָר: נישט זייער הויך פון דער ערד טראָגט זיך ווי אַ פּאַראַשוט דער מאַנטל, וואָס דער ווינט האָט אויסגעריסן פון זייערע הענט. די אַרבל פונעם שוועבנדיקן בגד זענען שטייף אָנגעבלאָזן און יעדער פון זיי, זעט אויס ווי אַ קורצינקער האַלדז פון אַ האַרמאַט. די פּאָלעס זענען אויסגעצויגן און פאַרקיילעכדיקט ביי די ברעגן ווי די פּויקן. מאָ־ניאַ קוקט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, ווי דער מאַנטל פליט גלייך אין ים אַריין. אַרום אים איז שוין שטאַרק טונקל. צי דאָס איז מחמת ס'איז שוין טאַקע נאַכט, צי בלויז איבער די כמאַרעס, דאָס ווייסט ער נישט, נאָר פּאַר צוואַנציק טריט איז שוין שווער געננוי עפּעס צו דערקענען. דער ווינט ווערט עטוואָס שטילער און דער שוועבנדיקער מאַנטל פאַרלירט אַ ביסל פון זיין טעמפּאָ. דאָס פּאָרל נשים דאָרט פון אויבן און מאָניאַ פון אונטן קוקן מיט ברענענדיקע אויגן און מיט פאַרשטאַרבענע הערצער, ווי דער „פּאַראַשוט" פאַרלירט איין אַרבל נאָכן צווייטן. נידעריקער, נאָך נידעריי־קער, שוין אין גאַנצן אַ זיבן, אַכט מעטער פון דער ערד. יאָ, די אבידה, איז אויס אבידה. ווען דער מאַנטל שוועבט שוין אין גאַנצן אַ פּאָר מע־טער איבער מאָניעס קאָפּ, הייבט זיך אויף אַ פרישער שקוואַל פון ווינט, עס קומען צו פליען פרישע שיירות מיט בייזע חיילות, זיי גיבן אַ יאָג אונטער אַ פרישן טראַנספּאָרט ברומענדיקע בערן צו דער יבשה, דער מאַנטל ווערט אונטערגעכאַפּט מיט אומגעזעענע הענט, אַ צי אויס מיטן קאָפּ אַראָפּ און — אַ שליידער אין וואַסער אַריין! פונעם גאַניקל דער־טראָגט זיך פון דאָס ניי אַ פאַרצווייפלטער אויסגעשריי. מאָניאַ באַוויזט אפילו נישט זיך צו באַקלערן, וואָס ער גייט דאָ טון, ווי זיין מאַנטל, דאָס פּידזשאַקל מיט די שיך ליגן שוין אונטער אַ שטיין, און אַליין האָט ער זיך ווי אַ שוועלבעלע אַריינגעשניטן אין דער קאָכעדיקער מאַסע.

דער ערשטער געדאַנק זיינער איז געווען, אַז דאָס וואַסער איז גאָר־נישט אַזוי געפערלעך קאַלט, ווי ער האָט געמיינט. געדענקענדיק, אַז דער מאַנטל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף לינקס, און דער שטראָם לויפט אויף רעכטס, האָט ער זיך אַ לאָז געטון אים איבערשניידן דעם וועג. און ווירקלעך טאַקע: אין געדיכטן חושך האָט ער פון דעסט וועגן באַמערקט עפּעס אַ פאַרמלאָזע מאַסע מיט שפּיצן, זיך הוידען רייטנדיק אויף אַ כוואַליע. דער ווינט האָט דווקא געננומען שמייסן אויף צוריק, די „מאַסע" האָט זיך געננוג לאַנגזאַם געגליטשט אויף דעם שוואַרצן שוים, אָבער קו־מען צו איר איז געווען אוממעגלעך. דער אומגעדרייטער ווינט האָט פאַר־שלאָגן דעם אָטעם, געריסן די אויגן פונעם קאָפּ. מאָניאַ האָט אָנגע־שטרענגט די לעצטע כוחות, זיך פאַרשטעלט מיט איין האַנט די אויגן פונעם ווינט, קוים דערטאַפּט מיט די בליקן דעם פאַרדעכטיקן פלעק, אין געדאַנק אָפּגעמאָסטן דעם שטח צווישן אים און דעם געגאַרטן פּאַנג און — איז אַרונטער אונטער וואַסער! דער ווינט איז געווען אַזוי מעכטיק,

אַז אפילו אונטערן אויבערפלאַך איז שווער געווען צו שווימען קעגן דעם שטראָם. ענדלעך האָט זיך מאַניאַ משער געווען, אַז ערגעץ דאָ דאַרף זיך געפינען די אבידה, און האָט שוין געוואָלט אַרויפשווימען, אָבער אַרויס־קריכנדיק צוריק אויפן וואַסער, האָט ער נישט געקענט אויפהייבן דעם קאָפּ. עמעצער האָט מיט אַ שטאַרקער, שווערער זאַך אים אַראָפּגעקוועטשט אויף צוריק, געשטויסן אין וואַסער אַריין. מאַניאַ האָט נישט געקענט פאַרשטיין: ווּהין האָט עס אים פאַרטראָגן? שוין זשע געפינט ער זיך אונטער אַ שיפל, צי אונטער אַ דאַמבע? מיט איין האַנט האָט ער גע־נומען אַרומטאַפּן די „סטעליע” און האָט אָנגעטראָפן אויף אַ נאָכגיביקער זאַך, וואָס לאָזט זיך קנייטשן און אָפּשאַרן. דאָס האַרץ האָט זיך אין אים אַ וואָרף געטון פאַר פרייד. ער האָט מיט דער פרייער האַנט אָפּגעריסן די נאַסע, קלעפּיקע זאַך פונעם קאָפּ און האָט אַריינגעשטעקט איין עק פון איר טיף אין קעשענע און דעם צווייטן — אין פּאַסיקל. די נאַכט איז שוין מעשה־באַלעבאַטסטע געלעגן אויפן ברעג. די עטוואָס געהאַמעוועטע כוואַליעס, האָבן פרעסעריש געפליקט און געריסן דעם צעשויבערטן ברעג, פּונקט ווי אַ זאַט־געוואָרענע חיה־רעה, מעלה־גרהט די רעשטלעך פונעם פאַרצוקטן שפּעלע. די יבשה מיט אירע מענטשן איז געווען ווייט. דער הימל מיט זיין געשוואָלענעם בויך זייער נאָענט. מאַניאַ האָט מיט אַלע כוחות זיך געאײַלט צום ברעג. פון ווייטנס האָט שעמערירט אַ ברענענדי־קער שטערן. דעם דאַזיקן מאַיאַק * האָט ער נאָך ביי טאָג באַמערקט און אָריענטירנדיק זיך אויף זיין שיין האָט ער גרינג געטראָפן, וווּהין ער דאַרף שווימען.

אין פופצן מינוט אַרום איז ער אַרויס אויפן ברעג.

באַמערקנדיק ביי דער שיין פון די עלעקטרישע לאַמטערנס לויפנדיקע צוויי סילועטן, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען די זעלבע פרויען פון דעם גאַניקל. זיי האָבן געמוזט באַמערקן, אַז ער האָט זיך געלאָזט שווי־מען און אַצינד ווילן זיי וויסן, צי ס'איז עפּעס אַרויסגעקומען דערפון. מאַניאַ האָט מיט וואַקלענדיקע טריט זיי געטראָגן אַנטקעגן דעם מאַנטל. זיי האָבן געלאָזט פאַלן דעם מאַנטל אויף דער ערד, געכאַפּט זיינע הענט אין זייערע, זיי געדריקט און געקושט און געוויינט און זיך גאָרנישט גע־קענט באַרויקן. איין מאַניאַ איז געווען רואיק, גלייך ווי עס האָט גאָר־נישט געטראָפן. עס זענען געקומען צו לויפן נאָך אייניקע קוראָרטניצעס, אויך דער אַדמיניסטראַטאָר פון דער סאַנאַטאָריע. אַלע האָבן געשריגן, זיך געקאָכט, דערציילט ניסים ונפלאות, נאָר איין מאַניאַ איז געשטאַנען אין אַ זייט, געשוויגן און געשמייכלט. ער האָט אָפּגעזוכט זיין אָנטון. דעם שטיין האָט דער ווינט אפילו געריררט פונעם אָרט, געשלעפּט אַ ביסל אי־בער דער ערד, נאָר דער מאַנטל, דאָס פּידזשאַקל מיט די שיך זענען גע־בליבן גאַנץ.

* לייכט־טורעם.

פון די צוויי קוראַרטניצעס איז מאַניאַ געווויר געוואָרן, אַז זיי זענען סטודענטקעס. איינע — פון אַ לעניגראַדער אינסטיטוט, די צווייטע פון אוליאַנאָווסק. דער מאַנטל איז גאָר בסך־הכל נישט זייערער. זייערע אַ חברטע, אויך אַ קוראַרטניצע, איז אַוועקגעגאַנגען נעמען אַ ביטל און אַ מאַסאַזש און האָט זיי איבערגעלאָזט איר מאַנטל. און קיין אַנדערן האָט זי טאַקע נישט. ווען דער זאָל געווען פאַרפאַלן ווערן, וואָלטן זיי — די שולדיקע — געווען געמוזט איר אָפּקויפן אַן אַנדערן און קיין געלט האָבן זיי אויך נישט... עס וואָלט געווען יענע חתונה. בקיצור: די אייגנטימערין פונעם מאַנטל קער שוין זיין פון דעם „סעאַנס", על־כן ווילן זיי, אַז ער זאָל צוזאַמען מיט זיי אַרויפגיין צו איר. זי אַליין מוז אים אויך אָפּדאַנקען. אַזאַ זאַך מוז מען טון פערזענלעך. אַך, זיי און זי זענען אים דאָך אַזוי דאַנקבאַר... אַזוי דאַנקבאַר...

מאַניאַ האָט זיי איבערגעשלאָגן:

— אַ דאַנק פאַר דער איינלאַדונג. אין מיין איצטיקן טואַלעט פּאַסט מיר גאָר צו גיין אויף וויזיטן.

— עס מאַכט נישט, עס מאַכט נישט... איר וועט זיך ביי אונדז אויסטריקענען.

— ניין, אַ שיינעם דאַנק אייך, איך גיי אַהיים.

— וואַרט זשע אויס כאָטש איין ווייַלע, וועלן מיר זי אַראָפּרופן אַהער —

— איי, נאָך וואָס זאָלט איר דאָס טון? יענע איז נאָך אַ באָד —

— אָבער ווען טרעפן מיר זיך מיט אייך?

— אָ־אָ! מיר זענען נאָך אַזוי יונג, קאַרג צייט איז דאָ דערויף?

— אָבער זאָגט, איר זענט אויך אַ קוראָרטניק?

— איר פרעגט ערשט? ווער איז דאָ נישט קיין קוראָרטניק?

— זאָגט זשע דעם נאָמען פון אייער סאַנאַטאָריע, וועלן מיר קומען צו אייך.

— איך בין ערשט געקומען און ווייס נאָך אַליין נישט דעם נאָמען. אַ גוטע נאַכט. צום ווידערזען.

— איר מיינט, אַז איר וועט זיך אויסדרייען פון אונדז? מיר וועלן אייך געפינען. גאַגרע איז נישט מאָסקווע —

— איר וועט מיך נישט דאַרפן געפינען. איך וועל מיך גאָר נישט באַהאַלטן...

זיי האָבן זיך וואַרעם געדריקט די הענט און זיך צעגאַנגען אין פאַרשידענע ריכטונגען.

דעם ים האָט מען שוין נישט אַרויסגעזען, נאָר אין דער סמאָליקער פינצטערניש האָט מען נאָך געהערט דאָס ווילדע ברומען זיינס, דעם געפּליעסק פון די צעיושעטע כוואַליעס, און דאָס צערייצטע פייפן פונעם ווינט. „אין דער היים" האָט מאַניאַ זיך אָפּגעזאָגט פון נאַכטעסן, ער האָט

נאָר אויסגעטרונקען אַ האַלבן ליטער הייסע מילך, איינגענומען אַ טאַבּלעטקע סטרעפּטעציט, — טאָמער האָט ער זיך אין דער קאַלטער באָד אַ ביסל צוגעקילט — געלאָזט זיך מאַכן אַ מאַסאַזש איבערן גאַנצן קערפּער און געהייסן אין דער פרי אים נישט וועקן.

*

ווען מאָניאַ האָט אויף צו מאָרגנס געעפנט די אויגן, האָט אים דאָס פענצטער אונטערגעטראָגן אַ בלויען הימל, און אַ רואיקן, בליאַסקנדיקן ים־פלאַך. די זון איז שוין געקראָכן אויף די ערשטע שטאָקן, איבערלאָזנדיק די טרעפּ אין שאָטן. עס איז געווען ווייט נאָך האַלבן טאָג. אויף גיך זיך אַרומגעוואַשן, אָפּגעדאַוונט, האָט ער אָנגעקלונגען נאָך פרישטיק. צוזאַמען מיט דער הייסער קאַווע האָט מען אים אַרויפגעטראָגן אַ טעלעגראַמע פון דער היים. זיי זענען זייער באַאומרואיקט, וואָס ס'איז אַזוי לאַנג נישטאָ פון אים קיין בריוו. מאָניאַ דערמאָנט זיך, אַז ער איז שוין טאַקע פון מינסק באַלד אַ וואָך צייט — ווייל ער האָט זיך פאַרהאַלטן אין ראָסטאָוו אויף עטלעכע טעג — און אַהיים נאָך גאָר קיין ידיעה נישט געגעבן. איבערגעביסן, האָט ער זיך אָנגעטון זיין בעסטן אַנצוג, ווי פאַר אַ קוראָרטניק פּאַסט, און האָט זיך געלאָזט גיין אויף דער פּאָסט צו ענטפערן אויף דער טעלעגראַמע. פון פּאָרנט ביי דער פּאָסט, האָט אַ רעקלאַמע־בודקע שעמערירט מיט אירע פיל־פאַרביקע אַנאָנסן. ער איז צוגעגאַנגען נעענטער און האָט איבערגעלייענט, אַז אין מיטלסטן פּאַרק וועט היינט געבן אַ קאָנצערט דער סווערדלאָווסקער טעאַטער פאַר הומאָר און סאַטירע. ביזן אָנהייב איז נאָך געבליבן גוטע דריי שעה. מאָניאַ איז אַוועק אין אַמבולאַטאָריע, זיך געלאָזט באַטראַכטן פון אַ גאַנצער מחנה דאָקטוירים, און האָט באַקומען פון זיי אַ לאַנג צעטל מיט רפואות: רענטגענשטראַלן, באַרג־זון, בעדער, בלאָטעס, מאַסאַזשן, עטלעכע ערליי וואַסערן, און דער עיקר: אַ שטרענגן דערנערונגס־רעזשים אויף די ערשטע צוויי וואָכן. מיט אַ לייכטן טשאַד אין קאָפּ פון דעם גאַנצן שלחן־ערוך, וואָס מען האָט אים דאָ איינגעטיילט, איז ער אַוועקגעגאַנגען נעמען דאָס ערשטע ביטל. אַרויסגייענדיק פון דאָרטן און איבערכאַפּנדיק עפּעס אין אַ רעסטאָראַן, האָט ער דערזען אויפן וואַנטזייגער, אַז עס זענען בסך־הכל געבליבן געציילטע מינוטן צום אָנהייב פון דער טעאַטער־שפּיל. ווען ער איז אַהין אַריינגעקומען, זענען שוין די לאָמפּן געווען אויסגעלאָשן און דער פאָרהאַנג האָט זיך טאַקע גלייך אויפגעהויבן.

אין אַנטראַקט איז מאָניאַ אַרויסגעגאַנגען זיך אַ ביסל דורכשפּאַצירן אין אַן אַלייע. דער גאַנצער פּאַרק איז געווען איינגעטונקען אין ליכט. אין דער לופט איז געהאַנגען אַ וואַרעמער זומער־אָוונט. פון די העכערע ערטער האָט מען דייטלעך אַרויסגעזען דעם ים. אַזוי גוט ווי ער האָט זיך נעכטן געכעסט, און דער שוים, וואָס האָט געזעצט פון זיינע שוואַרצע לעפּצן, האָט געוואָלט פאַרפלייצן די וועלט, אַזוי איז ער איצט געווען שטיל און

אונטערטעניק ווי אַ לעמעלע און איז רואיק געשלאָפן אין זיין קעניגלעכער לאָזשע. דער מאַיאַק איז נישט געווען באַלויכטן. אין אַזאַ רואיק וועטער וועט קיין שום שיף נישט אַראָפּבלאָנדזשען פונעם ריכטיקן וועג. מאַניאַ איז צוגעגאַנגען ביז צו דער ענדע פון דער אַלייע און האָט זיך אומגעקערט אויף צוריק. נאָך פון דער ווייטנס האָט ער באַמערקט, ווי אַ גאַנצע כאָפּטע יונגע מיידלעך זענען פון אַ צווייטער זייט אָנגעקומען אין דער אַלייע. לכתחילה האָט ער אויף זיי קיין מינדסטן אַכט נישט געלייגט, נאָר ווען זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערנעענטערן, האָט זיך אים מיט אַ מאָל אַ דאַכט געטון, אַז ער זעט צווישן זיי זיינע פּריש־באַקאַנטע אַ דאַנק דער נעכטי־קער „קאַטאַסטראָפע״ מיטן מאַנטל. ער האָט געוואָלט אומבאַמערקט פאַר־שווינדן צווישן די פּאַלמען, נאָר עס איז שוין געווען צו שפּעט. פון דער גרופּע מיידלעך האָבן זיך דערטראָגן קולות:

— חבר, חבר, שטייט! זשעניאַ, אָט דער חבר האָט דיר געראַטעוועט דעם מאַנטל. וואַרט, חבר, אַנטלויפט נישט, כאַ, כאַ, כאַ... איר זענט אַרעס־טירט —

ווי אַלטע באַקאַנטע זענען די נעכטיקע סטודענטקעס צוגעלאָפן, אים אָנגעכאַפּט ביי ביידע הענט און טריאומפירנדיק געפירט קעגן דער באַלע־באָסטע פונעם מאַנטל. מיט אַ מאָל איז די פריילעכע קאָמפּאַניע מאָדנע שטיל געוואָרן. די פאַרלירערין און דער געפינער זענען שטיין געבליבן איינער קעגן דעם צווייטן, ביידע בלאַסלעך, ביידע איבערראַשט און ביידע אָן לשון. דער ערשטער האָט מאַניאַ געמאַכט אַ שריט פאָרויס און אַ דערשטוינטער אויסגערופן:

— זשעניאַ, דו?

— מאַניאַ, טייערער!

מאַניאַ האָט נישט באַוויזן אַ פינטל צו טון מיטן אויג, ווי זשעניאַ פיינשטיין איז שוין געהאַנגען אויף זיין האַלדז. נישט פרעגנדיק זיך אַליין, וואָס איז די מעשה, און נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון וואָס ער טוט, האָט ער זי אויך אַ קוש געטון. ער האָט בשעת־מעשה געהאַט אַ געפיל, ווי ער זאָל אין אַ ווייט פאַרוואָרפן לאַנד פּלוצלינג באַגעגענען אַ פאַרלוירן קליין שוועסטערל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין דעם גרויסן זאַל פון די ווייסבלאַטס, וואָס איז געווען טיף גע־זונקען אין דער „שקיעה״, האָט זיך פון דעם נאָמען „זשעניאַ״ דורכגע־טראָגן אַ גרויל. שלמה האָט דערפילט, ווי איין פוס זיינער הענגט שוין איבערן אָפּגרונט. אויגן האָבן זיך שאַרפער אָנגעצילט; אויערן האָבן זיך מער אָנגעשפּיצט; רוקנס האָבן זיך ביינערדיקער אַריבערגעבויגן אויף פאָרנט... דעם דאָזיקן טייל פאַרזאַמלטע, וואָס האָט געוווסט וועגן וועמען דאָ רעדט זיך, איז פון אָט דער אומגעריכטער באַגעגעניש באַפאַלן אַ חיה־שע שרעק; דעם צווייטן טייל, וואָס האָט גאָר אפילו נישט חושד געווען, ווי ווייט דיני־נפשותדיק דער „פּאַלעסטינער״ ראָמאַן איז — האָט זיך די

שרעק אינסטינקטיוו איבערגעגעבן, איהו לא חזי, מזליהו חזי,* און זיי זענען אויך פארשטארטע געזעסן און געשפירט נאך יעדן זילב, וואס דער דערציילער האט ארויסגעלאזט פונעם מויל; נאך יעדער תנועה אויפן דערציילערס געזיכט. און דאס דאזיקע געזיכט האט אין זיך איצט נישט געהאט קיין איין טראפן בלוט. עס איז געווען געל ווי וואקס. מנשה האט געכאפט א קוק אויף שלמהן און א משוגענער געדאנק האט דורכגעבליצט אין זיין מח:

— אט אזוי קער אויסזען אן אלטיטשקער, ווען ער מעסט זיך אן די צוגעגרייטע תכריכים קעגן שפיגל...

די גאנצע הפסקה האט אבער מער נישט געדויערט ווי איין אויגנ־בליק. שלמה דער מענטש, דער וויטיקנדיקער, איז אומברחמנותדיק אפגע־רוקט געווארן אין א זייט, און שלמה דער שרייבער, דער שעפער, האט ווייטער געטון זיין ארבעט באמונה:

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— ...א קליינע ווײַלע זענען זיי געשטאנען איינער קעגן דעם צווייטן אן לשון. פלוצלינג איז זשעניא אפגעטראטן אויף צוויי טריט, אים אפ־געמאסטן מיט אירע ברענענדיקע אויגן פון קאפ, ביז די פיס און ווארגנ־דיק זיך מיט די רייד, אויסגעשריגן:

— אך, מאניא! מאניעטשקע! אונדזער באגעגעניש דא איז דאך ממש אויסטערליש —

מיט א מאל דערמאנט זי זיך אין אירע חברטעס, אנטשולדיקט זיך און גיט זיי צו פארשטיין:

— דאס איז מיין קוזין. מיר האבן זיך שוין לאנג נישט געזען —

יענע שאקלען פארשטייענדיק מיט די קעפ און באקענען זיך איינציק־ווייז מיט מאניען פאר די הענט. זשעניא שלאגט זיי איבער:

— איז דו גאר האסט עס מיר נעכטן געראטעוועט מיין מאנטל?

מאניען בליצט דורך א געדאנק:

— זי איז דאכט זיך קיין מאל מיט מיר אויף „דו" נישט געווען...

און איר ענטפערט ער:

— יא. זיך א ביסל אויסגעצוואגן. אבער ער וועט נאך אויף עפעס טויגן?

— וואס הייסט, צי ער וועט טויגן? אט טראג איך אים דאך אויף זיך!...

— עס קען נישט זיין! איז ער לחלוטין גאנץ?

— אן א מינדסטן פעלער! פארקערט, ער איז גאר ניי געווארן, אזוי ווי ערשט פון אונטער דער נאדל ארויס... חוץ איין קנאפ וואס איז פאר־לוירן געווארן.

---

* זיי האבן טאקע נישט געזען, זייערע גייסטער האבן אבער געזען. פון דער גמרא, וועגן דניאל הנביא וחבריו.

— שאַ! אַ קנאַפּ? צו מיר אין קעשענע איז פון ערגעץ מגולגל גע־זואָרן אַ פרעמדער קנאַפּ. איך האָב אים שוין געוואָלט ארויסוואַרפן. נישט אַט דאָס איז ער?

— אודאי דאָס איז ער! איך וועל דיר געבן אַן ארויסוואַרפן —

זשעניאַ רייסט האַסטיק אויס ביי מאַניען דעם קנאָפּ, וואַרפט אים אונטער אין דער לופט און כאַפּט אים קונציק, מיט צוויי פינגער. זי ווייזט אים אירע חברטעס, יעדער באַזונדער און אַלע לאַכן אויפגעלייגט. מאַניאַ, דערוויל, באַטראַכט זיין פון הימל־אַראָפּגעפאַלענע „קוזינע". זשעניאַ פיינ־שטיין איז לחלוטין אוממעגלעך צו דערקענען. פאַר די דריי יאָר, וואָס זענען פאַריבער זינט ער האָט זי צום לעצטן מאָל געזען, האָט זי זיך אין גאַנצן געענדערט. דאָס איז מער נישט געווען די קליינע זשעניטשקע, די קוויטשערקע, די שטיפּערקע. ניין, „יענע" איז ערגעץ פאַרשוווּנדן, און אַנשטאָט איר איז פאַר מאַניען געשטאַנען אַ בליענדיקע אַכצניעריקע קראַ־סאַוויצע. זי איז געווען עטוואָס העכער פון טאַמאַרען און שלאַנקער פון איר. „יענע" איז געווען אַ בלאָנדינקע און די — אַ בילדשיינע שאַטענקע: גרויסע, שיינע, טונקעלע און גליענדיקע אויגן; מאַט־בראָנזעווע האָר פאַר־פלאָכטן אין אַ קוילעטש נידעריק אַרום קאָפּ, פּונקט ווי די עלטערע שוועס־טער, נאָר מיט פיל מער גראַציע. אמת, אין די באַקן, בשעת דעם לאַכן, ווערן ביי איר נישט קיין חן־גריבעלעך, ווי ביי דער עלטערער שוועסטער, נאָר דערפאַר איז איר געלעכטער אַזאַ לוסטיקער, אַזאַ אַנשטעקנדיקער, אַז נישט ווילנדיק מוזסטו מיטלאַכן. געקליידעט איז זי געווען אָרעם, שטאַרק וואָלוול, נאָר זויבער און מיט געשמאַק. נעבעך אַ באַהאַלטענער קבצן — טראַכט מאַניאַ — אָבער גאָלד שיינט אַרויס אפילו פון דער בלאָטע...

איבערן גאַנצן גאָרטן גיט די עלעקטרי אַ פינטל מיט די אויגן דריי מאָל נאָך אַנאַנד. פון אַלע ווינקלען לויפן מענטשן פאַרנעמען זייערע פּלעצער אין דער ליכטיק, ווייל אין דער פינצטער געפינען זיך אויף זיי אַנדערע בעלנים. זשעניאַ ווענדעט זיך צו אירע חברטעס:

— מיידלעך, אַנטשולדיקט מיר, נאָר איך וועל זיך איצט נישט אומ־קערן אין זאַל אַריין. סווערדלאָווסקער קונסט אינטערעסירט מיך ווייניקער ווי אַ גרוס פון מיין פעטער און מומען...

די חברטעס האָבן זיך כיטרע צעשמייכלט, גנביש אונטערווינקענדיק האָבן זיי זיך געזעגנט און זענען ווי אַ סטאַדע ווילדע קאַטשקעס, מיט קוויטשערייען און אַרויספּלאַצנדיקע געלעכטערס, אַוועקגעפלויגן אין זאַל אַריין.

מיט זייער פאַרשווינדן איז צווישן מאַניען און זשעניען עפּעס ווי אויסגעוואַקסן אַ געהיימע מחיצה. אינסטינקטיוו האָבן זיי זיך אויף עט־לעכע טריט אָפּגערוקט איינער פונעם צווייטן און אָט אַזוי, שטייענדיק פון דער ווייטנס, לאַנג און דורכדרינגענדיק געקוקט איינער אויפן אַנדערן.

עס איז געווען סוף חודש. די שאַרפע ליכט פון די גרויסע עלעקטרי־

שע לאַמפּן האָט מיט זיך אין גאַנצן פאַרשטעלט די הימל־יאַרמלקע. פון די ביימער, פון דער ערד האָט געטראָגן אַ ריח פון זיסער דיניע און פון געזאַלצענער ים־וואַסער. פון דער ווייטער, זומערדיקער טעאַטער־געביידע האָט זיך דערטראָגן אַ רווישיק פּליעסקען און דונערנדיקע געשרייען: ביס! ביס!

זשעניאַ האָט נישט דרייסט אָנגענומען מאַניען פאַרן אָרבל:

— קום אַ ביסל מאַניאַ, שטייען איז נישט פריילעך...

שטיל, אָן ווערטער האָבן זיי זיך געלאָזט גיין לענג־אויס דער אַלייע. נישט קוקנדיק אויף דער גאַנצער גדולה, האָט זשעניאַ נישט אָפּגעזוכט קיין דריי ווערטער אויף צו פאַרבינדן אַ שמועס. פון יענער זייט פּלויט, האָבן זיי געזען, הייבן זיך אָן ציען ווייַנגערטנער, באַשטאַנעס, תבואה־פעל־דער און העט־העט ווייט — סקאַלעס. די באַוווסטע קאַווקאַזער גיגאַנטי־שע בערג. מאַניאַ האָט אויף איר פרעגנדיק אַ קוק געטון. זי האָט מיט גרייטקייט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ. ער איז אַרויפגעקראָכן אויפן פּלויט, פאַרביידע הענט אויך זי אויפגעהויבן און אוועקגעשטעלט לעבן זיך. מיט אַ מאָל האָט זי זיך אַ וואַקל געטון אויף די פיס. אין אימפּעט האָט ער זי אַרומגעכאַפּט און איר אומגעקערט דעם גלייכגעוויכט. דאַן איז ער אַראָפּגעשפּרונגען אויף דער ערד און האָט זי אויף די הענט אַראָפּגע־נומען פונעם פּלויט. אין דעם אויגנבליק, ווען זי איז אין גאַנצן געהאַנגען אויף זיינע מוסקולן, האָט מאַניאַ מיט שרעק דערפילט, ווי זי האָט אַ ציטער געטון מיטן גאַנצן קערפּער. דאָס האָט אויף אים שווער געווירקט און זיי זענען ווייטער געגאַנגען זייער וועג, אָפּגערוקט איינער פון דעם צווייטן אויף עטלעכע שפּאַן.

# קאפיטל XXXIX

אומבאמערקט האָט זיך גאַנגרע אָנגעהויבן אָפּרוקן אַרונטער, אַרונ־טער. זיי זענען געגאַנגען מיט אַ זאַמדיקן וועג צווישן יונגע וויינטרויבן ווי פּיצעלעך אַרבעסלעך די גרייס. די תבואות זענען געווען נישט העכער פון אַ הונט. אַ פּנים — שפּעט פאַרזייט. די פינצטערניש איז דאָ געווען פיל שיטערער ווי אין שטאָט. די נאַכטיקע פייכטקייט האָט געהויכט מיט וואַ־רעמקייט, מיט צעפּאַרעטער גרויפּענער קאַשע. נישט אויסרעדנדיק קיין איין וואָרט, האָבן זיי זיך דערנענטערט צו די סקאַלעס. אין הינטער־גרונט האָט דער ים געדרעמלט פונעם שלאָף. אין דער נאָענט פון די בערג איז אַרום זיי צוריק טונקל געוואָרן, אין שכנות מיט דעם וואַסער — פיל קעלטער געוואָרן.

ענדלעך האָט זיך זשעניאַ אָנגענומען מיט מוט:

— מאָניאַ, דו ביסט אויף מיר נישט בייז, פאַר וואָס איך האָב דיך צוגענומען פון די הומאָריסטן?

— בייז? וואָס פאַלט דיר איין?

— איך וויים? איך זע, אַז די גאַנצע צייט, רעדסטו נישט אויס אפילו קיין איין און איינציק וואָרט...

עס האָט אים מיט אַ מאָל אָנגענומען ביים האַרצן איר אומבאַהאָל־פענער טאָן. ער האָט זי נישט דרייסט אָנגענומען ביי אַ האַנט. איר גאַנצער מיידלשער קערפּער האָט זיך ווי אַ צערטלעך, פרישׁ צווייגעלע אַ בויג גע־טון צו אים.

— רעדסט נאַרישקייטן, זשענקע. אָט די טויץ־קאָמעדיאַנטן פעלן נישט אין מינסק אויך. איך בין נאָר געגאַנגען אַהער, ווייל אַלע פון מיין סאַנאַטאָריע זענען געגאַנגען.

— מאָניאַ, ערשטנס, דערלויב אויך מיר דיר צו זאָגן „דו".

— דו האָסט דאָס שוין געטון אָן מיין דערלויבעניש, און איך האָב גאָרנישט דאַקעגן. אָבער אָט דער „אויך" איז מיר נישט אָנגענעם.

— פאַרשטאַנען. איך וועל מער נישט.

ווידער איז זיי אויסגעגאַנגען שטאָף אויף ממשיך צו זיין דעם שמועס. זיי האָבן נישט פעסט געשפּאַנט אויף אומגעזעענע גליטשיקע שטיינדעלעך, אויף אָפּגעבראָכענע וויינטרויבן־סטעבליעס. אַ לייכט ווינ־טעלע האָט זיי באַשפּריצט מיט עטלעכע קאַלטע טראָפּנס. עס איז שווער געווען צו טרעפן, צי דאָס איז פון פון אויבן צי פון אונטן, פון ים. מיט אַ מאָל האָט זיך פונעם בלינדן מאַיאַק אַרויסגעריסן אַ טרוקענער ווינט, גלייך האָבן זיך אַ יאָג געטון באַהעלפּערלעך פון די קיפּאַריסן־שפּיצן, פון די געהיימע טורעמלעך אויף די ווייטע מינאַרעטן. אין דער לופט איז גע־וואָרן אַ געדראַנג, אַן אימפּעטפולער געפלעכט, פון ווינטן און ווינטעלעך,

אַן אומגעזעענע האַנט האָט אָנגעהויבן גיך־גיך אויפּצורוימען פונעם וועג ווו ערגעץ אַ שטרויעלע, אַ בלעטל, אַ פאַרבלאָנדזעט פּאַפּירל. די יונגעלייט האָבן שוין איצט געשפּאַנט שמיידיקער, אונטערגעיאָגטע פונעם ווינט. זשעניאַ האָט זיך אָנגעבויגן, אויפגעהויבן פונעם וועג אַ צווייגעלע און אַן אויפגערעגטע פון איר נישט קענען פאַרבינדן קיין שמועס, געבראָכן פון דעם שטיקלעך און געוואָרפן זיך אונטער די פיס. ווענדיק איר אַרויסהעלפן און מאַכן אַן עק צו אָט דעם פיינלעכן שווייגעניש, פרעגט מאָניאַ ביי איר:

— שוין לאַנג, אַז דו ביסט דאָ?

— שוין העכער אַ וואָך.

— און דאַרפסט זיין —

— דריי וואָכן...

— יאָ... דו ביסט פאַר דער צייט אַ גרויסע געוואָרן, ווייסט? כ'האָב דיך נישט באַלד דערקענט.

— און איך דיך — גלייך...

— נו, דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך. מענטשן אין מיינע יאָרן בייטן זיך שוין נישט, איז זיי דערפאַר גרינג צו דערקענען.

— אין דיינע יאָרן... מען קען אויף אַן אמת מיינען אַ פרעסטאַריעץ.* נישטאָ ווער עס זאָל לאַכן...

— אַ שיינער געלעכטער. איך ווער שוין היינטיקן זומער פינף און צוואַנציק יאָר.

— און איך בין נאָך אין פעברואַר געוואָרן אַכצן. דו מיינסט, אַז דאָס איז ווייניק?

מאָניאַ ענטפערט איר נישט. די שטילקייט עקבערט די אויערן. מיט אַ מאָל גיט ער זיך אַ כאַפּ, ווי ער זאָל זיך אין עפּעס דערמאָנען:

— יאָ, ווי זשע קומסטו אַהער?

— מיטן צוג.

— טאַקע באמת? נו, נאָך דאַנקען גאָט וואָס נישט צו פוס... דו ביסט נאָך אַלץ אַזאַ שטיפערקע ווי אַ מאָל?

— וואָס דען, אַזוי ווי דו? פון זינט מיר האָבן זיך באַגעגנט, האָסטו נאָך קיין איין שמייכל נישט געטון —

— נו, זעלבסטפאַרשטענדלעך, יאָרן ברענגען מיט זיך ערנסט. זיבן יאָר אין מענטשנס לעבן האָבן פיל צו זאָגן...

— זאָלסט מיר אויפהערן צו ציילן דיינע יאָרן, דו הערסט, צי ניין? איך קען נישט הערן אַזעלכע רייד.

— איז ווי זשע קומסטו אַהער, פון דעסט וועגן?

— איך זע, אַז דו ווילסט טאַקע אין אַן ערנסט ויסן, וועל איך דיר

* אַ שטאָק־אַלטער.

ערנסט ענטפערן. דו ווייסט דאָך גוט, אַז חוץ מיכאַילאָווסק און מינסק האָב איך נאָך אין מיין לעבן קיין שום אַנדער שטאָט נישט געזען, און עס ציט אַזוי אין דער גרויסער וועלט אריין... אַ שרעק, ווי עס ציט! פאַר אַ יאָרן האָב איך צופעליק געלייענט אין אַ זשורנאַל וועגן דער פּרעכטיקייט פון גאַגרע, און איך האָב זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז איך מוז דאָרט זיין!... וואָס נאָך האָב איך ליכטיקס אין מיין לעבן?... אין מיר איז קיינער שטערבלעך נישט פאַרליבט... נו, שאַ! איך האָב פאַרגעסן... איך וועל מער נישט. בקיצור, איך האָב אַ יאָר צייט געקליבן אַ קאָפּיקע צו אַ קאָפּיקע, זיך נישט דערלויבט אפילו די מינדסטע זאַך. עס איז אַ בזיון צו דערציילן, נאָר מען זאָגט דאָך: אָרעם איז קיין שאַנד נישט. אין די גרויסע היצן, ווען מיינע חברטעס פלעגן זיך קויפן אייזקרעם, פלעג איך זיך אָפּקערן אין אַ זייט, שלינגען די סלינע און זיך טאַקע נישט דערלויבן אויסצוגעבן פופציק קאָפּיקעס. וויפל מאָל פלעג איך פאַרקויפן אויף די קורסן נאָטיצביכלעך, וועלכע איך פלעג בגנבה אַרויסשלעפּן ביים טאַטן פונעם פּאָרטפעל. ער פלעגט זיי איינקויפן פאַר זיין אָרגאַניזאַציע וועגן. איך האָב געוווּסט, אַז אים וועט דאָס גאָר נישט שאַטן און אין מיין שפּאָר־ביכעלע וועט צוקומען נאָך אַ רובל. זיי זיכער, מאַניאַ, ווען דו ראַטעוועסט מיר נישט נעכטן דעם מאַנטל, וואָלט איך געוועזן געדאַרפט פאָרן אַהיים אַ נאַקעטע. די מיידלעך האָבן מיר דווקא דערנאָך געוואָלט איינרעדן, אַז זיי וואָלטן מיר געוועזן אָפּגעקויפט אַן אַנדערן, נאָר פאַר־שטייסט דאָך, ווי קומט צו סטודענטקעס געלט? זיי זענען אַזעלכע גבירנ־טעס פּונקט ווי איך. גיי, נעם ביי אַ טויטן, אַז ער האָט אַליין גאָרנישט. יאָ, וווהין בין איך פאַרקראָכן? ניין מאָס רייד... בקיצור, איך האָב אָנגע־קליבן פינף הונדערט רובל. אַ ביסל אויף אָן ערלעכן וועג, אַ ביסל — נישט אַזוי... דו פאַרשטייסט דאָך אַליין, וואָס עס הייסט אין מיין לאַגע צונויפקלאַפּן אַזאַ גוואַלדיקע סומע ווי 500 רובל... לאַכסט, דאַכט זיך? דיר איז גוט צו לאַכן... גלייכסט מיך צו זיך? בקיצור, איך בין צוגע־שטאַנען צו מיין פּראָפעסאָר, אַז איך וויל אויף דער צייט פון אורלויב באַ־קומען אַ פּוטיאָווקע קיין גאַגרע. עס האָט אָבער נישט געהאָלפן מיין בעטן. פאַר אַזעלכע גרויסאַרטיקע אַרבעטער ווי איך איז מער נישט אַסיגנירט ווי צוויי הונדערט רובל, און אַזאַ ערשט־קלאַסיקער קוראָרט ווי גאַגרע קאָסט 800 רובל. זיי האָבן מיך געוואָלט שיקן אויף דער אוקראַינע ערגעץ אין אַן אָפּרו־הויז, בין איך אַריינגעגאַנגען צו מיין דירעקטאָר און האָב אַזש געוויינט פאַר אים. איך האָב אים געוויזן מיין שפּאָר־ביכעלע. ער האָט אַ קוק געטון, פון וועלכע סומען עס האָבן זיך ביי מיר צונויפגעקליבן די 500 רובל און האָט שוין פּשוט נישט געקענט פאַרליידן דאָס רחמנות. ער האָט מיר געהייסן אַריינברענגען אַ העלפט פון דער סומע, וואָס די פּוּ־טיאָווקע קאָסט, 400 רובל. אַ הונדערטער האָט ער מיר איבערגעלאָזט אויף קליינגעלט . די צווייטע 400 רובל האָבן זיי שוין געגעבן, און אָט אַזוי בין איך מגולגל געוואָרן קיין גאַגרע. אין שטוב ווייסן זיי פון גאָר־

נישט. זיי האָב איך געזאָגט, אַז מען האָט מיך פּרעמירט מיט אַ פּוטיאָווקע. ס'איז נאָר דיר דערציילט איך דעם גאַנצן אמת...

מאַניאַ איז געווען דורכגענומען מיט וואַרעמע געפילן צו אָט דעם ליבן קינד, וואָס האָט געשפּאַנט אַ האַלבן מעטער ווייט פון איר.

— זשעניעטשקע, זאָג מיר, נאָך אַזאַ שרעקלעך שטרעבן אַהער ביסטו כאָטש נישט אַנטוישט אין דיינע האָפענונגען?

זשעניאַ איז אין פאַרלעגנהייט. זי ווייסט באמת נישט, וואָס צו ענט־פערן. זי קנייטשט מיט די אַקסלען:

— ווי אַזוי זאָל איך דיר זאָגן? אי יאָ, אי ניין... עס איז נאָר אַ ביסל אומעטיק... אָבער איצט האָב איך, וועט שוין גיין בעסער —

— וואָס איז איצט?

— איצט, האָב איך באַגעגנט אַ... אַ... נו, ווי אַזוי זאָל איך דיר זאָגן? מיט איין וואָרט, אַ מענטשן, וואָס וועט, רעכן איך, מיך נישט לאָזן זיך לאַנגווייליקן...

מאַניאַ מאַכט זיך נישט הערנדיק און פרעגט קאַלטבלוטיק:

— וואָס מאַכן טאַטע־מאַמע?

— געזונט. אַ דאַנק פאַר אינטערעסירן זיך.

— אהרל וואָס טוט?

— גאָרנישט. לערנט, אַרבעט, ווי געוויינלעך.

— נאָך איין פראַגע און מיר גייען אַהיים.

— איך גיי נישט אַהיים.

— וואָס הייסט, דו גייסט נישט?

— איך גיי נישט, הייסט אַז איך גיי נישט!... פאַרשטייסט נישט קיין יידיש?

— פאַר וואָס זשע עפּעס ווילסטו נישט גיין צוריק?

— ווייל מיר האָבן נאָך קיין איין וואָרט ווי עס געהער צו זיין נישט אויסגערעדט...

— וועגן וואָס האָבן מיר דען צו רעדן?

— איך האָב...

— זאָג, וואָס האָסטו?

— זאָג, פריער דו, וואָס האָסטו געוואָלט פרעגן?

מאַניאַ טרעט איבער פון איין פוס אויף דעם צווייטן:

— איך האָב שוין פאַרגעסן מיין פראַגע. דערצייל שוין דו בעסער.

— איך האָב שוין אויך פאַרגעסן...

— ע, זשעניאַ, עס איז דאָך טאַקע פון דיר נישט איבערצוטראָגן. דו ביסט פאַרבליבן דאָס זעלבע שלעקל וואָס געווען... זאָג, וואָס ווילסטו זאָגן?

— ניין, זאָג דו פריער.

— נו, נו, אַן אָנשיקעניש. מילא, איך וועל שוין פריער זאָגן, אַז

אַנדער ברירה האָב איך מיט דיר ? נאָר טאָמער מיינסטו, אַז דאָס איז אַזאַ צוקערדיקע פראַגע —

— אויב נישט קיין צוקערדיקע, ווייל איך נאָך גיכער וויסן.

— גוט, ווייסט שוין וויסן... זאָג מיר, זשענקע, וואָס איז עפּעס די מעשה ?... דו האָסט מיך דערזען און האָסט זיך אַזוי דערפרייט, פונקט ווי דו זאָלסט דערזען, כ'ווייס ? כאָטש דיין אהרלען —

— קוים אויסגערעדט. מער קענסטו נישט ציילן ?

— שלאָג זשע מיר נישט איבער... דו האָסט מיך אַרומגעכאַפּט קושן און איך אַליין האָב זיך אַזש פאַרלוירן און דיך אויך אַ קוש געטון... זאָג זשע מיר, וואָס באַטייט אַזאַ הייסע באַגעגעניש ? אויף וויפל איך געדענק, זענען מיר דאָך שטיקלעך שונאים —

— איך — דיר אַ שונא ?

— פאַר וואָס נישט ? עפּעס איז דאָך געשען אַ סקאַנדאַל... אַ מענטש איז אַרומגעגאַנגען מיט דיין שוועסטער אַזוי פיל יאָרן, די גאַנצע וועלט האָט געמיינט, אַז אָט דאָס איז דאָס, און צום סוף — פאַרענדיקט מיט אַן אולטימאַטום ! ווי קענסטו אויף מיר נישט טראָגן קיין פאַרדראָס ? ביסט איר נישט קיין שוועסטער ? ביסט איר נישט געטריי ?

— מאָניאַ !... מאָניעטשקאַ !... מאָנקעלע !... איך — אויף דיר פאַר־דראָס ? איך — דיר אַ שונא ? גאָט, מיין גאָט !... ווי אַזוי זאָגט מען דאָס דיר ?

און פּלוצלינג האָט זיך זשעניאַ אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטיינערן פוס־בענקעלע פון די סקאַלעס, באַהאַלטן דעם קאָפּ אין די הענט און זיך יאָ־מערלעך צעוויינט. די נאַכט איז געווען גערידכט ווי טינט. דער ווינט איז אַ מידער אומבאַמערקט איינגעשלאָפן. דער ים האָט ערגעץ אין דער טיף געכראָפּעט. פאַרבאָרגענע חיהלעך האָבן ערגעץ אין דער נידער אונטערגע־וואָרטשעט. די סקאַלעס האָבן זיך מיט זייערע הויקערס אָנגערוקט אויפן פּאָרפּאָלק און זיך נייגעריק צוגעהערט צו דעם ברוסטיקן געוויין פון דער יונגער פרוי. זשעניאַ האָט געוויינט מיט געשמאַק, פאַרכלינענדיק זיך און מיט אַ ניגון.

מאָניאַ, אַן איבערראַשטער, האָט שוין צום וויפלטן מאָל איבערגע־חזרט די פראַגע :

— וואָס איז מיט דיר דאָס געוויין ?

די נאַכט האָט ווידער אַ מאָל אויסגעהערט מאָניעס פראַגע און זיך אַלץ נישט דערוואָרט אויף קיין ענטפער. זשעניאַ האָט אַלץ געשקבערט די שטילקייט מיט איר מיידלשן, זינגענדיקן געוויין.

— נו, וואָס האָב איך דיר אַזוינס געזאָגט ? וואָס רעוועסטו ?

מאָניאַ האָט ווי אַן אָפּגעבריטער אַ זופּ געטון די צונג. זיין „רעוועס־טו" האָט לעסטעריש זיך צעשאָטן אויף די באַהאַלטענע סקאַלעס און אויף די שלעפעריקע כוואַליעכלעך. זשעניאַ איז מיט אַ מאָל שטיל געוואָרן. מאָניאַ האָט זיך צו איר צו אַ וואָרף געטון, זי איינגעשלאָסן אין זיינע אָרעמס:

— אנטשולדיק מיר, זשעניעטשקאַ... איך האָב נישט געוואָלט... עס האָט זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט. עס טרעפט. נו שאַ, זאָג שוין, וואָס האָסטו געוויינט?

מאָניען האָט אַזש דורכגענומען אַ שוידער, אַזוי עלאַסטיש און ליידנשאַפטלעך האָט זיך דאָס יונגע מיידל אויסגעצויגן אין זיינע אָרעמס, אַזוי בריענדיק האָבן אירע הענט זיך פאַרפלאָכטן אַרום זיין האַלדז, אַזוי טיף האָבן זיך אירע גרויסע אויגן אונטערגעטונקען אין זיינע. אַ דויערנדיקע ווײַלע זענען זיי אַזוי געשטאַנען, דורכגעדרונגען מיטן אַלץ וואַקסנדיקן עקזאַלט. אומגעריכט האָט זיך זשעניאַ באַפרייט פון זיינע אָרעמס און אים אַוועקגעזעצט לעבן זיך.

— מאָניאַ, דערלויבסט מיר דיר עפּעס צו זאָגן?

— זשעניאַ, קינד מיינס, וואָס פרעגסטו גאָר?

— מאָניאַ, דו מיינסט געוויס צו זיין דערמיט דעליקאַט, ווען דו זאָגסט מיר: „קינד מיינס", איאָ אַזוי? און מיר איז דאָס נישט אָנגענעם צו הערן... שוין גענוג געווען אַ קינד!

מאָניאַ, מיט אַ באַהאַלטן שמייכעלע:

— און איצט, וואָס ביסטו?

— דאַרפסט נישט לאַכן פון מיר! דו וועסט מיר נישט איבערשלאָגן, ניין?

— אַז דו ווילסט אַזוי, זאָל זיין אַזוי.

# קאפיטל XL

— מאניא, פריינד מיינער, הער מיך אויס!... מיט הארץ הער זיך צו... מיט הארץ, מיט געפיל, מיט יושר און מיט —

און כמעט שעפּטשענדיק האָט זי צוגעגעבן:

— ...און מיט אַ קאַפּעטשקעלע רחמנות...

איר קול האָט אַ ציטער געטון און זיך איבערגעריסן. מאַניען איז פּלוצלינג באַפאַלן אַן אומדרייטלעכע שרעק. דאָס וואָרט „רחמנות" אין מויל פון אָט דעם ליבן קינד, האָט זיך אָפּגערופן אין זיין הארצן מיט טויזנטער עכאָס. ער האָט מורא געהאַט אין דער הויך אַן אָטעם טון און איז געזעסן ווי פאַרשטיינערט.

— ווען דו האָסט אָנגעהויבן אַריינגיין צו אונדז אין שטוב אַריין, צו איר, הייסט עס, נאָך אין מיכאַילאָווסק, בין איך דאָך נאָך גאָר אַ ברעקל געווען. נו, מיט צען יאָר צוריק —

ווידער האָט זיך אויסגעלאָזט דער פאָדעם. זשעניא האָט נישט געקענט צוזוכן די נייטיקע ווערטער... אַ שטיינדל האָט זיך ערגעץ אָפּגעריסן פונעם באַרג און מיט אַ ליאַרעם זיך אַראָפּגעקייקלט אין ים אַריין. פּליוך! און ווידער הערשט אַ טויטע שטילקייט אינעם גאַנצן אַרום. אויפן האָריזאָנט האָט עפּעס אַ געהיימניספולן אייגעלע אַ פינטל געטון און — נישט געוואָרן, נאָך אַ פינטל — און ווידער איז שוואַרץ. גיי טרעף, צי דאָס איז אַ פאַרבייגייענדיקער דאַמפּער, צי גאָר סוכומער מאַיאַק? מאַניאַ האָט זיך צופּעליק אומגעקוקט אויף זשעניען, זי אויף אים, און פּלוצלינג איז געשען אַן אויסטערלישע זאַך: זשעניאַ איז ווי אַ קעצל אַרויפגעשפּרונגען אויף זיינע קני און האָט אַרומגעכאַפּט זיין קאָפּ מיט ביידע הענט. אַליין ציטערנדיק מיט אַלע אבֿרים, האָט זי אים שטורמיש געדריקט צו איר פלאַטערנדיקער, מיידלשער ברוסט, און אַ פליסטער ווי גליענדיקער פרימעק האָט זיך געשאָטן גלייך צו מאַניען אין די אויערן:

— ליבער מיינער, טייערער מיינער, אוי, הרגע מיך נישט פאַר דעם דאָזיקן וואָרט... און... און אַנטלויף נישט. הער מיך אויס ביזן סוף. אָט דאָס וואָרט האָט מיר שוין אויסגעברענט מיינע לונגען, אויסגעטריקנט דעם מאַרך פון מיינע ביינער... איך קען דאָס מער נישט האַלטן אין זיך... איך בין נישט מער ווי אַ בשר־ודם... מאַניעטשקע, איך האָב דיך ליב... נאָר דו איינער לייכטסט אין מיין נשמה... נישט פון נעכטן איז ביי מיר אָט דאָס געפיל און נישט פון פאַר אַ יאָרן... פון קינדוווייז אָן... שלאָג מיר נישט איבער... האָב רחמנות און הער מיך אויס. זיי אַ גוטער. קיינעם האָט נישט געקענט איינפאַלן, וואָס אין דעם קליינעם הערצל פון דעם ייִנגערן שוועסטערל קומט פאָר, ווען צו „יענער" פלעגט אַריינקומען איר „חתן", פריער אין מיכאַילאָווסק און דערנאָך אויף קיראָווע. איך ווינטש דאָס קיינעם נישט, ווייל איך האָב נישט אַזעלכע שונאים. פון דער לכתחילה האָב

איך געמיינט, אז דאָס איז נאָר אזא מין אָפּשיי, דרך־ארץ, אנטציקונג פון דיין לומדות, פון דיין זינגען און שפּילן. ווער האָט זיך גערעכנט, אז דאָס זאָל זיך אין מיר צעפלאַקערן אין אַן אמתן שייטערהויפן, ביי וועמען? ביי אַ שנעקל פון אַכט יאָר? און איך האָב ווייטער געמיינט, אז דאָס איז: סימפּאַטיע, אַנטציקונג, נאָר וואָס ווייטער און ווייטער, בין איך אַלץ מער געוואויר געוואָרן ביי זיך, אז עס איז נישט דאָס; אז אין מיר אַנטוויקלט זיך עפּעס אַזוינס, וואָס איז פיל שטאַרקער פון אַנטציקונג. פריער האָב איך דיך פאַרגעטערט, געשטעלט העכער פון אַלע מענטשן אויף דער וועלט. שפּעטער, צוקוקנדיק ווי דו קוועלסט זיך איבער „איר", זעענדיק ווי „זי" ציט פון דיר דאָס חיות מיט אַ קאַלטבלוטיקייט פון אַ העגקער, דאַן פלעגט מיר דאָס האַרץ פאַרלויפן מיט בלוט. איך פלעג זיך קוים איינהאַלטן, כדי נישט צו וואַרפן זיך אויף איר מיט די נעגל, אויסדראַפּען איר דאָס פּנים, אויסשטעכן די פאַררעטערישע אויגן...

שלמה, אַראָפּזעצנדיק זי אויף איר פריערדיקן אָרט, רופט זיך אָן מיט אַ שפּאָטיש שמייכעלע:

— זענען, הייסט עס, דיינע, אַזוי גערופענע, געפילן צו מיר געווען אַרויסגערופן נישט אַזוי מאהבת מרדכי, ווי משנאת המן —

— ניין, נישט אמת! נישט אמת! כ'מיין, ס'איז אַ ביסל יאָ אמת... זיי זענען געבוירן געוואָרן פון פיל זאַכן מיט אַ מאָל: פון ליבע, פון שנאה, פון אייפערזוכט, אָבער דער עיקר — פון ליבע... איך בעט דיך, שלאָג מיר נישט איבער... מוינעלע, האָב רחמנות, לאָז מיך אַראָפּרעדן פונעם האַרצן אַזוי ווי איך קען... אין אַזוינע פאַלן ווען זי פלעגט זיך אויף דיר אַזוי אכזריותדיק איזדיקעווען, פלעג איך אַנטלויפן פון דער שטוב, זיך ערגעץ פאַרשטעקן אין אַ ווינקל און זיך ביטער אויסוויינען... אָבער העלפן האָב איך גאָרנישט געקענט, ווייל... ווייל ווויפל בין איך דאַן אומשטיינס געזאָגט אַלט געווען?

צייטנווייז פלעג איך אַ טראַכט טון: פאַר וואָס קומט אַזאַ מאָניען זיך אַזוי צו פלאָגן? און וואָס וויל ער פון טאַמאַרען, אז זי פאַרשטייט אים פאָרט נישט! די מאַמע האָט איר נישט מיטגעגעבן אַזעלכע געפילן. אָט בין איך דאָך אויך אַ פרוי... איך, יאָ! איך קען זיין ראוי פאַר אַזאַ גליק, ווי האָבן מאָניען פאַר אַ געליבטן, פאַר אַ מאַן... זיינע הויכע אידעאַלן, זיינע שטרעבונגען, זיינע האָפענונגען וואָלטן אין מיר געפינען זייער ריינעם אָפּקלאַנג. מיין נשמה איז אָפן פאַר יעדן וואָרט זיינעם. מיר איז טייער יעדער טריט זיינער. אפילו זיין נאָזטיכעלע, אפילו זיין קנעפּל פון דער פּאַטקע. דאַן פלעג איך אַראָפּנעמען דאָס שפּיגעלע, זיך גוט אָנקוקן אין דעם און זיפצנדיק זיך אליין ענטפערן: „אוי, אַלץ איז גוט, נאָר דו האָסט פאַרשפּעטיקט אויף פינף יאָר"... איך האָב זיך געביסן די ליפּן ביז ווייטיק, אָבער וואָס האָב איך געקענט העלפן? וויפל בין איך דאַן בסך־הכל אַלט געווען?

איך געדענק יענע נאַכט, דעם 12טן נאָוועמבער, ווען דו ביסט גע־

קומען אויף קיראָווא מיטן — ווי אַזוי רופסטו דאָס אָן? — מיטן אולטי־מאַטום. מען האָט דאָך געדאַרפט זיין פון אייזן, מען זאָל דיר נישט ענט־פערן מיט קיין הסכמה אויפן אָרט. און זי האָט עס נישט געטון. פון איין זייט האָב איך נישט געקענט פאַרטראָגן דיינע צרות, אָבער אין דער טיפע־ניש פון מיין האַרצן, אין דער געדעכעניש פון מיין נשמה, האָט זיך גע־דאַוונט אַ תפילה צו גאָט, אין וועלכן — זי גלויבט נישט, און איך — יאָ! — אַז זי זאָל נישט ווייבער ווערן. עס קומט איר נישט אַזאַ מענטש. עס איז אָן אומרעכט קעגן דיר, אַ רציחה, אַז אַזאַ לירישע נשמה ווי דיינע זאָל זיך פאַרקניפּן מיט אַזאַ אַלטגעבאַקענער, אַריפמעטישער זאַך ווי זי איז. און צו לעצט, די נאַכט אין „אוניווערסיטעטסקע גאָראָדאָק"... אַ שטיין דאַכט זיך, אַ פעלדז האָט שוין אויך געדאַרפט צעגאַנגען ווערן פון דיינע דאַמאָלסטדיקע רייד, פון דעם פאָנטאַן ליבע־געפילן, וואָס האָט געשלאָגן פון דיין מויל אויף רעכטס און אויף לינקס. מיט אַ פאַרשטאָרבן האַרץ האָב איך נאָכגעשפּירט טאַמאַרעס יעדער תנועה, נאָך יעדן בליק פון אירע אויגן. אָט, אָט, האָט זיך מיר געדאַכט, גייט זי צו צו דיר און דער־לאַנגט דיר די האַנט. לאַנגזאַם און אינקוויזיטאָריש־פיינלעך האָט זיך דאַן געצויגן די צייט. אויב איך האָב דאַמאָלסט קיין איין מאָל נישט געחלשט, בין איך טאַקע אַ גבורטע. נאָר אָט האָסטו זיך אויפגעהויבן גיין. איך האָב גוט פאַרשטאַנען, אַז עס איז געגנוג איין וואָרט פון טאַמאַרען, אַז דו זאָלסט בלייבן... נאָר געלויבט איז גאָט, ס'איז געשען אַזאַ נס, ווי דער וואָס אהרל האָט געלערנט אין חומש: „ויכבד פרעה את לבו גם בפעם הזאת"... זי האָט דאָס וואָרט נישט געזאָגט און דו ביסט אַוועקגעגאַנגען. אויפן האַרצן איז מיר אַ ביסל גרינגער געוואָרן, נאָר נאָך נישט אין גאַנצן. זי האָט נאָך געהאַט אַ וואָך צייט ביזן אָנגעמערקטן טערמין. אָט די דאָזיקע לעצטע וואָך וועל איך אייביק נישט פאַרגעסן. איך האָב אייפערדיק איר נאָכגעשפּירט, נישט אַראָפּגענומען פון איר קיין אויג. נאָכן קומען פון דער שול פלעג איך נישט אַרויסגיין פון שטוב... טאָמער וועל איך צו נוץ קומען... טאָמער וועל איך איר קענען קאַליע מאַכן דאָס אָפּשיקן דיר דעם אומגליק, דאָס צעטעלע, מיין איך... יעדעס מאָל ווען זי פלעגט עמעצן אַ רוף טון, פלעגט זיך מיר אָפּרייסן דאָס האַרץ פאַר שרעק: אָט דאָס שיקט זי צו אים! אָט דאָס שיקט זי צו אים! נאָר ווי עס ווייזט אויס, האָב איך פאָרט מיין שוועסטער ווייניק געקענט. זי האָט טאַקע נישט געשיקט! דעם 27טן נאָ־ווועמבער איז ביי אונדז אין שטוב געווען ממש תשעה־באב. דו קענסט זיך גאָר נישט פאָרשטעלן. דער טאַטע האָט מורא געהאַט פאַר איין זאַך, איך, פאַרקערט — פאַר אַ צווייטער. איך האָב אַליין נישט געגלייבט אין דעם נס, אַז דו בלייבסט פריי, ביז איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן נישט געזען, ווי טאַמאַרע טוט זיך אויס און לייגט זיך אין בעט אַריין... איך בין דאַן אַרויס אויף דער פּראָסטיקער גאַס, דאָרט איז קיינער נישט געווען, נאָר גאָט, מיין גוטער, ליבער גאָט, און אָט אַזוי, אונטער פיר אויגן האָב איך אָפּגעגעבן אַ שבח דעם בורא־עולם פאַר זיין הימלשן חסד...

טאמארא האָט נאָך שפּעטער אויך געהאַט אילוזיעס וועגן דיר. דאַכט זיך אפילו, אַז זי האָט גאָר שטאַרק געגלייבט אין דיין אומקערן זיך, אָבער איך האָב דאָס מאָל בעסער פון איר פאַרשטאַנען, אַז זי האָט דיך פאַר־לוירן. איך בין שוין דאַמאָלסט געווען אַ פרוי, איך האָב שוין דאַן געפילט מיט מיין גאַנצן וועזן, אַז אָן דיר איז מיר דאָס לעבן נישט ליב... אָבער וויסן דערפון האָט נאָך אַלץ קיינער נישט געטאָרט, ווייל — מה אנו, מה חיינו? וויפל בין איך דאַן אין גאַנצן אַלט געווען?

די צייט איז געגאַנגען. כאָטש איך פלעג דיך נישט זען, איז מיין ליבע צו דיר געוואַקסן פון טאָג צו טאָג און פון שעה צו שעה. אין געדאַנק פלעג איך שטענדיק רעדן מיט דיר, וועגן יעדער קלייניקייט — זיך עצהן מיט דיר. דערפאַר טאַקע איז מיר אַזוי לייכט צו זאָגן דיר „דו". אונדזערע הייזער זענען אָבער צעריסן געוואָרן מיט אַ טיפן ריס, פּאַלאָווניק איז מער קיין מאָל נישט געקומען אויף קיראָווא, ווי אַזוי זשע האָט קיראָווא גע־קענט קומען אויף פּאַלאָווניק? איך פלעג שטענדיק נאָכקוקן מיט קנאה אַלע פּאַסאַזשירן, וואָס זעצן זיך אין דעם טראַמוויי, וועלכער גייט אין אייער ווינקל, אָבער מיר איז דאָס נישט דערלויבט געווען צו טון. איך בין גע־ווען פאַררעכנט אין פיינדלעכן לאַגער, ווי דו אַליין האָסט זיך דאָ ערשט אויסגעדריקט. דער אומעט האָט געפרעסן מיין לייב ווי זשאַווער פרעסט אייזן. פון ווייטיק און אָנמעכטיקן פאַרדראָס אויף זיך אַליין, אויף דער גאַנצער וועלט, איז ביי מיר געבוירן געוואָרן דער געדאַנק וועגן גאַגרע. און אָט בין איך דאָ! און דו — אויך דאָ! און די נאַטור איז דאָ אַזוי געטלעך שיין! און איך גיי שוין אויף דעם ניינצנטן יאָר... דו האָסט דאָך אַליין אויך געזאָגט, אַז איך בין שוין אַ גרויסע... האָב גאָט אין האַרצן און שטויס מיך נישט אָפּ! גלייב מיר, קיינער אויף דער וועלט וועט דיך אַזוי צאַרט נישט ליב האָבן, ווי איך! איך וועל דיך שעצן מער ווי אַ פאָטער, איך וועל דיר דינען געטרייער ווי אַ מאַמע, איך וועל דיך אויפן קאָפּ טראָגן... איך וועל זיין דאָס בענקעלע פון דיינע פיס... מאַניאַ! איינציקער מיינער! פאַר וואָס שווייגסטו? האָב רחמנות! כאָטש איין וואָרט!...

זשעניאַ איז צוגעפאַלן צו זיינע פיס, זיי אַרומגענומען, געקושט, גע־וויינט, זיך איינגעקלאַמערט מיט די נעגל אין זיינע הענט. אויף אַ קליינעם חלק פון אַ סעקונדע איז אים דורכגעשווומען פאַר די אויגן דעם טולער רבס מיידל. פּונקט אַזוי ווי זשעניאַ איצט, אַזוי האָט אויך יענע בשעתה געקניט פאַר אים, געקושט דעם שטויב פון די שיך...

פון אַ ווייטן אומגעזעענעם מינאַרעט האָבן זיך דערטראָגן שווערע קופּערנע קלאַנגען:

— איינס... צוויי... דריי...

די לופט האָט זיך אומרואיק געוויגט, מיטנעמענדיק מיט זיך די בערג, דעם ים, דעם וייטן הימל... דער גלאָק האָט אַלץ געקנעטן די שטיל־קייט:

— זעקס... זיבן... אכט...

זשעניא האָט זיך אויפגעהויבן, זיך ארומגעטרייסלט. מאָניא אויך. די לופט האָט נאָך אַלץ געכאַפּט קלעפּ:

— צען... עלף... צוועלף...

דאַן נאָך עפּעס א תקיעה־גדולה פון א ווייטער סירענע, און נאָך א פייערדיקער, קאָלירטער סיגנאַל פון דעם שפּיץ מאַיאַק, און ווידער האָט די טויב־שטומע שטילקייט איינגעשלונגען דעם גאַנצן חלל פון דעם הימל ביז דער ערד. אינסטינקטיוו האָבן זיי זיך באַגעגנט מיט די אויגן און פאַמע־לעך זיך געלאָזט גיין אויף צוריק.

*

די קאַווקאַזער נאַכט, וואָס איז פון שטענדיק אָן געוווינט צו ליבע־סצענעס אויף איר שויס, איז צוגעפאַלן מיט הונדערטער אויערן צו אָט דעם משונה־מאָדנעם פּאָרפאָלק, וואָס גייען אַזוי פּאַנורע ווי פון א גט. זי האָט בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין: פאַר וואָס גייען זיי אויף אַזא מרחק איינער פונעם צווייטן? פאַר וואָס פאַרלירן זיי אַזא גינסטיקן מאָמענט, מען קושט זיך נישט, מען האַלדזט זיך נישט, ווי ביי לייטן פירט זיך... עס האָבן אָבער נאָר געסקריפּעט די ארומגעפיילטע ים־שטיינדעלעך צווישן די פייכטע פאָדעשוועס און דער זאמד. קיין שום אַנדער קלאַנג האָט זיך נישט געלאָזט הערן פון ערגעץ.

אָפּגעגאַנגען א היפּשע שטרעקע, האָט זשעניא אויפגעהויבן אירע טרויעריקע אויגן:

— ווערט הייסט עס, קיין ענטפער נישט זיין אויף מיינע רייד?

— וואָס זאָל איך דיר ענטפערן, זשעניטשקאַ? איך האָב דיר גאָר נישט וואָס צו ענטפערן!...

— גאָרנישט? קיין איין וואָרט אפילו נישט?

— אין דעם צושטאַנד, וואָס דו געפינסט זיך אַצינד, איז מיר שווער דיר צו ענטפערן —

— איך בין שטענדיק אין אַזא צושטאַנד...

— זשעניא, דו האָסט זיך איינגעבילדעט א ליבע, כדי האָבן מיט וואָס אָנצופילן די פּוסטקייט אין דיין לעבן. דאָס איז א שעדלעכע איינרע־דעניש... דו דאַרפסט זיך קורירן... אומבאַדינגט קורירן...

מאָניא האָט געכאַפּט א פּליאַסק איבער דער האַנט:

— זאָלסט נישט וואַגן אַזוי צו רעדן וועגן מיינע געפילן... דו קענסט מיך אָפּשטויסן, פאַרטרייבן פון זיך, נאָר לאַכן פון מיר איז נישטאָ וואָס... ווער — ווער, נאָר דו וואָלסט זיכער געמעגט א ביסל בעסער פאַרשטיין, וואָס איך לעב איבער... נישט — אָפּשיקן מיך אויף קוראַציע...

איר קערפּער איז ווידער אויפגעטרייסלט געוואָרן פון א מעכטיקן געוויין. מאָניא איז איר נאָכגעגאַנגען א בלייכער, א פאַרלוירענער, ער האָט זיך גאָר קיין עצה נישט געקענט געבן, וואָס מען טוט דאָ מיט איר. זיין

הארץ איז אין גאנצן פול געווען מיט אָט דעם טייערן קינד. פאַרמאַכנדיק די אויגן, האָט ער געזען פאַר זיך אירע גרויסע, שיינע אויגן, וועלכע גלאַנצן אָפּ מיט אַ בראַנדזענעם שקיעה־פייערל, ווי עס וואָלט זיך דאָרט שטענדיק געזעצט די זון. איר ווייס געטאָקט פּנים, איר שיינע, שלאַנקע, בויגעוודיקע פיגור... ער עפנט די אויגן: זי וויינט שוין נישט. זי גייט שוין נישט. זיי שטייען איינער קעגן אַנדערן. זשעניא לייענט פון זיין פּנים אַראָפּ וואָס אין אים קומט איצט פאָר, זי לייגט אַרויף אירע צאַרטע דלאָניעס אויף זיינע באַקן, דערנעענטערט זיין פּנים צו אירן:

— מאַניא, לעבן מיינס! וויל נישט דורכגיין דיין גאַנצע וועלט נאָר מיט שכל. שכל איז אפילו אַ געהויבענע זאַך, אָבער — אַ טרוקענע. דו הער זיך בעסער צו, וואָס דיין הארץ זאָגט דיר. מאַניא, אונדז האָט גאָט באַשאַפן איינעם פאַרן צווייטן. איז דען אונדזער צופעליקע באַגעגעניש אין גאַגרע נישט קיין אצבע אלקים? נו, זאָג אַליין! עס איז דאָך ממש אויסטערליש: אין אַזאַ גרויס לאַנד, מיט טויזנטער קוראָרטן און דאַטשעס און גראָד דאַרף זיך טרעפן... האַ?

מאַניא האָט שווער געאָטעמט און געשוויגן. זשעניעס אויגן האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אין זיין פּנים:

— צי אפשר געפעלט איך דיר נישט? זאָג, שעם זיך נישט! אפשר בין איך נישט קיין שיינע? דו ביסט דאָך אַ שרעקלעכער עסטעט...

— זשעניא, וואָס רעדסטו? אדרבה, דו ביסט נאָך פיל שענער פון... כ'מיין, מער, פיל מער ווי איך האָב זיך געריכט אויף דיר...

זשעניא, מיט אַ שטאַרק הארצקלאַפּעניש:

— האָסט, דאַכט זיך, עפּעס אַנדערש געוואָלט זאָגן? וואָס האָסטו זיך פאַרכאַפּט?

מאַניא, אַן אַנגעכמורעטער, מיט אַ צערייצטקייט אין קול:

— איך האָב געוואָלט זאָגן נאָר דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט...

זשעניא וויל נישט באַמערקן זיין „אַנגעדרודלטקייט” און רעדט ווייטער בתפילה ובתחנונים:

— איז אויב מיין פּנים איז דיר אויך געפעלן; און דאָס, וואָס איך בין אַ שטיקל שלעקל, ווייס איך, איז דיר אויך געפעלן, ווייל איך ווייס, אַז דו האָסט נישט ליב קיין צעקראָכענע בריאה; אין וואָס דען איז די מניעה? מאַניא, לאָמיר זיין גליקלעך... גאָט און לייט וועלן אונדז מקנא זיין... מאַניא, ענטפער —

מאַניא האָט זיך צעשאָטן אין אַ נערוועזן געלעכטער:

— כאַ־כאַ־כאַ! אַז דו זאָגסט „לאָמיר”, צעלאַכסטו מיך... נאַ דיר גאָר: „לאָמיר”... דו ביסט דאָך אַ קינד קעגן מיר! איך בין דאָך שיר נישט אַנדערטהאַלבן מאָל אַזוי פיל אַלט ווי דו...

— שוויג! רעד נישט אַזעלכע נאַרישקייטן. דו ביסט מיט זעקס יאָר עלטער פון מיר, און איך ווייס פון פאַרפאַלקן, וואָס ער איז מיט זעקס און צוואַנציק יאָר עלטער פון איר, און די וועלט קערט זיך אויך נישט איבער...

צוווייטנס, בין איך דאָך שולדיק, וואָס איך האָב מיך אַזוי לאַנג געקליבן... דריטנס, אַפילו זייענדיק עלטער ביסטו נאָך אַלץ ייִנגער פון מיר... און אַפילו ווען דו ביסט נאָך אַ מאָל אַזוי פיל אַלט, ביסטו נאָך אויך ייִנגער פון מיר... מענטשן מיט אַזעלכע נשמות ווי ביי דיר, עלטערן זיך קיין מאָל נישט... איך זאָל מער פון דיר נישט הערן קיין מעשה פון קיין יאָרן... דאָס איז אַן אַבסורד!... אַ פּסיכאָז!

— און וואָס עפּעס נאָר יאָרן? און דאָס, וואָס איך בין אַ פּרומער, און דו ווייסט אַפילו נישט, מיט וואָס מען עסט דאָס?

— אַלץ וועל איך און אַלץ געפעלט מיר! טאָמער ווילסטו, הער איך אויף פון מאָרגן אָן צו עסן געקעכטס, צו טראָגן ביי זיך עפּעס אום שבת. וואָס נאָך? אפשר דאַרף מען תהילים זאָגן? איך קען גוט „עברי”, איך האָב געלערנט אין אַ ייִדישער שול —

מאָניאַ האָט זיך צעלאַכט. זשעניאַ איז לכתחילה געווען בייז פאַר זיין לאַכן, ביז זי האָט זיך אויך צעלאַכט. איר נערוועזיש־לוסטיקער געלעכטער האָט אויפגעוועקט אַ ריזיקע מחנה פייגל. עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ פּאַטשעריי פון פליגלען, נאָר אויף טויב צו ווערן. די גאַנצע שיירא האָט זיך אַראָפּגענומען פונעם איינגעזעסענעם בוים, געמאַכט אַ היפּשע הקפה איבערן ים־ברעג און האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ צווייטן בוים. זשעניאַ האָט אים אַ טאַרקע געטון מיטן עלנבויגן:

— דו זעסט כאָטש? דער גאַנצער וועלט האָבן מיר שוין אָנגעדערקומשעט, אַזוי פיל אומשולדיקע נפשות אויפגעהויבן אויף די פיס, אַן אמתער צער בעלי־חיים, און קיין ענטפער פון דיר האָב איך נאָך אַלץ נישט. זאָג שוין אַ גוט וואָרט! בלויז פיר ווערטער. מער בעט איך ביי דיר נישט, נאָר געציילטע פיר ווערטער: איך האָב דיך ליב —

— זשעניאַ, ווי אַזוי קען איך דיך ליב האָבן, אַז דו ווילסט דיין אייגענע שוועסטער באַרויבן —

זשעניאַ האָט אַזש אַ שפּרונג געטון אויף אים מיט די קולאַקעם:

---

מיט אַ מאָל האָט זיך שלמה אויפגעהויבן פון זיין שפּרונגשטול, זיך אויסגעגלייכט די ביינער און איז צוגעגאַנגען צום טיש. קיינער האָט אים גאָרנישט נישט געפרעגט. מען האָט אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט איצט געווען אַ גאַסט פון יענער וועלט. אויך ער האָט אויף קיינעם נישט געקוקט. ער האָט גענומען אַ גלאָז, איז צוגעגאַנגען צום טיי־טישעלע ווו ס'איז געשטאַנען דער עלעקטרישער טשייניק, מיט גיפּסענע פינגער ווי ביי אַ לונאַטיק בשעת דער „אַרבעט”, האָט ער זי עטלעכע מאָל אויסגעשווענקען, דערנאָך האָט ער זיך אָנגענגאָסן אַ גלאָז קוים לעבלעכע וואַסער. ביים טיש האָט ער אין דער גלאָז אַריינגעוואָרפן עטלעכע ציגעלעך צוקער, און שטייענדיק אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע, האָט ער לאַנג געמישט מיטן לעפעלע. די טיי איז געווען צו קאַלט, דער מישער צו פאַרחלומט און דער צוקער צו האַרט, ער האָט זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן, איין מאָל

ניין! שלמהס בליק איז געווען א שטארער, א ווייטער פון דאנען. די אויגן זענען געווען צוגעשמידט צו דעם זילבערנעם לעפעלע, וואס ביי אים אין דער האנט און די האנט האט מעכאניש געמישט, געמישט... ענדלעך איז דער צוקער צעגאנגען געוואָרן, שלמה האט האסטיק איבערגעקערט די גלאָז אין האלדז אריין און בנשימה אחת אראָפּגעשלונגען די פּריקרע־זי־סע פליסיקייט. נישט קאליע מאכנדיק די פייערלעכע שטילקייט, האט ער זיך אומגעקערט אויף זיין אָרט, כלאחר־יד א גלעט געטון דעם פינקלענדיקן פּאָליטור פון דעם פיאנינע־דעקל, און מיט דעם זעלבן טאָן וואס פריער, איבערגעחזרט די לעצטע עטלעכע ווערטער:

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...זשעניא האט זיך אזש א וואָרף געטון אויף אים מיט די קולאקעס:

— ס'אַ ליגן! א ליגן! א ליגן! דו ביסט שוין לאנג נישט מיין שוועסטערס. דו ביסט קיינעמס נישט. דו ביסט גאָטס, און איך בין אויך גאָטס. ס'א ליגן! איך בין נישט קיין רויבערין. איך בין א בעטלערין... דאס יאָ... איך בעט מיך ביי דיר: האָב רחמנות, קוק דיך כאָטש אום אויף מיר, זיי מיר כאָטש עטוואס געטריי, עלעהיי איך בין א מאנטל און איך טרינק זיך —

ווי מען גיט א הייב אויף א קינד פון דער ערד, אזוי האט מאָניא זי אונטערגעהויבן און זי צוגעדריקט צו זיך... באלד אָבער האט ער זי גע־געגעבן א שטעל אראָפּ, איר דערלאנגט א לייכט פעטשל אין דעם פלאמענ־דיקן בעקל און שטרענג באפוילן:

— גענוג זיך נאריש געמאכט: א מאנטל, א שמאנטל... קיין איין וואָרט רעדן מיר היינט נישט מער אויף אָט דער טעמע. מיר וועלן זיך אויס־שלאָפן, וועלן מיר ביידע קליגער ווערן. דו זעסט אָט יענעם צווייטאָקיקן געל־שוואַרצן מויער? אָט דאָס איז מיין סאנאטאָריע.

— שטייסטו גאָר אין דער אכטער סאנאטאָריע?

— איז וואָס זשע, אז אין דער אכטער?

— גאָרנישט... איך זאָג עס קעגן דעם, וואָס נעכטן אויף דער נאכט, אז מיינע שכנטעס האָבן דיך געפרעגט, ווו דו שטייסט איין, האָסטו דאָ־מאָלסט פונקט פארגעסן דעם נומער —

זיי האָבן זיך באגעגנט מיט די אויגן און זיך ווידער צעלאכט.

— נו, זשעניא, אָט איז דיין סאנאטאָריע. עס איז שוין אודאי באלד דריי א זייגער. א גוטע נאכט און שלאָף געזונט.

— און דאָס איז אלץ?

— וואָס נאָך ווילסטו?

זשעניא האט עפּעס שווער אראָפּגעשלונגען און האט געפרעגט מיט א פארדעכטיק ביי־קול:

— ווען באגעגענען מיר זיך מאָרגן?

— היינט, מיינסטו?

— זאָל זיין היינט —

— אין גאגרע.

זשעניא, מיט אן אָפענער צערייצטקייט :

— און איך האָב געמיינט אין לאָנדאָן !... איך פרעג : ווו סאמע ? גאגרע איז גרוים —

— ווען מיר זיך זען אין קליין־גאגרע.

— אין מיטעלן פּארק, הייסט עס ? איז אָפגערעדט ?

— ווי דען ?

— דו וועסט מיר נישט צולאָזן גאגרע און אנטלויפן ?

— אזא שרעקלעכע ביסטו דען ?

— אין וועלכער שעה באגעגענען מיר זיך ?

— נו אזוי... אין ערך... שפּעטער פון מיטאָג־צייט און פריער ווי איצט איז...

— ביסט עפּעס אזוי ווי בייז אויף מיר —

— דו פילסט דען, אז עס איז דאָ פאר וואָס ?

— מאָניא, רוצה, זיי נישט אזוי אָנגעשטאָלט, זאָג כאָטש איין ווארעם וואָרט.

— מיר האָבן דאָך, דאכט זיך אָפּגעשמועסט, אז נאָך דעם אפיקומן טאָר מען שוין מער גאָרנישט נעמען אין מויל אריין. האָסט שוין גאָר פארגעסן ?

— נו, כאָטש... איי, זאָל שוין זיין ! גיי דיר. א גוטע נאכט !

זשעניא האָט אים נאָכגעקוקט ביז ער איז פארשוווּנדן אין דער אַלייע, וואָס געפינט זיך הארט לעבן זיין סאנאטאָריע : מאָניא האָט זיך אפילו איין מאָל נישט אומגעקוקט אויף איר. מיט א פארקלעמט הארץ האָט זי זיך צוגעפּרעסט צו דער קאַלטער מאַרמאָרנער זייל. א נישט־גוטער האָט מיט אייזערנע צוואנגען געקנייפּט איר לייב, געצופּט ביי דער נשמה.

מאָניא איז אריינגעקומען אין שווייצארסקע. אלס ענטפער אויף דעם שווייצארס קלוגיטשקן שמייכעלע, האָט ער אים דערציילט, ווי אזוי ער האָט זיך דאָ געטראָפן מיט א קוזינע, און מיט איר האָט ער זיך עס אזוי שפּעט פארשמועסט. דערנאָך האָט ער אויפגעהאנגען דעם מאנטל און איז ארויפגעגאַנגען צו זיך. די עלעקטרי האָט שניידנדיק א בלענד געטון די אויגן. מאָניא האָט גענומען עטלעכע ביסקוויטן, נאָר באלד זיי אוועק־געלייגט צוריק. עס איז אים נישט געקראָכן אין האלדז אריין קיין עסן. ער האָט אריינגעוואָרפן אין מויל אריין א פיר־עק שאָקאָלאד, פארטרונקען מיט לימאָנאד, דאן האָט ער אויסגעלאָשן דאָס ליכט, אויפגעפּראַלט דאָס פענצטער און אָנגעשעפּט פולע לונגען מיט פארטאָגיקער, קילער לופט. די פינצטערניש איז געוואָרן עטוואָס שיטערער, עס איז ארויסגעקראָכן פון אונטער דער נאכט־קאָלדרע א הימל, שטערנדלעך און א שמאָל־שמאָל רייפל לבנה. א מינוט צוואנציק איז מאָניא געשטאַנען ווי א געליימטער, און מיט א מאָל האָט ער דערפילט, ווי א מין רעוומאטיזם אין די פיס. ער

האָט נישט געקענט איינשטיין אויף איין אָרט. ער האָט זיך איצט געמוזט באַוועגן. די אויפגערודערטע געדאַנקען האָבן אים אַרומגעטריבן איבערן צימער אַהין און צוריק, אַהין און צוריק ווי מען טרייבט אַן אַרעסטאַנט „סקוואַז סטראָי". ענדלעך האָט ער טאַקע נישט אויסגעהאַלטן. ער האָט צוריק פאַרשלאָסן דאָס צימער און זיך אַראָפּגעלאָזט אַראָפּ.

דעם דערשטוינטן שווייצאַר, האָט ער אויף זיין שטומער פראַגע געגעבן צו פאַרשטיין:

— אַז עס שלאָפט זיך פאָרט נישט, כאָטש צערייס זיך...

— איר האָט זיך דען אויסגעטון ?

— נאָך וואָס זשע איז דאָס אויסטון זיך ? איך האָב געפילט, אַז עס איז במילא אומזיסט —

# קאפיטל XLI

אויף דער גאס איז געווען אן אידעאלע שטילקייט. אין ערגעץ האט זיך נישט געלויכטן, נאר אין די שווייצארסקעס פון די סאנאטאריעס. ביי מאָניעןַ אין הארצן האָט זיך געטון אן איבערקערעניש. אין זשעניעס קעגנ־װאָרט האָט ער כלומרשט געמאכט פון אירע רייד א שפאס, אָבער בלייבנ־דיק אַליין מיט זיך, האָט ער זיך מודה געווען אין דער ערנסטקייט פון דעם פריש־אויפגעקומענעם ענין. זשעניא, האָט ער געפילט, רעדט מיט דער גאַנצער נשמה, מיטן גאַנצן אומשולד פון א יונג מיידעלע. דאָס איז געווען בלתי־ספק. אויך האָט ער געפילט דאס פאַלשקייט פון זיינע בלבולים, אַז זי גייט מסיג־גבול זיין איר עלטערער שוועסטער; אַז זי איז ווייניק יידישלעך; אַז זי איז נאָך צו יונג צו רעדן פון אַזעלכע זאכן. אָבער דאָס וואָלט נאָך נישט אויסגעמאכט, געפערלעכער פון אַלץ איז געווען, וואָס טיף, טיף ביי אים אין הארצן האָבן אירע רייד געפונען א שטארקן אָפּ־קלאַנג. ממש פון דעם ערשטן וואָרט אירן, פון דעם ערשטן קוק. ער וואָלט זיך נישט געווען אַזוי קאַלט און אכזריותדיק באַגאַנגען מיט איר, נאָר ער האָט מורא געהאט פאר זיך אַליין, פאר דעם „נישט־גוטן", וואָס זיצט אין אים: טאָמער איז דאָס נאָר א פארבלענדזעניש? טאָמער איז דאָס נאָר א פאריבערגייענדיקע סימפּאטיע? ווי קען מען זיך עס לאָזן פארפירן פון א געפיל, א בן־יומו, א געפיל וואָס איז נאָך קיין אכט שעה נישט אַלט? דאָס דאַזיקע געפיל מעג אפילו זיין ווי שטארק...

א פארזונקענער אין מחשבות האָט ער געמאכט היפּשע עטלעכע הקפות אַרום זיין סאַנאטאָריע, און האָט זיך מעכאַניש געלאָזט אַריינגיין אינעם קליינעם סקווער, וואָס געפינט זיך פונקט קעגן זיין פענצטער. ער האָט לאַנגזאַם געשפּאַנט אויף דעם ווייכן זאַמד, דערמאָנענדיק זיך מיט אַלע פּרטים זיין היינטיקע באַגעגעניש און טראַכטנדיק וועגן דעם שפּאָגל־נייעם פּראָבלעם, וואָס האָט אים דאָ באַגעגנט אויף דער שוועל און פאַר־דערט אַן אַנטשלאָסענעם ענטפער. פּלוצלינג האָט ער א ציטער געטון מיט אַלע אברים און האָט זיך א וואָרף געטון אויף צוריק ווי אַן אָפּגעבריטער. ער האָט נישט געגלייבט זיינע אייגענע אויגן: זיצנדיק אויף א באַנק, אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אויף דער האַנט, איז געשלאָפן זשעניא, זשעניאַ פיינשטיין. די זעלבע זשעניא, וועלכע ער האָט ווייניקער ווי מיט א שעה צוריק אָפּגעפירט אַהיים. שטורמישע געדאַנקען, איינער ווילדער פונעם אַנדערן, האָבן ווי מיט שפּיציקע שנאָבלען אים געפּיקט אין מח אַריין:

— וואָס זאָל דאָס באַדייטן? ווי קומט זי אַהער? כ'וואָלט געזאָגט, אפשר איז זי א לונאַטיקערין,* איז דאָך גאָר איצט קיין לבנה נישטאָ. וואָס דען קען דאָס באַדייטן? אפשר האָט זי שוין געטראָפן פארשלאָסן

---

* אַ מענטש וואָס ליידט פון לבנה־קרענק.

די פאַראַדנע און האָט נישט געוואָלט קלאָפּן אַזוי שפּעט? קען דאָס אויך נישט זיין! קיין שום סאַנאַטאָריע פאַרשליסט זיך נישט אַ קיילעכדיק מעת־לעת, ווער שמועסט נאָך אַזאַ גיגאַנט ווי דער „נאַרקאָמפּראָס"! וואָס הען קען דאָס זיין?

דער מח האָט זיך אים שיר נישט צעשפּאַלטן אַרומטראַכטנדיק אַלע מעגלעכע אופנים פון איר געפינען זיך דאָ. ער האָט זיך שטיל צוגעזעצט לעבן איר אויף דער באַנק. אַליין נישט אָטעמענדיק, האָט ער זיך איינגע־הערט אין איר רואיקן סאָפּען: אַרויף־אַראָפּ, אַרויף־אַראָפּ... אַ קינד, אַ פּיצל קינד! ווו עס ווערט נישט אַנטפּאַלן, דאָרטן שלאָפט עס. ער זעט, אַז דער רוקן איז ביי איר איינגעבויגן ביז ווייטיק, דאַן נעמט ער זי לייכט אַרום און לייגט אַוועק איר קאָפּ אויף זיינע קני. זי גיט אַ לייכטן זיפץ און עפנט אויף אַ פּאָר פאַרשלאָפענע אויגן. איין אויגנבליק קוקט זי זיך איין אין אים, דאַן רייסט זי איבער אַ זיס געניצל:

— הא, ס'איז דו?

— יאָ, ס'איז איך. ווי פּומסטו אַהער, זשעניאַ?

— איך וויל שלאָפן. ס'איז שוין זייער שפּעט...

— גוט, שלאָפן... אָבער ווער האָט דיך געבראַכט אַהער?

— אַליין. ווער דאַרף מיך ברענגען?

— פאַר וואָס עפנסטו נישט די אויגן?

— איך עפן זיי יאָ. זעסט דען נישט? נאָ, קוק אומיסטן... איך עפן און זיי קלעפּן זיך צונויף אויף צוריק, איך עפן און זיי קלעפּן זיך צו־נויף אויף צוריק... איך בין אַ ביסל שלעפעריק, פאַרשטייסט?

— פאַר וואָס זשע גייסטו נישט צו זיך?

זי מאָסטעט זיך בעסער איין אויף זיינע קני:

— איך פיל, אַז איך וועל דאָרט נישט איינשלאָפן. דו ווייסט וואָס? שוויג אַ ביסל...

— ביסטו גאָר צו זיך אפילו נישט אַרויפגעגאַנגען?

— צו וואָס זשע האָב איך געדאַרפט אַרויפגיין, אַז דאָ איז בעסער...

— דאָ איז דאָך אַ האַרטע באַנק, וואָס הייסט — בעסער?

— עס מאַכט נישט אויס. איך האָב געוואָלט אַ ביסל זיצן קעגן דיין סאַנאַטאָריע, טאָמער דערזע איך דיך צופעליק דורך אַ פענצטער, און אָט בין איך גאָר אַנטשלאָפן געוואָרן. דו אַנטשולדיק מיר.

אַ מאַגנעטישער כח האָט מאַניען צוגעצויגן צו אירע פרישע, זאַפ־טיקע ליפּן און ער האָט זיך איינגעזויגן אין זיי. זי האָט אים קוים־קוים געענטפערט אויף זיין קוש און אַ שוואַכער פּליסטער האָט זיך דערטראָגן פון איר מויל:

— דו ביסט אַזאַ גוטער... זייער גלייך האָסטו געטון, וואָס דו ביסט געקומען.

און זשעניאַ איז ווייטער רואיק געשלאָפן, אָטעמענדיק שטיל: אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ. מאַניאַ האָט פאָרזיכטיק אַרויסגעצויגן זיין

קני פון אונטער איר קאָפּ, אונטערלייגנדיק דאָרט אָנשטאָט איר — זיין היטל. זשעניא האָט גאָרנישט געפילט. אויף די שפּיץ פינגער, טרעטנדיק היגטערוויילעכטס ווי צו „עושה שלום״, האָט ער זיך ארויסגעשלייכט פונעם סקווערים און האָט מיט פלינקע טריט זיך געלאָזט גיין אין זיין סאַנאַטאָריע. דער שווייצאַר איז געזעסן איבער אַ צייטונג, און האָט אַלע ווײַלע געפּיקט מיט דער נאָז דעם טיש. מאָניאַ האָט אים אַ טאָרקע געטון:

— צעדרעכעט* זיך, איך האָב צו אייך אַן עסק.

יענער האָט שלעפעריק געכאַפּט אַ קוק אויפן זייגער און האָט שטום אויסגעגלאָצט אויף מאָניען אַ פּאָר נישט פאַרשטייענדיקע, גלעזערנע אויגן. מאָניאַ האָט האַסטיק ארויסגענומען זיין טייסטער און אויפן טיש איז אַראָפּגעפלויגן אַ קנאַקנדיקער פּופּציקער. ווי דורך אַ כשוף איז פאַרשוואונדן געוואָרן דער שלאָף פון דעם שווייצאַרס אויגן. ער איז ארויסגעגאַנגען פון הינטערן טיש, צוגעגאַנגען האַרט צו מאָניען און אונטערטעניק געפרעגט:

— מיט וואָס קען איך אייך נוצלעך זיין, חבר פייערבערג?

— אויב איר געדענקט, האָב איך אייך פריער דערציילט וועגן אַ קוזינע.

— איך געדענק.

— איז זי איינגעשלאָפן אין סקווערים, אָט דאָ אַנטקעגן. דאַרף מען זי איינאָרדענען ביי מיר אין צימער.

— וואָס רעדט איר, חבר? דאָס איז קעגן —

— גאָרנישט איז דאָס נישט קעגן. איך וועל אפילו נישט אריינקומען אַהין.

— ווו זשע וועט איר שלאָפן?

— וואָס אַרט דאָס אייך? איך בין נישט שלעפעריק.

— זאָגט קאָנקרעט, וואָס דאַרף איך טון?

— אָט אַזוי! פון דעם האָט איר לכתחילה געדאַרפט אָנהייבן! וועקט שוין אויף איינע פון די אָפיציאַנטקעס,** נאָט אייך דעם שליסל פון מיין צימער און זאָל זי דאָרט אויסבעטן. ווען אַלץ וועט זיין פאַרטיק, זאָל זי דאָרט דריי מאָל אויסלעשן און אָנצינדן דאָס ליכט. איך וועל דאָס שוין באַמערקן און אַרויפטראָגן די קוזינע אין צימער אריין. דאַן וועט די פרוי זי אויסטון, איינדעקן, אויפמאַכן דאָס פענצטער, אַראָפּלאָזן די שטאָרן, פאַרשליסן די טיר און מיר אַראָפּטראָגן אַהער צו דעם שליסל. אָט דאָס איז אַלץ!

— גייט צו אייער שלאָפנדיקער קוזינע. אין צען מינוט אַרום וועט איר האָבן די אָפּגעשמועסטע סיגנאַלן.

ווען מאָניעס פענצטער האָבן אָנגעהויבן צו פינטלען מיט די אויגן,

* צעדרעכן — פאַרטרייבן דעם שלאָף, קומען צו זיך.

** קעלנערקעס.

האָט ער ליכט און צערטלעך אַריבערגעקוקט זשעניען צו זיך אויף די הענט. זי איז האַרט געשלאָפן, זי האָט אויף גאָרנישט רעאַגירט. טרעטנ־דיק אויף די שפּיץ פינגער, האָט ער מיט זיין אָנגענעמער משא זיך דורכ־געשלייכט דעם שאָסיי. טריט ביי טריט כדי גאָרנישט פאַרטשעפּען מיט אירע פיס, האָט ער זיך מיט איר אויפגעהויבן אויפן צווייטן שטאָק און האָט זי פּאָרזיכטיק אָוועקגעלייגט ביי זיך אויפן בעט. די קעלנערקע האָט געגומען איר צעשנורעווען די שיך. מאַניאַ האָט אויפגעשלאָסן דעם שופ־לאָד, אַרויסגענומען זיינע תפילין און איז אַראָפּגעגאַנגען אין שוויי־צאַרסקע. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט אים די קעלנערקע אומגעקערט דעם שליסל פון זיין צימער. מאַניאַ האָט זי געפרעגט:

— אויסטועגדיק זי, האָט איר זי נישט אויפגעוועקט?

— ווער, וואָס? זי שלאָפט ווי אַ געהרגעטע.

— איר האָט זי גוט איינגעדעקט? דאָס פענצטער אויפגעמאַכט? די שטאָרן אַראָפּגעלאָזט?

— אַלץ, אַלץ, אַלץ! וואָס בין איך עפּעס, אַ נעבכטיקע? אַך! וואָס פאַר אַ שיינהייט, מוז איך אייך זאָגן... אמת, אַ זעלטנהייט!

— זייער פיין. אַ גרויסן דאַנק און אַ גוטע נאַכט.

ער האָט זיך אומגעקערט אין סקווערן, אָנגעטון דאָס היטל און זיך שוין געלאָזט ערגעץ גיין, נאָר פּלוצלינג האָט ער זיך אין עפּעס דער־מאָנט און האָט זיך אומגעקערט צוריק אין דער שווייצאַרסקע.

— הענגט אויף, זייט מוחל, דעם שליסל פון מיין צימער אויף דער וואַנט. די קוזינע קען דאָ אָנקלינגען און איך זאָל נאָך נישט האָבן זיך אומגעקערט. אָט אַזוי, אַ דאַנק.

*

— וואָס קען נאָך זיין גרויסאַרטיקער און פייערלעכער פון דעם בילד, ווי בשעת דער ים וואַכט אויף פון שלאָף עם הנץ־החמה,* און זאָגט בלחש: מודה אני... שהחזרת בי נשמתי?... מי ידמה, ומי ישוה ומי יערוך?

מאַניעס שיפל — וואָס האָט פון דער ווייטנס אויסגעזען ווי אַ לענג־לעך בייטעלע פון יונגע אַרבעסלעך, אויף וועלכן עס האָט זיך געזעצט אַ קליינינקער בעל־חי מיט לאַנגע צוויי פליגעלעך — האָט זיך ליכט גע־הוידעט אויף די פרימאָרגנדיקע, נאָך פאַרשלאָפענע כוואַליעכלעך. דער ברעג האָט אויסגעזען ווי אַן אומענדלעכע רצועה פון אַ של־יד. ער האָט זיך געצויגן קו־לקו** מיטן האָריזאָנט, באַהאַלטנדיק זיך אַלע ווילע הינ־טער די רונדע רוקנס פון די בורשטין־קלאָרע כוואַליעס, וועלכע האָבן גע־

---

* זונען־אויפגאַנג.

** פּאַראַלעל; לענג־אויס.

האַלטן אין איין אַרויפּפּאָרן איינע אויף דער אַנדערער. ממזרח שמש ועד מבואו איז דער ים געווען העל־גרין און פון אויבן באַצויגן מיט אַ דין, בלוי הייטעלע פון הימל־אָפּשיין.

אויפן אין־סופיקן וואַסער־מרחב האָט געהערשט אַ שטאַרקע התעור־רות און עפּעס אַ מין שמחה של מצוה. יעדער טראָפּן באַזונדער איז געווען אַ יום־טוב בפני־עצמו, און אַלע צוזאַמען, בהמון חוגג, האָבן זיך ערגעץ זייער געאײַלט. אלו לאלו שואלים: — איר האָט שוין דעם באַ־פעל אויף היינטיקן טאָג? איר ווייסט שוין אייער מאַרשרוט? טאָ לאָמיר זיך צואײַלן! כל הזריז נשכר... און פון אַלע זייטן הייבט זיך אָן אַ יאָגע־ניש, וכלם עושים באימה וביראה רצון קונם, און אַלע אײַלן זיך אל מקום זה יסדת להם...

אויף רעכטס האָט דער אָפּגרונט געפּליעצט מיט פייערדיק בלוט אין הימל אַריין. דאָס בלוט האָט ריטשקעסווייז געפּלאָסן צום זעניט, אונ־טערהייבנדיק, אגב־אורחא, די פּאָלעס ביי זילבער־ווייסע וואָלקנדלעך און אײַנריכטנדיק זיי אין וויברירנדיקן זון־אָפּגלאַנץ, וואָס זעט אויס אויף זייערע ציכטיקע בגדים, ווי אומגערן אויסגעגאָסענער רויזנזאַפּט. די וואָל־קנדלעך רויטלען זיך פאַר בושה, ווי אַ צניעותדיק כלה־מיידל, וואָס די עלטערן צווינגען זי אַליין דערלאַנגען צום טיש דעם חתן אירן.

ווען צווישן וואַסער און הימל האָט זיך באַוויזן אַ חצי־עיגול פון דער זון, האָט מאַניא פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דאָס אָנטועכץ און איז אַריינגע־שפּרונגען אין ים אַריין. דאָרט האָט ער זיך זיבן מאָל אונטערגעטונקען, דערנאָך דריי מאָל, דערנאָך איין מאָל, נאָך דעם ווידער זיבן מאָל... אַ דערפרישטער, אַן אויסגעצויגענער איז ער אַריין צוריק אין שיפל, זיך אָנגעטון, געוואַשן די הענט, און ווען די זון האָט זיך אין גאַנצן אַרויס־געקויקלט פון הינטערן וואַסער, האָט ער זי באַגעגנט מיט קריאת־שמע אין די תפילין.

לאַנג האָט ער אין יענעם טאָג געדאַוונט...

ער האָט זיך אַליין געגעבן דאָס וואָרט, נישט צו טראַכטן בשעת דעם דאַווענען פון זשעניען. עס האָט זיך אָבער פאַרט געטראַכט, קעגן זיין ווילן. גלייך ביי דער ערשטער תפילה האָט ער זיך געכאַפּט דערויף, אַז ער הערט נישט אויף צו טראַכטן פון איר. ער האָט מיט אַלע חושים געפילט, אַז ער שטייט פאַר זיין יום־הדין. זשעניעס געזיכט איז אויף קיין איין רגע נישט אָפּגעטראָטן פון זיינע אויגן. אירע מאַט־ברוינע אויגן האָבן צו אים אַראָפּגעשמייכלט פון יעדער כוואַליעכל, פון יעדער שוימיק קריינ־דעלע, זיי האָבן צו אים ליידנשאַפטלעך געוווּנקען, גערופן צו זיך, צוגע־זאָגט דעם גן־עדן אויף דער וועלט. אַזוינס האָט שוין מיט אים לאַנג נישט פּאַסירט. ער האָט זיך אומרואיק איינגעהערט אין דעם, וואָס ביי אים אין האַרצן קומט פאָר. און דאָרט האָט מען אויף איר אָפּגעזאָגט גאַנץ „הלל״: זשעניא איז אויסערגעוויינלעך שיין; גראַציעז; חנעוודיק. זי האָט אים ליב. זי וועט פאָלגן אין יידישקייט, אַלץ וואָס ער וועט פון איר

פארלאנגען. און דער עיקר — ער אליין האט זי דאכט זיך אויך ליב! גוואלד, ווי אזוי דערגרונטעוועט מען זיך צום דנא פון אט דעם „דאכט זיך״?... און אפשר איז דאס ביי אים נאר אן איינבילדונג? אן אהבה התלויה בדבר? ער האט זי אין משך פון דער דאזיקער נאכט דריי מאל געהאלטן אויף די הענט. ער איז דאך פארט נישט מער ווי א מענטש: ער קען זיין פארשכורט פון איר הייסן אטעם, ער קען זיין צעקאכט פון איר פריצייטיק־אויפגעזאטן בלוט. ניין. מען דארף קודם כל זיך אליין אויס־פרווון! מען מוז זיך אין דעם פאל גוט־גוט קאנטראלירן. ביי דיני־נפשות איז מען מחויב צו זיין זייער, זייער פארזיכטיק...

אינעם תפילין־זעקל איז ביי אים שטענדיק געלעגן א תהילימל. ער האט דאס מאל מיט גרויס כוונה אפגעזאגט תהילים, ווי עס פאסט ערב א יום־הדין, און איז מלא־בטחון אפגעשוווּמען צום ברעג.

ווען ער האט זיך דערנענטערט צו זיין סאנאטאריע, איז שוין גע־ווען צוואנציק מינוט צו צוועלף. די שטארן פון זיין פענצטער זענען געווען אויפגעהויבן.

— שוין אויפגעשטאנען, הייסט עס, — האט ער א טראכט געטון — האט זיך נישט דערוואַרט אויף מיר און איז אוועקגעגאנגען. זייער גלייך האט זי געטון! ווען נישט, וואלט איצט ביי מיר געווען שושן־פורים... דעם שליסל האט זי אודאי איבערגעלאזט שטעקן אין דער טיר, איצט גייט דאך די „אובארקע״.*

ער איז שוין געווען אויף די טרעפ, ווען דער שווייצאר האט אים אנגעהויבן נאכשרייען:

— חבר פייערבערג, חבר פייערבערג, דעם שליסל נעמט —

— זי איז דען נאך נישט אויפגעשטאנען?

— ניין.

— א־א! אזוי שפעט? א דאנק! נאך וואס דארפט איר זיך מטריח זיין?

קומענדיק צו דער טיר האט מאניא א קוק געטון אין שליסל־לאך: דאס בעט, זעט ער, איז צוואָרפן. הייסט עס, אז מען מעג שוין אריינ־גיין. ער האט אויפגעשלאסן די טיר און איז שטיין געבליבן אויף דער שוועל א דערשטוינטער. ער האט געטראפן ביידע טשעמאדאנעס אפן און די שופלאדן — איבערגעקערט מיטן קאפ אראפ און מיט די פיס ארויף. זשעניא איז געשטאנען אויף די קני א האלב־אנגעטונענע, מיט צעשווי־בערטע האר, און האט מיט גליענדיקע אויגן עפעס געזוכט. דערהערנדיק, אז מאניא איז געקומען, איז זי כלל נישט איבערראשט געווארן און איז שטיין געבליבן אין דער זעלבער פאזע. זעענדיק, אז מאניא רעדט נישט אויס קיין ווארט, נאר ער שטייט ביי דער טיר און קוקט זי אן א פאר־חידושטער, האט זי אויף אים מיט א צערייצטן שמייכל א בורטשע געטון:

* דאס אויפרוימען די צימערן.

— וואָס ביסטו שטיין געבליבן ווי אַ יוון אין דער סוכה? טו אויס דעם מאַנטל און ווער אַ היימישער. צי אפשר שטערט דיר מיין הולך? זאָג, שעם זיך נישט.

מאַניאַ האָט גוטמוטיק זיך געוווּנדערט:

— וואָס זוכסטו דאָרט ביי מיר, דו ווילד ציגל?

זשעניאַ האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן פאָל מיט די פיס אונטער זיך ווי אַ בוכאַרקע, און אַראָפּלאָזנדיק די אויגן, האָט זי שטיל געזאָגט:

— איך האָב דיך געוואָלט באַגנבענען —

— נאָר ווער האָט דיך נישט געלאָזט?

— כ'האָב נישט געפונען דאָס, וואָס איך האָב געזוכט.

— גיב מיר נאָר אַ קוק אין די אויגן, דו! אַ־האַ! ניין, טייערע, דאָס וואָס דו האָסט געזוכט, האָסטו טאַקע נישט געקענט געפינען. „איר" בילד טראָג איך ביי זיך נישט מער —

— אין טייסטער — אויך נישט?

— אין ערגעץ נישט.

— פון דעסט וועגן, ווען דו ווייזט אים מיר, וואָלט איך נאָך רואיקער געווען!

מאַניאַ האָט אַרויסגענומען פונעם בוזעמטאַש זיין טייסטער און אים אַוועקגעלייגט אויף אירע קני. זי האָט פלינק אַרויסגעוואָרפן אויפֿן פאָל, אַלץ וואָס עס האָט זיך אין אים געפונען, גוט אויסגעטרייסלט, ווידער איבערגעטרייסלט און אַ צופרידענע אָנגעהויבן צוריק אַריינשטופּן דאָס אַרויסגעוואָרפענע. מיט אַ מאָל האָט זי אַ פּאַטש געטון מיט די הענט:

— מאַ—מע, וויפל געלט! אויף וואָס דאַרפסטו דאָ האָבן אַזוי פיל געלט?

— דו דאַרפסט געלט? נעם, וויפל דו ווילסט —

זי איז אויפגעשפּרונגען אויף די פיס:

— ווער דאַרף געלט? איך דאַרף דיך, נישט קיין געלט! איז זאָגסטו, אַז איר פאָטאָגראַפיע איז אין ערגעץ נישטאָ ביי דיר?

— צו וואָס דאַרף איך איר פאָטאָגראַפיע, אַז איך האָב זי אַליין אויסגעריסן מיטן שורש פון מיין האַרצן?

— מיטן שורש?

— און מיט אַלע שרשימלעך!

— לעולם ועד?

— לעולמי עד ולנצח נצחים...

זשעניאַ האָט אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט:

— נו, אויב עס איז יאָ אַזוי די מעשה, טאָ גיב זשע מיר אַ קוש...

— זשעניאַ, וואָס זענען דאָס פאַר אַ דיבורים?

— מאַניאַ, גלייב מיר אויף מיין ערנוואָרט, אַז זינט איך לעב האָט מיך נאָך קיין איין פרעמדער מאַנסביל קיין קוש נישט געטון. עס פאַרשטייט זיך, אַ פעטער, אַ קוזין, רעכן איך נישט... נאָר למשל, אין שול...

צווישן מיינע חברטעס זענען דאָך געווען אַלערליי „שטוטשקעס", * אָ־אַ!
אָבער מיך — קיי—נער נישט.

— פאַר וואָס זשע ווילסטו איצט ברעכן דיין געוווינהייט?

— איך ברעך זי איצט אויך נישט, נאָר דו ביסט מיר נישט קיין
פרעמדער. אמת, ניין? זאָג, אמת — ניין?

— וואָס עפּעס גאָר אַ פרעמדער? מיר זענען דאָך פון איין שטעטל...

— ניין, נישט דאָס מיין איך...

— עך דו, צאַפּיקל! פרעגסט אפילו נישט ווי אַרום דו קומסט
אַהער צו?

— אַך, יאָ, טאַקע! איך געדענק גאָר—נישט. איך געדענק נאָר,
אַז דו ביסט אַוועקגעגאַנגען, מיך איבערגעלאָזט ביי די טרעפּ פון מיין
סאַנאַטאָריע און זיך אפילו איין מאָל נישט אומגעקוקט, ווי אַן עכטער
אינקוויזיטאָר. דאָס געדענק איך גוט, אָבער מער — גאָרנישט.

— ביסט אַ מאָלאָדיעץ, נישטאָ וואָס צו רעדן! מען קען זיך אויף
דיר פאַרלאָזן...

— וואָס זשע, וואָס? ניין, טאַקע באמת, ווי קום איך אַהער?

— איך האָב דיך געפונען אַ שלאָפנדיקע אין אַ סקווער און גע־
בראַכט צו טראָגן אַהער אויף די הענט.

— מאַ—מע! וואָס הייסט אין אַ סקווער? און כ'בין טאַקע גע־
שלאָפן?

— ווי אַ שכורע —

— און נישט געפילט, ווי דו האָסט מיך געטראָגן אויף די הענט?

— קומט אויס, אַז ניין...

— קען איך דיר נאָר זאָגן, אַז עס טוט מיר טאַקע האַרציק באַנג...

— דו ווייסט נאָר זיך צו וויצלען. אָבער גיב אַ טראַכט, ווי וואָלט
געווען ווען אַ צווייטער געפינט דיך?

— אַ צווייטן וואָלט איך גאָר נישט דערלויבט מיך צו געפינען —

— ביסטו גאָר אפשר נישט געשלאָפן? זאָג דעם אמת...

— ווי אַ שכורע —

אַ ווײַלע קוקן זיי דורכדרינגענדיק איינער אויפן צווייטן און צע־
לאַכן זיך.

— און דו ווו ביסט געשלאָפן, מאַניאַ?

— אויפן ים.

— וואָס הייסט אויפן ים?

— אויפן ים הייסט, אויפן ים... אין אַ שיפל.

— און זיך לייגן אין דעם זעלבן צימער וואָס איך, האָסטו מורא
געהאַט?

---

* געמיינט: פאַרשייטע.

— פאַר אַזעלכע פראַגן וועל איך אין גאַנצן אויפהערן צו רעדן מיט דיר...

— און וואָס הערט זיך מכח מיין בקשה? דו גיסט מיך אַ קוש?

— טאָמער דערמאָנסטו נאָך איין מאָל דערפון, גיי איך ווידער אַוועק. אַן עק! טו זיך שוין אָן און קעם זיך צו, וועלן מיר גיין פרישטיקן. איך בין הונגעריק ווי אַ וואָלף, און דיר מוז שוין אויך גוט חלשן דאָס האַרץ.

— דווקא נישט זייער... איך האָב דאָ געפונען דריי פּליטקעס שאָ־קאָלאַד, האָב איך צוויי אויפגעגעסן און איינע איבערגעלאָזט פאַר דיר.

— זאָלסט דערלעבן אָנזאָגן גרעסערע בשורות. אַן עק זאָל נעמען! מאַך שוין צו רעכט דיין טואַלעט און קום אויך אַראָפּ. איך וועל אויף דיר וואַרטן אונטן.

— פאַר וואָס עפּעס — אונטן? וואַרט נאָר, אַז דו ווילסט שוין גאָר, קענסטו זיך אויסדרייען מיטן פּנים צום פענצטער און יוצא לכל הדעות.

נאָכן איבערבייסן איז זשעניאַ אַוועק צו זיך „זיך צוליגן", און מאַ־ניאַ איז אַוועק צו זיך. אין שווייצאַרסקע, אומקערנדיק זיך פונעם באַ־גלייטן זיין „קוזינע", האָט מאַניאַ אָפּגערופן דעם שווייצאַר אויף אַ זייט און אים שטיל באַפוילן:

— חוץ דעם בריוונטרעגער, צו מיר קיי—נעם נישט אַרויפלאָזן. איך בין נישטאָ אין דער היים — און שוין! און דאָס זעלבע גיט איבער דעם צווייטן חבר אייערן, דעם וואָס פאַרבייט אייך.

— אפילו אָט די יונגע קראַסאַוויצע, אויב זי וועט קומען, אויך נישט אַרויפלאָזן?

— איך האָב געזאָגט: קיינעם... פאַרשטאַנען?

— איצט האָב איך פאַרשטאַנען! גוט, עס וועט זיין אויסגעפילט.

# קאפיטל XLII

אין יענעם טאָג און אויך אויף צו מאָרגנס איז מאַניא אפילו נישט ארויסגעגאַנגען פון דער סאַנאַטאָריע. ער פלעגט נאָר אראָפּגיין עסן און אין הויף אריין זיך דורכשפּאַצירן. די איבעריקע צייט איז ער געלעגן אין בעט און האָט געלייענט. דער שווייצאַר האָט אים דערציילט, אַז די „קור־זינע" איז דאָ געווען עטלעכע מאָל, זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט גלייבן, אַז ער איז נישטאָ ביי זיך. איין מאָל האָט זי זיך אפילו געפּרוווט מיט גוואַלד דורכרייסן אויף די טרעפּ ארויף. נאָר דאָס איז געווען בלויז אין די ערשטע צוויי טעג. איצט קומט זי שוין מער נישט. פאַר מאַניען איז געווען אומדערטרעגלעך־שווער דאָס איזאָלירן זיך פון זשעניען. אויף טריט און שריט האָט אים אויסגעפּעלט איר ליכטיק פּנימל, אירע גרויסע, אומשולדיקע אויגן, איר אַנשטעקנדיקער געלעכטער. מאַניא האָט גוט גע־פילט, ווי זי ליידט דורך אים, ער האָט זיך געגעוי פאַרגעשטעלט וויפל ער פאַרשאַפט איר גרימענישן און אַנגסטן, און דאָס האָט אים ווי מיט אַ טעמפּן מעסער געשניטן דאָס ליב. זינט ער האָט צוגעטראַכט דעם אויפטו מיט דעם באַהאַלטן זיך פון איר, האָט ער געהאַט אַ געפיל, ווי ער זאָל שינדן די הויט פון אַ לעבעדיק עופעלע און דאָס עופעלע נעבעך, צאַפּלט, פאָכעט מיט די פליגעלעך און גייט אָפּ מיט בלוט ביי אים אויף די הענט. אָבער אַנדערש האָט ער נישט געקענט טון. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס דאָס האַרץ זיינס האָט געצויגן צו איר מיט סכנות־נפשות, האָט ער זיך אַליין נישט געגלייבט פון דאַנען אהין. עס איז פאַר אים געווען שרעק־לעך דער געדאַנק, אַז זי האָט אים געפּאַקט. אַז נאָך עטלעכע יאָר פאַר־שטיינערט זיין האָט ער ווידער דאָס „אַנפּאַלעניש". און נאָך דורך וועמען? דורך „יענערס" שוועסטערל, דורך אָט דעם פּיצעלע מיידעלע, וואָס ער פלעגט האָבן אַ מנהג אַלע מאָל אַנדרייען די אויערן...

עטלעכע טעג נאָך אַנאַנד האָט געדויערט זיין פּיינלעכער נסיון. אויפן פערטן פאַרנאַכט האָט ער ענדלעך צעריסן אַלע „שכל־הישרדיקע" קייטן און איז אַוועקגעגאַנגען אין מיטעלן פּאַרק. ער האָט אַרומגעזוכט אומע־טום, אָבער זשעניאַ איז אין ערגעץ נישט געווען. ער איז געוואָרן אויסער זיך: הייסט עס, דער צווייטער צד האָט נאָך אויך די בחירה... זיצנדיק אָפּגעשפּאַרט אין זיין צעלע, האָט ער געלערנט דעם פּשט, אַז די גאַנצע דעה איז איצט נאָר ביי אים. ער דאַרף נאָר צוגיין אין פּאַרק אריין און איין ווינק טון — פּאַרטיק! צום סוף איז זי גאָר נישטאָ... צום סוף שטייט זי גאָרנישט און וואָרט אויף אים, ווי ער האָט געמיינט... אין די אויגן איז אים מיט אַ מאָל טונקל געוואָרן, עס האָט אים באַשלאָגן אַ קאַלטער שווייס. גוואַלד, וואָס האָט געקענט טרעפן? ער האָט נאָך אַ מאָל אַרומגעזוכט דעם גאַנצן פּאַרק, נאָר — אומזיסט! מיט אַ ביטער געפיל האָט ער זיך געלאָזט גיין צוריק אין שטאָט אריין. ער האָט געהאַט אַ

שטאַרקן געוויסנביסן. ער האָט געפילט, אַז ער איז באַגאַנגען אַ זינד קעגן יענעם אומשולדיקן מלאכל. ער וואָלט ביי איר געבעטן אַנטשולדיקונג, אָבער גיי רעד, אַז מען זעט זי גאָרנישט.

אין מיטן וועג האָט ער פון דער ווייטנס באַמערקט שפּאַצירן אַ גרופּע יונגע פרויען און צווישן זיי אויך זיינע באַקאַנטע סטודענטקעס. זשעניאַ איז מיט זיי נישט געווען... מיט אַ פאַרקילט האַרץ פאַר שרעק איז ער אַקעגנגעלאָפן דער פרייליכער קאָמפּאַניע, אָפּגערופן זיינע באַקאַנטע אויף אַ זייט און קוים אַרויסגעשטאַמלט:

— און ווו איז זשעניאַ?

— זשעניאַ גייט שוין דעם צווייטן טאָג נישט אַראָפּ פונעם בעט, זי איז עפּעס נישט געזונט...

— אוי, וואָס רעדט איר? זי איז שטאַרק נישט געזונט? וואָס איז איר?

— נישט שטאַרק, נאָר נישט געזונט. דער דאָקטער האָט נאָך נישט פעסטגעשטעלט, וואָס איר איז. אַ שיינער קוזין! זיך ערשט דערמאָנט צו פרעגן —

— איך בין נישט געווען אין גאַנצע עטלעכע טעג.

— אַך! אויב אַזוי אַנטשולדיקט.

— זאָגט מיר, וועלכער צימער איז אירער?

— איר הייבט זיך אויף מיטן ליפט אויפן העכסטן עטאַזש, סאַמע אונטערן דאַך, דאָרט אויף לינקס, די דריטע טיר. צימער 109. גייט, גייט, ס'איז איר דאָרטן אומעטיק אַליין...

מאַניאַ האָט נאָך נישט באַוויזן אָפּצוגיין פון זיי קיין צען טריט, ווי איינע פון זיי האָט אים אָנגעיאָגט:

— חבר מאַניאַ, איר זענט טויב, צי וואָס? מיר שרייען אייך, אַז איר זאָלט שטיין און איר גייט ווייטער... נאַט אייך דעם שליסל, מיר האָבן זי פאַרשלאָסן. נאָר קלאַפּט פריער אָן, כדי זי זאָל זיך באַוויזן צו־צודעקן, ווייל זי ליגט אַ נאַקעטע אין בעט.

— אַ גרויסן דאַנק אייך, חברטע.

אויף די שפּיץ פינגער האָט זיך מאַניאַ אונטערגעגנבעט צו דער טיר, נישט וועלנדיק זי אויפוועקן האָט ער שטיל אויפגעשלאָסן די טיר און איז אַריינגעגאַנגען אין צימער. זשעניאַ איז געלעגן מיטן פּנים צו דער וואַנט, די האָר זענען געווען אַריינגענומען אין אַ שיין, זיידן זיפּל, די פּלייצע — האַלב נאַקעט, די האַנט האָט זי געהאַלטן אויף דער קאָלדרע. אַ קליין אַלעבאַסטער־ווייס פיסל מיט פּערלמוטערנע נעגעלעך, האָט צו־להכעיסדיק אַרויסגעשטעקט פון אונטער אַ העל־בלאָער פוכאַווע קאָלדרע, וואָס איז געווען אַריינגענומען אין אַ היימישן ליילעך־קאָנווערט. מאַניאַ האָט מיט גוואַלד אָפּגעריסן די אויגן פון זשעניען און האָט זיך אַרומגעקוקט אויף איר אכסניא: אין צימער איז געווען אָנגעוואָרפן מיט אַרומגעגריזשעטע הערצלעך פון האַלב־רויע עפּל, מיט קערלעך פון קאַרשן און מיט צע־

פליקטע צייטונגען. אויף די בעטן איז געווען צו באַמערקן אַ שטאַרקע אומ־אָרדענונג, און בכלל איז דאָרט געווען אומבאַקוועם. אויפן טישל לעבן זשעניען איז געשטאַנען אַ נישט־דערזופּטע גלאָז זויערמילך, עס איז גע־לעגן אַ האַלבער ציטרין און אַ טערמאָמעטער. מאַניאַ האָט נישט געקענט אָפּווענדן זיין בליק פון איר געטאָקטן אַקסל, ער האָט אים געבלענדעט די אויגן מיט זיין סאַמעטענעם בליאַסק, מיט זיין פּוכקע רונדקייט, מיט זיין קלאָרקייט ווי ערשט־געפאַלענער שניי. אין צימער איז געווען אומעטיק און שטיל. דורכן אָפענעם פענצטער האָט זיך דערטראָגן אַ זשומען פון פליגן. אַרום דעם שוואַך־לייכטנדיקן, געלבלעכן לעמפּעלע, האָט אַרומגע־שמייעט אַ גין־גאָלדענער שמעטערלינג און נודנע געזשומעט. מאַניאַ האָט קוים געאָטעמט און נישט גערירט מיט קיין אבר. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָט ער זיך צוגערירט מיט די ליפּן צו איר אַקסל. זי האָט גאַרנישט גע־פילט. מיט אַ מאָל האָט אים אָנגעכאַפּט אַ גוואַלדיקער קראַמף: זי האָט אים דאַמאָלסט געבעטן אַ קוש און ער האָט איר אָפּגעזאָגט... נישט אָפּ־געבנדיק זיך קיין חשבון אין דעם, וואָס ער טוט, האָט ער זיך צוגע־שפּאַרט אויפן בעטל לעבן איר, לייכט אויסגעקערעוועט איר געזיכט צו זיך און זיך האַסטיק צוגעפּרעסט מיט זיינע ליפּן צו אירע. זיין אָנגע־ווייטיקטע נשמה האָט זיך אין גאַנצן אַריינגעקליבן אין די ליפּן. זיי האָבן זיך איינגעזויגן אין איר לייב, געוואָלט אויסמישן זיינע פאַרסמטע בלוטן מיט אירע, געוואָלט אָפּגעבן איר אַ ביסל ליידן, צורויבן ביי איר אַ ביסל אומשולדיקע, פרישע יוגנט...

ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט ער דאָס ערשטע, גיכער דערפילט איידער דערהערט:

— אוי, מאַניאַ... אוי, מאַניאַ... ווי גוט איז, וואָס דו ביסט דאָ —

זשעניאַ איז געלעגן אויפן רוקן, די קאָלדרע אַרויפגעצויגן ביזן מויל, און אירע וואונדערשיינע אויגן האָבן פון זיך געוואָרפן אַן אָפּשיין ווי בראָנדזע קעגן פלאַם.

— מאַניאַ, מאַנקעלע, ווי קומסטו אַהער? זייַ אָט דאָ לעבן מיר, נעענטער! דו קוק נישט, וואָס איך ליג אין בעט, איך בין גוט איינגע־דעקט... איז וואָס זאָגסטו, ווי קומסטו אַהער?

— וואָס זשע חידושט דיך דאָ אַזוי? איך האָב דאָ דען קיינעם נישט, צו וועמען צו קומען?

אויף אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן צוויי פּערלדיקע טרערן. זי האָט זיי פלינק אָפּגעווישט, נאָר עס זענען באַלד אָנגעלאָפן פרישע, הייסערע און נאָך הייסערע. איר געטאָקט מיילכל האָט לייכט געציטערט. זי האָט פאַרביסן די ליפּ, נאָר זי באַלד צוריק אַרויסגעלאָזט. אַזוי איז געווען נאָך ערגער: אויף איינצושטילן דעם אַלץ וואַקסנדיקן שטורעם, האָט זי גע־מוזט האָבן געגעבן פרייע לופט. ווען זי האָט זיך אַ ביסל באַרויקט, האָט זי מאַניאַ שטיל געפרעגט:

— ביסט אויף מיר גוט ברוגז, זשעניוסיאַ?

— וואָס פאַר אַ רעכט האָב איך עפּעס צו זיין אויף דיר ברוגז?
— אָבער פאַר מיין נישט קומען?
— איז וואָס זשע, דיין נישט קומען? ביסט מיר עפּעס מחויב? מסתמא, אַז דו ביסט נישט געקומען, האָסטו נישט געדאַרפט קומען.
— זשעניאַ, האָב רחמנות, רעד נישט אַזוי. דיינע רייד שניידן מיר דאָס לייב... דו ווילסט זיך נוקם זיין אין מיר, צי שוין זשע רעכנסטו, אַז איך בין צו דיר גלייכגילטיקער ווי דו צו מיר?

זשעניאַ איז מיט אַ מאָל בלאַס געוואָרן. דאָס איז געקומען אַזוי אומדערוואַרט... אירע גרויסע אויגן זענען נאָך גרעסער געוואָרן. איין אויגנבליק האָט זי אים דורכגענומען אויף דורך און דורך, דאַן האָט זי אַ שפּרונג געטון פון בעט צוזאַמען מיט דער קאָלדרע און באַהאַלטן איר קאָפּ אויף זיין ברוסט. דאָס האַרץ האָט איר שטאַרק געקלאַפּט. קוים צו דערהערן האָט זי געשעפּטשעט:
— מאָניאַ, גוטער מלאך מיינער, וואָס הער איך? איך גלייב נישט מיינע אייגענע אויערן...
מאָניאַ האָט זי צוריק אָפּגעטראָגן אין בעט אריין:
— זשעניאַ, דעק זיך צו. דאָס פענצטער איז אָפן און פונעם ים טראָגט מיט פייכטקייט. אָט אַזוי! איצט באַרואיק זיך. איך דאַרף מיט דיר וועגן עפּעס אַ שמועס טון.
— מאָניטשקאַ, אפשר זאָל איך זיך אָנטון און מיר וועלן אוועקגיין צו אונדזערע סקאַלעס?

מאָניאַ האָט מעכאַניש גענומען דעם טערמאָמעטער פון דעם טישל, געוואָרפן אַ בליק אויף אים און אַ געשריי געטון:
— זשעניאַ! 37,6, דאָס איז דיין פאַרנאַכטיקע טעמפּעראַטור?
— איי, פאַר וואָס ליגט דיר דער קאָפּ ביי אַזעלכע נאַרישקייטן? איך האָב איצט אודאי 87,6! נו, וואָס זשע איז דערפון געדרונגען?
— געדרונגען איז גאָרנישט, נאָר דו גייסט היינט ביי מיר נישט אין ערגעץ. אַך, וואָס פאַר אַ ווינט עס האָט זיך אויפגעהויבן, לאָז נאָר!

מאָניאַ האָט צוגעשלאָסן דאָס פענצטער, אַראָפּגענומען פון זיך דעם מאַנטל און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל.
— דער קאָפּ טוט דיר נישט שטאַרק וויי, זשעניאַ?
— וואָס פאַר אַ בלבולים מאַכסטו אויף מיר? נאַ דיר גאָר קאָפּוויטיק!
— אויב אַזוי קענען מיר אונדזער ענין אַרומשמועסן דאָ אויך.
— איך קען נישט הערן, אַז דו רעדסט פונעם בוידעם. זעץ זיך אָט דאָ לעבן מיר. ניין. נעענטער! נישט אַזוי, פאַר וואָס ביסטו אַזאַ ליימענער? אָט דאָ זעץ זיך, רוק זיך צו. אָט אַזוי! קוים געפאַלן אויפן שכל... איצט גיב מיר דיין האַנט, פאַרטיק! אצינד זאָג, וואָס דו האָסט געוואָלט. איך פאַרזיכער דיך פאָרויס, אַז וואָס דו וועסט זאָגן, איז ביי מיר קודש־קדשים, אַקוראַט ווי דאָס זאָל האָבן געזאָגט דער אורים־ותומים.

מאָניאַ האָט אויף עטלעכע סעקונדן פֿאַרמאַכט די אויגן. דאָס בלויע אָדערל ביים לינקן שלייף האָט האַסטיק פּולסירט, זיך אויסגעגאָסן און זיך אָנגעגאָסן, גלייך ווי דער גאַנצער ישוב־הדעת, וואָס מאָניאַ האָט ביי זיך, קומט ביי איר פֿאַר ערגעץ דאָרט. ענדלעך האָט ער אויפֿגעמאַכט אַ פּאָר טיפֿע, שוואַרצע אויגן, וואָס זענען געווען ווי איינגעהילט אין אַ רויכיקן נעפּל, ער האָט צאַרט אַ גלעט געטון איר געכאָליעט הענטל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אויסגעשניצטס פֿון העלפֿאַנדביין, און האָט איר שטיל געזאָגט:

— הער אויס, קליינינקע מיינע. שאַ, שאַ! פֿאַל נישט אָן אויף מיר... דאָס הייסט כּלל נישט, אַז דו ביסט קלענער פֿון מיר, דאָס הייסט גאָר, אַז מיר זענען נאָך ביידע קליינינקע. פּיצעלעך קינדערלעך, ערשט פֿון דעם וויגל אַרויס. איז אָט וואָס, טייערע: מיר וועלן זיך אומקערן צו דיין דאַ־מאָלסטדיקן שמועס... דער גאַנצער ענין איז דאָך אַזאַ שווערער, אַזאַ שווערער... קודם, טאַקע מיין עלטערקייט; און אפֿילו דאָס, וואָס דו ביסט אויך אַ פֿיינשטיין; און דאָס, וואָס דער וועג פֿאַר דיר איז נאָך נישט פֿריי. גראָד דאָס איז גאָרנישט אַזוי לייכט מיט דער האַנט אַוועקצומאַכן. ביי מיינע עלטערן איז טאַקע קיין עלטער קינד פֿאַר מיר נישטאָ, אָבער ביי דיינע — יאָ! און דערצו נאָך — אַ מיידל! און דערצו נאָך — טאַ־מאַראַ! און אפֿילו דאָס וואָס דו דאַרפֿסט אַריינטרעטן אין אַ נייער, יידי־שער סביבה. דו האָסט דאַמאָלסט געזאָגט: תהילים זאָגן... מען קען זיך באַגיין אָן דיין תהילים זאָגן, נאָר אַז מען פֿירט אַ לעבן אויפֿן יידישן שטייגער, זענען דאָ זאַכן פֿיל שווערערע פֿון תהילים זאָגן. מען דאַרף זיך אָפֿט מאָל אָפּזאָגן פֿון די סאַמע עלעמענטאַרסטע באַדערפֿענישן. לכבוד התורה ולכבוד השבת. פֿון דער ווייטנס ווייזט אָט דאָס אַלץ אויס ווי אַ קליניקייט. דאָס העלדישקייט פֿון די מעשים פֿאַרשטעלט אָפֿט מאָל פֿון אַ פּרעמד אויג די אמתע שוועריקייטן. ביי דער ראַטנמאַכט איז באמת שווער צו זיין אַ ייד און דו ביסט נישט געוווינט געוואָרן דערצו... נאָר דאָס, פֿאַרשטייט זיך זענען אַלץ אַזעלכע מניעות, וואָס פֿאַרלירן זייער ממשות, אויב צווישן אונדז זאָל זיין אַ שטאַרקע ליבע, ווי פּאָעטן רופֿן דאָס אָן: אַ געטלעכע ליבע... און דאָ ערשט שווימען אַרויס פֿרישע פֿראַגן: ווער ווייסט, צי אונדזערע כאַראַקטערן גלייכן זיך? מיר זענען דאָך אייגנטלעך כמעט נישט באַקענט איינער מיטן צווייטן. קיין מאָל אין לעבן זענען מיר נאָך קיין עטלעכע שעה נישט געווען צוזאַמען. איך בין אַ מענטש, וואָס האָב זיך שוין פֿיל אָנגעליטן אין מיין לעבן. עס האָבן זיך אָפּגעזוכט אַזעלכע גוטע נשמות, וואָס האָבן אַוועקגעלייגט פֿיל, פֿיל כּוחות דערויף, צו פֿאַרגיפֿטן מיר מיין פֿריִע יוגנט. איצט איז מיין נשמה ווי אַטראָפֿירט. דאָס האַרץ — צעשרויפֿט, נערוועז, פֿאַרשלאָסן אין זיך. דו דאַקעגן ביסט אַ יונג בלימעלע. דו ביסט נאָך מיטן רעאַלן לעבן אין קיין מינדסטער באַ־רירונג נישט געקומען. אויף דיין געוויסן איז נאָך קיין שטויבעלע נישט געפֿאַלן, און דו גיסט דיר אַזוי לייכט אַ זאָג־אָפּ: פֿאַרבינדן אָט די צוויי

עלעמענטן אויף אייביק... היוצא לנו מזה איז אָט וואָס: אויב די פיר טעג, וואָס מיר האָבן זיך נישט געזען און מיינע איצטיקע רייד האָבן דיר אומגעקערט דעם קאַלטן פאַרשטאַנד, ווערן דיינע דאַמאָלסטדיקע רייד פאַר־רעכנט פאַר אַ חלום, פאַר אַ שפּאַס און מיר בלייבן פּשוט גוטע חברים. האַ, וואָס זאָגסטו?

אַ שטאַרקער געוויין איז געווען איר ענטפער אויף מאַניעס רייד. זי האָט זיך איבערגעקערט מיטן פּנים אַראָפּ, איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און געיאָמערט. מאַניא האָט געפּרוווט זי איינצושטילן, נאָר זי האָט אים אפילו נישט צוגעלאָזט נאָענט צו זיך. איר שוואַכינקער מיידלשער קערפּער האָט זיך אַזש קאָנווולסיוו געטרייסלט, אַזוי אויפגערודערט איז זי געווען.

מאַניא האָט זיך געבעטן ביי איר:

— זשעניאַ, דריי זיך אויס, איך האָב נאָך נישט געענדיקט...

זשעניאַ האָט נישט געביטן איר פּאָזע און נאָר פאַרשטיקט געכליפּעט.

— נו, גיי איך אויב אַזוי... דעם אמת גערעדט, האָב איך אַליין אויך געהאָפט און אין האַרצן שטאַרק גאָט געבעטן, אַז דיר זאָלן נישט געפעלן ווערן מיינע שווערוואָגיקע וואָרענונגען און אַז דו זאָלסט זיך נישט אָפּזאָגן פון דיין פאָרשלאַג, וואָס דו האָסט מיר דאַמאָלסט געמאַכט. גאָט איז מיין עדות, אַז איך האָב שוין אפילו צוגעטראַכט עפּעס אַ שטיקל פּלאַן אויך, נאָר אַז דו ווילסט נישט הערן, גיי איך. נו, אַ גוטע נאַכט —

ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער טיר און האָט נאָר באַוויזן צו מאַכן איין שפּאַן, ווי זי האָט זיך אים אויפגעהאַנגען אויפן האַלדז. זשעניאַ, אין איין העמד, האָט אים פעסט איינגעשלאָסן אין אירע אָרעמס:

— וווהין ווילסטו דאָס גיין? ווען דו גייסט איצט אַוועק, וואָלט איך זיך באַלד אַראָפּגעוואָרפן דורכן פענצטער און עס וואָלט געווען — אויס זשעניאַ פיינשטיין...

מאַניא האָט איר פאַר אַזעלכע רייד דערלאַנגט אַ שמיצל איבער די ליפּן. ער האָט אַ וואָרף געטון צוריק דעם מאַנטל, צוגעטראָגן זי אין בעט אַריין און אַ גלעט געטון אירע סאַמעטענע באַקן. פון פאַרגעניגן האָט זי אַזש צוגעמאַכט די אויגן ווי אַ קעצל, אַז מען גיט דעם אַ בערשטל די האָר. זי האָט מיט איר האַנט צוגעהאַלטן זיינע, נישט געלאָזט זי צונעמען.

— איז אָט וואָס, טייבעלע מיינס, הער וואָס איך האָב צוגעקלערט. יאָ, — איך שלאָג זיך אַליין איבער — זאָג מיר נאָר אַזאַ זאַך: די קור־ראַציע וואָס דו נעמסט דאָ, כ'מיין די ביטלעך מיט די איינרייבונגען, מיט די איבעריקע שעלעמויזן דאָרטן, זענען דיר טאַקע זייער נייטיק?

— מאַמע! וואָס רעדסטו עפּעס פאַר אַ נאַרישקייטן? וואָס פעלט מיר דען? איך בין געזונט ווי אַ העלפאַנט. טאַמער האָט מיר יאָ עפּעס געפעלט, האָב איך דאָס שוין אויך געפונען.

— זייער גוט, זשעניאַ. זייער גוט! ביי מיר איז אויך דאָס זעלבע.

איך ווער גאָר, דאַכט זיך, קראַנק פון זייערע סעאַנסן. גלייב מיר, נאָר ווייל איך שעם זיך פאַר די שכנים פון דער סאַנאַטאָריע, ווען נישט וואָלט איך נישט געגאַנגען. אַלזאָ, אויב עס איז יאָ אַזוי די מעשה, שלאָגן מיר כפרות מיטן קוראָרט און לאָזן זיך אַוועק אין אַ לוסטרייזע אויפן גאַנצן זומער. אויף דריי, פיר חדשים, הייסט עס. אין משך פון דער צייט וועלן מיר גרונטלעך דורכשטודירן איינער דעם צווייטן. מיר וועלן שטענדיק זיין צוזאַמען; אויסקוקן אַ וועלט; גאַנץ דרום און מזרח־רוסלאַנד; אויף דער שיף און אין וואַגאָן; אין אַעראָפּלאַן און רייטנדיק אויף פערד; אומעטום צוזאַמען! טאָמער וועט מען ערגעץ דאַרפן איבערשווימען, וועסטו זיך אויסציען אויף מיין פּלייצע און מיר וועלן איבערשווימען. טאָמער וועט מען דאַרפן פאָרן אויף אַ קעמל אָדער אויף אַן אייזל, וועל איך דיך צו־בינדן צו זיך, ווי די קאָרייקעס * בינדן צו זייערע קינדער צו זיך, דו האָסט אַזאַ בילד קיין מאָל נישט געזען אין קיין ביכל? מיין פרייע צייט וועל איך אין גאַנצן אַוועקגעבן נאָר דיר. איך וועל דיך באַקענען מיט דער יידי־שער היסטאָריע, איינפלאַנצן אין דיין הארצן די קערנדלעך פון מיין אוי־סערגעוויינלעכן בענקען קיין ארץ־ישראל. איך וועל דיר איבערדערציילן פיל זאַכן פון דער יידישער ליטעראַטור. די דאָזיקע דריי, פיר חדשים וועלן אונדז גייסטיק פאַראייניקן ביז גאָר. איך וועל אַ ביסל תוהה זיין על קנקנך און פאַר דיר וועט דאָס זיין, אַזוי צו זאָגן אַ פאַקולטעט פון הלכות מאָניא און פון הלכות יידישקייט... חוץ דעם וועלן מיר סתם אויספאָרן אַ האַלבע וועלט. גלייב מיר, נאָך דער חתונה קען זיך אַ מיידל נאָר חלומען אַזאַ נסיעהלע. פאַר ימים־טובים, אַז מיר וועלן זיך שוין דאַרפן אומקערן אַהיים, וועלן מיר זיך ווידער אומקערן קיין גאַגרע, ווידער פאַרנעמען אונדזערע ערטער אין די סאַנאַטאָריעס, ווידער זיך פיר טעג נישט באַגעגענען, אָבער דאָס וועט שוין זיין דער גענעראַלער פּרווו, דער ענדגילטיקער. אויב מיר וועלן דאַמאָלסט זען, אַז מיר קענען טאַקע נישט לעבן איינער אָן דעם צווייטן, דאַן איז דאָס מן השמים, און מיר קומען קיין מינסק פאַרטיקע חתן־כלה. צי אפשר געפעלט דיר נישט קיין נע־ונדנע לעבן?

— אוי, מאָניא!...

זשעניא, איינגעוויקלט אין דער קאָלדרע, האָט זיך אַזש אַראָפּגע־קויקלט פון בעט פאַר התפעלות. זי האָט אַרומגעכאַפּט זיינע קניען מיט אירע נאַקעטע הענט, געלאַכט, געוויינט און זיך פאַרכלינעט מיט די ווער־טער:

— גוואַלד, מאָניא, פאַר וואָס קומט דאָס מיר? פאַר וואָס קומט מיר אַזאַ גליק? עס האָט זיך מיר גאָר קיין מאָל נישט געחלומט אַזאַ גאָלדענער חלום.

מאָניא האָט זי אַרויפגענומען צו זיך אויף די קני, אַ קוש געטון אירע גליקלעכע אויגן און האָט ווייטער גערעדט:

---

* קאָרעישע פרויען.

— אויב דו האָסט גאָרנישט קעגן דעם, וואָלט איך פאָרגעלייגט מיר זאָלן איבערמאָרגן פאַר נאַכט אָפּפאָרן מיט דער עקספּרעס־שיף קיין באַ־טום. וואָס, נישט אַזוי? וואָס פאַרהאַלט אונדז דאָ?

— ביי מיר פרעג נישט. איך בין עלעהיי דיינע אַ האַנט אָדער אַ פוס.

— מיין פּלאַן איז אַזעלכער: מאָרגן, בלי נדר, שיקסטו אָפּ אַהיים אַ טעלעגראַמע, אַז דו פאָרסט אָפּ מיט אַ קאָמפּאַניע טוריסטן אויף אַ לענגערער צייט, אין די ווייטסטע ווינקעלעך פונעם לאַנד. אַז דיר וווהין עס איז צו שרייבן איז נישט שייך, ווייל דו וועסט זיך אויף איין אָרט לאַנג נישט פאַרהאַלטן, דאַקעגן דו, וועסט זיי פונעם וועג אָפט מאָל טעלע־גראַפירן. איך מצדי, וועל טעלעגראַפירן צו זיך אַהיים, אַז כ׳האָב עפּעס אַן עסק אין גרוזיע, זאָל מיר דער טאַטע טעלעגראַפיש אַרויסשיקן קיין טיפליס פופציק טויזנט רובל —

זשעניאַ האָט אַזש אַ פּליעסק געטון מיט די הענט:

— מאַ—מע! פופציק טויזנט רובל?!... צו וואָס דאַרפסטו אַזוי פיל געלט?

— אַז מען פאָרט אין אַזאַ לאַנגן וועג און נאָך מיט אַזאַ זעלטענער שיינהייט ווי דו, מאַכט קיין מאָל נישט אויס צו האָבן ביי זיך איבעריקע עטלעכע טויזנט רובל. און פאַר וואָס עפּעס — קיין טיפליס? ווייל ביז דאָס געלט וועט אָנקומען, רעכן איך, אַז מיר וועלן שוין זיין פון באַטום אין טיפליס. האָסטו אויך נישט קעגן דעם? נו, אָט! אַ פּינקטלעכן מאַרש־רוט פאַר אונדזער לוסטרייזע וועלן מיר זיך ערשט אָנמערקן אויף דער שיף. בילעטן אויף דער שיף וועל איך אין דער פרי באַזאָרגן. זי גייט אָפּ אויפן צווייטן טאָג פינף אַ זייגער נאָך מיטאָג. האַ, דו זאָגסט עפּעס?

זשעניאַ, וואַרגנדיק זיך מיט טרערן:

— אוי, מאָניאַ, מיר דאַכט זיך, אַז מיין האַרץ וועט נישט אויס־האַלטן אַזאַ פּלוצלעכן שטראָם פון גליק —

— זשעניטשקאַ, לאָמיר נאָך לעת־עתה אָט דאָס וואָרט אָפט נישט באַנוצן. ביז נאָך דעם צווייטן מאָל זיין אין גאַגרע. נאָר אויב אונדזער צייטווייליקע חברותא וועט זיך ענדיקן מיט אַ בנין עדי־עד, וועט קיין שום נאָמען נישט זיין צוגעפּאַסט צו דער ווירקלעכקייט, ווייל... ווייל זי וועט זיין פיל שענער און בעסער... יאָ, איך האָב שיר נישט פאַרגעסן! מאָרגן אין דער פרי, אַז מיר וועלן לעבן און געזונט זיין, דאַרפסטו זיין ביי מיר נישט שפּעטער פון זיבן אַ זייגער. איך וועל שוין באַשטעלן אַן אויטאָ צום אַעראָדראָם. אַכט אַ זייגער פליט אָפּ דער פּאַסאַזשיר־אַעראָפּלאַן קיין סעוואַסטאָפּאָל, וועלן מיר אויף אַ טאָג צופליען אַהין, כדי דיך אַ ביסל אויסצוקליידן. קוים געפינסטו זיך אונטער מיין אַפּוטרופּסות, דאַרפסטו אויסזען ווי אַ פּרינצעסין. מיר וועלן זיך איינשאַפן שיינע אייראָפּעישע וואַליזעס, העל־זיידענע אַנצוגן, ספּעציעל פאַר אַזיע. פאַר איין וועגס וועלן מיר שוין כאַפּן אַ קוק אויף דער באַוווסטער פּאַנאָראַמע: „די פּאַרטיידי־קונג פון סעוואַסטאָפּאָל", און אויף צו מאָרגנס וועלן מיר נאָך באַווייזן צו

מיטאָג אהער צו. דאַן כאַפּן מיר אויף שנעל א דרימל און — היידא אויף דער שיף. זיי געזונט, גאַגרע! נישט ווילנדיק ביסטו געוואָרן אונדזער שרכנ־טע: אָדער מיר וועלן דיך בענטשן אָדער מיר וועלן דיך שעלטן... גיב גאָט — בעסער בענטשן...

זייערע ליפּן האָבן זיך פון זיך אליין צונויפגעגאָסן אין א זאַפטיקן קוש. עס איז פון זייער ווירקלעכקייט פארשוווּנדן די סאַנאַטאָריע, גאַגרע, דער ים, אַלץ, אַלץ וואָס אויף דער וועלט געפינט זיך! עס איז נאָר גע־בליבן דאָס געפיל, אז עס איז פּיקוח־נפש; אז מען טאָר נישט מפסיק זיין, ווייל עס איז מיט סכנות־נפשות. אויף דעם עולם האָט זיי אומגעקערט א מאָדנע מין סקריפּען, ווי א מחנה זשוקעס וואָלטן עמעצן געהאַלטן א טאָן. מאָניא האָט פרעגנדיק א קוק געטון אויף זשעניען.

— עס איז גאָרנישט. דאָס הייבט זיך אויף דער ליפט.

— דאָס מוזן שוין גיין דיינע מיידלעך. או—וואַ, פּאַוואָלינקע טאַקע האַלב איינס... איך דאַרף נאָך איצט אָנקלינגען אין „פּאָרט”, ווייל איך וויל א באַזונדערע קופּע ערשטע קלאַס. און אויפן אַעראָדראָם איז אויך גלייכער שוין צו קלינגען, ווייל אין דער פרי קען א מאָל טרעפן, עס זאָלן זיין מער פּאַסאַזשירן ווי ערטער. נו, טייערע מיינע, שלאָף געזונט און צע־ברעך דעם טערמאָמעטער... אום זיבן פאַרגעס נישט צו זיין ביי מיר. מיט קיין אַעראָפּלאַן שפּילט מען זיך נישט —

מאָניא האָט איר דערלאַנגט א שנאָל אין חנעוודיקן נעזל און האָט נאָר באַוויזן אָפּצוואַרפן דאָס קיטל פון דער טיר, ווי עס זענען אריינגע־קומען זשעניעס שכנטעס. ער האָט זיי פון דער שוועל א וואָרף געטון א „צום ווידערזען” און איז ווי א וויכער אראָפּגעפלויגן פון די טרעפּ.

# קאפיטל XLIII

ביים מיטאָג, נאָך זייער אומקערן זיך פון סעוואסטאָפּאָל, האָט די אַרטיקע ראַדיאָ געמאָלדן, אַז איבער דעם שטאַרקן שטורעם, וואָס האָט אויסגעבראָכן מיט אַ טאָג צוריק ארום נאָוואָראָסיסק, האָט דער דאַמפּער, וואָס גייט פון אָדעס, פאַרשפּעטיקט אויף פערצן שעה. ער וועט פאַרלאָזן גאַגרע נישט פריִער פאַר זייגער פינף אַ נאַכט, נאָר ערשט זיבן אין דער פרי. מאַניאַ האָט גלייך אַנגעקלונגען אין „פּאָרט", אַז זיין קופּע זאָל גיין ליידיק ביז סוכום, און ער מיט זשעניען זענען אָפּגעפאָרן מיט אַן אויטאָבוס קיין סוכום. אָנקומענדיק אהין האָבן זיי אָפּגעגעבן זייערע וואַליזעס אין דער קאַמער פאַר האַנטגעפּעק, וואָס אין „פּאָרט", און אַליין האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט אָנקוקן די שטאָט.

אויפן צווייטן טאָג האָבן זיי פאַרנומען זייער קופּע אויף דער שיף, געוואָרפן אַ געזעגענונגס־בליק אויפן דרום־ברעג פונעם שווארצן ים און האָבן פאַרלוירן די יבשה פונעם אויג.

עס האָט זיך ביי דעם יונגן פּאָרל אָנגעהויבן אַ לאַנגע, אינטערעסאַנטע קייט פון מסעות, ויסעו ויחנו... ויסעו ויחנו... זיי האָבן נישט געוווסט פון קיין מנוחה, ווי די יידן אין דער מדבר. די גאַנצע נסיעה איז געווען ווי אַן אומענדלעכער, קאָפּשווינדלערישער ווירוואַר, עלעהיי דאָס קלעטערן אויף דעם טורעם פונעם דור־הפלגה.

עטלעכע טעג האָבן זיי זייער פריילעך פאַרבראַכט אין באַטום, דערנאָך האָבן זיי באַזוכט באָרזשאָם, קוטאַאיס און גאָרי, סטאַלינס געבורטשטאָט. פון דאָרטן זענען זיי שוין אָנגעקומען גלייך קיין טיפליס. אָפּגענומען דאָס געלט מיט אַ פאַרוואונדערונגס־טעלעגראַמע פון די פייערבערגס, האָבן מאַניאַ און זשעניאַ זיך געמאַכט אַקרעדיטיוון אויפן געלט, באַקוקט דעם הויפּט־פּערל פון דער קאַווקאַזער פעדעראַציע און זענען אָפּגעפאָרן קיין באַקו. האָבנדיק שוין געזען באַטראַכט די באַזונדערקייטן פון באַקו, האָבן זיי זיך געזעצט אויף דער שיף, און איבערטראָגנדיק אַ שטורעם פון צוועלף באַלן אויפן קאַספּישן ים, זענען זיי קוים לעבעדיקע אָנגעקומען קיין קראַסנאָוואָדסק. פון דאָרט זענען זיי דעם זעלבן טאָג אַוועקגעפאָרן קיין אַשכאַבאַד, די רעזידענץ פון טורקמעניע, וווּ זיי האָבן זיך אָפּגערוט פון דעם שטורעם גאַנצע פינף טעג. נאָכן באַזוכן בוכאַראַ און סאַמאַרקאַנד זענען זיי אָנגעקומען אין דער הויפּטשטאָט פון סאָוויעטישן אַזיע — טאַשקענט.

וווינענדיק דאָרט אַ וואָך צייט אינעם שענסטן האָטעל, האָבן זיי מיט גרויס אינטערעס אויסגעקוקט אי די נייע שטאָט, אי די אַלטע. דערנאָך זענען זיי אָפּגעפאָרן קיין אַלמאַ־אַטאַ און פון דאָרט קיין פרונזע. פאַרבראַכט אומגעפער אַ וואָך צייט אין דער רעזידענץ פון דער קירגיזישער רעפּובליק, זענען זיי אָפּגעפלויגן — זעלבסטפאַרשטענדלעך אַריינשטעקנ־

דיק בשתיקה דעם וואָס מען דאַרף אַ מנה יפה — מיט אַ מיליטערישן עראָפּלאַן, קיין סטאַלינאַבאַד. די דאָזיקע הויפּטשטאָט פון טאַדזשיקים־טאַן איז אַ וווּנדער־שיינער כרך, וואָס האָט זיך אין משך פון געציילטע עטלעכע יאָר פּרעכטיק צעוואַקסן אין שכנות מיט די ברענענדיקע אַפגאַ־נישע זאַמדן. ווען סטאַלינאַבאַד איז שוין געווען אויסגעקוקט, אַלע בול־וואַרן און פּאָרשטעט אויסגעטאָפּטשעט ישר והפוך, זענען זיי פון דאָרטן אין אַ פּערזאָנען־עראָפּלאַן אָפּגעפלויגן קיין קוליאַב. דאָס דאָזיקע קוליאַב איז דער סאַמע עקסטער געביט פון טאַדזשיקיסטאַן, וואָס שטעקט ווי אַ קלין אין דער אַפגאַנישער ערד. קיין אַנדער מין טראַנספּאָרט, חוץ ווי מיט דער לופט, איז אַהין נישטאָ, ווייל די דאָרטיקע געפערלעכע וועגן דורך די בערג זענען פאַר אַן אויטאָ־קאָמוניקאַציע קיין מאָל נישט געווען צוגע־פּאַסט. נאָר קעמלען קורסירן אויף יענער שטרעקע אַהין און צוריק. מאַניאַ און זשעניאַ האָבן דאָס מאָל שטאַרק קיין חשק נישט געהאַט זיך צו שלעפּן עטלעכע טעג אויף אַ רוקן פון אַ קעמל, דערצו נאָך ביי אַ טעמפּעראַטור פון קרוב צו אַכציק גראַדוס היץ, און זיי זענען בעסער געפלויגן. דאָרט האָבן זיי נייגעריק באַטראַכט די סאַמע ווילדסטע און אָפּגעשטאַנענסטע שבטים פון לאַנד, זיך אָנגעזעטיקט מיט פאַרשידענע מינים אַזיאַטישע פּרוכטן, וואָס זענען גאָר ערגעץ אַנדערש נישט בנמצא, דאַן זענען זיי פון דאָרטן אָפּגעפלויגן אין אַ צווייטן, נישט ווייניקער פאַרוואָרפענעם ווינקל, נאָר דאָס מאָל שוין אין טורקמעניע. דאָס איז אַ שטאָט מיטן נאָמען: אורגענטש. פון דאָרטן האָבן זיי זיך שוין געזעצט אויף אַ שיף, וואָס איז געווען מער ענלעך אויף אַ חרובער קאַרעטע ווי אויף אַ שיף, און זי האָט זיי מיט די וואַסערן פונעם טייך „סער־דאַריאַ", געפירט אַראָפּ־וואַסער, צוריק קיין גרויס־רוסלאַנד, אויף אוראַל. זיי האָבן באַזוכט סאַמאַראַ, אָריענבורג, זיך געבאָדן אין אַראַלער „ים", זיך געשיפט אויף דער וואָלגע און ענדלעך, צעטרייסלטע און פאַרסמאַליעטע זענען זיי אָנגעקומען קיין מאָסקווע.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין האָטעל „מעטראָפּאָל". צוויי טעג נאָך אַנאַנד זענען זיי אין ערגעץ נישט אַרויסגעגאַנגען פון זייערע נומערן. זיי זענען געווען מיד און צעבראָכן פון די וואַנדערונגען איבער די אַזיאַטישע געגנטן; פון די נסיעות אויף קעמלשע און אייזלשע רוקנס; פון די „גע־זעסן" אין די עראָפּלאַנען און טייל מאָל נישט באַקוועמע קופּעען אין די וואַגאָנען. כאָטש אומעטום, וווהין זיי זענען נאָר געקומען, האָבן זיי — אַ דאַנק אַן אויסגעפּרוּווטן מיטל — געקריגן די סאַמע בעסטע פּלע־צער, די מאָדערנסטע האָטעלן, דאָך זענען זיי געווען זייער מיד. פיזיש מיד, אָבער גייסטיק — גליקלעך, איבערגליקלעך. פאַר די עטלעכע חדשים, וואָס זיי האָבן אַרומגעוואַנדערט צוזאַמען האָבן זיי זיך זייער ענג צונויפ־געלעבט. מאַניאַ האָט אַנטדעקט אין זשעניען אַן אוצר פון גוטסקייט און אַ געזונטן פאַרשטאַנד. ער האָט אין איר ליב באַקומען אפילו אירע קאַפּ־ריזן און אירע ווילדע פאַנטאַזיעס. זי האָט שוין געקענט העכער צוויי

הונדערט העברעאישע ווערטער ; זי האָט אַליין שוין געקענט צונויפשטעלן
אַ בריוועלע אויף לשון־קודש, אָן טעותים. מאַניאַ פלעגט זיין איבערגליק־
לעך, ווען זי פלעגט אין אַ טרויעריקן טאָן און מיט אַ סך געפיל דעקלאַ־
מירן „על נהרות בבל", אָדער „ציון הלא תשאלי", אָדער ביאַליקס
„המתמיד". ער האָט זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן, ווי אַזוי ער וואָלט
איצט אויסגעקומען אָן איר, אָן זשעניאַ פיינשטיין. נאָר אויב מאַניאַ האָט
זיך געפילט צוגעבונדן צו איר, איז דאָס נאָך אַלץ געווען נישט דאָס, וואָס
זי האָט געפילט צו אים. טאָמער פלעגט ער באַין־ברירה זי מוזן איבער־
לאָזן אַליין אויף עטלעכע שעה, פלעגט ער זי שוין טרעפן אַ באַטריבטע
און אָן אומעטיקע, און נישט זייער זעלטן — אַ פאַרוויינטע. ווען ער
פלעגט אָנהייבן חוזק צו מאַכן פון אירע „ווייבערשע" טרערן, פלעגט זי
מיט איר קינדערשער דלאָניע אים פאַרשטעלן דאָס מויל און זיך ערשט
פון דאָס ניי צעכליפען אויף אַ קול. זיין אויסגעהאַלטנקייט, זיין ערנסט־
קייט, זיין טיפער פאַרשטאַנד און גלייכצייטיק זיין נאַטירלעכע, קינדערי־
שע לוסטיקייט, זיין דערפינדערישקייט אין אַלערליי אומשטענדן, זיין באַ־
שיידנקייט און גוטסקייט, האָבן זיך אין איר האַרצן צונויפגעגאָסן אין
איין סימפאָניע, וועלכע האָט זי באַצויבערט. זי איז ערשט איצט געוווּיר
געוואָרן, אַז פריער האָט זי מאַניען לחלוטין נישט געקענט און ביי זיי
אין שטוב קען אים אויך קיינער נישט, און בכלל איז אויף אים קיינער
קיין מבין נישט. קיינער איז גאָר נישט משיג זיינע דרכים, אויסער זי
אַליין...

אין מאָסקווע האָבן זיי באַזוכט אַלע באַוווסטע טעאַטערס, וועלכע
זענען נאָר נישט געווען אַוועקגעפאָרן איבער דעם לאַנד אויף גאַסטראָלן.
דאָרט האָט מאַניאַ אויסגעביטן זיין היפּשע אפּותיקי אויף פּרעכטיקע
חתונה־קליידער פאַר זיי ביידן, און נאָך צוויי וואָכן רוישיק, מאָסקוועער
לעבן זענען זיי אָפּגעפאָרן קיין קיעוו. אין קיעוו האָבן זיי באַקוקט די אַלטע,
היסטאָרישע שטאָט מיט אירע „לאַווּרעס" און מאַוזאָלייען, און פון דאָרט
זענען זיי אָפּגעפאָרן קיין כאַרקאָוו און פון דאָרטן קיין ראָסטאָוו. מאַניאַ
איז געווען פאַרליבט אין אָט דער קאָזאַקישער הויפּטשטאָט. גאַנצע פינף
טעג האָבן זיי געמאָסטן די גאַסן און די באַרימטע אויף גאַנץ רוסלאַנד —
שטאָטגערטנער. נאָך תשעה־באב זענען זיי פון דאָרטן אָפּגעפלויגן קיין
אָדעס. דאָרט האָבן זיי בסך־הכל פאַרבראַכט עטלעכע טעג און מיטן דאַמ־
פער „גרוזיאַ", האָבן זיי זיך אומגעקערט קיין גאַגרע.

ווען זיי זענען אַראָפּגעגאַנגען פון דער שיף, איז געשטאַנען איבער
דער שטאָט אַ ליכטיקער פרימאָרגן. מאַניאַ האָט פון דער זייט אַ קוק גע־
טון אויף זשעניען : דאָס איז געווען גאָר נישט די זעלבע זשעניאַ, וואָס
ער האָט מיט זיך אַוועקגעפירט, מיט דריי חדשים צוריק. צי דאָס האָבן
די פאַרשידענע קלימאַטן געלייגט זייער שטעמפּל אויף איר פנים, צי אפשר,
ווי די וועלט זאָגט, אַז קליידער ענדערן דעם מענטשנס אויסזען, צי אפשר
די נאָענטקייט פון אַזאַ ערנסטן שריט ווי חתונה האָבן, אָדער גאָר אַלץ

צוזאַמען — נאָר זשעניען איז לחלוטין נישט געווען צו דערקענען. איר פּנים איז געווען היפּשלעך פאַרברוינגט פון דער זון. אין אירע אויגן האָט זיך איצט געלויכטן אַ מילדע סטאַטעטשנעקייט, וואָס פלעגט פון דעסט וועגן פון צייט צו צייט פאַרביטן ווערן אויף אַן עקשנותדיק פייערל. דאָס קינדישעס איז אין גאַנצן פון איר פאַרשוווּנדן. זי האָט איצט אויסגעזען ווי אַן אַנטוויקלטע, צוויי און צוואַנציק יעריקע, גליקלעכע פרוי. איר קערפּער איז אַ סך פולער געוואָרן. איר גאַנג, איר בליק, יעדער תנועהלע אירס, האָט דערציילט וועגן איר פאַרבאָרגענעם שטאָלץ, וועגן איר סאָלי־דער אויסגערעכנטקייט. מאָניאַ האָט נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון דעם בילדשיינעם מיידל, וואָס גייט ביי זיין זייט. זשמורענדיק זיך אויף דער זון, האָט זשעניאַ אים אַ פרעג געטון מיט אַ שמייכל:

— וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן? האָסט מיך נאָך נישט געזען?

— שיינדעלע, יעדן טאָג „קומט דיר צו אַ פּוד חן", קוק איך דאָס אויף דעם היינטיקן „פּוד". דו פאַרגינסט מיר אפשר נישט?

— ווער עס פאַרגינט דיר נישט, זאָל אַליין נישט האָבן. אָבער פאַר וואָס זאָגסטו מיר קיין מאָל נישט קיין קאָמפּלימענטן?

— און ווען האָב איך דיר שוין יאָ געפּרוווט זאָגן אַ קאָמפּלימענט?

— כאַ־כאַ־כאַ... דאָס אַליין איז דאָך שוין אַ פרישער קאָמפּלימענט! בקיצור, אויב דיר געפעלט אַזוי שטאַרק דער דאָזיקער פּלירט, וועל איך זיך שוין אויך מוזן אויסלערנען...

— עס וועט דיר אויסקומען צוהאָרעווען אַ ביסל, מיין טייערס.

— פאַר וואָס זשע?

— ווייל אין מיר איז נישט אַזוי גרינג צו געפינען, צו וואָס זיך צו־צוטשעפּען.

— איי, געפעלט מיר דיין עניוות... איך ווייס גאַנץ גוט — און דו ווייסט, אַז איך ווייס עס — אַז איך האָב אַ ווערט כקליפּת־השום אין פאַרגלייך מיט דיר. דער גאַנצער אַנטיק איז מיר איז בלויז דאָס, וואָס דו דערלויבסט מיר זיך צו געפינען אין דיין מחיצה... ווען נישט דאָס, גלייב מיר, בין איך צוריק: Тоі Иван що був...*

— זשעניאַ, נאָך וואָס רעדסטו אַזוי? איך וואָלט, דאַכט זיך, גע־שטאָרבן פאַר יסורים, ווען איך פאַרליר דיך אויף איינע פיר און צוואַנציק שעה.

— אָבער מיר וועלן זיך דאָך באַלד צעשיידן אויף פיר מאָל פיר און צוואַנציק שעה?

— נו, לעבן מיינס, דאָס איז אַ „מוז". דער לעצטער פּרווו. נישקשה, נישט געזאָרגט. אַ תענית צערייצט נאָר דעם אַפּעטיט, אָבער שאַטן שאַט ער גאָרנישט.

---

* דער זעלבער איוואַן וואָס געווען. אַן אוקראַיניש פאָלקסווערטל.

— דאָס, זאָגסטו, איז אַ „מוז"... נו, און אויב דאָס איז ביי מיר פאַרבונדן מיט בלוטיקע יסורים?

— איך מיין, אַז אפילו אויב דאָס איז פאַרבונדן מיט בלוטיקע יסו־רים... עס מאַכט נישט אויס, בדמיך חיי... דו ווייסט דאָך שוין דעם פּירוש־המלות...

די דראָזשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער סאַנאַטאָריע „נאַרקאָמ־פּראָס". מאַניאַ האָט דערלאַנגט דעם אַדמיניסטראַטאָר זשעניעס אַלטע פּוטיאָווקע מיטן אויפשריפט וועגן פאַרלענגערן זי, און האָט זיך געווענ־דעט צו זשעניען:

— נו, חברטע פיינשטיין, זייט מיר געזונט און לעבט גליקלעך.

זי האָט אים מיט אַ בלאַס־ראָזע שמייכל דערלאַנגט די האַנט:

— זייט אויך געזונט, חבר פייערבערג, לעבט אויך גליקלעך. אַ דאַנק פאַר עטלעכע אָנגענעמע שעהן —

און מיט אַ מאָל האָט זי זיך ראַש אַ קער געטון אין אַ זייט. זי האָט נישט געוואָלט ער זאָל זען אירע אומזיסטיקע, נאַרישע טרערן.

*

דער טאָג האָט זיך גענעקט. הימל און ערד האָבן שוין פון לאַנג נישט געדענקט, אַז די מלכת־היום זאָל האָבן אַזאַ לייכטע הסתלקות, אַזאַ מיתת־נשיקה ווי אין יענעם טאָג. די זון האָט פאַרן שלאָפן גיין, אַכטונג געגעבן, מען זאָל ציכטיק אויפרוימען דעם הימל־מרחב, אַז אין דער פרי זאָל זיך איר גלוסטן, וואָס גיכער מאַכן דעם באַקאַנטן שפּאַציר. פּאַרטיק געוואָרן מיטן באַלעבאַטישקייט, האָט זי זיך מיט הנאה אויסגעבאָדן אין דעם גוט אָנגעוואַרעמטן ים, קוקנדיק אין אים ווי אין אַ שפּיגל, האָט זי זיך מלכותדיק אויסגעקעמט אירע גאָלדענע לאָקן, זיך איינגעהילט אין אַ פּורפּור־זיידענעם שלאָפראָק און האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט דעם שפּלדיקן וועלטל. נאָך אַ מאָל האָט זי זיך אומגעקוקט על תבל ויושבי בה, און זעענדיק, אַז אַלץ איז בכי טוב, דאַן איז זי מיט אַ קעניגלעכן שמייכל אוועק זיך אויס־רוען אין אירע געהיימע אַפּאַרטאַמענטן. די קוראָרטניקעס, פּטור געוואָרן פון דער צוגעגעסענער אויפזעעריין, האָבן מאַסנווייז אויסגעשאָטן אין די פּאַרקן. זשעניען האָט זיך אין ערגעץ נישט געוואָלט גיין. זי האָט שוין פאַר דעם טאָג פינף מאָל געוויינט, דאָס קליידל זיך אומגערן פאַרטשעפּעט, אַ טעלער קאָמפּאָט צעבראָכן. בכלל האָט זי זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. דער געדאַנק, אַז איר מאַניאַ געפינט זיך אין גאַנצן אַ פּופצן מינוט גאַנג פון איר, נאָר זי טאָר צו אים נישט קומען — האָט זי שיר נישט משוגע געמאַכט. פון אירע פריערדיקע שכנטעס איז שוין קיינער נישט געווען. מען האָט איר געגעבן אַ צימער צוזאַמען מיט פרעמדע צוויי פרויען. איינע אַן אַלטע און די צווייטע — עפּעס נישט קיין אַלטע און נישט קיין יונגע. דער אַלטער שווייצאַר האָט זי קוים דערקענט, ער האָט בשום אופן איר נישט געוואָלט גלייבן, אַז דאָס איז טאַקע זי. פאַר

וואָס, ווייסט זי נישט. דאָס גאַנצע עסן, וואָס מען האָט איר דערלאַנגט, האָט זי געלאָזט שטיין אויפֿן טיש אומבאַרירט, און עס הונגערט זי אפילו נישט. ערשט נעכטן אין דער צייט, אויף דער שיף, האָט זי געגעסן פֿאַר דריי. וואָס עס איז נאָר געווען אין בופֿעט, האָט זי געבעטן מאַניען ער זאָל פֿאַר איר קויפֿן. און איצט — אַנו, עס זאָל זיך איר כאָטש עפּעס גלוסטן! דער גאַנצער אַפּעטיט אַזוי ווי מיט דער האַנט צוגענומען. ווי מעג מען גאָר אַזוי? עס איז דאָך ערשט דער ערשטער טאָג? און וואָס וועט שוין זיין מאָרגן? און איבער מאָרגן? און נאָך אַ סך איבערמאָרגנס? און וואָס טוט מען גאָר, אויב מאַניאַ וועט שטעלן דעם דיאַגנאָז: „שלעכט"? געפֿינענדיק זיך מיט איר האָט ער געקענט זיין כ'וויים ווי צערטלעך, און בלייבנדיק מיט זיך אַליין... ווער ווייסט אים? ווער קען דורכקריכן צו יענעם אין די געדאַנקען און אין די געפֿילן? אַלנפֿאַלס דאַרף מען זיין גרייט אויף אַלץ...

פֿון אָט דער לעצטער הנחה ווערט איר מיט אַ מאָל אומדערטרעגלעך הייס און גלייך טאַקע, שרעקלעך קאַלט. זי שפּרינגט האַסטיק אַראָפּ פֿונעם בעט — ניין, זי וועט דאָס נישט אויסהאַלטן! זי מוז ערגעץ אַרויסגיין, אַז נישט, פֿילט זי, וועט זי אַראָפּ פֿונעם זינען. זי כאַפּט אַרויף אויף זיך דעם נייעם פּאַלטאָ, גיט אַ קלער און טוט בעסער אָן דעם אַלטן, דעם מינסקער, דעם זעלבן, וואָס מאַניאַ האָט איר דאַמאָלסט געראַטעוועט פֿונעם וואַסער. דאָס באַרואיקט זי אַ ביסל, אַזוי ווי זי זאָל האָבן געפֿונען אַ משכּון זיי־נעם, און זי לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער גאַס.

נאָך גייענדיק פֿון די טרעפּ דערפֿילט זי מיט איר גאַנצער מציאות, וווהין זי דאַרף איצט גיין. זי ווייסט שוין, וואָס זי האָט צו טון. איי, טאָ־מער געדענקט זי נישט דעם וועג? נישקשה, זי וועט זיך דערמאָנען. פֿון איר סאַנאַטאָריע דאַרף זי גיין מיט דער קיפּאַריסן־אַליע גלייך, גלייך, גלייך, און דאָרט? מסתמא אויך גלייך!... מיט איין וואָרט, זי וועט זיך שוין דאָרטן דערמאָנען. שאַ! דאָרט, געדענקט זי, איז געווען אַ פּלויט... כאָטש, וואָס זשע איז דאָ דער סימן? אַ פּלויט קען דאָך זיין אומעטום. בקיצור, אויפֿן אָרט וועט זי שוין זען. שאַ! דאָס געדענקט זי שוין אויף זיכער: עס האָט זיך דאַמאָלסט פֿון אַ סקאַלע אָפּגעריסן אַ שטיין, אפשר וועט זי דערקענען דעם לאָך...

אויף דער גאַס איז געווען מחיהדיק, ווי אין אַ לעבלעך ביטל. אַ פֿליושן ווינטעלע האָט צערטלעך געגלעט דאָס פּנים, ווי אַן אייגענע מאַמע; געקראַכן מיט די ליבע פֿינגערלעך אין די האָר, זיך געבאַלעוועט מיט דער בלוזע, ווי אַ קליין ברודערל אָדער אַ שוועסטערל. פֿון ערגעץ־ווו האָט זיך געהערט אַ לייכטער גערויש, מן הסתם פֿונעם ים. עס האָט געשמעקט מיט פֿוילע וויינטרויבן, מיט מאַנדערינען און נאָך מיט עפּעס אומבאַקאַנטס. די זיסע צעפֿריעטע ריחות האָבן געקיצלט אין דער נאָז. יעדע מינדסטע זאַך האָט ביי איר אַרויסגערופֿן טרערן, אַלץ אין וואָס אירע אויגן האָבן זיך פֿאַרטשעפּעט האָט ווי אונטערגעשטראָכן מיט זיך איר איינזאַמקייט.

פון אַן אָפענער ווערּאַנדע קוקט אויף איר אַ רייצנדיק בילד: ביים טיש זיצט אַ יונג, שיין פּאָרל, זיי בלעטערן עפּעס אַ זשורנאַל און לאַכן מיט אַ בשותּפותדיק געלעכטער. ביי דער זייט שטייט אַ סימפּאַטישע מורטשאַנ־קע, אַ פּנים, אַ באַדינערין, זי שמירט אָן פּוטער אויף ברויט און גיסט אָן קאַפע פון אַ בייכיקן קאַפעניק. ווידער אַ מאָל האָבן די לעמפּעלעך אין זשעניעס אויגן באַקומען אַן אויסזען פון אַ בוקעט בלומען. צו צוויי, צו דריי בוקעטן צוזאַמען... צו אַכט, צו צוועלף... סוף כּל סוף האָט זי אַנט־שלאָסן אויסגעווישט די אויגן און האָט ענערגיש אַוועקגעשפּאַנט חוץ לעיר, אַקעגן דער סודותפולער פּינצטערניש.

אין שטאָט האָט זי גאָרנישט באַמערקט, אַז עס איז אַזוי פּינצטער. דאָרט האָט די עלעקטרי אָפּגעשטויסן די טינטשוואַרצע נאַכט, אָבער וואָס ווייטער, איז די פינצטערניש געוואָרן אַלץ געדיכטער און סמאָליקער. זשע־ניאַ האָט אפילו אַ קלער געטון, אַז עס איז זיכער נישט כּדאַי פאַר אַ יונגער פרוי צו גיין אַליין ביי נאַכט אין די בערג, נאָר ווי מיט אַ מאַגנעט האָט עס זי געצויגן צו יענעם אָרט, וווּ זי האָט צום ערשטן מאָל אין איר לעבן געבראַכט פאַרן מויל איר הייליקסטן סוד, איר לאַנגיעריקן טרוים: איר ליבע צו מאָניען. זי האָט זיך ביסלעכווייז דערנעענטערט צו די בערג און פון דער ווייטנס האָט זי שוין אפילו דאַכט זיך, דערקענט די באַקאַנטע קאָנטורן פון „זייערע" סקאַלעס. ווייט פון דער שטאָט איז דאָס חשכות געווען אַ ביסל וואָסערדיקער. זי האָט געשפּאַנט אויף גליטשיקע שטיינדע־לעך לענג־אויס דעם ים. אַ באַריער פון ריזיקע וואָלקנבערג איז איר נאָכ־געגאַנגען פון הינטן, אָפּשניידנדיק איר דעם וועג אויף צוריק. איצט האָט זי זיך שוין דייטלעך פונאַנדערגעקליבן אין אָט די מקומות. אָט פאַר־קערעוועט זי עטוואָס אויף רעכטס און דערנאָך אין אַלכסון דורך אָט דעם שיטערן געדטנדל. אָ! אָט דאָ איז עס! אָט דאָ זענען זיי דאַמאָלסט געזעסן אין יענער נאַכט.

— פּאָטער אין הימל! ווי זי בענקט עס איצט נאָך יענער נאַכט, ווען ער איז אויך מיט איר געווען!

זי זעצט זיך אַוועק אויף דעם זעלבן בערגעלע, וואָס זעט אויס ווי אַ פּוסבענקעלע, הייבט אויף אַ שטיינדעלע און פרווט אומיסטן, צי זי וועט דערהערן דעם פּליוסק. דאָס שטיינדעלע רייסט זיך האַסטיק אַרויס פון אירע הענט, נאָר אָנשטאָט אַ פּליוסק, קריכט אַרויס פונעם אָפּגרונט אַ שרעקלעך־הויכע פיגור, קוקט זיך אַ ווײַלע אַרום און לאָזט זיך גיין מיט שווערע, ריזיקע שפּאַן גלייך צו איר. זשעניען כאַפּט אַרום אַ חיהשע שרעק, מיט אונטערגעהאַקטע פיס שפּרינגט זי אויף, לאָזט אַרויס אַ ווילדן קוויטש און פאַלט אום אויף צוריק, ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

אויפגעכאפט האט זי זיך פונעם געזאלצענעם וואסער, וואס איז איר געקראכן גלייך אין מויל אריין, אין די נאזלעכער און אין די אויערן. זי האט האלב געעפנט די אויגן. א צעכראסטעטע איז זי געלעגן אויף מאַניעס קני, ביים סאמע ברעג פונעם ים, און ער האט מיט ציטערנדיקע הענט איר געשפריצט וואסער אין פנים אריין. באמערקנדיק, אז זי לעבט, איז ער צוגעפאלן צו איר פנים מיט א געוויין. זיינע הענט האבן זי פיבערדיק ארומגעטאפט, ווי מען טאפט ארום א טייערע כלי, וועלכע איז אראפגעפאלן אויף א שטיין און מען קען זיך אלץ נישט גלייבן, אז זי איז גאנץ געבליבן. ער האט זי געגלעט, געקושט און געוויינט אן אן אויפהער.

מיט א קול פון א פיצל קינד האט זשעניא שוואך ארויסגעבראכט:

— מאנקעלע, וואס וויינסטו אזוי?

— אוי, וואס רעדסטו? איך האב נאר געמיינט, אז ביי דיר האט געפלאצט דאס הארץ פאר שרעק.

— פאר וואס זשע האסטו זיך טאקע פריער נישט אנגערופן, אײדער דו האסט זיך אנגעהויבן דערנעענטערן צו מיר?

— איך פארשטיי נישט, וואס דו רעדסט. איך האב דיך דען באמערקט? איך האב קיינעם נישט געזען, איך האב נאר געפילט, אז עמעצער האט מיר געווארפן א שטיין אין פלייצע.

— טוט דיר טאקע שטארק וויי?

— וואס רעדסטו נארישקייטן: וויי, שמיי... ביז דו האסט געעפנט דיינע גאלדענע אייגעלעך, האב איך נאר געמיינט, אז איך וועל זיך פאר ווייטיק צעשפאלטן דעם קאפ אין א שטיין —

זשעניא ווישט־אפ מיט איר קולעקל די לעצטע געזאלצענע ים־טראפנס פונעם פנים און פרעגט מיט א כיטרע מינע:

— וואס זשע, אזוי טייער בין איך דען ביי דיר?

— אוי, זשעניא, רעד נישט, האב רחמנות —

— פאר וואס זשע זאלן מיר זיך אומזיסט פייניקן איינס דאס אנדערע?

— אוים! אן עק! אוים פרווו! אוים שטותים! אוים מאטערניש! פון איצטיקער מינוט אן, ביסטו מיינע אויף אייביק, מיין אייגן בלוט און פלייש, עצם מעצמי ובשר מבשרי —

אויפן פלאכן ברעג, אונטערגעשווענקט פון א פויל כוואליעכל, האבן זיך זייערע ליפן צונויפגעפרעסט אין א לאנגן, ליידנשאפטלעכן קוש.

טריט ביי טריט זענען זיי געגאנגען צוריק אין שטאט אריין. זשעניא איז אן אפגעשוואכטע אין גאנצן געהאנגען אויף זיין ארעם און ער האט גערעדט אן אן אויפהער. ער האט זיך נאך אלץ נישט געקענט מוחל זיין דאס, וואס ער האט זי איבערגעשראקן אויף טויט.

— זשעניא, לעבן מיינס, אויב אונדזער טרעפן זיך אין נאגרע איז, ווי דו האסט געזאגט, א פינגער פון גאט, איז אונדזער טרעפן זיך אט דא אויפן ברעג א גאנצע האנט זיינע. אונדזערע הערצער זענען פארקניפט

מיט אַ קשר של קימא שוין פון לאַנג, פון דער ערשטער באַגעגעניש, נישט מער עס איז אונדז פּשוט באַשערט געווען פריער געוווּיר צו ווערן, עד היכן הדברים מגיעים, ווי טייער יעדער איינער פון אונדז איז ביים צווייטן.

— איך האָב נישט געדאַרפט געוווּיר ווערן. איך האָב דאָס זעלבע געפילט אויך פריער...

— זאָג מיר, טייערע, ווי קומסטו צו גיין אַהין אַליין אין אַזאַ חשכות? האָסט גאָר קיין מורא נישט געהאַט?

— פאַר וואָס עפּעס — נישט געהאַט? איך האָב בפירוש געציטערט ווי אַ בלאַט... עס קלאַפּט מיר נאָך אַצינד אויך אַ צאָן אין אַ צאָן...

— נאָר וואָס דען?

— נאָר איך האָב זיך געלאָזט אויף הפקר! ווי גאָט וועט פירן —

— פון וואַנען זשע פּלוצלינג אַזאַ מסירת־נפש? אַזוי זשעדנע ביסטו דען לעצטנס דעם ים?

זשעניאַ דערלאַנגט אים אַ שוואַך פּעטשל איבער די ליפּן און לאָזט פאַרשעמט אַראָפּ די אויגן:

— נישט האָבנדיק דיך אין מיין רשות, האָב איך כאָטש געוואָלט זיצן אויף דעם זעלבן אָרט, וווּ דו ביסט אַ מאָל געזעסן... פון דאַנען איז דאָס מסירת־נפש...

מאַניאַ האָט באַהאַלטן דאָס פּנים אויף איר האַלדז:

— זשעניאַ, זשעניאַ, גאָט איז מיט דיר! דו קוילעסט מיך אַוועק... איך ווער משוגע פון ליבע צו דיר, צו דיין מינדסטן פינגערל. זיי מיר מוחל, טייערע, מיינע פריערדיקע ספקות, מיינע וואַקלענישן. איך וועל אייביק זיין שולדיק קעגן דיר...

זשעניאַ האָט מיט צוויי פינגער אים אָנגענומען ביי דער נאָז און אירע ברענענדיקע אייגעלעך האָבן כיטרע אַ פינקל געטון:

— און דו אַליין, יונגערמאַן, ווי קומסטו עפּעס אויף דעם זעלבן אָרט אין אַזאַ שפּעטער שעה? דען נישט מהאי־טעמא וואָס איך?

מאַניאַ האָט אַ פאַרלוירענער געשמאַמלט:

— איך? מהאי־טעמא? אַזאַ איינפאַל! וואָס נאָך וועסטו אויס־טראַכטן? און ווידער, וואָס גלייכסט דו זיך צו מיר?

— פאַר וואָס טאָר מען זיך נישט גלייכן צו דיר?

— נישט ווייל מען טאָר נישט, אָבער —

מאַניאַ האָט זיך פאַרהאַקט און ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

קומענדיק צוריק אין שטאָט אַריין, זענען זיי גלייך אַריינגעגאַנגען אין דער אויטאָבוסן־סטאַנציע און האָבן גענומען בילעטן אויף מאָרגן קיין סאָטשי. אין סאָטשי האָבן זיי פאַרבראַכט דריי טעג. אַרומגעקוקט פון אַלע זייטן די קעניגין פון די רוסישע קוראָרטן. אויפן דריטן טאָג זענען זיי אַריינגעגאַנגען אין „זאַגס" און האָבן צונויפגעשטעלט זייער חתונה־אַקט.

אויף די פאָטאָגראַפיעס, וואָס זענען אויפגעקלעפּט געוואָרן אויף די

חתונה־מעטריקעס, זענען זיי ביידע געווען אָנגעטון אין ליכטיקע ספּאָרט־קליידער. זייערע פּנימער האָבן געאָטעמט מיט געזונט, מיט לעבן, מיט פרייד און מיט גליק. אויפן צווייטן טאָג נאָכן פאַרשרייבן זיך זענען זיי אָפּגעפלויגן פון סאָטשי גלייך קיין מינסק, וווהין זיי זענען אָנגעקומען צען אַ זייגער ביי נאַכט.

אין ראָסטאָוו, ווו זייער אעראָפּלאַן האָט אָנגענומען בענזין, האָט זשעניאַ געוואָלט טעלעגראַפירן אַהיים וועגן איר אָנקומען, נאָר מאָניאַ האָט זי אָפּגערעדט דערפון. ער האָט זי פאַרזיכערט, אַז זיי וועלן אָנקומען אַהיים היפּשע עטלעכע שעה פאַר דער טעלעגראַמע.

זיי האָבן אָפּגעגעבן זייערע וואַליזעס אין דער קאַמער פאַר האַנט־באַגאַזש און בשעת־מעשה באַשלאָסן, אַז זיי זאָלן ארויסנעמען דעם באַ־גאַזש נאָר צו זיך אין דער נייער דירה אריין. נאָך אין סאָטשי, ארויסגייענ־דיק פונעם "זאַגס", האָבן זיי זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז באַלד נאָך זייער קומען קיין מינסק, זאָל מען אָפּזוכן אַ דירה און, אויב עס וועט זיין מעג־לעך, נאָך די זעלבע וואָך שטעלן אַ חופּה.

בלויז מיט די פּאָרטפעלן אין די הענט, זענען זיי ארויסגעגאַנגען אין מינסק אויפן וואָקזאַלפּלאַץ, גענומען אַן אויטאָ און אָפּגעפאָרן אין דער ריכטונג פון קיראָווע־גאַס. ביי דער פּאַראַדנע טיר פון דעם הויז, ווו עס האָבן געוווינט די פיינשטיינס, האָט מאָניאַ אַראָפּגעלאָזט זשעניען, זיך מיט איר היים צעקושט און איז אָפּגעפאָרן אַהיים, אויף פּאָלאָווניק.

# קאפיטל XLIV

ווען זשעניאַ האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל, זענען אַלע בני־בית געזעסן אַרום טיש און האָבן געגעסן אָוונטברויט. זי איז געווען עטוואָס בלייך, נאָר רואיק. דערזעענדיק זשעניען, זענען אַלע אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער און טאַקע אָט־אַזוי־אַ פאַרשטיינערט געוואָרן פון דערשטוי־נונג. די יונגע פרוי, וועלכע איז געשטאַנען פאַר זיי איז עפּעס געווען אי יאָ זשעניאַ אי נישט זשעניאַ. זי איז קענטיק העכער געוואָרן און ברייטער. אין אירע אויגן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די מזרחדיקע זון און די ברויזנדיקע כוואַליעס פון די רווישיקע ימען. פון איר אַבסאָלוטער רואיקייט האָט אויף די בני־בית געווייעט מיט רעטעניש און אַנטשלאָסנקייט. אויף איר רונדן קוילעטש טונקל־ברוינע האָר איז רייצנדיק געזעסן אַ פּעטראָווע פּאַנאַמע פון שאָקאָלאַד־קאָליר מיט ברייטע פּאָלעס. די פּאַנאַמע איז ביי איר געזעסן אויפן קאָפּ משופּעדיק אויף לינקס, און האָט פאַרשטעלט מיט זיך אַ האַלבן שטערן. אויף רעכטס, אויך אין אַלכסון, האָט אויף אירע האָר געברענט אַ גאָלדענע שפּילקע מיט טייערע שטיינער. פון דער פּאַנאַמע איז אַרויס־געגאַנגען אַ רויט גומען סטענגעלע, וועלכעס איז פאַרשוווּנדן אונטער איר מלא־חנעוודיק גוידערל. זי האָט געטראָגן אויף זיך אַ פּאַלטאָ פון ענגלישן קאָווערקאָט * פון דעם זעלבן קאָליר, וואָס די פּאַנאַמע. פון דעם זעלבן קאָ־ליר זענען אויך געווען די זאַמשענע הענטשקעס, די זיידענע זאָקן און די געטאָקטע לאַקירקעס און אפילו אויך דער רייכער פּאָרטפּעל מיט די דריי ביינערנע שלעסער. פון אָט דעם גאַנצן אָקעאַן „שאָקאָלאַד מיט מילך" האָט זיך נאָר אויסגעטיילט איר עטוואָס־צוגעסמאַליעט לויטער פּנים, און דאָס בלויע קרעפּ־דע־שינענע שאַליקל אויפן האַלדז.

אַ פּאָר מינוט האָט געדויערט דאָס באַוווּנדערן זי. ווען די ערשטע איבעראַשונג איז פאַריבער, זענען צו איר צוגעלאָפן פאָטער און מוטער, ברודער און שוועסטער. זי האָט זיך מיט אַלעמען וואַרעם צעקושט און איז ווייטער שטיין געבליבן ביים טיש אויסגעצויגן אין איר גאַנצן וווּקס.

די מוטער האָט אַ געשריי געטון:

— פאַר וואָס זשע שטייסטו עפּעס ווי אַ פרעמדע? טו זיך אויס, קום עסן, דערציייל —

— אָט דאָס וויל איך טאַקע טון, אייך דערציילן. מיר קומט „מזל־טוב". איך בין אַ כלה געוואָרן און אם ירצה השם, אין משך פון אַ וואָך צייט, וועט בשעה טובה ומוצלחת זיין די חתונה.

ביי אַלעמען זענען אַרויסגעפאַלן די לעפל פון די הענט. אין שטוב איז שטיל געוואָרן ווי אין אַ טאָל נאָך אַ דונער. דער וואַנטזייגער האָט זיך צעקלונגען ווי די קלויסטער־גלאָקן הינטער אַ חגא. דער פּרימוס אויף

---

* אַ בעסערער סאָרט גאַבאַרדין.

דער פּליטע האָט זיך פּלוצעם צערעשט און צעשיפּעט ווי אַ קליינער פּראָ־פּעליער. און אַזוי דער שטשאַטשיק ביי דער טיר, און אַזוי די וואַסער אין די רערן. אָט די אַלע גרויסשטאָטישע קלעזמאָרים האָבן זיך מיט אַ מאָל צעזונגען אויף אַלע כלים. די בני־בית זענען בלייבע געשטאַנען אין דעם געלבלעכן אָפּשיין פון דער תחילת־נאַכטיקער עלעקטריע־שיין, זיי האָבן אויסגעזען ווי פּאַרטויבט פון דער איינגעגעסענער זשומעריי און האָבן מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס נאָר געקוקט אויף זשעניען. און זשעניאַ איז געשטאַ־נען אַראָפּגעלאָזט די אויגן, מיט אַ רויט פלעמעלע אין די באַקן. זי האָט איצט נאָך מער ווי פריער אויסגעזען אַ קאַלטע, אַ ווייטע, אַ שטאָלצע, און אַן אומדערגרייכבאַרע. דער ערשטער איז צו זיך געקומען דער פאָטער. אַ בלייכער, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, אַ היפּשע ווײַלע האָט ער געשלונגען די לופט און ענדלעך מיט אַ ביי־קול אַרויסגעכריפּעט:

— אַז דו האָסט געפּאַקט אַ רייכן חתן — דאָס זע איך גוט, אָבער פאַר טאַמאַרען? פאַר אהרלען? וואָס איז אויף דיר געוועזן דאָס איי־לעניש?

— טאַטע, ביי דער השגחה איז נישטאָ קיין קאָלעקטיוויזאַציע! יעדן באַזונדער ווערט מיטגעגעבן זיין גורל אין אַ אינדיווידועלן פּאַקעט —

— זשעניאַ, טאָכטער, הארצעניו, נשמהניו, פון וואַנען נעמען זיך צו דיר אַזעלכע מאָדנע דיבורים? טאַטע אין הימל, הקול קול יעקב... זאָג שוין גיכער, ווו האָסטו זיך באַקענט מיט דעם דאָזיקן יינגל?

— איך קען אים שוין פון לאַנג... און נישט נאָר איך... איר קענט אים אַלע —

— מיר קענען אים? פון וואַנען?

אונטער פיר פּאָר ברענענדיקע אויגן האָט זשעניאַ לאַנגזאַם אויפ־געמאַכט די דריי ביינערנע שלעסער. פון אַ שיין זילבערן פושקעלע האָט זי אַרויסגענומען אַ בויגן פּאַפּיר אין פירן צונויפגעלייגט און האָט אים מיט אַ יראת־הכבוד צעשפּרייט אויפן טיש פאַר אַלעמען:

— אָט האָט איר מיין חתונה־מעטריקע.

דריי וואולקאַנישע אויפרייסן האָבן אויפגעטרייסלט דאָס צימער:

— מאָ—ניאַ?

---

שלמה האָט דאָס מאָל אַזוי נאַטירלעך איבערגעגעבן די „וואולקאַנישע אויפרייסן", אַז פון דעם שכנותדיקן צימער האָט זיך ווי אַן עכאָ אויף זיין געשריי מאָמענטאַל דערטראָגן אַ קינדערש וויינענדיק קולכל:

— מאַ—מע, ווו ביסטו? מאַמע, כ'האָב מו—ראַ...

סאָניאַ איז אַוועק אין שלאָפצימער צום קינד און שלמה האָט באַ־האַלטן דאָס פּנים אין די דלאָניעס. קיינער פון די אָנוועזנדיקע האָט נישט געוואָלט פאַרציען די הפסקה און דעריבער האָבן אַלע געשוויגן. סאָניאַ האָט דעם מיידעלע דערלאַנגט אַ טרונק, זי אונטערגעהויבן און איר גע־

וויזן, אַז די קוקלע שלאָפט ביי איר צופוסנס און „מישקאַ" * שטייט אויך אויף זיין אָרט. דאַן האָט זי איר נאָך געמוזט צוזאָגן, אַז מאָרגן וועט זי מיט איר גיין אין צירק אַריין און די אימעניניצע האָט איר דערלויבט גיין צוריק צו די „דיאַדים". סאָניאַ האָט צוגעמאַכט די טיר פונעם שלאָפ־צימער איבערלאָזנדיק נאָר אַ שמאָלע שפּאַרונע, טאָמער וואַרפט זיך דאָס קינד דורך נאָך אַ מאָל, און האָט שטיל אַרויסגעשעפּטשעט:

— שלמה, איך בין דאָ —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דער פּאָטער איז אַרויפגעפאַלן זשעניען אויפן האַלדז מיט אַ גרויס געוויין. זיין אויסגעמוטשעט פּאָטערהאַרץ האָט דערפילט ווי מען וואָלט אים אַריינגעבלאָזן אַ נייע נשמה ביים דערהערן דעם דאָזיקן נאָמען, ביים דערזען דאָס דאָזיקע ליבע פּנים, וואָס איז ביי אים אַזוי איינגעבאַקן אין האַרצן. דעם צאַרטן, אומגליקלעכן פּאָטער איז אייגנטלעך געווען אַלץ איינס, פאַר דער עלטערער, צי פאַר דער יינגערער, דער עיקר איז — אַבי זיין מאָניאַ, זיין ליבער, געבענטשטער מאָניאַ, זאָל נישט פאַרפרעמדעט ווערן. ער זאָל אים מעגן פאַר דער גאַנצער וועלט אין די אויגן אָנרופן: זון מיינער, קינד מיינס...

ווען די מוטער און דער ברודער האָבן זי שוין אויך אָנגעקושט צו דער זעט, האָבן אַלע מיט אַ מאָל זיך אומגעקוקט אין טאַמאַרעס ווינקל — איר אָרט איז געווען ליידיק. טאַמאַראַ איז אין שטוב נישט געווען. די מוטער האָט געוואָלט גיין אַ קוק טון, וווהין זי איז אַהינגעקומען, נאָר יוסף האָט זי אָפּגעשטעלט:

— מען דאַרף נישט... לאָז זי אָפּ —

און צו זשעניען:

— דערצייל זשע, טאָכטער, ווי אַזוי איז דאָס געשען?

— גלייב מיר, טאַטעלע מיינער, איך ווייס אַליין אויך נישט...

— וואָס הייסט, דו ווייסט נישט? עס איז ביי אייך געווען אָפּגע־שמועסט זיך צו טרעפן אין גאָגרע?

— הס מלהזכיר! וואָס רעדסטו אַזעלכע זאַכן? פון יענער נאַכט אָן, וואָס אין „אוניווערסיטעטסקי גאָראָדאָק", האָב איך אים אפילו פאַר די אויגן נישט געזען.

— ווי אַזוי דען איז דאָס געשען? עפּעס אין איין הרף־עין, לעבן מיינס, טרייסטעלע מיינס...

— איך זאָג דאָך דיר, איך ווייס אויך נישט! אַ פּנים, אַז נישט שטענדיק קומט אָן דער זיווג שווער כקריעת ים־סוף... גלייב מיר, דעם אייבערשטנס דרכים זענען חוץ מדרך הטבע...

— פּאָטער אין הימל! ס'איז דאָך טאַקע אויף אַן אמת הקול קול

* דער בער. אַ רוסישער צונאָמען.

יעקב! איך הער פון דיר אזעלכע יידישע רייד, אז דאָס הארץ צעגייט אין מיר פאַר זיסקייט.

— אז דער מאַן איז אַ תלמיד־חכם, מוז דאָך דאָס ווייב אויך קענען „נעמען אַ שייטל „עברי" אין מויל אריין", דאכט זיך אזוי זאָגט די מאַמע?

— אזוי אזוי, טייער לעבן מיינס. איז דאָס ביסטו מיט אים ארומ־געפאָרן איבער דער גאַנצער וועלט?

— מיט וועמען דען, אויב נישט מיט אים? וואַרט אויס, איר ווייסט נאָך נישט אַלע ערטער, ווו מיר זענען אויסגעווען. נישט פון אומעטום האָב איך טעלעגראַפירט.

— און וואָס האָסטו עפּעס אַ זאָג געטון — חתונה? אזוי גיך מיינ־סטו טוט זיך אזא זאַך? ביז מען קוקט זיך אַרום, ביז מען רירט זיך, ביז מען גרייט עפּעס צו —

זשעניאַ האָט זיך צעלאַכט:

— דו מיינסט, אַז עס זענען היינט אַמאָליקע יאָרן? וואָס דאַרף מען דען גרייטן? גאָרנישט דאַרף מען נישט גרייטן! אין דער קאַמער פאַר האַנטגעפּעק האָב איך איבערגעלאָזט דריי וואַליזעס מיט חתונה־קליידער, האָסטו נאָך אַזוינע אפילו אין חלום נישט געזען. גאָר—נישט דאַרף מען נישט גרייטן. וואָס דען, אַ דירה? וועט מאַניאַ שוין מאָרגן אויפשטעלן אַלע מעקלערס אויף די פיס. איך דאַרף דיר דאָך מאַניען נישט אויסמאָלן. ער, אַז ער וועט זיך נעמען דערפאַר, וועט געשאַפן ווערן אַ דירה פון אונטער דער ערד! און אזוי טאַקע האָבן מיר אָפּגערעדט צווישן זיך: היינט איז מיטוואָך, זאָל ער זיך שבת אויפרופן און נאָך שבת דינסטיק, פונקט חצי אלול, זאָל זיין די חופה אין אַ גוטער און אין אַ מזלדיקער שעה...

אַלע האָבן זיך אינסטינקטיוו אומגעקוקט אויף דער טיר. טאַמאַראַ איז געשטאַנען אויף דער שוועל, אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט, און האָט ווי עס ווייזט אויס, זיך צוגעהערט צו דעם גאַנצן שמועס...

יענע נאַכט האָט מען זיך ביי די פיינשטיינס אפילו נישט געלייגט.

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס אין אוניווערסיטעט האָבן זיך נאָך מיט פופצן טעג צוריק געהאַט אָנגעהויבן די לימודים, פון דעסט וועגן איז טאַמאַראַ נאָך אין דעם זעלבן פאַרטאָג אָפּגעפאָרן „אויף דאַטשע" קיין מיכאַילאָווסק.

אהרל האָט גענומען איר רוקזאַק אויף די פּלייצעס און דאָס קוישל מיט עסנוואַרג און מיט ביכער אין דער האַנט און האָט געוואַרט אויף איר ביי דער טיר.

טרויעריק איז געווען דאָס געזעגענען זיך פון די בני־בית מיט טאַ־מאַרען יענעם פאַר טאָג ביי דער געלער, עלעקטרישער שיין. די עלטערן האָבן בלוטיק געוויינט און אפילו זי אַליין האָט אויך פאַרלוירן אַ טרער. דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען צו זשעניען זיך געזעגענען. יענע האָט צוגע־זען די סצענע אין שטוב און איז געבליבן קאַלט ווי אייז. צי עס האָט זי

ווירקלעך נישט באַריִרט, צי זי האָט זיך נאָר שטיף פֿאַרפֿאַנצערט — ווער קען דאָס וויסן? ווער קען זיך דערגרונטעווען צו אַ מיידלס נשמה, ווען עס גייט איר מיט דער האַנט? —

טאַמאַרא האָט איר דערלאַנגט די האַנט:

— נו, כּלה־לעבן, בלייב געזונט און לעב גליקלעך...

זשעניאַ האָט העפֿלעך געענטפֿערט:

— אַ דאַנק, איך האָב אַזוי געטראַכט...

ביידע שוועסטער זענען געשטאַנען איינע קעגן דער צווייטער, זיך שטום אָנגעקוקט און מער אַ וואָרט נישט אויסגערעדט.

אויף צו מאָרגנס, מיטן טאָג צו גלייך זענען אַלע פֿיינשטיינס געקומען צו לויפֿן אויף פֿאָלאָווניק, כּדי פֿון דאָס ניי, נאָך אַזאַ גוואַלדיקן איבעררייס, צודריקן מאָניען צום האַרצן אַלס זון, אַלס ברודער. די פֿייערבערגס האָבן פֿאַר פֿרייד נישט געוווּסט מיט זשעניען וואָס צו טון. יעדער איינער האָט זיך געאײַלט אַרויסזאָגן וועגן איר זיין מיינונג און חלילה נישט פֿאַרפֿעלן אַ וואָרט פֿון דעם צווייטנס אַ מיינונג. פֿון אַלע זייטן האָבן זיך געטראָגן תּהילות ותּשבחות אויפֿן חשבון פֿונעם יונגן פֿאָרפֿאָלק. קיינער פֿון די פֿאַרזאַמלטע האָט נישט געוואָלט בלייבן קיין בעל־חוב.

— ...פֿאַר די עטלעכע יאָר, וואָס מיר האָבן זי נישט געזען, האָט זי זיך קיין עין־הרע אַזאַ יאָג געטון, איז זי אַזוי שיין געוואָרן, אַז עס איז איר אין פּנים אַריין נישט צו קוקן —

— ...ער האָט זיך נעבעך גוט־גוט אָנגעמאַטערט, מאָניאַ. נישקשה, מען מעג אים פֿאַרגינען, עס קומט אים אַזאַ אַנטיק —

— ...נישקשה, זי נאַרט זיך אויך נישט. נאָך אַ מאָל מאָניאַ איז נישטאָ. וואָס האָט איר צו קלערן? ער זיצט פֿון אויבן און פֿאָרט אונטן, עס איז אַ פּאָר פֿון גאָט...

חתן־כּלה פֿלעגן אויסהערן אַזעלכע און ענלעכע רייד און צעשמאָלצן ווערן פֿון תּענוג.

צו אַלע מעלות האָט מאָניאַ נאָך אַנטדעקט אין זשעניען אַ טאַלאַנט אויף שרייבן „שירים". אין דעם אויפֿדערנאַכט פֿון נאָכן אויפֿרופֿנס, פֿאַר הונדערטער געסט אין די אויגן, האָט זשעניאַ צונויפֿגעשטעלט אין העברעיִש אַ מזל־טוב אין גראַמען, פֿאַר מאָניעס עלטערן. דאָס אַנטציקונג פֿון די געסט האָט קיין גרענעץ נישט געהאַט. מען האָט איר און אירע עלטערן געדריקט די הענט און די עלטערן האָבן געוויינט פֿאַר פֿרייד, פֿאַר גליק און... און פֿאַר ווייטיק...

מאָניאַ האָט בשום אופֿן נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פֿון זיין ליבן יוסף פֿיינשטיינס, זיך מינענדיקן פּנים. ער האָט אויף דעם געזען: אור וחושך משמשים בערבוביא.* אָט רייסט זיך דורך די זון, און יעדעס

* ליכט און פֿינצטערניש דינען (געמיינט: באַלעבאַטעווען) אויסגעמישטערהייט. (געמיינט: גלייכצייטיק).

קנייטשעלע שטראַלט מיט שמחה וששון, מיט אַלע תענוגי עולם־הזה, און תוך כדי דבור רוקט זיך אויף דעם אָן אַ פינצטערע כמאַרע, און מען זעט שוין דאָרט נאָר: תהו ובהו וחושך על פני תהום; אין יעדער תנועה קלה — רק יגון ואנחה... די פרייד פון דער אומגעקערטער אבידה נאָך אַזאַ לאַנגן יאוש־בעלים, איז אָבער געווען פיל שטאַרקער פונעם צווייטן געפיל, און האָט פאַרט גובר געווען. אויף זיין צערטלעך פנים האָט אין גאַנצן אַרויסגעשפּראָצט די בגוואַלד אין זיך פאַרשטיקטע פאָטער־ליבע צו מאָניען. יאָ, אַלע האָבן איצט אַרויסגעזען, אַז ס׳איז אים נישט קיין גרויסע נפקא־מינה, מיט וועלכן קינד ער גייט מיט אָט דער הקפה, דער עיקר איז — אַבי ער גייט מיט איר...

אַ צימער האָט מאָניאַ געקריגן אין צענטער שטאָט און מיט אַ קליי־נעם צוצאָל אים טאָקע גלייך איבערגעביטן, אויף אַ פּרעכטיקער דירה אויף גאָרנע־גאַס 27, אויף פאָלאָווניק, נישט ווייט פון די פייערבערגס. מאָניאַ האָט דערביי געהאַט אַ טעם. אַז זיי וועלן וווינען נישט ווייט פון זיינע עלטערן, וועט זשעניאַ די ערשטע צייט קיין מינדסטן עול פון באַ־לעבאַטישקייט נישט האָבן. זיין מוטער, די שוועסטערלעך וועלן איר שוין אַלץ פאַרשפּאָרן. זיין נייע דירה איז באַשטאַנען פון אַן עסצימער פון מי־טעלער גרייס; אַ היפּש זאַלכל פאַר געסט; אַ שלאָפצימער, אַ באָדצימער און אַ גאַניקל אין גאָרטן אריין. די דירה איז געווען פריש רעמאָנטירט, מען האָט אפילו נישט געדאַרפט איבערפאַרבן די ווענט. אין געציילטע טעלעכע טעג האָט דאָס יונגע פאָרפאָלק זיך צונויפגעשטעלט דעם קאָמ־פּלעט מעבל, אַ פּיאַנינע, שפּיגלען, בילדער און טעפּיכער. אַלץ ווי ביי לייטן.

ווי שנעל מאָניאַ האָט נישט צוגעאײַלט זייער איינאָרדענען זיך, פון דעסט וועגן איז די חופה געווען נישט דינסטיק, חצי אלול, ווי זיי האָבן גערעכנט, נאָר פרייטיק י״ח אלול. די חתונה איז געווען זייער אַ רעשיקע. די שטאָט האָט שוין לאַנג נישט געדענקט אַזאַ שמחה...

# קאפיטל XLV

עס איז פאַריבער אַ יאָר.

זשעניאַ האָט געזויגן אַ ייִנגעלע, אַ מלאכל. ביידע באָבעס האָט מען נישט געקענט אָפּרייסן פונעם ערשטן אייניקל. מאַניאַ האָט געאַרבעט אַלס רעפערענט אין דעם רעפּובליקאַנישן נייַ־קאָמבינאַט, און לויט ווי די וועלט האָט אויף אים געזאָגט איז ער שטאַרק „געווען אין די פעדערן".

טאַמאַראַ האָט ענדלעך געענדיקט אויף פּעדאַגאָג. דער נאַרקאָמאַט האָט זי קאָמאַנדירט אַלס לערערין קיין פערגאַנאַ, אין אוזבעקיסטאַן. זי זי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאָרן אין אַזאַ אויסדרייסעניש און האָט געהאַט אויף זיך אַ פּראָצעס פאַר ברעכן די דיסציפּלין און זיך נישט אונטער־וואַרפן דער פאַראָרדענונג פון דער קאַדרען־אָפּטיילונג. נאָך פיל מאַטער־נישן, פּראָטעקציעס און חוץ אַלעמען אַ היפּשן מתן־בסתר, האָט זי אָפּ־געשניטן אָן טורמע און אָן אַ שטעלע. אירער אַ קאָלעגע נאָך פון די ער־שטע קורסן, אַנאַטאָלי בירמאַן, האָט איר געמאַכט אַ פאָרשלאַג. אַנאַטאָלי האָט נאָך פון דריטן קורס אָן אוועקגעוואָרפן דאָס לערנען. אַזוי ווי פון זיין גראָשנדיקער סטיפּענדיע האָט ער נאָך געדאַרפט אויסהאַלטן אַן אַלטע מוטער מיט צוויי שוועסטערלעך, האָט ער זיך ביי צייטנס אַרומגעקוקט, אַז ביז ער וועט נאָך אַ מאָל האָבן פּרנסה פון זיין אוניווערסיטעט, וועט שוין זיכער נישט זיין וועמען אויסצוהאַלטן. דאַן האָט ער אַ שפּיי געטון אויפן לערנען און איז אוועקגעגאַנגען אַרבעטן אין אַ גאַלאַנטעריע־מאַגאַ־זין. אויך דאָ האָט אים זיין געהאַלט נישט געקלעקט גענוג אויף צו לעבן און ער האָט זיך דערשלאָגן דערצו, אַז מען האָט אים געגעבן אַ באַזונדער קלייטל אויף מעדווינקע, אַ פאָרשטאָט אין מינסק. דאָרטן טאַקע, אויף דעם דאָזיקן מעדווינקע, האָט ער געוווינט מיט זיין פאַמיליע. ער' האָט אַ פּאָר מאָל באַגעגנט טאַמאַרען, זי איז אים געפעלן געוואָרן און ער האָט איר גלייך פאָרגעלייגט זיך צו פאַרשרייבן אין „זאַגס". ביי זיי אין שטוב, האָט ער זי פאַרזיכערט, קען מען אָפּצוימען אַ האַלב צימערל און איבער־גיין וווינען באַזונדער. אמת, קיין גרויסע גליקן פונעם קלייטל האָט ער נישט, עס איז היינט מיט אַ גנבהשן גראָשן געוואָרן זייער שטרענג, נאָר אויף ברויט מיט פּוטער מוטשעט מען נאָך אויס, און אַמאָל, אַמאָל אויך אויף אַ פּאָר שיך.

לערנענדיק אין אוניווערסיטעט האָט טאַמאַראַ, אַזוי ווי דאָס רוב פון אירע חברטעס, שטענדיק געפּילט אַן אַנטיפּאַטיע צו אָט דעם געלן אַנאַטאָליען. אין קלאַס האָט ער געהאַט אַ צונאָמען „טעקווע"* און געלערנט האָט ער אויך זייער שוואַך. נאָר פון דאַמאָלסט אָן איז שוין פיל וואַסער איבערגעלאָפן. דאַמאָלסט פלעגט זי אַלע פאַרנאַכט טרעפן מאַניען

* רויטער אַרבוז.

ווארטן אויף איר, און היינט איז אין שטוב וויסט ווי אין א מדבר. אהרל איז פארנומען מיט ארויסבאקומען דעם דיפלאם, און אויב ער האט יא א מאל א פרייע שעה, זעט מען אים אויך קיין מאל נישט אין שטוב. ער האט שוין אויך עפעס א מיידל. ער וועט זיך מסתמא פארשרייבן מיט איר באלד נאך דעם, ווי מען וועט אים ערגעץ אויפנעמען אויף א שטעלע. די מאמע ווערט גאנצע טעג פארפאלן אויף פאלאווניק. אפט מאל טרעפט, אז זי קומט גארנישט נעכטיקן, און אז נישט, פארט נאך אוועק דער טאטע זי אפנעמען און זיי פארבלייבן דארטן ביידע. און בכלל דער טאטע... כאטש ווידער צוריק, וואס דער טאטע? ער וועט איר אויסשרייבן א חתן פון פאריז? ער דערמאנט איר שוין אפילו גארנישט פון חתונה האבן. איר דאכט זיך, אז ער האט שוין גאר פארגעסן, צי ער האט א טאמארא. און אויב ער האט נישט פארגעסן, וואס האט זי פון דעם?

ווען אנאטאלי איז צוגעשטאנען צו איר, אז זי זאל אים געבן אן אנטשיידנדיקן ענטפער, האט זי אים נישט אפגעזאגט, נאר אים געהייסן א שמועס טון מיטן פאטער. אבער אזוי, אויפן איידעלן אופן.

דאס איז געווען אין א דושנעם זומער־אוונט. טאמארא מיט אנאטא־לין האבן זיך אומגעקערט פון דעם קינא. געפינענדיק זיך לעבן איר שטוב, האט ער איר האפערדיק א זאג געטון:

— היינט וועל איך רעדן מיט דיין טאטן —

זי האט אים דערויף גארנישט געענטפערט.

אין שטוב האבן זיי געטראפן דעם פאטער מיט דער מוטער. דער פאטער האט עמעצן געשריבן א בריוו און די מוטער האט איבערשווענקען עטלעכע „שטיקלעך". נאכן באגריסן זיך, האט אנאטאלי גוט אויסגע־שנייצט די נאז, זיך צורעכט געמאכט דאס פאסיקל ביי די הויזן און האט אנגערירט ר' יוספן פארן ארבל:

— חבר פיינשטיין! איך וועל אייך נישט שטערן?

— וואס הייסט, דו וועסט נישט שטערן, אז דו שטערסט יא!

— און איך האב געוואלט עפעס פרעגן ביי אייך... ערנווארט... גע־וואלט האב איך...

— שלימזל, זעסט דאך, אז איך טו עפעס, האסט קיין צייט נישט? וועסטו פרעגן מארגן.

טאמארא איז געשטאנען מיטן פנים צום פענצטער און האט נערוועז געקאלופעט דעם קיט פון דער שויב. אנאטאלי איז אלץ נישט אפגע־שטאנען:

— חבר פיינשטיין, מיין פראגע איז א וויכטיקע פראגע. ווען איר ווייסט, וועגן וואס —

מיט א פלאמענדיק פנים פאר בושה האט זיך טאמארא ראש א דריי אוים געטון און מיט אלע כוחות אויף אים א ריטשע געטון:

— הער אויף, באלוואן!...*

---

* כמעט דאס זעלבע וואס: אידיאט, שלימזלניק, ליימענער גולם.

איר פּאָטער איז מיט אַ מאָל ערנסטער געוואָרן. ער האָט לאַנגזאַם אַראָפּגענומען די ברילן, שאַרף באַטראַכט זיי ביידן, זיך באַגעגנט מיטן ווייבס בליק און שוין ווייכער אַ ביסל געזאָגט צו אַנאַטאָלין:

— נו, פרעג... פאַר וואָס זשע פרעגסטו נישט? איך שרייב דאָך שוין נישט...

אַנאַטאָלי האָט אומבאַהאָלפן געוואָרפן אַ קוק אין טאַמאַרעס זייט. זי איז ווידער געשטאַנען מיטן פנים אויסגעדרייט צום פענצטער און אירע אַקסלען האָבן פיבערדיק אונטערגעטאַנצט. ענדלעך האָט זיך אַנאַטאָלי אָנגענומען מיט מוט, ער האָט טעמפּ אַ קוק געטון פריער אויפן פאָטער, דערנאָך אויף דער מוטער און האָט שוין אַ ביסל צו הויך אַרויסגעפּאַליעט:

— חבר און חברטע פיינשטיין! איך... אייך... מיט איין וואָרט: איך האָב אייך געוואָלט פרעגן... עס הייסט, איך האָב אייך געוואָלט זאָגן... איך מיין —

פייל אויסן בויגן האָט טאַמאַראַ געגעבן אַ פלי אַרויס פונעם צימער און האָט פאַרקלאַפּט הינטער זיך די טיר. אַנאַטאָלי איז מיט אַ מאָל דריימ־טער געוואָרן. טאַמאַראַ מיט איר נערוועזן גראַבלען דאָס פענצטער, האָט אים געשטעקט ווי אַ ביין אין האַלדז. איצט איז ביי אים די צונג מיט אַ מאָל אויפגעבונדן געוואָרן און ער איז אַרויס מיט לשון:

— קורצע דיבורים, חברים פיינשטיין, דערלויבט טאַמאַרען צו ווערן מיין פרוי!

ווי אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטון, אַזוי איז יוסף אויפגעשפּרונ־גען פונעם בענקל:

— וואָ—אָ—אָס?

די אויגן זענען ביי דעם אומגליקלעכן פאָטער פּלוצלינג אַרויסגע־קראָכן אויפן שטערן, די נאָז האָט זיך ביי אים עפּעס מאָדנע פאַרשפּיצט ווי ביי אַ גוסס למות. ער האָט פאַרוואָרפן מיט די הענט ווי אַ מענטש וואָס טרינקט זיך:

— וואָ—אָ—אָס?

דאָס ווייב איז צוגעגאַנגען אים באַרויקן, נאָר ער האָט זי ווילד אָפּגעשטופּט פון זיך און ווי אַ מענטש, וואָס האָט פּלוצלינג פאַרלוירן דאָס לשון, געכאַפּט מיט די פינגער די לופט. אַ געלער ווי וואַקס, האָט ער קוים אַרויסגעכריפּעט:

— דו האָסט שוין מיט טאַמאַרען גערעדט דערפון?

— זדראַווסטוווויטיע פּאָזשאַלויסטאַ! דאָס האָט זי מיר דאָך געהייסן אַ שמועס טון מיט אייך —

ווי פון אַ מעכטיקן שטויס אין דער ברוסט איז דער פּאָטער אומ־געפאַלן אויפן בענקל. די טיר האָט זיך שטיל געעפנט און עס איז אַריינ־געקומען טאַמאַראַ. איר פנים איז געווען ווייס ווי קאַלך. דער פאָטער האָט זיך מיט די לעצטע כוחות אויפגעהויבן אויף די פיס, און טייטלענדיק אויף אַנאַטאָלין מיט דער האַנט אויסגעשריגן:

— טאַמאַרא, טאָכטער מיינע, וואָס זאָגט אַט דער־אָ?... ס'איז אמת? אַט דאָס איז דאָס?

זי איז געשטאַנען ביי דער שוועל מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און האָט געשוויגן.

אַ ווײַלע האָט דער פּאָטער זיי ביידן באַטראַכט און פּלוצלינג האָט ער זיך צוריק געפונען:

— אַך, יאָ... אודאי... ווי אַזוי דען? אַבי איר געפעלט זיך, דאָס איז דער עיקר... אַנטאָלי, קום אַהער... נעענטער... טאַמאַרא, קינד מיינס!...

מיט אַ היסטערישן געוויין האָט זי זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן פּאָטערס האַלדז. מיט ציטערנדיקע פינגער האָט ער איר געגלעט די האָר און ברע־נענדיקע טרערן, ווי קוילעכלעך, האָבן איר אומאויפהערלעך געפּיקט אין קאָפּ אַריין, ווי זיי וואָלטן דאָרט געוואָלט אַ לאָך אויסברענען.

אין צוויי וואָכן אַרום איז אויף קיראָוואַ געווען די חופּה.

מאָניאַ מיט זשעניען זענען „צופעליק" געווען אין יאַלטע...

*

עס זענען פאַריבער פינף יאָר.

ביי טאַמאַרען האָט געוואַקסן אַ מיידעלע מיט אַ יינגעלע. ביי זשעניען — אַ יינגעלע מיט אַ מיידעלע. די שוועסטער פלעגן זיך זען זייער זעלטן. מאָניאַ האָט נאָך אַלץ געוווינט אויף פּאָלאָווניק און אַנאַטאָלי אויף מעד־ווינקע. מאָניאַ איז געווען קאָמערטשעסקע דירעקטאָר אין ביעל־רום־טאָרג און אַנאַטאָלי האָט געהאַלטן אַ מאַגאַזין פון מילכיקס, טאַקע אויף מעד־ווינקע.

דאָס איז געווען ענדע זומער.

טאַמאַרא האָט זיך איינגעעקשנט, אַז מען מוז סוף־כל־סוף איבער־בייטן די דירה. עס איז שוין אוממעגלעך פאַר פיר פּערזאָן מער זיך צו מוטשען אין אַ פינצטערן ווינקל ביי דער שווינגער. געווג, יוצא לכל הדעות! פינף יאָר אָפּגעקרענקט אויף שווינגער־קרענק? מעג מען שוין בייטן די דעקאָראַציע. זי האָט זיך דאָס מאָל אַזוי איינגעשפּאַרט, אַז זי האָט טאַקע אויסגעפירט אירס. מיט גרויסע שוועריקייטן האָט זיך אַנאַטאָלין איינ־געגעבן צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף צו פאַרמאַכן דאָס געוועלבל אויף צוויי טעג, און ער האָט זיך צעלאָזט איבער דער שטאָט זוכן אַ דירה. עס האָט אים גראָד געשפּילט דאָס מזל און ער האָט געקריגן אַ דירה אויף דער צווייטער גאַס, טאַקע ממש ביים קלייטל „אונטער דער נאָז".

דאָס איז געווען אַ צימער אויפן צווייטן שטאָק, בפירוש אַ גאַנץ גרויסער, נאָר זייער אַ פאַרלאָזטער און אַ שמוציקער, מיט פעטע און זשאַווערדיקע פלעקן אויף די ווענט. טאַמאַרא האָט געדונגען אַ גויע און צוזאַמען מיט איר אָפּגעהאָרעוועט אַ גאַנצן טאָג. זיי האָבן אויסגעהאַקט מיטן שורש די געפלעקטע ערטער, פאַרוואָרפן די לעכער מיט פרישער ליים און ווי עס איז אויסגעקאַלכט. פאַר נאַכט צו האָט מען זיך גענומען אױ־

בערקלייבן. כאָטש אין צימער האָט שטאַרק געשמעקט מיט ליים, פון פייכטקייט האָבן נאָך ביי די קינדערלעך געקענט ווערן צוגעלייגט די העלדזעלעך, אָבער איבערלאָזן דאָס צימער שטיין ליידיק, האָט מען אויך נישט געטאָרט. דאָס האָט געהייסן לאָזן עס אויף הפקר, ווייל עס זענען געווען אויף אים נאָך בעלנים, אַ ביסל גרעסערע מיוחסים פון אַנאַ־טאָלין. אַנאַטאָלי האָט אויף אַ טאַטשקע אָפּגעפירט אַהין דאָס בעטגע־וואַנט מיט אַ פּאָר בעטלעך און דאָס עלטערע קינד. אין אַ פערטל שעה אַרום האָט טאַמאַראַ גענומען דאָס יינגעלע אויף איין האַנט און דעם פּרימוס מיט אַן עמער אויף וואַסער אין דער צווייטער און האָט זיך געלאָזט גיין אין דער נייער היים אַריין.

ווי נאָר זי איז אַרויסגעקומען אויף דער מעדווינקער צענטראַלער גאַס, האָט זי באַמערקט לעבן טראַמוויי אַ גאַנצע בהלה. אַ וואַגאָן איז לויפנדיק פונעם באַרג, אַריינגעפאָרן אין אַ לאַסטמאַשין, אָפּגעשאָסן אַ העלפט פון איר און זי אָפּגעשליידערט צו דער קאַנאַווע צו, די צווייטע העלפט האָט אַ צעקאַליעטשעטע געטאָרטשעט אויף דער צווייטער ליניע ווי אַ חרובער באַקצאָן, און האָט געשטערט דורכצוגיין דעם אַנטקעגן־קור־מענדיקן וואַגאָן. מיליציאָנערן האָבן געפייפט, פּאַסאַזשירן האָבן זיך גע־זידלט. לאַסטמאַשינעס האָבן פאַרלייגט די אויערן מיט זייערע גרילצנדיקע סירענעס. די גאַנצע באַוועגונג האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער גאַנץ־גרוימער טראַקט איז געווען ווי פּאַראַליזירט.

טאַמאַראַ האָט זיך דערנעענטערט האַרט צום טראַמוויי. דאָרט האָט זי אַראָפּגעשטעלט דעם פּרימוס מיטן עמער אויף אַ באַנק, און אַ ביסל פרייער אָפּגעאָטעמט. דאַן האָט זי זיך פאַרריכט די האָר, אָפּגעווישט דעם שוויס פונעם פּנים, איבערגעזעצט דאָס קינד אויף דער צווייטער האַנט און האָט אומגעדולדיק גענומען וואַרטן, אַז די טראַמווייען זאָלן זיך צעפאָרן, מען זאָל שוין קענען דורכגיין די גאַס. מיט אַ מאָל האָט איר אָנגעהויבן שטאַרק צו פלאַמען אַ באַק. זי האָט דערפילט, אַז עמעצער קוקט אויפמערקזאַם אויף איר. אַרומטאַפּנדיק מיט די אויגן דעם גאַנצן אַרומיקן שטח האָט זי אָנגעטראָפן אויף אַ פּאָר אָנגעצילטע אויגן, וואָס נעמען זי דורך און דורך אַזש פון דעם טראַמוויי־וואַגאָן פון דער צווייטער ליניע.

ביי אַן אָפן פענצטער איז געזעסן מענדל פּערלאָוו, דער מיכאַי־לאָווסקער שוחט, און האָט געהאַלטן אין איין קוקן אויף איר. דאָס גאַנצע בלוט איז איר אַריין אין פּנים אַריין.

דער ערשטער געדאַנק אירער איז געווען:

— ער קוקט... ער זעט אין מיר אַ נקמה... אַלע פרומע יידן זענען דאָך נוקם ונוטרים! איצט וועט ער, שמעלצנדיק זיך פאַר הנאה, לויפן אָפּטראָגן מאָניען מיט מיין ליבהאַרציקן שוועסטערל ווי אַזוי איך האָב זיך געטראָגן אויף דער גאַס מיטן פּרימוס און מיטן עמער.

דער צווייטער געדאַנק האָט זיך שוין געחידושט:

— וואָס זעט ער אַזוינס אויף מיר? אַזוי קוקן? מען טאָר גאָר

דאַכט זיך נישט קוקן אַזוי שטאַרק אויף אַ פּרעמד ווייבל. נאָך אַ שוחט אויך צו די צרות...

זי האָט אַראָפּגעשטעלט דעם עמער מיטן פּרימוס, פאַרריכט דעם קינד דאָס היטעלע און עס אָוועקגעזעצט אויף דער באַנק. מענדל האָט אַלץ נישט אויפגעהערט צו קוקן אויף איר. טאַמאַראַ איז בלייך געוואָרן פון גרימענישן. אַזאַ אָנשיקעניש, דאָס איז שוין איבער אירע כוחות... ענדלעך איז צוריקגעשטעלט געוואָרן די באַוועגונג, די צעגלידערטע מאַשין האָט מען אָפּגעשטופּט אין אַ זייט און די ליניע איז פריי געוואָרן.

אויסער זיך פון דער פּיינלעכער באַגעגעניש, איז טאַמאַראַ אין איין אָטעם איבערגעלאָפן צו זיך אין דער נייער היים און קוים כאַפּנדיק דעם אָטעם, האָט זי זיך אויפגעהויבן אויף די טרעפּ. די טירן פון איר צימער זענען געווען ברייט צעפּראַלט אויף די טרעפּ אַרויס. פון דאָרטן האָט זיך דערטראָגן אַ רוקעניש פון בעטלעך און אַ סקריפּען פון די פאַרזשאַווערטע זאַוויעסעס, וואָס דער ווינט האָט געהוידעט די אָפענע פענצטער. ווען טאַ־מאַראַ האָט אַראָפּגעלאָזט פון די הענט דאָס קינד מיט די זאַכן פון פאָרנט אין קאָרידאָר, האָט זיך צו איר דערטראָגן אַנאַטאָליס קול:

— ס'איז דו, טאַמאַראַ?

— יאָ, איך.

— וואָס האָסטו זיך דאָרטן געקראַצט אַזוי לאַנג? דאַכט זיך, אַ טשערעפּאַכע, אי דאָס —

— אויף דער גרויסער גאַס איז געווען אַ קאַטאַסטראָפע, האָב איך נישט געקענט דורכגיין.

— תירוצימלעך... האָסט נישט געקענט אַרומגיין דאָס אָרט פון דער קאַטאַסטראָפע? קום שוין אַהער, קום. איך קען זיך גאָר קיין עצה נישט געבן מיט דיין בעטל, גיי נאָר אַריין.

ווען טאַמאַראַ האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל, האָט אַנאַטאָלי אַ פּליעסק געגעבן מיט די הענט:

— מאַמע מיינע! גיב נאָר אַ קוק אויף איר... דאָס גאַנצע פּנים איז דאָך ביי דיר איינגעניורעט אין סאַזשע!...

ער האָט לאַכנדיק אַרויסגענומען אַ שפּיגל פון די זעקלעך מיט קישנס און האָט איר דערלאַנגט. דאָס בלוט איז איר אַזש פאַרקילט געוואָרן אין די אָדערן, ווען זי האָט דערזען די שוואַרץ־ווייסע פּאַסן, די קווייטעלעך מיט די שרייפּעלעך, מיט וועלכע ס'איז ביי איר איצט געווען אויסגעצירט דאָס שטיקל פּלאַץ, וווּ געוויינלעך איז אַ פּנים.

— און אַזוי בין איך געגאַנגען איבער דער גאַס פאַר מענטשן? און אַזוי האָט מיך געזען מענדל פּערלאָוו, מיין בלוטיקסטער שונא און מאָניעס בעסטער גוטער פריינט?

זי האָט אָנגעשטרענגט איבערמענטשלעכע כוחות, אַז זי זאָל זיך נישט צעשרייען איבער דער גאַנצער גאַס פאַר ווייטיק, פאַר אוממעכטיקן צאָרן אויף זיך אַליין און אויף דער גאַנצער וועלט.

אַנאַטאָלי האָט דערווייל גערעדט אין פּוסטן חלל אַריין פונעם צימער:

— אוך!... קוים אַ מאָל צוגעריכטעוועט! איצט שטייט דאָס שוין, דאַכט זיך גוט. מ־יאָ... אַצינד, טאַמאַראַ, הער זיך צו אַהערצו. דו וועסט זיך שפּעטער שפּיגלען. אויסגעפּונעפן אַ צייט, ווען זיך צו סטראָצלען קעגן שפּיגל. אָט וואָס: דער גוי פונעם וועגעלע איז אַוועקגעפאָרן צו זיך אַהיים. ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט זיך נאָך אַ מאָל אומקערן נאָך די זאַכן. עס איז שפּעט פאַר אים, זאָגט ער. האָב איך מיט אים אָפּגערעדט, אַז גאַנץ פרי זאָל ער צופאָרן גלייך צו דער מאַמען. דו, צעהייץ דאָ אין הרובע, כּדי די ווענט זאָלן אַ ביסל כאַפּן אַ טרוקן. דאָ האָסטו האָלץ, זעסט? און די פענצטער פאַרמאַך, ביי נאַכט איז קיל. דו מיט די קינדער וועט איר דאָ שלאָפן און איך וועל נאָך שלאָפן דאָרטן. אַלע טשעמאָדאַנעס מיט אונדזער ביסל דאָברע־מזל שטייען נאָך דאָרטן. דו קענסט נישט מיינע טייערע שוועסטערלעך? זיי באַדאַרפן נישט מער, זיי קוקן נאָר אַרויס דערויף... נו, אָט דאָס איז אַלץ. גאַנץ פרי מיטן וועגעלע, וועלן מיר אין צוויי, דריי מאָל פאַרטיק ווערן. יאָ, באַרעכן נאָר, די עלעקטרי איז פונעם שמירן קאַליע געוואָרן, האָב איך שוין ביי אַ שכנטע פון דער אַקעגנאַיבערדיקער טיר געבאָרגט אַ ליכט. שוועבעלעך ליגן אויף דער הרובע. פאַוואָליע אין דער פינצטער, פאַרוואַרף זיי נישט. נאַ, אָט גיב איך זיי דיר אין דער האַנט אַריין. מאָרגן וועט מען אומבאַדינגט דאַרפן אַרויסרופן אַן עלעקטראָ־מאָנטער. נו, גיי איך. אַ גוטע נאַכט. צינד טאַקע שוין אָן דאָס ליכט...

# קאפיטל XLVI

די טיר האָט זיך מיט אַ קרעכץ פאַרקלאַפּט. אַ קורצע ווײַלע האָט מען נאָך געהערט דאָס לויפן פון אַנגעפּאַדקאָוועטע שטיוול איבער די טרעפּ און אין צימער איז געוואָרן פינצטער און שטיל ווי אין אַ קעלער. טאַמאַרא האָט פאַרזיכטיק אויסגעריבן אַ שוועבעלע, עס האָט אַ שפּראָץ געטון אַ רויט פײַערל. זי האָט אָנגעצונדן דאָס ליכט, גענומען דעם שפּיגל אין דער צווייטער האַנט און מיט אַ אינערלעכן שוידער באַטראַכט די שרעקלעכע צורה, וואָס קוקט אויף איר פון דאָרטן. אָט דאָס האָט מענדל אַזוי משוגענערווײַז געקוקט אויף מיר — האָט זי מיט ביטערניש געטראַכט — עס איז טאַקע געווען אויף וואָס צו קוקן. אפילו אין צירק זעט מען אַזוינס נישט שטענדיק. פּלוצלינג האָט זי זיך אַ כאַפּ געטון: עפּעס הערט מען נישט די קינדער! זי האָט אויפגעהויבן דאָס ליכט אין דער הייך, גענומען זיי רופן. מיט אַ מאָל האָט זי דערזען, ווי ביידע ליגן אַרומגענומען אויף די קישנס און שלאָפן. אַ געזאָלצענער קנויל האָט זיך אַרויפגעקויקלט אין האַלדז אַרײַן, זי איז צוגעפאַלן צו זיי מיט אַ געוויין:

— פייגעלעך מײַנע... אומשולדיקע שעפעלעך מײַנע... אײַער מאַמען ליגט דער קאָפּ דער רוח ווייסט ווו, און איר זענט געבעך אַנטפאַלן געוואָרן אין אָנטון, הונגעריקע, דאָרשטיקע —

אירע רייד זענען איבערגעגאַנגען אין אַ שטורמישער היסטעריקע:

— אַ מיאוסע מאַמע ביי אייך, טײַבעלעך מײַנע, אַ מיאוסע, אַ וועדעמדיקע, אַ נישט פאַרגינערין, אַ נישט געטרייע —

דאָס געוויין איז אַלץ געוואַקסן מיט די ווערטער. זי האָט מיט אירע ביטערע און גיפטיקע רייד מערדעריש געשניטן דאָס אייגענע לייב:

— בעסער וואָלט איר געווען געבוירן געוואָרן אין אַ ציגיינערביידל... בעסער וואָלט איר געווען אויסגערינען ביי מיר אין בויך איידער געבוירן צו ווערן ביי אַזאַ שלעכטער מאַמען ווי איך בין —

נישט אויפהערנדיק צו וויינען האָט זי, נישט וועלנדיק זיי וועקן, איינגעדעקט די קינדער מיט אַלע קאָלדרעס, און איינגעהייצט אין הרובע. אַ שטיקנדיקער רויך האָט אַ זעץ געטון פון אַלע שפּאַלטן און שפּארונעס. דער רויך האָט פאַרשלונגען די גאַנצע שטוב. זי האָט געעפנט די פענצטער. באַלד אָבער האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז עס איז קיל פאַר די קינדער און האָט זיי צוריק צוגעמאַכט. זי איז געזעסן אויף אַן איבערגעקערטן עמער פון וואַסער, געהייצט אין הרובע און איבערגעוואָרפן אין קאָפּ בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט:

אָט זעט זי זיך אין מיכאַילאָווסק. נאָך גאָר אַ ברעקעלע. שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה: מאַניאַ! מאַניאַ איז אַ למדן, מאַניאַ איז אַ זינגער, מאַניאַ איז אַ שפּילער. אַך, מיט וואָס פאַר אַ אויגן דאָס ייִנגל

פּלעגט זי באַגלייטן, ווען זי פּלעגט דורכגיין די גאַס. זיי פּלעגן איר ממש אויסברענען לעבער אין דער פּלייצע. דערנאָך — מינסק... ווי ער איז איר עס נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן... ווי ער האָט עס געהלשט נאָך אירע טריט... ווען ער פּלעגט אויפהייבן אויף איר זיינע גליענדיקע אויגן, האָט זיך יעדן איינעם געדאַכט: ער איז מתפּלל צו אַ געטין...

אַ ציטער גייט דורך איבער אירע גלידער:

— אַך, ווי ער האָט עס זי ליב געהאַט... נו, און זי אים — דען נישט?

זי מאַכט די פּליטה פון דער דאָזיקער איינגעגעסענער פּראַגע און דערמאָנט זיך בעסער, מיט וואָס פאַר אַ משוגענעם שטאָלץ, מיט וואָס פאַר אַ גאַוואַהדיק שמייכעלע איר זשעניאַ האָט דאַמאָלסט אָוועקגעלייגט אויפן טיש די חתונה־מעטריקע. אַ בריה אַ גרויסע! איך האָב איר אויסגע־טראַכטן דעם וועג און איצט איז זי די קעניגין. אַזוי איז דאָס...

עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. טאַמאַראַ האָט זיך איינגע־הערט: אפשר האָט זיך איר נאָר געדאַכט? דער קלאַפּ האָט זיך איבער־געחזרט. נישט אויפהייבנדיק זיך פונעם עמער האָט זי מיט אַ פאַרדומפּן קול פונעם רויך אַ פרעג געטון:

— ווער איז דאָרט?

אַ קול האָט געפרעגט פון הינטער דער טיר:

— אַנטשולדיקט, נישט אַהער האָט זיך אַריינגעקליבן בירמאַן?

— יאָ, יאָ, אַהרל. אַהער, אַהער. קום אַריין. גיב אַ גוטן שטופּ די טיר, איך האָב זי, דאַכט זיך, גאָר נישט פאַרשלאָסן.

די טיר האָט זיך אויפגעעפנט מיט אַ שנײַדנדיקער גרילצעריי, און אין צימער איז אַריינגעקומען אַהרל פיינשטיין. ער איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל:

— מאַ—מע! וואָס איז דאָ ביי דיר פאַר אַ רויך אין מיטן זומער?

— עס איז פון דער הרובע.

— צו וואָס דאַרפסטו אַצינד אַ הרובע? מען געפינט נאָך נישט קיין געפרוירענע.

— די ווענט, דאַרפן זיך אויסטריקענען. מיר האָבן אָנגעוואָרפן פריי־שע ליים...

— עפן זשע באַטש די פענצטער.

— נו, עפן זיי מוחל, פריער האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עס איז קיל.

— וואָס איז דאָס? וווּ זענען די קינדער? אַנאַטאָלי האָט מיר דאָך געזאָגט, אַז זיי זענען דאָ ביי דיר.

— אָט דאָ ליגן זיי אויפן בעט, איינגעדעקט.

— אין אַנטון גאָר?

— אין אַנטון.

— טאַמאַראַ, גיב זיך נאָר אַ דריי־אויס צום ליכט. אוי, גאָט מיינער! דאָס גאַנצע פּנים איז דאָך ביי דיר איינגעטונקען אין סאַזשע.

— כ׳ווייס. דאָס האָב איך זיך אויסגעשמירט ביים פּרימוס.
— פאַר וואָס זשע וואַשסטו זיך נישט אָפּ?
— כ׳האָב נאָך נישט געהאַט ווען.
— ווי אַזוי ווייזט דיר אויס דאָס נייע צימער?
— בעסער קען גאָר נישט זיין —
— וואָס איז? קיין עלעקטרי איז דאָ גאָר נישטאָ?
— עס איז יאָ דאָ, וואָס הייסט ניין? עס איז נאָר עפּעס קאַליע גע־וואָרן די איינריכטונג...

דאָס צימער האָט זיך פאַרכלינעט מיט אַ פּוסטער שטילקייט. פּלוצ־לינג איז טאַמאַראַ צוגעלאָפן צו אהרלען און האָט אים אָנגעכאַפּט ביי די לאַצן:

— זאָג, אהרל, נאָר זאָג דעם אמת: איאָ — אמת ליב האָט ער געהאַט נאָר מיך איינע?
— טאַמאַראַ, גאָט איז מיט דיר, פון וועמען רעדסטו דאָס?
— דו ווייסט אַליין פון וועמען... זאָג, איאָ נאָר מיך?
— טאַמאַראַ, דו ביסט פון זינען אַראָפּ?... וואָס פאַר אַ געדאַנקען קריכן דיר אין קאָפּ אַריין, אַזוי פיל יאָרן נאָך דער חתונה?

טאַמאַראַ האָט זיך גיפטיק צעלאַכט:

— פון וואָס דען אַנדערש האָב איך צו טראַכטן? פון מיין צוויבערנ־דיקער ווירקלעכקייט? פון מיין זיס לעבן?
— שוועסטער מיינע, אָבער צו וואָס פירן אַזעלכע געדאַנקען?
— אין ערגעץ פירן זיי נישט. נעענטער צום גרוב פירן זיי... זאָג בעסער, דו ביסט שוין לאַנג ביי „זיי” נישט געווען?
— איך גיי איצט גראָד פון זיי.
— וואָס מאַכן זיי עפּעס גוטס?
— זיי זענען נישט געווען אין דער היים. איך האָב געטראָפן פאַר־שלאָסן די טיר. נאָר מסתמא מאַכן זיי נישט שלעכט. דער טאַטע איז ערשט נעכטן געווען ביי זיי.

און נאָך אַ שווערער פויזע:

— טאַמאַראַ, אפשר וואָלט איך היינט גענעכטיקט ביי דיר? דו ביסט דאָך איינע אַליין אין שטוב? הא?
— מען דאַרף נישט. ס׳איז מיר נישט אומעטיק. ס׳איז מיר פריילעך. זייער פריילעך. גיי, גיי, עס איז שוין שפּעט. לאָז גריסן אין דער היים. מיר איז דאָ היימלעך. זייער היימלעך...

*

אין דער זעלבער צייט איז אויף גאָרנע־גאַס, צום הויז נומער 27, צוגעפאָרן אַ גרינער לימוזין. מאַניאַ איז אַרויס דער ערשטער און האָט גע־האָלפן זשעניען אויסשטייגן. פון דעם שאָפערס קאַבינע איז אַרויס דאָס יינגעלע, פירנדיק פאַר אַ הענטל דאָס מיידעלע. דער אויטאָ איז אָפּגע־

פאַרן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דינגעניש: ווּעמען וועט נעמען דער טאַטע און וועמען די מאַמע? מאַניאַ האָט אַרויפגעזעצט דעם זון אויף איין אַקסל און די טאָכטער אויפן צווייטן און זיך געלאָזט גיין נאָך זשעניען אין שטוב אַריין.

— נו, זשעניאַ, וואָס איז מיטן געוועט? ווער דאַרף וועמען געבן צוואַנציק קושן נאָך אַנאַנד, איך דיר, צי דיר מיר?

— איך האָב מורא, אַז איך דיר —

— דו האָסט ערשט מורא? דאָס האַרץ פאַרטראָגט דיר נישט צו זאָגן: חטאתי, עויתי ופשעתי? נאַ דיר גאָר מורא האָבן פאַר דער פרישער לופט! עס איז דאָך ממש אַ גן־עדן געווען אין וואַלד. דו האָסט דען אַ השגה, ווי די קינדער האָבן זיך מחיה געווען מיט דעם דרימל אויפן פרישן גראָז?

— אמת, אמת, אמת, איך בין זיך מודה! אָבער אַז איך גיב זיך אונטער, האָסטו שוין צו מיר גאָרנישט?

— ניין, כ'האָב יאָ —

— וואָס זשע נאָך דאַרף איך טון? פּובליקירן אין צייטונג, אַז איך אַנטשולדיק זיך?

— מען דאַרף נישט פּובליקירן אין צייטונג, מען דאַרף נאָר מאָרגן אויך צופאָרן אויף עטלעכע שעה.

— מאָנקעלע, וואָס רעדסטו? איין טאָג נאָכן אַנדערן?

— וואָס זשע איז דען אַזוי שלעכט, איין טאָג נאָכן אַנדערן? היינט האָבן מיר זיך נאָר איבערגעשיפט דעם טייך אין דער ברייט, אָבער מאָרגן וועלן מיר שוין אַראָפּפאָרן אַראָפּ־וואַסער עטלעכע קילאָמעטער. דעם אויטאָ וועלן מיר אָפּשיקן אַהין וואַרטן אויף אונדז און דאָס שיפל וועלן מיר פאַר אַ צען־רובל שטיק אָפּשיקן מיט עמעצן אויף דער סטאַנציע.

— צו וואָס דאַרפן מיר שוין פּלאַנעווען אויף מאָרגן? מיר'ן דער־לעבן וועלן מיר זען. ווו איז דער שליסל?

— זשעניעטשקאַ, נעם אים זיי מוחל, אַרויס ביי מיר פון דער זשי־ליעט־קעשענע און עפן טאַקע אויך. איך קען נישט אָפּלאָזן די קינדער.

— גוט, גוט, וואָס פאַרענטפערסטו זיך? ווו סאַמע, זאָגסטו, ליגט ער?

— ער איז נישטאָ? ליגט ער ווייזט אויס, אין דער הויזן־קעשענע. זיי שוין אַזוי פיל גוט.

— ער איז דאָ. לאָז מיך דורך אויף פריער. אוי, אַ בריוועלע אין דער טיר! איי־איי־איי, אודאי איז פון אונדזערע עמעצער געווען. אַך, אַזאַ שאָד! פאַרטיק, ס'איז אָפן, קום אַריין.

— זשעניאַ, דו האָסט אַראָפּגעלאָזט דאָס בריוועלע? עפּעס האָב איך אַרויפגעטראָטן אויף פּאַפּיר —

— ניין, איך האַלט דאָס אין דער האַנט, עס ווייזט זיך דיר אויס.

— נאָ דיר גאָר, עס ווייזט זיך מיר אויס. איך האָב דייטלעך געפילט, אַז איך טרעט אויף עפּעס אַ פּאַפּירענער זאַך.

— באַלד, באַלד. האָב געדולד איין מינוט. אַט שטעל איך נאָר אַוועק די קוישלעך, מאַך איך אויף דאָס ליכט דאַן וועלן מיר זען. מאַמע! וואָס פּאַר אַ שאַרפע ליכט, מען קען בלינד ווערן.

— זשעניאַ, הייב אויף פון אונטער די פיס, עס וואַלגערט זיך אַ בריוו ביי דער טיר. דער בריוונטרעגער האָט אַ פּנים אַריינגעוואָרפן. פון וועמען איז אַ בריוו?

— איך האָב אים נאָך נישט אויפגעהויבן, זאָל איך דיר שוין זאָגן, פון וואַנען ער איז? איין סעקונדעלע... ער איז... ער איז... אוי, מאַניאַ, ער איז פון אויסלאַנד. נעם נאָר גיך און גיב אַ קוק.

— זשעניטשקאַ! פון ירושלים אַ בריוו! גאָט מיינער, ווי גוט!...

— מאַניאַ, דו ווייסט, פון וועמען דאָס צעטעלע איז? אהרל איז דאָ געוועזן —

— שטער מיר נישט צו לייענען. קינדערלעך, שטילער, איך בעט אייך...

— נו, זאָג שוין, וואָס שרייבט מען דאָרט, אָדער גיב מיר דאָס איי־בערגעלייענטע בלעטל.

— זשעניאַ, שוויג אַ ווײַלע, האָב גאָט אין האַרצן —

זשעניאַ איז צוגעגאַנגען צו די קינדער און האָט זיי אָנגעהויבן אויס־טון. זי האָט נאָך נישט באַוויזן אין גאַנצן אָפּצוקנעפּלען די פּאַלטנדלעך, ווי מאַניאַ האָט זי געגעבן אַ כאַפּ אויף די הענט און ווי אַ משוגענער זיך אָנגעהויבן צו דרייען מיט איר אין מיטן דער שטוב.

— זשעניאַ, מיר וועלן זיין גליקלעך. מיר זענען שוין גליקלעך! מען האָט איינגעגעבן אויף סערטיפיקאַטן פאַר אונדזערעט וועגן.

פלינק ווי אַ קעצל איז זי אַראָפּגעשפּרונגען פון זיינע הענט:

— ווייז, ווייז, וווּ שטייט דאָס?

מאַניאַ האָט געטייטלט מיטן פינגער אויף די ערשטע שורות און האָט פייערלעך געלייענט:

„מאושר אני להודיעך, רע חביב, שבשבוע שעברה הגשתי את כל הנירות הדרושים, ללשכה המיוחדה לזאת, וכפי שהבטיחו לי, תקותי חזקה במאד מאד, שבירחים הקרובים אקבל סרטיפיקטים עבורכם. בקשו רחמים, וגם אני תפילה...״ *

מיט דעם פאַרקוועטשטן בריוו אין ביידנס הענט האָט זיך דאָס אי־

* „איך בין גליקלעך דיר מיטצוטיילן, ליבער חבר, אַז אין דער פאַרגאַנגענער וואָך האָב איך דערלאַנגט אַלע נייטיקע פּאַפּירן אין דער קאַנצעלאַריע, וואָס פאַרנעמט זיך ספּעציעל מיט דעם. און ווערליק מען האָט מיר צוגעזאָגט, האָף איך זייער שטאַרק, אַז אין די נאָענטסטע חדשים וועל איך באַקומען פאַר אייך סערטיפיקאַטן. טוט תפילה צו גאָט, און איך טו אויך דאָס זעלבע״...

בערגליקלעכע פּאָרפּאָלק פּאַראייניקט מיט אַ כלות־הנפשדיקן קוש. דער־זען, אַז די עלטערן האָבן אין זיי לחלוטין פאַרגעסן, האָט דאָס יינגעלע צוגערוקט אַ בענקל, איז אַרויפגעקראָכן און האָט אַרומגעכאַפּט דעם פאָ־טער ביי די אַקסלען. דאָס מיידעלע האָט זיך באַהאַלטן אין די פאָלדן פון דער מוטערס קליידל. אָבער די עלטערן האָבן דאָס אַלץ נישט געפילט. זיי זענען גאָרנישט געווען אויף דעם עולם. זיי האָט זיך געדאַכט, אַז זיי פילן שוין דעם ריח פון די ארץ־ישראלדיקע ברעגן...

נאָך לאַנג איז אַזוי געשטאַנען דער קנויל פון די פיר נפשות אין חלשותדיק־הייליקן צושטאַנד פון דער אומבאַגרענעצטער ליבע צו ציון, פון מסירת־נפשדיקער גרייטקייט אויף אַלץ אָפּצוגעבן פאַר איין קוק אויף ארץ־ישראל, בלויז פאַר דעם גליק זיך אויסצוציען אויף יענער גע־בענטשטער ערד.



איבער מינסק האָט געשוועבט אַ פולע זילבערנע לבנה. זי האָט מיט אַ בלאַסן שיין באַגאָסן די פוסטע גאַסן, די באַגרינטע גאַניקלעך, דעם רואיקן שפּיגל פון טייך און די סודות פולע שטאָטגערטנער.

אַ גרופּע גרייז־גרויע טאָפּאָלן, די פּיאָנערן פון דער שטאָט, האָבן ווינקענדיק מיט זייערע אָדערדיקע פינגער אָפּגעשטעלט די לבנה:

— שיינע נאַכט־קייזערין! שטיי אַ ווײַלע! וווהין איז דאָס לויפּע־ניש? אַלץ איינס וועסטו די זון נישט איבערלויפן. זאָג אונדז אַזאַ זאַך, דו זעסט דאָך אַלץ, וואָס אויף אונדזער זינדיק וועלטל טוט זיך אָפּ, וואָס זאָגסטו עפּעס אויף די צוויי פאַרשידענע וועלטעלעך פון פּאָלאָווניק און פון מעדווינקע?

— וואָס האָב איך דערויף צו זאָגן, חשובע טאָפּאָלן? גאָט איז גע־רעכט און זיין משפּט איז גערעכט.

— דו ווייסט דען, ווי אָט די יונגעלייט האָבן אויסגעזען ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק?

די לבנה האָט זיך צעשמייכלט מיט אַ מאַיעסטעטיש שמייכעלע:

— עס האָט אַ שיינעם פּנים, אַז איר פרעגט מיך, צי איך געדענק. אַז אָט דער מאַניאַ איז אַרויס אויף דער וועלט מיט צוויי פאַרקוועטשטע פויסטעלעך און מיט אַ קוויטש עד לב השמים — ווער האָט דאַמאָלסט אַכטונג געגעבן דורכן פענצטער, נישט איך? אַז אָט די קליינע טאַמאַרקע פלעגט זיך דורכוואַרפן פונעם שלאָף, באַאומרואיקט פון אַ שרעקנדיקן חלום — ווער פלעגט זי גלעטן איבערן קעפּעלע ביז זי פלעגט צוריק איינ־שלאָפן — נישט איך? איך זע אַלץ און פאַרגעדענק אַלץ! מיך איז אומ־מעגלעך אויסצופּעלן. ווער שמועסט, יונגעלייט מיט אַ האַרצקלעמעניש? איז דאָך אָפּגערעדט! אדרבה, עס איז מיר שוין אַ מאָל איבער דער טבע אויסצוהערן זייער אַלט־נייע סודות. פאַר מיר גיסט מען אויס אַלע שווערע הערצער. איך מוז וויסן פון אַלע זיסע און ביטערע שעהן. נישקשה, איר

מעגט אים פארגינען, אט דעם מאניען, זיין גליק. ער האט זיך גענוג אנ־געמאטערט, העכער צען יאר האט ער ממש מיט בלוט געשפיגן. אין הימל האט מען שוין אזש אנגעהויבן שרייען: גענוג, גענוג, אן עק מוז דאס געמען! איי, טאמארא? אויך זי קען צו קיינעם קיין טענות נישט האבן: ווי אזוי מען בעט זיך אויס, אזוי שלאפט מען...

די שטאק־אלטע טאפאלן האבן מיט זייערע צעפוילטע ציינער טשאמ־קענדיק אנגעהויבן צו צעקייען די עטלעכע קלוגע ווערטער, וואס די נאכט־קייזערין האט זיי דא געזאגט, און די לבנה, מיט שטארק־געלע פלעקן אויפן פנים פון צופיל רעדן, איז אפגעשווומען אויף איר טלית שכולו תכלת, א קאלטבלוטיקע, א גלייכגילטיקע צו דעם אלעמען, וואס שפילט זיך איצט אפ אויף דעם ערדישן וועלטל, אין פארשאטנטע בעסעדקעס און הינטער זארגעוודיק אראפגעלאזטע פארהענגלעך. א ווייטע, א פארחלומטע, מיט א הסח־הדעת לגמרי פון אלץ, וואס האט א שייכות צו די גרי בתי חמר, האט זי זיך געגליטשט איבער דער ביינאכטיקער וועלט, גערעדנקענ־דיק איר איינציקע אויפגאבע:

...צוקוקן און פארגעדענקען, צוקוקן און פארגעדענקען...

# קאפיטל XLVII

א מידער, אן אויסגעשעפּטער, און אליין אויך א צעקאכטער פון זיין צוגעקלערטן ספּור־המעשׂה, האָט זיך שלמה שווער אָפּגעוואָרפן אויף דער פּלייצע פון זיין שטול, די אויגן האָבן זיך פון זיך אליין פארמאכט און ער איז שטיל געוואָרן. אלע מסובים ביים טיש האָבן גאָר נישט געוואָלט פארשטיין, אז שלמה האָט שוין געענדיקט. עס האָט זיך געדאכט, אז די שטילקייט איז נאָך ממשיך די דערציילונג, האלט נאָך ווייטער אין איין אויפוויקלען די פארשידנפארביקע מגילות פון אָט די צוויי פארפאלקן, וואָס די השגחה האָט אוועקגעשטעלט זה לעומת זה. שלמה האָט דערפילט, אז אין האלדז איז אים אלץ אזוי איבערגעטריקנט, אז די צונג קלעפּט זיך ביי אים ממש צום גומען. ער האָט אויפגעמאכט די אויגן, אויף קיינעם זיך נישט אומקוקנדיק האָט ער זיך אָנגעבויגן צום טיש, גענומען א שעלעכל האלב־צעלאָזטן אייז־קרעם און האָט לאנגזאם אָנגעהויבן עסן. פון אלע הערצער האָט זיך מיט א מאָל ארויסגעריסן א ביז אהער פארשטיקטער אויסרוף:

— אך, אך, אך...

— נו, נו, א שלמה. גיי ריכט זיך —

דער ערשטער איז געקומען צו זיך דאוויד סאלאָמאָנאָוויטש. מיט א געדיכטן באַס פון לאנג שווייגן, האָט ער ארויסגעהודעט בקול הרעם בגלגל:

— גוואלד, שלמה, געשעצטער סאלאָמאָן אראָנאָוויטש! מיט אייער טאלאנט וואָלט איר דאָך זיכער געקענט באקומען א וועלטנאָמען. אָט דאָס אלץ, וואָס איר האָט אונדז איצט דערציילט, איז ביי אייך געבוירן געוואָרן אָט דאָ ביים טיש, פאר אונדזערע אויגן?

שלמה האָט א צעטראָגענער א מרוקע געטון:

— אזוי קומט אויס, וואָס קען מען העלפן?

מנשה: וואָס חידושט איר זיך אזוי? און יענץ לידל, וווּ ער האָט יעדן באזונדער מכבד געווען מיט א פּסוק פון „אתה הראת", איבער וועלכן ער האָט אויף זיך ארויסגערופן דעם גאנצן צאָרן, האָט ער דען נישט צונויפגעשטעלט ביי דער פּיאַנינע זיצנדיק?

דאוויד סאלאָמאָנאָוויטש: ס'איז א משל קאפּושל... האָט צוגעגלייכט גראַם־זאָגעריי צו אן ערנסטן, טיף־פּסיכאָלאָגישן ראָמאַן —

און אויסקערעווענדיק זיך צו שלמהן:

— שלמה, זאָגט מיר, פאר וואָס זאָלט איר נישט ווערן קיין ראָמאַניסט? איך בין זיכער, אז מיט דער צייט וואָלט איר ביי אונדז געוואָרן איינער פון די גרעסטע און בארימטסטע אין פארבאנד, אויב נישט דער גרעסטער —

ביעלסקי: דאוויד סאלאָמאָנאָוויטש, איר מיינט דאָך אודאי, אז איר האָט דאָ אָנגערופן מי יודע וואָס פאר א גוזמא, זאָג איך אייך בפירוש, אז ניין! אין דער סאָוויעטישער ליטעראַטור קען איך נישט קיין גרעסערן שרייבער פון אונדזער טייערן שלמהן. איך בין אייך ערוב, אז מענטשן

וועלן אונדז אַ מאָל מקנא זיין אויף היינטיקן אויפדערנאַכט, אויף דער ערע און אויף דעם גרויסן פאַרגעניגן צו זען אים „ביי דער אַרבעט". איך קען אפילו נישט אָנווייזן, וואָס אין זיין זייער געלונגענער דערציילונג באַצויבערט מערער, צי די עכט־שיינע נאַטור־בילדער, די לאַנדשאַפטן, צי די זייער רעאַליסטישע לעבנס־זיגזאַגן, צי די זאַפטיקע פאָלקסשפּראַך, צי די שאַרפע שפּילקעס, די שיינע, טרעפלעכע אָנצוהערענישן. איך בין זיך מודה ומתודה: נישט נאָר ביי יונגע מענטשן, נאָר אפילו ביי אַזוינע דאַרע שפּענדלעך ווי איך, וועקט זיין דערציילונג ווייטיקלעכע זכרונות... מאָ־מענטן פון דער פריער יוגנט... הערנדיק ווי אַזוי אַנדערע האָבן אויסגע־נוצט זייערע רעכט אויף גליק — און בשעת־מעשה פאַרגעסטו לחלוטין, אַז דאָ ווערט אויפגעשפּילט בלויז אַ פאַנטאַזיע — כאַפּט דיך עפּעס אָן אַ קלעמענדיק חרטה־געפיל... עס ווילט זיך עפּעס אומקערן... עפּעס כאַפּן אויף צוריק... אויסמעקן דאָס אַלטע און אַלץ, אַלץ אָנהייבן פון „מה טובו". Что говорить, все равно всего не выскажешь, но от правды не уйдешь: настоящее мастерство не нуждается в похвалах...* קורץ גערעדט: שלמה — דאָס איז ראַפאַעל אין וואָרט, אונדזער קיעווער באַלזאַק און שוין!

שלמה אַליין האָט נישט געהערט אפילו קיין איין וואָרט פון דעם גאַנצן לויב־געזאַנג, וואָס דער רעדאַקטאָר און דער קאָמפּאָזיטאָר האָבן אים געזונגען. זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז געווען צוגעצויגן צו אַ נישטיק בילדל ביים טיש. סאָנקע, אַ בלייכע, מיט אַ צעשויבערטן לאָק, וואָס האָט אַראָפּגעהאַנגען איבערן פּנים און האָט אין גאַנצן פאַרשטעלט איין אויג, האָט מיט לייכט־ציטערנדיקע פינגער זיך באַמיט אויפצושטעלן אַ פּיראַמידע פון נים־שאַלעכץ. די אונטערשטע טייל איז שוין געווען פאַרטיק, אָבער וואָס העכער, האָט זיך איר דער בנין אַלץ שווערער איינ־געגעבן. טאָ האָט ער זיך אַ וואַקל געטון פון דער זייט, טאָ — פון יענער זייט. פאָלים קוק איז מאַגנעטיש געווען צוגעצויגן צו סאָנקעס פיבערנדיקע פינגערלעך. אויף איר קאָנצענטרירטן פּנים איז געווען קענטיק, אַז עס גייט איר ווי אין לעבן, צי סאָנקען וועט זיך איינגעבן אויפצושטעלן דעם פאַרטראַכטן בנין, צי ניין. די נאַרישע שאָלעכץ־פּיראַמידע האָט אין אירע אויגן מיט אַ מאָל באַקומען אַ הרת־עולמדיקע באַדייטונג. אין דעם „יאָ אויפבויען", צי „נישט אויפבויען", האָט זי געזען אַן ענטפער אויף אירער אַ פאַרבאָרגענער מחשבה. שלמה, צו וועלכן פאָלי איז געזעסן מיט דער זייט, האָט מיט אַ פאַרשטאָרבן הארץ בגנבה געכאַפּט אַ קוק אויף איר שיינעם, שטרענגן פּראָפיל: דער שטערן־ווינקל האָט זיך געכמורעט; די ברעם איז געווען אויסגעצויגן שאַרף ווי אַ פייל, כאָטש צייל אין איר אי־בער יעדעם הערעלע; די באַק איז געווען קלאָר־ווייס מיט אַ געלבלעך פלע־

* וואָס איז דאָ צו רעדן, אַלץ איינס וועסטו אין גאַנצן וואָס ס'האָט זיך אָנגעקליבן נישט אַרויסזאָגן! נאָר פונעם אמת קען מען נישט אַוועקגיין: אמתדיקע מייסטערשאַפט נייטיקט זיך נישט אין קיין לויבגעזאַנגען...

בעלע אין דער מיט; די ליפּן, פעסט צוגעשלאָסן. די געדיכטע, גאָלדענע האָר, עטוואָס אין אומאָרדענונג. דאָס זעלטן שיינע קעפּל איז געווען אָנגעשפּאַרט אויף אַ האַנט, און אַביסל אָנגעבויגן אויף פאָרויס. אירע ברעגענדיקע אויגן האָבן זיך אכזריותדיק איינגעשטאָכן אין סאָניעס הענטל:
— עס וועט זיך האַלטן, צי ניין? עס וועט זיך האַלטן, צי ניין?
פרידמאַן גיט אַ ברום איבער מנשהס אויער:
— נו, נו האָט ער אָנגעאַרבעט אַ חתונה... טרף את הקלפים...*
מנשה, אַ צעקאָכטער:
— איך האַלט, אַז פאַרקערט: גלה את הקלפים...**
— כאַפּט נאָר אַ קוק אויף די שוועסטערלעך, ווי זיי זענען עס אַריינגעטון אין זייער „איצטגנינות"... *** עס קער זיי איצט פאַרדריסן פאַר וואָס: אין שתי ידים זוכות כאחת, הא? ****
— אפשר...
— באַשערט יאַנין געוואָויר צו ווערן אַלע פירושים אויף דער מסכת „צרת־הבת"...
— וואָס קען ער נעבעך העלפן?
— אַ צווייטער אויף זיין אָרט וואָלט פאַר צער משוגע געוואָרן —
— ווער ווייסט, ווי ווייט ער איז דערפון?
— גאָט זאָל אים געבן כוחות, ער איז זייער אַ ווילער מענטש.
דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: סאָלאָמאָן, האָט איר מיר טאַקע נישט געענטפערט אויף מיין פראַגע. פאַר וואָס זאָלט איר נישט אָנשרייבן עפּעס אַ גרויס ווערק, און פאַרנעמען אין דער געזעלשאַפט דאָס אָרט, וואָס געהערט אייך, וואָס איר פאַרדינט אַזוי כשר, הא?
סעסיל פּעטראָוונאַ, מיט איפּערדיקע אייגעלעך, גיט שפּאָטיש אַ לאַך:
— דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, איר ווייסט נישט דאָס ווערטל: „זינג דעם חתן ווייגענדיקס, ער האָט זיך אין זינען זיינס". אַ שטייגער, וואָס רעדט איר צו שלמהן? ער הערט אייך דען? איר זעט דאָך, אַז ער איז אין גאַנצן פאַרטיפט אין סאָנקעס אייפּל־טורעם.
ווי פון אַ קאַלטן שפּריץ־וואַסער, האָט זיך שלמה אויפגעכאַפּט פון זיין צוקוקעניש, ער האָט געוואָרפן אַ פיינטלעכן בליק אין סעסיל פּעטראָוונעס ווינקל און זיך העפלעך געווענדעט צו דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטשן:
— וואָס האָט איר געפרעגט, לאָמיך זיך דערמאָנען. אַ־האַ! פאַר וואָס איך מאַך זיך נישט פונעם „שרייבעריי" קיין פּרנסה? אַזוי דאַכט זיך?
— נישט דווקא פּרנסה! און ווו איז כבוד? אַ נאָמען? און טאַקע אויך גרויסע קאַפּיטאַלן. ס'איז דאָך ממש אַ רציחה צו לאָזן גיין לאיבוד

* ער האָט איבערגעמישט די קאָרטן.
** ער האָט געעפנט די קאָרטן.
*** שטערנזעעריי. אויף געוואָויר צו ווערן עתידות.
**** געמיינט: ביידע קענען זיי אים נישט געווינען, נאָר איינע פון זיי.

אזא אוצר, אזא מתנה פון גאָט. סאַמואיל לאַזאַראָוויטש האָט אייך דאָ געקרוינט פאַר אַ נייעם באַלזאַק, און איך האַלט, אַז ס'איז גענוג פאַר אייך — מאַקסים גאָרקי. אָבער אַזוי, צי אַזוי —

— כאַ, כאַ, כאַ... תלה אותי באילן גדול... באַלזאַק, גאָרקי... פאַר וואָס שוין נישט שעקספּיר? עס קאָסט אייך דען טייער אין קראָם?

— מילא יאָ שעקספּיר, נישט שעקספּיר, אָבער ענטפערט שוין אַ מאָל אויף מיין פראַגע: פאַר וואָס פאַרדאַרבט איר אייער טאַלאַנט? פאַר וואָס באַהאַלט איר זיך פון דער עפנטלעכקייט? פאַר וואָס ווערט איר נישט קיין שרייבער?

— איז דאָך ווידער די זעלבע מעשה מיטן טאַנצן אונטער יענעמס פייפעלע. איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט, אַז איך קען נישט לעבן אונ־טער עמעצנס דיקטאַטור. די הענט משעבד זיין צוליב דעם לחם־הקלוקל איז נאָך ווי עס איז, אָבער דעם קאָפּ פאַרקויפן פאַר אַ נזיד־עדשים — בשום אופן נישט! און סאָוויעטישע שרייבער, ווייסט איר דאָך אַליין גאַנץ גוט, זענען בלויז רופאָרס, דורך וועלכע עס דערגייט צו די מאַסן די מוזיק פון די הויכע ספערן. דאַוויד סאַלאָמאָנאָוויטש, אייך דאַרף איך ערשט דערציילן? ווער ווייסט דאָס נאָך אַזוי גוט ווי איר?

בעלאַ אַראָנאָוונאַ: דאַוויד, אין דעם זינען איז שלמה בפירוש גע־רעכט. איך אויף זיין אָרט וואָלט אויך נישט געקראָכן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנק בעט אריין. הלואי וואָלסט דו אויך ביי מיר געווען בעסער אַ שלאָסער, אַ באַנדער, צי אַ גלעזער, נישט קיין רעדאַקטאָר, דאַן וואָלט איך פיל רואיקער געשלאָפן. אַ ברכה אויף זיין קאָפּ, וואָס ביי דער איצ־טיקער סיטואַציע אין לאַנד, קריכט ער נישט אין אָט די פאַרשאָלטענע פרנסות, און וויל נישט האָבן קיין מגע ומשא מיט די שטעכיקע קליינע אותיותלעך. באַרעכן, מה־דאָך, אַז דיר, אַ קאָמוניסט פונעם 18טן יאָר, מיט אַזעלכע פאַרדינסטן ווי דו האָסט פאַר דער פאַרטיי, האָט מען געקענט צושיקן אַזאַ דראָונגס־בריוו ווי אילאינס, אַז דו האָסט מיר אפילו מורא געהאַט צו דערציילן, היינט ווי זעט שוין אויס אַ נייאינקער? אַזעלכער וואָס האָט זיך ערשט אויסגעשיילט פון דער שאָלעכץ? דערצו נאָך אַזאַ שטורמיש־וואַקסנדיקער טאַלאַנט ווי זיינער, וואָלט אודאי זייער שלעכט אויסגעזען מיט אַ ציימל אויפן מויל. ניין, ניין, שלמה, נישט דאָס איז מיר קשה, דאָס איז זייער קלוג פון אייך. איך וויל אייך פרעגן גאָר־גאָר עפּעס אַנדערש. זאָגט מיר טייערער סאַלאָמאָן אַראָנאָוויטש אַזאַ זאַך: איר זענט געווען אויף אַזוי פיל גוט און האָט אונדז געגעבן גאַנצע צוויי פּי־נאַלן פון אָט דער ווירנדיקער דערציילונג. איר האָט געפּרוווט געבן אַ קורצן סוף, אין צוויי ווערטער, האָבן מיר זיך נישט געלאָזט אָפּנאַרן, און איר האָט אונדז געגעבן אַ מער פּולבלוטיק בילד. אַ שווידערלעך־נאַקעטן שטיק לעבן. איין זאַך וואָלט איך נאָר זייער געוואָלט וויסן: פאַר וואָס עפּעס ענדיקט זיך ביי אייך דער ראָמאַן אין ביידע וואַריאַנטן מיט אַ קראַך, מיט אַ חורבן?

— כאַ־כאַ־כאַ! איר דערגרונטעוועט זיך צו דער סאַמע געדעבעניש פון מיין נשמה, בעלאַ אַראַנאָוונאַ. אַנדערש געזאָגט: צום אינטימסטן ווינקעלע פון מיין שאַפונגס־לאַבאָראַטאָריע.

— אויב מען טאָר נישט, נעם איך מיין פראַגע צוריק. איך האָב פשוט נישט געוווסט, אַז אַהין צו פאַרקוקן איז פאַרווערט. אַנטשולדיקט מיר.

שלמה, מינענדיק זיך אין פנים, שטאַמלט עטוואָס פאַרלוירן:

— פאַר וואָס טאָר מען נישט? קיינע סודות זענען דאָ נישטאָ, ביטע.

— אויב ס'איז יאָ אַזוי, אַז קיינע סודות זענען דאָ נישטאָ, טאָ ענט־פערט זשע טאַקע אויף מיין פראַגע! אייער נייגונג צו געבן אַ וויסטן סוף דער העלדין פון דעם ראָמאַן — כאָטש אין אמת גערעדט, האָט זי דאָס אפשר כשר פאַרדינט — רייצט פון דעסט וועגן שטאַרק מיין נייגעריקייט, און איך וואָלט זייער גערן געוואָלט וויסן די סיבה פון דעם.

יאַני: יאָ, יאָ, שלמה, די קשיא וואָס בעלאַ אַראַנאָוונאַ פרעגט, איז טאַקע אַ האַרבע קשיא... ענטפער איר. אין הכתוב אומר, אלא דרשני —

שלמה צו יאַנין, מיט אַ הייזעריקלעך קול:

— אין הכתוב אומר — זאָגט איר — אלא דרשני... ז־ז־זייער גע־רעכט... וואָס אמת, איז אמת... נו, וואָס זאָל איך אייך דערויף ענטפערן? איך וואָלט געקענט ענטפערן מיט צוויי ווערטער — כך עלתה במחשבה לפני, און פאַרטיק! יעדער איינציקער קען דערציילן בכל העולה על רוחו ולפי רוח היום... אַז אַזעלכע רעכט האָט אַ מחבר איז ידוע ליודעי חן... ידוע לכל... והמבין יבין —

יאַני, אַ ווייסער ווי קרייד:

— אַזוי, זאָגסטו, וואָלסטו געקענט ענטפערן... איצט זיי שוין אַזוי פיל גוט און זאָג אונדז, וואָס ענטפערסטו טאַקע?

— יאָ, אַזוי וואָלט איך געקענט ענטפערן, צי געדאַרפט ענטפערן, אָבער —

יאַני, מיט אַ קורצן אָטעם:

— אָבער וואָס? וואָס אָבער?

— אָבער... ואנכי איש חלק...

בעלאַ אַראַנאָוונאַ, מיט אַן אָפענעם פאַרדראָס:

— סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, אפשר וואָלט איר גערעדט מאַמע־לשון, אַז מיר אַלע זאָלן פאַרשטיין, נישט קיין מלאכים־שפּראַך? דאַכט זיך, אַז איך האָב די ערשטע אייך געשטעלט די פראַגע, נישט יאַני, האַ? איך פרעג, וואָס איז די סיבה, וואָס איןביידע נוסחאות צעפּלעכט זיך ביי אייך דער לאַנגגאָרנדיקער שידוך, און אויף זיין אָרט ווערן אויף שנעל אָפּגע־באַקן צוויי אַנדערע? ביטע, אַנטוויקלט אונדז אייער שטאַנדפּונקט אַלס קינסטלער: וואָס איז אין דעם שולדיק?

שלמה איז אויסערגעוויינלעך בלאַס. ער ענטפערט מיט אַ ציטערנ־דיקער שטימע:

— אין דעם איז שולדיק מיין ערלעכקייט...

— אייער וואָס? איך פאַרשטיי נישט —

— וואָס פאַרשטייט איר דאָ נישט? ווייל איך בין פון דער נאַטור א סאָלידער מענטש, נישט קיין גזלן.

— איך פאַרשטיי נאָך אַלץ נישט, וואָס פאַר א משל איז אהער אייער סאָלידקייט אָדער גזלנות?

— דער משל איז א פשוטער משל, ווייל איך וועל נישט גיין באַרויבן דעם דאָזיקן בן־צפור, און אייך אונטערטראָגן זיין עפּילאָג, אלס מיינעם אן אייגענעם...

א מעכטיקער „הורראַ" האָט אויסגעבראָכן אין דעם פאַרטונקלטן צי־מער. ווער עס האָט געפּליעסקעט מיט די דלאָניעס, אנדערע האָבן גע־קלאַפּט מיט טיי־לעפעלעך אין די זילבערנע טעצעלעך, און נאָך אנדערע האָבן פּשוט און פּראָסט געקלאַפּט מיט די אָפּצאַסן אין פּאַרקעט. ווען א פרעמדער מענטש זאָל זיך אין יענער מינוט געווען באַוויזן אויף דער שוועל פונעם גרויסן צימער, וואָס האָט פאַרלוירן זיינע רעאַלע קאָנטורן אין דער שוואַכער ראָזע שיין, וואָלט ער זיכער געמיינט, אז דאָ איז א רי־זיקע פּאַטאָ־לאַבאָראַטאָריע, און אז אלע פּאַטאָגראַפירטע האָבן זיך אָפּ־געריסן פון די בילדער און טאַנצן א ווילדן שדים־טאַנץ.

מנשה מיט יאַנין באַגעגענען זיך מיט די בליקן. ביי יאַנין אין די אויגן שטייען טרערן פאַר פרייד, וואָס שלמה גייט ענדיקן די מעשה אין א גוטן נוסח. דאָס האָט דער דערבאַרעמדיקער פאָטער אין הימל זיך אויף אים מרחם געווען. לייב טולטשינסקי איז צוגעלאָפן צו שלמהן און האָט אים אַרומגענומען:

— עס רייסט מיר נעבעך דאָס האַרץ אויף דיר, שלמהלע. נאָר דו האָסט זיך אָבער אומפאַרזיכטיק אַרויסגעכאַפּט. איצט וועט דיר שוין גאָר־נישט העלפן. דו וועסט אונדז שוין מוזן דערציילן אויך בן־צפורס סוף.

שלמה מאַכט א מינע, ווי ער וואָלט באמת געווען אויסער זיך. ער כעסט זיך אויף זיך אליין, אויף די פּאַרזאַמלטע, ווייזט זיי דעם זייגער, לאַכט און בייזערט זיך. קיינער וויל אָבער פון גאָרנישט וויסן, אלע בפה אחד שרייען נאָר: דער סוף! בן־צפורס סוף! דעם גוטן סוף!...

פרידמאַן פאַרשניצט לאַנגזאַם א שוועבעלע און רייניקט זיך די ציין פון די וועלטשענע יאָדערן. מנשה גיט אים א טאַרקע מיטן עלנבויגן און זאָגט אים אומיסטן בקול רם, אז אלע זאָלן הערן:

— צו וואָס דאַרפט איר זיך מאַטערן מיט אָט די קרישלע העלצלעך? קומט, אין פאַלטאָ האָב איך דאַכט זיך, עטלעכע דינע ביינדעלעך פון א הינערפיסל.

בשעת מנשה באַברעט זיך צווישן די פאַלטעס און נישטערט אין אלע קעשענעס, פרעגט אים פרידמאַן:

— וואָס זאָגט איר נאָר אויף דער מלאכת־מחשבת, וואָס שלמה האָט זיך היינט פירגענומען?

— הפלא ופלא! מעיל פילא לקופא דמחטא...

— ממש עוקר הרים וטוחנן זו בזו...
— כ'האָב אָבער מורא, אַז דאָס זענען הררים התלויים בשערה —
— כ'האָב אויך מורא, אַז עס וועט אים העלפן כזורק אבן לחמת —
— מילא, ער האַלט: אפילו חרב חדה מונחת על צווארו של אדם, אל יתיאש מן הרחמים.
— איי, דאַרף ער נעבעך רחמים... ער שלאָגט זיך נעבעך ווי אַ פיש אויפן אייז...
— וואָס ווילט איר? מען קען אויף אים זאָגן: יד ד' היתה בו... אַז ער איז שוין פאַרקראָכן אַזוי ווייט, מוז ער שוין דערקריכן דאָס לעצטע שטיקל אויך... הקולר תלוי בצווארו... והדברים עתיקים...
— הם, תלוי בצווארו... אם תכתוש את האויל במכתש —
— מילא, דאָס איז שוין אַ פאַרפאַלענע זאַך! און אפשר וועט זיך אים פאָרט איינגעבן להוציא יקר מזולל...
— וויים איך, מי יתן טהור מטמא...
— מען טאָר אַזוי נישט זאָגן, המד' יפלא דבר? סוף־כל־סוף איז דאָך דרכו של איש לחזור אחרי אשה... ווי אַזוי דען איז גוט, אַז זי איז מחזיר נאָך אים? אַ יצאנית? אַ תובעת בפה?
— כאַ, דרכו של איש לחזור... אַלץ הייסט לחזור? דאַכט זיך, אַ מחזיר על הפתחים האָט ווייניקער קאַפּווייטיק פון אים און שווארצט זיך נישט אַזוי דאָס פנים ווי ער... און ווידער, היד ד' תקצר? אפשר וועט אים גאָט העלפן און ער וועט זיך פאָרט צו זיינעם דערשלאָגן. כאָטש אַז מען וויל ווידער צוריק, אפשר איז גאָר בנידון זה נישט כדאי, אַז גאָט זאָל אים העלפן? אפשר ליגט גאָר די הילף זיינע אין דעם נישט העלפן?

מנשה גיט אַ שמייכל:

— איר האָט זיך, דאַכט זיך, פאַרפּלאָנטערט אין די „אפשרס" און קענט זיך גאָרנישט אַרויספּלאָנטערן. אפשר אַהער, אפשר אַהין, נחיה ונראה. איין זאַך איז זיכער: עס וועט שוין מיט גאָטס הילף אַזוי פיל נישט דויערן, וויפל עס האָט געדויערט.
— נו, נו, אַ שיינע נחמה! איך פאַרשטיי, אַז אין זיין „תרגום־שני", וואָס ער גייט אונדז שענקען, וועט ער איר צוזאָגן הרים וגבעות —
— נו, ווי דען אַנדערש? אין אַזאַ לאַגע ווי ער געפינט זיך איצט, זאָגט מען שטענדיק: תן לי הנפש והרכוש קח לך...
— אוי־וואַ, לייגט ער אַוועק די נשמה! ממש בנפשו יביא לחמו...*
— יאָ, נפש תחת נפש...

און נאָך אַ רגע נאָכדענקען:

— אָבער ס'איז לאו מדאוריתא, אַז עס מוז דווקא זיין נאָר אַזוי... כד זכי בר־נש איז: „ולחם" לבב אנוש יסעד, און אַז מען איז נישט זוכה ביי גאָט, איז: על פת „לחם" יפשע גבר... הכל לפי מעשיו...

---

* דאָ געמיינט: לחמו — זיין פרוי. לויט די מפרשי־התורה איז אַזוי די טייטש אין „וישב" אויף „הלחם אשר הוא אוכל".

— און ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן? נאָך איידער איך ווייס, את אשר יעלה המזלג, זאָגט מיר דאָס האַרץ, אַז דער ענין איז לאחר יאוש...

— און אפשר איז דאָס נאָר אַ יאוש של טעות... האדם יראה אך לעינים... אַן עק, קומט שוין צום טיש, ס'איז גישט שיין אַזוי לאַנג זיך צו סודען.

ביים טיש טרעפן זיי ששון ושמחה, מען האָט שוין ביי שלמהן גע־פּועלט. עס האָט אים אָבער אַ ביסל איבערגעחלשט דאָס האַרץ. ער וועט נאָר מיט וואָס עס איז זיך דערקוויקן, און דאַן וועט ער זיי דערציילן דעם מחברס סוף. שלמה כאַפּט איבער פאָלים גליקלעכן קוק. אַך, וואָס פאַר אַ קוואַל פון דאַנקבאַרקייט עס שלאָגט פון אים. איר בליק גיט אים צו מוט. לאַכנדיק שאַרט ער צו צו זיך דאָס קופּקעלע יאָ־ערן פון נים, וואָס סאָנקע האָט מיט גרוים מי זיך צוגעגרייט, עסט עס אויף, פאַרטרינקט מיט שוואַרצן ביר און אָרדנט זיך איין אויף זיין פריערדיקן אָרט.

דער זייגער שעפּטשעט מיט יראת הכבוד: טיק־טאַק, טיק־טאַק. דער ראַדיאָ־אויפנעמער אויף דער טומבאָטשקע ביים קליידערשראַנק, גלאָצט מיט די אָפּגעזילבערטע לאָמפּן אויף דעם שפּיגל, און לאַכט מעשה שטאָט־באַלעבאָס צו זיך אין דער זיידענער צורה אַריין. די ווענט, די סטעליע, דער קאַנדילאַבער, וואָס זעט אויס ווי אַ גרודע פּאַרקילטע לאַווע — אַלץ איז אין דער פאַנטאַזיע. רעאַל איז נאָר דער אומגעלומפּערטער, רונדער טיש מיט די פאַרלאָשענע מעשענע רעדלעך; רעאַל איז אויך דער שוואַרצער יונגערמאַן, וואָס זיצט אַקעגן פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס, נאָכגעלאָזט דעם שניפּס, דעם קאָפּ אין די דלאָניעס, און אַלע ביים טיש עסן אים ממש אויף מיט די אויגן.

ענדלעך הייבט שלמה אויף דעם קאָפּ. אומגעריכט פאַר יעדן הייבט ער אויף דאָס דעקל פון דער פּיאַנינע, זיינע אויסגעמושטירטע פינגער גיבן זיך אַ טונק אונטער אין אַ ים פון קולות, זיי גיבן אַ שוועב פון דעם גרעבסטן באַס ביז דעם דינסטן „דאָ" און גלייך אויף צוריק, און ווידער אַהין און ווידער צוריק. און פונקט ווי זיין אויער זאָל האָבן אויפגעכאַפּט דעם ריכטיקן טאָן, מאַכט ער ראַש צו די פּיאַנינע. ער קען נאָך אָבער נישט אָנהייבן רעדן, ער איז נאָך אַלץ דאָ „הי" און כדי צו באַשאַפן דאָס, וואָס ער וויל איצט מיט גאָטס הילף באַשאַפן, מוז ער אָפּגעטראָגן ווערן פון דאַנען „בסערה השמימה"... ער גיט זיך האַסטיק אַ דריי אויפן שרויף פון דער שטול ביז דאָס צימער דרייט זיך עטלעכע מאָל אויס פאַר אים. דאַן גיט ער מיט די פיס אַ שטעל אָפּ, גיט נאָך איין מאָל אַ קוק אין פאַ־לים שכור־פאַרליבטע אויגן. זיינע אייגענע אויגן באַקומען גלייך דעם זעלבן גלאַנץ וואָס אירע, און ער הייבט אָן דערציילן מיט אַ זיסער ווייכער שטימע, וואָס רעדט גלייך צו יענעמס האַרצן, דערגייט ביזן גרונט פון דער נשמה, רופט דאָרט אַרויס צו זיך ליבע און איבערגעגעבנקייט, ליבע און געטריישאַפט.

# קאפיטל XLVIII

אין יענעם ווינטער האָט מינסק שווער געקרעכצט אונטער דער לאַסט פון די אומגעריכט־אַנגעלאָפּענע פרעסט. קיינער אין ווייסרוסלאַנד רעכנט נישט דעם מאָנאַט נאָוועמבער פאַר קיין ערנסט־ווינטערדיקן חודש. מען פילט זיך נאָך אַנצוטון דאָס וואַרעמע וועש. אין די וווינונגען הייצט מען נאָר איין, גלאַט אַזוי, פון יוצא וועגן. און טאַקע מהאי־טעמא האָט מען אין יענעם יאָר געכאַפּט גאָר, גאָר אַ געשמאַקן ציטער.

פון יענעם פרימאָרגן, ווען טאַמאַראַ איז צוזאַמען מיט מענדל פערלאָוו געקומען פון דעם „אוניווערסיטעטסקי־גאָראָדאָק” אין שטאָט אַריין, האָט זי געלעבט נאָר מיטן געדאַנק וועגן מאָניען. וועגן דעם, אַז ער איז דאַמאָלסט בשלום פאַרגאַנגען אַהיים, האָט זי זיך אומדירעקט דערוווסט: איר פאָטער האָט אין שטוב דערציילט, אַז אין שול אויף אַ סיום פון אַ מסכתא, האָט מאָניאַ געזאָגט אַזעלכע חידושי־תורה, אַז אַלע האָבן גענאַפּט הערנדיק. קיין מאָל אין איר לעבן, האָט נאָך טאַמאַראַ נישט אַזוי ליב געהאַט מאָניען, ווי אין אָט די לעצטע טעג פון זיין אַזוי גערופענעם „טערמין”. בלייבנדיק אַליין אין שטוב, פלעגט זי לפנים עפענען אַ ביכל, כדי טאָמער קומט עמעצער אָן, זאָל ער זי נישט כאַפּן ביי דער גנבה און אין דער אמתן גאָר אַוועקלייגן מאָניעס פאָטאָגראַפיע — וועלכע זי האָט שטענדיק מיט זיך אַרומגעטראָגן — אויפן בלעטל און זיך „דורכשמועסן מיט אים”:

— נו, מאָניטשקע, לעבן מיינס, וואָס טוען מיר איצט? דו קומסט היינט פאַר נאַכט? פאָלג מיך, קום און זאָל שוין ווערן אויס ברוגז־שמוי־געז... וואָס, ניין? ווילסט נישט? פאַר וואָס זשע, טייערער? עס שטייט דיר נישט אָן וואָס איך צו דיר — נישט, און דו צו מיר — יאָ? איי־איי־איי... דו טוסט אַ נאַרישקייט! אויף מיין וואָרט, אַ נאַרישקייט. נאַרעלע, דו ווילסט, אַז איך זאָל דיר אָנשרייבן אַ הסכמה אויף באַלד גיין צו דער חופה, און דווקא ביזן 27טן!... נו, ווי רעכנסטו, נשמה מיינע, עס איז מיר דאָס שווער צו טון? און אָפּוואַשן דיינע פיס און אויסטרינקען דאָס וואַסער, וואָלט מיר דען איצט שווער געווען? אַליין ווייסטו דען נישט, אַז דו ביסט דער אָטעם פון מיין נשמה, אַז אָן דיר איז מיין לעבן נישט ווערט אַ גראָשן? נאָר איך פרעג דיך נישט מער: צי איז דאָס דיין כבוד, אַז דיין שפּעטערדיקע פרוי זאָל זיך אַזוי נידעריק אָנבייגן און ברענגען איר הסכמה צום טערמין, אַזוי ווי אַן אויפרוימערין ערגעץ אויף אַ זאַוואָד, וואָס קוים פאַרשפּעטיקט זי אויף צוואַנציק מינוט, אַזוי נעמט מען זי גלייך אַראָפּ פון דער אַרבעט? נו, זאָג אַליין, האָט דאָס אַ חן? אדרבה, זאָג דו אַליין, ווועסט דאָך מיר קיין מאָל נישט קענען קוקן אין די אויגן אַריין און איך דיר — אודאי און אודאי נישט. און וואָס נאָך? דיין איינפאַל איז דאָך שוין נישט קיין סוד, נישט פאַר מענדל פערלאָוו און נישט

פאַר דיין גאָמעליער חבר... מיט וואָס פאַר אַ אויגן וועלן זיי דערנאָך אויף מיר קוקן, האַ? ווי אויף אַן אונטערטעניק דינסטמיידל! און אָט דאָס דאָזיקע דינסטמיידל דאַרפסטו דערנאָך נעמען פאַר אַ פרוי! פאַר אַ גלייכער שותּפטע אין לעבן! און נישט אויף קיין טאָג אָדער אויף אַ חודש, נאָר אויף גאַנצע פופציק יאָר... און אפשר גאָר נאָך אויף מערער? מיר וועלן דאָך מיט גאָטס הילף קומען קיין ארץ־ישׂראל און דאָרט, זאָגסטו דאָך, לעבט מען פיל לענגער ווי אין אונדזערע מקומות... און וואָס עס איז דאָס סאַמע באַליידיקנסטע אין דיין פאָדערונג— חיותל מיינס — דאָס איז דאָס אָפּטראָגן דיר דעם באַווייז פון מיין דערנידעריקונג — צו דיר אַהיים! דאָס איז שוין... איי, איך קען נישט רעדן. טרערן שטיקן מיך, ווי הונדערט רוחות... אַן אולטימאַטום! אַ טערמין! און נאָך באַשטימטע ד׳ אמות, וווהין די ווייסע פאָן דאַרף געבראַכט ווערן און אַנידערגעליגט ווערן צו דיינע פיס. ניין, מאָניאַ! דו האָסט איבערגעכאַפּט די מאָס. דאָס איז שוין צו פיל. דאָס וואָלט געפּאַסט פאַר דיר, ווייסטו ווען? ווען דו וואָלסט מיך נישט ליב געהאַט אהבת־נפש. ווען דאָס וואָלט געווען אַ „גערעדטער” שידוך. ניין, ניין, מאָנקעלע, לעבן מיינס. איך בין נישט קיין מאַנעקען. איך קען נישט אויספילן דיין לייכטזיניקן באַפעל ווי אַן אָנגעשטעלטער מעכאַניזם. דאָס וואָלט גאָר געווען אַן אמתער פאַרראַט פון מיין זייט. דו אַליין וואָלסט מיר דערנאָך בשום אופן נישט מוחל געווען, וואָס איך האָב דערלאָזט דיין צוקונפטיקע פרוי, זיך אַזוי אַראָפּלאָזן איבער דיינעם אַ פאַריבערגייענדיקן קאַפּריז. איך זאָג דאָך דיר, איך וואָלט שוין פאַרבייגן די מעשׂה מיטן אולטימאַטום און וואָלט מיך שוין אויך צוגעפּאַסט צום טערמין. נאָר אָט דאָס אָפּשיקן דיר דאָס צעטעלע אויף פּאָלאָווניק אין שטוב אַריין — בשום אופן נישט! דו אַליין טאָרסט עס נישט וועלן. אַט ווען איך באַגעגן דיך צופעליק אין גאַס — מיטן גרעסטן כבוד! איך וואָלט דערוואַרעמט דיין דערפרוירענע נשמה מיט די שטראַלן פון מיין ברענענדיקער ליבע און דו וואָלסט זיך דאַן אַן איבעריק מאָל איבערציינגט, אַז נאָר טאַמאַראַ קען אַזוי פלאַמענדיק ליב האָבן. אַז איך בין באַשאַפן פאַר דיר, און דו פאַר מיר... אַלצדינג — יאָ, אָבער אויף פּאָלאָווניק — נישט! עס זאָלן אפילו קומען כל מלכי מזרח ומערב — נישט און נישט און נישט!... דאָס איז אוממעגלעך!...

אומקערנדיק זיך איין מאָל פונעם אוניווערסיטעט, האָט טאַמאַראַ אין טראַמוויי זיך צופעליק געטראָפן מיט איר אהרלען. אויף טאַמאַרעס פאַרלאַנג זענען זיי בײדע אַראָפּגעגאַנגען פונעם טראַמוויי און זענען אַריינגעגאַנגען אין אויף הפקר צעפראַלטן שטאָטגאָרטן.

דעם פאַרנאַכטיקן הימל האָט פאַרגאָסן אַ פּראָסטיקער, בלוטיקער זונאונטערגאַנג. אין די אויסגעשטאָרבענע אַלייען האָט געוויייעט מיט אַן אומענדלעכן אומעט. די סקעלעטן פון די אַמאָל בליענדיקע ביימער האָבן אַזוי נעבעכדיק געקרעכצט פונעם פראָסט, אַזוי פאַריתומט געקוקט אין אַכזריותדיקן הימל אַריין, אַז ווי יום־טובדיק עס האָט ביי עמעצן געמעגט

זיין אויף דער נשמה, זענען אים אין אָנבליק פון אַט די איבערגעפרווירענע זומער־ברואים, געקראָכן אין קאָפּ אריין געדאַנקען וועגן שפּיטאָל, וועגן טורמע, וועגן הייליקן־אָרט.

אהרל האָט דורכדרינגענדיק אַ קוק געטון אויף זיין שוועסטער און מיט מיטלייד געפרעגט:

— נו, טאַמאַרקע, וואָס קלערסטו טון?

— גאָרנישט קלער איך נישט טון.

— דו לאַכסט נישט?

— דאַכט זיך דו זעסט אַליין, אַז איך לאַך נישט.

— טאַמאַרא, האָט זיך מיר, הייסט עס, אַלע יאָרן נאָר אויסגעוויזן, אַז מאַניאַ איז ביי דיר טייער? זאָג!

אין טאַמאַרעס אויגן זענען געשטאַנען גרויסע טרערן. זי האָט גע־וואָלט ענטפערן, נאָר זי האָט נישט געקענט.

— קוים וויינסטו גאָר, וויל איך מער די פראַגע נישט באַרירן. און סתם אָן אַלעמען, איז דאָס דיינער אַ פּריוואַטער ענין, און איז קיינעם נישט נוגע חוץ דיר אַליין.

— פאַר וואָס? קענסט רעדן. עס איז מיר שוין איבערגעגאַנגען.

— וואָס האָב איך דען צו רעדן? פאָלג מיך, קום אַהיים. עס כאַפּט ביי די אויערן.

— ניין, דו האָסט דאָך נאָר וואָס עפּעס געוואָלט זאָגן. זאָג, וואָס, וואָלסט דו פאַרשטאַנען, דאַרף איך טון?

— וואָס איך וואָלט פאַרשטאַנען? עך־עך־עך...

— זאָג, זאָג, דו מעגסט זאָגן —

— ווען דו זאָלסט מיך וועלן הערן, וואָלסטו שוין, טאַקע אַט דאָ אין פּאַרק, אַוועקגעלייגט דעם בלאָק־נאָט אויף דער קני און אָנגעשריבן מאַניען די נייטיקע עטלעכע ווערטער. איצט איז מנחה־צייט, איז ער געוויס ביי זיך אין דער היים. איך וואָלט אים אויף איין פוס צוגעשטעלט דאָס קוויטעלע, אים געבראַכט צו דיר אַהער צו און נאָך היינט וואָלט ביי ביידע משפחות געוואָרן יום־טוב. דו שטעלסט זיך דען פאַר די מצוה, וואָס דו וואָלסט געהאַט אין אונדזער טאַטן? ממש תחית־המתים! און דו אַליין? דו גייסט דאָך אַרום ווי אַ שאָטן. פון דעם צוועלפטן אָן, אַז דו ביסט נישט קיינעמס און קיינער איז נישט דיינער. און אים דאָרט, מיינסטו, איז פיל גרינגער? האָסט דאָך אים ליב! ווו זשע איז דיין ליבשאַפט? אַך, מאַמע מיינע, דו וויינסט שוין ווידער? האָב איך דיך דאָך געבעטן, לאָמיר בעסער גאָרנישט רעדן און שוין...

טאַמאַרא האָט פאַרשטיקט געוויינט און שטיל געשלונגען די טרערן. זי האָט אים אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן אַקסל:

— אַלץ איז זייער גוט, אהרל, אָבער עס וועט אַזוי נישט געשען.

— עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז דיין זאַך. אָבער — פאַר וואָס?

— איך קען אַזוי נישט טון! איך טאָר אַזוי נישט טון! ווען איך

טו אזוי, פאַרפלעק איך דערמיט זיין ווירדיקייט אויף אַ שרעקלעכן אופן. פאַר וואָס קומט אים, ער זאָל נאָך דעם מוזן נעמען אַזאַ דערנידעריקטע פרוי? צי דו מיינסט, אַז עס איז אָנגענעם צו נעמען אַזאַ פרוי, וואָס ליגט ביי דיינע פיס? דו צעקיי גוט מיינע רייד, וועסטו אַליין אויך דאָס זעלבע פאַרשטיין.

אהרל האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ:

— גוואַלד! גוואַלד! גוואַלד וועל איך שרייען אין אַלע גאַסן! רוצחטע, איך בין משוגע, צי דו? אָבער דאָס איז דאָך זיין ווילן! דאָס איז דאָך זיין פאַרשלאָג!

— ער ווייסט נישט, וואָס ער וויל.

— ער ווייסט נישט, וואָס ער וויל, און דו ווייסט יאָ? אַך, דו אומ־פאַרשעמטע! דו זעסט נאָר וואָס עס טוט זיך אין דיינע ד׳ אמות. יעדע זאַך מעסטו נאָר ווי אַזוי דאָס רופט זיך אָפּ אויף דיין נאַרישן פּרעסטיזש, אויף דיין האָנאָר, אויף דיין איינגעבילדעטער ווירדיקייט! דאָס וועט דיך דערנידעריקן, זאָגסטו... אַך, דו! און ווען דו האָסט אים יאָרן־לאַנג דער־נידעריקט, האָסטו גאָרנישט באַמערקט? ווען מאָניאַ פלעגט קומען, אָפּ־זיצן שעהן און דו פלעגסט ליגן מיטן בוך און אפילו דעם קאָפּ נישט אויפ־הייבן, דאָס געדענקסטו שוין גאָרנישט? ווען ער פלעגט אויף דיר וואַרטן שעהן־לאַנג אויף צו גיין ערגעץ צוזאַמען — און דאָס זענען דאָך געווען מעשים בכל יום, — איז טאַמער פלעגט דער רוח אָנטראָגן אַ פאַרשיווע שיקסל, וואָס איז, דאַכט זיך, מוקצה מחמת מיאוס, פלעגסטו מיט איר אוועקגיין און אים איבערלאָזן מיטן טאַטן „שמועסן פּאָליטיק". יענע בזיונות דערמאָנסטו זיך נישט, ווייל ער האָט זיי באַקומען און דו האָסט זיי געגעבן, נישט פאַרקערט... און איצט האָסטו מורא, אַז אָנשרייבן אים עטלעכע ווערטער, וועט דיך דערנידעריקן... שעם זיך! נאָך אַ סאָוויעטיש מיידל דערצו... ווו איז דיין באַוווסטזיניקייט? ווו איז דיין יושר?

— אהרל, נישט מיין בזיון וויל איך דאָ פאַרהיטן, מיט זיך רעכן איך זיך שוין נישט, אָבער איך קען נישט דערלאָזן, אַז ער זאָל נעמען פאַר אַ פרוי אַזעלכע, וואָס איז אָנגעשראָקן מיט אַ בייטש... מענדל דער שוחט, דער גאָמעליער יונגערמאַן און אפילו אונדזערע שטובמענטשן אַליין, וועלן קוקן אויף אים גרינגשעצנדיקער ווי ביז אַהער —

— טאַמאַראַ, דיין פאַרדרייטע פילאָזאָפיע פירט דיך אין אָפּגרונט אַריין. ווען דו וואָלסט ווייניקער געקלערט, וואָלט פאַר דיר געווען פיל געזונטער —

— פאַר מיר קען זיין, אָבער פאַר אים נישט. איך מוז טראַכטן וועגן אים מער ווי וועגן זיך, ווייל ער איז מיר טייערער פון מיין לעבן. דו ווייסט דאָס גוט.

— טאַמאַראַ, דו ביסט קראַנק. דו ביסט פאַרפירט. דו ביסט מטורף פון דיינע משונה־ווילדע איינבילדונגען. זאָג מיר, אפשר וואָלט איך צור־

געפאָרן אויף פּאָלאָווניק און דערציילט מאָניען וועגן דיין נייער אייני־בילדונג... דאָס בייט דאָך אַ ביסל, דאַכט זיך, די לאַגע...

— איך דערלויב דיר דאָס נישט צו טון. מאָניאַ איז נישט קיין קליי־נינקער און נישט קיין נאַר. דאָס וואָס דיך חידושט ביז גאָר, פאַרשטייט ער פון אָנהייב אָן און וועט מיר נאָך דריקן די האַנט פאַר מיין אויסגע־האַלטנקייט, וואָס איך האָב מיך נישט געלאָזט פאַרפירן פון זיין „סטראַ־שונאָק"* און האָב אָפּגעהיט דעם שטאָלץ פון זיין צוקונפטיקער פרוי.

— אוי, טאַמאַראַ, ביסט געגאַרט... גוואַלד, ביסט געגאַרט! זאָג נאָר, אויב עס איז ווי דו זאָגסט, אַז דער עיקר שטייט דיר נישט אָן דאָס אָפּ־שיקן אים דאָס בריוועלע אויף פּאָלאָווניק, אפשר זאָל איך אים טאַקע אַזוי איבערגעבן? אַז דו ביסט מרוצה אויף אַלע באַדינגונגען, נאָר נישט אויף אים צו שיקן אַ צעטעלע אַהיים. ער זאָל זיך מיט דיר באַגעגענען ערגעץ אין שטאָט, און דאָרט... האַ? גוט אַזוי?

— גאָרנישט גוט אַזוי. אין ערגעץ שיק איך דיך נישט. גאָכן 27טן וועט ער פון מיר אַליין אַלץ געוווּיר ווערן.

— און דו גלייבסט, אַז נאָכן טערמין וועט ער זיך נאָך אומקערן?

— וואָס פאַר אַ פראַגע? אומבאַדינגט!

— ער דאַרף זיין משוגע, כדי אַזוי צו טון.

— נו וואָס זשע איז? אַלע פאַרליבטע זענען צוביסלעך משוגע. איך אַליין בין איצט אויך אַ ביסל משוגע —

— אַז דו ביסט איצט משוגע, דאָס פאַרשפּאָרסטו מיר צו זאָגן, איך זע דאָס אַליין גאַנץ גוט... נאָר צי מאָניעס משוגעת וועט נאָך אָנהאַלטן ביז נאָכן 27טן, איז ביי מיר אַ גרויסער, גרויסער ספק.

— מיר וועלן לעבן, וועלן מיר זען.

— נו, דאָס אודאי. מיר וועלן לעבן, וועלן מיר זען. נאָר איך ראָט דיך נאָך הונדערט מאָל זיך איבערלייגן. דו האָסט נאָך גאַנצע פיר מעת־לעת. טאַמאַראַ, ריזיקיר נישט מיט דיין גליק.

— דו ביסט אַ נאַר. ווען דאָ זאָל גיין נאָר אין איבערלייגן זיך, וואָלט איך מיך שוין לאַנג איבערלייגט. מילא נו, קום אַהיים, אַראָפּגערעדט זיך אַ ביסל פונעם האַרצן, איז פון דעסט וועגן עטוואָס גרינגער.

---

* דראָונג, אָפּשרעקן.

# קאפיטל XLIX

די לעצטע פּאָר טעג וואָס זענען נאָך געבליבן ביז צום סוף פון דעם פּאַלאַווניקער קאַשמאַר, האָט זיך טאַמאַראַ געזוכט פאַרשידענע דרכים אויף אויסצומיידן די היים. זי האָט נישט דורכגעלאָזט אין אוניווערסיטעט קיין מינדסטע געלעגנהייט דאָרט זיך מער א ביסל צו פאַרהאַלטן. זי האָט באַזוכט ווו ערגעץ א פאַרזאַמלונג, א זיצונג, א קאָנסולטאַציע, אבי מען זאָל איר אין דער היים ווייניקער א ביסל לעכערן דעם קאָפּ און אַלץ אָנ־ווייזן אויפן קאַלענדאַר. דעם 27טן, יום המוכן לפורעניות, איז זי געקומען אהיים זייגער עלף ביי נאַכט. ביזן פאַרשאַלטענעם טערמין זענען נאָך גע־בליבן צוויי שעה. אין איין אָטעם, אָן וועטשערע און אפילו אָן א ביכל, איז זי אריין אין בעט אריין, איינגעניורעט דעם קאָפּ אין קישן — אבי נישט טראַכטן. נאָר נישט געדענקען. זי וויל כאַפּן א דרימל כאָטש נאָר אויף צוויי שעה און דערנאָך איז ווידער גוט. דערנאָך איז ווידער מאַניאַ אירער, און זי — זיינע.

אויפגעשטאַנען אין דער פרי איז זי אָן אויפגערוימטע. א פריילעכע, א לוסטיקע האָט זי זיך אָנגעטון, מיט פאַראַכטונג אָפּגעריסן דאָס נעכטיקע בלעטל פונעם קאַלענדאַר, עס צעפּליקט אויף פּיץ־פּיצלעך און זיי האַסטיק אריינגעוואָרפן אין קאַמין. די ציפער 28 האָט פאַר איר געלויכטן ווי אָנ־געזעצט מיט בריליאַנטן. א גאַנצן טאָג, געפינענדיק זיך אין אוניווערסי־טעט, האָט זיך איר אַלץ געדאַכט, אַז אין דער היים מוז איצט אויף איר וואַרטן מאַניאַ און צוזאַמען וועלן זיי לאַכן מיטן פולן מויל: פון דער אָפּ־געשפּילטער קאָמעדיע, פון איר טאַטן מיט אהרלען. אַך, ווי זיי האָבן זיך עס דערשראָקן! מורא געהאַט, אַז מאַניאַ וועט האַלטן וואָרט. נו, נו, צע־דרייטע מוחות, דאָס גרעסטע געלעכטער דאַרף מען פון זיי לאַכן.

געקומען אהיים, האָט זי אין שטוב געטראָפן בלויז די מוטער שטייען ביים פּרימוס און שיילן קאַרטאָפל. דאָס האָט זי א ביסל געוווּנדערט:

— און ווו־זשע איז ער?

מיט א קלינגענדיק קולכל האָט זי א פרעג געטון:

— מאַמע, „ער" איז דאָ נישט געווען?

— ווער איז דאָס דער „ער"?

טאַמאַראַ האָט זיך פון דער מוטערס וואָכעדיקער פראַגע שטאַרק פאַרלוירן און זי האָט אָנגעהויבן שטאַמלען:

— ווער איז דאָס דער „ער"?... א סטודענט פון מיין קורס... ער האָט מיר געדאַרפט אָפּברענגען א העפט... איז ער, הייסט עס נישט געווען?

די מוטער האָט אויף איר אַרויפגעוואָרפן א דורכנעמענדיקן בליק:

— ניין, נישט געווען.

טאַמאַראַ האָט אַנטוישט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ:

— א שאָד, א גרויסער שאָד...

אָבער די גוטע שטימונג האָט זי פון דעסט וועגן נישט פאַרלוירן. זי האָט געלעבט ווי אין אַ ליכטיקן נעפּל, זי האָט פאַנאַטיש געגלייבט אין מאָניעס אומאויפהערלעכער ליבע. אמת, „ער" איז נישט געקומען נישט מאָרגן און אויך נישט איבער מאָרגן. אָבער זי איז ביי זיך נאָך אַלץ נישט אַראָפּגעפאַלן. ער מוז קומען, דאָ איז זיין אָרט!

מיט אַ מאָל האָט זי זיך אַ כאַפּ געטון:

— וו איז געווען מיין קאָפּ? ווי אַזוי האָב איך גאָר לכתחילה זיך נישט געכאַפּט דערויף, אַז נאָך אַזאַ דויערנדיקן קאָנפליקט דאַרף איך די ערשטע אויסציען אַ האַנט. דאָס איז דאָך אַזוי קלאָר, אַזוי פּשוט, וואָס פּשוטער קען גאָר נישט זיין. ער ווייסט דאָך נישט וועגן מיין פלאַמענדיקער ליבע צו אים. דאָס ווייס איך דאָך, דאַרף איך טאַקע אָנשרייבן.

זי איז אַריינגעגאַנגען אין דער רעפּובליקאַנישער ביבליאָטעק, האָט אַרויסגענומען אַ ספּעציעל צוליב דעם געקויפטן ראָזע בויגן פּאַפּיר און אַ בלאָען קאָנווערט. זי האָט שוין דווקא געהאַט געקויפט אַ געלן, נאָר זי האָט זיך ספּעציעל אומגעקערט אין מאַגאַזין אַריין נאָך אַ בלויען. בלוי איז מאָניעס געליבטער קאָליר. דער קאָליר פון ציון און פון ציצית, וועלכע מאָניאַ האַלט אַזוי הייליק, דער קאָליר פון דעם ירדן און פון די ארץ־ישראלדיקע הימלען.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אין סאַמע ווייטסטן ווינקל, איינגעטונקען די פּען, אָפּגעפּינטלט אַ טרער פון דעם שפּיץ ברעם און האָט אָנגעהויבן:

„ליבער מיינער, איינציקער, געטרייער, נשמה פון מיין נשמה!

איך באַנוץ מיך פון אָנהויב אָן מיט דיינער אַ פּראָזע, ווי מיט אַ פּאַראָל, כדי דאָס זאָל דיר גלייך פון אָנהייב אָן דערמאָנען, אַז צווישן אונדז איז גאָרנישט געשען — איך מיין קיין שלעכטס. פאַרקערט, גוטס — יאָ! ועסטו דאָך פרעגן: וואָס פאַר אַ גוטס איז געשען? וועל איך דיר ענטפערן. לאָמיר זאָגן: מיר געפעלסטו פאַר אַ מאַן! האָסט געזאָגט, אַז די ברירה איז ביי מיר נאָר ביזן 27טן נאָוועמבער, האָב איך געכאַפּט די פיס אויף די פּלייצעס און בין געקומען צו לויפן: נעם מיך, אָט בין איך דאָ! וואָס וואָלט דאָס אַלץ געהייסן? קלאָר ווי דער טאָג: אַז דו לוינסט מיר פאַר אַ מאַן און איך האָב מורא אָנצווווערן דאָס גוטע געשעפט, דעריבער בין איך געקומען צו לויפן ווי אַן אָפּגעבריטע. וואָלט דאָס דיר געפעלן?

— פע! דאָס שמעקט מיט מאַרק, מיט שאַכער־מאַכער. מיינע געפילן אָבער זענען, ווייט נישט אַזעלכע מאַטעריעלע. ביי מיר ביסטו דאָס גאַנצע לעבן, און איך ווייס, אַז דאָס זעלבע בין איך ביי דיר. דאָס איז ביי אונדז אין בלוט און אין פלייש. קיינע דיפּלאָמאַטישע קונצן קענען דעם פאַקט נישט אָפּשוועכן און דערפאַר, איצט, ווען אַלע אונדזערע בני־בית האָבן פון מיר ממש געשניטן שטיקלעך, אַז איך זאָל נאָר וואָס גיכער קאַפּיטולירן, זיך אונטערגעבן, ווייל... ווייל איך קען נאָך חלילה וחס אָנווערן... כאַ־כאַ־כאַ... גיי דערציייל זיי, אַז אונדזער בונד איז נישט פאַרשליפט, נאָר פעסט פאַרקניפּט מיט דרייצן קניפּן, נישט אויף צו קענען אָנווערן און אָט דאָס

איז געווען דער פּרווו פון אונדזער ליבע, איך מיין — פון מיין ליבע צו דיר. ווען זי, די ליבע מיינע, איז עטוואָס שוואַכער ווי זי איז דער אמתן, וואָלט איך געקומען צו לויפן אויף פּאָלאָוונִיק אום האַלבער נאַכט אַ באָר־וועסע, ווי עס פּאַסט זיך צוצויאָגן צו אַ גוט געשעפט. נאָר איך בין נישט געגאַנגען, כדי עס זאָל אפילו קיינעם נישט איינפאַלן, אַז אונדזער ליבע באַטרעפט נישט מער, ווי אַ „הויב פון אַ קאַנטשיק". און וואָס נאָך ? איך האָב נישט געוואָלט, אַז אַזאַ געהויבענער, אַזאַ וויכטיקער מענטש ווי דו ביסט, זאָלסט מוזן נעמען אַ פרוי, וואָס איז שוין אַ מאָל געשטעלט גע־וואָרן אויף די קני. דו ביסט נישט אהרל און נישט מיין טאַטע, דו וועסט מיך זיכער דערזען אויף דורך און דורך און פאַרשטיין, און ליקווידירן דעם גאַנצן שטרויענעם קאָנפליקט מיט איין שמייכל פון דיינע זיידענע ליפּעלעך. גיב איבער מיט אהרלען, ווו מיר זאָלן זיך באַגעגענען, און פון דאָרט — אויב דו וועסט נאָר וועלן, אַז דעם ערשטן מזל־טוב זאָלן אונדז אָפּגעבן דיינע עלטערן — וועלן מיר צופאָרן פריער צו זיי. איך וואָלט אפילו אַליין צו דיר צוגעפאָרן, לגבי דיר האָב איך נישט קיין אייגנליבע, דאָס איז אָבער נישט דיין כבוד. אַז מען וועט אַ שמייכל טון אויף מיין השבון, איז דאָס גלייכצייטיק אויך אויף דיינעם, און דאָס אַרט מיך מער ווי אַלץ. זיי געזונט נשמה מיינע, איך דערוואַרט דיך תיכף ומיד. עס גייט מיר שוין אוים דאָס חיות דיך צו זען, דיך צו הערן, דיך אָננעמען מיט דער האַנט, וועלכע דו האָסט שטענדיק ליב געהאַט אַ קוש צו טון העכער דעם עלנבויגן, אין גריבעלע. לאָז זשע זיך נישט בעטן און קום געשווינד.

דיינע אויף אייביק — טאַמאַראַ."

זי האָט איבערגעלייענט דאָס בריוועלע, געשמאַק אַ כליפּע געטון, פאַרקלעפּט דעם קאָנווערט און מיט אַ צעבראָכענעם יידיש אָנגעשריבן פון אויבן בלויז צוויי ווערטער: „מיין מאָניען". דאַן האָט זי באַהאַלטן דעם בריוו אין פאָרטפעל און איז מיט אַ גרינגער האַרץ אַרויסגעגאַנגען פון דער ביבליאָטעק.

דעם זעלבן טאָג פאַר נאַכט האָט זי אָפּגערופן אהרלען אויף אַ זייט און אים שטיל איינגערוימט:

— נאַ, אהרל, פיר אים אָפּ אָט דעם בריוו.

אהרל האָט אויסגעגלאָצט אויף איר אַ פּאָר וואָלפישע אויגן:

— מיך שיקסטו איצט אויף פּאָלאָוונִיק ?

— איז וואָס, אַז דיך ? ביסט אַ פּריץ אַ גרויסער ?

— הערסטו, טאַמאַראַ, ביז איצט האָב איך געמיינט, אַז דו מאַכסט זיך נאָר, איצט זע איך, אַז דו ביסט באמת פּאָלקאָם משוגע —

— וואָרט, איך וועל זיך מיט דיר אַ מאָל אָפּרעכענען פאַר אַזעלכע רייד. אָבער דערווייל זאָג מיר, מיט וואָס בין איך דאָס משוגע ? אפשר מיט דעם וואָס איך שאָף זיך מיט אַ משוגענעם ?

— טאַמאַראַ, צו וואָס טויג אונדז דאָס דערקלערן זיך אין ליבע ? דו

זאָגסט, אַז איך בין משוגע? איך וויל דיך נישט איבערשפּאָרן, זאָל זיין — איך! נאָר אויף פּאָלאָווניק פּאָר איך נישט. דו דאַרפסט? — פאָר!
טאַמאַראַ האָט אָפּגעווישט די ליפּן און גאָרנישט געענטפערט.
עס זענען פאַריבער עטלעכע וואָכן. עס זענען דורכגעלאָפן די ערשטע עקזאַמענס. דאָס ניי־יאָר. די ווינטערדיקע קאַניקולן. ווידער האָבן זיך אַ שאָט געטון אַש־קאָלירענע טעג, נודנע איינטאָניקע לעקציעס און אַן אומ־ענדלעכע קייט פון: איינחזרן; אויסחזרן; איבערחזרן. ווידער האָט טאַמאַ־רען פאַרשלונגען אַ תהום פון: קאָנספּעקטן, נאָטיצן, סעמינאַרן, קאָנסולטאַ־ציעס, סעסיעס. אין דעם דאַזיקן געווירבל, אין דעם זשומען פון די אוני־ווערסיטעטסקע ליפּטן, אין קאַלטן גלאַנץ פון די געקעסטלטע, מאַרמאָרנע טרעפּ פון דער שטאָט־ביבליאָטעק, אין שטויב פון אַלטע ביכער און שלעכ־טע כתב־ידן איז איבערגעפלויגן אַ שטיק ווינטער און דער בלויער קאָנ־ווערט, אין וועלכן עס האָט געצאַפּלט טאַמאַרעס אויסגעמוטשעטע, יונגע נשמה, האָט נאָך אַלץ געדרימלט ביי איר אין פּאָרטפעל. זי פלעגט פאַנאַ־טיש מורא האָבן צו עפענען יענע אָפּטיילונג, ווו ער איז געלעגן, ווי אַ מענטש האָט מורא אָפּצודעקן די שוואַרצע קאָלדרע פון אַ בר־מינן און אים אַ קוק טון אין פנים אַריין. דער בריוו האָט איר געבראָטן דאָס לייב דורכן פּאָרטפעל. עס האָט זי פון אים געאיבלט, איר נישט־אויסגעהערטע ליבע־דערקלערונג, האָט ביי איר אַרויסגערופן עקל, ווי ביי אַ קימפּעטאָרין — איר נפלע אויפן צווייטן טאָג. פּונקט ווי אַ נפלע, האָט דער בריוו זיין ציל נישט דערגרייכט. עס איז פון דער לכתחילה אָן געבוירן געוואָרן אַ טויט קינד. נאָך אַהרלס אָפּזאָגן זיך אים אָפּצוטראָגן האָט זי זיך דווקא גע־ווענדעט מיט דער זעלבער ביטע צו זשענקען, נאָר יענע האָט, אויסהערנדיק איר בקשה, אַזאַ שפּרונג געטון, אַז רציחהדיקן קוק געטון אויף איר, אַז זי האָט גלייך אויפן אָרט חרטה געהאַט, פאַר וואָס זי האָט זיך גאָר גע־בעטן ביי אַזאַ ווילדן ציגל. איין מאָל האָט זי שוין אפילו געקלערט זאָגן דערפון איר אייגענעם טאַטן. ער זעט זיך אָפּט מיט מאָניען ביים דאַווענען. וואָס קען זיין גרינגער פון צוגיין צו אים און אָפּגעבן? דאַן האָט זי אַרויס־גענומען דעם בריוו, איבערגעשטראָכן דעם יידישן אויפשריפט: „מיין מאָ־ניען" און האָט אָנגעשריבן אויף רוסיש: „פאַר מאָניען". דערנאָך איז ביי איר עפּעס אויסגעקומען, אַז שיקן אין אַ געמעקטן קאָנווערט איז נישט שיין, האָט זי שוין אַראָפּגעוואָרפן דעם בלויען און אַריינגעלייגט דעם בריוו אין אַ פּראָסטן, ווייסן קאָנווערט. און ערשט נאָך אַלעמען האָט זי זיך באַקלערט, אַז מיטן טאַטן איבערשיקן — טויג נישט. וואָס טוט זי, אויב מאָניאַ וועט דעם בריוו נישט וועלן צונעמען? פאַר וואָס קומט איר פאָטער אָט דער נייער „פּאַטש אין פּנים"? מיט אַ טיפן קרעכץ האָט זי אַריינגע־לייגט דעם בריוו צוריק אין פּאָרטפעל אַריין און גענומען זוכן פרישע עצות. וואָס נאָר האָט זי נישט איבערגעזוכט און איבערגעפּרוווט? — אָבער איין מאָל ניין! אַלע קאָמוניקאַציעס אויף פּאָלאָווניק זענען געווען איבערגעריסן. עטלעכע מאָל האָט זי פון דער ווייטנס געזען ר' אברהמן,

מאָניעס פאָטער, נו, וועט זי דען צוגיין איבערגעבן אַזאַ בריוו מיט איר געפּערלעכסטן שונא? וויפל צענדליקער מאָל, פאַר דער צייט, איז ביי זיי אין שטוב געווען מענדל פּערלאָוו? נו, וואָס זשע קומט אָבער אַרויס? קען זי דען מיט אים אויספירן אַזאַ זאַך, אַז יענער איז אַליין געווען אין „אוניווערסיטעטסקי גאַראָדאָק״ און האָט אַליין געהערט מאָניעס לעצטע וואָרענונג. ניין, אויך מענדל האָט נישט געטויגט צו דער דאָזיקער שליחות.

איין מאָל — נאָר דאָס איז שוין לאַנג געווען — ביי דער ענדע פון די לעצטע קאַניקולן, שטייט זי אַזוי אויפן ראָג פון לענינאַ־גאַס און אָקטאָבערסקע און וואַרט אויף אַ טראַמוויי. איבער די דעכער איז געהאַנגען אַן ערטערווייז־צעפליקטער, געפּרווירענער נעפּל. דורך איינעם פון די לעכער האָט אַרויסגעקוקט די זון. זי האָט איצט אויסגעזען ווי אַ צווי־לינג פון דער לבֿנה, נאָר אָפּגעפאַרבט אויף רויט. מיט אַ מאָל דערזעט זי, אַז אויפן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר גייט דבֿורה פייערבערג מיט נאָך עטלעכע מיידלעך. עס האָט זי ממש אַ שוידער געטון: זע נאָר, דבֿורה פייערבערג! מאָניעס עלטסטע שוועסטער! נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון וואָס זי טוט, האָט זי אָנגעהויבן שרייען: דבֿורה!... וויערא!... יענע האָט אָבער נישט געהערט. פון ביידע זייטן גאָס זענען אָנגעלאָפן וואַגאָנען, פאַרקלינגענדיק די אויערן. דאַן האָט זי זיך געלאָזט לויפן זי אָניאָגן. ערשט ווען דבֿורה האָט זי באַמערקט און גענומען איר אַנטקעגנגיין, האָט זי באַשלאָגן אַ קאַלטער שוויים: ווער רופט זי דאָס? דבֿורה האָט שטענ־דיק געקוקט אויף איר ווי אויף איר ברודערס אַ הענקער. קיין מאָל איז זי, טאַמאַראַ, נישט געווען אָפּנהאַרציק מיט איר, וועט זי אַצינד אין אירע הענט איבערגעבן איר נשמה? דעם לעצטן שטראַל פון איר האָפענונג?

דבֿורה האָט דערווייל זיך דערנענטערט. זיי האָבן זיך געגעבן די הענט.

— וואָס מאַכסטו עפּעס גוטס, טאַמאַראַ?

— אַ דאַנק, גאַנץ גוט.

— נו, און ביי דיר אין דער היים, וואָס הערט זיך?

— אַלץ בשלום, ווי געוויינלעך.

— ביסט היי־יאָר אַריבער?

— וואָס פאַר אַ פראַגע? און דו דען נישט?

— פאַר וואָס עפּעס נישט? איך בין קיין ייד נישט?

אַ ווײַלע שווייגן זיי ביידע. קוקן זיך אין די אויגן און שווייגן. פונעם צווייטן טראָטואַר האָבן די חבֿרטעס אָנגעהויבן שרייען צו דבֿורהן, רופן זי. דבֿורה גיט זיך אַ כאַפּ:

— או—וואַ, כ׳האָב גאָר פאַרגעסן, אַז מען וואַרט אויף מיר. באַלד, באַלד, מיידלעך, אָט גיי איך שוין. דו האָסט מיך, דאַכט זיך, גערופן, טאַמאַראַ, אויף וואָס האָסטו מיך געדאַרפט?

— דו אַנטשולדיק מיר, וויערא, איך האָב דיך טאַקע גערופן. שוין אפשר אַ שעה, אַז איך ברעך זיך דעם קאָפּ אויף אַ נאַרישקייט און קען

זיך בשום אופן נישט דערמאָנען. ווי אַזוי רופט זיך טאַרדאָוּוס * לעצטער, גרויסער ראָמאַן? דאַכט זיך, ווען מען פרעגט אַ קינד אין וויג... און איך קען זיך אויף דער שטעל בשום אופן נישט דערמאָנען.

— „פּראָנט".

— אוי, טאַקע! פּראָנט! באַרעכן נאָר, אַזאַ געוויינלעך וואָרט און אַזוי ווי פונעם שטיין. אַרויסגעפלויגן פונעם קאָפּ און פאַרטיק. נו, האָב קיין פּאַראיבל נישט וואָס איך האָב דיך מטריח געווען, דיינע חברטעם שטייען שוין קוים איין פאַר אומגעדולד.

טאַמאַראַ געדענקט גוט, אַז ווען זי איז זיך צעגאַנגען מיט דבורהן, האָט זי, טאַמאַראַ, זיך אפילו איין מאָל נישט אומגעקוקט אויף צוריק. דעם קאָפּ האָט זי געהאַלטן הויך, נאָך העכער ווי געוויינלעך. דער שפּאַן איז געווען אַ געמאָסטענער, אַ שטאָלצער. אָבער וואָס ביי איר אין האַרצן האָט זיך דאַמאָלסט אָפּגעטון, ווייסט נאָר גאָט און זי. ס'איז ביי איר אפילו קיין ספק נישט, אַז דבורה, אָט די דורכגעטריבענע דבורה מיט די זיסע ריידעלעך, האָט בסקירה אחת תופס געווען דעם גאַנצן ענין: די אמתע סיבה פון איר רופן זי, און דאָס פאַלשקייט פון דעם אומגעלומפּערט-נאַרישן תירוץ מיט דעם טאַרדאָוון... אַזאַ משוגענער איינפאַל!... ווער לויפט עס נאָך אַ מענטשן אין מיטן גאַס, כדי צו פרעגן ביי אים אויף אַן אויטאָר פון אַ בוך? ווער? ווער טוט אַזאַ זאַך? און כאָטש זייט יענער באַגעגעניש זענען שוין פאַריבער כמעט צוויי חדשים, דאָך געדענקט זי נאָך זייער גוט, ווי ביטער זי האָט יענע נאַכט געוויינט אויף אַ גאַניק ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן געסל.

ווע‍מען, וועמען האָט זי שוין נישט באַגעגנט אין גאַס אין פאַרלויף פון אָט די לעצטע עטלעכע חדשים? אַלע פאָלאָווניקער באַקאַנטע, מאָניעס אַלע חברים, נאָר איין און איינציקן מענטשן איז איר נישט אויסגעקומען צו באַגעגענען — מאָניען! אַזוי ווי אויף צו להכעיס — קיין איין מאָל נישט!

פאַר דעם לעצטן ווינטער איז טאַמאַראַ שטאַרק אַראָפּ פונעם פּנים. זי איז שוואַרץ געוואָרן, די באַקן — איינגעפאַלן, די אויגן — טרויעריק, פאַרלאָשן, מיט אַ שטענדיק-פאַרגליווערטן, יאָושדיקן בליק. ווי נאָר אויף צו רייצן זיך מיט איר, איז אין יענעם יאָר גראָד געווען אַ פריער פרילינג. ענדע פעברואַר האָט מען שוין אַראָפּגעוואָרפן די פעלצן און אין מערץ האָט שוין דאָס אייז אויפן טייך גערירט.

דאָס איז געשען פאַר נאַכט צו אין איינעם פון יענע פריע וועסנעטעג.

גלייך פונעם אוניווערסיטעט איז טאַמאַראַ אַראָפּגעפאָרן צום ברעג טייך אַ קוק טון ווי דער שטראָם טראָגט די גלעבעס אייז אַראָפּ-וואַסער, און מחמת ביי דעם פּרימיטיוון וואָקזאַלכל, וווּ אין סעזאָן פאַרדינגט

* דער נאָמען פון אַ סאָוויעטישן ראָמאַניסט.

מען שיפלעך אויף דער שעה, איז געווען אַ געדראַנג פון נייגעריקע, איז זי איינע אַליין אַראָפּגעגאַנגען אַראָפּ, נידעריקער צום טייך צו, וואָס ווייטער פון דעם לוסטיקן עולם. דאָס ערשט־אָפּגעדעקטע וואַסער איז געווען שטאַרק קאַלאַמוטנע. די קוויטיקע, אומגעלומפּערטע שטיקער אייז, זענען מחנותווייז געפאָרן רייטנדיק אויף די כוואַליעס און האָבן אויסגעזען ווי אָפּגעסמאַליעטע שטיקער דאַך, רעשטלעך פון אַ שׂרפה. מיט אַ מאָל האָט זיך דער טייך אַ שאָקל געטון, אַ הייב געטון מיט אַן אַקסל, אונטערגעשטופּט איין גרויע חיה אויף דער צווייטער און אָט שווימען זיי ווייטער זאַלבענאַנד, איינע פון זיי „קוממיות" און די צווייטע — מיט אַ זייטל, ווי זי זאָל זיך ישובן: זיך איבערקערן אויף דער צווייטער זייט, צי מען דאַרף נישט? איצט זעען זיי שוין אויס, ווי איינער וואָס טראָגט אַ קלימעק אויף די פּלייצעס. אין צווייטן עק טייך איז טאַקע אַזאַ „קלימעק" אין גאַנצן אַרויפגעפאָרן אויפן צווייטן און אָט אַזוי, ווי אַ צווײשטאָקיקע געביידע, זיך דורכגעשיפט פאַר אַלעמענס אויגן. שמאָלע, לענגלעכע באַלקנדלעך, שברים פון די נאָר וואָס פאַרשווונדענע אייזבערג האָבן זיך באַישובט געשאָקלט איבערן טייך. נאָך קלענערע שפּליטערס האָבן אויסגעזען ווי שטילע, פרומע קאַטשקעס, וואָס האָבן איינגעדרימלט אונטער די מילדע שטראַלן פון דער בייטאָגיקער זון.

טאַמאַרא האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין אַ פאַרוואָרלאָזט סטויפּטשיקל. אַ שטאַרקע בענקעניש האָט צונויפגעפּרעסט איר האַרץ. מאָניעס געזיכט איז געשוווּמען פאַר אירע אויגן. די פאַנטאַזיע האָט איר אים געמאָלט אין די שענסטע פאַרבן. פּלוצלינג איז זי רויט געוואָרן, ווי עמעצער וואָלט זי געפּאַקט ביי אַ גנבה. זי האָט זיך געכאַפּט דערויף, אַז זי טראַכט שוין ווידער וועגן מאָניען. אַלע אינדערפרי, אויפוואַכנדיק פון שלאָף, האָט זי זיך אין האַרצן געגעבן דאָס וואָרט, נישט צו טראַכטן וועגן אים און כמעט קיין מאָל נישט געהאַלטן וואָרט. עס טראַכט זיך פאָרט! קעגן איר ווילן קען זי זיין נאָמען נישט אַרויסרייסן פונעם האַרצן. מיט ציטערנדיקע הענט האָט זי אַרויסגענומען „יענעם" בריוו פונעם פּאָרטפעל, אויפגעריסן דעם קאָנווערט און האָט אָנגעהויבן צו לייענען:

„ליבער מיינער, איינציקער, געטרייער"...

אין די אויגן לויפן אָן טרערן. זי זעט איצט אַלץ דורך משונה־גרויסע פאַרגרעסער־גלעזער. דער לאַנגער, אייזערנער בריק האָט זיך גלייך צעשפּאַלטן אויף צווייען, און יעדע האַלב, נאָך אויף פיל חלקים. די שווימענדיקע אייזבערג זענען אויסגעוואַקסן ביז אונטער די כמאַרעס. טאַמאַרא איז שוין איצט געשטאַנען מיט פעסט צוגעמאַכטע אויגן, שנירלעך זודיקע טרערן זענען געריגען איבער איר מאָגער־געוואָרענעם פּנים. דאָס האַרץ האָט זיך אין איר ווייטיקלעך געוואָרפן. ווידער עפנט זי די אויגן און כאַפּט אַ קוק אויף דער צווייטער שורה:

„...דאָס זאָל דיך דערמאָנען, אַז צווישן אונדז איז גאָרנישט געשען"...

איר האַנט לאָזט זיך אָנמעכטיק אַראָפּ:

— אוי, עס איז יאָ געשען... אַך, געשען, געשען...

מיט אַ מאָל דערפילט זי, ווי עמעצער האָט אויסגעריסן דעם בריוו פון איר האַנט. זי עפנט אויף די אויגן: אַ וויכער האַלט אין מיטן אויס־קערן דעם ברעג און טראָגט אין בייזן טייך אריין אַלץ, וואָס עס פּאַקט זיך אים צו די „הענט": שטרוי, קאַרדאָנקעס פון פּאַפּיראָסן, מיסט און שטויב. אין מיטן פון דעם דאָזיקן געווירבל דערקענט גלייך טאַמאַראַ איר ראָזע בויגן פּאַפּיר. עס נעמט זי דורך אַ שוידער. זי דערפילט מיט איר גאַנצן וועזן, אַז נאָך אַ מאָל אַזאַ בריוו, וועט זי שוין קיין מאָל מער נישט קענען אָנשרייבן; אַז מיט דעם דאָזיקן בריוו פאַרלירט זי דעם לעצטן אָנדענק פון איר מאַניען. זי קוקט מיט אַ פאַרשטאָרבן האַרץ, ווי דער ווינט פאַרזייט דאָס גאַנצע ביסל שמוץ איבערן טייך... די שטאָל־קאָלירטע כוואַליעס כאַפּן עס אונטער און טראָגן עס אָפּ גיך־גיך אהין, וווּ זי איז הונדערטער מאָל געפאָרן מיט מאַניען אַ גליקלעכע, אַ געליבטע. זי קען זיך מער נישט באַהערשן און לאָזט אַרויס אַ ווילדן, האַרצרייסנדיקן אויסגעשריי:

— ראַטעוועט... גיכער ראַטעוועט...

אַלע אויפן ברעג קוקן זיך אום אויף דער יונגער פרוי, וואָס שטייט אַ בלאַסע האַרט לעבן וואַסער, טײַטלט מיט די פינגער אין דער אומבאַ־שטימטער ווייטקייט און רייסט זיך אויף קולי־קולות:

— גיכער אַ שיפל, אָט זעט מען נאָך אַרויס עטוואָס פון מיין —

און מערקווירדיק, ווי אַ באַשטעטיקונג צו אירע אומפאַרשטענדלעכע רייד, גיט פון ערגעץ ווייט אַ שוואַכן גלאַנץ עפּעס אַ ראָזע זאַך, טונקט זיך אונטער און ווערט פאַרשוווּנדן. די לופט ווערט דורכגעשניטן פון אַ קינזשאַלנע קוויטש:

— גוואַ—אַלד!

און ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים פאַלט זי אום אין דער גאַנצער לענג מיטן קאָפּ צום וואַסער. אַלע אָנוועזנדיקע האָבן זיך אַ וואָרף גע־טון צו איר, אָוועקגעלייגט זי אויף אַ באַנק, געשפּריצט מיט קאַלט וואַ־סער אין פּנים אַריין. מען האָט איר געריבן די הענט, די שלייפן. פרויען האָבן איר צעשפּיליעט דעם בוזעם, צעשנורעוועט אַלע ענגע ערטער. נאָך גרויסע אָנשטרענגונגען פון דעם גאַנצן עולם, האָט זיך ביי איר אָנגערופן אַ שטיקל דופק. דאַן האָט מען געעפנט איר פּאָרטפעל, געפונען איר פּאַס־פּאָרט, געוווּיר געוואָרן איר אַדרעס און זי אָפּגעפירט מיט אַן אויטאָ אַהיים.

# קאַפּיטל L

אין אַ שלעכטער שעה איז טאַמאַראַ אַרויפֿגעגאַנגען אויפֿן בעט. איר געזונטער אָרגאַניזם, וואָס האָט ביז איצט קיין מאָל נישט געקרענקט, האָט דאָס מאָל פֿאַרראַטן. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס פֿון אַ שטאַרקער נערוון־צעטרייסלונג. אין דעם האָט זיך אונטערגעכאַפּט אַ קראַמפּן־ציעניש אין די הענט און אין די פֿיס, אַז זי פֿלעגט פֿאַר ווייטיק רייסן אונטער זיך דאָס בעטגעוואַנט. דערנאָך ערשט האָט זי געכאַפּט אַ לונגען־אָנצינדונג פֿוןביידע זייטן. די דאָקטוירים זענען נישט געווען זיכער אין איר לעבן. און ערשט נאָך אַלע „היומס", ווען מיט אָט די אַלע אָנשיקענישן האָט מען שוין געהאַלטן אויף אַ דרך, האָט זיך ערשט אונטערגעכאַפּט פֿלעקן־טיפֿוס...

ס'איז פֿאַריבער פּסח, ס'איז פֿאַריבער ל"ג־בעומר, ס'איז דורכגעלאָפֿן שבועות. טאַמאַרען האָט מען שוין, גאָט צו דאַנקען, דערלויבט אויף צען מינוט אין טאָג זיך לערנען גיין אַרום טיש. איר פּנים איז ווי איבערגעביטן געוואָרן. זי האָט אויסגעזען עלטער — ווי זי איז אין דער אמתן אַלט געווען — מיט צען יאָר, אויסגעמוטשעט, אָפּגעצערט. בלייבנדיק אַליין אין שטוב, פֿלעגט זי מיט אַזאַ קאָטשערקעלע, וואָס מען פֿלעגט ספּעציעל צוליב דעם אָנגרייטן ביי איר בעט, אַרויסשלעפּן איר וואַליזקעלע פֿון אונטערן בעט, צעעפֿענען דעם אַלבאָם און זיך לאַנג איינקוקן אין איר אייגענער פֿאָטאָגראַפֿיע. צוגלייכנדיק דאָס בילד מיט דער צורה, וואָס קוקט איצט אויף איר אַרויס פֿונעם שפּיגעלע, האָט זי בשום־אופֿן נישט געקענט גלייבן, אַז ווער עס איז וועט אין איר וועלן דערקענען די זעלבע טאַמאַראַ, וואָס פֿאַר דער קרענק.

פֿאַר די לאַנגע חדשים פֿון איר קראַנק זיין איז כמעט נישט געווען דער טאָג, אַז מענדל פּערלאָוו זאָל נישט קומען געוווּיר ווערן וואָס זי מאַכט, ווי עס גייט די שלאַפֿקייט. און כמעט אַלע אויפֿדערנאַכט פֿלעגט מאָניאַ אונטער דער נאָז ביי אים אַ פֿרעג טון:

— נו, און אויף קיראָוואַ איז מען נאָך אַלץ געפּערלעך?

ס'איז שווער געווען צו טרעפֿן, צי דערפֿאַר פֿרעגט ביי אים מאָניאַ אַ גרוס, ווייל מענדל קומט אַהין במילא אַלע טאָג, צי דערפֿאַר גייט מענדל אַהין אַלע טאָג ווייל מאָניאַ וועט מן הסתם ביים אים פֿרעגן. די דאָזיקע שאלות ותשובות האָבן זיך געפֿירט אויף שטום־לשון. די וואָכן זענען געפֿלויגן, טאַמאַראַ האָט שוין אָנגעהויבן קומען צו זיך. זי האָט שוין געמעגט עסן מער־ווייניקער אַלצדינג. עס איז איר שוין געווען דערלויבט אין משך פֿון טאָג אַרומשפּאַצירן אַ גאַנצע שעה איבער דער שטוב. נאָך אַ לאַנגער, פֿיינלעכער הפּסקה, האָט מען זיך ביי די פֿיינשטיינס אין שטוב שוין אָנגעהויבן צו דערלויבן אַ שמייכל צו טון, אַ זינג צו טון.

אַרום צוועלף אַ זייגער, אין איינעם אַ פֿרימאָרגן, האָט זיך אויפֿגעעפֿנט די טיר און מענדל פּערלאָוו איז אַריינגעקומען. אין שטוב איז חוץ טאַמאַרען קיינער נישט געווען. זי איז געלעגן אָנגעשפּאַרט אויף אַ קישן

און האָט עפּעס געלייענט. מענדל האָט זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטן:
— עס איז גאָר קיינער נישטאָ?
טאַמאַראַ, אַוועקלייגנדיק דעם בוך, גיט אַ קרענקלעכן שמייכל:
— און איך בין גאָר ביי אייך נישט פאַררעכנט פאַר קיין מענטשן ?
— ס'אַ משל, פאַר וואָס עפּעס זאָלט איר נישט פאַררעכנט ווערן?
פּשוט, אַזוי רעדט די וועלט. אַז מען זאָגט: „קיינער", מיינט מען קיינער אחוץ דעם, וואָס מען זעט פאַר די אויגן.
— וואָס פאַרענטפערט איר זיך אַזוי? איך האָב געשפּאַסט...
אַ ווײַלע איז געווען שטיל אין צימער. דורכן אָפענעם פענצטער האָט זיך דערטראָגן דער הו—האַ פון דער רווישיקער גאַס. אַ געפּילדער פון זיך שפּילנדיקע קינדער און דאָס סאַפּען פון אַ מאָטאָר ערגעץ גאָר נאָענט. פון דעם פענצטער ביז דער פּאָדלאָגע איז מיט אַ פלאַכן אַלכסון אַראָפּ־געהאַנגען אַ סנאָפּ מיט גאָלדענע זאַמדעלעך, אין וועלכן עס האָבן זיך געבאָדן פאַרשייטע פליגעלעך, דורכטראַגנדיק זיך ווי די רוחות אין דער לענג און אין דער ברייט און איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ העל שנירעלע, וועלכעס האָט זיך באַלד צונויפגעגאָסן מיט די איבעריקע פרײַלעכע שטראַלן.
טאַמאַראַ מיט מענדלען האָבן מיט צוגעקאָוועטע בליקן צוגעקוקט צו דער רווישנדיק־שטילער, זומערדיקער אידיליע. נאָך עטלעכע מינוט שווייגן האָט זיך מענדל אָנגערופן:
— איז ווו זשע זענען טאַקע אַלע אייערע בני־בית?
— ווי געוויינלעך, זיך צעגאַנגען. דער טאַטע אויף דער אַרבעט, אהרל לערנט אוודאי ערגעץ, זשענקע — ווייס איך נישט וווהין, און די מאַמע — אין מאַרק אַריין. נאָר איך איינע, אַ לײַדיקגייערין, וואַלגער זיך דאָ אין בעט און גענעץ...
— נו, איר, דאַכט זיך, טאָרט זיך אויך נישט באַקלאָגן אויף אײַער לאַגע. ווערליק איר זענט געווען... או—וואַ! און ווי אַזוי פילט איר זיך היינט?
— גאָט צו דאַנקען, גאַנץ גוט.
— זאָגט מיר, דער טאַטע האָט אייך גאָרנישט איבערגעלאָזט פאַר מײַנעט וועגן?
— ניין, ער האָט גאָרנישט איבערגעלאָזט. וואָס האָט ער אייך דען געדאַרפט איבערלאָזן?
— ווייס איך... מילא, נישט איבערגעלאָזט — דאַרף מען נישט, מן הסתם האָט ער נישט געהאַט —
— אָבער איר מעגט מיר דאָך זאָגן, וואָס אַזוינס האָט ער אייך געדאַרפט איבערלאָזן?
— גאָרנישט, אַ נאַרישקייט. ער האָט יענע וואָך ביי מיר געליגן 500 רובל, האָב איך אים געבעטן, ער זאָל זיי מיר אויף היינט אָנגרייטן, ווייל פּונקט דאַרף איך זיי האָבן. איך בין זיי איינעם שולדיק, דאַרף איך זיי אָפּגעבן. נאָר מילא, איך וועל שוין ערגעץ אַנדערש קריגן.
— פאַר וואָס ערגעץ אַנדערש? איר גיט אַ קוק אין שאַפע אויף דער

מיטלסטער פּאָליצע, אויב עס איז נאָר דאָ געלט אין שטוב, איז דאָרט דאָס אָרט.

מענדל זוכט אין שאַפע אויף אַלע פּאָליצעס און געפינט נישט. ער טוט א זאָג:

— איי, זאָל שוין זיין! איך וועל זיך שוין ווי עס איז אַן עצה געבן.

— שטייט, איר האָט שלעכט געזוכט. גיט נאָך א מאָל א קוק אויף דער מיטלסטער פּאָליצע אונטערן וועש, אַרויף־אַרויף צום ווענטל צו... נו, ס׳איז נישטאָ?

— ניין, ס׳איז דווקא יאָ דאָ... א פּנים, אַז אין א פרעמדער שאַפע דאַרף מען קענען זוכן... וועל איך טאַקע פאַרשפּאָרן אַרומלויפן. אויב עס וועט זיך צונויפציילן א טויזנטער, וועל איך נעמען אַלע טויזנט, און מאָרגן, אם ירצה השם, וועל איך אַריינטראָגן דעם רעשט.

— נעמט, נעמט וויפל עס איז דאָ.

— ניין, עס איז טאַקע מער נישטאָ ווי 500 רובל, אומזיסט געבויט לופטשלעסער.

— דאָס האָט א פּנים דער טאַטע טאַקע פאַר אייך אָנגעגרייט, נאָר ער האָט מיר פאַרגעסן אָנצוזאָגן.

— עס קען זייער מעגלעך זיין... עס ליגט זיך אויף דער דעה...

מענדל האָט אַריינגעלייגט דאָס געלט אין טאַש אַריין און האָט שוין געוואָלט גיין, נאָר טאַמאַראַ האָט אים מיט א ווינק אָפּגעשטעלט:

— ר׳ מענדל, איר איילט זיך שטאַרק?

— אַזוי זיך —

— איך וויל ביי אייך עפּעס פרעגן.

— נו, נו...

— אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך פאַרהאַלט אייך.

— עס מאַכט נישט אויס, פרעגט, פרעגט.

— זאָגט מיר מענדל — ר׳ מענדל, מיין איך — איך קען זיך נאָך אַלץ נישט אָפּגעוווינען פון דעם מיכאַילאָווסקער מנהג, ווען אַלע ביי אונדז אין שטוב האָבן אייך גערופן בלויז מענדל...

— איי, וואָס רעדט איר פון נאַרישקייטן? לדידי קענט איר מיך רופן אפילו מענדיק, וועל איך אויך וויסן, אַז דאָס מיינט מען מיך.

— טאָ זאָגט זשע מיר זייט מוחל אַזאַ מין זאַך: מען האָט מיר דאָ דערציילט, אַז די גאַנצע צייט פון מיין שלאָפקייט האָט איר כמעט נישט פאַרפעלט קיין איין טאָג, וואָס איר זאָלט נישט קומען געוווּיר ווערן פון מיין געזונט, זיך נאָכפרעגן וועגן דעם גאַנג פון דער מחלה. איז דאָס אמת, צי ניין?

— כ׳ווייס? איך פלעג פון מאָל צו מאָל אַריינגיין —

— דאָס האָט אייך מאַניאַ געשיקט מיך אָפּט צו באַזוכן?

— מאַניאַ? נ—ניין...

— פאַר וואָס זשע עפּעס שאָקלט זיך ביי אייך דער „ניין"?

— איך זאָג: ניין! נישט מאַניאַ האָט מיך געשיקט.

— אָבער אַ גרוס נעמט ער יאָ אָפּ ביי אייך?
— עס טרעפט זיך, אַז ער פרעגט.
— הייסט עס נאָר אַמאָל — אַמאָל, ציי אָפטלעך?
— אַזוי... ווי עס מאַכט זיך...
— למשל, נעכטן האָט ער ביי אייך געפרעגט, וואָס איך טו?
— נעכטן? ניין. נעכטן נישט. ער איז דאָך גאָר נישטאָ הי, ווי אַזוי זשע קען ער פרעגן?

טאַמאַרא איז מיט אַ מאָל בלאַס געוואָרן:

— שוין לאַנג, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן?
— צי עס איז שוין לאַנג? ניין, נישט לאַנג. היינט איז ערשט דער זעקסטער טאָג.
— ווו זשע זאַמט ער זיך עס אַזוי לאַנג?
— ווו ער זאַמט זיך? איך ווייס, ווו ער זאַמט זיך?
— געשיקט זיך, אַז איר זאָלט נישט ווייסן?
— איך ווייס יאָ. איך האָב אייך דען געזאָגט, אַז איך ווייס נישט? דערווייל איז ער נאָך אין כּאַרקאָוו.
— ר׳ מענדל, האָט נישט קיין פאַראיבל, נאָר אייערע ענטפערס זע־נען עפּעס אַזעלכע חסידישע, איך מיין צעקראָכענע, אַז פון איין וואָרט ביזן צווייטן קען מען פאַרפאָרן קיין בויבעריק. איר האָט געזאָגט: דערווייל אין כּאַרקאָוו —
— נו יאָ, היינטיקן טאָג איז ער נאָך אין כּאַרקאָוו.
— און מאָרגנדיקן טאָג ווו וועט ער זיין?
— מאָרגן? איך ווייס, מאָרגן צי איבער מאָרגן? אַ וועג קען מען עפּעס אויסרעכענען צו דער שעה? פון דער היים ווייסט מען, אָבער אַהיים —
— אָבער וווהין דאַרף ער פאָרן פון דאָרטן? זאָגט שוין, ציט נישט די נשמה?
— פון דאָרטן האָט ער זיך געקליבן צופאָרן קיין טולע...
— מאַמע! טולע...

פון איר הילכיקן קוויטש, האָט מענדל אַזש פאַרמאַכט די אויגן. ווען ער האָט זיי צוריק אויפגעעפנט, איז טאַמאַרא געשטאַנען פאַר אים אַ באָרוועסע און אין איין העמד. מיט ווילדע אויגן האָט זי אים באַ־טראַכט און האַסטיק געטרייסלט פאַר די לאַצן:

— טולע זאָגט איר? טולע? זאָגט נאָר נאָך אַ מאָל. אפשר האָט איר אַ טעות געהאַט?
— טאַמאַרא, ווי אַזוי שעמט איר זיך נישט? טוט עפּעס אָן אויף זיך, איר זענט דאָך כמעט נאַקעט.

טאַמאַרא האָט אַראָפּגעכאַפּט דעם ליילעך פון איר בעט, זיך געגעבן אַ וויקל איין אין אים און פאַרצווייפלט אַרויסגעקרעכצט:

— האָט רחמנות, זאָגט, אַז איר האָט אַ טעות געהאַט. ווייל טאָמער

טאקע טולע — בין איך א פארפאלענע! דארף איך זיך צעקלאפן דעם קאפ אין א שטיין...

— טאמארא, גאט איז מיט אייך! וואס זענען דאס פאר א דיבורים?

— מענדל! גוואלד טייערער מענדל! אין טולע איז דא — „זי"... זי, דעם רבס מיידל... עס איז מיר שלעכט... איך פארליר אים... גוואלד, ראטעוועט!... מענדל, נעמט ביי מיר אפילו צו מיין נשמה, נאר קערט מיר אום מיין מאניען. איך שטארב. איך גיי אוים פאר אייערע אויגן.

און ווירקלעך, קיין טראפן בלוט איז אין טאמארעס פנים נישט געווען. זי האט פארוואַרפן דעם קאפ ארונטער, די ציין — פארקריצט, די הענט — פארבראכן, די פיס — ווי אראפגעבויגענע זאנגען, אט—אט פאלט זי אום. מענדל איז א פארלוירענער געשטאנען לעבן איר, ער האט געקוקט אויף דעם מת אינעם לײלעך און מיט טרערן אין קול אויס־געשריגן:

— טאמארא, קומט צו זיך! אז נישט... אז נישט — אנטלויף איך...

פון זיין געשריי האט טאמארא געעפנט א פאר צעטראגענע אויגן און האט זיך פרעמד ארומגעקוקט. א ווײלע האט זי פארשטארט געקוקט אויפן לײלעך, וואס הענגט אויף איר. דאן האט זי איבערגעפירט איר בליק אויף מענדלען, לאנג, נישט פארשטייענדיק, באטראכט זיינע פייכ־טע אויגן און פלוצלינג האט זי זיך אין אלץ דערמאנט. שנעל ווי א בליץ איז זי צוגעפאלן צו מענדלען מיט א יאמערלעך געוויין:

— מענדל! טייערער, ליבער ר' מענדל, העלפט מיר אומקערן מיין מאניען!

— וואס קען איך העלפן, טאמארא? נעמט זיך אין די הענט אריין! מען טאר אזוי נישט —

— רעדט צו מיר נישט... העלפט מיר אים פארהאלטן, איידער ער קומט צו „יענער". גוואלד, דערבארעמט זיך אויף מיינע יונגע יארן...

— וואס זשע קען איך טון? איך בין עפעס א נגיד ומצוה אויף אים? און דערצו איז ער דאך גאר נישטא אין דער היים. גיי טו עפעס — והילד איננו...

— פון וואנען ווייסט איר, אז היינט איז ער נאך אין כארקאוו?

— ווייל אין דער פרי, אז מיר זענען געגאנגען פונעם דאווענען, האט אים אברהם אפגעשיקט אהין א טעלעגראמע.

— פון וואנען זשע נעמט איר עס, אז מארגן וועט ער שוין דארט נישט זיין?

— איך האב געפרעגט אברהמן, פאר וואס עפעס א טעלעגראמע, פאר וואס נישט קיין בריוו? האט ער מיר געענטפערט, אז קיין בריוו וועט אים שוין נישט טרעפן, ווייל ער פארט נאך היינט אפ פון דארטן.

— נו, און דעם אדרעס פון דער טעלעגראמע געדענקט איר?

— כמעט, אז עס איז נישטא וואס צו געדענקען: כארקאוו, וואק־זאלנע טעלעגראף. צום פארערן, פאר פייערבערג סאמואיל אבראמאוויטש.

— װאָס זשע שװײַגט איר? איז דאָך גוט! שיקט אים שױן אָפּ אַ טעלעגראַמע! ניין — צװײ! טאָמער װערט אײנע פֿאַרפֿאַלן. ניין, זאָל זײַן דרײַ! אױף יעדן אומגעריכטן צופֿאַל. איר שרײַבט און איך װעל אײַך דיקטירן. מיר ציטערן די הענט. שרײַבט: סראָטשנאַיאַ.* ניין, מעקט אױס. שרײַבט: מאָלניאַ.** ניין, מעקט װידער אױס. שרײַבט: ראַדיאָ־גראַמאַ...*** אַזױ איז גלײַכער... איצט שרײַבט דעם אַדרעס און איך װעל דערװײַל ברענגען אין אָרדענונג מײַנע געדאַנקען. אױ, מײַן קאָפּ! גאָטעניו, העלף מיר נאָך דאָס מאָל! נאָך אָט דאָס אײנציקע מאָל! כ'װעל אײביק זײַן דײַן דינסט... מענדל, איר זענט שױן פֿאַרטיק? איצט שרײַבט:

„מאָניאַ, לעבן מײַנס! ליכט פֿון מײַנע אױגן!

איך געפֿין זיך אױפֿן ראַנד פֿון אָפּגרונט און פֿון דאָרט רוף איך צו דיר: קער זיך אום צו מיר! איך װעל אַלע מײַנע יאָרן — אױב איך װעל נאָר בלײַבן לעבן — זיך באַמיען אױסצוקױפֿן מײַנע זינד קעגן דיר. נעם צונױף אַלע דײַנע אַמאָליקע געפֿילן צו מיר און שענק מיר דאָס לעבן. איך דערװאַרט דיך. איך האָף אױף דיר.

דײַן אָרעמע טאַמאַראַ”.

איבער איר אומגליקלעך פּנים האָבן די טרערן געפֿליײצט אין אָפּטע, קרומע ריטשקעלעך, אָבער זי האָט זײ נישט באַמערקט און נאָר גערעדט:

— שױן? אָנגעשריבן? איצט שרײַבט איבער דעם זעלבן טעקסט נאָך אין צװײ עקזעמפּלאַרן. נישקשה, נישקשה, איך װײס װאָס איר װילט זאָגן. זאָל אײַך נישט אַרן, זשאַלעװעט נישט מײַן געלט. איר האָט דאָך 500 רובל, ליגט אױס װיפֿל עס דאַרף קאָסטן. שױן? פֿאַרטיק? איצט זײַט זיך שױן אַלײן מטריח און טראָגט זײ אָפּ אױפֿן צענטראַלן טעלע־גראַף. עס איז דאָך נישט זײער װײַט פֿון דאַנען, אױף פּרונזע־גאַס. גלײבט מיר, איך װאָלט זיך מיט אײַך נישט געשאַפּט, איך װאָלט אַלײן געגאַנ־גען, נאָר איך פֿיל, אַז איך װעל אומפֿאַלן אױף די טרעפּ. גײט זשע מענדל, גײט, שטײט נישט. און אױף צוריק װעגס קומט מיר אַרײַן זאָגן, צי איר האָט אָפּגעשיקט, און װען מען קען דערװאַרטן אַן ענטפֿער. װי אױף צו להכעיס איז קײנער נישטאָ אין שטוב און איך מוז זיך שאַפּן מיט אײַך. גײט!

די טיר האָט זיך צוגעמאַכט הינטער מענדלען און טאַמאַראַ איז װי אַ סנאָפּ, װאָס װערט אומגעװאָרפֿן פֿון אַ שטורעמװינט — אומגעפֿאַלן אױפֿן בעט. די פֿיס, פֿאַרהילצערטע, האָבן זיך װי בײַ אַ טױטן נאָכגע־האַנגען אױפֿן פֿאָל, די הענט — אָנמעכטיק צעװאָרפֿן, דאָס פּנים — װײס װי אַ לײַלעך, די ברוסט האָט זיך נישט באַװעגט. זי האָט אין גאַנצן נישט געאָטעמט. זי האָט דאָס מאָל זיך צו פֿיל אָנגעהאָרעװעט. אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס.

---

* אַ דרינגענדיקע טעלעגראַמע.

** אַ בליץ־טעלעגראַמע.

*** אַ ראַדיאָ־טעלעגראַמע.

# קאפיטל LI

מענדל איז אריינגעגאנגען אין טעלעגראף, אפגעגעבן כמעט א העלפט פון דעם געלט, וואס ער האט געהאט ביי זיך פאר אפשיקן די ראדיאָ־גראמעס און איז ארויסגעגאנגען אויף דער גאס. אפגעגאנגען א האלבן קווארטאל, האט ער זיך אפגעשטעלט, א רייב געטון דעם שטערן אהין און צוריק און האט זיך אומגעקערט צוריק אויפן טעלעגראף. דארט האט ער אפגעשיקט נאך א ראדיאגראמע און איז אוועקגעגאנגען אויף קירא־ווא. טאמארען, איינגעוויקלט אין דעם זעלבן ליילעך, וואס זי האט דא־מאלסט אויף זיך ארויפגעכאפט, האט ער געטראפן שטיין ביי דער שוועל. זי האט אים האסטיק אנגעכאפט ביים ארבל:

— נו?

— וואס, נו?

— איר האט אפגעשיקט?

— אפגעשיקט, ווי דען?

— און ווען קען זיין ענטפער?

— אזא נארישקייט וועל איך גיין פרעגן?

— פאר וואס איז עס א נארישקייט?

— ווייל קיינער קען אויף אזא פראגע נישט ענטפערן. דאס איז געוועדנט אין דעם, צי דער אדרעסאט נעמט דארט בכלל אפ די טעלע־גראמע. און אויב אפילו יא — ווען מען נעמט זי אפ און ווען מען ענט־פערט.

טאמארא, בלאסער ווי דער ליילעך, האט מיט ציטערנדיקע ליפן גע־פרעגט:

— האט איר גארנישט געפרעגט?

— פאר וואס גארנישט? איך האב געפרעגט: ווען קענען זיי זיין אין כארקאוו, האט מען מיר געענטפערט, אז ביז א שעה צייט זענען זיי שוין מחויב צו זיין אין כארקאוו אוןווארטן אויף מאניען אין פענצטערל, וו מען נעמט אפ „צום פאדערן״.

— מענדל, איך זע, אז איר ווילט אוועקגיין —

— יא, איך וויל אוועקגיין. איך האב עפעס צו דערליידיקן. איך וואלט בפירוש געווען געפארן אהין גלייך פונעם טעלעגראף, האב איך דאך אבער אייך צוגעזאגט —

— איר באמערקט כאטש, ר׳ מענדל, איך דאנק אייך אפילו נישט פאר דער טרחה. איך האב פשוט קיין ווערטער נישט —

— ע, איר רעדט נארישקייטן. נו, גיי איך.

— איין רגעלע! איך וויל אייך בעטן, קומט אריין פאר נאכט.

— צו וואס דארפט איר עס, אז איך זאל קומען?

— איך ווייס אליין נישט, נאר עס איז מיר שרעקלעך, ווען איר

זענט נישטאָ. כ׳ווייס? טאַמער קומט עפּעס אָן פון מאָניען... כ׳מיין פאַר־קערט, טאַמער קומט פון אים נישט אָן... אַלץ איינס קומט צו גיין, איך בעט אייך.

— גוט, איך וועל קומען. כאָטש איך ווייס באמת נישט צוליב וואָס, נאָר אַז איר ווילט אַזוי שטאַרק, וועל איך שוין בלי־נדר קומען.

— און דערווייל דערציילט פון אונדזער שטיקל אַרבעט קיינעם גאָר־נישט.

— זעט איר, גראָד דאָס פאַרשפּאַרט איר מיר אָנצוזאָגן...

— אפילו דעם טאַטן אויך נישט —

— זאָל זיין אַזוי.

— אפילו אייערע אייגענע שוועסטער אויך נישט.

— הערט שוין אויף צו רעדן נאַרישקייטן. וואָס בין איך? אַ יידענע, צי וואָס? אַ גוטן. גייט שוין, לייגט זיך אַנידער. איר זאָלט אָנקוקן, וואָס פאַר אַ פּנים איר האָט... אַ שענערע לייגט מען אין קבר אַריין —

— אַזוי ווי מען פאַרדינט, אַזוי האָט מען. וועט איר נישט פאַרגעסן צו קומען?

— נאַ דיר גאָר פאַרגעסן, איך פאַרגעס גאָרנישט. אַ גוטן!...

די טיר האָט זיך לאַנגזאַם צוגעמאַכט הינטער אים. טאַמאַראַ האָט זיך אוועקגעלייגט אין בעט. דער שטערן האָט איר שרעקלעך געברענט. אין קאָפּ האָבן מיט טויזנטער גלעקער געקלונגען מענדלס לעצטע ווער־טער: „ער פאַרגעסט גאָרנישט". שווערע דריי ווערטער...

נאָך מעריב דאַוונען איז מענדל ווידער געקומען. אין שטוב ביי די פיינשטיינס האָט מען שוין דווקא יאָ געוווּסט, אויף וואָס טאַמאַראַ וואַרט. פון מאָניען איז נאָך פאַרלויפיק גאָרנישט געווען. אַלע האָבן גע־קוקט אויף מענדלען, מענדל — אויף זיי, און קיינער האָט גאָרנישט געזאָגט. טאַמאַראַ איז געלעגן מיט טעמפּעראַטור פון 39,8, נאָר זי האָט אַלץ געזען און אַלץ געהערט. די היץ האָט איר געשפּילט אין די באַקן. אויפן שטערן איז ביי איר געלעגן אַ קאַלט טיכל און זי האָט נישט אַראָפּ־גענומען קיין אויג פון מענדלען, ווי פון דער לעצטער רעטונג. מענדל איז ביי זיי אָפּגעזעסן אַ האַלבע שעה, געשמועסט מיט יוספן וועגן דעם, וועגן יענעם, נאָר דער שמועס האָט זיך עפּעס נישט געקלעפּט. יעדער פון זיי האָט פאַר זיך געקלערט וועגן זיינעם און האָט סתם געפּלאַנטערט מיט דער צונג. נאָך אַ לאַנגער פּויזע האָט זיך מענדל אָנגערופן:

— נו, איך וועל גיין. אַ גוטע נאַכט און טאַמאַרען — אַ רפואה שלמה.

טאַמאַרעס פּנים האָט זיך שמערצלעך אַ רונצל געטון, ווי אַ בין וואָלט זיך איר אוועקגעזעצט אויפן שטערן. זי האָט אַ ווינק געטון מענ־דלען, אַז ער זאָל צוגיין אַ ביסל נענטער.

— ר׳ מענדל, איך וויל פון אייך בעטן אַ גרויסע, גרויסע טובה.

— נו, נו, זאָגט. וואָס קען איך פאַר אייך טון?

— נעמט אַ בענקל און זעצט אייך צו. אָט דאָ לעבן בעט. אַז איר שטייט, קען איך נישט —

מענדל האָט זיך אוועקגעזעצט.

— וואָס קלערט איר, קען דאָס זיין, וואָס עס איז נישטאָ קיין ענט־פער?

— וואָס קען איך וויסן? קיין נביא בין איך נישט.

— אָבער פאָרט, וואָס קלערט איר?

— איך וויים? אויף היינטיקע טעלעגראַפן מיינט איר, קען מען אויסשטעלן?

— אָבער אַ ראַדיאָגראַמע פאַר גרויסע הונדערטערס, מיין איך, מוז פון דעסט וועגן אָנקומען, האָ? איר ווייסט נישט, זיין פאָטער האָט אויך קיין ענטפער נישט באַקומען?

— אברהם דערוואַרט פון אים נישט קיין ענטפער.

— קיין אַדרעס וווהין צו ענטפערן האָט איר נישט אָנגעוויזן?

— צו וואָס? ער איז נישט קיין מינסקער?

— אויף וועלכן אַדרעס, קלערט איר, האָט ער געדאַרפט געווען ענט־פערן?

— איך וויים וואָס צו קלערן, וויים איך? מיטן שטייגער וואָלט ער געדאַרפט געווען ענטפערן אויף אייערן... אויף וועמענס דען?

— און איך טראַכט, טאָמער ענטפערט ער אויף עמעצענס נאָמען, „צום פאָדערן”, אויפן צענטראַל־טעלעגראַף.

— וואָס עפּעס גאָר פּלוצלינג „צום פאָדערן”? עס איז קיין היים נישטאָ?

— איך וויים? אַ קשיא אויף אַ מעשה?

— איז וואָס זשע ווילט איר דערמיט זאָגן?

— אַז מען וועט אין דער פרי דאַרפן צוגיין אויפן טעלעגראַף פרעגן.

— אָט דאָס האָט איר געוואָלט בעטן?

— ניין, דאָס איז אַחוץ. בעטן וויל איך אייך, אַז איר זאָלט דאָ איבערנעכטיקן היינטיקע נאַכט.

— וואָס רעדט איר, טאָמאַראָ? זיי וועלן אין דער היים פונעם זינען אַראָפּ פאַר יסורים.

— זיי וועלן גאָר קיין יסורים נישט האָבן, מאַכט נישט קיין פּאַניק. זיי וועלן פאַרשטיין, אַז ס'איז שפּעט געוואָרן און איר זענט ערגעץ פאַר־בליבן נעכטיקן.

— וואָס גלוסט זיך אייך? וואָס וועט עס אייך געבן?

— אָ! עס וועט מיר אַ סך געבן. אַז איך זע אייך דאָ לעבן מיר, ווייזט זיך מיר אויס, אַז איך האָב אַ משכון, נאָך וועלכן מאָניאַ מוז זיך סוף־כל־סוף אומקערן. און אַז איר גייט אַוועק, דאַכט זיך מיר, אַז... אַז ער איז שוין לאַנג אין טולע —

— טאמארא, פאָלגט מיך, טרינקט אוים די גלאָז מילך און ווערט אנטשלאָפן. וואָס בילדעט איר זיך איין נארישקייטן?

— איך בעט אייך, מענדל, שלאָפט ביי אונדז. איך וועל אייך שוין לאַנג נישט דערקוטשען. אפשר וועל איך גאָר שוין מער נישט לעבן ווי נאָך היינטיקע נאכט...

איר מוטער שיסט אוים מיט א געוויין:

— טאמארא, נאָך וואָס שניידסטו אונדזער לייב מיט א טעמפּן מע־סער? פאַר וואָס רעדסטו אַזעלכע אומזיניקע רייד? מענדל, טוט איר שוין צו ליב און בלייבט נעכטיקן.

— גוט, גוט, איך בלייב! ווער זאָגט דען, אַז איך בלייב נישט?

---

פלוצלינג האָט ביי די טולטשינסקים אין זאַל עפּעס אויסגעשאָסן. די באַלעבאַטים און די געסט האָבן זיך אַזש א וואָרף געטון פון די בענק־לעך. אין דער טיפער שטילקייט, וואָס האָט דאָרט געהערשט, האָט דער טראַסק אָפּגעהילכט מיט אַזא ליאַרעם, פונקט ווי א סנאַריאַד וואָלט זיך דאָ צעריסן. צום סוף איז די שרעק געווען אַן אומזיסטיקע שרעק. דאָס האָט אסתר — געפינענדיק זיך מיט דער גאַנצער נשמה אין מינסק ביי די פיינשטיינס — אַזוי לאַנג געדרייט צווישן די פינגער א געשליפענעם קעלישאָק, ביז זי האָט אים אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט. דערזען דעם „בראָך", האָט זי זיך אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן, נאָר די באַלעבאַטים האָבן חוזק געמאַכט פון דעם „גרויסן שאָדן" און סאָניא האָט זיך גענו־מען צו פאַרקערן דאָס גלאָז פון אונטער די פיס.

מנשה האָט שטיל א בורטשע געטון צו זיינע חברים:

— גלאָז, אַז עס ברעכט זיך, מילתא היא... איר הערט, הלואי איך זאָל ליגן זאָגן, אַז עס שמעקט מיט א „מזל טוב"...

יאַני, מיט א כמעט אָפענעם פאַרדראָס:

— פאַר וואָס זשע עפּעס — הלואי? פאַר וואָס נישט — אל תפתח פה לשטן?

— גייט שוין, גייט, עס רעדט זיך נאָר אַזוי... און גלאָז, אַז עס ברעכט זיך, איז דאָס בפירוש זייער א גוטער סימן. עס האָט א מאָל גע־זאָגט א „רבי", איך געדענק נישט אויף אַקוראַט וועלכער: „ווען מיינע חסידים וואָלטן געוווסט, וואָס פאַר א סימן־טוב עס איז, ווען גלאָז ברעכט זיך, וואָלטן זיי מיר אַלע שויבן אויסגעזעצט"...

די פאָדלאָגע איז געווען צוגערוימט און אַלע האָבן ווי פריער מיט די הענט זיך אונטערגעשפּאַרט די קעפּ און אַריינגעשטעקט זייערע בליקן אין שלמהס פנים. שלמה האָט פאַר דער גאַנצער צייט אפילו איין מאָל קיין קוק נישט געטון צום טיש. איצט, דערהערנדיק, אַז סאָניא האָט זיך שוין אומגעקערט אויף איר אָרט, האָט ער גלייך אָנגעהויבן ווייטער צו דערציילן פון דאָרטן, ווו ער איז געווען געצווונגען איבערצורייסן:

---

...מען האָט דערלאַנגט צום טיש וועטשערע. מענדל האָט זיך אָפּגעזאָגט מיטצועסן. טרויעריק און נישט אויסערגעוויינטלעך ביים טיש קיין איין וואָרט, האָט מען אָפּגעגעסן און גענומען אויסבעטן געלעגערס. פאַר מענדלען האָט מען אויסגעבעט אויף דער ווינקלדיקער סאָפע און זי פאַרשטעלט מיט אַ שפּאַניער־ווענטל. דער זייגער האָט געהאַלטן נאָך צוועלף. טאַמאַראַ איז געלעגן אין אַ צושטאַנד פון אומבאַוווסטזיין. נאָר צייטנווייז פלעגט זי זיך דורכוואַרפן, שטאַרק קרעכצן, וויינען פאַר עמעצן, האַלטן אין איין בעטן עפּעס און רעדן אומפאַרשטענדלעכע רייד. מענדל האָט געבעטן ביי די בני־בית, מען זאָל אים געבן אַ ליכט מיט שוועבעלעך. טאָמער שלאָפט זיך אים נישט, זאָל ער האָבן ביי וואָס אַריינצוקוקן אין אַ ספר. ער האָט מיטגענומען מיט זיך הינטער דער שירמע אַרונטער אַן עין־יעקב, דערנאָך האָט ער באַמערקט אויף דער פּאָליצע אַ תהילימל און עס אויך מיטגענומען מיט זיך. אָפּגעלייענט קריאת־שמע, האָט ער זיך גענומען אויסטון. אַלע זענען שוין געלעגן אין די בעטן און האָבן שווייגנדיק זיך איינגעהערט אין דעם ווייטן, גרויסשטעטישן, נאַכטיקן גערויש, וואָס האָט זיך דערטראָגן דורכן אָפענעם פענצטער.

מענדלען האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט שוין געהאַט איינגעדרימלט, ווען אויף די טרעפּ האָבן זיך דערהערט קולות און שווערע טריט. אַ פאַרציטערטער איז ער אויפגעשפּרונגען פון דער סאָפע. אין שלאָף האָט ער דייטלעך געהערט מאָניעס קול. ווו זשע איז ער? אין צימער איז נישט געווען צו הערן קיין מינדסטן שאָרך. דאַקעגן פון די טרעפּ האָט זיך דייטלעך דערטראָגן דאָס קול פון אַן עלטערער פרוי און עטלעכע בייזע מענערשטימען. מען האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף איינעם מעלאַמעד. זיי האָבן אָנגערופן דעם נומער פון זיין וווינונג. די דוואָרניטשקע האָט געטענהט, אַז אין דער אָנגערופענער וווינונג וווינט גאָר איינער אַרכימעדאָוו, אַ קירגיז. די אומהיימלעכע קולות אין דעם הויכן, פּוסטן קאָרידאָר האָבן זיך שווער געלייגט אויפן האַרצן, אַרויסגערופן האַלב־פאַרגעסענע בילדער: ווי אָנגעזויפענע חברה־קדישא־לייט נעמען בגוואַלד אַרויס דעם בר־מינן פון צווישן דער וויינענדיקער משפּחה. די קלאָגנדיקע קולות פאַרוואַנדלען זיך אין שפּיציקע פינגער, וועלכע ציען זיך צו פרעמדע העלדזער, קלאַמערן זיך איין אין די דריזן און וואַרגן אומאויפהערלעך. אין מיטן פאַרדעכטיקן שמועס האָט זיך די פאַראַדנע טיר מיט אַ מאָל פאַרקלאַפּט און עס איז ווידער אין גאַנצן אַרום טויט־שטיל געוואָרן. מענדל האָט זיך אויסגעצויגן אונטערן ליילעך, און האָט פאַרביטערט אַ טראַכט געטון, אַז מיט מאָניען איז אַ פּנים אַ ברכה לבטלה. פאַר זיינע אויגן איז מיט אַ מאָל אַרויסגעשוומען מיכאַילאָווסק. ער האָט ערגעץ אויף אַ בוידעם געקוילעט אַן אינדיק און האָט נישט דערקוילעט. אומגערן געמאַכט אַ „שהייה",* און אַוועקגעפּטרט אַזאַ נשר שבנשרים...

* אַ פאַרזאַמונג. אַ הפסק אין דער שחיטה. איינע פון די פינף זאַכן, וואָס מאַכן טריפה די שחיטה.

איצט דאַרף מען גיין אין מאַרק אַריין און אָפּקויפן אַ צווייטן... ער ווייסט, אַז ער האָט עפּעס געדאַרפט טון, נאָר פּלוצלינג האָט טאַמאַראַ אַ שרעק־לעכן געשריי געטון:

— אהרל, ראַטעווע! נעם צו פון מיר אָט די שוואַרצע קראַסאַוויצע! זי וויל זיין מיין מלאך־המות. גיכער נעם זי צו.

און תוך כדי דיבור, איבערגייענדיק אויף אַ וויינענדיקער שטימע:

— מאַ—מע, אָבער אַז איך וויל נישט קיין טולע. איך וויל נישט! איך דאַרף נישט קיין סאַמאָוואַרן.** איך האָב מורא פאַר אַ סאַמאָוואַר. ער בריט געפערלעך. וואָס ווילט איר פון מיר האָבן? מאַ—מע...

און זי האָט זיך יאָמערלעך פונאַנדערגעוויינט.

די מוטער איז אַ נאַקעטע אַראָפּ פונעם בעט:

— שאַ, טאָכטער מיינע! שאַ, קינד מיינס! וואָס פּילסטו זיך? וואָס טוט דיר ווי? אַך, גאָט מיינער! דו ליגסט דאָך אין אַ טייך שוויים... טאַמאַרקעלע, נשמהניו, לאָז, וועל איך דיר איבערבייטן דאָס העמד. דו קענסט זיך נאָך חלילה פאַרקילן. יוסף, מאַך צו דאָס פענצטער. אַליין וועסטו זיך קיין מאָל נישט דערמאָנען. דו הערסט דאַכט זיך גוט, אַז דאָס קינד גייט אָפּ מיטן זיבעטן שוויים.

טאַמאַראַ האָט אָנגענומען די מוטער פאַר דער האַנט:

— מענדל איז טאַקע אַוועקגעגאַנגען?

— אָט שלאָפט ער דאָך אַקעגן דיר, הינטער דער שירמע.

— טאַקע אַן אמת? אָ! דאָס איז גוט —

— וואָס זשע איז דאָ אַזוי גוט?

טאַמאַראַ, שווער נאָכקלערנדיק:

— וואָס איז דאָ גוט?... איך וויים אויך נישט. וואָס מיינסטו, אפשר איז דאָס צווינגען יענעם זיך אָפּמוטשען אַ נאַכט אויף אַ פרעמד געלעגער טאַקע געווען אַ נאַרישקייט פון מיין זייט.

די מוטער האָט זי גוט איינגעדעקט, אַ קוש געטון אין שטערן און איז אַוועק צוריק אויף איר געלעגער. ווידער האָט זיך אין צימער אויס־געגאָסן אַ גרילצנדיקע און אַן עקבערנדיקע שטילקייט. פון ווייט־ווייט האָט זיך שוואַך דערטראָגן אַ שאַלנדיקער דזשאַז. דאָס האָט זיך געזעגנט מיטן מינסקער עולם דער עסטראַדנע אַנסאַמבל פון וואָראָשילאָווס פּאַרק. מיט אַ מאָל האָט אַלץ אויפגעהערט און די נאַכט האָט איינגעשלונגען די הויפּטשטאָט פון ווייסרוסלאַנד מיט אַלע אירע רמ"ח אברים.

---

* אין צאַרישן רוסלאַנד איז די שטאָט טולע געווען באַרימט מיט אירע סאַמאָוואַרן, וועלכע מען האָט דאָרט פּראָדוצירט אין אַ גרויסער צאָל.

# קאַפּיטל LII

מענדל האָט זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער און קיין שלאָף איז אויף זיינע אויגן נישט געקומען. ער איז אַזוי געלעגן מיט אָפענע אויגן נאָך אַ האַלבע שעה, אָבער זעענדיק, אַז ער קען בשום אופן נישט אַנטשלאָפן ווערן, איז ער שטיל אויפגעשטאַנען, האָט זיך פון יענער זייט שירמע אָפּגעגאָסן נעגלוואַסער, זיך אָנגעטון און שטיל אָנגעהויבן זאָגן תהילים. אין צימער זענען אַלע געשמאַק געשלאָפן. טאַמאַראַ האָט שווער געאָטעמט, נאָר שוין מער פונעם שלאָף נישט געשריגן. מוראַהאָבנדיק, אַז די שיין פון דעם ליכט קען נאָך אויפוועקן טאַמאַרען, האָט מענדל אַרויפגעוואָרפן זיין קאָלדרע אויף דער שירמע. זיין ווייך, זיס קול האָט געפּערלט דעם תהילים, אויסגעזויגן דעם מאַרך פון יעדן וואָרט באַזונדער. טאַמאַראַ האָט זיך אויפגעכאַפּט און איז געבליבן שטיל. זי האָט זיך אַרומגעטאַפּט, געוואָלט זיך איבערצייגן, אַז עס איז נישט קיין חלום. זי האָט נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ גאָלדענע פעדעם שפּאַרן זיך אַרויס פון יענעם ווינקל ווו די סאָפע שטייט? און וואָס פאַר אַ שוואַרצע מאַסע הענגט דאָרטן, פאַרשטעלנדיק מיט זיך דאָס דריטע פענצטער? און ווער זינגט דאָס אַזוי וויינענדיק?

— ...כי אפפו עלי רעות עד אין מספר, השיגוני עונותי ולא יכולתי לראות, עצמו משערות ראשי ולבי עזבני"...

מיט אַ מאָל האָט זי זיך אין אַלץ דערמאָנט: אין די ראַדיאָגראַמעס; אין איר אומזיסט דערוואַרטן פון מאָניען אַן ענטפער; אין מענדלס נעכטיקן דאָ אין צימער; און דאָס זאָגט ער טאַקע אַ פּנים תהילים. אָבער וואָס זשע עפּעס גאָר תהילים אין מיטן דערינען? זי דערמאָנט זיך, אַז נאָך אין מיכאַילאָווסק, ווען ביי מאָניען איז געשטאָרבן זיין באָבע, האָט מען אים איבערגעלאָזט איינעם אַליין זיצן לעבן בר־מינן, און אַלע איבעריקע קינדער, מיד פונעם וויינען, האָבן זיך אַ וואַלגער געטון אויף דער פּאָדלאָגע שלאָפן. דאַמאָלסט האָט מאָניאַ אַזוי געזאָגט תהילים — אַז דאָס גאַנצע שטעטל האָט שפּעטער גערעדט פון דעם מין תהילים־זאָגן. זיין זיידע, געדענקט זי, האָט געזאָגט, אַז ער האָט נאָך אַזאַ פלאַקער, אַזאַ התלהבות נישט געזען, זינט ער לעבט. גראָד האָט זי זיך אין דעם אַלעמען איצט דערמאָנט. אָבער מענדל, פאַר וואָס זאָגט עפּעס תהילים? זי איז שוין דען געשטאָרבן? צי אפשר איז זי טאַקע אויף אַן אמת געשטאָרבן און דאָס הערט זי שוין זיין קול פון יענער וועלט?

זי טאַפּט אַרום דאָס בעט, די טומבאָטשקע, טרעפט מיט די פינגער אין דער גלאָז מילך און באַשליסט ביי זיך, אַז זי איז נאָך דערווייל, ווי עס ווייזט אויס, נישט געשטאָרבן. דאָס וועט ערשט געשען נאָך דעם, ווי דער קומענדיקער טאָג וועט נישט ברענגען פון מאָניען קיין שום דערמוטיקנדיקע ידיעה. יאָ, יאָ, דאַן איז אַן עק צו איר לעבן. נאָך וואָס

טויג איר שוין דאַמאָלסט דאָס לעבן? כדי צו הערן גריסן ווי מאַניאַ לעבט דאָרט גליקלעך מיט „יענער"? צי אפשר וועט ער זי נאָך ברענגען אַהער קיין מינסק? פאַר וואָס טאַקע נישט? וואָס שטערט אים דען דער־צו? ניין, זי מוז באַפרייען איר פּלאַץ. זי האָט שוין אויף דער וועלט נישט וואָס צו טון. טאָמער וועט די ענדע אַליין נישט וועלן קומען, וועט זי זי צווינגען צו קומען. עס זענען דאָ פיל מיטלען דערצו. אָ! וואָס־וואָס, נאָר די תורה גדענקט זי גוט! געגוג זיך אָנגעלייענט מיט ענלעכע געשיכטעס... אָבער פאַר וואָס וויינט אַזוי מענדלס קול ביים תהילים? עס רייסט ממש אויס שטיקער האַרץ. אַך, אַ הייליקער ייד אָט דער מענדל און זי רופט אים גלייך מיט מאַניען, פשוט: מענדל. אַזאַ עזות! מער וועט זי דאָס נישט טון. און ווער אַ שטייגער האָט דאָס אויפגעהאַנגען דער מאַמעס בלויען פאַרטעך אויפן פענצטער? שוין קיין אַנדער פּלאַץ נישט געקענט געפינען, נאָר אויפן פענצטער? דאָס דאַרף זיין זשענקעס אַן איינפאַל... זי, טאַמאַראַ, דערקענט שוין אירע צעדרייטע שטיקעלעך. זיי ליגן איר אין האַרצן, שוין נישט פון איין יאָר... וואָס איז דאָס? דער פאַרטעך גייט צו איר?

זי הייבט זיך אונטער אויף די עלנבויגנס און גיט אַזש אַ צאַפּל מיטן גאַנצן קערפּער:

— מאַמע! עס איז דאָך שוין גרויסער טאָג אין דרויסן! וווהין איז אַהינגעקומען די נאַכט? פּאָטער אין הימל! שוין טאָג! אויף דעם היינטיקן טאָג שטייט די גאַנצע וועלט. אַהער אָדער אַהין. און מענדל ווייסט פון גאָרנישט, ער טוט זיך זיינס. ער זאָגט! אַ געהויבענער מענטש, אָט דער מענדל. עס זענען היינט נישטאָ קיין סך אַזוינע. און אַלע שלאָפן. דער טאַטע שלאָפט, די מאַמע שלאָפט, און אהרל און זשעניאַ — אַלע שלאָפן! וואָס גייט זיי אָן, וואָס זי באַגעגנט איצט איר לעצטן פרימאָרגן?

טאַמאַראַ כאַפּט נאָך אַ מאָל אַ קוק אין פענצטער: יאָ, עס איז טאָג, פאָלגע טאָג! זי דרייט זיך אויס אויף אַ זייט, וויל עפּעס אַ נייטיקס באַקלערן און ווערט נישט ווילנדיק פאַרזונקען אין אַ קלעפּיקן, פאַרטאָ־גיקן דרימל.

טאַמאַראַ האָט פונעם שלאָף פאַרוואָרפן מיט די הענט און מיט די פיס. אין די אויערן האָט עמעצער אומאויפהערלעך געשקראָבעט מיט דעם טעמפּן האַקמעסער. זי האָט זיך אָבער אַליין גלייך אָנגעשטויסן, וואָס אָט דאָס שקראָבעניש באַטייט: עמעצער ציט אָן דעם וואַנטזייגער און דאָס גרילצט ער אַזוי. און מחמת דער פאַרזשאַווערטער שליסל האָט נישט אויפגעהערט אכזריותדיק צו זעגען איר אָפּגעשוואַכטן מח, האָט זי בגוואַלד אויפגעריסן די אויגן. אַ דערשטוינטע ביז גאָר האָט זי באַטראַכט די נייע דעקאָראַציע: דאָס גאַנצע צימער איז געווען פאַרגאָסן מיט זונען־שיין. קיין סימן פון דער שירמע איז שוין אין שטוב נישט געווען. אויפן טיש איז געשטאַנען און האָט געזאָטן דער עלעקטרישער טשייניק. דער פאָטער און זשענקע זענען אין שטוב נישט געווען. מענדל איז געשטאַ־

נען האַלב אויסגעדרייט מיטן פּנים צום פענצטער, דעם מאַנטל פּאַרשפּי־
ליעט פון אויבן ביז אַראָפּ און האָט עפּעס אין דער שטיל געשעפּטשעט.
איידער זי האָט אויפגעעפנט די אויגן, האָט זי געמיינט, אַז עמעצער האָט
פאַרגעסן צו פאַרדרייען דעם קראַן, און עס קאַפּעט דאָרט, אָדער די מאַ־
מע האָט געקויפט דריבנע פּלאָטעצעס און דאָס פּליוסקען זיי זיך אַזוי
אין שיסל. צום סוף איז דאָס נישט דאָס און נישט יענץ, נאָר מענדלס
מאָנאָטאָנער פּליסטער. ווו נעמט ער אַזוי פיל ווערטער אין זכרון? אַ
גאַנצע נאַכט, רק ער איז מתפּלל... זי האָט ווייטער באַקוקט דאָס צימער:
די מוטער האָט עפּעס געזוכט אין שאַפע און אהרל איז געלעגן אויפן
רוקן און האָט געלייענט די פּרימאָרגנדיקע צייטונג. טאַמאַראַ האָט פאַר־
וווּנדערט אַ קוק געטון אויפן זייגער: צוואַנציק מינוט צו אַכט. וואָס איז
דאָס? צוליב וואָס האָט מען דאָס איבערגערוקט דעם זייגער?

מיט אַ געענדערט קול, מחמת פון דעם שוויצן זענען ביי איר געווען
איבערגעטרוקנט די אַנגלען, האָט זי שטיל אַ פרעג געטון:

— מאַמע, איך בין געשלאָפן?

— האַ, דו האָסט זיך שוין אויפגעכאַפּט? ווי אַזוי פילסטו זיך,
טעכטערל מיינס? דו ביסט גאָט צו דאַנקען זייער געשמאַק געשלאָפן.

מענדל האָט זיך אויסגעדרייט פונעם פענצטער, אויף גיך עפּעס דער־
זאָגט און געפרעגט:

— נו, ווי אַזוי פילט איר זיך, טאַמאַראַ?

— דאַנקען גאָט, גאַנץ גוט.

— נו, איך וועל גיין.

— וווּהין דאַרפט איר דאָס גיין?

— וואָס הייסט, וווּהין? דאַווענען, און בכלל... איך האָב נאָך פריער
געוואָלט אַוועקגיין, האָט מיך די מאַמע נישט געלאָזט, ביז איר וועט זיך
נישט אויפכאַפּן...

— איר האָט מיר דאָך עפּעס צוגעזאָגט...

— ווילט איר, אַז איך זאָל שוין צוגיין אַ פרעג טון?

— איך בעט אייך זייער. איך וואָלט אַליין געגאַנגען — קען איך
נישט.

— נו, נו, גוט. גיי איך צו אויפן טעלעגראַף.

— איך בין אייך זייער דאַנקבאַר. און ענטפער וועל איך אויך
וויסן ביי אייך, אַזוי צי אַזוי, האַ?

— אַן אַנדער ברירה האָב איך מיט אייך? גיי איך, הייסט עס.

מענדל איז אַרויסגעגאַנגען פון דער שטוב און די מוטער האָט אַ
געשריי געטון:

— אהרל, אַן עק זאָל נעמען, טו זיך אָן! די טיי איז שוין דאָס דריי־
טע מאָל קאַלט געוואָרן. מען קען דיך גאָרנישט אַראָפּרייסן פונעם בעט.
דו מיינסט, אַז ווי באַלד קאַניקולן, דאַרפן שוין די בעטן זיין צעוואָרפן
אַ קיילעכדיקן מעת־לעת? שטיי שוין אויף. און דו, טאַמאַרקעלע, ליג

אונטער דעם טערמאָמעטער. באַלד גיב איך דיר וואַסער אויף זיך צו וואַשן און אַ גלאָז קאַווע. פון אַזאַ סאָרט שוויצן קער דיר שוין זיין גוט איבערגעטרוקנט אין האַלדז.

אין פופצן מינוט אַרום האָט זיך מענדל אומגעקערט. טאַמאַראַ האָט אים ממש דורכגעלעכערט מיט די אויגן, נאָר גאָרנישט געפרעגט. מענדל האָט ווי צו זיך אַליין אַ בורטשע געטון:

— נו, נו, שולדיק געווען דעם רוח אַ גאַנג. דאָס פענצטערל, וואו מען פרעגט „צום פּאַדערן", עפנט זיך ערשט האַלב ניין.

— ר' מענדל, וואַרט שוין דאָ אויס אָט די עטלעכע מינוט. איך פאַרזיכער אייך, אַז איר וועט נאָך פאַרכאַפּן אַ מנין, און טאָמער אפילו נישט, נעם איך אויף זיך די עבירה —

די מוטער שלאָגט איר איבער:

— מענדל, איר ווייסט, וויפל זי האָט בסך־הכל היינט? — 38,5!

מענדל האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אין דער ברייט און האָט גאָרנישט געענטפערט.

— מענדל, פאַר וואָס זאָלט איר נישט טרינקען קיין גלאָז טיי? טיי מעג מען דאָך, דאַכט זיך, אומעטום. פאָלגט מיך, מענדל, און הייסט זיך אָנגיסן.

— אַ דאַנק. נישט ווייל מען טאָר נישט, איך וויל פּשוט קיין טיי נישט...

— ווי וויל דאָס אַ מענטש קיין טיי נישט, אויפשטייענדיק פונעם שלאָף? אהרל, דו שטייסט טאַקע נישט אויף? אָט גיי איך צו און צעד־פליק די צייטונג אויף פּיץ־פּיצלעך, וועסטו וויסן ווי אַזוי צו ליגן ביז ניינצן אַ זייגער —

— אָט שוין שטיי איך אויף! מיט וואָס איז דאָ די צייטונג שולדיק? אָט טו איך מיך שוין אָן. דו האָסט ערגעץ נישט געזען מיינע שקאַר־פּעטקעס? זשענקע האָט זיי שוין מסתם אַרויסגעקערט צוזאַמען מיטן מיסט. איך וועל איר צעברעכן רוק־און־לענד, אָט דעם מזיק. שאַ, אָט ליגן זיי גאָר אונטערן קישן. ליגן און שווייגן.

דער ווייזער איז נאָך נישט רעכט צוגעגאַנגען צו אַ פערטל אויף ניין, ווי טאַמאַראַ האָט זיך שוין אָנגעהויבן דענערווירן. מענדלען האָט זי נישט געוואָגט צו יאָגן, האָט זי זיך גענומען צו אהרלען:

— האָסט זיך שוין אַרומגעוואַשן? גיב אַ שפּרונג אין צענטראַל־טעלעגראַף און זע, צי דאָס פענצטערל „צום פּאַדערן" איז שוין אָפן. נו, לעבעדיקער, איינס און צוויי. שטיי זשע נישט.

מענדל האָט אים אָפּגעשטעלט:

— טאַמאַראַ, נאָך וואָס דאַרף ער גיין? אָט וועל איך אַליין צוגיין און אויב עס איז נאָך פאַרמאַכט, וועל איך שוין דאָרטן אויסוואַרטן.

— לאָזט אים גיין, עס וועט פון אים גאָרנישט אָפּפאַלן, אויב ער

וועט זיך מטריח זיין פאַר אַ קראַנקער שוועסטער וועגן. גיי, גיי אהרל, נאָר — אַהין און צוריק!

*

עס האָט נישט געדויערט קיין פינף מינוט, ווי אויף די טרעפּ האָבן זיך דערהערט פלינקע טריט. טאַמאַראַ האָט זיך געוווּנדערט:

— עפּעס צו גיך איז אהרל איבערגעפלויגן אַהין און צוריק.

די טיר האָט זיך האַסטיק אויפגעפּראַלט. מיטן מאַנטל אויף דער האַנט, אַ מידער, נאָר מיט ברענענדיקע אויגן, איז אויף דער שוועל געשטאַנען — מאַניאַ...

אַן אוממענטשלעכער געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון טאַמאַרעס האַלדז:

— גאָט מיינער! מאַניאַ!

פייל אויסן בויגן איז זי אַראָפּגעפלויגן פונעם בעט און האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין זיינע אָפענע אָרעמס. מיט אירע שוואַכע פינגער האָט זי זיך איינגעקלאַמערט אין זיין פאַרברוינטן האַלדז. דעם קאָפּ האָט זי אַנמעכטיק פאַרלוירן אויף זיין ברוסט. מאַניאַ האָט זי פעסט צוגעדריקט צו זיין האַרצן, אונטערגעהויבן פון דער ערד און זי געוויגט ווי אַ קליין קינד. לאַנג האָט זיך אַזוי געצויגן די שטומע סצענע. טאַמאַראַ האָט עטלעכע מאָל אַ דערשראָקענע געעפנט די אויגן און באַלד זיי צוריק פאַרמאַכט, ווי איינער וואָס האָט מורא איבערצורייסן אַ גוטן חלום.

פון די טרעפּ האָבן זיך דערטראָגן גיכע שפּאַן. אהרל איז אַריינגעלאָפן אַ פאַרסאַפּעטער:

— שוין אָפּן —

און איז אַ פאַרשטיינערטער געבליבן שטיין אויף דער שוועל.

דער ערשטער האָט זיך מענדל געפונען און האָט אונטערגעטראָגן מאַניען צו די אויגן דעם טערמאָמעטער, ווינקענדיק אויף טאַמאַרען, אַז אָט די 38,5, דאָס איז איר איצטיקע טעמפּעראַטור. דאָס האָט געווירקט בעסער ווי רייד. מאַניאַ האָט זי גלייך צוגעטראָגן צום בעט, אַנידערגעלייגט און איינגעדעקט. מענדל האָט אים דערלאַנגט „שלום עליכם". אהרל האָט זיך מיט אים היים צעקושט, די מוטער האָט אים אויך אַ קוש געטון. טאַמאַראַ האָט אים מיט די לעצטע כוחות צוגעצויגן צו זיך:

— כאָטש מענדל איז אַ געטרייער חבר, נאָר איצט איז נישט קיין צייט פאַר חברים... קום צו מיר... אוי, איך גלייב זיך אַליין נאָך נישט. דו ביסט טאַקע דאָ? דו ביסט אויף אַן אמת צוריק דאָ?

— קומט אויס, אַז יאָ.

— זאָג נאָך אַ מאָל. איך גלייב זיך נאָך אַלץ נישט, אַז דאָס איז טאַקע דיין קול. מאַנקעלע, לעבן מיינס, וויפל איז שוין דאָ, זינט מיר האָבן זיך געזען צום לעצטן מאָל?

— פון יענעם אויפדערנאָכט אין „אוניווערסיטעטסקי־גאָראָדאָק" זענען פאַריבער העכער זיבן חדשים.

— זיבן חדשים! גאָ—טע—ניו! ווי אַזוי האָב איך דאָס גאָר איבער־געטראָגן?

— זאָג בעסער „מיר", וועט זיין ריכטיקער.

— מאָנקעלע, אָבער איצט ביסטו שוין דאָ אויף אַן אמת?

— אויף אַן אמת.

— אויף שטענדיק?

— אויף אייביק.

— אַך, ליבער מיינער, ווי גליקלעך איך בין. ווי אומגליקלעך איך בין געווען ערשט היינטיקע נאַכט און ווי גליקלעך איך בין מיט אַ מאָל געוואָרן.

פּלוצלינג ברוגזט זי זיך אָן און גיט אים לייכט אַ שטופּ אָפּ מיט ביידע הענט:

— גיי, ביסט פון דעסט וועגן אַ שלעכטער. צוליב דעם, אַז דיין סיורפּריז, וואָס דו האָסט מיר געוואָלט מאַכן, זאָל האָבן אַ גרעסערן עפעקט, האָסטו זיך איינגעהאַלטן פון נעכטן אָן און גאָרנישט געענטפערט.

מאָניאַ האָט מיט אומבאַגרענעצטער ליבשאַפט אַריינגענומען איר האַנט אין זיינער און זיך בעטנדיק געענטפערט:

— ווי אַזוי זשע האָב איך געקענט געבן אַ ידיעה, אַז אַלץ איז פאַר־געקומען אַזוי שנעל, ממש ווי אין אַ קינאָמאַטאָגראַף.

— דערציייל, מאָנקעלע. דערציייל אַלץ. וואָס זאָגסטו איז פאַרגעקו־מען אַזוי שנעל?

— הערסט דאָך: אַ בילעט אויף מאָסקווער ריכטונג האָב איך שוין געהאַט נאָך פון פריער מיט אַ טאָג. גענומען אין דער שטאָטקאַסע. און דערפאַר האָב איך זיך נישט זייער געאיילט און בין געפאָרן צום וואָקזאַל אין גאַנצן איין שעה פאַר דעם אָפּגאַנג פון צוג. דער צוג, וואָס גייט פון כאַרקאָוו אויף אָריאָל, טולע, גייט אָפּ פון כאַרקאָוו גופא, דעריבער שטייען די וואַגאָנען צוויי שעה פאַרן אָפּגאַנג ביים פּעראָן און פילן זיך לאַנגזאַם אָן מיט פּאַסאַזשירן. איך האָב פאַרנומען אַ פּלאַץ און האָב זיך אויסגעצויגן אויף מיין פּאָליצע.

ביי טאַמאַרען גיבן זיך אַ יאָג מוראשקעס איבערן לייב. זי גיט אַ ציטער מיטן גאַנצן קערפּער און פאַרלירט צוויי פּערלדיקע טרערן אויף מאָניעס האַנט.

— איך האָב שוין געהאַט פאַרמאַכט די אויגן, ווי פּלוצלינג דער־מאָן איך זיך, אַז אינעם לעצטן בריוו האָב איך געהאַט געבעטן דעם טאַטן, ער זאָל מיר טעלעגראַפירן דעם לעצטן טאָג פאַר מיין אָפּפאָרן. שטיי איך אויף, און גיב אַ בעט ביי די שכנים פונעם וואַגאָן אַכטונג צו געבן אויף מיין טשעמאָדאַן. זאָגן זיי, אַז זיי קלערן נאָך אויך אַרויסגיין אַ ביסל שפּאַצירן. מוז איך שוין נעמען מיט זיך דעם טשעמאָדאַן מיטן

מאַנטל און גיי אַוועק אויפֿן טעלעגראַף. דאָרט, אין כאַרקאָוו, איז דער טעלעגראַף אויפֿן סאַמע פּעראָן. איך רוף אָן מיין פאַמיליע־נאָמען און מען גיט מיר אָפּ דעם טאַטנס טעלעגראַמע. איך גיי פונעם טעלעגראַף און וויל שוין גיין צוריק אין מיין וואַגאָן, דערזע איך, אַז עס איז דאָ ביר און עס איז גראָד נישטאָ קיין גרויסער עולם ביים קליטל. אָנגעטרונקען זיך און נאָך מיטגענומען צוויי פלעשער ביר אין וואַגאָן אריין, לאָז איך זיך לאַנגזאַם גיין מיטן פּעראָן צו מיין צוג. אויפֿן וועג הער איך, ווי עמעצער קלאַפּט אין אַ שויב. נו, איז עס מיין עסק? איך גיי זיך מיין וועג. איך הער: מען קלאַפּט שטאַרקער. אָבער איך קוק זיך אפילו נישט אום. וואָס גייט דאָס מיך אָן? דאַן דערהער איך, ווי עמעצער שרייט: חבר פייערבערג! חבר פייערבערג! איך קוק מיך אום — דער נאַטשאַל־ניק פון דער טעלעגראַף־אָפּטיילונג גייט מיר אַקעגן און וואַרפט מיר פאַר:

— וואָס איז דאָס מיט אייך, חבר פייערבערג? מען קלאַפּט אייך אין פענצטער, מען רופט אייך ביים נאָמען און איר מאַכט זיך נישט הערנדיק.

— אַנטשולדיקט, איך האָב טאַקע געהערט קלאַפּן אין אַ פענצטער, אָבער עס איז מיר גאָר נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס מיינט מען מיך, און ווי נאָר איר האָט אַ געשריי געטון, אַזוי האָב איך זיך גלייך אומגעקוקט.

ער נעמט מיך העפלעך אונטערן אָרעם:

— קומט אַריין מיט מיר אין טעלעגראַף. איך דאַרף אייך האָבן.

— חבר נאַטשאַלניק, איך געדענק אפילו נישט פון ווען אָן מיר זענען אַזוי שטאַרק באַפריינדעט, וואָס איר לאַדט מיך איין אויף אַ וויזיט. איך דאַנק אייך זייער, אָבער אין צען מינוט אַרום גייט אָפּ מיין צוג.

— קומט, קומט... אויב נאָר איר דאַרפט טאַקע פאָרן אַהין, וווהין איר ווילט, וועט איר נאָך באַוויזן...

איך בין אויסער זיך פון אַזעלכע דיבורים:

— וואָס הייסט עפּעס, אויב איך דאַרף? איך האָב אַ בילעט נאָך פון נעכטן —

און ער ענטפערט מיר פּדרוך:

— איר ווייסט גאָרנישט, ווי ליב מען האָט אייך —

איך פאַרשטיי שוין גאָרנישט:

— ווער האָט מיך ליב? אפשר דאַרפט איר עמעצן אַנדערש? איך ווער אָן דעם צוג.

ער ענטפערט מיר נישט דאָס אַנדערע וואָרט. מיר גייען אַריין אין טעלעגראַף. ער פירט מיך אַריין פון יענער זייט וועגטל, גלייך אין זיין ביורא. אַלע אָנגעשטעלטע, זע איך, קוקן אויף מיר, פונקט ווי איך וואָלט געווען אַן אינדיאַנער, אָדער אַן עסקימאָס. איך שטיי ווי אין הינערפלעט. איך פאַרשטיי גאָרנישט, נאָר איין זאַך פיל איך, אַז איך פאַרשפעטיק היינט דעם צוג. און וואָס דאַרף ער פון מיר, דער נאַטשאַלניק פונעם טעלעגראַף? ווי אַן ענטפער אויף מיינע געדאַנקען זאָגט ער מיר ליבלעך:

— וווּזט אַהער אייער פּאַספּאָרט.

— איך האָב דאָך ערשט אָפּגענומען אַ טעלעגראַמע. וויפל מאָל דאַרף מען קאָנטראָלירן דעם פּאַספּאָרט?

— אַ טעלעגראַמע איז איין אַרטיקל, און אַ ראַדיאָגראַמע איז גאָר עפּעס אַנדערש!

עס האָבן מיר אָנגעהויבן צו ציטערן הענט און פיס. איך האָב קוים כח געהאַט איבערצופרעגן:

— אַ ראַדיאָגראַמע?

— נישט איינע נאָר גאַנצע פיר ראַדיאָגראַמעס.

ערשט נאָך אַזאַ ענטפער האָב איך פרייער אָפּגעאָטעמט:

— פיר זאָגט איר? נו, אויב אַזוי, איז דאָס זיכער נישט צו מיר. איז דאָס שוין בלתי־ספק פאַר אַ צווייטן פייערבערג —

— באַלד, באַלד, וועלן מיר זען, פאַר אייך, צי פאַר אַ צווייטן...

דער נאַטשאַלניק גלייכט עפּעס צו עטלעכע פּאַפּירן צו מיין פּאַס־פּאָרט און איך, שטעלט זיך פאָר, שטיי ווי אויף הייסע קוילן. איך פיל, אַז מיין צונג דאַרף שוין באַלד אָפּגיין. ענדלעך גיט דער נאַטשאַלניק אַ שמייכל:

— נו, אָט, אייך אויף צו להכעיס זענען דווקא אַלע ראַדיאָגראַמעס נאָר פאַר אייך. סאַמואיל אַבראַמאָוויטש. דייטלעך אָנגעשריבן. און אַלע פון מינסק. נאַט זיי אייך און פרייט זיך —

איך האָב אויסגעריסן ביי אים די ראַדיאָגראַמעס פון דער האַנט, בין איבערגעלאָפן מיט די אויגן זייער אינהאַלט, און געבליבן שטיין ווי מיט אַ קאַלטן עמער וואַסער אָפּגעגאָסן. אין אַ מינוט אַרום האָב איך באַהאַלטן דעם פּאַספּאָרט מיט די טעלעגראַמעס און איך פרעג ביים נאַטשאַלניק:

— אפשר ווייסט איר, ווען עס גייט אָפּ אַ צוג קיין מינסק?

— קיין מינסק? איי־איי־איי, איר האָט אים אָנגעווווירן אין עטלעכע מינוט. פונקט איצט גייט ער אָפּ. און נאָך איינעם וועט איר ערשט האָבן אין דער פרי.

נאָר איך האָב שוין זיינע רייד נישט דערהערט ביזן סוף. ווי אַ רוח אַ מלמד, אַזוי האָב איך אַ כאַפּ געטון דעם טשעמאָדאַן אונטער דער פּאַכווע און געגעבן אַ פלי אַרויס פונעם טעלעגראַף. נישט באַדאַנקט, נישט געזעגנט זיך, ווי אַן עכטער מוזשיק. אויפן פּעראָן האָב איך שיר נישט אונטערגעהאַקט די פיס עפּעס איינעם אַ קאָנדוקטאָר. אָנשטאָט זיך צו אַנטשולדיקן, גיב איך אים אַ וואָרף אַ פראַגע:

— פון וועלכער פּלאַטפאָרמע גייט איצט אָפּ אַ צוג נאָך מינסק?

— ער איז אָפּגעגאַנגען פון דער פערטער.

— דאָס וועלן מיר נאָך זען, צי ער איז אָפּגעגאַנגען, צי ניין —

איך פלי איבער וואַגאָן־גאַניקלעך און פוסטע לאַסט־פּלאַטשאַדקעס. איך הער מען פייפט, אַז ס'איז געפערלעך. מסתמא עובר געווען אויף זייער שולחן־ערוך. נאָך איך הער זיי פאַר אַ פירער. איבערגעשפּרונגען די לעצ־

טע שטערונג און איך בין שוין אויף דער פערטער פּלאַטפאָרמע. פאַר מיינע אויגן, זע איך, שווימט אַפּ אַ צוג. ביסלעכווייז נעמט ער אָן גיכקייט, און איך, מיט אַלע כוחות — נאָך אים! ער אַנטלויפט און איך לויף אים נאָך. פון הינטן, הער איך, אַזאַ פייפעניש, ווי פון הונדערט שדים מיט אַ מאָל, נאָר איך טראַכט זיך: פייפט אפילו צעזעצטערהייט, איצט פייף איך שוין אויף אייך, איך בין שוין מיט אַ פוס אויפן גאַניקל, אויפן לעצטן גאַניקל! איך כאַפּ מיך אָן פאַר די אייזערנע שטאַבעס, וואַרף אַראָפּ פון זיך דעם טשעמאָדאַן, און אַליין — פאַל איך אויך אום אויף אים. אפשר פופצן מינוט איז מיר געווען פינצטער אין די אויגן. דאָס האַרץ האָט זיך אין מיר געוואָרפן, ווי אַ נישט דערקוילעטער האָן. נאָר איך בין געווען גליקלעך. איך פאָר קיין מינסק אויף קיראָוואַ.

אויף דער ערשטער סטאַנציע בין איך אַריבערגעגאַנגען אין וואַגאָן אַריין. באַצאָלט שטראָף, ווי דער מנהג איז, גענומען אַ בילעט. דאַן האָב איך נאָך הונדערט מאָל איבערגעלייענט די ראַדיאָגראַמעס, און ערשט נאָך אַלעמען נישט געקענט גלייבן אין מיין גליק. נישט געקענט גלייבן, אַז דאָס אַלץ האָט ווירקלעך מיט מיר אַליין געטראָפן.

# קאפיטל LIII

טאמארא האָט זיך אויפגעהאנגען אויף מאָניעס האלדז און אויסגע־קושט יעדעס פּיצעלע פון זיין פּנים. זי האָט נישט אויפגעהערט צו שעפּ־טשען:

— מאָניא, לעבן מיינס, נשמה מיינע. אויב דו רעדסט וועגן דיין גליק, וואָס זאָל איך שוין זאָגן? איך וועל זיך גאָר קיין מאָל נישט אויס־צאָלן פאַר דיין העלדישקייט.

— פאַר מיין „העלדישקייט" דאַרף מען זיך נישט צעצאָלן... דאָס איז נישט קיין קונצנמאַכעריי. דאָס איז ביי מיר אין בלוט. ביי מיין גע־ליבטער פאָדער איך איר נשמה, און איך צאָל פאַר איר מיט מיינער... אָט אַזאַ מענטש בין איך.

— און אָט אַזאַ בין איך אויך פון היינט אָן. יאָ, שטיי נאַר! וואָס האָסטו עפּעס געזאָגט פיר ראַדיאָגראַמעס? דו האָסט אודאי געוואָלט זאָגן דריי.

— פאַר וואָס עפּעס זאָל איך גאָר וועלן זאָגן דריי, אַז איך האָב באַ־קומען פיר? נאַ, אָט זענען זיי!

מאָניא נעמט זוכן אין בוזעמטאַש. טאַמאַרא קוקט נייגעריק אויף מענדלען, נאָר מענדל שטייט גראָד מיטן פּנים צום פענצטער און איז דאָרט שטאַרק טרוד. קודם האָט ער געהאָלפן אַ נאַרישער פליג זיך אַרויס־קאַראַבקעווען פון דער שמאָלער שפּאַרע וווהין זי איז אומפאַרזיכטיק פאַרקראָכן, און איצט קאָלופּעט ער מתוך כובד ראש דעם קיט פון דער ראַם. טאַמאַרא רייסט אויס דאָס פּעקל פּאַפּירן פון מאָניעס הענט, זוכט אין די אונטערשריפטן ביז זי געפינט, וואָס זי דאַרף. זי וואַרפט נאָך אַ מאָל אַ פאַרשנדיקן בליק אויף מענדלען און לייענט אויפן קול:

„ראַדיאָגראַמאַ. כאַרקאָוו. וואָקזאַלנע־טעלעגראַף. צום פאָדערן, פּייער־בערג, סאַמואיל אַבראַמאָוויטש. מאָניא, איך בין אויף דיר גוזר, אַז דו זאָלסט זיך שוין אומקערן קיין מינסק. דאָס וואָס דו האָסט יאָרן לאַנג געזוכט, וואַרט איצט אויף דיר. קער זיך אום תיכף ומיד. מענדל פּערלאָוו".

זי גיט אַ פּליעסק מיט די הענט:

— גאָט מיינער, וואָס פאַר אַ מלאכים שפּילן זיך דאָס מיט מיר? ר' מענדל... תמעוואַטע מענדל, פאַר וואָס קומט מיר אַזאַ הילף פון אייך? מיט וואָס האָב איך זוכה געווען דערצו?

מענדל דרייט זיך אויס פונעם פענצטער. זיין פּנים, וואָס אמת איז, איז אַ ביסל בלאַסער ווי געוויינלעך, אָבער לחלוטין רואיק. ער באַטראַכט טאַמאַרעס צעפלאַמט פּנים מיט אַ בליק, וואָס נעמט דורך און דורך און ענטפערט געלאַסן:

— איך פאַרזיכער אייך, טאַמאַרא יוספס, אַז איך האָב דאָ נישט געזוכט אייך אַ טובה צו טון, נאָר מאָניען אָנצווייזן דעם ריכטיקן וועג.

בעת איר זענט געשטאַנען צו אים מיט דער פּלייצע, האָב איך אַליין אים געטריבן פון אייך מיט שטעקנס. איצט אָבער, אַז איך האָב דערזען אין אייך יענע רשפּי־אש, וועלכע מאָניאַ האָט אַזוי געגאַרט און איר האָט זיי עד הנה נישט אַרויסגעוויזן, האָב איך אים געהייסן זיך צוריקקערן. אָבער פאַר אייך ספּעציעל האָב איך גאָרנישט געטון —

— מענדל, איר זענט אַ הייליקער! ווען איר דערלויבט מיר כאָטש נאָר אַ קוש טון אייערע שיך, וואָלט איך זיך געשעצט גליקלעך.

— ליגט, ליגט. דערווייל זענט איר אַ מחותנתטע מיט 38,5...

— עי, וואָס רעדט איר מיט מיר איצט פון אַזעלכע קלייניקייטן! איצט מעג איך שוין האָבן אפילו 138,5, וועט מיר שוין אויך גאָרנישט שאַטן. איצט בין איך באַלעבאָס אויפן טערמאָמעטער, נישט ער אויף מיר. נישטאָ שוין יענע צייטן.

עס איז אָנגעקומען יוסף, זשענקע. די אומגעריכטע שמחה האָט אַרומגעכאַפּט די שטוב ווי אַ העליש פייער. מאָניאַ האָט מיטגעגעבן מענדלען אויף פּאָלאָווניק די קוויטאַנציע, אַז עמעצער זאָל דאָרט גיין אין קאַמער פאַר האַנטבאַגאַזש אָפּנעמען זיין טשעמאָדאַן, און אַליין איז ער פאַרבליבן ביים חולה. און מערקווירדיק, זיין אָנוועזנהייט ביי די פּינגשטיינס האָט ממש באַוויזן וווּנדער. טאַמאַרעס געזונט האָט זיך פאַרבעסערט פון שעה צו שעה. מאָניאַ איז נישט אַרויסגעטראָטן פון זייער שטוב אויף קיין מינוט. צו די צוויי וואָכן איז זי זיך שוין דורכגעגאַנגען פאַר דער שטוב, און נאָך אין אַ וואָך אַרום איז זי שוין געגאַנגען מיט מאָניען אין קינאָ. דאַן האָט מאָניאַ פאַר אַ גרויסער סומע געלט געקריגן פּוטיאָווקעס אויף צוויי חדשים קיין יעווּפּאַטאָריע, וואָס רעכנט זיך אַלס איינער פון די בעסטע קוראָרטן אויף קרים. דאָס דאָזיקע קוראָרט האָט אין זיך פאַרמאָגט נאָך איין מעלה: וואָס מען האָט אַהין נישט לאַנג געדאַרפט פאָרן מיט דער שיף. ווייל אַ לאַנגע רייזע אויפן ים וואָלט נאָך טאַמאַרען שווער געווען איבערצוטראָגן. אַליין איז מאָניאַ געבליבן אין מינסק, צוגרייטן אַלץ וואָס נייטיק איז צו זייער באַלדיקער חתונה. כדי עס זאָל דאָרט טאַמאַרען נישט זיין אומעטיק, האָט ער מיט איר מיטגעשיקט זיין דבורהן, איר זשענקען און מענדלס ייִנגערע שוועסטער, דאָבע. ער האָט טעלעגראַפיש באַשטעלט פאַר זיי אַלע איין גרויסן נומער אין אַן ערשטקלאַסיקער סאַנאַטאָריע און האָט זיי אַליין באַגלייט ביז אָדעס.

וויפל אַלע זענען געווען פריילעך פון דער רייזע, איז דאָס אַלץ קיין דמיון נישט צו זשענקעס שמחה. עס איז זי גאָר נישט מעגלעך געווען צו פאַרנאַרן אין וואַגאָן אַריין. זי האָט געטאָגט און גענעכטיקט אויפן גאַניקל. אַלץ איז פאַר איר געווען ניי, יעדע מינדסטע זאַך, וואָס איז נישט שכיח אין מינסק, האָט זי געחידושט, פון יעדן חנדעלע, וואָס די נאַטור האָט באַוויזן, איז זי נתפעל געוואָרן. אין קופּע האָט מאָניאַ געווײלט די קוראָרטניצעס מיט דערציילונגען, מיט לידלעך. אין דבורהס היפּשן טשעמאָדאַן האָט זיך געפונען אי שאַך, אי דאָמינאָ. דער וועג איז איבערפלויגן

ווי אַ חלום. טאַמאַרעס פּנים האָט ווידער אָנגעהויבן אויפצובליִען מיט דעם אַמאָליקן חן, אירע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו שיינען מיט זייער אַמאָליקן צויבער. זי האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן זיך שטעלן אויף די פיס און איינמאָנען ביי דער נאַטור אירע פאַרלוירענע כוחות און איר געוועזענע גראַציע, ווי אַ רויז נאָך אַ שלאַקסרעגן.

די שיף האָט גאַוהדיק זיך אָפּגערוקט אחורנית פונעם ברעג. טאַמאַראַ, אין גאַנצן אין ווייסן, מיט אַ גרויסן,ברייט־ראַנדיקן שטרויענעם הוט ווי אַן עכטע קוראָרטניצע, האָט זיך ביז האַלב אַריבערגעבויגן איבערן באָרט און האָט עפּעס געשריגן. מאָניאַ האָט איר לאַכנדיק געוויזן אויף זיינע אויערן: ער הערט גאָר—נישט. פאַר יעדן פאַכע מיט דער ווייסער הענטשקע, האָט ער איר געשיקט לופטקושן. אַלע פּנימער האָבן זיך אויסגעמישט, נאָר — הענט, מאַכנדיקע הענט האָט מען נאָך אַרויסגעזען. ביסלעכווייז האָט די שיף אָנגעהויבן צו פאַרלירן איר רעאַלן אויסזען...

מאָניאַ האָט זיך אומגעקערט קיין מינסק, און מיט זיין גאַנצן טעמפּעראַמענט, מיט זיין איינגעבוירענער פלייסיקייט, האָט ער זיך אָנגעהויבן צו בויען אַ נעסט. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט ער דערפילט, אַז ער וועט נישט אויסהאַלטן דאָס בענקעניש. דאָס זעלבע האָט אויך געשריבן טאַמאַראַ. „כאָטש זי איז דאָרט מיט אַזוי פיל איינגענע, דאָך גייט איר גאָרנישט איין, אַזוי בענקט זי נאָך אים. זי איז אַזוי אָנגעשראָקן, אַז ביי נאַכט אין שלאָף דאַכט זיך איר, אַז מאָניאַ פאָרט ווידער קיין טולע און זי כאַפּט זיך אויף אין אַ קאַלטן שוויים. אויב ער האָט זי ליב, און אויב אירע אַנגסטן אַרן אים, זאָל ער אויף איר רחמנות האָבן און צופאָרן כאָטש איין מאָל, כאָטש אויף איין טאָג".

און מאָניען האָט מען לאַנג נישט געדאַרפט איינרעדן. ער האָט רחמנות געהאַט אי אויף איר, אי אויף זיך, און איז פאַר די צוויי חדשים געוועזן ביי זיי בפירוש צוויי מאָל און דווקא צו פיר, פינף טעג יעדעס מאָל.

ווען זיי האָבן זיך ענדלעך אומגעקערט אויף דער „גרויסער ערד" און טאַמאַראַ איז מיט אירע באַגלייטערינס אַרויסגעגאַנגען פונעם וואַגאָן אויף מינסקער וואָקזאַל, זענען אַלעמענס בליקן גלייך צוגעשמידט געוואָרן צו איר פּנים. אַלע היימישע מענטשן, וועלכע האָבן זי געקענט פון פאַר דער קרענק, האָבן געזאָגט, אַז זי איז איצט פיל שענער, ווי זי איז ווען עס איז געווען. מאָניעס גליק האָט קיין ברעג נישט געהאַט. ער האָט געשוועבט אין די וואָלקנס. אויף צו מאָרגנס האָט ער צונויפגערופן אַלע זיינע קוראָרטניצעס, אויך פיל אַנדערע געסט און זיי אַוועקגעפירט אין צענטער שטאָט אויף פּרונזע־גאַס. אין הויז נומער 31, האָבן זיי זיך אויפגעהויבן אויפן צווייטן שטאָק. דאָרט האָט מאָניאַ אויפגעשלאָסן איין טיר און די אַנדערע און נעמענדיק טאַמאַרען פאַר אַ האַנט האָט ער פייערלעך געזאָגט:

— אָט דאָס דאָזיקע כאַטקעלע, טייערע מיינע, דאַרפן מיר פאַרוואַנדלען אין אונדזער בית־המקדשל! און אויב מיר ווען זיך דאָ אויפ־

פירן ווי לייטישע קינדער, וועלן מיר נאָך אַ מאָל זוכה זיין קומען צום אמתן בית־המקדש, אַהין, פון יענער זייט שוואַרצן ים...

פּאָלי האָט מיט טרערן אין קול געענטפערט:

— מיר איז זייער גרינג אויפן האַרצן, ווייל מיין שיף ווערט אָנגע־פירט פון אַ געניטן, אויסגעפרוווטן רב־החובל. איך בין דיר מבטיח: וווּ־הין דו וועסט מיר אָנווייזן, אַהין וועל איך גיין. וואָס דו וועסט מיר זאָגן, דאָס וועל איך טון. קיין שענערן ציל אין מיין לעבן, ווי צו פאַרשאַפן דיר נחת־רוח, האָב איך נישט.

יוסף און איר מוטער האָבן זי געקושט און געוויינט פאַר פרייד, הערנדיק פון איר אַזעלכע רייד.

אין אַ וואָך אַרום איז געווען די חתונה.

קיינער האָט קיינעם נישט איינגעלאַדן, נאָר דאָך איז די גאַס געווען פאַרפלייצט. „גאַנץ מינסק" האָט מאַניען געקענט און געשעצט. פון מויל צו מויל איז אומגעגאַנגען די „גאַנצע מעשה", ווי אַזוי מיט דעם שידוך איז צוגעגאַנגען, און וואָס פאַר אַ מין מיידל זיין כלה איז. יעדער איינ־ציקער איז געווען נייגעריק צו זען דאָס גליקלעכע פאָרל. יעדער האָט גע־וואָלט שטיין וואָס נעענטער צו דער חופה.

פאַר טאָג צו איז ר' אברהם, טאַמאַרעס שווער, געגאַנגען מיט דער כלה דעם „כשרן טאַנץ", דערנאָך מאַניעס זיידע, דערנאָך איר פאָטער, און דערנאָך ערשט די רבנים... יעדער האָט געוואָלט מקיים זיין די מצוה פון: „כיצד מרקדין", קעגן אַזאַ כלה נאה וחסודה...

ווען טאַמאַראַ איז אַ פאַרפלאָמטע און אַ דערשוויצטע ענדלעך באַ־פרייט געוואָרן פון די מחותנים מיט זייערע פאַטשיילעס, מיט זייערע מצווה־טענצלעך, האָט זי מאַניאַ אָפּגעפירט אין אַ ווייטן ווינקל, אַוועקגע־זעצט אויף אַ סאָפע, צערטלעך אַרומגעווישט דעם שוויים פון איר פנים און מיט אומענדלעכער ליבע אין די אויגן געפרעגט:

— ביסט גוט מיד, טאַמאַרקעלע?

— כ'בין גליקלעך, נישט מיד. דאָס איז דאָך נאָר איין מאָל אין לעבן.

— היינט, וואָס זאָל איך שוין זאָגן? איך האָב גאָר קיין ווערטער נישט...

דער זאַל האָט געציטערט פון דעם חסידישן טאַנץ, וועלכן מען איז דאָרט געגאַנגען נאָכן „מצוה־טענצל". עס האָט געטאַנצט איין מענטשן־פּיראַמידע קעגן דער צווייטער. לחלוטין אומבאַקאַנטע מענטשן האָבן, האַלטנדיק זיך פאַר די טאַליעס, געהעפּעט אַ „קאַזאַטשאָק". די גרויסע, מילכיקע לאָמפּן האָבן דעם פריילעכן עולם באַגאָסן מיט ווייכער ליכט, היימיש געמאַכט יעדנס פנים, דערמאָנט אין דעם, אַז נאָר היינט איז מאַ־ניעס חתונה און מאָרגן איז אויס! דער טעמפּאָ פון דעם טאַנצן האָט זיך אַלץ פאַרשטאַרקט. די טאַצן האָבן געקלונגען, געשפּרונגען, פאַרטויבט די אויערן.

טאַמאַראַ האָט זיך אָנגעבויגן צו מאַניען, אַריינגענומען זיין האַנט אין אירער און פאַרקוקנדיק מיט אירע פאַרשכורטע אויגן אין זיינע, גע־זאָגט:

— מאַניעלע, אין עטלעכע שעה אַרום בלייבן מיר איבער אויג אויף אויג. איצט זאָג מיר אויף דיין ערנוואָרט, שווער מיר ביי דיין יידישקייט, ניין, ביי אונדזער ביידנס עתיד, ניין, בעסער פון אַלץ, ביי אונדזער קומען קיין ארץ־ישראל — דאָס ווייס איך, איז ביי דיר דער הייליקסטער טרוים. ווייל איך, אַז דו זאָלסט מיר געבן אַזאַ שבועה, אַז דו האָסט מיר אַלץ מוחל געווען: אַלע צרות, אַלע טרערן, אַלע נישט דערשלאָפענע נעכט. אַלץ, אַלץ, וואָס איך האָב דיר אין מיין לעבן שלעכטס פאַרשאַפט. ווייל טאָמער איז דאָס נישט אַזוי, איז ביי מיר אָט די גאַנצע שמחה קיין שמחה נישט. זאָג, שווער, דו וועסט מיך ממש מחיה זיין —

— טאַמאַראַ, נשמהניו, האַרצעניו, דאָס דאַרפסטו נאָך פרעגן? איך האָב דיר היינט אויף דער נאַכט געזאָגט „מקודשת", דאָס הייסט פאַר־הייליקט. היינט, ווי אַזוי קען גאָר אַ מענטש טראָגן פאַרדראָס אויף אַ הײ־ליקער זאַך? די גמרא זאָגט, אַז די ברכה קומט צום מענטשן אין שטוב אַריין, נאָר אין זכות פון זיין פרוי. היינט, ווי אַזוי קען איך זיין אומצו־פרידן מיט אַ מענטשן, דורך וועלכן איך אַליין דאַרף געבענטשט ווערן? דו קענסט דאָך מיך, אַז איך פאַרלייד נישט קיין מינדסטע פאַלשקייט, קיין מינדסטע פשרהדיקייט. ווען ביי מיר אין האַרצן זאָל נאָך געווען פאַר־בלייבן אַ מינדסט ווערצעלע, אַ רמז דרמיזא פון אומפריינדשאַפט צו דיר, וואָלט איך מיט דיר נישט געגאַנגען צו דער חופה.

— ביסט גערעכט, מאַניטשקע, עס איז טאַקע אַ נאַרישקייט פון מיין זייט. פון דיר דאַרף איך אַ שבועה? דיינס אַ וואָרט איז אַזוי גוט ווי אַ שבועה. מאַניאַ —

— וואָס, חיותל מיינס?

— ניין, גאָרנישט.

— זאָג, האָסט דאָך עפּעס געוואָלט זאָגן?

— ווייס איך, גאָרנישט —

— ניין, זאָג, איך וויל וויסן דעם „גאָרנישט".

— איי, מאַניאַ, צווינג מיך נישט צו ברענגען אויף דער צונג אַלע נאַרישקייטן, וואָס האָבן אַ צוטריט אין מיין נאַרישן קאָפּ...

— אדרבה, אַזוי ווי דיין קאָפּ איז איצט אויך מיינער, מוז איך טאַקע וויסן אַלץ, וואָס דאָרט קומט פאָר.

— נו, אַז דו שפּאַרסט זיך אַזוי איין, וועל איך דיר זאָגן. אָבער דו וועסט נישט לאַכן פון מיר?

— לאַכן פון דיר, הייסט לאַכן פון זיך אַליין —

— ווי באַלד אַזוי טאָ הער. אויף מיין לויטערן הימל שווימט נאָך אַרום איין קליין וואָלקנדל. כ'ווייס, אַז דו וועסט לאַכן פון מיר, נאָר וואָס עס וועט זיין, זאָל זיין, קוים האָב איך אָנגעהויבן, וועל איך שוין ענדיקן,

און דו לאָך דיר געזונטערהייט. אַזוי ווי איך האָב דיר געזאָגט, הענגט נאָך אַ טונקעלער פלעק אויף מיין אויסגעטרוימטן גליק, און דו ביסט ביכולת אָט דעם איינגעבילדעטן קאָשמאַר אָפּצוווישן מיט צוויי ווערטער. כאָטש איך פאַרשטיי אַליין אויך גוט, אַז עס איז אַ שטות, אַ פאַרברעכן צו טראַכטן וועגן אַזאַ זאַך, אָבער דאָך... טראַכט זיך אַ מאָל... אָבער אַז דו וועסט אויסבטלענען חלומות צו מיין קאָפּ און מיך גוט־גוט אויסזידלען, וועט דאָס דאָזיקע וואָלקנדל אויך פאַרשווינדן.

— טאַמאַרא, אַן עק זאָג שוין און זאָל דיין מרה־שחורה וואָס גיכער גיין אין כף־הקלע אַריין!

— גוט, איך זאָג. דו האָסט דאַמאָלסט ביי נאַכט, אין „אוניווערסי־טעטסקי גאָראָדאָק", אַזוי געשמאַק געפלירטעוועט מיט מיין זשענקען, אַז אַ פרעמדער האָט געקענט מיינען... און אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז ביי איר אַליין אויך אַ ביסל איינגערעדט געוואָרן, אַז זי איז גאָר דיין געליבטע, נישט איך. איצט זאָג, אַז איך בין אַ משוגענע —

מאַניאַ איז פון אומגעריכטקייט פאַרלוירן און איבערראַשט ביז גאָר. אַ בלאַסער פון אויפרעגונג זייעט ער אַרויס צווישן די ציין:

— ניין, טאַמאַרא, דאָס נייעס שטייט נאָך העכער פון משוגעת... אויף אַלצדינג וואָלט איך מיך געריכט, נאָר נישט אויף אַזעלכע רייד... דו וואַרפסט מיר אוים דעם דאַמאָלסטדיקן פלירט? דאָס איז נישט געווען קיין צופעליקע זאַך. דאָס איז געווען אַ געווער! אַ דיפּלאָמאַטיש געווער. איך האָב זיך דאַן געטרונקען. כ'האָב אַלץ אויסגעפּרוּווט קעגן דיר, האָב איך געפּרוּווט דעם מיטל אויך. אפשר — האָב איך גערעכנט — וועסטו זיין געטראָפן פון אייפערזוכט צו זשענקען. אָבער, אַז דו זאָלסט מיר דאָס אויסוואַרפן עטלעכע שעה נאָך דער חופה, דערויף האָב איך זיך נישט געריכט, ניין, ניין —

— מאַניאַ, זיי מיר מוחל. עס איז טאַקע אַ גרויסע עוולה פון מיר.

— און וואָס דו זאָגסט, אַז זי אַליין האָט אויך דעם דאָזיקן טעות געהאַט, דאָס וועלן מיר באַלד הערן טאַקע פון איר אַליין —

— מאַניאַ, מען דאַרף נישט —

— לאָז, מען דאַרף יאָ!

מאַניאַ האָט מיטן וווּנק צוגערופן זיין קליין ברודערל און אים גע־הייסן זיך צושיקן זשענקען. אין אַ מינוט אַרום איז זשענקע געקומען צו לויפן אַ פאַרסאַפּעטע, מיט פאַרפלאָמטע בעקלעך. מאַניאַ האָט איר אָנ־געוויזן אויף אַ פרייען פּלאַץ לעבן טאַמאַרען און געזאָגט:

— זשעניאַ, דו ביסט אויף מיר נישט ברוגז?

— אויף אייך ברוגז? פאַר וואָס?

— דערפאַר וואָס איך האָב זיך דערלויבט דאַמאָלסט, אין „אוני־ווערסיטעטסקי גאָראָדאָק" אַ ספּעקוליר טון אויף דיין אַדרעס, האַ?

— פאַר אַזאַ זאַך איז מען אויף אַ שוואָגער ברוגז? און ווידער,

ווער ווייסט? אפשר האָט פּונקט אָט דאָס מיטל אין אַ צייט אַרום גע־ווירקט?...

טאַמאַראַ האָט זי אַרומגעכאַפּט און צוגעפּרעסט צו איר האַרצן:

— זשענקע, קלוגע שוועסטער מיינע... לאָז, לאָמיך דיך אַ קוש טון אין דיינע פאַרשייטע פּיסקעס... ווי אַזוי איז דיר איינגעפאַלן אַזאַ זאַך, אַז דאָס איז נאָר אַ „מיטל״?

— און דו אַליין האָסט עס דען נישט פאַרשטאַנען? ווי אַזוי דען אַנדערש?...

טאַמאַראַ האָט זי אומאויפהערלעך געגלעט און געקושט, נאָר זשענקע האָט זיך אַרויסגעריסן און איז אַנטלאָפן צו די טאַנצנדיקע פּאָרלעך.

ביים פאַרליבטן פּאָרל האָבן זיך די הענט אינסטינקטיוו באַגעגנט, אָפּגעשיקט איינער דעם אַנדערן עלעקטרישע שטראָמען פון קאָפּ ביז די פיס און זיך ביז וויטיק איינגעקלאַמערט איינע אין די אַנדערע. די אויגן האָבן זיך ביי זיי מיד צוגעמאַכט. מאָניאַ האָט זיך אויף אַ ווייַלע דערזען אַ בלאָנדזשענדיקן אין דער זאַווערוכע, אויפן וועג אַהיים פון דעם „אוני־ווערסיטעטסקי גאָראָדאָק״. טאַמאַראַ האָט זיך אויף אַ ווייַלע דערזען אַ פאַרצווייפלטע שטיין אויפן ברעג פון טייך און עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי זעט ווידער, ווי צווישן די אייזבערגן גיט צו איר אַ ווינק אַ טייער פּלעמעלע — איר ראָזע בריוועלע צו מאָניען.

דער עולם האָט נאָך אַלץ אומדערמידלעך געטאַנצט. די פּאָדלאָגע האָט די גאַנצע צייט הכנעהדיק געקרעכצט און געזיפצט, די לאָמפּן האָבן יומטובדיק געשיינט, און... און שלמה האָט געבעטן וולאַדימירן — אַזוי ווי ער זיצט נעענטער פון אַלע צום שלאָפצימער — אַז ער זאָל אויפמאַכן דאָס ליכט און דאָס היינט אויף דער נאַכט מער נישט אויסשליסן.

# קאַפּיטל LIV

וולאַדימיר וויסבלאַט איז אפילו נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס מיינט שלמה טאַקע אים אַליין, און ער איז ווייטער טיף געזעסן אין זיין ווייבעפאָטער־שטול אַן איינגעוויגטער פון דער געמיטלעכער דערציילונג און פון דער זיסער היימלעכקייט, וואָס האָט אָנגעפילט דאָס צימער. שלמה האָט זיך צעלאַכט:

— נו, וולאַדימיר, איך האָב דאָך אייך עפּעס געבעטן. לאָזט וועל איך שוין אַליין.

ער איז לייכט אויפגעשפּרונגען פון זיין קיילעכדיקער שטול מיטן שרויף, מיט צוויי שפּאַן איז ער שוין אויסגעוואַקסן לעבן דער קנאָפּקע און האָט זי איבערגעדרייט. אַ שאַרפער ליכט־חלף האָט אַ פּאַכע געטון איבער אַלעמענס קעפּ און איז געבליבן הענגען אויף דער אויפגעוועקטער „חיה" פון בראָנזע און קרישטאָל. דאָס שוין פון לאַנג פאַרגעסענע ליכט האָט כהרף־עין פאַרשוועכט דאָס גאַנצע צימער, אַריינגעדרונגען בחורין ובסדקין, געצוואונגען אויגן זיך וויטיקלעך צו זשמורען, פּנימער — זיך צו קאָרטשען, אָבער ס'איז געווען קענטיק, אַז אַלע ביז איינעם זענען צופרידן מיטן אויסגאַנג פון דער געשיכטע. עס האָט זיך געפילט צווישן עולם אַ גייסטיקע באַפרידיקונג. אַלעמענס אויגן זענען געווען עדות פון דעם גרויסן הימלישן גנאַד, וואָס דער אויטאָר האָט דאָ ערשט אַרויסגעבראַכט אַזוי פאַרביק און פול מיט לעבן.

שלמה, האָט איבערגעכאַפּט פּאַליס אַ קוק און דאָס האַרץ האָט אין אים אַ צאַפּל געטון פאַר פרייד, וואָס זיין טרחה איז נישט געווען אומזיסט. דאָס אייז האָט נאָכגעלאָזט. די דאָזיקע אַנטפּלעקונג האָט אים צוגעגעבן פרישקייט און מונטערקייט.

לייב: חברים, פאַר וואָס שווייגן מיר? לאָמיר אים כאָטש אַפּלאָדירן ווי ער פאַרדינט...

אַלע הייבן זיך אויף פון זייערע ערטער און אַפּלאָדירן אים לאַנג שטייענדיק.

שלמה: וואָס פאַר אַ מחותן בין איך דאָ? דאָס פּליעסקעט איר בן־צפורן.

סאָפיאַ גריגאָריעוונאַ: הערט זשע, כאָטש איך אַליין האָב דאָס בוך נישט געלייענט, נאָר דאָך בין איך זיכער, אַז איר דערציילט אינטערעסאַנטער, ווי ער האָט עס דאָרטן אָנגעשריבן.

שלמה, שמייכלענדיק:

— ע, מאַלט אייך, אַז עס רעדט זיך נאָר אַזוי... מען קען דערציילן ווי גוט, פון דעסט וועגן אַ שרייבער, בלייבט פאָרט אַ שרייבער.

סעסיל פּעטראָוונאַ, מיט אָפענעם פאַרדראָס:

— און איר וואָס זענט? נישט קיין שרייבער?

— כ'מיין אַזוי. דערווייל בין איך נאָך אַ שרייבער אָן אַ פּאָרטפעל —

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: איר קענט צו קיינעם קיין טענות נישט האָבן. אין דעם זענט איר אַליין שולדיק. איר ווילט פשוט דעם פּאַרטפעל נישט נעמען. צי אפשר בין איך נישט גערעכט?

— אפשר זענט איר יאָ גערעכט, איך וויל זיך מיט אייך נישט שפּאַרן.

בעלאַ אַראָנאָוואַ: איר ווייסט, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, איך בין נאָך אַלץ אונטערן איינדרוק פון דעם אָנגענעמען, און בשלומדיקן עפּילאָג און טראַכט, אַז די דאָזיקע טאַמאַראַ פיינשטיין האָט פשוט אַ גויאישן מזל, וואָס עס איז איר געראָטן נאָך אַזאַ ענדגילטיקן רוגז צוריק צו געווינען איר מאַניען.

וולאַדימיר: אויף מיין וואָרט, איך האָב ערשט דאָס זעלבע געקלערט. ווייל אין לעבן טרעפן אַזעלכע נאָכגיביקע מאַניעס זייער זעלטן.

שלמה: איך מוז אייך זאָגן, מיינע הערן, אַז איר זענט גאַנץ שאַרפע און שטרענגע קריטיקער. איך אַליין, לייענענדיק דאָס בוך, האָב אויך אַ טראַכט געטון, אַז די ענדשפּיל ביי דעם בן־צפורן איז אַ ביסל צוגע־פּוצט. ניין, טאַקע ממש פריקרע זיס. שוין צו מילד מאַלט ער מאַניען. אומנאַטירלעך ווייך. אין לעבן, האַלט איך, זענען אָט די מאַניעס פיל טרוקענער, פיל וויניקער בייגעוודיק —

ביעלסקי: איר האָט געזאָגט „ענדשפּיל", איר שפּילט דען אין שאַך?

— מיט גרויס פאַרגעניגן, נאָר אין אַ פּאַסיקן מאָמענט.

— זעלבסטפאַרשטענדלעך, זעלבסטפאַרשטענדלעך... וואָס דען, איצט? ווער רעדט דערפון?

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: שלמה, גיט אונדז אייער אייגענע כאַראַק־טעריסטיק —

— מען האָט דאָך שוין דאָ גערעדט דערפון, וואָס זשע איז שוין ווידער?

— ניין, לאָזט אויסרעדן. איך רעד נישט פון דעם סוף, וואָס אין ביכל. איר זאָגט אונדז אייער וואָגיקע מיינונג וועגן אייער אייגענעם וואַריאַנט מיט אָט דער טאַמאַרעס שוועסטערל.

— איר ווילט וויסן מיין פּערזענלעכע מיינונג? סובר אני, אַז לויט זיין סטרוקטור און לויט זיין טעמפּעראַמענט איז דער דאָזיקער עפּיזאָד געבויט אַ־לאַ האַמסון, און לויט זיין אכזריות — אַ־לאַ פּעטליורא —

אין זאַל צעטראָגט זיך אַ לייכטער געמורמל. אויף פיל פּנימער מערקט זיך פאַרלוירנקייט און העכסטע שטוינונג.

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: אָך, ווי אָריגינעל און אייגנאַרטיק איר דריקט זיך אויס... ווי אַזוי האָט איר געזאָגט, פּעטליורע? כאַ־כאַ־כאַ! נאַ דיר גאָר פּעטליורע! פאַר וואָס זשע, אינטערעסאַנט צו וויסן, פאַראורטיילט איר אַליין אייער וואַריאַנט, וועלכן מיר אַלע האָבן געהאַלטן ממש פאַר אַ שעדעוור? אַזוי שטאַרק איז אייך דען געפעלן בן־צפורס עפּילאָג?

— דאָ האַנדלט זיך כלל נישט דערינען, צי ער איז מיר געפעלן, צי

נישט געפעלן. דאָ גייט אין דעם, וואָס מיין וואַריאַנט איז אַ פאַנטאַסטישער, אַ בנין של רוח, של דמיון, בן־צפורס דאַקעגן, איז דאָס לעבן בפועל־ממש, רעאַלע נאַטירלעכקייט. פאַר וואָס, האָט מען דאָ געפרעגט, עס האָט זיך אַזוי באַקומען, וואָס ביי מיר איז נולד געוואָרן אַ נעגאַטיווע ענדע פונעם ראָמאַן, און ביי אים אַ פּאָזיטיווע? אַן ענטפער דערויף קען מען געפינען אין דער באַקאַנטער מעשה מיט די צוויי פרויען און איין קינד ביי שלמה המלך. אַזוי ווי דאָס ווערק האָט געשאַפן בן־צפור, ווייטיקט ער, ווי אַן אמתער פאָטער, פאַר יעדן העלד פון זיין דראַמע, ער דערלאָזט נישט, אַז איבער עמעצנס אַ נאַרישער אַמביציע זאָל קאַליע ווערן אַ פּרעכטיקער בנין. אָבער איך ווי אַזוי האָב זיך נוהג געווען? איך בין דאָ אַ מחותן אויף אַ פרעמדער חתונה. איך האָב אויף דעם בוך קיין כוחות נישט פאַרלוירן. ווען איך זע, אַז מיט טאַמאַרען גייט דער ענין צו שווער, ווייל איך זיך גאָרנישט מוטשען, איך שטעל אונטער מאָניען עפּעס אַ זשענקע און — אַראָפּ פונעם מאַרק! ווי שטייט דאָרטן „כביכול״: ואומר להם: למי זהב... ויתנו לי... ואשליכהו באש ויצא העגל הזה... וואָס דען האָט איר געמיינט? אַ געשעפט האָב איך מיט זיי אַ גרויסן... אָבער בן־צפור... ער איז די אמתע מוטער פונעם קינד, ער ווייטיקט פאַר דעם עפּילאָג פון דעם בוך, דערייבער האָט ער טאַקע אויסגעטראַגן „פולע ניין חדשים״ און האָט געבראַכט אויף דער וועלט אַ זרע של קיימא. אָט דאָס איז דאָס. און פאַר וואָס, פרעגט איר, איך האָב עפּעס פונקט אָנגעכאַפּט פעטליורען ימח שמו וזכרו? ווייל ווען זיינע צעווילדעוועטע באַנדעס פלעגן אריין אין אַ יידיש שטעטל, איז גלייך נאָך דעם ווי זיי פלעגן מיט אומגעהערטע רציחות אומברענגען די יידישע נפשות, פלעגן זיי דערנאָך שוין האָבן אַזאַ באַנדיטסקע מנהג: צעשניידן, צעקאַרדאַשען אַלע בילדער אין די יידישע הייזער. ווו עפּעס אַ קונסט־ווערק, אַ שיינעם „מזרח״, אַן אויסגענייטן פּרוכת, אַ געצאַצקעטע חנוכה־לעמפּל, אַ געשניצט ארון־קודשל אָדער סתם אַ שיין משפחה־בילד — אַזעלכע זאַכן פלעגן זיי אומבארחמנותדיק צעפליקן אויף פּיצ־פּיצלעך, צעטרעטן מיט די פיס אָן אַ קאַפּ רחמנות, אָט פונקט ווי איך האָב דאָ פריער געטון מיט בן־צפורס ראָמאַן... כ׳האָב אָבער מורא, אַז יענע תלינים האָבן עס געמאַכט נאָך פיל ערגער פון מיר... עס זאָל זיי און זייערע קינדער נאָר נישט געשענקט ווערן...

סאָניאַ: דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, לאָזט אים שוין אָפּ! זאָל ער שוין וואָס עס איז נעמען אין מויל אריין. ס׳איז אַ נס, אויף מיין וואָרט, וואָס דער גאָרגל ברעכט זיך אים נישט איבער היינט אויף דער נאַכט... שלמה, האָט רחמנות אויף זיך אַליין, און שווענקט אַ ביסל דורך דעם האַלדז. טרינקט „לחיים״... אַזאַ אייזערנעם אויפדערנאַכט, און נאָך אויף אַ שמחה, קיין איין מאָל נישט טרינקען „לחיים״. ווו איז אַזוינס געהערט געוואָרן, האַ?

— וואָס זשע עפּעס נאָר איך? זאָלן אַלע טרינקען „לחיים״, דאַן וועל איך אויך —

— אלע, אלע האָבן שוין געטרונקען, נאָר איר איינער האָט אַלץ געהאַלטן אין איין אָפּליגן אויף שפּעטער...

װלאַדימיר גיסט אָן אַ פולן כוס משקה, שלמה מאַכט אַ ברכה און זופּט אָפּ:

— לחיים, רבותי, אָדער חברים, דאָס איז קיין שום נפקא מינא נישט, די כונה איז די זעלבע... וואָס זשע זאָל איך אייך ווינטשן? איך בין דאָך עפּעס אַ בעל־שמסקע אייניקל, קומט דאָך אויס, אַז צו מײַנעם אַ ווונטש הערט מען זיך ערגעץ צו... וואָס זשע זאָל איך אייך ווינטשן? זאָל איך ווינטשן, אַז קרעשטשאַטיק זאָל אַספּאַלטירט ווערן? טוט מען דאָס שוין במילא! זאָל איך ווינטשן, אַז ווען סאַמואיל לאַזאַראָוויטש וועט אָנ־שרײַבן זײַן נײַע אָפּערע, זאָל מען אויף איר פרײַ קריגן בילעטן? קען איך אַזאַ זאַך נישט ווינטשן, ווײַל דאָס איז אומ—מעגלעך! עס זענען אַרויס־געוואָרפן די רייד —

צופרידענע אויסגעשרייען און פריילעכע אַפּלאָדיסמענטן.

— זאָל איך ווינטשן, אַז ציבעלעס זאָלן ביליקער ווערן? האָט מיר שוין דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש פאַרשפּאָרט אַ גאַנג און האָט הײַנט אָפּגע־דרוקט אַ ידיעה פונעם „סאָוונאַרקאָם", אַז פונעם 15טן יאַנואַר ווערן אַלע ערדפּרוכטן און בוימפּרוכטן ביליקער אויף פינף און דרײַסיק פּראָצענט... וואָס זשע דען ווינטשט מען אייך פּאָרט? ווייס איך, וואָס עס וועט זײַן, וועט זײַן, לאָמיך אייך ווינטשן גאָר־גאָר אַן אַנדער זאַך. איך ווינטשט אונדז אַלעמען, אַז גאָט זאָל אונדז העלפן, מיר זאָלן שטענדיק און אַלע מאָל זײַן אויף אַזוי פיל קלוג און ווײַטזעענדיק, אַז ווען מיר האָבן זאַכן וועלכע זע־נען אונדז ליב און טײַער — און יעדער איינציקער פון אונדז האָט דאָך זיכער אַזעלכע קנינים און נפשות — זאָלן מיר וועגן זייער חשיבות וויסן בײַ צײַטנס, בעת מיר האָבן זיי נאָך אין אונדזער גבול, נישט מיר זאָלן ערשט געוווּיר ווערן וועגן אונדזער צוגעבונדנקייט צו זיי, ווען מיר פאַר־לירן זיי שוין... איך זע, אַז נישט אַלע פאַרשטייען מיך, וועל איך אייך געבן אַ משל —

בעלאַ אַראָנאָוונאַ: מיר פאַרשטייען, מיר פאַרשטייען... מיר האָבן צעקייעט דעם יאָדער. איר מיינט, אַז מיר זאָלן נישט זײַן ווי יענע טאַ־מאַראַ... מיר זאָלן לעבן מיט חשבון, וועלן מיר פאַרשפּאָרן צו שטאַרבן אָן ווידוי... איאָ דאָס האָט איר געמיינט?

שלמה מאַכט זיך נישט הערנדיק:

— ...וועל איך אייך געבן אַ משל. אָט האָב איך ברוך־השם בײַדע הענט. עס איז ממש אַ פאַרגעניגן. איך קען מיט זיי טון, וואָס איך וויל, אפילו דאַכט זיך, אָן אָקס איבערקערן. אָבער אַנו לאָמיך אַ מאָל פּרוּוון אויסרופן פאַר אַ געזעלשאַפט: „אַך, אַ דאַנק דעם וואָס לעבט אייביק דערפאַר, וואָס איך האָב מײַנע בײַדע הענט!" וועט מען מיר בפירוש אויפן אָרט גאָרנישט ענטפערן. פאַרקערט, מען וועט נאָך מן הסתם צו־שאָקלען מיט די קעפּ און מאַכן בשעת־מעשה פרומע פּנימער, נאָר אַוועק־

גייענדיק פון מיר וועט מען זאָגן: „ביי אָט דעם יונגנמאַן איז אין קאָפּ עפּעס נישט מיט אַלעמען". ווען מעג איך ערשט פריי רעדן וועגן די הענט? אַז מען שיסט אַראָפּ אויף דער מלחמה איינע פון זיי. אָ, דאַמאָלסט מעג איך פאַנטאַזירן אפילו פאַר דער גאַנצער וועלט: אַך, ווען איך האָב מיין צווייטע האַנט! אַך, וואָלט איך מיט איר וווּנדער אויפגעטון, וועלטן אי־בערגעקערט. נו, איז דען גוט אַזוי? אַ מער ווען איך האָב שכל פריער און דאַנק עטלעכע מאָל דעם אייבערשטן פאַר מיינע געזונטע הענט, וואָלט ער גאָר אפשר נישט צוגענומען ביי מיר איינע פון זיי? בין איך גערעכט, צי ניין?

דער עולם האָט טיפזיניק געשוויגן. שלמה האָט אויסגענוצט די שטיל־קייט און האָט שמייכלענדיק צוגעגעבן:

— צי אַזאַ משל: איך האָב אַ שוואַכקייט צו אָט דעם מנשהן. ווייסט מען דאָס. אהבת דוד ויהונתן... וואָס? יאָ, יאָ, איך מיין טאַקע אָט דאָס רבל, וואָס זיצט אַקעגן מיר און בראָקט אַן עפּל אויף דינע פּאַסיקלעך, טאַ־קע דעם זעלבן פּאַרשוין מיין איך. האָב איך אים שטאַרק ליב, אָן אַ פּאַר־וואָס און אָן אַ פּאַרוועז. דאָס איז מיינע אַ קרענק, חולת־אהבה אני... נו, פרעג איך אייך: וואָס פאַר אַ פּנים וואָלט איך געהאַט ביי זיך און ביי דער וועלט, ווען איך הייב פּלוצעם אָן דאַנקען דעם אייבערשטן דערפאַר, וואָס מנשה וווינט מיט מיר אין שכנות? דאָס וואָלט אויסגעזען זייער נאַריש, וואָס, ניין? אָבער ווען אָט דער זעלבער מנשה הייבט זיך פּלוצלינג אויף און פאָרט אַריבער אין אַן אַנדער שטאָט אַריין, וויפל געזונט וואָלט עס מיך געקאָסט... און אַז ער איז דאָ, דאַכט זיך מיר אויס, אַז אַנדערש קען גאָרנישט זיין, אַז ס'איז אַ הכרחיות, אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך און איך קוויק זיך גאָר דערמיט נישט. אָט דאָס זאָג איך אייך: מיר זאָלן זוכה זיין ביי גאָט, צו קענען שעצן אַלע אונדזערע טייערע זאַכן, ווען זיי זענען נאָך דאָ במציאות, פּונקט אַזוי גוט, ווי זיי וואָלטן אונדז באַנג גע־טון און ווייי געטון, ווען זיי וואָלטן פּלוצלינג פאַרשוווּנדן געוואָרן... לחיים, לחיים!...

לייב: או—וואַ! נאַש־בראַט קען זיך צעברעכן די ציין אויף אַזאַ לחיים. דאָס שמעקט שוין, דאַכט זיך, מיט פילאָזאָפיע, האַ?

סאָניאַ: וואָס טויג מיר יאָ פילאָזאָפיע, נישט פילאָזאָפיע, שלמה, בייסט שוין עפּעס צו. דאָס זענען געפּרווירענע בארן — אַ ווינטערדיקער טאָרט. נישקשה, איר מעגט פאַרזוכן —

— וואָס עפּעס נאָר פאַרזוכן? איך קלער בפירוש עסן —

— איך מיין טאַקע אויך, איר זאָלט עסן! אַז מען קען זיך גאָר ביי אייך נישט דערבעטן, איר זאָלט עפּעס נעמען אין מויל אריין. און הערט איר, שלמה? אויב איר ווילט וויסן מיין מבינות, קען איך אייך זאָגן אָט וואָס: איר זינגט דאָך גוט און שפּילט גוט, וואָס איז דאָ צו רעדן? נאָר פאַר אַ סטאַבילער פּראָפעסיע זאָלט איר פון דעסט וועגן אויסקלייבן צו זיין נאָר אַ שרייבער! ווייל די מלאכת־השרייבעריי —

ביעלסקי: אַט האָסטו דיר אַ באַפעל: נאָר אַ שרייבער! און אַ באַ־וווסטער זינגער אָדער אַ קאָמפּאָזיטאָר, איז שלעכט?

שלמה: איר דאַרפט זיך נישט בייזערן, סאַמואיל לאַזאַראָוויטש. איך אַליין האַלט אויך מיט אונדזער בעל־הביתטינקע. קיינער זאָגט נישט, אַז אַ קאָמפּאָזיטאָר איז שלעכט. אדרבה, דאָס גאַנצע פֿאָלק באַציט זיך צו אים מיט פיל אַכטונג, מען ווייזט אים אַרויס גרויס ליבשאַפט, אָבער אַ שריי־בער — דאָס איז, לויט מיין מיינונג, דער קיסר אין לאַנד!

וולאַדימיר: טאַקע אַ קיסר? נישט מער נישט ווייניקער?

שלמה: געראָטן! אַ שרייבער שטייט טאַקע פיל העכער פון אַ קיסר! קיסרים דעראָבערן זיך אַ וועלטנאַמען דורך מלחמות, דורך בלוט־פאַרגי־סונגען, און דעם שרייבערס אַרבעט איז אַ מלאכת־הקודש, אַ מלאכת־מחשבת... און ווי עס פירט זיך אַלע מאָל ביי „אנשי מידות", איז: במקום שאתה מוצא גדולתו, שם אתה מוצא ענותנותו. ער איז גלייכצייטיק אי אַ אינזשעניער פון נשמות, אי אַ פשוטער וועבער, אָדער נאָך בעסער — אַ מאָזאַיקער...

— אַ וואָס, זאָגט איר, איז ער?

אויף שלמהס געזיכט שווימט אַרויף אַ צויבערנדיק שמייכעלע:

— וואָס איז דען אייגנטלעך דער גאַנצער קונץ פון אַ שרייבער? ער איז נישט מער ווי אַ גוטער מאָזאַיקער! ער נעמט די פּאָר צענדליק אותיות, וואָס די אָדער יענע שפּראַך פאַרמאָגט, און שטעלט זיי אויס אַזוי קונציק, אין אַזאַ וווּנדערבאַרן סדר, אַז דאָס באַהערשט און באַצויבערט מענטשן און פעלקער, אַז דאָס האָט אַ קיום לדור־דורות... דאָס רוסישע פֿאָלק, גלייב איך, קען אַ מאָל אפילו פאַרגעסן פּיאָטר דעם ערשטן, נאָר קיין מאָל וועט דאָס פֿאָלק נישט פאַרגעסן פּושקינען און טאָלסטאָיען. עס וועלן אַ מאָל זיכער פאַרגעסן ווערן פיל גרויסע פירער פון אונדזער עפּאָ־כע, און אפשר אפילו די גאָר גרויסע, אָבער גאָרקי און שאָלאָכאָוו, אונד־זערע אָנגעזעענסטע פען־מייסטערס, זיי וועלן אייביק נישט פאַרגעסן ווערן. אַזוי איז דאָס! דער אמתער שריפטשטעלער איז דער גרעסטער וועלט־בירגער. אַזוי אַז ווען איך וואָלט אין רוסלאַנד געזוכט פאַר זיך אַ שטענדיקע פּראָפעסיע, וואָלט איך אין דעם פאַל געפאָלגט נאָר סאָניען און געפּרוווט צו ווערן אַ שרייבער...

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: פאַר וואָס עפּעס שטרייכט איר אונטער אין „רוסלאַנד"?

— ווייל די פראַגע וועגן שרייבעריי איז ביי מיר בלוטיק פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל. דאָרטן וואָלט איך זיך קיין איין מינוט נישט געקווענקלט און וואָלט זיך גלייך גענומען צו דער פען.

— כדי דאָרטן צו נעמען זיך פאַר דער פען, דאַרף מען דאָך נאָך פריער וויסן, צי זענט איר גענוג גוט באַקאַנט מיט דער שפּראַך פון יענעם לאַנד?

שלמה, מיט אַ ביטערן שמייכל:

— עט, נו, הלוואי האָלט עס שוין נאָר דערביי, ווי איך וואָלט זיך שוין אַן עצה געגעבן...

בעלאַ אַראַנאָוונאַ: זאָגט מיר, מאַעסטראָ פּיאַטיגאָרסקי, וואָס פֿאַר אַ מאָדנער געשמאַק איז ביי אייך? אַז איר האָט געוואָלט אָנרופֿן דעם בעסטן פֿון די שרייבערס פֿונעם עלטערן דור, האָט איר אָנגעכאַפּט טאָלסטאָיען; פֿונעם נייעם דור האָט איר געקרוינט שאָלאָכאָוון! שטייט דען דאָסטאָיעווסקי נישט העכער פֿון ליעוו טאָלסטאָי? שטייט דען אַלעקסיי טאָלסטאָי נישט צען מאָל העכער פֿון שאָלאָכאָוון?

פֿאָלי: פּכע! מיך וווּנדערט כּלל וכלל נישט פֿאַר וואָס שלמהס אויסוואַל איז גראָד געפֿאַלן אויף די דאָזיקע צוויי. טאָלסטאָיען האָט ער אויסגעקליבן דערפֿאַר, וואָס יענער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ גרויסע דערציילונג מיט צוויי וואַריאַנטן. דאָס איינציקע בוך, וואָס איך האָב אויף מיין לעבן באַגעגנט מיט פֿאַרשידענע — וואָס זאָג איך פֿאַרשידענע? — מיט קעגנגעזעצטע, היפּכדיקע עפּילאָגן, דאָס איז ליעוו טאָלסטאָיס דערציילונג: „דיאַוואָל". * און שאָלאָכאָוון האָט ער מזכיר־נשמות געווען דערפֿאַר, ווייל ער אַליין, שלמה טאַקע, איז אויך אַ שפּאָר ביסל אָנגעשטעקט מיט „שאָלאָכאָווטשינע", ווייל זיינע אייגענע שאַפֿונגען פֿאַרמאָגן אויך אין זיך אַ היפּשע דאָזע קאָזאַקישן טעמפּעראַמענט און כמעט קאָזאַקישע מעטאָדן...

סעסיל פּעטראָוונאַ, מיט אַן אומפּריינטלעך שמייכעלע:

— מיין באָבע, — אַ צדיקת געווען... איך האָב זי קוים געקענט... ווי דורכן חלום געדענק איך זי, — פֿלעגט האָבן אַ טבע אַזוי צו זאָגן צו אירע יינגלעך: קינדער, עסט ווי די גויים, נאָר אַבי דאַוונט ווי די יידן —

לייב האָט זיך צעלאַכט אויפֿן קול:

— חשובע רבותיטעס, איר האָט זיך, דאַכט זיך, אַ קאַפּעטשקעלע פֿאַרביטן מיט די טענות, צי עס ווייזט זיך מיר אויס?

פֿאָלי, מלא רציחה אויף זיך אַליין, האָט אַריינגעשטעקט די ציין אין דער אונטערשטער ליפּ:

— ס'איז שוין היינט אויף דער נאַכט נישט דאָס ערשטע מאָל, אַז זי רעדט וועגן שלמהן מיט אַזאַ לייכטקייט, ווי זי וואָלט דאָ גערעדט וועגן איר שלמהן... און דערצו נאָך דעם קאָמפּאָזיטאָרס טיגערין... מען דאַרף זיך היטן פֿאַר איר ווי פֿאַר פֿייער... ווי אַן אמתע אָווטשאַרקע, האָט זי שוין דאַכט זיך אָנגעשמעקט, ווער עס שטייט הינטער דעם פּאַלעסטינער ראָמאַן...

לייב צעשמייכלט זיך צו זיך אַליין און רופֿט זיך פּלוצלינג אָן:

— שטיל זאָל זיין! איר ווילט הערן אַ שיינס? שווייגט זשע, וועל איך אייך דערציילן. צוריק מיט אַ יאָר צען, אין זווענינאָראָדקע, דער זיידע מאָניש איז נאָך דאַמאָלסט געווען אַ ייד אַ „קאָזאַק", האָב איך איין מאָל גראָד באַקומען צוגעשיקט פֿון ניזשנע־נאָווגאָראָד, היינט — גאָרקי, אַ היפּשע פּאַרטיע שניטקראָם. גלייך מיט אַלע שניטקרעמערלעך, האָט אויך זיין פֿאָטער ביי מיר געקויפֿט אַ טייל פֿון דער סחורה. יאָ, אַ גרויסע פּאַרטיע סחורה האָט ער געקויפֿט. לויט דאַמאָלסטדיקע מאַסשטאַבן — גאָר

---

* אַ רוח, אַ שד.

א גרויסע. פלעגט ער, דער פאָטער זיינער, נעמען די סחורה ביסלעכווייז און לפי ערך, אויף אַזוי פיל אויך געבן געלט. אַזוי כסדר: געבן געלט און נעמען סחורה. נישט ווייל איך האָב אים חלילה נישט געוואָלט ארויס־געבן די סחורה אָן געלט, חס ושלום! נאָר ער אַליין האָט אַזוי געוואָלט. ער פלעגט פאָרן אויף יארידים, איינשטעלן די סחורה מיטן לעבן צוזאַ־מען, האָט ער נישט געוואָלט אויף אַזוי ווייט ריזיקירן... נאָר מילא, דאָס איז נישט וויכטיק. איך וויל אייך דערציילן אַן אַנדער זאַך. איין מאָל, אין אַ ווינטערדיקן פאַרנאַכט, איך גיב אַ קוק: פאַר מיין שטוב האָט זיך אָפּ־געשטעלט אַ ברעטלדיק שליטעלע. אויפן שליטעלע זיצט אַ קליין, שיין מיידעלע מיט עטלעכע זעק אין די הענט, און פירן דאָס שליטעלע פירט אַ יינגעלע נישט פיל גרעסער פון איר.

לייב דרייט זיך אוים צו שלמהן:

— שלמה, מיט וויפל ביסטו עלטער פון דיין דינהן?

— מיט צוויי יאָר.

— זאָג איך דאָך, ער איז אודאי אַלט געווען אַ יאָר עלף, צוועלף, נישט מער. און ער גייט אַריין אין שטוב אַריין מיט די דיבורים:

— דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז איר זאָלט אים געבן אָט דאָס צעטל סחורה.

און ער דערלאַנגט מיר אַ צעטעלע: אבקש ליתן דאָס און דאָס, כך וכך... ווי דער מנהג איז. איך באַטראַכט מיין פאַרשוין, די גרייס פון אים, און וווּנדער זיך: ווּעמען שיקט מען דאָ נאָך פינף און צוואַנציק שטיקלעך סחורה? און צו אים זאָג איך:

— ווי אַזוי זשע געטרויט מען אַזאַ קליין יינגעלע אַזוי פיל סחורה? מען קען דאָך ביי דיר אויפן וועג אויסכאַפּן.

— אַז מיין טאַטע פאַרלאָזט זיך אויף מיר, מן־הסתם ווייסט ער וואָס ער טוט, און אויסכאַפּן וועט אויך קיינער נישט, איך בין נישט איי־נער אַליין, איך בין געקומען אהער מיט אַ שוועסטער —

— טאַקע באמת? אָט די, וואָס זיצט דאָרט מיט די זעקלעך? עס איז דאָך אָבער ביי איר בלוי דאָס נעזעלע —

איז ער, דער קונד מיינער, דווקא נישט פון די איבערגעשראָקענע, און ענטפערט מיר גלייך אָפּ:

— איך גיי אייך נישט פאַרהאַנדלען איר נאָז און דערפאַר דאַרף אייך נישט אַרן, וואָס פאַר אַ קאָליר זי האָט. זאָגט בקיצור: איר גיט די סחורה, צי ניין?

— און געלט האָסטו געבראַכט, יינגעלע?

— ניין, דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז נאָכן יאריד וועט ער געבן...

— ווי אַזוי זשע קען איך דיר אַרויסגעבן אָן געלט?

— ניין, דאַרף מען נישט!

און ער מאַכט נישט קיין שהיות און ער לאָזט זיך גיין צו דער טיר. רוף איך אים שוין אויף צוריק:

— קום אהער, ייִנגעלע. גיב דו די סחורה וועל איך דיר יאָ, נאָר איך וועל ביי דיר נעמען אַ ראַספּיסקעלע... *

— מילא —

שרייב איך אָן אַ רוסישע ראַספּיסקע — איר קענט מיינען אויף אַן אמת, אַ ראַספּיסקע? אַ סוכּה־שער! אַן אשר־יצרל! אַ חספּא בעלמא. ** און דערלאַנג עס אים, אַז ער זאָל זיך חתמענען. הייסט ער קודם זיך עס איבערלייענען, לייען איך אים עס איבער. זעט ער, אַז עס איז אויף רוסיש, חתמעט ער זיך אויך אויף רוסיש. אָבער ווי אַזוי מיינט איר? מיט שפּיגל־כּתב... פון רעכטס אויף לינקס, אַזוי ווי ייִדיש. מיר האָבן זיך נאָך דעם געהאַלטן ביים בויך לאַכנדיק. דער טאַטע לשלום האָט נאָך דאַמאָלסט גע־לעבט, האָט ער די ראַספּיסקע באַהאַלטן אויף אַ ציקאַווועסט. קעגן וואָס זשע האָב איך אייך דאָס דערציילט? אַ־האַ, יאָ! איז ערשט אין גאַנצן צען יאָר פון דאַמאָלסט, און איצט רעדט זיך וועגן דעם, אַז ער קען זיין אַ שרייבער אויף פאַרשידענע שפּראַכן... אַך, יאָרן, יאָרן... עס ווייזט אויס, אַז נאָר איך מיט דיר, יאַני, זענען פאַרבליבן ביי אונדזער מוכר־תבואהדי־קער תּורה. אַזוי קומט דאָס אויס. ווי פלעגט מען ביי אונדז זאָגן: אַ פערד פאָרט אויס די גאַנצע וועלט און בלייבט אַ פערד...

יאַני: אַ שיינעם דאַנק דיר פאַר דעם פיינעם משל —

לייב פאַרשעמט זיך און בורטשעט אַרויס:

— אַ דאַנק פאַר אַ דאַנק. דו דאַרפסט זיך נישט באַליידיקן. וואָס איז, אויב איך זאָג פערד, מיין איך דען אַמתדיקע פערד?

יאַני, מיט אַ בלייכן שמייכל:

— ביי דיר גייט וואָס ווייטער, אַלץ קלוגער. זאָלסט מאריך ימים ונשים זיין, וואָס דו האָסט נישט געמיינט קיין אמתע פערד... ווי געפעלן אייך די מליצות זיינע?

— אָבער איך האָב דאָך נאָר געזאָגט קעגן דעם, וואָס שלמה גייט ווערן אַ שרייבער... אַ קוק טוענדיק אויף אונדז און אויף אים, האָב איך געזאָגט —

— ביסט גערעכט, ביסט גערעכט, קענסט איבערחזרן דיין מליצה...

שלמה: לייב, באַרואיקט אייך. נעמט נישט איין קיין יסורים פון מיר. דיה לצרה בשעתה, נאָך נישט מאָרגן ווער איך שוין אַ שרייבער. ווי מיר האָבן פריער גערעדט, אויב דאָס וועט יאָ אַ מאָל געשען, איז סיידן אין ארץ־ישראל —

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: פון אַזעלכע אומפאַראַנטוואָרטלעכע רייד טראָגט מיך אַזש אויף אין דער לופטן... איר זאָגט ארץ ישראל. מיט אַט דעם דאָזיקן דור ווילט איר פאָרן קיין ארץ־ישראל?

— דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, ערגערט זיך נישט אַזוי. דער דאָזיקער

---

* אַ חתימהלע, אַ וועקסעלע.

** געמיינט: עס האָט אַ ווערט פון אַ צעבראָכן שערבעלע.

דור איז אויך אַ דור. מען דאַרף צו אים מער נישט האָבן ווי איין גוט ווינטעלע...

— אָבער איר האָט דאָך קיינעם נישט! איך שמועס שוין נישט פון די מאַסן, איר האָט דאָך אפילו נישט קיין אָנפירער...

און מיט אַ שפּאָטיש שמייכעלע:

— אינטערעסאַנט, „נאַסטאָיאַשטשיע" * רבנים זענען נאָך עפּעס פאַראַן ביי יידן?

שלמה מיט אַ בתמימותדיקער פאַרחידושטקייט:

— אָט זיצט דאָך אַקעגן מיר אַ זעלטענער עקזעמפּלאַר פון די דאָזיקע אויסדערוויילטע: מנשה כאַדאַראָוו, האַלט איך, איז אַן ערשט־קלאַסיקער „ארכיערעי"...

אַן אַלגעמיינער געלעכטער אין זאַל.

שלמה: ...און איר זאָלט נישט מיינען, אַז אָט דעם ראַנג האָט ער געפונען אויף דער גאַס — פּאַוואָליע, נישט געכאַפּט! אַנו פּרוווט איר געפינען אַ רבנישע יאַרמלקע אויף דער גאַס, וועט איר זען, ווי גרינג עס איז. ער, מיין אָרעמער קוזין, האָט זיך נעבעך גוט־גוט אָנגעמוטשעט אין קעשעניעוו, געמוזט טרינקען בעסאַראַבער וויין אָנשטאָט וואַסער, עסן מאַמעליגע פון פּאָפּשוי־מעל ביז פּלאַצן, און פּאַר אַ נויט — לערנען אויך אַ ביסל... און ערשט דערנאָך... העט־העט שפּעטער, אַז גאָט האָט אויף אים רחמנות געהאַט און דער אַלטער כמעלניקער רב איז אַוועק אויף דער אמתער וועלט, און עס איז געווען אַ סכנה, אַז עס וועט חלילה נישט זיין, ווער עס זאָל שבת־הגדול זאָגן אַ דרשה אין שול. ווער שמועסט טאָמער נישט דאָ געדאַכט, נישט קענען נאַכט דערמאָנענדיק, פאַרליבט זיך נאָך אַ יינגל אין אַ מיידל, צי אפילו פאַרקערט —

אַן אויפרייס פון געלעכטער אין זאַל. מנשה אַליין לאַכט שטאַרקער פון אַלע.

שלמה: ...ביי אַזאַ שרפה, רחמנא ליצלן, איז דאָך די סכנה אויף אַן אמת גרויס. גיי הייב אָן ארויסרופן אַ רב פון אַ פרעמד שטעטל... זיי זענען דאָך שטאַרק רירעווודיקע פאַרשוינען, די משרתים בקודש... פאַר איין שעה מאַכט ער אייך צוויי שפּאַן און מידט זיך אפילו נישט איין! און דאָ מיט דעם יונגוואַרג איז עפּעס אַ שפּילעכל? זאָל גאָט שומר ומציל זיין! מען וועט ארויסרופן אַ רב צו דער חופה, ביז ער וועט זיך אויסקלייבן צו קומען, וועט ער שוין גאָר זיין סנדק —

אַ הילכיקער געלעכטער טרייסלט אויף דעם גאַנצן זאַל. מנשה דראָט שלמהן מיטן פינגער און אַליין ווישט ער אַזש אָפּ אַ טרער פון פיל לאַכן.

שלמה: ...אָט דאַמאָלסט, ביי דעם דאָזיקן היסטאָרישן קריזיס האָט העל אָנגעהויבן צו שיינען מנשהס מזל... די פאַרזאָרגערס פונעם שטעטל האָבן זיך מיט אַ מאָל דערמאָנט, אַז אויף דער באָנדערשער גאַס זיצט אַ

---

* אמתדיקע, ווירדיקע.

יִיד מיט אַ „קנאַפּער"* איבער דער גמרא און פון גרויס חריפות ציט ער אַ ליפּ... אַ ייִד, וואָס איז אַ גרויסער מבין אויף פּופּקעס מיט נאָדלען... אויף לייטישע הינער, כ'מיין: אַ הון אָן אַ גאַל... פאַר אַ נויט וועט ער אויך אַכטונג געבן בשעת עמעצער וועט כשרן די מיל אויף פּסח... די פאַרליבטע פאַרלעך וועלן שוין נישט האָבן קיין תירוצימלעך, כנהוג... און נאָך הונדערטער טעמים, אויף וואָס אַ רב קען צו נוץ קומען...

בקיצור, עס האָט אים געשפּילט דאָס מזל און מען האָט אים גע־קרוינט פאַר דעם עלטסטן רב אין ק"ק כמעלניק תובב"א. נאָר אַזוי ווי עס איז דערווייל נישט געווען קיין יינגערער רב, איז ער שוין פאַר איין וועגס געווען אי דאָס, אי יענץ... מען האָט אים מיט גרויס פּאַראַד, אַראָפּ־געפירט דורך די גויאישע קוזניעס אין גרויסן בית־המדרש אריין, — פאַר־דאָן, איך האָב געוואָלט זאָגן: נישט מיט גרויס פּאַראַד, נאָר מיט גרויסע קאַלאָשן אויף די פיס, ווייל ס'איז דאַמאָלסט פּונקט געווען אַ בלאָטע, סכנות נפשות! — און מען האָט צונויפגעשטעלט אַ כתב מיט אַ סך פּאַראַגראַפן, סעיפים גדולים און סעיפים קטנים, אות באות ווי ביי לייטן פירט זיך:

1) על דעת המקום ועל דעת הקהל, בלייבט ער געזונטערהייט וווינען אין דער אַלטער דירה;

לייב: שוין איין מאָל אַ פּאַטשאַטאַק —

2) עס אַרט נישט קהל, אויב ער וועט טראָגן דעם אַלטן פּידזשאַק מיט די אַלטע, געלאַטעטע הויזן, דער עיקר, גוט אַכטונג געבן ווו זיי זענען אויסגעריבן, כדי עס זאָל זיך ביי אים חלילה נישט אַרויסזען „יענע מעשה"...

דאָס צימער ציטערט ממש פאַר געלעכטער. אייניקע קלאַפּן פּשוט מיט די פיס אין פּאָל, אַזוי ווי מען קלאַפּט המנען. איין שלמה איז ערנסט און קאַלטבלוטיק, ווי די לבנה צום „כשם שאני רוקד". ער דערציילט וויי־טער, ווי ער זאָל לייענען פון אַ כתב:

3) קיינער הייסט אים נישט בייטן דעם כסדרדיקן מעניו. אדרבה, טייגלעך פון קאָרנמעל מיט ראָבע פּאַסאָליעס איז אַ גענוג דעליקאַט מאכל צום מאָגן, און ביי אַ רב איז איינער פון די וויכטיקסטע ענינים — דער מאָגן...

דער עולם האַלט זיך ביי די זייטן לאַכנדיק.

4) קהל גיט אים דאָס וואָרט, אַז זיי מאָנען ביי אים נישט, ווי ביי די אומות־העולם, להבדיל, פירט זיך, ער זאָל פאַר זיי פּראַווען, נישט קיין בעלער, נישט קיין „אימענינעס"... וואָס דען, שמחת־תורה, אויב ער וועט זיי וועלן רופן אויף קראָפּן, אָדער חנוכה אויף לאַטקעס, מהיכי־תיתי, וועט מען זיך נישט לאָזן לאַנג בעטן;

לייב: אַראָפּ אַן עול פונעם קאָפּ —

5) טאָמער טרעפט זיך, אַז עמעצן גלוסט זיך גראָד אים צו שיקן חנוכה־געלט אָדער משלוח־מנות, אָדער גאָר אַ ביסל דרייבלעך פון אַ

---

* אַן אַרויסשטאַרטשנדיקער גאָרגל.

גרויסער שחיטה געגדז, מעג ער מיט זיין פאמיליע עס אויפעסן געזונטער־הייט און דאַרף זיך מיט קיינעם נישט טיילן.

לייב: יידישע הערצער קען מען גאָר נישט אָפּשאַצן —

6) קיין צדקה וועט מען ביי אים נישט מאָנען, און אויך ער זאָל ביי קיינעם נישט מאָנען — קוויט!

לייב: פון אַזוינע הבטחות קען מען שוין באַלד מאַכן אַ לעבן —

7) טאָמער מאַכט זיך, אַז ערב־פּסח פאַרגעסט עמעצער פון די בעלי־בתים צו פאַרשרייבן אין חמץ פלעשער פון בראָנפן, אָדער אַנדערע כלים־חמוצים, מוז זיי יענער נאָך יום־טוב ברענגען צום רב און דער רב דאַרף זיי צעברעכן אויפן גאַניק פונעם בית־מדרש, מיטן אייבערשטן פון דער פּסחדיקער סטעפּקע, נאָר בשעת־מעשה דאַרף ער למען־השם זיין זהיר וזהיר, ער זאָל זיך חלילה נישט צעקאַליעטשען די הענט...

לייב: ווי דען, רחמנות איז דאָס ערשטע —

8) טאָמער דאַרף אַ ייד למזל־טוב פּראַוועו אַ פּדיון־הבן, און האָט נישט לאָ עלינו, וואָס צו געבן דעם כהן אָנשטאָט דמי־הפּדיון, מעג נישקשה דער רב אים אַנטלייען זיין זילבערנעם בעכער און קהל איז אים ערוב בכל מיני ערבות, אַז שמערל דער כהן איז נישט קיין גזלן און ער וועט אים אומקערן דעם בעכער בשלמות.

לייב: מזומנע פּרנסה, וואָס טויג דיר —

9) טאָמער מאַכט זיך, אַז אַ פאַרפאַלק לאָ עלינו גט זיך, און אין אַ צייט אַרום באַקומען זיי חשק זיך צוריק צונויפצוגיין, נאָר זיי פאַרמאָגן נישט אויף קיין רח״ש פאַר חופּה וקדושין, מעג דער רב, נישקשה, אָפּ־זינגען די עטלעכע שורות אָן געלט. עס וועט פון אים גאָרנישט אָפּפאַלן. ער וועט דערפון מאָגערער נישט ווערן. מיט קיין געלט ווערט מען נישט געבוירן און מיט קיין געלט שטאַרבט מען נישט! דער אייבערשטער וועט אים ממלא זיין כפל כפלים...

לייב: נו, אַ ווינטש איז גאָרנישט?

10) טאָמער פאַלט אים איין אַ משוגעת אַ חתן צו ווערן, זאָגט קהל: ידי מסולקת! מיר מישן זיך נישט, טוט, ווי אייך געפעלט. חתונה האָבן האָט אָנגעזאָגט די תורה־הקדושה, און די תורה־הקדושה איז עלטער און קלוגער פון כמעלניק... לכן, איז נישט אונדזער עסק, אַ חתן — איז אַ חתן...

לייב: מעשי־ניסים, זאָג איך אייך —

— נאָך אָט די דיפּלאָמאַטישע „עשרת בני המן", איך מיין: עשרת־הפּונקטן, זענען געגאַנגען פאַרריכטונגען און פאַרריכטונגען צו די פאַר־ריכטונגען. בקיצור, אין שטעטל איז געוואָרן אַ הונגער אויף טינט. אַ דאָק־טער האָט נישט געהאַט מיט וואָס אַ רעצעפּט אָנצושרייבן. ווען אָט די גאַנצע „פּיסאַנינע"* איז געוואָרן פאַרטיק, האָט מען זי פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער אין כמעלניקער סייף, און מנשה איז געוואָרן אין שטעטל

* שרייבעכטס.

א מלך. וואָס שמייכלט איר? מאַן מלכי — רבנן! איז ער געוואָרן א מלך, אָבער ווי אַזוי מיינט איר אַ מלך? מיט אַלע ת"גן! יום־כּפּור האָט מען אויף אים געוואָרט מיט כל־נדרי; צו „עלינו" פלעגט מען אים מכבד זיין מיטן ערשטן שפּיי; עס איז נישט געווען די יידענע, וואָס זאָל צו אים נישט קומען זיך באַווייזן מיט איר למדנות. און שטעלט אייך פאָר, אַז ער האָט סבלנותדיק מיט יעדן איינעם געהויזט. אַזאַ מענטש איז דאָס, ער איז קיין מאָל מיט קיינעם נישט ברוגז. אָט למשל זיץ איך שוין באַלד אַ האַלבע שעה און מאַך חוזק פון אים, עס הייסט אייגנטלעך, מאַך איך חוזק פון זיך אַליין, וואָרעם פרעגט מיך בחרם, וואָס איז מיט מיר היינט אויף דער נאַכט די גדולה, ווייס איך אויך נישט. דער נאַר שטופּט מיך — און שוין... ווען עס זיצט דאָ ביים טיש אַ פרעמדער, וואָלט ער נאָך געקענט מיינען, אַז איך בין חלילה מזלזל בכבודו, צי איך ווייס וואָס... מיינט איר אפשר, אַז ער איז כאָטש אַ קאַפּעטשקע ברוגז אויף מיר? איך קען אייך שווערן, אַז ניין. שאַט, איאָ איך האָב אייך דאַכט זיך ערשט געזאָגט, אַז דאָס אָפּלאַכן פון אים איז אַ נאַרישקייט, פון דעסט וועגן מוז איך אייך נאָך דערציילן אין צוויי ווערטער, ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען דער לעצטער „זיי געזונט" פון זיין רבנישן כתר־מלוכה. אין יאָר 1928, ווען מען האָט אָנגעהויבן צו נעמען אין „חדר" אַריין רבנים, גלחים און קולאַקעס, האָט ער נעבעך אויך געמאַכט די פליטה. פריער קיין זוועניגאָראָדקע און דאַן שוין אַהערצו. אין קיעוו, ווי באַוווּסט, איז געווען זייער שווער אָנצוקומען אויף אַן אַרבעט אָן אַ ספּראַווקע,* אַז מען איז נישט געווען קיין נעפּמאַן, איז זיך מנשה מיישב, איז זיך נישט שואל־עצה ביי קיינעם און שרייבט אָן גלייך אין שטאָטראַט אַריין, אַז מען זאָל אים צושיקן אַ ספּראַווקע וועגן דעם, אַז ער האָט קיין מאָל נישט געהאַנדלט. מיינט איר אודאי, אַז ער האָט נישט באַקומען? באַקומען! נאָך אַן אָפּגעדרוקטע אויך. מיט אַ שטעמפּל. מיט אַ רויטן אונטערשריפט, אַלץ ווי גאָט האָט געבאָטן. נאָר הערט, וואָס דאָרט איז געשטאַנען:

„אַרויסגעגעבן דעם און דעם, אַז קיין קולאַק איז ער נישט געווען, אדרבה, אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס. קיין סוחר איז ער אויך קיין מאָל נישט געווען, וואָרעם — ווער וואָלט מיט אים געהאַנדלט? אפילו וואָלרעכט וואָלט ער אויך געווען געהאַט, נאָר דער איינציקער פלעק זיינער איז, וואָס ער האָט געאַרבעט אין שטעטל אַלס רב — "

אין זאָל פּלאַצט אַרויס אַ פריש געלעכטער. מנשה נעמט אַרויס פון זיין טייסטער די אָנגערופענע ספּראַווקע, און ווייזט יעדן איינעם, אַז אַזוי שטייט בפירוש: „געאַרבעט אין שטעטל אַלס רב".

ביי אַלעמען אין די אויגן שטייען טרערן פון לאַכן.

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: נו, איר קענט זיך טאַקע איבערנעמען. מיט אַזעלכע רבנים קען מען שוין גיין פאַרנעמען אַ לאַנד —

* אַ שיין, אַ צייטווייליקער דאָקומענט.

שלמה: און איר מיינט, אַז ניין? אָ־אָ! נאָך ווי אַזוי פאַרנעמען! איר קוקט אָן אַט דעם מנשהן? פאַרמאָגט ער אין זיך דינאַמיט, גלייבט מיר, פאַר אַ פּאָר צענדליק אַנדערע גענערעלער. איר מיינט, אַז ס׳איז אַזוי לייכט צו באַקומען דעם טיטול „רב״? פּאַוואָליע מיט דער משא! לא כל הרוצה ליטול את השם יטול...* אַ שטייגער למשל: זאָל זיך אייך פּלוצ־לינג פאַרגלוסטן צו פאַרנעמען אַ כסא־הרבנות, וועט מען אייך בכבוד גדול זאָגן: יונגערמאַן, זייט אַזוי פיל גוט און טראָגט זיך אָפּ מיט אייער בינטל ביינער... דער כתר־הרבנות איז אַן עטרה שאינה הולמתך... ** איר קענט אייך לאַכן וויפל איר ווילט, אָבער וואָס אמת, איז אמת. דעם ראָזיקן נאָמען וואָלט מען נישט געגעבן נישט מיר, נישט אייך, און אים יאָ!

— נו, נו, מהיכי־תיתי, זייער אָנגעלייגט... און ווייטער זענען נאָך דאָ ביי אייך שוחטים? שחיטה־הייזער?

— שוחטים יאָ, נאָר קיין שחיטה־הייזער נישט —

— וואָס הייסט: נישט? ווו זשע דען נעמט מען פלייש?

— ווער זאָגט אייך דען, אַז מען נעמט? מען נעמט טאַקע נישט!

— איך פאַרשטיי נישט, ווי אַזוי זשע לעבט מען אָן פלייש?

— אָט ווי איר זעט. מען לעבט מיטן אייבערשטנס הילף און מען איז געזונט און שטאַרק.

— איך שטעל זיך שוין פאָר, וואָס ביי אייך הייסט געזונט און שטאַרק... נישט עסנדיק קיין פלייש מוזט איר האָבן אַזוי פיל כח וויפל די פליגן.

— אַזוי? איר ווייסט דאָס אויף געוויס? גלייבט מיר, הגם איך דערגרייך אייך נאָר ביזן אַקסל, דאָך ווינטש איך אייך נישט, אַז איר זאָלט זיך אַ מאָל פּאַקן צו מיר אין די הענט אַריין...

— איך — צו אייך? איר שפּאַסט פון מיר? צי אפשר מיינט איר — פאַרקערט?

— גאָט באַוואָר! וואָס זענען מיר עפּעס: יינגעלעך, צי וואָס? און טאָמער ווילט איר דווקא אַן אילוסטראַציע צו מיינע רייד, קענט איר זיך גלייך איבערציינגן, צי איך שפּאַס, צי איך זאָג ערנסט —

— איך קען נאָך אַלץ נישט גלייבן, אַז איר זענט טאַקע אויף אַן אמת אַ בעלן זיך מיט מיר צו פאַרמעסטן די כוחות. איר לאַכט נישט?

שלמה ענטפערט אים נישט, נאָר ער צעשפּיליעט זיך שמייכלענדיק און וואַרפט אַראָפּ דעם פּידזשאַק. דאַוויד סאַלאָמאָנאָוויטש שפּרינגט אויך אויף אַן אויפגערוימטער. אַלע שטעלן זיך ראש אויף פון די ערטער, און קוקן צו דערשטוינט ווי די „אַטלעטן״ מאַכן ערנסטע הכנות. פרידמאַן גייט צו, לייגט אַרויף שלמהן אַ האַנט אויפן אַקסל:

---

* נישט יעדער וואָס וויל אָט דעם נאָמען, קען אים פריי נעמען.

** אַ קרוין וואָס פּאַסט דיר נישט.

— נו, צו וואָס נוצט דאָס דיר, שלמה ?

— עס נוצט יאָ ! מען דאַרף זיי ווייזן, אָט די אויפגעקלערטע, אָט די קרוב־למלכותדיקע בעלי־בשר, אַז אונדזערער אַ כשרער ביסן כאָטש ער איז אַ מאָגערער, גיט ער מערער קראַפט פון זייערע אָקסן מיט די חזירים.

פרידמאַן, אויפן סאַמע אויער :

— וואָס, אָט דעם חבר טולטשינסקי קלערסט דו מנצח צו זיין ? אָט דעם וואָלקנקראַצער ?

— און דו קלערסט אַנדערש ? רוק זיך אָפּ פון מיר, ביסט אַן אפי־קורוס! קוים גלייבסטו נישט אין נצחון הרוח על הבשר, האָב איך מיט דיר כּלל נישט וואָס צו רעדן.

— הער אויף צו רעדן שטותים און אָנווייזן אויף זיך : אני הגבר —

— גיי דיר, פלאַטער נישט אַזוי פאַר מיין פּעלעכל... פאַרגעס נישט, אַז איך האָב אַ מזומנעם שאַנס קעגן מיין בר־פּלוגתא —

און אַזוי שטיל, אַז נאָר מנשה און פרידמאַן האָבן אים געקענט דערהערן :

— ...איך קען אים אָנגרייפן אויף אַזאַ זאַנע, וווּ ער קען דאָס בשום אופן נישט טון...

— ?

— איך מיין אויף דעם אָרט וווּ ביי אים איז נאָך בויך, און ביי מיר איז שוין לופט...

אַלע דריי פּלאַצן אַרויס מיט אַ געלעכטער. פרידמאַן כאַפּט אים אָן פאַרן פּאַסיקל:

— פּאָלג מיך, מען דאַרף נישט. ס'איז אַ נאַרישקייט...

— מילא, וואָס קען דאָרט זיין ? אַ גאַנצן אויפדערנאַכט האָב איך געטון בלויז חכמות, לאָמיך באשמורה השלישית טון כאָטש איין נאַריש־קייט.

מנשה : משה, לאָזט אים אָפּ, דעם שוטה ! איר זעט דאָך, אַז ס'איז אין אים היינט, לא עלינו, אַריין דער דיבוק...

Не зачепай пяннoго, сам упаде.*

שלמה, מיט אַ שפּאָטיש שמייכעלע :

— אַז איר ווילט אונדז שוין יאָ מכבד זיין מיט אַ קלוג וואָרט, קענט איר דאָך דאָס זעלבע זאָגן בשם הגמרא: שבקיה לרויא, דמנפשיה נפל! **

און צום קאָמפּאָזיטאָר :

— חבר ביעלסקי, ווי אַ זאַך מאַכט זיך, וועט איר שוין דאָרט אָפּ־האַלטן אַ פּאַניכידע *** נאָך מיין זינדיקער נשמה —

אַלע שיסן אויס מיט אַ געלעכטער. די שטימונג ווערט אַ פייערלעכע, אָבער אַלע זענען פריילעך.

---

* טשעפּע נישט דעם שכור, ער וועט אַליין אומפאַלן. אַן אוקראַאיניש פאָלקסווערטל.

** בוכשטעבלעך די זעלבע טייטש, וואָס דאָס אוקראַאינישע ווערטל.

*** אַ הספּד מיט געזאַנג.

# קאפיטל LV

דאוויד סאָלאָמאָנאָוויטש גייט ארויס אויפן „פלאַץ", וואָס אַלע פאַר־זאַמלטע האָבן שוין באוויזן ארומצורינגלען, אַ פּאַרטיקער מיט פאַרקאַטשע־טע ארבל. שלמה בלייבט אין אויבערהעמדל מיט פאַרשפּיליעטע מאַנזשעטן. ביידע קעמפער קוקן זיך אָן ווי די הענער.

לייב פאַרנעמט שלמהן אויף אַ זייט און זאָגט אים שטיל אין אַ האַלב שפּאַסנדיקן, האַלב ערנסטן טאָן:

— שלמה... איך מיין גאַנץ ערנסט... אפשר האָסטו זיך אַ ביסל צו־געאיילט מיט דיין דועל? גיב נאָר אַ קוק, וואָס פאַר אַ פיין ליובל קיין עין הרע, ער טראָגט אויף זיך —

— נאָך אַ פיינערס ווי גלית?

ביידע צעלאַכן זיך. לייב האַלט זיך אָבער ביי זיינעם:

— פאָלג מיך, האָסט קליינע שאַנסן... מען דאַרף, דאַכט זיך, זיין אָן אויגן —

— לייב, רעדט נישט קיין שטותים. איך האָב שוין אין מיין לעבן אוועקגעלייגט מענטשן מיט וואָרעמערע פעלצלעך ווי דאָס, וואָס אויף אים... ביי אונדז אין קאַמער איז געווען איינער אַ בריגאַדיר — וואַסיוק... איי, ס'איז אַ לאַנגע מעשה, נישט אויף איצט...

ער איז צוגעגאַנגען צוריק צום רעדאַקטאָר און האָט זיך לאַכנדיק אויסגעצויגן פאַר אים „סמירנאָ".

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: נו, מיסטער, ווי אַזוי שלאָגן מיר זיך, אויף לעבן אָדער אויף טויט?

שלמה, לאַכנדיק:

— מיר איז אַלץ איינס, אויף לעבן, צי אויף טויט. מילא, זאָל שוין זיין אויף לעבן, אויך די אייגענע מעשה... איר קענט מיר פאַרגלייבן, אַז איך זאָל פאָרלייגן די באַדינגונגען?

— מיטן גרעסטן כבוד, איך הער אייך ווי אַ געהאָרכזאַמער שילער.

— ערשטנס: קיין איין קלאַפּ נישט נעבן איינער דעם צווייטן, נאָר אָמפּערן זיך. האָט איר נאָרנישט קעגן?

— אָן אַנדער ברירה האָב איך מיט אייך? איך וואָלט דאָך אייך מיט איין קלאַפּ געבראַכט אין אייער ארץ־ישראל —

— קיין ארץ־ישראל איז בפירוש אַ גוטע זאַך, נאָר מיר וואָלטן נאָך געזען — ווער וועמען? אַלנפאַלס, ביז עפּעס וואָס בלייבן מיר ביידע קיע־ווער און קיינער פון אונדז פאָרט נישט קיין ארץ־ישראל. מסכים?

— מסכים. און ווייטער וואָס?

— ווייטער... נאָר שלאָגט נישט איבער. די ענדשפּיל רעכנט זיך ערשט דאַמאָלסט, ווען איינער לייגט אוועק דעם צווייטן מיטן פּנים אַראָפּ און מיטן ביילעק ארויף און שטעלט ארויף זיין קני אויף יענעמס פלייצע. אָט דאָס איז דער פיניש!

— ז־ז־זאַמיעטשאַטיעלנאַ! פּראָדאָלזשאַיטיע —

— סלושאַיום! פּראָדאָלזשאַיו: די שפּיל חזרט זיך איבער צוויי מאָל, עלעהיי: אודך... אַזוי דאַכט זיך, האָבן זיך נוהג געווען אַלע פּאַטענטירטע שלעגערס פון אַלע צייטן און אַזוי וועלן מיר זיך אויך נוהג זיין. יעדער איינער פון אונדז וועט על־פּי־גורל זיין אין איין טור אַן אָנפּאַלער און אין צווייטן — אין דער פּאַרטיידיקונגס־פּאָזיציע, און ווי גאָט וועט שוין פירן... דער מאַקסימאַלער טערמין פאַר איין סעאַנס איז פופצן מינוט! אויב ביז דאַמאָלסט גיט זיך דעם אָנפּאַלער נישט איין צו באַקעמפן דעם קעגנער — האָט ער נעבעך פאַרלוירן דעם קריג, והיה למס עובד... איצט בלייבט נאָך אַ קליינִיקייט: מיר נעמען אַ מטבע און וואַרפן זי אין דער לופט. דער קאָפּ איז אייערער — אַ סימן, אַז איר זענט אַ רעדאַקטאָר פון אַ מלוכהשן אָפּיציאָז; דער אָדלער איז מיינער — אַ סימן, איך וויל דאָך אוועקפליען אין מיין ארץ־ישראל. וועמענס זייט עס וועט פאַלן פון אויבן, דער פּאַלט אָן דער ערשטער, און גאָט זאָל זיין מיט אים. איצט בעטן מיר דאָס געערטע פּובליקום, זיין אַזוי פיל גוט און זיך אָפּרוקן צום שפּיגל. איר אויך, לייב! קיין סעקונדאַנטן דאַרפן מיר נישט, ווייל קיין הרוגים וועלן דאָ, אם ירצה השם, נישט זיין. נאָך אַ ביסעלע, חברים. מיכאל, נעם צו דאָס בענקל פונעם וועג, אָט אַזוי! אַצינד, ווער פון אייך האָט אַוועלכע עס איז מטבע?

אַלע האָבן זיך פאַרלוירן איבערגעקוקט און געשוויגן. קיינער האָט נישט געהאַט קיין קליינגעלט.

שלמה: וואָס שווייגט איר? שוין זשע האָט נישט קיינער פון אייך קיין ווייסן פּערציקער? סאָניאַ, ביי אייך אין אַ שופלאָד האָט זיך ערגעץ נישט פאַרוואַלגערט —

— וואָס קויפט מען היינט פאַר אַ פּערציקער? שטעלט אייך פאָר, אַז איך האָב טאַקע נישט. איך געדענק שוין גאָר נישט דאָס יאָר, ווען איך האָב געזען אַ פּערציקער פאַר די אויגן.

וולאַדימיר: מילא, וואָס קען מען העלפן? וועט מען מוזן מאַכן די קונץ מיט אַן אַסיגנאַציע. נאַט אייך אַ דרייערל.

שלמה גיט אויף אים שפּאָטיש אַ קוק:

— הם, נאָך אַ טאָרגסינאָוויעץ אויך צו די צרות...

ער נעמט אַרויס פון אַ בוזעם־קעשענקעלע אַ גאָלדענע מטבע פון צוואַנציק דאָלאַר און רופט זיך אָן צו אַוראַמען:

— מיר זענען דיך מכבד מיט לעכערן די סטעליע.

אַוראָם מוז נעבעך אומקערן די אויסגעשטרעקטע האַנט אַ ליידיקע. עס גייען צו די ביעלסקים, די טולטשינסקעס, באַטראַכטן די מטבע מיט די פונאַנדערגעשפּרייטע זונשטראַלן — וואָס זעען אויס ווי פינגער פון אַ כהן בעת ער זאָגט „יברכך" — וועגן זי אויף דער האַנט, שפּיגלען זיך אין איר.

סעסיל פּעטראָוונאַ: עס טרעפט נאָך היינט ביי עמעצן אַזאַ געלט?

שלמה: ביי וועמען עס טרעפט —

בעלאַ אַראָנאָווגאַ: אַ שטייגער, וויפל ניקאָלאַיעווסקע צענערלעך קען פאַרוועגן אָט די דאַזיקע בורזשויסקע מטבע?

שלמה: עטוואָס ווייניקער פון פיר. נו, חברים, האַלט נישט אויף די גלאַדיאַטאָרן, דאָס בלוט זידט אין אונדז מיט סכנת־נפשות, מיר שפּרינגען ממש פון דער הויט זיך אַרויפוואַרפן איינער אויפן אַנדערן. איאַ אַזוי, דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש?

— וואָס פרעגט איר? איך בין שוין פאַרפאַרוירן געוואָרן וואַרטנ־דיק —

— נו אָט! טאָמער פעלט אונדז נאָך אַ געפּרווירענער צו דער קאַפּע־לע... אַוראַס, בשעה טובה ומוצלחת, מיט דער רעכטער האַנט!

עס טוט אַ פלי אַרויף און אַראָפּ אַ פייערדיק שנירעלע און דער גאַנ־צער פּאַרקעט ענטפערט מיט אַ קלינגענדיק, ריין קולכל: דזין... אַוראַס בייגט זיך אָן:

— אָדלער! שלמה איז איצט דער אָנפאַלער... או—וואַ, אַ שיין שטיקל אַרבעט!

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש האָט זיך אונטערגעשפּאַרט מיט די הענט „פּאָד באָקאָם", גדלותדיק אַרויסגעשטעלט דעם רעכטן פוס אויף פאָרנט און האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ אין דער הייך. באותו מעמד האָט ער טאַ־קע אויסגעזען ווי דער אמתער גלית הפלישתי אויף די תנ"כישע בילדער. שלמה האָט זיך לאַנגזאַם געדרייט אַרום אים, אַלץ געזוכט עפּעס אַ „פּלעקל", צו וואָס זיך צוצוטשעפּען, נאָר דער ריז איז געשטאַנען ווי אַ פעלז און איז אומדערוואַרט פאַר שלמהן, געווען זייער פּאַרזיכטיק. ער האָט שלמהן נישט געלאָזט זיך צורירן צו זיך, נישט קיין פּאַטש טון אין פּלייצע, נישט קיין גלעט טון איבער דער האַנט, גאָר—נישט. יאַני, וועל־כער האָט געהאַלטן דעם זייגער אין דער האַנט, האָט אויסגערופן, אַז זעקס מינוט זענען שוין פאַריבער. שלמה האָט אַ שמייכלענדיקער זיך אַלץ געדרייט אַרום זיין נישט־צוטריטלעכן אָביעקט, שטודירט זיין פיזיאָנאָמיע, אָבער דער רעדאַקטאָר איז אַלץ געשטאַנען ווי אַ דעמב, און האָט נישט געגעבן קיינע האָפענונגען אויף קיין לייכטן נצחון, און אפילו אויף קיין שווערן אויך נישט. אָבער פּלוצלינג, געפינענדיק זיך הינטער יענעמס פּליי־צע, האָט שלמה זיך פלינק געגעבן אַ הייב־אונטער אויף די נעזער פון זיינע שיך און גלייך איבער טולטשינסקיס אויער האָט זיך דערהערט אַ זשומען פון אַ בין. גלייכצייטיק מיט דעם זשומען האָט שלמה ווילד אַ געשריי געטון:

— היט זיך, זי קאָן לאָזן אַ גיפט.

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, אַ דערשראָקענער, האָט אין פּאַניק אָנגע־הויבן צו פּאָכן מיט די הענט און דאָ איז געשען אַן אויסטערלישע זאַך: שלמה האָט אָנגעכאַפּט זיין לינקע האַנט און זי אַ שטאַרקן צי געטון. דאַ־וויד סאָלאָמאָנאָוויטש, פאַרלירנדיק דעם גלייכגעוויכט, האָט זיך עטלעכע מאָל אויסגעדרייט אויף דעם גליטשיקן פּאַרקעט. אין וויכער פונעם דרייען

זיך האָט שלמה געכאַפּט אויך זיין רעכטע האַנט, און געשווינד אים אויס־געדרייט ביידע הענט אַרונטער, ווי דער שוחט מאַכט עס מיט די פליגלען פון אַ גאַנדז, איידער ער שטעקט זי אַריין צווישן די קני, און איידער ער הייבט נאָך אָן איינצומאָסטען דעם „קנה" אויף זיין אָרט. דערפילנדיק, אַז ער האָט אים שוין „אין די הענט", האָט אים שלמה עטוואָס אונטער־געהויבן פון דער פּאָדלאָגע, מיטן רעכטן פוס אונטערגעבויגן יענעמס ביידע פיס און אים געצוואונגען זיך אויסצוציען אויפן בויך. ערשט דאָ איז דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש געקומען צו זיך און האָט זיך שטאַרק אָנגעהויבן צו וואַרפן, אָבער איצט איז שוין געווען צו שפּעט. שלמה האָט געהאַלטן זיינע הענט ווי אין אַן אייזערנעם קלעם און מיטן לינקן פוס האָט ער אין גאַנצן פּאַראַליזירט זיינע ביידע קני. ווען דער באַזיגטער איז מיד געוואָרן זיך צו וואַרפן, האָט שלמה לאַנגזאַם אַרויפגעשטעלט די רעכטע קני אויף זיין פּלייצע און פרעגנדיק אַ קוק געטון אויף יאַנין —

ס'איז געווען פינף מינוט פאַר דעם טערמין.

דער זאַל האָט געקלונגען פון דער פּאַטשעריי, וואָס דאָרט האָט זיך אויפגעהויבן. מען האָט געשריגן: „בראַוואָ", מען האָט געשריגן: „הור־ראַ" און סתם געשריגן. דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש האָט זיך פּאַמעלעך אויפגעשטעלט. ער האָט אויסגעזען ווי ערשט פון אַ שוויצבאָד. די קעמ־פער האָבן זיך שמייכלענדיק דערלאַנגט די הענט, ווי דער מנהג איז און זענען זיך צעגאַנגען אויף עטלעכע מינוט אין פאַרשידענע ווינקלען זיך אָפּרוען.

יאַני און מיכאל האָבן זיך אַ ווײַלע שטיל געשושקעט, דאַן האָבן זיי מיט אַ ווינק צוגערופן צו זיך די „צדדים" און יעדער פון זיי האָט זיך פּליי־סיק גענומען „באַאַרבעטן" זיין פאַרשוין, אַז עס זאָל זיין גענוג געשלאָגן זיך. וואו שטייט עס ערגעץ, אַז עס מוזן דווקא זיין צוויי טורן? איי, שלמה האָט געזאָגט: „אודך" — שטייט טאַקע אין תהילים נאָר איין מאָל אודך... שלמה האָט געענטפערט, אַז אים איז אַלץ איינס, ער האָט שוין זיינס דער־וויזן און קען מוחל זיין דעם צווייטן טור. דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש האָט אָבער אפילו הערן נישט געוואָלט: ער איז נישט קיין יינגעלע. בלא דריי! גערעדט צוויי הקפות, זאָל זיין צוויי! אין עטלעכע מינוט אַרום איז שוין שלמה געשטאַנען אין דער פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציע און דאַוויד סאָלאָמאָ־נאָוויטש האָט גענומען פּרוון זיין מזל. עס זענען פאַריבער דריי מינוט. נאָך דריי — צו שלמהן איז געווען אוממעגלעך צוצוטרעטן. יעדן מינדסטן פּרוו אים אָנצורירן האָט ער פלינק און לייכט אָפּגעשטויסן. דאַוויד סאָ־לאָמאָנאָוויטש האָט עטלעכע מאָל געפּרוווט זיך אָנוואַרפן אויף אים מיט זיין גאַנצן הונדערט קילאָגראַמיקן קערפּער, נאָר שלמה האָט יעדעס מאָל אים אַזוי קונציק אַ קאַטשע געטון און אָפּגעוואָרפן פון זיך, אַז ער האָט זיך שיר נישט צעקושט מיט דער וואַנט. דאַן האָט דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש אַרומגעכאַפּט שלמהן ביי דער טאַליע מיט זיינע שטאָלענע הענט און האָט זיך אַ וואָלגער געטון מיט אים אויפן פּאָל. נאָר ערשט דאָ האָט ער דער־

פּילט, אַז אין די הענט איז ביי אים פּוסט. ווי אַ שוועלבעלע האָט זיך שלמה אַרויסגעגליטשט פון זיינע אָרעמס, איז געשטאַנען ביי דער זייט און האָט געלאַכט.

יאַני: מאַעסטראָ טולטשינסקי, אייער סעאַנס ציט זיך שוין כמעט דרייצן מינוט, שלאָפט נישט.

יאַני האָט דווקא נאָר אומזיסט געמאַכט אַ בלבול אויף דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטשן. ער איז בפירוש נישט געשלאָפן. נאָר זיין וואַכזאַמקייט האָט אים גאָרנישט געהאָלפן. שלמה איז געשטאַנען ווי אַן אומצוטריטלעכע פעסטונג. דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש איז געוועזן רויט ווי אַ בורעק, אָבער מיט זיין קעגנער האָט ער זיך בשום אופן קיין עצה נישט געקענט געבן. ווען יאַני האָט אָנגעזאָגט די בשורה, אַז דער ווייזער איז אַרויפגעקראָכן אויף דער פופצנטער מינוט, האָט זיך שלמה האַסטיק אַ וואָרף געטון צום רעדאַקטאָרס פיס. דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש האָט זיך פון אומגעריכטקייט אַ טרייסל געטון און איז אַ דערשראָקענער אָפּגעטראָטן. דאָ האָט זיך אים שלמה מיט אַ מאָל אויפגעהאַנגען אויפן האַלדז און מיט אַ זעלטענער קראַפט אים צוגעצויגן צו דער פּאָדלאָגע. דאַן האָט ער מיט איין געלונגענעם שטויס אַרויסגעקלאַפּט זיינע קניען, זיך אַרויפגעכאַפּט אויף זיין נאַקן און דאָרט אוועקגעשטעלט זיין רעכטע קני. די גאַנצע אָפּעראַציע האָט געדויערט אַ רגע כמימרא.

אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטון צו שלמהן, אים געדריקט די הענט, פייערלעך באַגריסט מיטן טאָפּלטן נצחון און פריילעך געלאַכט. בעלאַ אָראָנאָווגאַ, דריקנדיק שלמהן די האַנט זאָגט צו אים:

— הערט איר, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, איך בין זיכער, אַז מיין שוויגער, זאָל זי דאָרט האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, ווען זי פלעגט באָדן איר דימקען, האָט זי אים קיין מאָל אַזוי געטריי נישט אויסגעגלעט יעדעס ביינדעלע באַזונדער, ווי איר האָט דאָס אים איצט געטון... ווי מיינט איר, ער וועט נאָך זיין אומשטאַנד מאָרגן גיין אין רעדאַקציע אַריין?...

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: וואָס פרעגסטו ביי אים, דו פרעג ביי מיר —

— נו גוט, פרעג איך ביי דיר: עס טוט דיר טאַקע עפּעס ווייַ?

— וואָס נאָך וועסטו אויסטראַכטן? ווייַ — שמייַ... גלייך ווי עמעצער האָט זיך דאָ געשלאָגן... נאָר אָט דער שלמה, מוז איך דיר זאָגן, דאָס איז אַ שד נישט קיין מענטש. שטאָלענע דראָטן האָט ער אין די הענט. נישט קיין מוסקולן, נאָר בעטאָנירטע קאַטשעלקעס...

די קעמפער האָבן אַ קוק געטון איינער אויפן אַנדערן, דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש האָט שלמהן אַריינגעכאַפּט אין זיינע הערקולעסעווע אָרעמס און זיי האָבן זיך צעלאַכט. זיי האָבן צוריק אָנגעטון די פּידזשאַקעס און אַלע האָבן זיך ווידער אויסגעזעצט אויף זייערע פריערדיקע ערטער. דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש האָט זיך קרעכצנדיק אויסגעצויגן די ביינער:

— אוי־אוי! שוין לאַנג אַזאַ מאַסאַזש נישט פאַרזוכט. יאָ, מיט

אזעלכע קינדערלעך ווי איר, סאָלאָמאָן, קען מען זיך שוין דערלויבן פאָרן אפילו קיין ארץ־ישראל, יאָ, יאָ...

שלמה: איר האָט אַ טעות, דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש. דער נביא האָט אונדז אָנגעזאָגט: לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי, אמר ד׳ צבאות! נישט פיזישער כח איז ביי אונדז דער עיקר, דאָס איז דאָס סאַמע לעצטע —

— וואָס דען איז שוין דאָס סאַמע ערשטע?

— דער ערשטער און דער סאַמע שטאַרקסטער, דער סאַמע וויכטיקסטער און דער אַנטשיידנדיקסטער כח־המניע ביי שיבת־ציון, דאַרף זיין און וועט זיין דער גייסטיקער כח, דער ווילן —

— וואָס זשע קען מען אויפטון מיטן נאַקעטן ווילן?

— אָ, זייער פיל קען מען אויפטון! ביי מעשים שבכל יום זענען מיר זיך נוהג צו זאָגן בדרך־הלצה: ווילן אינו משמש כלום. אָבער בנידן דידן איז ער פיל משמש... און בכלל האָט איר אַ טעות, קיין נאַקעטער ווילן איז קיין מאָל נישטאָ. דאָרט ווו עס שאַפט זיך אַ שטאַרקער ווילן, דאָרט ווערט שוין געבוירן אַלץ... בשעת לענין האָט פּראָקלאַמירט די ראַטנמאַכט, האָט דאַמאָלסט די גאַנצע פּראָקלאַמירונג מער נישט באַטראָפן ווי בלויז דעם נאַקעטן ווילן פון אַ הייפל מענטשן. און איצט — וואָס פאַר אַ גיגאַנט איז פון דעם אויסגעוואַקסן!

— ווהין זענט איר אַריינגעפאָרן? וואָס פאַר אַ משל איז אַהער די ראַטנמאַכט מיט לענינען?

— פאַר וואָס איז עס נישט קיין משל? פאַרקערט, ס׳איז גראָד זייער אַ גוטער משל.

— אפילו קיין שלעכטער אויך נישט. דאָרט האָבן זיך אויפגעהויבן די מאַסן —

— קיינער זאָגט אייך נישט, אַז ניין. אָבער עמעצער האָט דאָך פריער פאַרטראַכט, עמעצער האָט דאָך קודם־המעשה געהאַט דערצו דעם גרויסן רצון. און ווען נישט אָט די עמעצערס זאָלן געווען האָבן אָט דעם גוואַלדיקן ווילן, אָט די אמונה מיט דעם עקשנות, וואָלטן זיך, זייט זיכער, אייערע מאַסן נישט געוועז אויפגעהויבן, אַזוי גוט ווי זיי האָבן זיך נישט אויפגעהויבן פיל הונדערטער יאָרן ביז דעם. ביי אונדז אין די פיוטים ווערט אָט דער געדאַנק מרומז אין געציילטע פיר ווערטער: סוף מעשה, במחשבה תחילה! כלומר: דער רעזולטאַט, וואָס ביי דער „מעשה" איז ער שוין דער סוף, איז בעת די עובדא קומט אויף במחשבה, אומבאַדינגט — דער אָנהייב... און ווען נישט אָט דער סופיקער אָנהייב, וואָלט קיין מאָל ביי קיינעם נישט געקומען לידי־מעשה. אַזוי איז דאָס, גוטער ברודער, אַז אמתער ווילן איז שטאַרקער פון שטאַרק, נאָר זעלבסטפאַרשטענדלעך, אויב ער איז ווירקלעך אַן אמתער —

— עפּעס באַנעם איך נישט אייער טעאָריע. עס גייט מיר נישט אַריין אין די אויערן.

שלמה, נאָכקלערנדיק אַ ווײַלע:

— נו, וואָס קען איך טון מיט אייך? אַז אייערע אויערן ווילן נישט פאַרנעמען, וועל איך זיך מוזן ווענדן מיט מיין תורה צו אייערע אויגן. אפשר איז ביי אייך דער חוש־הראיה מער אַנטוויקלט. נאָר הערט זיך צו מיט קאָפּ: היפּנאָז, ווייסט איר גוט, וואָס דאָס איז אַזוינס? וואָס זשע אייגנטלעך שטעקט אַזוינס אין דעם היפּנאָז? היפּנאָז דאָס איז איינער פון די געהיימע צווייגן פונעם מענטשנס ווילן. איינע פון די פאַרבאָרגנסטע כוחות, טמירים ונעלמים, וועלכע וועלן מיט דער צייט אין גאַנצן אַנט־פּלעקט ווערן, דערלערנט ווערן ביזן גרונט און זיך שטעלן צום דינסט פון דער מענטשהייט. און אפילו היפּנאָז איז נאָך אויך נישט די, אַזוי צו זאָגן: „קרקעית־הים" פונעם מענטשנס געדאַנק און פונעם מענטשנס ווילן. טאָג נאָך טאָג ווערן מיר געוווירר פון נייע, קאָפּשווינדלערישע הויכ־קייטן און אָפּגרונטן, וווהין דער מענטשלעכער געדאַנק דערקלייבט זיך; פון נייע פאַנטאַזיעס, וואָס דער מענטש פאַרווירקלעכט אין לעבן; פון נייע, אומגלויבלעכע עקשנות־אַקטן, אַזוינע פעולות אשר לא שערום אבו־תינו, וואָס דער מענטש פירט דורך מיט דעם אייזערנעם כח פון זיין ווילן. נאָר, כ'בעט אייך, צו וואָס דאַרפן מיר פאַררייסן די אויגן, ווי זאָגט מען עס, אל ההרים, לאָמיר זיך פשוט צוקוקן צום כח פון געדאַנק און ווילן דאָ ביי אונדז און צווישן אונדז. איך גיי אין גאַס. פאַר מיר גייט אַ ווילד־פרעמדער מענטש, אַ מענטש, וועלכן איך האָב קיין מאָל פאַר די אויגן נישט געזען, נאָר קוים קוק איך אַ לענגערע ווילע אויף זיין פּלייצע, איז דאָס שוין בדוק ומנוסה, אַז דער מענטש מוז זיך אומקוקן און נישט מאַכנדיק קיין טעות, שטענדיק געפינען דעם, וואָס האָט אויף אים אַזוי עקשנותדיק געקוקט. מיט וואָס דערקלערט זיך אָט די רעטעניש? נישט מיטן מאַגישן כח פונעם מענטשנס געדאַנק? אָדער לאָמיר למשל נעמען אַזאַ זאַך: ווען מיר קומט אויס צו רעדן מיט מענטשן, וואָס איך קום מיט זיי אָפּטער אין באַרירונג, שפּאָר איך זיך איין אַ סך, אַ סך ווער־טער. צווישן די מוחות ווערט אַריבערגעוואָרפן אַזאַ רוחניותדיקער בריק, עס ווערט נצמח אַזאַ כח־ההיולי * און מיר פאַרשטייען זיך כמעט אָן ווערטער. דער ווילן פון איינעם גיט אַריין אין די אויגן דעם געדאַנק, און דער ווילן פונעם צווייטן גיט אַריין אין זיינע אויגן די תשוקה און דעם רצון כביר אויפצוכאַפּן דעם צווייטנס געדאַנק. די דאָזיקע דערשיינונג קענען מיר באַגעגענען אַלע טאָג און אַלע שעה אויף יעדן שריט און טריט. און אָט די אַלע אויסגערעכנטע „פּלאי־פּלאים" זענען נישט מער ווי בלימעלעך, מינדסטע שפּראָצונגען פון דעם כח־הכוחות, וואָס רופט זיך אָן: מענטשלעכער ווילן און מענטשלעכע עקשנות. און דאָס אַלץ איז ערשט נאָר פון איין און איינציקן מענטשן, היינט, על אחת כמה וכמה, ווען אַוועלכע פופצן מיליאָן יידן זאָלן זיך בלב אחד ובנפש אחת קאָנצענטרירן אויף איין און איינציקן געדאַנק: ארץ־ישראל, און ווידער אַ מאָל ארץ־

---

* אַ מקורדיקער כח, וואָס לייגט זיך נישט אַריין אין קיין שום פאָרם.

ישראל, און מיט דער גאַנצער עקשנות פון אַ פּאַטענטירטן „עם קשה־עורף" — נאָך ארץ־ישראל! ווי קלערט איר, עס וואָלט עפּעס אַרויס דער־פון, צי ניין?

— אפשר... איך האָב שוין מורא, אַז יאָ... נאָך דער לעקציע, וואָס איר האָט אונדז דאָ געגעבן, דאַכט מיר אַז יאָ...

— נישט דאַכט זיך — זיכער יאָ! נאָר ווען זשע? ווען עס זאָל זיין אַן אַלגעמיינער פעסטער ווילן. אָבער לײַדער, צום גרויסן באַדויערן, איז דאָס נאָך ווייט, ווייט נישט אַזוי. אָט, צום בייַשפּיל, נעמט אַזאַ קליינע גרופּע יידן ווי מיר דאָ ביים טיש, איז צווישן זיי האָט איר אויך עט־לעכע קאַטעגאָריעס מענטשן: איך איינער, וואָלט געפאָרן כאָטש די מי־נוט, אַזוי ווי איך שטיי און גיי, אפילו נישט האָבנדיק זיך געזעגנט מיט קיינעם. אָבער אַזאַ „עמאַ־פּזיזאַניק"* בין איך דאָ נאָר איינער. צו דער צווייטער קאַטעגאָריע געהערן פרידמאַן מיט מיין פעטער מיכאל. יענע דאַרפן זיך שוין אַרומקוקן, זיך אָנפרעגן ביי זייערע טאַטעס, צונויפקלייבן די בעבעכעס, די פּכים־קטנים, אָבער דערנאָך, האָבנדיק אָפּגעטון דאָס אַלץ, וואָלטן זיי פון דעסט וועגן אויך געפאָרן. נאָך קעלטער אַ ביסל איז שוין אונדזער געשעצטער, כמעלניקער קאַרדינאַל...

ביים טיש טראָגט זיך דורך אַן איינגעהאַלטענער געלעכטער. מנשה ווייזט שלמהן מיט דער דלאָניע, ער זאָל בעסער צומאַכן דאָס מויל. שלמה אָבער, רעדט בלי־הפסק:

— ער קען שוין נישט אָפּטון אַזאַ זאַך אין איילעניש. ער האָט אַן אַלטן לייבסערדאַק, וואָס מען קען אים נאָך אפשר פאַרקויפן, אַ שאָד! היינט פּסהדיק געפּעס און געגנדזענע פלעדערווישן... און ווידער דאָ איז ברוך־השם פאַראַן אַ גרויסער יידישער ישוב, וועט ער זיך גאָר גיין פאַר־שטעקן אין אַ קרן־זווית, אַזוי ווייט פונעם „טראַקט"... אמת, ארץ־ישראל איז אַ גרויסער כח־המושך, עפּעס אַזוי לייכט גיט מען אַ זאָג־אָפּ: ישיבת ארץ־ישראל? אָבער ער קען זיך לעת־עתה דעם דאָזיקן תענוג נישט פאַר־גינען, ער דאַרף קודם טון שידוכים... ווען עס זאָל אים עמעצער גאַראַנטירן דערפאַר, אַז אין דעם ערשטן טאָג, ווי ער גייט נאָר אַראָפּ פון דער שיף, קומען אים אַקעגן חתן וכלה, אַ חתן פאַר דער עלטערער שוועסטער און אַ כלה פאַר זיך, און דערצו נאָך זאָל אים אַ בת־קול פונעם הימל באַשטע־טיקן די דאָזיקע הבטחה — קען זיין, אַז ער וואָלט זיך דווקא יאָ געלאָזט איינרעדן... נאָר פאַר וואָס עפּעס בלויז אַ גאַראַנטיע? עס וואָלט נישט אויסגעמאַכט אים טאַקע דאָ שוין ווייזן די בילדער פון די באַשערטע, ווייל די שוועסטער זיינע איז, לא עליכם, אַ גרויסע איבערקלייבערין: קיין געלן וויל זי נישט, און אַ נאָז מיט אַ האָרביקל איז אויך נישט שמאַרק אָנגע־לייגט. היינט, טאָמער האָט ער צופעליק אָנגעדראָלענע הענט אַזוי ווי די פּאַמפּעשקעס, דאַן איז גאָר שלעכט, אויף אַזעלכן וויל זי אפילו נישט קוקן... איצט, זיין אייגענע כלה מוז אויך זיין אַ פאַרשוין מיט אַלע פלי־

---

* פלינקער, איילנדיקער.

טערלעך, אַז נישט מעג זי זיצן דאָרטן געזונטערהייט. זי איז, פאַרשטייט זיך, נישט מחויב אַלט זיין קיין פערצן יאָר ווי זיין באָבע חולצי עליה־השלום, צו דער חתונה, אָבער טאָמער מער פון אַכצן, איז שוין אודאי דער גאַנצער ענין נישט באַטעמט... און אַ נעזל מעג זי אויך האָבן אַזוי ווי ביי יענער טאַמאַרען דאָרטן: ווי אַ געטאָקטס פון העלפאַנט־ביין. און פאַר וואָס טאַקע נישט? עס קאָסט אים טייער אין קראָם? צי ער איז, מיינט איר, קיין מבין נישט אויף שיין? און הענט, פאַרשטייט מען שוין אַליין, דאַרף זי האָבן ווי גאָלדענע קאַטשלקעס באַזעצט מיט סמאַראַגדן. אַזוי שטייט בפירוש אין שיר־השירים: גלילי זהב ממולאים בתרשיש... ווייטער איז זי מחויב צו זיין אַ וווקסיקע. פון קיין קליינע ווייבעלעך האַלט ער עפּעס נישט... עס הייסט, שטאַרק האַלטן האַלט ער פון קיין גרויסע אויך נישט. אַ סימן, אַז ער באַגייט זיך ווי עס איז אָן זיי, נאָר אויב שוין יאָ נעמען, זאָל זי טאַקע זיין מיט אַלע הידורים: מיט אַ טאַליע און מיט אַ גראַציע און מיט אַ שיין גענגעלע און מיט אַלע איבעריקע שעלעמויזן, וואָס שטייען אין פסוק. און כ׳בעט אייך זייער: ניין, איך מיין באמת, פאַר וואָס טאַקע נישט? ס׳איז דען אַ סדרה אויף אַלע טאָג? אַזאַ פאַרגעניגן פאַרגינט מען זיך דאָך בסך־הכל איין מאָל אין לעבן, דאַרף זי שוין זיין מיט אַלע פּישטשעוועקעס! איי, טאָמער פעלט דעם מיידל פאָרט עפּעס פון די אויסגערעכנטע זאַכן? מילא, זאָל זיך איר טאַטע זאָרגן! ער, מנשה, האָט זיינע אייגענע דאגות. קיצור הדבר: אויב די פּאָרטרעטן פון די זיווגים זאָלן אויסהאַלטן די שיר השירימדיקע נאָרמע, און די שיף זאָל קומען נאָך אים אויף סאָלאָמינקע, וואָלט ער דווקא אייך אויף צו להכעיס יאָ געפאָרן. און פאַר וואָס עפּעס נישט? ארץ־ישראל איז בפירוש זייער אַ גוטע זאַך און אַ הייליקע אויך. און דער עיקר טאַקע: עס איז דאָרט וואַרעם און עס וואַקסן דאָרטן טייטלען מיט פייגן, קען מען מאַכן אַ „שהחיינו" נאָך פאַר „חמשה־עשר" —

אונדזערע מרי דחיטי, * יאַני מיט לייבן, דאָס זענען שוין טרוקענע געשעפטסלייט. וועט איר זיי דאָרט געבן אַ מיל, אַ סקלאַד, אַ שפּיטאָל, אַ באַנק — וועלן זיי נאָך אפשר אַ טראַכט טון פון „עמיגרירן" אַהין צו. ניין? איז נישט געטאַנצט מיטן בער! זייערע עלטערן האָבן זיך ברוך־השם אויסגעלעבט זייערע יאָרן אָן ארץ־ישראל און זיי וועלן אויך טון דאָס זעלבע. נאָר אפילו דאָס איז נאָך אויך אַ מדרגה. צו דאַוויד טול־טשינסקי, צו ביעלסקין, אָדער צו ווייסבלאַטן קען מען שוין פון אַזאַ זאַך גאָרנישט רעדן. זיי פאַרשטייען גאָרנישט מיט וואָס מען עסט דאָס, און בכלל אויף וואָס דאַרף מען דאָס? וואָס איז דען דאָ שלעכט? און דער־וויל גייען ביי דעם פאָלק פאַרלוירן טייערע זין און טייערע טעכטער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די מילדע מזרחדיקע זון באַגיסט מיט אירע גאָלדענע שטראַלן פוסטע פעלדער און וויסטע חורבות. קיין אַספאַלטירטע וועגן זענען נאָך אין ארץ־

* דאָ געמיינט: די תבואה־הענדלער.

ישראל כמעט נישטאָ, בלויז זאַמד מיט שטיינדעלעך. קיין אויטאָמאָבילן זעט מען נאָך אויך כמעט נישט, בלויז אייזלען מיט קעמלען. קיין באַוווסטע קור־ערטער, קיין בעדער, זענען דאָרט לעת־עתה אויך נישטאָ, נאָר גערווייגלעכע ווייגערטנער, ברויטפעלדער, פלאַכע בערגלעך און טאָלן פאַרשאָטענע מיט ווילדע רויזן. נישטאָ דאָרטן אזא מעכטיק־פולסירנדיקע וואסער־אַרטיערע ווי די וואָלגע. נישטאָ אפילו אַזעלכע באַרימטע טייכן ווי דער דניעפּר אָדער ווי דער דניעסטר... ס'איז דאָרטן פאַראַן דער גרויסער ים אויף וועלכן מיר האָבן נאָך אפילו קיין איין אייגענע שיף נישט, ס'איז פאַראַן דער ים־כנרת, וואָס זיין צעבראָכענער פידל הענגט נאָך עד־היום אויף די צעשויבערטע ווערבעס פון די פאַרשאָלטענע טייכן פון בבל, און דער שמאָלער, בנימוסער ירדן. נאָר דאָס אַלץ, ברידערלעך מיינע טייערע, איז דאָך אָבער אונדזערס... איר פאַרשטייט? אונדזערס... מיינס, דיינס, זיינס, אירס, אונדזער אַלעמענס, אונדזערע עלטערנס און אונדזערע קינדערס. שטעלט אייך פאָר אַזאַ בילד: איך בין דורך אַן אומגליק פאַרוואָרפן געוואָרן ווייט פון אַ ישוב, זיץ איך מיר אַזוי אַן עלנטער און אַ פאַרוואָגלטער אין דער מדבר און טראַכט מיט ווייטיקלעכער בענקשאַפט וועגן מיין מוטער. פרעג איך אייך: געדענק איך דען דאַמאָלסט איר שיינקייט? ניין! איר גוטסקייט? ניין! איך געדענק נאָר איר מוטערלעכקייט... אַזוי אויך דאָס לאַנד. אמת, עס איז נאָך דאָרט נישטאָ קיין שום קאָמפאָרט, עס פעלט נאָך דאָרט דער אייראָפּעאישער פּראַכט, אפשר אפילו די עלעמענטאַרסטע באַקוועמלעכקייטן, עס איז דאָך אָבער מיינס! מיין בלוט און פלייש... און אין דעם, וואָס דאָרט איז היינט אַזוי אומהיימלעך, ווער איז שולדיק? דאָס איז דאָך אויך אונדזער שולד. אין די צייטן פונעם בית־המקדש, ווען אונדזער פאָלק איז נאָך געווען אַ גאַנץ פאָלק, נישט דורכגעפוילט אויף דורך און דורך, ווען די יידן האָבן נאָך גאָר נישט פאַרשטאַנען: ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך צו וווינען נישט ביי זיך אין לאַנד? דערציילן אונדזערע דאַמאָלסטדיקע משוררים, אַז דאָס לאַנד איז געווען אַ „יפה־נוף משוש כל הארץ", דאָס הייסט: אַ פּרעכטיקע לאַנדשאַפט, אַ פריידנווינקעלע פאַר דער גאַנצער וועלט. נאָר איצט איז דאָרט וויסט. די ווילדע גראָזן זענען היינט די הויפּט־מחותנים אין אונדזער טייער לאַנד, זיי האָבן זיך דאָרט צעלייגט לארכה ולרחבה, ווי ביים טאַטן אין ווייננאָרטן, קיינער שטערט זיי נישט — נישטאָ ווער! די חיות־רעות, נחשים ועקרבים שפּאַצירן דאָרט אַרום פראַנק און פריי איבער די ברייטע סטעפּעס, קיינער טרייבט זיי נישט — נישטאָ ווער!

און קומט האַלבע נאַכט, ווען די גאַנצע וועלט זינקט איין אין שלאָף, גלייכט זיך אויס די מידע ביינער פונעם שווערן אַרבעטס־טאָג און נעמט זיך אָן מיט פרישע כוחות אויפן קומענדיקן טאָג, דאַן עפנט זיך שטיל אויף די טיר, וואָס איז פון דורות ימי־קדומים אָן דורכגעווייקט מיט יידישע טרערן, און עס גייט אַרויס די עלנטע מוטער רחל פון איר אייביקן רו. עס לאָזט זי נישט איינליגן. שלעכטע חלומות שרעקן זי. זי שפּאַרט

זיך אָן אינעם האַרטן שטיין פון איר מצבה און באַקוקט מיט אַ טרויעריקן בליק דאָס גאַנצע לאַנד: אַלץ איז וויסט, אַלץ איז פּוסט, אַזוי ווי נעכטן, אַזוי ווי צוריק מיט אַ יאָר, אַזוי ווי צוריק מיט הונדערט און מיט טויזנט יאָר. איר צאַרטער קערפּער בייגט זיך אוים אויף פּאַרנט, אירע אויסגע־וויינטע אויגן טאַפּן נאָך אַ מאָל איבער די שטענגן, וואָס פירן מכל קצווי תבל, ממזרח וממערב, מצפון ומים — ניין, מען זעט נישט קיינעם. דרכי ציון אבלות... כל שעריה שוממין... אין מנחם לה... פון אירע אויסגע־ברענטע אויגנלעכער פאַלט אַראָפּ אין דער זאַמד אריין אַ ביטערע טרער און מיט די לעצטע כוחות הייבט זי אויף די האַנט צו דער לבנה. די לבנה שטעלט זיך אָפּ.

— לבנה, לבנה, דו באַזוכסט דאָך אַלע ווינקעלעך פון דער ערד, צי האָסטו נישט פאַר מיר קיין גרוס פון מיינע פאַרוואָגלטע קינדער?

די לבנה איז פול מיט אכזריות. זי גיט אומפריינטלעך אַ קרום איר בלאַסע, געפלעקטע צורה:

— ווער זאָגט דיר דען, אַז זיי זענען אַזוי פאַרוואָגלט?

— וואָס דען זענען זיי דאָרט, נישט קיין גרים? אַ נייע מאַמע זיך אויסגעזוכט?

— זאָלסטו טאַקע וויסן, אַז אַ נייע! און נישט איינע, נאָר אַ סך, אַ סך... גרים זאָגסטו? דו נאַרישע יידענע! עס הייבט זיך גאָרנישט אָן. זיי טראַכטן אפילו נישט דערפון. מען האָט זיך פעסט באַזעצט אין די קיעווס און אין די מינסקן; אין פּאַריז און אין מאָסקווע; אין פּראָג און אין מאַנ־טשעסטער; אין וואַרשע און אין ברוקלין; אין דרום־אַפריקע און אויף קאַווקאַז; אפילו אין דעם וויסטן אַדיס־אַבעבע; און שטעל דיר פאָר, אַז אפילו אין דעם אומגליקלעכן בירא־בידזשאַן... קיינעם פון זיי רירט אפילו נישט אָן ביי דער לינקער פּיאַטע, וואָס דו, אַלטיטשקע, קוקסט נאָך אַלץ אַרוים אויף זיי... פאָלג מיך, גיי דיר אין דיין רו אריין און פאַרגעס אין זיי —

— טייערע לבנה, באַליידיק זיך נישט אויף מיר, נאָר איך גלייב נישט, אַז דו, אַזאַ קאַלטע און אַזאַ ווייטע, זאָלסט האָבן אריינגעדרונגען אין זייערע הערצער און וויסן, וואָס עס רירט זיי יאָ אָן און וואָס עס רירט זיי נישט אָן —

— האָסט דאָך דעם בעסטן סימן, אַז קיינער פון זיי קומט צו דיר נישט...

— דאָס אודאי... דאָס ביסטו זיכער גערעכט... גיב מיר כאָטש אָפּ אַ גרוס, ווי אַזוי זעען זיי דאָרט אוים, מיינע האַרציקע עופעלעך?

— זעסטו, מוטער רחל, אויף וואָס, אויף וואָס, נאָר דערויף מעג מען דיר דווקא מקנא זיין. אויף קיין זאַך — נישט, אָבער אויף גערָאָטענע קינדער — דאָס דווקא יאָ! אָט למשל אַצינד, ווייט־ווייט פון דאַנען, אויף אַ אינסטיטוטסקע־גאַס, זיצט אַ וואַרעמע קאָמפּאַניע און מען פאַרברענגט פריילעך. זאָלסט אָנקוקן קינדערלעך — איינס און איינס, זאָג איך דיר!

עס זיצן דאָרטן אַ פרוי ביעלסקי, און אַ פריילין טולטשינסקי, איז זיי ממש אין די פּנימער נישט אַריינצוקוקן. זייער שיינקייט בלענדעט די אויגן. אפילו אין דיינע יאָרן, מוטער רחל, איז אויך אַזעלכע בילדשיינע מייד־לעך נישט גרינג געווען צו געפינען... עס זיצן יונגעלייט, איינער אַ פריד־מאַן, איינער אַ כאַדראָוו, נאָך איינער אַ ביעלסקי — העלדן, זאָג איך דיר! צאַצקעס יונגעלייט, ייִדישע הערצער, זעלטענע טאַלאַנטן, גרויסע קעפּ. און נאָך אַנדערע זענען דאָרט פאַראַן — וואָס קומט אָבער אַרויס? קיינער פון זיי דערמאָנט זיך אפילו נישט אין דיר, קיינעם פון זיי טוט אפילו נישט וויי, עס קלעמט זיי נישט דאָס האַרץ, וואָס דאָ איז אַלץ וויסט און חרוב אַזוי ווי אין ערשטן תשעה־באב. און טאָמער אפילו געפינט זיך שוין צווישן זיי יאָ איינער, וועלכער ציט זיך בלומרשט צו דיר, ליגט אויך אים דער קאָפּ ביי נאַרישקייטן, לאָזט אויך ער זיך פירן פון זיינע געפילן אין שאול תחתית אַריין... אָט דאָס איז דער גרוס, וואָס איך קען דיר אָפּ־געבן... און נישט נאָר דאָרט, אומעטום איז אַזוי... האָב נישט קיין פאַר־איבל אויף מיר, מוטער רחל, איך זאָג דאָס, וואָס עס איז...

די פאַרלאָזענע מוטער שטרעקט אויס אירע הייליקע הענט צו דער אומבררחמנותדיקער לבנה:

— און עס איז לפי דעתך נישטאָ קיין שום האָפענונג, אַז זיי זאָלן זיך נאָך אַ מאָל אומקערן אַהער, אין זייער געבורטלאַנד?

— איך ווייס — האָפענונג? אַז זיי האָבן נישט קיין מיגדסטן חשק דערצו... אי דו, אי דיין לאַנד, מעגט איר זאָגן אויף זיך דעם פּסוק: נשכחתי כמת מלב... הייתי ככלי אובד... דער דאָזיקער פּסוק איז פאַר אייך זייער צונעפּאַסט... ממש — ווי פאַר אייך אָנגעשריבן געוואָרן...

די מוטער פאַרלירט איר שיינעם קאָפּ אין אַ טונקעלן ווינקל ביי דער שוועל פון איר קבר, און די לבנה אַ פרעמדע, אַן אומצוטריטלעכע, שווימט אָפּ אינעם אומענדלעכן אָקעאַן פון די פאַלעסטינער הימלען. אַ היפּשע ווײַלע איז דער גאַנצער אַרום טויט־שטיל. דאַן לאָזט די אומגליקלעכע מוטער אַרויס אַ טיפן קרעכץ. אַ קרעכץ, וואָס מאַכט ציטערן דעם כסא־הכבוד. עס קרעכצט מיט דער כרמל, דער לבנון, דער ירדן. עס קרעכצן מיט די בערג, די סטעפּעס, די אָפּגרונטן. די ווייכהאַרציקע שטערנדלעך הייבן אָן פאַרדעכטיק צו פינטלען מיט זייערע מילדע אייגעלעך. דער כותל מערבי זינקט איין נאָך אויף אַ טפח, און די טויערן פון ירושלים פאַרלירן אויף די הונדערטיעריקע חורבות אַ שווערע טרער...

...דמעה הבוקעת וחודרת עד התהום... ...דמעה הרותחת ותוססת עד סוף כל הדורות...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מעסיל פּעטראָוונאַ כאַפּט האַסטיק אַרום איר מאַן אַרום האַלדז, קושט אים, גלעט אים, און פליסטערט היים:

— סיאָמאָטשקאַ, ליבער, טייערער, לאָמיר פאָרן אַהין. לאָמיר ווערן אמתע ייִדן. גלייב מיר, אַזעלכע טאַלאַנטן ווי דו, וועלן אויך דאָרטן נישט פאַרפאַלן ווערן.

— פאַרן... גוט, כ'בין מסכים, לאָמיר פאַרן... אָבער דאָס אַלץ איז דאָך לויטער פאַנטאַזיע. סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, ווי אַזוי קען מען דען קומען אַהין?

שלמה: מיט דעם ווילן! מען מוז צוערשט האָבן דעם גרויסן ווילן, דעם אמתן אומבויגעוודיקן ווילן. דאָקטאָר הערצל זאָגט: „אם תרצו — אין זו אגדה". עס איז אין אייך אַליין געוועגדט, הייסט עס. אויב איר זאָלט שטאַרק וועלן, איז דאָס נישט סתם קיין מעשהלע...

— און אויב, לאָמיר זאָגן, דער גרויסער ווילן איז שוין ביי אונדז פאַראַן, וואָס דאַרפן מיר דערווייל טון?

— דערווייל, פרעגט איר, וואָס מען דאַרף טון? דערווייל דאַרף מען אָט דעם גרויסן ווילן איינוויקלען אין אַ ציכטיקער זאַך און טיף־טיף אין האַרצן אים אויסבאַהאַלטן און אויסוואַרעמען ביז דער אייבערשטער וועט מזמין זיין אַ דרך אויף צו פאַרווירקלעכן דעם ווילן, אָט־אָ דאָס דאַרף מען טון דערווייל! און עד לחשבון, ביז עס וועט קומען די גוטע שעה, מוז מען זיך אומקערן צו דער תורה! דאָס גאַראַנטירט אונדז, אַז דאָס אָפּגעהיטקייט פון דעם אויבנדערמאָנטן געפיל בשמירה־מעולה, ער זאָל דערווייל נישט כאַפּן קיין צוקילונג; אַז גאָטס הילף, אַז אונדזער טרחה זאָל חלילה נישט זיין אומזיסט; אַז עס זאָל ביי אונדז קענען מקוים ווערן: הזורעים בדמעה, ברנה יקצורו...

סעסיל פּעטראָוונאַ: מיר וועלן אַלץ טון, וואָס איר וועט אונדז זאָגן, וועלן מיר טון! שלמה, זאָגט קאָנקרעט, וואָס דאַרף מען טון? פון וואָס דאַרף מען אָנהייבן?

שלמה, מיט אַ שמייכעלע:

— סעסיל פּעטראָוונאַ, באַרואיקט אייך. נשים דעתן קלות.* דאָס איז ביי אייך נאָר אַ מינוטלעכער עקסטאַז, וועלכן מיר האָבן צו פאַרדאַנקען דער הייליקער מוטער רחל. אָבער עס מאַכט נישט, ער וועט באַלד איבער־גיין.

סעסיל פּעטראָוונאַ שפּרינגט אויף פונעם בענקל מיט אַ שטאַרקן געוויין:

— איר זענט אַ שלעכטער מענטש, שלמה. פאַר וואָס קענט איר נישט גלייבן, אַז מענטשן האָבן אָט דאָ ביים טיש באַשלאָסן לחלוטין צו ענדערן זייער לעבנספאָרם... וואָס זענען מיר אייך — קינדערלעך?

איר געוויין איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און נערוועזער. ביעלסקי האָט זיך אויך אויפגעהויבן פון זיין אָרט, ער האָט זי לייכט אַרומגענומען און צערטלעך געגלעט איבער די האָר:

— נו שאַ, סעסיל. באַרואיק זיך... מיר וועלן אָנהייבן פירן אַ יידיש לעבן... איך פיל איצט דאָס זעלבע וואָס דו. נו, הער שוין אויף וויינען. מיר וועלן אַלץ טון, וואָס עס וועט נאָר זיין אין אונדזערע כוחות.

סעסיל פּעטראָוונאַ, נישט אויפהערנדיק צו כליפּען:

---

* פרויען ווערן לייכט באַאיינפלוסט.

— מיך פארדריסט נאָר, פאר וואָס זאָל „ער" נישט גלייבן?

— נו, צו אים קען מען אויך קיין גרויסע טענות נישט האָבן. ער זעט אונדז דאָך צום ערשטן מאָל. ער קען דאָך נישט וויסן, וואָס פאר אַן ערנסטע מענטשן מיר זענען. נו, שאַ! ער וועט זיך פאר דיר אַנטשולדיקן. ער זעט שוין אַליין אויך, אַז מיר מאַכן נישט קיין שפּאַס, איאַ אַזוי שלמה?

אַלע ביים טיש זענען ממש געווען דערשיטערט פון דער אומגעריכ־טער סצענע. שלמה איז געזעסן אַ בלייכער און האָט שולדיק געשמייכלט. אויף ביעלסקים רוף איז ער צוגעגאַנגען, האָט גענומען סעסיל פּעטראָוונעס האַנט אין זיינער און האָט באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט געזאָגט:

— אַנטשולדיקט מיר, סעסיל פּעטראָוונאַ, איך האָב לכתחילה באמת נישט געגלייבט, אַז גראָד בין איך דער גליקלעכער, וועמען עס איז באַ־שערט דער זכות און די ערע אומצוקערן צום יידישן פאָלק אַזאַ אומשאַצ־באַרע פּאַר ווי איר מיט אייער מאַן זענט. איצט אָבער צוויפל איך נישט מער אין אייער גוטן ווילן. שערי־דמעות לא ננעלו, טרערן איבערצייגן... נאָך מער, איצט גלייב איך, אַז נאָך פאר אייער געבוירן ווערן איז אייך אָנגעצייכנט געוואָרן, אַז דעם 11טן יאַנואַר 1934 דאַרפט איר זיך אויס־דרייען צום יידישן גאָט מיטן פּנים. אָבער דאָך בין איך זייער שטאָלץ דערמיט, וואָס מיר איז דערלויבט געוואָרן אויך צוצולייגן אַ פינגער צו אָט דעם באמת היסטאָרישן צוריקקער. נו, זייט שוין נישט קיין שלעכטע און גיט מיר אויך אַ דריק די האַנט.

סעסיל פּעטראָוונאַ האָט ענדלעך אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון איר מאַנס ברוסט. אירע זעלטענע אויגן האָבן געשטראַלט מיט גליק, איר ענער־גיש געזיכט האָט געאָטעמט מיט אַנטשלאָסנקייט. אויף אירע באַקן זענען נאָך געווען קענטיק שפּורן פון טרערן, נאָר זי האָט שוין געשמייכלט מיטן גאַנצן פּנים און האָט וואַרעם געדריקט שלמהן די האַנט.

שלמה: מנשה, וואָס פאר אַ ברכה מאַכט מען אויף אַ זון מיט אַ רעגן?

אַלע האָבן זיך הילכיק צעלאַכט און סעסיל פּעטראָוונאַ אויך. אַ פּאָר־שעמטע האָט זי אָפּגעווישט דאָס פּנים און האָט זיך צוריק געזעצט צום טיש. אינסטינקטיוו האָבן זיך שלמהס הענט באַגעגנט מיט ביעלסקים, און זיך פעסט איינגעקלאַמערט איינע אין די אַנדערע. אַ ווײַלע האָבן זיי זיך געקוקט גלייך אין די אויגן, און אַליין נישט געדענקענדיק ווי אַזוי אַזאַ זאַך האָט געטראָפן, האָבן זיי זיך קלינגענדיק צעקושט. שטייף אַרומגע־נומענע האָבן זיי זיך צוגעזעצט צום טיש, ביידע אויף איין בענקל.

ביעלסקי: נו, שלמה, דערווייל האָט איר נאָך אַלץ נישט געענטפערט אויף מיין פרווס פראַגע. זאָגט אונדז קאָנקרעט, וואָס דאַרף מען אָנהייבן טון אויף צו ווערן יידן ווי זאָגט מען עס, מיטן פולן מויל?

שלמה, נאָכדענקענדיק אַ ביסל:

— אויף דער ערשטער צייט איז דער עיקר אָט די פיר זאַכן:

1) ליקווידירן פון דער שטוב דאָס גאַנצע טריפותדיקע געשיר און איינ־פירן אַ שטרענג כשרע קיך.

2) אין משך פונעם שבתדיקן מעת־לעת טאָר פאַר קיין פאַל נישט געמאַכט ווערן קיין פייער: נישט קאָכן קיין מיטאָג, נישט אויפמאַכן דאָס ליכט, נישט רויכערן קיין פּאַפּיראָס.

3) דאָס האָט שוין אַ שייכות בלויז מיט אייך, סאַמואיל לאַזאַראָ־וויטש! תּפֿילין! אַלע אין דער פֿרי מוזט איר אָנטון תּפֿילין און ציצית און אָפּזאָגן אין זיי קריאת־שמע און שמונה־עשׂרה.

די פּערטע זאַך ווידער האָט גלייך מיט שמירת־שבת און כשרות אַ שייכות צו אייך ביידע. איר מוזט זיך צוזוכן אַ העברעאישן לערער און טאָג טעגלעך אָפּשפּאָרן אַ שעה אין וועלכער ער זאָל אייך אויף דער ערשטער צייט כאָטש געבן די סאַמע עלעמענטאַרסטע יידישע בילדונג, ווי למשל, דעם טייטש פונעם דאַווענען און חומש. דאָס איז נאָך מער אומבאַדינגט פאַר אייער פרוי איידער פאַר אייך. ערשטנס, ווייל איר געדענקט נאָך מן־הסתם עפּעס פון אַמאָל, און זי דאַרף ערשט אָנהייבן פון דער „אלף״. צווייטנס, ווייל זי איז די מוטער. די קינדער דערציען דאַרף זי; אָנצינדן דאָס יידישע פייערל אין זייערע הערצעלעך איז איר פליכט; דערפאַר איז זי בילכער... דערפאַר נייטיקט זי זיך אין דעם דאָזיקן רעצעפּט מער פון אייך...

פאָלים אויגן האָבן זיך אין דער רגע באַגעגנט מיט פרידמאַנס. איינע די אַנדערע האָבן דערציילט, אַז כמעט די זעלבע ווערטער האָבן זיי שוין אַ מאָל געהערט פון רייזל ליבערמאַן.

ביעלסקי: איך עס זיך אייך איין היינט אויף דער נאַכט, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש. נאָר קיינער איז אייך נישט שולדיק. איר האָט זיך אַליין אָנ־געאַרבעט אַ חתונה. זאָגט מיר אַזאַ זאַך, ווער קען מיר ווייזן ווי אַזוי צו מאַכן די ערשטע טריט? ווער וועט מיר אָנווייזן יעדן פרט באַזונדער: ווו צו דינגען אַ לערער, ווו צו קריגן תפילין, ציצית און נאָך און נאָך —

— טייערע פריינד מיינע, מיט וועלכן פאַרגעניגן וואָלט איך אַליין זיך פאַרנומען מיט אייער איבערגיין אויף דער יידישער זייט, נאָר אַזוי ווי צייטווייליק איז דאָס טעכניש אוממעגלעך, וועל איך אייך געבן אַן אַדרעס אין אַ הויז, ווו מען וועט אייך אַלץ באַזאָרגן, אַלץ צושטעלן פּאַרטיקערהייט. פאַרשרייבט ביי זיך: קאַראַוואַיעווסקע־גאַס 67, וווינונג 1. דאָס איז אין פּאַראַדנע, פּאַרטער, אין דער לינקער האַנט. דאָרט וווינט די משפחה פייגנ־בוים. דאָס זענען העכסט פיינע מענטשן. איר וועט זיך פרעגן צום עלטערן זון זעליק אָדער צו דער יינגערער טאָכטער טאַני. איר וועט זיי נאָר דאַרפן זאָגן, ווער עס האָט אייך געשיקט צו זיי, און דאָרט וועט מען שוין וויסן וועגן אייך, און בכלל וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. דער חבר פרידמאַן וועט שוין זיין אַזוי פיל גוט נאָך היינט אין דער פרי זיי אינפאָרמירן וועגן דעם גאַנצן ענין, מהחל ועד כלה...

סעסיל פּעטראָוונאַ: איר הערט, חבר פרידמאַן, מיר ווערן איצט אָנ־געוויזן אויף אייך... שלמה, הערט איר דאָך, האָט פאַר אונדז קיין צייט נישט. וועט איר שוין זיין אַזוי גוט נישט פאַרגעסן, האַ?

— גאָט איז מיט אייך, מאַדאַם ביעלסקי, ווי מעג מען עס פאַרגעסן אַזוינע זאַכן? עס איז פאַר מיר אַ גרויסער זכות, וואָס שלמה דערלויבט מיר זיך אויך מטריח זיין צוליב אַזאַ הייליקער עובדה...

— אָך, חבר פרידמאַן, איר, דער רב... ווען מען דערציילט דאָס מיר, וואָלט איך נישט געגלייבט... איר זענט אַלע אַזעלכע האַרציקע, אַז... ניין, איך קען נישט אויסדריקן מיט ווערטער דאָס, וואָס איך פיל...

— און ווען צו אייך קערן זיך אום אייערע ברידער און שוועסטער פון אַ ווייטן־ווייטן וועג, פון אַ וועג, וואָס כמעט „כל באיה לא ישובון”, וואָלט איר זיי באַגעגנט קאַלטבלוטיק? איר וואָלט נישט גרייט געווען פאַר זייערעט וועגן אָפּגעבן אַ האַלב לעבן?

— יאָ, דאָס איז אַזוי, אָבער דאָך... איך האָב זיך באמת נישט גע־ריכט —

— הלואי קען איך אייך מכבד זיין מיט וויזעס קיין ארץ־ישראל, ווי איך וואָלט דערפאַר, דאַכט זיך, אָפּגעגעבן צען יאָר פון מיין לעבן, אויב נישט מער —

— וואָלט איר אויך געפאָרן קיין ארץ־ישראל אויף מסירת־נפש?

— אַ שאלה! איך, ווי אויך יעדער באַוווסטזיניקער ייד, וואָלט גע־פאָרן אַהין, אָדער אפילו צו פוס אַוועקגעגאַנגען מיט אַלע וועגן און אומ־וועגן...

סעסיל פעטראָוונאַ פאַרזשמורעט אירע גליענדיקע אויגן און פרעגט מיט אַן אפיקורסיש שמייכעלע:

— שלמה האָט אייך דאָך אָפּגעטראָגן צו דער צווייטער קאַטעגאָריע, צו די וואָס רירן זיך נישט פון דאַנען אַהין אָן זייערע „בעבעכעס”... אַזוי, דאַכט זיך, האָט ער עס אָנגערופן?

פרידמאַן, כלומרשט מיט אַ פאַרצאָרנט פנים:

— שלמה... שלמה מיינט, אַז נאָר ער איינער ווייסט דעם אמתן דרך ווי אַזוי צו פירן אַ ראָמאַן און נאָר ער איינער וואָלט זיך אַוועקגעלאָזט קיין ארץ־ישראל אויף הפקר... עס זענען דאָ נאָך ידענים און נאָך בעלנים...

פון סעסיל פעטראָוונעס געזיכט פאַרשווינדט מאָמענטאַל דאָס שמיי־כעלע. אירע כמעט דורכזיכטיקע נאָזלעפלעך הייבן אָן לייכט צו פלאַטערן ווי ביי אַן אָוטשאַרקע, ווען זי דערשמעקט אַ חיה. זי פאַרלייגט עטוואָס דאָס קעפל אויף אַ זייט און כלומרשט גלייכגילטיק זייעט זי אַרויס דורך די ציין:

— אַ ראָמאַן האָט איר געזאָגט? וואָס פאַר אַ משל איז אַהער אַ ראָמאַן?

פרידמאַן, פינטלענדיק מיט זיינע גרויסע, קינדערשע אויגן:

— אהבת־ציון, מיין איך. אַ ראָמאַן מיט ציון. מיט ארץ־ישראל, הייסט עס...

— אַה, דאָס גאָר מיינט איר?

— מהם...

# קאפיטל LVI

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: הערט טייערער חבר פרידמאַן, איר, זע איך, זענט אַן עקסטרעם־רעליגיעזער יונגערמאַן.

— מלידה ומבטן ומהריון —

— ...איך, דאַקעגן, בין אויף מיין לעבן נישט געווען רעליגיעז, מיר זענען פאַרשיידנאַרטיק דערצויגן געוואָרן און מען קען זאָגן, כמעט קעגנ־געזעצט איינער צום צווייטן —

— דאָס איז אַ דבר הלמד מעניננו —

— ...דאָס איז אַ פאַקט! וועגן דעם קענען קיין צוויי סברות נישט זיין. אָבער אפשר איז מעגלעך, אַז מיר זאָלן אויף איין שעה פאַרגעסן אונדזערע אַזוי גערופענע „פּאָזיציעס", און ווי צוויי גלייכע, מיט דער גרעסטער אָפנהאַרציקייט זיך דורכשמועסן וועגן זייער אַ וויכטיקער פראַגע.

— פאַר וואָס נישט? מיר האָבן דאָך ביז אַהער אויך געשמועסט...

— ניין, איר האָט מיך נישט אין גאַנצן פאַרשטאַנען... איך וויל זאָגן: דאָס, וואָס איך בין אַן אַלטער קאָמוניסט, דער רעדאַקטאָר פונעם אוקראַי־נישן אָפיציאָז, וועט אייך נישט שטערן צו זיין מיט מיר אַבסאָלוט אָפנ־האַרציק?

אין פרידמאַנס אויגן האָבן אויפגעבליצט פריילעכע פייערלעך:

— ריכטיקער געזאָגט, איר פרעגט, צי איך האָב פאַר אייך קיין מורא נישט?! צי בין איך אייך נישט חושד, אַז איר קענט מיך דערנאָך מסרן צו דער געפּעאו, אַז איך בין אַ שעדלעכער עלעמענט, אָדער אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער?!

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש האָט, רויטלענדיק זיך, געשטאַמלט:

— איר פאָרמולירט עס אַ ביסל צו שאַרף, אָבער... מער אָדער ווייניקער... אָט דאָס מיין איך טאַקע...

— ניין. דאָ ביי וולאַדימירס טיש, האָב איך פאַר אייך קיין מורא נישט. און בכלל, קוים האָט אונדז יאַני געזאָגט, אַז מען קען פאַר אייך רעדן אָפן, קלער איך פאַר אייך איבער, פונקט ווי פאַר זיין אַווראַמען.

— אויב אַזוי זענט איר טאַקע אַ מאָלאָדיעץ! שלמה איז שוין היפּש־לעך מיד פון היינטיקער נאַכט, ער האָט קיין עין־הרע געאַרבעט אויף אַלע כלים, לאָמיר אים לאָזן זיך אָפּרוען און מיר וועלן זיך געמיטלעך דורכ־שמועסן ווי צוויי ברידער, ווי צוויי קינדער פון איין פאָלק, גוט, האַ? איצט זאָגט מיר אַזאַ זאַך: איר האָט דאָ ערשט גערעדט וועגן דעם, אַז באַוווסטזיניקע יידן דאַרפן זיך אַוועקלאָזן קיין פּאַלעסטינאַ מיט אַלע וועגן און אומוועגן. אַזוי דאַכט זיך, האָט איר זיך אויסגעדריקט, האַ?

— בוכשטעבלעך...

— פרעג איך אייך, און... לייגט אייך גוט־גוט איבער, איידער איר גיט מיר אַן ענטפער. לאָמיר זאָגן, ווען עס געשעט אַ וואונדער: דער ראַטנ־

פאַרבאַנד עפנט ברייט אויף די טויערן פאַר די היגע יידן און שטעלט זיי נאָך צו שיפן אויף אַריבערצופאָרן קיין פּאַלעסטינאַ; ענגלאַנד מצדה עפנט ברייט די טויערן אויף אַריינצולאָזן זיי; די אַראַבער וואַרטן אויף זיי מיט אָפענע אָרעמס; מיט איין וואָרט: אַן אידיליע! אָדער ווי איר רופט עס אָן: דער אמתער „אחרית־הימים”. איז ווי קלערט איר אין אַזאַ פאַל, אַז מיר דאַרפן כאַפּן האַק און פּאַק און אַנטלויפן, ווי זאָגט מען דאָס, נישט אומקוקנדיק זיך, אַזוי ווי לוטס ווייב פון אַמאָליקן סדום, האַ?

— אפילו אָן אָט די אַלע לעגענדאַרע פּריווילעגיעס, וועלכע איר האָט דאָ ערשט אויסגערעכנט, האַלט איך אויך, אַז מען דאַרף אַזוי טון...

— און אייער געוויסן אַלס מענטש, אַלס פאַרגעשריטענער מענטש, איז אין גאַנצן רואיק? איר פילט נישט קיינע התחיבותן לגבי דער ראַטנ־מאַכט? קיין שום זאַך בינדט אייך נישט מיט דער איינציקער אַרבעטער־מאַכט אויף דער וועלט? איר האָט אַלע יורידישע און מאָראַלישע רעכט זי צו פאַרלאָזן?

— חבר טולטשינסקי, אַנטשולדיקט מיר פאַר אַ געפּעפּערט וואָרט, נאָר אייערע קשיות ואבעיות קלינגען מיר עפּעס אַזוי ווילד, אַזוי נישט צו דער זאַך — מוראַדיק! איר רעדט פון: געוויסן... התחיבותן... רעכט... אָבער אַז עס דערגייט צו מיר נישט! איך פאַרשטיי נישט קיין איין וואָרט...

— און איך פאַרשטיי נישט, וואָס איר פאַרשטייט דאָ נישט... ס'איז גע־שען אַ רעוואָלוציע? — געשען! דאָס יידישע פאָלק האָט בייגעטראָגן זיין חלק צו אָט דער גראַנדיעזער עפּאָפּייע? — בייגעטראָגן! און מיט אַ מאָל באַווייזט זיך אַזאַ עמעצער, מיר'ן זאָגן: ר' משה פרידמאַן, און הייסט נעמען די פיס אויף די פּלייצעס, זיך אַוועקלאָזן אין די פּוסטע מדבריות אויפצוזוכן משה רבינוס קבר... ער הייסט איבערלאָזן די אייראָפּייאישע שטעט, אין וועלכע מיר וווינען; צולאָזן דעם היפּשן חלק, וואָס מיר האָבן אין דעם נייעם רעזשים; אָפּזאָגן זיך פון די אידעען, צוליב וועלכע אונד־זערע יונגנטלעכע האָבן דורות לאַנג די קעפּ געלייגט, און זיך לאָזן וואַנדערן צו די ווילדע בעדואינער, זיך איינבעטן אין זייערע ליימענע קיביטקעס און ערשט אויפשטעלן אַ לאַנד אין די שאָטנס פון די פּיראַמידן... פרעג איך אייך נישט מער: האָט דאָס עפּעס אַ זין? צי וועט זיך אָפּזוכן כאָטש איין מענטש, וועמען עס זאָלן פאַרכאַפּן אָט די נייע, אָדער אַלט־נייע שטרע־בונגען? אדרבה, זאָגט איר אַליין...

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, אַ מידער פון זיין לאַנגן „ריעטש”, * האָט אָפּגעווישט דעם שטערן מיט זיין שמאַלציקער האַנט, וואָס זעט אויס ווי אַן אויפגעוויירענע פּאַמפּעשקע, און האָט טריאומפירנדיק באַקוקט די פאַר־זאַמלטע. פרידמאַן האָט פאַרזשמורעט זיינע העל־בלאָע, גרויסע אויגן און האָט מיט אַן אָפענעם חוזק געענטפערט:

— אָ! חבר טולטשינסקי, איר שילדערט אָפּ אונדזער אַוועקפאָרן

* אַ רעדע, אַ דרשה.

פון רוסלאַנד אַזוי טראַגיש, אַז מען קען אויף אַן אמת מיינען, אַז די באַציאונגען צווישן אונדז און דעם רוסישן פאָלק זענען אַזוינע סענטימענטאַלע, אַזוינע ליבהאַרציקע, לכל הפחות, ווי צווישן חתן־כלה אַ טאָג פאַר דער חופה... איך, פאַרקערט, גיי צו צו די זעלבע פּראָבלעמען פון אַ פּונקט־קאַפּויערדיקן שטאַנדפּונקט, טאַקע ממש, איפכא מסתברא: ס'איז געשען אַ רעוואָלוציע? — געשען! אָבער וואָס האָבן מיר דערפון? יידן האָבן געליטן די קעפּ פאַר דעם גרויסן איבערבראָך אין דער וועלט־געשיכטע? געליטן! זייער פיל געליטן! און איך מוז מיך מודה זיין, אַז אָט דאָס פּייערלעכע קעפּ־לייגעניש איז ביי מיר אויך פאַררעכנט אַלס איינע פון אונדזערע שווידערלעכסטע פאָלקס־טראַגעדיעס. עס קען בפירוש זיין, אַז די וועלט איז גאַנצן גענומען, אָט דער דורכגעפוילטער מענטשן־אָרגאַניזם, האָט נייטיק געדאַרפט האָבן אָט די אויפטרייסלענדיקע געשעעניש — די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד — כדי אַ ביסל אויפצורודערן די פאַרשטיינערטע אברים; אויפצוברויזן די פאַרגליווערטע געבליטן; צעטרייסלען די צוגעגעסענע איינטאָניקייט; כדי עס זאָל צוריק אַ יאָג טון פריש בלוט אין די אָדערן; כדי עס זאָלן דערוואַכן אין די אַטראָפּירטע הערצער פרישע ליידנשאַפטן... איך וויל כלל נישט זאָגן, אַז די רעוואָלוציע איז געווען נישט נייטיק אָדער, למשל, פאַר דער צייט. איך בין מסכים, אַז נאָך דעם, ווי די פאַרהאַסטע ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע האָט פאַרשפּילט דעם קריג, איז זי געוואָרן ממש אַ נויטווענדיקייט, אָבער — מיר? מיר, יידישע קינדער, וואָס האָבן אויסגעקעמפט? צוליב וואָס האָבן מיר געלייגט די קעפּ?

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, אויסער זיך פון אָט די נאַרישע קלאָץ־קשיות:

— וואָס הייסט, צוליב וואָס? צוליב דער פרייהייט! יידן זענען דען נישט קיין גלייכבאַרעכטיקטע בירגער מיט דער גאַנצער סאָוויעטישער באַפעלקערונג?

פרידמאַן האָט אכזריותדיק אויסגעהאַמערט וואָרט נאָך וואָרט:

— אַנטשולדיקט, דאָס וואָס דער מיליציאָנער פאַרטיידיקט מיט זיין נאַגאַן, רופט איר אָן גלייכבאַרעכטיקונג? ווען די מלוכה זאָל חלילה נישט האַלטן קיין בייטש אין דער האַנט פאַר אַנטיסעמיטיזם, איז ערשט ביי אייך אַ קלער, צי מען וואָלט דאָ פראַנק און פריי געקוילעט יידן אין די גאַסן, פּונקט מיט אַזאַ חשק ווי בימי פּעטליורע און דעניקין? אדרבה, נאָך מיט מער חשק! ווייל ביים רוסישן פאָלק איז אויסגעקריצט אויפן האַרצן, אַז דעם קאָמוניזם האָבן יידן געבראַכט אויף דער וועלט. אָ! אָט די מסקנא איז ביי זיי פעסטער פון גראַניט. זיי הייבן אָן דעם סדר־הדורות פון מאַרקסן און ענדיקן אים מיט טראָצקין און זיינע צוויי שוואָגערלעך: קאַמעניעוו און זינאָוויעוו. און אפילו היינט, ווען פון דעם דאָזיקן אַמאָל־באַרימטן „דרייילינג" איז שוין קיין שריד ופליט נישט געבליבן, איז נישט קאַגאַנאָוויטש — די רעכטע האַנט ביי סטאַלינען? איז נישט ליטווינאָוו — דער וויכטיקסטער בעל־יועץ ביי סטאַלינען? זענען נישט גאַמאַרניק

און יאַקיר — די אָנגעזעענסטע פּערזענלעכקייטן אין דער רויטער אַרמיי? איז נישט מעבלים — דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון דעם סאָוויעטישן אָפּי־ציאָז? העיני האנשים תנקר? מען קען דען זאָגן, אַז אונדזער בייטראַג צו דער רעוואָלוציע איז אַ שקר־בלבול? בשום אופן נישט! און זייט זיכער, ביי אַ שוואַרצן טאָג חלילה, וועט מען אונדז דערפאַר אויסצאָלן אחת ואחת. דער לאָזונג: „זשיד קאָמוניסט", וועט אונדז גלאַט נישט אָפּ־לויפן, אייערע באַוווסטזיניקע פּראָלעטאַריער, אייערע פּאַטענטירטע אַרבע־טער־מאַסן קוקן נאָר אַרויס אויף אַ גינסטיקן מאָמענט...

— וואָס דען וואָלט איר געוואָלט? אַז איבער נאַכט זאָל אייך אַ הייר־דאַמאַק, אַ פּעטליורעוועץ, אַ פּאַרביסענער קולאַק פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אוהב־ישראל? קיין פּאַקוסניקעס זענען מיר נישט! מען דאַרף איבער־דערציען, אַגיטירן, אויסקאַרטשעווען פון די הערצער ביי די אָפּגעשטאַ־נענע מענטשן, די פון דורות לאַנג איינגעוואָרצלטע שנאה צו יידן. קיי־נער וועט עס פאַר אונדז נישט טון, נישטאָ קיין משרתים, אַליין דאַרף מען זיך מטריח זיין. מען דאַרף קנעלן מיט דער פיינטהאָבנדיקער מאַסע אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז זי וועט ענדערן איר שטעלונג צו אונדז. ווי אַזוי דען האָט איר געמיינט? אַ היסטאָרישער פּראָצעס פון אַזאַ פאַרנעם, ווערט נישט פאַרענדיקט פאַר איין יאָר, צי אפילו פאַר איין דור, דאָס מוז לאַנג־לאַנג דויערן... ביי דער געשיכטע, איז אַ יאָר — אַ מינוט...

— אַ שיינעם דאַנק אייך פאַר דער הבטחה... די קומענדיקע דורות אינטערעסירן מיך נישט... איך וויל זיין זיכער מיט מיין אייגענעם קאָפּ און גראָד אָט די זיכערקייט קען מיר נישט געבן אפילו די ראַטנמאַכט. און וואָס איר זאָגט, אַז אין יידן־שנאה צייכענען זיך אויס די אָפּגעשטאַ־נענע בירגער, האָט איר מחילה אויך אַ גרויסן טעות. דער מקור פון דער שנאה שטעקט דווקא אין דער אינטעליגענץ. וואָס אויפגעקלערטער דער גוי איז, אַלץ טיפער זיצט ביי אים אין הארצן די קנאה־שנאה צום „יעוורעיטשיק"... און ווען איר וועט עס איינרעדן, אַז עס וועט העלפן איבערדערציען, אַגיטירן? מיר זענען דאָך דאָ אַלע דערוואַקסענע מענטשן, מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז קיין האַרץ קען מען נישט איבערבייטן. איבער־צייגונגען, מיינונגען קען מען נאָך אַ מאָל בייטן, אָבער אַ האַרץ בלייבט שטענדיק ביים מענטשן דאָס זעלבע, וואָס די מאַמע האָט אים מיטגע־געבן פונעם בויך... אין שכנות מיט כמעלניצקעס אייניקלעך זענען מיר שטענדיק איינגעשטעלט מיטן לעבן... אַגיטאַציע, איבערדערציאונג, דאָס זענען אַלץ זייף־בלעזעלעך, אויף אָפּצונאַרן זיך אַליין... אַ ראַק באַשמירט מען נישט מיט קיין זאַלב, אַ ראַק דאַרף מען אויסשניידן מיטן וואָרצל! מיט איין וואָרט: מען דאַרף בייטן די אכסניא און אַראָפּ פונעם מאַרק!

— הייסט עס, אַז ווינען אין ראַטנפאַרבאַנד הייסט ביי אייך אַ ראַק?

— ס'איז קיין שום אונטערשייד נישט ווו — ווי באַלד אין גלות, איז דאָס אַ ראַק! מען דאַרף אָפּזאָגן אַ ביטערן קדיש נאָך די אַלע קרבנות, וואָס מיר האָבן מקריב געווען אויף פרעמדע מזבחות, זיך געזעגענען מיט

די טהורים וקדושים, און דער עיקר: מיט די יונגע קברים, וועלכע מיר האָבן מיט אזא שפע פאַרזייט על אדמת־נכר און גיין בויען אַן אייגענע היים...

— הייסט עס, אַז איר, חבר פרידמאַן, גלייבט נישט אין אַזאַ וואָר־שיינלעכער זאַך, אַז די ראַטנמאַכט, וואָס האָט באַקעמפט די מאָנאַרכיע, דעם קאַפּיטאַליזם, אַלע אינערלעכע שונאים, וועט קענען אויף אייביק פאַרזיכערן פאַרן יידישן פאָלק אַ רואיק לעבן?

— פונקט אַזוי ווי איך האָב נישט געקענט האָבן קיין אילוזיעס בנוגע דער איבערדערציאונג פון דעם רוסישן פאָלק, אַזוי קען איך אויך נישט האָבן קיין אילוזיעס בנוגע די טובות פון דער ראַטנמאַכט...

— אָ! דאָס זענען שוין גאָר אַנדערע דיבורים...

— עס הייבט זיך גאָר נישט אָן! די זעלבע דיבורים האָב איך געזאָגט פון אָנהייב אָן. שרעקט אייך נישט, איך בין נישט קיין קאָנטער־רעוואָ־לוציאָנער און אפילו נישט קיין טראָצקיסט, איך קאָנסטאַטיר נאָר אַ פאַקט, אַז די ראַטנמאַכט האָט שענדלעך באַנקראָטירט קעגן דעם יידישן פאָלק.

— מיט וואָס זשע האָט זי באַנקראָטירט?

— מיט וואָס גאָר? מיט אַלץ! מיט וואָס האָט זי נישט באַנקראָ־טירט? וואָס פאַר אַ לוין האָבן מיר באַקומען פאַר אונדזער שאַפן אַן עפּאָכע? פאַר אונדזער אָפּווישן אַ וועלט און אויפבויען אַ נייע?

— וואָס זשע פאַר אַ לוין וואָלט איר געוואָלט? וואָס פאַר אַ לוין האָבן דען באַקומען אַלע אַנדערע פעלקער?

— אָ! וואָס גלייכט איר? חוץ אונדז זענען אַלע באַלוינט געוואָרן... אַלע ביז איינעם!

— מיט וואָס זשע, לאָמיך שוין הערן...

— יעדעס פאָלק, יעדער שבט האָט באַקומען זעלבסטשטענדיקייט, אַן אייגענע רעפּובליק, אַ באַזונדערע שפּראַך, אַ באַזונדערע קולטור. וואָס נאָך ווילט איר? אונדזער מלוכה האָט אויסגעגראָבן אַזעלכע שבטים, וואָס האָבן גאָר דאַכט זיך, קיין מאָל נישט עקזיסטירט, ווי למשל: בוריאַט־מאָנגאָלן, אודמורטן, קאָמי, טשוואַוואַשן, קאַבאַרדינאַ־באַלקאַרן, מאָרד־ווינער, יאַקוטן, דאַגעסטאַנצעס, אַבכאַזן, אַדזשאַרן און נאָך צענדליקער און צענדליקער נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וואָס האָבן עקזיסטירט אין מתושלחס יאָרן, אָפּגעגעבן זיי אויטאָנאָמיעס, געשאַפן פאַר זיי אייגענע מאַכט־אָרגאַנען, און געמאַכט זיי פאַר בכבודיקע באַלעבאַטים אין לאַנד —

— ווי אַזוי דען וואָלט איר פאַרשטאַנען? אַז עס וואָלט בעסער גע־ווען, ווען אָט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן זאָלן פאַרשלונגען ווערן דורך די מער באַפעלקערטע שכנים? סטאַלין, וואָס איז מקדמונים אַ ספּעץ אויף נאַציאָנאַלע פראַגן, האָט פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף זיי אַרויס־הייבן פון זייער שטאָק־אַלטער זינקעניש, און איר, פּראָפעסאָר פרידמאַן פאַרשטייט, אַז ס'איז גלייכער געווען זיי צו לאָזן דערדריקטע, איינגע־זונקען ווערן אין אייביקער פאַרגעסעניש, האַ?

— ווער זאָגט אייך? וואָס טוט זיך מיר נייטיק, אַז זיי זאָלן בלייבן דערדריקטע? ווען מען אַרט עס, אויב מען האָט זיי אויסגעקברט און גע־מאַכט מיט לייטן צו גלייך? אָבער וואָס איז מיט אונדז די גדולה? פון וואָס זאָלן מיר דאָ גיין אַ טענצל? אפשר דערפון וואָס מען האָט אָט די האַלב־ווילדע אָנגעטון בגדי־מלכות? אפשר דערפון וואָס מען האָט אָט די פּראַים געגעבן אין די הענט אַריין מיניסטערסקע פּאָרטפעלן און די „איקאָנעס" פון זייערע גדולים צעהאַנגען אין אַלע ווינקעלעך פונעם לאַנד? ניין, אַ דאַנק אייך אין היטל! די שמחה צענעמט מיך עפּעס נישט פון זייערע גדולות.

פרידמאַן כאַפּט איבער דעם אָטעם און לאָזט אַרויס אַ זיפץ:

— יאָ, קיינער קען נישט זאָגן, אַז די ראַטנמאַכט האָט פאַר איר לעבן גאָרנישט מתקן געווען, אָבער ס'איז געווענדט פאַר וועמען. פאַר אונדז יידן, חוץ שלעכטס — גאָרנישט!* Хороша Маша, да не наша! ווען די בין גיט האָניק, אונדז — בלויז גיפט! עס איז פאַראַן אין תהילים אַזאַ אומפאַרשטענדלעכער פסוק: „נתת שמחה בלבי, מעת דגנם ותירושם רבו". דאָס הייסט אַזוי גוט ווי: דו האָסט אָנגעפילט מיין האַרץ מיט פרייד, ווייל אויף זייערע ווייגערטנער און אויף זייערע תבואה־פעל־דער איז אַ גרויס גערעטעניש. מוטשעט זיך רש"י נעבעך צו פאַרענטפערן דעם פסוק: „די שמחה באַשטייט אין דעם, וואָס דוד המלך האָט די דער־שיינונג גענומען דורך אַ קל וחומר, מה־דאָך צו די גויים איז גאָט אַזוי מילד, על אחת כמה וכמה ווי אַזוי וועט ער שוין זיין צו די יידן"... אפשר מיינט איר מיך אויך טרייסטן מיט ענלעכע מה־דאָכס, קען איך אייך פאַרשפּאָרן אַ גאַנג — ס'איז אומזיסט די טרחה! איך זע טאַקע, אַז אין משך פון כמעט צוויי צענדליק יאָר האָט די ראַטנמאַכט אַלע גויים געגעבן ברכות און יידן — קדחת! זיי, די קריפּלס, האָט מען מיט גרויס פּאַראַד געמאַכט פאַר קיסרים און אין אונדז יידן, די עלטסטע קולטור־טרעגער אין דער וועלט, האָט מען אין גאַנצן פאַרגעסן, ריכטיקער געזאָגט: מען האָט אונדז צום גרויסן באַדויערן דווקא נישט פאַרגעסן, נאָר מען האָט זיך פאַרלייגט אויסצוראָטן אַלץ, וואָס האָט אַ מינדסטע שייכות אָדער אַ יניקה כל שהיא פון יידישן נאַציאָנאַליזם. עס ווערט געפירט אַזאַ פּאָליטיק, אַז אויב אפילו ס'איז נאָך ערגעץ לפנים פאַרבליבן אַ יידישע שול — באַזוכט מען זי נישט! אַ יידיש טעאַטער — גייט נישט אַהין אונדזער יונגער דור. און קיין חדרים מיט קיין ישיבות זענען דאָך שוין פון לאַנג נישטאָ, במילא איז דער אונטערגאַנג פון יידן אַלס אַזעלכע אַ געזיכערטער...

— און בירא־בידזשאַן איז אַ הונט?

— חס ושלום! נישט קיין הונט, נאָר אַ סאָוויעטישער קאַיענע־

---

* וואָס קומט אַרויס דערפון, וואָס מאַשע איז אַ שיינע, אַז זי איז נישט אונדזערע?" אַ רוסיש פאָלקסווערטל.

אינדזל ספּעציעל פֿאַר יידן! טאַקע כּדאַי געווען הונדערטער יאָרן באַ־פּרוכפּערן די רוסישע ערד מיט אונדזער בלוט; אויסבאָדן אין אונדזער בלוט אַלע כמעלניצקעס, גאַנטעס מיט זייערע לעצטע געטרייע אייניק־לעך; כּדאַי געווען צעברעכן די צאַרישע באַסטיליעס און אויפשטעלן אַ פּראָלעטאַרישע מדינה; אַלץ איז כּדאַי געווען, אַבי מען זאָל אונדז דערנאָך פֿאַרשיקן אין עק וועלט, אַז די מאַסקיטן זאָלן האָבן וועמען צו בייסן, עס זאָל זיי דאָרט נישט זיין אומעטיק...

— און אין אייער פּאַלעסטינאַ, מיינט איר, זענען נישטאָ קיין מאָס־קיטן?

— דאָרט איז אונדזער היים! וואָס גאָט האָט אונדז צוגעגרייט, דאָס איז אונדזערס. אָבער דאָ?... מיר האָבן דאָך פֿאַר דעם רוסישן פֿאָלק בערג איבערגעקערט, פֿאַר וואָס טרעט מען אונדז אַזוי מיט די פֿיס? פֿאַר וואָס וויל מען אונדזער זכר אָפּווישן?

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש הודעט אַרויס אַן אָנגעכמורעטער:

— ווייל די יידישע קולטור איז פֿאַרבונדן מיט ציוניזם און ציוניזם איז קאָנטער־רעוואָלוציע...

פֿרידמאַן איז אַזש בלייך פֿאַר אויפֿרעגונג:

— פֿאַר וואָס איז עפּעס די יידישע קולטור דווקא פֿאַרבונדן מיט ציוניזם? די אָרטאָדאָקסן, למשל, האַלטן גאָר נישט פֿון פֿאָרן קיין ציון פֿאַר משיחס קומען; צי לאָמיר נעמען, די סאָציאַליסטן פֿון אַלע ריכטונ־גען — האַלטן זיי דען פֿון ציון? און ווער האָט עס אייך איינגערעדט, אַז ציוניזם דאָס איז קאָנטער־רעוואָלוציע? פֿאַר וואָס איז אוקראַאינער פּאַטריאָטיזם כּשר און מען פּראָפּאַגירט אים, פֿאַר וואָס איז גוט ווייס־רוסישער, קירגיזישער, טאַטאַרישער, קאַרייער... אַלע נאַציאָנאַלע מינדער־הייטן מעגן און זענען מחויב ליב צו האָבן זייער רעפּובליק און מיר יידן — נישט? פֿאַר וואָס, האַ?

אין צימער איז געהאַנגען די פֿראַגע און האָט אומבארחמנותדיק גע־מאָנט ביי דער שטילקייט אַן ענטפֿער. פֿרידמאַן האָט מיט פֿאַרנעפּלטע אויגן באַקוקט די פֿאַרזאַמלטע און נאָכדענקענדיק אַ ווײַלע געזאָגט:

— אָבער איך וועל אייך יאָ זאָגן, פֿאַר וואָס די ראַטנמאַכט רודפֿט די יידישע קולטור מער פֿון אַלע איבעריקע קולטורן אין לאַנד! איר הערט? איך וועל אייך יאָ זאָגן! די ווערסיע מיטן ציוניזם איז נאָר אַ תּירוץ פֿאַר דער וועלט, דער אמתער טעם איז אַ פֿיל טיפֿערער און אַ פֿיל מער ערנס־טער. די מעשה דערפֿון איז אַזוי: די ראַטנמאַכט איז זייער שאָוויניסטיש געשטימט, דער פּרעסטיזש איז ביי איר טייערער פֿון אַלץ. די קולטורן פֿון אַלע אויסגערעכנטע פּריש־געבאַקענע פֿעלקער האָבן זייער אַ קורצן עבר הינטער זיך און זייער אַ מאָגערן באַגאַזש, אָדער — גאָר קיין באַ־גאַזש נישט. דעריבער קענען זיי מיט גאָרנישט פֿאַרטונקלען די הויפּט־קולטור, די רוסישע. דערפֿאַר מעגן זיי עקזיסטירן. דאַקעגן די יידישע קולטור, וואָס איז פֿיל עלטער פֿון אַלע איבעריקע וועלט־קולטורן, ווער

שמועסט פון דער רוסישער, ווען מען זאָל איר געבן פרייע הענט אויף זיך צו אַנטוויקלען, איז זי עלול מיט איר פּראַכט און מיט איר קראַפט צו קאָנקורירן מיט דער רוסישער און אין אַ היפּשער מאָס אָפּצושוואַכן איר איינפלוס. אָט פאַר וואָס אַלע קאַנאָנען זענען געווענדעט אויף דער יידישער קולטור, ווייל זי טראָגט אין זיך אַ געפאַר, ווייל זי באַדראָט דעם כבוד פון דער הערשנדיקער קולטור — פון דער רוסישער... און אויף דעם איז שוין פאַראַן אַ בפירושער מאמר חז"ל: אין שני מלכים משתמשין בכתר אחד. און אָט דער אופן פון פיזיש באַקעמפן דעם גייסטיקן קעגנער, איז אויך נישט קיין נייער. אין תנ"ך טרעפן מיר אַן אַנאַלאָגישע געשיכטע. רבותי, איר ווילט הערן?

פון אַלע עקן טיש האָבן זיך דערהערט קולות:

— דערציילט, דערציילט, וואָס פאַר אַ פראַגע?

פרידמאַן האָט אַ כיטרע שמייכל געטון:

— אָבער דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, בר־פלוגתה מיינער, דעם כלל זאָלט איר גוט געדענקען, אַז: Слово из письма не выкидывают!* דער משל, אַזוי ווי ער איז — איז ער! איך דערלאַנג אים צום טיש אָן געווירצן. געדענקט זשע: קיין שום באַליידיקן זיך זאָל נישט דערמאָנט ווערן!

— מיר האָבן שוין וועגן דעם איין מאָל אָפּגערעדט. צו וואָס איבער־חזרן?

פרידמאַן: ...דערציילט זיך אין תנ"ך, הייסט עס, אַז ס'איז געווען אַ יידישער קעניג, אחאב האָט ער געהייסן. ער איז געווען אַ געצנדינער און דערצו אַ רוצח אין פאָלקס־מאַסשטאַב. די קעניגלעכע פּאָר, אחאב און איזבל, האָבן פלייסיק אויסגעראָטן אַלע אמתדיקע נביאים און בכלל אַלע יעניקע, וואָס האָבן געהאַט די העזה צו קלערן אַנדערש, ווי עס דיקטירט די גענעראַלע ליניע פון דער פּאַרטיי, אַנטשולדיקט — איך מיין, ווי דער קעניג מיט זיינע מיטלויפער. זיי האָבן דאָס בשעתם געמאַכט נישט ערגער, ווי עס טוט עס היינט אונדזער ליבהאַרציקע ראַטנמאַכט מיט יענע אומגליקלעכע, אויף וועלכע עס פאַלט אַ מינדסטער חשד, אַז אפילו נאָר אין געדאַנק הקרענען זיי זיך טיפער ווי עס איז דערלויבט... בקיצור: דאַרף זיך אַזוי מאַכן, אַז אין שכנות מיט דעם פּרעכטיקן קעניגלעכן פּאַלאַץ האָט געהאַט אַ ירושה־הייפל איינער אַ זקן מיטן נאָמען: נבות היזרעאלי. די גאַנצע ירושה איז באַשטאַנען פון אַ האַלב־חרוב הייזל מיט אַ גערטנדל. אָבער אַלס אָנדענק פון די פאַרגאַנגענע טעג, איז אָט די נעבעכדיקע נחלה געווען זייער טייער סיי ביים בעל־הבית אַליין, סיי ביי אַלע איינוווינער פון דער שטאָט. קוקנדיק אויף אָט דעם פּאַרצייטישן הייפל מיט די אַלטמאָדישע בנינים, פלעגן זיך יעדן איינעם אויפמישן אין זכרון יענע גוטע צייטן, ווען מען האָט נאָך געמעגט עפנטלעך דינען צו

* פון אַ בריוו וואַרפט מען נישט אַרויס קיין וואָרט.

גאָט, ווען דאָס פֿאָלק איז נאָך נישט געווען פֿאַרוואַנדלט אין קיין גיפֿסע־נע ברואים, וואָס האָבן נישט קיין אייגענע געדאַנקען און קיין אייגענע געפֿילן. דער דעספּאָט אחאב האָט אָבער דערשמעקט, אַז יענץ אָרעמע הייפֿל ציט אויף זיך מער אויפֿמערקזאַמקייט ווי זיין קעניגלעכער פּאַלאַץ, און ער האָט געשיקט נאָך זיין שוואַכינקן שכן און צו אים אַזוי געזאָגט: „זאָג זיך אָפּ פֿון דיין חרובער ירושה, איך וועל דיך דערפֿאַר קעניגלעך באַלוינען". דאָ האָט אָבער אחאב דערהערט אַן אומגעריכטן ענטפֿער:

— „אַנטשולדיק, קעניג, מיין דרייסטקייט. דאָס קומט נישט פֿון עזות, נאָר פֿון די טיפֿסטע טיפֿעניש פֿון מיין נשמה. איך קען מיך בשום אופֿן נישט אָפּזאָגן פֿון מיין טאַטנס ירושה. זי שטאַמט פֿון די עלטער־זיידעס און איז ביי אונדז פֿאַרהייליקט". דער קעניג, וועלכער איז נישט געווינט געוואָרן, אַז עמעצער זאָל וואַגן, נישט געהאָרכזאַם זיין צו זיין רצון, האָט נאָך איין דעם צאָרן און זאָגט אים: — „איך וועל דיר שענקען פֿאַר דיין מאָגער גערטנדל, אַ גאַנצן מאַיאָנטעק". ענטפֿערט אים נבות: — „ווען דו גיסט מיר אפֿילו אוועק דיין קעניגלעכן פּאַלאַץ מיט דער שטול צוזאַמען, וועל איך לעבעדיקערהייט נישט אָפּטרעטן פֿון מיין נחלה". פֿון אַזאַ פֿרעכן ענטפֿער האָט שוין דעם קעניגס צאָרן געפּלאַצט און ער האָט אויס־געשריגן: — „דו האָסט זיך אַליין אַרויסגעטראָגן אַן אורטייל"!...

די שווערע שטילקייט האָט לאַנג און באַטאָנענדיק דערענדיקט דאָס נישט דערזאָגטע. פֿרידמאַן האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דאַן שטיל גערעדט ווייטער:

— ווי עס פֿירט זיך ביי יעדער דיקטאַטור, איז דער שוואַכערער אומגעבראַכט געוואָרן. נבותן, אַלס אַ מורד במלכות, האָט מען פֿאַרוואָרפֿן מיט שטיינער. צו יענער צייט איז אָבער געווען אליהו הנביא. דער איינ־ציקער פֿון די נביאים, אויף וועלכן אחאב האָט קיין שליטה נישט געהאַט. זיין געשריי: — „הרצחת וגם ירשת"?, האָט אחאבן נאָכגעיאָגט אַזוי לאַנג, ביז די הינט האָבן אים צעריסן אויף שטיקער און אויסגעלעקט זיין בלוט. דאָס זעלבע שפּילט זיך אָפּ מיט אונדז, היינט צו טאָג. אונדזער קליין גערטנדל שטעקט ווי אַ דאָרן אין אויג ביי דער ראַטנמאַכט. ווי אָרעם אונדזערע בנינימלעך זענען, קענען זיי נאָך אָפּט מאָל ציען אויף זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער גרויסער וועלט, פֿיל מער ווי דאָס קען דערלאָזן דער בייזער באַלעבאָס. דעריבער האָבן זיי באַשלאָסן פֿון דעם געפֿערלעכן שכן פּטור צו ווערן. און ווי באַלד, אַז מען דאַרף, איז דאָך דערווייַל דאָ אַ בפֿירושע יעזואיטישע תורה: „דער צוועק הייליקט דאָס מיטל", במילא מעג מען שוין פֿאַר אַרויסוויַיזן דאָס פֿינטעלע ייד — אי פֿאַרשיקן אויף סאַכאַלין; אי לעבעדיק באַגראָבן אין די שטראָף־קאַרי־דאָרן; און אַז עס מאַכט זיך אויסברענען יענעם די אויגן — איז אויך נישקשה; און אַז עס קומט צו רייד יענעם אָפּרייסן די קישקעס — איז אודאי רעכט; און פֿאַר וואָס נישט שינדן פֿונעם לייב קיין לעבעדיקע שטי־קער? און פֿאַר וואָס נישט איינטונקען אים אין די ערגסטע מיאוסקייטן?

אַז מען שמועסט, אַז מען מעג — מעג מען שוין אַלץ! דערויף איז דאָ אויף דער וועלט די הייליקע צוואה פונעם זיידן פון אַלע אינקוויזיטאָרן, פון טאָרקוועמאַדען, און די רוסישע תּלמידים פון דער סאָוויעטישער שול, האַלטן זיך ביי דער דאָזיקער צוואה זייער שטרענג... אַנטשולדיקט, איין שבח קען מען יאָ נאָכזאָגן אייערע „כראַניטיעלי זאַקאָנאַ", * דאָס איז: מתרפּס ברצי כסף... פאַר געלט פאַרקויפט מען זיך גערן... הזהב קונה את הכל... פאַרן „עגל" קניט מען אַפּים ארצה... אָבער ווער קען זיי איינבייסן? ווו נעמט מען אַזוי פיל כסף וזהב אויף מטהר צו זיין אַזוינע ממזרים? זיי הייסן זיך דאָך אָפּגילדן... ככתוב: וישמן ויבעט... אָט דאָס איז דאָס, מיינע פריינד, אַזאַ בילד האָבן מיר פאַר זיך ביי היינטיקן טאָג. מיר, די אָרעמע, שוואַכע נבותעס, כאָטש די געשיכטע באַהאַלט פון אונדז נישט אויס, וואָס דער סוף פון אונדזער איינגעשפּאַרטקייט קען זיין, דאָך דאַרפן מיר קוקן אונדזער גורל גלייך אין פּנים אַריין און מעלדן אונדזערע פאַר־פאָלגער: — „מיר ווילן פון אונדזער נחלה נישט אָפּטרעטן! אָדער איר וועט אונדז לאָזן מיט איר צוזאַמען בלייבן לעבן, אָדער מיט איר צוזאַ־מען אומקומען". און כּדי מיר זאָלן טאַקע נישט האָבן דעם זעלבן סוף, וואָס אונדזער זיידע נבות, דאַרפן מיר, ווי איר אַליין האָט זיך פריער אויסגעדריקט, מיט אַלע וועגן און אומוועגן זיך אָוועקלאָזן אין אונדזער אַלטער היסטאָרישער היים און —

— און אויפשטעלן אויפן אַלטן גוטן שטייגער אַ מאָנאַרכיעלע —

— פאַר וואָס דאַרפן מיר אויפשטעלן דווקא אַ מאָנאַרכיע? מיר האָבן דאָך פריער געשמועסט, אַז די פּלאַמענדיקסטע רעוואָלוציאָנערן זענען פון תּמיד אָן געווען ביי יידן... אויב קאָמוניזם איז אַן אויפריכ־טיקער רעזשים, ווילן מיר אויך אויפשטעלן קאָמוניזם, אָבער — ביי זיך! אין אונדזער אייגן כאַטקעלע, נישט אונטער די טרעפּ פון די רייזיקע, פרעמדע פּאַלאַצן... גענוג שוין געווען דער גאַנצער וועלט ווי זאַלץ אין די אויגן. מיר ווילן שוין ליבערשט זיין אָרעמע באַלעבאַטים ביי זיך, איי־דער רייכע שכנים ביי יענעם. יאָ, מיר מעגן און מיר דאַרפן אַוועקפאָרן! קיינע התחייבותן לגבי איוואַנען האָבן מיר אויף זיך נישט גענומען. ער האָט שוין זיין חלק בלוט פון אונדז אויסגעזאַפּט... אָ! אַריבער און אַרי־בער. עס וועט שוין סטייען פאַר אים עד סוף כל הדורות...

אין צימער איז אַ היפּשע וויילע געווען אומהיימלעך שטיל. ענדלעך האָט דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש זיך אויסגעקנאַקט אַלע פינגער און געוואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר מנשה האָט אים נישט געלאָזט אויסרעדן און אַליין זיך אָנגערופן אין איין אָטעם, ווי ער זאָל מורא האָבן, אַז עמעצער וועט ביי אים אויסכאַפּן דעם געדאַנק:

— דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, איר האָט פריער מיט אַ שפּאָטיש גע־לעכטערל אַ וואָרף געטון: „אַ מאָנאַרכיעלע", ווי מען וואַרפט איינעם

* די היטערס פונעם געזעץ.

פאַר: „גיי, דו ביסט אַ ממזר"... אונדזער האָפענונג איז בפירוש נאָר אויף אַ מאָנאַרכיע... אויף מלכות בית־דוד...

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, טריאומפירנדיק:

— האָב איך דאָך געזאָגט —

— וואַרט, כאַפּט נישט... האָט צייט... וואָס האָט איר געזאָגט? ווען האָט איר געזאָגט? אונדזערע אַ מאָנאַרכיע, אַ מלך וואָס פירט זיך על־פּי התורה, איז נישט קיין פּאָני; נישט קיין „איוואַן גראָזנעי" און אפילו נישט קיין סטאַלין... ער קען נישט אַרויפלייגן אויפן לאַנד זיין פּערזענ־לעכן חותם, ער קען נישט אָנפירן מיטן פאָלק לויט זיין אייגענעם פאַר־שטאַנד און ווילן. די הייליקע תורה צוימט זיינע לײדנשאַפטן אויף יעדן טריט און שריט. אַן אמתער מלך־ישראל איז נאָר דער סאַמע עלטסטער און גלייכצייטיק דער סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכער אויספירער פונעם רצון־הבורא און מער גאָרנישט. אויף יעדער וויכטיקער פראַגע, וואָס שווימט אַרויף אויפן סדר־היום, האָט ער אין די כתבי־הקודש, צי אין תלמוד, אָדער אין די שפּעטערדיקע געזעצגעבונגען, אַ פאַרטיקן באַשלוס, אַ שטרענ־גן טראַקטאַט, אַ געזעץ, פון וועלכן ער טאָר נישט אָפּנויגן נישט אויף רעכטס און נישט אויף לינקס. און קיין מער דעמאָקראַטישע געזעצן ווי אין תורת־משה האָט נאָך קיין שום מלכות און קיין שום פרייע רעפּובליק נישט אַרויסגעגעבן און וועט קיין מאָל נישט קענען אַרויסגעבן, ווייל... ווייל מענטשלעכער פאַרשטאַנד און מענטשלעכער יושר קענען דען קאָנקורירן מיט דער געטלעכקייט?

— נו, נו, זייער שיין... זייער אָנגענעם...

— אודאי שיין! אודאי אָנגענעם! מישט איבער דעם תנ"ך, וועט איר זען, וואָס פאַר אַ קיסריים מיר האָבן געהאַט... עס זענען, פאַרשטייט זיך, געווען אויך גענוג דעספּאָטן צווישן זיי, און אפילו פשוט הענקער, אָבער וועגן יענע האָבן מיר נישט וואָס צו רעדן, ווייל יענע זענען נישט געגאַנגען בדרך־התורה. דערפאַר אָבער יענע, וואָס האָבן זיך יאָ געפירט על־פּי התורה, זענען טאַקע פאַרבליבן די ליכטיקסטע געשטאַלטן אין דער וועלט־געשיכטע. איר טרעפט דאָרט למשל אַזאַ פאַל: אַ קעניג האָט אָפּגע־טון אַן עוולה — זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַזעלכע מינים עוולות זע־נען ביי די נישט־יידישע מלכים טאָג־טעגלעך ברויט — אָבער, פאַר אַ יידישן מלך, פאַרן נעים־זמירות ישראל איז דאָס געווען אַן אָנגעזעענע עוולה. וואָס זשע קומט אָבער פאַר נאָך דעם? אָנשטאָט דעם, וואָס ביי די אומות־העולם זעצט דער קעניג אַריין אין תפיסה עטלעכע מנינים מענטשן, נאָך צוויי מאָל אַזוי פיל שיקט ער סתם אַרויס פון דער מדינה, כדי צו פאַרווישן די שפּורן, עס זאָל אים חלילה קיינער קיין מאָל נישט קענען פאָרוואַרפן זיין מיאוס שטיקל אַרבעט — זעען מיר ביים יידישן קעניג גאָר אַן אַנדער בילד. דער נביא, דער מוכיח, וואָס טראָגט גאָטס וואָרט צו די שטערבלעכע, קומט צו גיין צום קעניג און מיט אַ דונערנ־דיקער שטימע רופט ער אויס: — „דו האָסט געזינדיקט"! און דער קעניג

הייסט אים נישט אויפהענגען, ווי עס קומט אזא איינעם, וואָס דערוועגט זיך צו זידלען דעם מלך, נאָר פאַרקערט! ער רייסט פון זיך אראָפּ די בגדי־מלכות, זעצט זיך אויף דער ערד, וויינט און קלאָגט אויף זיין חטא און בעט ביים נביא אַ תשובה. ווייסט די געשיכטע נאָך פון אזא פאַל? קען מען געפינען עפּעס ענלעכס אויך ביי נישט יידישע מלכים?

מנשה רוט זיך אָפּ אַ ווײַלע, נאָר דערזעענדיק, אז שלמה וויל אריינשטעלן אַ וואָרט, גיט ער אים אַ ווונק, ער זאָל אויסוואַרטן און פאַרענדיקט זיין געדאַנק:

— אָט דער זעלבער מלך, וועגן וועלכן מיר רעדן, איז געווען ביי זיך אזוי פשוט, ער האָט אזוי שטאַרק געפילט, אז ער דינט ביים פאָלק, נישט דאָס פאָלק ביי אים, אז ווען ס׳איז געקומען אַ שטיקל יומא־דפגרא, פלעגט ער טאַנצן אין די גאַסן גלייך מיט אַלע יידן, צוזאַמען מיט די פּראָסטע פאָלקסמענטשן, אפילו צוזאַמען מיט די דינסטמיידלעך, ווייל זיי זענען אויך יידישע קינדער, זיי זענען אויך מענטשן... צי קענט איר אזא מידה טרעפן ביי די היינטיקע מלכים? ביי די היינטיקע דיקטאַטאָרן? אַנו, צי קען זיך עמעצער באַרימען, אז ער האָט באַגעגנט סטאַלינען אין גאַס? צי זעט עמעצער דעם פאָטער פונעם פאָלק, חוץ ווי צוויי מאָל אין יאָר אויף דער טריבונע? דער אייבערשטער, וואָס איז אביסל אַ גרעסערער מלך ווי סטאַלין, וואָס „לית אתר פנוי מניה״, * פלעגט זיך אויך באַווייזן פאַרן פאָלק דריי מאָל אין יאָר, עס שטייט בפירוש אין פּסוק: „שלש פעמים בשנה יראה כל זכורך את פני האדון ד׳״... שלש ! און סטאַלין — בלויז צוויי מאָל!... באמת טאַקע, וואָס פאַר אַ חילוק איז איצט דעם פאָלק פון לעניגען ביז סטאַלינען? דעם זעט מען נישט און יענעם זעט מען נישט. אדרבה, לעניגען, אז מען וויל קען מען נאָך זען, אָבער סטאַלינען — קען מען נאָר בלייבן ביים וועלן... און זיין פּירעכטס איז זייער פאַרשטענדלעך. ער קען נישט קומען צום פאָלק, ווייל ער האָט שוין לאַנג צעריסן מיט אים, ווייל ער איז צו ווייט אַוועק, אז ער זאָל נאָך קענען פאַרנעמען די וואָכעדיקע בקשות, דאָס טאָג טעגלעכע הצטרכות פונעם המון העם. אָבער גאַנץ אַנדערש איז אַ מלך ישראל, וואָס איז זיך נוהג על־פּי התורה...

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, מיט אַ געלעכטער:

— הערט, כמעלניקער רב, צי סאָלאָמינקער דאַרטן... עס האָט אַ מאָל אַ מיידל געזאָגט צו איר חברטע: — „איך געב דיר מיין הייליק וואָרט עטל, אז איך וועל בשום אופן נישט נעמען פאַר קיין מאַן אזעלכן, וואָס בראָפּעט בשעת ער שלאָפט״. די דאָזיקע עטל איז אַ פּנים אויך נישט געווען קיין גראַשנדיקע און ענטפערט איר גלייך צוריק מיט אַ קשיא: — „גוט, דו וועסט נישט נעמען, אָבער ווי אזוי וועסטו דאָס קענען וויסן, צי ער בראָפּעט, צי ניין? אָט די זעלבע קשיא וויל איך אייך אויך פרעגן: פון וואַנען ווייסט איר, אז דער קיסר, וואָס איר וועט אַרויפזעצן אויף דער

* נישטאָ קיין פּיצל פּלאַץ, וואָס איז פריי פון גאָט. פון זוהר.

שטול, וועט זיך נאָך דער קרוינונג, נאָך דעם ווי ער וועט פּאַקן אין דער האַנט אַריין דעם שרביט־המלכות, נישט פאַרוואַנדלען אין אַ נייעם אחאב? מיט וואָס זענט איר גאַראַנטירט, אַז ער וועט זיך דאַמאָלסט וועלן פירן לויט אייער רעליגיע? פון וואַנען נעמט זיך צו אייך אַזאַ בעטאָנירטע זיכערקייט?

— וואָס הייסט, פון וואַנען?... מיט אַזאַ תנאי וועלן מיר אים אַרויפזעצן! און אויב ער וועט עובר זיין אויף דעם דאָזיקן הויפּטבאַדינג, איז פּונקט אַזוי גוט ווי מיר האָבן אים אַרויפגעזעצט, וועלן מיר אים בכבוד גדול אַראָפּזעצן. ביי אונדז אין דער תורה געפינען זיך אין שכנות די רעזולטאַטן פון „והיה אם שמע" און די פון „והיה אם לא תשמעו". וואָס דען מיינט איר?

שלמה, וואָס האָט מיט אומגעדולד געטשאַטעוועט די מינוט, אַז מנשה זאָל שוין ענדיקן, האָט אויסגענוצט די הפסקה, וואָס מנשה האָט געמאַכט און האָט זיך אָנגערופן מיט אַן אימפּעט:

— פרידמאַן! אויף אַזאַ נאַכגיביקייט האָב איך זיך פון דיר נישט געריכט. דו האָסט פריער געזאָגט: „אויב קאָמוניזם איז אַ גוטער רעזשים". ביסטו מיט אַזעלכע רייד נאָר אַ „נותן יד לפושעים", מען זאָל נאָך קענען מיינען, אַז ס'איז ביי דיר אַ דבר המוטל בספק. איך האַלט, אַז מען דאַרף אָנרופן זאַכן מיט זייערע ווירקלעכע נעמען. איצט איז שוין פאַר יעדן ילוד־אשה ברור כשמש: דער קאָמוניסטישער רעזשים, אין דעם אויסזען, וואָס ער האָט אָנגענומען אין רוסלאַנד, טויג אין ערגעץ נישט, ווער שמועסט נאָך אין ארץ־ישראל...

— אָט דאָס זענען קלאָרע דיבורים! אָן עק, ווייסן מיר כאָטש דעם אמתן שטאַנדפּונקט פון אונדזער קעגנער. זאָגט זשע מיר, חבר סאָלאָמאָן, פאַר וואָס טויג נישט דער דאָזיקער רעזשים? אַלץ איבער רעליגיע, יידישע קולטור און אַזוי ווייטער?

— לאו דווקא רעליגיע און לאו דווקא יידישע קולטור... אין טאָג־טעגלעכן, וואָכעדיקן לעבן, הינקט ער אויך אויף אַלע פיר...

— אינ—טע—רע—סאַנט... אַנטוויקלט, אַנטוויקלט אייער געדאַנק —

— איך פאַרשפּאָר אים צו אַנטוויקלען... מיין געדאַנק שפּאַנט אַרום אָן אַנטוויקלטער איבער אַלע גאַסן און פּלעצער פון אונדזער גרויסן פאַר־טערלאַנד. ווען מען זאָל זיך אפילו פאַרגינען די אויערן מיט צעמענט און די אויגן פאַרקלעפּן מיט גיפּס, מוז מען אים אויך הערן און זען.

— איך בעט אייך, מאַעסטראָ, רעדט דייטלעכער, אַז אפילו מיר, נישט פּאָעטן, זאָלן אויך פאַרשטיין, וואָס איר מיינט.

— אודאי וועל איך דאָס טון... אוד—אי... הנני מוכן ומזומן לקיים מצוות חז"ל: מפרסמין את החנפין... * ווי געזאָגט, וועל איך שוין נישט

* עס איז אַ פליכט צו דערציילן וועגן שלעכטע מענטשן, אַלץ וואָס מען ווייסט וועגן זיי, כדי די וועלט זאָל קענען זייער ריכטיקן פּרצוף. פון דער מסכת יומא.

באַריִרן די גייסטיקע זייט פון אונדזער רעזשים, דעם אומגעהערטן מאָראַ־לישן באַנקראָט, וועלכן עס האָט געליטן די קאָמוניסטישע אידעע אין איר פּאַרווירקלעכונגס־פּראָצעס. די מפּלה איז אומגעהייער גרויס, ממש שווינדלעך. מען דערציילט אַ וויץ: איינער אַ לאַבוז, וואָס איז מיט זיינע עלטערן אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, האָט פון דאָרטן געשריבן צו זיי־נעם אַ חבר — מן הסתם, אויך אַזאַ תכשיט ווי ער — אַז דער חילוק צווישן פּאָני־גנב ביז אַמעריטשקע באַשטייט בלויז אין דעם, וואָס אין דער היים פּלעגט ער זאָגן: „אַ מכה דעם טאַטן", און דאָ מוז ער עס זאָגן אַ ביסל מאָדערנער: „אַ מכה דעם פּאַפּאַ". אָט דער נאַרישער וויץ חזרט זיך איצט איבער אויף אַ זעקסטל וועלט־טייל. די זעלבע מעשים־טובים, וואָס עס האָבן פריער געטון די „שוואַרצע־מאַהניקעס", די זשאַנ־דאַרמען, די פּאָליציאַנטן, טוען עס היינט, נאָך מיט אַ גרעסערן דערפאָלג: די מיליציאָנערן און געפּאָיסטן. דער חילוק איז נישט מער, וואָס אַנ־שטאָט אַ צווייקעפּיקן אָדלער קוקט אויף אונדז אַראָפּ פון דער פּעטליצע אַ פינפקאַנטיק שטערנדל... איך זע, אַז מיינע חברים זענען גרייט מיך דורס זיין פאַר מיינע ווערטער „דאָס זעלבע". וואָס קען איך זאָגן? זיי זענען אודאי נישט אומגערעכט. די ווייסע מלאכי־חבלה האָבן דאָס קיין מאָל נישט געטון מיט אַזוי פיל קענטעניש און מיט אַזאַ גוואַלדיקן „טאַ־לאַנט" ווי די רויטע. ביי אייך, אַז עמעצער ווייזט אָן אויפן צווייטן: אָט דער איז אַ שונא! ווערט דען דורכגעפירט אַן אמתע חקירה ודרישה ווי ביי דער וועלט פירט זיך? דאָרט ווו עס דאַכט זיך אייך, אַז עס גייט אין „להשבית אויב ומתנקם", ווייסט מען דען פון אַ „מדת הדין"? חס ושלום! נישט במדה און נישט במשקל, נאָר אחת דתו — אשביתה מאנוש זכרם! איי, טאָמער איז עס גאָר אַ בלבול? טאָמער איז גאָר יענער אומ־שולדיק? — ווייס איך, דאָס זענען דברים בטלים! ווי אַזוי קען זיין, אַז אַ מענטש זאָל זיין אין גאַנצן אומשולדיק? דאָס איז אַ פּראָוואָקאַציע! פּטור בלא כלום אי אפשר! און טאָמער אפילו יאָ, איז אויך אַ קליינער רעש. וואָלט ער מן הסתם שפּעטער שולדיק געוואָרן, אלא נישט וואָלטן זיינע אור־אור־אייניקלעך, וואָס דאַרפן פון אים אַרויסקומען, אַ מאָל שול־דיק געווען. און ווידער, ס'איז געשען אַ טעות? געשמייע אים פּאַרפּול! וועט זיין ווייניקער מיט איין מענטשן, צי מיט צען מענטשן, צי מיט טויזנט מענטשן... און באמת טאַקע, וואָס זעט זיך עס אָן אין אַזאַ רחבות־דיקער מדינה קיין עין־הרע... ווי האָט געזאָגט „יעקאַטיערינאַ וועליקאַיאַ": „מענטשן ווערן געבוירן און לאַנד ווערט נישט געבוירן"...

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, מיט אַן איינגעהאַלטענעם כעס:

— איר רעדט אַזוי ווי פון דער מאַמעס סידור... איך וואָלט זייער געוואָלט וויסן, ווען איז דאָס ביי אונדז געווען אַזוי?

— וואָס הייסט ווען? און ווען נישט? און בשעת דעם מיליטערישן קאָמוניזם, ווי אַזוי איז געווען? און בשעת די שווידערלעכע „טשיסט־קעס" נאָך טראָצקים אַרויסשייקן, ווי אַזוי איז געווען? און די נאָכווייע־

נישן פונעם פראָצעס פון דער „פראָמפּאַרטיע״ ווי אַזוי האָבן אויסגעזען? און די אינקוויזיטאָרישע אַנטי־רעליגיעזע קאָמפּאַניעס ווי אַזוי האָבן אויסגעזען? און ווען נישט? ווען נישט? מיר דאַכט גאָר, אַז אפילו אין דער מיטלעלטער, ביי יענע שרעקלעכע, פאַנאַטישע קאַניבאַלן, איז דער קולט פון אויסראָטן דעם קעגנער נישט דערגאַנגען צו אַזאַ שלמות, צו אַזאַ אומגלויבלעכער דערפינדערישקייט, ווי היינט צו טאָג אין אונדזער גליק־לעכער מדינה. און פאַרגעסט נישט, מיינע פריינד, אַז זאָגנדיק דאָס וואָרט „קעגנער״, בין איך עס נישט אויסן אין בוכשטעבלעכן זינען פון וואָרט, חס ושלום! איך באַנוץ זיך פשוט מיט אַ פאַרשטענדלעכן טערמין. ווייל וואָס פאַר אַ קעגנער אומשטיינס געזאָגט איז אַ ייד, וואָס וויל, אַז זיין קינד זאָל קענען אַ פרשה חומש? מה פשעו ומה חטאתו? מען האָט ביי אונדזערע יאַנקעלעך און משהלעך אַרויסגעשלעפּט פון די מיילעכלעך די יידישע בריסטן, די הייליקע בריסטן פון אונדזערע רבקהס און יוכבדס און אָנשטאָט זיי, אַריינגעשטעקט אין זייערע שיינע פּיסקעלעך פּרעמדע, פיינטלעכע בריסטן, בריסטן פון אומווירדיקע ערלותטעס, פון פּאַראַסקעס און יאַוודאָכעס, — די טמאדיקע זרע פון די כמעלניצקעס און פּעטליורעס! דאָס איז שוין אַ קלאַפּ פאַר דעם יידישן פאָלק: Не в бровь, а в глаз!* סאַמע אין שוואַרצאַפּל! קוים האָט מען אונדזער יוגנט צוגערויבט פונעם הייליקן חומשל, איז זי שוין נישט אונדזערע, ווייל אַזאַ חומשל, וואָס הייבט זיך נישט אָן מיט „בראשית ברא אלקים״, ענדיקט זיך שוין במילא נישט מיט „לעיני כל ישראל״...

— סאָלאָמאָן, נעמט זיך אין די הענט אַריין! איר זענט דאָך אַ קול־טורעלער מענטש, אַ אינטעליגענט און רעדט כמעט מיט שוים אויף די ליפּן... אַ ביסעלע גלאַסנקייט. און בכלל: מען האָט דאָך נישט נאָר ביי אייך צוגענומען די מעגלעכקייט זיך צו צעשפּרייטן מיט דער רעליגיע. איר קענט דאָך אונדז נישט חושד זיין אין קיין אַנטיסעמיטיזם, וואָס זשע גוואַלדעוועט איר אַזוי? איר זענט דאָך נישט איינער אויפן יאַריד!

— איינער! איינער! יאָ איינער, זאָגט מען אייך. וואָס גלייכט איר אונדז צו די אומות־העולם? ביי אַלע פעלקער לערנט אַ קינד פון זיין רע־ליגיע אויפן שפּיץ מעסער, אַ שטאָך און אַריבער, אַזוי ווי יענער „למדן״ האָט געזאָגט: „איך בין גוט באַקאַנט מיט דער יידישער געשיכטע און געדענק כמעט אַלע גדולים, למשל: אברהם אבינו, דער רבינו תם...״ מיר אָבער, דער עם־הספר, זענען אָן דער תורה, אָן דער רעליגיע, כגוף בלא נשמה. אונדזערס אַ יינגעלע פון צען אָדער פופצן יאָר פלעגט שוין האָבן אָפּגעלערנט תנ״ך, אַ צענדליק מסכתות מיט פאַרשידענע מפרשים, און וואָס נישט? דאָס רעד איך ערשט פון די סאַמע געוויינלעכע, נישט חלילה פון די אויסגעצייכנטע, טרייסט איר מיך גאָר דערמיט, וואָס מען האָט פון די גויים אויך געמאַכט „גויים״? איצט זאָגט אַליין, וואָס קומט

* נישט אין דער ברעם, נאָר גלייך אין דעם אויג.

א יידן דערפֿאַר, וואָס ער וויל, אַז עס זאָל כאָטש בלייבן אַ זכר פֿון אַ ייִדיש קינד? כאָטש אַ „קדישל" נאָך די מיליאָנען „תינוקות של בית רבן", וואָס די ראַטנמאַכט האָט רציחהדיק אָפּגעשמדט? און אומשטיינס געזאָגט, וואָס פֿאַר אַ קעגנער צום קאָמוניסטישן רעזשים איז אַפֿילו אַזאַ ייִד, וואָס האָט חשק צו פֿאָרן קיין ארץ־ישראל? און אויב מיר'ן אַפֿילו זאָגן, אַז עמעצער איז מיט דעם רעזשים נישט מסכּים, אַז עמעצן וואָלט זיך בעסער געוואָלט לעבן אונטער אַן אַנדער רעזשים, איז וואָס קומט פֿאַר אַזעלכע זאַכן? וואָס האָט דער צאַר ניקאָלאַי געטון פֿאַר אַזעלכע זאַכן? וואָס האָט ער געטון מיט אַזעלכע געפֿערלעכע שונאים ווי לענין און סטאַלין? האָט ער זיי דען די לונגען אָפּגעריסן? די אבֿרים צעקאַליעטשעט? ווי הערט מען דען אַזעלכעס? אָט לייענען מיר דאָך טאָג־טעגלעך אין די צייטונגען וועגן שטורמישע קאָמוניסטישע אויפֿברויזן אין די אַנטי־קאָמוניסטישע לענדער, וואָס זשע טוט מען זיי דערפֿאַר? וואָס טוט מען דאָרט מיט אַזעלכע מענטשן, וואָס שרייען גאָר אָפֿן דער מלוכה אין פּנים אַריין: „מיר ווילן דיך נישט"! „אונדז געפֿעלט בעסער יענער רעזשים"! זאָגט, אַדרבה, זאָגט איר אַליין, וואָס טוט מען זיי דערפֿאַר? ווייס איך, ס'איז נישטאָ וואָס צו רעדן, דאָס וואָרט „סוואָבאָדאַ" אויף אונדזערע אָקטאָבער־פֿאָנען האָט דאָ באַקומען אַ שיינעם זינען... טאַקע כּדאַי געוווען צוליב אַזאַ פֿרייהייט: אַי בלוט פֿאַרגיסן; אַי הונגער ליידן; אַי אָפּגעשניטן ווערן פֿון דער גאַנצער איבעריקער וועלט, אַלץ איז כּדאַי געוווען... נאָר איך האָב איצט נישט געוואָלט באַרירן די זייט פֿון דער מטבע. איך וויל רעדן וועגן דער ריין עקאָנאָמישער זייט פֿון אונדזער מדינה, פֿון דער גרויסער טראַגעדיע פֿון אונדזער טאָג־טעגלעכער עקזיסטענץ. די סאַמע העכסטע פּאָליטיק איז די, וועלכע שטייט מיט ביידע פֿיס אויף דער ערד.

— איר האָט דאָס אונדז טאַקע צוגעזאָגט פֿון סאַמע אָנהייב אָן, אָבער אַ הון וועט דען דורכגיין גלייכגילטיק פֿאַרביי צעשאָטענער פּראָסע?

— זאָלט איר טאַקע וויסן, מיין פֿריינד, אַז ס'איז זייער שווער אויסצומיידן אָט דעם... קאָלאָסאַלן ברידער־קבֿר, וועלן מען גייט כאַראַקטעריזירן דאָס נאָך אָקטאָבערדיקע לעבן אין רוסלאַנד. צי אַ שטייגער מאַקע דאָס אָפּשפּאַרן זיך פֿון דער איבעריקער וועלט? דאָס אָפּשניידן עלטערן פֿון קינדער, ברידער פֿון שוועסטער לעולמי־עד ולנצח נצחים? דאָס איז דאָך אַן אכזריות שאין כּמוה בכל העולם! מיין מאַמע זאָל לעבן האָט אַ שוועסטער... אַן עלטערע שוועסטער... זיי ביידע האָבן מיידלווייז אויפֿגעצויגן אַ כאַליאַסטרע פֿון צען בנים... צוזאַמען געוווען איינגעשפּאַנט אין אַקער און צוזאַמען פֿאַרשוואַרצט געוואָרן באַגלייך מיט די עלטערן... די שחיטות אויף ייִדן אין די 20ער יאָרן האָבן די עלטערע שוועסטער מיט איר פֿאַמיליע פֿאַרוואָרפֿן אַזש קיין אַמעריקע. ס'איז שוין דערינען צען יאָר. אויב עס וועט אַזוי גיין ווי ביז אַהער, קענען זיי זיך ביידע אויסלעבן צו הונדערט און צוואַנציק יאָר און זיך שוין מער נישט זען... אַזעלכע ווי זי זע־

נען זיכער פאַראַן הונדערטער טויזנטער אין אונדזער גאָלדן לאַנד... פרעגט זיך: פאַר וואָס זאָל דאָס זיין אַזוי? שטענדיק ווען מיר קומט אויס צו רעדן אויף דער דאָזיקער טעמע, שווימט אַרויס פאַר מיינע אויגן אַ בילד, וואָס איך האָב מיט עטלעכע יאָר צוריק, אין מאָסקווע, געזען אין טרעטיאַקאָווער בילדער־גאַלעריע: אַן ענגע, אַ פינצטערע אונטערערדישע מערה אין די שרעקלעכע קעלערס פון דער אינקוויזיציע. צוגעקאָוועט מיט אייזערנע קייטן פאַר די הענט און פאַר די פיס ליגט אַ יונגע, שיינע פרוי. איר אומשולדיק פּנים איז גרוילנדיק אויסגעקווייטלט מיט בלוטיקע סיניאַקעס, די קליידער צעשינדן אויף שטיקלעך, פון אירע מיט בלוט פאַרלאָפענע אויגן רינען טרערן ווי אָנגעגליטע קוילעכלעך, פון אירע אַנטבלויזטע ברוסטן רינט מילך... איבערגעבריענטע, נישט קיין אָפּגעזויגענע, פאַרשעמטע מילך... איין טריט פון איר, אויף די הוילע שטיינער, וואַלגערט זיך איר נאַקעט קינד... דאָס קינד ווערט שיר נישט צעריסן שרייענדיק פון הונגער... פון די צעשעדיקטע, און דאָך וווּנדערבאַר שיינע ברוסטן האָט אַלץ געקאַפּעט, געקאַפּעט... די קאַליוזשקעלעך מיט וואַרעמער מילך אויף די פאַרבלוטיקטע שטיינער זענען אַלץ געוואַקסן, געוואַקסן... און צווישן די צוויי אומגליקלעכע נפשות — אין גאַנצן איין און איינציקער שפּאַן, נאָך ווייניקער פון אַ שפּאַן... די מוטער האָט געוויינט מיט בלוט קוקנדיק אויף איר צאַנקנדיק קינד, און דאָס עופעלע האָט מיט די לעצטע כוחות געמאָנט זיין שפּייז... מיין לאַגע בשעת איך האָב באַזוכט די טרעטיאַקאָווער בילדער־גאַלעריע האָט אין זיך גראָד געהאַט זייער פיל געמיינזאַמס מיט דעם דאָזיקן שוידערלעכן בילד, און דעריבער בין איך שטיין געבליבן לעבן דעם ווי אַ צוגעשמידטער. איך האָב לאַנג נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון דער דאָזיקער המצאה פון מענטשישער אכזריות... און דעסט גלייכן ווען איך רעד וועגן דער שטומער וואַנט, וואָס איז אויסגעוואַקסן צווישן דער גאַנצער וועלט און אונדזער לאַנד, בויערט מיר אין קאָפּ אַ פראַגע: מיט וואָס איז אָט די המצאה ערגער פון יענער אינקוויזיטאָרישער פייניקונג? אַנו פּרוּווט אומיסטן אָפּזוכן עפּעס אַ לישנא־מעליא * פאַר אָט דער אומגעהערטער דערשיינונג! אָבער איך בין שטאַרק אין ספק, צי ס'איז בכלל באַטעמט דאָס זוכן אַ דעליקאַטן אויסדרוק פאַר אַזאַ גרוילנדיקן טאַט. לאָמיר שוין בעסער פאָלגן דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער בולגאַרישער קאָמפּאַרטיי, געאָרגי דימיטראָוו, וועלכער האָט ערשט נישט לאַנג אין זיינער אַ רעדע פייערלעך אויסגערופן: Надо назвать вещи своими именами!**

אָט דער „ולא קרב זה אל זה כל הלילה" אין וועלט־מאַסשטאַב, האַלט איר, איז נישט קיין צווישנפעלקערלעכער באַנדיטיזם? אָט די טרויעריקע פונקציע פון „להפריד בין הדבקים" *** האָט ביז היינטיקן טאָג אויסגעפילט

---

* אַ סאָלידער, אָנשטענדיקער אויסדרוק.

** מען דאַרף אָנרופן זאַכן מיט זייערע נעמען.

*** צעשיידן די, וואָס זענען מיט זייערע נשמות באַהעפט.

בלויז איין און איינציקער אָרגאַן — דער טויט. מען האָט געוווסט: בלע המות לנצח, פאַרפאַלן! איצט איז אויפגעקומען אַ שפּאָגל־נייע חברה־קדישא — די ראַטנמאַכט! אַ חברה, וואָס אַרבעט בשתי ידיה כלפי־חוץ וכלפי־פנים, אי פאַר אויסלאַנד, אי אין לאַנד גופא. אַ חבריא מיט אַן אייגענעם נוסח אין מעבר־יבוק; מיט אַן אייגענעם סגנון אין הלכות חבוט־הקבר; מיט אַן אייגענעם דרך אין הלכות איבערגעבן מענטשן לעבעדיקער־הייט צום כף הקלע... * איצט זאָגט אַליין, וואָס קען גיכער אַזאַ שיטה אין הנהגת־המדינה: צוציען צו זיך, צי אָפּשטויסן פון זיך, הא? און דאָס איז נישט קיין צייטווייליקע דערשיינונג, ניין! דאָס איז לאורך־ימים! ווען מענטשן הייבן אַ מאָל אָן צו רעדן וועגן דעם, אַז „זיי" וואָלטן געדאַרפט אַ ביסל צעלאָזן די רימענס, לויזער מאַכן די קייטן, שענקען אַ ברויזנדל פרייהייט, דערמאָנט זיך מיר יענער ייד, וואָס האָט ביים דאַווענען פאַר גרויס התלהבות אַ געשריי געטון: רבונו של עולם, לעולם יהא אדם! איר פאַרשטייט, אַז זיי קענען גאָר נישט ווערן אַנדערש —

— זאָגט מיר, סאַלאָמאָן, פאַר וואָס קוקט איר אויף אונדז נאָר דורך שוואַרצע אָקולאַרן ווי... כ'ווייס? ווי אַן עכטער טשעמבערלענטשיק אָדער אַ פּילסודטשיק! איר זעט ביי אונדז בלויז חסרונות. פון אונדזער גיגאַנטישער, אומפאַרגלייכלעכער, וועלט־איבערקערערישער אַרבעט האָט זיך זיך צו אייערע אויגן נישט דורכגעריסן קיין איין ליכטיקער שטראַל, און מיט אַזאַ „ראיה" קלייבט איר זיך נאָך צו זיין אַן „אינזשעניער פון נשמות", ווי סטאַלין האָט טיטולירט די שרייבערס. שוין זשע קען מען זיך שוין נישט דערמאָנען אויך אין אייניקע מעלות אונדזערע, הא? און דאָס, וואָס מיר האָבן אין אַזאַ אָפּגעשטאַנען לאַנד ווי דאָס רוסלאַנד איז געווען אַלע יאָרן, ליקווידירט אָדער כמעט ליקווידירט דעם אַנאַלפאַבעטיזם — איז גאָרנישט? און דאָס וואָס יעדער קאָלכאָזניק און קאָלכאָזניצע פון אונדזער גרויסן פאָטערלאַנד קען לייענען אַ ביכל און אָנשרייבן אַ בריוו — איז אַ הונט? און דאָס, וואָס מיר האָבן דורכגעבויערט אַ לאָך אין דעם דורות־לאַנגן, איינגעוואָרצלטן עם־הארצות פון אַזוינע אָפּגעשטאַנענע שבטים, ווי קאַבאַרדינצעס, באַשקירן, צי אַזוינע פּראַים ווי די טשוקטשען און נאָך צענדליקער און הונדערטער האַלב־ווילדע מענטשן, וואָס האָבן זיך אין די צייטן פונעם צאַר מיט גאָרנישט אונטערשיידט פון בהמות און חיות... דאָס אַלץ איז ביי אייך גאָר—נישט?

— פאַר וואָס גאָרנישט? אָבער צי גיט זיי די דעראָבערטע, אַזוי גע־רופענע בילדונג אַ העכערן ניוואָ אין לעבן? ניין! די זעלבע פאַרפוילטע קרויט אָדער קאַשע מיט באָרשטש, וואָס ביים צאַר, און אויב איר ווילט גאָר — איז נאָך פיל, פיל ערגערע און מאָגערערע... אין דער גמרא „שבת" — ערגעץ אין די דרייסיקער דפים דאַרף עס זיין — ווערט דערציילט וועגן אַ הייסן וויכוח צווישן אַ גרופּע אָנגעזעענע תנאים, מכח דער באַציאונג

* אַ וואָרפמאַשין. פון שמואל.

פון יידן צו רומא הרשעה — די הענקערין פון ארץ־ישראל. איינער פון זיי, — איך קען זיך אויף דער שטעל נישט דערמאָנען זיין נאָמען, — האָט געפּרווט „נאָכזאָגן" דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש טולטשינסקין. ער האָט זיך אָנגערופן צו זיינע חברים: „מיר דאַרפן אָנערקענען און שעצן דעם גרויסן און שיינעם שאַפונגס־גייסט פון די רומאים. זעט, וואָס פאַר א וואַזשנע און גרויסע מערק זיי האָבן איינגעאָרדנט פאַר דער באַפעלקערונג! זעט וואָס פאַר א מאָדערנע און באַקוועמע בעדער זיי האָבן איינגעריכטעט פאַר דעם פאָלק! זעט וואָס פאַר א געזונטע און אייזערנע בריקן זיי האָבן אויפגעשטעלט, אַז די עוברי־דרכים זאָלן נישט דאַרפן קריכן אין וואַסער אַריין ביזן בויך מיט זייער האָב און גוטס אויף די פּלייצעס!" האָט זיך דאָרט אָבער געפונען דער תנא אלוקי ר' שמעון בן יוחאי — דער זעלבער, וועלכער האָט זיך א גרויסן שטיק פון זיין לעבן געמוזט אויסבאַהאַלטן פון די הערשנדיקע באַנדיטן אין א טיפער הייל — האָט ער אויסגעבטלט חלומות צו יענעמס קאָפּ: „יהודה, יהודה, זיי נישט קיין שוטה! ביי וועמען זוכסטו כוונות טובות ומעשים טובים? וועמען ביסטו עס חושד אין הויכע אידעאַלן? וועמענס טובה זענען זיי דערמיט אויסן? דעם פאָלקס? עס הייבט זיך גאָרנישט אָן! בלויז הנאת עצמן! כל מה שטרחו, לא טרחו אלא לטובת עצמן: זיי האָבן געמאַכט מערק? — כדי זיי זאָלן האָבן ווו אויפּ־צושטעלן שאַנד־הייזלעך, אַז זיי זאָלן שטענדיק האָבן צו דער האַנט די גוטע ערטעלעך להתחכך שם להנאתן... זיי האָבן געמאַכט גוטע בעדער? — כדי זיי זאָלן האָבן ווו צו צערטלען זייערע טמאדיקע לייבער בין נדה לנדה, בין זמה אחת לנאיפה אחרת... זיי האָבן אויסגעבויט בריקן? — כדי זיי זאָלן האָבן ווו אויפצושטעלן „טאַמאָזשנעס"; * כדי עס זאָל זיי זיין לייכ־טער דורכצופירן מיליטערישע אַוואַנטורעס... אָט די אַלע אויפטוען זייערע, וואָס בלענדן דיר די אויגן און צעמישן דיין פאַרשטאַנד, זענען נאָר גע־מאַכט געוואָרן — פאַר זיך; צוליב זיך; וועגן זיך; פאַר זייערעט וועגן, און דעם גאַנצן פאָלק — א גרויסע פייג אין פּיסק!" עד כאן איז די פּאָ־לעמיק צווישן די תנאים! נו, איצט וועלן מיר איבערגיין צום נמשל. און ביי אונדזערע הייניטיקע „רוימער", וואָס זענען מיר? מען האָט דעם פאָלק אַריינגעשטעקט א ביכל אין דער האַנט? — קען ער זיך גיכער אַן עצה געבן מיטן טראַקטאָר; קען ער בעסער באַהערשן דעם אַעראָפּלאַן; וועט ער זיך גיכער אויסטויגן ביים סטאַנאָק, צי דאָרט ביים עלעוואַטאָר. אָבער אין דער אונטערשטער שורה — וועמען גייט דאָס אין נוץ? נישט בלויז דער מלוכה? נישט בלויז דעם קאַטיאָל ** הגדול? ער אַליין, דער אַרבעטער, לעבט דען פרייער, צי זאַטער ווי פאַר דעם צאַר? שוא ושקר! דער נאָמען „פאָלקס־נוצן" איז נאָר א גוטע שירמע, א שטאָלענער, מיט פעטן אָנגע־

* אָפּצאָל־אַמטן. ערטער ווו מען צאָלט שטייערן פאַר דעם אַריינפירן סחורות, אָדער אַרויספירן.

** קעסל.

שמירטער פאַנצער. צי לאָמיר נעמען למשל אַזאַ זאַך. דער פּאָליטישער פּראָגראַם פון אונדזער מלוכה איז: אחרי־מות — קדושים אמור! און דעסט גלייכן פאַרקערט. די לעבעדיקע „קדושים" טויט מען אָדער מען טוט זיי וואָס נעענטער צום טויט און די, וואָס זענען שוין פון לאַנג טויט, — בכלל מיט נפטרים איז זיכערער צו האָבן אַן עסק, זיי קענען שוין נישט פאַראַטן, — זיי שלעפּט מען אַרויס פון די קברים און מען הייליקט זיי. מען טראָגט זיך אַרום מיט זייערע עצמות־היבשות איבער אַלע גאַסן און מען שרייט אויף קולי־קולות: ככה יעשה לאיש אשר סטאַלין חפץ ביקרו! ביי אונדזער מלוכה איז געוואָרן אַ מאָדע: מען שטראַכט זיך אין יחוס פון די „כשר געמאַכטע" אימפּעראַטאָרן און גענערעלער. ווער זאָגט עס, אַז דאָס זענען געווען דעספּאָטן, טיראַנען? דאָס קען נאָר זאָגן אַ שונא, וואָס וויל פעלשן די היסטאָריע און צורייבן ביים גרויסן רוסישן פאָלק זייערע גרויסע, פון גאָט געבענטשטע פירערס און לערערס. וואָס דען זענען זיי געווען, די אויסגעקברטע מאָנאַרכן און מאַרשאַלן? — זיי זענען געווען הונדערטפּראָצענטיקע פאָלקסמענטשן! און דאָ ליגן שוין פאַר אייך צוגעגרייט צענדליקער לערנביכער און לייענביכער און קינאָ־פילמען און פּיעסעס און אפילו וואָגיקע, אַקאַדעמישע ווערק וועגן דעם, ווי אַזוי פּיאָטר דער ערשטער, — דער פונדאַמענט־לייגער, דער הויפּט זייל פון דער בלוטיקער ראַמאַנאָוו־דינאַסטיע, וועלכע האָט הונדערטער יאָרן ווי אַ וואַמפּיר געזויגן דאָס בלוט פון דעם רוסישן פאָלק — איז גאָר געווען אַ свой парень*, קודם כל האָט ער געאַרבעט אין אַ קוזניע צוזאַמען מיט פּראָסטע שמידן; אין „פּריסוטסטוויע", בשעת דעם צונעמען זעלנער, האָט ער זיך געאַמפּערט מיט דאָרפישע כלאָפּעס ווי זייערס גלייכן; מיט איין וואָרט — אַ פאָלקסמענטש מדאוריתא! אַלעקסאַנדער ניעווסקי האָט נאָך דעם גרויסן נצחון איבער די שוועדן געטאַנצט אין די גאַסן צוזאַמען מיט אַלע שקצים און שיקסעס, פאַרפאַלן — אַ פאָלקסמענטש! גענעראַל סוואָראָוו האָט — לויט די סקאַזאַניעס פון די פאָלקסזינגער — זיך נישט געהאַלטן מעשה־פעלדמאַרשאַל, נאָר ער האָט געקלעטערט אויף די אַלפּן־בערג, זינקענדיק ביזן גאַרטל אין שניי, גלייך מיט די געוויינלעכע זעלנער. און ווען דער דיענשטשיק, — דערציילט מען ווייטער — האָט אים צוגעפירט זיין פערד, האָט ער אים געגעבן אַ שוואַרצן סוף: — „באָלוואַן! די אויגן זענען דיר אַרויסגעקראָכן, צי וואָס? דאָס פאָלק קריכט אויף אַלע פיר, און איך וועל זיך גאָר זעצן אויף אַ פערד?" וואָס איז דאָ צו רעדן? אַ קרישטאָל־ריינער פאָלקסמענטש! אַלץ איז ביי דער ראַטנמאַכט פאָלקיש און דעם פאָלקס! ביי אונדז עקזיסטירן נישט קיין סתם טריבונעם, נאָר אויסשליסלעך פאָלקסטריבונעם! צי דאָס איז ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם קאַבאַרדינאָ־באַלקאַרישן קאָלכאָז, צי אין „קאָלאָנע זאַל" פון דעם מאָסקווער „דאָם סאָיוזאָוו", ס'איז קיין שום נפקא מינה נישט. בכל מקום שהוא איז דאָס אַ שטרענגע

---

* אַ היימישער בחור.

„פאָלקס־טריבונע״. נאָר, די שעה זאָל גאָר נישט זיין, ווען עמעצער פון די רעדנערס פאַרגעסט אויף אַ ווײַלע ווו ער געפינט זיך און כאַפּט זיך חלילה אַרויס כאָטש מיט איין און איינציק וואָרט וועגן די אמתע נויטן פונעם פאָלק, וואָלט שוין געווען אַ בראָך צו זיין קאָפּ! ער וואָלט תיכף ומיד איבערגעענטפערט געוואָרן אין רשות פון דער „פאָלקס־מיליץ״, אָדער „פאָלקס־זשאַנדאַרמעריע״, * און נאָך אַ פּאָר יאָר, — אָט־אַזוי־אָ, „צווישן דער באָבע און דער קימפּעטאָרין״ — אָפּפוילן אינעם ליבהאַרציקן „פאָלקס אָבשעסטווענעי דאָם״, ** וואָלט ער ערשט געשטעלט געוואָרן פאַר אַ שטרענגן „פאָלקס־געריכט״. מיט אַ מזומן „צענערל״ *** אין טאַש וואָלט ער אָפּגע־שיקט געוואָרן אין די „פאָלקס קאָנצענטראַציע־לאַגערן״, פון וואַנען עס פירט שוין אַן אויסגעטראָטענער שליאַך אויף די „פאָלקס צווינטערס״... אָט אַזוי איז אָט דער בנין של שקר אַוועקגעשטעלט געוואָרן: אָן דעם פאָלק הייבט זיך נישט אָן און עס לאָזט זיך נישט אויס! טאַקע אַ שלעסל אויפן מויל, בפירוש קייטעלעך אויף די הענט און קייטן אויף די פיס, אָבער אַלץ טוט זיך אונטער דער פירמע פונעם פאָלק און כלומרשט מיטן הכשר פונעם פאָלק, און אַ פאָלק מעג אַלץ! **** Глас народа, глас Божий

ווייטער: ביי אונדז אין לאַנד זענען נישטאָ קיין סתם אַזוי קאָמיסאַרן, חס ושלום! נאָר „פאָלקס־קאָמיסאַרן. אָבער לאָמיר אָקאָרשט אַ קוק טון: ווי אַזוי לעבן זיי נעבעך, אָט די — נישט קעגן נאַכט דערמאָנענדיק — פאָלקס־קאָמיסאַרן? פּעטראָווסקים ***** ווינטערדיקע ווילע אויף לוקיאַנאָווקע האָט זיך געפונען אַ מרחק פון אַ 300 מעטער פון דער טראַמוויי־ליניע. — איז ניין, אַזוי טויג נישט! ס'איז צו נאָענט. ער קען נאָך חלילה דערהערן אַ קלונג בשעת דער אַרבעט און דאָס שטעלט אין געפאַר די גאַנצע מדינה... וואָס זשע איז די עצה? האָט מען ברייט צעעפנט דעם מלוכה־אוצר, מען האָט אַרויסגעוואָרפן היפּשע עטלעכע מיליאָן רובל און מען האָט די לאַנג־יעריקע טראַמוויי־ליניע אַריבערגעפירט כמעט אויף אַ גאַנצן קילאָמעטער די ווייט פון זיין פּאַלאַץ. איצט איז שוין די מדינה אויסן געפאַר, פּעט־

* געמיינט : די דאַמאָלסטדיקע געפּעאו און הײַנטיקע נ. ק. וו. ד.

** געמיינט : טורמע.

*** געמיינט : צען יאָר פאַרשיקונג.

**** דאָס זעלבע וואָס: קול המון כקול שדי. (מדרש שמואל). די טייטש: מען דאַרף זיך צוהערן צום ווילן פון די פאָלקס־מאַסן, אַזוי גוט ווי צו די אָנזאָגן פון גאָט אַליין.

***** אַן אָנגעזעענער קאָמוניסט פון דער אַלטער גוואַרדיע. לעניִנס אַ חבר. פון נאָך דער רעוואָלוציע אָן ביז 1937 איז ער געווען פאָרזיצער פון העכסטן ראַט אויף דער אוקראַינע. ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע, פּאָליטישע פּראָצעסן, איז זיין זון, אַ הויכער מיליטער מאַן, דערשאָסן געוואָרן פאַר זיין פאַרמישט אין ענין : טוכאַ־טשעווסקי, אובאָרעוויטש, יאַקיר און גאַמאַרניק. אַ קורצע צייט נאָך דעם איז אויך דער אַלטיטשקער „פּרעזידענט״ פאַרשוווּנדן געוואָרן, און קיין זכר איז פון אים נישט געבליבן.

ראָווסקי וועט מיט גאָטס הילף אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז עס עקזיסטירט אַ טראַמוויי אין קיעוו. איי, פאָלקס־רעסורסן? בלוטיק אַרבעטער־געלט? — נאַפּליעוואַט! דאָס פאָלק ברענגט זיך אויס פאַר זיין פאָלקס־קאָמיסאַר, פאַר זיינע אויסדערוויילטע. טאַטשקאַ! — צי למשל, ווי אַזוי קומען צו פאָרן די אַזוי גערופענע פאָלקס־קאָמיסאַרן אויף דער אַרבעט? די קעניג־לעכע ווילעס זייערע געפינען זיך אַממערסטן ווייטלעך הינטער מאָסקווע. אַ האַלבע שעה איידער זייער אויטאָ דאַרף דורכפאָרן, שטייט שוין אַ גע־דיכטער קאָרדאָן פון „פאָלקס־מיליציאָנערן", עס ווערט אָפּגעשטעלט די גאַנצע באַוועגונג. וואָס איז? דער פאָלקס־קאָמיסאַר „ברוך שם כבוד מלכותו" דאַרף דורכפאָרן. אדרבה, זאָגט מיר, וועלכע צעלאָזענע מאָנאַרכן, וועלכע שלעכט־באַרימטע אימפּעראַטאָרן, ווער נאָך האָט אַזוי געפּיטשקעט זיינע מיניסטאָרן? אפשר נירון קיסר? אפשר ריטשאַרד לעוונהערץ? אפשר יעקאַטיערינאַ מעדיטשי? אפשר איוואַן גראָזנעי? עס הייבט זיך גאָרנישט אָן! דערצו זענען דאָך יענע געווען אויסגעשריגענע דעספּאָטן, און ביי אונדז איז מען אַזוי אומפאַרשעמט און מען איז זיי נאָך משדך מיטן פאָלק...

— נו, און אייער שלמה המלך האָט נישט עקספּלאָאַטירט קיין צענדלי־קער טויזנטער מענטשן אין די שטיין־האַקערייען, און אויף זעגן ביימער, אַלץ צוליב דעם אויפשטעלן פון זיינע לוקסוס־פּאַלאַצן?

— שלמה המלך איז געווען אַ מאָנאַרך, שיר נישט אַ מולך בכיפה... שלמה המלך איז געווען געזאַלבט פון גאָט, נישט אויסגעקליבן פונעם פאָלק, ווי איר ווילט איינרעדן דער וועלט, אַז אייערע נאַרקאָמען זענען... און ווידער, אין שלמה המלכס צייטן, זאָגט עדות דער תנ"ך, האָט דאָס פאָלק ישראל געלעבט: „איש תחת גפנו ותחת תאנתו", און ביי אייך להבדיל, לעבט מען מיט אָפּגעריסענע הערצער פון שטענדיקע פּחדים. יע־דער בירגער, אָן אַן אויסנאַם, האַלט די נשמה אין דער זשמעניע. קיינער קען ביי אונדז נישט וויסן אויף זיכער, וואָס אין אַ שעה אַרום קען מיט אים געשען... אפילו איר אַליין מחילה, עס זאָל אייך צו קיין שאַנד נישט זיין, דערזעענדיק תחילת נאָכט אייער אפיקורסישן פסוק אין דעם נעכטיקן אַרטיקל, זענט איר מאָמענטאַל געוואָרן ענלעך אויף אַ קאַטאָרזשניק מיט אַ „צענערל" —

אין צימער איז פון שלמהס לעצטע ווערטער געבליבן הענגען אַ שווע־רער טשאַד... עס האָט פון ערגעץ אַ ווייע געטון מיט צוגעברענט מענטשנ־פלייש...

דאָוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, ווילנדיק אַ ביסל צעטרייבן דעם שווערן איינדרוק פון זיין בר פלוגתאס רייד:

— גענוג דערפון...

שלמה: און ווידער —

דאָוויד סאָלאָמאָנאָוויטש לאָזט אים נישט אויסרעדן:

— נו, און דאָס, וואָס מיר האָבן פאַרוואַנדלט איינס פון די אָפּגע־

שטאַנענסטע לענדער אין אַ אינדוסטריעל לאַנד, דאָס איז אויך בלויז אַ מהיכי־תיתי זאַך? מיר פּלעגן דאָך אימפּאָרטירן אַזעלכע פּוסטע נאַריש־קייטן ווי: מאַשין־נאָדלען; ראַזיר־מעסערלעך; אַפילו קיין פיינע קנעפּלעך האָבן מיר נישט געהאַט קיין אייגענע, און היינט פּראָדוצירן מיר מאָטאָרן, וואָס קענען, דאַכט זיך, שלעפּן אָט דאָס גיגאַנטישע, גינצבורגס הויז, אין וועלכן מיר זיצן איצט, און איר זאָגט נאָך, אַז —

— ווי געפעלן אייך נאָר די ניסים, וואָס ער רעכנט אונדז אויס? גוטער ברודער, נאָך דאָס אויך נישט? אם כן למה זה אנכי? האָבנדיק דורכגעמאַכט אַ וועג פול מיט קוצים ובּרקנים, פול מיט נחשים ועקרבים, האָבנדיק איבערגעטראָגן אויף זיך אַזוינע מוראדיקע שלעק־פּורעניות ווי: דער בלוטיקער מיליטערישער קאָמוניזם; רעוואָטריבונאַלן; דריילינג־טריבו־נאַלן און סתם טריבונאַלן... איין שרעקלעכער הונגער אין 1921; דער צווייטער, נאָך אַ שרעקלעכערער, אין 1932; אַזאַ פּלאָג ווי די טשעקאַ איז געווען; אַזאַ טשומאַ ווי די געפּעאו איז און ערשט נאָך אַלע הקפות זאָל מען נאָך נישט קענען אַליין צונויפשטעלן אַ מאָטאָר? און ווידער, וואָס האָט איר עפּעס גראָד אָנגעכאַפּט אינדוסטריאַליזאַציע און בילדונג? נישט נאָר שדכנים, נאָר אַפילו פּראָסטע מענטשן ווייסן דאָס, אַז אַ כלה מיט אַ נאָז איז כלל קיין מעלה נישט. מעג די כלה אַפילו זיין מיט דער שענ־סטער נאָז אויף דער וועלט, קען מען דאָס בשום אופן ואופן אין נדן נישט אַריינגעבן. דאַקעגן, אַ כלה אָן אַ נאָז, — אָ! דאָס איז אַ גאַנץ בכבודיקער חסרון... אַ חסרון לא יוכל להמנות... וואָס זאָגט איר עפּעס אויף דער גדולה? — אַ מאָטאָר מיט אַ ביכל...

— וואַרט, היצט זיך נישט אַזוי. זאָגט מיר, ווו, אין וועלכן לאַנד איז נאָך די ליטעראַטור, דער טעאַטער, די קינאָ אַזאַ פאָלקישע, אַזאַ איינ־האַלטס־רייכע, אַזאַ קולטורעלע, אַזאַ דערציערישע ווי ביי אונדז?

— הערט, קאָלעגאַ, איך הייב אָן איבערצוקלערן, אַז פון אייך רעדט נאָך דער וויין פונעם נעכטיקן קאָלכאָזנע מיטאָג! קודם איז דאָך דאָס אַן אבסורד, ווען איר פרעגט מיך וועגן דער ליטעראַטור אָדער וועגן דער סצענע פון אַנדערע לענדער. ווער ווייסט דען עפּעס פון דאָרטן? ווער גייט אונדז אינפאָרמירן וועגן דעם, וואָס דאָרטן שאַפט זיך? צווישן אונדז און „יענער וועלט” אַרבעט דאָך דער סמבטיון שוין קיילעכדיקע זיבעצן יאָר. אויב עס האַנדלט זיך נאָך וועגן אַ מאַסאָווע שטרייק, וועגן אַ שטורמי־שער מאַניפעסטאַציע פון ערשטן מאַי, צי פון די אָקטאָבער־טעג — וועגן דעם איז מען אונדז מודיע אות באות נאָך מיט אַ סמיך, אָבער וועגן דעם, וואָס דאָרטן, מעבר למחיצה, שאַפט זיך עפּעס שיינס, גוטס — ווייסן מיר נישט מער ווי די טויטע... און ביי אונדז אַליין? וואָס ווערט דען ביי אונדז געשאַפן אַזוינס? אונדזער דור, אויפן געביט פון קונסט, איז דאָך דער אָרעמסטער פאַר דער גאַנצער צייט, זינט אונדזער פאָלק האָט זיך אָנגע־הויבן אַרויפצודראַפּען אויף דער לייטער פון קולטור און קונסט. אָט נעמט למשל, וויפל געניאַלע ראָמאַניסטן און פּאָעטן האָט רוסלאַנד פאַר־

מאַגט אין 19טן יאָרהונדערט, דייקא און דווקא אונטערן צאַרס דעספּאָ־טישן שטיוול, און וועמען האָט איר היינט אין דער „סאַמע דעמאָקראַ־טישסטער" מדינה אויף דער וועלט? וועמען, האַ?

— אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך שלאָג אייך איבער אין סאַמע ברען, אָבער איך וואָלט זייער געוואָלט וויסן, וואָס לייגט איר אריין אַזוי פיל גאַל און אַזוי פיל פּערטשיק אין די ווערטער: „סאַמע דעמאָקראַטישסטער מדינה"? אפשר קענט איר אַזוי גוט זיין מיר אָנווייזן אויף אַ שענערער דעמאָקראַטיע?

— דאָ זענט איר גערעכט! פאַר היינטיקן אָוונט איז דאָס דאָס ער־שטע מאָל, וואָס איך גיב אייך אַרויס דעם גערעכט. איך באַגיי טאַקע אַן עוולה איראָניזירנדיק איבער דער סאָוויעטישער דעמאָקראַטיע, ווייל ביי אונדז איז נישט קיין דעמאָקראַטיע, נאָר אַ מאָנאַרכיע —

— אַ מאָנאַרכיע?

— טאַק טאָטשנאָ, אַ מאָנאַרכיע! און דערצו פון די ערגערע...

און ווען דער זאָל שווייגט און האָט מורא אַן אָטעם צו טון, און אַז דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש איז דערשיטערט און דערשטוינט פון זיין בר־פּלוגתאס חוצפה, גיט שלמה צו מיט גרויס פאַרוווּנדערונג:

— ערנוואָרט, איך פאַרשטיי נישט, וואָס איר האָט אין מיר אריינ־געשטאָכן אייערע אויגן. איך דאַרף אייך ערשט לערנען דעם אלף־בית פון פּאָליטיק? וואָס הייסט אַ מאָנאַרכיע? — אַ לאַנד, וואָס ווערט רעגירט פון איין מענטשן, פון איין פאַרשטאַנד, פון איין ווילן. איצט, וואָס הייסט דעמאָקראַטיע? ווען אַ לאַנד ווערט אָנגעפירט בדעה־משותפת; ווען יעדער וויכטיקער באַשלוס, וואָס די געגעבענע מלוכה נעמט אָן, ווערט דורכגע־זופּט און דורכגעלייטערט און דורכגעקנעטן פון הונדערטער פאַרשידן גע־ריכטעטע מוחות. דאַכט זיך, דער דאָזיקער כלל איז דער „פּתח אלף" פונעם פּאָליטישן סידורל. איצט זאָגט איר אַליין, איך וועל שוין שווייגן ווי אַ פיש. זאָגט: וואָס איז ביי אונדז, דיקטאַטור; סאַמאָדיערזשאַוויע; מאָנאַרכיע, צי להבדיל באלף הבדלות — דעמאָקראַטיע?

— איי, לאָמיר דעם דאָזיקן אומנוצלעכן פּלפּול איבערלאָזן אויף אַ צווייטן מאָל.

און אַ בלייכער פאַר אויפרעגונג האָט ער צוגעגעבן:

— מיר, באָלשעוויקעס, מיר, די גוואַרדיע פון לענינען, טייטשן אַנ־דערש אויס דאָס וואָרט „דעמאָקראַטיע"... אונדזער דעמאָקראַטיע — די אויסגעפּרוווטע דעמאָקראַטיע פון מאַרקסן, לענינס און סטאַלינס אויס־קריסטאַליזירטע דעמאָקראַטיע — איז גאָר פון אַן אַנדער שטאָף אויסגע־וועבט. זי באַשטייט אין דעם, וואָס מיר האָבן אויסגעריסן די מאַכט ביי די בלוטיקע קיסריים, ביי די שמוציקע מעטראָפּאָליטן, ביי די אָנגעזויפּטע מאַגנאַטן און ביי דער גאַנצער שאַיקע אויסנוצערס און בלוטזויגערס און האָבן זי איבערגעגעבן צום אַרבעטער, צום פּויער, צו די האָראָפּאַשנע טרע־נערס פון סערפּ און האַמער. מיט איין וואָרט — צו די מאַסן! דעם

גאַנצן פֿאָלק! דאָס פֿאָלק האָט אַליין אויסגעקליבן זיינע פירערס און זיי, די אויסדערוויילטע, די איבערגעגעבנסטע זין פונעם פֿאָלק, זיי בויען עס און פאַרטיידיקן זייער שווער דעראָבערט פֿאָטערלאַנד. איר ווילט אונדז איינטענהן, אַז אמתע דעמאָקראַטיע הייסט נאָר דאַמאָלסט, ווען די הנהגת־המדינה ווערט אויסגעפירט דורך אַ גאַנצן שטאַב מיט מלוכה־מיטגלידער. טאָ לאָמיר נעמען למשל אַזאַ פֿאַקט: צוריק מיט 20 יאָר, פֿאַר דער רעוואָ־לוציע, פּלעגן ביי איין שפּולמאַשין * אַרבעטן דריי, פיר מענטשן. איצט זענען שוין דאָ ביי אונדז אַזוינע שפּולניצעס, וואָס איינע אַרבעט אויף צען, פופצן מאַשינען. נו, פרעג איך אייך נישט מער, וועט איר אין דעם פֿאַל אויך זאָגן, אַז מען דאַרף זיך אומקערן צו די פּרימיטיווע מעטאָדן פון אַרבעט, ווייל אַזוי פּלעגט מען זיך נוהג זיין כמה וכמה יאָרן? דעסט גלייכן פרעג איך אייך בנוגע אונדזער פריערדיקן שמועס: ווי אַזוי איז דער דין, אויב דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט זיך איבערצייגט „נאַ דיעליע”, ** אַז דער און דער יחיד וועט בעסער אויספילן זיין ווילן און גיכער פֿאַרווירק־לעכן זיין דורות־לאַנגן טרוים, ווי אַ גאַנצער פּאַרלאַמענט אָנגעשטאָפּט מיט פּעמפּיקעוואַטע און פּליכעוואַטע דעפּוטאַטן, און דאָס פֿאָלק שטעלט אַוועק אָט דעם דאָזיקן יחיד ביים רודער און גיט אים איבער די גאַנצע מאַכט: אתה אחד ושמך אחד! איז וואָס הייסט דאָס „פּאָ וואַשעמו”: *** דעמאָקראַטיע, צי מאָנאַרכיע? פֿאָלקס־רצון, צי דיקטאַטור? ס'איז דאָרט, ביי די פֿאַרדאָרבענע שקלאַפנהענדלערס, ביי די איבערגעפרעסענע עקספּלאָ־אַטאַטאָרן, ביי זיי דינט דער נאָמען „דעמאָקראַטיע” בלויז פֿאַר אַ דעק־מאַנטל, פֿאַר אַ שירמע הינטער וועלכער מען צאַפּט אויס דעם לעצטן טראָפּן בלוט פון דעם אויסגעהונגערטן האָראָפּאַשניק, און אויף זיינע אויסגעמוטשעטע ביינער בויט מען פֿאַר זיך פּיתום ורעמסס: הימלקראַ־צערס, פּאַלאַצן־לאַבירינטן, לוקסוס־יאַכטעס... ווען עס קומט ערב די וואַלן, זאָגט מען צו די פֿאַרחושכטע אַרבעטער הרים וגבעות, דאָס טעלערל פונעם הימל, און אויף צו מאָרגנס נאָך די וואַלן — אַבי די דעפּוטאַטלעך און די מיניסטערלעך נעמען די „דעמאָקראַטישע” פּאָרטפעלטשיקלעך אונטער די אָרעמס — ווייזט מען דעם אַרבעטער קלאַס, דעם גראָבן הינטער־חלק און מען באַשניידט זיין בידנע שטיקל ברויט נאָך אויף אַ דריט חלק. אָט די פֿאַרברעכערישע מעטאָדן, דאָס איז זייער אַזוי גערופענע דעמאָקראַטיע. דאַקעגן ביי אונדז איז נישטאָ קיין „מיר” און קיין „זיי”. ס'איז איין גרויסע משפחה מיט עלטערע ברידער און יינגערע ברידער. נישטאָ ביי אונדז קיין לאָרדן און קיין עפּענדים. ביי אונדז זענען אָפן די טירן פֿאַר יעדן איינ־ציקן, מען דאַרף זיך נאָר פֿאַרדינען ביים פֿאָלק! האָט דען אונדזער אוק־ראַינער פּרעזידענט — לויט „זייער” אויסדרוק — גריגאָרי איוואַנאָוויטש

* אַ מאַשין, וואָס וויקלט איבער פֿאָדעם פון פֿאַסמעס אויף קאָטושקעס.

** דורך מעשים

*** לויט אייער מיינונג.

פעטראָווסקי, נישט געאַרבעט אַלס פּרעזערוואָשטשיק אין קיעווער זאַוואָד „אַרסענאַל”? איז דען קאַלינין נישט געווען קיין איינפאַכער פּוטילאָ־וויעץ? * איז דען אובאָריעוויטש, דער פּרעזידענט פון דער בּליענדיקער ווייס־רוסישער רעפּובּליק נישט געווען קיין לערן־יינגל ביי אַ דאָרפישן סטעלמאַך? איז דען אַכון־באַבאַיעוו, דער פּרעזידענט פון דער זוניקער אוזבּעקישער רעפּובּליק, נישט געווען קיין כלאָפּאָק־קעמער אין קאָקאַנד? נו און פאָסטעשעוו? און פאַיזולאַ כאָדזשאַיעוו? און אַזוי אַלע ביז איינעם!... אונדזערע גדולים שטאַמען נישט פון די גרויס־וועלטיקע סאַלאָנען, זיי האָבן נישט דורכגעמאַכט קיין ספּעציעלע אַקאַדעמיעס, זיי זענען לעבּעדיקע אברים פונעם גרויסן רוסישן פאָלק און דעריבער איז פאַלש און נידערטרעכטיק און פּראָוואָקאַטאָריש דאָס, וואָס איר רופט אָן זייער מאַכט — מאָנאַרכיע. ס'איז אַ ליגן! די פירערס קענען נישט אַנדערש דענקען ווי דאָס פאָלק דענקט, ווייל זיי זענען אַ טייל פון אים! ווי זאָגט מען דאָרט ביי אייך? אָן אבר מן החי —

— אַזוי די מעשה? און איך שוטה האָב געמיינט פּונקט פאַרקערט, אַז דאָס פאָלק קען נישט — און נישט אַזוי ווייל עס קען נישט, נאָר עס טאָר נישט — דענקען אַנדערש ווי די פירערס... איר זעט שוין צו וועלכע געפערלעכע טעותים עס קען פאַרפירן, ווען מען איז פּאָליטיש נישט אַנטוויקלט, הם?

— ניין, ס'איז נאָר אַזוי ווי איך זאָג, נישט פאַרקערט! ביי אונדז זענען די פירערס און דאָס פאָלק — איינס און דאָס זעלבע! וואָס דאָס פאָלק פאָדערט, דאָס איז אויך דער רצון פון די פירערס. און ווען עס זאָל ביי אונדז אפילו זיין אַזוי ווי איר זאָגט, אַ דיקטאַטור, איז אויך רעכט! איז דאָס נייטיק ווי אין לעבן, ווייל מיר געפינען זיך אין אַ קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג. אין אַ געשלאָסענער קייט פון פינצטערע כוחות. מיר טאָרן זיך נישט מסיח־דעת זיין אפילו אויף קיין אויגנבליק פון דער גרויער ווירקלעכקייט, אַז מיר זענען אַרומגעלייגט מיט דינאַמיט פון אַלע זייטן. אַלע קאַנאָנען פון דער וועלט־רעאַקציע זענען געווענדעט אויף אונדז. דער אויפדורך און דורך צעפוילטער און צעפרעסענער קאַפּיטאַליסטישער רעזשים שטעלט איצט זיין גאַנץ פאַרמעגן אויף דער לעצטער קאָרט — אומברייננגען דעם קאָמוניזם פון דער וועלט! מיט אָט דער באַנדיטישער דיווערסיע מיינט ער זיך צו ראַטעווען פון די אויפוואַכנדיקע, יונגע כוחות, פון די שטורמישע רעוואָלוציאָנערע מאַסן, וואָס הייבן זיך אויף אין אַלע עקן וועלט. דער יונגער, מעכטיקער ראַטנפאַרבאַנד מיט זיין אויסערגעוויינלעכן פּראָגרעס, שטעקט זיי ווי אַ דאָרן אין אויג. בלויז מיט זיין עקזיסטענץ שמייסט ער שוין זייערע אומריינע לייבער מיט אייזערנע ריטער און דעריבער זענען אַלע זייערע מעשים נאָר געווענדעט צו איין ציל — אויפרייסן און פאַרטיליקן די פּראָלעטאַרישע מדינה, צעשטערן און אויסראָטן מיטן שורש אָט די

* אַ געווער־זאַוואָד אין פּעטערבורג.

אייזערנע פעסטונג פון אַלע דערדריקטע אין דער וועלט, אַפּווישן דעם זכר פון אַט דעם שיינענדיקן מאַיאַק, וואָס מיט זיין ליכט וואַרעמט ער און טרייסט אַלע געדרודפּטע און פאַרפּייניקטע. דעריבער מוזן מיר זיך שטענ־דיק באַטראַכטן אין אַ מלחמה־צושטאַנד, ווייל זי קען אַלע מינוט אויס־ברעכן, ווייל אַט דער גורלדיקער צוזאַמענשטויס צווישן אַט די צוויי קעגנ־געזעצטע רעזשימען איז אומפאַרמיידלעך, ווי אומפאַרמיידלעך עס איז אַ בליץ, ווען צוויי שווערע, אַנעלעקטריצירטע כמאַרעס פאָרן אַרויף איינע אויף דער אַנדערער. ווען די רעוואָלוציע איז געבוירן געוואָרן, ווען אונד־זער פאָטערלאַנד איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט ווי אַ קימפּעטאָרין, ווען דאָס קינד קומט אויף דער וועלט, האָבן די אָקופּאַנטן זיך געפונען אין אונדזערע בעסטע געגנטן: אויף דער אוקראַינע, אויף קאַווקאַז, אויפן ווייטן מזרח. אַזוינס טאָר זיך מער קיין מאָל נישט איבערחזרן. און וועט זיך נישט אי־בערחזרן! קיין איין פוס וועט מער נישט אַריבערטרעטן אונדזער שוועל. קיין איין ווערשאָק פון אונדזער הייליקער ערד, וועט מער נישט באַטראָטן ווערן פון יענע ווייס־גוואַרדייאַישע אָרדעס. אָבער אַזוי ווי די סכנה איז עד היום אַ סכנה — און געדענקט, נאָך אַ פּיל גרעסערע ווי אין די 20ער יאָרן, ווייל וואָס מער מיר וואַקסן, אַלץ טיפער פאַלן זיי. יעדער נייער זאַוואָד, וואָס מיר שטעלן אויף איז אַ טשירעק אויף זייערע לונגען, יעדער נייער סאָווכאָז — אַ בלאָטער אויף זייער צונג — דעריבער מוז די מאַכט איינשטיין ביי איין שר־הצבא, פּונקט ווי אויפן שלאַכטפעלד... איז וואָס זשע איז דאָס, לאָמיך הערן, דעמאָקראַטיע, צי אומבאַדינגט מאָנאַרכיע?

— הערט, גוטער ברודער, אַט דעם גאַנצן מאמר מיט וועלכן איר האָט אונדז ערשט מזכה געווען, האָבן מיר שוין אַלע געהערט לכל הפּחות צען טויזנט מאָל. מיר רעדן אויף פאַרשידענע שפּראַכן. מיר וועלן זיך אויף דעם געביט קיין מאָל נישט צונויפרעדן. לאָמיר דאָס אָפּלאָזן און זיך אומקערן צו אונדזער „בליענדיקער" ליטעראַטור...

— אַט אַזוי זשע רעדט!

— איך רעד פון אָנהייב אָן אַזוי. איך האָב אייך כלל נישט געוואָלט איבערצייגן אין מיין גערעכטיקייט. גאַנץ באַשטימט וועלן מיר ביידע פאַר־בלייבן איש על מחנהו ואיש על דגלו... אַלזאָ, קערן מיר זיך אום צו אונדזער שמועס. איר האָט געלויבט אין טאָג אַריין אונדזער ליטעראַטור און אונדזערע שרייבערס. די אַזוי־גערופענע, משפּחה נאַכטיגאַלן פון אונד־זער וועלט־אויפטרייסלענדיקער, וועלט־איבערקערערישער עפּאָכע. פרעג איך אייך איין וואָרט: ווערען האָבן מיר כיום הזה? מי ומי ההולכים? מיר פאַרמאָגן דאָך נישט אפילו איינעם אַזעלכן, וואָס ער זאָל דערגרייכן צו די קנעכל פון דאָסטאָיעווסקין אָדער טאָלסטאָי, פון טורגעניעוו אָדער גאָגאָל, פון סאַלטיקאָוו־שטשעדרין אָדער טשעכאָוו, פּושקין אָדער לערמאָנ־טאָוו, נעקראַסאָוו, צי אפילו גאָר קרילאָוו... יענע זענען דאָך באמת געווען קינסטלער, וואָס מען קען אויף זיי זאָגן, בלי כל גוזמא: נאה זיוום בכל העולם! און היינט — וואָס? מה אנו? מה חיינו? און די וואָס מיר האָבן

יאָ, וואָס שרייבן זיי און ווי אַזוי שרייבן זיי? איר האָט דאַרפן כאָטש איין פריי וואָרט? כאָטש איין פרייען געדאַנק? אַלץ, אַלץ, פון אלף ביז תיו איז דאָך כולו אַגיטאַציע, כולו פּראָפּאַגאַנדע, כולו „גענעראַלע ליניע", כולו לויבגעזאַנג צו די היינטמאָדישע געטער פונעם אָלימפּ, פאַרדאַן — פונעם קרעמל, מיין איך. פונקט אַזוי גוט ווי אַ פּיסאַר * פון אַן אַמאָליקן וואָלאָסט האָט נישט געקענט אָנשרייבן קיין איין וואָרט, וואָס זאָל נישט שמעקן דעם ספּראַוונִיק אָדער דעם פּריסטאַוו, אַזוי קען אַן איצטיקער שרייבער אָדער דיכטער נישט אָפּנויגן אויף קיין שריט פון „דער מאַמעס סידור". עס זענען אַלע יאָרן געשריבן געוואָרן ווערק, וואָס האָבן געהאַט אָריגינעלע שיטות, אָפּט מאָל געגנג שמאָלע און באַגרעניצטע, עס זענען געווען פּאָליטישע ווערק, היסטאָריש-פאַרקריפּלטע ווערק, אָדער איינזייטיק באַלויכטענע, אפילו שאָוויניסטיש-איבערגעפּעפּערטע, מיט איין וואָרט — פאַרשידנס איז געשריבן געוואָרן. אין קיין טינט איז קיין מאָל קיין מאַנגל נישט געווען, אפילו אין רוסלאַנד! אָבער אַז אַלע שאַפונגען זאָלן זיין גלייכגעשטאַלטיקטע ווי די סאָלדאַטן אין אַ שערענגע! ווי די אַרומגעשיגדענע אָקסן אין שעכטהויז, ווען ער איז מלא-גויות! אַלע, אַלע בפה אחד ובלב אחד — דאָס איז נאָך נישט געהערט געוואָרן! דאָס הייסט, אַז מען האָט גענומען מלאכים, וואָס זענען געווינט זיך פראַנק און פריי צו באַוועגן איבער אַלע זיבן הימלען, און מען האָט זיי איינגעשפּאַנט אין אַ לאַסט-פּלאַשטשאַדקע, זיי זאָלן מיט זייערע צאַרטע אָרעמס ארויסשלעפּן פון דער בלאָטע די שווערע משא מיט געזשאַווערט אייזן, אָדער מיט אייטערדיקעביינער, מיט איין וואָרט — מיט פאַרשידענעם אוטיל... און נישט נאָר דאָס געדרוקטע וואָרט איז אַזוי בשפל המדרגה — אַזוי די סצענע, און אַזוי דער פילם, און אַזוי די מוזיק! און ביי אַזאַ פינצטערן מצב האָט איר נאָך דעם מוט מיר טיטשען אין די אויגן אייערע דערגרייכונגען אויף די קונסט-פעלדער?

דאוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, מיט אַ שמייכעלע, זויער ווי אַ קיסליצע:

— שוין? געענדיקט מיט אייער שוואַרצזעעריי? קוים אַ מאָל! נישט אומזיסט זאָגט מען: אויף אַ לעבעדיקן דערוואַרט מען זיך... און דאָך שלמה, בין איך אייך מבטיח, אַז נישט קוקנדיק אויף גאָרנישט, וועט איר אויך ווערן אַ שרייבער... אַ סימן האָט איר, ווי מען האָט נאָר דערמאָנט ליטעראַטור, אַזוי האָט איר זיך אָנגעצונדן ווי אַ העליש פייער און האָט אונדז אָוועקגעלייגט אַ דרשה — מאַמע מיינע! אַזוי ווי דער גלח צו פּאַסקע —

— אַ געניאַלער משל...

— אַ דאַנק אייך, געניאַל, צי נישט געניאַל, אַבי דער משל איז אַ משל... הערט זשע, איך קער זיך אום צו אונדזער פריערדיקן שמועס, פאַר וואָס איר מאַכט מיט אַ שווייג וועגן דעם, וואָס ביי אונדז איז יאָ

---

* אַ קאַנצעלאַריע-שרייבערל.

גוט. זאָגט מיר, פּאַניע פּראָקוראָר, איר ווייסט דערפון, אַז אין די קאַפּי־טאַליסטישע לענדער, ווען איר גייט אַריין זיך איבערבינדן אַ צעשניטענעם פינגער, אָדער אַרויסנעמען אַ דאָרן פון אַ פאַרשטאָכענעם פוס, אָדער מען זאָל אייך אַרויסנעמען אַ פליגעלע פונעם אויג, מוזט איר קודם כל משלם זיין כפי המגיע בכסף מלא. ובאם לאו, קענט איר פריי און אומגעשטערט אויסגיין פאַרן דאָקטער אין די אויגן און ער וועט אייך נישט געבן אומזיסט זיין טרחה אָדער אַ וועלכן ס'איז מעדיקאַמענט.

— הערט גוטער ברודער, אַז איר רעדט נאָך פון אונדזערע מקומות, פאַרשטיי איך נאָך אַ ביסל, וואָס איר ווילט זאָגן, אָבער אַז איר פאַרפּאָרט מיט אייערע מימראס למדינת־הים, איז ביי מיר פּונקט ווי איר זאָלט פּלוצלינג אָנהייבן צו רעדן אויף טערקיש. איך פאַרשטיי נישט קיין איין וואָרט. וואָס אין אויסלאַנד טוט זיך ווייס איך נישט, און איר ווייסט אויך נישט, און קיינער ווייסט ביי אונדז נישט. חוץ, פאַרשטייט זיך, די נבחרים שבנבחרים, היושבים ראשונה במלכות. אָבער נאַש־בראַט, צי אפילו וואַש־בראַט, ווייסן אַ פייג נישט דעם אמת. נישט מען ווייזט אונדז עפּעס, נישט מען דערציילט אונדז עפּעס. מיר זענען די אמתע „יושבי חושך וצלמות, אסירי עני וברזל". און טאָמער ווילט איר אונדז זאָגן, אַז איר זעט יאָ אַ מאָל אין אַ יובל אַן „איילבירט בלעטל", זאָלט איר גוט ווייסן זיין, אַז דאָס דאָזיקע בלעטל, איז נישט קיין נאַטירלעך בלעטל, נאָר אַ געפאַרבטס, אַן „עיט צבוע". מען קען אויף דעם אַזוי פיל שטעלן, פּונקט וויפל מען קען למשל שטעלן אויף... — כ'בעט איבער אייער כבוד, — אויף אונדזער אייגענער פּרעסע. עס קען זייער גוט געמאָלט זיין, אַז אין די „מערדערישע מלוכות פון די טויזנט מאָל פאַרפלוכטע שקלאַפנהענדלערס", איז די סאָ־ציאַלע פאַרזיכערונג אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ פיל העכערער מדרגה, ווי דאָ ביי אונדז. און דער שכל איז אַזוי מחייב. ווייל דאָרט ווו דער מענטש קען זיך פריי באַוועגן, פריי בייטן זיין אַרבעט־אָרט, פריי זיך אַראָפּרעדן פונעם האַרצן, פריי זיך אויסטענהן מיט דער דאָרטיקער מאַכט, מיין איך — און ס'איז לאָגיש אַזוי צו טראַכטן, יש רגלים לדבר — אַז דאָרט מוז אויך געזאָרגט ווערן פאַר דעם פאַל, ווען דער מענטש ווערט נויטבאַדערפטיק... אָבער ווי געזאָגט, ווייס איך דאָס אַלץ נישט. און קוים ווייס איך נישט, האָב איך נישט ליב צו פּעטעווען מיט בויך־סברות.

— איז איר ווייסט נישט און איך ווייס יאָ, אַז ס'איז ווי איך זאָג, נישט ווי איר זאָגט. און ביי אונדז, וואָס זעען מיר? איך דאַרף אייך דערציילן? איר זענט נישט קיין היגער? אַלע מעדיצינישע באַדינונגען, די בעסטע פּראָפעסאָרן, אַלע שפּיטעלער אויף אַלעם גרייטן — אַלץ לחלוטין אומזיסט! כל דכפין! קיינער וואַגט נישט צו פאָדערן ביי אייך אפילו קיין איין גראָשן! דאָס איז ביי אייך אויך גאָרנישט?

שלמה, מיט אַ נויט־שמייכעלע:

— פאַר וואָס איז דאָס גאָרנישט? ווער קען אַזאַ בולטן פאַקט אָפּ־לייקענען? און ווער וויל אים גאָר אָפּלייקענען? דאָס איז זיכער אַ גרויסע סאָציאַלע דערגרייכונג, נישט מער —

— וואָס איז שוין ווידער: „נישט מער"? אויף אַלצדינג געפינט ער דיר אַ קרעצל —

— ...נישט מער, איך האַלט — אגב, דאָס איז מיין פּערזענלעכע מיי־נונג, אפשר האָב איך אַ טעות — נאָר איך האַלט, אַז ווען מען זאָל אַ ביסל פאַרבעסערן די פאָלקסקיכן, די זאַוואָדישע קיכן, די פאַבריקישע, ווייניקער אַ ביסל שטאָפּן די בייכער מיט באַבוימלטע בורעטשקעס, מיט צעקראַכענע טיולקעס, וואָס זענען די גריים ווי די ווערעם, וועלכע קיין שום פּריווילי־קער קונה וויל שוין אין די הענט נישט נעמען — וואָלט געווען ווייניקער מיט אַ העלפט חולים. און ווען מען זאָל זיך, ביי אונדזערע גערימטע טראַמווייען, נישט מוזן יאָגן צו דער ארבעט מיטן לעצטן אָטעם, ווייל אויב מען וועט חס וחלילה פאַרשפּעטיקן אויף פינף אָדער צען מינוט, וועט מען אַראָפּגענומען ווערן פון דער ארבעט און בלייבן ווי אויפן וואַסער — וואָלט די צאָל חולים געפאַלן נאָך אויף אַ דריטל... וואָלט מען פאַרשפּאָרט די טובות... אָבער פון דעסט וועגן איז אָט דער עפּיזאָד איינער פון די ליכטיקסטע אין דער מגילת־איכה פון דער ראַטנמאַכט...

— מגילת־איכה, זאָגט איר? נו פאַרקערט, זייער ווויל! איר האָט נאָך פאַרגעסן צוצוגעבן: „פון וואַנען זאָל מען נעמען צו צאָלן? פון די גרויסע געהאַלטן?

— איך האָב נישט פאַרגעסן, מיין ליבער, איך האָב אייך שוין פּשוט געשאַנעוועט... איר זענט דאָך עפּעס פּאָרט יאַנים אַ קוזין און דער אימע־ניניצעס אַ שני שבשלישי... האָב איך מיר געטראַכט: מילא, זאָל שוין מיינס איבערגיין... כל המעביר על מדותיו —

— אויף ווייטער זאָלט איר מיר אַזוינע בערישע טובות נישט טון... מוחל אייער גוטסקייט... איך וועל ווי עס איז מוזן אויסקומען אָן אייערע טובות...

— מילא, מוחל איז מוחל, איך שלאָג זיך נישט שטאַרק אָן...

און נאָך אַ קורצער ווײַלע שטילשווייגן:

— דעם אמת גערעדט, מיין ליבער רעדאַקטאָר, האָב איך גערעכנט אין אייך צו טרעפן אַ מער באַוואָפנטן קעגנער, ווי איר ווייזט זיך אַרויס. אָט למשל, האָב איך ערשט אָנגערירט אַ מאָמענט, וועלכער האָט זיך שוין פעסט איינגעמויערט אין אונדזער טאָג־טעגלעכן לעבן און איז דאָך אַזוי טראַגיש... איך האָב בדעה די „פאַרשפּעטיקונגען" אויף דער ארבעט און די שטראָף פאַר זיי. און איר זענט פאַרבייגעגאַנגען מיינע רייד בשתיקה, ווי דאָ וואָלט זיך געהאַנדלט אין יאָ גיין אויף אַ קאָנצערט, אָדער נישט גיין. אָבער ווי אַזוי איז די זאַך אויף אַן אמת? טרויעריק! ניין, שרעקלעך! אַ מענטש האָט אַ פּרוי, קינדער. ער שפּייזט זיי מיט זיין בלוט און שוויים. האָט די מלוכה געמאַכט אָפּהענגיק זייער גאַנצע עקזיסטענץ פון פינף אָדער אפילו פופצן מינוט פאַרשפּעטיקן אויף דער ארבעט. ווו איז אַזוינס גע־הערט געוואָרן? ביי אַ מענטשן האָט זיך איבערגעריסן אַ שנור פון דעם שוך; אַ מענטש האָט גאָר באַקומען שלשול אויפן וועג; אַ מענטש האָט

פאַרגעסן אין דער היים דאָס טראַמוויי־ביכעלע און האָט זיך געמוזט אומ־
קערן נאָך דעם; אַ מענטש האָט זיך פאַרהאַלטן מער מיט אַ פּאָר מינוט
ביים בעטל פונעם קראַנקן קינד — מאַלע וואָס פאַר אַ צופאַלן עס טרעפן
אין טאָג־טעגלעכן לעבן! דער אַרבעטער אָדער דער אָנגעשטעלטער קומט
צו דער טיר — פאַרשלאָסן! גיי אַ היים און דערוואַרט אַ פּאָוועסטקע פאַר־
נעם געריכט. און דער מענטש באַקומט אַ שטראָף: אָנווערן דעם לוין פאַר
אַ חודש; אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט אָן קאָמפּענסאַציע; אַ מאָל —
צוואַנגס־אַרבעט און נישט גאָר זעלטן — היפּשע עטלעכע חדשים טורמע. פון
אָט די וויסטע לויפּעניש טרעפט איר ביי אונדז יונגע מענטשן מיט קראַנ־
קע הערצער, מיט אויפגעבלאָזענע לונגען, מיט אָדערן־אָנצינדונגען, מיט
פיס, געשוואָלענע ווי די פּאָמפּעשקעס, אַלץ אַזעלכע מחלות, וואָס אַ מאָל
זענען געווען געבענטשט מיט זיי נאָר שטאָק־אַלטע לייט, סטאַריקאַשקעס
שכבר אָבד עליהם כלח...* און ערגער פון אַלץ — מיט צעשרויפטע נערוון,
אָדער משוגענע מוחות. למשל: איר טרעפט מענטשן 4 אַ זייגער ביי
נאַכט גיין צו פוס אין צווייטן עק שטאָט צו דער וואַכטע פון 6 אַ זייגער.
וואָס איז? טאָמער וועט חלילה דער טראַמוויי נישט גיין! וואָס איז דאָס:
קלאָר, צי משוגע? וואָס איז דאָס: אַ מענטש, אַ בירגער, צי אַ אָנגעשראָ־
קענע, פאַריאָגטע באַשעפעניש? אַלע ווייסט איר, אַז דאָס איז נישט קיין
באָבע־מעשה, נאָר אונדזער טעגלעך ברויט. און אַז דער באַשטראָפטער
גייט שפּעטער אַרום זוכן אַרבעט, איז ווי ער ווייזט נאָר זיין אַרבעטס־
ביכעלע מיטן געוויסן שטעמפּעלע, אַזוי קוקט מען שוין אויף אים בעין־
רעה — אַ פּראָגולשטשיק! ווער וויל דאָס נעמען אויף דער אַרבעט אַ פאַר־
פלעקטן מענטשן? און דער מענטש בייגט זיך אין דרייען און לייגט זיך
אונטער די פיס ביז ער ווערט ערגעץ „צוגענומען"... ווען איך וואָלט חלילה
געווען אַ ממליץ מליצות ווי אונדזער כמעלניקער רב, יעלה ויצמח כגן
רטוב, מיט זיין „שהקול יפה לבשמים" —

מנשה און פרידמאַן טאַראַשטשען אויס אויף אים די אויגן: פון
וואַנען ווייסט ער? ווער האָט געקענט אונטערהערן און אים צוטראָגן אות
באות?

שלמה: ...איז זאָג איך, ווען איך וואָלט געווען געראָטן אין אים,
וואָלט איך געזאָגט בזה הלשון: איר וועט נישט צונויפזאַמלען קיין איינס
פּראָצענט אַרבעטער, וואָס זיי זאָלן זיין „שמחים בצאתם וששים בבואם",
דערפאַר אָבער וועט איר אָנציילן העכער 99 פּראָצענט, וואָס „עושים
באימה רצון קונם"! באימה וביראה! און נאָר משום יראת־השוט, און
בלויז מתוך אימה! פרעג איך אייך אַליין: וואָס פאַר אַ גייסטיקע דער־
הויבונג קען מען שוין דערוואַרטן פון אַזאַ מעכאַנישן מענטשן? פון אַזאַ

* מענטשן פון שטאַרק טיפן עלטער.

דעם גאַנצן טאָג געדענקט ער נאָר, אַז מען דאַרף «Ванька встанька»*
„יאָגן, דעריאָגן און איבעריאָגן". גאַנצע נעכט געדענקט ער נאָר, אַז מען טאָר נישט פאַרשפּעטיקן אויף קיין איין מינוט, אלא נישט ווערט ער גלייך אוים שלאָגלער, אוים ערלעכער אַרבעטער, אוים באַוווסטזיניקער פּראָלעטאַריער. איצט זאָגט אַליין, קען איך נאָך אַזאַ וויסטן סדר־היום, זיך נעמען פּליעסקען, וואָס אַז מען ווערט מיט גאָטס הילף קראַנק, היילט מען אומזיסט, האַ?

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש ווישט זיך אָפּ מיט דער דלאָניע דעם שטערן און פּאַליעט אַרוים אין איין אָטעם:

— בקיצור, איז דאָס אַלץ, וואָס איך האָב דאָ אויסגערעכנט, זאָגט איר, נישט קיין גדולה?

— נישט קיין גרויסע גדולה... אַ קנאַפּע נחמה...

— פאַרגעסט זשע אָבער נישט אַזאַ זאַך, אַז קיינער העלפט אונדז נישט מיט גאָר—נישט... ביי די קאַפּיטאַליסטישע פעלקערלעך איז איינגעפירט, טאָמער טרעפט, אַז אַ מלוכה כאַפּט עפּעס אַ פאַרקילונג, אַזוי לויפן זיך צונויף אַלע זנאַכאַרעס מיט אַלע אָפּשפּרעכערס. מען מעסט די היץ, מען רייניקט דעם מאָגן, מען שטעלט באַנקעס, מען לייגט קאָמפּרעסן. מען היילט און מען קורירט אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז דער חולה שטעלט זיך צוריק אויף די פיס. און ביי אונדז —

— דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, וואָס רעדט איר שטותים? וועמענס הילף דאַרף רוסלאַנד? ווער האָט נאָך אַזוינע כמעט אומבאַרירטע גאָלד־גרובנס, וואָס לאָזן זיך גאָר נישט אויסשעפּן, ווי רוסלאַנד? ווער האָט נאָך אַזוינע פעטע, זאַפטיקע תבואה־פעלדער ווי רוסלאַנד? ווער האָט נאָך אַזוינע אייביקע נאַפט־אוצרות ווי רוסלאַנד? וועלכעס לאַנד איז נאָך אַזוי רייך אין געהילץ און אין קוילן ווי רוסלאַנד? און דער עיקר — ווער האָט נאָך אַזוי פיל עבדים־כנענים, געהאַרכזאַמע פלייציע־אונטער־שטעלערס ווי דער ראַטנפאַרבאַנד? און איר זאָגט — הילף פון אויס־לאַנד... גאָטעניו, ווען ארץ־ישראל זאָל פאַרמאָגן כאָטש איינס פּראָצענט פון די רוסישע רייכטימער, און ווען מען לאָזט אונדז, וואָלטן מיר דאָך פאַר אַזאַ פּעריאָד ווי 17 יאָר, וויפל די רעוואָלוציע איז אַלט, געמאַכט אין אונדזער לאַנד אַ גן־עדן התחתון, אַן אמתן „משוש כל הארץ", און איר ווערט נתפּעל פון אַן אייגענעם טראַקטאָר, צי דאַרטן פון אַ דיזעל־מאָטאָר...

— וווהין קריכט איר מיט אייער אוזורפּאַטאָריש, ליליפּוטיש ארץ־ישראלעקל? אַ מענטש האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין אַ מאַניע: אַרויפקריכן אויף דער לבנה... דאָס וואָלט נאָך געווען צו דערליידן פון אונדזער אימעניניצע. אַן עק! לאָמיר שוין זאָגן פון סאַנקע יאַניס! אָבער

* „וואַנקע, שטעל זיך", אַ נאָמען פון אַ קינדער־שפּילעכל, אַ קיילעכדיק, היל־צערן מענטשעלע מיט אַ היפּשן בלייער אין דער אונטערשטער טייל. דעריבער ווי אַזוי מען זאָל דאָס שפּילעכל נישט אַוועקלייגן, מוז זיך דאָס אויפשטעלן.

— איר? אין אייער עלטער? מיט אייער רייפן פאַרשטאַנד? איך קען דאָס נישט משיג זיין! קודם, זאָגט מיר, וויפל זענט איר דען נאָך דאָ אַזעלכע, וואָס טראָגן זיך אַרום מיט אָט די ווילדע פאַנטאַזיעס? מיט אָט די קינדערשע שטותערייען? וויפל? אַ הייפעלע פאַנאַטיקער! אַ זשמענקע־לע בטלנים! און בטלנים, מוז איך אייך זאָגן, פון ערגערן סאָרט... נישט אין גאַנצן קיין קלאָרע, ווייזט מיר אויס —

— איר, אַ קאָמוניסט, ווילט אונדז אָפּשרעקן מיט דער קליינער צאָל פון אונדזערע אָנהענגער? און פון וויפל מתפללים, זאָגט מיר, איז באַ־שטאַנען דאָס קלייזל פון חסידי־מאַרקס אין 1895? מען האָט זיי, דאַכט זיך, געקענט איבערציילן אויף די פינגער און עס זאָלן נאָך בלייבן פרייע פינגער... אויך פאַנאַטיקער! אויך משוגעים! און אָט דאָס הייפעלע פאַ־נאַטיקער האָט געיווירן, געיווירן, שטילערהייט אונטערגעגראָבן דעם דריי־הונדערט יעריקן טראָן פון די ראָמאַנאָווס, ביז עס איז אין בלוט און אין אייטער געבוירן געוואָרן אָט דער ריזיקער און מעכטיקער ראַטנפאַרבאַנד... ווי קען נאָך געמאָלט זיין אַ מער פּראַקטישע און איבערצייגנדיקע לעקציע ווי אָט די אַ?

— איך פאַרשטיי נישט אייער משל. מיט אונדז זענען דאָך געגאַנגען די מאַסן, דאָס גאַנצע פאָלק —

— דאָס גאַנצע, צי נישט דאָס גאַנצע... און אונדזער פאָלק, מיינט איר, וואָלט געבליבן זיצן ביי איוואַנען אין שכנות ווען ער דערהערט, אַז מען קען מאַכן די פליטה קיין ארץ־ישראל?

— שלאָגט זיך אַרויס פונעם קאָפּ ארץ־ישראל, זאָג איך אייך! משוגע ווען זיי זיין די אַראַבער, אַריינצולאָזן אין זייער לאַנד אַריין די יאַנקלס מיט די מאָשקעס, זיי זאָלן אַרויפקריכן אויף זייערע העלדזער און זויגן זייער מאַרך —

— דאָ רעדט איר שוין ווי אַן עכטער אַנטיסעמיט... ווער זאָגט אייך, אַז מיר ווילן פאָרן אויף זייער קאָפּ? ווער דאַרף זייערע העלדזער מיט זייער מאַרך? ס'איז אונדזער לאַנד און מיר'ן עס אויסבויען מיט אונדזערע אייגענע העלדזער און מיט אונדזער אייגענעם מאַרך... אַזוי פיל טויזנטער יאָרן געבויט פּרעמדע לענדער, וואָלטן מיר כאָטש אויף דער עלטער אַ בוויע געטון דאָס אייגענע לאַנד —

— וואָס רעדט איר זיך איין נאַרישקייטן: דאָס אייגענע לאַנד... זיין אייגן לאַנד איז דאָס... אפשר צען פעלקער וווינען דאָרט פון טויזנטער יאָרן, וועט איר ערשט קומען מיט אַן אוואַנטורע. וואָס איז? שלמהן מיט זיינע ידידים האָט זיך פאַרגלוסט אַ פייגעלע מיט אַ טייטעלע...

— זיי מעגן דאָרט וווינען אפילו הונדערט טויזנט יאָר, אָבער דאָס לאַנד איז פאָרט אונדזערס! ומפני חטאינו גלינו מארצנו —

— אָ! סיידן איר וועט זיי זאָגן דעם דאָזיקן פסוק —

— פאַר וואָס עפּעס נאָר דעם דאָזיקן? דער גאַנצער תנ"ך איז פול מיט דעם...

— וועלכע אוזורפאטארס האבן אים אייך צונויפגעשטעלט, דעם דאַזיקן תנ"ך אייערן? איר האט זיך אליין אנגעשריבן, וואס אייך האט זיך געגלוסט און מיט את דער פארברעכערישער פיקציע ווילט איר גיין ארויסטרייבן שטילע, ארעמע פעלקער פון זייער פאטערלאנד?

שלמה, מיט א געלאסענעם שמייכל:

— ווי אזוי קענט איר זאגן, אז נישט מיר זענען געווען די באַלעבאטים אין יענעם לאנד, אין דער צייט וואס אייערע „למדנים" לערנען מיט די קינדער אין די שולן, אז דער „מנהג" פון נטילת לולב, וואס מיר האלטן, איז איבערגעניצעוועט דערפון, וואס די יידן פלעגן אין די גרויסע היצן ארומגיין אין די גאסן מיט את די „בעזימער", וואס מען רופט זיי לולבים, און פאכען אויף אלע זייטן, כדי צו מאכן א שטיקל ווינטעלע. משמעות, אז מיר זענען דארט יא געווען, צי דאס איז אויך נישט קיין באווייז?

— ווער זאגט אייך, אז איר זענט נישט געווען? אבער איר זענט אודאי געווען דארטן קנעכט, פאסטעכער ביי די אראבישע שבטים, צי ביי די דאמאלסטדיקע פלישתים, כ'ווייס דארטן, ווי אזוי מען האט זיי גערופן? אבער נישט קיין באלעבאטים! דאס איז פאלש! דאס איז א דיווערסיע אויף די ארעמע אראבישע שבטים! און אויב ס'איז אפילו אמת, אז איר זענט א מאל יא געווען באלעבאטים אין יענעם לאנד, האט איר שוין אויך, נאך אזוי פיל יארהונדערטן פארלוירן אלע יורידישע און מאראלישע רעכט אויף דעם. מען קען נישט איבערלאזן אויף הפקר קיין דירה און זיך אומקערן אין א יובל ארום און ארויסווארפן דעם נייעם איינוווינער. אזעלכע זאכן האבן אויך א געוויסן גרענעץ. אייערע עלטער זיידעס, די בלומרשטע געוועזענע באלעבאטים פונעם לאנד, האבן ערגעץ אויף די וועלטמערק געשאכער-מאכערט און עמעצער דארף זיי אויסהאלטן א לאנד ביז זיי וועלן זיך אויסקראצן זיך אומקערן אהיים? מיט וועלכע רעכט? די אראבישע שבטים, זענען געווען א „זוכה מן ההפקר" און דארפן אייך אפילו אויף דער שוועל נישט ארויפלאזן... ווער שמועסט, אז די גאנצע מעשה מיט אייער היסטארישער חזקה איז גאר אן אויסגעקלערטע פונעם אנהייב ביזן סוף, שקר וכזב ולא היה! פאלש ווי דער צלם!

— איר רעדט פון פאלשקייטן? ווער האט נאך אזוי געפעלשט די געשיכטע, ווי אונדזער ליבהארציקע מלוכה? אויף דעם בוך פון דזשאן ריד: „צען טעג, וועלכע האבן אויפגעטרייסלט די וועלט" האט לענין בשעתו געזאגט, אז עס איז זעלטן ווען א שרייבער זאל אזוי ערלעך איבערגעבן די געשעענישן, ווי דאס האט געטון דזשאן ריד. זיין בוך איז אין פולסטן זינען פונעםווארט, א פאלקסבוך און עס מוז געלייענט ווערן פון אלע סאוויעטישע בירגער. ער האט געזאגט אזוי, צי איך טראכט אפשר אויס? נאך לענינס ווערטער האט מען אים אפילו מקבר געווען אין קרעמל, אין דער קאמונארן-וואנט. אמת, צי ניין? איצט אנו זייט א ריזיקאנט און פרעגט זיך נאך אין א ביבליאטעק אויף דעם דאזיקן בוך — דאן גיב איך

פֿאַר אייער לעבן קיין צעבראָכענעם גראָשן נישט. איר וועט שוין נישט וויסן פֿון קיין מנוחה ביז אייביק, ווייל דאָס דאָזיקע בוך איז געפּסלט, פֿאַרבראַקעוועט, דאָרטן ווערן דערמאָנט צו גוטן מענטשן, וועלכע מען דאַרף היינט פֿאַרשווארצן! נו, איז דאָס אַ פֿעלשונג, צי ניין? הייסט דאָס אָנגעמטן לענינען הערנער, צי ניין? ווייטער: פּלעכאַנאָוו, ווי די גאַנצע וועלט ווייסט גוט, איז געווען לענינס רבי און וועגווייזער. לענין איז פֿאַר אים געשטאַנען כעבדא קמא מרא, ער האָט קיין מאָל נישט געוואַגט נוהג זיין קלות־ראש בנוגע צו פּלעכאַנאָווס אַ וואָרט אָדער אַ מיינונג. אנו זאָל היינט עמעצער וואַגן צו ציטירן זיינס אַ וואָרט פֿון דער טריבונע, וועט מען שוין אַלע זיינע זיידעס אויפֿהייבן פֿון די קברים און בודק זיין זייערע ציצית... ניין, ניין, אין אַ שטוב פֿון אַ געהאַנגענעם, איז נישט רעכט צו דערמאָנען קיין שטריק...

— איר מישט אויס קאַשע מיט באָרשטש און פֿאַרקריכט צו אַל די רוחות... איך ווייז אייך אַ חשבון פֿון אייערע „ארץ־ישראל יידן”. די וואָס האָבן כאָטש איין גראַם געהערן אין קאָפּ, וועלן זיך נישט רירן פֿון די ער־טער. וואָס דען, די פּאָר באַנק־קוועטשערס, וואָס ווילן זיך איינשפּאָרן גלגול־מחילות. איז אָט די פֿאַרשווינדלעך ווילט איר צוגלייכן צום רוסישן פֿאָלק, צו די רוסישע רעוואָלוציאָנערע מאַסן? ביי אונדז איז דאָך יעדער בירגער אַ העלד! נישט אומזיסט גייט ביי אונדז אַרום דער לאָזונג:

Каждая уборщица должна уметь управлять государством.*

— און אַ נאַרקאָם מוז קענען — אַל אפתח פה לשטן — פֿאַרטרעטן דעם פּאָסטן פֿון אַן אויפֿרוימער אָדער אַ דוואָרניק —

מנשה: שלמה, דו האָסט ערשט געזאָגט אַ גראָבן ליגן. אַ נאַרקאָם ווערט קיין מאָל נישט קיין דוואָרניק אָדער קיין אויפֿרוימער. אַזאַ גדול־הדור, ווען ער ווערט אַ נחות־דרגא; אַז עס קומט שוין די אָנגעצייכנטע מינוט און מען רוימט אים אויף, איז מובטח לו שהוא בן עולם־הבא, ווייל —

פֿרידמאַן: מנשה, צו וואָס טויגן אייך אָט די מליצות שדופות? איר קענט נישט רעדן בלשון נקיה? נאַ דיר גאָר: עולם־האמת, עולם־הבא... רעדט פּראָסט יידיש: אין אונדזער קלייזל, ווען איינער איז גבאי און מען מאַכט אים אויס, איז מהיום והלאה זיין אכסניא־קבועה אויפֿן בית־עולם הינטערן פּלויט, צווישן די אלפֿי־אלפֿים מנהיגי־הדור, וואָס האָבן זוכה געווען לקבורת־חמור... און וואָס מער גדול ער איז געווען בחייו, אַלץ אַ טיפֿערע קרקע גרייט מען אים צו, כי — ווייל, — אין שלטון ביום המות...

שלמה, צו דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטשן, מיט אַ פֿאַרזאָרגטער מינע:

— נו, איר האָט דאָך געלויבט דעם קולטורעלן ניוואָ פֿון אונדזער דור, וואָס זאָגט איר איצט? איר זעט כאָטש, וואָס פֿאַר אַ פּראָזאַישע מענטשן עס וואַקסן ביי דער ראַטנמאַכט? טרוקענע ווי די סוכאַרעס! ווי

---

* יעדע אויפֿרוימערין מוז קענען אָנפֿירן מיט דער מלוכה.

די שפּענדלעך! אָן אַ פּונק פּאָעזיע, אָן אַ מינדסטן געפיל פאַר הומאָר, פאַר אַ דיפּלאָמאַטישן אויסדרוק!

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, מיט אַ ציין־קריצעניש:

— און דאָס וואָס מיר האָבן אויפגערוימט און ארויסגעפירט אויף דער סוואָלקע אָט דעם אומווירדיקן „נעפּ", אָנהייבנדיק פון די אַזוי גע־רופענע „פּערווע גילדייסקי" סוחרים, ביז די מינדסטע אונטערשטופּערס, און האָבן איבערגעגעבן דעם גאַנצן האַנדל אין די הענט פון די מלוכה־קאָאָפּעראַטיוון, דאָס איז אויך גאָרנישט, איאָ? ווייס איך וואָס, קיי און שפּיי! אמת?

שלמה, רואיק און געלאַסן:

— פאַר וואָס איז דער „נעפּ" אַזש אומווירדיק? ער איז דאָך נישט געווען קיין ממזר. ער האָט דאָך געהאַט אַ גאַנץ בכבודיקן טאַטן: וולאַדי־מיר איליטש אוליאַנאָוו — לעניז! ער בכבודו ובעצמו האָט אים אויפגע־שטעלט, און אפילו דעם נאָמען: „נאָוואַיאַ עקאָנאָמיטשעסקאַיאַ פּאָליטי־קאַ" האָט אויך ער אים געגעבן. ווי זשע מעג מען דאָס אַזוי זידלען לעניגס אַ קינד? נאָר מילא, מען האָט אים אויפגעראַמט? עליו השנאָבל! איך, פערזענלעך ביינק נאָך אים נישט זייער שטאַרק. זאָל ער האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן. מן הסתם האָט ער געשטערט צום אויפבוי פונעם סאָציאַליזם. איך קען זיך נאָר דערמאָנען, אַז בעת די נעפּמאַנעם האָבן געזאָרגט פאַר דעם אַסאָרטימענט פּראָדוקטן, אָדער מאַטעריאַלן, איז טאַקע אין לאַנד געווען אַל דאָס גוטס, און איצט פאַלט מען אויפן פּנים איידער מען קריגט עפּעס וואָס נאָכן אָפּשטיין אַ גאַנצע נאַכט אין דער ריי; פּריוואַטע איניציאַטיוו, פּריוואַטע ענערגיע איז איין זאַך, און קאָאָפּעראַטיווער אַקטיוויטעט איז ביי אונדז אַ פּרשה פאַר זיך... איך דערמאָן זיך אויך, אַז בימי הנעפּ האָט מען פאַר אַ סאָוויעטישן טשערוואָניעץ געקענט קויפן אַ ניקאָלאַיעווסקי גאָלדן צענערל, אָדער פינף דאָלאַר. איצט קאָסט שוין ברוך השם 36 רובל איין דאָלאַר. אויף צו קויפן פינף דאָלאַר מוז מען שוין האָבן אַכצן טשער־וואָנצעס, נישט איינעם. הייסט עס ביי מיר, אַז אַ דאַנק דער אויפרוימונג פון דעם „אומווירדיקן" נעפּ, איז די סאָוויעטישע וואַלוטע אַראָפּגעפאַלן פון אַלע „שיר המעלותן", פּאַרדאָן, איך מיין פון אַלע זיבעצן טרעפּ... אָבער ווי געזאָגט וויל איך אים קיין הספד נישט מאַכן, הלואי וואָלט ער גאָר אויף דער וועלט נישט געווען געקומען, וואָלט איך אפשר אויך געווען גע־ווּסט, וואָס עס הייסט אַזוינס: יוגנט... וואָלט איך נישט געווען געהאַט אַזאַ פאַראומערטע קינדהייט, ווי איך האָב יאָ געהאַט...

— און דאָס איז ביי אייך אויך נישט קיין העלדישע גבורה, וואָס מיר, די רעוואָלוציאָנערע מאַסן, האָבן מיט לײדיקע הענט פאַרטריבן פון אונדזער ערד די צענדליקער אימפּעריאַליסטישע מלוכות, וועלכע האָבן אונדז גענומען אין קלעם ווי מיט אַן אייזערנער רייף און מיט אייזערנע צוואַנגען געריסן און געפליקט שטיקער פון אונדזער פאָטערלאַנד, דאָס אַלץ איז בלאָטע, איאָ?

— חס ושלום! דאָס איז זייער אַ גרויסער מפעל! אָבער סאָלידע מענטשן שעצן אים לויט די רעזולטאַטן —

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש איז פון שלמהס געלאַסענעם טאָן אַרויס פון די כלים:

— סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, איר ווייסט אַליין נישט, וואָס פאַר אַ געפערלעכער קאָנטער־רעוואָלוציאָנער איר זענט —

— פונקט קאַפּויר! איר זענט דאָס, נישט איך! כאַ־כאַ־כאַ... איך פרעג אייך נישט מער, ווי שעמט איר זיך נישט מיר צו ענטפערן מיט די זעלבע אויסגעדראָשענע פראַזן, וועלכע עס וואָלט מיר געוואָרפן אין פנים אַריין דאָס ערשטע, בעסטע, גראַשנדיקע אַגיטפּראָפּל* מיט אַ רינענדיק געזל. איר זאָגט, אַז איך בין אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, און זענט ביי זיך זיכער, אַז אַזוי איז דאָס. און איך זאָג אייך, אַז אויב אַזאַ וויכטיקער פאַרשטייער פון סאָוויעטישן שטאַב, ווי איר זענט היינט צו טאָג, קענט מיר נישט ענטפערן צו דער זאַך און איר מוזט אָנקומען צו מוישע־קאַ־פּוישע־אַרגומענטן, משמעות, אַז איר האָט זיך וויניק אָפּגעגעבן מיט דעם שטודיום פון: „דע מה שתשיב לאפיקורוס", אָדער זיך כלל מיט דער פראַגע נישט אינטערעסירט. און קוים איז דאָס אמת — זענט איר גאָר דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנער! איר דערלאָזט, אַז שונאים פון פאָלק זאָלן בלייבן געדעכט און קענט זיי נישט אָפּווענדן... נישטאָ קיין פּאָדעם...

— מילא, אַן עק, צי איך האָב פיל שטודירט, צי וויניק, צי איך האָב גאָר גאָרנישט שטודירט, דאָס איז אַ טעמע פאַר זיך. לאָמיר נישט אָפּווייכן פון אונדזער שמועס. זאָגט מיר, און דאָס איז גאָרנישט, וואָס מיר האָבן פאַרטריבן פונעם לאַנד אַלע אייגנטימערס און אייגנטימערלעך, און אַלץ, וואָס געפינט זיך אויף דער סאָוויעטישער ערד געהער צום פאָלק אויף אי־מער און אייביק, האָ?

— וואָס קומט אַרויס דערפון, וואָס אַלץ, וואָס געפינט זיך אויף דער סאָוויעטישער ערד געהער צום פאָלק, אויב דאָס פאָלק אַליין ליגט נעבעך לעבעדיקערהייט טיף טייער אין דער ערד?

— יאָ, איך זע שוין, מיט וואָס פאַר אַ פריינדלעכע אויגן איר קוקט אויף אונדזערע אויפטוען, וואָס האָבן בשעתם מרעיש־עולם געווען... נו, און דאָס וואָס מיר שטייען ווי אַ וואַנט קעגן קריג און בלוט־פאַרגיסונג, איז ביי אייך אויך נישט קיין זכות?

— לעת־עתה איז דאָס נאָך אַזוי, ווי איר זאָגט. מיר וועלן אָבער זען, וואָס עס וועט זיין, ווען די זאַנג וועט זיך אָנגיסן מיט זאַפט און... און דער מאָמענט וועט דאָס פאָדערן... כ'מיין, ווען דער עסק וועט לוינען —

— ווילט איר, הייסט עס, זאָגן, אַז די מאַכט פון אַרבעטער און פויערן איז פעאיק צו ברענגען אויף דער וועלט אַ מבול, אַ שחיטה, אַ בלוטבאָד פון פעלקער? איר ווייסט יאָ, וואָס איר רעדט?

* קיצור פון „אַגיטאַטאָר, פּראָפּאַגאַנדיסט".

— איך ווייס יאָ, וואָס איך רעד. און וואָס איר זאָרגט זיך וועגן דער פעאיקייט פון דער ראַטנמאַכט אָנצוהייבן אַ קריג, אַ פעלקער־שחיטה — זאָרגט זיך נישט אַזוי שטאַרק. צום נויטיקן מאָמענט וועט מען שוין ווי עס איז זיין פעאיק. עס וועט זיך שוין אָפּזוכן נישט איין אמתלא, * אַז דער קריג זאָל זיין אַ נויטווענדיקייט. הערט, גוטער ברודער, אַז איר פּרוווט נאָך אָפּערירן מיט פאַקטן, מוז מען נאָך אויסהערן און ענטפערן אויף זיי, אָבער מיט קיין סברות און עתידות זאָלט איר מיר נישט פאָכען אין דער לופטן... אויב מיר ווען אָנהייבן זאָגן בויך־סברות, שיינט מיר מיין סברא צו זיין פיל לאָגישער און באַגרינדעטער פון אייערער. ווייסט איר: מאַי טעמא? ביי אונדז איז דאָ אַ כלל: „אין אפּוטרופּוס לעריות". פאַר וואָס? — ווייל די דאָזיקע תאוה לאָזט זיך נישט איינצוימען מיט קיין קלוגע רייד. דעסט גלייכן איז פירן אַ קריג. דאָס איז אי אַ גרויסער אומגליק, אי אַ גרויסע תאוה. אין דער געשיכטע פונעם רוסישן פאָלק טרעפן מיר נישט זעלטן ווען דאָס *«Святое русское воинство» האָט זיך בלינד געריסן צו קריג. און אויב איר קענט זיך דערמאָנען, האָבן אונדז וואָראָשילאָוו און בודיאָנעי אין די פייערטעג פון דער רויטער אַרמיי, נישט איין מאָל דערמאָנט אין דעם, אַז דער רוסישער זעלנער האָט פון צייט צו צייט ליב אַ „וואָיעווע" ** צו טון... זייט נישט קיין עזל, מישט איבער אייערע אייגענע בלעטער, וועט איר דאָס גלייך אָפּזוכן...

— גוט, גוט, איך וועל שוין אַ „זוך טון"... וואָס ביי אונדז הייסט „ליב" און ביי יענע מענטשנפרעסערס „פיינט", איז נאָך ווייט נישט צו פאַרגלייכן... זאָגט מיר, און דאָס וואָס מיר האָבן אַרויסגעשיקט פון די באַפעלקערטע ישובים אַלע שעדלעכע עלעמענטן, פאַרטריבן אַלע אינערלעכע שונאים, אפילו אַלע סאָציאַל־געפערלעכע, פאַרענדיקט די קלאַסן־אומשיכטונג פונעם לאַנד און אויסגעקאָוועט איין פאָלק, איין משפחה, דאָס איז אויך גאָרנישט?

— איר רעדט ווי פון אַ סידור, אויף מיין וואָרט —

— ענטפערט בעסער אויף מיין פראַגע —

— אָט־אָט־אָ! וועגן אָט דער, לויט אייך פאַרענדיקטער קלאַסן־אומשיכטונג, וויל איך טאַקע רעדן אין מיין עיקרדיקן „ספּיטש" —

— איר רעדט און רעדט און האַלט נאָך אַלץ פאַר דער „טראַן־רעדע"?

פון דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטשעס פאַרזאָרגט פּנים און פונעם טאָן מיט וועלכן ער האָט אַרויסגעבראַכט „טראַן־רעדע", האָט ביים טיש אויסגעבראָכן אַ געלעכטער. שלמה, אַן אויפגערוימטער, האָט אים אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן אַקסל:

— וואָס דען האָט איר געמיינט, אַז איר זענט שוין מיט מיר פאַר־

---

* אַ תירוץ, אַ סיבה, אַן אויסרעד.

** „דאָס הייליקע רוסישע חיל".

*** אַ קעמפן צו טון.

טיק? איך, אַז איך כאַפּ זיך אַרויף אויף מיין פערדל, איז מיך שווער פון דעם אַראָפּצוטרייבן, ווייל איך וויל שוין אויף דעם אַראָפּפאָרן די גאַנצע שטרעקע, ווי אין דער גמרא שטייט: וצרת עליה עד רדתה...

— איז ווען זשע קלערט איר שוין צו געבן די גענעראַלע שלאַכט? נאָך היינט?

— נישט היינט, נאָר שוין! תיכף ומיד!

שלמה פאַרקלערט זיך אויף אַ ווײַלע, זאַמלט צונויף די ברעקלעך פון די געדאַנקען, וועלכע האָבן אים פון אָנהייב אָן באַוועגט, אַז ער זאָל זיך אַריינמישן אין שמועס. מיט אַ מאָל גיט ער אַ ביטערן שמייכל צו זיך אַליין:

— מוט וואָס איר ווילט, נאָר איך גיי ווידער עובר זיין אויף השגת־גבול... וואָס קען איך העלפן, אַז ווען עס קומט צו די ענינים, איז כזרם שוטף... אַ ניאַגאַראַ און שוין!

און מיט אַ פריינדלעך שמייכעלע צום רעדאַקטאָר:

— זאָגט מיר, מייסטער, וואָס איז די מעשה, וואָס אויף אייערע חסידים איז אַזוי שולט דער שינוי־וסת* אין די פּאַרטיי־קולוארן? עס דערמאָנט זיך מיר אַ מעשהלע, וואָס איך האָב נאָך געהערט אַלס קינד, אָבער ס'איז זייער און זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער דאָזיקער פראַגע. „אַ מאָל, אַ מאָל — ווי עס הייבן זיך אָן אַלע קינדער־מעשהלעך — איז געווען אַן אָרעמער מוכר ספרים. ער פלעגט זיך מיט זיין פּעקל ספרים צו פוס אַרומשלעפּן איבער די דערפער, איבער די קרעטשמעס און קוים פאַרדינען אויף אַ טרוקן שטיקל ברויט. איין מאָל בעט ער זיך ביי אַ דאָר־פישן שענקער, ער זאָל עפּעס קויפן פון זיינע ספרים: אַ שבט מוסר, אַ קב הישר אַ חומש מיט עברי־טייטש, אָבער דער שענקער האַלט זיך ביי זיינעם: ער דאַרף גאָרנישט! ער לערנט נישט, ער קוקט נישט, ער איז נישט שייך צו דעם פאַך. בעט אים דער מוכר ספרים: אַן עק, נעמט כאָטש אַ הגדהלע! קען שוין דער שענקער נישט פאַרליידן דעם רחמנות און ער קויפט ביי אים אַ הגדהלע. אויף איבער אַ יאָר אין דער צייט, דער זעלבער משא ומתן, דער מוכר־ספרים רעכנט אויס דעם שענקער זיין קרעמל און דער שענקער שרייט: איך דאַרף גאָרנישט! בעט אים ווידער דער מוכר־ספרים: אַן עק, נעמט כאָטש אַ הגדהלע! זאָגט אים דער שענ־קער: גלייבט מיר, אַז דאָס הגדהלע, וואָס איך האָב ביי אייך פאַר אַ יאָרן געקויפט, ליגט נאָך נישט צעשניטן. דערויף ענטפערט אים דער אָרעמאַן: דאָס פאַראַיאָריקע טויג שוין היינט נישט. פאַר וואָס, פרעגט איר? ווייל דער וואָס איז פאַר אַ יאָרן געווען אַ רשע, קען מען אים שוין היינט פאַר־רעכענען פאַר אַ צדיק"... קענן וואָס האָב איך אייך דאָס דערציילט? קעגן דעם, וואָס ביי אונדז איז פּונקט דער היפּך ווי מיט דעם רשע פון דער הגדה. די וואָס זענען ערשט פאַר אַ יאָרן געווען פאַרגעטערטע פירער, פאַר־דינסטפולע פּאַטערס פון פאָלק, זענען היינט כופרים, מומרים להכעים, דיי־

* דאָ געמיינט: ווען עס בייטן זיך די ווינטן.

ווערסאַנטן, באַנדיטן, היצליעס... איך מוז אייך, דאַכט זיך, נישט פורש בשמו זיין ווען איך מיין, אַלע פאַרשטייען דאָס גאַנץ גוט און איר — אודאי און אודאי... און נישט דווקא פאַר אַ יאָרן — צוריק מיט אַ חודש, מיט אַ וואָך, ערשט נעכטן... און נישט וואָס ער ווערט ביי אייך אַ „לא יבוא בקהלניק", נישט וואָס מען זאָגט אים אָפּ פון אַלע חברות און מען וואַרפט אים אַריין אין חרם אַריין, ניין! מען קערט אים איבער מיטן ביילעק אַרויף און — הלך משה מרדכי — שלום לעפרו...

שלמה האָט געמאַכט אַ פּויזע. אַלע ביים טיש זענען געזעסן ווי פאַר־היפּנאָטיזירט. קיינער האָט נישט גערירט מיט קיין אבר.

— ...און ווער זענען זיי, אָט די יוצאים לתרבות־רעה? נישט עפּעס קיין ארחי־פרחי, נישט קיין דגי־הרקק, נאָר — תנינים! לויתנם! וויל איך איר זאָלט מיך מאַכן קלוג: פון וואַנען נעמען זיך צו אייך אַזוי פיל בנים סוררים ומורים? פון וואַנען נעמען זיך אַזוי פיל וורעדיטעליעס? * פאַר וואָס איז עפּעס לעצטנס געוואָרן אַזאַ משוגענע גערעטעניש אויף פאָלקס־שונאים? ** — Хіба воли ревуть коли яслі повні?

זיי ווייסן דאָך גוט, אַז ווען מען פאַלט אַריין אין אומחן איז שוין נישט גוט, אַז אין רחמים בדין, ווער זשע גייט עס ברצון־הטוב אויף דער תליה? און מערקווירדיק איז, וואָס די מגפה טרעפט נאָר צו די גרויסע — הלא דבר הוא! ס'הייסט אייגנטלעך טרעפט מן הסתם די מגפה צו די אונטער־שמשימלעך אויך, בהדי הוצא לקיא כרבא, *** ווי געשיקט זיך, אַז ניין? ****Когда лес рубят, щепки летят! נישט מער, מיר, די' עפּנטלעכ־קייט אומשטיינס געזאָגט, ווערן נאָר געוויר ווען עס פאַלן די ליבן, אי דאָס — ווען די ווערעם האָבן שוין געמאַכט אַ ברכה־אחרונה נאָך זייערע גופים... נאָר ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן? שלאָגן זיי זיך קאָפּ אין דער וואַנט, וואָס גייט עס מיך אָן? נישט דאָס בין איך אויסן —

דאַוויד סאַלאָמאָנאָוויטש איז אַזש בלייך פאַר כעס:

— ער האָט אויסגערעדט אויף דער מאַכט כל מום רע און ערשט נישט דאָס איז ער אויסן...

— ע, חבר רעדאַקטאָר, מיר געפעלט נישט אייער טאָן... מיר האָבן דאָך אָפּגערעדט צו פירן אונדזער דיסקוסיע אָן ליידנשאַפטן. און באמת טאַקע, וואָס פאַר אַ משל איז אַהער צו — כעס? ברוך השם כלנו חכמים, כלנו נבונים, אַלע די, וואָס געפינען זיך דאָ אַרום טיש פאַרשטייען גאַנץ גוט, ווי נישטיק און נישט־אָנזעעוודיק די ווידערשפּרוכן צווישן אונדז זענען. נישט איך בין עס דער פאַרביסענער שונא פון דער ראַטנמאַכט. איך

---

* שעדיקערס.

** די אָקסן רעווען דען, ווען די קאָרעטעס (זשלויבן) זענען פול? אַ אוקראַאינישע פאָלקסווערטל.

*** צוזאַמען מיט די דערנער, מוז אונטערגעשניטן ווערן אויך די קרויט. פון דער גמרא.

**** ווען מען האַקט די ביימער, פליען שפּענער.

שרייַ גוואַלד, ווייל מען האָט ביי מיר צוגערויבט דאָס טייערסטע און דאָס הייליקסטע... אילו לעבדים ולשפחות נמכרנו החרשתי, ווען מיר וואָלטן נאָר אין עקאָנאָמישן זינען געקריוודעט געוואָרן, וואָלטן מיר שוין אָנגע־בויגן די קעפּ און געשוויגן, מען האָט אונדז אָבער פּאַראורטיילט צו כרת פון ביידע וועלטן, מען האָט גענומען איינס פון די גייסטיק־פּרוכטבאַרסטע פּעלקער אין דער וועלט — אויב נישט דאָס סאַמע פּרוכטבאַרע — און נישט וואָס עס האָט פון זיך אַרויסגעגעבן סתם פּירות, אילני־סרק, נאָר די בעסטע פּירות אין דער וועלט, די גרעסטע מוחות אין דער וועלט־געשיכטע, די מוטיקסטע אויפטוער אין דער וויסנשאַפט — בלי גוזמא: אבות־העולם, און מען האָט עס קאַסטרירט... דעריבער טוט אונדז אַזוי וויי, דעריבער שרייען מיר אַזוי גוואַלד, אָבער נישט פון איינגעבוירענער שנאה צו דער ראַטנ־מאַכט. ווען זי פירט דורך איין צענדליק ראַדיקאַלע ענדערונגען אין אירע תהלוכות, וואָלט איך זייער שיין געווען אַ מחותן מיט איר... און אפשר נאָך אַ גרעסערער מחותן ווי איר... דאָס איז מצד האחד. מצד השני, איז נישט איר זענט דאָס דער גרויסער אידעאַליסט... דאָס לייענט מען גלייך איבער ביי אייך אויף דער נאָז. וואָס דען, מען האָט אייך באַזעצט אויף אַ ווייך בענקל — זענט איר אַ זייעריקער! דרוש וקבל שכר... לא פחות ולא יותר... ווען מען בעט אייך מאָרגן — איך ווינטש דאָס אייך נישט, זאָל אייך גאָט אָפּהיטן — איר זאָלט באַפרייען דאָס שטולעכל פאַר אַ צווייטן, לרעך הטוב ממך, וואָלט איר געוואָרן אַ שונא אַ פּיל גרעסערער ווי איך... איז אויב ס'איז נאָר אַ אהבה התלויה בדבר, הייגט, וואָס זשע זענט איר דאָ אַזוי ברוגז? חרי־אף הזה — מה טיבו?

— כ'בין נישט ברוגז... כ'בין נישט אין כעס... וואָס ווילט איר, מיר צונייען אַ „דיעלע"?

— אויב אַזוי, זאָגט זשע מיר טאַקע, אַ שטייגער ווער זענען ביי פּאַני־גנב געווען די אומצופרידענע? ווער זענען עס געווען די בונטאַרן, די רעוואָלוציאָנערן בימי הצאר? ווער איז געווען לענין, נישט אַן אָרעמען טשינאָווניקס אַ זונדל? ווער איז געווען סטאַלין? נישט אַ פּאַסטעך פון זיין אָרעמער מוטערס בידנע עטלעכע באַראַשקעס?* ווער איז געווען קאַלינין, נישט אַ שטאָלקאָכער אין פּעטערבורג? ווער איז געווען וואָראָ־שילאָוו, נישט קיין שלאָסער אין לוגאַנסקער מעטאַלורגישן זאַוואָד? און ווער זענען געווען אוריצקי און סווערדלאָוו, נישט קיין פשוטע באַטראַ־קעס? און ווער זענען געווען פרונזע און דזשערזשינסקי, נישט קיין פּראָס־טע סאָלדאַטיקעס, יעפרייטערס? אַלע דאַמאָלסטדיקע נרגנים,** וואָס האָבן שפּעטער פאַרנומען די הויפּטשטעט אין די „ציקן",*** זענען געווען מדלת העם, פונעם „חרש והמסגר,**** דאַקעגן, ביי אונדזער ליבהאַרציקער

* קליינע שעפּסעלעך מיט שוואַרצע, געקרייזלטע הערעלעך.
** קריגס־העצער, די וואָס רופן צו אַן אויפשטאַנד.
*** ראשי־תיבות פון „צענטראַלע אויספיר־קאָמיטעטן".
**** אָרעמקייט, בעלי־מלאכות.

מלוכה זעען מיר דעם היפך. כמעט, אַז נאָר בארזים נפלה אש! וואָס איז די מעשה? פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ מגפה אויף די בעסטע זין פון דער רעוואָלוציע? אַזאַ אויסכאַפּעניש, רחמנא ליצלן? וואָס שטעקט דאָ? ווו ליגט דאָ דער הונט באַגראָבן, האַ? ס'איז דאָך באמת אויסטערליש: אַ מאָל, קענען אַזאַ בלוטיקן טיראַן, ווי ניקאָלקע, ימח שמו, איז געווען, זענען די אויפשטענדלער געווען: פויערן, לערן יינגלעך ביי בעלי־מלאכות, טוץ־אָנגעשטעלטע, און היינט — קעגן דער ליכטיקער, גליקלעך־מאַכנדיקער ראַטנמאַכט, בלויז: נאַרקאָמען, פּאַרטייאישע גענעראַל־סעקרעטאַרן, אַר־מיי־קאָמאַנדירן, וואָס האָט געטראָפן? אַ סיסטעם פון „בקרובי אקדש"? וואָס קומט אַרויס דערפון, וואָס די רעוואָלוציע האָט געבוירן גרויסע גייסטער, אַז דערנאָך שטייען אויף זייערע נאָענטסטע חברים און מאַכן זיי אַליין נידעריקער מיט אַ קאָפּ? ס'איז דאָך שוין באַלד ווי אין פסוק שטייט ביי טאַראַס בולבאַ: *Я тебе народив, я тебе і в'бю!

און באַמערקט נאָך אַ זאַך: גאַגאָלס אַטאַמאַניש זונדל האָט זיך געפּרוווט פאַרענטפערן, ער האָט געפּרוווט אָפּוועגדן פון זיך זיין קאָזאַקישן פּאַטערס הייליקן צאָרן, און ביי אונדז, וואָס זעען מיר? קיינער פון די, וואָס זענען געפאַלן פון די טשיסטקעס, איז נישט געפאַלן אומשולדיק! אַלע האָבן זיך מודה געווען! אַלע האָבן זיך געשלאָגן אין הארצן: „חטאתי"! ווי אין פסוק שטייט: וכלם פותחים את פיהם... פרעגט זיך, מיט וואָס דערקלערט זיך אַזאַ משונהדיקער שנוי מעשה־בראשית? נאָר ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן? כאַפּט זיי דער וואַטנמאַכער, נישט דאָס בין איך אויסן —

— אַלץ נישט דאָס זענט איר אויסן?

שלמה, מיט אַ געלעכטער:

— נישט אויסן! נישט אויסן! נישט אויסן! נאָר איר ווייסט נישט, אַז דאָס הארץ איז פול, זאָגט די וועלט, גייט דאָס מויל איבער... אָבער אַן עק, לאָמיך זיך שוין טאַקע נעמען צו מיין שער און אייזן...

אין זאַל האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. שלמה האָט זיך אַ רייב געטון דעם שטערן, און מיט אַ בלאָסן שמייכל זיך אָנגערופן:

— יאָ, דאָס אַלץ איז זייער ווייטיקלעך, אייגענע צרות, פרעמדע צרות, אָבער דאָך זענט איר גערעכט, כמעט וועגן דעם אַלעמען איז שוין דאָ היינט גערעדט געוואָרן, און אויסשעפּן די אַלע טעמעס איז במילא אומ־מעגלעך, אַזוי אַז איך האָב זיך טאַקע געדאַרפט האַלטן ביי מיין אָנגע־מערקטן ענין. נעמען מיר, הייסט עס, די גרויסע פּיל־פאַרביקע מאַסע פונעם ריזיקן ראַטנפאַרבאַנד. לאָמיר זען, ווי אַזוי לעבט זי? איך וויל איצט נישט באַרירן דעם הונגער פון פאַר אַ יאָרן און די געהיימע קאָרידאָרן, וואָס האָבן געפירט צו אים, ניין, גראָד איצט וויל איך רעדן וועגן דעם געווייג־לעכן לעבן פונעם דורכשניטלעכן בירגער, זעלבסטפאַרשטענדלעך, נישט פונעם שלימזל אָדער פוילן און אויך נישט פונעם מוצלח אָדער אויסערגע־

* „איך האָב דיך געבראַכט אויף דער וועלט, און איך וועל דיך הרגענען". פון נאָגאָלס באַרימט ווערק: „טאַראַס בולבאַ".

וויינלעכן בריה, איך וויל רעדן פונעם פאָלק און דאָס פאָלק דאָס איז דאָך די גרויסע מערהייט. אַלזאָ, ווי אַזוי לעבט זי, אָט די איבערוועגנדיקע מער־הייט? — שלעכט! אומזיכער! ווי אַזוי לעבט דער שלאָסער? דער דאָק־טער? דער קאַסירער? דער אַפּטייקער? דער אָנגעשטעלטער אין קאָנטאָר? דער קאָנדוקטאָר? דער פּאַרקויפער? דער זאַוואָדישער, אָדער פאַבריק־אַר־בעטער? מיט איין וואָרט — די מאַסע? די ברייטע, פיל מיליאָניקע אַר־בעטנדיקע מאַסע? — שלעכט! הפקר! אומבאַרעכנט! ווייסט איר פאַר וואָס הפקר? ווייל כדי ווי עס איז זיך דערהאַלטן דאָס חיות, מוזן זיי גנבענען און זיך איינשטעלן דאָס לעבן. פאַר וואָס מוזן זיי גנבענען? ווייל די מלוכה הייבט אפילו נישט אָן זיי צו באַרעכענען. זי גיט צו מאָל נישט קיין טראַכט, ווי אַזוי קען דער אַרבעטער זיך דורכלעבן פאַר דעם געהאַלט, וואָס ער באַקומט. עס פאַרשטייט זיך, אַז מיר רעדן דאָ נישט פון אַזעלכע קאַרפּן ווי איר, דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, אייך און נאָך אַזעלכע ווי איר באַוואָרנט מען גוט, נאָך צו גוט! און אויך נישט פון אַזעלכע פעטע פּלע־צער ווי דאָס פּלאַץ, וואָס וולאַדימיר פאַרנעמט, און אויך נישט פון אַזעל־כע ווי איך, וואָס וואַרטן נישט מען זאָל זיי געבן, נאָר זיי נעמען זיך אַליין. ניין, מיר רעדן דאָ פון דער גרויסער מאַסע אַרבעטער. וויפל באַקומט אַ מיטלמעסיקער אַרבעטער און וויפל מוז ער האָבן אויף זיך דורכצולעבן? אַ מענטש מוז אָפּעסן דריי מאָל אין טאָג, צי ניין? אַן אַנצוג מוז ער אויך האָבן? שיך אויך? און פאַרריכטן שיך מוז מען אויך! און וואַשן וועש אויך! און די דירה קאָסט, און הייצונג קאָסט און אין קינאָ מוז אויך אַ מאָל אַ מענטש גיין. און ווער עס האָט נאָך קינדערלעך, דאַרף זיי אויך ווי עס איז אויסהאַלטן, צי ניין? און ווער האָט עס נישט קיין „איזשדי־וויענצעס”? באַרעכנט דאָס אַלץ, וועט איר האָבן אַ קלאָר בילד, אויף וויפל עס קלעקט דעם אַרבעטער זיין כשרער געהאַלט און וויפל ער מוז דערגנבע־נען... ווי מאָגער מיר זאָלן נישט קאַלקולירן דעם דורכשניטלעכן אַרבעטערס לעבנס־באַדערפעניש, קען ער זיך מער ווי איין וואָך נישט דורכמוטשען פאַר זיין לעגאַלן אַרבעטסלוין און אויף די איבעריקע דריי וואָכן פונעם חודש מוז ער שוין זוכן זייטיקע הכנסות און פאַר אָט די זייטיקע הכנסות — אויב ער פּאַקט זיך — איז ער באַוואָרנט מיט לאַנגע יאָרן טורמע אָדער קאָנצלאַגער. און ווער איז שולדיק אין אָט דעם פאַרקריפּלטן לעבנס־אופן? קענען מיר דען באַשולדיקן דעם אַרבעטער? ער מוז דאָך לעבן! ער קען דאָך נישט שיקן זיין קינד אין שול אַריין אָן פרישטיק, ער קען דאָך נישט איבערלאָזן זיין אַלטע מוטער אויף אַ גאַנצן טאָג אָן אַ גלעזל מילך. וואָס זשע באַקומט זיך? אַז די גנבה איז אין לאַנד געוואָרן אַ סיסטעם, אַ הכרחיות. און די מלוכה קען נישט דערפון נישט וויסן! אָבער זי פאַר־טראַכט זיך כלל נישט, ווי אַזוי צו ענדערן די אַלגעמיינע סיטואַציע. וואָס דען? — גאָרנישט! הפקר! ווער עס באַהאַלט גוט די גנבה — זאָל אים ווויל באַקומען! און ווער עס פּאַקט זיך — מאַרש אויף צען יאָר אויף צפון! האָסטו נישט געזאָלט זיין קיין שלימזלניק! קוים האָסטו געקענט

גנבענען, האָסטו אויך געדאַרפט געווען קענען פאַרווישן די שפּורן!... פרעג איך אייך, איז דאָס יאָ אַ נאָרמאַלער רעזשים? קען מען יאָ אונטער אַזאַ רעזשים האָבן אַ גאַנץ האַרץ? נאָך שענער: אַז מען דאַרף גאָרנישט אַריינפאַלן, מען מוז זיך גאָרנישט האָבן געפּאַקט. עס איז גענוג, ווען מען שטעלט אָפּ וועלכן ס'איז מענטשן אין גאַס און מען פרעגט אים: „וויפל פאַרדינסטו"? „ווייז אַ חשבון ווי אַזוי שטיקעווועסטו אויס די הוצאה פון דיין געהאַלט"! שוין, פאַרטיק! אַ גרייטער קאַנדידאַט אויף אָפּגעשיקט צו ווערן מיטן עטאַפּ צו די ווייסע בערן! און דאָס קען פּאַרקומען מיט יעדן איינעם פון די סאָוויעטישע בירגער אַלע פיר און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת. וואָס זשע פאַר אַ ווערט האָט שוין אַזאַ לעבן? ווו האָט שוין דאָ אַן אָרט: גליק פון זיך ליבנדיקע יונגעלייט; גליק פון געטרייע מורמערם; פון אַלטע זיידע־באָבע; פון שעפערישע כוחות; פון אַלץ וואָס גאָט האָט געשאָנקען דערפרייענדיקס דעם מענטשלעכן מין? וואָס פאַר אַ ווערט האָט אַזאַ לעבן, וואָס אויפשטייענדיק אין דער פרי איז ער נישט זיכער, אַז ער וועט זיך אין אָוונט אומקערן אַהיים צו ווייב און קינדער, און אויף דער נאַכט, לייגנדיק זיך — אַז ער וועט איבערשלאָפן די גאַנצע נאַכט אויף זיין אייגן געלעגער... צי איר וועט אפשר זאָגן, אַז ס'איז נישט אַזוי? אַז ס'איז איבערגעטריבן? די בתמידיותדיקע אומזיכערקייט אין דער קומענדיקער שעה מאַכט דעם סאָוויעטישן בירגער פאַר אַן אומנאָרמאַלן מענטשן: ער איז שטענדיק נערוועז, צערייצט, דערשראָקן, כסדר גרייט זיך צו פאַרענטפערן אָדער זיך וואַרפן מיט די פויסטן אויף דעם אָנגרייפער, יעדער לויט זיין כאַראַקטער, אלא נישט, איז ער גאָר אַטראָפירט, אָפּגעלאָזט הענט און פיס, ווי איינער רעדט: „וואָס ס'וועט זיין, וועט זיין, אַלץ איינס, דאָס וואָס ס'איז באַשערט, קען מען נישט אויסמיידן". אין אָנבליק פון אָט דער אומפאַרמיידלעכער געפאַר, האָט שוין דאָס פאָלק געשאַפן אַזעלכע אולטראַ־גלייכווערטלעך, פון וועלכע מען שמייכלט און גלייכצייטיק גרווילט דאָס לייב פאַר פחד, ווי למשל: „ווער עס איז אין טורמע נישט געזעסן, דער איז נישט קיין אמתער סאָוויעטישער בירגער", אָדער: „ווער עס איז נאָך נישט „געזעסן", דער וועט זיצן. און ווער עס איז שוין געזעסן, דער וועט עס ביז אייביק נישט פאַרגעסן". אָדער: „אַבי געזונט, קיין יאָרן וועט מען דיר נישט זשאַלעווען". דאָס שוידערלעכע „זיצעניש" האָט זיך שוין אַזוי טיף איינגעבירגערט אין אונדזער וואָכעדיקן לעבן, אַז דער פאָלקס־הומאָר האָט עס שוין אַריינגענומען אין זיין „תחום", ווי למשל: עסן, קליידן זיך, אָדער מאַכן אַן אויספלוג אין אַן אָפּרו־טאָג. ווען אַ בחורל דערקלערט זיך פאַר אַ מיידל אין ליבע און אויסרעכענענדיק איר, וואָס ער האָט געטון אַלע זיינע יאָרן, דערמאָנט ער, אַז אַ פּאָר יאָר איז ער „געזעסן", פאַלט איר אפילו נישט איין צו פרעגן אַזאַ שטות: — „פאַר וואָס ביסטו געזעסן"? ווער שטעלט עס אַזעלכע ווילדע קשיות? געזעסן, איז געזעסן! אדרבה, עס טוט איר נאָך הנאה, וואָס איר באַשערטער איז שוין אַן „אָפּגעזעסענער", ווי מען פלעגט

א מאָל זוכן א חתן אָן „אָפּגעשטאַנענעם" צום פּריזיוו. ווען עמעצער וויל אָנקומען אויף א שטעלע, איז די ערשטע פראַגע פונעם דירעקטאָר, צי האָט ער א סטאַזש און ווי גרויס איז ער. און דער געפּרעגטער פאַרשטייט שוין גאַנץ גוט, אַז דאָ מיינט מען נישט דעם סטאַזש פון זיין אַרבעט, נאָר דעם סטאַזש פון זיין „זיצן". אויב ער האָט א באַגאַזש פון פינף „יאָר", נישט מער, ווערט ער פאַררעכנט פאַר א לייטישן מענטשן און ווערט אָנגענומען אויף דעם וואַקאַנטנעם פּאָסטן. אָט אַזוי האָט די ראַטנמאַכט פאַר אירע זעכצן־זיבעצן יאָר עקזיסטענץ, דערצויגן דאָס פאָלק אין דער זיכער־קייט, אַז יעדער איינער וועט פריער אָדער שפּעטער מוזן זיך פאַרשולדיקן און אָפּפוילן הינטער די גראַטעס זיין „חלק" יאָרן. איצט פרעג איך אייך: קען נאָך זיין א מער שענדלעכער אַקט קעגן דער מענטשהייט ווי אָט דער? און דאָ מיינע פריינד, קען מען נישט פאַרבייגיין שווייגנדיק נאָך א פאַקט. די קאָמוניסטישע אידעע, וואָס פּראָפּאַגירט און שטעלט זיך פאַר איר ציל, סוף כל סוף צו דערגרייכן א אָן־קלאַסיקע געזעלשאַפט, האָט ביז עפּעס וואָס, אין דעם איינציקן לאַנד, וווּ זי איז געקומען צו דער מאַכט, געשאַפן ביי זיך אין לאַנד צוויי פיינטלעכע לאַגערן, צוויי קעגנגעזעצטע קלאַסן. אויף איין זייט געפינען זיך: פּאַוואָריזירטע; מיוחסים; ליבלינגען. און אויף דער צווייטער זייט — א קאָלירלאָזע מאַסע פון מענטשן־מעכאַניזמען, אַן אומענדלעכע מענגע „ראָבאָטן" אָן אייגענעם ווילן און אָן רעכט צו האָבן א ווילן. צו דער ערשטער קאַטעגאָריע געהערן קודם־כל: פּאַרטייאַי־שע אָנפירער — די סטויפּעס פון דער ממשלה; דאַן קומט דער גרויזאַמער לעגיאָן פון דער געפּעאו, פאַר וועלכן עס ציטערט אפילו א קינד אין וויג; און דאַן דער גאַנצער „סנפּיר וקשקשת" פונעם עקזיסטירנדיקן רעזשים: פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטער; דירעקטאָרן; גרויסע אינזשיניערן; שרייבערס — איידער עס פאַלט אויף זיי א פאַרדאַכט אין פריידענקערשאַפט, — מאָלערס, מוזיקער, אַרטיסטן — אַלץ אַזעלכע „אַרטיקלען", מיט וועלכע מען קען זיך באַרימען אין אויסלאַנד, וועלכע מען קען אַרויסשטעלן אין „וויטרינע" און פּויקן אין אַלע טאַצן: — „נאַט, זעט, וואָס פאַר א פּירות עס וואַקסן ביי אונדז אין גאָרטן"! דעסט גלייכן, רעדאַקטאָרן, וואָס האָ־דעוועז די מאַסע מיטן „אמתדיקן" וואָרט, זענען אויך שטאַרק בחשיבות, דאָס זענען די געקרוינטע מאַרשאַלן פונעם קאַלטן געווער, זיי פאַרזאָרגט מען מיט אַל דאָס גוטס. ווייטער גייען: פּראָקוראָרן, הויפּט־ריכטער — די געטרייע קאַנטשיקעס פון דער מלוכה — זיי היט מען אויך אָפּ ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג. ווייטער גייען: אַקאַדעמיקער, פּראָפעסאָרן, וויסנ־שאַפטלעכע אַרבעטער — די וואָס מוזן א מאָל זיך ווייזן פאַר דער אויס־לענדישער וועלט, וועלכע מען קען שוין נישט האַלטן שטענדיק „אונטער דער מאַמעס פאַרטעך" — די דאָזיקע פעלט אויך גאָרנישט. דאַן קען מען אפילו צורעכענען די גרויסע משפּחה צווייטראַנגיקע טינטלערס, די אויסגע־סווישטשעטע זשורנאַליסטלעך מיט זייערע יוצר משרתים ואשר משרתיו, וואָס זייער גאַנצער פּאַטריאָטיזם באַטרעפט נישט מער ווי כבוד־גייציקייט,

ווי גיריקער קאַריעריזם. אַלץ וואָס זיי טוען, אָדער מאָנען, אַז עמעצער זאָל טוּן, איז נאָר כדי צו באַקומען דאָס געגלוסטע „בענקל״; צו פאַרגרע־סערן דאָס בענקל; איינצוהאַלטן דאָס בענקל; פאַרפעסטיקן דאָס בענקל ולא יותר! מיטן בענקל הייבט זיך אָן און מיטן בענקל ענדיקט זיך. די אַלע פּייערדיקע רייד, די אַלע געשרייען, די אַלע טיש־קלאַפּעניש — בלויז זייף־בולבעס, בלויז לופט! ווי האָט וואָראָשילאָוו נישט לאַנג געזאָגט פון דער טריבונע: Ныньче, кто в воздухе силен, тот вообще силен.* דאָס מיינט דער פּסוק דאָס לופטיקע צונגען־קלאַפּעריי פון אָט די בעלי־דרשנים; דאָס לאָזן דעם פאָלק רויך אין די אויגן פון אונדזערע כלומרש־טע אַקטיוויסטן... און ווידער צוריק, וואָס קען מען פון אָט דעם „קלאַ־פּערגעצייג״ דערוואַרטן בעסערס? „מה פום סכור ממלל״? ** ס'איז דאָך אָן עולם־השקר! אַ שיטה פון כפיית הר כגיגית עולמית! מען קען דען ביי אַזעלכן פאָדערן, אַז עס זאָל זיין פיו ולבו שוים? כאָטש דעם אמת גערעדט, זענען זיי שוין אַזוי אויסגעדרעסירט, אַז ס'איז דווקא יאָ פיהם ולבותיהם שוים! ווי זאָגט דער נביא: רוח יזרעו וסופתה יקצורו... *** ס'איז דאָ ווינט, ס'איז דאָרט ווינט, מבית ומחוץ — אָך תוהו ובוהו וחושך... יאָ, אָט די שאַנטראַפּאַ איז אויך „אויפן פערד״. און קעגן אָט דעם לאַגער פון די אויסדערווײלטע, בעסערע מענטשן שטייט אַ גרויסע שטייג מיט פינצטערן, הפקרדיקן מענטשן־מאַטעריאַל, אַ מחנה פון נעלבים ואינם עולבים, פון אַזעלכע, וואָס דער נאַרקאָמפין**** וועט זיך קיין מאָל וועגן זיי נישט פאַרטראַכטן: ווי אַזוי עקזיסטירן אָט די מענטשן? ווו נעמען זיי אויף די סאַמע מינימאַלסטע באַדערפעניש? — ניין, וועגן זיי טראַכט מען נישט און מען טאָר גאָרנישט טראַכטן! אַנדערש, וואָלט מען געדאַרפט בייטן דעם גאַנצן וואַלוטע־סיסטעם פון לאַנד, ריכטיקער געזאָגט: די גאַנצע סטרוקטור פונעם אינערלעכן לעבן אין לאַנד... לוינט שוין בע־סער זיך מאַכן נישט זעענדיק און זאָל גיין ווי עס גייט... פאַרגעסט זשע אָבער נישט, אַז אָט די פאַרחושכטע מאַסע, אָט די דערשלאָגענע מקושי־השעבוד, זיי זענען דאָך דער גרויסער רוב, זיי שטעלן דאָך מיט זיך צו־נויף שיר נישט קיין ניינציק פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג... אַ קליין הייפל פּריווילעגירטע מענטשן האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן אויבן אָן, לעבן אַ גוטן טאָג און לאַכן פון דער וועלט, און דער גרויסער עולם, וואָס געפינט זיך פון יענער זייט באַריער, ליגט אין דער ערד — ווי שלום עליכם זאָגט — און באַקט בייגל... אָט דאָס ווערט אָנגערופן „סוואָבאָ־דאַ״? אָט דאָס הייסט אַ לאַנד פון „געלעכטער און פרייד״, ווי מען זינגט

* היינט, ווער עס איז שטאַרק אין דער לופט (געמיינט: אין אַוויאַציע) דער איז בכלל שטאַרק.

** „וואָס קען אַ פאַרמאַכט מויל רעדן״? פון דער גמרא.

*** זיי זייען ווינט און שניידן שטורעמווינט. פון פּסוק הושע.

**** פאָלקסקאָמיסאַריאַט פאַר פינאַנסיעלע ענינים.

אין די לידלעך? אַט אַזוי דאַרף אויסזען די שטאַרקסטע דעמאָקראַטיע אין דער וועלט, ווי מיר האָבן אַ טבע זיך צו באַרימען פאַר דער גאַנצער וועלט? אַט דאָס איז דער מאַרקסיסטישער הומאַניזם, די מענטשנליבע, וואָס די קאָמוניסטן האָבן מיט קידוש־לבנה אותיות אָנגעשריבן אויף זייערע פּע־נער? אַט דאָס איז די אויסגעקעמפטע גלייכהייט, צוליב וועלכער מיליאָנען מענטשן האָבן אין עקסטאַז געלייגט זייערע קעפּ. אַט אַזאַ סגנון מלוכה־שאַפט דאַרף מען פּראָפּאַגירן בתופים ובמחולות? אַט דאָס איז אַ קאַנווע אויף צו בויען אַ אָן־קלאַסיקע געזעלשאַפט? אָבער זאָרגט זיך נישט, מיין ליבער רעדאַקטאָר. איך זע, אַז איר זענט אַזש בלייך געוואָרן פאַר עגמת־נפש. צי עס דאַכט זיך מיר נאָר? איר קענט שלאָפן רואיק. אייער „כסא מלכותו" שטייט שטאָל און אייזן. אמת, די לאַגע איז טאַקע זייער שלעכט, ביטער ווי דער טויט, אָבער קיינער וועט קיין מויל נישט עפענען און על אחת כמה וכמה — קיין האַנט נישט אויפהייבן. Русский человек и вообще народы русской земли, тяжелые на думу и тяжелые на под'ем....* בעת אין גאַנץ אייראָפּע זענען שוין געווען רעפּובליקעס, קאָנסטיטוציעס, און פּאַרלאַמענטן, איז נאָך דאָס מעכטיקע רוסלאַנד געלעגן אונטערן שטיוול פון דעם טרויעריק־באַרימטן דעספּאָט, ניקאָלאַי דעם צווייטן. מיר'ן שטעלן אויף דער חזקה, אַז אויך איצט וועט קיינער נישט וואַגן אַרויסצוטראָגן זיינע ווונדן אין גאַס אַריין. נאָך לאַנגע יאָרן וועט מען ביי אונדז אַרבעטן פאַר אַ חודש־לוין, וואָס קען קוים קלעקן אויף אַ וואָך, און דאָס איבעריקע וועט מען דערגנבענען, און ווען עס וועט קומען די „גוטע מינוט", וועט מען גיין זיצן, צי בויען קאַנאַלן אויף פינף, צען, אָדער פופצן יאָר, יעדער איינער וויפל אויף זיין פינצטערן גורל עס וועט אויספאַלן, און עס וועט זיין שטיל און רואיק ווי... ווי אויף אַ בית־עלמין אום האַלבער נאַכט. און דאָס פאָלק וועט ווייטער זינגען וועגן דעם: אַז ער קען נישט נאָך אַזאַ לאַנד, וווּ דער מענטש אָטעמט אַזוי פריי; וווּ דער מענטש שפּאַצירט אַרום ווי דער באַלעבאָס פונעם לאַנד; וווּ דער מענטש לאַכט אַזוי פונעם גאַנצן האַרצן; וווּ אַלץ אַרום זינגט, אַלץ ליבט, און אַלץ פרייט זיך. און אפילו די שווער־יאָריקע קאָנצלאַגערניקעס וועלן פון זייערע אונטערערדישע קאַזעמאַטן אויך שיקן טעלעגראַמעס צו סטאַלינען, אַז ער האָט זיי אָנגעוויזן דעם ריכטיקן וועג אין לעבן. און נאָר אַ דאַנק זיין פאָטערלעכער ליבע, וועלן זיי נאָך אפשר אַ מאָל — נאָך דעם קאַפּיטאַלן רעמאָנט, וואָס מען פירט דורך אין זייערע פאַרדאָרבענע כאַ־ראַקטערן — זיין מענטשן מיט לייטן צו גלייך. אַזוי, ברודערקע, גייט עס און אַזוי וועט עס גייען ווייטער... דאָס איז נישט קיין נבואה, דאָס איז אַ פאָרגעפיל... אָבער מיר האָבן דאָך פון אָנהייב געשמועסט מכח ארץ־ישראל. אייך האָט פאַרקאָכט ביים האַרצן, פאַר וואָס עס שטייט אונדז

* דער רוסישער מענטש און בכלל די פעלקער פונעם רוסישן לאַנד, זענען נישט שטאַרק געאיילט אויף עפּעס צוצוקלערן און זענען שווערלעך אויף עפּעס אונטערנעמען.

נישט אָן מען זאָל דאָרטן איינפירן אַ קאָמוניסטישן רעזשים אין דער רוסי־שער אויפלאַגע. אָבער איצט פאַרשטייט איר שוין, ווי אַזוי מען דאַרף רעקאָמענדירן פאַר ארץ־ישראל אַ קאָמוניסטישן רעזשים מיט דעם רוסישן נוסח־התפילה?

— מ—יאָ... ייִנגעלעך מיט שאַרפע צינגעלעך, מען קען נישט זאָגן... מיט אייך גיין צום טיש דאַרף מען זיך פריער גוט, גוט אונטערגאַרטלען... דאַכט זיך אַזוי אַ קוק טון, גלייך מיט יעדן, און צום סוף... גיי, ריכט זיך... אָבער דאָך —

אָבער דאָ האָט סאָפיאַ גריגאָריעוונאַ מיט איר קינדערשער דלאָניע פאַרשטעלט דעם רעדאַקטאָר דאָס מויל:

— ניין, איך בין בשום אופן נישט מסכים, אַז איר זאָלט פאַרוואַנד־לען אונדזער שמחה, אויף וועלכער מיר האָבן אַרויסגעקוקט מיט אַזאַ אומ־געדולד, אין אַ דיסקוסיע־אָוונט.

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש האָט זי צערטלעך אָנגענומען פאַר ביידע הענט און האָט זי לייכט אָפּגערוקט אין אַ זייט:

— סאָפּאָטשקאַ, לאָז —

— ניין, כ׳וועל נישט לאָזן!

— נאָר איין וואָרט! פאַרשטייסט? עיקר שכחתי —

— איך וויל אפילו נישט וויסן, עיקר, צי טפל — אָן עק זאָל נעמען צו דער פּאָליטיק דאָ ביים טיש.

— אָבער איין און איינציק וואָרט. וואָס טוט זיך עס מיט דיר? ביז אַהער איז געווען גוט און נאָך אַ פּאָר ווערטער איז שוין שלעכט?

— קיין איין וואָרט אויך נישט! ס׳איז שוין אַזוי אויך איבער געגוג. יוצא לכל הדעות! זאָגט מיר, יושר דאַרף מען האָבן? איר וואָלט גע־וואָלט לײדן, מען זאָל קומען צו אייך אויף אַ שמחה און אָנשטאָט צו משמח זיין דעם עולם, זאָל מען גאָר אַרויפנעמען אויפן טיש און אויפ־מישן די „פּאָליט־עקאָנאָמיע”, צי דאָרטן די „עקאָנאָם־פּאָליטיק” און זיך אַוועקזעצן מתפלפל זיין ביז אין ווייסן טאָג אַריין? און בכלל, וואָס איז דאָס דינגען זיך מיט שלמהן? אַלע ווייסן מיר גאַנץ גוט, אַז יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט דאָ ערשט געזאָגט, איז דער ריינער אמת. און ווי באַלד אַזוי צו וואָס זשע איז דאָס איבערקייען נאָך אַ מאָל דאָס זעלבע און ווידער אַ מאָל דאָס אייגענע? ליבערשט קייעט שוין עפּעס איבער פון די טעלער מיט די שאָלן וואָס שטייען ווי פאַרשעמט... נעמט, זייט זיך מכבד, עס שטייט דאָך בפירוש מען זאָל עסן —

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש, מיט אַ פאַרוואונדערט שמייכעלע:

— כ׳וואָלט געוואָלט וויסן, וווּ שטייט עס, אַז מען מוז עסן?

— וואָס הייסט, וווּ? אויפן טיש! פאַר אייערע אויגן!

און זאָל ווערט אַ געלעכטער. יעדער איינער פון די געסט פאַרזוכט, וואָס עס איז פון די כיבודים, איז טועם פון די פאַרשידענע משקאות. ווינטשט נאָך אַ מאָל אָן די עלטערן, צו זען נחת אין די קינדער.

# קאפיטל LVII

סעסיל פעטראָוונאַ בייגט זיך אָן צו שלמהן און קוקנדיק אים גלייך אין די אויגן מיט אַ צערטלעכן בליק, פליסטערט זי שטיל אַרוים:

— איר האָט דאָ געשמועסט פון גרויסער פּאָליטיק און איך מיט מיין סאַמואילן האָבן דערווייל געפּרוווט צונויפשטעלן אַ פּלאַן ווי אַזוי שוין, פון מאָרגנדיקן טאָג אָן מאַכן אונדזער שטוב שלמהדיק... אַנטשולדיקט, כ'מיין: יידישלעך...

סעסיל פעטראָוונאַ האָט זיך אַ בלייבע אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן. זי האָט זיך געוואָלט איבערצייגן, אַז קיין פרעמדער אויער האָט נישט געהערט איר נאַרישן טעות. און כך הווה: קיינער האָט זיך גראָד נישט איינגעהערט אין אירע לעצטע ווערטער, נאָר איין פּאָלי טולטשינסקי, וואָס האָט זיך גראָד פאַרקוקט אין זייער ווינקל, האָט קענטיק, יאָ אויפגעכאַפּט איר „שלמהדיק" און האָט, דאַכט זיך, בכלל געהערט יעדעס וואָרט פון זייער שמועס. און אפשר האָט זיך איר נאָר אויסגעדאַכט? יענעם „קעלבל" ליגט דער קאָפּ ביי פרעמדע שמועסן? אַ ביסל אַ בארואיקטע, האָט סעסיל פעטראָוונאַ געוואָלט פאַרטרייבן פון זייערע ד' אמות דאָס וואָרט, וואָס האָט זיך אומגערן אַרויסגעכאַפּט פון אירע טיפסטע פאַרבאָרגעניש. זי האָט שלמהן אַ צי געטון פאַר אַ קנעפּל:

— איר ווייסט, שלמה, אייער פרידמאַן איז אויך אַזאַ ליבער יונגערמאַן —

שלמה, מיט אַ לייכטן שמייכל:

— וואָס הייסט — אויך?

סעסיל פעטראָוונאַ גיט זיך אַ כאַפּ ווי אָן אָנגעבייסענע:

— ווער זאָגט דען אויך? איך זאָג: ער איז... ער איינער איז —

— פאַרריכט זיך נישט, געערטע סעסיל פעטראָוונאַ, איר האָט צופעליק געזאָגט ווי די זאַך איז טאַקע. נישט נאָר ער איינער איז... איר וועט אין יענעם הויז וווהין איך האָב אייך געגעבן דעם אַדרעס, געפינען אַזוי פיל האַרציקע מענטשן, אַז איר וועט, גלייבט מיר, קיין ווערטער נישט האָבן —

סעסיל פעטראָוונאַ דריקט שלמהן די האַנט:

— איך בין אייך פאַר אַלץ זייער, זייער דאַנקבאַר.

— און איך אייך — נאָך מערער. איר האָט מיר געגעבן אַ גוטע לעקציע, סעסיל פעטראָוונאַ, ווי אַזוי יידישע נשמות האָבן גאָר קיין שאַץ נישט. דאָס איז אַ טליענדיקע קויל, וואָס קען פון אַ צופעליק ווינטעלע אויפפלאַקערן און ליכטיק מאַכן אַרום זיך, אַז מענטשן זאָלן זיך ממש דערקוויקן —

— איר מאַכט חוזק פון מיר, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש?

— חוזק? שטראָף מיך גאָט, אויב אַזאַ זאַך קען מיר אפילו איינפאַלן. חוזק מאַכן פונעם הייליקן „פּינטעלע ייד"? וואָס רעדט איר, וואָס? אגב, איר

ווייסט, סעסיל פּעטראָווגאַ? נאָך איידער איר האָט אָנגעהויבן וויינען אויף דער מוטער רחלס גורל, האָב איך אין אייערע אויגן באַמערקט אַ פּאַר־דעכטיק פֿייערל, נאָר איך האָב זיך נישט גערירט, אַז דאָס זאָל זיין אַ הייליק פֿייערל, און נישט קיינער, נאָר איר אַליין זענט שולדיק אין מיינע ספקות, ווייסט איר פֿאַר וואָס?

— אַז איר וועט זאָגן, וועל איך וויסן —

— ווייל בשעת מיין דערציילן בן־צפּורס ראָמאַן, האָב איך איין מאָל באַגעגנט אין אייערע אויגן אַ שרעקלעך בייז פֿייערל, דעריבער האָב איך שוין געמיינט, אַז אַלע אייערע פֿייערלעך זענען נאָר בייזע —

סעסיל פּעטראָווגאַ קוקט דורכדרינגענדיק שלמהן אין די אויגן אַריין. זי וויל אַליין אויפֿכאַפּן זיין געדאַנק, טרעפֿן ווען, ביי וועלכן מאָמענט איז זי עס געווען אַזוי בייז? מיט אַ מאָל צעלאַכט זי זיך אויף אַ קול:

— אַ־האַ! כ'האָב זיך שוין דערמאָנט, ווען איר האָט מיך געקענט זען אַזאַ בייזע. מיך האָט זייער פֿאַרקאָכט ביים הארצן ביי יענער סצענע אין טעאַטער, ווען טאַמאַראַ האָט געזאָגט מאַניען: „אויב דו וועסט מיך קענען נעמען"... אוך! ווי עס האָט מיך אַ ברען געטון —

אוראַס רייסט אָפּ אַ פּאָלע פֿון אַ ציטונג, כלאַחר־יד וואַרפֿט ער אָן אויפֿן פּאַפּירל עטלעכע ווערטער, קאַטשעט עס צונויף אין אַ רערל און דערלאַנגט עס אַריבער שלמהן צוזאַמען מיטן בליישטיפֿט. שלמה צעוויקלט דאָס מגילהלע און לייענט איבער מיט די אויגן:

„דער עפּיזאָד מיטן „נעמען", האָף איך, איז פּאָעזיע, אויפֿן בוידעם אַ יאַריד, צי ס'איז טאַקע אַ פֿאַקט?"

שלמה האָט נאָך זיין פֿראַגע־צייכן געלאָזן צוגעשטעלט אַן אויסרוף־צייכן, צוריק פֿאַרוויקלט און עס אָפּגעגעבן אוראַסן. איבערלייענענדיק שלמהס „ענטפֿער", איז אוראַסעס פּנים געוואָרן פֿינצטער און ער האָט פֿון וויטיק אַזש פֿאַרקריצט מיט די ציין:

— און איך, שוטה, האָב געמיינט, אַז דאָס איז אים נאָר גוויטיק צום גראַם... גיי ריכט זיך —

אין גרויסן זאַל אַריין האָט פֿון די געמאָלטע ווענט פֿון דאָס ניי אַ פֿלייץ געטון מיט גאַנגער פֿרייד, מיט מינסקער צרות... פֿון אַלע זכרון־ווינקעלעך האָבן זיך אַ יאָג געטון אויפֿן עולם ווייטע, אין הארצן אייגנע באַקענע בילדער. פֿון איין זייט: צוגעסמאַליעטע וויינגערטנער צופּוסנס פֿון שטרענג־אָרומגעגרויזטע מינאַרעטן... כמורע, האַלב־נאַכטיקע סקאַלעס... אַ צעשטורעמטער ים... אַ פּאַרליבט פּאָרל, זיך הוידענדיק אויף אַ האָרב פֿון אַ קעמל... פֿון דער צווייטער זייט: אַ ראָזעווע, אָפּגעציטערט ליבע־בריוול טרינקט זיך אין די ערב־פּסחדיקע שוימיקע כוואַליעס.... טרינקט זיך און ווינקט, טרינקט זיך און זאָגט אַן אַ צוואה... אַ יונג מיידל איז נוטה למות... אַ יונג בחורל יאָגט זיך נאָך אַ צוג... אַ חתונה „אויף טישן און אויף בענק"... די רייסענישן איבער פּאָליטישע פּראָבלעמען, — וואָס האָבן נאָר וואָס ביז דערשטיקט צו ווערן אָנגעפּילט דאָס צימער, — האָבן זיך גלייך

באַהאַלטן בחורין ובסדקין, און אין חלל פון דעם גרוימען זאָל האָבן ווידער אָרומגעשוועבט די גוט באַקאַנטע נעמען: פייערבערג — פיינשטיין, פיינ־שטיין — פייערבערג...

סעסיל פּעטראָוונאַ: נו, וואָס זשע שווייגט איר, סאָלאָמאָן אַראָנאָ־וויטש? איך האָב געטראָפן, צי ניין? ס'איז דאַמאָלסט בין איך עס געווען אַזוי בייז?

— איר האָט געטראָפן, געענטפערט סעסיל פּעטראָוונאַ, אייער גרימ־צאָרן קענען יענעם מיידל איז אָבער נישט געווען קיין גערעכטער. איך, צום ביישפּיל, האָב זי גאַנץ גוט פאַרשטאַנען און בין גרייט זי צו פאַרטיידיקן ווי זאָגט מען עס: Огнем и мечом!*

אין צימער איז מיט אַ מאָל אַלץ ווי אויסגעשטאָרבן. אַלע האָבן מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס געוואַרט אויף שלמהס מאָדנער סניגוריא.** שלמה האָט געלאָזן און ווי איבערטאַפּנדיק אין געדאַנק יעדעס וואָרט, וואָס ער לאָזט אַרויס פונעם מויל, אָנגעהויבן צו ציילן די ווערטער:

— יעדעס לעבעדיק באַשעפעניש לעכצט נאָך אַ שטיקעלע גליק. ווער שמועסט אַ מענטש, און ווער שמועסט אַן אַנטוויקלטער מענטש. דאָס איז אַ געזעץ. אַלט ווי די וועלט. אמת טאַקע, דער דאָזיקער מאַניאַ איז געווען פאַר טאַמאַרען אַ גלענצנדיקער שידוך. קיינער האָט נישט געקענט זאָגן אויף אים קיין איין שלעכט וואָרט. אָבער דווקא פון אָט דעם פליור־שעגעם גלאַטקייט האָט איר פאַרפעלט אָטעם. גראָד פון זיסקייט האָט זי געשטיקט. זי איז געווען אַ מיידל מיט אַ פילנדיקער נשמה, מיט אַ ברייטער פאַנטאַזיע, מיט אַ גרויסן באַגער צו אַן אינהאַלט־רייך, אינטערעסאַנט לעבן, און דערפאַר טאַקע האָט עס זי געאיבלט פון אָט דער דרך־הטבע־דיקייט פון דעם דאָזיקן גליקלעכן שידוך, און זי האָט זיך געבעטן ביי מאַניען: אויב דו האָסט מיך באמת ליב, טאָ גיב מיר אָפּ מיין חלק פאַנ־טאַזיע; מאַך אַזוי, אַז איך זאָל זיך כאָטש האָבן אין וואָס צו דערמאָנען אויף דער עלטער, ווען אַ מענטש לעבט שוין נאָר מיטן חיות פון די זכרו־נות פון זיין פאַרגאַנגענהייט; ווען אַ מענטש קוויקט זיך שוין נאָר מיט די ליכטיקע שטראַלן פון זיין פריער וועסנע; געב אַ ביסעלע שפּייז פאַר מיינע מיידלשע חלומות... זאָל נישט אַלץ פאָרקומען אַזוי שמאַן־זיתדיק, אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך... איצט פאַרשטייט איר טאַמאַרעס פּסיכאָ־לאָגיע? צי האָט איר געפּרוווט אויף אַ ווײַלע זיך פאָרשטעלן, ווי אַזוי איר אַליין וואָלט זיך געפילט אין איר לאַגע? וואָס זעען מיר אין יענעם „שרעקלעכן" מאָמענט אין טעאַטער? ווי אַן אָרעמע בעטלערין האָט זי זיך געבעטן ביי דעם מאַניען: נעם מיך! גנבע מיך אַרויס! שלאָג! פאַר־גוואַלדיק! דראָע מיר מיט טויט, אָדער אַז דו וועסט זיך אַ מעשה אָנטון! טו וואָס דו ווילסט אַליין, נאָר טו עפּעס אַזוינס, אַז אונדזער שידוך זאָל

* מיט פייער און שווערד.

** סניגור — מליץ־יושר.

נישט זיין אזוי גלאַט־כשר, אזוי מאַטעמאַטיש אויסגערעכנט, אַזוי פּונק־טועל ווי אָפּגעוואויגן אויף אַן אַפּטייקאַרסקע וואָג. צעטרייב אַ ביסל די גרויע טאָג־טעגלעכקייט, די שטיקנדיקע נודנעקייט, וואָס פּילט אָן דעם חלל פון אונדזער לאַנגגאַרנדיקער באַקאַנטשאַפט... פאַר וואָס זשע, זאָגט מיר, קומט איר מען זאָל אויף איר זיין אַזוי בייז? ווער פון אונדז יאָגט זיך עס נישט נאָך אַ ברעקעלע גליק? ווער פון אונדז קלאַמערט זיך נישט מיט אַלע כוחות אין דעם לעבן? אָפּט מאָל — אינעם שאָטן פונעם לעבן — און וויל זיך כאָטש ווי עס איז צוקנעפּלען צו אָט דעם ווירבלירנדיקן קאַרוסעל, כאָטש האָבן אַן אחיזה כל שהוא. פאַר וואָס זשע איז אַזאַ עובדא, ווען דאָס טוט אונדזער העלדין, אייך עפּעס קשה? דאָס אַלץ איז דאָך אַזוי נאַטיר־לעך פאַר אַזאַ גוואַלדיק געראָטן מיידל, ווי אָט דער בן־צפּור שילדערט אונדז זיין טאַמאַראַ פיינשטיין...

סעסיל פּעטראָוונאַ באַקומט אין פּנים אַלערליי קאָלירן. אויסער זיך פאַר אויפרעגונג שרייט זי שלמהן אין פּנים אַריין:

— פּיאַטיגאָרסקי, איר זענט אַ געפערלעכער מענטש... איר זענט אַ מאַגיק... אָט, אויב איר ווילט, צינדט איר אָן אין יענעם אַ העלישן פאַר־דראָס, און אָט, אַז אייך פאַרגלוסט זיך, פאַרלעשט איר אים, און דערצו נאָך אַזוי קונציק, אַז מען באַקומט גאָר מיטלייד מיט יענער פּערזאָן, וואָס מען איז אויף איר ערשט געווען להרוג ולאבד —

— כאַ־כאַ־כאַ... איר האָט עס קוים אויסגערעדט... דאָס איז דאָך אַזוי צו זאָגן דער „געטלעכער געבאָט", דאָס גאַנצע ספּעציפישקייט פון אונדז, שריפטשטעלער. אונדזער אויפגאַבע איז אין אַזאַ מאָס צו באַ־צויבערן דעם לייענער מיט אונדזער קונסט, מיט דער קראַפט פון אונדזער וואָרט, אַז ער זאָל צוזאַמען מיט די ווערטער אין זיך איינזאַפּן אויך דעם שרייבערס כח־היצירה און זיין מידת־ההרגשה, אַז דער לייענער זאָל לחלו־טין אָנהייבן פילן דורכן אויטאָר. זיין טרויעריק, ווו דעם אויטאָר איז גע־ווען טרויעריק, און זיך פרייען, ווען דער אויטאָר האָט זיך געפרייט...

שלמהס אויגן קוקן אומרואיק דורך די זיצנדיקע ביים טיש און פאַרטשעפּען זיך צופעליק אין פּאָלים פּנים: זי איז אויסער־געוויינלעך בלייך. זי הייבט נישט אויף קיין אויג פונעם טיש. דאָס לינקע האַלבע פּנים אירס צוקט שטאַרק, און אַ ברעם ציטערט ביי איר אומאויפהערלעך...

סעסיל פּעטראָוונאַ כאַפּט איבער זיין פאַרדעכטיקן בליק, זי וויל עפּעס זאָגן, נאָר שלמה באַמערקט דאָס ביי ציטנס און שלאָגט איר איבער:

— מנשה, עס ווייזט זיך מיר נאָר אויס, אַז אייך שלעפערט?

— אַז מען האָט דיך ביי דער זייט, קען מען דען ווען שלאָפן?

לייב: שלמה, דו האָסט מנשהן טאַקע שטאַרק ליב, זע איך, ניין?

— שייך צו זאָגן — ליב? עס זעט ביי מיר אויס, פּונקט ווי איר זאָלט מיך פרעגן, צי איך האָב ליב מיין נאָז... איך ווייס, צי איך האָב זי ליב? איך ווייס נאָר, אַז איך בין גרייט זיך צו שלאָגן פאַר איר אויף לעבן און אויף טויט —

אַ פריילעכער געלעכטער צעשיט זיך איבער דעם זאַל.

סעסיל פּעטראָוונאַ: סאַלאָמאָן אַראָנאָוויטש, זייט אַ גוטער־ברודער און דערמאָנט מיר עפּעס אַזוינס, וואָס איך האָב נאָר וואָס פאַרגעסן. אַ גאַנצן אויפדערנאַכט חזר איך זיך אַ זאַך, וואָס איך וויל אייך פרעגן. ביז איצט איז עפּעס אַלץ נישט אויסגעקומען, און אַצינד, ווי אויף צו־להכעיס, האָב איך פאַרגעסן די זאַך, כאָטש נעם מיר אַראָפּ דעם קאָפּ, אַרויסגע־פלויגן און שוין!

— ווי אַזוי זשע קען איך וויסן אייערע רעיונות? איך בין דאָך ביי אייך אין קאָפּ נישט געווען...

— אָבער איר זענט דאָך עפּעס אַ קלוגער יונגערמאַן, גיט אַ טראַכט, וואָס אַזוינס האָט זיך מיר געקענט וועלן פרעגן ביי אייך?

— וויפל עס איז נאָך געבליבן ביז טאָג —

— שווייגט שוין בעסער! איידער אַזאַ טרעפעניש, איז שוין גלייכער גאָרנישט.

— ...וווהין סאָפיאַ גריגאָריעוונאַ וועט אַהינטון אַזוי פיל שאָלעכץ פון נים —

— איר ווערט אַנטשוויגן, צי ניין? די נשמה ליגט ביי אייך אויף אַ לעבערדיק אָרט, אייביק נאָר געלאַכט... סאַמואיל, אפשר דערמאָנסט דו מיר, וואָס אַזוינס איך האָב געוואָלט פרעגן?

ביעלסקי: איך זאָל אַזוי וויסן פון אַ בייזער וועטשערע —

סעסיל פּעטראָוונאַ, טראַכטנדיק, רעדט צו זיך אַליין:

— איך געדענק נאָך אפילו, אַז איך האָב זיך געמאַכט אַ סימן: לייבס פּאַספּאָרט, וואָס ער דאַרף היינט באַקומען. איך האָב שוין באַלד אַ פּנים, ווי. יענער שלימזלניק, וואָס מען האָט ביי אים צוגעגנבעט דעם טשעמאָדאַן און ער האָט זיך געטרייסט דערמיט, וואָס ער האָט כאָטש דעם שליסל. נו, ווי געפעלט אייך, אַבי איך געדענק דעם סימן, נאָר וואָס דער סימן באַטייט, כאָטש צעריים זיך — אַרויסגעפלויגן!...

שלמה שעפּטשעט פאַר זיך אַליין:

— אַ פּיליעריקער פּאַספּאָרט באַשטייט אפשר פון אַ צענדליק אונ־טערשריפטן, פון ברוינער לייוונט, פון קאַרטאָן, פון אַ פאָטאָגראַפיע, פון —

סעסיל פּעטראָוונאַ גיט אַ פּליעסק מיט די הענט:

— ס'איז דאָ! אויף מיין וואָרט ס'איז דאָ. טאַקע שלמה האָט דער־מאָנט. אַ מזלדיק מויל ביי דעם דאָזיקן יינגל, אפילו אומגערן טרעפט ער אויך ווו מען דאַרף. באַרעכנט נאָר, קיינעם נישט און אים דאַרף פּונקט איינפאַלן דאָס וואָרט פאָטאָגראַפיע. דאָס איז טאַקע געווען מיין סימן. סאַ־לאָמאָן אַראָנאָוויטש, איך וויל, אַז איר זאָלט אונדז ווייזן דאָס פּעקל פאָ־טאָגראַפיעס, וואָס סאָנקע האָט אייך תחילת־נאַכט בטעות דערלאַנגט צום טיש. פון וועמען זענען זיי?

— פון וועמען האָבן זיי צו זיין? פון אונדזער פאַמיליע טאַקע.

— וואָס רעדט איר? טאַקע פון דער גאַנצער פאַמיליע? איי, גוט!

— וואָס זשע איז דאָ אַזוי דאָס גוטסקייט, פאַרשטיי איך נישט.

— דולט נישט קיין קאָפּ, ס'איז גוט! מיר אַלע ווילן קענען אייערע עלטערן, אייערע ברידער און שוועסטער. איר זענט דאָך דער יינגסטער?

— געטראָפן, נאָר פונקט פאַרקערט. איך בין דער עלטסטער ביי מיינע עלטערן.

— טאַקע? האָט איר דאָך, אויב אַזוי, נאָך גאָר יונגע עלטערן?

— וואָס זשע בין איך שולדיק?

— נו, ווייזט זיי שוין אַהער. בעלאַ אָראָנאָוונאַ, איר האָט שוין אַ מאָל געזען אַזאַ זויערע צורה? גיט נאָר אַ קוק ווי ער קרימט זיך, ווי נאָך אַ פולן לעפל ריצינאייל אָדער פישעשמאַלץ —

בעלאַ אַראָנאָוונאַ: ווייזט, שלמה, ווייזט. מיר וועלן זיי דאָך נישט קאַליע מאַכן...

— וואָס גלוסט זיך אייך? עס איז גאָרנישט אינטערעסאַנט.

קולות: ווייזט, ווייזט, עס איז יאָ אינטערעסאַנט.

מנשה: פון ווען אָן, תכשיט מיינער, וואָלט איך געוואָלט וויסן, האָסטו עס אָנגעהויבן ארומצוטראָגן ביי זיך אַן אַלבאָם מיט „קאַרטינקעס"?

— אפילו פון היינט אָן אויך נישט. דאָס זענען פרישע פאָטאָגראַפיעס, ערשט פון אונטער דער נאָדל. איך האָב זיי היינט ביי טאָג אָפּגענומען ביים פאָטאָגראַף און האָב זיי פאַרגעסן אין דער היים אַרויסצולייגן פון דער קעשענע.

— ווען האָט איר זיך עס פאָטאָגראַפירט?

— צום ניי־יאָר... דינה האָט זיך איינגעשפּאַרט: עס זענען ביי איר קאַניקולן, קיין מאָל האָט זי נישט קיין פרייע צייט, בקיצור, זי האָט געפועלט און מיר אַלע —

סעסיל פעטראָוונאַ: נו ווייזט שוין, נו ווייזט שוין, נו ווייזט שוין! ער קער זיין אַ רעכטער קמצניוק, אָט דער שלמה. איידער מען רייסט עפּעס ביי אים אַרויס, קריכן אַרויס די אויגן פונעם קאָפּ.

מיט אַן אויסדרוק פון שלעכט־באַהאַלטענעם פאַרדראָס אויפן פנים, נעמט שלמה אַרויס אַ גרויסן קאָנווערט, זוכט אין אים אָפּ אַ באַזונדער פּעקעלע מיט עטלעכע פאָטאָגראַפיעס, וואָס זענען איינגעוויקלט אין אַ בלוי פּאַפּירל, לייגט עס אַוועק אונטערן עלנבויגן, און די איבעריקע בילדער פונעם קאָנווערט צעטיילט ער אויף די הענט. אַלע אָנוועזנדיקע, צו צוויי, צו דריי מענטשן אין אַ גרופּע, קוקן זיך איין אין דער משפחה־פּאָטאָגראַפיע פון די פּיאַטיגאָרסקיס.

סעסיל פעטראָוונאַ: אָך, פּראַכטפול! אָך, פּראַכטפול! קוקט זיך נאָר צו, חברים, אַ קאָלעקציע פון סאַמע קראַסאַוועצעס.

שלמה: דאָס איז ווייל איר זענט שוין שלעפעריק, דעריבער שווינדלט אייך פאַר די אויגן.

— איר שווייגט פּאַזשאַלויסטאַ. קיינער פרעגט ביי אייך נישט קיין

מבינות. מען וועט זיך דאָ ווי עס איז אַן עצה געבן אויך אָן אייער קאָנ־סולטאַציע. אַך, פּראַכטפֿול, פּראַכטפֿול...

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: שלמה, איר שטעלט אונדז פֿאַר יעדן באַ־זונדער.

סעסיל פּעטראָוונאַ: אָט דער גרויער זיידעשי מיטן גרויסן שטערן, וואָס זיצט סאַמע אין מיטן, דאָס איז —

— מיין זיידע. דעם טאַטנס פּאָטער.

— אַך, אַ הדרת־פּנימדיקער אַלטיטשקער, אַן אמתער פּאַטריאַרך!

— זאָגט כאָטש אַ כהן גדול —

— זאָל זיין אַ כהן גדול... יאָ, פּאַוואָליע נאָר, איז ער, הייסט עס, אָט דעם חברס פּאָטער?

— איר האָט קוים צעקיוט? אודאי איז ער מיכאלס פּאָטער.

— חבר מיכאל, פֿאַר וואָס זענט איר נישט ענלעך אויף אייער פּאָטער?

מיכאל: אַ דאַנק פֿאַרן קאָמפּלימענט.

סעסיל פּעטראָוונאַ, רויט ווערנדיק:

— אַנטשולדיקט, איך האָב גאָרנישט געמיינט דערמיט.

— איך האָב אויך גאָרנישט געמיינט.

סעסיל פּעטראָוונאַ ווענדעט זיך ווידער צו שלמהן, נאָר שוין נישט אַזוי אויפגערוימט:

— און אָט דער מיט דער שוואַרצער באָרד איז אייער פּאָטער?

— אַזוי ווי געוועזן דערביי. אויך אַ פּאַטריאַרך?

— זייער אַ שיינער מענטש. אַך, אַ שיינער ייד. ער זעט אוים ווי אַן אַקאַדעמיקער אָדער ווי אַ שיינער סולטאַן —

— פֿון אַזוינע פֿאַרגלייכן קען מען שוין בלייבן לעבן...

— אייביק נאָר עס לאַכט זיך ביי אים... זאָגט נאָר, יונגערמאַן, און אָט די פֿרוי, וואָס לעבן אים איז אייער מוטער?

— ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר —

— גיב איר גאָט צוויי הונדערט און פֿערציק יאָר. און אָט דאָס זענט איר? מאַ—מע! אַ פֿלאַמענדיקער ברונעט! ווי געפֿעלט אייך, ווי ער האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר קוקערס? אַ קראַסאַוויצע!

שלמה: ביי היינטיקע פֿאָטאָגראַפֿן ווילט איר אַ ריכטיקע פֿאָטאָגראַ־פֿיע? ס'איז נאָך אַזוי אויך מיט ניסים...

ביים טיש לויפֿט דורך אַן אַלגעמיין געלעכטערל.

סעסיל פּעטראָוונאַ: און אָט דאָס מיידל מיטן פּינטל אויף דער באַק איז אייערע —

— אַ שוועסטער. די עלטערע שוועסטער.

— וואָס? זי איז דען עלטער פֿון אייך?

— ניין. זי איז נאָר עלטער פֿון די איבעריקע שוועסטער.

— א גאַנץ שיין מיידל. אַן עלעגאַנטע אַזאַ... מיט כיטרע אייגעלעך...

— יאָ, מען זאָגט, אַז זי איז נישט קיין מיאוסע. און האָט אַ וואַזשנעם קאָפּ אויף זיך. אָט די מיט די בלאָנדע קוטשערן איז די צווייטע נאָך איר, סאָנקעס חברטע. נאָר זי איז פאַרשטייט זיך, נישט אַזאַ שלימזל ווי סאָניטשקאַ. זי, אַז מען וועט שיקן נאָך אַ צייטונג, וועט זי נישט ברענגען קיין פאָטאָגראַפיעס, דאָס קען נאָר טרעפן ביי סאָנקעלען —

ביעלסקי: איר קענט איר גאָרנישט מוחל זיין דעם טעות? און מיר דאַכט זיך, אַז פאַרקערט, מען דאַרף איר גאָר זאָגן אַ יישר־כח. ווייל נאָר אַ דאַנק איר טעות האָבן מיר דאָס גליק זיך צו באַקענען מיט אייער משפחה —

— נו, נו, גוט. ביי איר וועט איר דאָס פועלן אויף אַלע מאָל, איר וועט זי שיקן נאָך קעבעבע, וועט זי אייך ברענגען לאַקריץ...

— יאָ, יאָ, טשעפּעט זיך צו איר, טשעפּעט זיך צו איר... אייך אויף צו־להכעיס וועט זי אויסוואַקסן אַ באַרימטע קראַסאַוויצע.

— פון דעם צו־להכעיס וויים איך שוין פון לאַנג.

סעסיל פּעטראָוונאַ: און אָט דאָס איז דאָס יינגסטע שוועסטערל און אָט די זענען צוויי ברידערלעך?

— איך זע, אַז מיט דעם קליינוואַרג מאַכט איר אָפּ אויף גיך, אַזוי ווי דער חזן ביי עלינו?

— נו, קינדער, וואָס איז שייך? נאַט, נאַט אייך אָפּ אַלע. זייער שיינע פאָטאָגראַפיעס, זייער געראָטענע.

שלמה נעמט צונויף ביי אַלעמען די בילדער און לייגט זיי אריין אין קאָנווערט אריין. דאַן נעמט ער אַרויס פון אונטערן עלנבויגן דאָס פּעקעלע אינעם בלויען פּאַפּירל און וויל עס אויך אריינלייגן, נאָר סעסיל פּעטראָוונאַ כאַפּט אים אָן ביי דער האַנט:

— און דאָס וואָס איז? קאָנטראַבאַנדע?

— דאָס זענען פרעמדע פאָטאָגראַפיעס.

— וואָס הייסט פרעמדע? וואָס זשע טוען זיי ביי אייך?

— אַז איך זאָג פרעמדע, איז פרעמדע. גאַנץ פרעמדע... ביי מיר זענען זיי נאָר דערפאַר, ווייל די דאָזיקע פּערזאָן האָט זיך פאָטאָגראַפירט צוזאַמען מיט אונדז. איך האָב פאַר איין וועגס אָפּגענומען אויך די פרעמדע בילדער און דאַרף זיי אָפּשיקן.

— אויב עס איז יאָ אַזוי די מעשה, מעגן מיר דאָך אודאי אַ קוק טון, און די „פּערזאָן" אייערע, אַזוי ווי זי ווייסט נישט, אַזוי וועט איר נישט שאַטן.

זי שלעפּט אַרויס מיט גוואַלד דעם בלויען פּאַקעטיק פון שלמהס האַנט, צעוויקלט אים און גיט אַ געשריי:

— מאַמע געטרייע, מיט אַזאַ אוצר באַהאַלט מען זיך?

די זעקס בילדער צעגייען זיך מאָמענטאַל אויף די הענט און אַלע באַטראַכטן אייפערדיק דאָס ליכטיקע פּנים, וואָס שמייכלט פון דאָרטן

אַראָפּ צו זיי. דאָס איז אַ פּנים פון אַ מיידל, וואָס איז אַלט אומגעפער אַ יאָר צוואַנציק, איין און צוואַנציק: די זיידענע, קאַשטאַנענע האָר — ניי־מאָדיש אונטערגעשוירן; אַ הויכער, שיין־געווינקלטער שטערן; שטראַלנ־דיקע, האַרציקע אויגן, וואָס ס'איז שווער צו טרעפן פון דער פּאַטאָ, זייער אמתן קאָליר: אַמ דאַכט זיך, אַז זיי קערן זיין בלוי ווי דער ים, און אַמ דאַכט זיך, אַז זיי זענען טונקעלע ווי אַ שפּעטע מאַינאַכט. די נאָז, די באַקן, דאָס מיילעכל — ווי פון ראַפּאַעלס פּענזל אַרויס. געטאָקט און געמאָלט. אויפן שיינעם, שניי־ווייסן האַלדז — אַ מאַסיווע גאָלדענע קייט מיט אַ הערצל פון וועלכן עס קוקט אַרויס אַ יונגערמאַן מיט אַ בערדל. מלובש איז זי גאַנץ פּשוט, אָן קיינע פּרעטענזיעס. זי איז אָנגעטון אין אַ גלאַט קלייד פון טונקל־ברוינעם וואָלנס, וועלכעס גיט צו איר מאַיעסטעטיש פּנים אַ פייערלעך אויסזען, עפּעס אַ מין יום־טובדיקייט.

אין משך פון עטלעכע מינוט זענען אַלע אַזוי אַנטציקט פון דעם צויבערנדיקן פּנימל, אַז זיי קענען נישט אַרויסברענגען קיין איין וואָרט. די ערשטע שטערט די שטילקייט סאָנקע:

— צו אירע שיינע אויערלעך וואָלטן אַזוי געפּאַסט ווייסע אויריגגלעך מיט רויטע שטיינדעלעך, אָן אַנטיק! ביי איין יוועליר, אויף קרעשטשאַ־טיק, האָב איך געזען אַזעלכע...

בעלאַ אַראָנאָוונאַ: סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, ווי שעמט איר אייך נישט, אַזאַ אויסטערלישע שיינהייט צו באַהאַלטן פון מענטשן. אַן אמתער קאַוואַליער וואָלט איר בילד געטראָגן אין אַ בייטעלע אויפן האַרצן, נישט פאַרשטעקן אונטערן עלנבויגן און נישט וועלן —

— איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט, אַז דאָס איז אַ גאַנץ פרעמד מיידל.

— אַנטשולדיקט מיר, שלמה, ס'איז אפשר צו געוואַגט פון מיין זייט, נאָר ס'איז אָבער אַזוי שווער צו גלייבן, אַז ביי אייך אין בוזעם־קעשענע זאָל זיך געפינען אַ בילד פון אַ גאַנץ פרעמד מיידל... דאָס איז אַזוי אומ־נאַטירלעך...

— מילא, וואָס קען איך העלפן? אויב איר ווילט נישט, גלייבט נישט. איך האָב אייך שוין פריער דערציילט, ווי אַזוי אירע פאָטאָגראַפיעס קומען צו מיר. דאָס מיידל איז מיט אונדז אויף איין אויטאָ געפאָרן אין אַטעליע אַריין. צוזאַמען מיט אונדז זיך פאָטאָגראַפירט. דערנאָך איז זי אַוועקגעפאָרן און איך האָב איר צוגעזאָגט אָפּצושיקן די פאָטאָגראַפיעס קיין אָדעס.

סעסיל פּעטראָוונאַ: איז זי גאָר פון אָדעס? איך האָב אָבער באַלד דערקענט אין איר כיטרע שמייכעלע, אין אירע אייגעלעך, אַז דאָס זענען אָדעסער אייגעלעך —

— סעסיל פּעטראָוונאַ, בייט גיך איבער אייער מבינות וועגן די אויגן, ווייל זי איז נישט קיין אָדעסער —

אלע פלאצן אַרויס מיט אַ הילכיק געלעכטער. סעסיל פעטראָווגאַ איז אָנגעבלאָזן:

— איך האָב געזאָגט, אַז איר זענט אַ שלעכטער מענטש, טאַ זייט זיכער, איך ווייס וואָס איך רעד —

— בלתי ספק, בלתי ספק... טאַקע דערפאַר מוז איך שוין בלייבן אַ שלעכטער, כדי איר זאָלט נישט ווערן אויס מבינטע אויף אויגן...

אַ פרישער שטראָם פון געלעכטער פילט אָן דעם זאַל. סעסיל פעטראָוונאַ וויל פאַרגלעטן דעם קליינעם אינצידענט און מאַכן אַן עק פון אָט דעם נאַרישן ווערטער־געפעכט. זי רופט זיך אָן שוין פיל געלאַשענער:

— שלמה, דערציילט, ווער איז זי?

— אָ־אָ! עס איז אַ געשיכטע אויף הונדערט מייל —

— איז וואָס זשע איז? אַלע איינס וועלן מיר דאָך שוין נישט גיין אַהיים ביז אין דער פרי. סאַמואיל, וויפל איז דער זייגער?

ביעלסקי: נישקשהדיק... ס'איז שוין נאָך דריי...

— נו אָט, ביז זיבן האָבן מיר נאָך אַזוי פיל צייט. זייט אַ וווּיל יינגעלע און דערציילט —

— איך ווייס נישט, וואָס איך גלוסט זיך. סתם אָנכאַפּן אַ מיידל פון דער גאַס און דערציילן וועגן איר, וועמען איז דאָס אינטערעסאַנט?

בעלאַ אַראָנאָוונאַ: איך קען מיט אייך גיין אין געוועט אויף וואָס איר ווילט נאָר, אַז אָט דאָס געכאַליעטע צורהלע איז נישט פון קיין מיידל פון דער גאַס. געמאַכט?

ביידע ווייסבלאַטס מיט אַ מאָל:

— דערציילט, דערציילט, שלמה!... עס איז יעדן אינטערעסאַנט, נישט אַזוי דאָס מיידל, ווי אייער דערציילן וועגן איר.

שלמה, לאַכנדיק:

— אויב עס האַנדלט זיך נאָר אין דעם, טאַ לאָמיר שוין בעסער שמועסן פון דער קאָמעטע, וואָס גייט אויף דער וועלט און וויל אונדז איינשלינגען.

סעסיל פעטראָוונאַ: דערציילט וואָס מען בעט אייך, נישט וואָס איך גלוסט זיך.

בעלאַ אַראָנאָוונאַ: איך קוק און קוק און קען זיך גאָרנישט צו דער זעט אָנקוקן אין אָט דעם בליענדיקן פנימל. אויף מיין וואָרט, זי שיינט ווי דער מאָרגנשטערן! דערציילט וועגן איר, שלמה, זייט נישט אַזאַ געברענטער עקשן.

סאָניאַ: אַן עק, דערציילט שוין, שלמה, טוט אונדז שוין צו ליב.

— נו וואָס זאָל איך טון מיט אייך? מיט קיין באַלעבאָסטע טאָר מען נישט איינרייסן. זי קען נאָך אויסלעשן דאָס ליכט, און דו גיי טאַפּ אַ וואַנט... על־כן איז אלה תולדות המיידל גאַיסינסקע...

שלמה האָט אַריינגענומען אַ קאָנפעקט אין מויל אַריין, אַ זופּ געטון אַ ביסל ווישניאַק, אונטערגעלייגט אַ פוס אונטער דער קני און האָט אָנגעהויבן:

# קאפיטל LVIII

— ווו עס ליגט ערגעץ, וואָראָנצאָוואָ־גאָראָדישטשע, ווייסט איר אַלע? דאָס איז עטלעכע שעה פאָרן פון פאסטאָוו אין שפּאָלער ריכטונג. נישט ווייט פון באָסלאָוו —

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: וואָס מאָלט איר אונדז אויס, אַקוראַט ווי מיר וואָלטן געווען קליינע קינדער? ווער ווייסט עס נישט פון וואָראָנצאָוואָ־גאָראָדישטשע? דאָס איז דאָך אַ שכנישע זאַך!

— נו אַט, אַז איר ווייסט איז זייער גוט. אַט דאָס דאָזיקע גאָראָדישטשע איז וואָס אמת אַ קליין שטעטעלע, נאָר זייער אַ יידיש שטעטעלע. וווינט דאָרט אַ שטאָק־אַלטער זקן, אַ ישיש נכבד על פני כל העם. דער רב פונעם שטעטל, ר׳ איצי גאָיסינסקי. דאָס איז זייער, זייער אַ בכבודיקער זקן. אַ גרויסער למדן, אַ חכם, און באַזונדערס — וואָס עס מאַכט אים באמת פאַר אַן אויסנאָם פון אַלע אַנדערע פון זיינס גלייכן — אַ גאַנצער משכיל! ער האָט פיל געלייענט, שרייבט שיין און קען גוט די נייע וועלט מיט אַלע אירע מעלות און חסרונות. מיט איין וואָרט: אַ מושלם אַ ייד. איז ער, אַט דער מופלא ומופלג, מיין זיידעס שלומס אַ חבר נאָך פון די קינדעריאָרן. אין חדר געלערנט ביי איין מלמד. האָבן זיך ליב אהבת־נפש. ווילט איר דאָך אודאי וויסן, פון וואַנען איך קען אים? איז מעשה שהיה כך היה: מיט עטלעכע יאָר צוריק, נאָך איידער איך בין געוואָרן אַ קיעווער, בין איך געווען אַן אָנגעשטעלטער פונעם „גאָסטאָרג״ און בין ארומגעפאָרן איבער אייניקע געביטן פון אוקראַינע צונויפקויפן יידישע ספרים. אַזוי ווי דאָס שטעטעלע האָט זיך אויך געפונען אין תחום פון מיין טעטיקייט, בין איך דאַמאָלסט געווען אויך אין גאָראָדישטשע. און בין טאַקע איינגעשטאַנען ביי דעם דאָזיקן אַלטיטשקן. ער איז דאָך פאָרט עפּעס מיין זיידנס אַ חבר, ווי דען אַנדערש? בקיצור, וואָס זאָל איך אייך דער־ציילן? דעם אַלטיטשקן איז אַ פּנים געווען באַשערט עפּעס אַן אָנשיקעניש, האָט ער זיך אין מיר פאַרליבט ווי אַ קליין מיידעלע. אָבער ווי אַזוי מיינט איר פאַרליבט? ממש ליידנשאַפטלעך פאַרליבט... אַז עס איז מיר צייטנווייז אַזש געווען פריקרע, ממש איבער דער טבע. גאַנצע טעג בין איך ארומגע־גאַנגען צונויפקויפן די ספרים און ער איז מיר נאָכגעגאַנגען פוסטריט, אַלץ גערעדט און געחקירהט... און איך מוז אייך זאָגן דעם אמת, ער האָט מיר ארויסגעוויזן אַזאַ טיפע בקיאות אין דער רוסישער און אין דער וועלט־ליטעראַטור, אַז ווען איך הער דאָס נישט מיט מיינע אייגענע אויערן, וואָלט איך בשום אופן נישט געגלייבט אַזאַ זאַך. באמת ס׳איז אַן עבירה, וואָס אַזאַ כלי־שלמה ווערט פאַרפאַלן אין דער טויב־שטומער פּראָווינץ. בימות־הגשמים, — ס׳איז דאַמאָלסט געווען זייער אַ רעגנדיקער זומער — איז ממש: לא ימיש מתוך האוהל, ער פלעגט נישט ארויסטרעטן פון מיין צימער. איך האָב זיך אַלץ מטפל געווען מיט די ספרים: זיי געסאָרטירט,

געפּאַקט אין קאַסטנס, געשריבן, גערעכנט, און ער האָט געהאַלטן אין איין רעדן... און טאָמער מיינט איר, אַז דברים של מה בכך? חס וחלילה! אַלץ דברים העומדים ברומו של עולם! אַ מעין הנובע זאָג איך אייך... אַן אוצר בלום... עס פלעגט קומען די נאַכט, טאָמער האָט ער זיך צוגעזעצט צו מיין בעט — איז ביז טאָג! ער פלעגט גאָר קיין מאָל נישט מיד ווערן און קיין מאָל נישט וועלן שלאָפן. ער איז טאַקע נישט קיין אויסגעדברט יידל, אַ ידוע־חולי, ווי עס גיט זיך אוים ביי דעם דאָזיקן עולם, אַ ייד — אַ רוחני, אַ זעקל ביינער. ניין, ער איז קיין עין־הרע אַ געזונטער אַלטיטשקער, אַ פּאַרציטישער.

ווען דאָס שטעטל איז שוין געווען אויסגעליידיקט פון ספרים, אויסגעטרייסלט ווי אַ ציך פון פעדערן, בוקה ומבוקה,* און איך האָב שוין געדאַרפט אוועקפאָרן, האָט ער מיר אין אַ פאַרנעפּלטער פאָרם, אַזוי אונטער דער נאָז, מיט דיבורים וחצאי דיבורים דערציילט, אַז פון זיין געשטאָרבענעם זון איז אים געבליבן אַן אייניקל, אַ בתולה. געבליבן הייסט עס, זענען אים אייגנטלעך פיר אייניקלעך, וווינען זיי אַלע מיט דער מוטער, טאַקע דאָ אין גאָראָדישטשע. נאָר די איינע, וואָס ער רעדט פון איר, געפינט זיך ביי אַ מומע אין אָדעס. זי איז טאַקע אַן אויסנאַם. זי איז ערשט בסך־הכל אַלט דאָס אכצנטע יאָר, און לערנט שוין אין אוניווערסיטעט אויפן צווייטן קורס פון דעם יורידישן פאַקולטעט. אַ גאַונישער קאָפּ אויף איר. ער האָט מיר דאַמאָלסט, געדענק איך, אַפילו אירע אַ פאָטאָגראַפיע געוויזן. אָט דאָס זעלבע מיידל, וואָס איר האָט ערשט געזען, נאָר דאַן איז זי נאָך נישט געווען אַזאַ... אַזאַ שיינע... איך האָב באותה שעה נישט אריינגעלייגט די האַנט טיף אין קעשענע, נאָך וואָס ער דערציילט מיר דאָס אַלץ — דער קאָפּ איז מיר דאַמאָלסט נישט געווען דערביי — און איך בין ברוך־השם אוועקגעפאָרן פון דאָרטן מיט אַ לויטערן קאָפּ און אַן האַרצקלעמעניש.

פאַר די לעצטע פאַר יאָר איז דער אַלטיטשקער עטלעכע מאָל געווען אין קיעוו, ער האָט זיך אַלע מאָל געריסן צו פאַרפירן מיט מיר אַ לאַנגן שמועס, נאָר דער טאַטע האָט אים אַלץ אָפּגערעדט דערפון. פאַר אַ יאָרן זומער איז ער דאַכט זיך אַפילו ברוגז געוואָרן אויף מיין טאַטן און אויפן זיידן און איז נישט געקומען זיך מיט זיי געזעגענען. פון דעסט וועגן, אין אַ פּאָר חדשים ארום, האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו שרייבן פּאָסטקאַרטלעך. נאָר אַלץ אַזעלכע: געדיכטע, געדיכטע, אפשר אכציק שורהלעך אין אַ קאַרטל און אותיות אַלץ אַזעלכע פּיצינקע, מיקראָסקאָפּישע... איך ווייס? איר זאָלט מיך, דאַכט זיך, אַפילו אָפּגילטן, וואָלט איך נישט געקענט אַזוי פיל אריינפּאַקן אין איין קאַרטל. זיינע קאַרטלעך, זאָג איך אייך, זענען געווען פון אייזן, אַז זיי האָבן נישט געפּלאַצט — גאַנצע מגילות! נאָר איך פלעג זיי קיין מאָל נישט לייענען. דער טאַטע פלעגט מיר אַ מאָל ווייזן

* אויסגעליידיקט, פּוסט.

די אונטערשטע שורה: „אַ גרוס צו מיין בעסטן פריינד שלמהלע, איך בענק נאָך אים ווי נאָך אַן אייגן קינד". פאַר מיינע אויגן פּלעגט בשעת־מעשה דורכשוועבן זיין איינגעבויגענער רוקן איבער מיין בעטעל און אין אַ מינוט אַרום איז ער מיר שוין ווידער אַרויסגעפלויגן פונעם קאָפּ. אָט אַזוי אַ האָט זיך געצויגן דער פאַרשלאָפענער, אייגזייטיקער ראָמאַן ביז היינטיקן דעצעמבער. ענדע דעצעמבער איז ער ווידער געקומען, אָט דער גאַיסינסקי. עד היום ווייס איך נישט, צי דאָס איז ער סתם געקומען, מאליו, צי עס האָט אים עמעצער פון מיינע פאַרזאָרגערס מודיע געווען, אַז זה היום, איצט קען מען צו שלמהן צוטרעטן... כ'האָב דאָס בשום אופן נישט געקענט אויסטאַפּן ביי קיינעם. דאָס דאַרף וויסן אָט דאָס תמעוואַטע רבל, מנשה כאַדראַוו. נאָר ער וועט דען זאָגן? איר גיט נאָר אומיסטן אַ קוק אויף אים, ער גיט דאָך אפילו נישט קיין פּינטל מיט קיין אויג, גאָט די נשמה שולדיק. מילא בקיצור... און אפשר דאַכט זיך מיר נאָר? אפשר איז ער טאַקע אויף אַן אמת אַליין געקומען? כ'ווייס? דער עיקר איז, ער האָט זיך אָנגעריסן אויף מיין קאָפּ — פרעגט שוין גאָרנישט! ער האָט מיך פאַרשלעפּט אין אַ סקווער און האָט אָנגעהויבן:

— הער מיך אויס שלמה, אַ ייד אַ תלמיד־חכם ביסטו דאָך, טאָ שלאָג מיר נישט איבער און הער מיך אויס מיט קאָפּ. קיין קליין יינגעלע ביזסטו דאָך שוין אויך נישט, וועלן מיר רעדן אָפן און אָן הקדמות: דו געפעלסט מיר און איך וויל דיך נעמען פאַר אַ חתן פאַר מיין ביילקען, וואָס לערנט אין אָדעס —

— האָט נישט קיין פאַראיבל, ר' איצי — זאָג איך אים — פאַר וואָס פרעגט איר פריער נישט, צי האַלט איך בכלל ביי אַ חתן ווערן?

— ווייס איך, וואָס האָב איך ביי דיר צו פרעגן... אַלע יינגלעך האַלטן דערביי און זאָגן, אַז ניין... און ווידער, טאָמער אפילו האַלטסט דו נישט, אָבער איך האַלט יאָ דערביי... מיר האָבן דאָך גערעדט, אַז דו זאָלסט מיר נישט איבערשלאָגן! דרך־ארץ, דו! וואָס זאָל איך דיר אויסמאָלן מיין ביילקען? מילא אויף דער מראה... שייך צו זאָגן? אסתר המלכה! און ווידער — ווייסט דאָך אַליין זען: אין קיין פושקעלע באַהאַלט מען דאָס נישט. איר קאָפּ? דער ווילנער גאון — און שוין!... געוואָלט האָט זי גיין אויפן דיפּלאָמאַטישן פאַקולטעט... אַז אַ קאָפּ האָט זי שוין במילא אַ דיפּ־לאָמאַטישן, וואָס דען... די איבעריקע שטותים דאָרטן... וואָס זשע קומט אַרויס דערפון וואָס זי האָט געוואָלט, אַז קיין יידן נעמט מען אַהין נישט אָן... רעד צום לאָמפּ — מער קיין ליטווינאָווס דאַרף מען נישט! איז זי שוין ביי לית־ברירה געגאַנגען אויף דעם סדר „נזיקין", איך מיין אויף דעם יורידישן. און וואָס זאָל איך דיר מאריך זיין? פאַרשטייסט דאָך, אַז אויפן גאַנצן יורידישן פאַקולטעט זענען זיי אַרום און אַרום בסך־הכל דריי פרויען... זאָלסטו זען האָט מיר איר פּראָפעסאָר צוגעשיקט אַ בריוו... נאַ, מעגסט לייענען פאַר אַ ציקאַווועסט... וואָס, דו ווילסט נישט? נו וועל איך אים דיר איבערדערציילן אין קורצן. מילא פריער גייען פאַרשידענע התנצ־

לות, מיט פוסטע מעשות, וואָס טויג דיר? דער עיקר: אַזוי ווי זיין ליב־לינג, בראַניסלאַווא דאַווידאָוונא, איז שוין אַריבערגעגאַנגען אויפן לעצטן קורס און איז ביי אים די בעסטע שילערין אויפן פאַקולטעט, קען ער זיך פשוט נישט איינהאַלטן נישט צו באַגריסן איר טייערן זיידן און איר געטרייע מוטער. געבענטשט זאָלן זיין די עלטערן, וואָס האָבן געפלאַנצט אַזאַ ביימעלע — און נאָך און נאָך און נאָך... גאַנץ הלל זאָגט ער דאָרט אָפּ אויף איר... דו ווילסט לייענען? ניין? דאַרף מען נישט! וועט מוזן זיין גוט אַזוי אויך... און איך, שוטה, טראָג אַרום ביי זיך... נאָר וואָס טויג דיר, וואָס דער פּראָפעסאָר זאָגט אויף איר, אַז איך אַליין זאָג דיר אויך דאָס זעלבע! אַזאַ טאַלאַנט ווי ביי איר טרעפט איין מאָל אין צען טויזנט יאָר... הייַנט איר לייטישקייט, איר גוטסקייט, איר חכמה... זאָלסט לייענען בריוו, שרייבט זי... איך האָב דאָ ביי זיך אַ גאַנץ פּעקל... צונויפגעזוכט ווי ערגעץ... נו, שאַ, שאַ... ניין, דאַרף מען נישט... און אַן ערלעך קינד... נישט סתם געערדט, נאָר ערלעך אין תוך אַריין. פרום, וואָלט איך געזאָגט... אַ בת־ישראל כשרה מדאוריתא! פאַרשטייסט דאָך אַליין, אַזוי פיל יאָרן אין אָדעס, און איז נישט טועם אין ערגעץ גאָרנישט, נאָר ביי איר מומען. פון וואַשן זיך צום עסן, פון מאַכן „המוציא" — דערפון שמועסט מען נישט! עס איז דאָך עפּעס חוץ אַלעמען, מיין דודס אַ קינד. קאָרג בוחות האָט ער לשלום אַוועקגעלייגט אויף איר?... און דו מיינסט, קיין תנ"ך האָט זי נישט געלערנט? נאָך ווי אַזוי! נאָר מסתמא האָט זי שוין פאַרגעסן. שוין אַזוי פיל יאָרן... דו קענסט זיך פאַרשטעלן, ווי געשעצט זי איז אין אוניווערסיטעט, אַז זיי ווייסן שוין, אַז שבת קומט גאָיסינסקאַיאַ אין אוניווערסיטעט אַריין אָן די העפטן און מען טאָר זי נישט אַרויסרופן צום טאָוול... הייַנטיקע יאָרן אויספירן אַזאַ זאַך!... און ווו? צווישן אָפּ־געקליבענע קאָמוניסטן!... וואָרעם ווּעמען נעמט מען דען אַריין אין יורי־דישן פאַקולטעט? נאָר נאָך איר זענען אַלע די כפרה. אָט דאָס וואָס איך האָב דיר דערציילט, איז אַ הונדערטסטל... אַ טויזנטסטל... אַ טראָפּן פון ים... וואָס זשע זאָגסטו?

— ר' איצי, אָבער אַז איך רעד אפילו נישט —

— שווייג, מען פרעגט ביי דיר נישט! דו רעדסט... דו ווייסט אַ סך און אַ ים, וואָס דו רעדסט יאָ און וואָס דו רעדסט נישט... איך וואָלט, מיינסטו, זיך אַזוי אַוועקגעלייגט נאָך דעם שידוך? ס'איז גלאַט, ווייל איך ווייס, אַז דו וועסט איר אויך געפעלן... כאָטש קיין פאַקולטעטן האָסטו נישט געענדיקט, נאָר זי האָט אַ חוש הריח פון אַ יוריסט. דו וועסט איר געפעלן ווערן, עס גייט ביי מיר אפילו נישט אַריין בגדר הספק. און דאָס איז ביי מיר דער עיקר. פאַר דיר האָב איך אַ קליינע דאגה. אַז דו וועסט זי נאָר דערזען וועסטו, דאַכט זיך, פאַרגעסן צי דו רעדסט יאָ, צי דו רעדסט נישט. בקיצור, איצט איז אַזוי די זאַך: איבער די ווינטערדיקע קאַני־קולן קומט זי צו דער מוטער, וועל איך איר נאָך הייַנט טעלעגראַפירן, אַז זי זאָל פאָרן דורך קיעוו, זיך עפּעס איינקויפן. פאַרפאָרן וועט זי מאַקע

צו אייך. איינשטיין וועט זי ביי דיין דינהן אין צימער, אויף מאלאַ־וואַ־טילקאָווסקע. זי וועט אָפּזיין עטלעכע טעג און... המותר וועסטו שוין אַליין זען... תהי לה בקנקנה...* איך האָף שטאַרק צו גאָט, אַז דאָ וועט אם ירצה השם זיין: השם שלם והכסא שלם. און דו נישט?

— ר׳ איצי, עס איז מיר איבער דער טבע —

— שווייג! אַז עלטערע הייסן דיר שווייגן, זאָלסטו שווייגן! טבע׳ט מיר אין קאָפּ אַריין. אָבער אַז איך וויל נישט הערן, וואָס עס איז דיר ביז דער טבע, און וואָס — איבער דער טבע. אַ טבע האָט ער... ער ווייסט, וואָס ער האָט... יאָ, כ׳האָב מיך גראָד דערמאָנט... עס הייסט, איך לייג דיר דאָס נישט אַריין אין נדן אַריין... מיין ביילקע ברוך־השם איז עובר לסוחר אָן נדן אויך. נאָר גלאַט איך ווייס דאָך, אַז דו קלערסט וועגן ארץ־ישראל, און דערצו מוז מען דאָך האָבן ממון קורח... פינף הונדערט רובל אין גאָלד פון אַ קאָפּ חוץ שיפסקאַרטן און שאר־ירקות. און אפילו, מיינס־טו, אַז מען קומט שוין גאָר אָן אַהין... כי בצל החכמה, בצל הכסף...** דערפאַר דערצייל איך עס דיר... זי האָט אַ ירושה פון איר עלטער־באָבען, האָט זי. פון מיין שוויגער לשלום, הייסט עס. אַ בראָשקע פון דימענטן, מיט אַ בריליאַנט אין דער מיט פון העכער זעקס קאַראַט.*** דאָס באַ־טרעפט אַ פאַרמעגן. זי איז נאָך דאַמאָלסט געווען אַ פּיצל, אודאי זיבן אָדער אַכט יאָר. נאָר איר זינגען און איר טאַנצן האָבן אַזוי אויסגענומען ביי לייטן, אַז די שוויגער האָט פון אַלע קינדער אויסגעקליבן ביילקען אויף צו לאָזן איר אָט דעם גוואַלדיקן קאַפּיטאַל. דאָס דערצייל איך דיר נאָר אַזוי... סתם אין דער וועלט אַריין... ווייל עס איז געקומען צו רייד... איז ווי אַזוי, זאָגסטו, דאַרף איך איר שרייבן אין דער טעלעגראַמע?

— ר׳ איצי, איך זאָג דאָך אייך —

— שווייג! כ׳וועל שוין ווי עס איז אַליין אויסשטעלן די טעלעגראַ־מע. דו מיינסט, איך דאַרף דיך נייטיק האָבן פאַר אַ סופליאָר?

— ניין, איך זאָג, איר גייט פאַרשאַפן אומזיסטיקע עגמת־נפש אייער אייניקל. אַז זי וועט קומען, וועל איך זיך אפילו נישט גיין באַקענען מיט איר, ווייל איך בין ווייט פון דעם ענין כרחוק מזרח ממערב —

שלמה ווערט אַנטשוויגן. ביי יעדן פון די געסט זענען די נערוון אָנ־געצויגן ביז גאָר און שלמה שווייגט אַלץ. ערגעץ אין אים גייען אַ פנים אויף זכרונות פון „יענע טעג", פון וואָס זיינע האַלב־פאַרזשמורעטע אויגן שמייכלען גוטהאַרציק. ער שמייכלט און שווייגט. סעסיל פעטראָוו־נאַ קען מער נישט אַריבערטראָגן זיין שמייכלען צו זיך אַליין און טאַרקעט אים מיט אַ גאָפּל:

— וואָס האָט איר זיך פאַרקלערט אין מיטן דרינען? וואָס זשע

---

* געמיינט: וועסט אַ שמעק טון, אַ שמועס טון, אין זיך באַשליסן...

** געמיינט: אַז מען האָט די מאות, האָט מען אויך די דעות.

*** 0,20 פון אַ גראַם. אַ ספּעציעלע וואָג פאַר בריליאַנטן.

האָט אייך דער אַלטער רב געענטפערט, ווען איר האָט געמאָלדן, אַז איר וועט זיך אפילו נישט גיין באַקענען מיט איר?

שלמה שמייכלט מיט אַ לייטזעליק שמייכעלע:

— וואָס ער האָט געענטפערט? ער האָט, דאַכט זיך, קלוג געשוויגן... ער האָט מיך באַטראַכט מיט אַ כיטרע־קלוגיטשק שמייכעלע, געקוקט, גע־קוקט און אַרויסגעפּלאַצט:

— שווייג! קיינער פרעגט ביי דיר נישט קיין דעות... זאָל זי שוין נאָר זיין דאָ... וועסט זען, וועסט זען, וועסט נישט זאַט ווערן זעענדיק...

— נו?

— וואָס נו? אַן אַנדער ברירה האָב איך געהאַט? איך האָב גע־שוויגן. אָט דאָס איז אַלץ —

*

ווידער האָט אַן אַנגעלאָדענע שטילקייט באַהערשט דעם גרויסן זאַל.

סעסיל פּעטראָוונאַ: וואָס זשע איז געווען ווייטער?

— ווייטער? וואָס האָט געזאָלט זיין ווייטער? גאָרנישט —

— אָבער זי איז געקומען?

— אודאי איז זי געקומען. ווען נישט, וואָלט איר זי דאָך איצט נישט געזען.

— נו און זי איז טאַקע אַזאַ געראָטענע, ווי איר זיידע האָט אויס־געמאָלט?

— מיר דאַכט זיך גאָר, אַז זי איז נאָך פיל, פיל געראָטענער —

— זי איז לאַנג געווען ביי אייך?

— גאַנצע פינף טעג.

— נו און וואָס?

— וואָס „וואָס"? גאָרנישט. איך בין מיט איר געווען עטלעכע מאָל אין אָפּערע, איין מאָל אין דער רוסישער דראַמע, נאָך אין עטלעכע ער־טער און יוצא.

— געפעלט זי אייך, הייסט עס, נישט?

— פון וואַנען נעמט איר דאָס? זי געפעלט מיר זייער... זי איז זייער אַ שיינע, אַ פריילעכע און זינגט שיין. חוץ דעם איז זי זייער אַ געלערנטע און זייער, זייער אַ קלוגע. ווערליק אַ מיידל איז איר פאַרשטאַנד ממש אוי־סערגעוויינלעך —

— נאָר וואָס דען?

— וואָס „וואָס דען"?

— פאַר וואָס זשע זאָלט איר פאַר איר נישט חתונה האָבן?

— אַך, חתונה האָבן?... ווער זאָגט אייך דען, אַז איך זוך אַ פּאָר פאַר זיך? אפשר וויל איך גאָר בכלל נישט חתונה האָבן —

— פאַר וואָס זשע?

— אַן אַ פאַרוואָס! איך בין פון דער נאַטור אַ פרויענפיינד...

סעסיל פעטראָוונאַ טוט אַ פליעסק מיט די הענט:

— איר — אַ פרויענפיינד? מיט אייערע שרפענדיקע אויגאַנעס?

— מיינע אויגאַנעס ברענען נאָר דאַמאָלסט, ווען איך באַפעל זיי —

— פאַר וואָס זשע האָט איר זיי אין דעם פאַל נישט באַפוילן?

— ווייל דאָ האָט עפּעס אַזוינס געפעלט... דאָס מיידל איז מיר געווען געפעלן און דער שידוך נישט —

— וואָס זשע פאַר אַ חסרונות האָט איר געהאַט אין איר?

— חסרונות? חס־ושלום! דאָס איז אַ מיידל אָן חסרונות. אַ כלה מיט בלויז מעלות — און טאַקע דערפאַר קען דער שידוך נישט ווערן. אָט דאָס, וואָס דער יחוס איז זייער צוגעפּאַסט, אַ רבניש אייניקל; און איז אָן ערלעכע, כמעט אַ פרומע; און אַזאַ געלערנטע, שיר נישט אָן אַקאַדעמי־קערין! און לערנט אויף אַזאַ אינטערעסאַנטן פאַקולטעט ווי דער יורידי־שער, וואָס דאָס אַליין באַווייזט אויף איר עכטער אינטעליגענץ. אָט דאָס אַלץ צוזאַמענגענומען שאַפט אַרום איר אַזאַ גלאַטקייט, אַז גן־עדנדיקע דעקאָראַציע, אַז איך האָב שוין ביי דעם מיידל גאָרנישט וואָס אויפצוטון. עמעצער האָט שוין אַלץ אָפּגעטון פאַר מיר, און איך בין שוין געקומען צום גרייטן. אָט דאָס איז די מניעה. איך האָב פיינט אַ גרייטע זאַך. דער־הערנדיק און דערזעענדיק אָט די אַלע אויסגערעכנטע „מתנות־כהונה", האָב איך גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס פּאָרפאָלק בד בבד יהיו * — און טאַקע דערפאַר וועט דער שידוך נישט עולה יפה זיין. איך בין פון דער נאַטור אַ פּראָלעטאַריער, איך האָב ליב אַלץ אַליין צו באַשאַפן — נישט זיין אַ נהנה מן המוכן, אָן אוכל ואינו עושה —

שלמהס לעצטע ווערטער האָבן אַזוי אויסגענומען ביים עולם, אַז ביים טיש האָט אויסגעבראָכן אַ רוישנדיקע אָוואַציע.

סעסיל פעטראָוונאַ: אָבער יענע דאַרפט איר דאָך ערשט זוכן, און די איז שוין געווען צו דער האַנט.

— וואָס זשע? עס גייט דען אויף מיר אַ רעגן? און ווידער, ווער זאָגט אייך דען, אַז יענע דאַרף איך ערשט זוכן?

— אַ—הא!... קוים אַ מאָל זיך אויסגעגעבן... האָט איר שוין הייסט עס, ערגעץ אַ הארצקלעמעניש?

— וואָס זשע, איך בין דען קיין ייד נישט?

— כ'פאַרשטיי נישט, וואָס פאַר אַ משל איז אַהער, אַ ייד, צי נישט קיין ייד?

— מחמת האָבן הארצקלעמעניש איז אַ יידישע זאַך —

— טאָ דערציילט זשע אונדז טאַקע עפּעס וועגן אייער מיידעלע — שלמה, מיט אַ ביטערע שמייכעלע:

---

* געמיינט: „זענען ביידע גלייך אויף דער וואָג", האָבן ביידע אַ גלייכן באַגאַזש מיט מעלות־טובות.

— אָ! ווען איך הייב אייך חלילה אָן צו דערציילן וועגן מיין מיידעלע, וואָלט איר זיך מן הסתם פארשטעקט די אויערן...

סעסיל פּעטראָוונא, העכסט פארוואונדערט:

— פאר וואָס זשע?

— ווייל דער אָנהייב פון דער דערציילונג קען אייניקע מענטשן פארגיין אין דער נאָז ערגער פון ציבעלע...

— איך פארשטיי נישט קיין איין וואָרט. עפּעס רעדט איר מיט מיר תרגום־לשון.

— און איר ווילט טאַקע פארשטיין? ביטע. די פּאָעמע וועגן מיין געליבטער וואָלט זיך אָנגעהייבן מיט די דאָזיקע ווערטער: „דאָס איז געווען די שענסטע פרוי אויף אוקראַינע". נו, שמעקן אייך עפּעס אַזעלכע דיבורים? איר זענט דאָך אודאי זיכער, אַז דעם מאַנאָפּאָל אויף דעם דאָזיקן טיטול האָט איר, און פּלוצלינג גיי איך אים גאָר צורויבן ביי אייך...

און נישט געבנדיק קיין מעגלעכקייט דער רויט געוואָרענער סעסיל פּעטראָוונען אים צו ענטפערן, ווענדעט ער זיך צו דער באַלעבאָסטע:

— סאָפיאַ גריגאָריעוונאַ, אין גלעזערנעם בופעט, זע איך, שטייט ביי אייך אַ זויערער קאַווען. בין איך זייער נייגעריק צו וויסן, ווו קויפט איר געוויינלעך אָט די קראָם, ביי די גויעס אויפן מארק, צי אין די מאגאַזינען, וואָס באַקומען זיי פון די קאַגאַטן?

— ביי די גויעס גאָר? גאָט באַהיט! נאָר פון די קאַגאַטן! איך בין זיך אַזוי נוהג: ביז איך זע נישט אויף דער פּאָס די מארקע פון די מלוכהשע קאַגאַטן, נעם איך נישט קיין קאַווען, מען זאָל מיך אפילו אָפּגילטן —

— אַזוי נזהר זענט איר אין —

— נישט מחמת פרומקייט... הלמאי זאָל איך זאָגן אַ ליגן, מיר קוקן נישט אויף אַזעלכע זאַכן. נאָר די דאָרפישע גויעטעס טוען עפּעס אריין אין זייערע „קוואַסענענעס"* אַזעלכע משונהדיקע „ספּעצן",** אַז מיר קענען זיי נישט פארנעמען. זייער זויערוואַרג גיט עפּעס אָפּ מיט איבערגעברענטן סאַמאָגאָן*** און מיט נאָך עפּעס אַזוינס: מיט פוילע טיולקעס, צי מיט טוכלע אייער... ווייסט זיי אַ רוח, וואָס זיי טוען דאָרט אַזוינס אריין! דעריבער ריר איך זיך נישט צו צו זייערן אַ קאַווען, נאָר פון די קאַגאַטן.

— אויב אַזוי, איז סתם צוליב פּראַקטיק וויל איך אייך זאָגן, אַז זויערער קאַווען פון די קאַגאַטן איז קיין מאָל נישט טריף און עס מעגן אים

---

* געזייערטע זאַכן.

** געווירצן.

*** אַליין געמאַכטער בראָנפן פון גערשטן, פון ברויט, און אַממערסטן טייל פון מאַליאַס (אַ טונקל־ברוינע, אָדער אַ שוואַרצע זיסלעך־ביטערע, פליסיקע מאַסע. פסולת פון צוקער בעת דעם פאַבריצירן).

עסן נישט נאָר אזעלכע פּראָסטע „חי וקימס" ווי מיר, נאָר אפילו כמעל־
גיקער רבנים...

סאָניאַ גיט אַ פּליעסק מיט די הענט:

— אַך, אַ קאָפּ ביי מיר!... ווי אזוי האָב איך דאָס אליין נישט פאַר־
שטאַנען? אזאַ פשוטע זאַך האָט מיר אליין געמעגט קומען אויפן שכל.
וואַרט! איך האָב פיר קאַוועגעס, נישט איינעם —

שלמה נעמט אַרויס אַ טאַשן־מעסערל, די קאַוועגעס ווערן צעשניטן
און דער עולם כראָמטשעט געשמאַק. שלמה באַמערקט ווי סאָנקע קוקט
זיך אין עפּעס איין. ער שטעלט זיך אויף, כאַפּט הינטער אירע פּלייצעס
אַ קוק און מאַכט איר אַן אויסרעד:

— סאָנקע, פאַר וואָס האָסטו מיר נישט אומגעקערט בראָניעס פאָ־
טאָגראַפיע גלייך מיט יעדן? דערנאָך וועט מיר פעלן איינע, גיי זוך זי...
שטעק זי מיר אריין אין בוזעם־קעשענע, ווייל ביי מיר זענען נאָס די הענט.
טיפער, נאָך טיפער.

מען צעשניידט נאָך אַ קאַווען. שלמה באַטיילט דעם עולם. אָנגע־
שטאָכן אויפן מעסערל דערלאַנגט ער יאַנין אַ שטיקל קאַווען. יאַנים פנים,
זעט ער, איז געל ווי זאַפּרען. און די אויערן געל, און די ליפּן געל — אַ
מת! אַ פאַלנע מת! אויך פאָלי באַמערקט דאָס, און אינסטינקטיוו באַ־
גענגט זי זיך מיט שלמהס אויגן... ביידע פאַרשטייען זיי גוט, וואָס פאַר אַ
שייכות עס האָט דעם פאָטערס געלקייט מיטן גאַראַדישטשער רבס איי־
ניקל, וואָס סאָנקע שפּיגלט זיך אין איר אזוי די גאַנצע צייט. שלמהן דער־
לאַנגט ביז דער נשמה, דאָס סומנעקייט און דאָס חשכות, וואָס ליגט אויף
די פנימער פון יאַנין מיט אסתרן, און ער באַשליסט ביי זיך, צו געפינען
אַ געלעגנהייט אַ ביסל צו פאַרטרייבן זייער אומעט און זייער פינצטערע
מרה־שחורה.

# קאפיטל LIX

לייב: איר הערט, רבותי, אין אירקוטסק האָט מיט מיר אין שכנות געוווינט אַ פאָטאָגראַף. איך האָב זיך שוין אפילו איין מאָל אָנגעהויבן צו ביסלעך לערנען די מלאכה. אַזוי אַז אַ שטיקל מבין בין איך שוין לכל הדעות. קען איך אייך זאָגן חברים, אַז די פאָטאָגראַפיעס, וואָס שלמה האָט אונדז דאָ געוויזן, זענען פון אַן ערשט־קלאַסיקער קוואַליטעט. מען באַמערקט כמעט נישט דעם רעטוש.

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: יאָ, שלמה, איר ווייסט? קוים ווילט איר זיין אַ שרייבער, דאַרפט איר קענען אַ ביסל מאָלן אויך. מער אָדער ווייניקער, אָבער וויפל עס איז מוזט איר קענען. אַלע גרויסע שרייבערס מאָלן ווי עס איז. אפילו פושקין אַליין האָט אויך געהאַט זיינע אייגענע עסקיזן, אויטאָפּאָרטרעטן... אמת, געננג שלימזלדיקע, אָבער דאָך —

— און איך, מיינט איר, קען שוין גאָרנישט? צווישן קאַליקעס בין איך דער קלענסטער —

— טאַקע באמת? איר קענט אונדז ווייזן אַ פּראָבע?

— מילא בע, אַז עס איז נישטאָ קיין בעסערס מיט וואָס צו דערשטיקעווען אונדזער * вечеринка —

קען איך פרוון, פאַר וואָס נישט? וולאַדימיר, איר האָט אין שטוב קאַלקע,** בליישטיפטן, אַ ברעט?

סאָניאָ: וואָס פרעגט איר עפּעס? מיר האָבן דאָך אין שטוב אַ סטודענט פון פערטן קלאַס. אָט דערלאַנג איך שוין אַלע נייטיקע מכשירים.

אין איין הרף־עין וואַקסט אויס אויף אַן עק טיש, וואָס מען האָט ספּעציעל אָפּגערוימט: אַ שאַכטעלע מיט אַלערליי פאַרבן מיט אַ בערשטעלע, אַ פּינאַל *** מיט קאָלירטע בליישטיפטן, פּאַפּיר און אַ ברעט. אַלץ ווערט אָוועקגעשטעלט אַזוי, אַז עס זאָל זיין באַקוועם צו דער האַנט: דאָס ברעט אויף אַ בענקל, אָנגעשפּאַרט אין דער שאַפע; דאָס ליכט, פאַרהאַנגען פון דריי זייטן און קאָנצענטרירט נאָר אין איין ווינקל אַריין.

שלמה: נו, איצט מערקט אָן אַן אָביעקט. וואָס מאָלן מיר?

אַווראָם: מאָל נאָך אַ בילד פון דער וואַנט.

— אַ חכם אַ זון! דער עולם איז אַזוי אויך טויט־שלעפעריק, וועלן מיר זיך נאָך נעמען האָבן צו טון מיט טויטע זאַכן. מענטשן, מענטשן גיט אַהער! קאַנדידאַטורן —

ביעלסקי: אַליין, אַליין קלייבט אייך אויס! מאָלט וועמען איך געפעלט.

---

* אַ נאַכט־קערמישל.

** ספּעציעל פּאַפּיר אויף צו מאָלן.

*** אַ הילצערן קעסטעלע, ספּעציעל פאַר בליישטיפטן.

— גוט, איך וועל אויסקלייבן. איך וועל מאָלן גלייכצייטיק צוויי מענטשן אויף באַזונדערע בילדער. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וועלן זיין נאָר עסקיזן. אי דאָס, מן־הסתם שלעכטע, ווייל מער פון אַ האַלבער שעה רעזערוויר איך נישט אויף אָט דער נאַרישער אונטערנעמונג. ווי אַזוי זאָל איך מאָלן? אַנפאַס, צי אין פּראָפיל?

סעסיל פּעטראָוונאַ: אַנפאַס, אַנפאַס, נאָר אַנפאַס!

— גוט, זאָל זיין אין אַנפאַס. וועמען זשע נעמען מיר?

— נעמט מיך.

— ניין, אייך נישט!

— פאַר וואָס עפּעס אַזוי שטרענג?

— פאַר אַזאַ גראַנד־דאַמע ווי איר האָב איך מורא! איך קען נאָך פאַרזען וועלכן ס'איז ניואַנס פון אייער פיזיאָנאָמיע, כ'ווייס? אַ צו־להכעיס קנייטשעלע אין די ליפּן־ווינקלען, צי אַ חן־גריבעלע ערגעץ אויף אַ באַק, וועט איר מיר דאָס אייביק נישט מוחל זיין. ניין, ניין, פאַר אייך האָב איך מורא. די ערשטע ווערט איינגעלאַדן פּאָלי טולטשינסקי — אין זאַל אַ פליעסקעריי.

שלמה: זי איז פּאַרט אַ זיעמליאַטשקע...* מאָמער וועט אפילו זיין עפּעס נישט אַזוי געראָטן — און צו גאָט אַ האָפענונג, אַז אַזוי וועט דאָס זיין — וועט זי אויך קיין פּאַראיבל נישט האָבן. איאָ אַזוי, פּאָלינאַ יאַ־קאָוונאַ?

— קיין פּאַראיבל טאַקע נישט, נאָר זע, מאַך פון מיר נישט קיין סטראַשידלע.**

— דאָס וועט זיין געווענדט אין אייך אַליין. קיינער וועט אייך גאָר־נישט טון. ווי אַזוי איר וועט פּאָזירן, אַזוי וועט איר אויסזען. פאַרגעדענקט דאָס גוט —

פּאָלי האָט זיך אַ וואַקל געטון אויף די פיס, אַזוי ווי פון אַ שטויס. מנשה האָט זיך צוגעבויגן צו פרידמאַנס אויער:

— אַך, איז דאָס אַ שפּילקע, אָט דער שלמה! יש בוטה כמדקרות חרב...*** ער לאָזט זי אויף קיין איין רגע נישט פאַרגעסן דעם יום הכסה... שאַ, הלואי איך זאָל ליגן זאָגן, עפּעס קוקט ער שוין אויף מיר, דער נישט־גוטער. וואָס וויל ער?

שלמה: און די צווייטע פּערזאָן צו פּאָלין איז... מנשה כאָדראָוו!

אין זאַל ברעכט אויס אַ פּאָלנע שטורעם, מען פליעסקעט, מען שרייט. מנשה איז מלא חמה. ער שעפּטשעט ווידער פרידמאַנען אויפן אויער:

---

* זיעמליאַק — אַ בן־עיר. אין איין אָרט געבוירן.

** אַ מאַנעקען, אַ גולם, וואָס מען שטעלט אַוועק אין די גערטנער אויף אָפּצו־שרעקן די פייגל. די בוכשטעבלעכע איבערזעצונג: אַן אָפּשרעקונג.

*** מען קען אַ מאָל טרעפן מיט אַ וואָרט, פּונקט אַזוי גוט ווי מיט אַ קינזשאַל. פון „משלי״.

— איך ווייס נישט, וואָס דער פּאַרשוין טראַכט זיך... דאַכט זיך, מדברי סופרים איז: הבעלים מטפלים בנבלה...* האָ?

— און ער טראַכט זיך, אַז שלוחו של אדם כמותו... דאַכט זיך, מנהג העולם כך הוא?

און שווער נאָכדענקענדיק:

— איך זע, אַז שלמה שטעלט שטאַרק דעם טראָפּ אויף דעם „משכהו לבית־המדרש"... כ'ווייס? זיין רפואה איז זיכער אַ ריכמויקע... מיר, בשעתי, האָט „זי" זיך נישט געגעבן אין די הענט אריין, לא מימו אַן אלף —

פאַר מנשהן אָבער, איז פרידמאַנס הנחה אַ קנאַפּע נחמה. ער גיט ישלמהן אַ שלעפּ פאַר אַן אַרבל:

— גזלן, וואָס האָסטו צו מיר?

שלמה ווערט כהרף־עין ווי איבערגעביטן. זיינע אויגן גיבן צאַרנדיק אַ פינקל און ער זייעט אַרויס דורך די ציין:

— כך עלתה במחשבה לפני!...

פון אָט די געציילטע פיר ווערטער דערפילט מנשה מיט אַ מאָל, וואָס ביי אָט דעם לפנים פריילעכן שלמהן אין האַרצן קומט פאָר, און ער רעדט מער נישט קיין וואָרט.

שלמה באַזעצט דאָס פּאָרפאָלק אַקעגן זיך, ריכטעוועט צו דאָס ליכט, שטודירט מיט זיי איין די פּאָזעס, טרעט אָפּ אויף עטלעכע טריט, פאַר־ריכט וואָס עס איז און טרעט ווידער אָפּ. דאַן רופט ער זיך אָן, ווידער אַן אויפגערוימטער:

— נו, מנשה און פּאָלי! לעבעדיק און פריילעך! לאַכט פון דער וועלט און קוקט גלייך אויף מיר! פּאָליאַ, העכער אַ ביסל דעם קאָפּ! איר דאַרפט איצט אויסזען ווי די קעניגין מאַרגאָ... מנשה, פון אייך דערוואַרט איך אַ פרינץ יעווגעני. פאַרלייגט נאָר אַ ביסל די פאה הינטערן אויער. אויפן בילד איז נישקשה, אַז עס וועט נישט זיין דער שיעור. נו, פאַרטיק, צי ניין?

מנשה: שלמה, אפשר וואָלסטו פאַרט אָפּגעלייגט דאָס שטיקל אַר־בעט אויף אַ צווייט מאָל? פּאָלג מיך, ס'איז אַ געדאַנק —

— אויב איר וועט אַ סך רעדן, וועל איך מאַכן נישט קיין צוויי באַ־זונדערע פּאָרטרעטן נאָר איינעם אַ טאָפּלטן און וועל אים אַרויסהענגען אין קופּעטשעסקע־שול מיט אַן אויפשריפט: „מנשה דער כמעלניקער רב פּראַוועט חצות".

דאָס גאַנצע צימער ציטערט פאַר געלעכטער. מנשה דרייט זיך אויף אַלע זייטן, קען זיך קיין אָרט נישט געפינען.

שלמה: וואָס קוועטשט איך דאָרטן, וואָס איר קענט נישט איינזיצן אויף קיין אָרט? צי אפשר זענט איר נישט צופרידן מיט אייער שבנטע?

---

* געמיינט: ווען מיט אַ מענטשן טרעפט אַן אומגליק, ליידט ער איינער אַליין פון אים.

מנשה, אַ בייזער:

— הער זיך שוין אויף צו חכמהנען, און טו דיר דיינס. אַ גאַנצן אויפדערנאַכט נאָר ער קוועלט! טאָמער ווייסטו, וואָס איז די גדולה אויף אים?

שלמה נעמט אַרויס זיין נאָטיצביכל און וואַרפט אָן אויף רוסיש:

„מנשה גיט איבער פאַלין אויפן אויער, אַז זי זאָל מיטן זיצן לעבן אייך אין זינען האָבן יוצא צו זיין פאַר דער נסיעה אין טראַמוויי פונעם „אוניווערסיטעטסקע גאָראָדאָק" קיין מינסק".

צונויפגעדרייט דאָס צעטעלע, גיט ער עס אַ וואָרף מנשהן אין די הענט אַריין און אַליין נעמט ער פּרווון די פאַרבן. מנשה לייענט איבער און דערלאַנגט עס פאַלין. ביידע צעלאַכן זיך אויפן קול.

*

אַלע שטייען הינטער שלמהס פּלייצעס, בשעת ער גיט דעם ערשטן שמיר מיטן בערשטעלע. ער מאָלט גלייכצייטיק ביידע בילדער: אַ שמיר דאָ, אַ שמיר דאָרטן. זיין פּנים איז ערנסט, קאַלט און קאָנצענטרירט אין זיך. אין זאָל איז לחלוטין שטיל, גלייך ווי אַלץ איז מיט אַ מאָל אויסגע־שטאָרבן. פונעם שלאָפצימער הערט זיך דאָס זיסע שנאָרכן פון די קינדער, אויך דאָס „שמירעווען" פון דעם בערשטעלע אויף דער קאַלקע ראַצט לייכט דעם אויער. פון די ערשטע ליניען פאַרשטייט מען נאָך גאָרנישט. דער זייגער קלינגט מאָנאָטאָן: פינף מינוט, פופצן מינוט, צוואַנציק מי־נוט. אויפן פּאַפּיר הייבן ענדלעך אָן אַרויסצווואַקסן פּנימער: באַקאַנטע אויגן, ביז גאָר היימישע באַקן, מיילער, נעז, שטערנס... די פּאָזירנדיקע זיצן ווי די סטאַטועס, גיבן זיך נישט קיין ריר.

נאָך פינף און דרייסיק מינוט אַרבעטן וואַרפט שלמה אַוועק דאָס בער־שטעלע: די פּנימער זענען פאַרטיק! דאַוויד סאַלאָמאָנאָוויטש מיט לייבן כאַפּן שלמהן אונטער די הענט און ווילן אים נאָר אונטערוואַרפן. זייער אַנטציקונג גייט איבער אַלע גרעניצן: די פיזיאָנאָמיעס זענען בפירוש זייער ענלעך און פול מיט סימפּאַטיע. מנשה און פאַלי הייבן זיך אויף פון די ערטער און גלייכן זיך אויס די ביינער. מנשה איז עפּעס אי בייז, אי צופרידן.

אסתר: איצט דאַרפן מיר וואַרפן גורל, צו וועמען זאָלן די בילדער איבערגייען בירושה.

שלמה: מיר וועלן דאָס מיט גאָטס הילף מאַכן אָן אַ גורל. אונדזער „פּרינץ יעווגעני" פאַלט במילא אָפּ, די שוועסטער וואָלטן אים, דאַכט זיך, אַרויסגעטריבן פון דער שטוב, פאַר אַזאַ דרשה־געשאַנק. במילא בלייבט די איינציקע יורשטע אונדזער „קעניגין מאַרגאָ". מזל־טוב אייך אסתר. האָט איר שוין ברוך־השם, אַ רב אויך אין שטוב. זעט איר, איך האָב שטענדיק געזאָגט, אַז דער אַלמעכטיקער באַשעפער וועט אייך נישט פאַרלאָזן —

אלע לאַכן. פֿאַלי גייט צו, ווײַל נעמען די בילדער, נאָך שלמה כאַפּט זי אָן בײַ דער האַנט:

— פּאַרזיכטיק! איר זענט טאַקע אַליין די פּרימאַדאָנע, נאָר מיט בילדער — וועלכע זיי זאָלן נישט זיין — דאַרף מען זיך באַגיין צערטלעך. איר זעט דאָך, אַז די פֿאַרב האָט נאָך נישט אויסגעטריקנט. מען דאַרף דאָס בענקל אַפּטראָגן אין אַ ווינקל מיט דער ברעט צוזאַמען. מיכאל, זײַ אַ גוטער... און די קנאָפּקעס נעם אויך נישט אַרויס, ביז עס וועט נישט לחלוטין אויסטריקענען. אָט אַזוי, מאַלאַדיעץ. אַ דאַנק. אוי, איך פֿיל קיין הענט נישט פֿאַר מידקייט, די פֿינגער ווילן זיך אַזש נישט אײַנבייגן...

סעסיל פּעטראָוונאַ: וואָס זשע, איר זענט נישט שטאַרק געוווינט צו אָט דער אַרבעט?

— כ'בין טאַקע נישט געוווינט אויך. דאָס איז אויך אמת. שוין שיינע עטלעכע יאָר, אַז איך האָב זיך נישט צוגערירט צו קיין פֿאַרב. נאָר דער עיקר איז דאָס אָנגעשטרענגטקייט. מאָלן דאַרף מען רואיק, געלאַסן, נישט ווי איך —

— און ווער האָט אײַך דען געיאָגט אין האַלדז און נאַקן?

— איך האָב זיך אַליין געיאָגט. איך האָב זיך געוואָלט האַלטן בײַ דעם אָפּגעשמועסטן רעגלאַמענט.

וולאַדימיר: הערט, חברים, איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסן, וואָס טראַכט איר זיך? אַזאַ נאַכט אָפּזיצן און נישט מאַכן קיין קערטל? דאָס איז דאָך אַן אמתער חילול השם!

בעלאַ אַראָנאָוונאַ: אודאי, אודאי, אַ פֿינף הונדערט איינס.

קולות: ניין, ניין, לאָמיר בעסער מאַכן אַ זעקס און זעכציק, אַ אונטערוואַרפֿעכטס, אַ דוראַק.*

ביעלסקי: וואָס פֿאַר אַ קאָרטן גאָר אין מיטן דערינען? אויב שוין יאָ אין עפּעס שפּילן, וואָלט איך מיט פֿאַרגעניגן געמאַכט מיט שלמהן אַ פּאַרטיע שאַך.

יאַני: ניין, ניין, דאַמינאָ איז פֿרייליכער —

לייב: אויך מיר אַ שפּיל — דאַמינאָ! אַ דאַמקע פֿאַרשטיי איך נאָך. אין דאַמקע פֿאַרשמייס איך אַלעמען! ווער גייט קעגן מיר?

פרידמאַן: אין דאַמקע קענען דאָך שפּילן נאָר צוויי מענטשן און אין דאַמינאָ — פֿיר!

אַווראַם: יאָ, יאָ, נאָר דאַמינאָ.

שלמה, שמייכלענדיק:

— נו בקיצור, אויף וואָס האָט איר זיך אָפּגעשטעלט?

סעסיל פּעטראָוונאַ: אויף אַ פֿינף הונדערט איינס.

ביעלסקי: וואָס הערט איר זיי? נאָר אַ שאַך —

---

* אַזאַ מין שפּיל אין קאָרטן.

יאַני: ווער האָט אַצינד דעם קאָפּ אויף אַ שאַך? אַ דאָמינאָ! אַ דאָמינאָ ווייזט אַהער —

לייב: וואָס פאַר אַן אַנשיקעניש מיט דער דאָמינאָ? אַ ווייבערשע שפּיל: שטיינדעלע קלאַפּ, אייגעלע נעם. איר הערט מיך: נאָר אַ דאַמקע! אין דער שפּיל הרגע איך יעדן...

שלמה קאַטשעט זיך פאַר געלעכטער:

— ווי אַזוי זשע בלייבט עס פּאַרט: שור או כשב או עז?

קולות: וואָס איר וועט זאָגן... וואָס איר וועט זאָגן... קלייבט איר אַליין אויס...

שלמה: וולאַדימיר, איר האָט דען אין שטוב אָט די אַלע מינים שפּילגעצייג: קאָרטן, שאַך, דאָמינאָ און דאַמקעס, אויף צו באַפרידיקן דעם גאַנצן עולם, יעדן מיט וואָס אים גלוסט זיך?

— וואָס פרעגט איר עפּעס אַזעלכע זאַכן? מיר ווינען דען אויף אַ אינדזל, צי וואָס? קאָרטן זענען פאַראַן! שאַך פאַראַן! דאַמקע פאַראַן! און דאָמינאָ — אַזש צוויי קאָמפּלעטן, איינער אַ ביינערנער, דער צווייטער אַ ניקעלנער. איר האַלט אונדז אַ פּנים פאַר מאָנאַכן, האַ?

— מילא, אַנטשולדיקט. איך האָב געמיינט, אַז איר שטודירט אַזוי ערנסט אייער פּרעמיע, אַז איר האָט נישט ווען צו שפּילן.

— הלמאי זאָל איך זאָגן? די ביכער שטייען ביי מיר אפילו נישט קיין צעשניטענע. גראָד אויף דעם געביט פאַרלאָז איך זיך בשלמות אויף דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטשן, דאָס איז זיין בראַנזשע...

דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש: מוחל, מוחל! מען איז אייך מוחל די טובה... ער וועט שפּילן אין קאָרטן און איך זאָל אים לערנען „פּראַגן פון לעניניזם”. דווקא נישט קיין נאַרישער יונגערמאַן —

שלמה: וואָס טויג מיר? איר זענט ביידע גוטע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן, אויב איר וואַרפט זיך אַזוי גרינגשעצנדיק מיטן קאָמוניסטישן שולחן־ערוכל... בקיצור, רבותי און רבותיטעס: איר וועט מיך פאָלגן בנוגע דער שפּיל? אַז נישט, זאָג איך גאָרנישט.

קולות: יאָ, יאָ... פאָלגן... פאָלגן... וואָס איר וועט זאָגן, וועלן מיר פאָלגן.

— איך איינער וועל גלייכצייטיק שפּילן קעגן אייך אַלע אין אַלע אויסגערעכנטע מינים שפּילן חוץ, פאַרשטייט זיך, אין קאָרטן —

סעסיל פּעטראָוונאַ, אַן אַנטוישטע:

— פאַר וואָס אין קאָרטן נישט? עס שטייט אייך נישט אָן מיט אונדז צו שפּילן?

— אָט האָסטו דיר די צווייטע טעג יום־טוב! שוין לאַנג שטיל געוועזן...

— וואָס דען? פאַר וואָס עפּעס אין קאָרטן נישט?

— ווייל איך ווייס אפילו נישט, מיט וואָס מען עסט עס —

און צום איבעריקן עולם:

— באַלד, באַלד הייבן מיר אָן די שלאַכט, נאָר לאָזט מיך פריער צעשטעלן מיין דיוויזיאָן ווי עס געהער צו זיין.

אין זאַל ווערט אַ פּליעסקעריי עד לב־השמים. שלמה הייבט אויף אַ האַנט און עס ווערט צוריק שטיל.

— איז אַט ווי אַזוי מיר ווילן דאָס מאַכן: אַט דער טיש, אַז מען גיט אים אַ בעט, צערוקט ער זיך, דאַכט זיך, איאָ? צערוקן מיר אים און פאַרבעטן נאָך אַהער צו אויךביידע טומבאַטשקעס, כדי עס זאַל זיין גענוג גרוים. דאָן דערלאַנגט וולאַדימיר צום טיש דעם שאַך, די דאַמקע, ביידע דאָמינעס און דאָס טעשל קאָרטן. עס וועט ווערן געשפּילט אין 501 — צוויי פּאַרטיעס, שאַך — איין פּאַרטיע, דאַמקע — פינף פּאַרטיעס, דאָמינאָ — צוויי פּאַרטיעס. מיט אַזאַ חשבון, אַז אין איין שעה זאָל מען צוריק קענען אויפרוימען פונעם טיש און גיין אַהיים, איידער עס ווערט אין גאַנצן ליכטיק. מסכים?

איבערן זאַל צעטראָגן זיך רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן.

— שאַ—שטילער! ווי מיר האָבן שוין דאָ אָפּגערעדט שפּיל איך איינער קעגן אייך אַלע, אָדער, ווי אונדזער קאָמפּאָזיטאָרשע וויל האָבן — כמעט קעגן אייך אַלע. איצט דאַרף איך נאָר באַשטימען, ווער אין וואָס עס שפּילט און קעגן וועמען. לאָזט מיך טיפּזיניק אַ קלער טון. איר קענט אייך דערווייל פּליעסקען אויב ס'איז אייך נאָך נישט נמאס —

אין זאַל טראָגט זיך דורך אַ פריילעכער געלעכטער. פון מויל צו מויל גייט אַרום דעם רעדאַקטאָרס סברא, אַז שלמה האָט דאָ אַ ביסל איבער־געכאַפּט די מאָס. ער וועט זיך מיט אַזאַ עולם, און מיט אַזוי פיל פאַר־שידענע שפּילן נישט ספּראַווען, אַזעלכעס איז נאָך נישט געהערט געוואָרן. אַלע גרייטן זיך. אויפן טיש באַווייזן זיך שפּיל־מכשירים. אַלע בענקלעך און שטולן ווערן אויסגעשטעלט אויף איין זייט. שלמה בלייבט שטיין איינער אַליין פאַר אַ לאַנגן באַריער פון טישן און קליינע טישעלעך.

שלמה: נו, איר וועט הערן?

קולות: יאָ, יאָ... זאָגט שוין דעם אורטייל, נאָר מיט רחמנות...

— נאָר מיט רחמנות און מיט באַרעמהערציקייט. ווי דען? וולאַדי־מיר, איר מעגט שוין אָפּהענגען די לאָמפּן, זאָל ווערן אַ ביסל ליכטיקער. פאַרטאָג צו איז אַלע מאָל די עלעקטרי שוואַכער. אַלזאָ מיינע הערן און דאַמען, איך הייב אָן פאַרצולייענען דעם אורטייל פונעם בית־דין הגדול:

— אין צענטער פונעם טיש שפּיל איך מיט סאַמואיל לאַזאַראָוויטשן אַ פּאַרטיע אין שאַך.

אַפּלאָדיסמענטן.

— פון זיין רעכטער האַנט ווערט געשפּילט אַ פּאַרטיע אין דאָמינאָ. איך שפּיל קעגן יאַנין, און מנשה קעגן פרידמאַנען.

אַפּלאָדיסמענטן.

— פון סאַמואיל לאַזאַראָוויטשעס לינקער האַנט ווערט אויך גע־

שפּילט אַ פּאַרטיע אין דאַמינאָ. אין אַט דער צווייטער שפּיל איך קעגן
אווראַמען און דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטש קעגן מיכאלן.

אַפּלאָדיסמענטן.

— נאָך ווייטער אויף רעכטס, גייט אַ פּאַרטיע אין דאַמקע. און
לאָמיר זען, ווי אַזוי אַט דער סיביריאַק, לייב טולטשינסקי, נעמט זיך אָן
מיט אכזריות און הרגעט מיך אוועק פינף מאָל נאָך אַנאַנד.

רווישנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.

— לינקס, אויף די טומבאַטשקעס, כאַפּט מען אַ קערטל: וולאַדימיר
ווייסבלאַט, פּאָלינאַ יאַקאָוונאַ, סעסיל פּעטראָוונאַ און בעלאַ אַראָנאָוונאַ.
נאָר געדענקט אַלע: אָן אַפּערעס!... אַז נישט, בין איך בפירוש נישט
מוחל...

שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.

— שאַ—שטילער! דעם עיקר האָב איך נאָך נישט געזאָגט. אסתרן,
און סאָפיאַ גריגאָריעוונען לאָז איך איין, זיי זאָלן נעמען בענקלעך אויף
מיין האַלב און מיר צוהעלפן. ניומאַ מיט סאָנקען גייען אויף יענער זייט
העלפן זייער טאַטן, אַזוי ווי לייטישע קינדער טוען אַלע מאָל...

רווישנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.

— און דאָס קליינוואַרג שלאָפט אין די בעטן און די זויערע קאַווע-
נעס פון די כשרע קאַגאַטן האָבן מיר שוין מיט גאָטס הילף אומגעבראַכט,
און דער זייגער איז באַלד פינף, און אין זאַל, ווו עס קומט פאַר אַזאַ
משונה-מאָדנער טורניר, מוז הערשן אַן אידעאַלע שטילקייט. ווייל אויב
איר וועט טומלען, קען איך נאָך שטאַרק פאַרדולט ווערן און... און אומ-
גערן געווינען ביי אייך אַלעמען...

שטורמישע, אַלץ פאַרשלינגענדיקע אַפּלאָדיסמענטן.

אַלע פאַרנעמען זייערע פּלעצער און אין אַ מינוט אַרום הערט מען
שוין נישט אין זאַל קיין מינדסטן שאָרך, נאָר דעם מאָנאָטאָנעם שיכסקריפּ
פון שלמהן, וואָס שפּאַנט אַרום לענג-אויס די טישן אַהין און צוריק, און
דעם זייגערס ריטמישן טיק-טאַק.

*

עס איז פאַריבער אַ שטיק צייט. פון מאָל צו מאָל האָבן זיך נאָר
געהערט פאַרדומפּענע שעפּטשערייען:

— שאַך!

— שלאָג איינס און צוויי!

— ס'איז געדעקט!

— עס גייט אַרויס דער דובל-זעקס!

— גיט אויפן ניינטל!

— נעמט צו אייער טורעם!

— איר קענט זיך האַלטן מיט דער „באָבען" לאורך ימים!

— שלמה, איך בין דאַכט זיך פאַרקראָכן אין אַ בית-הצניעות...

— אייער „זיידע" שלאָפט שוין קיין עין־הרע מיט א זיסן שלאָף!
— אלע טויזן זענען ביי אים!
— או—וואַ! ניין און ניינציק! נאָך צוויי אויגן!
— מאַעסטראָ, פאַרשטעלט אייער קעניגין!

נאָך פאַר זעקס א זייגער האָט זיך דער עולם ביסלעכווייז אָנגעהויבן אויפצוהייבן פון די בענקלעך. דער ערשטער איז פאַרטיק געוואָרן לייב טולטשינסקי. אלע פינף פאַרטיעס האָט ער פאַרשפּילט, און נאָך מיט צוויי „אייגענע ווינקעלעך" פאַר א צוגאָב. ער איז געווען אויסער זיך, ער האָט געהאַלטן אין איין ווישן זיך דעם שטערן. זיך אויסגעשוויצט א ביסל איז ער מיט א שכורלעך גענגעלע צוגעגאַנגען צו דאַוויד סאָלאָמאָנאָוויטשן און האָט אים אַרויפגעלייגט א האַנט אויפן אַקסל:

— נו, דאַוויד, ווי גייען עפּעס דיינע געשעפטן? מיך האָט שלמה צע־לייגט ווי א באַראַן, נאָך ערגער ווי דיך אויף דער פּאָדלאָגע...

— דערווייל, ביז עפּעס וואָס, האָב איך שוין איין פאַרטיע פאַרשפּילט. די צווייטע קען מען נאָך נישט וויסן...

— אָבער מען קען שוין שטעלן אויף דער חזקה —

— וואָס דען מיינסטו? מן הסתם וועל איך די צווייטע אויך פאַרשפּילן —

— זענען מיר דאָך אלע איינע שלימזלים... ער האָט מיך כשר גע־מאַכט און איינגעזאַלצן ווי א הינדעלע... פּשוט א הורג־נפשות — און שוין! זינט איך לעב —

שפּעטער א ביסל האָבן זיך אויפגעהויבן די אָנטיילנעמערס פון דער פאַרטיע דאָמינאָ, וואָס האָט זיך געשפּילט פון סאַמואיל לאַזאַראָוויטשעס לינקער האַנט. שלמה מיט אַווראַמען האָבן געוווּנען ביי דאַוויד סאָלאָמאָנאָ־וויטשן מיט מיכאלן. לייב איז געווען מלא־גדולה, — נישט נאָר ער איז „צע־לייגט" געוואָרן. דערנאָך זענען פאַרטיק געוואָרן די קאָרטנשפּילערס. יעדער איינער פון די אָנטיילנעמערס האָט טיילווייז געוווּנען און טיילווייז פאַר־שפּילט. די צווייטע פאַרטיע אין דאָמינאָ איז צוגעגאַנגען שווערלעך. מנשה מיט פרידמאַנען האָבן געשטעלט א שטאַרקן ווידערשטאַנד, און סוף כל סוף איז זיי טאַקע געלונגען צו געווינען די צווייטע פאַרטיע. די ערשטע האָט יאַני מיט שלמהן געוווּנען. פון יענער זייט טיש איז קענטיק לײדיק געוואָרן, נאָר ביעלסקי איז געזעסן א פאַרטראַגענער און האָט מיט די פינ־גער געשריבן נאָטן אויפן טיש. שלמה איז געשטאַנען פון דער צווייטער זייט טיש און האָט א פאַרטראַכטער געדרייט דאָס קנעפּל פונעם פּידזשאַק. אלע „אָפּגעשפּילטע" האָבן אַרומגעשטעלט די שאַכמאַטיסטן און האָבן זיי געהאָלפן טראַכטן. די לאַגע איז געווען זייער א געשפּאַנטע. ביעלסקי איז אַריין צו שלמהן אין טיל אַריין מיט א זעלנער און עס איז אים נאָך גע־בליבן צו מאַכן איין גאַנג, אז פון דעם זעלנער זאָל ביי אים צוריק ווערן א קעניגין. שלמה האָט מיט א פערד און מיט אן אָפיצער געמאַטערט זיין קעניג. טרייבנדיק אים פון איין אָרט אויפן צווייטן. קיין קעניגינס, קיין טור־

רעמס האָבן זיי שוין ביידע לאַנג נישט געהאַט. ענדלעך האָט שלמה גע־מאַכט אַ „שטילן" גאַנג מיטן אָפּיצער. ביעלסקי האָט תּיכּף ומיד געמאָלדן, אַז ער האָט שוין אַ קעניגין און שלמה האָט אויך תּיכּף ומיד געזאָגט מיטן פערד: שאַך און מאַט! דער קלאַפּ איז געווען אַזאַ אומגעריכטער, אַז ביי סאַמואיל לאַזאַראָוויטשן האָבן אַזש אָנגעהויבן צו ציטערן די ליפּן און די הענט. שלמה האָט אים צוריקגעגעבן דעם לעצטן צוג, נאָר אויפן דריטן גאַנג איז ער במילא געווען מאַט. לאַנג האָבן זיי זיך ביידע געדריקט די הענט. נאָך דעם ווי מען האָט צונויפגעלייגט דאָס גאַנצע שפּילגעצייג, האָט שלמה באַדאַנקט זיינע פּאַרטנערן פאַר דעם פאַרגעניגן, וואָס זיי האָבן אים צוגעטיילט, דאַן איז ער אַרונטערגעגאַנגען הינטערן פּאָרהאַנג און האָט פון דאָרטן אַרויסגעטראָגן זיין פּאַלטאָ מיט דער קאַשנע.

# קאפיטל LX

דאָס באַווייזן זיך פון שלמהס אייבערשטע מלבושים אויף דער ליכ־טיקער שיין, האָט ווי אויף פליגל אַ טראָג איבער געטון דעם גאַנצן עולם אין אַ לאַנג פאַרגעסענער וועלט. אַלע מיט אַ מאָל האָבן זיך אַ לאָז געטון נאָך די פּאַלטעס. עס האָט אויסגעזען ווי אויף אַ וואָקזאַל, ווען דער קאָנ־דוקטאָר זאָגט אָן דעם עולם, אַז דער צוג דערנעענטערט זיך. סאָניאַ גיט אַ פּאַטש מיט די הענט:

— חברים, שוין? אָט דאָס איז עס?

שלמה: נאָך נישט צייט? נאָך זעקס אַ זייגער איז נאָך אַלץ קאַרג? אין אַ שעה, אַנדערטהאַלבן אַרום וועט שוין מן הסתם אָנהייבן צו טאָגן...

— אַך, אַך, אַך... אַזאַ שאָד, אַזאַ שאָד...

שלמה, כלומרשט דערשראָקן:

— וואָס איז, וואָס פאַר אַ שאָדן האָט איר? עפּעס צעבראָכן?

— יאָ, צעבראָכן... עס איז מיר אַ שאָד, וואָס איך בין נישט געפאַלן אויף דעם שכל, בעת איר זענט געווען פאַרטיפט אין שפּילן, אַ רוק טון דעם זייגער צוריק אויף אַ שעה.

— אָט דאָס איז גאָר? פּכע! קיין גרעסערן שאָדן זאָלט איר נישט האָבן. מילא, וואָס קען מען העלפן? דער אייבערשטער וועט אייך שוין מוזן ממלא זיין.

אַלע זענען אָנגעטון. די ווייסבלאָטס אויך. זיי גייען אַ ביסל באַגלייטן די געסט. ביי יעדן פון זיי איז אָנגעשריבן אין די אויגן אייגנס און דאָס זעלבע: קשה עלי פרידתכם...

מעסיל פּעטראָווונאַ שענקט שלמהן אַ גליענדיקן קוק:

— סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, איר האָט נאָך נישט פאַרגעסן, אַז מיר, דאָס הייסט איך מיט מיין מאַן, האָבן זיך מיט אַן ערנסט גענומען צו ווערן ערלעכע יידן?

— געערטע קאָמפּאָזיטאָרשע, איר מיינט, אַז איר טוט דערמיט עמעצן אַ טובה? דאָס איז אין אייערע אינטערעסן. סאַמואיל לאַזאַראָוויטש, ערשט נישט לאַנג איז אין דער פּרעסע געווען, אַז איר שרייבט שוין, ברוך־השם, אַ נייע אָפּערע. איז אָט וועט איר אומיסטן זען, אַז נאָך דעם ערשטן מאָל תפילין־לייגן, וועט אייער נגינה נתרומם ווערן לעילא ולעילא מן כל ברכתא ושירתא... כ'פאַרזיכער אייך, גאָטס הילף איז זייער אַ גוטע זאַך. אָט איך למשל, לעב מיטן אייבערשטן מער־ווייניקער בשלום. אמת, קיין גרוי־סע זאַכן קען איך אים נישט געבן, נאָר מיין אָרעמע נשמה בין איך אים שטענדיק גרייט אוועקצושענקען, און ער ווייסט דאָס נישט ערגער פון מיר אַליין. איז גליב איך, אַז ווען איך בעט ביי אים איצט עפּעס, לאָמיר זאָגן: ער זאָל מיר מזמין זיין אַן אויטאָ ביז אַהיים — שיקט ער מיר צו. נישט מער, איך שעם זיך גאָר צו בעטן ביי אים אַזאַ נאַרישקייט —

— נו גוט, איך בין מסכים מיט אייך, אַז קיין דאַנק פאַר דעם צו־

ריקקער קומט אונדז נישט. ס'איז נאַריש. אָבער אַ שטיקל פּרעמיע קומט, צי ניין? עלעהיי איר וואָלט געווען קוואַטער אויף אַ ברית, אָדער געגאַנגען מיט אונטערפירנס ביי אַ חופּה, וואָלט איר דען נישט געמוזט געבן קיין מתנה, הא?

שלמה, מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל:

— אַן עק, לאָמיך שוין הערן, וואָס ווילט איר? וואָס פאַר אַ מתנות זאָל איך אייך געבן?

סעסיל פּעטראָווונאַ מיט אַ תחנונימדיק קול:

— אַט אַזוי ווי איר שטייט און גייט, אין פּאַלטאָ און מיטן שאַרפּעלע, זינגט אונדז נאָך עפּעס... ווער ווייסט, ווען מיר קענען זיך באַגעגענען נאָך אַ מאָל... איך וויל זאָגן —

שלמה גיט אַ שטאַרן קוק אויף איר און צעשפּיליעט גלייך דעם פּאַל־טאָ:

— געראַכט, עס קומט אייך. וואָס זשע אַזוינס זאָל איך אייך שפּילן? זאָגט מיר עמעצער אונטער... שאַט! איך וועל אייך זינגען אַ באַקאַנטע רוסישע ליד, וואָס אַלע האָבן זי שוין זיכער געהערט הונדערטער מאָל, נאָר מיר ווערט זי קיין מאָל נישט נמאס. אויף מיר האָט אָט דער מאָטיוו אַ גוואַלדיקע ווירקונג. אַלע מאָל ווען איך הער אָט די רירנדיקע מעלאָדיע, באָדט זיך מיין נשמה אין ווייטיקלעכער בענקשאַפט און איך ווער אַרי־בערגעטראָגן אין אַ ווייטער, געגלוסטער וועלט. איר אויך מסתמא. אַזוי צי אַנדערש — איך הייב אָן:

Где те лунные ночи?
Где это пел соловей?
Где те карые очи?
Кто их ласкает теперь?
Где тихо журчавшая речка?
Где те нежные слова?
Светлой лазурью облачившись,
Ушли они в чужие края... *

---

* ווו זענען יענע לבנה־נעכט?
ווו האָט עס געזונגען דער נאַכטיגאַל?
ווו זענען יענע שוואַרצע אויגן?
ווער צערטלט זיי אַצינד?
ווו איז דאָס שטיל־מורמלענדיקע טייכל?
ווו זענען יענע צערטלעכע רייד?
זיך איינהילנדיק אין העלער בלויקייט,
זענען זיי אַוועק אין פרעמדע קאַנטן...

אין דעם גרויסן זאַל האָט זיך שטורמיש אַריינגעריסן אַ מעכטיקער שטראָם מיט זיסע, זיידענע, האַרץ־נאַגנדיקע טענער. יעדן באַזונדער האָבן זיך נישט ווילנדיק דערמאָנט אייגענע, נישט פאַרווירקלעכטע חלומות; ווייטע, פאַרנעפּלטע קינדער־פאַנטאַזיעס... „לבנה־נעכט", „שטיל־מורמלענ־דיקע טייכל", וועמען זענען אַזעלכע זכרונות נישט איינגעבאַקן אין האַרצן? — „דער נאַכטיגאַל", „שוואַרצע אויגן", „פרעמדע קאַנטן" — ווער האָט זיי נישט באַגעגנט אין זיין לעבנסוועג? נישט קוקנדיק דערויף, וואָס אַלע דערביי שטייענדיקע זענען דערוואַקסענע מענטשן, וואָס אייניקע זענען שוין אין אַזאַ עלטער, ווען ס'איז שוין גאָר אַ בזיון זיך פאַרגעסן ביי עפּעס אַ לידל, פון דעסט וועגן שטייען ביי פיל פון זיי טרערן אין די אויגן. זיי קו־מען צופליסן אומגעפרעגט. דאָס קול פונעם זינגער האָט זיך ביי עמעצן געבעטן רחמים, ווי דער לעצטער וויגעשריי פון אַ זיך טרינקענדיקן... די אַקאָרדן האָבן זיך אַלץ געשטאַרקט, די פּיאַנינע האָט פיבערדיק געציטערט מיט אַלע אברים, אַלע האָבן געהאַט דאָס געפיל, אַז זי וויגט מיט זיך דאָס צימער, דעם מויער, די גאַס... דאָס קול האָט געהאַלטן אין איין טוקן זיך, ווי אַ פאַרלוירן שיפל אויף ברויזנדיקע כוואַליעס. אָט נידערט עס אַראָפּ ביזן סאַמע אָפּגרונט, אַזוי אַז קוים וואָס מען הערט שוין דאָס קרעכצן פון דער צאַנקענדיקער נשמה. נאָר אָט גיט אַ שטורעם דער ים, דער אָפּגרונט שפּייט אַרויס זיין רויב, דער פאַרלוירענער באַווייזט זיך ווידער אויף די כוואַליעס. ער כאַפּט די לופט מיט די הענט, ער שרייט, ער לעכערט ממש דעם הימל מיט זיין געשריי...

אַלע שטייען אין די פאַלטעס, די קעפּ אַראָפּגעלאָזט. יעדן איינעם טוט באַנג, וואָס אפילו אַזאַ וווּנדערלעכע נאַכט מוז אויך האָבן אַ ענדע. פּאָלי זעט אויס זייער בלייך. דאָס בלאַסקייט פון איר פּנים שפּיגלט זיך שטאַרק אָפּ אויף איר קויל־שוואַרצן קאָטיקענעם קאָלנער. שטיל שלייכט זי זיך צו און שפּאַרט זיך אָן אין דער ראָם פון דער טיר. די קולות שטאַרבן ביסלעכווייז אָפּ. די בייזע כוואַליעס בושעווען ווילד, און דאָס פאַרלוירענע לעבן געזעגנט זיך אויף אייביק מיט דער וויסער וועלט... נאָך אַ גאַמע, נאָך אַ טרעל, נאָך אָן אַקאָרד, נאָך אַ טאָן, אַ קאָנוווּלסיווער ציטער פון אַ גוסס — און עס האַקט זיך איבער דער פאָדעם. אַלץ איז אויס!

דער אָפּגרונט האָט גובר געווען...

דער גאַנצער עולם שטייט פאַרזונקען אין טרויעריקע מחשבות. קיי־נעם פאַלט אפילו נישט איין אַזאַ גראָבקייט, ווי אַפּלאָדירן פאַר אַזאַ מין נגינה. סעסיל פּעטראָוונאַ כאַפּט אָן שלמהס האַנט און דריקט זי שטאַרק, שטאַרק צונויף. זי ווייסט גאָרנישט, וואָס מיט איר טוט זיך:

— איך האָב נישט קיין ווערטער אייך אָפּצודאַנקען, סאָלאָמאָן אַראָ־נאָוויטש. אין מיין אָרעמען לעקסיקאָן זענען גאָר נישטאָ אַזעלכע אויס־דרוקן וועלכע זאָלן גענוג זיין. נאָר איר ווייסט וואָס? אַזוי ווי איר זיצט שוין במילא, שפּילט שוין נאָך איין זאַך. ניין, צוויי זאַכן! אויף מיין ערנ־וואָרט: נישט מער ווי צוויי זאַכן! איך בעט אייך —

— אַן עק! געפועלט, געפועלט. איר האָט דאָס מאָל מכוון געווען צו דער שעה של רחמים. ווידער אַ מאָל? אַז איך זאָג געפועלט, דאַרפט איר דאָך שוין אַזוי נישט צינדערן און פלאַטערן. איצט וועל איך אייך זינגען אַ פּאַרצייטיקן ראָמאַנס, וועגן צוויי יונגע, ענג־פאַרקניפּטע נשמות, וואָס גייען איבער קלוגע, אָדער נישט קלוגע מאָטיוון זיך צעשיידן. די „געליב־טע" — הערן מיר אין דעם ליד — זאָגט אָן אַ צוואה דעם „געליבטן". זי לערנט אים ווי אַ „געטרייע מוטער", ווי אַזוי ער זאָל זיך נוהג זיין בינו לבין עצמו נאָכן „ריס". זי מאַכט אים קלוג, לייענט אים אַ גאַנץ לאַנגע פילאָזאָפישע לעקציע. דאַקעגן, וועגן זיך טראַכט זי גאָרנישט. אַ שטייגער, זי זאָל זיך אַליין אַ פרעג טון: ווי אַזוי וועט זי אַליין זיך נוהג זיין נאָכן „ריס"? ווי אַזוי וועט זיך דאָס אָפּרופן אויף אירע אייגענע געפילן? — דאָס פרעגט זי נישט און וועגן דעם קלערט זי נישט! זי האָט נאָר אין זינען אים. אים איינעם, דעם אָפגעשטויסענעם. די מוזיק איז זייער אַ רירנ־דיקע, אַ נשמהדיקע. איך רעכן, אַז זי וועט מוזן געפעלן ווערן אפילו אונד־זער גרויסן מבין, סאַמואיל לאַזאַראָוויטשן —

ביעלסקי: איך שרייב אייך שוין אונטער...

— פון דעם דאָזיקן ליד ווייעט מיט האַרבסטיקן אומעט און מיט לאַחר־יאושדיקן חושך. עס רופט ביי אונדז, צוהערער, נישט אַרויס קיין מיטליד צו די, אַזוי־גערופענע: נפשות האובדות, נאָר גראָד פאַרקערט: דאָס האַרץ דערלאָזט נישט זיך אפילו צורירן מיט אַ פינגער, עס גלוסט זיך אפילו נישט העלפן דעם פאַרצווייפלטן פּאָרל. דער גאַנצער ענין זייע־רער איז עפּעס ווי „מוקצה מחמת מיאוס". דער וואָס הערט דאָס ליד פילט און ווייטיקט דווקא מיט מיט זיי, אָבער אַ טיפע אַפּאַטיע שעפּטשעט אים אויפן אויער: לאָז זיי!... לאָז זיי!... הגם זיי ברענגען אום זייער גליק מיט די אייגענע הענט, אָבער לאָז זיי. דערפאַר וועלן אַנדערע, אויף זיי קוקנדיק, שוין קליגער זיין... אָט דאָס אומגעפער פיל איך אין דעם דאָ־זיקן ליד. פאַר אייך, פאַרשטייט זיך, איז פילן דאָס זעלבע נישט קיין חובה, נאָר אַ רשות...

דאָס פידעלע גיט אַ פּאַכע אין פוסטן חלל פונעם צימער מיט זיין מעכטיקן אָדלער־פליגל און שלמה רעדט שוין אויף דעם מיט אַ האַרציקער שטימע, וואָס גלעט צערטלעך ביי דער נשמה:

Осталось не мало на душе,
Недосказанных слов,
И не все еще исчерпаны ласки —

---

* עס איז געבליבן נישט ווייניק אויף דער נשמה
נישט דעררעדטע רייד,
און אויך נישט אַלע צערטלעכקייטן זענען שוין אויסגעשעפּט —

Но конец наступает пленительной сказке,
Ведь последний с тобой, мы встречаемся раз —

Прощай мой мальчик, не рыдай,
Забудь меня и не скучай —
В любви не надо ждать огней заката,
Пусть наши чувства нами будут смяты
И на прощание ручку дай,
Прощай мой милый, не вспоминай..

Надо чувства порвать, при несмятых цветах,
В ярком призраке знойного лета —
И разстанемся с гордой улыбкой привета,
Любовь, правда, ушла от нас,
Но ведь память о ней живет в наших сердцах —

Прощай мой мальчик, не рыдай,
Забудь меня и не скучай —
В любви не надо ждать огней заката,
Пусть наши чувства нами будут смяты,
И на прощание ручку дай,
Прощай мой милый, не вспоминай...

---

אָבער עס קומט אָן דער סוף פון דעם צויבערנדיקן מעשהלע,
מיר באַגעגענען זיך דאָך איצט מיט דיר צום לעצטן מאָל —

בלייב געזונט, מיין יינגעלע, נישט וויין,
פאַרגעס אין מיר, און זיי נישט אומעטיק —
אין ליבע דאַרף מען נישט וואַרטן אויף די שקיעה־פייערן,
זאָלן אונדזערע געפילן דורך אונדז אַליין צעטראָטן ווערן —
און צום געזעגענען זיך, דיין הענטל גיב,
זיי געזונט, מיין ליבער, דערמאָן זיך נישט אין מיר...

מ׳דאַרף די געפילן צעררייסן, ווען די בלומען זענען נאָך נישט צעטאָפּטשעט,
אין העלן שאָטן פון הייסן זומער —
און מיר וועלן זיך צעשיידן מיט אַ שטאָלצן באַגריסנדיקן שמייכ:ל,
די ליבע האָט זיך טאַקע אָפּגעטון פון אונדז,
אָבער דער אָנדענק וועגן איר לעבט דאָך אין אונדזערע הערצער —

בלייב געזונט, מיין יינגעלע, נישט וויין,
פאַרגעס אין מיר, און זיי נישט אומעטיק —
אין ליבע דאַרף מען נישט וואַרטן אויף די שקיעה־פייערן,
זאָלן אונדזערע געפילן פון אונדז אַליין צעטראָטן ווערן —
און צום געזעגענען זיך, דיין הענטל גיב,
זיי געזונט, מיין ליבער, דערמאָן זיך נישט אין מיר...

Скоро осень придет,
А за нею зима,
Видишь, к югу летят вереницы,
Это к югу несутся перелетные птицы —
Это наша любовь улетает от нас...
Прощай любовь моя, прощай,
Забудь меня, и не скучай —
В любви не надо ждать огней заката,
Пусть наши чувства нами будут смяты —
И на прощание ручку дай,
Прощай мой милый, не вспоминай... *

אַלע געסט און די באַלעבאַטים זענען געשטאַנען אין די פּאַלטעס און אין די פוטערס. דער קאַנדעלאַבער, אַ מידער און אַ שלעפּעריקער, האָט מיט אַ געלבלעכן גלאַנץ אומעטיק באַלויכטן דעם פּוסט געוואָרענעם פּיל־פּיסיקן טיש מיט די דרימלענדיקע מעשענע קנעכל. אין די אַלגעמיינע אָפּרו־טעג שטעלט זיך חלילה נישט אָפּ די טעטיקייט אין לאַנד, ווי פאַר די צאַרישע צייטן, אין די „זונטיקס". דער „פינפיאָר"־פּלאַן וועט נישט וואַרטן. רוען אויף אַן אמת, רוען נאָר די צענטראַלע אינסטיטוציעס, די העכערע אַנשטאַלטן, אָבער די „אויספירנדיקע אַפּאַראַטן", דאָס פאָלק, אַרבעט בלי הפסק, מען בייט זיך מיט די וואַכטעס און מען אַרבעט. אומעטום, אין אַלע צעוואָרפענע עקן פון דעם ריזיקן כרך — קיעוו, האָבן אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן הונדערטער צעכן, גרויסע און קליינע. הונדערטער אַנשטאַלטן און קאַנצעלאַריעס האָבן אָנגעהויבן צו דרייען זייער טאָג־טעגלעכן קאַרוסעל. עס האָבן ברייט צעעפנט זייערע טירן: קאָנטאָרן און מאַגאַזינען, סקלאַדן און באַזעס, קיאָסקן און פיליעס, סטאָלאָוועס און בופעטן, פּאָסטן און שפּאָרקאַסעס, שפּיטעלער און בעקערייען, אינסטיטוטן און קינדערשולן, טראַמווייען און טראָלייבוסן, דער פוניקוליאָר און הונ־

אין גיכן וועט אָנקומען דער אָסיען,
און נאָך אים דער ווינטער,
זעסט, צו דרום צו פליען לאַנגע סטייעס,
דאָס ציען זיך אויף דרום וואַנדערנדיקע פייגל —
דאָס פליט אונדזער ליבע אַוועק פון אונדז...
בלייב געזונט, געליבטער מיינער, פאַרבלייב געזונט,
פאַרגעס אין מיר, און זיי נישט אומעטיק —
אין ליבע דאַרף מען נישט וואַרטן אויף די שקיעה־פייערן,
זאָלן אונדזערע געפילן פון אונדז אַליין צעטראָטן ווערן —
און צום געזעגענען זיך, דיין הענטל גיב,
זיי געזונט, מיין ליבער, דערמאָן זיך נישט אין מיר...

דערטער ליפּן. אַ גאַנצע מחנה פּיסקעס און פּיסקעלעך האָבן מיט אַ מאָל אויסגעצויגן זייערע זוילע־וסובאַדיקע ליפּן און אָנגעהויבן צו זויגן פון דער קיעווער מעכטיקער עלעקטראָ־סטאַנציע. און טאַקע דערפאַר אַ פּנים איז די ליכט פון דעם פּיל־לאָמפּנדיקן קאַנדעלאַבער ביי די ווייסבלאַטס געוואָרן אַלץ טעמפּער און קוימיקער. די שיין איז עפּעס געווען ווי נידער־געשלאָגן, אַבלדיק. אַלע האָבן מיט פאַרמאַכטע אויגן געזען די צוויי פאַר־ליבטע יונגעלייט אויף זייער שייד־וועג, געזען דעם טיפן טרויער אין זייערע אויגן, געפילט די אַנגסטן פון זייערע פאַרפּירטע נשמות, און זענען נישט ווילנדיק מיטגעריסן געוואָרן מיט זייערע אומגליקלעכע געמיטער.

פּאָלי איז נאָך אַלץ געשטאַנען אָנגעשפּאַרט לעבן דער טיר. איר פּנים איז געווען אַזוי ווייס, ווי די ווייסע איילפּאַרב, מיט וועלכער די טיר איז געווען אויסגעפאַרבט. דאָס האַרץ האָט איר געזאָגט, אַז מיט דעם דאָזיקן ליד האָט איר שלמה אויסגעלייגט די קאָרטן זייער פּינקטלעך. ווי אָנגע־גליטע נאָדלען האָבן זי געשטאָכן אין קאָפּ די אכזריותדיקע ווערטער:

«Ведь последний с тобой, мы встречаемся раз»*

פאַר וואָס זאָגט ער אַזוי? פאַר וואָס זוכט ער אַלץ אויס אַזעלכע האַרצ־רייסנדיקע ראָמאַנסן? שוין זשע גלייבט ער טאַקע אויף אַן אמת, אַז זי איז נישט פעאיק אויסצושטרעקן די האַנט און אויפצוהייבן איר גליק? גאָט מיינער! ווי אַזוי וואַגט ער גאָר אַזעלכעס צו טראַכטן? דאָס אַליין איז דאָך שוין אַ רציחה פון אים! זי קען דען איין מינוט לעבן אָן אָט די צוויי לייכטנדיקע, גוטע, ערלעכע, קלוגע אויגן? אָן זיין נישט־אויס־שעפּנדיקן קוואַל פון מוט און פרייד? זי וועט דען אויף לאַנג דויערן אָן דער נשמה־יתירה, וואָס שלמה בלאָזט אין איר אַריין מיט זיין בליק, מיט זיין וואָרט, מיט זיין אָטעם, און אפילו בלויז מיט זיין אָנוועזנהייט?!

פאַר וואָס עפּעס זאָגט ער: «Любовь ушла от нас»?*

פאַר וואָס איז עפּעס: «Конец наступает сказке»? **

פאַר וואָס איז עפּעס: «Наша любовь улетает»? ***

באַרעכן נאָר, זי גייט שוין מיט אים אַרום אַזאַ צייט און האָט אים גאָר ביז היינט נישט געקענט! אַך, איז דאָס אַ שלעכטער מענטש! אַ נוקם ונוטר... דעם אמת גערעדט האָט זי געקלערט אויפהייבן אַ ווייסע פאָן ערשט העט־העט שפּעטער, אין דער לעצטער מינוט... אָבער איצט ברענט אין איר אַזוי דער כעס אויף אים, זי איז אַזוי פאַרגיפטעט פון זיינע „פּערל־דיקע” ראָמאַנסן, אַז זי וואַרט מער נישט!... איצט, אָט דאָ, טאַקע באַלד, טאַקע שוין, פאַר אַלע אין די אויגן — טראָגט זי אים צו די האַנט און דריקט זיך צו מיט איר בלוטנדיק האַרץ צו זיינעם, צו איר מעכטיקן באַ־

* „מיר באַגעגענען זיך דאָך איצט מיט דיר צום לעצטן מאָל”

** „די ליבע האָט זיך אָפּגעטרעטן פון אונדז”

*** „עס קומט אָן דער סוף פון דעם מעשהלע”

**** „אונדזער ליבע פליט אַוועק”

שיצער... וואָס עס וועט זיין, וועט זיין, אָבער אַן עק מוז דאָס נעמען! זי קען שוין נישט מערער... זי איז נישט מער ווי אַ מענטש, ווי אַ שוואַכע פרוי. איר האַרץ איז שוין דורכגעלעכערט פון דער דאָזיקער געשיכטע. זי פאַלט שוין פון די פיס. פון דעם זעכצנטן דעצעמבער אָן, אַז ווערעם פרעסן איר לייב. ניין, זי מוז שוין מאַכן אַן ענדע צו אָט דעם בלוט־צאַפּעניש!
«Надо чувства порвать»* , זאָגט ער. אים אויף צו להכעיס גייט זי שוין צו מיט דער הסכמה, און זאָל ער זען, וואָס פאַר אַ פּנים ער האָט ביי איר מיט זיינע פּעפּערדיקע חכמהלעך! נאָר עס געהער זיך נישט אָן, אַזוי גלאַט וועט דאָס אים נישט אָפּלויפן... ער וועט ביי מיר אויף די קניען בעטן מחילה פאַר אָט דעם פּאַסקודנע, אומווירדיקן לידל... און בכלל: פאַר אַלע לידלעך, פאַר דער מעשה מיט גאַגרע, פאַר דעם גיין אין אָפּערע מיט אָט דער אָדעסער יאַלדאָווקע, פאַר זיין נישט אויסרעדן צו מיר קיין איינציק וואָרט אָן אַ שפּילקע, מיט איין וואָרט — פאַר דער גאַנצער נאַכט... נאָר איצט גיי איך זיך אונטערגעבן, זיך מכניע זיין... גאָט פון מיין שלמהן! באַשיץ מיך דאָס מאָל פון אַ דורכפאַל, פון לייטיש געלעכטער, פון אַ קאַלטן ענטפער...

אַן אַנטשלאָסענע וואַרפט זי זיך אָפּ פון דער טיר און מאַכט עטלעכע שפּאַן אין דער ריכטונג צו דער פּיאַנינע, נאָר אין דער זעלבער מינוט לייגט ביעלסקי אַרויף זיין האַנט אויף שלמהס אַקסל, פאַרקוקט אים מיט ליבע אין די אויגן און זאָגט אַן אַנטציקטער:

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, וועגן אייער אויספירן אָט דעם לעצטן נומער? זאָל איך זאָגן, אַז דאָס איז געווען גוט? איז דאָס גאָרנישט געזאָגט! אויסטערליש גוט? אויך נישט דאָס! אַרטיס־טיש? אויך ווייניק! נאַטירלעך? סיידן אפשר נאַטירלעך... אָבער איר האָט געזונגען נאָך העכער פון נאַטירלעך... איך חזר איבער מיינע רייד, וואָס איך האָב אייך געזאָגט בשעת איר האָט אויסגעפירט: «Вернись» אַז איר לייגט אַריין אין די ווערטער אַזאַ קינסטלערישע קראַפט, אַז מען מוז שטאַרק האַלטן קאָפּ, אַז עס זאָל נישט איינפאַלן קיין חשד, אַז דאָס גייט איר אַליין אייך צעשיידן מיט אַ געליבטער... ערנוואָרט, אַז איך מיין דאָס ערנסט! איר זענט אַן אויסערגעוויינלעכער מייסטער.

סאָניאַ: סאַמואיל לאַזאַראָוויטש, צו וואָס איז דאָס לויבן אים? איר וועט דאָך במילא נישט קענען אַרויסזאָגן אַלץ, וואָס מיר פילן פון זיין זינ־גען. מיט אָט דער הפסקה גיט איר אים נאָר אַ מעגלעכקייט נישט אויסצופירן אונדז די צווייטע זאַך. איר זעט? ער מאַכט שוין צו די פּיאַנינע. ער דאַרף דאָך נישט מער, נאָר אַבי זיך אַרויסדרייען פונעם געגעבענעם וואָרט. שלמה, שלמה! מאַכט זיך נישט תמעוואַטע, נאָך איין זאַך! איר האָט סע־סיל פּעטראָווענען צוגעזאָגט צוויי זאַכן —

לייב: יאָ, יאָ, שלמה, אַ וואָרט איז אַ וואָרט. נאָר זוך שוין אויס

---

* „מען דאַרף די געפילן צערייסן"

עפּעס אַ פּריילעכערס. עס זאָל מיר נישט זיין אַזוי אומעטיק אויף דער נשמה גייענדיק נאָך דעם פּאַספּאָרט.

בעלאַ אַראָנאָוונאַ: זאָגט אים נישט קיין דעות... אַ פּריילעכס, אַ טרויעריקס, זאָל ער זינגען, וואָס ער וויל. אַלץ איז גוט!

ליב, מיט אַ שטרענגן טאָן:

— בעלאַ אַראָנאָוונאַ, עס וואָלט נישט אויסגעמאַכט, אַז איר זאָלט רעדן צו מיר מיט אַ ביסעלע מער דרך־ארץ, ווייל ערשטנס, איז די גאַנצע שמחה בלויז צוליב מיר. ווען נישט איך, וואָלט איר היינט געזען שלמהן, אַזוי ווי איר זעט אייערע אויערן —

— נו, נו, אַ דאַנק, אַ דאַנק...

— האָט צייט צו דאַנקען... צווייטנס, בין איך דאָך עפּעס היינט אַ חתן־בראשית. אין עטלעכע שעה אַרום באַקום איך נדן: אַ נייאיגקן פּאַס־פּאָרט אויף לאַנגע לעבעדיקע פינף יאָר —

— בקיצור, ליאָוואַ, איר וועט היינט לאָזן שפּילן, צי ניין?

— אָט אַזוי אַז איר רעדט, איז גאָר עפּעס אַנדערש! אַבי איר ווייסט שוין, אַז עס איז געווענדט אין מיין גוטן ווילן איז גו—ו—וט... איך וועל בפירוש יאָ דערלויבן, פאַר וואָס עפּעס זאָל איך נישט דערלויבן? וואָס בין איך אייך, אַ הורג נפשות? אַ באַנדיט? אַ ווילדע חיה?

מיט אַן ערנסט פּנים פּאַקעוועט שלמה איין דעם פידל אין פוטליאַר אריין. מיט אַן אָפּוועזנדיקן בליק נעמט ער אַרום דעם מיט אַ מאָל פרעמד געוואָרענעם זאַל און זעצט זיך צוריק אַוועק אויף דער שטול מיטן שרויף. דער היינטיקער אָוונט, וואָס איז אים מן הסתם באַשערט געווען ממעל, האָט זיך געענדיקט. אָט באַלד וועט מען זיך שוין צעגיין איבער די היי־מען... ווו האָט ער דען אַ היים? ווער וואַרט אויף אים אין דער היים? מי יגלה פני הלוט, צי האָבן זיך זיינע שאַנסן אויף פּאַלים הסכמה פאַר היינטיקן אָוונט פאַרגרעסערט, צי פאַרקלענערט? גוואַלד, ווו איז דער: „כמים הפנים לפנים, כן לב האדם לאדם”? פאַר וואָס פילט זי נישט ווי ליב ער האָט זי, איצט נאָך מער ווי אַלע מאָל? פאַר וואָס וויל זי אומ־באַדינגט אַריינטראָגן אַ פּרוד־הלבבות צווישן זיי? גוואַלד, פאַר וואָס? פאַר ווען? ער גלעט דאָס קישעלע פונעם אַנלען און מיט אַ זייטיקן קוק מעסט ער אָפּ פּאָלין, וועלכע שטייט אַ טרויעריקע צוריק אויף איר פריער־דיקן אָרט. הייסט עס, אַז אַ געפיל גיט זיך פון דעסט וועגן יאָ איבער פון איינעם צום צווייטן!... ער גיט זיך אַ רייב דעם שטערן אויף רעכטס און אויף לינקס, אויף לינקס און אויף רעכטס און ווידער אויף לינקס. דאַן רירט ער אַנטשלאָסן אָן אַ מיטלסטע נאָטע. דער גאַנצער טומל ווערט פלוצלינג פאַרשטומט. ער דרייט זיך אויס מיטן פּנים צו די געסט און זאָגט זייער שטיל:

— איצט וועל איך אייך זינגען נאָך איין און איינציק יידיש לידעלע, דעם לעצטן נומער פון אונדזער היינט אויפדערנאַכטיקן אומגעריכטן קאָנ־צערט, אַזוי צו זאָגן: די „גוטע נאַכט די מחותנים”. דאָס איז אַן אור־

אַלט אָבער אייביק ניי פאָלקסלידעלע מיטן נאָמען: „לאָמיר זיך איבער־בעטן".

די קלאַווישן וואַרפן אַרויס אין צימער אַריין אַ פריילעכן, גוט באַ־קאַנטן אַקאָרד און באַלד נאָך דעם דערהערט זיך שלמהס צערטלעך קולכל:

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
איך וועל דיר קויפן אַ פּאָר מאַראַנצן,
איך וועל דיר קויפן אַ פּאָר מאַראַנצן,
לאָמיר זיך איבערבעטן, וועלן מיר גייןביידע טאַנצן —
לאָמיר זיך איבערבעטן, וועלן מיר גיין ביידע טאַנצן...
לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
וויפל איז דער שיעור?
וויפל איז דער שיעור?
לאָמיר זיך איבערבעטן, איך בענק אַזוי נאָך דיר —
לאָמיר זיך איבערבעטן, איך בענק אַזוי נאָך דיר...
לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
עס איז שוין באַלד אַ חודש,
עס איז שוין באַלד אַ חודש,
לאָמיר זיך איבערבעטן, נאָך ביז היינטיקן שבת־קודש —
לאָמיר זיך איבערבעטן, נאָך ביזן היינטיקן שבת־קודש...
לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
וואָס שטייסטו אויף דער טיר?
וואָס שטייסטו אויף דער טיר?
לאָמיר זיך איבערבעטן, מיך ציט אַזוי צו דיר —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף איין אויגנבליק כאַפּט די שטילקייט אָן דעם זאַל ביים גאָרגל און הייבט אים אָן צו וואָרגן, אָבער אומגעריכט קומט די ישועה:

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

לאָמיר זיך איבערבעטן, מיך ציט אַזוי צו דיר...
לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
זאָל שוין זיין געענדיקט,
זאָל שוין זיין געענדיקט,
לאָמיר זיך איבערבעטן, עס גייט באַלד אָפּ דער צוג —
לאָמיר זיך איבערבעטן, עס גייט באַלד אָפּ דער צוג...
לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
גיב אַ האַנט און גאָר,
גיב אַ האַנט און גאָר,
לאָמיר זיך איבערבעטן, מיר וועלן זיין אַ גליקלעכע פּאָר —
לאָמיר זיך איבערבעטן, מיר וועלן זיין אַ גליקלעכע פּאָר...

...און שלמהס פינגער בלייבן ליגן אומבאַוועגלעך אויף דער שוואַר־צער ליפּ פונעם פּיל־ציינערדיקן מויל פון דער פּיאַנינע. די האַרציקע מע־לאָדיע שוועבט נאָך אַרום אין זאַל, די קלאַנגען טאַנצן נאָך אין דער לופט, גלעטן ווייטיקלעך־אָנגענעם ביי דער נשמה. שלמה זיצט אַ בלאַסער, אַן אויסגעשעפּטער, ממש — אפיסת־הכוחות! ער קען נישט רירן מיט קיין אבר. ער האָט איצט נישט קיין כח פאַר קיין פּיצל קינד, אפילו די פּיאַנינע קען ער נישט צומאַכן. ווייט הינטערן שפּיגל שטייט פּאָלי און וואַרגט זיך מיט אַ נישט אַרויסגעבראַכטער טרער. פונעם נאַקעטן, צאַפּלענדיקן לידעלע, האָט זי זיך אין שרעק אָפּגעוואָרפן פון דער טיר. איר האָט זיך בשעת־מעשה געדאַכט, אַז אַלע־אַלע האָבן באַמערקט, ווי דאָס פּנים האָט זיך ביי איר אָנגעצונדן. שטיל ווי אַ קאַץ האָט זי דורכגעשלייכט די גאַנצע לענג פונעם צימער, און — ברוך־השם, בשלום. קיינער האָט איר נישט פּירגעהאַלטן. דאָס האַרץ וואַרפט זיך אין איר ווי אין אַ גזלן, אַזאַ שטורעם האָט דאָרט שלמהס געבעט אויפגעהויבן... — „עס גייט באַלד אָפּ דער צוג" — וואָרנט ער זי. זאָל זי צוגיין און אָפּשטעלן דעם צוג? אים אָפּ־שטעלן איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז ער זאָל שוין פון איר מער קיין מאָל נישט אַוועקגיין? — ניין, זי קען נישט! פאַר אַלע אין די אויגן — גע־ווים נישט. ווער שמועסט נאָך, פאַר אָט דער שרעקלעכער סעסיל פּעטראָוו־נען — ניין! בשום אופן נישט. נישקשה, זי האָט נאָך פינף טעג, און דער־נאָך איז נאָך אויך גאָט אַ פאָטער און שלמה — שלמה. מען דאַרף נאָר נישט פאַרלירן דעם קאָפּ אין דעם לאַבירינט פון ביטערקייטן, וואָס שלמה האָט דאָ אויסגעבויט, נאָר נישט פאַרלירן דעם מוט קעגן דעם אַרסענאַל געווער, וואָס שלמה ווענדעט דאָ אָן קעגן איר. וואָס, וואָס, נאָר ליב האָט ער זי מיט סכנת־נפשות! שטותים, אַזוינע פייערדיקע געפילן ווי די, וואָס ער האָט צו איר, לעשט מען נישט אויס מיט קיין שוטהוואַטע אולטי־מאַטומס...

ביי דער פּיאַנינע, דערווייל, איז געווען אַ געפערלעכער געדראַנג. יע־דער באַזונדער האָט שלמהן געוואָלט דריקן די האַנט. שלמה האָט זיך ביסלעכווייז באַפרייט פון דעם גליווער, וואָס איז פריער אויף אים אָנגע־פאַלן, ער האָט לוסטיק געענטפערט אויף די האַנטדרוקן און האָט זיך מיט אַלעמען געוויצלט.

סעסיל פּעטראָוונאַ: דערלויבט מיר צו פרעגן ביי אייך, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, פאַר וואָס עפּעס האָט איר געקרוינט אָט דאָס נאַאיווע לי־דעלע מיט אַזאַ לאַנגגאַרנדיקן טיטול: „אור־אַלט אָבער אייביק ניי פאָלקס־לידעלע"?

— דערין שטעקט גאָר אַ פּראָסטער שכל: אַ פאָלקסלידל איז דאָס דערפאַר, ווייל מען זינגט דאָס אומעטום; און אַלט־ניי איז דאָס דערפאַר, ווייל ברוגזע חתן־כלה זענען פון שטענדיק אָן — אומאָפּהענגיק פון פּאָלי־טישע אָדער געאָגראַפישע באַדינגונגען — געווען און וועלן אייביק זיין. ביי דער מאַכט, צי ביי אַן אַנדער מאַכט, ביי „קעמפּערישע בעזבאָזשני־

קעם", צי ביי די פרומסטע חסידים, אין סאַכאַלין און אויף קאָנגאָ, אין אַפּ־גאַניסטאַן און אין לוקסענבורג, אין מאַלטע און אין סאָטשי — אומעטום און שטענדיק איז אָט דאָס לידעלע געווען און עס וועט זיין אין דער מאָדע.

בעלאַ אַראָנאָווונאַ: שלמה, גלייבט מיר, אָן קאָמפּלימענטן, אויף מיין לעבס־טאָג האָב איך נאָך אַזוי אָנגענעם נישט פאַרבראַכט קיין נאַכט, ווי היינטיקע. סיי דאָס דערציילן, סיי דאָס זינגען, סיי דאָס שפּילן, נאָר דער עיקר, פאַרשטייט זיך: דאָס דערציילן. אַ הימלשער פאַרגעניגן, זאָג איך אייך. דאָס גאַנצע לעבן, דאַכט זיך, וואָלט איך מער נישט געטון, נאָר גע־זעסן און אייך געהערט —

— גלייבט איר מיר אויך, בעלאַ אַראָנאָוונאַ, צו אייער התפעלות האָט איר דאָ נישט קיין שותפים. דאָס, וואָס איר האָט פריער געזאָגט, איז נאָר אייער פּערזענלעכע מיינונג. יעדער איינער פון דעם עולם האָט זיך איצט וועגן מיר אַן אַנדער מיינונג. אָט פרעגט למשל מנשה כאַדאַראָוו, וועט ער אייך ענטפערן:

— ווער? שלמה? יענער האָט אַ צונג, וואָס איז די לענג פון הדו ביז כוש. ער, אַז ער עפנט אויף דאָס מויל, פאַרגעסט ער עס פאַרמאַכן. און וועט אייך אויפן אָרט ברענגען אַ פּאָר פסוקים: „אשר אמרו ללשוננו נגביר", אָדער: „איש לשון בל יכון לארץ"... און איז נעבעך זייער גע־רעכט...

אָט פרעגט פּאָלין, וועט זי אייך זאָגן:

— נו, נו, אַ נודניק! האָט ערגעץ אויסגעקראַצט אַ נאַרישע דערציי־לונג, מיט נאַרישע העלדן. אָט די טאַמאַראַ למשל — אויך מיר אַ מענטש! אָט וויל זי אים נישט, איין מאָל — ניין! און אָט וואַרפט זי זיך אים אויפן האַלדז. וואָס איז? דעם שרייבער האָט זיך אַזוי פאַרגלוסט... ווייס איך, באַבסקע מעשות... און איז דאַכט זיך, אויך גערעכט...

פרעגט אומיסטן אַוורואַמען, וועט ער אייך ענטפערן כמעט דאָס זעלבע:

— עפּעס אַ נאַרישע דערציילונג מיט נאַרישע העלדן. אָט דער מאָ־ניאַ למשל — אויך מיר אַ מענטש! האָסטו געזאָגט ניין? זאָלסטו אפילו קלאַפּירן, נאָר האַלטן וואָרט!... איז ניין! אינטערעסירט ער זיך נאָך מיט דעם גאַנג פון איר שלאָפקייט, און קומט צו לויפן אויף אירע טעלעגראַ־מעס... עפּעס אַ לעמעשקע, נישט קיין מאַנסביל... און איז בפירוש אויך גערעכט...

פרעגט יאַנין וועט ער זאָגן:

— אויף „ויבוא המן", מאַכט רש"י הקדוש: Чорт гостi принiс!* פון אַלע גליקן וועל איך זיך שוין היינט אפילו פאַרשפּאָרן צולייגן. איך וועל נאָר באַווייזן אָפּצוזאָגן דעם „יום" תהילים, אָפּצודאַווענען און — אויף דער אַרבעט! נו, זאָגט איר אַליין, איז ער אפשר נישט גערעכט?

---

* דער רוח האָט אָנגעטראָגן געסט.

פרעגט אונדזער באַלעבאָסטינקע, וועט זי אייך ווי אַן אייגענעם מענטשן ענטפערן אָפּנהאַרציק:

— פון וועמען רעדט איר? פון שלמהן? דאָס איז דאָך פשוט אַ באַנדיט!... זיך אַריינרייסן אין אַ פּריוואַטער וווינונג תּחילת־נאַכט און אַוועקגיין פון דאָרטן אין דער פרי — דאָס איז דאָך פּראָסט־פּשוט אַ רציחה! און באַרעכנט, דאָס איז דאָך ערשט נאָר ביי דריי און צוואַנציק יאָר! היינט, אויב אַזוינס וועט אויסוואַקסן, וואָס קען פון דעם זיין ביי זעקס און פערציק, צי גאָר ביי ניין און זעכציק? דאַן וועט ער שוין וועלן אַוועקזיצן צו ניין מעת־לעת אויף יעדן וויזיט... איך זאָג אייך, טייערע, מען וועט שטעלן וועכטערס ביי די טירן, אים נישט אַריינלאָזן! און זי איז דאָך אודאי און אודאי גערעכט...

סאָפיאַ: בעלאַ אַראָנאָוונאַ, וואָס דערציילט ער אונדז באָבע־מעשׂות? שלמה, און ווען מיר אַלע זאָלן פאַר היינטיקער נאַכט אייך וועלן אָפּצאָלן מיט אַ וויזיט, וועט איר דען פאַרשפּאַרן די טירן און אונדז נישט אַריינלאָזן?

שלמה, מיט אַ שמייכל:

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך וואָלט גאָר, דאַכט זיך, קיין מאָל אויף אַזאַ שׂכל נישט געפאַלן...

און צו בעלאַ אַראָנאָוונען:

— הערט זיך נישט צו, וואָס זי זאָגט אייך... אַז ס'איז שוין במילא אַן אָפּגעטונענע זאַך, וויל זי כאָטש בלייבן אַ גוטע. פאַר וואָס נישט? וואָס דערלייגט זי שוין צום עסק? צי אַ שטייגער ‚ביאָגראַפיע' פרעגט אומיסטן סעסיל פּעטראָוונען, וועט זי אייך זאָגן:

— שלמה? דאָס איז דאָך פשוט אַ גראָבער מענטש! אַ ווילד־פרעמ־דער פרוי — וואָס אַנדערע אויף זיין אָרט וואָלטן זיך כאָטש געוווּנטשן איר דאָס טיכעלע אויפהייבן, אַבי צו הערן פון איר אייגן מויל אַ דאַנק — וועט ער זי דיר אָנרופן מיט יתרום נעמען: „געזאַלצענע", „שערע־ווער", „עקזעמפּלאַר". און אַז נישט, טאָמער איז דאָס אַלץ נאָך ווייניק, איז אָנשטאָט איר צו דערציילן עפּעס אַ לאַכנדיקס — מאַכט ער זי גאָר וויינענדיק... אַז מען שמועסט אַ ווילדע זאַך, איז דאָך אָפּגערעדט... און אדרבה, פּרוווט איר זאָגן, אַז זי איז נישט גערעכט?

אָט אַזוי גלייבט מיר, בעלאַ אַראָנאָוונאַ, האָט יעדער באַזונדער וועגן מיר זיין אייגענע מיינונג און איז גאָרנישט אַזוי נתפּעל ווי איר מיינט. אַן עק, קומט שוין! לאָמיך כאָטש, אַזוי לאַנג ווי עס איז נאָך טונקל, דורכ־פירן מיין רב אויף סאָלאָמינקע. וואָרעם טאָמער, באַהיט גאָט, דערזעט אונדז איצט עמעצער פון די שטאָט־באַלעבאַטים, וועט זיך נאָך אויפ־הייבן אַ גאַנצער טומל: איבער שלמהן שלאָגט זיך אונדזער רב אַרויס פון די כוחות; ווו איז דאָס געהערט געוואָרן אַזאַ שחיטה אין מיטן העלן טאָג? קומט שוין, קומט —

וולאַדימיר: שטיי, שלמה, איך האָב מיך פּונקט דערמאָנט. פאַר נאַכט

האָב איך באַקומען אַ דובליקאַט אויף אַ וואַגאָן מעל, ער שטייט שוין אויף דער סטאַנציע. טאָמער דאַרפסטו דאָס גראָד ווּיסן?

— ווען נעמט איר אים אַראָפּ?

— מאָרגן, כ'מיין היינט. אין עטלעכע שעה אַרום שיק איך אַרויס מענטשן מיט פורן אים אויסצולאָדן און אַראָפּפירן אין סקלאַד אַריין.

— שיקט נישט און פירט נישט. טאָמער פאַרשלאָף איך זיך היינט, זאָגט איסאַק אַבראַמאָוויטשן אין מיין נאָמען, אַז ביז נאַכט טראָג איך אַריין אין קאָסע דעם גאַנצן באַטרעף פון דעם מעל מיט אַלע צולאָגן.

יאַני: שלמה, אפשר דאַרף מען געבן האַנטגעלט? האָב איך פּונקט ביי זיך אַ ביסל —

— אייער געלט טויג אַהין נישט —

וולאַדימיר: שלמהן גלייבט מען אָן האַנטגעלט, זיינס אַ וואָרט איז געגנוג.

שלמה גיט זיך אַ קראַץ הינטערן אויער:

— און אפשר איז יאַני גערעכט? טאָמער פעלט זיי פּונקט אויס צום אָפּטראָגן אין באַנק אַריין? נעמט זייט מוחל, וואָלאָדיאַ, דאָ האָט איר 1200 דאָלאַר, גיט זיי איסאַק אַבראַמאָוויטשן.

אַלע גייען אַרויס אין קאָרידאָר אַריין. וולאַדימיר דרייט איבער דאָס שליסעלע אין פראַנצויזישן שלאָס, און דער עולם, ניוורענדיק זיך אין די פוטערנע קעלנער מחמת דער אומגעריכטער קעלט, גייט איינציקווייז אַרויס פון דער פּאַראַדנע.

# קאפיטל LXI

אויף דער גאס איז שטאָק־פינצטער. דער פראָסט רייסט שטיקער. אומגעזעענע קלעפיקע פינגער קלאַמערן זיך איין אין די נעזער, אין די אויערן. פון יענער זייט פאַראַדנע גיט שלמה לייבן א קלאַפּ אין דער פּלייצע:

— נו, אין עטלעכע שעה אַרום, מיטן קיעווער פּאַספּאָרט, קענט איר שוין פאָרן צוריק קיין אירקוטסק...

אַלע לאַכן און ניוועען זיך נאָך שטאַרקער איין אין די אויפגעשטעלטע קאָלנערס.

העט־העט אויפן שפּיץ באַרג, ווו די גאַסן ליוואַשאָווסקע און אַרסע־נאַלנע שניידן זיך אַרויף מיט זייערע שאַרפע אַקסלען, און שטייען איינע צו דער צווייטער ווי די ברוגזע מחותנתטעס, באַווייזט זיך אַן אויטאָ. די פאַרעמס * — צוויי שאַרפע אויגן ווי ביי א טיגער. זייער גרינבלעכע, בלענדנדיקע שיין צעשפּאַלט אומברחמנותדיק די פינצטערניש אויף צוויי טיילן. מיט א מאָל גיט זיך שלמהן עפּעס א וואָרף אין די אויגן. ער מאַכט א טריט פאָרויס און קוקט זיך שטאַרק איין. כהרף עין לייגט ער אַריין צוויי פינגער אין מויל אַריין און עס דערהערט זיך א שניידנדיקער פייף. כמעט גלייכצייטיק האָט אַן עלעקטריש קעשענע־לאַמטערנדל איבערגעקרייצט דעם וועג פאַר דעם אויטאָ. דער אויטאָ פאַרטאַמאַזירט „אין איין אָטעם", ציטערנדיק מיט אַלע אברים. מיט א געפרוירענעם סקריפּע רוקט זיך אָפּ דאָס זייטיקע פענצטערל און דער שאָפער שטעקט אַרויס דעם קאָפּ:

— ווער איז דאָרט?

שלמה, מיט א געלאַסענעם טאָן:

— סעמיאָן, קום אַרויס, שעם זיך נישט. דאָ זענען סאַמע היימישע מענטשן.

נישט גערן קריכט דער שאָפער אַרויס פון דער קאַבינע, קוקט זיך איין אין דער פינצטערניש און דערנעענטערט זיך מיט נישט זיכערע טריט. מיט א מאָל גיט ער פריידיק א געשריי:

— סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, וואָס טוט איר דאָ?

— מילא איך ווי איך — דו פון וואַנען פאָרסט עס אין אַזא פריער שעה?

— פון אַן אָרט... דאַכט זיך, חבר ווייסבלאַט? זע נאָר, אין דער פינצטער נישט דערקענט —

ער דריקט די הענט שלמהן און וולאַדימירן.

שלמה: דו ביסט איצט פריי?

— ניין, אין אויטאָ איז דאָ א מענטש...

— א מענטשעכל?

— א מענטשעכל.

---

* אויטאָמאָבילנע לאָמפּן.

שלמה קוקט זיך איבער מיט וואָלאָדימירן, שאָקלט מיטן קאָפּ:
— ווייט דאַרפסטו זי פירן?
— אויף קירילאָווסקע גאַס.
שלמה פאַרקאַטשעט דעם אַרבל:
— וויפל עס איז דער זייגער ווייסטו, יונגערמאַן?
— איך ווייס.
— אין אַזאַ פריער שעה אַ פרוי אַליין, און נאָך אין אַזאַ בכבודיק ערטל ווי אָט דאָס פאַרשטעקטע קירילאָווסקע, איי־איי־איי...
— איך בין דאָ נאָר אַ שטעקן, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש.
— דאָס פאַרשטיי איך אַליין, אַז דו גייסט דאָ נאָר מיט „אונטער־פירעכטס". דאָס פאַרשפּאַרסטו מיר אפילו צו זאָגן.
נאָך אַ ווײַלע שווײַגן, רופט זיך שלמה אָן:
— מילאַ, ווי די זאַך איז שוין. דו ווילסט מיר טון אַ טובה?
— וואָס פרעגט איר, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש? איך — פאַר אײַך, דאַכט זיך, נישטאָ די זאַך... איין זאַך וואָלט איך נאָר געוואָלט וויסן: ווי אַזוי האָט איר מיך דערקענט אין אַזאַ חשכות און נאָך בעת דער אוי־טאָ איז געפלויגן פייל אויסן בויגן?
— צו וואָס דען, זאָג מיר, הענגט ביי דיר אַ נומער לעבן די פאַרעס? דעם נומער פון אייער אויטאָ געדענק איך נאָך פון זשיטאָמיר. דו גע־דענקסט, ווי איך האָב אויף דיר אַרויסגעקוקט אַ גאַנצן שבתדיקן טאָג?
— איי, סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, זענט איר אַ מזיק... דער ים וואַרפט אַזעלכעס נישט אַרויס...
— אַ דאַנק דיר פאַר דיין בערישן קאָמפּלימענט. איצט נעם איבער די גראַנד־דאַמע צו זיך אין קאַבינע און די לאָזשע וועל איך מיט נאָך דריי חברים פאַרנעמען. מיר וועלן זי אָפּפירן אהיים און דערנאָך כאַפּן מיר זיך צו קיין קאַראַסטעשעוו. איך האָב דאָרט אַ פעטער. פאַרשטייסט? מיר ווילט זיך אַ ביסל אָן אָטעם טון מיט פרייען פעלד, זאָל זיין אפילו מיט געפרוירענעם פעלד... אין קאַראַסטעשעוו וועלן מיר געשמאַק איבער־בייסן און אויף נײַן, אָדער צען אַ זייגער וועלן מיר זיין צוריק אין קיעוו.
— סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש —
— וואָס, דו ווילסט נישט?
— וואָס הייסט, איך וויל נישט? נאַ דיר גאָר איך וויל נישט! נאָר אין באַק * איז קוים דאָ בענזין אויף אַ זעקס, זיבן קילאָמעטער.
— דאָס זאָל דיך נישט אַרן. אויף קירילאָווסקע אין דער וואַטע־פאַב־ריק וועלן מיר אָנפילן די באַקן ביז די פיסקלעך. און טאָמער אפילו גע־פינט זיך דאָרט איצט נישט מיין מענטש אויף דער וואַכטע, וועלן מיר פון דאָרטן — דורך גלובאָטשיצע און לוקיאַנאָווקער וואָקזאַלכל — אַרויפ־פאָרן גלייך צום זאַוואָד „באָלשעוויק", דאָרט געפינט זיך היינט אויף דער

---

* דער רעזערוואַר אין אַן אויטאָ.

וואכטע פּאָנאָמאַרענקאָ, וועט שוין זיין רעכט. יאָ, זאָג נאָר, ס'איז ביי דיר דאָרט וואַרעם?

— ווי אין אַן אויער!

— ווייל מיר איז אַזוי קאַלט... נו, און דער ראַדיאָ־אויפנעמער אַר־בעט ביי דיר?

— אַז מען שליסט אים איין, אַרבעט ער. ווי דען?

— הערסטו, איך האָב גאָר נישט געוווסט, אַז דו ביסט אַזאַ חכם —

שלמה גיט אַ קוק אויפן זייגער, וואַרפט איבער אין געדאַנק דעם די־פערענץ צווישן דער מאָסקווער צייט און דער מיטל־אַזיאַטישער, באַ־חשבונט עפּעס און זאָגט צום שאָפער:

— שטעל אָן סטאַלינאַבאַד, וועלן מיר הערן אַ ביסל פּרימאָרגנדיקע, טאַדזשיקישע מוזיק. נו: מנשה, משה, מיכאל, זאָגט געשווינדער דעם עולם אַ גוטן טאָג און פאַרנעמט אייערע ערטער. וולאַדימיר ווייסבלאַט, זייט מיר געזונט. אַ דאַנק פאַר נישט אַרויסטרייבן. סאָפיאַ גריגאָריעוונאַ! די נים און די פּיאַנינע זענען ביי אייך זייער געראָטענע און אויף זויערן קאָווען בין איך פון אַלע יאָרן אַ נאַשער, פון זינט איך געדענק זיך! לייב טולטשינסקי! מונטער און פריילעך! איר זענט היינט אַן אימעניניק, זעט, פאַרשפּעטיקט נישט —

נישט אויסרעדנדיק דערביי קיין איין וואָרט געזעגנט זיך שלמה מיט יאַנים שטובמענטשן. ער געזעגנט זיך וואַרעם מיט די איבעריקע געסט.

אוווראַם רופט אָפּ פּאָלין אין אַ זייט, דריקט צונויף אירע איבערגע־קליאַקנעטע פינגער:

— פּאָלי! גיי, פאַרנעם דיין אָרט אין אויטאָ. יענע דריי קענען צוריק אַרויסגיין. פאַרליר נישט דיין גליק איבער אַ נאַרישער אַמביציע. אַזאַ שאַנס וועט זיך שוין אייביק נישט איבערחזרן. נעם זיך אין די הענט אַריין, גוואַלד געשריגן!...

שלמה האָט זיך שוין מיט יעדן געזעגנט און געפינט זיך שוין לעבן טרעפּל. דערזעענדיק, אַז אוווראַם שמועסט עפּעס מיט פּאָלין, בלייבט ער אויף אַ מינוט שטיין אין אומבאַשלאָסנקייט. יאַני כאַפּט זיך ביים האַרצן. פּאָלי מאַכט אַ פּאָר שריט פאָרויס און שטעלט זיך ווידער אָפּ.

אַלע שטוינען. מען פילט, אַז ערגעץ שפּילט זיך דאָ אָפּ אַ שטומע טראַגעדיע. עפּעס קומט דאָ פאָר אַ געהיים ראַנגלעניש, אָבער ווער מיט וועמען? על מה ולמה? קיינער פרעגט נישט ביי קיינעם. עס איז פּלוצלינג אַרום אויטאָ אַזוי שטיל געוואָרן ווי אויף אַ בית־עולם. ערגעץ אין דער נידער וואַכט אויף די שטאָט. ערגעץ אויף פּעטשערסקער באַרג: אין זאַ־וואָד „אַרסענאַל", אין דער 3ער שיכפאַבריק, אין אָרדזשאָניקידזע בראָווער־ניע... זאַוואָד טומלט זיך, מענטשן דעראַרבעטן די לעצטע מינוטן פון זייער וואַכטע, זייער סמענע וואַרט שוין הינטער דער טיר, מוכן ומזומן צו פאַר־טרעטן זייער פּלאַץ — און דאָ ביי גינצבורגס הויז אויף אינסטיטוטסקע־גאַס שטייט אַ גרופּע מענטשן און מען שווייגט בקול רם... שלמה וואַרט

אוים נאָך אַ פּאָר אומענדלעכע סעקונדן און שרייט אַריין צום שאָפער אין דער קאַבינע:

— סיאָמקאַ, מאַקסימאַלן גאַז! פּאַשאָל!...

דאָס טירל פאַרקלאַפּט זיך מיט אַ טראַסק און דער אויטאָ נעמט פונעם אָרט מיט דער גרעסטער שנעלקייט. נאָך אויף איין רגע גיט פון ערגעץ ווייט אַ פינקל אַ רויט אייגל און אַלץ ווערט פאַרשוווּנדן ווי אַ חלום.

אַ לאַנגע ווײַלע שטייען אַלע ווי פאַרגליווערט. דער ערשטער דערוואַכט ביעלסקי. אַן אַנטציקטער גיט ער אַ געשריי:

— באַרעכנט נאָר, ער האָט דאָך טאַקע זײַנס אויסגעפירט! מען האָט דאָך אים טאַקע פון הימל מזומן געווען אַן אויטאָ. און האָט דווקא נישט געבעטן...

אַלע שווײַגן דערשטיקטערט. אַלע דערפילן פונעם קאָמפּאָזיטאָרס ווערטער דעם ריח פון אַ מיסטישן סוד...

דאַוויד סאַלאָמאָנאָוויטש פירט אָפּ פּאָלין אויף אַ זײַט און לייגט איר אַרויף אַ האַנט אויפן אַקסל:

— אָט דאָס איז דער שלמה, וואָס מאַרוסיאַ האָט געזאָגט, אַז עס טראָגט פון אים מיט פאַרפוילטע שמות?

פּאָלי שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— כאַ־כאַ־כאַ... אַ גרויסע חכמה, אָט די מאַרוסיאַ! אויף עפּעס רעכטס איז זי אַזאַ מבין אַקוראַט ווי אַ קאַץ אויף הייוון. איך קען דיר נאָר זאָגן, אַז דו ביסט שוין מער מבין! איי, אַ מענטש... איי, אַ מענטש...

דער עולם געזעגנט זיך וואַרעם און מען צעגייט זיך מיט פלינקע טריט אין פאַרשידענע ריכטונגען.

אויף די גאַסן גייען אַרבעטער מאַסנווייז פון די בײַנאַכטיקע וואַכטעס; עס גייען צו זיך אַהיים קאָנדוקטערס פון די ערשט־אָנגעקומענע צוגן; עס גייען פּויערטעס פון די דאַטשנע־ערטער צו זייערע שטענדיקע קונהטעס מיט גרויסע בידאָנעס מילך. די שטאָט לעבט שוין מיט איר טאָגיקן לעבן נישט קוקנדיק אויף דער געדיכטער פינצטערניש.

דער זייגער איז זיבן.

פון די דערבײַיאָיקע גאַסן דערטראָגט זיך שוין דאָס טרוקענע טרישטשען פון דעם טראַמוויי־גלעקעלע. אין דער לופט פלאָנטערן זיך דינע און גראָבע קולות פון די סירענעס. פאַבריקן, זאַוואָדן, מילן, דעפּאָען, פאַראַנקערטע שיפן אין פּאָרט, לאָקאָמאָטיוון, וואָס ס'איז זיי איבערגעטרוקנט אין האַלדז, יעדער אויף זײַן שטייגער זינגט זיך אויס פאַר דער גאַנצער נאַכט. דאָס מאָנאָטאָנע, אומאויפהערלעכע הודען וויקלט אויף די נשמה אויפן פינגער, קערט ממש איבער די קישקעס אין בויך. אין דעם גאַנצן חלל־העולם שטייט איין קרעכץ. דער דאָזיקער קרעכץ כאַפּט נישט איבער דעם אָטעם, האַקט זיך נישט איבער אפילו אויף קיין חוט־השערה, ער ציט נאָר אַרויס דאָס חיות. דאָס מאַכט ביים מענטשן טויב און שטום אַלע חושים, דאָס מאַכט טעמפּ דעם מח, גיסט אָן אַלע אברים מיט אַ נודנער מידקייט.

יאַני גייט דער ערשטער, איינער אַליין. קוים וואָס ער שלעפּט די פּיס. ניומאַ פירט די מוטער אונטערן אָרעם. אוווראַם רעדט עפּעס אין דער שטיל מיט סאָנקען. די לעצטע, אַ ביסל אָפּשטייענדיק פון דער קאָמפּאַניע, גייט פּאָלי. אין קאָפּ איז ביי איר לײדיק און הײס. ווי אַן איינגעגעסענע פליג, אַזוי פּיקט איר אין קאָפּ אַריין אַ נאַרישער געדאַנק:

— ...די נעמען מאַניאַ און טאַמאַראַ האָבן זיך ביי אים צופעליק אַרויסגעכאַפּט, צי ביי שלמהן טרעפט קיין זאַך נישט צופעליק? — מאַניאַ און טאַמאַראַ, דאָס זענען דאָך די זעלבע נעמען, וואָס אמנון און תמר אין יענעם סענטימענטאַלן העברעאישן ראָמאַן! פאַר וואָס האָט זי, פּאָלי, ביי אים אַ מאָל נישט קיין פרעג געטון, וואָס איז דאָרט געוואָרן דעם סוף פון מאַניען מיט טאַמאַרען, זי וויל זאָגן: מיט אמנונען און מיט תמרן? מען דאַרף טאַקע אומבאַדינגט פרעגן ביי אים... — משוגענע, ביי וועמען פרעגן? ביי שלמהן? ביי וועלכן שלמהן? וווּ איז דען שלמה? עס איז דען נאָך ערגעץ דאָ אַ שלמה? איז דאָס נישט קיין לעגענדע?...

אין שטוב גייט זי אַריין שטיל, אויף די שפּיץ פינגער, כאָטש קיינער שלאָפט נאָך נישט. זי גייט גלייך צו איר בעט, וואַרפט אַראָפּ דעם פּאַלטאָ מיט די שיך, און קריכט אַרונטער אונטער דער קאָלדרע. איבער־געדעקט זיך איבערן קאָפּ, שעפּטשעט זי צו זיך אַליין:

— צו וואָס לעב איך אויף דער וועלט און פאַרסם דאָס בלוט אי זיך, אי יענעם? אויף מיר ליגט אַ קללה פון גאָט. ווען דער טאַטע שטעכט מיך, וואָלט איך אים מיט פאַרבלוטיקטע ליפּן געקושט די הענט...

*

אין דער זעלבער צייט האָט שלמה מיט זיין חבריא זיך האַסטיק גע־טראָגן אויפן שאָסיי, וואָס פירט קיין קאַראַסטעשעוו. נאָך אַ לאַנג, פאַר־ביסן שווייגן האָט ער אַ וואָרף געטון אין חלל אַריין, נישט ווענדנדיק זיך צו קיינעם:

— אַן עק! מער גיב איך אפילו נישט קיין קלאַפּ אַ פינגער אין אַ פינגער צוליב דעם שידוך. ווי גאָט וועט פירן, אַזוי וועט זיין —

פרידמאַן האָט אונטער דער נאָז, קפדנותדיק אַ בורטשע געטון:

— ביסט שוין יוצא לכל הדעות...

מנשה איז האַלב געלעגן אין אַ ווינקעלע און האָט מיט פאַרמאַכטע אויגן געהערט דעם ראַדיאָ. ווען די מוזיק האָט זיך אויף אַ רגע איבער־געריסן, האָט ער נאָר אַ פרעג געטון:

— ווען געפאַלט דער 27טער נאָוועמבער?

— דעם 16טן יאַנואַר.

— שוין נישט לאַנג צו וואַרטן —

מער איז קיין איינציק וואָרט נישט אויסגערעדט געוואָרן דעם גאַנצן וועג, ביז אַהיים.

# קאפיטל LXII

דער ווינטער, — שעמערירנדיק מיט זיינע אָפּגעזילבערטע בגדי־כהונה ווי אַ כהן־גדול, בלענדנדיק דער וועלט די אויגן מיט זיין אויסגעשייערטער זון ווי מיט אַזאַ ציץ־הזהב, — האָט אין קיעוו געטון זיין עבודה באמונה־שלמה. אַלע פרימאָרגן, באַגלייטנדיק די איינוווינער אויף דער אַרבעט, האָט ער געשענקט יעדן באַזונדער אַ שמייכעלע, אַ חנדעלע, אַ היימישן קניפּ אין בעקל. דאַקעגן, אויף צוריקוועגס פלעגט ער אים אָפּפירן ביז צו דער טיר פאַר דער נאָז, פאַר די אויערן, ווי אַ באַהעלפער פירט אַרויס אָן אָפּגעשמיסענעם „איוואַן פאָפּערעלע" פונעם חדר, פאַר קוקן „דער רוח וויסט ווהין", בשעת מען לערנט דעם חומש. די פרימאָרגנס האָבן זיך שוין קענטיק אָנגעהויבן אַרויפרוקן, די אויפדערנאַכטן — אַראָפּרוקן. דער אַרבעטער, דערזעענדיק דורכן פענצטער, אַז עס שאַריעט שוין אויף טאָג, פלעגט ווי אַן אָפּגעבריטער אַרויסוואַרפן די פיס פונעם בעט און אַריינקריכן אין די שטיוול. דערנאָך פלעגט ער פאַרדראָסיק בורטשען אונטער דער נאָז — ס'איז נאָך געווען צו פרי. פאַר נאַכט פלעגט מען זיך אויך טועה זיין אין דער צייט — דער בין־השמשות פלעגט זיך לענגער פאַרזאַמען. עס האָט זיך נאָך אַלץ עפּעס נישט געגלייבט, אַז דער ווינטער־קריזיס איז שוין ווירקלעך פאַריבער און עס איז שוין דאָ דער ערשטער אָנזאָג אויף דעם אַזוי וויטן זומער.

דעם פערצנטן יאַנואַר, ווען דער בין־השמשות האָט געפרעסן די אויגן און קיין לאָמפּן האָבן נאָך נישט געברענט, איז שלמה אַ פאַרטראַכטער געגאַנגען איבער קאַראַלענקאָ־גאַס. אויסמיידנדיק דעם אָפּערע־טעאַטער, האָט ער דערהערט, אַז עמעצער שרייט אים נאָך:

— סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש!... סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש!

ער האָט זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטן און נישט געזען, ווער עס קען אים דאָ רופן.

— סאָלאָמאָן אַראָנאָוויטש, וואַרט אויס נאָר איין רגעלע, אָט לאָזן מיר זיך שוין אַראָפּ...

ערשט אין דעם לעצטן אויגנבליק האָט ער באַמערקט ביעלסקיס פּנים אין אַ פענצטער פון דער ריזיקער אָפּערע־געביידע. יענער האָט אים נאָר אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן זיך פון אַ זייטיקער טיר — מיט וועלכער עס האָט זיך געניצט נאָר דער היימישער פּערסאָנאַל — באַוויזן סעסיל פּעטראָוונאַ מיט איר מאַן. דערזעענדיק פאַר זיך שלמהן האָבן זייער פּנימער אויפגעלויכטן מיט אַ אינערלעכער פריינדשאַפט און מיט אומבאַגרענעצטער ליבע. שלמה איז מיט אַן אויסגעצויגענער האַנט זיין געגאַנגען אַנטקעגן. נאָך די ערשטע „שלום־עליכמס", רופט זיך אָן דער קאָמפּאָזיטאָר:

— וואָס מאַכט איר עפּעס גוטס, יונגער פריינד מיינער?

— קיין באַזונדערס, אַזוי זיך. נישטאָ זיך מיט וואָס צו באַרימען.

סעסיל פעטראָווגאַ: עס דאכט זיך מיר נאָר, אַז איר זענט עפּעס היינט מעלאַנכאָליש געשטימט?...

— נישט דווקא היינט. אַזאַ אַסיענדיקע שטימונג טרעפט איר ביי מיר לעצטנס אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק. קיין שטימונג, ווייסט איר דאָך, קאָנסערווירט מען נישט איין...

ביעלסקי: איי־איי־איי, אייך גייט אַזוי נישט צום פּנים דאָס זיין נאַכלעסיק, מרה־שחורהדיק — אַ שרעק!

— ווייס איך, זאָל זיין געגוג צו רעדן וועגן מיר. דערציילט איר בע־סער, וואָס הערט זיך ביי אייך? איר האָט זיך שוין אויסגעשלאָפן נאָך יענע לאַנגגאָרנדיקע אימענינעס?

— ווער רעדט גאָר פון שלאָפן? מיר וואָלטן נאָך זיבן טעג מיט זיבן נעכט מיט אייך פאַרבראַכט און וואָלטן אויך שלעפעריק נישט געוואָרן. ווי געפעלט אייך בעסער, מיר זענען דאָך געוואָרן עכטע בעלי־תשובה... איר שמייכלט נישט, איך מיט סעסילן זענען געווען אויף קאַראַוואַיעווסקע 67 ביי די פייגנבוימס, גלייך אויף צו מאָרגנס פון אונדזער באַקענען זיך. תפי־לין מיט אַ טלית־קטן האָט מיר זייער זעליק גלייך אויפן אָרט געגעבן און ער האָט מיר נאָך צוגעזאָגט צו קריגן אַ גרויסן טלית אויך. זיי האָבן אונדז זייער געבעטן אַפּטער אַריינקומען צו זיי און זיי האָבן אויך צוגעזאָגט גאָר אין גיכן צו זיין ביי אונדז מיט אַ וויזיט. זיי זענען זייער אינטערע־סאַנטע מענטשן, מוז איך אייך זאָגן, און האַלטן פון אייך אַ ביסל — ווײַ, ווײַ...

סעסיל פעטראָווגאַ: די קראַנקע פרוי פייגנבוים איז דאָך אַזאַ פיינע, אַזאַ האַרציקע פרוי, זי האָט מיך אויפגענומען ממש ווי אַן אייגענע מוטער. פאַר איין וועגס האָט זי מיר שוין אָנגעזאָגט נאָך אייניקע זאַכן, וואָס זע־נען שייך צו אַ יידישער טאָכטער... אין דער באַלעבאַטישקייט... ביי מיר אין שטוב געפינט איר שוין נישט קיין איין געגוצטן טעלער, אַלץ אַרויס־געוואָרפן! אַלע טישטעכער און האַנטעכער — אויסגעקאָכט! מיר ווילן ווערן אמתע יידן, אַזוי ווי איר און מענדל פערלאָוו, איך וויל זאָגן מנשה —

שלמה מאַכט אַ טריט אויף צוריק און קוקט פאַרווונדערט אויף סע־סיל פעטראָוונען.

סעסיל פעטראָווגאַ פאַרלירט זיך אויף אַ ווײַלע, זי געפינט זיך אָבער באַלד צוריק:

— יאָ־אָ־אָ... איך האָב נעכטן פיל גערעדט דערפון מיט סאַמואילן, און מיר זענען ביידע געקומען צום אויספיר, אַז ביי דער ערשטער געלעגנ־הייט זאָלן מיר אייך זאָגן אָט וואָס: — דאָס וואָס איר האָט דאַמאָלסט גע־זאָגט וועגן דער דורכזיכטיקייט פון דער אַזוי גערופענער „שירמע", זענט איר בפירוש געווען גערעכט! זי איז טאַקע געווען זייער אַ דינע. ווער עס האָט נאָר געהירן אין קאָפּ, האָט גלייך געקענט עפּעס באַמערקן... און איצט וויל איך אייך זאָגן נאָך אַ זאַך: איר זאָלט זיין אַזוי פיל גוט איבערגעבן אייער מאַניען, אַז לויט אונדזער מיינונג, האָט טאַמאַרא נישט די ווערט אים אפילו דאָס וועש צו וואַשן, נישט נאָר —

שלמה מאַכט אַזש צו די אויגן פאַר איבערראַשונג און אומגעריכט־קייט. ווען ער עפנט זיי צוריק איז שוין לעבן אים קיינער נישטאָ. ער באַווייזט נאָר צו באַמערקן דעם פּוכיקן עק פון סעסיל פּעטראָוונעס אַש־קאָלירענעם פוקס און עס פאַרקלאַפּט זיך הינטער זיי דאָס געהיימע טירל.

מעכאַניש לאָזט זיך שלמה גיין זיין וועג. אין האַרצן איז ביי אים אַ מישמאַש פון פאַרשידענע געפילן: ס'איז אים אַ ווייטיק מיט אַ בזיון, וואָס פרעמדע מענטשן האָבן געהערט זיין לעצטן ודוי! ער איז טיף גע־קרענקט פון זייערע לעסטערנדיקע רייד וועגן זיין געליבטער; צוריק אָבער איז ער געריירט ביז צו טרערן פון זייער אויסקאָכן די טישטעכער...

— בארעכן נאָר, זיך געצילט אין אַ ווילדער קאַטשקע און געטראָפן אין אַן אָדלער... ווער האָט זיך געקענט ריכטן אויף אַזאַ ערנסטער איבער־קערעניש? אויף אַזאַ עקסטרעמען „השיבנו נאזאד"?

*

אין דעם זעלבן אויפדערנאַכט זענען צו יאַנין אין שטוב אריין גע־קומען צו גאַסט שמואליק מיט דבורהן און שפּעטער אַ ביסל, — אויך לייב מיט סאָפיאַ גריגאָריעוונען. אַלע קינדער זענען גראָד געווען אין דער היים. יאַני איז געלעגן אויפן בעט. אַ פּנים עפּעס קיין כח נישט געהאַט.

דבורה: עפּעס געפעלן מיר נישט דיינע אויגן, יאַני. ליג נאָר אונטער דעם טערמאָמעטער —

— עי, דער רוח וועט מיך נישט נעמען... און אויב יאָ, איז אויך אַ קליינער אומגליק. קלענער דער עולם, גרעסער די סעודה.

שמואליק: אויף מיינע שונאימס קעפּ! וואָס זענען דאָס פאַר אַ דיבורים, וואָס? אסתר, וואָס שווייגסטו?

אסתר בשעת מעשה, וואַרפט כלומרשט אונטער קוילן אין פּליטע אריין. זי דרייט אַוועק דעם קאָפּ פון די געסט און ענטפערט נישט.

שמואליק: פּאַליטשקאַ, פאַר וואָס וויינט די מאַמע? עס האָט ביי אייך עפּעס חלילה געטראָפן? לייב, דו ווייסט גאָרנישט?

לייב קוועטשט מיט די אַקסלען:

— איך ווייס נישט וואָס צו וויסן... גלייך ווי איך בין נאָר געקומען צו פאָרן, האָב איך זיי אַלעמען געזאָגט: קינדער, ס'איז נישט דער פריער־דיקער יאַני! עמעצער האָט אים אייך אונטערגעביטן. געזאָגט, סאָניאַ, צי ניין? אפשר הונדערט מאָל האָב איך זיי דאָס איבערגעחזרט. מען זעט נישט אויף זיין פּנים קיין פרייע מינע. עפּעס אַ פינצטערע מרה־שחורה, רחמנא ליצלן, האָט זיך באַזעצט אין אים... ווען איך גיב נישט קיין קוק אויף אים, רייסט זיך ממש אָפּ אינעווייניק. עפּעס זעט ער אויס ווי אַ שרוי בצער, ווי אַן אבל —

סאָניאַ: וואָס טראַכסטו אויס אויף אים? דעם אויפדערנאַכט ביי אונדז האָט ער, דאַכט זיך, פאַרבראַכט גלייך מיט אַלע. על כל פּנים איך, האָב גאָרנישט באַמערקט. איך ווייס נישט, וואָס דיר חלומט זיך...

— דו האָסט נישט באַמערקט, ווייל דו האָסט נישט געקוקט. איך קען יאַנין בעסער פון דיר. אַז איך זאָג, ווייס איך וואָס איך זאָג...

שמואליק: יאַני, וואָס שווייגסטו? וואָס פילסטו זיך?

יאַנים גרויסע, טרויעריקע אויגן זענען ווי אויסגעגאָסן פון שטאָל. ער שווייגט.

לייב: וואָס דאַרפסטו מער? — שיינע יאָרן, אַז סאָניא לערנט מיך שכל — אַנומלטן, ווען איך האָב באַקומען דעם פּאַספּאָרט, האָב איך גע־בעטן יאַנין, אַז אסתר זאָל אָפּקאָכן אַ שטיקל וועטשערע, מען זאָל צו־גרייטן עפּעס משקה, און איך מיט וולאַדימירן און מיט סאָניען וועלן צו־גיין צו זיי, אַזוי צו זאָגן: באַגיסן דעם נייעם בגד... עפּעס אַ קליינע שמחה ביי מיר? דאַכט זיך, ווען משיח אַליין קומט, וואָלט איך אויך אַזוי נישט אויפגעריכט געוואָרן... איך האָב דאָך שוין היינט געאַרבעט אויך! דאָס הייסט, אויף דער אמתן הייב איך ערשט אָן פון מאָרגן... דו האָסט גאָר־נישט געוווסט?

שמואליק: נו, נו, בקיצור, דו האָסט דאָך, דאַכט זיך, עפּעס אָנגע־הויבן דערציילן וועגן דיין קערמישל, וואָס דו האָסט געזאָלט מאַכן —

— יאָ... האָט מיר יאַני געגעבן אַן ענטפער אָפּ, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. כ'האָב קוים געזען ווי אַרום אַוועקצוגיין.

— וואָס זשע האָט ער דיר אַזוינס געקענט ענטפערן?

— גאָרנישט אַזוינס באַזונדערס. נאָר, אַז ער זאָל מיר אַזוינס זאָגן, איז אויס וועלט! „אויב דיר איז פריילעך אויפן הארצן — זאָגט ער מיר — טאָ זוך דיר אויך אַזעלכע, און זאָלץ מיר נישט אויף די ווונדן". פרעג איך דיך: — איז דאָס יאָ אַן ענטפער פון אַ מענטשן? סאָניא דערציילט מיר מעשות: פאַרבראַכט, פאַרשמאַכט. איך האָב גוט געזען ווי ער איז אַ גאַנצע נאַכט געווען געל ווי וואַקס... אַז ווייו איז צו אַזאַ „פאַרברענגען"...

דבורה גייט צו צו יאַנין, רירט אָן מיט אירע ליפּן זיין שטערן און שפּרינגט אָפּ ווי אַן אָפּגעבריטע:

— קינדער, ער האָט אפשר פערציק גראַד היץ. מען מוז עפּעס זען טון, זאָג איך אייך —

שמואליק: יאַני, וואָס טוט דיר וויי? וואָס שווייגסטו? פאַר וואָס ענטפערסטו נישט? שוין זשע איז דיר אפילו שווער צו ענטפערן?

יאַני שנורעוועט נאָך שטייפער צונויף די ליפּן און ענטפערט גאָר־נישט. אויף די קינדערס פנימער הויערט אַ פינצטערער וואָלקן. קיינער פון זיי הייבט נישט אויף די אויגן פונעם ביכל. עטלעכע מינוט איז אין צי־מער לחלוטין שטיל. עס הערט זיך נאָר דאָס נודנע זינגען פון דעם וואַסער אין די רערן, דאָס מאָנאָטאָנע הודען פונעם שטשאָטשיק ביי דער טיר און אוראַמס נערוועזע קריצן מיט דער פעדער. סאָניא הייבט זיך אויף, גייט צו צו אסתרן און נעמט זי אַרום פאַר דער פּלייצע:

— אסתרל, נשמה מיינע, וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס ביי אייך? ווער איז דיר נאָך נעענטער פון מיר? פאַר וואָס פאַרדרייסטו דעם קאָפּ, ווען איך רעד צו דיר?

אסתר האַלט זיך איין מיט די לעצטע כּוחות און ענטפֿערט נישט.

סאָניאַ: איך פֿאַרשטײ גאַנץ גוט, אַז איר האָט זיך פֿאַר עפּעס צע־קריגט, יאָ, יאָ, טאָקע דו מיט יאַנין... וואָס קוקסטו אויף מיר ווי אַ נעבעך־טיקע? דו מיינסט, אַז איך פֿאַרשטײ שוין גאָרנישט? מען דאַרף דען זיין אַזאַ גרויסע חכמטע כּדי זיך אויף אַזאַ פּשוטער זאַך אָנצושטויסן? אָבער איך פֿרעג אייך נישט מער, וואָס פֿאַר אַ פּנים האָט עס? ווי שעמט איר זיך נישט פֿאַר די קינדער? האָבן קיין עין־הרע קינדער צו לייטן, און נאָך וואָס פֿאַר אַ קינדער און... און אַליין זיך אַזוי נאַריש מאַכן — פֿע, איר מעגט זיך שעמען! און דווקא דער קלוגער יאַני, האַ?

די לעצטע עטלעכע ווערטער האָבן איבערפֿולט די מאָס. אסתרס נערוון האָבן שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן און זי האָט אויסגעבראָכן מיט אַ היסטערישן געוויין. פֿאַלי איז אַ דערשראָקענע אויפֿגעשפּרונגען פֿונעם בענקל און האָט זיך מאָמענטאַל צוריק אַוועקגעזעצט: דער פֿאָטער האָט געקוקט גלייך אויף איר... סאָניאַ מיט דבֿורהן האָבן זיך אַ וואָרף געטון צו אסתרן, זיך באַמיט זי צו באַרואיקן, נאָר אסתר האָט אומאויפֿהערלעך געכליפּעט. דאָס האַרץ איז ביי איר געפֿלויגן אין דער לופֿטן ווי אַ בלאָזזאַק.

שמואליק: אָבער גוואַלד: וואָס האָט פּאַרט אַזעלכעס געטראָפֿן? איך זע, אַז אַלע לעבן, דאַנקען גאָט. קיינער איז חלילה נישט אַוועקגעקומען. וואָס זשע איז דער געוויין אַזוי שטאַרק? האָסטו געזען אַזוינס, אַז ביי אַן אייגענער שוועסטער זאָל מען זיך נישט קענען דערשלאָגן צו קיין קלאָרע דיבורים? נו, זאָג שוין אַ וואָרט, האָב רחמנות —

אסתר: שלמה —

שמואליק שפּרינגט אויף דערשראָקן:

— וואָס — שלמה?

— שלמה —

שמואליקס פּנים איז ווייס ווי קאַלך, ער טרייסלט שוין מיט איר אַ צערייצטער:

— זאָג שוין, וואָס שלמה? וואָס האָט געטראָפֿן מיט אים?

— מיט אים האָט גאָרנישט געטראָפֿן, מיט אונדז האָט געטראָפֿן! מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט ער געוואָרנט פֿאַלין, אַז אויב זי גייט נישט איין אויף באַלד חתונה צו האָבן, איז צווישן זיי אַלץ געענדיקט... און איי־בערמאָרגן איז דער לעצטער טאָג —

— איך פֿאַרשטײ נישט קיין איין וואָרט. וואָס זשע איז דען שלעכט אויב באַלד די חתונה? אדרבה, איך האָב אַלץ גערעכנט, אַז ער אַליין ציט אָפּ די זאַך, אָבער אויב עס איז גאָר פֿאַרקערט די מעשה, איז דאָך גוט, וואָס בעסער דאַרף מען גאָר נישט. וואָס זשע איז דאָס געוויין? משוגעים, אויף מיין וואָרט! פֿון וווילטאָג גייט מען פֿונעם זינען.

לייב: כאַ, שוין באַלד אַזוי ווי אין יענער מעשה. אפֿשר נישט אַזוי, סאָניאַ?

אסתר: נישט „אַזוי ווי“ —

— וואָס, וואָס? וואָס האָסטו געזאָגט?

אסתר שווייגט שווער. לייב קוקט אויף איר פאַרוווּנדערט. ער טאַפּט מיט די אויגן איר פּנים, ווי ער זאָל וועלן אויסקווּעטשן פון דעם דעם תמצית פון אירע אומפאַרשטענדלעכע רייד. מיט אַ מאָל גיט ער אַ ווילדן שפּרונג צו צו איר:

— וואָס, וואָס? וואָס האָסטו געזאָגט? חזר נאָר איבער —

אסתר לאָזט אַראָפּ די אויגן און שווייגט. לייב כאַפּט זיך ביים קאָפּ:

— אַך, אַך, אַך... אַך, אַך, אַך... סאָניאַ, וואָס זאָגסטו דערויף? הערסט אַ מעשה?

נאָר סאָניאַ איז נישט ווייניקער איבעראַשט פון אים אַליין. זי שפּאַנט האַסטיק אַרום פון דער טיר צו דער פּליטע, אַהין און צוריק, אָן אַן אויפהער. לייב גייט פּאַמעלעך צו צום טיש, מיט אַ פאַרוווּנדערט שמייכעלע הייבט ער אונטער פּאָלים פּנים מיט צוויי פינגער:

— טאַ—מאַ—ראַ?

פּאָלי שטופּט האַסטיק אָפּ זיינע פינגער און באַגראָבט דעם קאָפּ אין ביכל. לייב כאַפּט אָן סאָניען פאַר אַ האַנט און טייטלט סאַרקאַסטיש אויף פּאָלין:

— פאַרשטייסט אַ מעשה? טאַמאַראַ יאָסיפאָוונאַ! נו, וואָס זאָגסטו עפּעס אויף איר? כאַ־כאַ־כאַ... פיינשטיין, זייט באַקאַנט... כאַ־כאַ־כאַ!

שמואליק קוקט אויף דבורהן, דבורה אויף שמואליקן אוןביידע אויף יאַנין.

לייב: זאָג זשע מיר, אסתר, לאָמיך וויסן, ווען זשע איז ביי איר דער „27טער נאָוועמבער“?

— האָב איך דאָך געזאָגט, אַז איבערמאָרגן.

שמואליק: פון וואָס רעדט איר, לאָמיך וויסן! איר זענט משוגע, צי איך בין משוגע?

לייב גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: „וווהין קריכסטו נאָך אויך מיט דיינע נאַרישקייטן?“, און ווענדעט זיך צו פּאָלין:

— פּאָלינאַ יאַקאָוונאַ... פּאַרדאָן: באַראָנעסאַ טאַמאַראַ פאָן מיכאַילאָווסק, איז וואָס, אפשר מעג איך וויסן, איר קלייבט אייך אויך דערנאָך שלאָף ווערן, צי איר בענקט אפשר נאָך אַנאַטאָלין?

פּאָלי שפּרינגט אויף, רויט ווי פייער:

— עס איז נישט אייער זאַך, וואָס איך קלייב זיך טון. מישט זיך נישט אין פרעמדע געשעפטן...

— צי עס איז יאָ מיין זאַך, צי ניין, דאָס ווייס איך נישט. אפשר טאַקע ניין. אָבער דעם טאַטן דיינעם, זע איך, האָסטו שוין באַלד איבערגעפירט. און די מאַמע? גיב אַליין אַ קוק אויף דער מאַמען! אַ שיין פּנים האָט זי פון דיר באַקומען, ווי אַן אויסגעסמאָקעטע פייג.

— איך פרעג ביי אייך נישט קיין דעות! זיי זענען מיינע עלטערן, וואָס איך וויל קען איך מאַכן פון זיי.

— אַזוי גאָר?

— אַזוי גאָר! געפעלט אייך אפשר נישט, וועט איר נישט עסן —

— פאַר וואָס געפעלט מיר נישט? אדרבה, עס געפעלט מיר זייער שטאַרק... יאָ, זאָגט מיר, אָבער אז איר וועט מאַכן פון זיי קאַליקעס, ווער זשע וועט שוין זאָרגן פאַר די יינגערע קינדער? זיי האָבן דאָך אויך נשמות —

— האָט קיין מורא נישט, מען וועט אייך נישט רופן פאַר קיין אָפּעקון... מען וועט זיך אויסצוואָגן אָן אייך...

לייב, גיפטיק:

— עיקר שכחתי: נישט נאָר טאַטע־מאַמע זענען ביי אייך אָפּגעבליאַקעוועט געוואָרן, זיי, דאָס איז אַ חוץ מעשה, נאָר איר אַליין מאַדמואַזעל, זענט שוין אויך נישט אַזוי: איי־איי־איי... עס איז נאָר אַ געמאַכטער רעש. אויף מיר אַזוי פיל גוטע יאָר און אויף מיינע שונאים נישט, וויפל מאָל יענע אָדעסער ביילקע, וואָס איז איינגעשטאַנען ביי די פּיאַטיגאָרסקיס, איז שענער פון אייך... און פרישער... און חנעוודיקער... פרעגט ביי וועמען איר ווילט, אַלע האָבן זי געזען... נאָר צו וואָס טויג אייך פרעגן? כאַפּט אַ קוק אויף זיך אין שפּיגל, וועט איר אַליין אויך זען, וואָס פאַר אַ בטלן שלמה איז... ס'איז אַ גליק, וואָס ער געדענקט נאָך פון אַ מאָל ווי אַזוי —

פאָלי, מיט אַ היסטעריקע:

— מאַכט צו אייער מיאוסן פּיסק, פּאַרכאַלים! *

שמואליק רוקט אָפּ לייבן פונעם טיש:

— אָבער לאָמיך אויך וויסן, וועגן וואָס רעדט זיך דאָ? אין סלאַוווטע זענען אויך געווען פיינשטיינס, אפשר קען איך זיי גאָר? —

לייבס ליפּן קרומען זיך אין אַ ביטער שמייכעלע, אָבער ער ענטפערט גאָרנישט.

שמואליק: וואָס זשע שווייגט איר? איך וויל דאָך וויסן —

סאָניאַ: וואָס ווילט איר וויסן, וואָס? ס'איז ביי יאַנין אַ גרויסער אומגליק און שוין! שלמה איז אַזוי לאַנג נאָכגעגאַנגען פּאָלין פוסטריט, ביז עס איז אים נמאס געוואָרן און ער האָט איר געמאָלדן, אַז אויב זי שרייבט אים נישט אָן ביז איבערמאָרגן, אַז זי איז מסכים אויף שטעלן אַ חופּה אָן אָפּלייגענישן וויל ער זי מער נישט קענען. אָט דאָס איז דאָס! איצט פאַרשטייט איר שוין?

— איך פאַרשטיי נאָך אַלץ גאָרנישט. נאָך וואָס זשע דאַרף זי אים אָנשרייבן? ער דאַרף דעם דאָקומענט, דאַרף ער? זי קען דאָך אים די דאָזיקע ווערטער אַליין זאָגן... אַזוי איז דאַכט זיך, נאָך בעסער...

אסתר: וועמען זאָגן? וועמען רעדן? נאַרישער מענטש, וואָס דו ביסט! שלמה איז שוין אַ חודש צייט אויף אונדזער שוועל נישט געווען, זאָגט ער גאָר —

* אַזעלכער וואָס חנפעט זיך אונטער, בייגט זיך פאַר יענעם אין דרייען, אַבי עפּעס אויסנאַרן פאַר זיך.

שמואליק לויפט צו צום טיש:

— וואָס איך הער? פּאָלי, ס׳איז אמת?

פּאָלי קוקט אים מיט חוצפּה גלייך אין די אויגן:

— יאָ. עס איז אמת. איז וואָס זשע ווילט איר?

שמואליק כאַפּט גיריק אָן לופט אין די לונגען און מאַכט זיך הארץ:

— פּאָליטשקע, טייערע, וואָס טוט זיך דאָס מיט דיר? וואָס ביסטו אזוי פאַרביטערט אויף דער גאַנצער וועלט? גאָט איז מיט דיר, גיב מיר אַ קוק אין די אויגן... איך דערקען דיך נישט, אויף מיין וואָרט!

פּאָלי שטייט אויסגעצויגן אין איר גאַנצער לענג. די אונטערשטע ליפּ ציטערט ביי איר געפערלעך, נאָר זי שטעקט אריין אין איר די ציין און שווייגט פאַרביסן. דבורה נעמט זי מוטערלעך ארום, דריקט צו דעם קאָפּ אירן צו איר ברוסט און זאָגט בייז:

— וואָס דען? מען קען דאָ זיין נישט פאַרביטערט? אַז אַלע פאַלן אָן אויף איר: יענער חכם פון דער „מה נשתנה" האָט זיך אריינגעלייגט אין בעט אריין און אָנגענומען אַ מויל מיט וואַסער, אַז עס צופּט אַזש ביי דער נשמה; אסתר באַוויינט זי לעבעדיקערהייט; די קינדער זיצן ביים טיש ווי די גולמס, מען הערט נישט פון זיי קיין לעבעדיק וואָרט; לייב פון זיין זייט, סאָניאַ פון איר זייט... מען דאַרף דאָך טאַקע זיין פון אייזן אויסצו־האַלטן פון אייך! זאָג מיר פּאָלי־קרוין, פאַר מיר וועסטו דאָך נישט פאַר־לייקענען, אַז דו האָסט אים אויך ליב, איך בין דאָך אויך אַ פרוי, איך פיל און איך ווייס דאָס אויף זיכער, און אויב דו ווילסט גאָר, איז נאָך — זייער־זייער ליב —

ביי פּאָלין ציטערט דאָס לינקע האַלבע פּנים. די קאָנוווּלסיע כאַפּט ארום אירע אַקסלען. זי פיבערט אין גאַנצן. דבורה מאַכט זיך נישט זעענדיק און רעדט ווייטער:

— און צי גיסטו אַ קלער, קינד מיינס, מיט וועמען גייסטו דאָ ריזי־קירן? מיט אָט דעם שוואַרצהנעוודיקן קראַסאַוויעץ? מיט אָט דעם אַלזייטיק־געלערנטן מענטשן? היינט האָט ער דאָך עפּעס דיין פעטער מחיה־מתים געוועזן. דו געדענקסט, ווי דו האָסט אים די פיס געקושט יענעם פרימאָרגן? דאַמאָלסט איז ביי מיר קיין שום חילוק נישט געוועזן, וואָס דו, וואָס מיין גיטעלע, און איצט שטייסטו פאַר מיר עפּעס אַ פרעמדע, אַ פיינטלעכע, ווי דו וואָלסט נישט געוועזן דו, נאָר עפּעס אַ דיבוק וואָלט געזעסן אין דיר... וואָס זאָגסטו? ענטפער עפּעס, וואָס שווייגסטו?

ביי פּאָלין האָט זיך די ספּאַזמע געפעלט. אירע נערוון האָבן פאָרט אויסגעהאַלטן. זי איז שוין איצט געשטאַנען אַ רואיקע און האָט מיט אַ קלאָרן געדאַנק רעאַגירט אויף אַלץ, וואָס דאָ קומט פאָר. ווען דבורה האָט געענדיקט, האָט זי איר שטיל און געלאַסן געענטפערט:

— מומע, וואָס פּייניקט איר מיך מיט אייערע טענות? וויפל שלמה איז אייך טייער, איז ער מיר נאָך טייערער. וויפל ער האָט פאַר אייך גע־טון, האָט ער פאַר מיר נאָך מער געטון. און איך דאַרף נישט קיין וואַרעמע

קאָמפּרעסן, איך בין נישט פאַרקילט. נישט מער, איך קען אים בעסער פון אייך אַלע. ער האָט אָנגעשראָקן די געגנדז מיט אַן אולטימאַטום, אָבער ער האָט אַ קליינעם טעות געהאַט, איך בין נישט קיין גאַנדז. איך האָב זיך נישט דערשראָקן. ווען עס וועט אַריבערגיין זיין „טערמין", וועל איך זיך מיט אים צונויפגיין. אָט דאָס האָט איר קלאָרע דיבורים.

דבורה, אַ ביסל אַ באַרואיקטע פון איר קאַלטבלוטיקייט:

— און טאָמער וועריסטו אים טאַקע יאָ אָן, כ׳וויים?

— תמר איז געווען אַ יידענע... איר קענט זיין זיכער, איך וועל אים נישט אָנווערן. ער איז נישט קיין ציג, ער וועט פון מיר אין ערגעץ נישט אַנטלויפן...

— אָבער טאָמער חלילה וחס יאָ? שלמהס אַ וואָרט איז דיר נישט אַבי־וואָס! עס איז דען כדאי צו מאַטערן אַ גאַנצע וועלט און אויך זיך אַליין איבער אַ טראָפּן האָנאָר, איבער אַ קינדערשער אַמביציע: יאָ געזאָגט, נישט געזאָגט? פאַרקערט, איך האַלט דווקא מיט דיר. אפשר האָט ער נישט געדאַרפט אַזוי טון. יעדער מענטש קען מאַכן אַ פעלער. אָבער ער האָט דאָך שוין געזאָגט, און זעסט דאָך, אַז ער מיינט עס אין אַן ערנסט, אַ סימן: ער גייט דאָך שוין אפילו אַהער נישט... פאָלג מיך, לאָז זיך אים נישט אָפּגעווינען פון דיר. זעלבסטפאַרשטענדלעך, יעדער לעבעדיקער מענטש האָט אַ יצר־הרע דעם צווייטן מנצח צו זיין... פאַלי, גיב גוט אַ קלער, אָבער טאָמער, טאָמער פאַרשפּילסטו דעם קאָן, די שעה זאָל גאַרנישט זיין —

— טאָמער און טאָמער, די שעה זאָל גאַרנישט זיין, וועל איך מיר אויך דאָס לעבן נישט נעמען און איך וויל מער נישט רעדן דערפון. און אפילו נישט הערן אויך.

שמואליק: מאַלע וואָס דו ווילסט נישט, איך וויל אָבער יאָ! די גאַנצע דעה איז טאַקע ביי דיר? אַ שטייגער, זאָג מיר אַזאַ זאַך —

פאַלי, נערווועז:

— גאַרנישט וויל איך אייך נישט זאָגן און גאַרנישט וויל איך פון אייך נישט הערן...

— דאָס וואָס דו ווילסט נישט איז נאָך אַ קלייניקייט... אַ גאַנצער „יאַ טיעביע דאַם" געוואָרן... ס׳איז ביי מיר, מיינסטו אויף אַן אמת, אַ גרויסער אונטערשיד, צי דו ווילסט יאָ, צי דו ווילסט נישט? פון דיינע טענות זע איך שוין, אַז דער טאַטע איז גערעכט. וואַרט, אפשר וועט ער אַליין זאָגן עפּעס אַזוינס, וואָס וועט אַ ביסל פאַרענטפערן דיך אויך. שאַ, לאָמיר הערן... דאַכט זיך, ער זאָגט עפּעס —

„ער אַליין" האָט אָבער גאַרנישט געזאָגט. ער האָט געפילט, אַז טאָמער הייבט ער אָן צו רעדן, אַזוי פּלאַצט אין אים דאָס האַרץ, אָדער בלוט וועט אַ שטראָם טון פון זיין האַלדז. זעענדיק, אַז יאַני קלערט אפילו נישט צו אָנהייבן רעדן, האָט שמואליק זיך פון דאָס ניי געווענדעט צו פאַלין:

— זאָג מיר דעם אמת, דו האַלטסט שלמהס „סטראַשונאַק" פאַר אַ

קאָמעדיע? וואָס איז ער דיר אַ קאָמעדיאַנט? אַ בערנטרייבער? דו גיסט אַ באַרעכן, ווער ער איז און ווער מיר זענען? דו פאַרגעסט דעם אונטערשיד צווישן די באַנדערוקעס און שלמהלע דעם עלוי?

און אויסדרייענדיק זיך צו ליבן גיט ער אַ שמייכל:

— לייבקע, דו געדענקסט, ווי אַזוי דיין טאַטע עליו השלום, פלעגט זאָגן: קופה של שרצים תלויה לו מאחוריו... היינט איז דאָך שרצים צו שרצים נישט גליך...

און ווענדנדיק זיך ווידער צו פאָלין גיט ער אַ זאָג, שלינגענדיק די ווערטער:

— דו ביסט דאָך עפּעס אַ קלוג מיידל, זאָג אַליין, דו ביסט יאָ אַ מבין אויף אַזאַ כאַפּ? מיר מעגן זיך פאַר אים און פאַר זיין אָפּשטאַם בייגן „מודים״ —

לייב נעמט אים אָן פאַר די אַקסלען און שטופּט אים אַוועק:

— מוידעם — בוידעם... ווייס איך, וווהין ביסטו פאַרפאָרן? איך זאָג גאָר אָן אַנדער געדאַנק... פאַרקערט די יוצרות —

ווי אַ קאַץ גיט פאָלי אַ שפּרונג אַרויס פון הינטערן טיש, אַ כאַפּ אַראָפּ פונעם הענגער דעם פּאַלטאָ און לויפט צו דער טיר. שמואליק פאַר־שטעלט איר דעם וועג. זי אַמפּערט זיך מיט אים אַ צערייצטע ביז גאָר.

שמואליק: דו קנייפּ זיך וואָס ווייניקער, מיין טייערס. איך קען דיך אוועקלייגן אויף דער קני און דיר אַריינפּיצקען אין „חד גדיא״ אַריין, אַז עס זאָל אַזש גיין אַ רויך... איך מעג, דו ביסט ביי מיר אויף די הענט אויסגעוואַקסן... גיי, זעץ דיך אַנידער! האָסט נישט וווהין צו לויפן, ביסט שוין דיינס אָפּגעלאָפן...

פאָלי כאַפּט אָן די קליאַמקע און וואַרפט אָפּ שמואליקן פון דער טיר. שמואליק כאַפּט זי אָן ביי די אַקסלען און גיט זי מיט אַלע כוחות אַ וואָרף צוריק אין צווייטן עק צימער. פאָלי טרעפט מיטן קאָפּ אין דער עטאַזשער־קע און שיסט אויס מיט אַ געוויין. אויף גיך וואַרפט זי אַראָפּ דעם פּאַל־טאָ פון זיך, גיט אַ שליידער די טופליעס אונטער דעם בעט און פאַר־שווינדט מיט אַ געיאָמער אונטער דער קאָלדרע.

די געסט זענען נאָך געזעסן אַ ביסל, אָבער דער שמועס האָט זיך נישט געקלעפּט. אסתר איז אַ דערשלאָגענע געשטאַנען ביים טאַפּטשאַן* און האָט נישט געוווּסט צו וואָס זיך צו נעמען. די קינדער זענען פאַר־שטאַרטע געזעסן ביים טיש, קיינער האָט נישט געהאַט קיין האַרץ זיך צו־רירן צו די לימודים. יאַני איז געלעגן מיטן פּנים צו דער וואַנט און מען האָט נישט געקענט וויסן, צי שלאָפט ער, צי ניין.

צעקאָכטע און פאַראומערטע זענען די געסט אַוועקגעגאַנגען און מען האָט ביי די טולטשינסקים באַלד אויסגעלאָשן דאָס ליכט.

---

* קיכטיש.

# קאפיטל LXIII

אויף צו מאָרגנס איז אויסגעפאַלן אַ שטאַרקער שניי. גאַנץ קיעוו איז געווען איינגעהילט אין ווייסן. די שטאָט האָט שעמערירט און געפינקלט ווי אַ כלה אין איר חופה־קלייד. פאַר נאַכט צו האָט זיך די זון כלומרשט אַ ווייז געטון אויף אַ מינוט און ווידער האָבן זיך פון הימל אַ שאָט געטון פעדערן אָן אַ שיעור. אויך אויפן צווייטן טאָג איז דער שניי געגאַנגען אומאויפהערלעך. פון אינדערפרי ביז נאַכט זענען די דוואָרניקעס נאָר געשטאַנען מיט די לאָפּעטעס אין די הענט און האָבן גערייניקט דעם שניי פון די טראָטואַרן.

ביי די טולטשינסקעס, ווי מען זאָל זיך האָבן צונויפגערעדט, האָט מער קיינער נישט דערמאָנט שלמהס נאָמען, כאָטש אַלע האָבן געוווסט, אַז היינט איז דער זעכצנטער יאַנואַר, פּאַליס יום־הדין. זי אַליין פלעגט די לעצטע טעג קומען אין שטוב אַריין אַרום האַלבער נאַכט, כדי אויסצומיידן סצענעס. קיינער האָט ביי איר נישט געפרעגט וווהין זי גייט אָדער וואָס זי טוט. אַלע האָבן זיך אָפּגעוואַשן די הענט פון איר...

יענעם אויפדערנאַכט איז פּאָלי געקומען אַהיים אַרום האַלב צוועלף. די טיר איז געווען אָפן, די עלעקטרי האָט געברענט, נאָר אַלע בני־בית זענען שוין געלעגן אין די בעטן. זי האָט צו זיך אַליין אַ זאָג געטון: „אַ גוטן־אַוונט״! כאָטש זי האָט גוט געזען, אַז קיינער שלאָפט נאָך נישט. אַלע האָבן אומרואיק אַרויסגעקוקט פון אונטער די קאָלדרעס. איר בעט איז נישט געווען אויסגעבעט. די מאַמע אירע האָט גאָר אַ פּנים פאַרגעסן, אַז אויך זי דאַרף דאָ שלאָפן. אויפן טיש איז פאַר איר געשטאַנען איינגעדעקט וועטשערע. זי האָט שטיל אַרויסגערוקט אַ בענקל, אַוועקגעשטעלט קעגן די אויגן עפּעס אַ ביכל און האָט גענומען עסן. זי האָט מעכאַניש געקייעט דאָס געפרוירענע שטיקל פיש און גאָר קיין טעם אין דעם נישט געפילט. עס האָט אין איר געברענט אַ העליש פייער: — זיי באָיקאָטירן זי מיט שווייגעניש! אוראַם אויך, סאָנקע אויך. נישקשה, נאָך דער חתונה וועט זי זיך אָפּנוקמען אין זיי. יאַרנלאַנג וועט זי אויף זייער שוועל נישט קומען. און מיטן טאַטן? מיטן טאַטן האָט זי גאָר־גאָר אַן אַנדער חשבון. זי גאָר טעראָריזירן, שיסן מיט שטומעניש. נישקשה! עס וועט קומען אויך אויף זיי אַ טאָג. נישט זי, נישט שלמה וועלן נישט באַזוכן אָט די שטוב. טאַקע כהאי־לישנא וועט זי אים זאָגן:

— קוים האָסטו מיך ליב, דאַרפסטו ווייכן דעם טאַטנס שטוב פונקט ווי איך אַליין... בעסער מאַכן אַ בויגן אויף צען גאַסן, נאָר נישט דורכגיין נאָענט... מען האָט פון מיר דאַרט צו פיל בלוט אָפּגעצאַפּט...

אין האַלדז ברענט איר גאָר געפערלעך. זי ווייסט נישט, צי איז דאָס עסן אַזוי געזאַלצן, צי דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס אויף דער נשמה איז איר אַזוי אָנגעזאַלצן. זי גיסט זיך אָן פונעם גראַפין אַ גלאָז איבערגעקאָכט וואַסער און טרינקט אויס. ניין, איר דורשט איז נישט געלאָשן. מען דאַרף קאַלטע. גלייך פונעם קראַן! זי טוט אָן דעם שאַל אויף די אַקסלען, נעמט

די גלאָז און גייט אַרויס אין קאָרידאָר זיך אָנצאַפּן אַ קאַלטן טרונק. ווען זי זעצט זיך צוריק אַוועק אויף איר אָרט, טרעפט זי אויף איר ביכל ליגן דעם קאַלענדאַר און אויף אים אַווראַמס זייגערל, וואָס ווייזט: צען מינוט נאָך צוועלף... די בלוטן זידן אויף אין איר פאַר כעס. זי גיט אַ שלײדער דאָס זייגערל צו דער טיר. דאָס זייגערל טרעפט אויף דער אייזערנער פרענטע, וואָס שטייט צוגעגרייט אויף צו פאַרריגלען די טיר אויף בייַנאַכט, און צעפליט זיך מיט אַ טראַסק אויף פּיצפּיצלעך. קיינער פון בני־בית הייבט אפילו נישט אויף דעם קאָפּ, גלייך ווי דאָס וואָלט אַראָפּגעפאַלן פון דעסטעליע אַ שטיקל שטוקאַטורקע, אָדער אַן איבערגעטרוקנטע שישקע פון אַ סאָסנע־ריז. זי רוקט אָפּ פון זיך די כמעט נישט אָנגערירטע וועטשערע, אין אָנטון און אין די שיך גיט זי זיך אַ וואָרף אויף איר נישט אויסגעבעטן געלעגער און פאַרקריצט אַזש מיט די ציין:

— ניין, דאָס וועט אים נישט געשענקט ווערן... אַזאַ חוצפה פון אַ סמאַרקאַטע סטודענטל... אַזאַ נאַכאַלסטווע... נאַ דיר גאָר אַזוינס, אַליין קען ער זיך נאָך די נאָז נישט אָפּווישן, און איר וועט ער אונטערשטעלן זייגערלעך און קאַלענדאַרן... אַליין, הייסט עס, ווייסט זי גאָרנישט ווו זי איז אין דער וועלט... אַזאַ עזותניק! אַזאַ נאַכאַל!

אויף אַ ווײַלע פאַרטשעפּעט זיך איר טעמפּער בליק אין אַ פּיסל פון דעם אַקעגנאַיבערדיקן אייזערנעם בעטל, און די געדאַנקען־סטענגע הייבט זיך אָן דרייען אויף צוריק:

— פון דעסט וועגן מוז זי נאָך גוט אַ טראַכט טון, צי אַווראַם איז טאַקע אַזאַ עזותניק און אַזאַ נאַכאַל... זי פילט, אַז איצט קען זיך נאָך אַלץ ענדיקן בשלום. זי דאַרף נאָר אַ זאָג טון עטלעכע ווערטער, בלויז געציילטע עטלעכע ווערטער: „אַווראַם לויף צו אויף סאָלאָמינקע", און אַלץ וועט ווידער ווערן גוט, נאָך בעסער ווי געווען... נאָר עפּעס שטערט איר... עפּעס שטעקט איר ווי אַ פלאָקן אין האַלדז... עמעצער שטייט לעבן איר און פאַרשטעלט איר מיט דער האַנט דאָס מויל... גוואַלד, פאַר וואָס ברענט אָט דאָס ליכט? אָט דאָס שרייענדיקע, שניידנדיקע, חוצפהדיקע, זיך אונטערהערנדיקע ליכט? אין דער פינצטער וואָלט זי שוין אפשר יאָ געזאָגט אָט די פון אַלעמען לאַנג־דערוואַרטע ווערטער... ניין, נישט אפשר! אויף זיכער! זי פילט, אַז זי וואָלט אויף זיכער געזאָגט, אָבער אָט דאָס אכזריותדיקע ליכט רויבט ביי איר צו די גאַנצע ענערגיע, די גאַנצע בחירה צווישן יאָ און ניין —

זי עפנט פאַרזיכטיק אויף די אויגן און קוקט זיך אַרום: פינף פּאָר אויגן ווי אָנגעצילטע פיילן הענגען אויף איר, און ווילן לויט דער מוסקולאַטור פון איר פּנים געוווירן ווערן וועגן דעם, וואָס עס קומט איצט פאָר אין אירע געדעכענישן. — גאָט, וואָס פאַר אַ נסיון! וואָס פאַר אַ שרעקלעכער נסיון! וואָס פאַר אַ שווערן מאָמענט זי לעבט איצט איבער! קיין מאָל אין איר לעבן זענען נאָך די קאָרטן נישט געלעגן פאַר איר אַזוי אָפן און דייטלעך: אָדער רויט, אָדער טויט; אָדער שלום ושלוה, אָדער אייביקער פאַרדראָס און חרטה... וואָס זשע טוט מען? גוואַלד, וואָס טוט מען?

אפשר וואָלט זי פּאָרט אַ זאָג געטון: „אוואַם לויף צו אויף סאָלאָמינקע", עס זענען דאָך אין גאַנצן איבערגעבליבן געציילטע מינוטן... ניין, פאַר אָט דעם פאַרשאָלטענעם ליכט קען זי דאָס מויל נישט עפענען! אוך, אָט דאָס ליכט! אָט דאָס פאַרשיווע ליכט! אָט דאָס מיאוסע, געלע, גיריקע לעמפּעלע! ניין, זי מוז עס אומברענגען! אָדער זי, אָדער דאָס ליכט! לאָמיר אומיסטן זען, ווער ס'איז שטאַרקער!

פון איר בעט ביז צו דער טיר איז בסך־הכל איין קאַצנשפּרונג. אין איין אויגנבליק איז זי שוין דאָרטן, עס טוט עפּעס אַ טרישטשע, ווי עמעצער וואָלט דאָ מיט די ציין צעקנאַקט אַ פלוימענקערל, און דאָס גאַנצע צימער מיט די פינף פּאָר שטעכיקע בליקן, מיט דעם נישט אויסגעבעטן געלעגער, מיט דעם צעשמעטערטן זייגערל אין ווינקל, מיט אַלץ מיט אַן אַנדער ווערט איינגעזונקען אין אַ סאַזשעדיקער פינצטערניש, ימש חושך...

פּאָלי איז געשטאַנען אַ פאַרשלונגענע אין אָט דעם לאַקערנדיקן חשכות. זי האָט פּלוצלינג אָנגעווירן דעם גאַנצן זכרון, זי האָט אין גאַנצן פאַרגעסן, צוליב וואָס זי האָט זיך אַזוי געאײַלט אומצוברענגען דאָס צוגעגעסענע ליכט; זי האָט לחלוטין פאַרגעסן, אַז אָט דאָ ערגעץ גאָר נאָענט שפּירט מען נאָך נאָך יעדער באַוועגונג אירער; אַז ערגעץ איז דאָ אַזאַ אָרט, וואָס מען רופט עס „סאָלאָמינקע", און אַז אוואַם וואָלט נייטיק ווי אין לעבן געדאַרפט צולויפן אַהין... פאַרשווינדנדיק, האָט דאָס געלע, פּײַנטלעכע און אומווירדיקע ליכט מיטגעשלעפּט מיט זיך לטמיון אָט די אַלע „וויסעכצן". איצט ווייסט זי נאָר איין זאַך: אַז זי איז עפּעס נישט מיט אַלעמען. זי האָט זיך באמת געפילט שטאַרק צעקלאַפּט און אויסגעשעפּט. טריט ביי טריט, טאַפּנדיק מיט די הענט דאָס חשכות, האָט זי זיך צוריק צוגעשלעפּט צום בעט און האָט זיך אָנגעהויבן אויסטון. אַ געהיימניספולער עמעצער האָט איר מיט אַ זילבערן גלעקעלע אַ קלונג געטון סאַמע אײַבער דעם אויער:

— ...און שלמה איז נאָך זיכער וואַך... ער וואַרט נאָך... ער ווערט נישט מיד וואַרטנדיק... ליל שמורים הוא... ליל שמורים אויף אַ ווייסער חופּה אָדער אויף אַ שוואַרצער... פּאָלי, פאַרכאַפּ און פאַרריכט כל זמן ס'איז נאָך נישט שפּעט... ווערסט דערנאָך ביטער חרטה האָבן, געדענק!...

פּאָלי פאַרשטאָפּט זיך די אויערן מיט די פינגער און קריכט אַרונטער אונטער דער קאָלדרע. אין צימער אָטעמט קיינער נישט. עס איז שטיל ווי אין אַ קבר. קיין מאָל איז נאָך דאָס שווײַגן און דאָס חשכות נישט געווען אַזוי דריקנדיק און שטיקנדיק אין אָט דער אומגליקלעכער דירה, ווי איצט. די קעלט און דער גרויל פון גאָר דער וועלט האָבן זיך איינגעמויערט אין אָט די אָרעמע פיר ווענט און געפּאַכעט אויף רעכטס און אויף לינקס מיט זייערע מאַוימדיקע שווערדן. נאָר דער וואַנטזייגער איז זיך גלייכגילטיק געגאַנגען זיין וועג: פּאָרויס, פּאָרויס; ווי אַ שטאָלענער וועכטער: טריט נאָך טריט, טריט נאָך טריט... און זי האָט גוט געפילט מיט איר חרובן געמיט, אַז יענער מענטש, וואָס איז איר טייערער פון אַלץ אויף דער וועלט, דערווייטערט זיך פון איר מיט יעדן טיק־טאַק; מיט יעדן

קלונג פון אַט די אומברחמנותדיקע שפּאָרן ווערט ער אָפּגעטראָגן פון איר אין אַן אומענדלעכער ווייט, אין אַן אָרט, פון וואַנען קיין „צוריק" איז נישטאָ. איר אויסגעמוטשעטע נשמה שרייט אין איר:

— גאָט! ווען נעמסטו שוין צו די נשמה ביי אַט דעם אומברחמנותדיקן זייגער? פאַר וואָס נוקמט ער זיך אַזוי אין מיר? וואָס ציילט ער מיר די מינוטן?

זי האָט דאָס מער נישט געקענט אַריבערטראָגן. זי איז האַסטיק אַרויסגעשפּרונגען פונעם בעט און האָט אָפּגעשטעלט דעם אומרו. דער דופק פון דער וועלט האָט זיך אָפּגעשטעלט. די צייט האָט זיך אונטערגעטונקען אין דער אייביקייט. דער חלל־העולם האָט זיך אַ וואַקל געטון, זיך אויסגעגליטשט, און האָט זיך אַראָפּגעקויקלט אין תהום אַריין מיטנעמענדיק מיט זיך דאָס צימער מיט הכל כאשר לכל. געבליבן זענען נאָר: דער אימהדיקער שווידער און דאָס האַרצרייסנדיקע שטומעניש. אָט דאָס איז געווען דאָס ערגסטע. אַלע בני־בית זענען געווען וואַך, נאָר יעדער איינער האָט עס אויסבאַהאַלטן פאַרן צווייטן. יעדער איינער האָט געציטערט אַן אָטעם טון, ער זאָל זיך מיט דעם נישט אויסגעבן.

מיט אַ מאָל הייבט זיך יאַני אויף פון זיין בעט. אין ווייסן זעט ער אויס ווי אַ מת, וואָס איז געקומען פונעם קבר אָפּריכטן „חצות". זיין קערפּער איז איצט משונה־לאַנג. ער ציט זיך אויס אויף דער וואַנט, שניידט זיך איין מיט די נעגל אין דער ליים און לאָזט אַרויס אַ פאַרצווייפלטן געשריי, פון וועלכן עס קילט ביי יעדן דאָס בלוט אין די אָדערן:

— אוי—וי—וי—וי!... צו וואָס טויג מיר לעבן? —

דער שווידערנדיקער אויסגעשריי איז געבליבן הענגען אין דער נאַכטיקער אימה, ווי אַ תליה מיט פיל שלייפן. יעדער איינער פון די וואַכנדיקשלאָפנדיקע, האָט מיט גרויל געפילט אַ פאַרצוויגנעם שטריק אויפן האַלדז... ווי אַן ענטפער אויף דעם ווילדן נאַכטגעשריי, האָט זיך גלייך דערהערט אַ יללה פון אונטער דער שאַפע. אַ גאַנצע שאַיקע שטשורעס האָבן זיך דאַרט געריסן, געביסן און מיט זייערע האַרצרייסנדיקע קווויטשן קאַליע געמאַכט דאָס בלוט אין די אָדערן פון די פאַראומערטע שטובמענטשן.

פאָלין, אונטער דער קאָלדרע, ווערט שרעקלעך, עס קלאַפּט איר אַ צאָן אין אַ צאָן. נאָר זי האָט מורא אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ. דעם פאָטערס קערפּער, הערט זי, פאַלט אום אויפן בעט, ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...הינטערן פענצטער האָט יאָמערלעך געוואָיעט אַ הונט...

*

ווען משה פרידמאַן האָט זיך אין דעם זעלבן פאַרנאַכט באַוויזן אויף סאָלאָמינקע צו מנחה, האָט זיך אפרים־אהרון שטאַרק געחידושט: אַ בעל־נוּת פון אַ מענטשן, אין אַזאַ שנייַ צו פאָרן אַזאַ שטרעקע, אַזש פון פאָדאָל.

נאָך מעריב זענען מנשה, פרידמאַן און מיכאל סתם אַזוי אַריינגעגאַנ־

גען אַ ביסל צו אפרים־אהרונען. מען האָט געטרונקען טיי, געלערנט מיט יצחקלען עין־יעקב, געהערט דורך דעם ראַדיאָ אַ אינטערעסאַנטן קאָנצערט פון לענינגראַד, דערנאָך געשפּילט אַ דאָמינאָ זאַלבעפירט. עס האָט אויסגע־זען, אַז נישט קוקנדיק אויף דער שפּעטער שעה, קלייבן זיי זיך גאָרנישט גיין אַהיים שלאָפן. שלמה איז אויך געווען אין שטוב, נאָר צום טיש איז ער אפילו נישט צוגעגאַנגען. אָנגעטון אין פּאַלטאָ, האָט ער זיך ווי אַ פרעמדער ארומגעדרייט איבער דער שטוב, אויף אַ ווײַלע האָט ער זיך צוגעזעצט, אַרײַנ־געלייגט דעם קאָפּ אין די דלאָניעס, נאָר ער איז גלייך אויפגעשפּרונגען און איז ארויס אויף דער גאַס. דאָרט האָט ער מיט ברענענדיקע אויגן באַגעגנט יעדן אָנקומענדיקן מיטן טראַמוויי. נישט געפינענדיק דעם, וואָס ער זוכט, הייבט ער זיך אויף אויפן בערגל, וואָס פירט הינטן אַרומער צו די אייזנ־באַן־ליניעס.

דער קאָפּ ברענט אים מיט סכנות־נפשות. ער נעמט אַ הויפן שניי און לייגט צו צום שטערן, דער שניי צעגייט גלייך, דאַן נעמט ער נאָך שניי... די פּיס האַקן זיך אים אונטער פאַר שוואַכקייט. ער זעצט זיך צו אויף אַ גע־פרווירענער רעלס. אים דאַכט זיך, אַז דאָס געפרווירענע שטאָל שניידט זיך איין אין זיין לייב ווי אַ חלף, נאָר אויפצוהייבן זיך האָט ער נישט קיין כח. זיינע קרעפּטן זענען אויסגעשעפּט. ער ציט אויס די פיס. ער פילט, אַז אונ־טערן וועש גייט פון אים אַ פּאַרע. מיט אַ מאָל הייבט אָן זיין שטאָלענע „שטול" לייכט צו ציטערן. וואָס איז דאָס? אַן ערדציטערניש? ער הייבט אויף די אויגן: פון דעם רעמאָנטנע־צעך פון דער דעפּאָ גייט שטיל ארויס אַן אומגעלומפּערט־גרויסער לאָקאָמאָטיוו מיט אַן אויג אויפן שטערן און גייט גלייך אויף אים. שוין זשע איז אויף אים נגזר געוואָרן אַזאַ מיתה־משונה? אויף אַ קליינער טייל פון אַ סעקונדע פליט דורך ביי אים אין מח: אַננאַ קאַרעניגאַ... * דאָס וואָלט געווען אי קורץ אי שאַרף... נאָר ניין! דעם פאַרגעניגן וועט ער איר נישט פאַרשאַפן. זי זאָל זיך נאָך שפּעטער קע־גען באַרימען פאַר דער וועלט, אַז מענטשן האָבן זיך איבער איר דאָס לעבן גענומען? אָבער גאָר לא מיט אַן אלף! דאָס לעבן האָט אים גאָט געגעבן און נאָר ער איינער האָט די רעכט דאָס ביי אים צוריק צונעמען. ער קאַ־טשעט זיך פלינק אַראָפּ פונעם בערגל. דער מאַשיניסט האָט אים אפילו נישט באַמערקט, ולא ידע בשכבו ובקומו, עס וואָלט געווען אָפּגעטון שאַ־שטיל, קיין האָן וואָלט נישט געווען געקרייעט...

ער טרייסלט זיך אָפּ פון דעם שניי און גייט אַריין צוריק אין שטוב אַריין. פון „דאָרטן" איז קיינער נישטאָ. די חברה מיטן טאַטן שפּילן נאָך אַלץ אין דאָמינאָ, עס ווערט זיי גאָרנישט נמאס. זיי זענען, הייסט עס, גע־קומען צו יציאת־נשמה. זיי ווילן נאָך היינט וויסן דעם יאָ, אָדער דעם ניין. דער פאָטער, האַלטנדיק די שטיינער אין דער האַנט, וואַרפט אויף אים אַ פאַרחידושטן בליק, אָבער זאָגן זאָגט ער גאָרנישט. פאַר אַזוי פיל יאָרן

* דער נאָמען פון דער העלדין פון ליעוו טאָלסטאָיס ראָמאַן, וועלכער טראָגט דעם זעלבן נאָמען. זי פאַרענדיקט איר רוישיק לעבן זיך אַרונטערוואַרפנדיק אונטער אַ צוג.

מיט „סודות”, האָט ער זיך שוין צוגעוווינט נישט פרעגן קיין קשיות. די מוטער קען אויך נישט אָפּרייסן פון אים איר בליק, וואָס איז פול מיט טיפן מיטלייד. אַ פּנים אַז אויף זיין געזיכט איז איצט עפּעס אָנגעשריבן. ער גיט אַ קוק אויפן זייגער: צען מינוט נאָך צוועלף. ער פּרוווט עפענען אַ ביכל — די אותיות שווימען אַרום פאַר די אויגן, ער זעט גאָרנישט. ער פאַרמאַכט זיך אין זיין צימער, לייגט צו דעם הייסן שטערן צו דער קאַלטער שויב, ער קען אָבער נישט איינשטיין אויף איין אָרט, ער מוז זיך איצט באַוועגן. אין זאַל, הערט ער, איז אַ רעש. עמעצער האָט געוווּנען אָדער פאַרשפּילט. ער פילט, אַז יעדער זייטיקער גערויש לעכערט אים איצט דעם מח, שטעכט ווי מיט נאָדלען. ער טוט אָן צוריק דעם פּאַלטאָ, נישט אומקוקנדיק זיך אויף קיינעם גייט ער דורך דעם זאַל און איז שוין ווידער אויף דער גאַס.

דער שניי פאַלט אַלץ פלאַכעסווייז. אויף סאָלאָמינקע איז פינצטער און פּוסט. דאָ ווינען בלויז אַרבעטער, דער עולם שלאָפט שוין. קיין טראַמוויי זעט מען שוין אויך נישט. אָדער עס וועט נאָך זיין איין וואַגאָן אָדער נישט. אַן אַלטיטשקע גויע אין אַ ווייסן פעלץ גייט אַרום אָנגעבויגן און קערט אָפּ דעם שניי פון די צעצווייגטע ליניעס. זי קערט אָפּ און אַ גרויסער עמעצער שיט אָן פרישן שניי, זי שאַרט אַראָפּ און ער שאַרט אַרויף. זאָל ער זי אַ פרעג טון, צי עס וועט נאָך זיין אַ טראַמוויי? ניין, ער וויל נישט פרעגן. קודם, פון וואַנען קען זי וויסן און ווידער ער גייט דאָך אין ערגעץ נישט אַוועק, וועט ער אַליין זען. ער שפּאַצירט לאַנגזאַם אויפן טראָטואַר קעגן דער ליניע. ער מאַכט צו די אויגן מחמת דעם שניי, און ער זעט פאַר זיך כמעלניק:

...ער פלעגט זיך באַהאַלטן הינטער די הייזער, אָפּט מאָל אַרויפקריכן אויף אַ פרעמדן דאַך, אַבי נאָך אַ מאָל צו זען זיין נשמה, זיין האָפענונג. די, צוליב וועלכער ער לעבט און ליידט. און אַז זי האָט פאַרלאָזט כמעלניק, האָט ער שוין דאַמאָלסט געפילט, אַז זיין האַרץ צערייסט זיך אין אים אויף צווייען. נאָר דאָך האָט ער שוין אָנגעהויבן צו ווערן צוגעוווינט, רעכענען דאָס פאַרגאַנגענע פאַר אַ חלום... ווער שמועסט שפּעטער, ווען ער איז געוויר געוואָרן, אַז זי פאָרט אַוועק קיין אַמעריקע... אודאי, אודאי האָט אים דער פרישער שניט שטאַרק ווייי געטון, אָבער אַנאַניעוו האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן אים אויסהיילן. ער איז שוין כמעט געווען רואיק. עס פאַרשטייט זיך, נישט גליקלעך, אָבער מער־ווייניקער רואיק. האָט דער נישט־גוטער אָנגעטראָגן מיכאלן מיט זיין בריוו. אַך, אָט דער מיכאל! דאָס איז ער אין גאַנצן שולדיק. ווען נישט ער, וואָלט ער געקענט געווען אויסלעבן זיינע יאָרן און אפילו מער נישט הערן איר נאָמען. און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן זיין לונגפוילעניש: קיעוו, מאָסקווע, מאַרי, די טורמע און ווידער אַ מאָל קיעוו. אַ שטייגער, ווער האָט געבעטן קלאַווען צו ברענגען אים בריוו פון זיין מלאך־המות? יאָ, קלאַוואַ און מיכאל, זיי זענען עס די גאַנצע שולדיקע. דאָס האָבן זיי ביידע געמאַכט יד־אחת, צו צאַפּן פון אים דאָס בלוט. יאָ, דאָס איז זיכער אַזוי —

זיינע געדאַנקען רייסט איבער אַ טרוקענער, צעשאָטענער קלונג פון אַ טראַמוויי־גלעקל. ווי אַ משוגענער לויפט שלמה אַקעגן דעם טראַמוויי. עס גייען אַראָפּ פיל פּאַרשוינען, מערסטנטייל פּאָרלעך, אַ פּנים — פון די טעאַ־טערס, פון די קינאָס. דער וועלט ווייזט אוים פעלט נאָך טעאַטערס. ער גייט דאָ אָפּ מיט בלוט, דאָס לעבן עקט זיך אים, און זיי גייט אָפּ טעאַטער. אָן איבערגעקערטע וועלט, פול מיט אכזריות. דער טראַמוויי הייבט זיך שווער אויף באַרג־אַרויף, דער שניי זידט אונטער די רעדער, דער עלעקטרישער בויגן האַקט אוים בלייך־קאַלירענע שנירלעך פונקען. אין איין מינוט צע־קריכן זיך די פּאַרשוינען איבער די גאַסן און געסלעך. אויף זייער גאַניק איז קיינער נישט אַרויפגעגאַנגען. וויפל איז דער זייגער? אָן פופצן מינוט איינס. ער וועט וואַרטן ביזן סוף!

און ווידער איז ער איינער אַ וואַכנדיקער אויף גאַנץ סאַלאַמינקער טראַקט.

...איי־איי־איי, וואָס פאַר אַ זיסער טאָג עס איז געווען חמשה־עשר באב דאַמאָלסט אין סוויאַטאָשין... זייער לאַנגער קוש און די אָנציינענדיקע פוי־ערטעס... אַך, אַך, אַך! שפּעטער, דער אויפדערנאַכט. זייער טישל אין מיטן צימער. און דאַכט זיך — שוין! דאָס איז טאַקע געווען דער לעצטער, ליכ־טיקער מאָמענט אין זייער ליבע. פונקט פון דאַמאָלסט אָן האָט זיך אין זייער בנין אָנגעהויבן איינצוליינען איין וואַנט נאָך דער צווייטער. עס הייסט אייגנט־לעך, איז נאָך אין סוויאַטאָשין — ווי נאָר זי האָט אים דערציילט, אַז מען האָט אָפּגעלייגט די עקזאַמענס — האָט ער אויפן אָרט גלייך דערפילט, אַז עס שמעקט מיט חורבן, נאָר ער האָט זיך אַליין פאַרלייגט די אויערן, נישט געוואָלט הערן. אָבער שפּעטער האָט ער שוין געמוזט הערן. יאָ, און וואָס איז מיט איר שבועה? זי האָט דאָך עפּעס געשווווירן אייביק צו היטן איר ליבע? געגעדט איז געבילט? אינטערעסאַנט, וועט גייט עס אונטערן בריק? אפשר פונקט אַוואָס, צי ניומאַ? בפירוש, דאַכט זיך אַוואָמס אַקסלען. ער לאָזט זיך גיין יענעם אַקעגן, ניין, ס'איז אַ טעות. יענער פאַרקערעוועט גאָר אויף דאַנילאָווסקע. האָט זי טאַקע, הייסט עס, אויף אָן אמת באַשלאָסן צו צערייסן מיט אים? נו, זאָל זיין אין אַ גוטער שעה!

ער צינדט אָן דאָס קעשענע־לעמפּל און פאַרקאַטשעט דעם אַרבל:

— אוי—וואַ, עס איז שוין טאַקע פּאַוואָלינקע פינף און צוואַנציק מי־נוט נאָך איינס. פּאַרטיק, אָט דאָס איז דאָס!

ער שטעלט זיך אָפּ און פרעגט ביי זיך אַליין:

— נו וואָס, שלמה, דאַכט זיך כלו כל הקיצין, איצט איז שוין אַ סוף?

און ער ענטפערט זיך אַליין:

— יאָ, אַ סוף! דאָס מאָל איז שוין דער ענדגילטיקער סוף! איצט איז דער שר של פּאָלי געפאַלן, ואשר שכב לא יוסיף לקום!

זיין רעכטע האַנט דריקט שטאַרק די לינקע. ער ווייסט גוט דעם באַ־טייט פון אַזאַ תקיעת־כף: כי יד על כס יה... ער גייט אַרויף אויפן גאַניק, טרייסלט פון זיך אָפּ דעם שניי און עפנט האַסטיק אויף די טיר.

אין שטוב טרעפט ער אַלץ ווי בשעת ער האָט זיי איבערגעלאָזט: דער

טאַטע שפּילט קעגן מנשהן און מיכאל קעגן פרידמאַנען, יצחקל גרייט נאָך אַלץ די לימודים. אַלע איבעריקע בני־בית שלאָפן שוין לאַנג. שלמה באַטראַכט זיי אַלעמען מיט אַ לאַנגן דורכדרינגענדיקן קוק, ווי ער זאָל זיי איצט זען צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן. פון דעם קלאַפּ מיט דער טיר הייבן אַלע אויף די אויגן אויף אים. שלמהס בלייך פּנים און פיבערדיקער בליק, ציט צו זייערע בליקן ווי מאַגניט. דער שטומער אויגן־פאַרמעסט דויערט בלויז אַ קורצע פּויזע און שלמה ציילט אָפּ ווערטער, ווי קנאַלנדיקע פּיסטאָלעט־קוילן:

— אויס יאַני! גלייך ווי איך בין אויף אוריצקע־גאַס קיין מאָל אין מיין לעבן נישט געוועזן...

אָפּגעזאָגט, גייט ער דורך דאָס צימער מיט שווערע, אַנטשלאָסענע טריט, ער גייט אַריין צו זיך און דרייט איבער דעם שליסל אין שלאָס. מנשה צעוואַרפט די שטיינער אין מיטן קאָן און באַהאַלט אין די וואָנסן אַ צופרידן שמייכעלע. אפרים־אהרון קוקט אָן מנשהן פאַרוואונדערט נאָך וואָס ער צעוואַרפט די שפּיל, בעת עס פעלט זיי נאָך אין גאַנצן דרייצן אויגן צו דער פּאַרטיע. ער פרעגט ביי אַלעמען:

— וואָס האָט ער עפּעס געזאָגט, שלמה? איר האָט יאָ געהערט, וואָס האָט ער געזאָגט?

קיינער ביים טיש ענטפערט אים נישט. יעדער באַזונדער איז פאַרטיפט אין זיינע אייגענע געדאַנקען. אפרים־אהרון ישובט זיך נאָך אַ מינוט: גיין? נישט גיין? דאַן הייבט ער זיך אויף:

— איר וועל גיין אַ פרעג טון ביי אים, וואָס האָט ער עפּעס געזאָגט — אוריצקע?

מנשה זעצט אים אָוועק צוריק:

— זיצט!

— איך וויל נאָר גיין ביי אים אַ פרעג טון, ער האָט דאָך עפּעס געזאָגט —

— זיצט, זאָגט מען אייך —

אפרים־אהרון, שוין אויף אַ קול:

— איך פאַרשטיי נישט, וואָס איז דיין עסק אויב איך וויל ביי אים עפּעס פרעגן. און בכלל, וואָס איז דאָס פאַר אַ צוהאַלטן מיך?

מנשה פאַרשטעלט אים מיט דער דלאָניע דאָס מויל און שעפּטשעט איבער אים, ווי ער זאָל אָפּשפּרעכן אַ גוט־אויג:

— ש־ש־שאַ! וועקט נישט אויף די גאַנצע שטוב. זייט שטיל, זאָג איך אייך.

און מיטן ניגון פון דער גמרא:

— ר' שמעון בן גמליאל אומר — ר' שמעון בן גמליאל זאָגט, כל ימי — אַלע מיינע יאָרן, גדלתי בין החכמים — בין איך דערצויגן געוואָרן צווישן די חכמים — מן הסתם אויך אַזוינע חכמים ווי איר, אפרים־אהרון, צי אפשר נאָך גרעסערע? — און ולא מצאתי לגוף — און האָב נישט אויסגעפונען פאַר קיין מענטשן, טוב משתיקה — קיין בעסערע זאַך ווי

שווייגן... פּתח שין — שאַ! אין הייליקן „ונתנה תוקף״ שטייט אויך: וקול דממה דקה ישמע, אפשר נישט אַזוי, חברה?

אפרים־אהרון קוקט אויף אים מיט גרויסע אויגן און שטאַמלט קוים אַרויס:

— מנשה, ביסט חסר־דעה, צי וואָס? עפּעס רעדסטו צו מיר אויף אַ שפּראַך, שאין מלאכי־השרת נזקקין לה... לאָז מיך אָפּ! לאָז מיך אַריינגיין צו שלמהן. וואָס האַלטסטו מיך צו?

— זיצט, זאָג איך אייך! גייט צו אים איצט נישט און פרעגט ביי אים נישט. עס איז נישטאָ וואָס צו פרעגן, עס איז גוט...

— וואָס איז גוט?

— אַלץ אויף דער וועלט איז איצט גוט... וואָס קוקט איר מיך אָן? פון דער נאַרישער דאָמינאָ בין איך דאָך נישט שכור. ס׳איז גוט, זאָג איך אייך און שווין!

— וואָס איז גוט? וואָס רעדסטו מיט מיר האַלבע דיבורים? אויב דו ווייסט עפּעס, טאָ זאָג —

מיכאל און פרידמאַן קוקן זיך איבער שמייכלענדיק. מנשה ענטפערט קאַלטבלוטיק:

— גאָרנישט האָב איך אייך נישט וואָס צו זאָגן, איר וועט עלטער ווערן, וועט איר אַליין אַלץ געוווּיר ווערן.

אפרים־אהרון שפּרינגט אויף פונעם בענקל אַ צערייצטער:

— קוק נאָר אָן, ווי אַלע ווייסן זיי עפּעס און נאָר פאַר מיר, פאַרן פאָ־טער, איז דאָס אַ סוד. עס איז מיר אָבער באַלד אַריין אין דער נאָז: וואָס עפּעס פּלוצלינג פאַר אַ שפּילערייַ אין דאָמינאָ ביז טאָג? קאַרטיאָזשניקעס געוואָרן? און נאָך פרידמאַנס עולה־רגל זיין פון פאַדאָל? בקיצור, לאָמיך שוין וויסן, וואָס אַזוינס איז געשען אויף אוריצקע?

— וואָס גייט אייך אָן אוריצקע? קאַרג גאַסן זענען פאַראַן אין קיעוו חוץ אוריצקע? קיעוו איז ברוך־השם אַן עיר ואם בישראל אויך אָן או־ריצקע... איר דאַרפט איצט טון נאָר איין זאַך — שווייגן... ווי זינגען מיר דאָרט אין „אקדמות״: טעם עד יתיהב להון, שתיקין באדישתא — איי־דער מען גיט זיי רשות צו רעדן, שווייגן זיי מיט אַ שטיל שווייגעניש... נעמט זיך נישט צום הארצן דערפון, וואָס איר פאַרשטייט נישט אַלץ אויף דער שטעל, איר האָט היינט געווינען די גרויסע פּאַרטיע. אייך קומט שטי־לערהייט אַ „מזל־טוב״.

— אַ „מזל־טוב״ זאָגסטו — און וואָס גייט עס מיך אָן? אַזאַ יאָר אויף מיינע שונאים, וואָס פאַר אַ חכם דו ביסט. הגם, פאַר וואָס עפּעס נאָר דו? און פרידמאַן איז דען לייטישער? און מיכאל? דאָס שיינע בראַטאָקל, וואָס טויג מיר... איר מעגט זיך אַלע שעמען אין אייער ווייטן האַלדז אַריין! נו, אָן עק! לאָמיך שוין הערן, וואָס איז די גדולה מיט אייך?

מנשה גייט צו צום בופעט, זוכט עפּעס. ענדלעך געפינט ער אַ האַלב פלעשל בראָנפן מיט עטלעכע גלעזעלעך. ער דערלאַנגט אַלץ צום טיש. גיסט אָן דאָס ערשטע גלעזל אפרים־אהרונען און דאָס צווייטע זיך.

— לחיים, אפרים־אהרון, דער כלל־ישראל זאָל שוין אַזוי גיך געהאָלפֿן ווערן, ווי איר זענט שוין געהאָלפֿן געוואָרן. נאָר נישקשה, אַז בזכות הרבים זאָל עס אָנקומען אַ ביסל גרינגער... אַלע יידישע חולים זאָלן שוין אַזוי האָבן אַ רפואה שלמה, ווי אייער שלמה האָט שוין געהאַט אַ רפואה שלמה... נישקשה, איר מעגט ווידער אַ מאָל פּראַווען אַ פּדיון־הבן... אַ מין „פּסח שני"... איצט זאָל אייך דער אייבערשטער העלפֿן, אַז איר זאָלט האָבן אין אייער שלמהן פֿיל, פֿיל נחת, אַ יידישן נחת, אַ חסידישן נחת... איר זאָלט אים ברענגען לתורה, לחופּה ולמעשים טובים, ונאמר אמן! קומט, פֿרידמאַן, צו מיר שלאָפֿן און מיכאל וועט שוין דאָ איבערנעכטיקן, אַ גוטע נאַכט און אַ גוטן תמיד. ס'איז גוט, זאָג איך אייך, אפרים־אהרון, גייט נישט און פֿרעגט נישט. עס איז גוט, זאָג איך אייך, און שוין... ז־ז־זייער גוט!...

*

אין טשאַקאַלאָווקער צוקער־אינסטיטוט האָט יענע נאַכט דער נאַרקאָמאַט פֿאַר בילדונג געגעבן אַ באַל לכבוד דעם פֿינפֿיעריקן יובילײ פֿון דער דערעפֿענונג פֿון דעם זעלבן אינסטיטוט. פֿיל הונדערטער געסט זענען זיך צונויפֿגעפֿאָרן פֿון אַלע עקן שטאָט. ספּעציעלע לאַסט־אויטאָס מיט בענק האָבן אָפּגעוואַרט דעם עולם אויף צו צעפֿירן אים איבער די היימען.

ווען דער נאַרקאָם זאַטאָנסקי האָט מיט דער ייִנגסטער סטודענטקע אָפּגעטאַנצט די לעצטע פּאָלקע און דער דירעקטאָר האָט געמאָלדן די פֿייערונג פֿאַר געענדיקט, האָט דער ריזיקער עולם מיט אַן אימפּעט און מיט אַ רעש אויסגעשאָטן אויפֿן הויף. די געסט זענען אַלע געווען בגילופֿין. נישט קוקנדיק אויף דער שפּעטער שעה האָט מען נישט געוואָלט אויפֿהערן צו זינגען, אַפֿילו שוין זיצנדיק אויף די אויטאָס האָט מען נישט צוגעמאַכט די מײַלער. די מאַשינעס האָבן זיך מיט אַ טײַוולאָנישער שנעלקייט צעטראָגן אין פֿאַרשיידענע ריכטונגען: אויף וואָזדוכאָפּלאַטסקע שאָסיי; אויף ברעסט־ליטאָווסקע שאָסיי; אויף זשיטאָמירער מאַגיסטראַל, צום אַעראָדראָם און אַראָפּ אין צענטער אַריין. צוויי, זיך איבעריאָגנדיקע אויטאָס האָבן זיך ווי די רוחות דורכגעטראָגן פֿאַרבײַ די פֿענצטער פֿון אפרים־אהרונס שטוב. אַ שכורער געזאַנג האָט באַגלייט דאָס ווילדע „יאָגעניש". עטלעכע האַרמאָשקעס זאַלבענאַנד, האָבן אכזריותדיק געזעגט די שטילקייט פֿון דער נאַכט.

---

...אויף קורצע עטלעכע מינוט איז סאַלאָמינקע פֿאַרפֿלייצט געוואָרן פֿון אַ שטורמישן, נישט געצוימטן געזאַנג. דער גאַנצער חלל פֿון דער הויפּטגאַס איז פֿול געוואָרן מיט אים, כמים לים מכסים...

ענדע פֿון זיבעטן באַנד.